# זאמלבוך

ארויסגעגעבן פון

## שטריקער פאבריקאנטן פאראיין

אין בועגאָס איירעס

## צום 25־יאָריקן יוביליי

פון דער אינסטיטוציע



ISBN:0-657-07531-0

# זאַמלבוך

אַרויסגעגעבן פון פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן
צום 25 יאָריקן אַניווערסאַר פון דער אינסטיטוציע

רעדאַקטאָר: גרשון סאַפּאָזשניקאָוו

תשכ"ב — 1961 | קאָריענטעס 4136 | בוענאָס איירעס

## אינהאַלט פון די אָפּטיילונגען:

# אַ פערטל־יאָרהונדערט פון אַ יידישער אינדוסטריאַלן אָרגאַניזאַציע

הונדערט יאָר יידישער ישוב אין לאַנד, פינף־און־צוואַנציק יאָר פון אַ יידישער אינדוסטריאַלן אָרגאַניזאַציע. עס איז פאַראַן אַן ענגע פאַרבינדונג אין אָט די צוויי דאַטעס. אין די ערשטע דרײַ־פערטל יאָרהונדערט איז דער יידישער אימיגראַציע־שטראָם געווען דין און צעשטויבט, צעוואָרפן איבער פאַרשיידענע פונקטן פון דעם גרויסן לאַנד; די יחידים און קליינע גרופן יידישע אײַנוואַנדערער, אין די שטעט און שטעטלעך, באַזונדערס, האָבן אויף פאַרשיידענע אופנים זיך אײַנגעגלידערט אין אַרומיקן עקאָנאָמישן לעבן, אָבער דורך זיי איז נישט גענוג געקומען צום אויסדרוק דער פיאָנעריש־אונטערנעמערישער גײַסט פון דער יידישער פערזענלעכקײַט און נישט דער פראָדוקטיוו־שעפערישער כאַראַקטער פון יידישן קאָלעקטיוו.

דאָרט ווו די אײַנוואַנדערונג האָט געטראָגן אַ מאַסן־כאַראַקטער און די באַזעצונג איז געווען אַ קאָמפאַקט־יידישע, איז אויך אין די נײַ געשאַפענע עקאָנאָמישע פאָרמען געקומען מער צום אויסדרוק דער קאָלעקטיוו־שעפערישער גײַסט פון דער יידישער איניציאַטיוו. די יידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע און די סיסטעם פון אַגראַר־קאָאָפעראַציע, פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג און קעגנזײַטיקער צוזאַמענאַרבעט, וואָס האָט געעפנט נײַע ברייטערע האָריזאָנטן פאַר דער אַרגענטינער אַגריקולטור.

ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרעסערע אימיגראַציע אין לאַנד, וועלכע האָט אין געוויסע פעריאָדן דערגרייכט אַ מאַסן־כאַראַקטער. יידן פון מזרח־אייראָפע, פון אַלע געביטן פון דער געוועזענער צאַרישער אימפעריע, האָבן זיך געלאָזט זוכן אַ נײַע און פרידלעכע היים בײַ די לאַ פלאַטאַ ברעגן. יידישע פאַכלײַט האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ נײַע טעכניק און געגעבן אַן אימפולס אַ גאַנצער ריי אינדוסטריעס אין לאַנד, באַזונדערס דער אינדוסטריע פון באַקליידונג, טעקסטיל, מעבל, שטריקערײַ און אַנדערע. מיטן וווּקס פון דער באַפעלקערונג זײַנען גרעסער געוואָרן די באַדערפענישן פון אינערלעכן מאַרק און שטאַרקער דער דראַנג פון אַ העכערן לעבנס־ניוואָ פאַר די ברייטערע פאָלקס־שיכטן. עס האָבן זיך געעפנט נײַע מעגלעכקײַטן פאַר מענטשן פון איניציאַטיוו און אונטערנעמערישן גײַסט, וואָס זײַנען גרייט אויף קרבנות און באַוואָפנט מיט מוט זיך דורכצוברעכן נײַע וועגן. יידישע אונטערנעמער זײַנען געווען די פיאָנערן פון פיל אינדוסטריעס אין לאַנד, אָבער באַזונדערס באַדײַטנדיק פאַרדינסטפול איז זייער אנטייל אין דער שטריקער בראַנזשע.

פיל אָפפערוויליקײַט, אַרבעטסזאַמקייט און עקשנות האָט מען געדאַרפט פאַרמאָגן אין יענע יאָרן אויף אָנצוהאַלטן אַ פאָזיציע ווי אַ שטריקער־אינדוסטריאַל. דער אָרטיקער אונטערנעמער האָט געדאַרפט אויסשטיין אַ שווערן קאַמף מיט דער קאָנקורענץ פון אויסלענדישע וועלט־פירמעס. אַליין, אָן מלוכהשער הילף און אין די ערשטע יאָרן אָן באַנק־קרעדיט, האָט דער שטריקער־אונטערנעמער געדאַרפט פירן אַ קאָמפעטענץ מיט די אימפאָרט־פראָדוקטן און מיט די רײַכע אימפאָרט־פירמעס. אויסלענדישע סחורה, באַזונדערס טעקסטיל־שטאָפן און אויך טריקאָטאַזש־אַרטיקלען, האָבן פולשטענדיק און אומבאַגרענעצט באַהערשט דעם אַרגענטינער מאַרק און געצוווּנגען דעם היגן קאָנסומענט צו צאָלן פאַר דער סחורה הויכע פרײַזן. אָט דעם אויסלענדישן מאָנאָפאָל אין דער שטריקער בראַנזשע האָט אין גרעסטן טייל געבראָכן די אַרבעטס־

זאַמקייט פון יידישן אינדוסטריאַל, זיין אומדערמידלעכע עקשנות צו בעסערן די פּראָדוקציע, זיין גרייטקייט צו פאַרקויפן מיטן מינימאַלסטן פאַרדינסט.

מיט שטאָלץ קאָנען מיר פאַרזיכערן, אַז אונדזער אינדוסטריע קאָן היינט קאָנקורירן מיט די פיינסטע אַרטיקלען פון אויסלענדישער אויספאַרבעטונג, אַזוי אין קוואַליטעט ווי אויך אין די פרייזן. אָבער אָט די הויכע מדרגה פון טעכנישער פּערפעקציע און פינאַנציעלער קאָנקורענץ־פעאיקייט, וואָלט דער שטריקער־אינדוסטריאַל נישט געקאָנט דערגרייכן מיט זיינע אייגענע אינדיווידועלע כוחות. אַליין און פאַר זיך, וואָלט דער פאַבריקאַנט נישט געקאָנט ביי־קומען די אומצייליקע שטרויכלונגען און שוועריקייטן, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג דער יונגער אַרגענטינער אינדוסטרי בכלל און דעם שטריקער פאַך באַזונדערס. דאָס האָבן פאַרשטאַנען די פּיאָנערן פון דער בראַנזשע, און ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטריקער־וואַרשטאַטן אין שטאָט האָבן זיי שוין פאַרשפּרייט און געקעמפט פאַרן געדאַנק פון אָרגאַניזאַציע און אייניקייט. אין 1936 איז געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן, און מיט דער גרינדונג פון פאַראיין איז אויך געשאַפן געוואָרן די מאָראַלישע און מאַטעריעלע באַזע פאַר דער וויי־טערדיקער זעלבסטשטענדיקער עקזיסטענץ פון אינדוסטריאַל און פאַרן פּראָגרעס פון דער גאַנצער שטריקער בראַנזשע, וועלכע האָט אין דעם עקאָנאָמישן סעקטאָר אויך זעלבסטשטענדיק און אומאָפּהענגיק געמאַכט דאָס לאַנד פון די פרעמדע אימפּאָרט־פּראָדוקטן.

דער פאַראיין האָט געשטעלט דעם אָרגאַניזירטן כוח פון קאָלעקטיוו צו דינסט פאַר יעדן איינעם פון זיינע מיטגלידער. ער האָט אָריענטירט און טריי באַגלייט דעם פאַבריקאַנט אין אַלע פאַלן און מיט אַלע מעגלעכקייטן. די אַספּיראַציע פון יעדן אינדוסטריאַל צו זיין וואָס מער אומאָפּהענגיק פון רווישטאָפן־צושטעלער, צו באַקומען אַ וואָס ברייטערן קרעדיט, צו זיין וואָס בעסער רעפּרעזענטירט און פאַרטיידיקט פאַרן קליענט און אין די פאַרהאַנדלונגען מיטן אַרבעטער סינדיקאַט, — דאָס אַלץ האָט דער שטריקער פאַבריקאַנט דערגרייכט אַ דאַנק דער עקזיסטענץ פון פאַראיין, מיטן כוח פון זיין אייניקייט און אָרגאַניזאַציע. דער פאַראיין האָט געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע פון רווישטאָפן און אַ קאָאָפּעראַטיווע פון קרעדיט, און דער פאַראיין פאַרטרעט און באַשיצט די אינטערעסן פון פאַבריקאַנט אין דער קאָמערץ, אין די אָפיציעלע רעגירונגס־אַנשטאַלטן און אין די פאַרהאַנדלונגען מיט די אַרבעטער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פון אינדוסטריאַליזאַציע אין אַרגענטינע. אין יענע יאָרן זיינען געלייגט געוואָרן די יסודות פון אַ גאַנצער ריי אינדוסטריעס אין לאַנד, און צווישן זיי איז אויך אַנטשטאַנען און שנעל זיך אַנטוויקלט אונדזער שטריקער־בראַנזשע. די שטריקער־אינדוסטריע איז נישט נאָר געוואַקסן פּאַראַלעל מיטן וווּקס פון דעם לאַנד, נאָר האָט אויף איר באַשיידענעם געביט און מיט אירע אייגענע מיטלען, געהאָלפן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון לאַנד, און האָט שטענדיק לאָיאַל און מיטן בעסטן ווילן ביי־געטראָגן איר טייל אויף צו שאַפן נייע קוואַלן פון פּרנסה אויף דער אַרגענטינער טעריטאָריע און נייע גוטע פּראָדוקטן אויף די צוטריטלעכסטע פּרייזן, וואָס זיינען אַ שטאָלץ פאַרן נאָמען „אַרגענטינער אינדוסטריע".

דאָס איז אין אַלגעמיינע און ברייטע שטריכן דער רעזולטאַט פון פינף און צוואַנציק יאָר עקזיסטענץ פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. אַ פערטל־יאָרהונדערט פון אומדערמידלעכער און שווערער אַרבעט און אונטערנעמעריש־יידישן גייסט, וואָס איז קאַנאַליזירט און אָריענטירט געוואָרן דורכן פאַראיין אויף די וועגן פון סאָלידאַרישער מיטאַרבעט און קאָלעקטיוון וווילשטאַנד פאַר די אַלע, וועלכע זיינען דירעקט באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע, וועלכע זיינען אומדירעקט מיט איר פאַרבונדן, און אויך פאַר דער גרויסער און אַנאָנימער מאַסע פאַרברויכער פון אונדזערע אַרטיקלען. עס איז אַ באַשיידענער אויפטו, אָבער מיר זיינען שטאָלץ מיט אונדזער אויפגאַבע אינעם פּראָדוקציע־פּראָצעס פון לאַנד און מיט אונדזער ביי־טראָג פאַר אַ העכערן לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג.

ווי אַן אויסדרוק פֿון קאָלעקטיוו־שעפֿערישן ייִדישן גייַסט, האָט דער פֿאַראיין נישט באַגרענעצט זייַן טעטיקייַט בלויז מיט דער זאָרג פֿאַרן וווילשטאַנד פֿון זייַנע מיטגלידער, נאָר האָט אויך ברייטהאַרציק אויסגעשפּרייט זייַן סאָלידאַריטעט מיט די נאַציאָנאַלע אידעאַלן פֿון ייִדישן פֿאָלק און האָט מיט פֿולער געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייַט זיך באַטייליקט אין אויפֿבוי פֿון ייִדישן לעבן אין לאַנד. דער פֿאַראיין האָט זיך באַטייליקט אין אַלע אַקציעס פֿאַר נאַציאָנאַל־ייִדישע צוועקן, נעמט אַנטייל אין אַלע אַקטן פֿון סאָלידאַריטעט מיט מדינת ישׂראל, איז פֿאַרטראָטן אין אַלע רעפּרעזענטאַטיווע ייִדישע אינסטיטוציעס, און העלפֿט בויען און אויסהאַלטן די קולטורעלע דערציִערישע, סאַניטאַרע און פֿילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן. מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַז דער פֿאַראיין האָט געשטעלט דעם אָרגאַניזירטן כּוח פֿון דער גרעמיאַלער אינסטיטוציע צו דינסט יעדן איינעם פֿון זייַנע מיטגלידער. מיר וועלן איצטער צוגעבן, אַז דער פֿאַראיין האָט אויך אָריענטירט דעם סאָלידאַרישן געפֿיל פֿון הונדערטער ייִדישע אינדוסטריאַלן און האָט געשטעלט דעם אָרגאַניזירטן כּוח פֿון דער שטריקער־בראַנזשע צו דינסט דער ייִדישער געזעלשאַפֿט.

אין די ווייַטערדיקע אַרטיקלען וועלן אונדזערע מיטגלידער אינפֿאָרמירן וועגן דער טעטיקייַט פֿון פֿאַראיין, און באַהאַנדלען ענינים און פּראָבלעמען פֿון דער בראַנזשע, וועלכע פֿאַרקערפּערט פֿינף און צוואַנציק יאָר ייִדיש לעבן און ייִדיש שאַפֿן. אַ שעפֿעריש לעבן וואָס איז אַ כּבֿוד פֿאַרן ישוב און אַ ברכה פֿאַרן לאַנד.



אויף אַ מסיבה פֿון פֿאַראיין ביַי וועלכן עס זייַנען אויך פֿאַרטראָטן פֿאָרשטייער פֿון ייִדישע אינסטיטוציעס. דער פּרעזידענט, הערן יאַבקאָווסקי, לייענט זייַן רעדע, עס באַגלייטן אים בייַם טיש דער פּרעזידענט פֿון דער קהילה, טוביה קאַמענשיין און פֿרויי מיטגלידער פֿון דער פֿאַרוואַלטונג מיט זייערע פֿרויען און פֿאַרטרעטער פֿון אַנדערע אינסטיטוציעס.



פרוכת פון דער סינאַגאָגע אין יענדרינאָו־האָראָדעץ (ברעמען),
געשטריקט אין זייד־פעדעם פון יאָר 1673.

# אינהאַלט פון דער אויסגאַבע:





## פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון שטריקער־פאַבריקאַנטן

זיצן פון רעכטס: ישעיה גראָדזשיצקי, דניאל פישער, שמואל קאָרענבלום, הערץ יאַבקאָווסקי (פּרעזידענט), פּנחס־מאיר ראָזענבערג, מענדל שאַפּירשטיין, יוסף גערשטיין; שטייען: סאַול קירשמאַן, אברהם ליקער, גבריאל הירש, פרין פרענגלער, שמואל זאַלעווסקי, שלמה פרענדזעל, פּאַסקוואַל אַפּעלבוים, בּיליאַ קוויאַטעק און יצחק קוואַטערקאַ.



# צו די יידישע שטריקער־פאבריקאנטן

## א ווארט פון פרעזידענט פון פאראיין הערן יאבקאווסקי

זייער השובע מיטגלידער:

מיט דעם זאמלבוך פייערט דער פאראיין דעם 25־יאריקן אניווערסאר פון זיין עקסיסטענץ, און קומט צו דער ברייטער עפנטלעכקייט מיט אן אויספירלעכן סך־הכל פון זיינע אויפטועז אין דער פארגאנגענהייט און פלענער אויף דער צוקונפט, אזוי אין די ענינים פון פאך ווי אויך לגבי דער יידישער געזעלשאפט. נישט לייכט איז געווען דער וועג פון פאראיין אין פארלויף פון דעם לאנגן צייט־אפשניט און אויך די שטריקער האבן געמוזט גובר זיין אומציילקע שוועריקייטן ביז זיי האבן דערפירט זייער אינדוסטריע צו איר היינטיקער הויכער און פראגרעסיווער מדרגה. א סך מסירת־נפש און אומדערמידלעכע ארבעט ליגט פארקערפערט אין דעם אויפטו, א סך אונטערנעמונגס־גייסט און קרבנות גרייטקייט האבן ארויסגעוויזן די טוער פון פאראיין און אין זיין פריוואטן געביט אויך יעדער פאבריקאנט באזונדער. שווער איז געווען דער וועג פון אויפשטייג, וואס האט מיט 25 יאר צוריק אנגעהויבן מיט א פאר צענדליק פרימיטיווע טאזשערן און גרייכט היינט צו הונדערטער פאבריקן מיט די מאדערנסטע איינריכטונגען און פיל טויזנטער באשעפטיקטע מענטשן. זייער באדייטנדיק און ווערטפול איז דער ביישטראג פון דער שטירקער אינדוסטריע פאר דער עקאנאמיק פון לאנד און אויך גרויס איז דער צושטייער פון דער שטריקער בראנזשע פאר דער יידישער געזעלשאפט.

דעריבער איז אונדזער ווונטש פארצוברענגען פאר דער עפנטלעכקייט די אלע עטאפן, וועלכע די אינדוסטריע האט דורכגעמאכט ביז זי האט דערגרייכט איר היינטיקן בליענדיקן צושטאנד. די טעטיקייט פון פאראיין און דער אונטערנעמונגס גייסט פון די שטריקער אינדוסטריאלן, האט באפעסטיקט די עקאנאמישע פאזיציע פון יידישן ישוב אין לאנד און האט באריייכערט דאס יידישע אינסטיטוציאנעלע לעבן. דערפאר קומען מיר מיט א יידישן זאמלבוך, ווו די טוער און מיטגלידער פון פאראיין טיילן זיך מיט זייערע איבערלעבונגען און איינדרוקן, דערציילן וועגן א פערטל־יארהונדערט פראדוקטיווער יידישער ארבעט אויף דער ארגענטינער ערד, פירן אונטער א סך־הכל און צייכענען אן פערספעקטיוון אויף דער נאענטסטער צוקונפט.

אין די ווייטערדיקע ארטיקלען, אפשאצונגען און זכרונות דערציילן אינדוסטריאלן די געשיכטע פון פאראיין און די אנטוויקלונג פון דער שטריקער־אינדוסטריע. ס'איז א שטיק יידישע ווירקלעכקייט און א וויכטיקער אפשניט אינעם יארהונדערט יידיש לעבן אין ארגענטינע. עס איז אונדזער ווונטש די מיטגלידער זאלן אין דער פולער מאס אפשאצן און אנערקענען דעם אויפטו פון פאראיין, וואס איז טריי געשטאנען אויף דער וואך און אפגעהיט די אינטערעסן פון די פאבריקאנטן. די אלע טוער פון פאראיין, וועלכע האבן אין פארלויף פון דעם פערטל־יארהונדערט פארנומען אנפירנדיקע אמטן אין אונדזערע אינסטיטוציעס, האבן נישט געשפארט קיין מי און מיט זייער בעסטן ווילן מיטגעארבעט פאר די קאלעקטיווע אינטערעסן פון דער בראנזשע. דער אקטועלער צושטאנד פון דער שטריקער אינדוסטריע, דער הויכער טעכנישער ניוואו פון אונדזערע איינריכטונגען, די פערפעקטע קוואליטעט פון די אויסארבעטונגען און די פראגרע־

סיזוע אַרבעטס-באַדינגונגען וואָס הערשן אין אונדזערע פאַבריקן, זײַנען אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון אונדזער גרעמיאַלער אָרגאַניזאַציע. דער פאַראײַן האָט באַגלייט דעם פאַבריקאַנט אויפן וועג פון פּראָגרעס, האָט געשאַפן פאַר אים אַ גרעמיאַלן אַפּאַראַט פון פּערמאַנענטער באַדינונג, האָט אָרגאַניזירט אַ קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן, האָט אויפגעבויט אַן אייגענע פינאַנציעלע אינסטיטוציע, וועלכע איז אין דעם מאָמענט פון קרעדיט-מאַנגל אין לאַנד, אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע.

וועגן די אַלע פּרטים פון אונדזער גרעמיאַלער טעטיקייט און וועגן די אַלע פאַזן, וואָס דער פאַראײַן האָט דורכגעמאַכט אין פאַרלויף פון זײַן פינפאונצוואַנציק־יאָריקער עקסיסטענץ, ווערט דערציילט אין די ווײַטערדיקע אַרטיקלען, אויף וועלכע איך רוף די אויפמערקזאַמקייט פון די מיטגלידער. איך האַלט באַזונדערס פאַר מײַן חוב בײַ דער געלעגנהייט אויסצודריקן מײַן טיפסטע אָנערקענונג די טוער פון דער אינסטיטוציע, וועלכע האָבן אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן טרײַ געדינט די אינטערעסן פון דער בראַנזשע, און מיט זייער איבערגעגעבנקייט און אָפּפערוויליקייט געשאַפן דאָס גרויסע גרעמיאַלע און געזעלשאַפטלעכע ווערק דעם אַניווערסאַר פון וועלכן מיר פײַערן הײַנט.

דאָס זאַמלבוך פון שטריקער פאַבריקאַנטן פאַראײַן איז אַ בײַטראַג פון אונדזער בראַנזשע צו דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין לאַנד, וואָס פײַערט זײַן ערשטן יאָרהונדערט. די יידישע שטריקער אינדוסטריאַלן האָבן אַרײַנגעשריבן די שענסטע בלאַט אין דער געשיכטע, וואָס דערציילט פון אונטערנעמונגס-גײַסט, פון פלײַסיקייט, פון ציווילן הערויִזם אויפן געביט פון אַן אינדוסטריע, וועלכע האָט געפאָדערט פּיאָנערישן מסירת-נפש און מוט. איך באַגריס דעריבער די קולטור-קאָמיסיע פון פאַראײַן, וואָס האָט באַשלאָסן צו פײַערן דעם אַניווערסאַר פון דער אינסטיטוציע מיט אַ יידישן זאַמלבוך אין וועלכן עס זאָל פאַרצייכנט ווערן להורות דער אויפטו פון די יידישע שטריקער פאַבריקאַנטן אין בוענאָס אײַרעס. עס איז אַ קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע, וואָס פאַרשאַפט כבוד דעם ישוב און דערציילט וועגן יידישער פּראָדוקטיווער אַרבעט, וואָס ברענגט גרויסע נוצן דעם לאַנד.

מיר האָבן פאַרבעטן די אָנגעזעענסטע שרײַבער פון דער יידישער וועלט צו טיילן מיט אונדז אָט די באַשיידענע פּעריאָדיסטישע טריבונע, און זיי באַערן אונדז מיט זייער ווערטפולער מיטאַרבעט. עס איז אַן אויסדרוק פון אונדזער ליבשאַפט צום יידישן וואָרט און פון אונדזער ווילן צו געווינען די סימפּאַטיע פון דער יידישער וועלט פאַר אונדזער פּראָפעסיאָנעלער און געזעלשאַפטלעכער שאַפונג. דער פאַראײַן פון די שטריקער פאַבריקאַנטן איז אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם היגן יידיש-געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן, ער איז ענג פאַרבונדן מיט די רעפּרעזענטאַטיווע יידישע אינסטיטוציעס פון שטאָט און טראָגט צו זײַן בײַטראַג פאַרן נאַציאָנאַלן און אָרטיק יידישן לעבן. מיט דעם זאַמלבוך ברענגט ער אויך אַרײַן די יידישע גײַסטיקע שאַפונג אין לעבנס-קרײַז פון יידישן אינדוסטריאַל ווי אַ סימבאָל פון זײַן פאָלקסטימלעכן גײַסט און טרײַקייט צו דער יידישער קולטור.

ווי אַ פּרעזידענט פון פאַראײַן האָב איך דעם גרויסן כבוד צו עפענען דאָס זאַמלבוך מיט אַ וואָרט צו די מיטגלידער, באַגריסן צום יובל פון דער אינסטיטוציע און ווינטשן זיי פערזענלעכן וווילשטאַנד און ווײַטערדיקן פּראָגרעס פון זייערע אונטערנעמונגען. זאָל וווילשטאַנד און גליק הערשן אין דעם פרידלעכן לאַנד, אין וועלכן די יידישע קאָלעקטיוויטעט אַנטוויקלט אויף אַלע געביטן אַ נוצלעכע און פּראָדוקטיווע טעטיקייט, זאָל די משפחה פון די יידישע שטריקער-אינדוסטריאַלן אויך אויף ווײַטער זײַן אַ פאַקטאָר פון פּראָגרעס פאַרן לאַנד, פון כבוד פאַר דער יידישער געזעלשאַפט, פון אַקטיווער מיטאַרבעט פאַר די יידישע אינסטיטוציעס אויפן אָרט און פאַרן אויפבוי פון מדינת ישראל.

הער׳ץ יאַבקאָווסקי

פּרעזידענט פון פאַראײַן פון די שטריקער פאַבריקאַנטן



# אַן אייגן הויז פֿאַרן פֿאַראיין פֿון די שטריקער־פֿאַבריקאַנטן

פֿון

**שמואל קאָרענבלום**

פֿאַר זײַנע פֿינף און צוואַנציק יאָר עקסיסטענץ איז דער פֿאַראיין געגאַנגען באַרג־אַרויף און האָט אין פֿאַרלויף פֿון דער צײַט צו פֿאַרצייכענען גאַנץ באַדײַטנדיקע דערגרייכונגען. מיט צען יאָר צוריק איז געגרינדעט געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע פֿון רוי־שטאָפֿן און מיט זעקס יאָר צוריק איז אויף זײַן איניציאַטיוו און אונטער זײַן דאַך געשאַפֿן געוואָרן די קרעדיט־קאַסע „לאַ טעקסטילעראַ". דאָס זײַנען אויפֿטוען פֿון גרויסער באַדײַטונג. דער פֿאַבריקאַנט באַקומט אין זײַן פֿאַראיין אַ פֿולע גרעמיאַלע פֿאַרטיידיקונג און אָריענטאַציע. ער קריגט אויך אין דער קאָאָפּעראַטיווע זײַנע רוי־מאַטעריאַלן און די קרעדיט־קאַסע איז פֿאַר אים נאָך אַ קוואַל פֿון פֿינאַנצן. דער פֿאַראיין פּרעטענדירט נישט צו מאָנאָפּאָליזירן דעם גאַנצן קרעדיט און פּרעטענדירט נישט צו ווערן דער איינציקער רוי־שטאָפֿן צושטעלער אויפֿן מאַרק. זיכער אַרבעט נאָך יעדער פֿאַבריקאַנט מיט פּריוואַטע בענק און קויפֿט סחורה בײַ פֿאַרשיידענע אונטערנעמער. אָבער די בלויזע עקסיסטענץ פֿון זײַנע אייגענע אינסטיטוציעס מאַכן שוין פֿרײַער און אומאָפּהענגיקער דעם אינדוסטריאַל פֿון די בענק און פֿון די פּריוואַטע איבערפֿאַרקויפֿער און רוי־שטאָפֿן־צושטעלער.

די פֿאַבריקאַנטן שאַצן אָפּ דעם אויפֿטו און די באַדײַטונג פֿון פֿאַראיין פֿאַרן פֿאַך, און איך דענק אַז איצט איז דער פּאַסיקער מאָמענט צו מאַכן נאָך איין שריט ווײַטער און טראַכטן וועגן אַן אייגן הויז וואָס זאָל אַרײַננעמען די אַלע אינסטיטוציעס. פּאַסיק איז דער מאָמענט צוליב צוויי טעמים: ערשטנס טאַקע, ווײַל אַ גרויסער טייל פֿון די מיטגלידער אנערקענען דעם אויפֿטו פֿון פֿאַראיין און זײַנען גרייט אים אַרויסצוהעלפֿן אין אַלע איניציאַטיוועס. און צווייטנס, ווײַל די אַלגעמיינע עקאָנאָמישע סיטואַציע פֿון דער אינדוסטריע איז איצט אַזאַ, וואָס קאָן דערלויבן אַזאַ מין הילף און מיטאַרבעט מצד די פֿאַבריקאַנטן. אמת, די לאַגע איז נישט איבעריק קיין גלענצנדיקע; ס'איז נישט קיין צײַט פֿון גרויסן וווילשטאַנד, ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער שווערער עקאָנאָמישער סיטואַציע פֿון לאַנד. אָבער ס'איז דאָך נישט קיין קריזיס, קיין אַרבעט פֿעלט נישט און אין דער אינדוסטריע הערשט אַ פֿולע באַשעפֿטיקונג.

די שטריקער בראַנזשע צייכנט זיך אויס מיט איר געזעלשאַפֿטלעכן אונטערנעמונגס־גײַסט. אַן איבערצײַגנדיקער פֿאַקט איז די עקסיסטענץ פֿון די אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס און די 25 יאָר עקסיסטענץ פֿון פֿאַראיין. אַ סך שטריקער חברים דערמאָנען מיט באַזונדער שטאָלץ, אַז זיי האָבן זיך פֿאַרנומען מיט געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט נאָך אין דער אַלטער היים און אַז פֿון דאָרט זײַנען זיי געקומען מיט אַ גרויסן באַגאַזש פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טראַדיציע. דאַרפֿן זיי באַווײַזן מיט מעשים אַז זיי זײַנען טרײַ דער טראַדיציע און העלפֿן דעם פֿאַראיין צו מאַכן אָט דעם וויכטיקן שריט און שאַפֿן אין בוענאָס אײַרעס אַן אייגענע היים — אַ ייִדיש געזעלשאַפֿטלעכע היים — פֿאַר דער שטריקער אינדוסטריע.

אַ פֿאַראיין, אַ קאָאָפּעראַטיווע און אַ קרעדיט־קאַסע — דאָס איז דער געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַרמעגן פֿון דער שטריקער בראַנזשע. אינסטיטוציעס צו דינסט דער אינדוסטריע, אַן אַפּאַראַט צו הילף דער פּרנסה. אמת, די אינסטיטוציעס האָבן נישט בלויז אין זינען געהאַט דעם חומר, בלויז די מאַטעריעלע אינטערעסן. זיי האָבן אויך עפּעס געטאָן פֿאַרן גײַסט, איבערהויפּט פֿאַרן ייִדישן גײַסט. די דרײַ אינסטיטוציעס האָבן אויך בײַגעטראָגן זייער חלק פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע און נאַציאָנאַלע צוועקן. מען האָט געגעבן בײַשטײַערונגען, מען האָט זיך באַטייליקט אין זאַמלונגען. בײַם פֿאַראיין עקסיסטירט אַ פּערמאַנענטע

סוב-קאָמיסיע פון פאַראייניקטן קאַמפּיין און יעדעס יאָר ווערט פון די שטריקער געגומען זייער בײַטראַג פאַר מדינת ישראל. דאָס אַלץ איז גוט, זייער שיין און יידישלעך. אָבער דאָס איז נאָך נישט גענוג. דער פאַראיין דאַרף אַנטוויקלען אַ ברייטערע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעטיקייט. דער פאַראיין דאַרף ברענגען די יוגנט, די קינדער פון די פאַבריקאַנטן, און זיי באַקענען מיטן געזעלשאַפטלעכן אויפטו פון זייערע עלטערן. דער פאַראיין דאַרף אײַנאָרדענען מסיבות, צוזאַמענקומען פון מיטגלידער און זיי מער באַקענען און דערנענטערן איינער מיטן אַנדערן. אין דעם אַקטועלן לאָקאַל פון פאַראיין איז דאָס אוממעגלעך. דאָרט איז קוים פאַראַן פּלאַץ פאַר די ביוראָען און לאַגערן פון די אינסטיטוציעס. אין אַ נײַעם און אייגענעם בנין וועט מען פאַרויסזען די אַלע באַדערפענישן, און קאָנען פאַרווירקלעכן אַ פּלאַן פון ברייטערער אַרבעט, וואָס זאָל אַרײַנפירן מער נאַציאָנאַל-יידישן און קולטורעל-געזעלשאַפטלעכן גײַסט אין לעבן פון אונדזערע מיטגלידער און זייערע משפחות.

אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן האָבן יידישע אינסטיטוציעס אויסגענוצט דעם פאַרהעלטנישמעסיקן וווילשטאַנד פון ישוב און האָבן אויפגעבויט אייגענע געבײַדעס מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן פאַר זייערע ספּעציפישע צוועקן. דאָס האָט נישט נאָר פאַרגרעסערט דעם געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן פון ישוב, נאָר האָט אויך געגעבן אַ מעגלעכקײַט יעדער אינסטיטוציע בעסער צו דערפילן אירע פונקציעס און אויסברייטערן דעם קרייז פון איר אײַנפלוס. עס האָבן געבויט אפילו אַזעלכע אינסטיטוציעס וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין אייגענע מיטלען, אַנדערע האָבן אויף זיך גענומען גרויסע חובות, נאָר מען האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. מען האָט געזאַמלט, געזוכט גרעסערע בײַשטײַערער און „קוואַטערס", און מ'האָט אויסגעבויט מיטן כוח פון יידישער סאָלידאַריטעט און ברייטהאַרציקײַט. איז פאַרוואָס זאָל עס נישט טאָן דער שטריקער-פאַבריקאַנטן פאַראיין מיט זײַנע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן יאָ אַ פינאַנציעלע באַזע אויף צוטרעטן צו אַזאַ בנין?

דער פאַראיין דאַרף אומפאַרזאַמט אונטערנעמען אַזאַ איניציאַטיוו און די מיטגלידער וועלן אונטערקומען און אַרויסהעלפן. די שטריקער פאַבריקאַנטן זײַנען אָנוועזנדיק מיט זייער בײַשטײַער אין יעדער געזעלשאַפטלעכער און נאַציאָנאַלער אַקציע, וועלן זיי זיכער ברייטהאַרציק זיך אָפּרופן אויף אַן אונטערנעמונג וואָס וועט דערהייבן דעם געזעלשאַפטלעכן פּרעסטיזש פון דער בראַנזשע, און אויך עפענען נײַע און ברייטערע מעגלעכקײַטן פאַר די אינסטיטוציעס.

די אַקציע פאַרן אייגענעם בנין דאַרף גיין, לויט מײַן באַשיידענער מיינונג, אונטער דעם לאָזונג פון אַ געזעלשאַפטלעך גרעמיאַלן צענטער פאַר דער שטריקער בראַנזשע. נישט נאָר מער באַקוועמלעכקײַטן פאַר די שוין עקסיסטירנדיקע אינסטיטוציעס, נאָר אויך אַ פּלאַץ אויף צו אַנטוויקלען אַ נײַע קולטורעל געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אין „הויז פון שטריקער פאַבריקאַנט" דאַרף ווערן אַ זאַמל-פּונקט פאַר די פאַמיליעס פון די מיטגלידער, אַ טרעף-פּונקט מיט „מענטשן", אַ צענטער פאַר פאַרווײַלונגען און קולטור-אַקטן, און אַן „אַדרעס" אין דער יידישער וועלט פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון די בונאָס אײַרעסער שטריקער-פאַבריקאַנטן. וואָס מער די מיטגלידער וועלן זיך צוזאַמענלעבן צווישן זיך, קומען אין אָפטערן קאָנטאַקט, און נעענטער זיך באַקענען איינער מיטן אַנדערן, אַלץ בעסער וועט זײַן פאַר דער בראַנזשע און פאַר די אינסטיטוציעס וואָס זי האָט געשאַפן.

אין קמח אין תורה האָבן געזאָגט אונדזערע חכמים. דער פאַראיין האָט אין פאַרלויף פון די פינף און צוואַנציק יאָר געטאָן אַלץ וואָס אַזאַ אינסטיטוציע דאַרף טאָן אויף אַרויסצוהעלפן דעם מיטגליד אין „קמח"; שוין צײַט אַ טראַכט צו טאָן ווי אויסצוברייטערן די אַרבעט אויפן געביט פון „תורה", פון יידיש נאַציאָנאַלער און געזעלשאַפטלעך-קולטורעלער טעטיקײַט. אין דער „געשעפטלעכער" אַטמאָספערע פון דעם אַלטן און ענגן לאָקאַל איז עס אוממעגלעך צו טאָן; אין אַן אייגענעם בנין וואָס וועט זײַן באַזאָרגט מיט אַלע באַקוועמלעכקײַטן וועט זײַן לײַכטער צוזאַמענברענגען אונדזערע מענטשן און שאַפן אין פאַראיין אַ סביבה פון געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט און נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסן. דער פאַקט וואָס די פאַרוואַלטונג פײַערט דעם הײַנטיקן אַניווערסאַר פון פאַראיין מיט אַ יידישן יאָרבוך אין וועלכן עס באַטייליקן זיך די אָנגעזעענסטע יידישע שרײַבער, איז אַ באַווײַז אַז דער פאַראיין איז גענוג רייף און אַז זײַנע אָנפירער האָבן דעם פילן באַוווסטזײַן פאַר דער וויכטיקער מיסיע פון דער אינסטיטוציע, וועלכע האָט די פולע סימפּאַטיע פון די מיטגלידער און וועט אויך האָבן זייער שטיצע פאַרן אויפבוי פון אַן אייגענעם בנין פאַר דער שטריקער אינדוסטריע.



# דער בייטראַג פון דער שטריקער־בראַנזשע פאַרן אָרטיקן יידישן לעבן און פאַר מדינת ישראל

פון

ישעיה גראָדזשיצקי

די שטריקער בראַנזשע, וועלכע נעמט אַרום ביי די פיר הונדערט יידישע פאַבריקאַנטן, דאַרף באַטראַכט ווערן נישט נאָר ווי אַ גרעמיאַל־פּראָפעסיאָנעלער כוח אויף דער יידישער גאַס, נאָר אויך ווי אַ ווירקזאַמער און ווירקנדיקער פאַקטאָר אינעם אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס האָט פאַר אַן אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר די אָרטיקע יידישע אינסטיטוציעס און אויך פאַר מדינת ישראל. די יידישע שטריקער אין בוענאָס איירעס האָבן נישט נאָר אויפגעבויט אַ פאַראיין, אַ קאָאָפּעראַטיווע און אַ קרעדיט־קאַסע אויף צו באַדינען די באַדערפענישן פון דער בראַנזשע; די שטריקער פאַבריקאַנטן האָבן אויך געהאָלפן בויען און אויסהאַלטן יידישע אַנשטאַלטן, און זיי זיינען פאַרטראָטן אינדיווידועל אָדער דורכן פאַראיין אין אַלע ריכטונגען און אינסטיטוציעס, אַזוי פון אָרטיקן כאַראַקטער ווי אויך פון אַלגעמיינעם נאַציאָנאַל־יידישן פאַרנעם.

ווי דער ערשטער סעקרעטאַר פון פאַראיין אונטערן פאָרזיץ פון פריינד יהושע רוזאל אין יאָר 1936 און קאָמיסיאָנס־מיטגליד אויף פאַרשיידענע אַמטן, כמעט ווי דורך די גאַנצע פינף און צוואַנציק יאָר, קאָן איך באַשטעטיקן מיט אומצווייפליקע פאַקטן דעם אומאיבערגעריסענעם אינטערעס און אַקטיוון אָנטייל פון אונדזערע מענטשן און פון אונדזערע אינסטיטוציעס, אין אַלע מאַניפעסטאַציעס פון יידישער נאַציאָנאַלער געזעלשאַפטלעכקייט אויף אַלע, אָן אויסנאַם, געביטן, אַזוי אין קהילה־לעבן, אין די שולן, אין די סאַניטאַרע אינסטיטוציעס ווי אין אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אַקציעס.

די גרינדונג גופא פון פאַראיין איז אין אַ גרויסער מאָס געווען אינספּירירט דורך געזעלשאַפטלעכע אַספּיראַציעס פון די מיטגלידער און נישט בלויז דורך גרעמיאַלע אינטערעסן. אַ פאַקט איז, אַז ביי דער גרינדונג פון פאַראיין איז באַשטימט געוואָרן די נייע באַלעבאַטים־אָרגאַניזאַציע זאָל זיך גאָרנישט מישן אין קיין גרעמיאַלע קאָנפליקטן, אָדער ווי עס איז דאָן אויסגעדריקט געוואָרן: „דער פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן אינטערווענירט נישט אין קיין קאָנפליקטן צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל". למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז מיר האָבן יאָ געהאַט אַ גרעמיאַלן אינטערעס אָנטיילצונעמען אין די יידישע בענק. דאָס איז געווען אַ פראַגע פון קאַפּיטאַלער באַדייטונג פאַר די יונגע שטריקער פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט צו די נישט־יידישע בענק און האָבן נאָך אויך נישט באַקומען קיין קרעדיט אין די שפּינערייען און ביי אַלע אַנדערע רוישטאָפן־צושטעלער. מען האָט דעריבער געשטרעבט אַריינדרינגען אין דער אָנפירונג פון די בענק כדי פון דאָרט צו קאָנען פאַרטיידיקן די קרעדיטן פאַר די שטריקער. אָבער דער זעלבער פאַקט ווייזט, אַז דער אינטערעס פון נייגעגרינדעטן פאַראיין איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון יידישער געזעלשאַפטלעכקייט און האָט געזוכט אויסמיידן ריין־גרעמיאַלע טעטיקייט, וואָס איז פאַר אַ פאַבריקאַנט נישט ווייניקער וויכטיק ווי דער ענין פון קרעדיט.

דער געזעלשאַפטלעכער אינטערעס פון די שטריקער אין די בענק האָט אין אַ גרויסער מאָס אויך פאַרזיכערט דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון די היגע יידישע פינאַנציעלע אינסטיטוציעס. די יידיש־פּוילישע באַנק אין דער אָנפירונג פון וועלכער די שטריקער זיינען אין פאַרלויף פון יאָרן געווען שטאַרק פאַרטראָטן, פלעגט בייזשטייערן מיט אַ גרויסן טייל פון איר פאַרדינסט פאַר געזעלשאַפטלעכע און נאַציאָנאַל־יידישע צוועקן. דאָס זעלבע אויך אין אַלע אַנדערע בענק, ווי אין דער יידישער פאָלקס־באַנק, אין וועלכער די שטריקער זיינען אַ צייט געווען פאַרטראָטן. אָבער דער געזעלשאַפטלעכער כאַראַקטער פון די בענק האָט זיך אויסגעדריקט נישט נאָר אין דעם וואָס זיי פלעגן ביישטייערן אַ געוויסן טייל פון זייערע דיווידענדן פאַר קהלשע צוועקן, נאָר דער עיקר אין דער אַזוי צו זאָגן דעמאָקראַטישער קאָנסטיטוציע פון

די בענק, וואס האט גאראנטירט גלייכע וואל־רעכט פאר אלע אקציאנערן. אמת, דאס האט נישט פארהיט אז א געוויסע גרופע זאל באהערשן א באנק און מיט איר באלעבאטעווען לויט איר איינזען, אבער קעגן דער דאזיקער זעלבסטהערשאפט זיינען, ווי באוווסט, די שטריקער געווען די שארפסטע קעגנער און די מוטיקסטע קעמפער. א פאקט איז אז אין דעם נייעם דירעקטאריום צו סאנירן די פאלקס־באנק איז פארטראטן דער פרעזידענט פון אונדזער פאראיין, הערץ יאבקאווסקי.

דער אינטערעס פאר די בענק איז געווען נישט מער ווי א קליינער טייל פון דער ברייט־פארצווייגטער געזעלשאפטלעכער טעטיקייט, וועלכע עס האבן אויסגעפירט די שטריקער פאבריקאנטן אזוי אינדיווידועל ווי אויך דורך דער פארטרעטונג פון פאראיין. איך וועל זיך באציען בלויז אויף די רעפרעזענטאטיווע אינסטיטוציעס און צענטראלע אקציעס. די פארשטייער פון שטריקער פאראיין, וועלכע זיינען געווען פארטראטן אין דער קהילה, האבן געשפילט א דעצידירנדיקע ראלע אין לאנגן קאמף פאר דער דעמאקראטיזאציע פון דער העכסטער רעפרעזענטאטיווער אינסטאנץ אין ישוב, וואס האט אין רעזולטאט געגעבן די רעארגאניזאציע פון דער חברה קדישא אין א מאדערנער קהילה, וואס באגרענעצט זיך נישט בלויז מיט רעליגיעזע אטריבוטן, נאר זארגט פאר אלע גייסטיקע און קולטורעלע הצטרכותן און באזונדערס פאר יידישער דערציאונג.

דער שטריקער פאבריקאנטן פאראיין איז יארן לאנג געווען פארטראטן דורך זיינע פארשטייער אין געוו. צענטר. קאמיטעט פון פוילישע יידן. דער פאראיין האט גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער אקציע פאר מלחמה־קרבנות, דער גאנצער פאך איז מאביליזירט געווארן פאר דער ארבעט און עס איז נישט געווען קיין שטריקער וואס זאל נישט ביישטייערן זיין טייל. אן ענלעכע אקציע איז דורכגעפירט געווארן אין א צייט ארום פאר דער הגנה. דער פאראיין איז פערמאנענט פארטראטן אין צ. ק. פון קרן קימת לישראל, אין וועלט־קאנגרעס, און אין פיל ארטיקע און סאניטארע אנשטאלטן זיינען שטריקער פאבריקאנטן אקטיווע און איבערגעגעבענע טוער. אין די זאלמ־אקציעס פארן יידישן שפיטאל זיינען שטריקער פארטראטן נישט נאר מיט זייער ביישטראג, נאר אויך מיט זייער אקטיווער ארבעט, און אין פיל פעריאדן האבן שטריקער פאבריקאנטן פארנומען די הויפט־אנפירנדיקע אמטן פון דער אינסטיטוציע.

זייט דעם אויפקום פון מדינת־ישראל עקסיסטירט ביים פאראיין א פערמאנענטער סוב־קאמיטעט פון פאראייניקטן קאמפיין. דער פאראיין איז געווען די ערשטע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע, וואס האט געשאפן אזא קאמיטעט און עס דארף ביי דער געלעגנהייט געזאגט ווערן, אז אונדזערע מיטגלידער דערפילן מיט פולער אחריות זייער נאציאנאלן פליכט לגבי דער מדינה.

דאס זיינען פארשיידענע אספעקטן פון איינער און דער זעלבער געזעלשאפטלעך־יידישער טראדיציע, וועלכע טייל פון מיינע קאלעגן האבן נאך מיטגעבראכט פון דער אלטער היים, און האבן דא אויפן באדן פון דעם נייעם היימלאנד אויפגעבויט נישט נאר פאבריקן, נאר האבן אויך גאנץ אקטיוו געהאלפן בויען און אויפהאלטן דאס יידישע לעבן און דעם יידישן גייסט אויפן באדן פון דעם פרייעם דעמאקראטישן לאנד פאר וועלכן מיר האבן ביייגעטראגן די ארבעט פון אונדזערע יוגנט־יארן און געהאלפן אויפשטעלן אן אינדוסטריע. אויך אויפן יידיש־נאציאנאלן געביט האט נישט געפעלט דער אקטיווער ביישטראג פון די יידישע שטריקער, וואס קומט צום ווישדרוק אויך אין דער איניציאטיווע צו פייערן דעם יובל פון פאראיין מיט א יידישן זאמלבוך ווי א צושטייער פון דער שטריקער־משפחה פאר דער יידישער קולטור און פארן יידישן גייסטיקן שאפן.

מיר פייערן דעם 25 יאריקן יובל פון פאראיין, וועלכער פאלט אויס ביי דער פייערונג פון 100 יאריקן יובל פון יידישן ישוב אין ארגענטינע. קוקן מיר מיט שטאלץ אויפן דורכגעגאנגענעם וועג און אויף אונדזער צושטייער צום אלגעמיינעם ווערק פון יידישן לעבן און שאפן אויפן ארגענטינער באדן. אונדזערע קינדער, וועלכע באגלייטן אונדז אין דער ארבעט פון די יידישע אינסטיטוציעס, שטעלן מיר ארויס ווי אביישפיל אונדזער 25 יאריקע טעטיקייט, וואס האט הארמאניש איינגעשלאסן אין איין שלימותדיקער גאנצקייט אינטערעסן גרעמיאלע, געזעלשאפטלעכע און יידיש־נאציאנאלע. מיר האפן אז אונדזערע קינדער וועלן ממשיך זיין די גאלדענע קייט און ווייטער גיין אויף דעם אנגעצייכנטן וועג פאר א שטארק ארגאניזירטן פאראיין, פאר א דערפאלגרייכער אנטוויקלונג פון זיינע אינסטיטוציעס, פאר א געזונט יידיש לעבן דא און פאר אן אקטיווער מיטארבעט און מיטהילף לטובת מדינת ישראל.



# פינף און צוואַנציק יאָר טעטיקייט פון שטריקער פאַבריקאַנטן פאַראיין אין בוענאָס איירעס

פון

פנחס-מאיר ראָזענבערג

צום 25 יאָריקן אַניווערסאַר פון זײַן עקזיסטענץ, קומט דער פאַריין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן מיט אַ באַלאַנס פון גרויסע דערגרייכונגען פאַרן פאַך ווי אויך פאַר דער גאַנצער ייִדישער געזעלשאַפט. דער פאַריין נעמט אַרום אַלע ייִדישע שטריקער פאַבריקאַנטן פון שטאָט און דער אומגעגנט, ער האָט אָרגאַניזירט און צוזאַמענגעבראַכט אין שויס פון איין מוטער־אינסטיטוציע די גרעסערע פאַבריקאַנטן ווי אויך די אַלע מיטעלע און קלענערע אונטערנעמער. עס איז כמעט ווי קיינער נישט געבליבן אויסער די רײַען פון פאַריין, וועלכער איז אין פאַרלויף פון די פינף און צוואַנציק יאָר געשטאַנען אַף דער וואָך און טרײַ געדינט די אינטערעסן פון זײַנע מיטגלידער. דער אַקטועלער ווױלשטאַנד, ווי אויך די סאָלידע פּאָזיציע פון דעם אַבסאָלוט גרעסטן טייל מיטגלידער, איז אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אַ רעזולטאַט פון דער גרעמיאַלער אָרגאַניזאַציע, פון דעם גײַסט פון סאָלידאַריטעט און קאָאָפּעראַציע, וועלכע עס האָט אײַנגעפירט דער פאַריין.

דער פאַריין האָט אָרגאַניזירט, פאַרבונדן און געאייניקט אין איין ברידערלעכער און פרײַנטלעכער משפחה הונדערטער ייִדישע אינדוסטריאַלן. דאָס איז די עיקרדיקע אויפגאַבע פון אַ פאַך־אָרגאַניזאַציע און דאָס איז די גרעסטע דערגרייכונג פון פאַריין. מיטן כוח פון אָט דער אייניקייט און מיט דער סאָלידאַרישער מיטהילף פון די מיטגלידער האָט דער פאַריין געשאַפן די קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן און די קאָאָפּעראַטיווע פון קרעדיט. אַ גרויסער מאַטעריעלער, מאָראַלישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער כוח איז אויפגעבויט געוואָרן צו דינסט דעם שטריקער פאַך, וועלכער פאַרנעמט אין דעם זין דעם אויבנאָן צווישן די ייִדישע און אויך אַלגעמיינע אינדוסטריאַלן אָרגאַניזאַציעס.

נישט גרינג זײַנען אָנגעקומען די דאָזיקע דערגרייכונגען. אין יעדן אויפטו ליגט אַ סך אַרבעט, אין יעדן טריט פאָרויס איז פאַרקערפּערט אַ סך מי און אָנשטרענגונג פון די טוער און פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, טייל פון וועלכע שטייען שוין לאַנגע יאָרן בײַ דער אַרבעט און אייניקע אפילו זײַנען די פּיאָנערן, וועלכע האָבן געלייגט דעם גרונטשטיין פון דער אינסטיטוציע. דעריבער איז בײַ דער לעצטער פאַרזאַמלונג פון פאַריין אײַנשטימיק אָנגענומען געוואָרן צו פאַרלענגערן דעם טערמין פון דער אַקטועלער פאַרוואַלטונג ביז נאָך די פײַערונגען פון דעם 25 יאָריקן אַניווערסאַר פון דער אינסטיטוציע. די מיטגלידער האָבן אַף אַזאַ מין אופן אויסגעדריקט זייער פולסטע אָנערקענונג דער פאַרוואַלטונג און צוגעטיילט דעם כבוד די טוער, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן לאַנגע יאָרן אַרבעט פאַרן פאַריין, אַז זיי זאָלן אָנפירן מיט די פײַערונגען און אויך צושטעלן די מיטגלידער און דער ייִדישער געזעלשאַפט דעם באַלאַנס פון אונדזער טעטיקײַט פאַר דעם צײַט־אָפּשניט.

דער שטריקער פאַבריקאַנטן פאַריין איז אַ גרעמיאַל־פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע און איינציַיטיק אויך אַ ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואָס נעמט אָנטייל אין נאַציאָנאַלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ייִדישן ישוב אין לאַנד.

די צוויי טעטיקייטס־געביטן שליסן זיך נישט אויס, נאָר דערגאַנצן זיך. די טוער פון דעם פאַריין האָבן אַ סך אויפמערקזאַמקייט און צײַט אָפּגעגעבן בײַם שליסן די קאָנווועניומס מיט די אַרבעטער, און בײַם לייזן פאַרשיידענע סכסוכים פון פּראָפעסיאָנעלן און אויך קאָמערציעל כאַראַקטער. אַ סך אַרבעט און צײַט איז גלײַכצײַטיק אויך אָפּגעגעבן געוואָרן בײַ די זאַמלונגען פאַרן פאַרייניקטן

קאמפיין לטובת ישראל און פאר אנדערע נאציאנאלע און ארטיקע יידישע אינסטיטוציעס.

ווי די מיטגלידער איז גוט באוווּסט, איז דאס פארהאנדלען א קאנוועניום מיט די ארבעטער איינע פון די עיקרדיקע אויפגאבן פון אן אינדוסטריאלן פאריין. יעדער אפמאך וואס איז געשלאסן געווארן האט געפאדערט פיל צייט, אויסדויער און ענערגיע. אונדזערע פארשטייער האבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טאקט און געפיל פון פאראנטווארטלעכקייט פארן פאך, ווי אויך מיט זייער פארשטענדעניש פאר די אספיראציעס פון די ארבעטער. די אלע אנדערע שטריקער פאבריקאנטן פאריינען, די רעגירונגס־אינסטיטוציעס, ווי אויך די פארטרעטער פון ארבעטער סינדיקאט, האבן ביי פארשיידענע געלעגנהייטן אויסגעדריקט זייער אנערקענונג די פארשטייער פון אונדזער פאריין און דעם בעסטן ווילן פאר איינפארשטענדיקונג. אזוי איז נאכן אונטערשרייבן דעם לעצטן קאנוועניום מיט דער „פיטא” פון נאציאנאלן כאראקטער, וואס נעמט ארום אלע פאבריקאנטן פון לאנד, געשלאסן געווארן צווישן סינדיקאט און אונדזער פאריין א באזונדער אפמאך וואס איז אין איניקע פונקטן מער גינציקער פאר אונדזערע מיטגלידער (אין קוואליפיקאציע פון פערסאנאל א. א.).

איך האלט אויך פאר נויטיק באזונדערס צו אונטערשטרייכן די דערפאלגרייכע אינטערווענצן פון פאריין ביי די „פאריטארע קאמיסיעס”, וועלכע לייזן די אלע פריוואטע סכסוכים וואס אנטשטייען צווישן אונטערנעמער און זייערע פערסאנאלן. ווען א פאבריקאנט איז נאר געקומען אין באגלייטונג פון אונדזערן א פארשטייער איז די באציִונג פון צווייטן צד געווען א צוטרוילעכע און רעספעקטפולע. אונדזער לאיאליטעט און געפיל פון גערעכטיקייט אין דער אינטערפרעטאציע פון די ארבעטס־אפמאכן, האט געהאלפן אויפצוהאלטן אן אטמאספער פון פרידלעכער צוזאמענארבעט אין אונדזערע אונטערנעמונגען.

א באזונדער סאטיספאקציע פאר דער אנפירונג פון פאריין איז די גרינדונג און דערפאלגרייכע אנטוויקלונג פון די צוויי קאאפעראטיוועס, פון רוישטאפן און קרעדיטן. דער שנעלער וווּקס און פארנעם פון דער „לא טעקסטילערא” ווי אויך פון דער קרעדיט־קאאפעראטיווע, האט איבערגעשטיגן אלע אונדזערע דערווארטונגען. נאך גרעסער איז אונדזער סאטיספאקציע דערמיט, וואס די מיטגלידער האבן צו יעדן מאמענט אונדז ענטוזיאסטיש געשטיצט און סטימולירט אין אלע אונדזערע אונטערנעמונגען. אן דער דאזיקער אלגעמיינער און באלידארישער מיטארבעט וואלטן מיר די איניציאטיוועס פון אזא פארנעם נישט געקאנט פארווירקלעכן.

אין דער אלטער היים האבן די יידישע שטריקער־ארבעטער זיך אויסגעצייכנט מיט זייער דערציִונג און געזעלשאפטלעכן באוווּסטזיין, און מיט זייער אקטיוון אנטייל אין פארשיידענע פאליטישע און פראפעסיאנעלע ריכטונגען. דער קולטורעלער און געזעלשאפטלעכער גייסט פון די שטריקער איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין דער נייער היים. דא האבן זיי אויפגעבויט נישט נאר אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, נאר האבן אויך געשאפן א פארצווייגטע גרעמיאלע און קאאפעראטיווע ארגאניזאציע, און פיל פון זיי זיינען טעטיק אין פארשיידענע פאליטישע, קולטורעלע און דערציִערישע אינסטיטוציעס.

אין הסכם מיטן יידיש־געזעלשאפטלעכן גייסט פון די מיטגלידער איז אויך אריענטירט די טעטיקייט פון דער פארוואלטונג. דער פאריין איז פארטראטן דורך זיינע פארשטייער אין אלע צענטראלע יידישע אינסטיטוציעס און העלפט בויען דאס יידישע לעבן אין דעמאקראטישן גייסט. דער שטריקער פאבריקאנטן פאריין איז געווען איינער פון די ערשטע, וואס האט ווירדיק געענטפערט אף א רוף פון א פארשטייער פון דער הגנה. זייט דער אנטשטייונג פון מדינת־ישראל איז ביים פאריין טעטיק א סוב־קאמיסיע פון פאראייניקטן קאמפיין און אונדזער בראנזשע פארנעמט איינעם פון די ערשטע פלעצער לויט דער צאל ביישטייערער און דער פראפארץ פון זייער ביישטייער. אויסערדעם, שטיצט דער פאריין, לויט זיינע מעגלעכקייטן, די אלע ארטיקע דערציִערישע, קולטורעלע און פילאנטראפישע אינסטיטוציעס.

צום 25 יאריקן אניווערסאר פון זיין עקזיסטענץ, קומט דער פאראיין מיט א באלאנס פון פאזיטיווע מעשים, וואס זיכערן זיין ווייטערדיקע אנטוויקלונג מיט דער האפענונג צו באפעסטיקן די דערגרייכונגען לטובת זיינע מיטגלידער אין דעם גאנצן יידישן ישוב אין לאנד.



די יוגנט באשיינט די שמחות פון פאראיין און איז אויך פארטראטן ביי דער אנפירונג פון די אינסטיטוציעס.



# דער בייטראג פון יידישע שטריקער פאר דער נאציאנאלער טריקאטאזש־אינדוסטריע

פון

דניאל פישער

מיר פייערן דעם 25טן יובילעי פון שטריקער פאבריקאנטן פאראיין און ביי דער געלעגנהייט איז כדאי זיך אפצושטעלן אויף דער גרויסער ראלע, וואס אונדזערע מיטגלידער האבן געשפילט אין דער אנטוויקלונג פון דער נאציאנאלער טריקאטאזש־אינדוסטריע אין לאנד־מאס־שטאב.

אין אזא געבענטשט לאנד ווי דאס איז אונדזער ארגענטינע, וועלכע איז אזוי רייך אין פארשיידענע רוי־מאטעריאלן און ווו וואל־שטאף געפינט זיך אין א גרויסער שפע, איז מיט דריי יאר־צענדליק צוריק, די אינדוסטריע נאך גאר געווען אן אומבאדייטנדיקע. אין סוף צוואנציקער יארן זיינען אין שטאט געווען א פאר צענדליק שטריקער־פאבריקלעך, א העלפט פון זיי יידישע און ביי די הונדערט ארבעטער אין זיי, כמעט ווי אלע יידן, שטריקער־פאכלייט פון דער אלטער היים.

ארגענטינע האט נאך אין יענער נישט־ווייטער פארגאנגענהייט געלעבט כמעט ווי אויסשליסלעך פונעם עקספארט פון רוימאטעריאלן, איבערהויפט תבואה, פלייש און די אלע מינים פיצוכט־פראדוקטן. דעם אבסאלוט גרעסטן טייל פון די אלע ארטיקלען, וועלכע דאס לאנד האט געדארפט פארן אייגענעם געברויך האט מען אימפארטירט פון אויסלאנד. די זעלבע רוימאטעריאלן, וועלכע זיינען ארויס פון לאנד, פלעגן נאכדעם צוריק־אריינקומען ווי אויסגעפארטיקטע אינדוסטריעלע פראדוקטן. ארגענטינער וואל פלעגט אין מאנטשעסטער, און אין די אלע אנדערע אייראפעאישע אינדוסטריעלע צענטערס, פארוואנדלט ווערן אין טעקסטיל־און טריקאטאזש־שטאפן, און נאכדעם צוריקפארן אהיים. דער פארדינסט פארן אויסארבעטן, קאמערציאליזירן און טראנספארטירן פלעגט בלייבן אין די אייראפעאישע לענדער...

ווען די ערשטע היגע אינדוסטריאלן האבן געוואלט אויסארבעטן א בעסערן סוועטער, האבן זיי געקעמטן וואל געמוזט אימפארטירן פון אויסלאנד אדער אים קויפן ביי די אימפארטאדארן. אין ארגענטינע האט מען אין יענער צייט קיין וואל נישט געקעמט און נישט געפארבט. איך ווייס נישט צי עס איז געווען עפעס א באַרעכטיקטער מאטיוו, אדער פאאינטערעסירטע קרייזן האבן פארשפרייט א מיינונג, אז דאס ארגענטינער וואסער טויג נישט צום פארבן. כאטש נעם און ברענג וואסער פון ענגלאנד. אבער נישט קיין וואסער האט מען געבראכט פון ענגלאנד, נאר פארטיקע ארטיקלען, וועלכע זיינען נאטירלעך, געווען צוטריטלעך נאר פאר א דינעם שיכט פון דער באפעלקערונג.

אין די ערשטע פיאנערן־יארן פון אונדזער אינדוסטריע האט מען דעריבער געארבעט מיט נישט־געקעמטן וואל, וועלכן מען האט אויסגעארבעט אין לאנד גופא און וואס האט אויף שפאניש געהייסן „קארדאדא”. קיין פיינעם ארטיקל קאן מען מיט אזא וואל נישט מאכן, אבער ער ווארעמט און איז באקוועם. נאך איין גרויסע און גאר נייע מעלה האט געהאט דער ארטיקל, וועלכן צענדליקער יידישע שטריקער האבן אנגעהויבן מאסנווייז ארויסשיקן אויפן מארק: ער איז געווען ביליק, צוטריטלעך פאר דער קויף־קראפט פון דעם פאלקס־מענטשן, וועלכער האט אין דורכשניט ווייניק פארדינט ווי אין א לאנד, ביים אנהייב פון זיין אינדוסטריאליזאציע.

יידישע שטריקער פאבריקאנטן, און אין די ערשטע פיאנערן־יארן זיינען ניינציק פראצענט פון די שטריקער געווען יידן, האבן געשאפן א מארק פאר די ארטיקלען פון דער שטריקער־אינדוסטריע, זיי האבן אים פאפולאריזירט און אימפאנירט מיט דער קוואליטעט און מיט די צוטריטלעכע פרייזן. און ווען עס האט זיך פארשפרייט די באדערפעניש אין אזעלכע פראדוקטן איז אויך אנטשטאנען די נויטווענדיקייט צו שאפן א בעסערן ארטיקל פון געקעמטן וואל. די ערשטע שפינערייַ וועלכע איז אויפגעבויט געווארן אין לאנד, און באזונדערס די וואס האט אויסגערעכנט אויף א קונדשאפט פון די שטריקער־פא־

בריקאַנטן, האָט פֿאַר זיך שוין געהאַט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע צאָל אָפּנעמער פֿון אירע פּראָדוקטן. דאָס וואַסער איז נישט געווען קיין שטער, מיטן וווּקס פֿון דער שטריקער אינדוסטריע איז אויך געוואַקסן די צאָל שפּינערײַען און אינדוסטריעלע וואַשערײַען. עס זײַנען מיט דער צײַט געשאַפֿן געוואָרן גאַנץ נײַע אינדוסטריעס אויף צו באַדינען די טעקסטיל־ און שטריקער־פֿאַבריקן, וועלכע עס האָבן אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע 25-30 יאָר אויפֿגעבויט די ייִדישע אימיגראַנטן פֿון פּוילן.

מיר האָבן נישט קיין גענויע סטאַטיסטיק. אָבער בערך רעכענען מיר, אַז די פֿיר הונדערט ייִדישע פֿאַבריקאַנטן אין שטאָט באַשעפֿטיקן בײַ די צען טויזנט אַרבעטער און אָנגעשטעלטע. אין דער פּראָווינץ איז זייער קליין די צאָל ייִדישע אינדוסטריאַלן אין דער בראַנזשע, דאַקעגן זײַנען לעצטנס דאָרט אויפֿגעקומען אַ גרויסע צאָל נישט־ייִדישע פֿאַבריקאַנטן, באַזונדערס איטאַליענער אימיגראַנטן פֿון די לעצטע יאָרן. בלויז אין מאַר דעל פּלאַטאַ מוז זײַן אַ פּאָר הונדערט אַזעלכע וואַרשטאַטן, וועלכע אַרבעטן אין קליינעם פֿאַרנעם, אויף אַ היימישן אופֿן, אָבער זיי פּראָדוצירן זייער אַ פֿײַנעם אַרטיקל. גרעסערע פֿאַבריקן זײַנען פֿאַראַן אין דער הויפּטשטאָט און אין אייניקע פּראָווינץ שטעט, אָבער דער סעקטאָר פֿון די פּיאָנערן אין דער שטריקער אינדוסטריע, די ייִדישע פֿאַבריקאַנטן, באַשעפֿטיקן נאָך אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער און גיבן די גרעסטע פּראָדוקציע.

די שטריקער בראַנזשע, ווי די טעקסטיל־אינדוסטריע בכלל, איז פֿאַקטיש אויפֿגעקומען אין פֿאַרלויף פֿון לעצטן פֿערטל־יאָרהונדערט. אַרגענטינע פֿאַרמאָגט שוין באַלד אַן אייגענעם מאַנטשעסטער, וועלכער איז דורות־לאַנג געווען דער סימבאָל פֿון אַ מעכטיקער שטאָפֿן־און באַקלייד־אינדוסטריע. און ס'איז נישט קיין גוזמא צו פֿאַרזיכערן, אַז ייִדישע וועבער פֿון פּוילן, און אין דער שטריקער־בראַנזשע אונדזערע מיטגלידער, זײַנען געווען די פּיאָנערן, און זײַנען נאָך אויך הײַנט אַ ווירקנדיקער פֿאַקטאָר, אין דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פֿון אַרגענטינע.

מיט 25 יאָר צוריק האָבן די גרינדער פֿון פֿאַראיין געשאַפֿן די אינסטיטוציע מיטן ציל צו פֿאַרטיידיקן זייערע וויטאַלסטע אינטערעסן. הײַנט צו טאָג איז דער פֿאַראיין נאָך נייטיקער ווי שטענדיק. זײַן ראָלע אין לעבן פֿון דער בראַנזשע איז נאָך גרעסער. די גרעסערע און קלענערע פֿאַבריקן, וועלכע באַשעפֿטיקן צענדליקער און אייניקע אַפֿילו הונדערטער אַרבעטער, האָבן טעגלעך גאַנץ ערנסטע ענינים צו לייזן. די פֿאָרגעשריטענע אַרגענטינער געזעצגעבונג, די סאָציאַלע פֿאַרזיכערונגען, די קאָלעקטיווע אָפּמאַכן, שטײַערן אָפּצאָל, דאָס אינטערווענירן בײַם אַרבעטס־מיניסטעריום צו לייזן פֿאַרשיידענע קאָנפֿליקטן, מעדיצינישער קאָנטראָל, יורידישע הילף און פֿיל אַנדערע פֿאַקטאָרן צווינגען דעם פֿאַבריקאַנט אָנצוקומען צו דער אינטערווענץ פֿון פֿאַראיין, צו זײַן פֿאַרמיטלונג און אָריענטאַציע.

די גרויסע צאָל קאָנסולטאַציעס וואָס ווערן טעגלעך געמאַכט אין פֿאַראיין באַשטעטיקן דאָס אויבנגעזאָגטע. מענטשן קאָנסולטירן דורכן טעלעפֿאָן און קומען פּערזענלעך וועגן פֿאַרשיידענע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אינדוסטריע און פֿאָדערן די פּערמאַנענטע אויפֿמערקזאַמקייט נישט נאָר פֿון אונדזער קליינעם טעכנישן פּערסאָנאַל, נאָר אויך די גאַנץ אָפֿטע אינטערווענצן פֿון אונדזערע פֿאַרוואַלטונגס־מיטגלידער, וועלכע האָבן דעם בעסטן ווילן מיטצואַרבעטן און מיטהעלפֿן זייערע קאָלעגן.

ווי אַ קאַסיר פֿון פֿאַראיין האַלט איך פֿאַר אַ פֿליכט בײַ דער געלעגנהייט צו דערמאָנען, אַז די פֿינאַנציעלע לאַגע פֿון דער אינסטיטוציע וואָלט געדאַרפֿט זײַן פֿיל בעסער אין פֿאַרגלײַך מיט דעם פֿאַרנעם פֿון דער שטריקער בראַנזשע און די וואַקסנדיקע באַדערפֿענישן אויסצוברייטערן אונדזער גרעמיאַלע באַדינונג. דער פֿאַראיין האַלט זיך אויס אין גרעסטן טייל פֿון דעם מיטגלידס־אָפּצאָל, וועלכער איז אײַנגעשטעלט געוואָרן מיט דרײַ יאָר צוריק און אַ דאַנק דער וואַקסנדיקער אינפֿלאַציע איז שווער נאָכצוקומען די אַדמיניסטראַטיווע און געזעלשאַפֿטלעכע אויסגאַבן, ווי דאָס פֿאָדערט אַזאַ אינדוסטריאַלן אָרגאַניזאַציע. דער פֿאַראיין האָט געשאַפֿן די קאָאָפּעראַטיווע פֿון רוישטאָפֿן און די קרעדיט־קאַסע, אָבער די דאָזיקע קינדער־אינסטיטוציעס פֿירן זייער אייגענע און זעלבסטשטענדיקע עקסיסטענץ און דער פֿאַראיין — די מוטער־אינסטיטוציע — איז געבליבן אָנגעוויזן אויף גאַנץ קליינע אײַנקונפֿטן. די פֿאַראיינען פֿון אונדזערע נישט־ייִדישע קאָלעגן, וועלכע באַדינען די מיטגלידער נישט מער ווי גרעמיאַל, נעמען אַ פֿיל העכערן מיטגלידס־אָפּצאָל. דאָס איז אַ פֿראַגע וואָס דאַרף באַהאַנדלט ווערן בײַ דער נאָענטסטער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג, און איך גלויב אַז די מיטגלידער וועלן נאָכקומען דער אַספּיראַציע פֿון פֿאַראיין צו קענען נאָך מער אויסברייטערן די אַרבעט און דעם אײַנפֿלוס פֿון דער אינסטיטוציע, וועלכע האָט טרײַ באַגלייט די שטריקער־בראַנזשע אין איר אויפֿשטײַג און וועט זי מיט דער זעלבער איבערגעבנקייט באַגלייטן אין איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג.



# די יוגנט דאַרף זיך באַטייליקן אין דער אָנפירונג פון די יידישע — אינסטיטוציעס

פון
**אברהם ליקער**

די אַנטוויקלונג פון אונדזערע אינסטיטוציעס, ווי דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל, וואַקסט מיט אַן אַנ־ערך פיל שנעלערן טעמפּאָ ווי די קאַדרען געזעלשאַפטלע־כע טוער און מנהיגים, וועלכע דאַרפן די אינסטיטוציעס באַדינען, און די באַוועגונג ריכטן און אָנפירן. אונדזערע עלטערן, דער דור אימיגראַנטן און פּיאָנערן, וועלכע זײַנען אַרײַנגעקומען אין לאַנד אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אין זייער נײַעם היימלאַנד אויפגעטאָן ממש וווּנדער. אין פאַרלויף פון קורצע עטלעכע צענדליק יאָר האָבן זיי דאָ געשאַפן אינדוסטריעס, אַנט־וויקלט אַ האַנדל און זיך באַשעפטיקט מיט פּראָפעסיעס, וועלכע האָבן זייער פיל בײַגעטראָגן פאַרן אַלגעמיינעם פּראָגרעס פון אַרגענטינע. אין דער זעלבער מאָס האָבן זיי אויך געזאָרגט פאַר די קאָלעקטיווע אינטערעסן פון ישוב, פאַר דער דערציאונג פון די קינדער, פאַר די גײַסטיקע און רעליגיעזע הצטרכותן. און אַזוי זײַנען אַנטשטאַנען שולן, קלובן, קאָלאָניעס, סאַניטאַרע אינסטי־טוציעס, אַזילן, ביבליאָטעקן, קאָאָפּעראַטיוועס, פּאַראיי־נען און אָרגאַניזאַציעס, וועלכע מאַניפעסטירן אַ ברייטן פאַרנעם און זייער הויכע מדרגה פון אונדזער געזעל־שאַפטלעך קולטורעל לעבן.

מיט אַ געפיל פון טיפסטן דרך־ארץ אָנערקענען מיר — די קינדער, דער צווייטער דור אין לאַנד — דעם גרויסן אויפטו פון דער פּיאָנערן־גענעראַציע, פון די אימיגראַנטן, וועלכע האָבן נאָך שווערע יאָרן פון זיך „אויסגרינען", אַרויסגעוויזן אַזוי פיל איניציאַטיוו, קאָלעקטיוון באַוווּסט־זײַן און שעפערישן גײַסט. מיר זײַנען שטאָלץ מיטן אויפטו פון אונדזערע עלטערן, וואָס באַשטעטיקט ווי פּרוכטיק און געבענטשט עס קאָן זײַן די ייִדישע אַרבעט אויפן באָדן פון אַ פרײַ און דעמאָקראַטיש לאַנד.

אַ גרויסער מאַטעריעלער און גײַסטיקער פאַרמעגן איז געשאַפן געוואָרן, נישט צום נוצן פון פּריוואַטע אינ־טערעסן, נאָר אויף צו באַפרידיקן די באַדערפעענישן פון כלל. אָבער מיטן אומפאַרמיידלעכן גאַנג פון יאָרן ווערט קלענער די צאָל פון די בויער און ווער עס זאָל פאַרנעמען זייער פּלאַץ איז נישט פאַראַן. עס פעלן דערפאַרענע געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זאָלן אויספילן די בלויזן, וועלכע ווערן וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער אין די רייען פון אונדזערע אַקטיוויסטן און פירער. דאָס איז אַ גאַנץ באַדויערנסווערטער פאַקט, וואָס באַזאָרגט ערנסט דעם ישוב און די פראַגע פון אַ נײַעם דור, וואָס זאָל איבער־נעמען די אויפזיכט און אָנפירונג פון אונדזער גרויסן געזעלשאַפטלעכן פאַרמעגן, אַזוי פיזישן ווי גײַסטיקן, שטייט הײַנט מיט דער גאַנצער שאַרף אויף דער טאָג־אָרדענונג.

אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן פאַרמאָגט די וויזיע און אידעאַליזם, וואָס האָט געוואָרצלט אין ייִדישער טראַדיציע, וועלכע זיי האָבן אין זיך אײַנגעזאַפּט נאָך אין דער אַלטער היים. האָבן זיי אין דער נײַער היים געזאָרגט נישט נאָר וועגן עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, פאַר זיך, נאָר האָבן אויך געשאַפן אַ גרויס געזעלשאַפטלעך ווערק, וואָס איז אינספּירירט אין די אינטערעסן פון קאָלעקטיוו און איז אויסן דעם וואוילשטאַנד פון כלל. אַן אויפטו וואָס איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער איינגנאַרטיקייט פון דער ייִדישער קאָלעקטיוויטעט אין פאַרגלײַך מיט אַלע אַנדערע אפילו גרעסערע אין צאָל, וועלכע זײַנען הינטערשטעליק לגבי די ייִדן מיטן פאַרנעם פון זייער געזעלשאַפטלעך ווערק, אַזוי אין איכות ווי אין במות. און אָט דער גרויסער גײַסטיקער און מאַטעריעלער פאַרמעגן, אין וועלכן ס'איז פאַרקערפּערט אַזוי פיל שיינע העכערע ווערטן, שטייט איצט פאַר אַ קריזיס; פאַר אַ קריזיס איבערן מאַנגל פון פירער און טוער, וועלכע זאָלן מיט וויסן און מיט ערנסט פאַרזעצן די געזעלשאַפט־לעכע טראַדיציע פון די גרינדער.

אונדזערע עלטערן האָבן לויט זייערע מעגלעכקייטן און מיט זייער בעסטן ווילן געלייגט דעם יסוד און אויפגעשטעלט דעם פּרעכטיקן בנין; זיי האָבן אויסגעפירט די שווערסטע אַרבעט. אונדזער פליכט איז אויפצוהיטן דאָס ווערק, קאָנסאָלידירן, פאַרשענערן און פאַרגרעסערן. דאָס איז די אייגנטלעכע מיסיע פון דעם יונגן דור און פון די קומענדיקע דורות. און אויף דעם געביט, ווי געזאָגט, פילט מען אַ גוואַלדיקן מאַנגל אין מענטשן, וואָס זאָלן זײַן פעאיק צו נעמען אויף זיך אַזאַ אויפגאַבע. צווישן דער יוגנט איז אין גרעסטן טייל צו מערקן אַ גלײַכגילטיקייט, אַן אומפאַרשטענדעניש, אַ גרינגשעצונג צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט...

וועלכע פּראָבלעמען אינטערעסירן אונדזער יוגנט? וועלכע אידעאַלן באַהערשן זי? אָדער אפשר איז אַ גרויסער טייל פון זיי גאָר אויסגעליידיקט פון אידעאַלן און פרײַ פון גײַסטיקן אומרו?... נישט דאָ איז דער פּלאַץ זיך צו פאַרטיפן און זוכן אַן ענטפער אויף די פראַגן. מיר וועלן נאָר אויפן סמך פון דעם אויבנגעזאָגטן מאַכן דעם אויספיר, אַז די איצטיקע פירער פון די ייִדישע אינסטיטוציעס דאַרפן מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך באַמיען אַרײַנציען די יוגנטלעכע וואָס האָבן אַ ווילן צו דעם און זיי געבן אַ פּלאַץ בײַ דער אָנפירונג. מען דאַרף שאַפן אַן אינטערעס פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, דערוועקן אַמביציעס, געבן פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וועלן די בעסערע דערפילן אַ זין און אַ טעם אין דער אַרבעט, און די געירשנטע טראַדיציע פון זייערע עלטערן וועט זיי געבן דעם ווילן ווײַטער צו שמידן „די גאָלדענע קייט“ פון ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די שטריקער פאַבריקאַנטן זײַנען אין דעם זין כמעט ווי אַ גליקלעכער אויסנאַם. אין די קאָמיסיעס פון די דרײַ אינסטיטוציעס זײַנען פאַרטראָטן יוגנטלעכע, זיי פאַרמאָגן נאָך נישט די געהעריקע עקספּעריענץ, אָבער זיי ווײַזן אַרויס גוטן ווילן און עס ווערן זיי אָנגעטרויט פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן. זיי לערנען זיך אין דער טאָג־טעגלעכער פּראַקטישער אַרבעט און באַקומען וויסן מיט דער דערפאַרונג. אין דער פאַרוואַלטונג פון פאַראיין גופא זײַנען פאַרטראָטן בײַ אַ העלפט יוגנטלעכע, און זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער ענערגיע און איניציאַטיוו, וועלכע ווערט דורך די עלטערע חברים סטימולירט און זייער גוטע אויפגענומען.

וועלן אַנדערע אינסטיטוציעס נאָכטאָן דעם בײַשפּיל פון פאַראיין וועט די פּראָבלעם אין אַ גרויסער מאָס געלייזט ווערן. די יוגנטלעכע דאַרף מען אַרײַנציען אין דער אַרבעט, אַרויסווײַזן צו זיי אינטערעס און צוטרוי, און זיין וועלן מיט אחריות און ליבשאַפט ממשיך זײַן דאָס ווערק פון זייערע עלטערן.



די קינדער פון די שטריקער פאַבריקאַנטן באַגלייטן זייערע עלטערן בײַ דער אַרבעט פון פאַראיין און אויך אויף די מסיבות פון דער אינסטיטוציע.



# די פּיאָנערן־עפּאָכע פון דער שטריקער אינדוסטריע

פון

**משה קוויאַטעק**

געוויינלעך ווען מען פייערט א יובילײ פון אן אינסטיטוציע ציט מען אונטער א סך־הכל פון דער אפּגעטוענער ארבעט און מען ווייזט אן די אלע אנטוויקלונגס עטאפּן וואס די אינסטיטוציע האט דורכגעמאכט, וואס זי איז געווען פריער און וואס זי איז איצטער. וועלכע פאקטארן האבן באגינסטיקט איר אנטוויקלונג; אדער פארקערט — געשטערט איר פּראגרעס, און ווער זיינען די מענטשן וואס האבן מיט זייער ארבעט אן איניציאטיוו אויסגעטראגן אף זייערע פּלייצעס די לאסט פון אזא מין פּראפעסיאנעלער און געזעלשאפטלעכער ארגאניזאציע. ווי איינער פון די פּיאנערן, וואס האט צוזאמען מיט אנדערע חברים געלייגט דעם יסוד פון דער אינסטיטוציע, און וואס איז זיין גאנץ לעבן אין דעם לאנד פארבונדן מיט דער שטריקער בראנזשע און מיט דעם פאראיין. נוץ איך אויס די געלעגנהייט צו פארצייכענען אייניקע דאטן און פאקטן, אזוי פּערזענלעכע ווי געזעלשאפטלעכע, וועלכע זיינען זייער כאראקטעריסטיש פארן אויפקום פון דער אינסטיטוציע און פאר דער געשיכטע פון דעם גאנצן יידישן ישוב אין לאנד.

די געשיכטע פון פאריין קאן נישט גענומען ווערן אבסטראקט, אפּגעריסן פון לעבן פון די מענטשן וועלכע האבן אים געשאפן, און אפּגעזונדערט פון די ארומיקע באדינגונגען און איינפלוסן וואס האבן געווירקט אין לעבן פון דער בראנזשע. יידישע ־שטריקער אונטערנעמער האבן דעם פאריין געשאפן, און די פּערזענלעכע געשיכטע פון יעדן איינעם פון זיי, זיינע ליידן אלס „גרינער" און זיין שווערער קאמף אלס פּיאנער־אונטערנעמער, זיינען אין א גרויסער מאס כאראקטעריסטיש אויך פאר דער געשיכטע פון פאריין.

אין 1923 בין איך געקומען אין דעם לאנד, אבער קיין ארבעט ביי מיין פאך האב איך נישט געפונען. אף דער שיף בין איך געווען פול מיט האפענונג, מיט יוגנטלעכער פארגלויבטקייט, איך האב „א פאך אין די הענט" און איך האב זיך געפילט מעשה תקיף אין פארגלייך מיט אייניקע שיפס־ברידער, וועלכע האבן קיין פאכן נישט געהאט. אין בוענאס איירעס איז אבער געקומען די גרויסע אנטוישונג. איך האב קיין ארבעט ביי מיין פאך נישט געקריגן, אבער איך האב אזוי לייכט זיך נישט אונטערגעגעבן. אין יענער צייט — עס הייסט, נישט מער ווי מיט 37 יאר צוריק — איז אין בוענאס איירעס געווען נישט מער ווי א צען־צוועלף שטריקער טאזשערן. נישט קענענדיק די שטאט, און ווי שווער מיר איז נישט געווען דאס פארן, האב איך זיי אלע באזוכט. און דורכויס האב איך געהערט דעם זעלבן פיזמון: נא אי טראוואכא (נישטא קיין ארבעט), די איינציקע דריי שפּאנישע ווערטער, וועלכע איך האב זייער גוט פארשטאנען... און איך האב געמוזט זיך אונטערגעבן און זוכן ארבעט ביי אן אנדער פאך. איך האב א לענגערע צייט געארבעט ביי בעטן און פארדינט ניינציק סענט א טאג. דאס איז נישט געווען גענוג אפילו אויפן עסן.

אפּטמאל פלעג איך פעלן א טאג צו דער ארבעט און זיך ארויסלאזן באזוכן די שטריקער ווארשטאטן. א צוויי דריי זיינען געווען יידישע, די איבעריקע פון נישט יידן. און אויף איינעם פון מיינע באזוכן האט מיר אפּגעגליקט, איך האב באקומען ארבעט אין א שטריקער פאבריקל. און ווירקלעך איז עס געווען פאר מיר א גליק אין יענע יארן, מען האט מיר גלייך געשטעלט א לוין פון פיר פּעזעס א טאג און אין א קורצער צייט ארום האב איך שוין פארדינט פינף פּעזעס דעם טאג. איך בין געווארן א מיטגליד אין שטריקער ארבעטער פאריין, וואס האט געציילט ביי די זיבעציק מיטגלידער, אויסער עטלעכע צענדליק פרויען, וועלכע האבן געארבעט ביים פאך און נישט געווען אנגעשלאסן אין פאריין, איז דאס געווען צו יענער צייט דער

גאַנצער שטריקער פּראָלעטאַריאַט פון לאַנד. אגב איז כדאַי צוצוגעבן, אַז די מיטגלידער פון אַרבעטער פאַריין זײַנען, מיט אַ פּאָר אויסנאַמען, אַלע געווען ייִדן.

געאַרבעט האָט מען אין די שטריקער פאַבריקלעך אויף האַנט־מאַשינעס, און אויסגעאַרבעט האָט מען וואָל־אָפּפאַל (קאַרדאַדאָ) און אויך באַוול. דאָס איז געווען דער איינציקער רוי־מאַטעריאַל וועלכער איז באַנוצט געוואָרן אין יענער צײַט אין דער אַרגענטינער שטריקער אינדוסטריע. אַרטיקלען פון ריינעם וואָל האָט מען אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד.

אַזוי האָב איך געאַרבעט ביזן יאָר 1929, עס איז געווען אַ ביטערער יאָר פון ווייניק אַרבעט און גרויסער אַרבעטסלאָזיקייט. עס האָט געפעלט אַרבעט אין אַלע פאַכן, און באַזונדערס האָט געליטן פון קריזיס די יונגע שטריקער־אינדוסטריע. אין איין שיינעם טאָג האָט מיר דער באַלעבאָס אויסגעלייענט דעם אַלט־באַקאַנטן פּיזמון: נאָ אַי טראַוואַכאָ, מען האָט מיר אויסגעצאָלט די עטלעכע פּעזעס פאַר די אָפּגעאַרבעטע טעג — לויטן געזעץ האָט מיר אין יענער צײַט מער נישט געקומט — און איך בין געוואָרן אַ... באַלעבאָס פאַר זיך. קיין אַרבעט בײַ אַ צווייטן פאַך האָט נישט געהאַט קיין זין צו זוכן, בײַם אייגענעם פאַך איז קיין אַרבעט נישט געווען, האָב איך נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. האָב איך אײַנגעהאַנדלט אַ האַנט־מאַשינדל פאַר אַ סומע פון פינף און זעכציק (65) פּעזעס און אָנגעהויבן אַרבעטן. די ערשטע מאַשין האָב איך געקויפט אויף אויסצאָלן, אין אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך אײַנגעהאַנדלט נאָך אַ מאַשין, און שוין באַצאָלט אין מזומן. אויפן זייגער האָט מען ניט געקוקט און געאַרבעט שווער, עס האָבן אויך אַרויסגעהאָלפן די בני־בית, און אַזוי צו ביסלעך איז פאַרגרעסערט געוואָרן דאָס פאַבריקל און אויך באַדײַטנדיק אויסגעבעסערט געוואָרן די פּראָדוקציע. איך האָב זיך באַמיט צו אַרבעטן מיט בעסערע מאַטעריאַלן און אויסאַרבעטן אַ בעסערן אַרטיקל.

אין דעם קריזיס יאָר זײַנען אַזוי אַנטשטאַנען אַ היפּש ביסל ייִדישע טאַזשערן, אַרבעטער וואָס האָבן פאַרלוירן די אַרבעט בײַ יענעם האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר זיך. מען האָט געאַרבעט אין די איינציקע צימערן אין וועלכע מען האָט געוווינט. אין סאַלעס, אין שאָפּעס; פריער אַליין בײַ דער מאַשין און נאָכדעם ערשט מיט דער הילף פון אַנדערע. נישט לײַכט איז אָנגעקומען זיך אַרויפצואַרבעטן און די פּרימיטיווע וואַרשטאַטן פאַרוואַנדלען אין פאַבריקן. יונג איז מען געווען האָט מען נישט געשפּאָרט קיין מי, מען האָט זיך נישט דערלויבט קיין פאַרווײַלונג און קיין רעכטן אָפּרו. זיך באַנוגנט מיטן קלענסטן און אַזוי אויפגעשטעלט פאַבריקן. אין 1936 יאָר זײַנען שוין אין בועגאָס אײַרעס געווען בײַ אַ פּאָר הונדערט ייִדישע שטריקער־פאַבריקן.

אין דעם יאָר איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער פאַריין דעם פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן אַניווערסאַר פון וועלכן מיר פײַערן הײַנט. אויך פריער זײַנען געווען אַ פּאָר פּרוּוון צו גרינדן אַ פאַריין, אָבער יענע פאַריינען האָבן לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער ערשטער לאָקאַל פון דעם פאַריין איז געווען אויף דער גאַס גורוטשאַגאַ, און האָט דאָרט פאַרנומען עטלעכע צימערן און אַנטוויקלט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע טעטיקייט. אין די אָוונטן פלעגן חברים זיך פאַרזאַמלען, פאַרברענגען צוזאַמען, ריידן וועגן ענינים פון פאַך און קומען סתם זיך זען מיט מענטשן — מעשה קלוב. דער גרעסטער טייל פאַבריקאַנטן האָבן אָנגעהערט צום פאַריין און דאָס האָט אים געגעבן דעם אויטאָריטעט און מיט ווירדע צו רעפּרעזענטירן די בראַנזשע. עטלעכע מאָל האָבן מען פאַרבעטן די באַלעבאַטים פון די שפּינערײַען צו פאַרהאַנדלען מיט זיי וועגן קרעדיטן און אַנדערע ענינים, און זיי זײַנען געקומען אין לאָקאַל פון אונדזער פאַראיין.

אַ קריזיס האָט איבערגעלעבט דער פאַריין אין די יאָרן פון שפּאַנישן בירגער־קריג, ווען אַ גרופּע פּאַרטיי־לײַט האָבן געפּרוּווט באַהערשן די אינסטיטוציע. מען האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ לאָקאַל אויף דער גאַס מאַלאַוויאַ און די אַקטיוויטעט איז שטאַרק געפאַלן און אויך די צאָל מיטגלידער. אַן אויפלעבונג אין דער אַרבעט איז געקומען מיטן איבערציִען זיך אין דעם הײַנטיקן לאָקאַל אויף דער גאַס קאָריענטעס. דאָ האָט דער פאַראיין אויסגעברייטערט זײַן טעטיקייט אויף אַלע געביטן, אַזוי גרעמיאַל ווי געזעלשאַפטלעך. דאָ איז געשאַפן געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע און די קרעדיט קאַסע, און דאָ ווערט געפײַערט דער 25 אַניווערסאַר פון דער אינסטיטוציע מיט אַ ייִדישן יאָרבוך, וואָס דאָס אַליין באַווײַזט אַז די שטריקער פאַבריקאַנטן בלײַבן טרײַ זייערע בעסטע טראַדיציעס פון זייערע היימישע יוגנט־יאָרן.



# די טעכניש־מעכאַנישע אַנטוויקלונג פון דער שטריקער־אינדוסטריע

פון

פּרץ פּרענגלער

אין די לעצטע צען, פופצן יאָר האָט די שטריקער־אינ־דוסטריע דורכגעמאַכט אַן אמתע רעוואָלוציע. דער טעכ־נישער פּראָגרעס האָט איינגעפירט נייע מעטאָדן פון אַר־בעט, האָט געשאַפן נייע מאַשינעס, האָט מאָדערניזירט די גאַנצע פּראָדוקציע סיסטעם, און אַ פאַבריק וואָס איז נאָר באַזאָרגט מיט אַפּאַראַטן פון לעצטן מאָדעל איז ווי אַן אמתער ווולקאַן וואָס שפּייט אַן אויפהער מיט סחורה. אַזאַ מאָדערנע פאַבריק האָט דעריבער פיל קלענערע פּראָדוציר־קאָסטן, קאָן אויסאַרבעטן אַ בעסערן פּראָדוקט און אים פאַרקויפן אַף ביליקערע פּרייזן. די קאָנקורענץ־פעיִקייט פון דער נייער מאַשין איז זייער גרויס און דער פאַבריקאַנט, וועלכער וויל נישט בלייבן הינטערשטעליק און פאַרלירן זיין קליענטעלע, דאַרף דעריבער אויפמערק־זאַם נאָכפאָלגן די טעכנישע אַנטוויקלונג וואָס קומט פאָר אין זיין בראַנזשע.

מיר וועלן אין קורצע שטריכן פּרווון געבן אַ בילד פון דער טעכניש־מעכאַנישער אַנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע, פון די ערשטע צייטן ביז דעם היינטיקן טאָג, פון דעם ערשטן פּרימיטיוון וועבשטול ביז דער מאָדערנער „ראַשעל" מאַשין.

די געשיכטע פון דער שטריקער־אינדוסטריע, וועלכע איז נישט מער ווי אַ צווייג פון דער אַלגעמיינער טעקסטיל־אינדוסטריע, הייבט זיך טאַקע אָן מיט דער דער־פינדונג פון דעם וועב־שטול דורך וויליאַן לי, אין ענג־לאַנד, אין יאָר 1589. פאַר דער צייט זיינען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דער קאָנסטרוקציע פון וועב־מאַשינעס, אָבער דער קלאַסישער פּרינציפּ פון שום — פון דעם לויפנדיקן שיפעלע מיטן פאָדעם — איז נאָך אין אַ גרויסן טייל פון זיי געבליבן אומפאַרענדערט. און כאָטש דער שום לויפט שוין מיט אַ שנעלקייט פון הונ־דערטער מאָל אַ מינוט, שטעלט עס נאָך אַלץ געוויסע גרענעצן פאַר דער פּראָדוציר־קראַפט פון דער וועב־מאַ־שין. דאַקעגן זיינען די פּראָדוציר־מעגלעכקייטן פון דער טריקאָטאַזש מאַשין כמעט ווי אומבאַגרענעצט, און וואָס ווייטער ווערט די מאַשין אַלץ מער פּערפעקציאָנירט און איר פּראָדוקציע ווערט גרעסער און גרעסער.

די מאַשינעס פון טריקאָטאַזש און טול האָבן דער־גרייכט זייער אַ הויכע פּראָדוקציע־פּראָפּאָרץ און אין פיל לענדער זיינען די שטאָפן געוואָרן אַן אַרטיקל פון מאַסן־פאַרברויך, אַן עיקרדיקער עלעמענט אין דער באַקליידונג פון דער באַפעלקערונג. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען טריקאָט־שטאָפן איבערהויפּט באַנוצט געוואָרן אַף אונטערשטע וועש; היינט צו טאָג דאַקעגן ווערט טריקאָ־טאַזש באַנוצט פאַר אייבערשטער קליידונג, פאַר ספּאָרט־אַרטיקלען און פאַנטאַזיע־חפצים. אַף דער נאָענטסטער צוקונפט איז פאָרויסצוזען אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער טריקאָטאַזש פּראָדוקציע אויפן חשבון פון די אַלע אַנדערע טעקסטיל־שטאָפן וואָס ווערן פּראָדוצירט מיטן וועב־שטול און שום.

עס איז נישט באַוווּסט ווער עס האָט דערפונדן די טרי־קאָט־מאַשין און די טעכניק פון מאַכן אַן אויג. אייניקע זיינען ביי דער מיינונג, אַז אין אַלטן גריכנלאַנד איז שוין געווען באַקאַנט די קונסט. אין מיטלאַלטער האָבן מענער אין איטאַליע און פראַנקרייך געטראָגן הויזן פון אַ מין טריקאָט־שטאָף. אַ גרויסע פאַרבעסערונג אין וועב־שטול פאַר טריקאָט שטאָפן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין פראַנקרייך אין יאָר 1728, מיט דער דערפינדונג פון פּרעס אַף אָפּציִען, וואָס האָט דערמעגלעכט צו מאַכן פאַרשיידענע צייכענונגען אין די טריקאָטאַזש אַרטיקלען. עס איז דערנאָך איינגעפירט געוואָרן די מאַשין אַף צו מאַכן קאַנטן, וועלכע איז דערפונדן געוואָרן דורכן ענג־לענדער, זשעדיאַק סטרוט, אין יאָר 1775.

די וויכטיקסטע דערפינדונג אין דער שטריקער מאַשין האָט אַריינגעבראַכט דער פראַנצויז דעקרויז, וועלכער

ראָד פאַרמירט פון אויגן. די סיסטעם האָט דערפונדן דער זייגערמאַכער, זשוליען לעראַ. עס זײַנען נאָכדעם דורך פאַרשיידענע טעכניקער און אינזשעניערן אַרײַנגעבראַכט געוואָרן אומצייליקע ענדערונגען און פאַרבעסערונגען. אין דער פאַבריקאַציע פון זאָקן און הענטשקעס איז באַנוצט געוואָרן אַ קליינע רונדמאַשין פון איין צילינדער און מיט אַ נאָדל אָן אַ לעפעלע. דאָס האָט זייער קאָמפּליצירט די אַרבעט מיט אַזאַ אַפּאַראַט, ביז עס איז דערפונדן געוואָרן אין יאָר 1858, די נאָדל מיט אַ לעפעלע, וועלכע ווערט נאָך אין פיל מאַשינעס גענוצט אויך הײַנט. די דערפינדונגען האָבן שטאַרק באַגינסטיקט די אַנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע.

אָבער אין פאַרגלײַך מיט די קאָלאָסאַלע מאַשינעס פון הײַנט, באַזונדערס אין פאַרגלײַך מיט די מאָדערנע זשאַקאַרעס, וואָס פירן אויס אַלע מינים אַרבעט, זײַנען די פאַרצײַטיקע טריקאָט־מאַשינעס זייער פּרימיטיוו און פּשוט. אויסער די רונדמאַשינעס מיט די זשאַקאַרד־אַפּאַראַטן, ווערן הײַנט אין דער זעלבער מאַשין אויך נעמאַכט עלאַסטישע מאַנקעטן. די אינטערלאָק־מאַשינעס, וואָס האָבן פריער אויסגעאַרבעט שטאָפן נאָר אַף אונטערוועש, פאַבריצירן הײַנט אַלע מינים טריקאָטאַזש־אַרטיקלען.

אַ מאַשין פון זייער גרויסער באַדײַטונג אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז די לינקס־לינקס מיט אַ צירקולאַר זשאַקאַרד, וועלכע מאַכט אויך אַ מאַנקעט און ווײַזט אמתן ווונדער אין קאָלירן און שטאָפן לינקס־לינקס. אַ ווײַטערדיקער פאָרשריט אין דער שטריקער אינדוסטריע איז די גלײַכליניקע מאַשין, וועלכע לאָזט אַרויס שטאָפן און אַרטיקלען צום באַלדיקן באַנוץ — פון מאַשין צום קאָנסומענט.

עס איז נאָך באַוווּסט אין דער אינדוסטריע דער אַזוי־גערופענער קעטענשטול און צום סוף די מאָדערנסטע מאַשין „ראַשעל", וועלכע טראָגט דעם נאָמען פון דער געניאַלער ייִדיש־פראַנצויזישער שוישפּילערין לואיסאַ ראַשעל. אַ געניטער האַנט־אַרבעטער מאַכט פון 150 ביז 200 אויגן אין אַ מינוט, מיט אַ מעכאַנישן וועבשטול גרייכט מען ביז די 5500 אויגן אין אַ מינוט און אַ ראַשעל־מאַשין פּראָדוצירט ביז אַ מיליאָן אויגן אין אַ מינוט... די ציפערן ווײַזן זייער קלאָר וואָס עס באַדײַט אַ גוטע מאָדערנע מאַשין אין אַ פאַבריק. דער פערמאַנענטער פּראָגרעס פון דער טעכניק שטעלט פאַרן פאַבריקאַנט אַ נײַע אויפגאַבע: נאָכפאָלגן די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוציר־אַפּאַראַטן פאַר דער טריקאָטאַזש אינדוסטריע.

## סוב-קאָמיטעט פון פאַראייניקטן קאַמפּיין לטובת מדינת ישראל
## ביים פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן



פון רעכטס: יצחק בעניעק, משה קוויאַטעק, אליעזר ראָזענבלום (פּרעזידענט), מענדל שאַפּירשטיין, משה פאַנקעוויטש, ישעיה גראָדזשיצקי, זעליק זילבערבערג, הערץ יאַבקאָווסקי, סימאָן באָוניק, יחזקאל רובינשטיין, יונה עפּעלבוים.



# דרייסיק יאָר אַרבעט פון אַ יידישן שטריקער־פאַבריקאַנט

פון

**יוסף גערשטיין**

די אַנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע אין אַרגענטינע איז נישט געגאַנגען אין איין גלײַכער אַרויפ־שטײַגנדיקער ליניע. אויפן ערשטן אויגנבליק זעט אויס זייער פשוט: עס זײַנען געקומען יידישע אַרבעטער פון פוילן, האָבן זיך אײַנגעקויפט מאַשינדלעך, זיך געשטעלט אַרבעטן, האָבן זיך שנעל אַרויפגעאַרבעט, פון די מאַ־שינדלעך זײַנען געוואָרן מאַשינעס, פון די קליינע טאַ־זשערלעך גרויסע פאַבריקן... די וואָס דענקען אַזוי האָבן אַ גרויסן טעות. אין דער ווירקלעכקייט האָט די אַנטוויק־לונג פון דער אינדוסטריע דורכגעמאַכט אומצייליקע זיג־זאַגן, הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ. עס זײַנען געווען פּעריאָדן פון אויפשטײַג און פון ירידה, פון קריזיסן, וואָס האָבן אַ טרייסל געטאָן, און אָפּטמאָל אַפילו אומגעוואָרפן, גאַנץ שטאַרקע פירמעס.

קיינער האָט נישט געהאַט דעם וועג אויסגעשפּרייט מיט בלומען, און ביז מען האָט זיך עקאָנאָמיש באַפעס־טיקט האָט יעדער איינער דורכגעמאַכט אַ סך שוועריי־קייטן. איך בין געקומען אין לאַנד אין יאָר 1928 און שוין דאָ זיך אויסגעלערנט דעם פאַך. בײַ אַ יאָר צײַט האָב איך געאַרבעט בײַ אברהם מענדזשילעווסקי, איינער פון די ערשטע שטריקער פאַבריקאַנטן אין שטאָט. איך האָב בײַ אים גאַנץ גוט פאַרדינט און אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר פּעזעס. אײַנגעקויפט אַ פּאָר מאַשינעס אויף אויסצאָלן און אויף אַ פרעמדן נאָמען, ווײַל איך בין נאָך אין יענער צײַט געווען מינדעריעריק, האָב איך זיך געשטעלט אַר־בעטן אין אַ לאָקאַל פאַר וועלכן איך האָב געצאָלט דירה־געלט 50 פּעזעס אַ חודש.

דער אָנהויב איז צוגעגאַנגען נישט לײַכט, די פּראָבלעם איז באַשטאַנען נישט נאָר אין פּראָדוצירן סחורה, נאָר דער עיקר זי אָפּזעצן אויף גוטע פּרײַזן. די נאָכפראַגע איז אין יענער צײַט געווען נישט גרויס און די קאָמפּע־טענץ האָט דעריבער זיך געלאָזט פילן. איך אַליין האָב געאַרבעט בײַ אַ מאַשין און נישט געקוקט אויפן זייגער. איך האָב אויסגעאַרבעט אַ פּולאָווער פון וואָל, אָבער איך בין נישט געווען דער אײַנציקער אויפן מאַרק — אַזעלכע פּולאָווערס האָבן אויך אויסגעאַרבעט אַנדערע. ביז מיר איז אײַנגעפאַלן דעם זעלבן אַרטיקל באַפּוצן מיט אַ געהעפט, דאָס איז געווען אַ נײַעס, וואָס האָט זיך אימ־פּאָנירט. דער אַרטיקל האָט זיך פאַרקויפט, עטלעכע גרויסע פירמעס פון צענטער האָבן בײַ מיר געמאַכט אַ גרויסע באַשטעלונג און אָפּגענומען די גאַנצע פּראָדוקציע. מײַן סיטואַציע האָט זיך באַפעסטיקט און איך האָב פאַרגרעסערט די אונטערנעמונג.

אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר־זיך האָב איך אין יאָר 30 און אין דרײַ, פיר יאָר שפּעטער, האָט דאָס לאַנד געליטן פון קריזיס וואָס האָט באַרירט אַלע אינדוסטריעס. עס האָט געהערשט אַן אַרבעטסלאָזיקייט, די פּראָדוקציע האָט זיך פאַרקלענערט כמעט ווי אין אַלע בראַנזשעס און די פּרײַזן זײַנען געפאַלן. די שטריקער בראַנזשע האָט נישט אויסגעמיטן די אַלגעמיינע ירידה און עס האָט זיך גע־שטעלט די פראַגע וועגן זוכן מיטלען אויף צו פאַרקלענערן די פּראָדוקציע־קאָסטן כדי צו קאָנען אָנהאַלטן די זעלבע פאַרדינסטן. אין יענער צײַט איז דערשינען אַן אויטאָמאַ־טישע שטריקער־מאַשין מיט אַ מאָטאָר און איך בין געווען דער ערשטער אין בוענאָס איירעס וואָס האָט די מאַשין אײַנגעקויפט. זי האָט געקאָסט אַ סומע פון 5.600 פּעזעס אויסצאָלן אין לאַנג־טערמיניקע ראַטעס. די מאַשין האָט מיר געהאָלפן מיט דערפאָלג אויסצוהאַלטן דעם קריזיס, פאַרביליקערן די פּרײַזן און נאָך פאַרדינען מער ווי פריער.

די נײַע מאַשין האָט מיר געגעבן אַ פּראָדוקציע פון דרײַ אַרבעטער און באַדינט האָט זי ניט מער ווי איין מענטש. ווען איך האָב אין אַ צײַט אַרום אײַנגעקויפט נאָך אַן אויטאָמאַטישע מאַשין און נאָך אַ מאַשין, האָט האָט באַוויזן צו פאַרוואַנדלען דעם האַנט־שטול אין אַ מעכאַנישן וועבשטול. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1798. דער זעלבער דערפינדער האָט אויך אין עטלעכע יאָר אַרום פּאַטענטירט די ערשטע רונדמאַשין, וואָס האָט געגעבן אַ באַדײַטנדיקן שטויס פאָרויס די שטריקער אינדוסטריע.

אין 1803 איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע רונדמאַשין (צירקולאַר־מאַשין) מיט מאַזשאָסאַס, עס הייסט מיט אַ

דער זעלבער מענטש באדינט צוויי מאשינעס און נאכדעם דריי מאשינעס. די אלטע שטריקער־שטולן האב איך פארקויפט, ערשטנס טאקע אויף צו קאנען קויפן די נייע און צווייטנס, ווייל מיט די אלטע אפאראטן האט פשוט נישט געלוינט צו ארבעטן, די אויסארבעטונג האט אויסגעטראגן צו טייער.

אמת, מיט דער נייער מאשין האב איך געארבעט נישט ווייניקער ווי זעכצן שעה א טאג, פון זעקס אין דער פרי ביז צען אוונט, און אזוי טאג־איין טאג־אויס אין פארלויף פון היפשע עטלעכע יאר. איך האב געפילט אויף זיך א פאראנטווארטלעכקייט פון אויסצאלן מאשינעס און פון קאנען אנהאלטן די פאזיציע, וועלכע איך האב געוואונען מיט שווערער ארבעט.

די ערשטע יארן האב איך דאס ארויסגעגעבן אין דרויסן, נאכדעם האב איך איינגעקויפט די נייטיקע מאשינעס צו דעם און די ארבעט איז אויך ארויסגעענדיקט געווארן אין פאבריק. אויך די ווייטערדיקע אנטוויקלונג פון דער בראנזשע אין אלגעמיין, ווי פון מיין פריוואטער אונטערנעמונג, איז נישט געגאנגען אזוי גלאט אן שוועריקייטן און שטערונגען. אבער דאס איז נישט צו פארגלייכן מיט די פראבלעמען פון די ערשטע פיאנערן יארן. היינט איז דער פאבריקאנט נישט אליין, דער פאראיין גיט טאקע נישט קיין פרנסה, אבער דער פאראיין העלפט אין דער פרנסה, ער אריענטירט, אינפארמירט, און נעמט אראפ פון פאבריקאנט א סך זארגן, וועלכע ער האט אין די ערשטע יארן געדארפט אליין אויסטראגן. איך מיין עס נישט גראדע וועגן זיך — נאר אין אלגעמיין.

איך בין געווארן א מיטגליד אין פאראיין פונקט מיט 25 יאר צוריק, אזוי אז איך קאן פייערן צוויי אניווערסארן: פון דער אינסטיטוציע און פון מיין מיטגלידערשאפט אין פאראיין. עס דערמאנט זיך זייער אן אינטערעסאנטע דערשיינונג, וועלכע כאראקטעריזירט יענע צייט: ווען מיר האבן זיך איבערגעצויגן אין א נייעם לאקאל אויף דער גאס גרורוטשאגא, וואס דאס האט באטייט א גרויסער פראגרעס פאר דער אינסטיטוציע אין יענער צייט, האט מען באשטימט אז יעדער מיטגליד זאל באצאלן זיין יערלעכן מיטגלידס־אפצאל — אכט און פערציק פעזעס — פאראויס פאר א יאר. זייער א גרויסער טייל פון די מיטגלידער — דער גרעסטער — האט אזא סומע נישט געקאנט באצאלן מיטאמאל, האבן זיי אונטערגעשריבן פיר וועקסלען אויף 12 פעזעס יעדער איינער...

אין יאר 1943 בין איך אריין אין דער פארוואלטונג פון פאראיין און נאכדעם צוויי פעריאדן כסדר דערפילט דעם אמט פון סעקרעטאר. די ווייטערדיקע פינף יאר איז מיר אויסגעקומען צו פארנעמען דעם אמט פון פרעזידענט, אין פעריאד פון מיין ערשטער פרעזידענץ האט זיך עס דער פאראיין איבערגעצויגן פון א לאקאל וווּ מען האט געצאלט 30 פעזעס א חודש דירה־געלט אין דעם לאקאל, וועלכן מיר פארנעמען היינט, מיט טויזנט פעזעס א חודש דירה־געלט און 30 טויזנט פעזעס שליסלגעלט. אויסער דעם, האט דער רעמאנט פון הויז אפגעקאסט א סומע פון אריבער די הונדערט טויזנט פעזעס. מען האט געדארפט האבן א סך מוט און גלויבן אין דער צוקונפט פון דער אינסטיטוציע אויף צו נעמען אויף זיך אין יענער צייט אזא אחריות. ס׳האבן זיך אבער געפונען דרייצן אקטיוויסטן, וואס האבן אויסגעליען די נייטיקע סומע, וועלכע איז אין פארלויף פון עטלעכע יאר זיי צוריקגעצאלט געווארן.

איך האב גלייך אין אנהייב געהאלטן פארנייטיק פעסטצושטעלן, אז די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע איז נישט געגאנגען אין שטענדיקן בארג־ארויף, נאר אז מען האט אפטמאל דעם וואגן געדארפט שווער אונטערשטופן. אזוי האט אויך דאס אלגעמיינע יידישע לעבן אין דעם לאנד געהאט זיינע אויפשטייגן און אויך איניקע שווערע מאמענטן. עס איז כדאי צו דערמאנען ביי דער געלעגנהייט אזא פאל: עס איז געווען אין יאר 1938 ווען אונטער דער ווירקונג פון דייטשן נאציזם האבן דא איניקע עלעמענטן אנגעהויבן אן אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע. זיי האבן דורכגעפירט א מיטינג אין א יידישער נעגנט און מיר, א גרופע יידישע יונגעלייט, האבן זיך אונטערגענומען דעם מיטינג אויפרייסן. ווען איינער פון די רעדנער איז ארויס מיט באליידיקונגען קעגן יידן איז אויסגעבראכן א געשלעג. פאליציי האט אינטערווענירט און פארנומען עטלעכע אנטיסעמיטן מיט א צאלרייכער גרופע יידן. איך האב נאכדעם געטענהט צום קאמיסאר: — „מיר זיינען מענטשן פון ארבעט, ווען איך בין געקומען אין דעם לאנד האט מען דא געצאלט 20 פעזעס א סוועטער, היינט צאלט מען 4 פעזעס!... און ער האט אונדז באליידיקט...״ און די טענהס האבן געהאט א ווירקונג. אין גרונד איז דאס ארגענטינישע פאלק טאלעראנט און פריינדלעך, און די אנטיסעמיטישע פראפאגאנדע איז אין דעם דעמאקראטישן לאנד געווען נישט מער ווי א פארבייגייענדיקע דערשיינונג, וואס האט נישט געשלאגן קייןווארצלען אין פאלק, ווי מיר האבן עס צום באדויערן געזען אין דער אלטער היים פון וועלכער מיר זיינען געקומען.

אונטערציענדיק א סך־הכל פון מיינע דריי צענדליק יאר ארבעט אין ארגענטינע, בענטש איך דעם גורל וואס האט מיך געבראכט אין דעם לאנד און עס איז פאר מיר א גרויסע באפרידיקונג דער פאקט, וואס איך האב געקאנט מיט מיין ארבעט צוטראגן מיין באשיידענעם ביישטראג פאר דער יידישער געזעלשאפט און פארן פראגרעס פון דער שטריקער אינדוסטריע אין לאנד.



# דער פאַראיין — צו דינסט דעם פאַבריקאַנט

פון
גבריאל הירש

אונטערציעענדיק דעם סך־הכל פון 25 יאָר טעטיקייט ווערט אָנגעוויזן, אַז דער פאַראיין האָט געשאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע פון רווישטאָפּן און אַ קרעדיט־קאַסע, צוויי אינסטיטוציעס מיט וועלכע דער פאַראיין מעג ווירקלעך שטאָלצירן. אָבער מען פאַרגעסט אַז דער פאַראיין האָט געשאַפן נאָך איין אינסטיטוציע, אַ גרעמיאַלן אַפּאַראַט, וואָס טוט זײַן אַרבעט אין דער שטיל, אומבאַמערקט און באַשיידן. דאָס איז דער אַנאָנימער סאָלדאַט, וואָס קעמפט אויף אַלע פראָנטן און איז פול אין אַלע שלאַכטן, אָבער קיינער ווייס נישט ווי ער הייסט און וואָס ער טוט. וועלן מיר פּרוּוון דערציילן.

קומט אַ פאַבריקאַנט אין דער פרי צו דער אַרבעט און זעט, אַז עס פעלן צו דער אַרבעט עטלעכע אַרבעטער, איינער פון זיי פעלט שוין אַ פּאָר טעג, וואָס זאָל מען טאָן? — ער קלינגט אָן אין פאַראיין, און עס ווערט אים דיקטירט אַ טעקסט פון אַ טעלעגראַמע. אַ צווייטער — האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע פון אַן אַרבעטער אַז ער איז קראַנק, דאַרף מען צו אים שיקן אַ דאָקטער, הייסט ער דעם אָנגעשטעלטן אָנקלינגען אין פאַראיין. אַ דריטער דאַרף היינט אויסצאָלן די לוינען, איז אים נישט קלאָר אַ פּונקט פון קאָלעקטיוון אָפּמאַך וועגן פאַמיליען־אָפּצאָל, זאָגט ער אָן דעם בוכהאַלטער ער זאָל זיך אַרײַנכאַפּן אין פאַראיין און אויפקלערן דעם ענין. אַ פערטער, האָט אַ קאָנפליקט מיט אַ סוחר און ער וויל אים רופן אין פאַראיין צו אַן אַרביטראַזש...

מיר האָבן אויסגעקליבן צופעליקע בײַשפּילן. עס האָבן געקאָנט זײַן פּונקט אַזעלכע און הונדערטער אַנדערע. עס איז פשוט אוממעגלעך איבערצוגעבן דעם אינהאַלט און כאַראַקטער פון די אַלע קאָנסולטעס, וואָס ווערן געמאַכט אין פאַרלויף פון אַ טאָג אַזוי דורכן טעלעפאָן ווי אויך פערזענלעך. יעדער פעריאָד האָט זײַנע פּראָבלעמען. קומט אַ פעריאָד פון קאָנוועניום, צום בײַשפּיל, איז אויסער די שטענדיקע פּראָבלעמען פון אַרבעט, האַלטן אָן אין פאַרלויף פון אַ פּאָר מאָנאַט אָנפראַגעס ביז אַלע מיטגלידער ווערן נישט גענוי אויפגעקלערט און גוט קלאָר די אַלע פּונקטן פונעם נײַעם אָפּמאַך מיט די אַרבעטער. קומט דער פעריאָד פון וואַקאַציעס חזרן זיך איבער אַלע יאָר די זעלבע שאלות: עס פרעגן פאַבריקאַנטן, עס קאָנסולטירן קאָנטאַדאָרן, עס קומען אָנגעשטעלטע...

דער פאַראיין שטייט אין אַ פּערמאַנענטן קאָנטאַקט מיט אַלע מיטגלידער, אין אַ פאַרבינדונג מיט אַלע פאַבריקן. אָפט טרעפט, אַז איך קאָן שעהן לאַנג נישט פאַרלאָזן די ביורא פון פאַראיין, ווײַל דער טעלעפאָן לאָזט נישט. עס טרעפט, אַז איך גיי אַרויס דערליידיקן אַן ענין פון פאַראיין און צוריקקומענדיק טרעף איך שוין אַ גאַנצן צעטל מיט נעמען פון מיטגלידער, וועלכע האָבן געבעטן אַז צוריקקומענדיק זאָל איך צו זיי רײדן. און אַ בערענטע, וועלכער דערפילט אויך די אויפגאַבן פון אַ גרעמיאַלן ראַטגעבער ווייס זייער גוט, אַז אויב אַ פאַבריקאַנט האָט געקלונגען אין פאַראיין איז אַ סימן אַז ס׳איז פאַר אים אַן ענין פון ערנסטע אינטערעסן.

אַ פאַבריק ווי קליין זי זאָל נישט אַרבעטן, איז היינט אַ קאָמפּליצירטער סאָציאַל־אַדמיניסטראַטיווער אָרגאַניזם, וואָס איז מיט טויזנטער פעדים פאַרבונדן און אָפּהענגיק פון אומצייליקע פאַקטאָרן. אַ פאַבריק איז ניט קיין וועלט פאַר־זיך; פאַרקערט, די פרעמדע גרויסע וועלט איז אַרײַנגעדרונגען אין דער פּריוואַטער פאַבריק און האָט אַלץ רעגלאַמענטירט, רעגולירט און אויסגעאָרדנט. דער באַלעבאָס קאָן נישט טאָן וואָס ער וויל, ער מוז זיך רעכענען מיט אָפּמאַכן, מיט געזעצן, מיט דעלעגאַטן, מיט אָרגאַניזאַציעס... דער יחיד ווי שטאַרק ער זאָל נישט זײַן, קאָן נישט פאַרוועגן שבת פאַר־זיך און מוז אָנקומען צום קאָלעקטיוון כוח פון זײַן אָרגאַניזאַציע. דער פאַראיין רעפּרעזענטירט דעם פאַבריקאַנט פאַרן סינדיקאַט פון די

ארבעטער, אין ארבעטס־מיניסטעריום און אלע אנדערע רעגירונגס־אנשטאלטן; דער פאראיין אריענטירט אויך דעם פאבריקאנט אין אלע גרעמיאל־געזעצלעכע ענינים, וואס האבן א שייכות צו דער ארבעט און אינפארמירט אים פערמאנענט און טריי וועגן אלץ וואס איז פארבונדן מיט זיין בראנזשע.

אויסער דעם, האט נאך דער פאראיין א פערמאנענטע מעדיצינישע קאנסולטאריע און אויך א ביורא וואס גיט א פולע יורידישע באדינונג. עס איז איבעריק צו דערוויזן ווי נייטיק עס איז ביי היינטיקן טאג צו האבן אן אייגענעם מעדיקער, וואס זאל קאנטראלירן די קראנקייטן און אן אדוואקאט וועמען אנצוטרויען די פארטיידיקונג פון די לעגאלע אינטערעסן. און די מיטגלידער ווייסן, אז די באדינונג פון פאראיין איז געווען גענוג ווירקזאם און האט אין פארלויף פון די לעצטע יארן געגעבן די בעסטע און אלגעמיין צופרידנשטעלנדיקע רעזולטאטן.

קורץ, עס עקסיסטירט א גאנצער מעכאניזם, וואס האט אין פארלויף פון יארן זיך איינגעארבעט און באקומען וויסן און דערפארונג. דאס איז דער גרעמיאלער אפאראט וועלכן דער פאראיין האט געשאפן צו דינסט דעם פאבריקאנט און צו הילף דער שטריקער בראנזשע.

דער גרעמיאלער אפאראט איז די אינערלעכע אינסטיטוציע פון פאראיין, וואס האט אין א געוויסער מאס איר אייגענע פערזענלעכקייט. אן אינסטיטוציע וואס האט נישט קיין זעלבסטשטענדיקן סטאטוט און וואס דערפילט דאך זייער א וויכטיקע מיסיע אין לעבן פון דער בראנזשע. דער גרעמיאלער אפאראט וועלכער שטייט אין טעגלעכן קאנטאקט מיט די מיטגלידער, העלפט צו שאפן די מאראלישע אטמאספער פון גוטן ווילן צום פאראיין, פון פריינדשאפט צו די טוער, פון אנערקענונג פאר די אויפטוען, וואס פארבינדן די מאסע מיטגלידער מיט א געפיל פון איבערגעבנקייט צו דער אינסטיטוציע.

אזא מאראלישע אטמאספער פון קאלעגיאלער פריינדשאפט און הארמאנישער צוזאמענארבעט עקסיסטירט אין דער בראנזשע און קומט צום אויסדרוק אין די באציאונגען פון די מיטגלידער צו זייער פאראיין. ס'איז א באציאונג פון צוטרוי און אנערקענונג, וועלכע איז געשאפן געווארן א דאנק דער זעלטענער איבערגעבנקייט פון די טוער אין דער פארוואלטונג און אויך דעם גוטן ווילן און דערפארונג פון דעם גרעמיאלן אפאראט, וועלכן עס באדינען די פונקציאנארן.



און יערלעכן מיטגלידער־באנקעט פון פאראיין.

# די נייע איטאליענישע פראדוקציע־מעטאדן אין שטריקער־פאך

פון נתן שעסקין / פאריז

א נייע מאדע איז אויפגעקומען אין אונדזער שטריקער־פאך: „איטאליענישע ארבעט".

עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן פעסטצושטעלן, אז די מערהייט קונים פארלאנגט די דאזיקע ארטיקלען און א גרויסע צאל יידישע שטריקער־פאבריקאנטן זיינען ממש פארצווייפלט צוליב דער דאזיקער לאגע.

פאקטיש אבער „איז דער טייוול נישט אזוי שווארץ ווי מען מאלט אים". די אזוי־גערופענע „איטאליענישע מאדע" איז בכלל נישט אזוי ניי, ווי א טייל שטריקער־פאבריקאנטן מיינען. מיר האבן דא צו טאן מיט דער קלאסישער פאבריקאציע־מעטאדע מיט רעקטילינג־מאשינען, מיט וועלכע מיר האבן זיך שוין באנוצט אין פוילן און אין די ערשטע יארן פון אונדזער אימיגראציע אין לאנד.

וועגן דער וויכטיקער ראלע, וואס די דאזיקע מאשינען האבן נאך צו שפילן אין טריקא־פאך, ווערט געשריבן אויף די שפאלטן פון דער אויסגאבע, אין ארטיקל, „ווען מאשינען קאנען רעדן..." ווו עס ווערן באצייכנט די „גלאטע מאשינען" אלס די „קעניגינס פון דער שטריקער־פראפעסיע".

האנדלט זיך וועגן דעם:

איטאליענישע טריקא־פאבריקאנטן באנוצן זיך מיט פאלגנדיקע פראדוקציע־מעטאדן: זיי אנגאזשירן יונגע מיידלעך אדער פרויען, וועלכע דארפן האבן פאלגנדיקע „מעלות": זיין אין עלטער פון 21 ביז 27 יאר; וווינען ארום גרויסע שטעט (אבער „געוווּנטשן" איז צו וווינען נישט אין דער שטאט גופא...); האבן א גוטע ראיה און... נישט זיין קיין פאכלייט!

אין פארלויף פון 3 חדשים באקומען זיי א לוין פון ארום 150 אלטע פראנק א שעה (לויטן אפמאך); און נאך 3 חדשים — ווען זיי קענען שוין מאכן א געוויסע ארבעט — טוט זיי דער פאטראן א „טובה" און פארקויפט זיי די מאשין, אויף וועלכער זיי האבן זיך אויסגעלערנט ארבעטן און זיי ווערן אזוי ארום פארוואנדלט אין פאסאניערס...

פארשטענדלעך, אז אן ארבעטערין האט בדרך כלל נישט קיין מעגלעכקייט צו באצאלן פאר א רעקטאלינג־מאשין. איז אבער דער פאטראן חלילה נישט קיין אכזר און איז מסכים, אז זיין געוועזענע „לערן־מיידל" זאל עס אים אויסצאלן מיט א טייל פון דעם לוין, וואס ער וועט איר דארפן באצאלן פאר דער צוקונפטיקער ארבעט..

הכלל, יעדן חודש — צי יעדער וואך — ווערט אראפגערעכנט פון דעם „פארדינסט" א געוויסע סומע פאר דער מאשין. עס וואלט אבער געווען א טעות צו מיינען, אז די איטאליענישע פאטראנען אין פראנקרייך זיינען אזעלכע אלטרואיסטן, אז זיי קלערן נאר וועגן וווילזיין פון זייערע ארבעטערינס... זיי האבן ב"ה זיך אליין אויך אין זינען...

קודם־כל שטייען זיי אין קאנטאקט מיט פארשיידענע מאשינען-אונטערנעמונגען, וועלכע ליווערן זיי די נויטיקע מאשינען און לויט אלע ווארשיינלעכקייטן, ווען אן איטאליענישער שטריקער־פאבריקאנט פארקויפט א רעקטעלינג־מאשין זיינס א געוועזענער „לערן־מיידל", ליגט ער זיכער נישט צו ביים דאזיקן געשעפט...

אבער דער הויפט־אינטערעס באשטייט אין דעם, וואס אזוי לאנג ווי די נייע פאסאניערס דארפן „אויסצאלן" די געקויפטע מאשין, מוזן זיי ארבעטן בלויז פאר דעם פאטראן, וואס האט זיי די מאשין פארקויפט...

חוץ מזה, ווען אן ארבעטער ווערט א פאסאניער, דארף מען נישט מער זארגן פאר די פארשידענע סאציאלע אויסגאבן. און ווי עס טרעפט זיך נישט זעלטן, האבן די נייע פאסאניערס אויך משפחה־מיטגלידער, וועלכע העלפן ביי דער ארבעט „סתם אזוי"... אין אזא מין לאגע ווערן די פראדוקציע־קאסטן פארקלענערט צו א מינימום!

די אמתע צרה פאר אונדז איז דאס, וואס געוויסע נישט יידישע טריקא־פאבריקאנטן אין פראנקרייך האבן אויך איינגעפירט די זעלביקע פראדוקציע־מעטאדן...

מען טאר אויך נישט פארזען דעם פאקט, אז אויב ביי יידישע שטריקער־פאבריקאנטן, איז שוין איצט א זעלטנהייט, אז זייערע קינדער זאלן זיין באשעפטיקט אין די אונטערנעמונגען פון די עלטערן, איז עס אבער גאנץ אנדערש ביי די איטאליענער, וועמענס קינדער ווערן באלד צוגעגרייט פארצוזעצן די טעטיקייט פון די עלטערן!

ס'איז דעריבער טאקע פארשטענדלעך, אז פאר א קליינעם יידישן שטריקער־פאבריקאנט (די גרויסע וועלן שוין ווי עס איז זייער שטעטל באשטיין...) האט די קאנקורענץ פון דער „איטאליענישער ארבעטס־מעטאדע" גאר שווערע פאלגן.

א זאך, מיט וועלכער אונדזער פאראיין וואלט זיך איצט געדארפט ספעציעל פארנעמען און דערמעגלעכן א געהעריקע לייזונג פון דעם דאזיקן ענין.



ייִדן זײַנען זיך משמח אויף אַן אייגענער שמחה.

# ערנסטע פּראָבלעמען שטייען פֿאַר דער שטריקער אינדוסטריע

פֿון צדוק פּעפּער / פּאַריז

אונדזער צייַט האָט אין אַ שנעלן טעמפּאָ געענדערט די פֿילאָזאָפֿישע טעאָריעס און עקאָנאָמישע סיסטעמען פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט. דער בחיר היצורים, דער מענטש, מיט זייַן רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, מיט זייַנע אַקסיאָמען און מאַטעמאַטישע אמתן, האָט דעטראָנירט אַלע געטער.

אָבער אין אָנבליק פֿון אַלץ שטייַגנדיקן און דורך אים אַליין געשאַפֿענעם טעכנישן פּראָגרעס שטייט אָפֿט דער הייַנטצייַטיקער מענטש געפּלעפֿט און הילפֿלאָז. זיכער האָבן די טעכנישע דערגרייכונגען געמאַכט לייַכטער און אינטערעסאַנטער זייַן לעבן, עס איז אָבער אויך שווער געוואָרן מיטצוגיין אין טעמפּאָ פֿון טעכנישן געיעג, הגם מען מוז אָניאָגן, כדי נישט צו פֿאַלן אַ קרבן.

דער הייַנטיקער אַרבעט־מענטש מוז כסדר פּערפֿעקציאָנירן זייַן וויסן. אַנדערש דראָט אים צו בלייַבן בייַ זייַן פּרימיטיוועם אַרבעט מיט אַ נידעריקן לוין. עס טרעפֿט, אַז אַ מאַשין פֿאַרנעמט זייַן אָרט און ער מוז זיך איבערשיכטן. אַ רייַ עקאָנאָמישע און מלוכהשע אָרגאַניזמען ווידמען אַ סך מי פֿאַר דער אויסשולונג פֿון אַ גוטן טעכנישן פּערסאָנאַל, כדי צו קענען אויסהאַלטן די קאָנקורענץ און אַ סך סאָציאַלע און עפֿנטלעכע אָרגאַניזמען גרינדען ספּעציעלע קורסן פֿאַר צופּאַסן די קענטענישן פֿון מענטש צו די פֿאָדערונגען פֿון דער נייַער צייַט.

אָבער גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע פֿון פֿאַבריקאַנט וועלכער, דאַרף אַליין לייזן די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פֿון אונדזער צייַט.

די דאָזיקע פּראָבלעמען קען מען איינטיילן אין דרייַ קאַטעגאָריעס:

1) די זעלבסט־דערקענטעניש און ריכטיקע אָפּשאַצונג;

2) דער פֿאַרקויף און די נויטווענדיקייט פֿון אַ ברייטן אָפּזאַץ־מאַרק;

3) די געענדערטע אַרבעט־מעטאָדן.

זאָלן מיר קורץ באַצייכענען די באַדייַטונג פֿון ערשטן פּונקט, וואָס איז אפֿשר דער יסוד פֿון יעדער ערנסטער פּראָדוקציע־אַקטיוויטעט.

דער פֿאַבריקאַנט מוז זיך אָפּגעבן אַ חשבון פֿון זייַנע לייסטונגס־פֿעאיקייטן און מעגלעכקייטן, און גוט אָפּשאַצן די מעגלעכקייטן און מיטלען פֿון רעאַליזירן אַ פּראָיעקט. ער מוז מיט אַ קאָנצענטרירטער אויפֿמערקזאַמקייט נאָכפֿאָלגן אַלע ענדערונגען פֿון עקאָנאָמישן און אַפֿילו פּאָליטישן לעבן, די נייַע טענדענצן אין דער בראַנזשע און אַזוי שנעל ווי מעגלעך איבערשטעלן אין זייער ריכטונג זייַן פֿאַבריקאַציע. אָט די זאָרג איז עס מן הסתם דער מקור פֿון דער מאָדערנער „קרענק פֿון געשעפֿטסמאַן", וואָס איז גוט באַקאַנט דער מעדיצין.

אָבער דער פּראָבלעם נר. 1 פֿאַר יעדן פֿאַבריקאַנט איז דער פֿאַרקויף און אָפּזאַץ־מאַרק. די זאַך ווערט לעצטנס קאָמפּליצירטער צוליב דער איבער־פּראָדוקציע, וואָס גיט נייַע מעגלעכקייטן דער קאָנקורענץ. ס'איז בכלל נישטאָ קיין פֿאַרגלייַך פֿון הייַנטיקן פֿאַבריקאַנט מיטן פֿאַבריקאַנט פֿון פֿאַר 1939. דעמאָלט זייַנען די פּראָדוקציע־מיטלען פֿון טריקאָ געווען באַשיידענע און פּרימיטיווע. די גלאַטע מאַשינען וועלכע האָבן געקיניגט זייַנען אַפֿילו נאָך זייער מאָטאָריזירונג, ווי „זשאַקאַר", 8־שלאָס, לינקס־לינקס „ראַשעל", נאָך אַלץ נישט געווען ביכולת אַרויסצוגעבן אַזאַ גרויסע פּראָדוקציע, ווי מען קען עס הייַנט שאַפֿן. די סיבה פֿון אַ „שלעכטן סעזאָן" איז בעיקר געווען די נישט־דערפֿינדערישקייט בייַם פֿאַבריצירן אַן אַרטיקל, דאָס נישט קענען רייצן און צוציען דעם קאָנסומענט. אָבער אין יענע צייַטן האָט אַ פֿאַבריקאַנט מיט גענוגנדיקע מיטלען און מיט אַביסל קרעאַטאָרישן געשמאַק געקענט גוט פּראָפּיטירן.

די טעכניק פֿון נאָכן קריג האָט געשאַפֿן ריזיק־גרויסע פּראָדוקציע־מעגלעכקייטן, דער אָפּגאָט פֿון אונדזער צייַט, די מאַשין, שפּייַט מיט סחורות, ווי אַ וואָלקאַן, און אַזאַ אַרטיסאַנאַלע אַרבעט־צווייַג ווי אונדזערע, שטייט פֿאַר שווערע נסיונות.

דער ייִדישער פֿאַבריקאַנט פּרוּווט געפֿינען זייַן אייגענע לייזונג. די גרויסע אינדוסטריעס האָבן אַ „פּלאַנינג" ד. ה. זיי פּלאַנעווען פֿון פֿאָרויס אויף אַ באַשטימטער באַזע. מיר האָבן אַנשטאָט דעם געוואָרפֿן מיט „מאָדעל" און מיט ביליקע אַרטיקלען, וואָס זאָלן זייַן צוגענגלעך פֿאַר אַ סך קאָנסומענטן. דערמיט איז אונדז געווען מעגלעך צו געפֿינען אָפּזאַץ־מערק אויך אין אַנדערע לענדער.

אין דער לעצטער צייַט איז אָבער אונדזער לייזונג קיין לייזונג נישט. אין די ערשטע יאָרן נאָכן קריג האָט מען געזעטיקט דעם אינערלעכן מאַרק און דעם איבערפֿלוס האָט מען פֿאַרקויפֿט אין די קאָלאָניאַלע לענדער, וואָס האָבן גערן צוגענומען די ביליקע מאַסן־אַרטיקלען. אָבער די דאָזיקע לענדער זייַנען געוואָרן זעלבסטשטענדיק, זיי האָבן אויסגעבויט אייגענע פֿאַבריקן און זיי שיצן

זייער פּראָדוקציע פאַר אויסלענדישער קאָנקורענץ דורך אַ גרענעץ־אָפּצאָל, וואָס דערגייט ביז 40 פּראָצענט. דערצו איז צוגעקומען דער „בשותפותדיקער אייראָפּעאישער מאַרק“, וואָס האָט געשאַפן אַ פּראָבלעם פון אינטערנאַציאָנאַלער קאָנקורענץ. נײַע מעטאָדן פון דעצענטראַליזירן די פאַבריקן, פון גרויסע קאַפּיטאַל־אינוועסטיציעס און פון נײַע פּראָדוציר־סיסטעמען, פון איבערפירן פאַבריקן אויף דער פּראָווינץ, ווו מען ראַציאָנאַליזירט און אויטאָמאַטיזירט די אַרבעט, גיבן גרויסע רעזולטאַטן. קליינע אונטערנעמונגען גיסן זיך צונויף, כדי צו קענען אויסהאַלטן די קאָנקורענץ. די רעגירונג העלפט מיט הלוואות דער דעצענטראַליזאַציע, וואָס מאַכט ביליקער די פּראָדוקציע. בכלל האָט די איבער־פּראָדוקציע געשטעלט דעם פּראָבלעם אין אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב און ער פאָדערט אַ צענטראַלע לייזונג, בײַ וועלכער די אינטערעסן פון יחיד וועלן געשטעלט ווערן אויפן לעצטן פּלאַץ. עס קומט דאָ אין באַטראַכט דער פּראָבלעם פון האַנדלס־באַלאַנס פון לענדער, ד. ה. פון עקספּאָרט. אָט האָט אַמעריקע, נישט געקוקט אויף איר אַנטאַגאָניזם מיט רוסלאַנד, פאַרקויפט אין די לעצטע חדשים פאַר רוסלאַנד 9 מאָל מער, ווי אין די זעלביקע חדשים פון 1960. דער תּירוץ איז, די קאָנקורענץ פון יאַפּאַן, צוליב וועלכער מען האָט רעדוצירט די פּראָדוקציע פון הויז־ווירטשאַפטס מאַשינען.

אַ בולטער באַווײַז איז באַנעטעריע אין פראַנקרײַך, ווו אַ רײַע פאַבריקן האָבן גערן זיך געלאָזט אײַנשלינגען אין אַ געוויסן צענטער און האָבן זיך אונטערגעגעבן אַ מין פאַראייניקטער דירעקציע, וואָס פירט אײַן נײַע ראַציאָנעלע מעטאָדן. דער רעזולטאַט איז, אַז זייער פּראָדוקציע איז שוין איצט ביליקער און זייערע זומער־קאָלעקציעס „שלאָגן“ שוין אַלט־אײַנגעפירטע פאַבריקן. אויסער דעם האָבן די דאָזיקע רעאָרגאַניזירטע פאַבריקן אָנגעהויבן פּראָדוצירן אַרטיקלען, וואָס זײַנען ביז איצט געווען אַן עקסקלוזיווע ספּעציאַליטעט פון פּאַריזער פאַבריקאַנטן.

דערמיט קומען מיר אָן צום דריטן פּונקט — די נײַע אַרבעט־מעטאָדן אין פאַך. עס איז געקומען די צײַט, אַז אויך דער שטריקער פאַבריקאַנט זאָל נישט לעבן מיט חיי־שעה, נאָר זאָל קלערן וועגן דער פּערספּעקטיוו פון פאַרקויף, פון מאָרגן. די געפאַר פאַרן קליינעם און מיטעלן פּראָדוצענט מצד דעם גרויסן טרוסט איז נישט קיין נײַע, אָבער זי רוקט זיך אָן נענטער. זיכער האָט נאָך די טענדענץ פון „אײַנשלינגען“ קליינע נישט אָנגענומען בײַ אונדז דעם פאַרנעם, וואָס זי האָט אין אַמעריקע צום בײַשפּיל. דערפאַר איז נאָך אפשר פריצײַטיק צו אַלאַרמירן, אָבער אָנווײַזן אויף די דאָזיקע געפאַרן, וואָס צייכענען זיך שוין אָן אויפן האָריזאָנט, איז נויטיק.

אונדזער פאַראיין, אַ פּראָפעסיאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וועט אַ געוויסן טאָג שטיין פאַרן דאָזיקן פּראָבלעם.



אַ שליח פון מדינת ישראל אויף אַן אויפנאַמע אין פאַראיין

# כבוד זייער אָנדענק.

## לזכר די פאַרשטאָרבענע פּיאָנערן און גרינדער פון פאַראיין

עס זײַנען פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן גוטע און איבערגעגעבענע חברים, פּיאָנערן פון דער שטריקער־בראַנזשע, וועלכע זײַנען געווען צווישן די ערשטע וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פון דעם פאַריין, און מיט זייער איניציאַטיוו און איבערגעבנקייט פיל בײַגעטראָגן פאַרן ווײַטערדיקן פּראָגרעס פון דער אינסטיטוציע.

זיי זײַנען געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן מיט זייער ענטוזיאַזם געגעבן אַ בײַשפּיל און געהאָלפן שאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע סביבה פאַר די ייִדישע שטריקער פאַבריקאַנטן אין בוענאָס איירעס. שווערע זײַנען געווען די באַדינגונגען פון אַרבעט די ערשטע יאָרן אין לאַנד; אָבער זיי האָבן גובר געווען די שוועריקייטן מיט זייער אויסדויער און געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די קאָלעקטיווע אינטערעסן פון פאַך.

פײַערנדיק דעם 25־יאָריקן אַניווערסאַר פון פאַראיין דערמאָנען מיר מיט אַ געפיל פון טיפער אָנערקענונג די נעמען פון די פּיאָנערן, וועלכע האָבן צעאַקערט דעם באָדן אויף וועלכן עס איז אויפגעוואַקסן אַ ברייט־פאַרצווײַגטע אָרגאַניזאַציע פון ייִדישע אינדוסטריאַלן. זיי האָבן געהאָלפן פאַרזייען די קערנער, די פרוכטן פון וועלכע געניסט הײַנט די גאַנצע שטריקער משפחה אין לאַנד. זאָלן די ווערטער זײַן אַ טרייסט און אָנפילן מיט שטאָלץ די קרובים און פריינד פון די אַוועקגעגאַנגענע, דער אָנדענק פון וועלכע ווערט מיט כבוד דערמאָנט בײַם יובילייִ פון דער אינסטיטוציע:

**ייִדל מיגדאַל ז״ל** — געווען דער צווייטער פּרעזידענט פון פאַריין פון די שטריקער־פאַבריקאַנטן אין בוענאָס איירעס;

**יוסף גראַדזשיצקי ז״ל** — איינער פון די ערשטע איניציאַטאָרן און גרינדער פון דער אינסטיטוציע;

**יוסף אייזנוואַסער ז״ל** — קאַסיר פון פאַריין אין פאַרשיידענע פּעריאָדן ;

**ייִדל ליפשיץ ז״ל** — מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג אין פאַרשיידענע פּעריאָדן;

**יצחק יאַקובאָוויטש ז״ל** — קאַסיר פון פאַריין און איבערגעגעבענער טוער;

**מענדל זאַכאַריאַש ז״ל** — מיטגליד און איבערגעגעבענער פרײַנט פון פאַראיין;

**א. דיקערמאַן ז״ל** — אַ פּיאָנער פון שטריקער אינדוסטריע און טרײַער מיטגליד;

**אברהם ליבהאבער ז״ל** — אַ פּיאָנער פון דער שטריקער־אינדוסטריע און טרײַער מיטגליד פון פאַראיין.

**חבל אל דאבדין ולא משתחכין.**




פרוכת פון דער פנקס-סינאַגאָגע אין פראַג פון יאָר 1710

# קאָאָפּעראַטיווע פון וישטאָפּן
# פאַר דער שטריקער=אינדוסטריע

# אינהאַלט פון דער אָפּטיילונג:



# פאַרוואַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן פאַר דער שטריקער אינדוסטריע



עס זיצן פון רעכטס: בצלאל זאַלצמאַן, הערש קרופּניק, ישעיה גראַדזשיצקי, אברהם קריס (פּרעזידענט), אליעזר ראָזענבלום, דוד בייבע; עס שטייען: מנחם בורשטיין, ברוך דיאַמענט, סימאָן באַוונִיק, חיים לייבמאַן, פּאַסקוואַל אַפּעלבוים, יצחה בעניעק, סאול קירשמאַן און אברהם ליקער.



# די קאָאָפּעראַטיווע פון רוי־שטאָפן

פון

אברהם קרים

## צען יאָר עקסיסטענץ פון דער אינסטיטוציע

עס ווערט צען יאָר זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן פאַר דער שטריקער־אינדוסטריע. פייַערנדיק דעם האַלבן יובל פון פאַריין, דאַרף באַזונדערס מיט שטאָלץ אונטערגעשטראָכן ווערן דער גרעסטער אויפטו פון דער שטריקער־אָרגאַניזאַציע: די גרינדונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע און איר דערפאָלגרייַכע אַנטוויקלונג אין פאַרלויף פון איר ערשטן יאָרצענדליק.

אוודאי האָט די עקסיסטענץ פון פאַראיין דערמעגלעכט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע זאָל געשאַפן ווערן. אָן פאַריין וואָלט נישט געווען קיין קאָאָפּעראַטיווע. דער פאַריין האָט פאַרווירקלעכט אַן אַלטע אַספּיראַציע פון פאַך, אַ נאַטירלעכע אַספּיראַציע פון יעדן פאַבריקאַנט צו קויפן זייַנע רוימאַטעריאַלן פון „דער ערשטער האַנט" און נישט דאַרפן אָנקומען צו די אַלע קליינע און גרויסע פאַרמיטלער, וואָס פירן דעם רוי־מאַטעריאַל פון האַנט צו האַנט, און וואָס מער „הענט" ער גייט דורך אַלץ טייַערער צאָלט דער אינדוסטריאַל פאַר דער סחורה. דער פאַראיין האָט אָפּגעשאַצט די נויטווענדיקייט פאַר אַזאַ אינסטיטוציע, האָט אויסגענוצט דעם צוטרוי וועלכן ער האָט זיך דערוואָרבן צווישן די פאַבריקאַנטן, און האָט געמאַכט דעם געוואַגטן שריט. און מיט צען יאָר צוריק האָט מען געדאַרפט האָבן אַ סך גלויבן אין מוט אויף אונטערצונעמען אַזאַ אַקציע. הייַנט, אונטערפירנדיק דעם סך־הכל פון צען יאָר אַרבעט פון דער אינסטיטוציע, האָבן מיר אַלע מאָטיוון צו זייַן שטאָלץ מיט אונדזער אויפטו.

אַ קאָאָפּעראַטיווע איז אַ געשעפטלעכע אונטערנעמונג און אויב זי איז נישט אונטערגעוואָרפן אַ שטרענגן געזעלשאַפטלעכן קאָנטראָל, איז פאַראַן אַ געפאַר זי זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פּריוואַטער אונטערנעמונג. מיר ווייסן פון אַזעלכע פאַלן אין דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג. מיר האָבן דעריבער שטענדיק געזאָרגט צו האַלטן וואָס ענגער פאַרבונדן די קאָאָפּעראַטיווע מיטן פאַראיין און אייַנגעפירט, אַז דער וואָס וויל אַרבעטן מיט דער קאָאָפּעראַטיווע מוז ווערן אַ מיטגליד פון פאַראיין. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון פאַך, צוזאַמען מיט דער קאָאָפּעראַטיווע און קרעדיט־קאַסע, ווערט אויף אַזאַ מין אופן פאַרבונדן אַרום איין **מוטער־אינסטיטוציע**, וואָס דאָס איז דער פאַריין פון שטריקער פאַבריקאַנטן. דער פאַראיין באַקומט אויף אַזאַ מין אופן דעם אויטאָריטעט און מאָראַלישן פּרעסטיזש צו וואַכן און אָפּהיטן, אַז די אינסטיטוציעס וועלכע ער האָט געשאַפן זאָלן טרייַ אויספילן זייער מיסיע און דינען די קאָלעקטיווע אינטערעסן פון פאַך און פון זייערע מיטגלידער.

דער פאַראיין וואָס איז אַ ריין־גרעמיאַלע אָרגאַניזאַציע און לויט זייַן גאַנצן כאַראַקטער אַ דורכויס דעמאָקראַטישע אינסטיטוציע, איז די בעסטע גאַראַנטיע פון דעמאָקראַטישער אָנפירונג און פון געזעלשאַפטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויך פאַר די אינסטיטוציעס, וועלכע ער האָט געשאַפן און מיט וועלכע ער איז אַזוי ענג פאַרבונדן.

נישט לייַכט איז אָנגעקומען צו גרינדן די קאָאָפּעראַטיווע. קיין שום אינסטיטוציע איז נישט לייַכט צו שאַפן, און באַזונדערס אַ קאָאָפּעראַטיווע וואָס איז פאַרבונדן מיט גרויסע קאַפּיטאַלן, וואָס פאָדערט מאַטעריעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט און קאָמערציעלן אונטערנעמונגס־גייַסט. דעריבער איז לכתחילה געווען אַ סך ניין־זאָגער, סקעפּטיקער און אַפילו אָפענע קעגנער. עס זייַנען אָבער אויך געווען אייניקע

ענטוזיאַסטן און באַגײַסטערטע אָנהענגער. עס דאַרף בײַ דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן יצחק בעניעק. ער איז מאָנאַטן לאַנג אַרומגעגאַנגען צווישן חברים פּריוואַט און אויף די זיצונגען פון פאַראיין און האָט פּראָפּאַגאַנדירט פאַר אַ קאָאָפּעראַטיווע. אַ גרופּע חברים האָט אים ענערגיש געהאָלפן און מיט געמיינזאַמער אָנשטרענגונג איז געשאַפן געוואָרן די קאָאָפּעראַטיווע אינסטיטוציע.

איין פאַקט איז זייער כאַראַקטעריסטיש און באַלערנדיק: די קאָאָפּעראַטיווע האָט אָנגעהויבן מיט צען טויזנט פּעזעס, וועלכע חברים האָבן אויסגעבאָרגט און הײַנט פאַרמאָגט די קאָאָפּעראַטיווע בײַ די פיר מיליאָן פּעזעס אייגן קאַפּיטאַל. די דאָזיקע ציפערן דריקן אויס די רעאַליטעט פון דער גרינדונגסצײַט, מיט צען יאָר צוריק, און די סיטואַציע פון דער אינסטיטוציע הײַנט. אין יענער צײַט האָבן אַפילו די „פּאַטריאָטן” פון דער קאָאָפּעראַטיווע נישט געווען אין גאַנצן זיכער צי פון דעם וועט עפּעס אַרויסקומען. ס'איז געווען אַ פּרוּוו. און דער שענסטער ווונטש מיטן בעסטן פּרוּוו קאָנען זיך אַמאָל נישט אײַנגעבן. און מיט צען יאָר צוריק האָט נאָך אויך די שטריקער־אינדוסטריע נישט געהאַט דעם פאַרנעם וואָס זי האָט הײַנט. האָט מען אָנגעהויבן מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל, אָבער דערפאַר מיט אַ סך גלויבן. גלויבן אין זיך, גלויבן אין פאַך און אויך גלויבן אין דער עקאָנאָמישער צוקונפט פון לאַנד.

באַוואָפנט מיט אָט דעם גלויבן איז מען צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. און די אַרבעט איז געווען נישט קיין לײַכטע. די ערשטע פאַרוואַלטונג פון דער נישט קיין לײַכטע. בײַ דער געלעגנהײַט האַלט איך דעריבער פאַר אַ פליכט צו דערמאָנען די ערשטע פאַרוואַלטונג אין באַשטאַנד פון: פּרעזידענט כ. בעקערמאַן, וויצע סאַלאָמאָן ראָלניק, סעקרעטאַר יצחק בעניעק, פּראָ גדליה זינגער, קאַסיר כוליאָ שוואַנדער, סינדיקאָ הערץ יאַבקאָווסקי.

ווי אַ פּרעזידענט פון דער אינסטיטוציע האַלט איך פאַר אַ חוב אויסצודריקן אָנערקענונג די אַלע קאָלעגן, וועלכע האָבן מיט זייער אַרבעט בײַגעטראָגן פאַרן פּראָגרעס פון דער אינסטיטוציע, דעם כערענטע וואָס האָט באַרעכטיקט דעם צוטרוי צו אים און דעם גאַנצן פּערסאָנאַל, וואָס האָט זייער פיל בײַגעטראָגן, אַז די קאָאָפּעראַטיווע זאָל ווערן דאָס וואָס זי איז הײַנט: אַ גרויסע קאָלעקטיווע דערגרייכונג פון שטריקער־פאַך, אַ וויכטיקער זײַל אויף וועלכן עס שטיצט זיך די עקאָנאָמיק פון דער בראַנזשע, אַ לעבעדיקע מאַניפעסטאַציע פון פּראָדוקטיוו־שעפערישן יידישן גײַסט און אַ שטאָלץ פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין אַרגענטינע.

**אברהם קרים** (פּרעזידענט).



**פּרעסע־און פּראָפּאַגאַנדע־קאָמיסיע**

פון לינקס: גבריאל הירש, שמואל זאלעסקי, ענריקע ליפשיץ, אברהם ליקער, יצחק קוואַטערקא, כוליאָ קוויאַטעק.



# אַ באַלאַנס פון גרויסע און פּאָזיטיווע מעשים

פון

**אליעזר ראָזענבלום**

ווי אַ סעקרעטאַר פון דער קאָאָפּעראַטיווע פּאַר רוי־שטאָפן, וויל איך זיך באַציען אויף אייניקע אַספּעקטן פון אונדזער גרעמיאַלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין שייכות מיטן אַניווערסאַר פון פּאַראיין, וועלכן מיר פּײַערן הײַנט. פינף און צוואַנציק יאָר איז פּאַר דער געשיכטע, און באַזונדער פּאַר דער לאַנגער טויזנטיאָריקער ייִדישער געשיכטע, אַ גאַנץ קליינער צײַט־אָפּשניט. אָבער פּאַר דער געשיכטע פון דער שטריקער בראַנזשע אין דעם לאַנד, און בפרט נאָך פּאַרן לעבן פון אַ דור — און איך מיין אין דעם פּאַל דעם דור פּיאָנערן, וואָס האָבן געלייגט דעם יסוד פון דער בראַנזשע — פּאַר זיי איז פינף און צוואַנציק יאָר זייער אַ באַדײַטנדיקער צײַט־טערמין.

מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק איז די שטריקער בראַנזשע אין אַרגענטינע נאָך געלעגן אין די וויקעלעך. געווען אַ צענדליק גרעסערע פּאַבריקן און אַ פּאָר טוץ קליינע שטוב־פּאַבריקלעך, וואָס האָבן ווײַט נישט באַפרידיקט די באַדערפענישן פון דעם אינערלעכן מאַרק. ריכטיקער געזאָגט, איז נאָך אין יענער צײַט איבערהויפּט אויף דעם אַרטיקל קיין מאַרק נישט געווען. דער גרויסער אויפטו פון די ייִדישע שטריקער באַשטייט טאַקע אין דעם וואָס זיי האָבן נישט נאָר געשאַפן געוויסע באַקלייד־אַרטיקלען, נאָר וואָס זיי האָבן אויך געשאַפן אַ מאַרק פּאַר די אַרטיקלען, אַ באַדערפעניש, אַ מאַסן־נאָכפראַגע אויף די פּראָדוקטן פון דער שטריקער אינדוסטריע.

אין יענער בראשית־צײַט פון דער שטריקער אינדוסטריע האָט מען אַ בעסערן אַרטיקל אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד און פון דער היימישער אויסאַרבעטונג איז ער געווען ערגער אין קוואַליטעט און לויטן פּרײַז נישט צוטריטלעך פּאַר די אָרעמערע שיכטן, פּאַר די וועלכע זײַנען הײַנט די הויפּט־אָפּנעמער פון אונדזערע פּראָדוקטן. מען האָט געאַרבעט מיט די פּרימיטיווסטע מיטלען: מיט דער האַנט, און ווי ביליק עס איז נישט געווען די אַרבעטסקראַפט, האָט דער פּאַרטיקער פּראָדוקט געהאַט אַ קליינעם אָפּזאַץ־מאַרק. טריקאָטאַזש איז נאָך נישט געווען פּאָפּולער אין לאַנד און ווי יעדע נײַעם האָבן געשטריקטע אַרטיקלען אין יענער צײַט איבערהויפּט געהאַט אָפּנעמער נאָר צווישן די רײַכערע קלאַסן, וועלכע האָבן אָבער געפּאָדערט אויסלענדישע מאַרקעס. הײַנט איז די סיטואַציע אַ גאַנץ אַנדערע. קודם, איז טריקאָטאַזש געוואָרן אַן אַרטיקל פון מאַסן־געברויך, ער איז אַרײַן אין פּאָלק און צווייטנס, איז שוין לאַנגע יאָרן אַז אַרגענטינע אימפּאָרטירט נישט קיין טריקאָטאַזש שטאָפן; פּאַרקערט, עס ווערן נאָך עקספּאָרטירט אַ גאַנצע רײַ פון אונדזערע אויסאַרבעטונגען און ווען די רעגירונג באַפרײַען די פּראָדוקטן פון אַרויספיר־שטײַער וועט דער עקספּאָרט זיך פּאַרגרעסערן.

די ייִדישע שטריקער וועלכע האָבן אויפגעבויט די אינדוסטריע זײַנען אַרײַנגעקומען אין לאַנד אין סאַמע בלי פון זייער עלטער. די פינף און צוואַנציק יאָר, די סאַמע אַקטיווסטע און שעפערישע פון זייער לעבן, האָבן זיי אָפּגעגעבן דער אַרבעט אויפן אינדוסטריעלן געביט און אונטערציענדיק אַ סך־הכל קאָנען זיי זיכער זײַן צופרידן מיט די דערגרייכונגען. ס'איז אַ באַלאַנס פון גרויסע און פּאָזיטיווע מעשים. אמת, זיי האָבן געאַרבעט פּאַר זיך אָבער די נוצן זײַנען אַלגעמיינע. עטלעכע הונדערט ייִדישע שטריקער פּאַבריקאַנטן האָבן געשאַפן קוואַלן פון פּרנסה פּאַר צענער טויזנטער מענטשן, האָבן סטימולירט די שאַפונג פון נײַע מינים אינדוסטריעס וואָס באַדינען די שטריקער בראַנזשע, האָבן אין דעם צווײַג באַפרייט דאָס לאַנד פון אימפּאָרט־סחורות, און האָבע פּיל בײַגעטראָגן פּאַר אַ העכערן לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג מיט אַ מאַסן־פּראָדוקציע פון פיל נייטיקע און ביליקע באַקלייד־אַרטיקלען.

די אינדוסטריע איז אַ פּריוואַטע אָבער אירע נוצן זײַנען אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכע, און באַזונדערס איז גרויס דער בײַטראָג פון דער אינדוסטריע אין די יונגע אַמעריקאַנער לענדער, ווו די פּיאָנערן אויף דעם געביט האָבן

געדאַרפט אויפאַקערן אַ בתולהדיקן באָדן. די יונגע יִדישע שטריקער האָבן פון דער אַלטער היים צוזאַמען מיטן פאַך אויך מיטגעבאַכט געוויסע געזעלשאַפטלעכע טענדענצן, און נישט נאָר די אינדוסטריע וואָס זיי האָבן געשאַפן איז געווען געזעלשאַפטלעך נוצלעך, נאָר זיי האָבן אויך פערזענלעך זיך אָפּגעגעבן אַקטיוו מיט געזעלשאַפטלעך נוצלעכער אַרבעט, אַזוי אויפן געביט פון ־ער אייגענער בראַנזשע, ווי אויך אין דער ספערע פון די יִדישע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון ישוב.

דער פאַראיין, די קאָאָפּעראַטיווע פון רוי־מאַטעריאַלן, די קרעדיט קאַסע און די גאַנצע אַרומיקע טעטיקייט פון די אינסטיטוציעס, איז אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דעם געזעלשאַפטלעכן גײַסט פון סאָלידאַריטעט און קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס האָט אינספּירירט די שטריקער פאַבריקאַנטן. און אָן אַ פאַראיין וואָלטן נישט מעגלעך געווען אַזעלכע גרויסע און צופרידנשטעלנדיקע רעזולטאַטן. אָן דעם פאַראיין וואָלט די בראַנזשע נישט דערגרייכט אַזאַ פּרעסטיזש אין דער קאָמערץ, אַזאַ פאַרנעם און עקאָנאָמישע פּאָטענץ פון וועלכע זי געניסט הײַנט. דער פאַראיין איז געווען דער הויפּט־נערוו דורך וועלכן עס האָט אַרײַנגעפלאָסן ענערגיע, איניציאַטיוו און שוואונג אינעם אָרגאַניזם פון דער יונגער שטריקער־אינדוסטריע.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן בײַ דער געלעגנהייט, אַז נאָך פאַר דער גרינדונג פון פאַראיין איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרואוו צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע פון רוי־מאַטעריאַלן. דער פּרואוו האָט זיך נישט אײַנגעגעבן, ווײַל אין יענער צײַט זײַנען נאָך נישט געווען רײַף די באַדינגונגען און נאָך ווייניקער רײַף די טוער. מיט פופצן יאָר צוריק, אין אַ קליין איינמאָליקער צײַטשריפט וועלכע דער פאַראיין האָט אַרויסגעגעבן „על פונטאָ", האָב איך צוזאַמען מיט אַנדערע ווידער אויפגעהויבן די פראַגע פון אַ קאָאָפּעראַטיווע. איך האָב אָנגעוויזן אויף דער דערפאַרונג פון דער קריגס־צײַט בעת וועלכער מיר האָבן געליטן פון אַ מאַנגל אין רוי־שטאָפן און איך האָב געהאַט דעם מוט צו פאַרזיכערן, אַז אַזאַ איניציאַטיווע האָט אַלע אויסזיכטן אויף דערפאָלג. עס האָט געדויערט נאָך פינף יאָר ביז די קאָאָפּעראַטיווע איז געגרינדעט געוואָרן, הײַנט פײַערן מיר איר צען־יאָריקן אַניווערסאַר און קאָנען נישט נאָר צופרידן זײַן מיט אירע רעזולטאַטן, נאָר אויך שטאָלץ זײַן מיט אַן אינסטיטוציע פון אַזאַ פאַרנעם און כאַראַקטער.

עס איז געקומען די העכסטע צײַט צו טראַכטן וועגן מאַכן נאָך אַ טריט ווײַטער. מיט אַזאַ גרעמיאַלער אָרגאַניזאַציע וועלכע מיר האָבן דערגרייכט, מיט די אינסטיטוציעס און מאַסע מיטגלידער, וועלכע ווײַזן אַרויס גענוג פאַרשטענדעניש און אינטערעס פאַר די קאָלעקטיווע באַדערפענישן פון דער בראַנזשע, איז צײַט צו טראַכטן וועגן אַן אייגענער שפּינערײַ, וועלכע זאָל באַפרידיקן כאָטש אַ טייל פון דער נאָכפראַגע פון דער וואַקסנדיקער שטריקער אינדוסטריע. אַזאַ אינסטיטוציע האָט אַלע אויסזיכטן אויף אַ שנעלן און זיכערן דערפאָלג, עס דאַרף נאָר קומען די איניציאַטיווע ;עס איז פאַראַן גוטער ווילן, און עס וועלן נישט פעלן קיין טוער און אויך נישט קיין מיטלען.

די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט פון די שטריקער פאַבריקאַנטן האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט דער טעטיקייט אין די ראַמען פון זייער בראַנזשע. זיי העלפן אויך אויסהאַלטן און זײַנען פאַרטראָטן אין דער אָנפירונג פון אַ גאַנצער רײַ אָרטיקע יִדישע אינסטיטוציעס. זיי באַטייליקן זיך אין אַלע נאַציאָנאַלע קרנס און הילפס־אַקציעס. עס איז אין זײַן צײַט דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסער קאַמפּיין פאַר דער הגנה און נאָכדעם איז געשאַפן געוואָרן אַ סוב־קאָמיטעט פאַרן פאַראייניקטן קאַמפּיין, וואָס פירט אָן אַ פּערמאַנענטע אַקטיוויטעט זײַט דעם אויפקום פון דער מדינה. דער שטריקער פאַראיין איז געווען דער ערשטער וואָס האָט געשאַפן אַזאַ קאָמיטעט, דעם בײַשפּיל האָבן שפּעטער נאָכגעטאָן אַנדערע גרעמיאַלע אָרגאַניזאַציעס און הײַנט גרייכט די צאָל פון אַזעלכע סוב־קאָמיטעטן צו פינף און דרײַסיק. עס דאַרף בײַ דער געלעגנהייט געזאָגט ווערן, אַז די הילפס־אַקציע פאַרשטאַרקט דעם געפיל פון אינטימער פאַרבינדונג פון יִדן מיט זײַן פאָלק און לאַנד, פאַרשטאַרקט די פאַרבינדונג פון ר' ישראל מיט עם ישראל, פון יחיד מיט זײַן נאַציאָנאַלן כלל. די וואָס קומען אין דירעקטן קאָנטאַקט מיט בײַשטײַערער, אַזוי מיט די וועלכע גיבן דעם מאַקסימום און זייער גערן ווי אויך מיט די מיט וועלכע מען דאַרף אַביסל אײַנטענהן — די דאָזיקע טוער האָבן די גרויסע סאַטיספאַקציע צו דערפאַרן, אַז ווי נאָר דער יִיד האָט דערפילט זײַן פליכט, פילט ער אַ טיפע אינערלעכע באַפרידיקונג ווי איינער וואָס אינטעגרירט זיך אין דער נאַציאָנאַלער משפחה און ווערט אַ שותף צום גרויסן היסטאָרישן פּראָצעס פון בנין הארץ.

דער סך־הכל פון פינף־און־צוואַנציק יאָר טעטיקייט איז אַ גאַנץ באַדײַטנדיקער אויף אַלע געביטן און עס בלײַבט נאָר צו ווינטשן אויף דער צוקונפט ווײַטערדיקע דערפאָלגן.



# דער בײַטראַג פֿון יידישע אימיגראַנטן פֿאַר דער אינדוסטריע פֿון לאַנד

פֿון

פּאַסקוואַל אַפּעלבוים

מיט דער מאַסן־אימיגראַציע וואָס איז אין די צוואַנציקער יאָרן אַרײַנגעפֿלאָסן אין דעם לאַנד פֿון די פּוילישע שטעט און שטעטלעך, זײַנען געקומען יונגע מענטשן פֿון שטריקער־פֿאַך. געקומען זײַנען זיי פֿול מיט יוגנטלעכער לוסט און ווילן צו דער אַרבעט. זיי האָבן מיטגעבראַכט פֿון דער אַלטער היים אַ גוטן פֿאַך אין די הענט, און גאַנץ נײַע פֿאָרגעשריטענע מעטאָדן פֿון אַרבעט, וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט אַן אמתע רעוואָלוציע אין דער היגער שטריקער־בראַנזשע, וועלכע האָט דאָ אין יענער צײַט געאַרבעט מיט די פּרימיטיווסטע מיטלען.

די אײַנגעוואַנדערטע האָבן גיך זיך אײַנגעאָרדנט בײַם פֿאַך, אַ גרויסער טייל פֿון זיי האָט געפֿונען אַרבעט אין אַ פֿאַבריק אױף מאָנטעס דע אָקאַ. די אַרבעטס־באַדינגונגען זײַנען געווען נישט קיין שלעכטע. אָן אַן אײגענעם סענט אין קעשענע און אָן אַ שפּראַך אין מויל, האָט מען אָנגעהויבן דעם פּראָצעס פֿון זיך אויסגרינען מיט אַרבעטן בײַ יענעם. פֿאַר אונדזערן אַ פֿאַכמאַן האָט די סיסטעם פֿון אַרבעט דאָ אויסגעזען פֿאַרעלטערט און אָפּגעשטאַנען. דאָס האָט אויפֿגעשרויפֿט די פּרײַזן פֿון דער סחורה און נישט דערלאָזן עס זאָל זיך שאַפֿן אַ ברייטערער אָפּזאַץ־מאַרק פֿאַר די אויסאַרבעטונגען פֿון דער שטריקער־בראַנזשע. אַזוי, צום בײַשפּיל, האָט אַ קילאָ וואָל אין יענער צײַט געקאָסט נישט מער ווי זעקס פּעזעס; אָבער אַן אויסגעאַרבעטער „פּולאָווער" האָט געקאָסט בײַ די דרײַסיק פּעזעס. דאָס איז אין יענער צײַט געווען אַ ריזיקע סומע. אַזאַ לוקסוס־אַרטיקל איז אין גאַנצן נישט געווען צוטריטלעך פֿאַר אַן אַרבעטער, און אַפֿילו נישט צוגענגלעך פֿאַר מענטשן פֿון אָרעמערן מיטלשטאַנד.

נישט לײַכט איז געווען פֿאַר אַן אַרבעטער צונויפֿשלאָגן אַ פּאָר אײגענע פּעזעס און זיך שטעלן אַרבעטן פֿאַר זיך. מיט שווערער מי און גרויסער שפּאָרזאַמקייט האָבן עס אייניקע דאָך דערגרייכט. האָט מען געאַרבעט אַליין און מיט דער הילף פֿון די אײגענע בני־בית; מען האָט נישט געקוקט אױפֿן זייגער און מען האָט נישט געשפּאָרט קיין כּוחות. דער ציל איז געווען צו שאַפֿן אַ וואָס בעסערן און שענערן פּראָדוקט און אים קאָנען פֿאַרקויפֿן אױף די ביליקסטע פּרײַזן. און מיט יעדן יאָר האָט די אינדוסטריע אַלץ מער זיך פּערפֿעקציאָנירט און פֿון דער פּערפֿעקציע האָט נישט נאָר גענאָסן דער פֿאַבריקאַנט; מער נוצן האָט עס געבראַכט דעם פֿאַרברויכער. הײַנט איז אַן אַרטיקל פֿון אונדזער אינדוסטריע דער פּאָפּולערסטער פּראָדוקט אין לאַנד. נישט פֿאַראַן קיין פֿאַמיליע, וואָס זאָל נישט האָבן אייניקע חפצים פֿון שטריקערײ סײַ פֿאַר פֿרויען, מענער און קינדער.

די הײַנטיקע שטריקער פֿאַבריקאַנטן, וועלכע זײַנען געווען גוטע פֿאַכלײַט אין דער אַלטער היים, האָבן דאָ אויפֿגעבויט אַ גרויסע אינדוסטריע. די זעלבע שטריקער־פֿאַכלײַט אין דער אַלטער היים, זײַנען דאָס רוב אויך געווען געזעלשאַפֿטלעכע טוער. ווער פֿון זיי האָט אַקטיווירט אין זײַן פֿאַריין, ווער אין אַ פּאַרטיי און ווער אין אַ וועלכער נישט איז יוגנט־אָרגאַניזאַציע. די יונגע ייִדישע שטריקער אַרבעטער זײַנען פֿון דער אַלטער היים געקומען נישט נאָר מיט אַ פּראָפֿעסיאָנעלן סטאַזש, נאָר זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט אַ געזעלשאַפֿטלעכן קולטור. האָבן זיי נישט נאָר אַן אינדוסטריע אויפֿגעשטעלט, נאָר האָבן אויך אויפֿגעבויט, און געהאָלפֿן בויען, פֿאַרשיידענע ייִדישע אינסטיטוציעס, אין פֿיל פֿון וועלכע

אונדזערע שטריקער־חברים פאַרנעמען הײַנט אָנפירנדיקע אַמטן.

און די געזעלשאַפטלעכע מידות טובות פון שטריקער פאַבריקאַנט האָבן באַשטימט אויך דעם פאָלקסטימלעך־דעמאָקראַטישן און חברישן כאַראַקטער, וואָס הערשט אין אונדזער אינסטיטוציע. צווישן די מיטגלידער פון פאַריין הערשן די בעסטע קעגנזײַטיקע באַציִונגען. די פאַלן פון קאָמפּעטענץ, פון אַרויסנעמען אַרבעטער איינער בײַם צווייטן וואָס מאַכן אָן אַזוי פיל שאָדן אין אַנדערע פאַכן, זײַנען כמעט ווי אומבאַוווּסט אין דער שטריקער בראַנזשע. פאַרקערט, אַן אַלגעמיינע דערשיינונג איז בײַ אונדז דער אײַנפיר אַרויסצוהעלפן איינער דעם צווייטן מיט ראַט און טאַט. דערפאַר איז אַזוי גרויס צווישן די מיטגלידער די איבערגעבנקייט און רעספּעקט צום פאַריין, און דערפאַר איז אויך מעגלעך געווען די פאַרווירקלעכונג פון אַזעלכע איניציאַטיוועס ווי די קאָאָפּעראַטיווע פון רוי־שטאָפן און די קאָאָפּעראַטיווע פון קרעדיט, וועלכע האָבן ווירקלעך געדאַרפט די פולע סאָלידאַרישע מיטאַרבעט פון דער גאַנצער בראַנזשע.

דער דעמאָקראַטיש פאָלקסטימלעכער גײַסט, וואָס הערשט אין פאַריין און וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן שטריקער־פאַבריקאַנט, קומט צום אויסדרוק אויך אין זײַן באַציִונג צו די אַרבעטער. די ייִדישע פאַבריקאַנטן באַהאַנדלען זייערע אַרבעטער אויפן בעסטן און שענסטן אופן. די אַרבעטער באַקומען די בעסטע לוינען אין דעם שטריקער פאַך און געניסן אויך פון זייער אַ גוטער און פרײַנטלעכער באַציִונג. עס הערשט אַ גײַסט פון האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט אין אונדזערע פאַבריקן און קאָנפליקטן מיט די אַרבעטער זײַנען אין פאַרלויף פון די גאַנצע 25 יאָר געווען זייער אַ זעלטענע דערשיינונג.

דער ייִדישער אימיגראַנט האָט אַ דאַנק זײַן פלייסיקייט, אַרבעטסזאַמקייט און איבערגעבנקייט, אויסגעבויט וויכטיקע אינדוסטריעס אין לאַנד. אַזוי אין שטריקער־פאַך ווי אויך אין אַנדערע בראַנזשעס. די גרויסע אינדוסטריעס פון מעבל, פון באַקלייד־קאָנפעקציאָן, זײַד־וועבערײַ, וואָל־וועבערײַ, פוטערוואַרג, אײַזערנע בעטן און אַנדערע, זײַנען אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון דער אַרבעטסזאַמקייט און אונטערנעמונגס־גײַסט פון די געוועזענע ייִדישע אימיגראַנטן, הײַנטיקע אַרגענטינער אינדוסטריאַלן. אָבער איינער פון די שענסטע מוסטערן פון אונדזער פּראָדוקטיוון בײַטראָג פאַרן לאַנד, איז זיכער דער שטריקער פאַך, וואָס האָט אין אַ קורצער צײַט פון קנאַפּע דרײַ צענדליק יאָר, געשאַפן אַן אינדוסטריע, פון וועלכער עס לעבן צענדליקער טויזנטער מענטשן און וואָס באַפרידיקט די באַדערפענישן פון אינערלעכן מאַרק.



דער אויבנאָן בײַ דער דערעפענונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע

# דער פּראָגרעסיווער וווקס פון דער רוי־שטאָפן־קאָאָפּעראַטיווע

פון

**דוד בייבע**



זייער ווייניק פּראָפעסיאָנעלע אינדוסטריאַלן אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט קאָנען פאַרצייכענען אַזעלכע אויפטוען פאַר דער בראַנזשע ווי דער פאַראיין פון די שטריקערפאַבריקאַנטן. דער פאַקט גופא וואָס דער פאַראיין האָט באַוויזן צו שאַפן אַ קאָאָפּעראַטיווע פון רוי־מאַטעריאַלן און אַ קאָאָפּעראַטיווע פון קרעדיט, איז אַ באַווייַז פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכער און ווייַטזיכטיקער פּאָליטיק, וועלכע עס האָבן פאַרווירקלעכט די פירער פון דער אינסטיטוציע. די צוויי קאָאָפּעראַטיוועס דערגאַנצן זיך קעגנזייַטיק און בילדן די עקאָנאָמישע באַזע אויף וועלכער עס שטיצט זיך טיילווייַז די בראַנזשע. די קאָאָפּעראַטיוועס זייַנען נישט נאָר אַ פאַקטאָר פון רוימאַטעריאַלן און קרעדיטן, נאָר אויך אַ וויכטיקער עלעמענט וואָס רעגולירט די פּרייַזן און די קרעדיט־אינטערעסן, און זיכערט אין אַ גרויסער מאָס די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע פּאָזיציע פון די שטריקער פאַבריקאַנטן.

דער פאַראיין האָט געשאַפן פאַר דער בראַנזשע די עיקרדיקע און וויכטיקסטע אינסטיטוציעס. די שטריקער פאַבריקאַנטן האָבן אַזוי אַרום די נויטיקסטע אינסטרומענטן אין האַנט אויף זיך צו זיכערן קעגן יעדער מעגלעכער ספּעקולאַציע פון פּריוואַטע אונטערנעמער. עס איז אָפּהענגיק פון די קאָאָפּעראַטיוועס גופא, וועלכע פירן אָן זייער ספּעציפישע טעטיקייט אומאָפּהענגיק פון פאַראיין, די דערפאָלגרייכע פאַרווירקלעכונג פון זייערע צילן און אויפגאַבן. ווען דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע ווערט אינפאָרמירט אויף אַ צווייטן פּלאַץ, וואָס שייך דער קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן וועלן מיר אילוסטרירן דעם שנעלן און אויסעראָרדנטלעכן דערפאָלג פון דער אינסטיטוציע מיט אַן איבערצייַגנדיקער שפּראַך פון ציפערן.

די קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן איז געגרינדעט געוואָרן מיט צען יאָר צוריק. די אָפיציעלע גרינדונגספאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1951 (אָבער די הכנות צו דער גרינדונג האָבן זיך אָנגעהויבן מיט מאָנאַטן פריער). איר יורידישע אָנערקענונג האָט די אינסטיטוציע באַקומען דעם 2טן אָקטאָבער 1952. דער ערשטער באַלאַנס וועלכער איז געשלאָסן געוואָרן אויפן 31טן דעצעמבער 1952 האָט געוויזן אַ צאָל פון 86 מיטגלידער און פאַרקויפטע סחורות, אין פאַרלויף פון דעם פּעריאָד, אַ סומע פון אַנדערטהאַלבן מיליאָן פּעזעס (אין קייַלעכיקע ציפערן).

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז מיט קיין אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם איז די נייַע אינסטיטוציע נישט אויפגענומען געוואָרן. זיכער זייַנען געווען באַגייַסטערטע אָנהענגער פון דער איניציאַטיווע, ווי מיר רופן זיי — פּאַטריאָטן פון דער קאָאָפּעראַטיווע, אָבער אַ גרויסע צאָל מיטגלידער האָבן אויפגענומען די נייַע אינסטיטוציע — ווי מען נעמט אויף יעדע נייַעס — רעזערווירט, קאַלט, און טייל אַפילו מיט אומצוטרוי. דער פּרינציפּ פון כל התחלות קשות, אַלע אָנהייבן זייַנען שווער, איז באַזונדערס געווען ריכטיג אין דעם פאַל. די מיטגלידער פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג איז אויסגעקומען גאַנץ שווער צו אַרבעטן נישט נאָר אויף צו קריגן קרעדיטן און אויסזוכן סחורה אויף גוטע פּרייַזן, נאָר כ׳איז אויך אויסגעקומען פּריוואַט צו באַזוכן פיל פאַבריקאַנטן און רופן פאַרזאַמלונגען און זיצונגען, ביז עס האָט זיך אייַנגעגעבן אין ערשטן יאָר צו שאַפן די אויבנדערמאָנטע צאָל פון 86 אַקציאָנערן.

אין די ווייַטערדיקע יאָרן איז די צאָל מיטגלידער פּערמאַנענט געוואַקסן. די קאָאָפּעראַטיווע האָט זיך אימ־

פאַנירט מיט אירע מעשים און האָט וואָס ווײַטער אַלץ מער געוואונען דעם צוטרוי פון די פאַבריקאַנטן. די בענעפיטן פון דער קאָאָפּעראַטיווע שטייען אויסער יעדן צווייפל: די ביליקסטע פרייזן אין מאַרק, אַ ראַיעלע חברישע באַהאַנדלונג, אַ ליבעראַלער קרעדיט און צום סוף אַ דיווידענד אין פּראָפּאָרץ צום אײַנקויף. איר ערשטן אויבנדערמאָנטן יאָר האָט די קאָאָפּעראַטיווע אָנגעהויבן מיט אַ פאַרקויף פון אַריבער אָנדערטהאַלבן מיליאָן פעזעס און די סומע וואַקסט נאָכדעם פון יאָר צו יאָר אויף 22,24.14.10.6 (אין יאָר 1957), 34, 42, און 56 מיליאָן פעזעס אין לעצטן יאָר 1960.

אמת, ווי אַ רעזולטאַט פון דער אינפלאַציע איז אין פאַרלויף פון די לעצטע צען יאָר די סחורה באַדײַטנדיק טײַערער געוואָרן, אָבער דער אונטערשייד פון אָנדערטהאַלבן ביז 56 מיליאָן פעזעס איז זייער גרויס און מיינט אויך אַ פיזיש גרעסערן סכום רוימאַטעריאַלן: פאָדעם פון וואָל און באַוול, נאָדלען, צודאַטן צו מאַשי־נעס א. אַ. וו. דער אַקציאָנערן־קאַפּיטאַל פון דער קאָאָפּעראַטיווע גרייכט אין דעם פּעריאָד צו קאַרגע פיר מיליאָן פעזעס און די צאָל מיטגלידער באַטרעפן 334.

נאָך איין ציפער איז באַזונדערס נויטיק צו קאָמענטירן: דעם פאַרדינסט פון דעם פּעריאָד, וועלכער האָט באַטראָפן אַ סומע פון 1,2 מיליאָן פעזעס, באַטרעפט ניט מער ווי 2,25 פּראָצענט פון דעם אומזאַץ. עס הייסט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע שטעלט זיך דעם מינימאַלסטן פאַרדינסט: קאַרגע צוויי מיט אַ האַלבן פּראָצענט אויפן קאָסט פון דער סחורה, פון דעם ווערן געדעקט די אַדמיניסטראַטיווע הוצאות, אַ געוויסער טייל ווערט אַראָפּגענומען אויף רעזערוו־פאָנדן און דאָס איבעריקע באַקומען צוריק די אַקציאָנערן אין פּראָפּאָרץ פון זייער אײַנקויף. זיכער שטעלן זיך פּריוואַטע אונטערנעמער פיל גרעסערע פאַר־דינסטן, אַזוי אַז די קאָאָפּעראַטיווע איז פון אַלע שטאַנדפּונקטן אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר די פאַברי־קאַנטן.



די שטריקער־משפחה איף אַ יום־טוב פון פאַראיין



# פון שטריקער־ארבעטער: שטריקער פאבריקאנטן

פון

**חיים לייבמאן**

זאל מיר דערלויבט זיין ביי דער געלעגנהייט דערציילן אביסל זכרונות. נישט זיך אראפריידן פון הארצן, חלילה; נאר אדרבא, דערמאנען די פארגאנגענע צייטן אין פריידן. דאס פערזענלעכע לעבן פון די שטריקער־פאבריקאנטן איז דאך א שטיק געשיכטע פון דער בראנזשע און אויך פון פאראיין. און אז מען פייערט דעם יובל פון פאראיין איז כל המרבה לספר הרי זו משובה.

געקומען בין איך קיין ארגענטינע אין יאר 1928. ווי אן ארגאניזירטער ארבעטער פון דער אלטער היים בין איך גלייך געגאנגען אין מיין פראפעסיאנעלן פאראיין און זיך פארגעשטעלט ווי א קוואליפיצירטער ארבעטער, און ווירקלעך בין איך אין דעם פאך געווען קוואליפיצירט. אבער עס זיינען אין יענער צייט געווען פאדערונגען בלויז אויף האלב־קוואליפיצירטע. דער אונטערשייד אין לוין איז געווען א גאנץ באדייטנדיקער: א קוואליפיצירטער ארבעטער האט באקומען 8 פעזעס פאר אן אכט־שעהדיקן ארבעטס־טאג און א האלב־קוואליפיצירטער נישט מער ווי 6.50. עס איז מיר נישט אזוי געגאנגען אין די אנדערטהאלבן פעזעס ווי אין דעם פראפעסיאנעלן פרעסטיזש. אבער עס זיינען אוועקגעגאנגען טעג, א וואך און נאך א וואך, קיין פאדערונגען אויף קוואליפיצירטע ארבעטער האבן זיך נישט באוויזן און איך האב זיך געמוזט אונטערגעבן. אוועק ארבעטן ווי א האלב־אפיסיאל און אזוי ווי איך בין געווען געניט אין דער ארבעט, האב איך אין א קורצער צייט ארום באקומען דעם לוין פון א „פאלנעם" ארבעטער, 8 פעזעס א טאג. דאס איז אין יענער צייט געווען א פיינער פארדינסט מיט וועלכן מען האט געקאנט גאנץ אנשטענדיק זיך דורכלעבן, ווען ארבעט זאל זיין א גאנץ יאר.

זייער כאראקטעריסטיש פארן אמאליקן יידישן לעבנסשטייגער אין פוילן איז געווען דער פאקט פון מיין ווערן אן ארבעטער. געבוירן געווארן בין איך אין א קליין שטעטל, געלערנט אין חדרים, נאכדעם אין בית־מדרש. דער פאטער האט געהאט א קלייטל, איך פלעג א ביסל ארויסהעלפן און די באשיידענע פרנסה האט נישט געפעלט. איך האב זיך געלאזן אין דער גרויסער שטאט נישט אזוי אויס מאטעריעלער נויט, נאר גיכער געטריבן פון עפעס אן אומקלארער בענקשאפט צו א נייע לעבן. דאס גרויע לעבן פון קליינשטעטל, די לאנגע פוסטעפאסנע טעג און אומעטיקע אוונטן פון א באלעבאטיש יינגל, וואס האט נישט געהאט מיט וואס אויסצופילן זיין צייט און וואס האט נישט געזען קיין תכלית פאר זיך — דאס אלץ האט דערעסן, זיך געלייגט ווי בליי אויפן געמיט און אין מוח האט געלאקט איין רעטונגס־אידייע, וואס האט פארבישופט די הערצער פון די קליינשטעטלדיקע בחורימלעך און וועגן וועלכער איך פלעג אין דער שטיל ריידן מיט מיינע חברים: אנטלויפן קיין ווארשע... ווארשע איז געווען דער צויבער פון אלע אונדזערע חלומות.

און אין איין שיינעם טאג בין איך קעגן ווילן פון מיינע עלטערן אוועקגעפארן קיין ווארשע. פול מיט האפענונגען בין איך געקומען אין דער גרויסער שטאט, געחלומט אז מען וועט מיר דא אויפכאפן ווי א יקר המציאה, אז עפעס א בת־מלכה וועט זיך אין מיר פארליבן... אבער נישט קיין בת־מלכה און נישט קיין פרינץ, אזעלכע יחסנים ווי איך זיינען געווען איבערגענוג אין ווארשע. עס האבן גיך זיך אויסגעלאזן די עטלעכע זלאטעס, וועלכע דער טאטע האט מיר מיטגעגעבן און די מאמע האט אין דער שטיל צוגעלייגט, און איך האב זיך אנגעהויבן ארומדרייען איבער די גאסן פון שטאט אן האפענונג און אן אויסזיכט. זיך צוריקקערן אהיים האב איך זיך פשוט געשעמט. זיך געשעמט פאר זיך און באזונדערס פאר די חברים.

אין אזא טאג ווען איך האב ארומגעבלאנדזשעט אן א ציל איבער די גאסן האב איך אנגעטראפן מיינעם א בן־עיר און צו אים ממש צוגעפאלן מיט דער געשיכטע פון מיין טרויעריקער אוואנטורע אין ווארשע. א וואוילער מענטש איז ער געווען, האט ער מיר אויפמערקזאם אויסגעהערט און בארויקט. — איך האב, זאגט ער, א שטריקער ווארשטאט, קיין ארבעטער דארף איך נישט; נאר אז עס האט זיך שוין יא געמאכט אזא מין מעשה, קום צו מיר, וועסט זיך צולערנען דעם פאך און זיך גיין זוכן ארבעט... ארבעט איז דא... ס'איז א גוטער פאך. מען קאן מאכן א לעבן... איך האב זיך לאנג נישט געלאזט

בעטן. אין א שעה ארום בין איך שוין געשטאנען אין א קעלער ווו עס זײַנען געווען אויסגעשטעלט א האלבע טוץ האנט־מאשינעס און געדרייט די קאלבע פון א זשאקארד.

זוכן ארבעט אין אן אנדער פלאץ האב איך שוין נישט געדארפט. איך האב גיך געכאפט דעם שניט, יונג איז מען געווען, קיין כוחות האבן נישט געפעלט און חשק צו דער ארבעט אויך נישט. איך האב שוין געארבעט אויף דער יחוס־מאשין וואס הייסט „זשאקארד", דער באלעבאס איז געווען צופרידן מיט מיר, געהאט אין קעשענע א לעבעדיקע זלאטע און געפילט אז איך האב שוין געמאכט א סיום פון דער גמרא, פון קליינשטעטל און פון טאטנס קלייטל.

אבער ס'איז מיר נישט אזוי געפעלן די ארבעט בײַם ווארשטאט ווי דאס לעבן אין דער גרויסער שטאט נאך די ארבעטס־שעהן. אין מײַן פראפעסיאנעלן פאראיין האב איך זיך געטראפן מיט חברים, געשלאסן נײַע קאנטשאפטן, זיך באקענט מיט חברטעס, ארויסגענומען ביכער אין א ביבליאטעק, געגאנגען אויף קאנפערענצן, באזונדערס אויף ציוניסטישע, מיט קליינשטעטלדיקער שעמעוודיקייט געקוקט אויף שיינע מיידלעך... קורץ, עס האט זיך פאר מיר געעפנט א נײַע וועלט. פונקט אין יענער צײַט איז אראפגעקומען מײַן מאמע ע"ה אנצוקוקן דעם תכלית פון איר קדיש. דערזען ווי איך ארבעט איז זי געבליבן א פארצייטערטע. — בײַ אזא שווערן אײַזן וועסטו זיך אויסרײַסן די כוחות? האט זי פארבראכן מיט די הענט. צו מײַנע שונאימס קעפ, שוין זאלסטו מיר פארן אהיים! וואס פעלט דיר וואס? פעלט דיר דאס עסן, א קאפאטע, א פאר שיך? פון ראסקאש ווערט ער משוגע... צו אזא ארבעט דארף מען דאך האבן גויאישע הענט און זייערע כוחות!...

עס איז מיר געווען א רחמנות אויף דער מאמען, איך האב אויך מורא געהאט פאר א סקאנדאל, בין איך צורִיקגעפארן. אבער עס איז שוין מיר געווען ענג אין שטעטל. איך האב געפילט עס איז ניט פאר מיר אזא לעבן, עס האט מיר געצויגן אין דער גרויסער שטאט. אין בית־מדרש האבן מײַנע חברים אין דער שטיל געפירט דיסקוסיעס וואס מיינט י. ל. פרץ מיט זײַן „באנטשע שווײַג" אדער „אין פאליש אויף דער קייט". פארוואס האט מען שפינאזאן געלייגט אין חרם, אז זײַן „עטיק" איז דורכגעדרונגען מיט אזא טיפן רעליגיעזן געפיל? מיר האבן אויך באהאלטענערהייט געלייענט און דיסקוטירט מארקסיסטישע ליטעראטור און פאליטישע עקאנאמיע. איך האב גענומען אן אקטיוון אנטייל אין לעבן פון אט דער קליינשטעטלדיקער יוגנט, אבער עס האט מיר נישט באפרידיקט, און אין איינעם שיינעם טאג האב איך ווידער געמאכט די פליטה...

ווידער אין ווארשע, האב איך זיך גענומען צו מײַן אלטן שטריקער־פאך און גלײַך אנגעהויבן פארדינען. פון מײַן קליינשטעטל האב איך מיטגעבראכט א סימפאטיע צום ציוניזם און אין ווארשע האב איך געפונען א ציוניסטיש קרײַזל, דארט פלעג איך פארברענגען מײַנע פרײַע טעג און א פאר מאל אין וואך אויך אין די אוונטשעהן. פון דארט האט שוין מיר געפירט דער וועג קיין ארץ־ישראל, אין לאנד פון מײַנע יוגנטלעכע טרוימען. צוויי יאר בין איך געווען אין לאנד און צוליב פארשיידענע סיבות זיך נישט געקאנט אײַנבירגערן, אבער דער אידעאל פון ציוניזם איז מיר געבליבן ליב און טײַער, און מיט אלע מײַנע מעגלעכקייטן באטייליק איך זיך אין אלע הילפס־אקציעס לטובת דער מדינה.

פון ישראל בין איך געקומען קיין ארגענטינע און ווי איך האב אויבן דערמאנט, געקריגן ארבעט אויף אכט פעזעס א טאג, און ווען עס זאל זײַן ארבעט א גאנץ יאר וואלט איך נאך אפשר ביז הײַנט פארבליבן אן ארבעטער. די ווירקלעכקייט איז אבער געווען נישט אזא פריילעכע. ארבעטן פלעגט מען נישט מער ווי זעקס, זיבן מאנאטן אין יאר־סעזאן — און די איבעריקע צײַט ארומגיין ליידיק. מען פלעגט יא אין דער צײַט קריגן ארבעט אין די קלענערע טאזשערלעך, אבער אויף א האלבן פרײַז. און דעם האלבן לוין פלעגן די פאבריקאנטלעך אין גרעסטן טייל אויך נישט אויסצאלן, טייל האבן טאקע נישט געהאט און אנדערע האבן מיסברויכט מיט דער סיטואציע פון ארבעטער, וואס האט אין יענער צײַט נישט געהאט קיין שום יורידישע שוץ און פארטיידיקונג.

אט די לאגע האט געטריבן דעם ארבעטער ער זאל אפשפארן פון זיך א פאר פעזעס, זיך אײַנקויפן א מאשין אדער א האנט־מאשינדל און אנהייבן ארבעטן פאר־זיך. ארבעטער זײַנען אוועק פון פראפעסיאנעלן פאראיין און געווארן מיט דער צײַט פאבריקאנטן, ואני בתוכם. נישט אזוי לײַכט טוט זיך עס ווי עס רעדט זיך. נישט אזוי לײַכט ווערט מען פאבריקאנטן, מען האט יארן לאנג שווער געארבעט און ביטער געקעמפט. אייניקע זײַנען טאקע אראפגעשווענקט געווארן און באזונדערס אין די צײַטן פון קריזיסן, און האבן זיך גענומען צו אנדערע פרנסות. אנדערע, זײַנען בשלום דערגאנגען און פײַערן הײַנט מיט אונדז דעם 25 יאריקן אניווערסאר פון דער אינסטיטוציע. איין זאך דארף אנערקענט ווערן: דער פאראיין און די אינסטיטוציעס וואס ער האט געשאפן, די קאאפעראטיווע און די קרעדיט־קאסע, האבן זייער פיל מיטגעהאלפן, אז אט די געוועזענע שטריקער־ארבעטער זאלן ווערן די הײַנטיקע פאבריקאנטן.

איין כאראקטעריסטישן שטריך פארמאגן אונדזערע שטריקער, וועלכע מען זעט עס ווייניק אין אנדערע פאכן: זיי האלטן זיך צוזאמען נישט נאר אין פאראיין נאר אויך אין פריוואטן לעבן. זיך צוזאמענגעלעבט — מעשה משפחה, און אזוי רופט מען זיי טאקע אין שטאט — די „שטריקער משפחה". אויף אונדזערע מסיבהלעך און עפנטלעכע אקטן זעט מען און מען פילט טאקע אט די משפחהדיקייט און די חסידישע התלהבות, וואס גיט צו עכטן יידישן חן אלע אונדזערע אונטערנעמונגען. ביסלעכווײַז ווערן אויך אונדזערע קינדער ארײַנגעצויגן אין דער סביבה פון פאראיין, וואס פארבינדט זיי מיט די גרעמיאלע און יידישע אינטערעסן פון די עלטערן.

# די שטריקער־אינדוסטריע און איר קאאפעראטיווע פון רוי־שטאפן

פון

ברוך דיאמענט



דער פאראיין פייערט דעם 25 יאריקן אניווערסאר פון זיין עקסיסטענץ און די קאאפעראטיווע פון רוישטאפן — איר ערשטן יארצענדליק. עס האט גענומען גאנצע פופצן יאר ביז דער פאראיין האט באוויזן אונטערצונעמען אזא איניציאטיווע און פארווירקלעכן דעם פלאן פון א קאאפעראטיווע. עס איז פאראן א געוויסע לאגישע בארעכטיקונג פאר אזא דערשיינונג. א פאראיין איז א באלדיקע און דרינגענדיקע נויטווענדיקייט, וואס ווערט אויך טיילווייז ארויפגעצוואונגען פון דרויסן: די ארבעטער פארהאנדלען נישט מיט יעדן באלעבאס באזונדער נאר מיט אן ארגאניזאציע פון פאבריקאנטן, אויך געוויסע רעגירונגס־אינסטאנצן פאדערן די עקסיסטענץ פון אן אינדוסטריאלער ארגאניזאציע. דער קאנוועניום מיט די ארבעטער ווערט פארהאנדלט און אונטערגעשריבן נאר דורך א באלעבאטים־פאראיין. א פאראיין מ ו ז מען ארגאניזירן, א קאאפעראטיווע דארף מען אליין וועלן ארגאניזירן. זי ווערט פון קיינעם נישט ארויפגעצוואונגען, און דארף קומען ווי א רעזולטאט פון אייגענער פארשטענדניש און באדערפעניש. א פאראיין פארטיידיקט די באלדיקע גרעמיאל־פראפעסיאנעלע אינטערעסן און א קאאפעראטיווע האט די פונקציע צו פארטיידיקן די קאמערציעלע אינטערעסן פון פאבריקאנט. אויסער דעם, איז די גרינדונג פון א פאראיין נישט פארבונדן מיט קיין גרויסע אויסגאבן, בעת די ארגאניזאציע פון א קאאפעראטיווע פאדערט גרעסערע געלט־אינוועסטיציעס און א גרויסע פינאנציעלע פאראנטווארטלעכקייט פון דער פארוואלטונג. א קאאפעראטיווע איז דעריבער א ווייטערדיקער עטאפ אין דער ארגאניזאציע פון אן אינדוסטריע — און איז אין שטריקער־פאך געשאפן געווארן אויף דער איניציאטיוו פון פאראיין.

אונדזער קאאפעראטיווע איז געגרינדעט געווארן מיט א גאנץ קליינער סומע, סך־הכל מיט צען טויזנט פעזעס. דערפאר האט זי געהאט אויסצושטיין זייער גרויסע שוועריקייטן. עס דערמאנט זיך מיר אזא מין פאל וועלכן הברים קאמענטירן אפט: עטלעכע מיטגלידער פון דער פארוואלטונג פון דער ניי־געשאפענער קאאפעראטיווע פרעזענטירן זיך אין ביורא פון א געוויסער גרויסער פירמע און בעטן סחורה. אויף קרעדיט, נאטירלעך, איינער פון די שותפים פרעגט:

— ווי גרויס איז אייער קאפיטאל?

— מיר האבן נאך נישט קיין קאפיטאל האט מען אים געענטפערט.

— אויב איר האט נישט קיין קאפיטאל האט דער סוחר קאלט געזאגט, האט איר דאך נישט קיין מאטעריעלע פאראנטווארטלעכקייט, קאנען מיר דאך צו אייך קיין צוטרוי נישט האבן. מיר גיבן קרעדיט נאר די וואס האבן קאפיטאלן אויף צו דעקן...

פון ריין סוחרישן שטאנדפונקט איז דער מענטש געווען גערעכט, אבער ווען איז דאס גערעדט געווארן? ווען דער צווייטער צד, עס הייסט, דער קליענט וואס קומט בעטן קרעדיטן, איז א פריוואטער סוחר: אבער ווען עס האנדלט זיך וועגן א קאאפעראטיווע, וועגן א געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע, איז דער ענין א ביסל אנדערש. האבן טאקע אונדזערע מענטשן זיך נישט אפגעשראקן און איינער האט אים געזאגט:

— סעניאר, מיר האבן טאקע נישט קיין קאפיטאלן, אבער מיר האבן א מאראלישן קאפיטאל, מיר האבן געזעלשאפטלעכע פאראנטווארטלעכקייט, מיר האבן די שטיצע פון הונדערטער פאבריקאנטן און דעם צוטרוי פון דער גאנצער יידישער געזעלשאפט...

און דער סוחר האָט אָנגעהויבן מיט אונדז ריידן אַנדערש, ער איז געוואָרן ווייכער און נאָכגעביקער, און עס איז געבליבן, אַז ער גיט אונדז קרעדיט, נאָר מען זאָל אים געבן אַן „אוואַל" אונטערגעשריבן דורך אַלע מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג.

זײַנען צווישן דער פאַרוואַלטונג געווען אַ פּאָר מיטגלידער, וואָס האָבן געהאַט צו דער קאָאָפּעראַטיווע נאָך ווייניקער צוטרוי ווי דער סוחר... אָבער מיר האָבן דאָך באַקומען אַ פּאַרטיע סחורה, און קורץ נאָכדעם אַ פיל גרעסערע. הײַנט שיקט אונדז די זעלבע פירמע רוימאַטעריאַלן אויף מיליאָנען פּעזעס. מיר האָבן דאָרט אַן אומבאַגרענעצטן קרעדיט. עס איז גענוג אַ קלונג דורכן טעלעפאָן, און מען הויבט אָן שיקן, פאַרקערט, ווען מיר מאַכן אַ לענגערע צײַט נישט קיין באַשטעלונגען, פרעגט מען אונדז צי מיר דאַרפן נישט אַ וועלכן נישט איז אַרטיקל.

דער אומזאַץ פון דער קאָאָפּעראַטיווע ווערט פאַרגרעסערט פון יאָר צו יאָר, נישט נאָר אין פּעזעס, ווײַל צוליב דעם וווקס פון דער אינפלאַציע קאָנען פּעזעס נישט דינען פאַר קיין מאָס, נאָר טאַקע אין פיזישן פאַרנעם, אין צאָל און וואָג. אַזוי צום בײַשפּיל האָבן מיר אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר פאַרקויפט איין מיליאָן קילאָ רוימאַטעריאַלן, וואָל, פאָדים און אַנדערע אַרטיקלען, און צוויי מיליאָן נאָדלען פון פאַרשיידענע טיפּן. דאָס זײַנען פילזאָגנדיקע ציפערן. די וואָס אַרבעטן מיט דער קאָאָפּעראַטיווע באַקומען דעם רוימאַטעריאַל אויפן בעסטן פרײַז און ווי מיטגלידער באַקומען זיי נאָכדעם דיווידענד אין פּראָפּאָרץ צו זייער אײַנקויף. די ביז־איצטיקע דערגרייכונגען זײַנען זייער צופרידנשטעלנדיקע און די פּערספּעקטיוון זעען זיך פאָר נאָך בעסערע.

איך האָב ביז איצט אָנגעוויזן נאָר אויפן ד י ר ע ק ט ן בענעפיט, וואָס די קאָאָפּעראַטיווע גיט די מיטגלידער. אין דער אמתן איז נאָך גרעסער דער א ו מ ד י ר ע ק ט ע ר בענעפיט, וואָס די קאָאָפּעראַטיווע גיט דער גאַנצער שטריקער־אינדוסטריע. ווען נישט די קאָאָפּעראַטיווע וואָלטן מיר טײַערער געצאָלט פאַר אַלע רוימאַטעריאַלן. די קאָאָפּעראַטיווע באַנוגנט זיך מיטן קלענסטן פאַרדינסט און האָט אין פּראָפּאָרץ מיטן אומזאַץ קליינע אַדמיניסטראַטיווע הוצאות. מוזן די סוחרים און איבערפאַרקויפער זיך צופּאַסן צו די פרײַזן פון דער קאָאָפּעראַטיווע, זיי מוזן זיך באַנוגענען מיט קליינע פאַרדינסטן, זיי מוזן פאַרקויפן ביליק, אויב נישט וועט דער פאַבריקאַנט נײַן אין דער קאָאָפּעראַטיווע. די קאָאָפּעראַטיווע איז אַ פאַקטאָר פון קאָמפּעטענץ אין מאַרק, און פון דעם געניסן די שטריקער פאַבריקאַנטן דירעקט און אומדירעקט.

אַזוי אַז אין פאַרלויף פון די צען יאָר עקזיסטענץ האָט די קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן זייער פיל בײַגעטראָגן פאַרן וווקס פון דער שטריקער־אינדוסטריע, און מיטן וווקס פון דער אינדוסטריע וואַקסט אויך די קאָאָפּעראַטיווע.



אַ מסיבה לכבוד אַ גרופּע מיטגלידער וועלכע האָבן באַזוכט מדינת ישראל



# די אַנטוויקלונג פון די אינסטיטוציעס פון דער שטריקער בראַנזשע

פון

יצחק בעניעק

פאַקטיש הויבט זיך אָן די געשיכטע פון דער שטריקער אינדוסטריע מיט דער גרינדונג פון פאַריין, אין יאָר 1936. זינט דער דאַטע איז דער פאַך אָרגאַניזירט און אין אַ געוויסער מאָס אונטערגעוואָרפן דער אָנפירונג פון אַ פריי־געוויילטער דעמאָקראַטישער קערפּערשאַפט. דער פאַבריקאַנט איז פולשטענדיק פריי און אומאָפּהענגיק אין דער אָנפירונג פון זיין פאַבריק, אָבער ער מוז זיך רעכענען מיט אייניקע דירעקטיוון און באַדינגונגען, וואָס קומען פון זיין גרעמיאַלער אָרגאַניזאַציע. בלויז דער קאָלעקטיווער אָפּמאַך מיט די אַרבעטער, וואָס ווערט יעדעס יאָר פאַרהאַנדלט און אונטערגעשריבן דורך די איינציק־אויטאָריזירטע פאָרשטייער פון ביידע צדדים, דורכן אַרבעטער־סינדיקאַט און דער באַלעבאַטים־אָרגאַניזאַציע, פאַרבינדט דעם אינדוסטריאַל מיט זיין פאַריין. קיין שום פאַבריקאַנט קאָן מער נישט שטיין אויסערן פאַריין און פראַווען שבת פאַר זיך. אַ גרויסן טייל פון זיינע אינטערעסן מוז ער אָנטרויען דער קאָלעקטיווער אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע, און איז דעריבער פאַרינטערעסירט אַז די אָנפירונג זאָל אַמבעסטן באַשיצן זיינע אינטערעסן און ריכטיק אינטערפּרעטירן זיינע אַספּיראַציעס. קיינער קאָן דעריבער נישט בלייבן גלייכגילטיק צום גורל פון פאַריין, ווייל פון דער אָנפירונג פון פאַריין איז אין אַ גרויסער מאָס אויך אָפּהענגיק די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע און דער וווילשטאַנד פון יעדן פאַבריקאַנט באַזונדער.

דאָס האָבן זייער גוט פ אַ ר ש ט אַ נ ע ן די יידישע שטריקער פאַבריקאַנטן, און היינט־צו־טאָג זיינען אונדז גאָר אומבאַקאַנט אונטערנעמער, וואָס זאָלן שטיין אויסער די רייען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. אָט די אַלגעמיינע אָנערקענונג פון פאַריין און די סאָלידאַרישע מיטאַרבעט מיט אים, האָט עס דערמעגלעכט מיט דער צייט אויסצוברייטערן די טעטיקייט פון דער אינסטיטוציע, און גרינדן די קאָאָפּעראַטיווע פון רוי־שטאָפן און די קרעדיט־קאַסע. אָבער עס האָט פאַרנומען אַ היפּש ביסל יאָרן ביז מיר זיינען בכוח געווען צו פאַרווירקלעכן אַזעלכע איניציאַטיוועס. אַ סך יאָרן האָט דער פאַריין געדאַרפט וואַקסן און זיך אַנטוויקלען, ביז ער איז רייף געוואָרן און אַרויסגעגעבן אַזעלכע פרוכט. ס'איז נישט מער ווי צען יאָר אַז די קאָאָפּעראַטיווע פון רוישטאָפן איז געגרינדעט געוואָרן און 6 יאָר ווי די קרעדיט־קאַסע „לאַ טעקסטילעראַ" איז געשאַפן געוואָרן. עס האָט אויך אַ סך יאָרן גענומען ביז אָט דער היינטיקער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן. דער פאַריין איז נישט געקומען מיט די שטריקער־אימיגראַנטן פון פוילן און איז נישט געשאַפן געוואָרן איינצייטיק מיט די שטריקער־וואַרשטאַטן אין בוענאָס איירעס. עס האָט גענומען יאָרן ביז אונדזער איצטיקע אָרגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן, און אָט וועגן דעם פּעריאָד, וועגן דער פאָר־געשיכטע פון פאַריין וויל איך ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען.

וועגן די אַלע געשעענישן וואָס האָבן פּאַסירט אין פאַך, זינט דער גרינדונג פון פאַריין, עקזיסטירן דאָקומענטן, פאַרצייכענונגען אין אַקטן־ביכער און פאַרשיידענע פּובליקאַציעס. עס איז פאַראַן אַ „תורה שבכתב" אַזוי צו זאָגן. דאַקעגן פון יענעם וויטן פּעריאָד איז נישט פאַראַן קיין שריפטלעכע דאָקומענטאַציע, דאָס וואָס עס איז יאָ געווען איז פאַרלוירן געגאַנגען; עפּעס בלייבט נאָך אין זכרון פון עטלעכע חברים, אַ „תורה שבעל פּה", וועלכע דאַרף ביי דער געלעגנהייט פון דעם יאָרבוך פאַרצייכנט ווערן, עס זאָל נישט פאַרגעסן ווערן פאַר דער געשיכטע. יענע פּרוּוון פון אָרגאַניזאַציע, די קאַמפן פון פאַרשיידענע ריכטונגען איבער דער העגעמאָניע אין פאַך, די אָרגאַניזאַציע און צייטווייליקע עקזיסטענץ פון אַ פאַריין, דאָס אַלץ איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער ערשטלינג־עפּאָכע פון יידישן לעבן אין לאַנד און פון די ערשטע אָרגאַניזאַציע־פּרוּוון אין דער שטריקער בראַנזשע. חברים וואָס האָבן אָנטיילגענומען און געדענקען די געשעענישן פון יענע צייטן דאַרפן עס דערציילן, כל המרבה לספר הרי זה משובח.

אין 1927 יאָר האָט שוין אין בוענאָס איירעס עקזיס־

טירט אַ שטריקער פאַבריקאַנטן־פאַריין, איך געדענק נישט צי ער האָט געטראָגן אַזאַ נאָמען, אָבער ס׳איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע פון שטריקער אונטערנעמער. עס איז אפילו געמאַכט געוואָרן אַ פרוּוו צו אָרגאַניזירן און אַ קורצע צײַט האָט עקזיסטירט אַ קאָאָפעראַטיווע, עס הייסט, אַז עס האָט גענומען בײַ די נײַן יאָר צײַט פון ייִדישער שטריקער־אײַנוואַנדערונג אין לאַנד — אַן אײַנוואַנדערונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1918 — און עס זײַנען שוין אַנטשטאַנען זעלבסטשטענדיקע ייִדישע שטריקער וואַרשטאַטן און עס איז שוין געגרינדעט געוואָרן אַ שטריקער־באַלעבאַטים פאַריין.

דער פאַריין האָט עקזיסטירט ביז די יאָרן פון בירגער־קריג אין שפאַניע. די געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפגעשפילט דאָ אין לאַנד אין שייכות מיטן בירגער־קריג, האָבן געשפאָלטן די שטריקער־אָרגאַניזאַציע און די אייניקייט פון זײַנע מיטגלידער. בײַם אויסברוך פון בירגער־קריג איז די סימפאַטיע פון די שטריקער, ווי בכלל פון דער אַבסאָלוט גרעסטער טייל באַפעלקערונג אין לאַנד, געווען אויף דער זײַט פון די רעפובליקאַנער. די הילפס־אַקציע איז געווען אַן ענטוזיאַסטישע און אַן אַלגעמיינע. מען האָט געהאָלפן מיט אַרבעט, מיט סחורה, מיט געלט און מיט וואָס נאָר איינער האָט געקאָנט. אָבער די לינקע האָבן געוואָלט אויסנוצן אָט די אַלגעמיינע סימפאַטיע פאַר זייערע פאַרטייִשע צוועקן, קעגן אָט דער טענדענץ צו באַהערשן דעם פאַראיין, צו פאַרוואַנדלען אים אין אַ קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע, איז אַרויסגעטראָטן דער דעמאָקראַטישער סעקטאָר. מיר, אַ קליינע גרופע טוער, זײַנען אַרויסגעטראָטן קעגן דער פאָליטישער טענדענץ פון פאַריין, מיר האָבן דעמאָנסטראַטיוו איבערגעריסן מיט דער אינסטיטוציע און אַוועק פון זייער לאָקאַל. די דאָזיקע גרופע איז דאַן באַשטאַנען פון די חברים ראָזענבערג, קוויאַטעק, רוזאַל, מיגדאַל, ישעיה דראַדזשיצקי, יוסף גראַדזשיצקי, הערמאַנאָוויטש און מײַן ווייניקייט. קורץ נאָכדעם האָט דער שטריקער פאַריין אויפגעהערט צו עקזיסטירן, מיר ווייסן נישט ווער ס׳איז געבליבן מיט דער ירושה פון גורוטשאַגאַ, און די ווײַטערדיקע אָרגאַניזאַציע און אָנפירונג פון די שטריקער פאַבריקאַנטן איז שוין געווען אַן אויפטו פון דעם אויבנדערמאָנטן סעקטאָר.

מיר האָבן זיך דערקלערט ווי אַ פאַריין און האָבן געקעמפט פאַר דער אָנערקענונג, אין דער געזעלשאַפט ווי אויך צווישן די פאַבריקאַנטן. נישט גרינג איז געווען דער קאַמף און ס׳זײַנען געווען איניקע אינסטיטוציעס וואָס האָבן אונדז אַ לאַנגע צײַט איגנאָרירט. אין פריוואַטע הײַזער איז געווען די סעקרעטאַריע און דער שטעמפל און מיר האָבן זיך באַמיט אײַנשטעלן און אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט דער געזעלשאַפט און געווינען דעם צוטרוי פון די פאַבריקאַנטן. מיט באַדויערן דאַרף איך בײַ דער געלעגנהייט דערמאָנען, אַז אין אָט דער צווישן־צײַט האָט די שטריקער־בראַנזשע פאַרלוירן אַ וויכטיקע פאָזיציע: די פוילישע באַנק וועלכע איז צו יענער צײַט געווען כמעט ווי אַ שטריקער־באַנק, ווײַל מיר האָבן געהאַט אין איר דירעקטאָריום פינף פאָרשטייער. בײַם טרויעריקן אַקט פון צונויפגיסן די ייִדישע בענק—אָדער ריכטיקער געזאָגט פון ליקווידירן זיי—איז אויך ליקווידירט געוואָרן די פוילישע באַנק. אונדזערע מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף אַרײַנצוליגן און אָפראַטעווען די באַנק און די יעניקע וואָס האָבן געהאַט געלט אין דער שפאָר־קאַסע האָבן אָנגעשראָקענע עס אַרויסגענומען, איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי אײַנגיין אויפן פלאַן פון דעם טרויעריק־באַרימטן „באַנק־צונויפגיסער”, האָט ער פון אַלע בענק געשאַפן איין באַנק און אויך פון דער איין באַנק האָט ער געמאַכט אַ פײַנעם סך־הכל...

אַזוי זײַנען אַוועק בײַ די פינף יאָר זײַט מיר האָבן איבערגעריסן מיט די לײַט פון גורוטשאַגאַ, אין יאָר 1936. פון דעם יאָר הויבן מיר אָן די געשיכטע פון דער אַקטועלער אָרגאַניזאַציע. אין 1941 זײַנען מיר אַרויס פון פריוואַטע דירות בײַ חברים און געדונגען אַ לאָקאַל אויף קאַנינג 122 און מיט באַנײַטער ענערגיע האָבן מיר זיך גענומען צו אָרגאַניזירן דעם פאַך, צוציען פרישע קרעפטן און אײַנשטעלן אַ פערמאַנענטע אַרבעט. אין יענער צײַט האָט דער פאַריין געציילט אַכציק מיטגלידער און כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאַרנעם פון דער אינסטיטוציע איז דער פאַקט וואָס מען האָט געצאָלט אין יענער צייט דירה־געלט אַ סומע פון צען פעזעס אַ חודש. דער ווײַטערדיקער און אַנטשיידענער עטאַפ אין דער אַנטוויקלונג פון פאַריין איז געווען דאָס יאָר 1950, ווען אויף איינער פון די פאַרוואַלטונגס־זיצונגען איז נאָך לאַנגע דעבאַטן באַשלאָסן געוואָרן צו דינגען אַ גרויסן שיינעם לאָקאַל, ווי עס פאַסט פאַר אַן אינדוסטריעלער אָרגאַניזאַציע, אַרײַננעמען אָנגעשטעלטע און אָנפירן אַ ברייטערע טעטיקייט. מען האָט געדונגען אַ לאָקאַל מיט דירה־געלט פון טויזנט פעזעס אַ חודש,, און נאָך באַצאָלט שליסל־געלט דרײַסיק טויזנט פעזעס. דאָס איז פאַר יענער צײַט געווען זייער אַ באַדײַטנדיקע סומע, וועלכע איז דורך די מיטגלידער מיט אַ גרויסן עודף געדעקט געוואָרן. דער חנוכת־הבית איז געפראַוועט געוואָרן מיט גאָר גרויסן פאַרנעם און עס איז געשאַפן געוואָרן בײַ די הונדערט טויזנט פעזעס, אויף צו אינסטאַלירן דעם לאָקאַל און דעקן די אַלע אַנדערע אויסגאַבן. די מיטגלידער האָבן ברייטהאַרציק זיך אָפגערופן אויף דער ווענדונג פון פאַריין, און דער פאַריין האָט געפילט פאַר זײַן חוב צו אַנטוויקלען אַן אינטענסיווערע טעטיקייט וואָס זאָל מער באַגײַסטיקן די בראַנזשע. אַזוי איז אַנטשטאַנען די אידייע פון אַ קאָאָפעראַ־

טיווע פון רווישטאָפן און די געשיכטע פון אַט דער וויכטיקער אינסטיטוציע, וועלכע האָט אַרײַנגעבראַכט אַ גאַנץ נײַע ווענדונג אין לעבן פון שטריקער פאַך.

ווען איך האָב פאָרגעשלאָגן דעם פּלאַן פון אַ קאָאָפּעראַטיווע פאַר אַ גרופּע חברים האָבן עס אייניקע אויפגענומען זייער סקעפּטיש, אַנדערע דאַקעגן האָט אויסגעזען רעאַליזירבאַר די איניציאַטיווע. מען האָט לאַנג אַרומגערעדט און שטודירט אַלע פּרטים. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַפרײַען דעם פּראָדוצירער פון אייבעריקע פאַרמיטלער, פון פאַרבינדן אים דירעקט מיטן קוואַל פון זײַנע רווישטאָפן, קויפן „פון דער ערשטער האַנט", נישט פון דער „צווייטער", „דריטער" און נאָך נידעריקער... פאַר דער בראַנזשע האָט עס באַדײַט אַ ריזיקע דערגרייכונג, און דערפאַר טאַקע האָבן זיך פּרעזענטירט אומצייליקע שוועריקייטן. אָבער דער גוטער ווילן האָט געבראָכן אַלע צוימען און די קאָאָפּעראַטיווע איז געשאַפן געוואָרן. כל התחלות קשות זאָגט מען ביי ייִדן, און דאָ איז די התחלה געווען אַ טאָפּלט שווערע. מיר האָבן אין אָנהויב נישט געטראָפן מיט אַן אנגעשטעלטן און ווען מען איז אַרײַן אין קאָמפּראָמיסן מיט גרויסע פירמעס און מיט די מיטגלידער גופא, איז ערשט נישט געווען ווער עס זאָל אָנפירן מיט אַזאַ אַרבעט. חברים האָבן נישט געוואָלט אָנטרויען די פאַרוואַלטונג אַף פרעמדע הענט און באַשטאַנען, אַז איך זאָל איבערנעמען די אָנפירונג פון דער אינסטיטוציע.

די ערשטע אויפגאַבע פון דער קאָאָפּעראַטיווע איז געווען צו זיכערן די אייניקייט פון דער בראַנזשע אַרום דעם פאַריין ווי די מוטער־אינסטיטוציע; ס'איז דעריבער באַשטימט געוואָרן, אַז די וואָס ווילן אַרבעטן מיט די קאָאָפּעראַטיוועס דאַרפן ווערן מיטגלידער פון פאַריין. די קאָאָפּעראַטיוועס זײַנען פאַר די מיטגלידער פון פאַריין און נישט פאַר קיין אַנדערע. די קאָאָפּעראַטיווע האָט זיך אויך פאַרבונדן מיט די גרעסטע שפּינערייען אין לאַנד און האָט אויך רעכט צו אימפּאָרטירן און עקספּאָרטירן סחורה. די לעצטע צוויי יאָר לעבט איבער דאָס לאַנד באַדײַטנדיקע עקאָנאָמישע שוועריקייטן, וועלכע רופן זיך אָפּ אַף אַלע אינדוסטריעס און במילא אויך אַף דער שטריקעריי בראַנזשע. דאָך האָט די קאָאָפּעראַטיווע מיט דערפאָלג בײַגעקומען די צײַטווײַליקע שטערונגען און געשלאָסן די לעצטע באַלאַנסן מיט אַ באַדײַטנדיקן סופּעראַוויט, און עס ווערן פאָרויסגעזען זייער גוטע פּערספּעקטיוון אַף דער נאָענטסטער צוקונפט.



אין נאָמען פון די אָנוועזנדיקע פאַרשטייער פון די פינאַנץ-אינסטיטוציעס אויפן חנוכת-הבית פון דער קאָאָפּעראַטיווע, באַגריסט דער כערענטע פון דער באַנקאָ דע לאַ נאַסיאָן.



יוסף ווענטורא באַגריסט אין נאָמען פון די שפּינעריי־אינדוסטריאַלן.

קרעדיט - קאַסע
„לאַ טעקסטילעראַ"

# אינהאַלט פון דער אָפּטיילונג:



## פאַרוואַלטונג פון דער קרעדיט־קאַסע „לאַ טעקסטילעראַ"



עס זיצן פון רעכטס: משה פאַנקעוויטש, יחזקאל רובינשטיין, משה קוויאַטעק, פנחס-מאיר ראָזענבערג, (פרעזידענט), מענדל שאפירשטיין, יחיאל שוואַנדער, זעליק זילבערבערג; עס שטייען: אהרן באַבעיודאַ, פרץ פרענגלער, דניאל פישער, ענריך זאלעסקי, שמואל קאָרענבלום, יצחק קוואַטערקאַ, יוסף גערשטיין, יונה עפּעלבוים.



# די קרעדיט - קאַסע „לאַ טעקסטילעראַ“

פון

**מאיר פרענגלער**

ייִדישע אימיגראַנטן זײַנען געווען די פּיאָנערן פון דער שטריקער־אינדוסטריע אין אַרגענטינע. ווי אימיגראַנטן זײַנען זיי געקומען מיט ליידיקע הענט, אָן קיין שום מאַטעריעלע מיטלען; אָרעם אין געלט, אָבער רײַך אין יוגנטלעכער ענערגיע, אין אַרבעטסזאַמקייט, אין ווילן צו דער אַרבעט. נאָך איין פאַרמעגן האָבן אַ גרויסער טייל פון זיי געבראַכט: אַ פאַך אין די הענט, זיי זײַנען געווען גענייטע שטריקער פון דער אַלטער היים און האָבן דאָ דערוואַרט, לפּחות אין דער ערשטער צײַט, זיך צו מאַכן אַ לעבן ווי אַרבעטער אין דער אינדוסטריע. אָבער די שטריקער בראַנזשע איז אין יענער צײַט, אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען נאָך נישט אַנטוויקלט אין לאַנד, און די קאַרגע פּאָר צענדליק פאַבריקלעך וואָס האָבן עקזיסטירט, האָבן נישט געקאָנט באַשעפטיקן די נײַ־אַרײַנגעקומענע אַרבעטער.

האָבן טייל זיך גענומען צו פאַרשיידענע פּרנסות, צו וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט, ווײַל לעבן האָט מען דאָך געדאַרפט, און אייניקע האָבן זיך גענומען צו אַרבעטן פאַר זיך. געוויינלעך הויבט זיך אָן יעדע אונטערנעמונג מיט אַן אינוועסטיציע פון קאַפּיטאַל, אונדזערע שטריקער האָבן אין אָנהויב אינוועסטירט נישט מער ווי זייערע „צען פינגער“, זייער ענערגיע, געזונט און אונטערנעמונגס־גײַסט. דאָס איז זייער אַ סאַך פאַר אַן אָנהויב, אָבער נישט גענוג פאַר דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון אַן אינדוסטריע.

די נײַע פאַבריקאַנטן האָבן גיך דערפילט, אַז זיי קאָנען נישט אַרבעטן אָן קאַפּיטאַל און אַף צו פאַרגרעסערן זייערע אונטערנעמונגען מוזן זיי האָבן פינאַנציעלן קרעדיט. עס האָט זיך געהאַנדלט אין יענער צײַט, נישט נאָר אין אויפשטעלן פאַבריקן, נאָר אין שאַפן אַ מאַרק, אַ פאַרברויכער, אַ מאַסן־אָפּנעמער, וואָס זאָל פאָדערן דעם אַרטיקל. און די פּראָדוקטן פון דער שטריקער אינדוסטריע זײַנען נאָך נישט אַרײַן אין מאַסן־פאַרברויך: די אימפּאָרטירטע זײַנען געווען צו טײַער און די אָרטיקע — פון אַ שלעכטער קוואַליטעט. און אויף צו שאַפן אַרטיקלען פון אַ בעסערער קוואַליטעט אויף צוגענגלעכע פּרײַזן, האָט מען געדאַרפט די אַרבעט מעכאַניזירן, זיך פאַרגרייטן מיט סטאָקן רוימאַטעריאַלן, און אויף דעם האָט מען געדאַרפט האָבן קאַפּיטאַלן.

אָבער די יונגע שטריקער־אונטערנעמער האָבן קיין קאַפּיטאַלן נישט געהאַט, קאַפּיטאַלן זײַנען געווען אין די בענק, און צו די בענק האָבן זיי נישט געהאַט קיין צוטריט. מיט גרויסע שוועריקייטן פלעגט אַ שטריקער־אינדוסטריאַל באַקומען אַ קרעדיט אין אַ באַנק. אַ באַנק פאָדערט פאַרשיידענע פאָרמאַליטעטן און הונדערט־פּראָצענטיקע גאַראַנטיעס, און ס׳איז פאַרבײַ פיל יאָרן ביז די פריש־געבאַקענע אינדוסטריאַלן האָבן אָנגעהויבן פירן ביכער, צושטעלן באַלאַנסן און קאָנען געבן גוטע קאָמערציעלע גאַראַנטיעס. מיט דער צײַט האָט דאָך יעדער שטריקער פאַבריקאַנט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט אַ וועלכער נישט איז באַנק, אָדער מיט עטלעכע בענק, אָבער וואָס מער אַן אינדוסטריאַל האָט אויסגעברייטערט זײַן אונטערנעמונג אַלץ מער קרעדיטן האָט ער געדאַרפט האָבן. דאָס איז די אייגנטלעכע נאַטור פון אַ מאָדערנער אינדוסטריע, ווי גרויס אָדער ווי קליין עס זאָל נישט זײַן דער קאַפּיטאַל, קיינער קאָן נישט אַרבעטן אָן באַנק־קרעדיט.

שוין דער פאַקט אַליין וואָס די אויסגעאַרבעטע סחורה ווערט פאַרקויפט אויף קרעדיט אָדער וועקסלען, בעת דער אינדוסטריאַל צאָלט די לוינען אין מזומן און איז געצוווּנגען צומאָל אויך אַ טייל פון די רוימאַטעריאַלן צו צאָלן במזומן, צווינגט אים אָנ־

צוקומען צו די בענק. דעריבער איז די פראַגע פון אַן אייגענער קרעדיט־קאַסע שטענדיק געווען אַקטועל און נאָך איידער עס האָט זיך געגרינדעט דער הײַנטיקער פאַריין זײַנען געמאַכט געוואָרן פרווון צו שאַפן אַזאַ קאַסע. פון די פרווון איז גאָרנישט אַרויסגעקומען, אָבער דאָס ווײַזט, אַז אַ קרעדיט־קאַסע איז זײַט יאָרן אַ דרינגענדיקע נויטווענדיקייט; אָבער אין יענע צײַטן זײַנען נאָך נישט געווען די מענטשן און נאָך נישט רייף די באַדינגונגען אויף צו פאַרווירקלעכן אַזאַ איניציאַטיווע.

די לעצטע עטלעכע יאָר איז די פראַגע פון קרעדיט געוואָרן נאָך שאַרפער. שוין באַלד צען יאָר, אַז עס האַלט אָן אַ שטײַגנדיקע אינפלאַציע אין לאַנד, וואָס דריקט זיך אויס אין וווּקס פון די פרײַזן און אין דער אַנטווערטיקונג פון דער אַרגענטינער פעזע. עס איז אַן אַלגעמיינע דערשיינונג, וואָס באַהערשט אַ גאַנצע רײַע לענדער פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ווי אַ מיטל קעגן דער אינפלאַציע ווערט באַגרענעצט דער קרעדיט. עס איז אַן אַלט און אויסגעפרווּוט מיטל, וועלכן אַלע רעגירונגען ווענדן אָן אויף צו קאָנטראָלירן דעם ווערט פון דער אייגענער מטביע: פרײַער און ביליקער קרעדיט שאַפט מער געלט אין לאַנד, ווערט דאָס געלט ביליקער; באַגרענעצטער קרעדיטן, דאַקעגן, שאַפט אַ מאַנגל אין געלט און זײַן פרײַז ווערט טײַערער. די אַרגענטינער צענטראַלע רעגירונגס־באַנק קאָנטראָלירט דעם קרעדיט פון די פריוואַטע בענק און דערלויבט זיי אַרויסצוגעבן נאָר אַ באַשטימטן טייל פון זייער קאַפּיטאַל, דערמיט האָט זי באַוויזן אין אַ גרויסער מאָס אָנצוהאַלטן די סטאַביליטעט פון דער פעזע. דעריבער האָבן די בענק, אַזוי די פריוואַטע ווי די אָפיציעלע, שוין יאָרן נישט געהעכערט דעם קרעדיט פון זייערע קליענטן. פאַר דער צײַט האָט דער אומזאַץ פון יעדן אינדוסטריאַל זיך געהעכערט, עס זײַנען גרעסער געוואָרן זײַנע הוצאות, ער קויפט מער און פאַרקויפט מער, ער דאַרף דעריבער אויך אַ גרעסערן קרעדיט — אָבער אין די בענק קאָן ער אים הײַנט נישט באַקומען אין דער מאָס ווי דאָס פאָדערט זײַן אונטערנעמונג.

דער פאַריין האָט געפילט און גוט פאַרשטאַנען די באַדערפעניש פון דער שטריקער־אינדוסטריע און האָט אונטערגענומען די איניציאַטיווע צו שאַפן אַ קרעדיט־קאַסע פאַר די שטריקער. דער פלאַן איז דורך די מיטגלידער אויפגענומען געוואָרן מיט פולער צושטימונג און סימפּאַטיע. אמת, ס'איז נישט לײַכט אָנגעקומען צו שאַפן דעם גרינדונגס־קאַפּיטאַל, די ערשטע פאַרוואַלטונג, באַזונדערס, האָט געהאַט גענוג אַרבעט. אָבער די אינסטיטוציע איז געשאַפן געוואָרן מיט זעקס יאָר צוריק און איז הײַנט צו טאָג אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע.

איך וויל בײַ דער געלעגנהייט אויסדריקן מײַן אָנערקענונג די גרינדער פון דער אינסטיטוציע און דערמאָנען די ערשטע פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון די קאָלעגן: אלתר קאָסיצקי, יוסף גערשטיין, אברהם קריס, יצחק בעניעק, משה קוויאַטעק, משה פאַנקעוויטש, יחזקאל רובינשטיין, שלמה יאַבקאָווסקי, סימאָן באַוונִיק, דניאל פישער, חיים לייבמאַן, שמואל יאָלים און פנחס ראָזענבערג.

וועגן דער אַרבעט און פראָגרעס וועלכן די קרעדיט־קאַסע האָט דורכגעמאַכט אין פאַרלויף פון די זעקס יאָר צײַט, וועלן באַריכטן דער סעקרעטאַר און קאַסיר פון דער אינסטיטוציע. ווי אַ פרעזידענט האָב איך נאָר געוואָלט אָנווײַזן אויף די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען די אַנטשטייאונג פון דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע און אויף דער וויכטיקער ראָלע, וואָס זי שפילט הײַנט אין עקאָנאָמישן לעבן פון דער אינדוסטריע, איך דאַנק דער פאַרוואַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע, וואָס באַגלייט מיך מיט אַזוי פיל צוטרוי און פרײַנטשאַפט אין דער אַרבעט, און ווינטש די מיטגלידער פון פאַריין ווי דער גאַנצער שטריקער־בראַנזשע, ווײַטערדיקע דערגרייכונגען אויפן געביט פון זייער אינדוסטריעלער טעטיקייט צום כבוד פון ייִדישן ישוב און צום נוצן פון גאַנצן לאַנד.

**מאיר פרענגלער**

פרעזידענט פון פאַרגאַנגענעם פעריאָד



# דער אויפֿטו פֿון די ייִדישע שטריקער פֿאַבריקאַנטן

פֿון

**יחיאל שוואַנדער**

מיט אַ פּאָר און דרײַסיק יאָר צוריק, ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם לאַנד, האָבן די פּראָדוקטן פֿון דער היגער טעקסטיל־אינדוסטריע און פֿון שטריקער־פֿאַך, באַזונדערס, כּמעט ווי זיך נישט אָנגעזען גאָר אַף דעם אַרגענטינער מאַרק. מען האָט גענוצט אימפּאָרטירטע סחורה. די ענגלישע שטאָפֿן האָבן פֿולשטענדיק באַהערשט דעם אָרטיקן מאַרק, טריקאָטאַזש אַרטיקלען פֿלעגן אויך אַרײַנקומען פֿון אַנדערע לענדער, און דער היגער אינדוסטריאַל, וואָס האָט דאָס רוב געאַרבעט מיט די פּרימיטיווסטע מיטלען, האָט נישט געקאָנט קאָנקורירן מיטן פֿײַנעם געשמאַק, קאָלירן און מאָדעלן וואָס פֿלעגן אַרײַנקומען פֿון אויסלאַנד.

דער אימפּאָרטירטער פּראָדוקט האָט באַהערשט דעם מאַרק; האָט טאַקע צוגעשטעלט אַ בעסערן, וואָלענעם, אַרטיקל, אָבער דערפֿאַר אימפּאָנירט הויכע פּרײַזן. פֿאַקטיש זײַנען די בעסערע טריקאָטאַזש אַרטיקלען גאָר נישט געווען צוטריטלעך פֿאַרן פֿאַברויך פֿון די אָרעמערע שיכטן. דאָס האָט אויסגענוצט די יונגע בראשיתדיקע שטריקער־אינדוסטריע. זי איז אַרײַנגעדרונגען אין דער־אָרעמער שפּאַרונע, וועלכע עס האָט איבערגעלאָזן דער טײַערער אימפּאָרט־אַרטיקל. זי האָט פּראָדוצירט פֿאַרן אָרעמערן פֿאַרברויכער ביליקערע סחורה, און האָט דעריבער געמוזט באַנוצן די ביליקסטע רוי־מאַטעריאַלן. מען האָט געשטריקט פֿון באַוול, וואָס איז געווען ביליקער פֿון וואָל, און אַזוי אַרום באַפֿרידיקט די וואַקסנדיקע נאָכפֿראַגע פֿון שטאָט און באַזונדערס פֿון דער פּראָווינץ.

די לאָקאַלע שטריקער אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן מיט אַ ביליקן באַוול־פּראָדוקט, און מיט דער צײַט איבערגעשטיגן אין קוואַליטעט, פֿאַרקאָנקורירט און אַרויסגעשטויסן די אימפּאָרט אַרטיקלען. ס'איז געווען אַ לאַנגער פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט בײַ דרײַ צענדליק יאָר, אין פֿאַרלויף פֿון וועלכע די טעקסטיל־אינדוסטריע פֿון לאַנד און אויך די שטריקער־בראַנזשע, האָבן דורכגעמאַכט אַ גרויסע טעכנישע אַנטוויקלונג און אַזאַ פּערפֿעקציע אין קוואַליטעט און געשמאַק, וואָס מאַכט אין גאַנצן איבעריק דעם אימפּאָרטירטן אַרטיקל.

די שטריקער בראַנזשע, באַזונדערס, באַפֿרידיקט הײַנט פֿולשטענדיק דעם אינערלעכן מאַרק און שטעלט צו די פֿײַנסטע סאָרטן און מאָדעלן, נישט ערגער פֿון די אויסלענדישע מוסטערן, און אַף גאַנץ צוטריטלעכע פּאָפּולערע פּרײַזן. אין אָט דעם פּראָגרעס פֿון דער אינדוסטריע, וואָס האָט געבראַכט באַדײַטנדיקע נוצן דעם לאַנד, האָט געשפּילט זייער אַ חיכטיקע ראָלע דער ייִדישער שטריקער־אַרבעטער. אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אימיגראַציע אַהער געבראַכט אַ באַדײַטנדיקע צאָל ייִדישע פֿאַכלײַט. זיי האָבן אַרויסגעהויבן די אינדוסטריע און זײַנען געווען דער הויפּט־גורם פֿון איר וווּקס און אַנטוויקלונג. דער ערשטער און ביליקסטער רוימאַטעריאַל, באַוול, האָט מיט דער צײַט אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ פֿאַר אַ בעסערן רוי־שטאָף: וואָל, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין לאַנד און קאָסט פֿאַרהעלטנסמעסיק נישט טײַער. מיט וואָל אין די שטריק־מאַשינעס און מיט דער עקספּעריענץ פֿון געניטע אַרבעטער, באַווײַזט הײַנט די שטריקער־בראַנזשע צושטעלן אַרטיקלען פֿאַרן מאַסן־געברויך, אַף ביליקע פּרײַזן, און פֿון דער פֿײַנסטער אויסאַרבעטונג און קוואַליטעט.

די שטריקער־אינדוסטריע באַשעפֿטיקט הײַנט טויזנטער אַרגענטינער אַרבעטער און סטימולירט די אַנטוויק־

לונג פון פיל אַנדערע שכנישע אינדוסטריע צווײַגן. שפּינערײַען, פאַרבערײַען, מעכאַנישע וואַרשטאַטן וואַקסן צוזאַמען און מאַכן אַ לעבן פון דער שטריקער־בראַנזשע. מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג דאַרף דערמאָנט ווערן יענער ווײַטער פּיאָנערן־פּעריאָד, ווען די שטריקער האָבן אויסגעאַרבעט אַן אָרעמען פּראָדוקט פאַר אַן אָרעמען קליענט, און האָבן אַליין אויך געפירט אַ גאַנץ שווער און אָרעם לעבן.

ס׳איז פאַקטיש אַ קליינער צײַט־אָפּשניט און דאָך אַזאַ גרויסע ראַדיקאַלע ענדערונג, וואָס באַטײַט אויך אַ טיפע ענדערונג אין עקאָנאָמישן לעבן פון גאַנצן לאַנד. פריער — אַ פולשטענדיקע אָפּהענגיקייט, אין פּרט פון אַלע מינים טעקסטיל־שטאָפן, פון אויסלענדישן מאַרק און הײַנט — אַן אייגענע זעלבסטשטענדיקע און בליענדיקע אינדוסטריע, וואָס באַשעפטיקט אַרגענטינער אַרבעטער, אַרבעט אויס אַרגענטינער רוישטאָפן און שיקט ניט אַרויס קיין אַרגענטינער דיוויזן קיין אויסלאַנד.

מיטן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג האָט אייראָפּע מער נישט געקאָנט פאַרשיטן אַרגענטינע מיט אירע סחורות. ענגלאַנד האָט מער נישט געקאָנט שיקן קיין טעקסטיל שטאָפן און אַרגענטינע האָט כמעט ווי פון איין טאָג אויפן צווייטן, געדאַרפט זיך אַליין באַזאָרגן מיט אַלע אַרטיקלען. און דאָך האָט די באַפעלקערונג נישט געליטן קיין מאַנגל, באַזונדערס אין טריקאָטאַזש. אין דער שטריקער־בראַנזשע האָבן יידישע פאַבליים באַוויזן אין אַ קורצער צײַט צו פאַרפילפאַכן די פּראָדוקציע און באַפרידיקן די באַדערפענישן פון דעם אינערלעכן מאַרק. עס זײַנען פאַראַן אין אַרגענטינע גרויסע נישט־יידישע טריקאָטאַזש־פאַבריקן, אָבער דער יידישער פאַבריקאַנט איז נאָך אַלץ אַ באַדײַטנדיקער פאַקטאָר אין דער שטריקער־אינדוסטריע. יידן זײַנען געווען די ערשטע בויער און פּיאָנערן פון דער אינדוסטריע־צווײַג און זיי זײַנען נאָך אין איר שטאַרק פאַרטראָטן. אונטערפירנדיק אַ סך־הכל פון דער אַנטוויקלונג אין דער בראַנזשע מעגן מיר זײַן שטאָלץ מיטן יידישן בײַטראָג פאַר אַזעלכע דערפאָלגרײַכע רעזולטאַטן.



אַן אויפנאַמע פאַר מיטגלידער זועלכע האָבן באַזוכט מדינת ישראל



# די שטריקער אינדוסטריע און די קרעדיט קאָאָפּעראַטיווע

פון

**מענדל שאַפּירשטיין**

די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע „לאַ טעקסטילעראַ" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1954 און האָט דעם 31טן דעצעמבער פאַריקן יאָר געשלאָסן דעם זעקסטן פּעריאָד פון איר טעטיקייט. אין פאַרלויף פון דער צײַט האָט די אינסטיטוציע דורכגעמאַכט זייער אַ שנעלן פּראָגרעס, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש און אַ גרויסער מאָס אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער אינדוסטריע. דער וווּקס פון דער קאָאָפּעראַטיווע גייט פּאַראַלעל מיטן וווּקס פון דער שטריקער־בראַנזשע: וואָס גרעסער עס ווערן די פינאַנציעלע מעגלעכקייטן פון די שטריקער פאַבריקאַנטן אַלץ מער זײַנען די דעפּאָזיטן אין דער שפּאָר־קאַסע און גרעסער די קרעדיט־מעגלעכקייטן פון דער קאָאָפּעראַטיווע. אַ פאַבריקאַנט וואָס פאַרגרעסערט זײַן פּראָדוקציע מוז האָבן אַ גרעסערן קרעדיט און ער באַקומט אים אין זײַן קאָאָפּעראַטיווע, ווײַל מיטן פּראָגרעס פון אַן אונטערנעמונג ווערט סאָלידער איר עקאָנאָמישע פּאָזיציע און זי איז ווערט אַ גרעסערן קרעדיט.

ווי אַ סעקרעטאַר וואָס פאַרנעמט דעם אַמט שוין דעם צווייטן פּעריאָד, וויל איך רופן די אויפמערקזאַמקייט און קאָמענטירן אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג: אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן האָט באַדײַטנדיק זיך פאַרגרעסערט די נאָכפראַגע אויף גרעסערע קרעדיטן, אויף אַריבער די פופציק טויזנט פּעזעס. און דאָס איז אַ רעזולטאַט נישט נאָר פון אַלגעמיינעם וווּקס פון יקרות, נאָר אין אַ גרויסער מאָס איז עס אַ קאָנסעקווענץ פון אַ גרעסערער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט פון אונדזערע מיטגלידער. אין פאַרלויף פון די לעצטע פּאָר יאָר זײַנען אײַנגעשטעלט געוואָרן נײַע מאַשינעס, עס זײַנען באַנײַט געוואָרן אינסטאַלאַציעס, אייניקע האָבן זיך פאַרגרייט מיט גרעסערע סטאָקן רוישטאָפן, אַנדערע האָבן פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע א. אַ. וו. אין לעצטן פּעריאָד זײַנען בײַ די 45 פּראָצענט פון די אַרויסגעגעבענע קרעדיטן אויף סומעס, וואָס שטײַגן ווײַט איבער די פופציק טויזנט פּעזעס. עס זײַנען פאַראַן קרעדיטן אויף 3 און 4 הונדערט טויזנט פּעזעס, און די קאָאָפּעראַטיווע האָט זיי געקענט אַרויסגעבן, ווײַל עס האָט נישט געפעלט קיין קאַפּיטאַל און די קרעדיטן זײַנען גוט פאַרזיכערט.

איך האַלט דאָ פאַר נויטיק צו אונטערשטרײַכן, אַז ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ גרעסערן קרעדיט, איז נאַטירלעך אַז די פאַרוואַלטונג, וועלכע טראָגט אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אינסטיטוציע, זאָל פאָדערן אַלע פאָרמאַליטעטן און גאַראַנטיעס וועלכע זײַנען נויטיק אין אַזאַ פאַל. דאַקעגן אָבער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן קלענערע קרעדיטן — און 55 פּראָצענט פון די אַרויסגעגעבענע קרעדיטן דאָס יאָר זײַנען געווען אויף סומעס וויניקער פון פופציק טויזנט פּעזעס — איז מען נישט אַזוי חוקר ודורש און מען שטעלט דער עיקר אויף דער מאָראַלישער סאָלווענץ פון דעם מיטגליד. און מיר האָבן נאָך ביז איצט קיין טעות נישט געמאַכט: קיינער פון די מיטגלידער איז נישט געבליבן שולדיק קיין געלט דער קאָאָפּעראַטיווע. אמת, אייניקע זײַנען נישט אַזוי פּינקטלעך מיטן צאָלן ווי אין אַ באַנק, מען ווייסט, אַז מיר וועלן זיך נישט אײַלן דעם וועקסל צו פּראָטעסטירן, צאָלט מען נישט „צום טאָג", נאָר אין צוויי און דרײַ טעג אַרום — אָבער מען צאָלט.

מיט קליינע קרעדיטן ווערן דעריבער נישט געמאַכט קיין איבעריקע פאָרמאַליטעטן און ווי נאָר דער מיטגליד שטעלט צו די בקשה, באַקומט ער אין געציילטע

טעג די הלוואה. אין דרינגנדיקע פאַלן ווערן אפילו קלענערע סומעס אַרויסגעגעבן פון איין טאָג אויפן צווייטן אָן דער אָנגענומענער פאָרמעלער צושטימונג פון דער פאַרוואַלטונג.

די אַספּיראַציע פון דער קאָאָפּעראַטיווע איז טאַקע צו זײַן ווי אַ באַנק: עס הייסט, אַרויסגעבן וואָס גרעסערע קרעדיטן און אױף די בעסטע באַדינגונגען; אָבער פון דער אַנדערער זײַט איז די שטרעבונג נישט צו זיין ווי אַ באַנק שטרענג, פאָרמאַליסטיש, קאַלט און פּעדאַנטיש. פאַרקערט, די שטרעבונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע איז צו זײַן וואָס טאָלעראַנטער מיטן מיטגליד, פרײַנטלעכער און היימישער. דעריבער איז די טענדענץ נישט צו שטעלן אין גאַנצן אױף דער פאָרמאַליטעט און אויפן באַלאַנס, נאָר שטעלן אויך אױף דער מאָראַל פון מענטשן, זײַן זײַנע באַדינגונגען און פאַרשטיין זײַנע אמתע באַדערפעגישן, „אַרײַן אין זײַן לאַגע". הייסט עס, אַזאַ איז די פינאַנציעלע פּאָליטיק, אויב מען קאָן עס אַזוי אָנרופן פון דער קאָאָפּעראַטיווע. און די דאָזיקע פּאָליטיק האָט ביז איצט געגעבן די בעסטע רעזולטאַטן.

אין די ווײַטערדיקע אַרטיקלען פון דער קאָאָפּעראַטיווע וועלן זיכער אָנגעגעבן ווערן ציפערן און דאַטן:

איך וועל זיך באַנוגענען נאָר מיט דער אַלגעמיינער באַמערקונג, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר, און באַזונדערס טאַקע אין לעצטן יאָר, האָט די קאָאָפּעראַטיווע פאַרפילפאַכט איר טעטיקייט, און דער דאָזיקער פּראָגרעס איז אין אַ גרויסער מאָס אויך אַ רעזולטאַט פון דער זעלטן האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט פון דער פאַרוואַלטונג אונטער דער אָנפירונג פון פרײַנט מאיר פרענגלער. די אָפיציעלע זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג קומט פאָר איין מאָל אין וואָך, אָבער אין דער ווירקלעכקייט קומען דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג אַלע טאָג. יעדן אָוונט „כאַפּט מען זיך אַרײַן" אין קאָאָפּעראַטיווע, מען שמועסט מענינֵי דיומא, און אָפטמאָל טאַקע באַהאַנדלט מען אַ דרינגנדיקן קרעדיט פאַר אַ מיטגליד.

זיכער איז דער הויפּט־פאַקטאָר פון פּראָגרעס פון דער קאָאָפּעראַטיווע דער אַלגעמיינער פּראָגרעסיווער וווּקס פון דער אינדוסטריע. אָבער די קאָאָפּעראַטיווע האָט באַוויזן נאָכצוקומען די וואַקסנדיקע באַדערפעגישן פון דער אינדוסטריע. דאָס איז איר גרעסטע דערגרייכונג און מיט שטאָלץ קאָנען מיר זאָגן, אַז די קרעדיט קאָאָפּעראַטיווע האָט פיל בײַגעטראָגן פאַרן אַקטועלן וווילשטאַנד און וווּקס פון דער שטריקער בראַנזשע.



דער פּרעזידענט פון פאַראיין, הערץ יאַבקאָווסקי, רעדט אויף אַ מסיבה פון דער אינסטיטוציע.



# מאָדערנער מתן־בסתר

פון

יחזקאל רובינשטיין

דער גרעסטער טייל פון אונדזערע שטריקער פאַבריקאַנטן זיינען געקומען פון פוילן. אַ סך שטאַמען פון דער סאַמע הויפּט־שטאָט, פון וואַרשע, און אייניקע פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. איך בין אַ מעכאָווער, אַ שטעטל נישט ווייט פון לובלין. געקומען בין איך קיין אַרגענטינע אַ יונג בחורל, און ווי אַלע אימיגראַנטן — אָן אַ לעבעדיקן סענט אין קעשענע אָבער מיט אַ סך יוגנטלעכער ענערגיע, און נאָך מער יוגנטלעכע טרוימען און חלומות. מיינע קאָלעגן פון דער בראַנזשע דערמאָנען אָפט מיט שטאָלץ זייערע יוגנט־יאָרן אין דער אַלטער היים און זאָגן, אַז זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך „קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טראַדיציעס״. זיכער איז אין יענער צייט אין די גרויסע פוילישע שטעט געווען אַן אינטענסיוו, געזעלשאַפטלעך און קולטורעל ־ ייִדיש לעבן. די ייִדישע יוגנט באַזונדערס, פון אַלע סאָציאַלע שיכטן, האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע, און ווער מער ווער ווייניקער האָט זיך באַטייליקט אין אַזאַ אָדער אַנדער אָרגאַניזאַציע. גאַנץ אַנדערש איז עס געווען אין די קליינע שטעטלעך. אויך צו אונדז איז דערגאַנגען דער אָפּקלאַנג פון דעם אומרו, וואָס האָט באַזונדערס אין די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אַזוי טיף אויפגערודערט דאָס ייִדישע לעבן. אָבער נישט מער ווי אַן אָפּקלאַנג. דאָס שטילע קליינשטעטלדיקע לעבן האָט זיך נישט געלאָזן אַזוי לייכט מיטרייסן מיטן שטורעם פון די נייַע צייטן און האָט פעסט זיך געהאַלטן ביי די טראַדיציעס וואָס האָבן געוואָרצלט אין דורות.

געווען ביי אונדז אַ רב, אַ גרויסער למדן און אַ נוח לבריות, האָט מען אים טאַקע שטאַרק געשעצט און ליב געהאַט אין שטאָט, און נישט אַזוי פאַר זיין לומדות, אויף וועלכער נישט אַלע האָבן זיך פאַרשטאַנען, נאָר פאַר זיין אויפריכטיקער פרומקייט און גוטסקייט. אַפילו מיר, די יוגנט, וואָס האָט שוין נישט געהאַלטן פון פרומקייט און אייניקע פון וועלכער האָבן שטאָלצירט מיטן רויכערן שבת באַהאַלטענערהייט אַ פּאַפּיראָס און יום־כּיפּור פּראַווען אַ סעודה ביים פוילישן קאָלבאַסניק; אַפילו אָט די אפיקורסים האָבן געהאַט אַ גרויסן דרך־ארץ פאַרן רב.

צווישן די שיינע ייִדן אין שטעטל איז ביי אונדז געווען נאָך אַ ייִד אַ גרויסער למדן און צו דעם נאָך אַ גרויסער גביר. מען האָט אים געהאַלטן פאַרן גרעסטן עושר אין שטאָט, און געווען איז ער אַ מענטש אַ שטילער און זייער אַ פרומער, אָבער אַ מורא׳דיקער קמצן. זיין קמצנות האָט געהאַט אַ שם: ער פלעגט נישט נאָר ניט געבן קיין נדבה אַן אָרעמאַן, נאָר ער פלעגט פאַר זיך אַליין אויך קאַרגן. מען האָט געזאָגט, אַז ער טיילט צו דעם ביסן ברויט זיינע בני־בית און די טירן פון זיין שטוב האָט ער שטענדיק געהאַלטן געשלאָסן. אויף צרכי ציבור פלעגט ער געבן נאָר ווען דער רב פלעגט גוזר זיין, און אין געלט־זאַכן האָט ער אַפילו נישט שטענדיק דעם רב אויסגעפאָלגט. אַ מאָדנע טבע האָט ער געהאַט:

אָפּזאָגן פלעגט ער נישט, נאָר געבן אויך נישט. ער פלעגט אויסהערן, שטיל צושאָקלען מיטן קאָפּ, זיך אויסדרייען און אַוועקגיין. איבערהויפּט איז ער געווען אַ שווייַגער. אין שטאָט פלעגט מען זיך דעריבער וויצלען

און זאָגן, אַז ער איז נישט נאָר קאַרג אויף געלט — ער איז אויך קאַרג אויף אַ וואָרט.

אַז די שטאָט האָט אים פּײַנט געהאַט איז איבעריק צו זאָגן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מען האָט מיט אַ געוויסן ווידערווילן זיך באַצויגן נישט נאָר צום קמצן, נאָר מען האָט געקוקט מיט פּאַרדרוס און געזוכט אויסמיידן אַפילו די שטוב ווו ער האָט געוווינט. ווען ער איז געשטאָרבן, האָט די חברה קדישא באַשלאָסן, מיטן פולן הסכם פון רב, מקבר צו זײַן דעם קמצן בײַם פּלויט, כאָטש אויף קבורה האָט ער יאָ איבערגעלאָזן אַ געוויסע סומע. אייניקע האָבן אַפילו געמורמלט, מען האָט געזאָגט אַז מען וואָלט נישט געדאַרפט מבייש זײַן קיין מת; אָבער דאָס זײַנען געווען געציילטע, אויסנאַמען. די שטאָט האָט באַטראַכט דעם פּסק ווי אַן אויסדרוק פון אַ מין העכערער גערעכטיקייט און האָט צוגעשטימט צום משפּט. דער גורל פון קמצן איז אַרײַן אין דער שטייגער־שפּראַך פון שטעטל און אַ קאַרגן פלעגט מען וואָרענען: געדענק, וועסט האָבן יענעמס ביטערן סוף!...

אָבער מעכאָוו האָט געהאַט נישט נאָר אַזאַ מין אויסטערלישן און פאַרביסענעם קמצן; געווען בײַ אונדז אויך אַ גרויסער און באמת וווּנדערלעכער בעל־צדקה. ווײַל אַז אַ גביר גיט צדקה איז נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך; אָבער דער פילאַנטראָפּ איז געווען אַ קבצן בן קבצנים. אַ פּשוטער בעל־עגלה איז ער געווען, פלעגט מיט פערד־און־וועגעלע זיך אויסמאַטערן שווער זײַן פּרנסה, און האָט געלעבט ווי אַן אָרעמאַן אין אַ קליין אָרעם שטיבל הינטערן שטעטל. אמת, געווען איז ער זייער אַ פרומער און אָפּגעהיטער ייִד, און אַפילו אַ שטיקל יודע ספר, ווײַל געלערנט האָט ער אין תלמוד־תורה און נאָכדעם אַ פּאָר יאָר אַליין אין בית־מדרש, אָבער דער טאַטע איז געווען אַ בעל־עגלה האָט ער געירשנט דעם פאָטערס פּרנסה און איז ביסלעכווײַז מפורסם געוואָרן אין שטעטל ווי אַ גרויסער בעל־צדקה. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט און פלעגט נישט וואַרטן מען זאָל צו אים קומען, נאָר ער פלעגט זוכן דעם נויטבאַדערפטיקן. ווו נאָר אַן אָרעמער, פאַרלאָזענער און קראַנקער, אַהין איז אָנגעקומען די הילף פון בעל־עגלה. ער פלעגט אויך געבן אויף קהלשע הצטרכותן און אָפט אַפילו גאַנץ באַדײַטנדיקע סומעס. די שטאָט האָט פּשוט געשטוינט: פון וואַנען נעמט זיך צום בעל־עגלה אַזאַ מין עשירות?... אויף אַלע פראַגן פלעגט ער ענטפערן מיט שטילשווײַגן, פלעגט זיך אויס־
דרייען און נישט ווערן. מיט דער צײַט האָט מען באַקומען פאַר אים גרויס דרך־ארץ, האָט מען שוין גאָרנישט געוואָגט צו פרעגן. אָבער די שטאָט האָט נישט גערוט, די רעטעניש האָט באַשעפטיקט אַ סך מוחות. האָבן אייניקע זיך דערמאָנט, אַז דער בעל־עגלה האָט ערגעץ געהאַט אַן עלטערן ברודער, וואָס איז מיט יאָרן צוריק אַוועק אין אַמעריקע, אָדער ווו אין אַן אַנדער לאַנד, און וועגן זיך נישט געלאָזט הערן. האָט מען אויסגעטײַטשט, אַז דער ברודער איז דאָרט נתעשר געוואָרן און ער שיקט אים גרויסע געלטער פון וועלכע ער וויל נישט נהנה זײַן. טיילט ער צדקה. האָט דאָס שטעטל אַ ביסל זיך באַרויקט, כאָטש נישט אַלע זײַנען געבליבן צופרידן פון אַזאַ פּירוש.

אָבער די צדקה פון בעל־עגלה האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג דער קאַרגער נגיד האָט געלעבט. ווי נאָר ער איז אָפּגעשטאָרבן האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט די נתינה, דער בעל־עגלה האָט אויפגעהערט צו געבן. איז מען צו אים צוגעשטאַנען, האָט ער אָנגעקוקט מיט טרערנדיקע אויגן און געשוויגן. מען האָט געפילט אַז ער לײַדט, אַז ער גיט נישט ווײַל ער האָט נישט וואָס צו געבן. דער בעל־עגלה איז ווידער אַרויף אויפן סדר־היום פון אַלע שטעטלשע געשפּרעכן און מען האָט אָנגעהויבן פאַרבינדן די פּטירה פון נגיד מיטן סוף פון דער צדקה. אפשר האָט דער קמצן מקיים געווען די מצווה פון מתן־בסתר? אפשר האָט ער דורכן בעל־עגלה געטיילט צדקה, ווײַל ער האָט נישט געוואָלט אויף דער וועלט געניסן דעם שכר פון כבוד און פאַרערונג? — איז ער דאָך אַ באַהאַלטענער צדיק, טאָר מען דאָך נישט שווײַגן...

די ריידערייען און השערות זײַנען אויך דערגאַנגען צום רב, האָט ער געשיקט רופן דעם בעל־עגלה. און אַז דער רב רופט — קומט מען. אין בית־דין שטיבל האָט אים דער רב גענומען אויפן פאַרהער און גוזר געווען בגזירת הרב ער זאָל זאָגן דעם גאַנצן אמת. האָט ער דערציילט אַז די צדקה־געלט וואָס ער האָט אַזוי ברייט־האַרציק געטיילט האָט אים געגעבן דער נגיד, וועלכער האָט אין שטאָט געהאַט אַ שם פון אַזאַ ביטערן קמצן. יעדע וואָך פלעגט ער אים אויסטיילן אַ גרעסערע סומע און אים הייסן צעטיילן. פלעגט ער אַמאָל הערן פון אַן אָרעמאַן, אָדער סתם אַ נויטבאַדערפטיקן, פלעגט ער אים מודיע זײַן און הייסן געבן. אַזוי האָט ער זיך נוהג געווען זײַן גאַנץ לעבן...

דער ענין האָט אין שטאָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם, אָבער באַזונדערס האָט די זאַך מצער געווען דעם רב פון שטעטל. ער, ווי אַ מורה צדק, האָט זיך געפילט שולדיק, וואָס ער האָט דערלאָזן מבייש זײַן אַ צדיק און אים געלאָזט ליגן בײַם גדר פון בית הקברות. האָט ער אין זײַן צוואה אַרײַנגעשריבן מען זאָל אים, דעם מעכאַווער רב, איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, לייגן בײַם קבר פון פאַרשטויסענעם קמצן... אָבער ער האָט אַזוי לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן, שוין אַ זקן געווען, קורץ נאָך דער געשעעניש איז ער נפטר געוואָרן און די שטאָט האָט מקיים געווען זײַן ווילן.

די מעשה מיטן קמצן וואָס האָט מיט אַזוי פיל מסירת־נפש דערפילט די מצווה פון מתן־בסתר, איז ווי אַרײַן אין באַוווּסטזײַן פון די מעכאַווער ייִדן. מתן־בסתר איז געוואָרן אַ שטיקל מנהג אין מעכאָוו. קיין נאָכמאַכער האָט טאַקע דער פאַרשטאָרבענער נגיד נישט געהאַט, אָבער אַז מען האָט שוין יאָ געגעבן, פלעגט מען עס נישט אַזוי באַזינגען און צעפויקן. מעכאָוו האָט זיך געהאַלטן אין דער פײַנער מידה פון מתן־בסתר...

מײַנע קאָלעגן פון וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע גרויסע פוילישע שטעט, האָבן טאַקע מיטגעבראַכט מיט זיך פײַנע גרויסשטאָטישע מאַנירן, פּראָפעסיאָנעלע דערפאַרונג, פּאָליטישע דערציִונג, אוודאי זײַנען זיי געווען די ערשטע אין דער אָרגאַניזאַציע פון פאַך, אין אויפבוי פון די אינסטיטוציעס און בײַ דער אָנפירונג פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. איך בין געקומען פון קליינשטעטלע מעכאָוו מיט אַ געשיכטע פון מתן־בסתר. די געשטאַלט פון אָט דעם ווונדערבאַרן ייִדן, וואָס האָט נישט געהאַלטן פון קיין כבוד, וואָס האָט געגעבן צדקה אויף צו העלפן און נישט פאַר אייגענע נוצן, איז מיט מיר מיטגעפאָרן פון מעכאָוו און געקומען קיין אַרגענטינע. זײַנען מיר טאַקע געקומען אין לאַנד מיט ליידיקע הענט, אָן אַ לעבעדיקן גראָשן אין קעשענע, אָבער מיט גוטע געפילן אין האַרצן, מיט שיינע בײַשפּילן, מיט טיף עטישע און הומאַניסטישע טראַדיציעס, וואָס האָבן געוואָרצלט אין דורות ייִדיש לעבן פון פּוילן.

יאָרן לאַנג ווי איך בין טעטיק אין פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן און אייניקע אַנדערע ייִדישע אינסטיטוציעס. אין דעם פעריאָד פאַרנעם איך דעם באַשיידענעם אַמט פון פּראָ־קאַסיר אין דער קרעדיט־קאַסע. די פאַרוואַלטונג פון דער קאַסע פאַרזאַמלט זיך איין מאָל אין וואָך, אָבער געוויינלעך קום איך אַרײַן אין פאַראיין יעדן טאָג. „מען כאַפּט זיך אַרײַן זיך זען מיט מענטשן”, און טאַקע אויך צו זען אפשר דאַרף ווער אַ דרינגענדיקן קרעדיט אָדער אַ גמילות־חסד. און אַזעלכע פאַלן טרעפן גאַנץ אָפט. אַ פאַבריקאַנט דאַרף האָבן דרינגנדיק געלט און קאָן נישט וואַרטן ביז די קומענדיקע זיצונג וועט באַשטעטיקן דעם קרעדיט, גיט מען זיך אַן עצה, מען זוכט אויף די מיטגלידער פון פּרעזידיום און מען שאַפט אים די נויטיקע סומע. עס טרעפט אויך, אַז איינער דאַרף האָבן אַ קלענערן קרעדיט פון אַ צוואַנציק אָדער דרײַסיק טויזנט פעזעס, אין אַזאַ פאַל נעמט אויף זיך דער פּראָ־קאַסיר די טירחא צו קאָנסולטירן דעם פּרעזידיום און הייסט גלײַך מאַכן אַ ליקווידאַציע. וועט עס די פאַרוואַלטונג בײַ דער קומענדיקער זיצונג באַשטעטיקן איז אוודאי גוט; אַלאַ ניט, גיט מען זיך ווידער אַן עצה און מען נעמט דעם חוב אויף דער אייגענער קאָנטע, אָדער מען גיט די גאַראַנטיע...

עס טרעפט אויך, אַז סתם אַ ייִד, נישט קיין פאַבריקאַנט און נישט קיין סוחר, דאַרף האָבן אַ פּאָר פעזעס. מען דאַרף התונה מאַכן אַ קינד, אַרײַנגיין אין אַ דירה אָדער צושטיין צו אַ שטיקל מסחר. אַזאַ ייִד האָט נישט קיין אַקציעס, איז וואָס טוט מען? — נעמט אים דער פּראָ־קאַסיר אַרויס אַ קרעדיט אויף זײַנע אַקציעס און איז זיך נאָכדעם משתדל בײַ דער פאַרוואַלטונג, אַז מען זאָל דעם בעל־חוב אויך באַפרײַען פון פּראָצענטן, און אַמאָל טוט מען עס, ס'איז דאָך עפּעס אַ ייִדישע אינסטיטוציע און גמילות חסד איז בײַ ייִדן אַ גרויסע מצווה...

איך בין אַוודאי נישט אַזאַ צדיק ווי דער נגיד פון מעכאָוו און וויל זיך נישט אײַנקויפן קיין עולם־הבא מיט מתן־בסתר. אין דער קרעדיט־קאַסע טוט מען גאָרנישט באַהאַלטענערהייט, און מען גיט נישט קיין קרעדיטן אָן דעם וויסן פון פּרעזידיום און אָן דער צושטימונג פון דער פאַרוואַלטונג, אָבער די מעכאָווער טראַדיציע איז מיר טײַער און ווען איך קאָן זי כאָטש טיילווײַז מקיים זײַן איז עס פאַר מיר אַ גרויסער פאַרגעניגן...



דער יערלעכער פאַמיליען-באַנקעט פון פאַראיין, דעם 8-טן יולי, איז אַ יום-טוב
פון דער גאַנצער שטריקער בראַנזשע.



# די שטריקער־בראנזשע און די יידישע בענק

פון

משה פאנקעוויטש

יידישע אימיגראנטן האבן דא אויפגעבויט און אנטוויקלט די שטריקער אינדוסטריע, צוגלייך ווי א גאנצע רייע אנדערע ווירטשאפטס־צווייגן אין דער עקאנאמיק פון לאנד. עס דארף אנערקענט ווערן דער פאקט, אז די שטריקער ארבעטער פון פוילן זיינען נישט געווען די ערשטע וואס האבן דא אנגעהויבן פראדוצירן טריקאטאזש ארטיקלען. ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האבן שוין אין דעם לאנד עקזיסטירט א פאר צענדליק שטריקער פאבריקן, און עטלעכע האבן געארבעט מיט די מאדערנסטע מאשינעס און מיט א פערסאנאל פון א פאר הונדערט ארבעטער. דער אויפטו פון די יידישע שטריקער איז אבער באשטאנען אין דעם וואס זיי האבן געגעבן א ברייטן שוואונג דער אינדוסטריע, וואס זיי האבן געשאפן א נאציאנאלן מאסן־מארק פאר דער פראדוקציע, און האבן אריינגעבראכט די ארטיקלען פון דער שטריקער אינדוסטריע צו די ארעמסטע שיכטן, און אין די ווייטסטע און אפגעשטאנענסטע געגנטן פון לאנד.

אזא אנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע איז געווען א רעזולטאט פון צוויי עיקרדיקע פאקטארן: פאפולערע פרייזן פארן קליענט און פארן פאבריקאנט — פינאנציעלער קרעדיט. מיר וועלן עס דערקלערן מיט לעבעדיקע פאקטן. דער יידישער שטריקער, וואס האט זיך געשטעלט ארבעטן פאר זיך, האט געארבעט שווער און אן אפרו, זייער אפט מיט דער הילף פון זיינע בני־בית און איז דעריבער געווען שטארק קאנקורענץ־פעיק. די אלע וואס האבן געוואלט מאכן א לייכט לעבן ביים פאך, ארבעטן ווייניק און פארדינען א סך, זיינען גיך אראפ פון מארק. די כאראקטעריסטיק פון א יידישן אונטערנעמער איז, וואס ער איז בכלל נאכגעביק אין די פרייזן און באנוגנט זיך מיטן קלענסטן פארדינסט. ווי נאר די יידישע שטריקער זיינען אריין אין דער אינדוסטריע, זיינען דעריבער די פרייזן געווארן צוטריטלעכער פאר די ארעמערע שיכטן פון דער באפעלקערונג און גיך איז טריקאטאזש געווארן אן ארטיקל פון מאסן־פארברויך און פון מאסן־פראדוקציע.

אט די שנעלע און פראגרעסיווע עוואלוציע אין דער שטריקער אינדוסטריע איז דערגרייכט געווארן א דאנק דער אומדערמידלעכער, שווער'ער און אפט קרבנותפולער ארבעט פון די פיאנערן אין דער בראנזשע, וועלכע האבן אין די ערשטע יארן באזונדערס, שווער געהארעוועט אויף צו „מאכן א לעבן", דערפאר אבער האבן זיי געמאכט אן אינדוסטריע.

אבער ווי גרויס עס זאל נישט זיין די קרבנות־גרייטקייט פון יונגן אינדוסטריאל, אויף וויפל ער זאל נישט האבן פארקירצט זיין פריוואטן בודזשעט און די הוצאות פון זיין אייגענער פאמיליע, איז אין יענע צייטן געווען זייער שווער אפצושפארן א גרעסערן קאפיטאל אויף צו פארגרעסערן די אונטערנעמונג, איינקויפן נייע מאשינעס, זיך פארגרייטן מיט רוימאטעריאלן און בכלל פארגרעסערן די פראדוקציע. דערפאר איז אזוי גרויס געווען דער „הונגער" אויף קרעדיט, און נאך איידער דער פאראיין איז געשאפן געווארן זיינען יידישע שטריקער געווען מיטגלידער און מיטגרינדער פון פארשיידענע גמילת־חסדים קאסעס, וועלכע האבן זיך געגרינדעט ביי די לאנדסלייט פאראיינען און אנדערע אינסטיטוציעס.

א קרעדיט אין א קאסע האט באפעסטיקט די פינאנ־

ציעלע פּאָזיציעס פון אונטערנעמער און אים געגעבן אַ מעגלעכקייט צו זיכערן אָדער פאַרגרעסערן זײַן אינדוסטריע. ער האָט דעם קרעדיט אויסגעצאָלט אין לאַנגטערמיניקע קוואָטעס, מיט אַ קליינעם פּראָצענט און בכלל מיט זייער אַ טאָלעראַנטער באַציִונג אין די צאָלונגען. די יִדישע פאַבריקאַנטן האָבן אויף אַזאַ מין אופן מיט אייגענע מיטלען פינאַנצירט די אַנטוויקלונג פון זייערע אינדוסטריעס. די קרעדיט קאַסעס האָבן געהאַט שפּאָרקאַסעס אין וועלכע עס האָבן זיך געזאַמלט די אָפּשפּאָרונגען פון מיטגלידער און נישט־מיטגלידער; פּעזעסווײַז פלעגן אַרײַנטראָגן זייערע אָפּשפּאָרונגען יִדישע אַרבעטער און קליינע אונטערנעמער, און די אָפּשפּאָרונגען זײַנען נאָכדעם אַרײַנגעפלאָסן אין יִדישן האַנדל און אינדוסטריע.

די פּרימיטיווע גמילות־חסדים חברהס האָבן מיט דער צײַט זיך פאַרוואַנדלט אין בענק און גרעסערע קרעדיט־קאַסעס. מיט דער גרינדונג פון פאַראיין פון די שטריקער־פאַבריקאַנטן האָט די אינטערווענץ פון די שטריקער אין די קרעדיט אינסטיטוציעס אָנגענומען אַן אָרגאַניזירטן כאַראַקטער. דער פאַראיין האָט געשיקט זײַנע פאָרשטייער אין די בענק און זיי האָבן פאַרטראָטן און פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די מיטגלידער פון דער בראַנזשע. צו די נישט־יִדישע בענק איז דעם קליינעם יִדישן אינדוסטריאַל געווען שווער צוקומען, נאָך שווערער איז געווען דער צוטריט צו די אָפיציעלע בענק. פאַר אַזאַ באַנק זײַנען נישט אַלע געווען גענוג קרעדיט־פעיִק. דאַקעגן די יִדישע בענק האָבן וויניקער געשטעלט אויף דער מאַטעריעלער סאָלווענץ און האָבן אויך אין אַכט גענומען די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דעם קרעדיט־נעמער.

דער גרעסטער טייל שטריקער האָבן אין די ערשטע יאָרן פיל געאַרבעט מיט דער „באַנקאָ פּאָלאַקאָ", וועלכע מען האָט גערופן „די פּוילישע באַנק" און איז אין דער ווירקלעכקייט געווען אַ דורכויִס יִדישע באַנק, אין וועלכער די שטריקער האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, אַזוי אין איר גרינדונג ווי אויך אין איר ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג. אין געוויסע פּעריאָדן איז די שטריקער משפחה געווען פאַרטראָטן אין דירעקטאָריום פון דער פּוילישער באַנק מיט פינף פאָרשטייער, דאָס זײַנען געווען די קאָלעגן יצחק בענעק, ישעיה גראַדזשיצקי, מאיר ראָזענבערג, סאַול ראָזענבערג און הערמאַנאָוויטש.

אויך די „באַנקאָ פּאָפּולאַר", וועלכע מען האָט פריער גערופן — פאָלקס־באַנק, און נאָכדעם — יִדישע פאָלקס־באַנק, איז געווען אַ דורכויס יִדישע באַנק, אין וועלכער עס איז געווען אין די ערשטע פּעריאָדן פאַרטראָטן רוזאַל ביסטראָוויטש, הערמאַנאָוויטש, און שפּעטער בעניעק, גראָדזשיצקי, ראָזענבערג, ראָזענבלום, קוויאַטעק און אַנדערע. אויך אין דער אינדוסטריאַל־באַנק — די הײַנטיקע קאָמערציאַל באַנק — אין וועלכער עס זײַנען איבערהויפּט פאַרטראָטן די יִדישע מעבל־פאַבריקאַנטן, זײַנען אין פאַרשיידענע פּעריאָדן געווען פאָרשטייער פו ןדער שטריקער־בראַנזשע. אונדזערע מיטגלידער אַרבעטן מיט אַלע יִדישע בענק, און די אָנפירער פון די יִדישע פינאַנץ־אינסטיטוציעס קאָנען דעריבער נישט איגנאָרירן דעם שטריקער פאַראיין און די שטריקער בראַנזשע.

זיכער האָבן די יִדישע בענק זייער פיל בײַגעטראָגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע אין לאַנד. אָבער מיר ווילן באַזונדערס אונטערשטרייכן דעם פאַקט, וואָס די שטריקער זײַנען געווען דער דינאַמישער פאַקטאָר, וואָס האָבן מיט זייער איניציאַטיוו און געזעלשאַפטלעכן אונטערנעמונגס גײַסט אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער אָרגאַניזאַציע און אָנפירונג פון פאַרשיידענע פינאַנץ אינסטיטוציעס. און די שטריקער פאַבריקאַנטן זײַנען אויך געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן געגעבן אַ יִדיש־געזעלשאַפטלעכע אָריענטאַציע די בענק, זיי האָבן געוויזן אַ וועג פון העלפן יִדישע אינסטיטוציעס דורך די בענק, פון בײַשטייערן זיך פאַר נאַציאָנאַל־יִדישע צוועקן, און אויף דעם וועג זײַנען נאָכדעם געגאַנגען אַלע אַנדערע בענק. די פּוילישע באַנק האָט אין איר צײַט זיך באַשטײַערט מיט 2.500 פּעזעס פאַרן אויפבוי פון דער שלום עליכם שול. דאָס איז אין יענער צײַט געווען אַ שיינע בײַשטײַערונג און אַ וויכטיקער בײַשפּיל אין געזעלשאַפלעכן לעבן פון לאַנד.

אויך הײַנט האַלט אָן דער פאַראיין אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די בענק און איז פאַרטראָטן אין זייערע דירעקטאָריומס, אין דער פאָלקס־באַנק — יאַבקאָווסקי און אין דער קאָמערציאַל באַנק — פּאַנקעוויטש, זײַנען די פאָרשטייער וואָס פאַרטרעטן און פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די שטריקער פאַבריקאַנטן. די שטריקער־בראַנזשע האָט הײַנט אַן אייגענע קרעדיט־קאַסע „לאַ טעקסטילעראַ", אָבער די שטריקער אַרבעטן אויך מיט די יִדישע בענק און דער פאַראיין איז דעריבער פאַראינטערעסירט צו זײַן פאַרטראָטן אין זייער אָנפירונג.

# אינהאַלט פון דער אָפּטיילונג:

# וועגן דער געשיכטע פון אונדזער אינדוסטריע

אין דער אָפטיילונג זײַנען מיר אויסן ווי ווײַט מעגלעך צו סינטעטיזירן די אַלע דאַטן, ציפערן און פאַקטן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער שטריקער אינדוסטריע אין אַרגענטינע און אין דעם אַלטן היימלאַנד פון וועלכן עס זײַנען געקומען די ייִדישע פאַכלײַט, וואָס האָבן דאָ אויף דער פרײַער ערד אויפגעבויט זייערע היימען און באַפרוכפּערט דאָס לאַנד מיט אַ נײַעם קוואַל פון אינדוסטריעלער אַרבעט. אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן האָט די ייִדישע אַרבעט און אונטערנעמונגס-גײַסט געשאַפן נײַע אינדוסטריעס און אַרײַנגעבראַכט וווילשטאַנד און פאָרשריט. נויט און דיסקרימינאַציע האָט זיי געצוווּנגען צום וואַנדער און זיי האָבן מיט דער ברכה פון ייִדישער אַרבעט, מיטן שוווּנג פון ייִדישן אונטערנעמונגס-גײַסט און מיטן אימפּעט פון זייער יוגנטלעכער ענערגיע באַפרוכפּערט דעם באָדן פון זייער נײַעם היימלאַנד.

אין דער אָפטיילונג קומט באַזונדערס צום אויסדרוק די המשכדיקײַט פון ייִדישער אַרבעט, די קאָנטינואיטעט פון ייִדישן שעפערישן גײַסט דורך אַלע קאָנטינענטן און צײַטן. דער ייִד האָט פאַרשפרייט מלאכה, וויסן און האַנדל, וואָס האָבן געשאַפן העכערע פאָרמען פון לעבן, וואָס האָבן אַנטדעקט נײַע קוואַלן פון פרנסה פאַר מענטשן און פאַרבונדן די פעלקער אין פרידן. דער באַוווּסטזײַן פון ייִדישן בײַטראָג פאַרן מענטשלעכן פראָגרעס באַרעכטיקט דאָס געפיל פון זײַן זעלבסט-חשיבות, פון בירגערלעכן מוט און שטאָלץ אויף זײַן אויפטו אין די לענדער וווּ מען לאָזט דעם ייִדן פרײַ לעבן און שאַפן.

מיר זײַנען אויסן מיט דעם ווערק, און באַזונדער מיט דער אָפטיילונג, בײַטראָגן אונדזער צושטײַער פאַר דער געשיכטע פון דעם ייִדישן ישוב אין לאַנד אין וועלכן די שטריקער בראַנזשע איז אַזוי שעפעריש מיט איר אַקטואַציע, אַזוי אין איר ספּעציפיש עקאָנאָמישער טעטיקײַט ווי אויך אויפן געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַל-ייִדישן געביט, אויף וועלכן עס איז אָנזעעוודיק דער בײַטראָג פון פאַראיין און דער פערזענלעכער אָנטייל פון פיל פאַבריקאַנטן. מיר האָבן רעפּראָדוצירט אייניקע אַרטיקלען, וועלכע זײַנען אין פאַרשיידענע פעריאָדן דערשינען אין אייניקע צײַטשריפטן, כדי צו קאָנצענטרירן דעם מאַטעריאַל, וועלכער קאָן פאַרלאָרן און פאַרגעסן ווערן פאַרן שפּעטערדיקן פאָרשער. מיר האָבן אויך אָפגעהיט דעם כראָנאָלאָגישן סדר, כדי צו געבן אַ גאַנץ בילד וועגן די עטאַפּן וועלכע די אינדוסטריע האָט דורכגעמאַכט און אָפגעקליבן פאַר דער אָפטיילונג די אַרטיקלען, וועלכע זײַנען באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּיאָנערן-עפּאָכע פון די שטריקער און פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער בראַנזשע.

די פאָריקע אָפטיילונגען פון זאַמלבוך: „פאַראיין פון שטריקער פאַבריקאַנטן", „די קאָאָפּעראַטיווע פון רווישטאָפן פאַר דער שטריקער-אינדוסטריע" און „די קרעדיט-קאַסע „לאַ טעקסטילעראַ"", זײַנען אויסגעפילט געוואָרן אויסשליסלעך דורך די מיטגלידער פון פאַראיין און די טוער פון דער אינסטיטוציע, וועלכע האָבן באַהאַנדלט ענינים פון פאַך, פּראָבלעמען פון דער אינדוסטריע ,און זיך געטיילט מיט איבערלעבונגען און זכרונות. אין דער אָפטיילונג „געשיכטע פון דער שטריקער אינדוסטריע", וועלכע פאָדערט צוליבן ספּעציפישן כאַראַקטער פון מאַטעריאַל אַ געוויסע דיסציפּלין און פאָרשונג, ברענגען מיר אויך מיטאַרבעטונגען פון שרײַבער און פאָרשער, אייניקע פון וועלכע שטיצן זיך אויף דאָקומענטירטן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל און אַנדערע טיילן זיך מיט זייערע באַאָבאַכטונגען און אײַנדרוקן. צום סוף, קומט די אָפּטיילונג „די שטריקער בראַנזשע אין דער וועלט", וואָס שליסט דעם איבערזיכט און גיט אַ גאַנץ און פאַרענדיקט בילד וועגן די ייִדישע שטריקער פון פוילן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט אַן אינדוסטריע און בויען אַ ייִדיש לעבן אין בוענאָס אײַרעס.

# די ערשטע פאַרוואַלטונג פון פאַראיין פון די שטריקער־פאַבריקאַנטן



(אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג אויף גורוטשאַגאַ 581 אין יאָר 1938)

פון לינקס צו רעכטס, זיצנדיק„: נאַום קאַסאַי (סינדיקאָ), משה ליווסקי (פּראָ־קאַסיר), מאַנעס שיינבאַום (וויצע־פּרעזידענט), יהושע רוזאַל (פּרעזידענט), ישעיה גראָדזשיצקי (סעקרעטאַר), איסאַק קורקים (כערענטע) און כוליאָ מיגדאַל ע״ה. עס שטייען: ב. רובינשטיין, כ. ליפשיץ ע״ה, וו. סיוואַצקי, ס. ל. לובענפעלד און משה קוויאַטעק.



# דער געבורט פֿון אַ ייִדישער אינדוסטריע

## אַן אינטערוויו מיטן ערשטן פּרעזידענט פֿון שטריקער פֿאַבריקאַנטן פֿאַראיין אין בוענאָס איירעס, יהושע רוזאַל

— ווען זײַט איר געקומען אין לאַנד, — האָבן מיר געפֿרעגט דעם ה׳ רוזאַל, און ווי האָט אין יענער צײַט דאָ אויסגעזען די שטריקער אינדוסטריע?

— געקומען בין איך אין אַרגענטינע אין יאָר 1926 און כאָטש איך האָב גלײַך געפֿונען אַרבעט בײַ מײַן פֿאַך, האָט מען נאָך יענעם פּרימיטיוון צושטאַנד פֿון דער בראַנזשע נישט געקאָנט אָנרופֿן אינדוסטריע. געווען עטלעכע טעקסטיל פֿאַבריקן, וואָס האָבן אויך געהאַט טריקאָטאַזש מאַשינעס און וואַרשיינלעך געווען אויך אַ צענדליק קלענערע וואַרשטאַטלעך, וואָס האָבן אַלע צוזאַמען באַשעפֿטיקט בײַ די הונדערט אַרבעטער. איך האָב גלײַך באַקומען אַרבעט ווײַל איך בין געווען ספּעציאַליזירט אין פֿאַך, געקאָנט צוזאַמענשטעלן אַ מוסטער, און אויך אײַנשטעלן און פֿאַרריכטן אַ מאַשין. אַ געהאַלט האָב איך באַקומען גאָר אַ הויכן פֿאַר יענער צײַט, אָבער דער דורכשניטלעכער פֿאַרדינסט פֿון אַ שטריקער און וועבער איז געווען בײַ די זעקס פּעזעס אַ טאָג.

ווי אַן אַקטיווער טוער פֿון דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג אין וואַרשע האָב איך דאָ אויך גענומען אָרגאַניזירן די חברים פֿון פֿאַך. בײַ דעם אַלגעמיינעם סינדיקאַט פֿון טעקסטיל־אַרבעטער האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו אָרגאַניזירן אַ סעקציע פֿון שטריקער־אַרבעטער, איך בין אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ סעקרעטאַר, און די סעקרעטאַריע האָב איך אָנגעהאַלטן און אָנגעפֿירט אַן אַקטיווע פּראָפֿעסיאָנעלע טעטיקייט אַזוי לאַנג איך בין געווען אַ פּראָלעטאַריער אין בוענאָס איירעס, דאָס הייסט ביזן יאָר 1930.

די שטריקער־אַרבעטער סעקציע האָט געציילט בײַ די הונדערט מיטגלידער, פֿון זיי קרוב צו אַכציק זײַנען געווען ייִדן, כמעט ווי אַלע אימיגראַנטן פֿון פּוילן. זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן לעבנס־ניוואָ פֿון אַרבעטער אין יענער צײַט איז געווען דער פֿאַקט, וואָס מיר האָבן געקעמפֿט פֿאַר 1 (איין) פּעזע אַ שעה. דערבײַ דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט, אַז זעלטן ווער עס האָט געהאַט אַרבעט בײַם פֿאַך אין פֿאַרלויף פֿון אַ גאַנץ יאָר, דער גרעסטער טייל האָט געאַרבעט נאָר אין דער סעזאָן־צײַט, אַ זעקס זיבן מאָנאַטן אין יאָר. אַ פּעזע אַ שעה איז געווען דער לאָזונג, וואָס האָט געפֿירט די אַרבעטער אין סינדיקאַט, און זיי געטריבן צו שטרײַקן און קאַמפֿן. און עס איז נישט געווען קיין לײַכטער קאַמף, זאָגט דער ה׳ רוזאַל. אַלגעמיינע שטרײַקן פֿלעגן אין יענער צײַט כמעט ווי אַלע דורכפֿאַלן, ווײַל ס׳איז נישט געווען קיין איינהייט צווישן די אַרבעטער. האָבן סאָציאַליסטן אָנגעפֿירט מיטן שטרײַק, זײַנען אין אָפּאָזיציע געווען די אַנאַרכיסטן און אַז די אַנאַרכיסטן האָבן אָנגעפֿירט, האָבן זיך נישט סאָלידאַריזירט מיט זיי די אַלע אַנדערע —יסטן, און אַזוי אָן אויפֿהער, דאַקעגן די פּאַרציעלע שטרײַקן האָבן יאָ געהאַט דערפֿאָלג און מיר, די שטריקער אַרבעטער, האָבן אימפּאָנירט אין אונדזער בראַנזשע, אַ פּעזע אַ שעה! פֿאַרענדיקט דער ה׳ רוזאַל מיט שטאָלץ דערמאָנענדיק זײַנע ווײַטע פּראָלעטאַרישע צײַטן...

## יאָרן פֿון שווערן קריזיס אין לאַנד

— און ווי זײַט איר געוואָרן אַ פֿאַבריקאַנט פֿרײַנד רוזאַל? — האָבן מיר געפֿרעגט.

— נו, אַ פֿאַבריקאַנט ווערט מען נישט אַזוי גיך און אַזוי לײַכט, ענטפֿערט אונדז דער ה׳ רוזאַל. קודם האָב איך פֿאַרלאָרן די אַרבעט און אַז איך האָב נישט געקריגן קיין אַרבעט אין קיין צווייטן פּלאַץ האָב איך געמוזט אָנהייבן אַרבעטן פֿאַר זיך. עס הייסט, מען האָט מיך געצוווּנגען צו ווערן אַ פֿאַבריקאַנט. די מעשה איז אַזוי געווען: איך האָב געאַרבעט מיט מײַנעם אַ גוטן פֿרײַנד אין אַ פֿאַבריק, האָט מען אים אָפּגעזאָגט, האָב איך זיך סאָלידאַריזירט מיט אים און אויך אַוועק.

געמיינט, אַז אַזאַ פּאַכמאַן ווי איך וועט מען אויסכאַפּן. אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט, עס איז געווען דאָס יאָר 1930, אַ צײַט פון אַ ביטערן קריזיס, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט כמעט ווי די גאַנצע וועלט. דאָ אין לאַנד איז די לאַגע געווען זייער אַ שווערע. אַרגענטינע, וועלכע האָט אין יענער צײַט געלעבט אויסשליסלעך פון תבואה־און פלייש־עקספּאָרט, האָט פאַרלאָרן אירע טראַדיציאָנעלע קונדן פון אויסלאַנד, וועלכע האָבן נישט געקענט קויפן. די פּרײַזן זײַנען מוראַדיק געפאַלן און אויך אין לאַנד איז פלייש און ברויט געווען ביליק, אָבער ס'איז געווען אַ שרעקלעכע אַרבעטסלאָזיקייט און אויך די וואָס האָבן געאַרבעט האָבן נישט גענוג פאַרדינט אויף דער פּרנסה. קורץ, איך האָב זיך אַרומגעדרייט עטלעכע וואָכן איבער די גאַסן פון שטאָט, באַזוכט אַלע פאַבריקן, געפּטרט די פּאָר אָפּגעשפּאָרטע פּעזעס און אײַנגעזען, אַז איך מוז ווערן... אויס אַרבעטער בײַ יענעם.

פאַר די לעצטע עטלעכע פּעזעס האָב איך זיך אײַנגעקויפט אַ געניצטע האַנט־מאַשין פאַר 40 (פערציק) אַרגענטינער פּעזעס און אָנגעהויבן אַרבעטן. געאַרבעט האָט מען אין יענער צײַט איבערהויפּט מיט נישט געקעמטן וואָל, — „קאַרדאַדאָ" — פון אַרגענטינער אויסאַרבעטונג. אין לאַנד זײַנען נאָך נישט געווען קיין שפּינערײַען און באַזונדערס קיין אינדוסטריעלע וואַשערייען. געקעמטן און געפאַרבטן וואָל פלעגט מען ברענגען פון אויסלאַנד און ווי אַן אימפּאָרט אַרטיקל האָט ער אויסגעטראָגן טײַער. אַ סוועטער פון אויסלענדישן וואָל האָט מען פאַרקויפט אויף 10־12 פּעזעס, פון „קאַרדאַדאָ" האָט געקאָסט אַ העלפט: 5, 6 פּעזעס און שפּעטער נאָך ווייניקער. די פּראָדוקציע איז געווען אַ קליינע, ווײַל דער גרעסטער טייל האָט געאַרבעט מיט האַנט־מאַשינען און דאָך איז די קאָמפּעטענץ געווען אַ גרויסע און רואינירנדיקע. מען האָט פאַרקויפט מיט אַ נישטיקן פאַרדינסט און אָפטמאָל אַפילו אין גאַנצן אָן פאַרדינסט.

## די ראָלע פון אונדזערע פרויען אין דער שטריקער־בראַנזשע

און נאָך אַ קורצן שטילשווײַגן זאָגט דער ה' רוזאַל: איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז מיר, די חלוצים פון דער שטריקער אינדוסטריע אין לאַנד, האָבן איבערגעלעבט שווערע צײַטן. די ערשטע יאָרן — און אַזעלכע יאָרן זײַנען געווען נישט ווייניק! — האָבן מיר געאַרבעט טאָג און נאַכט, שבת און יום־טוב, מיט ווײַב און מיט קינד. ווער עס האָט נישט געפועלט בײַ זיך אַזוי צו אַרבעטן איז „אַראָפּ פון מאַרק", און זיך געמוזט נעמען צו אַן אַנדער פּרנסה, מען האָט געאַרבעט פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. די וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן בײַ דער ייִדישער טראַדיציע האָבן געמאַכט שבת פאַר אַ רו־טאָג, און די אַלע אַנדערע האָבן אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג געהאַט נאָר זונטיק, פון זעקס אין דער פרי ביז 1־2 נאָך מיטיק. דעם צווייטן האַלבן טאָג האָט מען געמאַכט יום־טוב אין שטוב. אַזוי האָט אויסגעזען די אמתע לאַגע פון שטריקער־פאַבריקאַנט אין די ערשטע פּיאָנערן יאָרן.

און אַז דער אמת זאָל זײַן אַ גאַנצער מוזן מיר בײַ דער געלעגנהייט מיט אויפריכטיקער ליב און דאַנקבאַרקייט דערמאָנען די וויכטיקע ראָלע וואָס אונדזערע פרויען האָבן דערפילט אין דער שטריקער אינדוסטריע. דער כאַראַקטער גופא פון אונדזער פּראָדוקציע, וואָס באַשטייט פון מאַשין־אַרבעט און קאָנפעקציע, פאָדערט דעם אָנטייל פון דער פרוי, וועלכע קאָנפעקציאָנירט, נייט־אויף און ענדיקט אויס די אַרבעט. אונדזערע פרויען האָבן אין יענע ערשטע יאָרן, און אין פיל פאַלן אויך אין אַ סך ווײַטערדיקע יאָרן, געאַרבעט צוגלײַך מיט זייערע מענער, און אפשר נאָך מער — ווײַל אַ פרוי האָט שטענדיק אַ סך צו טאָן בײַ דער שטוב־ווירטשאַפט. אויף דער פראַגע אין משלי: אשת חיל מי ימצא, אַ בריה אַ פרוי ווער קען געפינען? — קענען מיר מיט זיכערקײַט ענטפערן: מיר האָבן אַזעלכע פרויען־בריות און גוטע חברטעס געפונען. זיי האָבן אונדז טרײַ באַגלייט אין דער אַרבעט און געטיילט מיט אונדז אַלע לײַדן און פרײדן. און אַז אַ קינד איז אונטערגעוואַקסן, האָבן די קינדער אויך אַרויסגעהאָלפן. די קינדער פלעגן קומען פון שול, פאַרטיק ווערן מיט זייערע לעקציעס און אַרויסהעלפן די עלטערן... איך זאָג עס מיט אַ געפיל פון אמתן שטאָלץ און מיטן פולן באַוווּסטזײַן, אויף דער ערלעכער פּראַצע און אויף דער שיינקייט פון דער ייִדישער משפחה, וואָס האָט מיט האַרמאָנישער אָנשטרענגונג דערגרייכט די פּאָזיציע וואָס מיר פאַרנעמען הײַנט.

נאָך דרײַסיק יאָר אַרבעט אין לאַנד ווי אַ פאַבריקאַנט, מעג איך זיכער צופרידן זײַן מיט די רעזולטאַטן פון מײַן פּריוואַטער אונטערנעמונג ווי אויך מיטן פּראָגרעס פון מײַנע קאָלעגן, די ייִדישע שטריקער פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געשאַפן אַ וויכטיקע אינדוסטריע אין לאַנד און באַשעפטיקן דירעקט — אין זייערע פאַבריקן, — אַריבער די צען טויזנט אַרבעטער, אויסער די אַלע אַנדערע הונדערטער אַרגענטינער פאַמיליעס, וועלכע לעבן אַרום־און־פון אונדזער שטריקער אינדוסטריע.

ווי איינער פון די ערשטע סעקרעטאַרן פון שטריקער אַרבעטער פאַראיין אין אַרגענטינע, וועלכער האָט אין יענער צײַט געציילט קוים הונדערט מיטגלידער, איז עס פאַר מיר זיכער אַ גרויסע סאַטיספאַקציע. און ווי דער ערשטער פּרעזידענט פון שטריקער פאַבריקאַנטן פאַראיין איז פאַר מיר אוודאי אַ גרויסע באַפרידיקונג דער פאַקט, וואָס אָט די דערפאָלגרײַכע עוואָלוציע פון דער שטריקער בראַנזשע איז אַ רעזולטאַט פון ייִדישן אונטערנעמונגס־גײַסט און פון פּראָדוקטיווער ייִדישער אַרבעט. הײַנט צו טאָג ווערט מײַן פּריוואַטע אינדוסטריעלע פירמע פאַררעכנט ווי איינע פון די באַדײַטנדיקע אין דער בראַנזשע, אָבער

בעת דער גרינדונג פון פאַראיין, מיט 25 יאָר צוריק, איז די סיטואַציע געווען אַ גאַנץ אַנדערע. ווי אַ „היימישע" אינדוסטריע האָבן מיר אָנגעהויבן, מיט דער הילף פון אונדזערע אייגענע בני־בית, אָבער דער ווײַטערדיקער פּראָגרעס פון דער בראַנזשע איז אין אַ גרויסער מאָס געווען אַ רעזולטאַט פון אונדזער גרעמיאַלער אָרגאַניזאַציע. אָן דעם פאַראיין וואָלטן מיר אין יענער צײַט נישט געקאָנט אַ סוף מאַכן צו דער קאָמפּעטענץ, וואָס האָט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, רואינירט דעם שטריקער־פאַך.

## גרויסע קאָמפּעטענץ צווישן די ערשטע שטריקער־פאַבריקאַנטן

— וואָס איז געווען די סיבה פון אַזאַ קאָמפּעטענץ?
— האָבן מיר געפרעגט.

— די סיבה איז געווען אַ פּשוטע, זאָגט אונדז דער ה' רוזאַל, אין יענער צײַט, דאָס הייסט, אין אָנהויב דרײַסיקער יאָרן, איז נאָך קיין גרויסע נאָכפראַגע נישט געווען אויף אונדזערע פּראָדוקטן און ווי ווייניק מען האָט נישט פּראָדוצירט איז געווען צו פיל. דער סוועטער איז נאָך נישט אַרײַן אין דער באַקליידונג פון ברייטן עולם, נאָך נישט געווען אין דער מאָדע; דער בעסערער אַרטיקל פון אימפּאָרטירן וואָל איז געווען טײַער און דער פון נישט געקעמטן וואָל האָט נאָך נישט געהאַט קיין פּנים. עס זײַנען געווען אַ פּאָר צענדליק קלייטן אין שטאָט, אין די גרעסערע קאָמערציעלע צענטערס, וועלכע זײַנען געווען כמעט ווי די איינציקע אָפּנעמערס פון געשטריקטע אַרטיקלען. אין דער פּראָווינץ איז דער סוועטער אַרײַנגעדרונגען שפּעטער, אַזוי אַז דער אָפּזאַץ איז געווען אַ קליינער און דעריבער אַ גרויסע קאָמפּעטענץ...

אין די חדשים יולי און אויגוסט, זאָגט ווײַטער דער ה' רוזאַל, פלעגט זיך אָנהייבן די אַרבעט צום נײַעם סעזאָן. די פאַבריקאַנטן פלעגן אײַנקויפן רוימאַטעריאַלן, ווי געוויינלעך אויף קרעדיט פון דרײַ, פיר מאָנאַטן, און אונטערשרײַבן וועקסלען, וועלכע פלעגן דאָס רוב אויסגעשטעלט ווערן אויף דעצעמבער און יאַנואַר. אָנהייב סעזאָן פלעגן אויך די גרעסערע קלייטן מאַכן זייערע באַשטעלונגען אויף די לעצטע מאָנאַטן פון יאָר. דער גרויסער קאָמערץ האָט אין יענער צײַט קיין געלט נישט געפעלט און דער גרעסטער טייל פון די פירמעס פלעגן צאָלן יעדן שבת. איבער אָט די גרויסע קליענטן פלעגן עס שטאַרק קאָמפּעטירן די שטריקער־פאַבריקאַנטן, זיי זײַנען געווען די הויפּט־באַזע אויף צו קאָנען הויבן די אויסגעשטעלטע וועקסלען. צאָלן אַ וועקסל איז נישט איינמאָל געווען קריעת ים סוף, ווי שפּאַלטן דעם ים. האָט יעדער איינער אָנגעבאָטן זײַן סחורה ביליקער אויף צו זײַן זיכער מיט די פּאָר גראָשן ווען מען וועט זיי דאַרפן אויף רוימאַטעריאַלן צום נײַעם סעזאָן. אַזוי האָט אויסגעזען די לאַגע פון די ייִדישע שטריקער פאַבריקאַנטן אין דער ערשטער העלפט פון די דרײַסיקער יאָרן.

## דער ערשטער גרויסער זיג פון פאַראיין

— און ווי איז עס אײַך צוגעגאַנגען מיט דער גרינדונג פון פאַראיין?

— לײַכטער ווי מיר האָבן זיך גאָר לכתחילה פאָרגעשטעלט, ענטפערט אונדז דער ה' רוזאַל. אונדזערע לאָזונגען זײַנען געווען: — אַ סוף מאַכן מיט דער קאָמפּעטענץ און אויספּועלן לענגערע קרעדיטן, און דאָס איז געווען גענוג אויף צוזאַמענברענגען די פאַבריקאַנטן אונטער דער פאָן פון אַ פאַראיין. ווי איך האָב פריער דערמאָנט, האָט יעדער איינער אָנגעבאָטן זײַן סחורה ביליקער פון צווייטן און באַזונדערס זײַנען אויסגעפאַלן שווער די צאָלונגען אין די מאָנאַטן ווען ס'איז נאָך קיין געלט ניט געווען. יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַזוי קאָן עס לאַנג נישט אָנהאַלטן און אַז מיטן כוח פון אַ פאַראיין וועט זיך מעגלעך איינגעבן צו בעסערן די לאַגע. דאָס איז געווען די אײַנציקע האָפענונג.

— גלײַך צו דער ערשטער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זײַנען געקומען דער גרעסטער טייל פאַבריקאַנטן, בײַ די זיבעציק פערזאָן. מען האָט היים דעבאַטירט די פּראָבלעמען, וועלכע איך האָב קאָמענטירט און אויסגעוויילט אַ פאַרוואַלטונג. איך געדענק נישט אין דעם מאָמענט אַלע מיטגלידער, נאָר סעקרעטאַר איז אויסגעוויילט געוואָרן ישעיה גראַדזיצקי און געווען אויך אין דער פאַרוואַלטונג משה קוויאַטעק, רובינשטיין, הערמאַנאָוויטש, מינדאַל ע"ה און אַנדערע. די אָפיציעלע גרינדונג פון פאַראיין אין זיין לאָקאַל אויף גורוטשאַגאַ 581 איז געפײַערט געוואָרן מיט גאָר גרויסן פאַרנעם, ווי אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע געשעעניש, מיט פאָרשטייער פון די צײַטונגען, פאַרטרעטער פון די אינסטיטוציעס און מיט רעדעס, ווי עס פירט זיך. דאָס איז געווען אין אויגוסט אָדער סעפּטעמבער פון יאָר 1936. קורץ נאָכדעם האָבן מיר פאַררופן די „פּראָוועעדאָרן" אונדזערע, עס הייסט די רוישטאָפן־צושטעלער, פאַבריקאַנטן און גרויסע אימפּאָרט־פירמעס, בײַ וועלכע מיר פלעגן קויפן וואָל און אַנדערע מאַטעריאַלן און פאָר זיי געשטעלט די פראַגע פון קרעדיטן.

אויף דעם ענין, גיט צו דער ה' רוזאַל, וויל איך באַזונדערס רופן די אויפמערקזאַמקייט. עס איז געווען אונדזער ערשטע גרעמיאַלע אַקציע, אַ מין עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע פון אונדזער קאָלעקטיוון כוח. מען האָט געדאַרפט פאַרמאָגן מוט צו פאַרבעטן אָט די מאַגנאַטן צו אונדז אין לאָקאַל, און מיר האָבן געהאַט מוט. ווען אַ פאַבריקאַנט, אַ שטייגער, איז געגאַנגען קויפן אינדיווידועל וואָל צו אַזאַ פירמע ווי קאָמפּאַמאַר, למשל, האָט ער זיך, פאַרשטענדלעך, דאַרט ניט אָנגעזען און דאָ האָט

דער פאראיין גערופן קאמפאמארן און ענלעכע פירמעס צו זיך אין לאקאל. עס זיינען געווען סקעפטיקער, וועלכע האבן נישט געגלויבט אז אלע זאלן קומען, מיר זיינען צו יענער צייט געווען נאך קנאפע פאברויכער. אבער קיינער האט נישט געפעלט, אלע פארבעטענע פירמעס זיינען געווען פארטראטן. און נאך מער: זיי האבן נאכגעגעבן אלע אונדזערע פאדערונגען און באשטימט, אז אויף ווייטער וועלן די וועקסלען אויסגעשטעלט ווערן אנהייבנדיק פון די מאנאטן מארץ און אפריל, אויף דער צייט פון סעזאן ווען די פאבריקאנטן הויבן אן לייזן.

דאס האט פאקטיש באטייט א פארלענגערטער טערמין פון קרעדיטן און א גרויסער זיג פון פאראיין. א זיג א מאראלישער און א מאטעריעלער. דאס וואס פריוואט וואלט א פאבריקאנט בשום אופן נישט געפועלט, דאס איז דערגרייכט געווארן מיט דער קאלעקטיווער קראפט פון פאראיין. דער פאקט אליין וואס עס איז פארלייכטערט געווארן די פראבלעם פון צאלן די חובות, האט פארקלענערט די קאמפעטענץ, און אגב האט זיך עטוואס געבעסערט די לאגע אין לאנד און עס האט זיך פארגרעסערט די נאכפראגע אויף אונדזער סחורה. אבער די סיטואציע האט געשאפן נייע פראבלעמען פארן פאבריקאנט און במילא אויך פארן פאראיין. עס האט זיך געשטעלט די פראגע וועגן פארקלענערן די קאסט־פרייזן, מאדערניזירן די פראדוקציע, שאפן א בעסערן ארטיקל און דאס אלץ איז פארבונדן מיט נייע אינוועסטיציעס. עס האבן זיך שוין באוויזן אין שטאט מאדערנע מאטאריזירטע מאשינען, און יעדער איינער וואס האט נישט געוואלט בלייבן הינטערשטעליק האט געמוזט זיך איינשאפן נייע פראדוציר־מיטלען. די פראגע פון קרעדיט, איבערהויפט פון באנק־קרעדיט, איז געשטאנען נאך שארפער ווי פריער.

## דער אפשטאם פון שטריקערייי

— איז ווי האט איר געלייזט די פראבלעם?

— מיר האבן זיך געלאזן אויפן וועג צו געווינען די יידישע בענק פאר דער שטריקער בראנזשע. און דאס איז געווען א טייל פון אונדזער געזעלשאפטלעך־יידישער טעטיקייט, א גרויסער טייל פון די שטריקער האבן בכלל זיך געקהלט אין פארשייעדענע יידישע אינסטיטוציעס. אויף צו פארשטיין אונדזער אנטייל אין היגן געזעלשאפטלעכן לעבן האלט איך פאר נייטיק צו דערקלערן די ספעציעלע כאראקטעריסטיק פון יידישן שטריקער, וואס איז גאנץ אנדערש פון אנדערע פאכן, אפילו פון דער אממערסטן קרובישער צו שטריקעריי מלאכה — אפילו פון וועבעריי. וועבער זיינען אין פוילן געווען פון דור־דורות. שטריקער זיינען ווי שוואמען נאך א רעגן אויסגעוואקסן מיטאמאל אין די יארן באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

שטריקעריי איז אויך געווען פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, דערקלערט אונדז דער ה' רוזאל, אבער הויפטזאכלעך שטריקעריי פון וואלענע הענטשקעס און פון אבער־זאקן, אזוי האבן געהייסן די וואלענע זאקן פאר פרויען, וואס מען טראגט אין די קאלטע געגענטן און וועלכע פלעגן עקספארטירט ווערן אין די רוסישע צפון־פראווינצן. אין ווארשע זיינען געווען פיל צענדליקער ווארשטאטן ווו מען פלעגט מיט האנט־מאשינען פראדוצירן אזעלכע הענטשקעס און זאקן. אייגנטלעך שטאמט די גאנצע קונסט פון שטריקעריי פון „שטריקן" זאקן. די ערשטע פרוי, וועלכער ס'איז איינגעפאלן צו מאכן אן „אייגל" און שטריקן א זאק איז געווען די אמתע דערפינדערין פון דער אינדוסטריע. אבער דאס איז אין דער גאר ווייטער פארגאנגענהייט, ווייל מיט טויזנטער יארן צוריק האט מען שוין געשטריקט פארשיידענע שטאפן. מיטן מאכן דאס „אייגל" מיט דער מאשין האט זיך אנגעהויבן די היינטיקע מעכאנישע שטריקעריי און פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט מען אין פוילן געשטריקט די פריער דערמאנטע צוויי ארטיקלען און שפעטער אויך אונטערוועש, אבער נאר פון באוול. קיין גרויסן פארנעם האט די אינדוסטריע נישט געהאט.

## א „יידישער" פאך

די פראדוקציע פון סוועטערס האט זיך אנגעהויבן באלד נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער ארטיקל האט געעפנט נייע האריזאנטן פאר דער אינדוסטריע און האט ארייננגעצויגן אויך הונדערטער און טויזנטער יונגעלייט, וועלכע האבן פריער איבערהויפט נישט געהאט קיין שום שייכות צו מלאכה. אט פון דעם פעריאד שטאמען עס די אלע פוילישע שטריקער־פאכלייט, וואס האבן נאכדעם פארשפרייט די מלאכה און אויפגעבויט שטריקער־אינדוסטריעס אין פראנקרייך, אין ענגלאנד, בעלגיע, פאראייניקטע שטאטן, אויסטראליע, אפריקע, מעקסיקע, ארגענטינע און אין אלע אנדערע לענדער, וועלכע האבן נאך דער ערשטער וועלט מלחמה אויפגענומען א יידישע מאסן־אימיגראציע פון פוילן.

— איז פארוואס האט עס די פראדוקציע פון סוועטערס געהאט אזא מין צוציאונגס־קראפט, האבן מיר געפרעגט, אז הונדערטער יידישע יונגעלייט, וועלכע „האבן ניט געהאט קיין שייכות צו מלאכה", ווי איר זאגט, האבן זיך גענומען צו דעם פאך?

— ווייל דער פאך, ווי גאר ווייניק אנדערע, דערקלערט אונדז דער ה' רוזאל, האט אלע מעלות פון א „גידישן" פאך: ערשטנס, קאן מען דעם פאך שנעל זיך אויסלערנען, עס איז אן ענין פון עטלעכע מאנאטן און מען ווערט א שטריקער. צווייטנס, ביי דעם פאך קאן מען שנעל און מיט ווייניק קאפיטאל אנהייבן ארבעטן פאר זיך און ווערן זעלבסטשטענדיק. א האנט־מאשין האט געקאסט נישט טייער און מען האט נאר געדארפט זיין גרייט צו דרייען די קאלבע, האט מען שוין אויסגעדרייט א שטיקל פרנסה.

היינט איז עס שוין פארבונדן מיט קאמפליצירטע מאשי־נעס און גרעסערע קאפיטאלן, אבער איך זאג עס אייך נישט אויף אנצושרעקן איר זאלט נישט ווערן קיין קאנקורענט... דריטנס, האט מען אין פוילן געהאלטן שטריקעריי פאר אן „איידעלן" פאך, עס הייסט, איידעלער ווי צו זיין, לאמיר זאגן, א שוסטער, א שניידער, א סטאליער, א שמיד, אדער א וועלכער נישט איז אנדערער יידישער פאכמאן. און נאך א מאטיוו: נאך דער מלחמה האט זיך געעפנט די וועלט, די רואינירטע אייראפע האט זיך אנגעהויבן אויפבויען, ארבעט איז געווען און עס האט אויסגעזען, אז פאר אזא נייעם פאך עפענען זיך ברייטע פערספעקטיוון און א סך מעגלעכקייטן.

## מאיר „הונדערטער"

זיינען געקומען צום שטריקער־פאך אין פוילן א סך בחורימלעך פון ישיבה און פון חסידים־שטיבל. א סך איידימלעך, וועלכע זיינען אראפ פון קעסט און נישט געהאט צו וואס זיך נעמען, האבן באצאלט א הונדערטער פאר דער לער און געווארן שטריקער. איינעם פון די פירער פון שטריקער ארבעטער פאראיין אין ווארשע, האבן חברים גערופן מאיר „הונדערטער", ווייל ווען ער איז אראפ פון קעסט האט דער שווער פאר אים באצאלט א הונדערטער פארן אויסלערנען דעם פאך און ער איז געווארן מיט מזל א שטריקער און נאכדעם א פירער פון פאראיין וואס האט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין וויסן און זעלטענע פעאיקייטן.

— עס איז דעריבער פארשטענדלעך, זאגט צום סוף דער ה' רוזאל, אז ווען אט די בחורימלעך זיינען געקומען קיין ארגענטינע ווי פארטיקע שטריקער זיינען זיי געווען ענג פארבונדן מיטן יידישן לעבן און האבן געהאט א טיפן אינטערעס פאר אלץ וואס איז יידיש. זיי האבן אנטייל־גענומען אין די פינאנציעלע אינסטיטוציעס צוגלייך ווי אין אלע אנדערע יידישע אינסטיטוציעס. די יידישע בענק זיינען געווען א וויכטיקער פאקטאר אין עקאנאמישן לעבן פון ישוב און האבן זייער פיל ביי־געטראגן פארן פראגרעס פון דער שטריקער אינדוסטריע. וועגן די וויי־טערדיקע פעריאדן זאלן דער־ציילן אנדערע, ווי דער ערשטער פרע־זידענט פון פאראיין האב איך געהאט דעם גרויסן כבוד צו מאכן אן אנהייב און לייגן דעם גרונדשטיין פון א ווערק, וועלכן מיינע קאלעגן האבן מיט גרויס דערפאלג פארגעזעצט און א דאנק זייערע באמיאונגען האבן מיר דעם זכות צו פייערן דעם 25 אניווערסאר פון אזא וויכטיקער און שיינער יידיש־געזעלשאפטלעכער און גרעמיאלער אינסטיטוציע. פון גאנצן הארצן באגריס איך די טוער פון פאראיין פאר זייער אויפטו און ווינטש זיי וויי־טערדיקע דערפאלגן.



איניקע מיטגלידער פון דער ערשטער פארוואלטונג פון שטריקער פאבריקאנטן פאראיין אויף א באנקעט לכבוד דער דערעפענונג פון דער אינסטיטוציע אין 1936. פון רעכטס צו לינקס: משה ליפסקי, מאנעס ווײַנבאום, ש. רוזאל, אידל מיגדאל, אברהם מיגדאל, גוטמאן א. א.

# די אַנטוויקלונג פון דער שטריקער־אינדוסטריע אין די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג

פון סימאָן וועלער

### די אָרטיקע טעקסטיל־און שטריקער־אינדוסטריע אין פעריאָד 1919—1943

די טעקסטיל־אינדוסטריע איז עלטער פון דער שטריקער־אינדוסטריע. די ערשטע, עס הייסט, די פּראָדוקציע פון וואָל־ און ליין־שטאָפן קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ מוטער־שטאַם פון וועלכן עס זיינען מיט דער צייט אַרויסגעוואָקסן פאַרשיידענע און פילצאָליקע צווייגן, ווי שטריקעריי, זייד, קאָלדרעס, הענטשקעס, טעפּיכער, האַנטוכער און אַנדערע.

גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פון די יאָרן 1919 ביז 1924, האָבן שוין יידישע וועבער געגעבן אַ שטאַרקן אימפּולס דער היגער טעקסטיל־אינדוסטריע, אַזוי גוט אין דער פּראָדוקציע, ווי אויך אין מסחר מיט טעקסטיל־שטאָפן. דער צושטראָם פון יידישע וועבער פון לאָדזש, וואַרשע און ביאַליסטאָק, האָט געעפנט נייע פּערספּעקטיוון פאַר דער אַרגענטינער אינדוסטריע, עס האָבן זיך פאַרגרעסערט די אַלטע עקזיסטירנדיקע פאַבריקן אין לאַנד, עס האָבן זיך געעפנט נייע און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע פּראָדוקציע, וועלכע האָט גיך באַפרידיקט דעם אָרעמען אינערלעכן מאַרק און עס איז שוין אין יענער צייט צום ערשטן מאָל געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו עקספּאָרטירן טעקסטיל־אַרטיקלען אין די אַרומיקע שכנישע לענדער.

געווען איז אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן אַ דייטשע פירמע פון טעקסטיל און טריקאָטאַזש מאַשינעס — זיגמונד וואָלף — מיט אַ געשעפט אויף דער גאַס באַרטאָלאָמע מיטרע,, וואָס האָט געגעבן מאַשינעס אויף אויסצאָלן אויף די ליבעראַלסטע באַדינגונגען. האָבן יידישע וועבער, וואָס האָבן נאָר פאַרמאָגט אַביסל אונטערנעמונגס־גייסט און מוט, און וואָס זיינען גרייט געווען צו האָרעווען 20 שעה אַ מעת־לעת, גענומען דאָרט מאַשינעס. מען האָט אָנגעהויבן מיט איינער און אַז מען האָט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר גראָשן פון די אייגענע נויטיקסטע באַדערפענישן, האָט מען גענומען נאָך איינע און נאָך איינע, און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוויקלונג פון וועבעריי און שטריקעריי טאַזשערלעך, גרעסערע און קלענערע, וועלכע האָבן אַרויסגעגעבן די פאַרשיידנסטע אַרטיקלען פון וואָל, בייוול און שפּעטער אויך פון זייד אויף די ביליקסטע פּרייזן.

דער דאָזיקער ברען פון אַרבעט האָט דערגרייכט זיין קולמינאַציע פּונקט אין די יאָרן 1926 ־ 27, ווען פאַבריקאַנטן האָבן געטיילט זייער אויסגעאַרבעטע סחורה צו אַמבולאַנטן און גאַסן־פּאַרקויפער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַ גרויסע קאָמפּעטענץ קעגן די אַלטע טראַדיציאָנעלע פאַבריקן. די גאַסן זיינען דעמאָלט געווען פאַרפלייצט מיט פאַרקויפער פון קאָרטלעך, קראַוואַטן, זאָקן און אַנדערע מציאות, אָבער דער היגער מאַרק איז אין יענע יאָרן געווען זייער אָרעם, די פאַ־ברויך־מעגלעכקייטן פון דער באַפעלקערונג קליין און דער עקספּאָרט אומבאַדייטנדיק, האָט גיך זיך געשאַפן אַן איבערפּראָדוקציע און צום סוף 1927 איז אויסגעבראָכן אַ קריזיס און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע באַנקראָטן, וואָס האָט אַראָפּגעשווענקט אַ סך נייע אינדוסטריאַלן.

אָבער ווי ביי יעדן קריזיס, זיינען נאָר די שוואַכערע אַראָפּ פון דער מאַפּע, די שטאַרקערע האָבן אויסגעהאַלטן, האָבן זיך גענומען צו נייע אַרטיקלען און נייע אינדוסטריע־צווייגן, איבערהויפּט האָבן יידישע טעקסטילער אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן מיט דער זייד־אינדוסטריע און די דאָזיקע אינדוסטריע האָט זיך שטאַרק צעבליט און אַנטוויקלט. עס זיינען טאַזשערלעך מיט איינציקע וועב־שטולן געוואָרן פאַבריקן מיט צענדליקער שטולן אין ווילזשאַ לינטש, אַוועזשאַנעדאַ, קילמעס, וויסענטע לאָפּעס, און אין אייניקע אַנדערע פאָרשטעטלעך פון גרויס־בוענאָס אייַרעס, אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אין אַ שטייגנדיקער פּראָפּאָרץ ביזן יאָר 1935־36. אין די יאָרן האָבן זיך באַוויזן די שווערע פאָלגן פון אַן איבערפּראָדוקציע און צו דעם נאָך אַ דומפּינג פון יאַפּאַן, וואָס האָט געוואָרפן די פּרייזן און עס האָט זיך געשאַפן אַ גרויסער קריזיס.

אין אָט די קריזיס־יאָרן איז אויך פאַרלייגט געוואָרן אַ ברייטער יסוד פאַר דער שטריקער־אינדוסטריע, אַ סך יידישע אַרבעטער זיינען אַרויסגעפאַלן פון די פאַבריקן — האָבן זיי זיך איינגעהאַנדלט ביי וואָלפן, אָדער ביי אַנדערע סוחרים, אַ מאַשינדל אויף אויסצאָלן, און געוואָרן אַליין פאַבריקאַנטן.

אַזוי האָבן יידישע אונטערנעמער מיטגעהאָלפן צו דער אַנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין אַלע אירע צווייגן, זיי האָבן מיטגעהאָלפן צו דער באַרייכערונג פון דעם לאַנד עקאָנאָמיש מיט גרויסע אונטערנעמונגען און האָבן פיל בייגעטראָגן פאַר דער אויסבעסערונג פון דעם לעבנס־ניוואָ פון די ברייטע פאָלקס־שיכטן מיט דער פאַרביליקונג פון די באַקליידאַרטיקלען.

ס'זײַנען אויסגעוואַקסן גרויסע ייִדישע פֿאַבריקן און גרויסע האַנדלס־הײַזער וואָס באַשעפֿטיקן צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, און שאַפֿן אָנזען דעם לאַנד. ייִדישע אונטערנעמער פֿון דער טעקסטיל בראַנזשע האָבן זיך באַטייליקט אין אינדוסטריעלע אויסשטעלונגען אין לאַנד און אויך אין אויסלאַנד, און באַקומען אויך אָפֿט אָנערקענונגס־מעדאַלן.

מיר װעלן ברענגען אייניקע אָפֿיציעלע סטאַטיסטישע ציפֿערן, וואָס וועלן אילוסטרירן דעם שנעלן פּראָגרעס וואָס די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט דורכגעמאַכט אין לאַנד און די גרויסע נוצן, וואָס דער ייִדישער אונטערנעמונגס־גײַסט האָט בײַגעטראָגן פֿאַר דער לאַנד עקאָנאָמיק:

אין 1928 יאָר האָט אַרגענטינע אימפּאָרטירט 27.500 טאָנען טעקסטיל־שטאָפֿן (אין קײַלעכיקע ציפֿערן) און אין לאַנד גופֿא זײַנען אויסגעאַרבעט געוואָרן 4.300 טאָנען. 93 פּראָצענט קעגן 7, אין פֿינף יאָר אַרום איז שוין די פּראָפּאָרץ געווען 83 קעגן 17. אין די ווײַטערדיקע פֿינף יאָר, עס הייסט, אין יאָר 1938, איז שוין די פּראָפּאָרץ פֿון אימפּאָרט געווען נאָך אַ קלענערע: 61 קעגן 39. אין 1942 האָט דער אימפּאָרט פֿון טעקסטיל־שטאָפֿן שוין באַטראָפֿן נישט מער ווי 31 פּראָצענט און די אַרגענטינער פּראָדוקציע האָט געגעבן די איבעריקע 69 פּראָצענט. און אין די לעצטע יאָרן איז דער אימפּאָרט פֿון טעקסטיל און טריקאָטאַזש אַרטיקלען אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן, די די היימישע פּראָדוקציע דעקט די גאַנצע 100 פּראָצענט פֿון דער אינערלעכער באַדערפֿעניש אין לאַנד און קליינע סכומים ווערן נאָך עקספּאָרטירט אין די שכנישע לענדער.

# פֿאַרוואַלטונג פֿון שטריקער פֿאַבריקאַנטן פֿאַראיין אין פּעריאָד 1942–1946



עס זיצן פֿון רעכטס: ב. דיאַמענט, י. גראָדזשיצקי (ע"ה), י. עפּעלבוים, שמחה הערמאַנאָוויטש (פּרעזידענט), הערץ יאַבקאָווסקי, יצחק בעניעק, ישעיה גראָדזשיצקי;
עס שטייען: דוד הירשהאָרן, ג. זינגער, אליעזר ראָזענבלום, ש. ראָלניק, י. האָכמאַן און פּ. מ. ראָזענבערג.



# דער שטריקער פאַבריקאַנטן פאַראיין און זיינע ערשטע יאָרן

פון

**שמחה הערמאַנאָוויטש**

גלײַך ווי דער שטריקער פאַבריקאַנטן פאַראיין איז גע־גרינדעט געוואָרן, ארויסגערופן צום לעבן צוליב די פּראָ־פעסיאָנעלע נויטן, און גלײַך ווי מען האָט נאָך באוויזן זיך אײַנצוואָרדענען און האָבן אן אייגענעם אדרעס, איז באלד ארויפגעשוואומען דער געדאַנק, אז פּאַראַלעל מיט דער פּראָפעסיאָנעלער טעטיקייט דאַרף אויך געטאָן ווערן גע־זעלשאַפטלעכע ארבעט.

ווײַל דער באַקאַנטער פּסוק, אז „לא על הלחם לבדו יחיה האדם" האָט דעם שטריקער פון פּוילן באַגלייט אויף אַלע זײַנע וועגן און וואַנדערונגען, אָן אונטערשיד אין וועלכן לאַנד ער איז געקומען. ווײַל נאָך אין די יונגע יאָרן, האָבן שוין דער גרעסטער טייל פון די שטריקער, אַנגעהערט, סײַ צו דער פּראָפעסיאָנעלער ארבעטער־באַוועג־גונג און סײַ צו פארשידענע ייִדישע פּאַרטייען, אזוי גוט בירגערלעכע, ווי פּראָלעטאַרישע.

עס איז דעריבער מער ווי פאַרשטענדלעך, אז בײַם אײַנאָרדענען זיך אין די נײַע היימען, האָבן זיי ארויסגע־וויזן אַן אינטערעס און געווען אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און דאָס האָבן די שטריקער געטאָן, סײַ ווי יחידים, אין זייערע פּריוואַטע קרייזן און סײַ קאָלעקטיוו, דורך זייער פאַראיין, וואָס שליסט איצט אָפּ אויך אַ קאַפּיטל פון אַ פערטל יאָרהונדערט געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט.

דער דאָזיקער פערטל יאָרהונדערט, איז געווען רײַך אין עליות און ירידות; געווען מאָמענטן פריידיקע און מאָ־מענטן טראַגישע און דראַמאַטישע, און סוף כל סוף האָט דער פאַראיין זיך אימפּאָנירט און געוואָרן אַ וואָגיקער עקאָנאָמישער פאַקטאָר אין דעם היגן ייִדישן לעבן און ספּעציעל אין דעם לעבן פון דער גרויסער שטריקער משפחה, ווײַל צוזאַמען מיט דער קאָאָפּעראַטיווע און לײַ־קאַסע, איז דער פאַראיין אַ וויכטיקער אָנשפּאַר פאַר הונדערטער קליינע און מיטעלע אינדוסטריאַלן, וועלכע ווערן דאָרטן באַהאַנדלט אויף אַ ברידערלעכן און חברשן אופן.

איז דעריבער בײַ דער געלעגנהייט, כדאי זיך צו דער־מאָנען און צו פאַרצייכענען געוויסע אַקטיוויטעטן, וואָס הגם זיי זײַנען נישט ספּעציפיש געבונדן מיט דער שטרי־קער־אינדוסטריע, זײַנען זיי אָבער אייגן און אינטים פאַר דער מענטאַליטעט און אחריות פון דעם אַלגעמיינעם ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווו דער צושטײַער פון דער אָרגאַניזירטער שטריקער־משפחה איז געווען אַ גאַנץ גרויסער.

אין זייער שטרעבונג אַרײַנצוקומען אין די פּאַרוואַל־טונגען פון די ייִדישע עקאָנאָמישע אינסטיטוציעס, האָבן אין די ערשטע פּיאָנערן יאָרן די שטריקער זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע שוועריקייטן; פון איין זײַט, האָט מען זיך געשראָקן פאַר זייער יוגנטלעכקייט, ווײַל עס האָט זיך געהאַנדלט פון מענטשן, וועלכע זײַנען געווען צווישן 25 און 35 יאָר. פון צווייטער זײַט, איז געווען אַ געוויסע אײַנגעשפּאַרטע אָפּגעשטאַנענקײַט פון אייניקע שטאָט־תקיפים, וועלכע האָבן זיך ווי צוגעקלעפּט צו די „בענק־לעך" אויף וועלכע זיי זײַנען געזעסן און האָבן זיך געשראָקן פאַר אַ נײַעם אויפקומענדיקן עקאָנאָמישן שיכט, וועלכער איז געקומען פאַרנעמען זײַן אָרט און זאָגן זײַן וואָרט.

פאַר יענעם מין שטאָט־תקיפים, — קאָרוזשאַס, אויפן היזיקן לשון — איז געווען פרעמד, סײַ די קולטיווירטע פאָלקסטימלעכע שפּראַך פון די יונגע שטריקער־פאַברי־קאַנטן ווי בכלל דער גאַנצער שטריקער־פאַך, וועלכער איז געווען אַ נײַער אויף דער היגער ייִדישער גאַס. דעמאָלט זײַנען געווען באַקאַנט דאָ אַנדער־ע פאַכן, ווי שנײַדער, סטאָליער, היטל־מאַכער. עס האָט דעריבער פאַר אַ סך געקלונגען פרעמד דאָס מין שטריקערײַ; פאַר אייניקע האָט עס געמיינט, אז עס האַנדלט זיך פון מאַכן שטריק, אָדער פון „שטריקן", ווי די פרויען פלעגן אַמאָל שטריקן מיט שפּיזלען... עס איז דעריבער געווען, לויט זייערע באַגריפן אַ חוצפּה, אז „שטריקן־מאַכער" זאָלן פּרעטענדירן אָנצו־קומען אין די פאַרוואַלטונגען פון די עקאָנאָמישע אינסטי־טוציעס, אין וועלכע די שטריקער, ווי בכלל ייִדישע האַנט־

ווערקער, האָבן זיך אין יענער צײַט געניויטיקט, כדי צו קאָנען אָנגיין מיט זייערע פאַך־טעטיקייטן; האָבן פאַר זיך אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיי אונטערקומען מיט אַ הלוואה, מיט אַ ריכטיקער אינפאָרמאַציע, וועגן זייערע מאָראַלישע און מאַטעריעלע קרעדיט־פעאיקייטן.

דאָך איז געלונגען, אַז די שטריקער־בראַנזשע זאָל באַקומען אייניקע פאַרטרעטער אין פאַרשידענע פינאַנץ־אינסטיטוציעס. די דאָזיקע ערשטע „שוואַלבן" זײַנען שטענדיק געשטאַנען אויף דער געהעריקער הויך צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די שטריקער פאַבריקאַנטן, און באַזונדערס פון דעם נישט פאַרמעגלעכן טייל פון דער יִדישער באַפעלקערונג.

און צוגלײַך מיטן פאַרטיידיקן די מאַטעריעלע אינטערעסן איז אויך געשאָנקען געוואָרן אַ סך אויפמערקזאַמקייט אַלע אַנדערע אינטערעסן פון דער מיטגלידערשאַפט. מיטן אַרײַנקומען פון יִדישע שטריקער אין די פינאַנץ־אינסטיטוציעס, האָט זיך דאָרטן געעפנט אַ נײַ פעלד פון אַרבעט פאַר זיי און דאָס איז געווען אין דער ערשטער רײַ דער געביט פון קולטור־אַרבעט.

ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, זײַנען דער גרעסטער טייל שטריקער, געקומען אין לאַנד מיט אַ געהעריקן



(פון ש. הערמאַנאָוויטשעס פריוואַטן אַרכיוו)

אַ בילד פון יאָר 1926. שטריקער אַרבעטער פון דער פירמע גוטיערעס אי לאַ פוענטע (עקסיסטירט נישט מער). אין דער ערשטער ריי: דער דריטער פון רעכטס, פּאַסקוואַל אַפּעלבוים, הײַנט מיטגליד פון פאַראיין־פאַרוואַלטונג און פראָ־סעקרעטאַר פון דער קאָאָפּעראַטיווע; דער זעקסטער — שלום יאַבקאָווסקי, הײַנט אַן אַקטיווער טוער און פירער פון אַ מפא"י צענטער אין פלאָרעס; זיבעטער — שמחה הערמאַנאָוויטש, 3-טער פּרעזידענט פון פאַראיין, געוו. פראָ־סעקרעטאַר פון דער קהילה און אַקטיווער טוער אין דער געזעלשאַפט פאַר יִד. וועלטלעכע שולן.
אין דער צווייטער ריי: ערשטער פון רעכטס, גרשון געסטעל, פאָרזיצער פון דער געז. „קולטור און הילף"; צווייטער - יצחק יאַקובאָוויטש ע"ה געוו. פאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון פאַראיין און פון דער קהילה א. א. יִדישע אַרבעטער. דער גרעסטער טייל פון די וועלכע זײַנען געבליבן בײַ דער בראַנזשע זײַנען טעטיק בײַ פאַרשיידענע יִדישע אינסטיטוציעס.

באנאזש פון געזעלשאפטלעכער און אידעאלאגישער טע־טיקייט, מיט א רייפן צוגאנג צו די פארשידענע פראבלע־מען פון יידישן לעבן. דעמאלט זיינען נאך די ווערטער „קיום" און „המשך" נישט געווען אזוי אקטועל ווי היינט; מיר האבן נאך געהאט א קרעפטיקן מזרח־אייראפעאישן יידנטום ווי א יסוד פארן קיום פון פאלק. די היגע קולטור־אנשטאלטן האבן אין יענער צייט נישט געהאט קיין שייכות און קיין שום אונטערשטיצונג מצד די יידישע פינאנץ־אינסטיטוציעס. די ווייניקע יידישע שולן וואס האבן מיט 25 יאר צוריק עקסיסטירט, זיינען ווי געוויינלעך (און ווי עס איז נאך ביזן היינטיקן טאג) געווען גרויסע נצרכים. עס איז אבער געווען א זעלטנהייט צו קאנען באקומען פאר זיי א געוויסע ביישטייערונג פון אנדערע יידישע קערפערשאפטן. די שולן האבן זיך געדארפט אויסהאלטן מיט די אייגענע ארעמע מיטלען.

און עס איז געווען די אנוועזנהייט פון די פארשטייער פון שטריקער־פאך, וואס האבן דעם איינגעשטעלטן „סיסטעם" געבראכן. די פארשטייער פון די שטריקער אין די פינאנץ־אינסטיטוציעס, האבן שטארק משפיע געווען, אז די יידישע פינאנץ־אינסטיטוציעס, זאלן ווערן א וויכטיקער פאקטאר אין אונדזער יידיש קולטור־לעבן. עס וועט כדאי זיין איבערצוגעבן א קאנקרעטן פאל, וועלכער וועט בולט באווייזן, ווי אזוי עס האט אויסגעזען אין יענער צייט די באציאונג צום יידישן שול־וועזן: אין יאר 1938 איז געקומען א ווענדונג פון דער געזעלשאפט פאר יידיש־וועלטלעכע שולן צו א געוויסער פינאנץ־אינסטיטו־ציע וועגן אן איינמאליקער יערלעכער ביישטייערונג פון 50 (פופציק) פעזעס, ווייל אזא סומע האבן זיי שוין איינ־מאל געהאט באקומען. עס האט זיך אבער פאר דער צייט געביטן א טייל פון דעם דירעקטאריום און דער נייער פרעזידענט האט נישט מסכים געווען צו אזא „אויסברענ־געניש". א באנק, האט ער געזאגט, שענקט נישט קיין געלט, נאר גיט געלט אויף פראצענטן... נאך א מיינונגס אויסטויש פון א טייל פון אלטן דירעקטאריום, איז באשלאסן געווארן צו געבן בלויז 25 פעזעס און דאן איז געקומען די רעאקציע פון די נייע פארשטייער פון שטריקער־פארבאנד; דאס זיינען געווען די חברים מאיר ראזענבערג, יצחק בענעק, ישעיה גראדזשיצקי און דער שרייבער פון די דאזיקע שורות, וועלכע האבן נאך א געהעריקער אויפקלערונג באוויזן צו ענדערן דעם בא־שלוס, און אנשטאט 50 פעזעס, וואס די געזעלשאפט האט געבעטן האבן זיי באקומען גאנצע 100 (הונדערט) פעזעס.

אויף דער נאענטסטער זיצונג, האט די „צווישא" אויף איר ווענדונג באקומען 200 פעזעס און ווען די „צווישא" האט באשלאסן צו בויען איר ערשטן אייגענעם בנין אויף סערראנא 341, האט די זעלביקע פינאנץ־אינסטיטוציע, הגם זי איז לויט איר פארנעם געווען אויפן 4־טן פלאץ צווישן די פינאנץ־אנשטאלטן אין שטאט, בייגעשטייערט מיט גאנצע 2.500 (צוויי טויזנט פינף הונדערט) פעזעס, וואס איז געווען א גרויסע סומע פאר יענער צייט און די ערשטע און איינציקע פון אזא מין ביישטייערונג פאר א יידיש־וועלטלעכער שול.

שפעטער זיינען געקומען אנדערע אינסטיטוציעס, וואס האבן געמאכט אפשר גרעסערע ביישטייערונגען. עס איז אבער געווען נויטיק צו מאכן אן „איינברוך" אין דער מענטאליטעט פון דעם אלטן דור עסקנים, אויף אנצוהויבן א נייע עפאכע פון אויפבוי פון יידישן שול־וועזן, ביז צו דערגרייכן, אז פינאנץ־אינסטיטוציעס, זאלן אליין מיט אייגענער איניציאטיוו אויפבויען א פרעכטיקן שול־בנין, ווי דאס האבן געטאן די פינאנץ־קאאפעראטיוועס פון דער געגנט פון פלארעסטא, וואס האבן אויפגעבויט דעם פרעכטיקן בית־עם און שול „מדינת ישראל". אבער די פיאנערן אויפן דאזיקן געביט זיינען געווען די מיטגלידער פון דער שטריקער־משפחה און מיר האבן א רעכט צו זיין שטאלץ אויף דעם, ווייל מיר האבן דירעקט און אומדירעקט א גרויסן חלק אין דעם וואס די פראגע פון דערציאונג און יידישער קולטור איז געווארן אן ענין פאר אלע שיכטן פון פאלק און פון אלע זיינע אינסטיטוציעס.

היינט צו־טאג זיינען א גרויסע צאל שטריקער־פאב־ריקאנטן אקטיוו אויפן געביט פון יידישן שול־וועזן, וועלכע האבן אויף זייער קרעדיט דעם אויפבוי פון שול־בנינים, פרעזידענטשאפטן פון שול־פארוואלטונגען מיט־באטייליקטע אין די פארוואלטונגען פון „ייווא", קולטור־קאנגרעס און פארלאגן פון יידישע ביכער.

שטריקער פאבריקאנטן, דער חבר משה קוויאטעק און מיין ווייניקייט, האבן געהאט די זכיה אין נאמען פון זייער פאראיין צו לייגן א ציגל אינעם גרונדשטיין פונעם קהילה־בנין אין בוענאס איירעס.

איך האב געהאט דעם כבוד צו פארטרעטן דעם פאר־איין און די געז. פאר וועלט. שולן אינעם עקזעקוטיוו פון דער קהילה־פארוואלטונג און אין דעם פעריאד זיך באטייליקט אין דער דעלעגאציע, וואס האט צוגעשטעלט א באגריסונגס־מעסעדזש און איז אויפגענומען געווארן אויף א ספעציעלער אודיענץ דורכן נשיא המדינה יצחק בן צבי.

שטריקער פאבריקאנטן זיינען טעטיק אין אלע נאציא־נאל־יידישע באוועגונגען און זיינען אקטיוו אין די פאר־שיידענע זאמלונגען פאר די נאציאנאלע פאנדן: קרן־קימת לישראל, קרן־היסוד, באנאס און ענלעכע.

און אחרון אחרון חביב, דאס סאמע דערהויבנסטע און שענסטע פון נאציאנאל־יידישער פארווירקלעכונג: שטריקער־פאבריקאנטן וועלכע האבן זייערע קינדער אין די שטעט און קיבוצים פון מדינת ישראל און וועלכע שטרעבן אליין אויך אהין עולה צו זיין. איז פייערנדיק דעם האלבן יובל פון עקסיסטענץ, ווינטש איך ווייטער צו שמידן די גאלדענע קייט, אז אונדזער אויפטו זאל זיין א ביישפיל פאר אונדזערע קינדער פון באוווסטזיין און אחריות פארן יידישן קיום.

# שטריקער שאַפן אַ פאָנד פאַר מלחמה־קרבנות אויף אַ מסיבה אין יאָר 1944

„דער באַקאַנטער כלל־טוער ה׳ איסאַק בעניעק האָט צוזאַמען מיט זײַן פרוי, אײַנגעאָרדנט בײַ זיי אין נײַעם הויז אַ „קאָקטייל" וואָס זיי האָבן מיט גרויסער גאַסטפרײַנטלעכקייט סערווירט צו עטלעכע צענדליק אײַנגעלאַדענע פערזאָן, שטריקער, פרײַנד פון דער שטריקער־בראַנזשע און געזעלשאַפטלעכע טוער.

„עס איז באַוווּסט אַז די שטריקער פאַבריקאַנטן נעמען אַ זייער אַקטיוון אָנטייל אינעם היגן ייִדישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן און זייערע טוער האָבן געזוכט דעם אופן ווי אַזוי פײַערלעך אָנצוהויבן די זאַמלונגס־אַקציע לטובת די ייִדישע מלחמה קרבנות.

שמחה הערמאַנאָוויטש, און שײַע גראָדזשיצקי, פרעזידענט און סעקרעטאַר פון די שטריקער־פאַבריקאַנטן, האָבן גערעדט וועגן דער אַקטואַליטעט פון דער הילפס־אַקציע און גערופן צו מעשים, פון בײַטראָגן וואָס מער.

„אין נאָמען פון צענטראַלן קאָמיטעט רעדט דער גענעראַל סעקרעטאַר, הירש טריוואַקס, וועלכער שטרייכט אונטער אַז די שטריקער זײַנען אַ פּראָגרעסיווער און טיכטיקער עלעמענט, אויף דער ייִדישער גאַס און ער רופט זיי צו אַקטיוויטעט פאַרן וויכטיקן הילפס־קאַמפּיין. עס רעדט נאָכדעם דער סעקרעטאַר פון צ. קאָמיטעט ה׳ מ. באַרבאַראָש, ה׳ שלמה געלמאַן פון בראַזיל און שליח פון וועלט־



אָנוועזנדיקע אויף דער מסיבה צו שאַפן אַ פאָנד לטובת די מלחמה־קרבנות

„עס זײַנען געקומען אַ גאַנץ באַדײַטנדע צאָל אײַנגעלאַדענע און אויך זײַנען פאַרבעטן געוואָרן אַ רײַע פירער פון דעם קאַמפּיין קאָמיטעט. און אַ דאַנק דער גאַסטפרײַנטלעכקייט איז געשאַפן געוואָרן די געהעריקע שטימונג, צו קענען אינטענסיווירן די אַקציע און שוין אויפן פלאַץ זײַנען געזאַמלט געוואָרן דרײַ טויזנט פעזעס פאַרן רעטונגס־פאָנד.

„עס איז בײַ דער געלעגנהייט סערווירט געוואָרן פון שענסטן און בעסטן. דער עולם האָט זיך אונטערגעהאַלטן און אויך מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די רעדנער.

קאָנגרעס, דר. יעקב העלמאַן, די ה״ה אַדאָלפאָ בעלמאַן, קאַלינסקי, יאַבקאָווסקי א. אַ. עס ווערט באַלד געמאַכט דער אָנהויב פון דער זאַמלונג וואָס גיט די ערשטע דרײַ טויזנט פעזעס פון די שטריקער פאַרן הילפס־קאַמפּיין לטובת די ייִדישע מלחמה קרבנות און פליטים.

„דער עולם פאַרברענגט נאָך ביז שפּעט אין אָוונט,, און צום סוף באַדאַנקען אַלע אָנוועזנדע די פרײַנדלעכע גאַסטגעבער פאַר דער שיינער פאַמיליערער און אייניציײַטיק געזעלשאַפטלעך־נוצלעכער מסיבה וואָס זיי האָבן צוגעגרייט בײַ זיך אין הויז.

פון „הײַנטיקע נײַעס".

# די שטריקער אינדוסטריע אין יאָר 1945

פון ש. פרייליך ע״ה

(לויט אינטערוויוען מיט פאַבריקאַנטן פון דער שטריקער־בראַנזשע)

די ערשטע שטריקער האָבן אָנגעהויבן קומען קיין אַרגענטינע אין יאָר 1925 און מען קען זאָגן, אַז מיט זיי הייבט זיך אָן די געשיכטע פון דעם דאָזיקן פאַך, וואָס איז היַינט צו טאָג איינער פון די פּאָפּולערסטע אין דער ייִדישער געזעלשאַפט.

די שטריקער אַרבעטער זיַינען אַלע געקומען אַהער פון וואַרשע, אָבער אַ סך פון זיי זיַינען דאָרט אויך געווען צוגערייזטע און האָבן געשטאַמט פון די קליינע שטעטלעך פון פּוילן, פונוואַנען די נויט און די אַרבעטסלאָזיקייט האָט זיי אַרויסגעטריבן און געבראַכט קיין וואַרשע זוכן אַ באַשעפטיקונג. די דאָזיקע יונגעליַיט, וואָס זיַינען אין די מלחמה יאָרן אַרומגעגאַנגען פּוסט און פּאַס, האָבן זיך איצט אין וואַרשע אויסגעלערנט דאָס פאַך און עס דאָרט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען און פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסע און וויכטיקע אינדוסטריע, אָבער דער אַנטיסעמיטיזם, די פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען און דער קריזיס, האָט זיי געצוווּנגען אויסצוּוואַנדערן פון פּוילן און זיי צעשפּרייט איבער דער וועלט און אַ סך פון זיי האָבן זיך דערשלאָגן אַהער, ווּ זיי האָבן גע׳חלומט אָנצוהויבן אַ נייַ לעבן.

די שטריקער וואָס זיַינען געקומען אַהער מיט צען און מיט צוואַנציק יאָר צוריק, זיַינען אַלע געווען היימישע חברים, וואָס האָבן זיך באַקענט אין די וואַרשעווער פאַבריקן, אין די וואַרשעווער הויפן און אין די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע קלובן און די דאָזיקע קאַנטשאַפט זייערע האָט דאָ טאַקע געמאַכט פאַר זייטיקע דעם איַינדרוק, אַז אַלע שטריקער זיַינען פון איין פאַמיליע, און דער דאָזיקער איַינדרוק האַלט פאַקטיש אָן ביז היַינט, זעענדיק די היימישקייט וואָס הערשט אין דעם שטריקער פאַך.

געקומען זיַינען די שטריקער ווי אַרבעטער, פּראָלעטאַריער און איך ווייס נישט, צי האָט זיך דאַן איינעם פון זיי גע׳חלומט צו ווערן דאָ אַ מיַיסטער, אַ פאַבריקאַנט. כמעט אַלע שטריקער זיַינען געווען באַוווּסטזיניקע אַרבעטער, בונדיסטן, פּועלי־ציוניסטן, סאָציאַליסטן און סתם לינקיסטן און זייער ערשטער געדאַנק איז געווען בלויז צו געפינען דאָ אַ פּלאַץ, ווּ צו פאַרקויפן זייערע הענט פאַר אַן אָנשטענדיקן לוין און זיך דאָ אויסלעבן אין אַ היימיש פּראָלעטאַרישער סביבה, וואָס זאָל פאַרטרעטן די אַרבעטער היים; צי דעם גראָסער קלוב פון וואַרשע.

## די ערשטע פאַבריקאַנטן: טערקן און איטאַליענער

איך האָב גערעדט מיט אַ גאַנצע ריַיע שטריקער ווי: שיע רוזאַל, שמחה הערמאַנאָוויטש, יאָסל גראָדזשיצקי, איסאַק בענעק, שיַיע גראָדזשיצקי, וואָס האָבן מיר געגעבן אַ שטיקל בילד ווי אַזוי דאָס פאַך האָט דאָ אויסגעזען אין פאַרשיידענעציַיטן. ווי זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, זיַינען דעמאָלט געווען אין אַרגענטינע געציילטע קריסטלעכע פאַבריקן ווי: אַלדאָראַקאָ, גוטיערעז אי לאַפּוענטע, לאַקאַסאַ אי ספּילער און אייניקע אַנדערע. די באַלעבאַטים פון די דאָזיקע פאַבריקן זיַינען געווען טערקן און איטאַליענער, וואָס אַ סך פון זיי זיַינען אַפילע נישט געווען פון פאַך. די דאָזיקע פאַבריקן האָבן די רוישטאָפן געבראַכט פון אויסלאַנד, מיינסטנס פון ענגלאַנד, פראַנקריַיך און בעלגיע און זיי האָבן די פאַרטיקע סחורה פאַרקויפט דאָ אויפן היגן מאַרק. די פּריַיזן פון אַ טריקאָט זיַינען דאַן געווען זייער הויכע, ווי אייניקע שטריקער פאַבריקאַנטן גיבן מיר איבער, האָבן זיי זיך פאַרינטערעסירט צו קענען די פּריַיזן פון אַ מאָל און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ געוויינלעכער סוועטער האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק געקאָסט דריַיסיק פּעזעס און ער איז געווען נאַטירלעך אַ לוקסוס אַרטיקל, וואָס קיין אַרבעטער האָט צו דעם נישט געקענט צוקומען. אַ שיינעם סוועטער האָט מען נאָר געקריגן ביַי גאַט אין טשאַוועסן, אָדער אין ויעלכן עס איז אַנדער גרויס געשעפט אין צענטר און אויף דער פּראָווינץ איז דאָס אַרטיקל גאָרנישט געווען בנמצא.

די ייִדישע שטריקער אַרבעטער וואָס זיַינען אָנגעקומען אַהער, האָבן נישט באַלד געקריגן קיין אַרבעט, ערשטנס, האָט דאָס פאַך ביַי דער באַגרענעצטקייט נישט געקענט אויפנעמען מיט אַמאָל אַזאַ גרויסע צאָל אַרבעטער, וואָס די שיפן האָבן אַהער געבראַכט טאָג־טעגלעך און צווייטנס, האָבן די אימיגראַנטן ניט געוווּסט פון די אַלע פאַבריקן און עס האָט געדויערט ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צו זיי.

## קאָנקורענץ צווישן אַרבעטער

ווי זיי דערציילן, האָבן די נישט ייִדישע פאַבריקן שוין געהאַט אין 1925 ייִדישע אַרבעטער, אָבער די דאָזיקע אַרבעטער האָבן זיך באַמיט, אַז מען זאָל וואָס ווייניקער וויסן פון זייערע פאַבריקן און אַ סך פון זיי האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב אומבאַמערקט און געגאַנגען דורך הינטערגעסלעך, כדי די חברים זאָלן נישט וויסן ווּ זיי אַרבעטן.

געטאָן האָבן זיי עס אויס מורא פאַר קאָנקורענץ און זיי האָבן געטראַכט, אַז אויב ייִדישע אַרבעטער וועלן אַריין אין דער פאַבריק, וועט זיי שוין זיַין שווער דאָרט צו שטיַיגן און באַקומען אַן הוספה, אָדער דער באַלעבאָס וועט זיי נאָך עפּשער שניַידן די שכירות.

קיין שלעכטע פרייזן האט מען דאן אין פאך נישט געצאלט, דער דורכשניטלעכער לוין פון אן ארבעטער אין פאך איז געווען צווישן זעקס און זיבן פעזעס א טאג, אבער די צרה איז געווען, וואס די ארבעט איז געווען א סעזאן־ארבעט און מען איז געווען באשעפטיקט בלויז דריי צי פיר חדשים אין יאר און דערנאך ארומגעגאנגען ליידיק.

דאס יאר 1925, איז בכלל געווען זייער א שווער יאר פאר שטריקעריי און די אינדוסטריע האט דעמאלט געכאפט א שטארקן קלאפ, געגנוי די סיבות פון יענעם קריזיס ווייסן ניט די שטריקער, אבער איינינקע זיינען זיך משער אז דאס איז דערפאר, וואס די מערסטע שטריקער באלעבאטים זיינען נישט געווען פון פאך און נישט געוווסט ווי אזוי אנצוגיין מיט זייערע פאבריקן.

ווי מיר האבן שוין געזאגט, זיינען די שטריקער ארבעטער אלע געווען באוווסטזיניקע פראלעטאריער און זיי האבן געהאט אונטער זיך א פראפעסיאנעלע פאליטישע פארגאנגענהייט און די דאזיקע יונגעלייט האבן זיך דא באלד געזוכט צו ארגאניזירן נישט נאר פאליטיש, נאר אויך פראפעסיאנעל און געשאפן א שטריקער פאריין, וואס האט זיך געשטעלט אלס ציל איינצושטעלן פעסטע פרייזן אין פאך, באקעמפן די עקספלואטאציע און די אומארגאניזירטקייט און איינשטעלן א געוויסע פראפעסיאנעלע עטיק.

## דער ערשטער שטריקער ארבעטער פאראיין

זייער פאפולער איז דעמאלט געווען אין דער באוועגונג א יונגערמאן מיטן נאמען כ' לואיס, א פועלי־ציוניסט, וואס איז שפעטער פונדאנען אוועק קיין פראנקרייך, דער דאזיקער לואיס האט דא געגרינדעט דעם פראפעסיאנעלן שטריקער פאראיין, וואס האט אנגעפירט א רייע שטרייקן און איינינקע פון זיי זיינען געוווגען געווארן און אנדערע זיינען פארשפילט געווארן.

דער פאראיין האט זיך געפונען אין לאקאל פון דער פרייער ביבליאטעק, אויף וואלענטין גאמעז, צווישן קאסטעלי און פאסא. די אנפירער פון פאראיין האבן זיך דערמאלט ארומגעטראגן מיט זייער פיל אינטערעסאנטע פלענער און איינער פון זיי איז געווען דאס שאפן אן ארבעטער קאאפעראטיווע, וואס האט עקזיסטירט א קורצע צייט און באלד אונטערגעגאנגען.

די דאזיקע קאאפעראטיווע האט באקומען רוישטאפן און זיי אויסגעארבעט און פארקויפט אויפן מארק און דער פרווו האט ארויסגערופן גרויס אינטערעס אין אלע אנדערע פאכן, וואס האבן אויך געחלומט פון אזעלכע קאאפעראטיוועס, אבער ווי געזאגט, איז דער פרווו דורכגעפאלן.

וועגן די סיבות פון דורכפאל, איז שווער צו דערגיין א טאלק, איינינקע זאגן, אז די קאאפעראטיווע איז דערשטיקט געווארן פון די באלעבאטים, וואס האבן געזען אין איר א געפערלעכע קאנקורענץ און אנדערע זאגן, אז דער דורכפאל איז גאר געקומען פון די ארבעטער גופא, וואס האבן נישט געקענט דורכקומען צווישן זיך און נאך אנדערע ווידער זיינען מיט דער מיינונג, אז די ארבעטער קאאפעראטיווע איז דורכגעפאלן צוליב דער אומדערפארנקייט פון די אנפירער, וואס זיינען טאקע געווען גוטע ארבעטער, אבער זייער שלעכטע סוחרים און נישט געהאט קיין חוש פאר מסחר.

די יידישע שטריקער ארבעטער הויבן אן ווערן זעלבסטשטענדיק ארום 1928, ווען זיי ווערן נענטער באקאנט מיט דעם פאך און מיט די היגע באדינגונגען. א סך האבן באלד די פאבריק באטראכט פאר אן איבערגאנגס בריק צו זעלבסטשטענדיקייט און אנדערע ווידער זיינען פשוט געווען געצוווּנגען דערצו, ווייל זיי האבן נישט געהאט וו צו ארבעטן און געמוזט זוכן ווי אזוי צו פארדינען זייער ברויט.

## די ערשטע שטריקער פאבריקאנטן

ווי מען גיט איבער, האבן די ערשטע שטריקער־פאבריקאנטן געהאט א דורכפאל. די דאזיקע מענטשן זיינען געווען גוטע ארבעטער און האבן טאקע געקענט דאס פאך, אבער זיי האבן נישט געקענט דעם מארק און נישט געוווסט ווי אזוי אפצוזעצן זייער סחורה. די דאזיקע מענטשן האבן נישט געהאט אין ערגעץ קיין קרעדיט און האבן געדארפט צאלן פאר דעם רוישטאף אין מזומן און ווי נאר זיי האבן אויסגעארבעט דאס ביסל סחורה, האבן זיי שוין געמוזט האבן דעם קונה, וואס זאל זיי געבן דאס ביסל מזומן צו קויפן נייע רוי־שטאף, ווייל אנדערש זיינען זיי געבליבן שטיין און נישט געקענט ווייטער ארבעטן.

די סחורה האבן די קליינע פאבריקאנטן געמוזט פארקויפן די גרעסערע, וואס האבן געוווּסט זייער לאגע און זיי גאנץ פיין אויסגענוצט און דאס האט געשטעלט די פריש געבאקענע פאבריקאנטלעך אין א שווערער לאגע.

די ערשטע פאבריקלעך זיינען געווען זייער קליינע. אן ארבעטער האט דעמאלט גענומען א מאשין, וואס האט דעמאלסט געקאסט 500 פעזעס אויף אויסצוצאלן און אליין געארבעט ביי איר 24 שעה אין טאג צוזאמען מיטן ווייב און מיט זיין גאנץ הויזגעזינד, די ארבעט איז געווען א שווערע, יעדער איינער האט געוואלט ארייננכאפן וואס מער און זיך דערשלאגן צו נאך א מאשין און נאך א מאשין.

זייער א סך דערציילן די שטריקער וועגן זייערע ערשטע יארן ארבעט און נויט. מען האט זיך נישט פארגינען קיין שבת און פון קיין יום־טוב, געשפארט דעם ביסן אין מויל און געזוכט זיך צו עפעס דערשלאגן.

— א סך — זאגט מיר א שטריקער — זיינען אונדז היינט מקנאה, זיי מיינען, אז אלץ איז אונדז אראפגעפאלן פון הימל און זיי ווייסן נישט וויפל בלוט און שוויס מיר קאסט יעדע מאשין, יעדעס שרייפעלע, וויפל נויט און הונגער מיר האבן געליטן.

אַ גרויסע טרײַב־קראַפט אין דער אַרבעט זײַנען געווען די פאַמיליעס. די שטריקער אַרבעטער וועלכע זײַנען געקומען אַהער האָבן איבערגעלאָזט פרויען און קינדער, צי כלות אין דער היים און זיי האָבן נישט געזען דאָ פאַר זיך קיין תכלית צו אַרבעטן בײַ יענעם און דערצו נאָך געציילטע חדשים אין יאָר. און דאָס האָט זיי געטריבן צו ווערן זעלבסטשטענדיק און זיך דערשלאָגן אַ וועג צו אַ בעסערער צוקונפט.

דער ייִדישער שטריקער אַרבעטער האָט דאָ אַרײַנגעבראַכט אַן איבערקערעניש אין פאַך, ער האָט די אינדוסטריע, פאַרפײַנערט, פאַרשענערט און טאַקע אים אויך היפּש פאַרביליקט. אַ פולאָווער, וואָס איז פריער געווען אַ לוקסוס אַרטיקל און מען האָט אים נאָר געזען אין דער הויפּט־שטאָט, איז איצט געוואָרן אַן אַרטיקל וואָס איז צוגענגלעך פאַר די אָרעמסטע מענטשן פון פאָלק און גרייכט אין די ווײַטסטע פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון דער רעפּובליק. דער ייִדישער שטריקער, קען מען זאָגן, האָט געשאַפן דעם קונה פאַר דעם אַרטיקל, ער האָט זיך דערשלאָגן צו אים אַ דאַנק זײַן פלייס און מי, אַ דאַנק זײַן שווייס און בלוט.

די דורכפאַלן פון די ערשטע פאַבריקאַנטן, האָט די ענערגישע ייִדישע יונגלײַט פון פוילן נישט אָפּגעשראָקן און טאָג טעגלעך זײַנען צוגעקומען נײַע פאַבריקן, וועלכע האָבן שוין אויסגענוצט די דערפאַרונג פון די פריערדיקע פאַבריקאַנטן. ווי מען פאַרזיכערט, איז אין זייער דורכפאַל געווען אויך פיל שולדיק דאָס, וואָס זוכנדיק אַ פּלאַץ אויפן היגן מאַרק האָבן זיי געמוזט קאָנקורירן מיט די פריערדיקע פאַבריקאַנטן און פאַרקויפן ביליקער און צוליב דעם שוין אויך געלייגט ווייניק אַכט אויף דער אַרבעט און דאָס האָט געבראַכט צו אַ קריזיס .די נײַע פאַבריקאַנטן האָבן דעריבער זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרפײַנערן און פאַרשענערן די אַרבעט און פאַרבעסערן די קוואַליטעט פון דער סחורה. שאַפן נײַע מאָדעלן, נײַע אַרטיקלען און דער עיקר געזוכט טאַקע צו שאַפן נײַע אָפּנעמער פאַר זייער סחורה, נײַע מערק.

## די ווירקונג פון דער מלחמה

די יאָרן פון פאַר דער מלחמה האָבן געבראַכט אַ נײַעם קריזיס אין פאַך און די אינדוסטריע האָט זיך ווידער אַ וואַקל געטאָן און אין יענע צײַטן איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן דער פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן, וואָס האָט געזוכט אַלע מיטלען צו שטעלן דאָס פאַך אויף אַ פעסטערן באָדן.

די מלחמה האָט געבראַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דער לאַגע פון פאַך און אַרגענטינע האָט אָנגעהויבן אַליין צושטעלן די רוי־שטאָפן. בײַ הײַנטיקן טאָג איז שטריקערײַ שוין אינגאַנצן אַן אומאָפּהענגיקע נאַציאָנאַלע אינדוסטריע און דאָס לאַנד האָט שוין אַלע נויטיקע אַרטיקלען פאַר דער אַרבעט ווי וואָל, אַנילינען, קנעפּ, מאַשינען א. אַ. וו.

די פאַבריקאַנטן אַרבעטן הײַנט אַלע דאָ מיט די מאָדערנסטע מאַשינען און גיבן אַרויס סחורה פון אַזאַ קוואַליטעט, וואָס קאָנקורירט מיט אַלע אַנדערע לענדער. די היגע פאַבריקן אַרבעטן שוין נישט בלויז פאַרן היגן מאַרק, נאָר אויך פאַר אַלע אַנדערע לענדער, ווייל עס דערגרייכן נאָר די היגע פאַרבינדונגען. די סחורה וואָס ווערט דאָ אויסגעאַרבעט גייט אויך אין אַלע זיד אַמעריקאַנער לענדער און אויך קיין נאָרד אַמעריקע, ווו די היגע שטריקערײַ האָט געקריגן גאָר אַ גוטע אויפנאַמע.

איינע פון די בעסטע מערק פאַר די היגע שטריקער פאַבריקאַנטן איז אין דער מלחמה געווען דרום אַפריקע, וואָס האָט פריער די דאָזיקע אַרטיקלען געקויפט אין פראַנקרײַך. אין די לעצטע וואָכן האָט זיך שוין געעפנט פאַר דער היגער שטריקערײַ אויך דער אייראָפּעאישער מאַרק און מוסטערן פון היגע סחורות שפּאַרן שוין אָן אויך אין שוועדן.

דאָס שטריקערײַ נעמט הײַנט אַרום כמעט אַלץ וואָס עס איז נויטיג פאַר דער באַקליידונג ווי: זאָקן, פרויען און מענער וועש, סוועטערס, וואַרעמע וועש, באָד טראַכטעס, שאַלן, הענטשקעס און אַ.

די פאַבריקן אַרבעטן אויס הײַנט פון די ביליקסטע אַרטיקלען ביז די פײַנסטע און זיי דערגרייכן אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך פון לאַנד צו רײַכע ווי צו אָרעמע.

אַרום און אַרום גלויבט מען זאָלן זײַן דאָ בײַ צוויי הונדערט פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן אַ צאָל פון צען טויזנט אַרבעטער, ייִדן און קריסטן, צווישן זיי אַ גרויסע צאָל פרויען. די שטריקער פאַבריקן געפינען זיך מייסטנס אין דער געגנט פון וויזשאַ קרעספּאָ, בעלגראַנאָ און פּאַטערנאַל און אויב נישט אַלע זײַנען ייִדישע, זײַנען ווייניקסטנס זיבעציק פּראָצענט פון זיי ייִדישע פאַבריקן.

אַ סך פון די וואָס האָבן דאָ אויפגעהויבן די אינדוסטריע זײַנען דערנאָך איבערגעגאַנגען צו אַנדערע אינדוסטריע, אָדער האָבן אויסגעברייטערט זייערע פאַבריקן און אָנגעהויבן אויסאַרבעטן אויך אַנדערע אַרטיקלען, ווי זײַדענע וועש, א. אַ.

די געשטריקטע הענטשקעס איז אַן אַרטיקל וואָס איז אויפגעקומען שוין אין דער מלחמה און האָט זייער אַ גוטן אָפּגאַנג. דאָס דאָזיקע אַרטיקל ליגט שוין אינגאַנצן אין ייִדישע הענט און האַלט איצט אין אויסשפּרייטן זיך.

אין אַלגעמיין קען מען זאָגן, אַז די ייִדישע אַרבעטער פון פוילן און דער עיקר פון וואַרשע, האָבן דאָ אויפגעהויבן אַן אינדוסטריע, וואָס איז אַ כבוד פאַרן לאַנד און געשאַפן אַן אַרבעטס פּאָזיציע פאַר טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער און דער עיקר געמאַכט צוגענגלעך אַן אַרטיקל, וואָס איז אַזוי נויטיק אין טאָג טעגלעכן געברויך פון יעדן איינעם.

פון „די פּרעסע”.

# פראבלעמען וואס האבן באזארגט די שטריקער־בראנזשע מיט אנדערטהאלבן צענדליק יאר צוריק

פון א. מילשטיין

**קליינע פאבריקאנטן באקומען נישט קיין קרעדיט. — א רואינירנדיקע קאנקורענץ אין פאך. — קארעדארן נעמען מוסטערן ביי איינעם און טראגן צו א צווייטן. — דער פאראיין וויל זיך נישט מישן אין קאנפליקטן פון „ארבעט און קאפיטאל".**

דער פאראיין פון די שטריקער פאבריקאנטן איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1936 אונטער דעם נאמען „וניאן דע פאבריקאנטעס דע טעכידא דע פונטא" און ארויסגערופן צום לעבן האבן אים די שוועריקייטן וואס די נייע און קליינע פאבריקאנטן האבן אנגעטראפן אין זייער ארבעט. די ערשטע פראבלעם איז געווען די „הילאנדעריעס", וואס האבן די נייע פאבריקאנטן נישט געגעבן קיין קרעדיט. אין דער צייט ווען די גרויסע און רייכע סוחרים האבן ביי זיי געקריגן וואל אויף צו באצאלן אין זעקס מאנאטן ארום, האבן די קליינע סוחרים ביי זיי אינגאנצן נישט געקריגן קיין קרעדיט, אדער געקריגן בלויז אויף א קורצן טערמין. אויף דרייסיק טעג העכסטנס. א צווייטע פראבלעם זיינען געווען די קארעדארן, וואס פלעגן נעמען א מוסטער ביי איינעם און אים אוועקטראגן צו א צווייטן, וואס האט דאס ארטיקל געמאכט פאר ביליקער און אזוי ארנאך געשאפן א געוואלדיקע קאנקורענץ אין פאך ווארפנדיק די פרייזן.

די פראגע פון קרעדיטן איז אויך געווען צום אנהויב ביי די שטריקער זייער אן אנגעווייטיקטע. דער קליינער שטריקער פאבריקאנט, וואס האט געקויפט אביסל וואל און עס אויסגעארבעט האט באלד געמוזט די סחורה פארקויפן צו באקומען געלט אויף קויפן נייע וואל כדי ניט צו בלייבן שטיין ליידיק און די אפנעמער האבן די דאזיקע לאגע זיינע געוווסט און אים אויסגענוצט צווינגענדיק אים צו פארקויפן אונטערן פרייז.

די וואלן אין די היגע פינאנציעלע אינסטיטוציעס, איז אויך געווען א וויכטיקער מאטיוו, וואס האט געצווונגען די שטריקער פאבריקאנטן זיך צו ארגאניזירן. די קליינע מייסטערס, וואס האבן נאר־וואס זיך איינגעארדנט האבן גענדארפט האבן א ביליקן קרעדיט און די איינציקע, וואס האבן זיי געקענט קומען צו הילף זיינען געווען די יידישע בענק. פאר וועלכע זיי זיינען נאך אבער ניט געווען גענוג קרעדיט פעיק און די שטריקער פאבריקאנטן האבן פארשטאנען, אז עס איז אומבאדינגט נויטיק צו באקומען א פלאץ אין דער אנפירונג אהין א פאר אייגענע מענטשן, וואס זאלן פאר זיי דעם דאזיקן קרעדיט אויסקעמפן און געווינען פאר זיי דארט א פאזיציע.

אבער באלד ביי דער גרינדונג איז פארגעקומען א שפאלטונג און דער פאראיין האט זיך צעטיילט אין צווייען און א קורצע צייט האבן עקזיסטירט צוויי שטריקער פארבריקאנטן פאראיינען, וואס האבן בלויז געשטערט איינער דעם אנדערן. די סיבה פון דער שפאלטונג זיינען טאקע געווען די וואלן צו דער פאלקסבאנק. אזוי ווי עס זיינען געווען צוויי ליסטעס, א בלויע און א גרינע, האבן איניקע געהאלטן, אז מען דארף גיין מיט דער בלויער און אנדערע, אז מען דארף גיין מיט דער גרינער.

פארשטייט זיך, אז ביידע צדדים זיינען דא נישט אויסן געווען צו שטיצן דעם אדער יענעם צד, נאר יעדער איינער האט געמיינט, אז זיין צד וועט געווינען און במילא וועלן אויך געווינען די שטריקער פאבריקאנטן, וואס האבן אין דעם וואל קאמפיין געהאט בלויז איין ציל און דאס איז שאפן זיך א פאזיציע אין א באנק, ווו זיי זאלן קריגן די נויטיקע קרעדיטן אן וועלכע זיי קענען נישט עקסיסטירן.

א הארבע פראבלעם איז אויך געווען פאר דעם שטריקער פאבריקאנטן פאראיין דער פראפעסיאנעלער פאראיין פון די שטריקער ארבעטער. די דאזיקע מענטשן, וואס זיינען נאך נעכטן אליין געווען ארגאניזירטע ארבעטער, האבן געוואלט אויסמיידן מעגלעכע קאנפליקטן מיט די ארבעטער, וואס זיינען מייסטנס געווען נעכטיקע חברים און זיי האבן אין זייערע סטאטוטן ארייגעשטעלט א פונקט, אז „דער שטריקער פאבריקאנטן פאראיין מישט זיך נישט ארייין אין די קאנפליקטן צווישן ארבעט און קאפיטאל". געמיינט האבן זיי אז דערמיט וועלן זיי אויסמיידן קאנפליקטן מיט די ארבעטער און איבערלאזן די פראבלעם פריוואט פאר יעדן איינעם צו לייזן לויט זיין איינזען, אבער דער פראפעסיאנעלער פאראיין האט דערפון נישט געוואלט וויסן און ער האט געפאדערט, אז דער שטריקער באלעבאטים זאל שליסן מיט די ארבעטער קאלעקטיוו אפמאכן און די דאזיקע אפמאכן טאקע אויך גאראנטירן מיט זיין אויטאריטעט.

דער דאזיקער קאנפליקט האט געבראכט צו א קריזיס אין פאראיין פון די פאבריקאנטן און אים נישט געלאזט גיין פארויס. די ארבעטער האבן זיך וועגן דעם געווענדט אין נאציאנאלן ארבעטס דעפארטאמענט, וואס האט גערופן פיל מאל די פארוואלטונג פון די שטריקער באלעבאטים

און דאָס האָט געבראַכט צו חלוקי־דעות אין דער שטריקער משפּחה.

אין קיין שום פאַך איז נישט אַזוי היימיש און פאַמיליאַר ווי דער שטריקער פאַך. אַלע זײַנען זיי געקומען פון וואַרשע, ווו זיי האָבן געאַרבעט צוזאַמען, געווען שכנים, פּאַרטיי חברים און אפילו קרובים און די דאָזיקע קאָנפליקטן האָבן זיי אָפט געשטעלט אין פאַרלעגנהייט. באַלעבאַטים האָבן זיך געפילט אומבאַקוועם צו קעמפן מיט זייערע אידייען חברים צי גאָר מיט זייערע נעכטיקע שכנים און אַרבעטסקאָלעגן.

אין 1937 איז דער קריזיס אין פאַראיין געבראָכן געוואָרן און ער הויבט דאַן אָן אָן אָרגאַניזירטע טעטיקייט. דער פאַראיין ציט זיך אַריין אין אַ לאָקאַל אויף גורודטשאַגאַ, וווּ עס געפינט זיך דער נערוו פון דער אינדוסטריע און ער הויבט אָן דורכברעכן אַלע שוועריקייטן. ער פּועלט אויס בעסערע באַדינגונגען אין די הילאַנדעריעס, קריגט געוויסע פּאָזיציעס אין די יידישע בענק און הויבט אָן ווערן אַ געזעלשאַפטלעך אָרגאַניזירטער כוח און נעמט שוין אַנטייל אין אַלע געזעלשאַפטלעכע ענינים.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אַנטשטייען פאַרן פאַראיין נײַע פּראָבלעמען און דער הויפּט פּראָבלעם איז דער מאַנגל אין רוי־שטאָפן און די ספּעקולאַציע אויף וואָל און דער פאַראיין פירט אָן אַ קאַמף קעגן דער ספּעקולאַציע און זוכט צו באַקומען וואָל אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, וואָס גיט זיך נאָר טיילווײַז אײַן און ברעכט אומדירעקט אין אַ געוויסער מאָס די ספּעקולאַציע. עס אַנטשטייט אויך אַ פּלאַן וועגן אַ קאָאָפּעראַטיווע, וואָס גיט זיך לײַדער נישט אײַן צוליב אַ גאַנצער רײַע סיבות.

דער פאַראיין איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די הילאַנדעריעס און זיך באַמיט צו באַזײַטיקן אַלע שטערונגען און צו באַקומען רוי־שטאָפן און די לעצטע צײַט איז געלונגען דעם פאַראיין צו מאַכן אַ באַדײַטנדן קויף אַלס פּראָבע און ער צעטיילט די רוי־מאַטעריאַלן צווישן די מיטגלידער.

לעצטנס, איז בײַם פאַראיין געשאַפן געוואָרן אַן אַקציען געזעלשאַפט וואָס הייסט קאָרפּאָראַסיאָן דע פאַבריקאַנטעס דע טעבידאָס דע פּונטאָ, וואָס האָט שוין אַ קאַפּיטאַל פון 210 טויזנט פּעזעס. די טוער פון פאַראיין לייגן אויף דער דאָזיקער געזעלשאַפט גרויס האָפענונג און גלויבן ,אַז זי וועט זײַן פון גרויס נוצן פאַרן פאַך.

די שטריקער פאַבריקאַנטן זײַנען אַלע געזעלשאַפטלעכע מענטשן און מיר זעען זיי אומעטום אין יעדער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג און דער עיקר בײַ שול און קולטור־ אַרבעט. אַ חוץ אין די גרויסע אינסטיטוציעס ווי חברה קדישא, פאָלקס־באַנק, שפּיטאָל, בית יתומים, דאַיאַ, פּאָמענטאַ אַגראַריאַ, נעמען זיי אַן אָנגעזעענעם אַנטייל אין דער צווישאָ, אין דער געזעלשאַפט פאַר ייִדיש וועלטלעכע שולן, אין די ליגעס פון אַרבעטנדן פּאַלעסטינע, אין איוואָ און בכלל אין יעדער קולטור באַוועגונג און מיר האָבן צווישן זיי מער פרײַנט פון דער ייִדישער קולטור, פון ייִדישן טעאַטער, ייִדישן בוך, ווי אין וועלכן עס איז אַנדער פאַך. די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן אַלע אונטער ׳זיך אַ פּאַרטיי שולע און האָבן באַקומען זייער דערציִונג אין גראַסער קלוב צי אין אַרבעטער היים, זײַנען געבליבן טרײַ זייערע אידייען און טראַדיציעס און אַ סך פון זיי זײַנען נאָך עד היום פאַרליבט אין ייִדישן בוך, אין ייִדישן ליד און אינגאַנצן ייִדישן לעבן און מיר טרעפן זיי אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון אונדזער קאַמף אויפצוהאַלטן דאָס ייִדיש לעבן. אויף ייִדישע שמחות און באַנקעטן זײַנען די שטריקער די ערשטע צו פאַרציען אַ ייִדיש פאָלקס ליד, אַ חסידיש ניגונדל און זיי ריידן נאָך עד היום מיט באַגײַסטערונג וועגן מעדעמען און זרובבלען, גראַסערן און ראַפּאַלקעסן.

די שטריקער פאַבריקאַנטן זײַנע נאָך אַלץ היימישע מענטשן אין אונדזער לעבן און די צוואַנציק יאָר לעבן אין לאַנד האָבן נאָך נישט אויסגעוועפּט אין זייערע הערצער די אַלטע אידייען וועגן סאָציאַלער און נאַציאָ־

פון „די פּרעסע", 1946.



אַ גרופּע ייִדישע אַרבעטער בײַ דער שוועדסטער אַרבעט אין שטריקער פאַך, בײַם שטריקן „סאָקאָ פּירפּאָ" אויף האַנט - מאַשינעס. לעצטער לינקס — בערל גרינבערג, ערשטער רעכטס — שמחה הערמאַנאָוויטש.

פאָטאָ פון יאָר 1933

# די אינדוסטריע פון וועב און שטריק־שטולן אין אַרגענטינע

פון 1587 ביז 1961



פון ש. וויטעס

די כראָניק פון דער אַרגענטינער געשיכטע, וואָס שילדערט דאָס לעבן אין דער ווײַטער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, רעדט שוין וועגן אַ פּרימיטיווער טעקסטיל אינדוסטריע, וועלכע מען דאַטירט אין יאָר 1587. אין יענער צײַט האָבן די ערשטע אײַנוווינער פון לאַנד אָנגעפאַנגען אַ נײַעם אַספּעקט אין זייער פּראָדוקטיוו לעבן, מיטן אויסאַרבעטן די רוי־מאַטעריאַלן וואָס זיי האָבן דאָ געטראָפן, און וועלכע זײַנען פאַר אייראָפּע געווען אַ קוואַל פון רײַכטום.

דער האַנדל מיט דער מעטראָפּאָליע איז דאַמאָלסט באַשטאַנען איבערהויפּט אינעם טראַפיק פון אָן אַ שיעור פּראָדוקטן פון דער אַמעריקאַנער אַגריקולטור און פּיצוכט. די וואָל פּראָדוקציע, וואָס פאַרנעמט הײַנט צו טאָג איינע פון די וויכטיקסטע ציפערן אינעם וועלט מאַרק, איז שוין דאַן געווען שטאַרק פאַרצווײַגט, און די קאָלאָניאַלע עלעמענטן, אונטער דער אָנפירונג פון די יעזואיטן, האָבן שטאַרק פּראָפּיטירט, אײַנשפּאַנענדיק די אינדיאַנער אין דער אויסאַרבעטונג פון פאַרשידענע געשטריקטע זאַכן, וואָס זיי האָבן אָפּגעשיקט מיט די שיפן קיין שפּאַניע.

די דאָזיקע פּרימיטיווע אינדוסטריע האָט זיך די גאַנצע צײַט געצויגן ביז די הײַנטיקע צײַטן, אויפן זעלבן אופן, פון שטוב טעלאַרן, אַלטמאָדישע, הילצערנע פון איינפאַכן געבוי. אַזעלכע מאַשינען טרעפט מען נאָך ביז הײַנט צו טאָג אין די ווײַטע פאַרוואָרפענע פונקטן פון די נאָרד־פּראָווינצן, ווו דער לאָקאַלער עלעמענט, וואָס שטאַמט דירעקט פון די אינדיאַנישע שבטים, לעבט נאָך אין דער זעלבער אָרעמקייט, און מיט די זעלבע אײַנפאַכע און פּרימיטיווע לעבנס מכשירים ווי אין דער קאָלאָניאַלער צײַט. זיי אַרבעטן אַליין אויס מיט אָרעמע האַנט־מאַשינען זייערע בגדים און זייער מעבל.

דער פּרימיטיווער וועב־שטול, געמאַכט דורכויס פון האָלץ און שטריק, אויף וועלכן די אײַנגעבוירענע אַרבעטן אויס זייערע קאָלירטע שטאָפן, איז נאָך זייער שטאַרק פאַרשפּרייט אין אַ גאַנצער רײַ דרום־אַמעריקאַנישע לענדער, אין פּערו, פּאַראַגוויַי, באָליוויע, און כמעט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פון דעם דרום־קאָנטינענט, פאַרנעמט נאָך די פּרימיטיווע וועבערײַ און שטריקערײַ אַ גאַנץ באַדײַטנדיקן פּלאַץ אין דער פאָלקס־ווירטשאַפט, וואָס האַלט נאָך אָן אויף אַזאַ מין אופן די טראַדיציאָנעלע זעלבסטבאַזאָרגונג מיט די אַרטיקלען פון היימישער פּראָדוקציע.

אין אַרגענטינע איז אין דעם זין פיל פאָרגעשריטענער, כאָטש אין די צפון פּראָווינצן פון לאַנד, ווו עס לעבט נאָך אַ קאָמפּאַקטע האַלב־אינדיאַנישע באַפעלקערונג, איז נאָך דער פּרימיטיווער וועב־שטול נישט פאַרשוווּנדן און ווײַזט אָן אויף אַ שרײַיקן קאָנטראַסט צווישן צוויי עפּאָכעס. איינע וואָס איז שוין אַלט איבער דרײַ הונדערט יאָר און ווערט נישט פאַרשוווּנדן, און די אַנדערע וואָס ווערט רעפּרעזענטירט מיט די מאָדערנסטע דערגרייכונגען פון דער טעכניק, פון דער כעמיע און פון דער עלעקטריציטעט, וואָס טרײַבט די דאָזיקע ווונדערבאַרע שטריקער און וועב־מאַשינעם פון הײַנט.

דער אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג האָט געגעבן אַ גוואַלד־שטויס דער פאַבריקאַציע פון אַלע מינים וועב־שטולן ווי דער אינדוסטריע בכלל. אויף גוואַלד האָט דאָס לאַנד איבערגעריסן איר האַלב־פאַרשלאָפענעם „סיעסטאַ”־ריטם און האָט פיבערהאַפט זיך גענומען צו בויען און שאַפן. דער אימפּאָרט האָט זיך אָפּגעשטעלט און מען האָט מער נישט געקאָנט דערוואַרטן, אַז אַלץ וועט קומען פון „יענער זײַט ים”, עס האָט זיך געשטעלט אַ ברענענדיקע פראַגע פון קאָנסערווירן די מאַשינען וועלכע זײַנען געווען אין דער אַרבעט.

באַזונדערס איז די פראַגע געווען אַקטועל אין דער שטריקער־אינדוסטריע, קאָנסערווירן די שטריק מאַשינעס און די צושטעלונג פון די אַלע מאַטעריאַלן און צודאַטן וואָס נויטיקן זיך אין יעדער מאָדערן אײַנגעאָרדנטער פאַבריק. באַנײַען פאַרשידענע באַשטאַנדטיילן פון די מאַשינעס, וואָס ווערן אָפּגענוצט אָדער געשעדיקט פון אַ זייער אינטענסיווער אַרבעט, בפרט נאָך אין אַזאַ אינדוסטריע ווו די מאַשינעס אַרבעטן אָן אָפּשטעל אַלע פיר און צוואַנציק שעה אין טאָג.

דאָס אויסברעכן פון קריג האָט שטאַרק פאַרשאַרפט די פּראָבלעם פון נײַע מאַשינעס בכלל און דאָס צושטעלן פון צודאַטן בפרט, נאָר טראָץ דעם אויספעלן פון רוי־

מאַטעריאַלן, און די גענויע טעכנישע צוגרייטונג אויף צו שאַפן אין לאַנד אַן אינדוסטריע פון טעקסטיל מאַשינעס, איז דאָך געלונגען אייניקע אינדוסטריאַלן פון גרויסן אונטערנעמונגס גײַסט און באַזונדערע פעיִקייטן און קענטענישן אין דער בראַנזשע, אַוועקצושטעלן אויף זייער פעסטע יסודות די וויכטיקע אינדוסטריע פון פאַבריצירן טעקסטיל מאַשינעס פון די קאָמפּליצירטסטע מאָדעלן, וועלכע האָבן די גאַנצע צײַט פון קריג קאָמפּעטירט און פאַרביטן די אײַראָפּעאישע און נאָרד־אַמעריקאַנער מאָדעלן. די אינדוסטריאַלן האָבן זיך ניט אַנטוישט אין דער דאָזיקער לייזונג פון איינער פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אינעם טעקסטיל פאַך, און אַזוי אַרום איז זיי געלונגען אָנצוהאַלטן אין גאַנג זייערע פאַבריקן און אַפילו פאַרגרעסערן זייער פּראָדוקציע, נאָכקומענדיק די גוואַלדיקע פאָדערונגען פונעם אינלענדישן און אויסלענדישן

די פּראָדוקטיוויטעט פון דער מאַשינעס־פאַבריקאַציע האָט געגעבן דעם היגן אינדוסטריאַל פון דער שטריקער־בראַנזשע אַ מעגלעכקייט אָנצוגיין מיט זײַן אַרבעט און באַפעסטיקן איינע פון די נײַסטע און בליענדיקסטע אינדוסטריעס פון לאַנד.

די שטריקער־אינדוסטריע האָט אין פאַרלויף פון די קריגס־יאָרן אָנגעהאַלטן איר נאָרמאַלן אַרבעטס־ריטם און דאָס איז אין אַ גרויסער מאָס דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דעם פּראָגרעס פון דער נײַער אַרגענטינער מאַשינען־אינדוסטריע און איר נײַסטן צווײַג: דער פאַבריקאַציע פון וועב־ און שטריק־שטולן.

מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג דאַרף פעסטגעשטעלט ווערן דער פאַקט, אַז אויף דעם געביט פון פּראָדוקציע פון וועב־שטולן און אַלע מינים צודאַטן פאַר שטריק־מאַשינעס זײַנען געווען יִדישע אונטערנעמער. פאַכלײַט מיט אַ גרויסער טעכנישער עקספּעריענץ און אונטערנעמונגס־גײַסט זײַנען זיי געווען די ערשטע וואָס האָבן געשאַפן וועב־שטולן אין לאַנד און פון זייער אַ הויכער קוואַליטעט, וואָס קאָנען זיך פאַרגלײַכן מיט די בעסטע טיפּן פון אויסלענדישער אויסאַרבעטונג.

צום באַדויערן אָבער ווערט די אינדוסטריע נישט גענוג סטימולירט און געשיצט קעגן אויסלענדישער קאָנקורענץ. לעצטנס איז שטאַרק פאַרקלענערט געוואָרן דער אַרײַנפיר־אָפּצאָל פאַר טעקסטיל־מאַשינעס, וואָס שטעלט אין געפאַר די עקזיסטענץ פון אָט דער גאַנץ נײַער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע, מיר האָבן די טעג געזען פּראָטעסט־אַנאָנסן פון די פאַבריקאַנטן אין אַלע צײַטונגען פון לאַנד, אָבער ס'איז נישט באַוווסט צי עס וועט ווירקן זייער ויצעקו.



## די פאַרוואַלטונג פון שטריקער־פאַבריקאַנטן פאַראיין אין פעריאָד 1946—47

פון לינקס צו רעכטס זיצן: ישראל פּראָסט (סעקרעטאַר), אליעזר ראָזענבלום (פּרעזידענט), יוסף אייזענהאַסער (קאַסיר), י. יאַקובאָוויטש. עס שטייען: ה. באַרבאַנעל, כ. אַפּעלבאַום, ג. הירש (טעכנישער סעקרעטאַר), דר. קרייסעלבורד (יורידישער ראַטגעבער), פ. אַפּעלבאַום, יעקב ברוקמאַן, כ. זילאַס, כ. האַמבורג און איסאַק בעניעק.

# וועבער-אַרבעטער זיינען געווען די גרינדער פון דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווע אין דער וועלט

**אַרבעטסלאָזע וועבער גרינדן אין 1845 די ערשטע קאָנסום־קאָאָפּעראַטיווע. — די הויפּט־פּרינציפּן פון זייערע סטאַטוטן גילטיק ביזן הײַנטיקן טאָג.**

פון **ב. וואלמאַן**

דעם 21־טן דעצעמבער ווערט הונדערט זעכצן יאָר זינט אין דער ענגלישער שטאָט ראָטשעדאַל איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע. די קאָאָפּעראַטיווע, די ערשטע אין דער וועלט, איז באַשטאַנען אין אַן אָרעם קלייטל.

די וואָס האָבן געגרינדעט די קאָאָפּעראַטיווע, זײַנען געווען 28 אַרבעטסלאָזע וועבער־אַרבעטער. די אידייע פון קאָאָפּעראַציע איז שוין פיל עלטער, אָבער די וועבער האָבן געגעבן דער אידייע אַ פּראַקטישן ווערט. מיט דער קאָאָפּעראַטיווע, וואָס זיי האָבן געגרינדעט, האָבן זיי געזוכט אַ פּראַקטישן נוצן, אַז די פּראָדוקטן וואָס זיי קויפן, זאָלן זיי קאָסטן ביליקער.

„אַרבעטסלאָזע וועבער־אַרבעטער האָבן געגרינדעט די ערשטע קאָאָפּעראַטיווע אין דער וועלט". — פאַר אונדז האָבן די ווערטער ממש אַ סימבאָלישע באַדײַטונג. מיר וואָלטן געקענט דעם געדאַנק איבערפראַזירן און זאָגן: אַרבעטסלאָזע שטריקער־אַרבעטער פון פּוילן האָבן געשאַפן די טריקאָטאַזש־אינדוסטריע אין אַרגענטינע. איי־



די פאַרוואַלטונג פון דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווע אין דער וועלט. אַ פאָטאָגראַפיע פון יאָר 1846. אין צענטער טשאַרלס האָוואַרט, דער טעאָרעטיקער פון דער קאָאָפּע־ראַטיווער באַוועגונג און מחבר פון סטאַטוט, טיילן פון וועלכן עם גילטן נאָך ביז היינט.

ניקע מיטגלידער פון דעם פאראיין, וועלכע טיילן־מיט זייערע זכרונות אויף די שפאלטן פון דעם בוך און דער־ציילן וועגן זייערע פיאָנערן־יאָרן אין דער בראנזשע, זאָגן מיט דער פולער אויפריכטיקייט, אז ווען זיי בלייבן נישט ארבעטסלאָז אין יענער צייט, וואָלטן זיי נאָך וואר־שיינלעך „ביז איצט געווען ארבעטער ביי יענעם". די נויט איז אָפטמאָל דער בעסטער לערער און דער שטארק־סטער פאקטאָר פון מענטשלעכן פּראָגרעס, די בייטש וואָס טרייבט פאָרויס דעם רייטער־געשפאן פון דער געשיכטע.

די וועבער פון ראָטשעדאל זיינען געווען די פּיאָנערן פון פּראקטישן קאָאָפּעראטיוויזם, וואָס איז אויסגעוואקסן צו א ריזיקער באוועגונג. ביז פאר דער מלחמה, זיינען געווען אויף דער וועלט 160 מיליאָן מענטשן וואָס זיינען געווען אָרגאניזירט אין קאָאָפּעראטיוועס.

פון די 28 פּיאָנערן, איניציאטאָרן און גרינדער פון דער קאָאָפּעראטיווע, טיילט זיך אויס איינער מיטן נאָמען טשארלס האווארט. ער איז געווען דער, וואָס האָט אויס־געארבעט דעם רעגלאמענט פון דער קאָאָפּעראטיווע.

די הויפּט־פּרינציפּן פון דער קאָאָפּעראטיווע זיינען גע־ווען: די סחורה האָט מען ניט פארקויפט אויף דעם קאָסט־פּרייז, און די פאַרדינסטן, וואָס זיינען געבליבן, האָט מען צום סוף יאָר אומגעקערט די מיטגלידער, לויט דעם וויפיל יעדער האָט געקויפט.

א צווייטער פּונקט איז געווען, אז די קאָאָפּעראטיווע האָט פארקויפט נאָר פאר מזומן. אלע מיטגלידער דארפן געניסן פון די זעלבע רעכטן.

דער פּונקט, אז די פאַרדינסטן ווערן פארטיילט לויטן איינקויף פון יעדן מיטגליד, איז ביזן היינטיקן טאָג גילטיק אין אלע קאָאָפּעראטיוועס, איינשליסלעך אויך אין אונדזער קאָאָפּעראטיווע פון רוי־שטאָפן. דאָס איז באמת געווען א געניאלער איינפאל, וואָס זאָגט עדות אויף דער הויכער אינטעליגענץ פון די מענטשן. דער פּרינציפּ פארזיכערט דעם קיום פון א קאָאָפּעראטיווער אינסטיטוציע: ווייל די מיטגלידער האָבן אן אינטערעס צו קויפן דעם מאקסימום אין זייער קאָאָפּעראטיווע און גלייכצייטיק דערלאָזט ער נישט די קאָאָפּעראטיווע זאָל זיך פארוואנדלען אין א פּראָפיט־זוכנדיקן געשעפט: דער פארדינסט ווערט פאר־טיילט צווישן די מיטגלידער אין פּראָפּאָרץ צו זייער איינקויף. וואָס שייך דעם „פארקויף אין מזומן" דארף מען אין אכט נעמען אז ס'האָט זיך געהאנדלט וועגן א קאָנסום־קאָאָפּעראטיווע. דער היינטיקער „פארקויף אויף וועקסלען" איז אין א געוויסער מאָס ווי מזומן: מיט וועקסלען קאָן מען צאָלן די סוחרים און וועקסלען קאָן מען אויך דעסקאָנטירן אין די בענק.

אין די רעגלאמענטן איז אויך געווען פאָראויסגעזען, אז די קאָאָפּעראטיווע וועט אויך בויען געזונטע און באקוועמע וואוין־הייזער פאר די מיטגלידער, ווי אויך דינגען אָדער קויפן פעלדער, כדי צו פארשאפן ארבעט די מיטגלידער.

און נאָך א וויכטיקער פּונקט איז געווען אינעם רעגלא־מענט, אז עס וועט פארבאָטן די מיטגלידער צו טרינקען אלקאָהאָל און זען צו פארשענערן ווי מעגלעך דאָס פא־מיליען־לעבן.

די 28 פּיאָנערן פון קאָאָפּעראטיוויזם האָבן צוזאמען געהאט א קאפּיטאל פון 700 פראנק און זיי האָבן פאר דעם געלט איינגעקויפט אביסל ארטיקלען פון ערשטן געברויך. אזעלכע ווי מעל, צוקער, טיי און קארטאָפל, ארטיקלען וואָס זיי האָבן געקויפט אויף א הורט־פּרייז. די קאָאָפּעראטיווע האָט פארקויפט די ארטיקלען ביליקער ווי אין אלע אנדערע קליטן און מענטשן האָבן דאָרט זייער גערן געקויפט.

דאָס אָרעמע קאָאָפּעראטיווע קלייטל האָט זיך אָנגע־הויבן שטארק צו אנטוויקלען. צום יאָר האָט זי שוין גע־האַט 74 מיטגלידער און דערנאָך 300.

אין צען יאָר ארום נאָך דער גרינדונג, האָט די קאָאָפּע־ראטיווע אין ראָטשעדאל שוין געציילט מיט 4.500 מיט־גלידער, און דער קאפּיטאל פון 700 פראנק איז אויסגע־וואקסן צו דריי מיליאָן פראנק. די קאָאָפּעראטיווע האָט שוין געהאט דעמאָלט פארשידענע אָפּטיילונגען און אלע האָבן זיי געהאלטן אין וואקסן.

די פּיאָנערן, די 28 וועבער־ארבעטער פון ראָטשעדאל, ווערן היינט דערמאָנט איבער דער גאָרער וועלט. זיי האָבן געגעבן דער וועלט דעם אָנהויב פון קאָאָפּעראטיוויזם, א באוועגונג, וואָס שפּרייט זיך אויס אלץ מער און מער און באקומט אלץ מער אָנהענגער.

# גרויסע יידישע טעקסטיל אינדוסטריאַלן אין פוילן

## כאַראַקטעריסטיק פון לאָדזשער יידישע פאַבריקאַנטן. — מערקווירדיקע קאַריערע פון גרויסע יידישע אונטערנעמער

פון דר. פיליפ פרידמאַן

### ישראל ק. פאָזנאַנסקי

א גרויסע באַדייַטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער אינדוסטריע האָבן געהאַט די יאָרן 1881—1900. אמת, אַז דאָס איז בכלל געווען די צייַט פון גרויסער „פּראָספּעריטי" אין לאָדזש, דעמאָלט זייַנען שטאַרק אויסגעוואַקסן אויך די נישט־ייִדישע אונטערנעמונגען, אָבער בייַ ייִדן איז דעמאָלט דער אַנטוויקלונגס־ריטם געווען נאָך אַ סך אינטענסיווער, איידער בייַ נישט־ייִדן. קענטיק אַז דאָ האָט געשפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע די ייִדישע אימיגראַציע פון רוסלאַנד און ליטע; דאָס איז געווען די תקופה פון פּאָגראָמען און גרושים (גרוש מאָסקווע 1891 אאַ"וו) אין רוסלאַנד. אַ סך ייִדישע סוחרים און אינדוסטריעלער מיט גרויסע קאַפּיטאַלן און מיט האַנדלס־פאַרבינדונגען איבער גאַנץ ־רוסלאַנד האָבן זיך אַריבערגעטראָגן קיין לאָדזש און, דאָ אָנגעטראָפן אויף דער בעסטער, פיבערהאַפטיקער גרינדונגס־צייַט, זייַנען דאָ געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון דער דאָזיקער גרינדונגס־און עקספּאַנסיע־כוואַליע, דורך דעם וואָס זיי האָבן געשאַפן אַ סך אונטערנעמונגען און האָבן עקספּאָרטירט די לאָדזשער סחורות אויף נייַע, ביז דעמאָלט נאָך נישט באַהערשטע אָפּזאַצמערק (למשל מאיר ביילין, מרדכי העלמאַן, די ברידער קופּער אאַ"וו).

די גלענצנדסטע קאַריערע אין דער פאַר־מלחמה צייַט האָט געמאַכט אין לאָדזש ישראל קאַלמנאָוויטש פּאָזנאַנסקי. זייַן פאָטער קלמן איז געווען אין לאָדזש אַ קליינער סוחר מיט טעקסטיל־סחורה. דער יערלעכער אומזאַץ פון זייַן געווועלב האָט אָנהייב די 40־ער יאָרן אויסגעמאַכט אַן ערך 4.000 גילדן. זייַן זון ישראל, געבוירן 1833, און געווען דער איינציקער פון אַלע זין, וואָס האָט אין דער שטרענג אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע באַקומען אַביסל וועלטלעכע בילדונג. מען שמועסט, אַז דאָס איז געווען די השפּעה פון זייַן שוועסטער דבורה, וואָס איז שוין געווען אַביסל אויפגעקלערט אונטער דער ווירקונג פון איר מאַן דעם דר. מעד' שמואל טוגענדהאָלד (אַ ברודער פון דעם וואַרשעווער משכיל און צענזאָר יעקב טוגענדהאָלד). נאָכן טויט פון זייַן פאָטער האָט ישראל חתונה געהאַט און האָט אָנגעהויבן אַליין צו האַנדלען (אַרום 1855). באַלד האָט ער אָנגעהויבן — ווי דער שטייגער איז געווען בייַ די לאָדזשער סוחרים — אַביסל צו פאַבריצירן „אויף לוין", ד"ה ער האָט געגעבן באַשטעלונגען צו די לוינוועבערס, בפרט קיין זדונסקע־וואָליע. אַרום 1860 האָט ער שוין געהאַט אַ קליין טעקסטיל־פאַבריקל אין לאָדזש. דעמאָלט פאַרמאָגט ער שוין אַביסל געלט, ער קויפט אַפילו צוויי קליינע הייַזלעך אין דער דרעוונאָווסקאַ־גאַס. באַלד הייבט ער אָן צו באַציען טעקסטיל־סחורות פון מאָסקווע, פאַרקויפט זיי און האָט דערבייַ אַ שיינעם ריווח. ער באַקומט די פאַרטרעטונג פון דער גרעסטער לאָדזשער פאַבריק „קאַרל שייבלער" — און זייַט דעמאָלט הייבט ער אָן זייער צו שטייַגן: צו יענער צייַט, אין די יאָרן 1861 — 1863 האָט לאָדזש געליטן פון אַ שרעקלעכן אינדוסטריע־קריזיס, וואָס איז אַרויסגעקומען איבער אַ סך סיבות. באַלד דערנאָך, אין יאָר 1864, האָט מען איבער דעם בירגער־קריג אין צפון־אַמעריקע אויפגעהערט צו ברענגען אַמעריקאַנישן באַוול און די פּרייַזן פון רויע באַוול האָבן אומגעהייער געשטייַגט, צוויי־און דרייַ פאַכיק. נאָך פריער האָט שייבלער געהאַט אײַנגעקויפט גרויסע סכומים רויע באַוול און האָט זיי אָנגעהויבן צו פאַרקויפן אין דער צייַט



ישראל ל. פאָזנאַנסקי

פונעם גרעסטן „באוול־הונגער". ביי דער שפּעקולאַציע האָט שייבלער געמאַכט זייער אַ סך געלט און עס ווייזט אויס, אַז זיין פאַרטרעטער פּאָזנאַנסקי האָט אויך מיט אים מיטגעאַרבעט אין דעם עסק און פאַרדינט אַ סך געלט. בכל אופן, זינט דעמאָלט, פון יאָר 1864 הייבט אָן פּאָזנאַנסקי שנעל צו וואַקסן. ער פאַרגרעסערט כסדר זיין פּראָדוקציע. אין יאָר 1873 קויפט ער אַ פּלאַץ אויף דער אַגראָדאָווע־גאַס און בויט אויף אַ וויסציייג־וועבעריי מיט 200 שטולן. אין יאָר 1877 בויט ער אַ גרויסע שפּינעריי, וועלכע ווערט תיכף אָפּגעברענט. פּאָזנאַנסקי פאַרלירט נישט דעם מוט; ער בויט אויף אין 1878 אַ נייע, קאָלאָסאַלע שפּינעריי מיט 36 טויזנט שפּינדלען, און פון דעמאָלט אָן וואַקסט ער אָן אויפהער, ביז ער האָט אַ ריזיקע מאַנופאַקטור מיט אַלע פּראָדוקציע־אָפּטיילונגען און אַפילו מיט אַן אייגענער גאַזאָווניע, אייזן־גיסעריי, טישלער־וואַרשטאַטן או"וו, אַ טיפּישער ביישפּיל פון אַן אינטעגראַלער קאָנצענטראַציע אין אַ גרויס־אינדוסטריעלער, קאַפּיטאַליסטישער אונטער־נעמונג.

ווי קומט דאָס, וואָס פּאָזנאַנסקי האָט געמאַכט אַזוי גיך אַזעלכע „גרויסע גליקן"? ערשטנס האָבן דערצו גורם געווען זיינע גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע און סוחרישע פעאיקייטן. ער האָט איינגעפירט נייע אַרטיקלען, וואָס האָבן געצויגן דעם קונה. ער האָט פאַרשטאַנען איינצופירן זייער באַליבטע געמוסטערטע, געדרוקטע און געפאַרבטע באַוולנע־ און ליינענע סחורות. ער האָט אויסגעזוכט אַ נייעם, ביליקערן קוואַל פון רויע באַוול; אַנשטאָט אַמעריקאַנער באַוול האָט ער אָנגעהויבן באַציען רויע באַוול פון טורקעסטאַן, האָט דאָרט געגרינדעט איינריכטונגען, בכדי צו רייניקן דעם רוי־באַוול אויפן אָרט, וואָס איז ווידער אויסגעקומען אַ סך ביליקער. ער האָט אַפילו — לויט געוויסע ווערסיעס — געגרינדעט אייגענע באַוול־פּלאַנטאַציעס. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט דעם ביליקסטן רוי־שטאָף. אין יאָר 1912 האָט זיין פאַבריק פאַרברויכט 150 טויזנט פוד אַמעריקאַנער און 300 טויזנט פוד טורקעסטאַנער באַוול. אַ חוץ ריין אינדוסטריעלער טעטיקייט האָט ער געפירט זייער גרויסע און זייער געראָטענע באָדן־שפּעקולאַציעס; ער האָט געקויפט הייזער און פּלעצער אין לאָדזש און אין דער געגנט אויף דעם אָפּשניט, ווו מען האָט שפּעטער דורכגעפירט די באַן־ליניע קאַליש — לאָדזש—וואַרשע. דער פּרייז פון פּאָזנאַנסקיס הייזער און פּלעצער האָט מחמת דעם זייער געשטייגט און ער האָט זיי פאַרקויפט מיט אַ גרויסן ריווח. לגבי זיינע אַרבעטער פּלעגט ער פירן זייער אַ דורכגעטריבענע פּאָליטיק. ער האָט זיי געהאַלטן אין צוים — מיט יראת שמים. ער האָט מנדב געווען אַ סך געלט אויף קירכן, בפרט האָט ער זייער אַ סך געגעבן אויף צו בויען דעם גרויסן גאָטישן מאַריען־קאָשטשאָל אויף דעם פּלאַץ קאָשטשעלני. זיין פאַבריק האָט געהאַט — פאַר זיין געלט — אַן אייגענעם קאָשטשאָל און אַן אייגענעם גלח, וועלכער פּלעגט אין אומרויקע צייטן דרשענען פאַר די אַרבעטער, אַז זיי דאַרפן פאָלגן זייער פאַבריקס־האַר. ער האָט פאַרשטאַנען זיך אַזוי איינצושטעלן, אַז ער זאָל האָבן די ביליקסטע אַרבעטסקראַפט. ביי פּאָזנאַנסקין זיינען געווען די נידעריקסטע אַרבעטער־לוינען און די גרעסטע צאָל אַרבעטער־שטרייקן אין לאָדזש. אין דעם פּרט פּלעגט ער זיך אַזוי איינאָרדענען; אַ מאַנסביל, אַ וועבער האָט ער טאַקע געצאָלט גאַנץ שיין — 8 רובל אַ וואָך. אָבער אין זיין ריזן־פאַבריק זיינען געווען סך הכל... 87 וועבער מאַנסבילן; אַ חוץ די וועבער האָבן אין זיין וועבעריי געאַרבעט אַן ערך טויזנט פרויען, וועמען ער האָט געצאָלט 4 רובל אַ וואָך. אַ פּשיטא, אַז אין די אַנדערע אָפּטיילונגען, באַזונדערס אין דער שפּינעריי, האָבן געאַרבעט צום גרעסטן טייל פרויען, — די ביליקערע אַרבעטס־קראַפט. שוין אין יאָר 1889 האָט ער זיין אונטערנעמונג פאַרוואַנדלט אין אַן אַקציען־געזעלשאַפט מיט 5 מיליאָן רובל גרונד־קאַפּיטאַל, וועלכע ער האָט שפּעטער פאַרגרעסערט ביז 10 מיליאָן רובל. אין יאָר 1912 האָט זיין פאַבריק געהאַט 152.046 שפּינדלען און 4.862 קראַפטשטולן. ער האָט פּראָדוצירט סחורה אין ווערט פון 13—14 מיליאָן רובל יערלעך און באַשעפטיקט 7 טויזנט אַרבעטער. פּאָזנאַנסקי איז געווען שטאַרק פּאָפּולער ביי דער יידישער באַפעלקערונג, ווייל ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט יידישע כלל־ענינים. אין די יונגע יאָרן, איז ער אַפילו געווען גבאי אין דער חב־ה־קדישא, שפּעטער איז ער געווען טעטיק אין בוי־קאָמיטעט פון דער נייער שול אויף אַלעיאַ קאָשטשושקי. ער האָט בכלל מנדב געווען אַ סך פאַר דער נייער שול און פאַר דעם נייעם בית־עולם. דעם גרעסטן נאָמען ביי יידן האָט ער אָבער געקויפט דערמיט וואָס ער האָט געגרינדעט דעם גרויסן יידישן שפּיטאָל אין לאָדזש. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1900.

## אשר (אָסקאַר) קאָן

אַן אַנדערע קאַריערע איז די קאַריערע פון אשר (אָסקאַר) קאָן, וואָס איר גרעסטער טייל געהערט שוין צו דער מלחמה צייט. אשר קאָנס זיידע, נחמיה קאָן, איז געווען רב אין דוואָרט, דער זיידע פון דער מוטער־ס צד, לייזער בערגער, איז געווען אַ באַקאַנטער לאָדזשער געשעפטסמאַן און עסקן, דער ערשטער יידישער טעקסטיל־פאַבריקאַנט אין לאָדזש און אַ זייער רירעוודיקער סוחר. אין די יונגע יאָרן האָט אשר קאָן אַ סך געלערנט און איז באַקאַנט ווי אַ גרויסער קענער פון דער אַלטער און נייער העברעיִשער ליטעראַטור. ער האָט פרי חתונה געהאַט קיין טאָמאַשאָוו, און זיין שווער, אַ סוחר און אַ משכיל, האָט אויף אים משפּיע געווען, זיך אויסצולערנען דייטש און רוסיש און זיך צו בילדן אין די אַלגעמיינע לימודים. אַ. קאָן ווערט אַ משכיל און טראַכט מער נישט דער־פון צי

ווערן א רב. צו נײַנצן יאָר קומט ער קיין לאָדזש, וווּ די אינדוסטריע האָט דעמאָלט אין שענסטן אויפבלי. ער לערנט זיך אויס דאָס וועבער־פאַך, ווערט א פאַכמאַן אין מאָנטירן מאַשינען און צייכענען מוסטערן (דעסינאַטאָר). באַלד גרינדעט ער צוזאַמען מיט זײַן פאָטער א גאַרן־לאַגער און באַקומט א קאָמיסיע־פאַרטרעטונג פון שײַבלערס פאַבריק. ער וואַקסט אַלץ מער און ווערט צום סוף דירעקטאָר פון דער לאָדזשער פיליאַלע פון „היינצעל עט קוניטצער", דער גרויסער באַנוול־און לײַנ־ מאַנופאַקטור אין ווידזעוו בײַ לאָדזש. אין יענע יאָרן האָט אין לאָדזש שטאַרק געבליט די באָדן־שפּעקולאַציע. אשר קאָן קויפט און פאַרקויפט פּלעצער און הײַזער און מאַכט דערבײַ גרויסע געשעפטן. אין יאָר 1910 קויפט ער אָפּ די אַקציעס פון „גראַנד־האָטעל", בויט איבער און מאָדערניזירט דעם פּראַכטפולן בנין. דערווײַל זײַנען געשטאָרבן די גרינדער פון דער „ווידזעווער מאַנופאַקטור": יוליוס היינצעל איז געשטאָרבן נאָך אין יאָר 1895 און יוליוס קוניצער האָבן דערהרגעט די רעוואָלוציאָנערן אין יאָר 1905. די יורשים האָבן נישט געפירט די גרויסע פאַבריק ווי געהעריק, און זי האָט אָנגעהויבן צו פאַלן. דעמאָלט הייבט קאָן אָן צו פאַרהאַנדלען מיט א גרויסער סאָסנאָוויצער שפּינערײַ, וועלכע ער וויל אָפּקויפן און אזוי אַרום שאַפן קאָנקורענץ דער „ווידזעווער מאַנופאַקטור". דער מאַנעווער האָט אים אָפּגעגליקט, די יורשים האָבן זיך דערוווּסט וועגן קאָנס פּלענער און מורא האָבנדיק פאַר זײַן קאָנקורענץ האָבן זיי אָנגעהויבן מיט אים צו פאַרהאַנדלען. צום סוף האָט קאָן באַקומען א טייל אַקציעס בחצי חנם, און א צווייטן טייל האָט ער געקויפט פאַר דעם געלט, וואָס ער האָט אָפּגעלייזט פאַרן „גראַנד־האָטעל" (וועלכן ער האָט דעמאָלט פאַרקויפט). אויף דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון די אַקציאָנערן אין יאָר 1912 ווערט א. קאָן געוויילט צום גענעראַל־דירעקטאָר פון דער „ווידזעווער מאַנופאַקטור". דעמאָלט האָט די פאַבריק באַשעפטיקט 4.000 אַרבעטער און געהאַט א יערלעכן אומזאַץ פון 8.820.000 רובל, נאָך דער מלחמה האָט זי זיך שטאַרק צעוואַקסן.

## שאַיע ראָזענבלאַט

א דריטע גרויסע לאָדזשער קאַריערע איז די פון שאַיע (ישעיה) ראָזענבלאַט. ער איז געווען א זון פון א גוט־סיטואירטן לאָדזשער סוחר דוד ראָזענבלאַט. אין יאָר 1858 האָט ש. ראָזענבלאַט אָנגעהויבן צו „פאַבריצירן" בײַ לוין־וועבערס וואָלענע סחורות. במשך פון 20 יאָר ווערט ער דער „וואָל־קעניג פון לאָדזש". אָבער די וואָל־פּראָדוקציע האָט אין דער לאָדזשער אינדוסטריע פאַרנומען א באַשיידענעם פּלאַץ און האָט בכלל געהאַט קלענערע אויסזיכטן ווי די באַנוול־אינדוסטריע. דער רירעווודיקער ש. ראָזענבלאַט האָט זיך אָריענטירט אין דער סיטואַציע און האָט זיך אַרום 1878 אַריבערגעוואָרפן צו דער באַנוול־אינדוסטריע. אין די 80ער יאָרן בויט ער א גרויסע באַנוול־מאַנופאַקטור, אין יאָר 1892 גרינדעט ער אַן אַקציען־געזעלשאַפט פון 1 מיליאָן רובל גרונד־קאַפּיטאַל, וואָס ווערט דערנאָך פאַרגרעסערט ביז צוויי און ביז דרײַ מיליאָן רובל. דעם שענסטן אויפבלי האָט זײַן פאַבריק דערגרייכט בשעת די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה און דערנאָך אין דער צײַט פון דעם לאָדזשער לאָקאַוט. ראָזענבלאַט איז געווען דער איינציקער לאָדזשער גרויסער פאַבריקאַנט, וואָס איז געווען קעגן דעם לאָקאַוט און זײַן פאַבריק האָט דעמאָלט געאַרבעט, פאַרשטייט זיך, און נישט מיט היזק. אין יאָר 1912 האָט זײַן פאַבריק געהאַט 55.000 שפּינדלען און 500 וועבשטולן, 2.600 אַרבעטער און אַן אומזאַץ פון 6 און א האַלבן מיליאָן רובל יערלעך. ראָזענבלאַט איז לכתחילה געווען א קאַצקער חסיד; ווען ער איז אָבער נתעשר געוואָרן, הערט ער אויף צו פאָרן צום רבין און לסוף אייראָפּעיזירט ער זיך אין גאַנצן. ער הייבט אָן נאָכצומאַכן אַנדערע יידישע גרויסע פאַבריקאַנטן ווי למשל פּאָזנאַנסקין ווערט א פילאַנטראָפּ און איז מנדב א סך געלט אויף יידישע אינסטיטוציעס.

## מאַרקאָס זילבערשטיין

א גלענצנדע קאַריערע האָט אויך געמאַכט מאַרקוס זילבערשטיין, דער זון פון א לאָדזשער סוחר יאָאַכים זילבערשטיין. לכתחילה איז ער געווען א בוכהאַלטער אין דער גרויסער דײַטשער פאַבריק פון קינדלער אין פאַביאַניץ, שפּעטער האָט ער געגרינדעט אויף דער נאַוואַמיעיסקע־גאַס א געוועלב מיט קינדלערס סחורות. ער האָט אָנגעהויבן צו באַציען אויסלענדישע סחורות און שיין דערבײַ פאַרדינען, אין יאָר 1878 הויבט ער אָן צו „פאַבריצירן" בײַ די לוינוועבערס אין זדונסקע וואָליע און מאַכט נאָך אויסלענדישע מוסטערס און אַרטיקלען. דער עסק גיט זיך אײַן און ער האָט א שיינעם ריווח. אין יאָר 1894 בויט ער שוין אַן אייגענע פאַבריק; לכתחילה אַרבעט ער אויס נאָר וואָלענע סחורות, שפּעטער הייבט ער אָן אויך צו פאַבריצירן באַוולנע אַרטיקלען. ער פאַבריצירט גוטע סחורה פון גוטן אויסלענדישן רוי־שטאָף און פאַרשאַפט זיך אזוי אַרום א גוטע מאַרקע. בכדי צו פאַרשפּרייטן זײַנע סחורות אין רוסלאַנד, אָרגאַניזירט ער זייער גוט די רעקלאַמע און דעם עקספּאָרט; ער אָרגאַניזירט א גאַנצע מחנה רײַזענדער (וואָיאַזשערן), וואָס פאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד מיט מוסטער־קאָלעקציעס פון זײַנע אויסאַרבעטונגען. אין יאָר 1892 פאַרוואַנדלט ער זײַן אונטערנעמונג אין אַן אַקציען־געזעלשאַפט מיט 2 און א האַלב מיליאָן רובל גרונד־קאַפּיטאַל. אין יאָר 1910 האָט זײַן פאַבריק 1.400 אַרבעטער און אַן אומזאַץ פון 4 מיליאָן רובל. געפירט האָבן זי שוין דעמאָלט זײַנע יורשים, ער אַליין איז געשטאָרבן אין יאָר 1899.

## כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן

אין די דאָזיקע ביאָגראַפיעס פון די 4 לאָדזשער פאַבריקאַנטן זעען מיר אָט די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע ס'האָבן זיך אויסגעצייכנט אין אַ קלענערער אָדער אַ גרעסערער מאָס — אַלע באַדײַטנטיקסטע ייִדישע אונטערנעמער אין לאָדזש: רירעוודיקייט, אונטערנעמונגס־גײַסט און ענערגיע, פעאיקייט צו שפּעקולאַציע און צו פירן ריזיקאַלישע געשעפטן, געריבנקייט, די פעיִקייט אויסצונוצן גיך אַן אויגנבליקלעכע קאָניונקטור, דאָס זוכן נײַע וועגן אין דער פּראָדוקציע און נאָך מער אין דעם פאַרקויפן און פאַרשפּרייטן די אַרטיקלען, די פעיִקייט זיך גיך אויסצולערנען פון אַנדערע און זיי תיכף נאָכמאַכן.

אָט למשל האָבן די ייִדן אויפגעטאָן פּיאָנערישע אַרבעט אויף דעם געביט פון דער אַזוי גערופענער אָפּפאַל־אינדוסטריע. אין דער באַוול אינדוסטריע האָבן דעמאָלט די אָפּפאַלן פון דער פּראָדוקציע אויסגעמאַכט 18 פּראָצענט. זײַנען שוין גאַנץ פרי די פאַבריקאַנטן געקומען אויף דעם געדאַנק אויסצונוצן די דאָזיקע אָפּפאַלן און צו מאַכן פון זיי וואַטע צו ביליקע אָנצוגן (אונטערפוטער), אָדער ביליקערע גאַרן־קוואַליטעטן (על פּי רוב שוסגאַרן, אָדער וויגאָניע, אַ מין געמישעכץ פון גוטן גאַרן מיט אָפּפאָלגאַרן). אויף דעם אופן האָט מען דעם פּראָצענט אַבסאָלוטן אָפּפאַל פאַרמינערט ביז 5 פּראָצענט. לאָדזש איז געווען די איינציקע שטאָט אין דער גאַנצער רוסישער אימפּעריע, וווּ ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסע אָפּפאַל־אינדוסטריע. דאָס האָט געמאַכט די לאָדזשער אינדוסטריע מער רענטאַבל, האָט איר פאַרלייכטערט קלענער צו מאַכן די פּרײַזן און צו קאָנקורירן מיט אַנדערע אינדוסטריע־צענטערס. אין יאָר 1886 זײַנען געווען אין לאָדזש 9 אָפּפאַל־שפּינערייען מיט 11.800 שפּינדלען און 6 וויגאָניע־שפּינערייען מיט 39.418 שפּינדלען, אין יאָר 1911 האָבן 8 לאָדזשער וויגאָניע־שפּינערייען געהאַט אַ יערלעכן אומזאַץ פון צוויי מיליאָן רובל און באַשעפטיקט 500־600 אַרבעטער; אַ חוץ דעם האָבן עקסיסטירט אין לאָדזש 4 קונסטוואָל־פאַבריקן און רײַסערײַען און 9 וואַטע־פאַבריקן. מער ווי די העלפט פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען האָבן געהערט צו ייִדן.

## די אָפּפאַל־אינדוסטריע

די אָפּפאַל־אינדוסטריע האָט זיך אין לאָדזש אַנטוויקלט לכתחילה פון די קליינע האַנט־וואַרשטאַטן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט וואַטע צו אָנצוגן. אָט די דאָזיקע וואַטע־פאַבריקאַציע איז געווען פון אָנהייב אָן אַ ייִדישע מלאכה סײַ אין לאָדזש און סײַ אין כמעט אַלע אַנדערע אינדוסטריע־צענטערן אין קאָנגרעס־פּוילן. שפּעטער אין דער גרויס־אינדוסטריעלער תקופה אין לאָדזש האָבן איניקע ייִדישע אונטערנעמער פאַרשטאַנען צו מאַכן פון דעם דאָזיקן קליינעם עסק אַ פונדאַמענט פאַר גאַנץ גרויסע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן אויף אַ גרויסן שטייגער פאַראַרבעטן וואָל־אָפּפאַל צו דער פאַבריקאַציע פון נײַע סחורות דער ייִדישער אונטערנעמער יהושוע בירנבוים, אַרום 1879. זײַן המצאה האָט אַרויסגערופן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע, ער האָט געגרינדעט אין זײַן אונטערנעמונג אַ ספּעציעלע רײַסערײַ. די ביליקע סחורות פון זײַן פּראָדוקציע האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּזאַץ און ער איז מצליח געווען זייער שטאַרק צו אַנטוויקלען זײַן פאַבריק. אין יאָר 1910 האָט ע באַשעפטיקט 300 אַרבעטער און געהאַט אַ יערלעכן אומזאַץ פון 600.000 רובל. יעקב וואָידיסלאַווסקי איז געווען צווישן די גרויסע פאַבריקאַנטן איינער פון די ערשטע, וואָס האָט באַצויגן פון אויסלאַנד וויגאָניע און האָט זי צוגעמישט צום באַוולגאַרן; ער האָט על פּי רוב פּראָדוצירט זומערטיכער און קאָנקורירט מיט הצלחה מיט די מאָסקווער פאַבריקן. אין יאָר 1913 האָט ער באַשעפטיקט 1.000 אַרבעטער און געהאַט אַן אומזאַץ פון 3 מיליאָן רובל. אַ פּיאָנער אויפן געביט פון דער אָפּפאַל־אינדוסטריע איז געווען אויך אברהם לאַפּפּ. לכתחילה איז ער געווען אַ סוחר פון אָפּפאַל. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן אויסאַרבעטן וואַטע, באַלד איז ער אַריבערגעגאַנגען צו דער פּראָדוקציע פון היגראָסקאָפּישער־ און הילזן־וואַטע. דערנאָך האָט ער געבראַכט פון אַמעריקע ספּעציעלע מאַשינען און גענומען זיך אויסאַרבעטן וואַטעאַל (וואַטע מיט מוסלין געמישט) און איז געווען דער איינציקער פאַבריקאַנט פון דעם אַרטיקל אין גאַנץ רוסלאַנד. אין יאָר 1913 האָט ער געהאַט אַן אומזאַץ פון אַ האַלבן מיליאָן רובל.

## אײַנפאַל און איניציאַטיוו

בכלל האָבן ייִדן אָפט לאַנסירט און אײַנגעפירט אויפן פּלאַץ גאַנץ נײַע אַרטיקלען, וואָס זײַנען פריער אַרײַנגעפירט געוואָרן פון אויסלאַנד און אַ היפּשע צאָל אונטערנעמער זײַנען אויף דעם וועג געקומען צו גרויסע פאַרמעגנס. אַזוי האָט למשל ירחמיאל ליפּשיץ געגרינדעט אין לאָדזש די ערשטע פאַבריק פון געווירקטע טיכער פון אַ ספּעציעלן מין, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אויף אַזוי גערופענע ראַשל־מאַשינען, וועלכע ער האָט געבראַכט פון אויסלאַנד; אין יאָר 1910 האָט ער באַשעפטיקט 150 אַרבעטער און געהאַט אַן אומזאַץ פון אַ האַלבן מיליאָן רובל. בער וואַקס, דער לאָדזשער „טיכער קעניג", האָט דער ערשטער אָנגעהויבן אויסאַרבעטן אַ נײַעם מין טיכער, די דובעל־טיכער, וואָס האָבן געקאָנט דינען נישט נאָר ווי אַ קאָפּטוך, נאָר מען האָט זיי געטראָגן אויף די אַקסלען אַנשטאָט אַ פרויען־מאַנטל. די דובעל־טיכער זײַנען באַלד געוואָרן זייער פּאָפּולער בײַ די רוסישע און פּוילישע פויערינס און אַרבעטער־פרויען. וואַקס האָט אין יאָ־

1910 געהאַט שוין אַ גרויסע פֿאַבריק מיט 11.000 שפּינדלען, 214 מעכאַנישע וועבשטולן און אַ חוץ דעם הונדערטער לוינוועבערס, וואָס האָבן געאַרבעט פֿאַר אים אויף האַנדשטולן. ער האָט באַשעפֿטיקט 500 אַרבעטער און געהאַט אַן אומזאַץ פֿון 1 מיליאָן רובל. אין דער לאָדזשער זאָקן־אינדוסטריע האָבן געשפּילט אַ פּיאָנערישע ראָלע די ייִדישע פֿאַבריקאַנטן י. קאָהן, גרינאַך, ב. פֿריידענבערג און אַ. ווײַסע טול־גאַרדינען ווי אַ מאַסן קאָנפֿעקציע־אַרטיקל האָבן אָנגעהויבן אויסאַרבעטן ייִדישע פֿאַבריקאַנטן. אין דער סטענגעס־פֿאַבריקאַציע זײַנען געווען פּיאָנערן ייִדן: די ערשטע גרויסע מעכאַנישע באַנד־פֿאַבריק האָט אין לאָדזש געגרינדעט שמואל טשאַמאַנסקי. ייִדן זײַנען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אײַנגעפֿירט פֿאַרביקע מוסטערן אין דער פֿאַבריקאַציע פֿון טישטיכער. אַ ייִדישער פֿאַבריקאַנט יעקב ברוינער האָט דער ערשטער געבראַכט פֿון אויסלאַנד קובל־שטולן צו דער קאָרט־פֿאַבריקאַציע (אין יאָר 1885) און האָט זײַן אונטערנעמונג געבראַכט צו אַ בליענדיקן צושטאַנד; אין יאָר 1904 האָט ער געהאַט אַן אומזאַץ פֿון אַנדערטהאַלבן מיליאָן רובל.

מיר זעען בכן, אַז ייִדן האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ סך איניציאַטיווע און אַרײַנגעפֿירט עטלעכע אינאָוואַציעס אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע. די לאָדזשער אינדוסטריע האָט אין יענע צײַטן זיך כסדר שטאַרק אַנטוויקלט, פֿאַרבעסערט און פֿאַרגרעסערט; דעם גרעסטן חלק אין דעם טעכנישן פֿאָרשריט האָבן קענטיק געהאַט די דײַטשן און נישט די ייִדן. אָבער עס איז דווקא וויכטיק צו באַווײַזן, אַז אויף דעם געביט זײַנען ייִדן נישט געבליבן גאַנץ הינטערשטעליק און האָבן אויך געהאַט איניציאַטיווע הן בנוגע טעכנישע אויסבעסערונגען און הן בנוגע נײַע פּראָדוקציע אַרטיקלען.

## צופּאַסונגס־פֿעאיקייט

ייִדישע אונטערנעמער פֿאַרשטייען זיך צוצופּאַסן צו די באַדערפֿענישן פֿון דער קונדשאַפֿט; בפֿרט שאַפֿן זיי וואָלוועלע און געמיינע סחורות, וואָס ווערן שטאַרק פֿאַרקויפֿט צווישן די ברייטע פּויערים־מאַסן אין רוסלאַנד. זיי פֿאַרשטייען אויך צו מאַכן ביליקע און אָפֿט גאַנץ מינדערוווערטיקע אימיטאַציעס פֿון גוטע אויסלענדישע אַרטיקלען און ווערן נתעשר בײַ דעם דאָזיקן עסק. עס מוז באַמערקט ווערן, אַז עס זײַנען געווען אויך גרויסע דײַטשע פֿאַבריקן, וואָס האָבן דער עיקר פּראָדוצירט אַזעלכע מינדערוווערטיקע, וואָלוועלע זאַכן און האָבן דערבײַ געמאַכט אַ סך געלט.

די ייִדישע אינדוסטריע איז געווען על פּי רוב מער עלאַסטיש ווי די דײַטשע, זי האָט געאַרבעט אָפֿט מיט נישט קלעקנדיקע קאַפּיטאַלן; אַ ייִדישער פֿאַבריקאַנט אַרבעט אויס אין דער קאָניוקטור־צײַט אָפֿט מער, ווי עס וואָלטן אים דערלויבט זײַנע אייגענע פֿינאַנציעלע מעגלעכקייטן. ריידנדיק וועגן דער דאָזיקער עלאַסטישקייט און וועגן פּראָדוקציע אָן אַ געזונטן באַזיס, מיינען מיר נישט די גאַנץ גרויסע ייִדישע אונטערנעמונגען, וואָס האָבן געהאַט אייגענע פֿאַבריק־קאָמפּלעקסן און על פּי רוב אויך אַ פֿעסטן פֿינאַנציעלן פֿונדאַמענט — מיר מיינען דאָ אַ גרויסן טייל פֿון די מיטל־גרויסע און קליינע פֿאַבריקאַנטן, בפֿרט די וואָס האָבן געאַרבעט אויף לוין.

בכלל האָט זיך די לוין־פּראָדוקציע אַנטוויקלט אין לאָדזש אויף אַ זייער גרויסן שטייגער שוין פֿון אָנהויב אָן, ווען נאָר די לאָדזשער אינדוסטריע איז אויפֿגעקומען. די שעפֿער פֿון דעם דאָזיקן פּראָדוקציע־סיסטעם זײַנען געווען די ייִדן. אין דער ערשטער תקופֿה פֿון דער לאָדזשער אינדוסטריע, אין דער עפּאָכע פֿון האַנט־פֿאַבריקאַציע, איז די פֿאַרלאַגס־אינדוסטריע געווען אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט מכמה טעמים, אָבער אויך אין דער שפּעטערער צײַט, אין דער תקופֿה פֿון מעכאַניזירטער גרויס־אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, האָט זיך די לוין־אינדוסטריע אין לאָדזש זייער שיין אַנטוויקלט. אין לאָדזש זײַנען פֿאַר דער וועלט־מלחמה געווען אַן ערך 17 טויזנט האַנטוועבקערס און דער רוב פֿון זיי האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט לוינאַרבעט. אין יאָר 1900 זײַנען געווען אין לאָדזש 65 קאָנטאָרן, וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַרבעט צו לוינוועבערס; זייער יערלעכער אומזאַץ האָט באַטראָפֿן נישט ווייניקער ווי 10 מיליאָן 3 הונדערט טויזנט רובל. אָבער נישט נאָר האַנטוועבערס האָבן געאַרבעט אויף לוין.

## די ערשטע ייִדישע לוין־פֿאַבריקאַנטן

אין לאָדזש האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסע מאַסע לוין־פֿאַבריקן, וואָס האָבן אויפֿגענומען אַרבעט אויף לוין און האָבן אויף אייגענעם חשבון בכלל נישט פּראָדוצירט. באַזונדערס אין דער וואָל־אינדוסטריע — וועלכע איז געווען שטאַרק צעשפּליטערט און ספּעציאַליזירט — זעען מיר אַ סך לוין־שפּינערייען, לוין־אַפּרעטורן אאַ״וו. אַזוי למשל זײַנען אין דער פּעטריקאָווער און קאַלישער גובערניע געווען אין יאָר 1897 55 לוין־שפּינערייען צווישן זיי 29 ייִדישע.

אָט אַזוי האָט מען געקאָנט מיט גאַנץ ווייניק קאַפּיטאַל ווערן אַ פֿאַבריקאַנט; מען האָט נישט באַדאַרפֿט קויפֿן קיין פּלאַץ און נישט בויען קיין פֿאַבריק, אַפֿילו נישט קויפֿן קיין מאַשינען, נאָר מען האָט פֿאַר דעם ביסל געלט געקויפֿט גאַרן — אָדער גאָר גענומען אויף וועקסלען — און מען האָט עס געשיקט אין די כּלערליי לוינפֿאַבריקן, וואָס זײַנען טיילווײַז געווען פֿאַרזען מיט די בעסטע און קאָמפּליצירסטע מאַשינען, מען האָט דאָרט געלאָזט אויסאַרבעטן סחורה פֿאַר געלט אָדער אויף קרעדיט און מען איז געוואָרן אַ „פֿאַבריקאַנט אָן אַ פֿאַבריק“. נאָך מער! עס

זיינען געווען פאבריק־געביידעס, וואס דער אייגנטימער פלעגט פארדינגען איינצלנע שטיבן צוזאמען מיט דער גאנצער איינריכטונג — מיט טראנסמיסיעס, דאמף־מאשינען און אפילו טעקסטיל־מאשינען צו פארשיידענע אונטערנעמער. אין אזא „זאמל־פאבריק" האבן זיך געקאנט איינארדענען עטלעכע „לוינפאבריקן" און אננעמען באשטעלונגען פון „פאבריקאנטן אן פאבריקן". מער ווי די העלפט פון אלע יידישע לוינשפינערייען (וואל־שפינערייען) איז געווען איינגעארדנט אין אזעלכע געדונגענע לאקאלן. אין איינער אזא זאמל־פאבריק זיינען למשל אין יאר 1896 געווען „איינגעדונגען" 13 פארשיידענע טעקסטיל־פאבריקלעך. אט אזוי האט מען געקאנט אנהייבן צו פאבריצירן אן א פאבריק און כמעט אן געלט. באשטימען די צאל יידישע „פארלעגער" (ד"ה „פאבריקאנטן אן פאבריקן") איז אן אוממעגלעכע זאך. יעדער סוחר פון טעקסטיל־סחורות האט אין א שעת הכושר געקאנט ווערן א פארלעגער: א סך פאבריקאנטן האבן א חוץ דער פראדוקציע אין אייגענע פאבריקן געפירט אויך א לוין־פאבריקאציע, ד"ה געגעבן אויסארבעטן אויף לוין, למשל אין זדונסקיע וואליע אליין זיינען געווען אין יאר 1897 80 קאנטארן („ראזדאטטשיקעס"), צווישן זיי 64 יידישע און 16 קריסטלעכע, וואס פלעגן ארויסגעבן גארן (שום און קעטע) צו די וועבערס־כאלופניקעס. דאס גארן האבן זיי באקומען אין אויפטראג פון די לאדזשער פאבריקאנטן פאר וועלכע זיי האבן געמאכט די באשטעלונג ביי די כאלופניקעס. מיר וועלן דא נאר דערציילן וועגן איי־ניקע גרעסערע פירמעס:

## גרויסע פאבריקאנטן אן פאבריקן

„כיגרין עט זאקהיים", פאבריקאנטן אן א פאבריק, האבן באשעפטיקט אן ערך 3 הונדערט לוינוועבער, על־פי־רוב אין זדונסקע־וואליע; מיט דער צייט האבן זיי געגרינדעט א קליינע פאבריק מיט 40 שטולן, אבער די עיקר־פראדוקציע איז געווען ווייטער לוין־פאבריקאציע. „הירשענבערג עט האלבערשטאט" זיינען געווען אין די יארן 1885—1914, איינע פון די גרעסטע פירמעס אין דער וואל־אינדוסטיע. קיין אייגענע פאבריק האבן זיי ביז צו דער וועלט־מלחמה בכלל נישט געהאט און האבן אויסשליסלעך געגעבן ארבעט אויף לוין. נישט געקוקט דערויף האט זייער פראדוקציע דערגרייכט דעם קוואנטום



פאלאץ פון לאדזשער יידישן טעקסטיל־מאגנאט, ישראל ל. פאזנאנסקי

פון די גרעסטע לאָדזשער וואָל־פאַבריקן. פאַר דער מלחמה האָבן זיי פאַבריצירט טויזנט שטיק סחורה אַ וואָך. — א. מ. וואַרשאַווסקי האָט באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט לוינוועבערס, דער עיקר אין בעלבאַטאָוו. נאָך דעם ווי ער האָט אין יאָר 1912 אויפגעבויט אַן אייגענע פאַבריק, האָט ער וויַיטער געאַרבעט גלייַכצייַטיק אויף לוין. — מ. זילבערשטיין האָט למשל אין יאָר 1879 אַ חוץ זייַן פאַבריק באַשעפטיקט נאָך 150 שטולן, בייַ וועלכע עס האָבן געאַרבעט כאַלופניקעס בייַ זיך אין דער היים און האָבן אויסגעאַרבעט ביז 10 טויזנט שטיק האַלבוואָלענע סחורות אַ יאָר אין ווערט פון 200.000 רובל.

י. טייטעלבוים האָט געגעבן אויסצואַרבעטן אויף לוין, בפרט טיכער; ער האָט געהאַט אַ גרויסע אונטערנעמונג מיט אַ יערלעכן אומזאַץ פון 2 מיט אַ האַלבן מיליאָן רובל. — יעקב ברוינער האָט געהאַט אַ מעכאַנישע וועבעריי מיט 75 שטולן אָבער דער עיקר האָט ער געגעבן אַרבעט אויף לוין קיין זדונסקע וואָליע, טורעק אאַ"וו. ער האָט געהאַט אין יאָר 1904 אַ יערלעכן אומזאַץ פון אַנדערהאַלבן מיליאָן רובל. — הלל דראַבקין, וואָס האָט געאַרבעט אויף לוין, האָט געהאַט אַן אומזאַץ פון 1 מיליאָן רובל; אין יאָר 1908 האָט ער אויסגעבויט אַ מעכאַנישע וועבעריי, האָט אָבער גלייַכצייטיק וויַיטער געאַרבעט אויף לוין. — מ. ראָזענפעלד איז געווען דער הויפט־אָפנעמער פון די לוין־זאָקנמאַכערס אין אַלעקסאַנדער. — פון דער לוין־פאַבריקאַציע האָבן אָנגעהויבן זייער קאַריערע אַזעלכע גרויסע פאַבריקאַנטן ווי: י. ק. פּאָזנאַנסקי, י. ראָזענבלאַט, מ. זילבערשטיין און אַנדערע, ווי ישכר שעפּס און אַז"וו. — „לוי עט האָכענבערג", האָבן באַשעפטיקט אין זייער פאַבריק הונדערט אַרבעטער און אויף לוין פיר הונדערט לוינוועבערס, זייער יערלעכער אומזאַץ האָט באַשראָפן אין יאָר 1910 איין מיליאָן 2 הונדערט טויזנט רובל. — לוין־פּראָדוקציע און געמישטע פאַבריקאַציע (ד"ה אַן אייגענע פאַבריק און אַ חוץ דעם לוין־פאַבריקאַציע) האָבן אויך געפירט אַזעלכע גרויסע פירמעס ווי: „ברידער זייבערט", גלאַזער, י. טרעשטשאַנסקי, מ. כוואַט, י. קראַסיקאָוו, עטקינד, ניימאַן, א. פיאַסקאָווסקי, „ברידער האָכענבערג", א. א. פּיקעלני, ט. רייס, קאַראָל רייספעלד און אַנדערע.

די יעניקע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן אייגענע פאַבריקן נישט געהאַט נאָר אויסשליסלעך געאַרבעט אויף לוין, די „פאַבריקאַנטן אָן די פאַבריקן", זייַנען אין דער רובריק פון אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען נישט פאַרצייכנט געוואָרן און דעריבער קאָנען מיר האַלטן, אַז דער ייִדישער אָנטייל אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געווען נאָך גרעסער, איידער עס זאָגן אונדז די ציפערן, פון די אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע מקורים.

## אינדוסטריאַלן־פאַכלייט

נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו דער ייִדישער לוין־פאַבריקאַציע, פאַרשטייען מיר שוין דעם וועג, אויף וועלכן אַ סך ייִדישע סוחרים זייַנען געוואָרן פאַבריקאַנטן. דער גרעסטער טייל ייִדישע אונטערנעמער זייַנען געקומען צו דער אינדוסטריע פון דעם טעקסטיל־האַנדל, בפרט און דער ערשטער תקופה. שפּעטער געפינען מיר שוין מער בייַשפּילן, ווו ייִדישע סוחרים, האָבנדיק אַן אינטערעס פאַר דער טעקסטיל־פאַבריקאַציע, באַמיען זיך צו באַקענען מיט דער טעכנישער זייַט פון דער פּראָדוקציע און זיך אויסבילדן ווי פאַכמענער אין די פאַרשיידענע פּראָדוקציע־צווייַגן; אַזוי למשל האָבן זיך געבילדעט טעכניש אשר קאָן, ב. א. גליקסמאַן, מ. א. ווינער, מ. י. הירשענבערג, י. גליקסמאַן, י. מ. זילבערמאַן. ה. מזא'ה און אַנדערע. אייניקע זייַנען אַפילו אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד און דורכגעמאַכט אַ נאָרמאַלע טעכנישע אויסבילדונג אין פאַבריקן, אָדער אין געוועבּ־שולן ווי למשל שמואל טשאַמאַנסקי, נאַפּאָלעאָן יעלענקעוויטש און אַנדערע. אייניקע אונטערנעמער האָבן זיך שוין געקאָנט אויסלערנען דאָס פאַך בייַ זייערע טאַטעס, ווייַל זיי זייַנען שוין געווען דער צווייטער אָדער דריטער דור פאַבריקאַנטן (למשל דוד גוראַלסקי, יעקב קעסטענבערג, שיינפּאַרבער, פּיאַסקאָווסקי). אַ טייל ייִדישע אונטערנעמער האָבן באַקומען זייער טעכנישע אויסבילדונג בייַ די ייִדישע פאַבריקאַנטן בייַ וועלכע זיי האָבן לכתחילה געאַרבעט ווי (האַנדלס־) אָנגעשטעלטע למשל טייטעלבוים בייַ י. ברוינער, מ. קאָהן בייַ מ. זאַנד, כוואַט בייַ פּאָליאַקאָוון, און א"וו.

## ייִדישע אינדוסטריאַלן אין קריזיס־צייַט

קאָן מען נאָך עפּעס צוגעבן צו דער כאַראַקטעריסטיק פון די לאָדזשער ייִדישע פאַבריקאַנטן? דער פּעטריקאָווער גובערנאַטאָר האָט אין סוף 19טן י"ה אַזוי כאַראַקטעריזירט די ייִדישע פאַבריקן אין לאָדזש: „זיי צייכענען זיך נישט אויס, נישט מיט זייער סאָלידקייט און נישט מיט זייער דויערהאַפטיקייט", צי איז די דאָזיקע מיינונג אַ ריכטיקע? מן הסתם האָט דאָך דער גובערנאַטאָר געשטיצט זיין מיינונג אויף אָבסערוואַציעס און דערצו האָט ער געהאַט אי אַ סך געלעגנהייט אי אַ סך שטאָף. — עס איז נאָר אַ פראַגע, צי מען קען, אַפילו האָבנדיק אַ סך שטאָף, — אַזוי גענעראַליזירן סוף כל סוף איז דאָך אַזאַ אַלגעמיינע מיינונג נישט מער ווי אַ סוביעקטיווע אינטערפּרעטאַציע פון פאַרשיידענע פאַקטן. עס דאַכט זיך בכל אופן, אַז אַ גרויסער טייל ייִדישע אונטערנעמונגען איז געווען שוואַכער צוגעגרייט, אויסצוהאַלטן קריטישע צייַטן און איבערקערענישן, איידער די נישט ייִדישע. לאָדזש האָט כסדר דורכגעמאַכט אינדוסטריע־קריזיסן (אין די יאָרן: 1861—1864, 1873, 1884, 1891—1892, 1899 — 1900, 1905—1908, 1911). אָט אין די דאָזיקע קריטישע צייַטן האָבן ייִדישע פירמעס מער געליטן ווי די נישט ייִדישע. אין אַ באַריכט צו די העכערע אינסטאַנצן שרייַבט דער פּעטריקאָווער גובערנאַטאָר: „אין דער צייַט

פון די קריזיסן אין די יאָרן 1873, 1884, 1892 האָבן באַנקראָטירט על פּי רוב קלענערע און קליינע ייִדישע פאַבריקן, וואָס אין זיי זײַנען אויף יעדן איינעם רובל אַקטיוו, אויסגעקומען 2־5 רובל פּאַסיוו. די דאָזיקע באַנקראָטן זײַנען געווען בייזוויליקע און האָבן געבראַכט די באַנקראָטירנדיקע אונטערנעמער גרויסע געווינסן. אָבער אין יאָר 1899 האָבן באַנקראָטירט אַלטע און סאָלידע קריסטלעכע פירמעס און עטלעכע פון זיי שטייען פאַר היזקות, וואָס גייען אין די מיליאָנען רובל". — דער באַריכט איז אַ טענדענציעזער; דאָס באַצייכענען אַלע ייִדישע באַנקראָטן ווי שפּעקולאַציע־געשעפטן איז אַ סוביעקטיווע גענעראַליזירונג, הגם אַ גרויסער טייל אמת איז דווקא יאָ פאַראַן אין דער דאָזיקער מיינונג. מען מוז אָבער באַמערקן, אַז אין יאָר 1899 האָבן באַנקראָטירט נישט נאָר „אַלטע און סאָלידע קריסטלעכע פירמעס", נאָר אויך גרויסע און סאָלידע ייִדישע פאַבריקן, ווי למשל די באַוול־שפּינערײַ פון יודל באַרי, וועלכע האָט געהאַט 3 און האַלב מיליאָן פּאַסיוו, בכלל ווייזט אויס, אַז בפרט אין דעם גרויסן קריזיס אין די יאָרן 1899—1900 האָבן אַ סך געליטן ייִדישע פירמעס. בכדי צו געבן אַ פּלאַסטיש בילד פון ייִדישע אונטערנעמונגען, זייערע אַרבעטס־מעטאָדן און זייער מצב אין דער קריזיס־צײַט, וועלן מיר זיך דאָ קורץ אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיקן קריזיס.

נאָך דעם קריזיס 1891—1892 האָט געהערשט אַ גרויסע אויפלעבונג אין דער לאָדזשער אינדוסטריע, לאָדזש איז ממש פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ „גרינדונגס־פיבער", פון נײַע אינוועסטיציעס, פון אַ שטאַרקער כוואַליע הייזער און פּלעצער שפּעקולאַציע. אין די יאָרן 1893—1898 איז די לאָדזשער באַוול־אינדוסטריע געוואַקסן מיט 60 פּראָצענט. מען האָט לײַכט געקראָגן קרעדיט אין די לאָדזשער בענק (אַ חוץ די מלוכהשע בענק זײַנען זיי אַלע געווען ייִדישע), וועלכע האָבן ווידער גענומען געלט אין אויסלאַנד; על פּי רוב זײַנען זיי געווען פאַרבונדן מיט די ייִדישע בענק אין דײַטשלאַנד, בפרט אין בערלין, קרעדיט האָט מען באַקומען פאַר 4—5 פּראָצענט יערלעך, מען האָט אויסגעאַרבעט סחורה און זי אַוועקגעשיקט קיין רוסלאַנד, ווידער אויף קרעדיט; אָבער פאַר דעם קרעדיט האָט מען בײַ דעם רוסישן קונה גענומען 12 פּראָצענט. דעם גרעסטן טייל אַזעלכע קרעדיט־אָפּעראַציעס האָבן געפירט ייִדן, די דײַטשע אונטערנעמונגען פלעגן זיך מער פירן מיט מזומן געלט און פאַרלאַנגען פאַר סחורה אויך מזומן. אין לאָדזש האָט דעמאָלט קורסירט אַ ווערטל: „וואָס מער איינער איז שולדיק, אַלץ רײַכער איז ער", ווײַל ער פאַרדינט דאָך מער בײַ דעם אונטערשייד פון פּראָצענטן (ער קריגט הלוואות אויף 4 פּראָצענט און גיט קרעדיט אויף 12 פּראָצענט). אָבער פּלוצים זײַנען אַלע קרעדיט קוואַלן פאַרשטאָפּט געוואָרן: דער אַלגעמיינער אייראָפּעאישער קריזיס, דער בורן־קריג אין דרום־אַפריקע, די שפּאַניש־אַמעריקאַנער מלחמה האָבן געמאַכט אַ סוף צו דער קאָניונקטור. די ענגלישע און אַנדערע בעלי־חובות האָבן צוריקגעצויגן זייערע געלטער פון די דײַטשע בענק. די דײַטשע בענק ווידער האָבן אײַנגעמאָנט זייערע חובות אין די לאָדזשער בענק. עס איז געוואָרן אַ מהומה. דערווײַל האָט זיך אין דער אויף אַמאָל שטאַרק אויסגעוואַקסענע לאָדזשער אינדוסטריע געשאַפן אַ היפּער־פּראָדוקציע; אין די לאָדזשער באַוול־פאַבריקן אַליין האָבן זיך אָנגעזאַמלט זאַפּאַסן אין ווערט פון מער ווי צען מיליאָן רובל. אַחוץ דעם האָט שוין צוויי יאָר געדויערט אין רוסלאַנד אַ גרויסע נויט איבער דעם שלעכטן תבואה־שניט. די באָדן־ און הייזער־שפּעקולאַציע אין לאָדזש האָט געבראָכן דעם האַלדז. אַ סך לאָדזשער בוי־פירמעס און שפּעקולאַנטן האָבן באַנקראָטירט. באַלד זײַנען זיי נאָכגעגאַנגען אַ סך אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, און צווישן זיי גאָר אַ סך ייִדישע פירמעס, וואָס זײַנען געווען אויפגעבויט אויף שפּעקולאַציע און קרעדיט.

נאָך דעם שרעקלעכן קריזיס איז געקומען אַ נײַער אויפבלי, בפרט אין דער צײַט פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. אין דער דאָזיקער מלחמה־צײַט האָבן זיך באַזונדערס שטאַרק אַנטוויקלט עטלעכע ייִדישע פירמעס ווי ישעיה ראָזענבלאַט, ברידער זייבערט, רחמיאל ליפּשיץ, טוביה רייס, אברהם לאַפּאַ און אַנדערע.

פון „לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן" 1938.



די פאַרוואַלטונג פון פאַראײַן נעמט אויף אַ שליח פון מדינת ישראל

# די געשיכטע פון דער שטריקער-מאַשין

פון נ. ש.

## ווען מאַשינען זאָלן קאָנען רעדן...

אין דער גרויסער האַלע, אויסגעפּולט מיט כּלערליי שטריקער־מאַשינען, ווו טאָג־ליכט שײַנט אַרײַן דורך די ברייטע פענצטער, ציען זיך לענג־אויס די ווײַסע ווענט פאַרשידענע דראָטן און רערן, וואָס גיבן קראַפט די אַלע מאַשינען מיט זייערע טראַנסמיסיע־פּאַסן, וואָס ציען זיך אין דער ברייט און לענג.

לינקס — —שטייען אויסגעשטעלט די אַזוי גערופענע ד ע ק ט י ל י נ ג - מאַשינען זשאַקאַרט (פּ. ד.) אכטער שלאָס. בלויז אַ טייל פון זיי זײַנען אין גאַנג. קעפּ באַוועגן זיך לינקס און רעכטס. אַנדערע קלאַפּן צו מיט זייערע זשאַקאַרד־טיילן; אַנדערע באַוועגן זיך אַ דאַנק דעם מענטשן ,וואָס באַדינט זיי.

רעכטס —— דרייען זיך רונד־מאַשינען פון פאַרשידע־נע מינים. זייער מאָנאָטאָנער גערויש מורמלט צו מיט זייער זשומען ־צו די גלאַטע רעקטילין־מאַשינען, וואָס קלאַפּן אַזוי ריטמיש צו צום טאַקט.

אין פראָנט — אויף אַ בכּבודיק אָרט שטייען די לעצטע מאָדערנסטע כּלים, די אַזוי גערופענע „קאָטאָן־מאַשינען”, וואָס קלאַפּן מיט דער גאַנצער קראַפט, אי־בערשטײַגנדיק מיט זייער גערויש אַלע אַנדערע מאַשינען.

פּלוצים — אַ קורץ־שלוס. מיטאַמאָל ווערט שאַ־שטיל אין דער ריזן־האַלע. פון לינקס דערהערט זיך אַ קול. די גלאַטע מאַשין האָט באַקומען לשון:

— ווי די עלטסטע פון אײַך, דערלויבט מיר צו מאַכן אַ געשיכטלעכן איבערבליק וועגן דער אַנטוויקלונג פון אונדזער פאַך. ווען איך בין אַרויס פון קאַסטן — האָט מען מיך צוגעשרויפט צו אַ הילצערנעם טיש. אָן אַ שפּאַנער און מיט דיקע נאָדלען געמוזט מיט דער האַנט באַוועגן אַהין און צוריק. מיט איין האַנט דעם פאָדים געפירט און מיט דער צווייטער — די קאָלבע, און גלײַכ־צײַטיק געציילט די גענג. אויף אַזאַ אופן זײַנען אויסגע־שטריקט געוואָרן די ערשטע סוועטערס.

מיט דער צײַט זײַנען מיר געוואַקסן אין דער לענג און אין דער פײַנקייט, „מאָדערניזירט” געוואָרן מיט שפּאַנערס פאָדים-פירערס, מיט אַן אײַזערנעם טיש. מיט איין וואָרט — געוואָרן מאָדערן.

מיט די דאָזיקע באַשיידענע מיטלען (אין פאַרגלײַך מיט הײַנט) פלעגן מיר אַרויסברענגען די שענסטע שטיקלעך טריקאָ. פילפאַרביקע שטרייפן, אַזשורן, שפּיצן, זשערזע, אויפגעדעקטע דעסענער. איצט זײַנען זיי ווידער אין דער מאָדע און מען רופט זיי „איטאַליענישע מאָדעלער”. זייער אָפּשטאַם איז די נאַלעווקיס, גענשע, דזשיקע פון אַמאָליקן וואַרשע. אַפילו איצט דינען מיר אײַך נאָך פאַר צודאַטן צו די נײַעסטע מאַשינען.

דערנאָך זײַנען אַנטשטאַנען די באַרימטע 8־שלאָס (פּ. ד.) און זשאַקאַרט. זייערע לאַנגע, שווערע שליטנס האָבן זיך שטיל באַוועגט. בלויז די זשאַקאַרטס פלעגן מאַכן אַ גרעסערן גערויש, ווען מען האָט געמוזט יעדן גאַנג מיט דער האַנט פעסט אָפּדרוקן אויף די בלעכלעך, בכדי דער דעסען זאָל אויסשלאָגן אויפן טריקאָ די פאַרשידענע מוסטערן אין קראַטן, ראַיערן אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז עס פלעגט ממש פאַרכאַפּן דאָס אויג.

ביסלעכווײַז האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו מאָדערני־זירן און אינדוסטריאַליזירן. מיט דער עלעקטרישער קראַפט האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן אויטאָמאַ־טיש. נײַע מאַשינען זײַנען צוגעקומען: „לינקס-לינקס” מיט פרישע פאַרשידענע שטאָפּן.

מיר אַלע צוזאַמען שטעלן פאָר אַ ווונדערבאַרע קאָ־לעקציע פון אונדזער פאַרגאַנגענהײַט. דער גרעסטער טייל פון אונדז איז שוין לאַנג אומבאַוועגלעך וואַרטנדיק אויף אַנדערע צײַטן...

## די נייעסטע מאַשינען

פון רעכטס דערהערט זיך אַ שטימע פון די נײַעסטע רונד־מאַשינען:

— ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו דרייען — איז אַן אויפלעבונג אַרײַנגעטראָטן אין פאַך. אונדזער גרויסע פּראָדוקטיוויטעט האָט דערמעגלעכט דאָס שאַפן פון נײַע

צווייַגן אין פאַך, אָנהויבנדיק אַזש פון אונטערוועש. אונדזער זשערזע דינט איצט פאַר די שענסטע קליידער און פּולאָווערס. נישט נאָר איר, שטריקער־מאַשינען, נאָר אפילו די טעקסטיל־מאַשינען קוקן אויף אונדז מיט איי־פערזיכט. מיר פאַרמאָגן אַ גרויסע קאָלעקציע אין אונדזער ספּעציאַליטעט. מיר האָבן שוין אפילו אונדזער „מוזיי”, און איר וועט מיר דערלויבן אים אייַך פאָרצושטעלן: אָט דאָרט אין ווינקל שטייען די אַלטע, הענגנדיקע זשערזשע־מאַשינען דיקערע און דינערע, און אַנדערע. דערנעבן, שטייען די מאָדערנע זשערזע־מאַשינען מיט טאַמבורין, אַ דאַנק וועלכע מיר גיבן אַרויס די געמוסטערטע זשערזע־שטאָפן.

באַלד נאָך זיי שטייען די 8־שלאָס־מאַשינען, אין פאַר־שידענע דיקקייטן, ווי 10, 12, 14, 16, 18 און 20־ער. עטוואָס ווייַטער שטייען די רונדע זשאַקאַרט־מאַשינען אין פאַרשידענע סאָרטן. נעבן זיי שטייען די ספּעציעלע רונד־מאַשינען מיט אויטאָמאַטישע קאָטן און אַנדערע מינים רונד־מאַשינען.

אין מערסטן טייל דרייען מיר זיך נאָך אַלץ און מיר האָפן נאָך אַ לענגערע צייַט צו לעבן.

# קאָטאָן־מאַשינען

— מיר שטייען איצט אויפן סאַמע אויבן־אָן. אונדזערע אויסאַרבעטונגען ווערן גאָר שטאַרק פאַרלאַנגט. קיין מאַסן־פּראָדוקציע קענען מיר נאָך נישט אַרויסגעבן און דעריבער האָפן מיר זיך נאָך לאַנג אויפצוהאַלטן.

— o —

ס'דערהערט זיך אַ שטימע פון בעל הבית:

— מייַנע טייַערע מאַשינען! איך האָב אייַך אַלע דאָ צוזאַמען־געבראַנגט און אַלע צוזאַמען בילדעט איר די שטריקער־משפּחה. יעדע איינע פון אייַך האָט דאָ איר פּלאַץ. צייַטן בייַטן זיך. יעדע איינע פון אייַך האָט אויס־צופירן איר ספּעציאַליטעט, וואָס קאָן מאָרגן ווידער ווערן אַקטועל, און דערמיט אויך די אַרטיקלען, וואָס איר אַר־בעט אויס. פאַרלירט בלויז נישט די האָפענונג, וואָרעם איך דאַרף אייַך נאָך אַלע האָבן און אויף אייַך צו אַרבעטן. ס'איז נאָך פאַראַן אַזוי פיל פּלאַץ פאַר פרישע קאָלירן...”

דער קורץ־שלוס פון דער עלעקטרישער קראַפט איז רעפּאַרירט געוואָרן. די מאַשינען הויבן ווידער אָן זייער לויף מיט אַזאַ שטאַרקן און מאָנאָטאָנעם גערויש.



# דער „נאָדל־פאַראיין״ קעגן „זוויאָנזעק בעזפּאַכאָווי״

## די ראָל פון די שטריקער־אַרבעטער אין מיין היים שטעטל

פון **יידל טיבערג** / פּאַריז

(זכרונות פון אַמאָל)

אין פּוילישן שטעטל סטערדין האָבן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות געוווינט אַרום טויזנט ייִדן.

איך זאָג „געוווינט״, ווייַל לויט אונדזערע הייַנטיקע פּאַריזער השגות, איז שווער צו זאָגן, אַז מען האָט דאָרט... געלעבט!

פאַרשטענדלעך, גייט עס דאָ וועגן מאַטעריעלן זין פון וואָרט, ווייַל וואָס אָנבאַלאַנגט דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז הלוואי נאָר אויף אונדזער פּאַריזער ייִדישן ישוב געזאָגט... אַזאַ אַקטיוו-לעבן, ווי עס איז אַמאָל געווען אין „מייַן שטעטעלע סטערדין״...

ווי אין אַלע ייִדישע שטעטלעך אין פּוילן פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות זייַנען אויך אין סטערדין געווען פאַרשידענע פּאַרטייען, וווּ די מיטגלידערשאַפט איז באַשטאַנען פון כמעט בלויז יוגנטלעכע.

פאַרשטענדלעך, אַז כמעט אַלע זייַנען מיר געווען לינק געשטימט, אָבער אַזוי ווי דער דאָזיקער באַגריף האָט ביז צום הייַנטיקן טאָג אַ רעלאַטיוון כאַראַקטער, האָט יעדע איינע גרופּירונג באַשולדיקט אַלע אַנדערע אין נישט זייַן גענוג לינק...

דער הויפּט־קאַמף איז אין מייַן „שטעטעלע״ געפירט געוואָרן צווישן די קאָמוניסטן און די אַזוי־גערופענע „רעכטע פּועלי־ציון״.

איר דאַרפט דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז אויב אַן אַרבעטער־פּאַרטיי באַקומט דעם צונאָמען „רעכטע״, איז שוין אירע מיטגלידער נישט געווען וואָס מקנא צו זייַן...

אָבער מיר אין סטערדין האָבן זיך קנאַפּ וואָס איבערגענומען פון דאָזיקן „צונאָמען״ און געפירט אַ גענוג שטאַרקע אַקטיוויטעט און אַפילו אָרגאַניזירט אַן אַרבעטער־סינדיקאַט (אָדער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, ווי מען האָט עס גערופן אין פּוילן) א. נ. „זוויאָנזעק בעזפּאַכאָווי״, ד. ה. אַ פאַראיין פון נישט־פאַכאָווע אַרבעטער...

צו די דאָזיקע „נישט־פאַכלייַט״ האָבן אויך געהערט... די עטלעכע שטריקער־אַרבעטער פונעם שטעטל, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דער שרייַבער פון די שורות.

דער „צד שכנגד״ האָט ווידער געשאַפן אַ „נאָדל־פאַראיין״, צו וועלכן עס האָבן אויך געקענט געהערן מענטשן פון אַנדערע פאַכן און אַפילו אינגאַנצן נישט קיין פאַכלייַט...

אין אָנפאַנג איז דער קאַמף געווען בלויז אַן אידעאָלאָגישער: די מיטגלידער פון „נאָדל־פאַראיין״ האָבן געטענהט, אַז נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד ווערט געבויט דער אמתער סאָציאַליזם און די מיטגלידער פון „זוויאָנזעק בעזפּאַכאָווי״ האָבן ווידער באַוויזן, אַז נאָר אין די קיבוצים אין ארץ־ישראל ווערט פאַרווירקלעכט דער אמתער סאָציאַליסטישער אידעאַל.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און די אָנפירער פון „נאָדל־פאַראיין״ האָבן אײַנגעזען, אַז בלויז מיט אידעאָלאָגישע אַרגומענטן וועלן זיי די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט אין סטערדין נישט אײַנפירן און האָבן דעריבער באַשלאָסן איבערצוגיין צו „שלאָגנדיקע אַרגומענטן״.

דער ערשטער שריט צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין סטערדין איז געווען אַ גענעראַל־אַטאַקע אויף דער „קאָנטררעוואָלוציאָנערער פעסטונג״ פון דער שטאָט, וואָס איז לויט די סטערדינער ייִדישע קאָמוניסטן געווען דער פּועלי־ציוניסטישער „זוויאָנזעק בעזפּאַכאָווי״...

אָבער אויך די מיטגלידער פון „זוויאָנזעק״ זייַנען נישט געווען קיין מפּל־קינדער און דער סוף איז געווען, אַז... די פּאָליציאַנטן פונעם שטעטל, האָבן אויסגענוצט די אָקאַזיע גוט אָנצוקלאַפּן די ביינער, ביידע „זשידאָווסקע קריגס־פירנדיקע צדדים״...

פּונקט אַזוי, ווי יעדע בכבודיקע דראַמע, מוז האָבן איר עפּילאָג, אַזוי האָט אויך דער דאָזיקער „סטערדינער בירגער־קריג״, געהאַט זייַן עפּילאָג אויף דער „בערזע״ פון די שטריקער־אַרבעטער אין וואַרשע.

די זאַך איז געווען אַזוי:

אַ געוויסע צאָל שטריקערס פון סטערדין (סייַ די אָנהענגער פון „נאָדל־פאַראיין״ און סייַ פון „זוויאָנזעק בעזפּאַכאָווי״) האָבן „עמיגרירט״ קיין וואַרשע און אַזוי ווי די יעווסעקעס האָבן דאַן באַהערשט דעם שטריקער־אַרבעטער־פאַראיין אין וואַרשע, האָבן די סטערדינער „רויטע״ זייערן אַ לאַנדסמאַן „מכבד״ געווען מיט אַ „פּאָרציע״ „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״, אַז ער האָט געדאַרפט ליגן עטלעכע וואָכן אין שפּיטאָל...

איצט, צענדליקער יאָרן „נאָך דעם אַלעמען״, בענקט זיך דאָך נאָך „יענע צייַטן״, ווען מען איז געווען יונג און מען האָט געגלייבט, אַז קעמפנדיק אין סטערדין וועט קומען די גאולה פאַר דער מענטשהייט...

# אין ביוראָ פון פאַראיין פון די שטריקער פאַבריקאַנטן



טייל פון פערסאָנאַל ביי דער אַרבעט



פונקציאָנערן און אָנגעשטעלט פון די אינסטיטוציעס



# ייִדן, פּיאָנערן פון דער טעקסטיל אינדוסטריע אין מזרח־אייראָפּע

פון

**מרדכי בערנשטיין**

די טעקסטיל־מלאכה, די אַלע אַרבעטן וואָס גייען אַריין אין דעם פּראָצעס פון אויסאַרבעטן טוכן, געוואַנטן און אַנדערע באַקליידס־סחורות, ווי שפּינען, וועבן, שטריקן, פלעכטן, העפטן, שטיקן, אויסנייען און אַזוי ווייַטער, האָט שוין אַ טראַדיציע בייַ ייִדן פון גאָר אַלטע צייַטן. די ייִדי־שע עלטסטע געשיכטע־מקורים, דערציילן אונדז טאַקע, אַז די דאָזיקע אַרבעטן זייַנען בייַ די ייִדן געווען גאָר באַקאַנט. מיר וועלן דאָס טאַקע ווייַטער באַווייַזן מיט אַ גאָר באַגרענעצטער צאָל אויסנוצן פון תנ"ך און תלמוד.

ווייסן מיר, אַז ווען משה האָט אָנגעהויבן אויפשטעלן דעם משכן, דעם באַוועגלעכן טעמפּל אין מדבר, האָט ער אָנגעזאָגט בזה הלשון: *)

..."און דעם משכן זאָלסטו מאַכן פון צען פאָר־האַנגען, פון געדרייטן לייַנען, און בלאָער וואָל, און פּורפּול, און ווערמילרויט, מיט כרובים קונציק אויס־געאַרבעט זאָלסטו מאַכן.

...און זאָלסט מאַכן שלייפן פון בלויער וואָל אויף דעם זוים פון איין פאָרהאַנג בייַם עק פון איין באַ־העפטונג...

...און זאָלסט מאַכן אַ פּרוכת פון בלאָער וואָל, און פּורפּול, און ווערמילרויט און געדרייטן לייַ־נען..."

(שמות, קאַפּיטל כ"ו)

מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ קאָמפּליצירטע אויפגאַבע פון אַ גאַנצע רייַע טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען, פון פאַר־שידענע רווישטאָפן, סייַ צוגרייטן די פאָרהאַנגען און סייַ בייַם פאַראייניקן זיי מיט די שלייפן.

דאָס זעלביקע זעען מיר אויך בייַם צוגרייטן די בגדי־כהונה, די הייליקע קליידער פון כוהן גדול, מיר לייענען אַזוי:

..."און זיי זאָלן נעמען דאָס גאָלד, און די בלאָע וואָל, און דעם פּורפּול, און דעם ווערמילרויט, און דעם לייַנען און זיי זאָלן מאַכן דעם אפוד... אין געדרייטן לייַנען קונציק אויסגעאַרבעט. צוויי אַקסל־בענדער זאָל ער האָבן, באַהעפט צו זייַנע צוויי עקן, כדי ער זאָל זייַן באַהעפט, און דער גאַרטלבאַנד וואָס אויף אים, זאָל זייַן אַזוי ווי זייַן אַרבעט, פון אים גופא..."

די דאָזיקע „קונציק אויסגעאַרבעטע", „פון אים גופא", מיינט דאָך טאַקע אַ גאָר קאָמפּליצירטע עובדה פון וועבן, שטריקן, פלעכטן. און געדאַרפט האָט מען פאַרן כוהן־גדול צוגרייטן אַ חושן, אַן אפוד, אַ מאַנטל, אַ גע־קעסטלטן העמד, אַ הויב און אַ גאַרטל. אָן ספק, אַז די ייִדן האָבן די דאָזיקע מלאכות גאָר גוט געקענט.

דערציילט נאָך דערצו אַן אגדה אין תלמוד, אַז דער געוואַנט פון די מלבושים פון כוהן־גדול איז געווען גע־וועבט מיט 72 פעדים. (שהיה נארג אצל ישראל על נירים, ירושלמי „תרומה" און „יומא").

פון זעלביקן חומש־מקור ווייסן מיר, אַז די ייִדישע פרויען האָבן גאָר גוט געקענט די דאָזיקע אַרבעטן, מיר לייענען:

..."און אַלע קלוגהאַרציקע ווייַבער האָבן מיט זייערע הענט געשפּונען און האָבן געבראַכט געשפּינס, די בלאָע וואָל, און דעם פּורפּול, דאָס ווערמילרויט, און דעם לייַנען, און אַלע ווייַבער וואָס זייער האַרץ האָט זיי געטריבן מיט חכמה האָבן געשפּונען די ציגנהאָר..." (שמות קאַפּיטל ל"ה, פסוקים 25־26).

ווייסן מיר אויך וועגן אַ גרויסן קינסטלער, אהליאב בן אחיסמך, פון שבט דן, וועלכער איז דאָן געווען אַ מין פאַך־אינסטרוקטאָר, אַליין אַ קינסטלער האָט ער אויך אַנדערע געלערנט:

*) דאָ און ווייַטער נאָך יהואשעס תנ"ך־איבערזעצונג.

....„ער האָט זיי אָנגעפילט מיט קלוגהאַרציקייט צו מאַכן יעטוועדער מלאכה פונעם מייַסטער און פונעם קינצלער און פונעם שטריקער — פון די וואָס מאַכן אַלערליי מלאכות און קינצלען אויס קונציקע זאַכן אין בלאָער וואָל, אין פורפול, אין ווערמיל־רויט און אין לייַנען, און פונעם וועבער."

אַזוי געפינען מיר אין משלי, אין לעצטן קאַפּיטל (ל"א) ווו עס ווערט באַזונגען די העלדישע פרוי, די אשת־חיל, צווישן אירע מעלות אויך די ווייַטערדיקע:

....„זי זוכט אויף וואָל און פלאַקס און אַרבעט אויס מיט אירע וויליקע הענט... אירע הענט לייגט זי צו צום שפּינראָד און אירע האַנדפלאַכן האַלטן דעם שפּינדל... דעקן מאַכט זי זיך, פיינלייַנען און פורפול איז איר מלבוש... אַ לייַנטוך מאַכט זי און פאַרקויפט, און גאַרטלען שטעלט זי צו דעם האַנדלס־מאַן..."

מיר זעען דאָ די מלאכות פון שפּינען, פון וועבן, פון שטריקן. און די דאָזיקע אשת־חיל אַרבעט ניט נאָר פאַר זיך, אויך פאַרן מאַרק, כדי עס פאַרקויפן.

ווי הויך און פאַרשידנאַרטיק די באַקלייד־פּראָדוקציע פון פאַרשידענע פרויען־מאָדעס און באַפּוצונגען איז געשטאַנען אין דער צייַט פון תנ"ך זעען מיר פון די רייד פון נביא, וועלכער האָט געשטראָפט די טעכטער פון ציון צוליב זייער אויסברענגעריי און צופיל צעלאָזנקייט אין לוקסוס־קליידונג. מיר הערן די ווייַטערדיקע שילדערונג:

....„וואָס מיינט איר, וואָס איר צעדריקט מייַן פאָלק און דעם פנים פון די אָרעמע צעמאָלט איר? זאָגט דער האַר, גאָט פון צבאות. און גאָט האָט געזאָגט: ווייַל די טעכטער פון ציון זייַנען האָפערדיק, און גייען פאַרריסן דעם האַלדז, און ווינקענדיק מיט די אויגן; גייען שוועבנדיק, גייען זיי, און מיט זייערע פוסרינגען קלינגען זיי; דערום וועט גאָט קרעציק מאַכן דעם קאָפּ פון די טעכטער פון ציון און גאָט וועט זייער שאַנד אַנטפּלעקן. אין יענעם טאָג וועט גאָט אָפּטאָן די שיינקייטן פון די פוסרינגען און די שטערנבענדער און די לבנהלעך; די באַמ־בערלעך, און די אָרעמבענדער, און די שלייערס; די קאָפּטיכער, און די טריטקייטלעך, און די גאַרטלען, און די לייבלעך, און די קמיעות; די פינגערלעך, און די נאָזרינגען; די פאַרטיכער, און די מאַנטלען, און די איבערדעקן, און די בייַטלען; די טולן, און די לייַנענע טיכער, און די הויבן און די דעק־טיכער. און עס וועט זייַן, אָנשטאָט בשמים — וועט זייַן צעפוילטקייט; און אָנשטאָט אַ גאַרטל — אַ שטריק; און אָנשטאָט קרויזן — אַ פּליך; און אָנשטאָט אַ ברוסטוך — אַ זאַקגורט; אַ בראַנד אָנשטאָט שיינקייט" (ישעיה, קאַפּיטל ג', פּסוקים 15 - 24).

וואָס פאַר אַ פאַרשידנאַרטיקער באַפּוצונג־אַסאָרטאַ־מענט! און וויפל מינים טעקסטיל און טריקאָטאַזש־סאָרטן זייַנען דאָ פאַרטראָטן!

דאַרף מען אויך נעמען אין אַכט, אַז די מלאכות פון טעקסטיל־אויסאַרבעטונגען זייַנען גאָר שטאַרק געווען פאַרטראָטן בייַ יִדן ווי מיר זעען עס בייַם אויסרעכענען די 39 (ארבעים חסר אחד) אַרבעטן, וואָס עס איז פאַר־ווערט צו אויספירן אום שבת. מיר האָבן צווישן די דאָ־זיקע 39 אַרבעטן 13, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אויסאַרבעטונג פון בגדים, צווישן זיי די מלאכות פון: שערן דאָס וואָל; דאָס בלייכן דאָס וואָל, פאַרבן דאָס וואָל; שפּינען און וועבן.

זאָל אויך דאָ צוגעגעבן ווערן, אַז אַ רייַ שטייגער־מאָמענטן און דינים האָבן באַווירקט, אַז בייַ יִדן זאָלן די דאָזיקע מלאכות זייַן פאַרשפּרייט. אין שפּעטערע צייַטן, אין דער יִדישער צעשפּרייטקייט, זייַנען עס גע־וואָרן „יִדישע" פאַכן. דער פאַרזאָג ניט צו נוצן קיין שעטנז, אַ געמיש פון וואָל און פלאַקס, האָט גורם געווען, אַז די מלאכה פון שפּינען, וועבן און שטריקן זאָל געטאָן ווערן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט און אָפּגעהיטנקייט.

אָט ווייסן מיר דאָך, ביז דער לעצטער צייַט, פון אַזאַ זאַך ווי „כשרע לייַוונט", דאָס הייסט די האַרטע לייַוונט (קלעיאָנקע), וואָס גייט צום אונטערנייען די קראַגנס און לאַצן פון די מלבושים, וואָס מען האָט שטאַרק אָפּגעהיט, אַז זיי זאָלן זייַן „כשר" — ניט פון שעטנז.

וואָלטן מיר אפשר אויך דאָ געדאַרפט דערמאָנען די ציצית־שפּינערינס און טליתים־וועבערס. אָבער צו דעם וועט אונדז נאָך ווייַטער אויסקומען צוריקקערן זיך.

---

מיר האָבן דאָס אויבנדערמאָנטע געבראַכט, כדי פעסטשטעלן, אַז די טעקסטיל־מלאכה אין אַלע אירע פאָרמען, בראַנזשעס און פאַכן, איז אַ טראַדיציאָנעל־יִדישע, זי איז נישט אויפגעקומען בייַ יִדן אין שפּעטערע צייַטן, נאָר איז שוין געווען בייַם בראשית פון דער עקסיס־טענץ פון פאָלק.

דאָ קומען מיר צו דער טעמע גופא פון אונדזער אַרבעט — צו דער פּיאָנערן־ראָלע פון יִדן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין מזרח־אייראָפּע.

מיר קאָנען זיך נישט קלאָגן, אַז די מזרח־אייראָפּעאישע תקופה איז אויסגעמיטן און שטיפמוטעריש באַהאַנדלט אין דער הינזיכט פון פאָרשונג. מיר האָבן ממש אַ שלל פון פּובליקאַציעס וועגן דער תקופה ווי אַ גאַנצע און וועגן באַזונדערע טיילן, צײַט־אָפּשניטן אָדער תפוצות. די גרויסע שפע פון פּובליקאַציעס האָבן אָבער דעם חסרון, וואָס עס פעלט אין זיי אַ גאָר וויכטיקער פּרט, די ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור אין אַ פּרטימדיקן בילד. מען גיט זיך אויף גיך אַ זאָג, אַז די ייִדישע מאַסן אין די שטעט און שטעטלעך האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכה, האַנטווערקעריי, אינדוסטריע אא"וו. מען רעכנט דערבײַ אויך אויס די פאַכן, וווּ ייִדן האָבן געשפּילט אַ דאָמינירנדיקע ראָלע, אָבער עס פעלט דער וויסנשאַפטלעכער אַנאַליז; די סטאַטיסטישע ציפערן און פריער פאַר אַלץ פעלט די געשיכטע פון ייִדישער מלאכה; די אַנטוויקלונג פון ייִדישן האַנטווערקערטום אין די באַזונדערע בראַנזשעס און דער איבערגאַנג פון ייִדישע האַנטווערקער צו דער אינדוסטריע, די פּראָלעטאַריזאַציע, וואָס האָט זיך אַזוי בולט אָנגעהויבן אַרויסווײַזן אין מזרח־אייראָפּע.

פאַרן חורבן האָבן זיך אמת אָנגעהויבן באַווײַזן אַ רײַ וויכטיקע שטודיעס (אין ייִדיש און אַנדערע שפּראַכן) אויף דער דאָזיקער טעמע און פריער פאַר אַלץ די פּובליקאַציעס פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן זייער פיל מיט דעם ענין. גאָר באַזונדער דאַרפן דאָ דערמאָנט ווערן די זאַמלביכער „שריפטן פאַר עקאָנאָמיק און סטאַטיסטיק" און די צײַטשריפט „די ייִדישע עקאָנאָמיק" (דערשינען 3 יאָר צײַט, 1937-1939, ביזן חורבן), ביידע רעדאַקטירטע פון יעקב לעשטשינסקי. אין אַ סעריע אַרבעטן פון טייל יונגע ייִדישע היסטאָריקער פאַרנעמט שוין אַ גאָר וויכטיקן אָרט די עקאָנאָמישע געשיכטע פון די ייִדן (ב. וויינריב; ע. רינגעלבלום; פּ. פרידמאַן; ר. מאהלער א"א). מיטן חורבן האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט די דאָזיקע אָנגעהויבענע שטודיע־אַרבעט.

די חורבן־ליטעראַטור — סײַ די דאָקומענטאַרישע סײַ די מעמואַריסטישע — פאַרנעמט זיך פריער פאַר אַלץ מיט דער אומקום־תקופה. אויב עס קומט אין דעם אָדער יענעם יזכור־פּנקס אַ היסטאָרישער טייל איז ער גאָר אַ באַשיידענער און לרוב ווערט דער עקאָנאָמיש־סטאַטיסטישער אַספּעקט אויסגעלאָזן, אָדער איז ווײַט פון גאַנצקייט.

דער פּועל־יוצא דערפון איז, אַז עס ווערט פאַרגעסן, און פאַר דער געשיכטע פאַרווישט, אַ וויכטיקער, אויב ניט דער וויכטיקסטער, מאָמענט אין דער געשיכטע פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, זײַן עקאָנאָמיש־סאָציאַלע לאַגע — סײַ די אינערלעכע סאָציאַלע סטרוקטור פון די ישובים, סײַ די השפעה פון די ייִדישע קיבוצים אויף דער עקאָנאָמישער געשטאַלטונג פון דעם לאַנד, וווּ זיי האָבן געלעבט און געשאַפן.

געווען צײַטן ווען די אַלגעמיינע דאָקומענטאַציע; ווען אָפיציעלע פּובליקאַציעס פלעגן אין זייער אָביעקטיוויטעט אַרויסהויבן אויך דעם ייִדישן אָנטייל אין דעם אַלגעמיינעם לעבן, לרוב פלעגן טאַקע ייִדישע פאָרשערס שעפּן די ידיעות וועגן ייִדישן לעבן פון די דאָזיקע אַלגעמײַנע מקורים. הײַנט זײַנען מיר עדות פון אַ סיסטעמאַטישער און טאָטאַלער באַוווּסטזיניקער „אויסשאַלטונג" פון ייִדישן נאָמען אין די געשיכטע־ביכער אין די לענדער פון הינטערן אײַזערנעם פאָרהאַנג. דאָס האָט אַ שייכות סײַ צו די וויסנשאַפטלעכע האַנט־ביכער — ענציקלאָפּעדיעס און לעקסיקאָנען — סײַ צו אָרטיקע מאָנאָגראַפיעס, רעגיאָנעלע געשיכטעס פון באַזונדערע ישובים. די „ליניע" איז אַזאַ, אַז עס דאַרפן בכלל ניט דערמאָנט ווערן קיין ייִדן (ניט צום גוטן ניט צום בייזן). שטעט וווּ ייִדן זײַנען געווען די מערהייט פון דער באַפעלקערונג; שטעט וואָס זייער אויפבוי און אויפשטײַג איז געקומען פון ייִדישער ענערגיע, שאַפונג און איניציאַטיוו, וועט מען דאָרטן ניט געפינען פאַרצייכנט, אַז עס זײַנען דאָרטן געווען ייִדן, אָפּגערעדט, אַז וועגן חורבן, וועגן דעם אומקום פון די ייִדן ווערט אויסגעמיטן צו דערציילן. עס הערשט דאָרטן; דער אַלטער צאַרישער פּראָל „קראָמע יעווריעוו" — חוץ די ייִדן. אַזוי דערציילט ניט וועגן די ייִדן די „גרויסע סאָוועטישע ענציקלאָפּעדיע" אין די שטעט: ווילנע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, זשיטאָמיר, אָדעס, קיעוו און אָפּגערעדט פון די הונדערטער קלענערע שטעטלעך.

ווי אַ בולטער בײַשפּיל פון דער דאָזיקער „ליניע" איז אַ בוך צו דער געשיכטע פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אויף די פּוילישע ערדן 1), וואָס איז דערשינען אין פּוילן. דער דאָזיקער בוך איז אַ טרײַע שפּיגל פון דער ליניע פון „ייִדן־ריינקייט". דער מחבר פון דאָזיקן בוך קאַראָל באַיער האָט, ווי איך האָב אונטערגעשטראָכן, זיך פאַרנומען צו דערציילן וועגן דער געשיכטע פון דער

1) KARDL BAJER.— Przemyse wlókienniezy na ziemíach polskich, Lódz 1958.

טעקסטיל־אינדוסטריע אויף פּוילישע ערד, ניט דווקא וועגן פּוילן אין די אַדמיניסטראַטיווע גרענעצן פון ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה אָדער דאָס איצטיקע פּוילן. ער נעמט אַרײַן אין זײַן עקאָנאָמיש־היסטאָרישער סטודיע אַלע היסטאָרישע פּוילישע געביטן, וואָס עס איז וועגן ניט איז געווען אונטער פּוילישער הערשאַפט, דאָס הייסט אויך די ליטווישע, פּאָדאָליער, וואָלינער און ווײַס־רוסישע געגענטן, ווּ פּוילישע פּריצים זײַנען טאַקע געווען די יעניקע וואָס האָבן געהאָלפן דעם בראשית פון דער מאַנופאַקטור־אינדוסטריע און בכלל דער אינדוסטריאַליזאַציע. די אַרבעט פון באַיערן נעמט אַרום דעם צײַט־אָפּשניט פון דעם אָנהייב פון 19־טן יאָרהונדערט ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — 1939.

די דאָזיקע אַרבעט איז נישט קיין פּריוואַטע פּובליקאַציע, דאָס איז אַן אָפיציעלע אויסגאַבע פון דער לאָדזשער וויסנשאַפטלעכער געזעלשאַפט, אַרויסגעגעבן אין דעם מלוכהשן פאַרלאַג אויפן נאָמען פון די אָסאָלינסקיס אין וראַצלאַוו (ברעסלאַו, נידער־שלעזיע).

די דאָזיקע אַרבעט האָט מיך אָנגערעגט (ריכטיקער אַפשר אויפגערעגט) צו שרײַבן דעם איצטיקן אַרטיקל, וואָס רירט נאָר אויבנאויף אָן די גאַנצע פּראָבלעם, ייִדן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע פון מזרח־אייראָפּע.

די דערמאָנטע אַרבעט איז אַ מוסטער ווי אַזוי מען „מעקט אויס" פון דער געשיכטע די ייִדן און מען פאַרווישט זייערע אויפטוען. גראַד אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע האָבן דאָך ייִדן געשפּילט אַן אומגעהויערע ראָלע. פון דעם בראשית, פון אויפקום פון דער דאָזיקער אינדוסטריע, ווּ ייִדן זײַנען געווען פון די אַקטיווסטע פּיאָנערן (סײַ ווי אונטערנעמער, סײַ ווי אַרבעטער) אין משך פון די העכער 150 יאָר ביזן היטלער־חורבן.

בכדי צו ברענגען, אַפילו נאָר ראשי־פּרקימדיק, דעם אָנטייל פון ייִדן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אויף די געביטן פון פּוילן (די היסטאָרישע, עטנישע און לעצטנס אַדמיניסטראַטיוו־פּאָליטישע), מיינט אויספּילן א גאָר דיקן פיל־הונדערט זײַטיקן באַנד געשיכטע. איך וויל דאָ אָבער, ווי ווײַט עס איז מעגלעך אין איין אַרטיקל, נאָר אָנווײַזן ווי דער דאָזיקער וויכטיקער קאַפּיטל פון ייִדישער עקאָנאָמישער געשיכטע איז פאַרקריפּלט, שענדלעך געפעלשט געוואָרן.

ווילן מיר זײַן אויפריכטיק און זאָגן, אַז דער דערמאָנטער מחבר האָט אינגאַנצן נישט פאַרשוויגן די ייִדן, אַזוי ווײַט איז ער נישט געגאַנגען, ער האָט די ייִדן דערמאָנט אין צוויי ערטער, אָבער לאָמיר זען ווי ער טוט עס.

אין קאַפּיטל, ווּ עס רעדט זיך וועגן דער טעקסטיל־אינדוסטריע, איר בראשית אין פּוילן ביז דעם 19טן יאָרהונדערט שילדערט ער (זײַט 27) ווי אַזוי די קאַפּיטאַליסטן־פּריצים האָבן אָנגעהויבן אויפצובויען דעם דאָזיקן נײַעם צווײַג פון דער ווירטשאַפט און דערציילט, אַז אין די פּריצישע מאַיאָנטקעס האָבן די פּריצים פּשוט אויסגענוצט זייערע לײַב־אייגענע פּויערים, זייערע פרויען און קינדער:

„...דאַקעגן אין די שטאָטישע פאַבריקן האָט די פאַרשטייערשאַפט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, דאָס בירגערטום, באַשעפטיקט אַרעסטאַנטן און שלעפּערס, וואָס עס האָט זיי צוגעשטעלט די פּאָליציי־מאַכט, בעטלערס און דערצויגענע אין די יתומים־הײַזער, און לסוף האָט מען געצוווּנגען צו דער דאָזיקער אַרבעט ייִדן..."

הכלל, אויף איין ברעטל, מיט איין אָטעם־צוג, רעכנט אויס דער דאָזיקער „היסטאָריקער" שלעפּערס, אַרעסטאַנטן, יתומים און ייִדן. עס קומט גאָר אויס, אַז דער אָנטייל פון ייִדן אין דער פּיאָנערן־צײַט פון דעם אויפקום פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געווען דורך צוואַנגס־אַרבעט! די כוונה איז דאָ אַ קלאָרע. אויב עס וועט ווער זיך אָנטרעפן אין פאַרשידענע דאָקומענטן מיט ייִדן אין הונדערטער טעקסטיל־אונטערנעמונגען זאָל ער וויסן, אַז דאָס זײַנען געווען בגוואַלד געצוווּנגענע דערצו...

וועלן מיר זיך דאָ באַנוגענען מיט ברענגען אַ פּאָר געציילטע בײַשפּילן פון דעם מין „פאַרשווײַגן" און אייגצייטיק פאַרקריפּלען די ריכטיקע געשיכטע פון דער ראָלע פון די ייִדן אין דעם אויפבוי, אַנטוויקלונג און וווּקס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע. מיר וועלן זיך ראשית אָפּשטעלן אויף עטלעכע ערטער, וואָס מיט זיי איז טאַקע פאַרבונדן דער בראשית־פּעריאָד פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין פּוילן: אויף די פאַבריקן פון קאָרעץ, נעמיראָוו (ביידע אין וואָלין); ריזשעוואָי (בײַ סלאָנים) און קוכאַרי (בײַ פּלאָנסק).

וועגן קאָרעץ שרײַבט דער מחבר (זײַט 30):

„...אין קאָרעץ (לוצקער וואָיעוואָדשאַפט) האָט דער

פירשט יוזעף טשאַרטאָריסקי, דער ליטווישער פּאַר־שטייער, אײַנגעשטעלט אַ טוך־פאַבריק מיט 10 וועב־שטולן, די דאָזיקע איז אַנטשטאַנען אַרום יאָר 1786..."

ער שילדערט גענוי די פּראָדוקציע פון דער דאָזיקער פּריצישער פאַבריק. די ידיעות וועגן קאָרעץ האָט ער גענומען פון אַ ריי מקורים, וואָס זײַנען שוין ביז 1958 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די דאָזיקע ווערט גענוי אָנגע־געבן אַז:

פון די דאָזיקע־צען שטולן זײַנען געווען צוויי באַזעצט מיט ייִדישע אַרבעטער זעכציק אין סך־הכל.

דאָס דערציילט טאַקע דער פּוילישער היסטאָריקער קאָרזאָן אין זײַן בוך 2) וואָס איז דערשינען אין יאָר 1897. מערער פּרטים וועגן דעם דערציילט די פּראָפעסאָ־רין נינאַ אַסאָראָדאָבריי אין איר בוך, וואָס איז שוין דער־שינען אין פּוילן, מיט 12 יאָר פאַר באַיערס „שטודיע", אין „פאָלקס־דעמאָקראַטישן" פּוילן. 3).

נאָך שרײַענדיקער איז די אינפאָרמאַציע וואָס ער ברענגט וועגן נעמיראָוו. ער דערציילט (זײַט 30) אַט וואָס:

„...ווינצענטי פּאָטאָצקי, דער קרוינישער פּאָדקאָמאָרני, אין זײַן זאָרג צו פאַרגרעסערן די האַנטאַרבעט האָט אין זײַן נעמיראָוו פאַרלייגט אַ טוך־פאַבריק און אויך אַ פאַבריק פאַר היט. אַ זייד־פאַבריק און פאַר ציץ־אויסאַרבעטונגען. עס זײַנען דאָרטן געווען באַ־שעפטיקט בערך 300 אַרבעטער, אין דעם אַ היפּשע צאָל אויסלענדער — ספּעציאַליסטן..."

אויך די דאָזיקע אינפאָרמאַציע האָט דער מחבר גע־שעפּט פון די פריער שוין־פאַרעפנטלעכטע מקורים. ער האָט נאָך איין קלייניקייט זיך דערלויבט, ער האָט אַרויס־געוואָרפן די ...ייִדן! אַלע וואָס דערציילן די געשיכטע פון דער נעמיראָווער טעקסטיל־פאַבריקן, וועגן דעם בראשית פון זייער אויפקום אין די אַכציקער יאָרן פון 18טן יאָר־הונדערט דערמאָנען, אַז צווישן די אַרבעטער זײַנען גע־ווען הונדערטער ייִדישע פרויען.

אַט וואָס עס דערציילט וועגן דעם אין איר בוך די פריער־דערמאָנטע פּראָפעסאָרין נינאַ אַסאָראָדאָבריי (זײַט 163):

„...אין נעמיראָוו, אין די טעקסטיל־פאַבריקן, וואָס זײַ־נען איבערגעגעבן געוואָרן אין אָרענדע פון ווינצענ־טי פּאָטאָצקי צו דער אַקציע־געזעלשאַפט „מיליע־, אַמיעט און קאָמפּ." האָבן געאַרבעט פיל ייִדישע פרויען ווי שפּינערינס. די דעמאָלטיקע פּובליציסטיק האָט גאָר באַזונדער אונטער־געשטראָכן די באַטײַ־טונג פון דער נעמיראָווער טעקסטיל־פאַבריק נישט נאָר פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער הויכער קוואַ־ליפיקאַציע נאָר אויך צוליב דעם, וואָס אין איר זײַנען באַשעפטיקט ביז 400 מאַן און אַממערסטן יונגע ייִדישע מיידלעך, וואָס בעת זייער ליידיקגיין זײַנען זיי געווען אַ לאַסט פאַרן כלל. און באמת איז אין דער באַקאַנטער אונדז רשימה מיט די נע־מען פון די אַרבעטער וועלכע האָבן געאַרבעט אין יאָר 1727 פאַראַן צווישן די 162 אויסגערעכנטע שפּינערינס כמעט אַלע ייִדישע. דערבײַ איז אינטע־רעסאַנט, וואָס פון צווישן די ייִדישע פרויען איז אויך צונויפגעשטעלט דער אָנפירנדיקער פּערסאָנאַל פון דער שפּינערײַ — אַזוי געפינען מיר בײַם נאָמען גיטל מאיער די צושריפט ,אינספּעקטאָר" און בײַם נאָמען סיננא (סימע?) וואָלף איז פאַראַן די פאַרצייכענונג ,דירעקטאָר'."

מיר האָבן געבראַכט דעם דאָזיקן גרעסערן ציטאַט, כדי צו באַווײַזן, אַז דער מחבר פון דער טעקסטיל־געשיכטע פון יאָר 1958 האָט נישט צופעליק, דורך עפּעס אַ פאַר־זען, אַרויסגעוואָרפן דעם היסטאָרישן פאַקט פון דער גרויסער באַטייליקונג פון ייִדישע פרויען אין דער טעקס־טיל־אינדוסטריע, זייער גרויסן אַנטייל און וויכטיקע ראָליע אין די טעקסטיל־פאַבריקן שוין אין 18טן יאָרהונ־דערט.

פון נעמיראָוו וועלן מיר אַריבערגיין קיין ריזשעוואָי (בײַ סלאָנים). אויך אין דאָזיקן פּונקט האָט די טעקסטיל־אינדוסטריע אויפגעבויט דער מאַגנאַטישער באַלעבאָס פון שטעטל דער פירשט סאַפּעהאַ. וועגן דעם דאָזיקן אָרט דערציילט דער מחבר (זײַט 31) גאָר בקיצור:

„...סאַפּעהאַ, דער ליטווישער גרויס־קאַנצלער האָט פאַר־מאָגט אין ריזשעוואָי (סלאָנימער סטאַראָסטוואָ) אַ פאַבריק פון זייד, טוך און געוואַנט."

מער, הייסט עס, ווייס ער גאָרנישט וועגן דעם. אין טייל ערטער איז דער מחבר גאָר שטאַרק באַרעדעוודיק, אָבער דאָ האָט ער עס אָפּגעפּטרט גאָר מיט צוויי שורות. איז עס אויך אין דעם פאַל גאָרניט קיין צופאַל, עס שטימט

2) TADEUSZ KORSON.— Wewnetrzne dzieje polskiza Stanislawa Augusta, Kraków 1897.

3) NINA ASSORODOBRAJ. — Poezatki klays robotniczej. Krakow 1946.

מיט דער „ליניע" — פאַרלייקענען און אויסמעקן די ייִדן. אויך דאָ, אין ריזשעניאָי, האָבן די ייִדן געשפּילט סײַ אַ פּיאָנערישע, סײַ שפּעטער אַן אויסערגעוויינלעך אינטענסיווע עקספּאַנסיע־טעטיקייט פאַרן וווּקס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע און זי אַריבערגעטראָגן אין אַנדערע, שכנהשע מקומות. פאַקטיש איז ריזשעניאָי געווען דער אָנהייב־פּונקט פון דעם שפּעטער גאָר שטאַרק צעוואַקסענעם ביאַליסטאָקער טעקסטיל־ראַיאָן.

לאָמיר דאָ טאַקע דערציילן וואָס עס האָט שוין פון פריער געוווּסט די ווירטשאַפט־געשיכטע אין משך פון לאַנגע יאָרן; פאַקטן, וואָס זײַנען באַיערן זיכער געווען באַקאַנט, ווײַל אין זײַן ביבליאָגראַפיע דערמאָנט ער די ווערק וואָס שילדערן גאָר גענוי די ראָלע פון ריזשעניאָי און אירע טעקסטיל־אונטערנעמערס די באַרימטע משפּחה פינעס.

דערציילן די דאָזיקע דאָקומענטן (וואָס באַיער פאַרשווײַגט), אַז נאָך אין יאָר 1766 האָבן צוויי ייִדן גרשון בן רב יעקב זאַקהיים (אַן אייניקל פון די באַרימטע ריזשנאָיער קדושים, פון דאַנען שטאַמט זייער פאַמיליע־נאָמען זאַקהיים, וואָס מיינט זרע קודש הם) מיט זײַן שותּף ר׳ בער געגרינדעט אַ גרויסע פאַבריק פון טעקסטיל־אינדוסטריע אין דעם באַרימטן מאַגנאַטישן פּאַלאַץ, אין וועלכן עס האָבן אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערטער געוווינט די יחוסדיקע פּירשטן־משפּחות סאַפּעהאַ. תּחילת זײַנען דאָרטן אויסגעאַרבעט געוואָרן זיידענע שטאָפן, טאַפּעטן, טוך, בייקע, אַטלאַס, טישטעכער וכדומה. שפּעטער איז עס געווען נאָר אַ טוך־ און דעקן־פאַבריק.

וויסן מיר אויך פון אַ צווייטער פאַבריק וואָס סאַפּעהאַ האָט געגרינדעט אין זעלביקן ריזשעניאָי און עס פאַרפּאַכטעט אין יאָר 1791 צו לייב פּינעס. פון דער דאָזיקער פאַבריק האָבן מיר גענויערע ידיעות, דהיינו: אין יאָר 1828 זײַנען דאָרטן געווען: 20 שפּינעריי־מאַשינען, 20 געוואַנט־שערן; 8 קאַם־מאַשינען צו קעמען רויען וואָל; 3 אויפשטרייך־מאַשינען; 1 מאַשין צו „קראַצן" דאָס וואָל; 27 וועבשטולן און 6 קעסלען. געאַרבעט האָבן דאַן אין דער פאַבריק 159 אַרבעטער. צווישן זיי זײַנען געווען — פּריצישע לייב־אייגענע בויערים, 39 מענער און 40 פרויען און 80 ייִדישע פרייע־געדונגענע אַרבעטער.

אין ריזשעניאָער פאַל זעען מיר ייִדן סײַ ווי אונטערנעמער סײַ ווי לוין־אַרבעטער.

רעדט מען וועגן ריזשעניאָי וועלן מיר נאָך צוגעבן, אַז אין משך פון גאַנצן 19טן יאָרהונדערט גייט דאָרטן אַ כסדרדיקער וווּקס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, געבויט דורך ייִדן. מיר האָבן די ווײַטערדיקע ידיעות:

1837, פאַבריק פון מרדכי פּינעס — 98 אַרבעטער;

1845, פאַבריק פון לייב פּינעס — 30 אַרבעטער; אין שפּינעריי פון משה־נח פּינעס — 48 אַרבעטער;

1863, פאַבריק פון בערל פּאָלאַק — 47 אַרבעטער; פאַבריק פון פישל פּינעס — 65 אַרבעטער;

1889, וועבעריי פון שמואל־חיים פּינעס — 17 אַרבעטער.

בײַם סוף פון 19טן יאָרהונדערט און אָנהייב 20־טן אַנטשטייען נײַע אונטערנעמונגען (צווישן זיי פון די כוואַיניקעס, גאַרפינקלס און אַנדערע) אין ריזשעניאָי, וואָס אַדאַנק דעם איז דאָס שטעטל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די וויכטיקסטע ווײַס־רוסישע טעקסטיל־צענטערס.

אָבער אונדזער מחבר, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו עלימינירן די ייִדן פון זײַן „געשיכטע" וויל דערפון נישט וויסן.

גאָר שרײַענדיק, ממש סקאַנדאַליעז איז די מעשה קוכאַרי. וועגן דאָזיקן אָרט דערציילט אונדז דער מחבר גאָר קורץ:

„...פון די גרעסערע טעקסטיל־אונטערנעמונגען אויפן רעכטן ווייסל־ברעג, וואָס זײַנען אַנטשטאַנען אין די יאָרן 1820—1830 דאַרף מען דערמאָנען די גרויסע אונטערנעמונגען פון באַנוול אין סירניק (לובלינער וואָיעוואָדשאַפט) און די אָנגעזעענע טוך־פאַבריק אין קוכאַרי (בײַ פּלאָצק)."

דאָס אַלץ וויים באַיער צו דערציילן וועגן קוכאַרי, וואָס איז איינער פון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען פון ייִדישע פרווון פון פּראָדוקטיוויזאַציע, אָרגאַניזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע פון די ייִדן אין פּוילן.

קוכאַרי איז איינער פון די עטלעכע דערפער וואָס עס האָט אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט איינגעקויפט דער וואַרשעווער גביר שלמה פּאָזנער, וווּ ער האָט באַזעצט אַ גרויסע צאָל ייִדן אויף לאַנדווירטשאַפט און אויך אויפגעבויט פאַר זיי אַ רײַ אינדוסטריע־אונטערנעמונגען. צווישן אַנדערע האָט ער אין דאָרף קוכאַרי

אויפגעבויט אין יאָר 1823 אַ טעקסטיל־פאַבריק. אין יאָר 1843 האָבן דאָרטן געאַרבעט 149 ייִדישע אַרבעטער. די דאָזיקע טעקסטיל־פאַבריק פון קוכאַרי איז געווען אַ שם־דבר בײַ ייִדן און וועגן איר זײַנען אַרומגעגאַנגען גוזמאי־דיקע געשיכטעס. טייל האָבן בײַם באַשרײַבן די פאַבריק (האָלענדערסקי, למשל, אין זײַנער אַן אַרבעט אין פראַנ־צויזיש, דערשינען אין פּאַריז אין יאָר 1804, מיט 120 יאָר צוריק) אָנגעגעבן די צאָל פון טויזנט ייִדישע טעקס־טיל־אַרבעטער אין קוכאַרי.

---

די דאָזיקע עטלעכע באַווײַזן, וואָס האָבן אַ שייכות נאָר צו פיר פונקטן: קאָרעץ, נעמיראָוו, ריזשעגאָי, קוכאַרי, ערטער אין פאַרשידענע טיילן פון אַמאָליקן פוילן, אילוס־טרירן, דוכט זיך, גאָר בולט די טענדענץ פון מחבר — באַוווּסטזיניק צו עלימינירן דעם ייִדישן אַנטייל אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. ער האָט בכוונה אַרויסגעוואָרפן דעם גאַנצן, שוין פון לאַנג באַקאַנטן, מאַטעריאַל וואָס האָט אַ שייכות צו דעם גרויסן בײַשטײַער פון ייִדישער איניציאַטיוו, ייִדישער ענערגיע און פּראַצע בײַם אויפ־שטעלן און אַנטוויקלען דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

פאַרלאַנגט זיך באמת אַ גאָר גרויסע שטודיע, ניט נאָר כדי רעהאַביליטירן די פּיאָנערן פון דער ייִדישער טעקס־טיל־אינדוסטריע, נאָר אויך כדי אין דער גאַנצער ברייט רעסטאַווירן דעם כוח און פאַרנעם פון ייִדן אויפן דאָ־זיקן געביט. עס איז אַן ענין פאַר אונדזערע וויסנשאַפט־לעכע אינסטיטוטן, אַז אַזאַ אַרבעט זאָל געמאַכט ווערן, כדי צו באַלויכטן דעם אָרט פון די ייִדן אין דער אַנט־וויקלונג פון דער מזרח־אייראָפּעאישער מלאכה און אינ־דוסטריע, פון דעם פּלאַץ, וווּ זיי זײַנען הײַנט אַזוי ברו־טאַל „אויסגערייניקט" געוואָרן פיזיש און איצט ווערן זיי פאַרשוויגן היסטאָריש. עס פאָדערט זיך אַן אַרבעט וואָס זאָל שטעלן אַ ווירדיקן דענקמאָל דעם יגיע־כפּיימ־דיקן רוב מנין און רוב־בנין פון די ייִדישע מאַסן אין די הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע, פּאָ־לעסיע, ווײַס־רוסלאַנד, וואָלין, פּאָדאָליע. אגב האָט עס אַ שייכות נישט נאָר צו דעם ייִדישן אַנטייל אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע נאָר אויך אין אַ רײַ אַנדערע פאַכן, וווּ זיי זײַנען געווען גאָר אַקטיוו, אין טייל טאַקע די גרעסטע דאָמינירנדיקע מערהייט.

כדי אָבער צו צעשטערן די בייזע כוונות פון דער נײַער „ליניע" אין וועלכע עס גייט די „היסטאָרישע־עקאָנאָמישע סטודיע" פון קאַראָל באַיערן, וועלן מיר דאָ ווײַטער ברענגען אַ רשימה פון שטעט, וועגן וועלכע עס זײַנען פאַראַן מאַטעריאַלן און דאָקומענטן אַז דאָרטן האָבן עקסיסטירט טעקסטיל־אונטערנעמונגען צו וועלכע ייִדן האָבן געהאַט אַ שייכות, סײַ ווי אונטערנע־מער, סײַ ווי אַרבעטער. מען וואָלט וועגן יעדן אָרט געקענט גאָר באַריכותדיק דערציילן וועגן די אונטער־נעמער, וועגן די אַרבעט־אופנים די סחורות, וואָס זײַנען דאָרטן אויסגעאַרבעט געוואָרן וכדומה; מיר האָבן די צאָל פאַבריקן און צאָל אַרבעטער און וויפל ייִדן צווישן זיי. דאָס וואָלט אָבער גאָר ווײַט איבערגעשטיגן די ראַמען פון דעם אַרטיקל, ווײַל אויף דעם וואָלטן מיר געדאַרפט האָבן אַ שיינע פּאָר הונדערט זײַטן. מיר האָבן זיך דעריבער געמוזט באַגנוגענען נאָר מיט אַ רשימה פון די שטעט.

די רשימה גייט נאָך דעם אלף־בית־סדר. אין קלאַ־מערן גיבן מיר אָן דאָס יאָר ווען די פאַבריק האָט עק־סיסטירט. מען דאַרף דערבײַ געדענקען, אַז דאָס איז לרוב נישט די גרינדונג־דאַטע פון דער פאַבריק, נאָר די דאַטע ווען עס איז באַקאַנט אויף זיכער, אַז די טעק־סטיל־אונטערנעמונג איז שוין דאָרטן געווען. און אַז זי איז געווען פאַרבונדן מיט ייִדן, ייִדישע אונטערנעמער אָדער ייִדישע אַרבעטער.

א.

אַלעקסאַנדער — לאָדזשער (1844); אָסטראָלענקע (1829) — די דאָזיקע ייִדישע פאַבריק האָט בײַ אויסשטעלונגען אין די יאָר 1829, 1840, 1842 געוווּ־מע אַ זילבערנעם און 2 גאָלדענע מעדאַלן; אַל־בערטין — בײַ סלאָנים (אין מיטן פון 19טן יאָר־הונדערט); אַלעקסאַנדריע — וואָלין (1860); אַנטאָ־פּאָליע (אין מיטן 18־טן יאָרהונדערט); אָסטרע — וואָלין (1860); אָזאָרקאָוו (1855); איוואַנאָוו — פּאָלעסיע (1889); אַננאָפּאָל — וואָלין (1860); אַלבי — בײַ סלאָנים (1813); איזאַבעלין (1815); אָרלע (אין מיטן 19־טן יאָרהונדערט); אָפּאַטאָוו (1800); אָסטראָוויעץ—קיעלצער (1796); אָפּאָלע—לובלינער (1800).

ב.

בעלכאַטאָוו (1867); באַבין (1895); בזשעזשין (אין מיטן 19טן יאָרהונדערט); ביטען — בײַ סלאָ־

צים — (אין מיטן 19-טן יאָרהונדערט); בריינסק (1880); ביאַליסטאָק (אָנהייב 1824, וועגן אַ רייַ פּרטים אַביסל וויַיטער). בעלזשיין (1796); ביעטש (1800); (סוף פון 18-טן יאָרהונדערט); בלאָשקי (1800); בזשעזשין (1800).

ג.

גלובאָטשקע — וואָלין (1860); גראָדנע (1828); גלוסק (1800); גאָרינגראָד — וואָלין (1860); גאָרליין (1796).

ד.

דאָברע (1800); דזשאַלאָשין (1760); דעמבידע (1800).

ה.

האָראָדאָק ביַי ביאַליסטאָק (1850).

ו.

וואַשילקאָוו — ביַי ביאַליסטאָק (1881); וויסאָקע — ליטעווסקי (1828); וואָראָשילאָוו (1895); וועגראָוו (1794); וואָלקאָוויסק (1890); וועך-



לאָדזש: אַן אַלגעמיינער בילד פון פוילישן מאַנטשעסטער אין וועלכן די ייִדן האָבן פאַרנומען זייער אַן אָנגעזעענעם אָרט

כאָוונע (אָנהייב 19-טן יאָרהונדערט); וויגאָרע (1880); ווילנע (1800); וויטקאָוו ביי גניעזשנע (סוף 18-טן יאָרהונדערט); וויניאווע (1796); ווישנייץ (1800); וואַרשע (1800).

ז.

זעלווו — ביי לאָדזש (1880); זגיעזש (1830) זלאָ-טאָריע (1895); זדונסקע — וואָליע (1867); זאַלעסיע — ביי גראָדנע (סוף 18-טן יאָרהונדערט); זלאָטשעוו (1800); זאַוויאָסט (1800).

ט.

טשאַרני לאָס — ביי לאָדזש (1880); טוטשין — וואָלין (1860); טורעק — ביי קאַליש (1842) טשענ-סטאָכאָוו (1836); טאָמאַשאָוו - מאַזאָוויעצק (1867); טשעכנאָוויצע (אָנהייב 19-טן יאָרהונדערט); טאַר-לאָוו (1800).

כ.

כאָראָשט (מיטן 19-טן י״ה); כמיעלניק (1800); כזשאַנאָוו (1796).

ל.

לודוויפּאָל — וואָלין (1860); לאָסאָסנאָ — ביי גראָדנע (1780); לוטאָמיערסק (ערשטע פּוילישע גרעסערע טוך-פאַבריק געגרינדעט אין יאָר 1787 דורך דעם ייִדן ישראל פינקוס); לאָדזש (אָנהייב 1835 — וויַיטער אַ ריי פּרטים); לעכעוויטש (1811); לובלין (1800); לענטשיץ (1790); לאַסק (1800); לוקאָוו (סוף 18-טן יאָרהונדערט).

מ.

מעזריטש — וואָלין (1860); מאַרימאָנט ביי וואַרשע (1823); מיכאַלאָווע — ניזבודקע, ביי ביאַ-ליסטאָק (1891); מיר (1831); מאַקאָוו (1800); מיעַ-ליץ — גאַליציע (סוף 18-טן יאָרהונדערט); מיעש-קאָוו, ביי פּויזן (1800).

נ.

נאָווידוואָר ביי וואַרשע (1782); נאָוואָרעדאָק (סוף 19-טן יאָרהונדערט).

ס.

סקוויר — וואָלין (1826); סטאַרא הוטאַ (1840); סווינאָבראָד (1848); סלאָנים (אָנהייב 1605, שפּע-טער 1679, 1824); סטאַשעוו (סוף 18טן יאָרהונ-דערט); סאַנדאָמיר (1800).

פּ.

פּזשעדבאָזש (1827); פּעשטשאַניקי (1850); פּאָס-טאַוו, וואָלינער געגנט (סוף 18-טער יאָרהונדערט); פּולטוסק (1827); פּאַביאַניץ (1835); פּיעסק, ביי וואָלקאָוויסק (1815); פּיאָטריקאָוו (1800); פּאַרענ-טשעוו (1796); פּאָלאָניעץ (1800); פּאַצאַנאָוו (1800); פּינטשעוו (סוף 18-טן יאָרהונדערט).

ק.

קאָלאָ (1867); קאָסעווע, ביי סלאָנים (1815); קאָמיעניצאַ פּאָלסקאַ, ביי לאָדזש (1804); קנישין, ביי ביאַליסטאָק (60קער יאָרן פון 19טן יאָרהונ-דערט); קאָזשעניץ (1791); קרינקי (1827); קאַליש (20-קער יאָרן פון 19-טן יארהונדערט); קוזניצאָ (1840); קלעצק (1816); קעמפּנע, קלימענטאָוו, קאָר-טשין, קוזמיר, קראַשניק, קוראוו, קאָלינאָווטשינע, קאָליש, קאָלבושעוו (אלע אין 1800); קוטנע (1796).

ר.

ראָזשישטש (1860); ראָוונע, וואָלין (1828); רו-זשין, קיעווער גובערניע (1809); ראקאוו — צוויזמי-רער (1800); ראָספּזשע (1796).

ש.

שערשעוו, ביי פּרוזשענע (ערשטע העלפט פון 19טן יאָרהונדערט); שאַוועל (סוף פון 18טן יאָר-הונדערט); שולמיעזשיץ, שטשעקאָטשין (ביידע אין 1800).

צוזאַמען מיט די פריערדיקע באַזונדער דערמאָנטע שטעט (קאָרעץ, ניעמיראָוו, ריזשענאַי, קובאַרי) האָבן מיר דאָ אַ קימאַ לן פון העכער 120 פונקטן, וווּ ייִדן האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער טעקסטיל-אינ-דוסטריע.

ווען מיר דאָ וויַיטער אויסטיילן אַ ריי טעקסטיל-אונטערנעמונגען פון אַ באַזונדערן כאַראַקטער, וואָס זייַנען ניט אַרונטערגענומען געוואָרן פון די פריערדיקע ראַטעס און פאַקטן. פריער פאַר אַלץ וועלן מיר זיך אָפּ-שטעלן אויף:

## טליתים־פאַבריקן

מיר האָבן ידיעות וועגן דער עקסיסטענץ פון טליתים־פאַבריקן אין די ווײַטערדיקע שטעט:

גאָסטינין (20קער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט); גער (1854); דובראָוונע (געגרינדעט די ערשטע פאַבריק אין יאָר 1750; אין לעצטן פערטל פון 10טן יאָרהונדערט זײַנען שוין דאָרטן געווען דרײַ טליתים־פאַבריקן מיט 50 שטולן; צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט האָבן דאָרטן געאַרבעט 70 ייִדישע אַרבעטער); סוואַלק (אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט); קוטנע (20קער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט); קאָלאָמיי (1865 — באַרימט מיטן גרויסן טליתים־וועבער־שטרײַק פון 1892); ראַווע־מאַזאָוויעצק (20קער יאָרן פון 19טן יאָרהונדערט); שעבערשין (אָנהייב 19טן יאָרהונדערט); שעדלעץ, בײַ דאַנציק (18טער יאָרהונדערט, דאָרטן האָט מען אויך געמאַכט פּוילישע נאַציאָנאַלע פּאַסן, געאַרבעט האָבן דאָרטן 80 ייִדישע אַרבעטער).

## וואַטע־מאַכערײַ

אַזעלכע אונטערנעמונגען זײַנען געווען אין די ווײַטערדיקע שטעט, וואָס זײַנען געווען אָנגעפירט דורך ייִדן, און ווּ ייִדן זײַנען געווען באַשעפטיקט:

אזארקאָוו, דאָמביע (בײַ קאלא); זגיעזש; לענטשיצע; זיי האָבן אַלע שוין עקזיסטירט אין יאָר 1850; וויטעבסק (1831).

## שפּיצנמאַכערײַ

אַ גאָר וויכטיקן אָרט האָט בײַ ייִדן פאַרנומען דאָס פאַך פון שפּיצנמאַכערײַ, די אויסאַרבעטונג פון פאַרשידענע שפּיצן (קאָראָנקעס, קרוזשעוועס) וואָס איז גע־



ייִדישע העפטערינס פון קאָזשעניץ, פּוילן. (פאָטאָ קאַציזנע).

גאנגען צו באַפּוצונג פון בעט־וועש און פֿרויען־קליידונג. געוועזן אַ געגנט, אין מזרח־פּרייסן און פּויזנער געגנט, ווּ ייִדן האָבן אויסגעבויט אַ ריזיקע אינדוס־טריע פון שפּיצנמאַכעריי. בײַם סוף פון 18טן יאָרהונ־דערט זײַנען אין די שטעטלעך שניידעמיל, פּילענע, טשערניקאָווע, קראָנע, לאָבזענס און אַנדערע געווען הונ־דערטער משפּחות וואָס האָבן געלעבט פון שפּיצנמאַ־כעריי; דאָס איז געווען דער וויכטיקסטער פּרנסה־צווײַג פון די שטעטלעך. עס ווערט דערבײַ איבערגעגעבן ווי אַזוי דער ייִד היינע פייטל אַפּרים האָט די דאָזיקע אינ־דוסטריע אָרגאַניזירט. עס האָבן בײַ אים ווי היים־אַר־בעטערינס געאַרבעט בערך 1.500 פֿרויען. די סטאַטיס־טיק ווייסט אויך צו דערציילן, אַז אין דער שטאָט שניידעמיל (פֿאַר דער פּוילישער הערשאַפֿט האָט די שטאָט געהייסן פּילא), זײַנען פון 188 ייִדישע אײַנ־וווינער געווען 130 שפּיצן־אַרבעטערינס; אין פּילענע אויף 483 אײַנוווינער — 200 באַשעפֿטיקטע בײַ די שפּיצן; אין לאָבזענס אויף 283 אײַנוווינער ייִדן זײַנען געווען 150 באַשעפֿטיקטע בײַ שפּיצנמאַכעריי.

וואָלטן מיר נאָך געדאַרפֿט דערמאָנען העפֿטעריי און שמוקלעריי, וואָס זײַנען אויך געווען בײַ ייִדן גאָר אײַנ־געפֿונדעוועטע פֿאַכן. עדות דערפֿון זײַנען די וווּנדער־לעכע אויסגענייטע פּרוכתן און תּורה־מענטעלעך; די קינסטלערישע אויסגעפֿאַרטיקטע תּורה־ווימפּלען; די שבת־און יום־טוב־טישטעכער; די מצה־טאַשן; די תּפֿילין־זעקלעך און אַזוי ווײַטער.

## קילים־פּראָדוקציע

אַ גענויע סטודיע וועגן דער דאָזיקער פּראָדוקציע איז פֿאַרהאַן אין „די ייִדישע עקאָנאָמיק" (נומ. 4־5 און 6־7, 1937) פון מאַגיסטער מנחם לינדער. מיר נעמען פון דאָרטן אַרויס נאָר אַ פּאָר דאַטעס און פֿאַקטן. די דאָזיקע פּראָדוקציע איז דער ייִנגסטער צווײַג פון ייִדישן אַנטייל אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

די קילימען, אַ ספּעציעלער מין טעפּיכער, וואָס איז גאָר ברייט באַנוצט געוואָרן פֿאַר הויז־דעקאָראַציע איז אויפֿגעקומען אין קאָסאָוו בײַ קאָלאָמיי. די דאָזיקע קילי־מעס זײַנען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין די שטעטלעך זאַב־לאָטאָוו, קיטעוו, שניאַטין, פּעטשעניזין בײַ קאָלאָמיי, גוואָזדזיעץ און האָראָדענקע.

אָנגעהויבן האָט זיך עס נאָך פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען די לאַנד־פֿאַרוואַלטונג פון גאַליציע האָט אין קאָסעוו געעפֿנט אַ וועבשולע, ווּ מען האָט געלערנט אויס־אַרבעטן פּערסישע טעפּיכער, פֿאַרשידענע דיוואַנען א״א. עס האָט זיך דאַן געעפֿנט אַ. הילמאַנס טעפּיכער פֿאַבריק מיט 70 אַרבעטער און אַנדערע ייִדן האָבן זיך אויך דערצו גענומען. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז מען אַרי־בער צו פּראָדוצירן אַ מין סוראָגאַט פון די טעפּיכער, די ביליקע קילימעס, וואָס איז געוואָרן אַ גאַנגבאַרע סחורה איבער גאַנץ פּוילן.

אין געוויסע יאָרן זײַנען געווען ביז 1.000 ייִדישע שטוב־אַרבעטער.

אין 1934 זײַנען אין קאָסאָוו געווען 206 שטולן מיט 347 אַרבעטער. פון דעם 328 ייִדן, וואָס מיינט העכער 94 פּראָצענט.

מיר האָבן דאָ אַ טעקסטיל־אָפּצווײַג, וואָס איז אויפֿגע־בויט און דורכגעפֿירט דורכאויס מיט ייִדישער איניציאַ־טיוו.

* * *

וועלן מיר ווײַטער נאָך ברענגען אַ פּאָר סטאַטיסטישע דאַטעס וועגן צוויי שטעט — לאָדזש און ביאַליסטאָק, די וויכטיקסטע צענטערס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע און ווײַזן דערבײַ דעם ייִדישן חלק אין די דאָזיקע פּונקטן פון „פּוילישן מאַנטשעסטער".

## לאָדזש

אויף יעדע 100 ייִדן וואָס האָבן געוווינט אין לאָדזש זײַנען געווען באַשעפֿטיקט אין דער טעקסטיל־בראַנזשע:

אין יאָר 1835 — 3 ייִדן;
אין יאָר 1842 — 9 ייִדן;
אין יאָר 1850 — 14 ייִדן;
אין יאָר 1851 — 22 ייִדן.

עס הייסט, אַז אין מיטן פון פֿריערדיקן יאָרהונדערט איז אַ פֿערטל פון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פון לאָדזש געווען פֿאַרבונדן מיט דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

## צאָל ייִדישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען אין לאָדזש:

אין יאָר 1861 זײַנען אין לאָדזש געווען 473 טעקסטיל־פֿאַבריקן, דערפֿון 56 ייִדישע.

אין יאָר 1870 זײַנען אויף דער אַלגעמיינער צאָל:
133 באַוול־פֿאַבריקן — 58 ייִדישע;

5 באוול־שפינערייען — 2 ייִדישע;
70 שפינערײַען פון װאָלענע און געמישטע שטאָפן — 31 ייִדישע;
16 װאָל־שפינערייען — 6 ייִדישע;
7 טוך־פאבריקן — 6 ייִדישע;
3 ליינען־שפינערייען — 1 ייִדישע.

אין יאָר 1897 זײַנען אין לאָדזש געװען פאבריקן מיט און אָן קראפט:

װעבערייען: ייִדישע — 68; נישט־ייִדישע — 36;
שפינערייען: ייִדישע — 37; נישט־ייִדישע — 34;
באָװל־פאבריקן: ייִדישע — 9; נישט־ייִדישע — 6;
פארבערײַען: ייִדישע — 5; נישט־ייִדישע — 19;
װאָל־פאבריקן: ייִדישע — 19; נישט־ייִדישע — 6;
טוך־פאבריקן: ייִדישע — 5; נישט־ייִדישע — 5;
טריקאָ און זאָקן: ייִדישע — 1; נישט־ייִדישע — 5;
לענטעס און באנד: ייִדישע — 6; נישט־ייִדישע 1.

אין אַלגעמיינעם סך־הכל זײַנען עס געװען 148 ייִדישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען און 112 נישט־ייִדישע.

אין יאָר 1910 זײַנען אין לאָדזש געװען 688 טעקסטיל אונטערנעמונגען, דערפון ייִדישע 389, װאָס מיינט העכער 57 פראָצענט.

## ביאַליסטאָק

רעדנדיק װעגן ביאַליסטאָק דארף מען נעמען אין אכט דעם גאנצן דאָרטיקן טעקסטיל־ראַיאָן, װאָס אין דער אַלגעמיינער סטאטיסטיק רעדט זיך עס צײַטנװײַז װי גראָדנער גובערניע. טאקע װײַל דאָ האָבן די ייִדן געשפּילט א גאָר װיכטיקע ראָלע װעלן מיר דאָ צוגעבן א רײַ פאקטן און פארגלײַך־טאבעלעס פון בער ך150 יאָר.

די װײַטערדיקע טעקסטיל־אונטערנעמונגען:

אין יאָר 1815 זײַנען אין גראָדנער גובערניע געװען

| נאָמען פון פאַבריקאַנט | שטאָט | צאָל שטולן | צאָל אַרבעטער |
|---|---|---|---|
| ה. פאסאָלסקי | כאמסק | 18 | 286 |
| גרשון בן יעקב זאקהיים | ריזשענאָי | 12 | 220 |
| קויפמאן | אַלבי | 12 | 111 |
| געסלער | גראָדנע | 3 | 34 |
| פינעס | װאָלקאָװיסק | 2 | 50 |
| פײַנזילבער | װאָלקאָװיסק | 2 | 63 |
| לעװין | איזאבעלין | 1 | 12 |
| ראובן כיימאָװיטש | פיעסק | 2 | 12 |

פון די אַלע טעקסטיל־אונטערנעמונגען פון יאָר 1851 איז נאָר איינער, פון כאמסק, נישט קיין ייִד, אָבער אויך בײַ אים (װי די אנדערע ערטער) זײַנען די ארבעטער געװען ייִדישע.

---

אין יאָר 1857 איז שוין אין דער גראָדנער גובערניע, אַרײַנגערעכנט ביאַליסטאָק, געװען 46 טוך־פאבריקן, צװישן זיי 19 ייִדישע.

אין יאָר 1886 זײַנען אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן שוין געװען 150 טעקסטיל־פאבריקן אין דעם 44 ייִדישע.

א סטאטיסטיק פון יאָר 1898 גיט אָן די װײַטערדיקע ציפערן פון די טעקסטיל־פאבריקן אין ביאַליסטאָקער ראַיאָן:

| מין פאַבריקן | אַלגעמיינע צאָל | דערפון ייִדישע |
|---|---|---|
| טוך־פאבריקן | 318 | 260 |
| װאָל־פאבריקן | 11 | 9 |
| פארבערייען | 8 | 6 |
| װאָל־באארבעטונג | 13 | 9 |
| שפינערייען | 14 | 10 |
| קונסטװאָל־אויסארבעטונג | 6 | 4 |
| צוזאמען | 370 | 298 |

פירט מען דורך אַ פאַרגלײַך פון דעם וווּקס פון ייִדישן אנטייל אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ביאַליסטאָקער געגנט פאַר די יאָרן 1815—1898 האָבן מיר אַזאַ בילד:

1815: 8 פאַבריקן 7 ייִדישע.

1857: 46 פאַבריקן 19 ייִדישע.

1886: 150 פאַבריקן 44 ייִדישע.

1898: 370 פאַבריקן 298 ייִדישע.

דאַרף מען אויך צוגעבן, אַז די דאָזיקע ציפערן האָבן אַ שייכות נאָר ביז דעם אָנהייב 20טן יאָרהונדערט. פאַר די וויַיטערדיקע עטלעכע צענדליק יאָר, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, און שפּעטער אין דער ציַיט ווען דער געגנט האָט געהערט צום נײַעם פּוילן, איז די טעקסטיל־אינדוסטריע וויַיטער געוואַקסן און אויך דער פּראָצענט פון ייִדישן אנטייל אין דער פּראָדוקציע איז געשטיגן.

---

מיר וועלן אונדזער קווערשניט פאַרענדיקן מיט צוויי סטאַטיסטיקעס וואָס האָבן אַ שייכות צו דער צאָל פון ייִדן אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין אַלטן פּוילן, אויף די געוועזענע געביטן מיט העכער הונדערט יאָר צוריק.

## צאָל פאַבריקן און אַרבעטער אין ייִדישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען

| גובערניעס | יאָר 1828 | | יאָר 1832 |
|---|---|---|---|
| | פאַבריקן | אַרבעטער | פאַבריקן |
| 1. ווילנער | 40 | 1469 | 41 |
| 2. גראָדנער | 13 | 990 | 15 |
| 3. מאָהילעווער | 10 | 295 | 12 |
| 4. ביאַליסטאָקער | 3 | 110 | 3 |
| 5. וויטעבסקער | 3 | | 3 |
| 6. קיעווער | 3 | 370 | |
| 7. מינסקער | 2. | 43 | 3 |
| 8. פּאָדאָליער | 1 | 5 | 1 |
| צוזאַמען | 75 | 3272 | 78 |

## סטאַטיסטיק פון ייִדישע טעקסטיל־אַרבעטער און האַנדווערקער אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין פּוילן אין יאָר 1843

וועבערס — 325; וואַטעמאַכערס — 461; באַוול־וועבערס — 339; טוך־פאַרבערס — 275; טוך־אַרבעטער — 257; שפּולערס — 136; פלאַקס־וועבערס — 40; דרעליך־וועבערס — 40; זאָקן־אַרבעטער — 13. צוזאַמען 2077 ייִדישע טעקסטיל־אַרבעטער און האַנדווערקער.

פון דער דאָזיקער צאָל זיַינען געווען אין:

לובלינער וואָיעוואָדשאַפט — 420 מאַן;

פּלאָצקער וואָיעוואָדשאַפט — 397 (דערפון די מערהייט אין דער שוין פריער דערמאָנטער קאָלאָניע קוכאַרי);

קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט — 395 (דערפון די מערהייט אין טשענסטאָכאָוו);

אויגוסטאָווער וואָיעוואָדשאַפט — 225;

מאַזאָווער וואָיעוואָדשאַפט — 178.

אין אַלגעמיין האָבן די ייִדישע באַשעפטיקטע אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אויסגעמאַכט 7 פּראָצענט פון אַלע ייִדישע אַרבעטער און האַנדווערקער אין פּוילן.

---

נאָכאַמאָל — דער ענין איז וויַיט ניט אויסגעשעפּט געוואָרן; הגם איך האָב זיך באַמיט צו ברענגען וואָס מער פונקטן פון טעקסטיל־אונטערנעמונגען אויפגעבויטע דורך ייִדישער איניציאַטיוו איז קלאָר, אַז די רשימה האָט אַלץ און אַלעמען ניט אַרומגענומען. פאַקטיש האָבן מיר זיך דאָ נאָר צוגערירט צו דער דאָזיקער טעמע: אָבער פון די־אויבנגעבראַכטע מאַטעריאַלן ווערט קלאָר:

ערשטנס ווי פאַלש עס איז די דערמאָנטע „שטודיע"

פון באַיערן און זײַנס גלײַכן, די טענדענצן פון דער „היס־טאָריאָגראַפיע" אין די לענדער פון יענער זײַט פאָרהאַנג.

צוווייטנס, אַז פאַר דער ייִדישער פאָרשונג, פאַר דעם דערלערנען דעם נעכטן פון דעם שפּרודלדיקן ייִדישן לעבן פון מזרח־אייראָפּע, וואָס איז פאַרשניטן געוואָרן, איז פאַראַן אַ גאָר ברייטער שטח אויך מחוץ דעם נאָך אַלץ הייסן און צאַפּלדיקן קאַפּיטל חורבן.

איז גוט, וואָס אין איצטיקן זאַמלבוך ווערט געמאַכט דער אָנהייב, וואָס איז ניט מער ווי אָנרעגונג. אָבער מיר מוזן געדענקען, אַז איצט איז די צײַט פאַר דער דאָזיקער ברייטער און טיפער אַרבעט. נאָך קיינמאָל איז ניט געווען אַרײַנגעפּאַסט דער זאָג פון „אָבות": „אם לא עכשו אימתי" און אויך איז אמת דאָס צווייט ווערטל: „אם אין אני לי, מי לי" — אויב מיר וועלן עס נישט טאָן וועלן עס אַנדערע אוודאי נישט טאָן.

באַטראַכט איך טאַקע דאָס פריער־געבראַכטע נאָר ווי אַ סטימול פאַר אַ מער פּרטימדיקער און אַלזײַטיקער שטו־דיע. איך האָב געזען פאַר זיך דעם אמת, אַז לא עליך המלאכה לגמור — זאָלן קומען אַנדערע און אויך צו־טראָגן זייער צושטײַער צו דער דאָזיקער עובדא, וואָס האָט אין זיך אַ סך פונקציעס און פריער פאַר אַלץ — רעהאַביליטירן אונדזערע פריערדיקע דורות, וואָס זײַנען געווען פול מיט יגיע־כפּיימניקעס; די תקופה פון מזרח־אייראָפּעאישן ייִדנטום, ווו תורה און עבודה; ווו חכמה מיט דרך־ארץ; ווו געלערנטקייט און פראַצע זײַנען געווען אַזוי וווּנדערלעך צונויפגעשפּונען, צונויפגעפלאָכטן און צונויפגעוועבט.

חוץ די מקורים וואָס זײַנען פריער דערמאָנט געוואָרן זײַנען צו דער אַרבעט (ספּעציעל צום טייל, וואָס האָט אַ שייכות צו דער רשימה פון שטעט און שטעטלעך מיט ייִדישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען) אויסגענוצט געוואָרן נאָך די ווײַטערדיקע אַרבעטן:

1) ד״ר מ. ווישניצער — „ייִדישע צעכן אין פּוילן און ליטע", בערלין 1922.

2) ד״ר יצחק שיפּער — „די ווירטשאַפט־געשיכטע פון די ייִדן אין מיטלאַלטער, וואַרשע 1926.

3) ה. אַלעקסאַנדראָוו — „די ייִדישע באַפעלקערונג אין ווײַס־רוסלאַנד אין דער צײַט פון די צעטיילונגען פון פּוילן. „צײַטשריפט", באַנד 4, מינסק 1930.

4) א. יוריצקי — „ייִדישע בורזשואַזיע און ייִדישער פּראָלעטאַריאַט אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט", קיעוו 1931.

5) ד״ר עמנואל רינגעלבלום — „די ייִדישע הויז־אינ־דיסטריע אין אַלט [פּוילן", „פאָלקסהילף", נומער 5, וואַרשע 1935.

6) לאָדזשער וויסנשאַפטלעכע שריפטן, באַנד 1, לאָדזש 1938.

7) פנקס ביאַליסטאָק — רעדאַקטירט פון א. ש. הערש־בערג, 2 בענד, ניו־יאָרק, 1850־1949.

8) ד״ר רפאל מאַהלער — „ייִדן אין אַמאָליקן פּוילן אין ליכט פון ציפערן", וואַרשע 1958.



# צווישן דעראינערונגען און מעדיטאַציעס

פון

ז. וואַסערצוג

מען האָט מיך פאַרבעטן צו באַטייליקן זיך מיט אַן אַרבעט אין אַ ספּעציעלן זאַמל־בוך פון שטריקער־פאַבריקאַנטן פאַריין. האָב איך געטראַכט: וואָסער שייכות האָב איך מיט שטריקעריי? וואָסער פאַרבינדונג איז פאַראַן צווישן שרײַבן און שטריקן?

מילא, איך פּערזענלעך האָב נאָך אַ שטיקל שייכות מיטן שטריקער־פאַך. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, אין אַן איבערגאַנג צײַט, האָב איך אָפּגעשוויצט אַ סעזאָן בײַ אַ שטריק־מאַשין. עס דאַכט זיך מיר, אַז נאָך הײַנט צו טאָג פיל איך אַ ווייטיק אין די אָרעמס פון יענער אָנשטרענגונג, ווען איך האָב געשלעפּט די שטריק־מאַשין מיט צוויי פּעדים אַ צוועלף שעה אין מעת־לעת.

וואָסער שייכות איז אָבער פאַראַן צווישן שרײַבן און שטריקן בכלל? און וואָלט געווען אַזאַ שייכות, וואָלט די מלאכה פון שרײַבן געקאָנט אַ סך לערנען בײַם שטריקער־פאַך.

ווען כ'בין אַמאָל געשטאַנען בײַ דער שטריק־מאַשין האָב איך אָפט באַוווּנדערט דעם פּראָדוקט וואָס קומט אַרויס פון דער מאַשין. דאָרט איז מיר ערשט קלאָר געוואָרן ווי שטאַרק הינטערשטעליק עס איז קוואַליטאַטיוו די מלאכה פון שרײַבן, ווען מען פאַרגלייכט זי מיטן פּראָסט־פּשוטן לענגל, וואָס קומט אַרויס פון דער שטריק־מאַשין.

ווי זויבער, ריין און דורכזיכטיק עס קומט אַרויס דער פּראָדוקט פון דער שטריק־מאַשין. אַ לענגל איז אַ פּראָדוקט פון אַן אויפריכטיקער און דיסציפּלינירטער צוזאַמענאַרבעט פון הונדערטער נאָדלען. זאָל נאָר איין נאָדל האָבן געאַרבעט אָן חשק — זעט מען עס גלײַך אָן, עס שפּיגלט זיך אָפּ אויפן פּראָנט פונעם לענגל.

ווען בײַם שרײַבן זאָל יעדער זאַץ, יעדער געדאַנק אויסגעשטריקט ווערן מיט אַזאַ ריינקייט, מיט אַזאַ גאַנצקייט און ערלעכקייט, ווי עס וואַקסט אויס דאָס טוך מיט יעדער באַוועגונג פון דער מאַשין — ווי אַנדערש וואָלט געווען די ווירקונג פון אונדזער וואָרט.

אַזוי פיל זײַטיקע, פאַלשע, טריפה'נע כוונות ווערן אַרײַנגעבראָכט אין שרײַבן און באַהאַלטן זיך אויס צווישן די שורות פון דער שרײַבערישער פּראָדוקציע. דאָס לענגל אָבער וואָס קומט אַרויס פון דער מאַשין באַהאַלט גאָרנישט אויס. דער מינדעסטער טעות אָדער פּגימה שרײַט אַרויס און לאָזט זיך גלײַך לאָקאַליזירן, אָנטאַפּן.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך די פעלערהאַפטע פּראָדוקציע וואַרפט מען נישט אַרויס. אויך אַזאַ סחורה האָט אירע אָפּנעמערס. אויך אַזאַ פּראָדוקציע פאַרקויפט זיך, אָבער ווי אַ צווייט־ און דריט־ראַנגיקע סחורה.

עס וועט אָבער קיינעם נישט אײַנפאַלן אַזאַ פעלערהאַפטע סחורה אויסצושטעלן אין שויפענצטער און שטופּן זי צום סאַמע אויבן־אָן.

ווי אַנדערש אָבער עס איז מיט שרײַבערײַ. ווי גרינג עס לאָזט זיך דאָ אָפּנאַרן, פאַרבלענדן און פאַרפירן. זײַנען דען קנאַפּ די פאַלן, ווען געפעלשטע, קראַנקהאַפטע שרײַבערישע פּראָדוקציע ווערט פאַרקויפט פאַר כלומרשטע משיחישע אידייען.

און דאָס איז נישט נאָר אַן ענין פון טעכנישער פּערפעקטקײַט, נאָר פון סיסטעם, פון אַזאַ אײַנשטעלן. דאָס איז אַן ענין פון געוויסן.

ווײַזט אויס אַז דאָס פאַרגרינגערן טעכניש די פונקציע פון שרײַבן האָט געבראַכט קוואַליטאַטיוו צו אַן אינפלאַציע, האָט פאַרביליקט די פּראָדוקציע און ממילא פאַרקלענערט די ווירקונג פון געדרוקטן וואָרט.

אַמאָל, ווען דאָס שרײַבן איז אָנגעקומען מיט גרויסע שוועריקייטן און האָט געפאָדערט מי און מאַטער, האָט דער מענטש געזוכט אַז דער אינהאַלט פון שרײַבן זאָל רעקאָמפּענסירן די אַרײַנגעלייגטע מי.

אמאָל, ווען דער מענטש האָט אויסגעקריצט זײַנע געדאַנקען אין שטיין, האָט ער אויסגעקליבן צווישן וויכטיק און נישט וויכטיק, צווישן עיקר און תּפֿל.

הײַנט אָבער, ווען די טעכניק פֿון שרײַבן איז אַזוי פֿאַרגרינגערט, סימפּליפֿיצירט געוואָרן דורך דער דרוקערײַ און שרײַב־מאַשין, איז פֿאַרשווּנדן דער חוש פֿאַר סעלעקציע. דאָס איז איינע פֿון די סיבות פֿון דער הערשנדער אינפֿלאַציע אין געדרוקטן וואָרט.

וואָס עס געהערט נישט אַלץ צו שרײַבערײַ: געשמאַקלאָזע גראַמען, באַשטעלטע באַריכטן, באַצאָלטע רעצענזיעס, דעמאַגאָגישע גאַסן־פּראָקלאַמאַציעס, פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר נאַכט־קלובן, און קאַמופֿלאַזשירטע לייט־אַרטיקלען, וואָס לויבן די הערשנדע מאַכט.

ס'איז אַ באַזונדער גליק פֿאַר דער מענטשהייט וואָס די לוחות און די פֿײַערדיקע שטראָף־רייד פֿון די נביאים זײַנען נישט געשריבן געוואָרן מיט דער מאָדערנער שרײַב־מאַשינקע. זיי האָבן דעריבער גאָרנישט צו טאָן מיט אונדזערע הײַנטצײַטיקע מאָדערנע באַגריפֿן וועגן שרײַבן און שרײַבערײַ.

* * *

דאָ וויל איך נאָך עפּעס דערציילן וועגן מײַן שייכות מיטן שטריקער־פֿאַך. ס'איז געווען אַ קריזיס־צײַט אין די דרײַסיקער יאָרן. כ'האָב געהאַט ערשט איבערגעלאָזט מײַן לערער פּאָסטן אין אַ ייִדישער שול מיטן פֿעסטן באַשלוס מער נישט זיך אומצוקערן. צו וואָס אָבער זאָל איך זיך נעמען?

מײַנער אַ יוגנט־חבר א. האָט געהאַט אַ טאַזשערל פֿון שטריקערײַ אין בוענאָס אײַרעס. ער האָט געמאַכט דערפֿון אַ שיינעם לעבן בײַ אַ גענוג שווערער אַרבעט. האָט ער מיך צוגערעדט איך זאָל זיך נעמען צו שטריקערײַ.

ווי אַזוי אָבער זאָל איך זיך נעמען צו אַ געביט, אַז איך האָב נישט די מינדעסטע אַנונג אין דעם פֿאַך? דאָס איז גאָרנישט — זאָגט ער. ער וועט מיר צווײַזן איינמאָל און אַ צווייטמאָל, ביז איך וועל ווערן היימיש מיט דער מאַשין, און דאָס איז דאָך אַלץ. ס'איז אַזאַ חכמה ווי פֿליקן פֿעדערן — האָט ער מיר געזאָגט, כּדי מיך אויפֿצומונטערן.

כ'האָב אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען צו מײַן חבר אין די פֿאַרנאַכט־שעה'ן, נאָך דער אַרבעט, ווען ער האָט געהאַט פֿאַר מיר מער צײַט און דער עיקר — ווען די מאַשינען זײַנען געשטאַנען פֿרײַ. דאָ האָב איך באַקומען מײַן ערשטע לעקציעס אין שטריקער־פֿאַך.

די לעקציעס זײַנען געווען דער עיקר פּראַקטישע. נאָכדעם ווי דער חבר האָט מיר געוויזן ווי מען פֿעדימט אײַן די מאַשין האָט ער צו מיר געזאָגט:

איצט שטעל זיך אַוועק און מאַך אַ לענגל. קלאַפּ אָפּ 190 „וועלטאָס" און דערנאָך רוף מיך.

פֿאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב אים געדאַרפֿט רופֿן פֿריער איידער כ'האָב דערגרייכט צו די 190. עס האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, אַז די מאַשין איז געבליבן פּאַראַליזירט און כ'האָב זי בשום אופֿן נישט געקענט רירן פֿון אָרט, ווי אַן אײַנגעשפּאַרט אייזל.

ס'איז אָבער גענוג געווען אַז דער חבר מײַנער זאָל צוקומען צו דער מאַשין, צולייגן נאָר אַ האַנט, און די מאַשין האָט זיך איבערגעבעטן.

מיט יעדן טאָג האָט עס געהייסן, אַז איך קום אַלץ מער אַרײַן אין דער בראַנזשע פֿון שטריקערײַ, און איך ווער אַ פֿאַכמאַן. דער חבר מײַנער האָט זייער געלויבט מײַן ריטעם בײַ דער מאַשין. עס זײַנען קוים אַדורך עטלעכע וואָכן און איך האָב שוין טאַקע אָנגעהויבן גלייבן אַז כ'בין אַ פֿאָלנע שטריקער.

ס'איז געקומען דער מאָמענט ווען כ'האָב געדאַרפֿט אָנהויבן דעבוטירן אַלס אמת'ער שטריקער, מײַן נײַ פֿאַך פֿון וועלכן איך האָב דערוואַרט צו קענען מאַכן אַ לעבן.

מײַן חבר וואָס דער אמת איז האָט געוואָלט אַז איך זאָל אַרבעטן בײַ אים. האָב איך אים אָבער איבערגעצײַגט מיט לאָגישע אַרגומענטן אַז דאָס לוינט זיך נישט פֿאַר אונדז ביידע. אויב דו וועסט ווערן מײַן אַרבעטסגעבער — האָב איך אים געזאָגט — וועט זיכער קומען דערצו אַז כ'זאָל דיך מיט דער צײַט פֿײַנט באַקומען. צווישן דעם אַרבעט־געבער און אַרבעט־נעמער שטעלן זיך אײַן אַזעלכע קעגנגעזעצטע אינטערעסן, וואָס שאַפֿן אַן אַטמאָספֿער פֿון שנאה. און איך וויל דיך נישט פֿײַנט באַקומען. איך וויל בעסער זען אין דיר מײַן אַמאָליקן יוגנט חבר איידער אַן עקספּלאָאַטאַטאָר...

צו־מאָרגנס, האָב איך אַן עמאַציפּאַנירטער געאײַלט אויף אַן אַדרעס פֿון אַ „פֿאָדערונג" אַז מען זוכט אַ קאָמפּעטענטן שטריקער. דאָס איז געווען אויף איינער פֿון די גאַסן פֿון ווייזשאַ קרעספּאָ, וווּ אין יעדער צווייטער שטוב איז געווען אַ שטריקער־טאַזשער.

דאָ, וווּ איך האָב געזאָלט אָנקומען אַרבעטן איז געווען שוין קיין טאַזשערל, נאָר טאַקע אַ פֿאַבריק מיט אַן אַנדערהאַלבן צענדליק האַנט־מאַשינען, אויך עטלעכע מאָטאָר־מאַשינען און אַן אָפּטיילונג פֿאַר קאָנפֿעקציע.

עס האָט מיך אויפֿגענומען דער אייגנטימער פֿון דער פֿאַבריק, אַ באַלײַבטער ייִד, מיט אַ נאַקעטן קאָפּ. ער האָט זיך געפֿלייסט צו זײַן וואָס זאַכלעכער און קעלטער. צווישן אונדז איז פֿאָרגעקומען אַזאַ דיאַלאָג:

— איר זענט אַ שטריקער?

— נו פֿאַרשטייט זיך אַז יאָ. דערפֿאַר בין איך געקומען אַהער.

— איר קענט מאַכן גערעקטע אַרבעט?

— יאָ — האָב איך אים געזאָגט מיט זיכערקייט — איך קען אַלע אַרבעטן פֿון פֿאַך.

— וווּ האָט איר ביז איצט געאַרבעט?

— אין פאַרשיידענע ערטער.

— פון ווען אָן ווילט איר אַרבעטן?

— אפילו שוין פון איצט אָן. ווי איז מיטן צאָלן בײַ אײַך? — האָב איך אים געפרעגט.

— בײַ מיר אַרבעט מען פון שטיק. איך צאָל אַ טאָלער מיט 20 פּאַר אַ לענגל, אויב איר וועט מאַכן ראַיעלע סחורה. באַשטייט איר, איז גוט.

— כ'באַשטיי.

— קומט וועל איך אײַך ווײַזן די מאַשין ווו איר וועט אַרבעטן.

די פאַבריק איז געווען אײַנגעשטעלט אין אַ גרויסער שאָפּע. דער אייגנטימער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דער מאַשין ווו כ'וועל דאַרפן אַרבעטן, און ער האָט צוגעגעבן:

— מיר מאַכן קאָמפּעראַס פון צוויי פעדים, וואָל און בייוול. די צושנײַדערן וועט אײַך זאָגן וועלכע מאָסן מען דאַרף.

דער בעל הבית איז באַלד פאַרשוווּנדן און איך בין געבליבן אַליין מיט מײַן מאַשין און מיט די בליקן פון די אַרומיקע שטריקערס. דער אמת איז, אַז זיי האָבן מיר נישט געשאָנקן צופיל אויפמערקזאַמקייט, ווײַל זיי זײַנען געווען צו שטאַרק אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט, ווײַל זיי האָבן געאַרבעט אויפן שטיק.

פון דעם בעל־הבית פראַגע צי איך קען מאַכן גערעק־טע אַרבעט האָב איך זיך געריכט אַז דאָ מאַכט מען אַ בעסערע פּראָדוקציע, איז מיר אָבער איצט קלאָר גע־וואָרן אַז זיי אַרבעטן גאָר גלאַטע קאָמפּעראַס. דאָס האָט מיך אַביסל אַנטוישט. לאַנג טראַכטן איז נישט געווען קיין צײַט, מײַן לוין איז דאָך פון שטיק.

כ'האָב גענומען אײַנפעדימען די מאַשין און מאַכן דאָס ערשטע לענגל. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די מאַ־שין באַוועגט זיך מיט אַ שווערקייט פון אַ משא וואָס האָט מיר אונטערגעריסן די אָרעמס.

ס'איז צוגעקומען אַ שכן פון אַ זײַטיקער מאַשין און געפרוווּט מיר פאַרגרינגערן, אָבער געהאָלפן האָט עס נישט. ס'איז געקומען דער מעכאַניקער, ער האָט אָנגע־שמירט מיט אויל, לויזער געמאַכט שרויפן, אָבער דאָס באַ־וועגן דעם קאָפּ פון דער מאַשין איז אַלץ געווען סכנות'־דיק שווער. דערצו האָט די מאַשין אויך געריסן און איך בין אָפּט אַרויסגעפאַלן מיט געוויכטער. אַזאַ אַרויספאַלן האָט באַקומען אַן אָפּקלאַנג איבער דער פאַבריק און האָט אַרויסגערופן הייטערקייט און געלעכטער.

— חברה, איינער איז שוין ווידער געפאַלן כורעים...

— האָבן זיי דאָס קאָמענטירט.

נאָך אַזאַ טאָג האָרעוואַניע האָב איך קוים אָנגעציילט אַ מנין לענגלעך. איך בין צוגעגאַנגען צום בעל־הבית און אים געבעטן ער זאָל מיר בײַטן די מאַשין, ווײַל בײַ דער מאַשין וועל איך נישט קאָנען אַרבעטן.

צו מאָרגנס האָט מען מיר אָנגעוויזן, אַ צווייטע שטריק־מאַשין. די ערשטע מאַשין וויַיזט אויס האָט געדינט אויסצופּרוּוון. יעדן נײַעם שטריקער האָט מען אַוועקגע־שטעלט בײַ דער מאַשין ער זאָל זיך אַביסל פּײַניקן מיט איר.

די נײַע מאַשין האָב איך מער ווייניק באַהערשט. די אַרבעט איז אָבער נישט גרינג געווען. מײַן שול אַלס שטריקער האָב איך דורכגעמאַכט מיט איין פּאָדים וואָל און דאָ האָב איך געדאַרפט אַרבעטן מיט צוויי פעדים, און דערצו אויף אַ צענער מאַשין.

ביסלעכווײַז אָבער, בין איך אַרײַן אין ריטם פון אַרבעט און כ'האָב זיך געיאָגט אַף צו מאַכן פּראָדוקציע. דאָס אַר־בעטן אָפּן שטיק האָט אַלעמען אַרײַנגעוואָרפן אין אַ ווילדן געיעג. די שטריקער האָבן זיך נישט פאַרגינט צו פאַרלירן איין מינוט אָדער צו כאַפּן אַ שמועס בשעת דער אַרבעט. זיי האָבן זיך אפילו נישט פאַרגינען אַרויסצוציִען טאָן זייער מענטשלעכן געברויך. אַ שאָד די צײַט. פאַר דער צײַט קען מען בעסער מאַכן נאָך אַ לענגל.

כ'בין אויך מיטגעריסן געוואָרן פון דעם געיעג. אחוץ פאַרדינען מער, איז עס אויך געגאַנגען אין אַמביציע — אין פאַך־מענישער אַמביציע. איך בין אָבער געווען אַ צו קנאַפּער פאַכמאַן צו קענען אָנהאַלטן דעם בהלה'דיקן ריטם פון אַרבעט.

מײַן צרה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך בין אָפּט אַרויסגעפאַלן מיט דער פּראָדוקציע פון דער מאַשין. די סיבה דערפון איז געווען די גראָבע קנופּן פון דער שפּו־לערן.

איז מען אַ גוטער פאַכמאַן דערזעט מען אַזאַ קנופּ און מען פאַרכאַפּט עס. בײַ דעם ריטם אָבער וואָס כ'האָב אָנ־געהאַלטן איז די נאָדל געבליבן דערשטיקט מיטן קנופּ און איידער וואָס ווען בין איך אַרויסגעפאַלן מיט אַ קנאַק. בײַם צוריק אײַנפעדעמען און אײַנשטעלן דעם קאַם מיט די געוויכטער, האָב איך געפּטרט אַ סך צײַט און בין געבליבן הינטערשטעליק מיט מײַן פּראָדוקציע.

דאָס האָט מיך געמאַכט נערוועז און ממילא זײַנען פאַרגרעסערט געוואָרן די שאַנסן אַז דאָס אַרויספאַלן זאָל זיך ווידעראַמאָל איבערחזרן. אַזוי אַרום האָט זיך גע־שאַפן אַרום מיר אַ פאַרכישופטער קרײַז וואָס האָט כסדר רעדוצירט ביז אַ מינימום מײַן טעגלעכע פּראָדוקציע. די שטריקערס, ווײַזט אויס האָבן מיר געוואָלט טרייסטן, האָבן זיי מיר געזאָגט אַז דאָס האָב איך גראָד אָנגע־טראָפן אויף אַ צרהדיקער פּאַרטיע וואָל וואָס רײַסט זיך בײַם גרינגסטן צי. פּונקט האָט עס מיך געמוזט טרעפן.

דעם אמת געזאָגט האָבן די אַנדערע שטריקערס אַרויס־געוויזן צו מיר באַציִונג. ווען נאָר כ'האָב זיך פאַרפּלאָנ־טערט און געבליבן שטעקן מיט דער מאַשין, האָבן זיי מיר געהאָלפן זיך אַרויספּלאָנטערן און געבראַכט די מאַ־שין אין באַוועגונג. נאָך איצט, נאָך אַ צוויי־צענדליק יאָרן פון יענע טעג, פיל איך זיך גערירט פון דער דאָזי־

קער אַרויסגעוויזענער צו מיר סאָלידאַריטעט. און דאָס האָבן זיי געטאָן אַף זייער צײַט.

איך האָב זיך גאָרנישט געגעבן רעכענונג, אַז דער בעל־הבית פון דער פאַבריק האַלט אַן אויג אַף מיר און אָב־סערווירט פון אַ דיסטאַנץ מײַן אַרבעט. פון אַ זײַטיקן ווינקל האָט ער נאָכגעפּאָלגט מײַנע באַוועגונגען. איז גראָד אין אַזאַ מאָמענט האָב איך זיך אויסגעקליבן אַרויס־צופאַלן פון דער מאַשין. אין סאַמע הייסן מאָמענט פון דעם אײַנדרוק וואָס דער קנאַק פון די געוויכטער האָבן געמאַכט איז דער בעל־הבית אויסגעוואַקסן הינטער מיר און געזאָגט צו מיר:

— יונגערמאַן, איר פאַלט צו אָפט כורעים... אפילו יום כיפור פאַלט מען מער נישט ווי זיבן מאָל כורעים.

ער איז צוגעקומען ביז צו מײַן מאַשין, אויפגעהויבן פון פאָל דעם אַראָפּגעפאַלענעם קאַם מיט די לענגלעך און מיר אָנגעוויזן אויף דעם אָפּגעהאַקטן לענגל אין דער מיט.

— גיט כאָטש אַ קוק וויפיל עס גייט חסר מיט יעדן מאָל וואָס ער פאַלט אַרויס.

איך האָב זיך פאַר אים פאַרענטפערט מיטן אַרגומענט אַז די וואָל טויג נישט. און דערצו נאָך איז זי שלעכט געשפּאָלט.

— און זיי — האָט ער מיר אָנגעוויזן אַף די אַנדערע שטריקערס — אַרבעטן דאָך מיט דער זעלביקער וואָל, וואָס איז געשפּולט דורך דער זעלבער שפּולערן.

ער איז געווען גערעכט.

פאַרשטייט זיך אַז מײַן פּרעסטיזש אַלס פאַכמאַן איז נישט געוואַקסן. זיי, די לאַנג־יאָריקע שטריקערס האָבן אָבער אַרויסגעוויזן צו מיר פאַרשטענדעניש און קאָלע־גיאַליטעט.

איך האָב ווײַטער געמאַכט אָנשטרענגונגען אַרײַנצו־קומען אין דער אַרבעט און באַהערשן די מאַשין, כ'בין אָבער געבליבן שטאַרק הינטערשטעליק מיט דער פּראָ־דוקציע לגבי די אַנדערע שטריקערס. אַלע מײַנע אָנ־שטרענגונגען האָבן נישט געהאָלפן. ס'איז נישט מעגלעך געווען אַריבערצושפּרינגען די פאַכמענישע עקספּעריענץ וואָס האָט מיר געפעלט.

די אַרבעט האָט מיך אָבער אַרײַנגעפירט אין אַ גאַנץ נײַער אַטמאָספער. מײַנע פאַרדינסטן זײַנען געווען נישטיקע, דערפאַר אָבער האָב איך געגעסן מיט אַ ווילדן אַפּעטיט און זינט איך לעב בין איך נישט אַזוי געשמאַק געשלאָפן ווי אין יענע וואָכן ווען איך האָב געאַרבעט אַלס שטריקער.

דערפאַר אָבער, זײַנען מײַנע שרײַבערישע פּלענער און אַמביציעס אָפּגעטראָטן אין אַ זײַט. כ'בין געווען פיזיש אַזוי פאַרמאַטערט און אויסגעשעפּט, אַז עס האָט מיר געפעלט כוח עפּעס אָנצושרײַבן. שטריקן און שרײַבן זײַ־נען געווען פאַר מיר צוויי ווײַטע וועלטן.

כ'בין נישט געווען צו שטאַרק באַזאָרגט איבער מײַן אויסטערלישער סיטואַציע. פאַרקערט, דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אינטערעסאַנטע דערפאַרונג. וואָס וועט אָבער זײַן דער סוף? צי קען איך מיר דערלויבן אַזאַ טײַערן עקספּע־רימענט בײַ אַן אַרבעט וואָס גיט מיר נישט אויף פּרנסה?

און אָט איז די לייזונג געקומען אינגאַנצן אומגעריכט. אַמאָל נאָך דער אַרבעט, ווען מען האָט פאַרשריבן מײַן טאָג־פּראָדוקציע, האָט דער בעל הבית מיך אַרײַנגערופן אין אַ זײַטיק צימער, וווּ עס האָבן געאַרבעט צוויי מאָ־טאָר־מאַשינען און גערעדט מיט מיר תכלית. ער איז גע־ווען ווי שטענדיק קאָנקרעט און זאַכלעך ביז גאָר.

— יונגערמאַן, אַזוי ווי עס גייט טויג עס נישט. איר האָט פון דער אַרבעט נישט קיין פּרנסה און איך דערלייג נאָך צום עסק. ווײַל אין פאָלגע סעזאָן האַלט איר פאַרנו־מען אַ מאַשין וואָס גיט נישט אַרויס קיין סחורה. דערי־בער בעט איך אײַך, לאָזט מיר פרײַ די מאַשין און זוכט זיך אויס אַ בעסערע פּרנסה. שטריקערײַ איז אַ שווער פאַך פאַר אײַך.

די זאַך איז געווען אַזוי פּשוט, אַז ס'איז באמת נישט געווען וועגן וואָס צו דיסקוטירן אָדער אויפקלערן. ער איז געווען פולקאָם גערעכט.

באַלד האָט מען מיר אויסגעצאָלט וואָס עס איז מיר געקומען און די שטריק־מאַשין און אויך איך — זײַנען מיר ביידע געבליבן פרײַ. מיטן בעל הבית פון דער פאַבריק בין איך זיך צוגאַנגען ווי גוטע פרײַנד. כ'האָב גאָרנישט געהאַט קעגן אים וואָס אויסצוזעצן.

מײַן יוגנט־חבר האָט מיך אפילו צוגערעדט אַז איך זאָל מאַכן נאָך אַ פּרוּוו ביז איך וועל זיך אײַנאַרבעטן אין דעם פאַך. דאָס איז דער וועג. איך האָב אים אָבער נישט געהאָרכט און איך בין אַוועק אויף אַן אַנדערן וועג. כ'בין אַרײַן אַלס רעדאַקציע־מיטגליד פון „די אידישע צײַטונג".

און וואָלט איך געהאָרכט מײַן חבר, וואָלט איך הײַנט שוין זיכער געווען אַ גרויסער שטריקער־פאַבריקאַנט. לויט ווי איך בין געווען אַ קנאַפּער פאַכמאַן, האָב איך געהאַט אַלע שאַנסן צו ווערן גאָר אַ גרויסער און רײַכער פאַברי־קאַנט...

און הײַנט וואָלט איך פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער פאַרוואַלטונג פון שטריקער־פאַבריקאַנטן פאַריין. דאַרף איך עס באַדויערן?

# אינהאַלט פון דער אָפּטיילונג:





פראַגמענט פון אַ פּרוכת אין פראַנקרייך, פון אָנהויב 17־טן יאָרהונדערט.



# די טעקסטיל אינדוסטריע אין ישראל

פון

שלמה פרענדזעל

די עקאָנאָמיע פון יעדן לאַנד צילט צו זײַן וואָס מער אומאָפּהענגיק פון אויסלאַנד. פאַר מדינת ישראל איז אָט די שטרעבונג וויכטיקער ווי פאַר אַנדערע לענדער, צוליב עקאָנאָמישע ווי אויך פּאָליטישע סבות.

דעריבער, שטייט טאַקע ישראל אין אַ געוואַלדיקן קאַמף אויף צו פאַרגרעסערן און פאַרבעסערן ווי ווײַט מעגלעך איר פּראָדוקציע, הן אויפן אַגריקולטורעלן ווי אויך אינדוסטריעלן געביט. ביז איצט האָט מען טאַקע דערגרייכט גרויסע דערפאָלגן אין אַלע אַספּעקטן פון דער אָנשטרענגונג. איבערהויפּט ווערט געלייגט מער אַכט אויף דער איכות (קוואַליטעט) פון דער פּראָדוקציע, דעריבער געניסן די פּראָדוקטן פון ישראל סײַ לאַנדווירטשאַפטלעכע, סײַ אינדוסטריעלע, פון אַ גוטן נאָמען אין זייער אַ סך לענדער וווּהין זיי ווערן עקספּאָרטירט.

גלײַכצײַטיק אָבער מיט דער קוואַליטעט מוז מען אויך אין ישראל זיך אָנשטרענגען צו הייבן דעם כמות, די קוואַנטיטעט פון דער פּראָדוקציע צוליב כמה טעמים: א) ישראל מוז אויפנעמען אַ סך עולים פון חו"ל און געבן זיי באַשעפטיקונג און פּרנסה. ב) דער דעפיציט פון ישראלדיקן האַנדלס באַלאַנס מוז וואָס שנעלער פאַרקלענערט ווערן. ג) די פאַרגרעסערונג פון דער באַפעלקערונג (וואָס איז אַן אומבאַשטרייטבאַרע נויטווענדיקייט) פאָדערט אויך אַ פאַרגרעסערטע פּראָדוקציע.

אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפט האָט ישראל אין די לעצטע 12־13 יאָר געמאַכט קאָלאָסאַלע פאָרשריטן, אַזוי ווײַט אַז דער אייגענער געברויך איז כמעט אין גאַנצן געדעקט און זייער אַ סך פּראָדוקטן ווערן אויך עקספּאָרטירט אין פיל לענדער, ווו צום בײַשפּיל: פרוכטן, בלומען, אייער, בוימל, ווײַנען, גרינסן, קאָנסערוון, א. אַ. וועלכע גייען קיין: טערקײַ, האָלאַנד, ענגלאַנד, איטאַליע, דײַטשלאַנד און נאָך אַ סך אַנדערע לענדער אין אייראָפּע און אַפריקע.

צוליב מאַנגל אין וואַסער (ביז דער פּלאַן פון ברענגען די וואַסער פון ירדן צום נגב וועט זײַן פאַרטיק) מוז מען איצט אויפגעבן צײַטווײַליק די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס און מען לייגט מער אַרבעט און ענערגיע אויף דער אַנטוויקלונג פון אַ גאַנצער רײַע אינדוסטריעס, צווישן וועלכע די טעקסטיל־אינדוסטריע פאַרנעמט אַ זייער וויכטיקן פּלאַץ.

אין 1958־59 האָט די טעקסטיל אינדוסטריע באַשעפטיקט אין לאַנד בערך 28.000 מענטשן אין אירע 1.618 פאַבריקן. שוין אין 1958 האָט די טעקסטיל אינדוסטריע באַטראָפן 23 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער אינדוסטריע. די יערלעכע פּראָדוקציע פון דער בראַנזשע, וועלכע האָט אין 1957 באַטראָפן 350 מיליאָן ל"י, האָט אין 1958 דערגרייכט די סומע פון 390 מיליאָן, און האַלט ווײַטער אין כסדרדיקן שטײַגן. דער אינערלעכער געברויך איז געוואַקס גרויס און האָט אין 1959 באַטראָפן בערך 184 ל"י „פּער קאַפּיטאַ", דאָס אַנטשפּרעכט אַ געברויך פון 5,5 קג. בוימוואָל, אַ האַלב קג. קונסט־זײַד און נײַלאָן און אַ האַלב קג. וואָל אויף יעדן אײַנוווינער.

אויך דער עקספּאָרט איז פיל געשטיגן. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז ער אַרויף פון 7,3 מיליאָן דאָלאַר אין 1957 צו 9 מיליאָן אין 1958. אויף דעם געביט איז נאָך דאָ זייער אַ סך צו אַרבעטן און אויפהייבן דעם סכום פון דער פּראָדוקציע, פילפאַכיק מער ווי ער איז איצט. אין פאָריקן יאָר האָט שוין די טעקסטיל פּראָדוקציע באַטראָפן 27,7 פּראָצענט, בשעת די שפּײַז פּראָדוקציע האָט באַטראָפן 17,9 פּראָצענט און די מעטאַלורגישע 17,4 פּראָצענט.

אין די לעצטע פּאָר יאָר האָט מען אימפּאָרטירט קיין ישראל די פאָלגנדיקע סכומים פון רוישטאָפן פאַר טעקסטילער: 5.000 טאָן בוימוואָל אין ברוטאָ, 3.000 טאָן וואָל צום שפּינען און בערך 1.000 טאָן פאָדים פון קונסט־זײַד און נײַלאָן.

נאָך אין יאָר 1951 האָט מען אָנגעהויבן אין לאַנד צו מאַכן פּראָבעס מיט פּלאַנצן בוימוואָל (כותנה — קאָטן). די רעזולטאַטן האָבן איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. און פון יאָר צו יאָר העכערט מען די צאָל דונאַמס באַדן פאַר דעם פאַרזיי, אַזוי אַז מען רעכנט אין יאָר 1965 צו דערגרייכן די צאָל פון 12־13.000 טאָן רוישטאָף, וועלכע וועלן קענען דעקן דעם אינערלעכן

געברויך. גלייכצייטיק גייט מען אן ענערגיש מיט צוגרייטן וואס מער מאדערנע שפינערייען און וועבערייען און אויך טריקאטאזש מאשינען כדי צו פראדוצירן וואס מער ארטיקלען פון בעסערער קוואליטעט און צו ביליגערע פרייזן.

אזוי, צום ביישפיל, איז, מיט דער הילף פון דער רעגירונג, אויפגעשטעלט געווארן א נייער טעקסטיל צענטער אין נגב, אין גת, וועלכער איז געשאפן געווארן אויף דער איניציאטיוו פון ענגלישע יידן און מיט זייערע אינוועסטיציעס. אויך א גרופע ארגענטינער אינדוסטריאלן האט אינוועסטירט און האלט אין אויפבויען א קאלאסאלע שפינעריי און וועבעריי אין נגב אין שטאט אופקים (האריזאנטן). דארט גופא ווערט דער רוישטאף געפלאנצט און דארטן וועט ער אויך פארארבעט ווערן, אויף פאדים ביז נומ. 60ער און שפעטער 80ער. עס איז אויך פאראן אן אייגענע פארבעריי צו פארבן און גלאנצן (מערצערירן) דעם פאדעם. און דאן קומט ערשט די וועבעריי מיט 200 מאדערנע שטולן וועלכע וועלן אויסארבעטן פארשיידענע סארטן שטאפן פארן אינערן געברויך, ווי אויך א גרויסן טייל פארן עקספארט, וואס וועט ווידער אריינברענגען דיוויזן אין וועלכע די מדינה נויטיקט זיך זייער שטארק.

צו רעאליזירן דעם פלאן האט א סך געהאלפן די ישראל רעגירונג דורך דער פארמיטלונג פון האנדלס־מיניסטער, פנחס סאפיר, וועלכער האט געבארגט דער פירמע 80 פראצענט פון דער נויטיקער סומע, און גיט איר אויך ווייטער אלערליי פארלייכטערונגען, ווי באפרייאונג פון שטייערן, לאנגטערמיניקע הלוואות אויף קליינע צינזן, א. א. וו.

ווי געזאגט איז די פאבריק אין אופקים אן איניציאטיווע פון גרויסע אינדוסטריאלן; עס איז אבער אויך פאראן א מעגלעכקייט פארן קליינעם קאפיטאל מיט פערזענלעכער ארבעט, צו באטייליקן זיך אין דעם פלאן פון פארגרעסערן די ישראלדיקע אינדוסטריעלע אנטוויקלונג. די גוט באוווסטע און סאלידע געזעלשאפט „רסקו" האט אייגענע פלענער און מעגלעכקייטן צו איינארדענען פארשיידענע אינדוסטריע־צווייגן ווי היים־ארבעט אין אירע פארשיידענע דערפער. דער קאנדידאט דערצו דארף פארמאגן בלויז א קליינעם קאפיטאל פון 6.000 דאלאר, זיין א פאכמאן, און וועלן און קענען אליין פערזענלעך ארבעטן ביי זיין פאך. באקומט ער דאן פארשיידענע לאנג־טערמיניקע הלוואות אויף א וווינונג, אויף אן ארבעטס־פלאץ, מיט פארזיכערטע פרנסה.

לעצטנס האט די חברה געגרינדעט א וועבעריי אין כפר ארגנטינה (ניר צבי) וועלכע איז בלויז 17־18 קמ. פון תל־אביב. מען פלאנט אויך אויפצובויען אנדערע טריקאטאזש פאבריקן אין אנדערע פונקטן פון לאנד, א דאנק דער מיטהילף פון דער רעגירונג האפט מען אין קורצן צוצוקומען אין לאנד צו 250.000 שפינדלען אין די בוימוואל שפינערייען, וועלכע האבן ביז מיט א קורצער צייט צוריק געהאט נאר 130.000 שפינדלען.

אין לאנד זיינען ביז איצט פאראן איינגעריכטעט בערך 15.000 שפינדלען צו שפינען געקעמטע וואל, אין קורצן וועלן איינגעשטעלט ווערן נאך 17.000 שפינדלען. אין יאר 1959 האט מען אימפארטירט וואלענע פאדים פון פארשיידענע טיפן אין ווערט פון 4.700.000 דאלאר.

די לאנד פראדוקציע פון געקעמטע וואל־גארן דערגרייכט ביז איצט צו בערך 1.000 טאן יערלעך. עס זיינען פאראן אין לאנד א פאר וועבערייען און אויך פארבערייען צו אויספארטיקן דעם שטאף.

ביז איצט האט מען דעם גאנצן רוישטאף געמוזט אימפארטירן, אבער לעצטנס האט אן אמעריקאנער ייד — ראגאזשין — אויפגעשטעלט אין אשדוד (30 מייל אין דרום פון תל־אביב) א נייע גרויסע אונטערנעמונג צו פראדוצירן סינטעטישע פעדים פון קונסט־זייד און ניילאן. תחילת וועט דער רוישטאף דערצו ווערן אימפארטירט, אבער אין קורצן וועט מען אויך דעם רוישטאף אויסארבעטן אין לאנד אין דער זעלבער פאבריק פון ראגאזשין.

אזוי ארום ווערט אויך דער אינדוסטריע־צווייג אומאפהענגיק פון אויסלאנד בנוגע דעם רוישטאף. נאטירלעך אז דאס שפארט איין דיוויזן, דערמעגלעכט א כך משפחות צו ציען זייער פרנסה און שאפט רייכטום אין לאנד.

אין שטריקעריי ווערן געברויכט די סינטעטישע פעדים צו דער פאבריצירונג פון פארשיידענע סארטן „זשערסיי" פאר אונטערוועש, און אויך אין א קליינער מאס פאר העמדער און פרויען־בלוזן. פאר די צוועקן ווערט מערסטנס געברויכט ראזשאן פאדים פון 60 דעניער און אויך ניילאן פון 30 און 40 דעניער.

אין דער טריקאטאזש בראנזשע ווערן אויך געברויכט בוימוואל פעדים וועלכע מען פארארבעט אויף ראשעלמאשינען פאר גאזע און פארהאנגען. אויך ווערן געברויכט וואל־פעדים פאר טריקאטאזש אויף שטריק־מאשינען, רונד־מאשינען און אונטערלאק מיט זשאקארד.

עס זיינען פאראן אין לאנד בערך 75־80 קאטאן מאשינען־קעפ פון 38 ביז 66 פיין. אויך זיינען פאראן בערך 60 רונד־מאשינען פאר פרויען זאקן.

עס ווערט מערסטנס געברויכט ניילאן פאדים פון 30־15־10 דעניער.

פאר מענער און קינדער ווערן אויך פראדוצירט ניילאן זאקן פון טיפ „סטרעטש". אין יאר 1960 האט מען עקספארטירט בערך 1 מיליאן פאר ניילאן־סטרעטש זאקן.

ווי מיר זעען, אלזא, איז די טעקסטיל פאבריקאציע זייער גוט אנטוויקלט און מאדערן איינגעריכטעט. עס פעלט שוין היינט גארנישט אין ישראל, אפילו פון אינדוסטריעלער פראדוקציע. יידן פון אויסלאנד קענען נאך לייכט העלפן צו דער פארגרעסערונג פון דער אינדוסטריע, הן אקטיוו מיט אינוועסטיציעס, ווי אויך פאסיוו מיט אויפהערן שיקן פעקלעך מיט מלבושים פאר קרובים און באקאנטע. אזוי ארום פארגרעסערט מען דעם אינערלעכן געברויך, ד. ה. פארגרעסערן דעם מארק און מיטווירקן אזוי צו אראפנידערן די קאסטן און די פרייזן.



# די שטריקער - בראַנזשע אין פראַנקרייך

פון

ז. גאַנאַפּאָלסקי

עס איז ווינטשנסווערט צו מאַכן אַ שטיקל געשיכטלעכן איבערבליק איבער די באַדינגונגען, וועלכע האָבן גע־שטויסן יידישע אַרבעטס־מענטשן, געקומענע נאָך פראַנק־רייַך, הויפּטזעכלעך פון מזרח־אייראָפּעאישע לענדער, צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ יידישער משפּחה, בכדי נישט נאָר צו קענען געמיינזאַם פאַרטיידיקן זייערע אַרבעטס־אינטע־רעסן, נאָר אויך צו קענען אויסלעבן זיך געזעלשאַפטלעך אין אַ וואַרעמער יידישער סביבה.

אין דעם דאָזיקן געשיכטלעכן איבערבליק האָבן מיר צו פאַרצייכענען צוויי עפּאָכן, אין וועלכע עס האָט זיך, צוזאַ־מען מיט דער געשטאַלטונג פון אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין פראַנקרייַך, אויך געשטאַלטעט דאָס אָרגאַניזירטע לעבן פון די יידישע שטריקער.

די דאָזיקע צוויי עפּאָכן זייַנען: די ערשטע — די צייַט צווישן ביידע וועלט־מלחמות, און די צווייטע — די תקופה נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. ווי מי וועלן זען אין דעם קורצן געשיכטלעכן איבערבליק, האָט זיך גאָר אויף אַן אַנדער אופן פאָרמירט דאָס אָרגאַניזירטע לעבן פון די שטריקער אין די ביידע תקופות, ווייַל אַנדערש האָט אויך אויסגעזען דאָס גאַנצע יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן.

די טרויעריקע עפּאָכע פון דער גרויזאַמער צווייטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט אויף אַ מערדערלעכן אופן אומגעבראַכט אַ דריטל פון אונדזער פאָלק, האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטריקער־משפּחה, און ווייניק זייַנען געווען די, וועלכע דער ביטערער גורל האָט אויס־געמיטן.

די בייַם לעבן געבליבענע האָבן אָבער, זאָרגנדיק פאַרן המשך, ווייַטער פאָרגעזעצט די שוין פאַרן חורבן אָנגעהויבענע אַרבעט, און אַזוי אַרום דערמעגלעכט צו פייַערן דעם 27־יאָריקן אַניווערסאַר פון דער שטריקער־אָרגאַניזאַציע.

## די יאָרן פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות

די אימיגראַציע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ צאָל שטריקער, אויסשליסלעך פון פוילן.

צווישן די יאָרן 1920־1925 זייַנען אין פאַך געווען באַשעפטיקט בייַ 50 מענטשן. זיי פלעגן בייַ זייער אַרבעט לייַדן, אין פשוטן זין פון וואָרט, מאָראַליש און מאַטע־ריעל — מאָראַליש דערפאַר, ווייַל אין פאַריז זייַנען בייַ דעם פאַך געווען באַשעפטיקט בלויז פרויען, און ווען אַ מאַן איז אַרייַנגעקומען צו אַ פּאַטראָן זיך פרעגן אויף אַרבעט, האָט מען פון אים געלאַכט: אַ מאַן — אַ שטרי־קער!

עס איז מיר פּערזענלעך אויסגעקומען צו אַרבעטן בייַ אַ פאַבריקאַנט, וואָס האָט באַשעפטיקט 80 פרויען. ווען זיי האָבן מיך דערזען, האָבן זיי אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגן, ווי איך וואָלט געווען אַ ווילדער. מאַטעריעל האָבן מיר געליטן, ווייַל אין דעם פאַך פלעגט מען אַרבעטן, 8־10 וואָכן אין יאָר, און אין די איבעריקע מאָנאַטן פלעגט מען גיין אויף שוואַרצער אַרבעט.

פלעגן מיר 9 מאָנאַטן אין יאָר זייַן שוואַרץ־אַרבע־טער און בלויז 3 מאָנאַטן אַרבעטן בייַ אונדזער פאַך. האָבנדיק אָבער אין זיך די ענערגיע פון יונגע מענטשן און אַ שטאַרקן ווילן עפּעס צו דערגרייכן, האָט מען אַלץ געטאָן, אַבי צוצוקומען צו „עפּעס". און דער „עפּעס" איז געווען זיך אייַנצואָרדענען, אַראָפּברענגען ווייַב און משפּחה פון דער אַלטער היים. דאָ האָבן מיר, אמת, גע־הונגערט, אָבער פרייַע מענטשן זייַנען מיר געווען. קיי־נער האָט אונדז נישט באַליידיקט, אַזוי ווי דאָס פלעגט זייַן אין פוילן. דאָ, אין דעם נייַעם לאַנד, האָבן מיר זיך געפילט ווי מענטשן גלייַך מיט אַלע. האָט עס געלוינט אפילו צו הונגערן, אַבי זייַן אַ פרייַער מענטש.

ביסלעכווײַז האָט מען זיך אײַנגעאָרדנט און אָנגעהויבן אַרבעטן. 15־18 שעה אַ טאָג איז געווען אַ „נאָרמאַלע" זאַך. מען האָט, נאָך לאַנגע באַמיאונגען, ענדלעך אַראָפּגעבראַכט די פֿאַמיליע און זיך ביסלעכווײַז אײַנגעאָרדנט.

אין 1924 ווערט געשאַפֿן די ערשטע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע סעקציע פֿון שטריקער אַרבעטער בײַ דער ס. זש. ט. אין „בורס דע טראַוויי", אויף פּלאַס דע לאַ רעפּובליק.

עס קומען צו דער ערשטער פֿאַרזאַמלונג בײַ אַ 30 ייִדישע שטריקער. עס ווערט אויסגעווײלט אַ פֿאַרוואַלטונג פֿון 7 מענטשן, וועלכע דאַרפֿן אָנפֿירן מיט דער פּראָפֿעסיאָנעלער טעטיקייט. אַלס פֿאָרזיצער איז באַשטימט געוואָרן דער שרײַבער פֿון די שורות און אונדזער הויפּט־אויפֿגאַבע איז געווען אויפֿצוקלערן די פֿאַראינטערעסירטע קרײַזן, אַז דאָס שטריקער־פֿאַך איז נישט אויסשליסלעך קיין פֿרויען־פֿאַך, נאָר אַ פֿאַך פֿאַר... מענער אויך.

דאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע פֿון די לוינען. שווער געווען צו געבן צו פֿאַרשטיין אַ פֿרוי, אַז אויך אַ מאַן האָט רעכט צו זײַן אַ שטריקער. ביסלעכווײַז איז מען דערגאַנגען צו אַ שטופּע, אַז קיין שום פֿאַבריק פֿלעגט נישט וועלן אָננעמען קיין מאַן צו דער אַרבעט, מורא האָבנדיק, אַז ער זאָל נישט אָרגאַניזירן קיין שטרײַק. פֿונדעסטוועגן זײַנען געווען פּאַטראָנען, וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען, ספּעציעל אין סעזאָן, אַז באַשעפֿטיקן מענער לוינט זיך בעסער ווי פֿרויען, ווײַל זייער פּראָדוקטיוויטעט (אויף דער זעלבער מאַשין) איז מיט אַ דריטל מער ווי פֿון דער פֿרוי.

מיט דער צײַט פֿלעגט מען זוכן ייִדישע אַרבעטער צום סעזאָן, אָבער נאָכן סעזאָן פֿלעגט מען זיי זייער קאָרעקט אַוועקשיקן און זיי בעטן קומען איבעראַיאָר. נאָכן אָפּאַרבעטן אַ סעזאָן, אין וועלכן מען האָט באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר גראָשן, האָבן אַ טייל פֿון די שטריקעראַרבעטער געקויפֿט זיך אַ מאַשינדל פֿאַר אַ 1.000־1.500 פֿראַנק, אַ געניצטע פֿאַרשטענדלעך, און איז דערמיט געוואָרן אַ „כאַלופּניק־פּאַסאָניער" אויפֿן היגן לשון. אַזוי אַרום זײַנען אין 1926־1927 אַ פֿערטל פֿון אַלע שטריקער געוואָרן כאַלופּניקעס, און דערמיט איז אַנטשטאַנען אַ נײַער שיכט אין דער טריקאָ־בראַנזשע.

נישט האָבנדיק מער ווי צוויי מאַשינדלעך און וועלנדיק מאַכן וואָס מער סחורה, פֿלעגט ער זוכן דעם נעכטיקן חבר און אים פּשוט צורעדן צו גיין אַרבעטן בײַ אים. ער פֿלעגט אים געבן מיט עטלעכע סענטים מער אויפֿן שטיקל, ווי דער געוועזענער פּאַטראָן, און האָט געקענט מאַכן וויפֿל שעהן ער האָט נאָר געוואָלט. עס איז אַנטשטאַנען אַזוי אַרום אַ נײַער „פֿאַבריקאַנט".

נישט קיין קלענערע ראָל האָבן בײַ די כאַלופּניקעס געשפּילט אונדזערע פֿרויען. אין יענער צײַט פֿלעגן מאַשינען באַדינט ווערן נאָר מיט דער האַנט (הײַנט איז עס מאָטאָריזירט), אַזוי גוט די שטריק־מאַשין ווי דאָס שפּול־רעדל. (די ערשטע מאָטאָריזאַציע איז געווען דאָס שפּול־רעדל) — פֿלעגט דער מאַן אַרבעטן אויף דער מאַשין און די פֿרוי אויף דעם שפּול־רעדל. אָן דער פֿרויס הילף, וואָלט דער שטריקער נישט געקאָנט אַרבעטן. פֿלעגט די פֿרוי זײַן דער דעמאָלטיקער מאָטאָר פֿון פֿאַך.

דער כאַלופּניק האָט זיך שנעל אַרומגעזען, אַז אין סעזאָן קען ער זײַן דער זעלבער, וואָס זײַן פּאַטראָן. קיין גרויסע געלט אויף אײַנצוקויפֿן רוי־מאַטעריאַל האָט מען נישט געדאַרפֿט. עס זײַנען געווען וואָל־געשעפֿטן אין פּאַריז, וואָס פֿלעגן פֿאַר אַ פּאָר קליינע פֿראַנקן פֿאַרקויפֿן אַ קילאָ וואָל אָדער אַ קילאָ בוקלעט — אַזאַ געמיש מאַטעריאַל, וואָס איז געווען דעמאָלט אין דער מאָדע — אָדער שפּעטער מעטאַל מיט וואָל, אָדער זײַדנס מיט וואָל, לויט דער צײַט. די אַלע רוי־מאַטעריאַלן פֿלעגט מען קענען קויפֿן מיט 1.000־2.000 פֿראַנק. אויסגעשטריקט און אויפֿגענייט, פֿלעגן די דעמאָלטיקע גראָסיסטן — שפּאַנישע ייִדן — (הײַנט צו־טאָג זײַנען די מערהײַט גראָסיסטן אונדזערע ייִדן) באַלד באַצאָלן, און דער נײַער „פֿאַבריקאַנט פֿלעגט דעם זעלבן טאָג גיין קויפֿן פֿרישע רוי־מאַטעריאַל. ביסלעכווײַז האָט זיך דער כאַלופּניק אײַנגעהאַנדלט פֿרישע מאַשינען און איז געוואָרן אַ פֿאַבריקאַנט.

דער וווּקס פֿון דער צאָל שטריקער־פֿאַבריקאַנטן האָט געשאַפֿן נײַע און שווערע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן אָנגערירט יעדן פֿאַבריקאַנט. עס ווערט דעריבער רייף דער געדאַנק פֿון שאַפֿן אַ שטריקער־צערקל. (אַ פֿאַראיין־„סירקולאָ").

אין דער אויבן־דערמאָנטער צײַט איז אין קאַפֿע „40 רי באָנדי" געגרינדעט געוואָרן, נישט אָפֿיציעל, דער צערקל פֿון שטריקער־פֿאַבריקאַנטן. לעגאַליזירט האָבן מיר זיך דרײַ יאָר שפּעטער.

אָנהויב 1933 שאַפֿט זיך אויף 36 רי ראָעמיר דער ערשטער לאָקאַל פֿון אונדזער הײַנטיקן שטריקער־צערקל. דער דאָזיקער פֿאַקט איז געווען אַ געשעעניש אין ייִדישן פּאַריז. דער דעמאָלטיקער „פּאַריזער הײַנט" זאָגט עס אָן אויף דער ערשטער זײַט. אַ ריי פּערזענלעכקײַטן קומען צו דער פֿײַערונג. דער זאַל איז צו קלײַן אַרײַנצונעמען אַלע אָנטיילנעמער. עס באַטייליקן זיך: דער שעף־רעדאַקטאָר יאַצקאַן, י. פֿראַנק, כאָמסקי, גראָדזענסקי און אַנד.

דער ציל אונדזערער איז צו שאַפֿן אַן אײַנקויף־שטעלע, דורכפֿירן באַנק־אָפּעראַציעס, קאַמף קעגן דער נישט לאָיאַלער קאָנקורענץ, גרופּירן זיך קעגן די צו אָפֿטע שטרײַקן, וועלכע פֿלעגן אָנגעווענדעט ווערן צו די ייִדישע שטריקער־פֿאַבריקאַנטן, און אָרגאַניזירן קולטור־ אונטערנעמונגען.

אין די טרויעריקע יאָרן פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע האָבן מיר לײַדער קיין שום טעטיקייט נישט געקענט פֿירן.

עס איז אָנגעגאַנגען אַ שווערער קאַמף פאַר פיזישער עקזיסטענץ פון יעדן איינעם באַזונדער און אַ גראַנגל פאַר אונדזער קיום אַלס פאָלק.

עס איז געווען אַ פינצטערער פעריאָד פאַר דעם גאַנצן ייִדישן כלל אין פראַנקרײַך און בתוכם אויך פאַר אונדזער שטריקער־משפחה. אונדזער, מיט מי אויפגעשטעלטע אָרגאַניזאַציע, איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן, פונקט ווי עס איז צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן דאָס לעבן פון יעדן איינציקן מיטגליד באַזונדער.

דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט געטראָפן דאָס ייִדנטום אין אייראָפע, האָט נישט אויסגעמיטן דאָס פראַנצויזישע ייִדנטום און במילא אויך נישט אונדזערע ייִדישע שטריקער־פאַבריקאַנטן.

מיר קענען דעריבער וועגן דעם דאָזיקן פעריאָד פון דער צווייטער וועלט־מלחמה בלויז דערמאָנען מיט גרויס יראת הכבוד די אַלע, וועלכע האָבן נישט זוכה געווען צו זען די מפּלה פון זייערע פאַרפאָלגער, און נישט דערלעבט צו דער ווידער־אויוואַכונג פון דער ייִדישער אומה, צו דער ווידער־אויפלעבונג פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פראַנקרײַך און פון זייער שטאַרקער אָרגאַניזאַציע, און דער עיקר, צו דער אַנטשטייאונג פון דער ייִדישער מדינה.

## נאָך דער באַפרייאונג

ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע ייִדן — צווישן זיי עטלעכע שטריקער־פאַבריקאַנטן — אין פאַריז, נאָך היטלערס מפּלה, האָט מען דערזען, ווי גרויס דאָס אומגליק איז, און אין וואָס פאַר אַ לאַגע מען געפינט זיך. די געציילטע צוריקגעקומענע ייִדן האָבן אַפילו נישט געהאַט ווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז אַפילו קיין עלעקטריש לעמפּל האָבן די דײַטשן נישט געלאָזן. פון קיין בעט, טיש, שטול איז קיין רייד נישט געווען. אָפּגעריסענע פּאָדלאָגעס, צעהאַקטע וואַסער־רעזערוואַרן, אַראָפּגעריסענע טאַפּעטן פון די ווענט, אויסגעהאַקטע שויבן — די דײַטשן האָבן געזוכט געלט!! — ווי נאָך אַ פּאָגראָם אין אַ פּויליש שטעטל האָבן אויסגעזען די דירות. אין אַזאַ „דירה" האָבן געוווינט 15־20 מענטשן — משפחה, פרײַנט אָדער גלאַט באַקאַנטע. געשלאָפן האָט מען האָט מען אויף די אויפגעריסענע פּאָדלאָגעס, אונטערגעלייגט אַ וואַליזע, זיך צוגעדעקט מיט אַ מאַנטל און זיך גוט אויסגעוויינט.

דאָס לעבן איז אָבער שטאַרקער. מען האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צו דער לאַגע און אָנגעהויבן טראַכטן — וואָס ווײַטער... זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיטן פאַך. האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע צרות, ווײַל די מאַשינען זײַנען צעכאַפּט געוואָרן בשעת דער מלחמה און די פאַבריקן זײַנען געווען באַזעצט דורך קאָמיסאַרן, וואָס דער געשאַפענער קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע ענינים האָט באַשטימט איבער זיי. די דאָזיקע זאַכלאַגע האָט אויך נישט געמיטן אונדזער פאַך.

מיר האָבן אָנגעהויבן „אונטערהאַנדלען" מיט די קאָמיסאַרן, ווער מיט "גוטן" און ווער מיט פּראָצעסן. ביסלעכווייז האָט מען צוריקגענומען וואָס מען האָט געקענט...

דער פאַרברויך פון דער באַפעלקערונג, נאָך דער באַפרײַאונג, איז געווען אַ געוואַלדיק גרויסער, ווײַל דאָס לאַנד איז געווען אויסגעליידיקט פון אַלעמען. אויך פראַנצויזישע קאָלאָניעס האָבן פאַרלאַנגט געוואַלדיקע קוואַנטומס סחורה. נישט בעסער איז געווען אין ענגלאַנד, בעלגיע, שווייץ, סקאַנדינאַווישע לענדער, שוין נישט רעדנדיק פון די אַזיאַטישע. אַלע לענדער, מיט וועלכע דײַטשלאַנד האָט געפירט מלחמה, זײַנען געווען אויסגעליידיקט פון סחורה...

## צוריק צו דער אַרבעט...

די רונד־מאַשין מאַכט אַזוי פיל שטאָף אַ טאָג, וויפל די אַלטע פלעגט מאַכן אַ וואָך. דערבײַ איז איר פיינקייט צוויי מאָל בעסער ווי די אַלטע. זי האָט נאָר דעם פעלער, וואָס זי קאָסט 3־4 מיליאָן פראַנק, און מען דאַרף האָבן 4־5 מאָל אַזויפיל קאַפּיטאַל ווי פריער. כדי צו קויפן אַזאַ מאַשין, האָבן די פאַבריקאַנטן פון די מאַשינען זיך פאַרשטענדיקט מיט דער רעגירונג, די לעצטע האָט סובסידירט אַ ספּעציעלע באַנק, אַז זי זאָל די פאַבריקאַנטן דיסקאָנטירן זייערע וועקסלען אויף 3־4 יאָר. אַזוי אַרום האָט מען מיט 500.000 פראַנק געקענט קויפן אַ רונד־מאַשין.

פאַבריקאַנטן מיט פינאַנציעלע מעגלעכקייטן האָבן דאָ דערזען אַ נײַ מיטל פון פאַרדינסט. נישט יעדער קלענער פאַבריקאַנט אָדער האַנטווערקער פלעגט קענען באַדינען אַזאַ מאַשין. מען האָט געדאַרפט האָבן געוואַלדיקע סטאָקן מיט וואָל. פלעגן די גרויסע פאַבריקאַנטן אײַנקויפן קוואַנטומס וואָל, אַרויסגעבן אויף פאַסאָן און אָנאַרבעטן לאַגערן מיט שטאָפן, און אַז דער סעזאָן האָט זיך געשטעלט, פלעגט ער לײַכט פאַרקויפן די קלענערע פאַבריקאַנטן. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ נײַ פאַך, דער שטאָפן־פאַבריקאַנט.

אַן אַנדערער און זייער שווערער פּראָבלעם איז געווען בײַ די נײַע מאַשינען — פאַכלײַט. קיינער פון אונדז איז נישט געווען טעכניש צוגעגרייט צו דער נײַער רונד־מאַשין. פלעגט אָנקומען מיט שוועריקייטן צו געפינען אַ פאַכמאַן צו אַזאַ מאַשין. אין אָנפאַנג פלעגט מען וואַרטן וואָכן ביז אַזאַ מעכאַניקער פלעגט קומען פאַריכטן. דערווײַל איז די מאַשין געשטאַנען, די וואָכן זײַנען געלאָפן, עס פלעגט קומען ענדע מאָנאַט, אַז מען האָט נישט געאַרבעט, האָט מען נישט געקענט צאָלן די וועקסלען.

מיט דער צײַט איז געוואָרן אַן איבערפּראָדוקציע. פרײַזן פון אַ קילאָ פאַרטיקן שטאָף זײַנען געפאַלן ביז אַ מינימום. עס האָט שוין נישט געלוינט צו קויפן קיין נײַע מאַשינען. דאָס האָט דערפירט צו אַזאַ לאַגע, אַז אַ טייל קליינע פאַבריקאַנטן — און אַפילו גרויסע — האָבן אויפגעהערט צאָלן זייערע וועקסלען, און דער פאַבריקאַנט פון די מאַשינען האָט זיי געמאַכט באַנקראָט. דאָס

געלט פאַר די וועקסלען, וואָס איז אײַנגעצאָלט געוואָרן פאַרן באַנקראָט, איז געוואָרן פאַרפאַלן (אַזוי איז געווען דער אָפּמאַך בײַם קויפן די מאַשין). צוליב דעם האָבן זיך באַוויזן אויפן מאַרק מאָדערנע גענוצטע מאַשינען פאַר אַ האַלבן פּרײַז. אויך אויף אַזאַ פּרײַז האָבן מיט דער צײַט אויפגעהערט זיך צו געפינען בעלנים. בײַם הײַנטיקן טאָג קריגט מען אַזאַ מאַשין פאַר אַ דריטל פון איר קאָסטן־פּרײַז.

## טריקאָטאַזש אין דער פּראָווינץ

אַ גרויסן אָנטייל אין דער שטריקער־בראַנזשע האָבן אונדזערע ייִדן אויף דער פּראָווינץ, ספּעציעל אין ראָאַן. אויסער דער באַרימט געוואָרענער שטאָט פון טריקאָ, איז אויך דאָ אַן עלטערע שטאָט פון טריקאָ, דאָס איז טרואַ.

אַמשטאַרקסטן ווירקט אויפן פּאַריזער מאַרק ראָאַן און טרואַ. באַלד נאָך דער באַפרײַאונג איז אויף דער פּראָווינץ בכלל, און אין די צוויי שטעט בפרט, אַרבעטס־געלט געווען אומגעפער מיט 5 פּראָצענט ביליקער אויפן פּאַרטיקן טריקאָ. אויך זייער אײַנקויף פון וואָל פּלעגט זיי אויסמאַכן 2־3 פּראָצענט ביליקער ווי פאַר אַ גרויסן טייל שטריקער אין פּאַריז. די סיבה איז די, וואָס מיר אין פּאַריז זײַנען אין דעם גרעסטן טייל קליינע פאַבריקאַנטן, דאקעגן אין ראָאַן און טרואַ זײַנען זיי אַ סך ווייניקער אין צאָל, אָבער דערפאַר מיט גרעסערע פינאַנציעלע מיטלען און גרעסערע אַטעליעס. ווען אַ שטריקער אין פּאַריז קויפט אײַן יערלעך צווישן 5־10 טויזנט קילאָ אַ יאָר, קויפן די אויבנדערמאָנטע שטעט דורכשניטלעך צווישן 50־100 טויזנט קילאָ אַ יאָר. אין פּאַריז, ווי אין ראָאַן, טרואַ, געפינען זיך פאַבריקאַנטן, וואָס קויפן אײַן צווישן 200־300 טויזנט קילאָ אַ יאָר, אָבער דאָס זײַנען איינצלנע פאַבריקאַנטן, איך מיין אָבער דאָ די גרויסע מאַסע. די דאָזיקע סיבות האָבן דערמעגלעכט די פּראָווינצער פאַבריקאַנטן צו קאָנקורירן מיטן פּאַריזער פאַבריקאַנט, ספּעציעל בײַ קלאַסישע אַרטיקלען. אַזוי אַרום האָט דער קליינער שטריקער־פאַבריקאַנט אין פּאַריז געמוזט מאַכן אַלע פּאָר טעג נײַע מאָדעלן און זיך פּאַרטיידיקן קעגן דער פּראָווינץ. לעצטנס מאַכט די פּראָווינץ, אַזוי גוט ווי פּאַריז, זייער אָפּט נײַע מאָדעלן, און איינער בײַם אַנדערן „באַמיט" זיך נאָכצומאַכן און... אונדזערע פאַבריקאַנטן האָבן נאָך דערפון שטאַרק נישט געליטן. אַזוי אַרום אַנטוויקלט זיך דער פאַך, די פּראָווינץ דערגענצט פּאַריז און פאַרקערט.

## אויסזיכטן אין פאַך

ווי לאַנג איך געדענק, איז די קעניגין פון טריקאָ געווען די זיבענער מאַשין. וואָס פּלעגט מען אויף דער דאָזיקער מאַשין נישט מאַכן? אונדזערע פאַכלײַט פּלעגן אַרויסברענגען די שענסטע שטריקערײַ. נאָך דעם האָט די מאָדע געוואָלט אַ פײַנערע אַרבעט, זײַנען געקומען די 10ער און 12ער מאַשינען, דאַן די זשאַקאַרט־מאַשין, ביז נאָך דער באַפרײַאונג, ווען עס איז אַנטשטאַנען די ראָנד־מאַשין מיט דער געוואַלדיקער פּראָדוקציע, מיט דרײַ יאָר צוריק איז געקומען אויף דעם מאַרק די איטאַליענישע מאָדע, וואָס מען רופט אין פאַך „געדעקטע אַרבעט" שוין אין 1920 האָבן אונדזערע שטריקער אין פּוילן דאָס געאַרבעט. אַן אַרבעטער פּלעגט מאַכן 4־5 טריקאָס אַ טאָג. די איטאַליענער האָבן עס ווידער לאַנסירט און עס איז געפעלן. האָבן די אַמעריקאַנער מאַשינען־פאַבריקאַנטן מאָדערניזירט דעם זעלבן אַרטיקל און אַנשטאָט האַנטווערקערײַ געמאַכט דערפון אַן אינדוסטריע מיט אַ גרויסער פּראָדוקציע. אַזוי אַרום קען די זעלבע מאַשין, וואָס פּלעגט אַרויסוואַרפן נישט מער ווי איין טייל פון טריקאָ מיטאַמאָל דורך איין אַרבעטער, אַרויסוואַרפן הײַנט מיט דעם זעלבן אַרבעטער (מוז זײַן אַ פאַכמאַן) פון 8 ביז 16 טיילן אין דער זעלבער צײַט, אָפּהענגיק לויט דער קאָנסטרוקציע פון דער מאַשין. אַזאַ מאַשין קאָסט אַ פאַרמעגן. ווײַל מיט דער שטריק־מאַשין אַליין איז דער טריקאָ נאָך נישט פאַרטיק. עס פאַרלאַנגט אַ רײַ אַנדערע קלענערע מאַשינען: אייגענע וואַשערײַ, פאַרבערײַ, ספּעציעלע פּרעס־ און פאָרמען־מאַשינען — ביז מען זעט אַ פאַרטיקן פּולאָווער. אַזאַ קאָמפּלעטע פאַבריק קאָסט צווישן 75־100 מיליאָן פראַנק. אין פראַנקרײַך זײַנען איצט פאַראַן נאָר געציילטע פאַבריקן פון אַזאַ פאַרנעם און זײַנען באַלייגט מיט באַשטעלונגען אויף 6 מאָנאַטן פאָרויס. ווען בײַ די אַנדערע „מאָדערנע" מאַשינען פון 1949 איז כמעט אַ קריזיס, ווערן די נײַע מאַשינען נאָך מער פּערפעקציאָנירט. דער עיקר, מאַכן לעצטנס די דאָזיקע מאַשינען נאָך מער פּערפעקציאָנירט — די ענגלענדער, שווייצער, און ספּעציעל... די דײַטשן. די קליינע פאַבריקאַנטן האָבן אַזוי אַרום אויסצושטיין אַ געוואַלדיקן קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ.

צוליב אַזעלכע קאָלאָסאַלע סומען, וועלכע עס ברויכט האָבן אַ נײַע פאַבריק, און וועגן וועלכע זיי קענען נאָר חלומען, האָבן זיי געמוזט צוטראַכטן אַ נײַעם סיסטעם צו זייערע אַלטע מאַשינען, כדי צו קענען אויפהאַלטן זייער עקזיסטענץ. מערקט זיך איצט, צום נײַעם סעזאָן, אַ גענוג פילבאַרע קאָנקורענץ לגבי די פאַבריקאַנטן מיט גרויסע קאַפּיטאַלן. און וואָס מער דאָס וועט זיך אַנטוויקלען, אַלץ מער וועלן די איינצלנע גרויסע פאַבריקן דערפילן דעם דרוק פון דער מאַסע. אַלנפאַלס גלויבן מיר, אַז דער קומענדיקער סעזאָן וועט פאַר די שטריקער נישט זײַן פון די ערנסטע.

# די שטריקער־בראַנזשע אין די פאַראייניקטע שטאַטן

**אַ נײַע סינטעטישע תקופה. — נײַע רוישטאָפן און נײַע מאַשינעס. — פאַבריקאַנטן פון דאַמען־זאָקן פאַרשיטן דעם מאַרק מיט... סוועטערס. — אַן איבערפּראָדוקציע אין דער שטריקער־בראַנזשע.**

פון מ. ליפּמאַן (ניו־יאָרק)

זײַט דעם יאָר 1951 איז פאָרגעקומען אַ טיפע ענדערונג אין דער טעקסטיל אינדוסטריע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און באַזונדערס אין דער שטריקער־בראַנזשע. אין דעם יאָר האָבן אָנגעהויבן אַרײַנגיין פאַרשיידענע סינטעטישע שטאָפן אין דער פּראָדוקציע און וואָל איז כמעט ווי אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך די נײַע פּראָדוקטן. פאַר דער שטריקער בראַנזשע האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע תקופה, אַ תקופה פון סינטעטישע שטאָפן און פון סינטעטישע אַרטיקלען. נײַלאָן, אָכלאָן, באַנלאָן, און נאָך אַזעלכע „לאָנס" וואָס ווערן שוין פאַרגרייט אין די לאַבאָראַטאָריעס פון דער כעמישער אינדוסטריע, זײַנען געוואָרן אַן ענין פון דער מאָדע און די איינציקע אַרטיקלען וואָס מען האָט גענומען פאָדערן.

צוזאַמען מיטן פאַרעלטערטן וואָל זײַנען אויך פאַרעלטערט געוואָרן די מאַשינעס וואָס האָבן דעם וואָל באַאַרבעט. אויך זיי זײַנען אַרויס פון דער מאָדע. מיט דעם אַרײַנטריט פון די סינטעטיקס אויפן מאַרק איז אויך געבוירן געוואָרן אַ נײַע זייער פּאָפּולערע מאַשין, נעמלעך די „אונטערלאַק־מאַשין" און פאַר די פאַבריקאַנטן האָט זיך געשטעלט די פראַגע פון אַ דרינגענדיק און באַלדיקער נויטווענדיקייט צו בײַטן די אַלטע פּראָדוציר־עקיפּן. אָבער די נאָרד־אַמעריקאַנער אינדוסטריאַלן זײַנען שוין געוואוינט צו אַזעלכע זאַכן. מען האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון דער נײַער סינטעטיק־תקופה.

אַן אונטערלאָק־מאַשין פאַר דער אויסאַרבעטונג פון סינטעטישע שטאָפן האָט אַ וועכנטלעכע פּראָדוקציע פון אומגעפער אַ הונדערט טוץ. דער מאַרק האָט זייער שנעל פאַרברויכט די פּראָדוקציע פון אָט די נײַע 12־פּיסיקע אונטערלאָק־מאַשינעס און עטלעכע יאָר האָט די שטריקער־בראַנזשע געאַרבעט נאָרמאַל אין אַ סיטואַציע פון פּראָספּעריטעט ווען די פּראָדוקציע האָט איר אָפּזאַץ־מאַרק, ווען דער אינדוסטריאַל אַרבעט נישט פאַרן סטאָק, נאָר אויף באַשטעלונג פאַר קליענטן.

אָבער ווי עס טרעפט אין די שטאַטן האָט די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק געשאַפן גאַנץ נײַע, און אָפטמאָל אויך גאַנץ שווערע, פּראָבלעמען פאַר דער אינדוסטריע. נישט לאַנג האָט זיך באַוויזן אַן אמת'ער מלאך־המות אין דער שטריקער־בראַנזשע, אַ זייער שנעלע 32־פּיסיקע אונטערלאָק־מאַשין, וועלכע קען נישט שטריקן קיין אַנדערע סחורה ווי נאָר אונטערלאָק; אָבער וועלכע וואַרפט אַרויס מער ווי 400 טוץ וועכנטלעך און עס איז לײַכט צו פאַרשטיין, אַז אַזאַ שנעל־שיסנדיקער אַפּאַראַט האָט פאַרוואָרפן דעם מאַרק מיט סחורה, עס האָט זיך געשאַפן אַן איבערפּראָדוקציע און אַ פאַרביטערטע קאָנקורענץ וואָס האָט אַראָפּגעזעצט די פּרײַזן.

לעצטנס איז צוגעקומען אַ גאַנץ נײַער עלעמענט, וואָס האָט פאַרערגערט די לאַגע. עס זײַנען צוגעקומען „שטריקער־פאַבריקאַנטן", וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין שייכות צו דער אינדוסטריע, נאָר די „מאַשין" האָט זיי געצוווּנגען זיך נעמען צו דער בראַנזשע.

די זאָקן — איבערהויפּט די דאַמען־זאָקן פאַבריקאַנטן — האָבן צוליב דער שלעכטער לאַגע אין זייער פאַך געווען געצוווּנגען זיך צו נעמען צו דער פּראָדוקציע פון נײַע אַרטיקלען. זייערע טײַערע „פול־פעשן" מאַשינעס האָט מען געקענט רעפאָרמירן און צופּאַסן פאַר דער פאַבריקאַציע פון סוועטערס. האָבן זיי עס געטאָן און אַנשטאָט זאָקן האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן מיט סוועטערס. די דאָזיקע פאַבריקאַנטן זײַנען געוואוינט צו אַ מאַסן־פּראָדוקציע און האָבן אין פאַרלויף פון אַ קורצער צײַט ממש פאַרפלייצט דעם מאַרק מיט סחורה, אַז מען קאָן איצט אַפילו נישט פאַרקויפן דעם אַרטיקל אויפן קאָסט־פּרײַז. דער מאַרק איז פּשוט איבערזעטיקט מיט סחורה, עס הערשט אַן איבערפּראָדוקציע, און דער אַמעריקאַנער שטריקער־פאַבריקאַנט, דווקא דער וואָס האָט געשאַפן די אינדוסטריע, איז געבליבן הילפלאָז און ס'איז אים זייער שווער צו קאָנקורירן.

צוליב די אויבן־אָנגעוויזענע סיבות איז דאָס פאַרגאַנגענע יאָר נישט געווען קיין געהויבנס אין אונדזער בראַנזשע.

אין אַלגעמיין איז דער פאַרנעם פון דער שטריקער־אינדוסטריע אין לאַנד זייער באַדײַטנדיק. אין דער אַלגעמיינער באַקליידונג פאַרנעמט דער פּראָדוקט אַ וויכטיקן אָרט, אַזוי צוליבן קלימאַט ווי אויך צוליב דער מאָדע. מיט יאָרן צוריק האָבן ייִדישע אונטערנעמער פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער אינדוסטריע, אָבער צוליב דער ענדערונג פון דער קאָניונקטור האָט זיך אויך אין דעם זין געענדערט די לאַגע. איך האָב נישט קיין גענויע סטאַטיסטיק, אָבער עס איז באַוווּסט אַז אין דער שטריקער בראַנזשע פון לאַנד זײַנען ייִדן שטאַרק פאַרטראָטן.

# די טריקאָטאַזש אינדוסטריע אין ענגלאַנד

**נײַע טעכנישע דערגרייכונגען. — עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ענדערונגען. — דער האַנדל מיט די לענדער פון יענער זײַט פאָרהאַנג. — ייִדן אין דער שטריקער בראַנזשע פון בעלגיע.**

פון **ב. הירשמאַן** / לאָנדאָן

אין בריסל (בעלגיע) איז לעצטנס דורכגעפירט געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלע אויסשטעלונג, וואָס האָט אילוסטרירט די ריזיקע דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט אויפן געביט פון דער טעכניק. עס זײַנען ממש איבערראַשנדיק די אַלע נײַע דערפינדונגען, וואָס וועלן מיט דער צײַט רעוואָלוציאָנירן דאָס לעבן פון מענטשן און אײַנפירן גאַנץ נײַע מעטאָדן פון אַרבעט. אויפן טעקסטיל־אָפּשניט קומען פאָר גוואַלדיקע ענדערונגען וואָס זאָגן אָן נײַע צײַטן, צו וועלכע דער פאַבריקאַנט וועט מוזן שנעל זיך צופּאַסן. נײַע מאַשינען שאַפן אַלץ נײַע שטאָפן, וועלכע שטויסן אַרויס, אָדער וואָס וועלן בקרוב אַרויסשטויסן, די אַלע טראַדיציאָנעלע שטאָפן מיט וועלכע די מענטשן האָבן זיך באַנוצט אין משך פון יאָרהונדערטער, אויב נישט אין משך פון יאָרטויזנטער.

און דאָס איז נישט קיין צוקונפט־מוזיק. אַ גאַנצע רײַע ראַדיקאַלע ענדערונגען אין דעם זין זײַנען שוין אײַנגעפירט געוואָרן אין דער אינדוסטריע. פאַרן אייראָפּעיִשן פאַבריקאַנט שטייט אויך די פּראָבלעם פון ראַדיקאַלע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע ענדערונגען, וואָס וועלן קומען מיטן אייראָפּעאישן „פרײַעם האַנדלס־מאַרק“, וועלכער פאַרבינדט די וויכטיקסטע אייראָפּעיִשע לענדער אין איין עקאָנאָמישן בלאָק און וואָס וועט זיכער ראַדיקאַל ענדערן די לאַגע פון דער בראַנזשע, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע האַנדלס־צווײַגן.

איך קאָן נישט אָנגעבן קיין גענויע פּרטים וועגן ייִדישן אָנטייל אין דער טריקאָטאַזש בראַנזשע פון ענגלאַנד. אָבער ייִדן זײַנען שטאַרק פאַרטראָטן אין דער דאָזיקער אינדוסטריע־צווײַג, באַזונדערס צווישן די מיטעלע און קלענערע פאַבריקאַנטן. די הויפּט־צענטערס פון טריקאָטאַזש געפינען זיך אין לייצעסטער, הינקלעי, נאָטינגאַם, ליק, לאַנקאַשייר, יאָרקשיר, און שאָטלאַנד.

ווי געזאָגט, לעבן מיר אין אַ פּעריאָד נישט נאָר פון גרויסע טעכנישע איבערראַשונגען, נאָר אויך פון ראַדיקאַלע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ענדערונגען, וועלכע רופן זיך אָפּ אויפן גאַנג פון דער אינדוסטריע, און פון האַנדל. דאָס וואָס האָט אויסגעזען אוממעגלעך מיט גאָר אַ קורצער צײַט צוריק, ווערט פּלוצים אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. אַזאַ איז דער האַנדל מיט די לענדער פון יענער זײַט „אײַזערנעם פאָרהאַנג“. אַן אמתע סעסאַנציע אין דער האַנדלס־וועלט האָט פאַראורזאַכט אַ גרויסע באַשטעלונג פון רוסלאַנד אויף דאַמען־ און מענער־פּולאָווערס אין עטלעכע ענגלישע פירמעס. עס פאַרבעסערט זיך אויך דער עקספּאָרט אין די לענדער פון ווײַטן מזרח און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די נײַע מערק וואָס ווערן דאָרט געשאַפן, זאָלן אויף אַ לענגערער צײַט באַשפּײַזן מיט באַשטעלונגען די ענגלישע אינדוסטריע, אײַנשליסלעך די טריקאָטאַזש בראַנזשע.

ענגלאַנד האָט נאָך הײַנט צו טאָג זייער אַ גרויסע פּראָדוקציע פון וואָל, אַ באַטײַטנדיקער טייל פון וועלכער איז אויך פאַרנוצט געוואָרן דורך דער טריקאָ־בראַנזשע. די סינטעטישע שטאָפן האָבן אָבער אין דער בראַנזשע מער אָפּגאַנג. דער מאַרק פאָדערט סוועטערס פון נײַלאָן, אָרלאָן און באָנלאָן, וועלכע זײַנען געוואָרן אַן ענין פון גרויסער מאָדע, און טאַקע אויך פײַנערן אויסזען און באַקוועמלעכקייט. אַ געוויסע צײַט איז געווען אַ „עסיס־טענץ“ נאָכצוגעבן דעם געשמאַק און דעם אײַנפלוס פון אויסלאַנד, ווײַל צוליב עקאָנאָמישע, און טיילווייז אויך פּאַטריאָטישע מאָטיוון, איז געווען אַ טענדענץ צו באַנוצן דעם טראַדיציאָנעלן רוישטאָף פון לאַנד—וואָל, וועלכער ווערט אויסגעאַרבעט אין זייער אַ פײַנער קוואַליטעט און אָנגעבאָטן אויף ביליקע פּרײַזן. אָבער עס האָט זיך אימפּאָנירט די מאָדע און די צײַט פון די סינטעטיקס — די טריקאָטאַזש אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן באַנוצן אין זייער אַ גרויסער פּראָפּאָרץ סינטעטישע רוישטאָפן.

דער ייִדישער אָנטייל אין דער שטריקער בראַנזשע איז אין פּראָפּאָרץ פיל גרעסער אין בעלגיע. אַ גרויסער טייל פון דער אינדוסטריע־צווײַג דאָרט ליגט אין ייִדישע הענט.

עס עקסיסטירן אין בעלגיע בײַ די זעקס הונדערט טריקאָטאַזש פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן אַן ערך פון אַ 20 טויזנט פּערזאָן. דער אַבסאָלוט גרעסטער טייל פון די אונטערנעמונגען זײַנען פון אַ קליינעם און מיטעלן פאַרנעם. די פּראָדוקציע פון לאַנד באַפרידיקט דעם אינערלעכן פאַרברויך און טייל ווערט אויך עקספּאָרטירט אין די אַרומיקע שכנישע לענדער. אין אַלגעמיין איז די סיטואַציע נישט איבעריק קיין גינציקע, עס קומט אויס צו אַרבעטן מיט אַ מינימאַלן פאַרדינסט ווײַל די קאָמפּעטענץ איז גרויס, און כאָטש די נאָכפראַגע וואַקסט פאַרגרעסערט זיך אָבער אויך די פּראָדוקציע־מעגלעכקייט פון דער אינדוסטריע.

# דער שטריקער־פאַך אין מעקסיקע

פון ה. ווייספעלד (מעקסיקע)

רעדן בלויז פון שטריקער־פאַך אין מעקסיקע, פּינקט ווי פון אַנדערע פאַכן, איז אוממעגלעך אָן צוגעבן אַ שטיקל איבערבליק וועגן דער אַלגעמיינער עקאָנאָמישער לאַגע, ווי אויך וועגן די קלימאַטישע באַדינגונגען, וואָס הגם מעקסיקע איז אַ טראָפּישע לאַנד איז די סוועטער־פאַבריקאַציע דאָ איינע פון די גאַנגבאַרסטע אַרטיקלען פון דער באַקליידונגס־אינדוסטריע בכלל.

איך פאַרנעם זיך נישט דאָ צו געבן אַ טיף־באַגרינדעטע סטאַטיסטישע אַרבעט וועגן דעם פאַך, ווייל קודם־כל איז קיין גענויע סטאַטיסטיק ליידער, נישט פאַראַן. פאַראַן אָן אָפיציעלע, אָבער זי שטימט נישט מיט דער ווירקלעכקייט, ווייל קלענערע און גרעסערע פאַבריקן מייגסטנס אָנגעפירט דורך מעקסיקאַנער - זיינען פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט, מייגסטנס אויך אָן אַ קאָנטראָל. איך וועל זיך בלויז באַגרענעצן מיט אַן אַלגעמיינעם איבערבליק, כדי עס זאָל אין אייער יובילעאום־אויסגאַבע, געווידמעט דער דאָזיקער בראַנזשע, אויך זיין אַן אָפּשפּיגלונג וועגן איר צושטאַנד אין מעקסיקע.

קודם־כל וועגן קלימאַט - (די וווּנדערבאַרע נאַטור־שיינקייט פון דעם לאַנד איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך).

מעקסיקע, ווי געזאָגט, געפינט זיך אין סאַמע טראָפּיק און, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, פאַרמאָגט זי געגנטן (אין בערגיקן צפון), וווּ עס איז כמעט אַ גאַנץ יאָר קאַלט, ד. ה. אין די ווינטער־חדשים איז דאָרט אַ צוויי־דריי חדשים זייער קאַלט - אַפילו מיט שנייען און אין די זומער־חדשים זיינען די פרימאָרגנס און די אָוונטן גאַנץ קיל. אין די דרום־געגנטן, וווּ עס זיינען כמעט אַ גאַנץ יאָר, מורא'דיקע היצן זיינען אויך פאַראַן ציטן אין יאָר גאַנץ קילע. די דאָזיקע קלימאַטישע באַדינגונגען זיינען אַ רעזולטאַט פון די באַרגיקע נאַטור־באַדינגונגען, וווּ פיל שטעט געפינען זיך זייער הויך איבערן ים־פלאַך.

די שטאָט מעקסיקע, וואָס געפינט זיך אויפן סאַמע עקוואַטאָר, ליגט אויף אַ הויך פון 2.400 מעטער. דער קלימאַט איז צוליב דעם ממש אַן אידעאַלער. אָן אַ יאָר־מיין סוועטער אויף זיך קען מען אין די אָוונטן און פרימאָרגנס נישט אַרויסגיין, חוץ דעם, וואָס אַ פּאָר חדשים אין יאָר איז בכלל היפּשלעך קאַלט. אַזוי אויך אין אַ גרויסן טייל פון לאַנד. די דאָזיקע קלימאַטישע באַדינגונגען שאַפן אַן אויסערגעוויינלעך גוטע קאָניונקטור פאַרן דאָזיקן פאַך.

מעקסיקע לעבט אין אַ כסדרדיקער פּראָספּעריטי און דעפּרעסיע־צושטאַנד, וואָס גייען כמעט האַנט ביי האַנט. די גרויסע שטעט אַנטוויקלען זיך אויף אַ נאָרמאַלן אופן. עס מאַכט דעם איינדרוק פון גרויסע קעפּ אויף אַ ראַכיטישן קערפּער. דאָס לאַנד איז ריזיק גרויס, אָבער פּוסט, נישט באַאַרבעט. פאַראַן שטאַטן דאָ וווּ עס קען אַריינגיין צוויי מאָל גאַנץ פראַנקרייך. פון איין זייט איז דאָ אַ שטאַרקער אָפּפלוס פון לאַנד אין די גרויסע שטעט — אַ גרויסער טייל פאָרט אויף סעזאָן־אַרבעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס איז הערינבער נישטאָ קיין גרויס קאָמפּאַקט פּייערטום, וואָס זאָל זיך נויטיקן אין שטאָטישע אַרטיקלען.

דאָס לאַנד לעבט איבערהויפּט פון באַאַמטענטום, נאַפט און טוריזם, מינעראַל־גרובן און פון די קאָלאָסאַלע עפנטלעכע אַרבעטן, וואָס ווערן אומאויפהערלעך דורכגעפירט אין לאַנד. אַפילו דאָס לעצטע איז אויך אָפּהענגיק פון פאַרשיידענע פּאָליטישע וועטערן. דאָס ברענגט דערצו, וואָס די וואָגשאָל פון פּראָספּעריטי און דעפּרעסיע האַלט זיך אין איין וואַקלען אַראָפּ און אַרויף.

ווי געזאָגט, איז שטריקעריי איינע פון די וויכטיקסטע באַקליידונגס־פאַכן אין לאַנד. דער גאַנצער פאַך איז כמעט קאָנצענטרירט אין דער הויפּט־שטאָט. קיין גענויע סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל פאַבריקן איז נישט פאַראַן. מערסטנס זיינען, דערביי באַשעפטיקט מאַקיליסטן (פּאַבאָניערס), אָדער בעסער געזאָגט היים־אַרבעטער.

מען רעכנט, אַז עס איז דאָ פאַראַן אַ דריי הונדערט פאַבריקן אַזעלכע, אין וועלכע עס זיינען באַשעפטיקט אַ 25 טויזנט אַרבעטער. חוץ דעם, איז אויך פאַראַן אַ פּאָר גרויסע פאַבריקן וואָס באַשעפטיקן אַ 5 טויזנט אַרבעטער.

צווישן די פּאַסאַזשירן און פֿאַבריקאַנטן זײַנען פֿאַראַן אַ באַטייטנדיקע צאָל ייִדן. וואָס שייך לוין־אַרבעטער, איז איבערהויפּט דאָ נישט צו געפֿינען קיין לוין־אַרבעטער פֿון אויסלענדישע קאָלאָניעס, ווײַל ס'איז אוממעגלעך פֿאַרן אייראָפּעאישן אַרבעטער צוצופּאַסן זיך צום לעבן־סטאַנדאַרט פֿונעם מעקסיקאַנער אַרבעטער, ווי אַרבעט קאָסט דאָ זייער ביליק. דאָס זעלבע, פֿאַרשטייט זיך, איז אויך בײַם שטריקער־פֿאַך.

בײַם פֿאַך ווערט געאַרבעט אַ גאַנץ יאָר, און אין די סעזאָן־חדשים — שטאַרקער. דאָס אַרבעטן אַ גאַנץ יאָר איז אַ רעזולטאַט פֿון געוויסע פּונקטן פֿון די היגע אַרבעטער־געזעצן, צ. ב. בײַם אָפּזאָגן אַן אַרבעטער דאַרף מען באַצאָלן פֿאַר דרײַ חדשים געהאַלט, חוץ 20 טעג פֿאַר יעדן אָפּגעאַרבעטן יאָר. קיין אַרבעטסלאָזע שטיצע עקסיסטירט דאָ נישט און די דאָזיקע אַנטשעדיקונג דאַרף דעריבער דינען פֿאַר דעם דאָזיקן צוועק. קראַנקען־קאַסעס זײַנען אין מעקסיקע־שטאָט אײַנגעפֿירט געוואָרן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. עס ווערט ביסלעכווײַז אײַנגעפֿירט אין אַלע גרעסערע שטעט. פֿאַראַן דאָ, אין געוויסע הינזיכטן, גאַנץ פֿאָרגעשריטענע אַרבעטס־געזעצן, וועלכע ווערן אָבער אין פּראַקטישן לעבן פֿאַרקריפּלט.

וואָס פֿאַראַ סוועטער ווערט אויסגעאַרבעט אין מעקסיקע? — מײנסטנס אַ ביליקער. ראשית, איז די באַפֿעלקערונג זייער אַן אָרעמע. אויף דרײַסיק מיליאָן אײַנוואוינער זײַנען בלויז פֿאַראַן אַכט מיליאָן קאָנסומענטן. די רעשט קאָנסומירט כמעט גאָרנישט.

עס ווערט דאָ אויך פֿאַבריצירט אַ מיטעלער סוועטער, אָבער צום ווינציקסטן — אַ גוטער סוועטער, וואָס קען זיך פֿאַרגלײַכן מיט די שענסטע אַרבעטן אין דער וועלט, אָבער דאָס איז שוין, פּראָפּאָרציאָנעל גענומען, בלויז פֿאַר יחידי־סגולה!

אין אַלגעמיין, לויט השערות, ווערט אויסגעאַרבעט סוועטערס פֿאַר בערך אַ 20 מיליאָן דאָלאַר יערלעך, און דאָס — מיט אַ כסדרדיקער איבערפּראָדוקציע — מיט אַ שטאַרקער טענדענץ, אויב דאָס לאַנד וועט נישט אָוועקגיין אויפֿן וועג פֿון גיכערער אַנטוויקלונג — די איבערפּראָדוקציע זאָל כסדר שטײַגן, ווײַל דאָס איז שוין יאָ פֿעסטגעשטעלט געוואָרן סטאַטיסטיש: די באַפֿעלקערונג וואַקסט יערלעך מיט 12 פּראָצ. און די קאָנסומציע בלויז מיט 6 פּראָצ.

פֿאַראַן אָפֿט שטאַרקע קריזיסן אין פֿיל פֿאַכן — בתוכם אויך אין דעם שטריקער־פֿאַך, וואָס ברענגט דערצו, דאָס יעדעס יאָר אָפּהענגיק פֿון דער געגעבענער לאַגע, פֿאַלן אָפּ און קומען צו נײַע פֿאַבריקאַנטן.

די גרויסע וואָל־שפּינערײַען ליגן אין די הענט פֿון פֿראַנצויזן און שפּאַניער. קלענערע וואָל־שפּינערײַען — אין ייִדישע הענט. דאַקעגן ליגט די גאַנצע סוועטער־פֿאַבריקאַציע — אין זײַן ווײַט־גרעסטער מערהייט — אין ייִדישע הענט.

מעקסיקע איז אַ לאַנד מיט אַ קאָלאָסאַלער עקאָנאָמישער צוקונפֿט; פֿריער אָדער שפּעטער וועט עס מוזן אָננעמען די יעניקע פֿאָרמען, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן אירע קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן.



דער כערעטע גבריאל הירש, באַגריסט דעם עולם אויפֿן יערלעכן באַנקעט פֿון פֿאַראײן

# אינהאַלט פון דער אָפּטיילונג:

# אונדזער בײַטראָג פאַר דער ייִדישער קולטור

ווי אַ סעקרעטאַר פון דער קולטור־קאָמיסיע, וועלכע האָט אויף זיך גענומען די אויפ־גאַבע אַרויסצוגעבן דאָס זאַמלבוך, האָב איך דעם כבוד און פאַרגעניגן נעמען אַ וואָרט צו דער ווײַטערדיקער פּובליציסטיש־ליטעראַרישער אָפּטיילונג, וואָס באַשײַנט אונדזער אויסגאַבע. דער שטריקער פאַבריקאַנטן פאַראיין האָט באַשטימט צו פײַערן זײַן יובל מיט אַ ייִדישן זאַמלבוך, ווי אַן אויסדרוק פון אינטימער פאַרבינדונג פון ייִדישן פאָלקס־מענטש מיט זײַן שפּראַך און קולטור, פון זײַן טרײַקייט דער גײַסטיקער טראַדיציע פון דער אַלטער היים, וועלכע האָט אויפן באָדן פון נײַעם היימלאַנד אינספּירירט זײַנע שעפערישע קרעפטן אויף אַלע געביטן פון סאָציאַלער, געזעלשאַפטלעך־נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אַקטיוויטעט.

ייִדישע שטריקער פאַבליַיט האָבן אויפגעבויט אַ וויכטיקע אינדוסטריע אין דעם לאַנד און צום 25 יאָריקן אַניווערסאַר פון זייער פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, טראָגן זיי צו זייער באַשיידענעם בײַטראָג אויך פאַרן קולטורעלן פאַרמעגן פון ישוב — אַ פּראָפעסיאָנעלע פּובליציסטיש־ליטעראַרישע אויסגאַבע — וואָס פאַראייניקט אויף איין טריבונע מענטשן פון פּראָדוקטיווער ייִדישער אַרבעט מיט מענטשן פון שעפערישן ייִדישן גײַסט, ווי אַ סימבאָל פון קעגנזײַטיקער פאַרשטענדעניש, רעספּעקט און צוזאַמענאַרבעט אויפן געביט פון נאַציאָנאַלער ייִדישער קולטור.

די געשיכטע פון פאַראיין איז אַ געשיכטע פון אַ שטיק ייִדיש לעבן אין דעם לאַנד, פון זיך אויסגרינען און אײַנוואָרצלען אין היגן באָדן, פון שווערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ אין די ערשטע יאָרן, און פון מסירת־נפשדיקער אַרבעט פאַרן אויפבוי פון אַן אייגענער עקאָנאָמישער פּאָזיציע און פון אַ געזעלשאַפטלעכן ייִדישן לעבן. דאָס אַליין ווערט דערציילט אויף די בלעטער פון דעם בוך דורך די וואָס האָבן עס אַליין דורכגעמאַכט און דורכגעלעבט. ס'איז אַ געשיכטע פון אומדערמידלעכן ייִדישן קאַמף, אונטערנעמערישער איניציאַטיוו און שעפערישן גײַסט, וואָס ווערט געקרוינט מיט דער אָפּטיילונג פאַר פּובליציסטיק און ליטעראַטור, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך מיט זייערע ווערק אַלגעמיין־אָנערקענטע און באַוווּסטע פאָרשטייער פון ייִדישן געדאַנק און קינסטלערישן וואָרט.

כמעט ווי אַלע גרעסערע קולטור־שעפערישע צענטערס פון דער ייִדישער וועלט זײַנען פאַרטראָטן אין דעם זאַמלבוך, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין ליטעראַרישן „קיבוץ גלויות” מיט די מערסטן כאַראַקטעריסטישע פאָרשטייער און שאַפונגען פון אַרגענטינע, טשילע, בראַזיל, אורוגוויַ, קובאַ, מעקסיקע, קאַנאַדע, אויסטראַליע, פאַראייניקטע שטאַטן און מדינת ישראל מיט צען ייִדישע שרײַבער אויף אַן אַלגעמיינער צאָל פון עטלעכע און דרײַסיק, וועלכע באַטייליקן זיך אין דעם בוך, אייניקע פון זיי געהערן צו די מער אויטאָריזירטע וואָרטזאָגער אין דער וועלט פון ייִדישער וויסנשאַפט און קינסטלערישער ליטעראַטור.

אין דער אָפּטיילונג פיגורירן גרעסערע ליטעראַרישע עסייען, וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, פּובליציסטישע מאמרים און קינסטלערישע אַרבעטן אין פאַרשיידענע זשאַנרען. די אַלע ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַ סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער איניציאַטיוו און וואָס טיילן מיט אונדז די בלעטער פון דעם זאַמלבוך, דריקן מיר אויס אונדזער דאַנק און אנערקענונג.

אַ באַזונדער אנערקענונג קומט אויך דעם רעדאַקטאָר פון בוך, גרשון סאַפּאָזשניקאָוו, וואָס האָט אָפּגעהיט דעם הויכן ליטעראַרישן ניוואָ פון דער אויסגאַבע אין אַלע אירע אָפּטיילונגען, וואָס האָט מיט גרינטלעכן וויסן און פײַנעם געשמאַק צונויפגעשטעלט דאָס ווערק, וועלכעס פּרעזענטירט מיט כבוד דעם איניציאַטיוו פון די בוענאָס-אײַרעסער שטריקער פאַבריקאַנטן פאַר דער ברייטער ייִדישער וועלט.

אין נאָמען פון דער קולטור-קאָמיסיע דאַנק איך די פאַרוואַלטונגען פון אונדזערע דרײַ אינסטיטוציעס — פאַראיין, קאָאָפּעראַטיווע און קרעדיט-קאַסע — וועלכע האָבן דערמעגלעכט צו פאַרווירקלעכן אַזאַ קולטור-איניציאַטיוו און דעקן די קאָסטן פון דעם זאַמלבוך און איך באַגריס אויך די מיטגלידער פון פאַראיין צום יובילײ פון דער אינסטיטוציע און ווינטש, אַז אויך די ווײַטערדיקע אַניווערסאַרן פון פאַראיין זאָלן מיר קענען פײַערן מיט אַזעלכע ווירדיקע קולטור-שאַפונגען.

## קולטור-קאָמיסיע

יצחק בעניעק (סעקרעטאַר), פּאַסקוואַל אַפּעלבוים, ישעיה גראָדזשיצקי, משה קוויאַטעק, יחזקאל רובינשטיין.



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

ישראל האָפמאַן
„דער זיידע מענדעלע מוכר-ספרים".

י. האָפמאַן איז געבוירן געוואָרן אין אַן אַרגענטינער ייִדישער קאָלאָניע פון דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס. איז איינער פון די אמערסטן אנערקענטע סקולפּטאָר, אין לאַנד. די הויפּט-מאָטיוון פון זײַנע שאַפונגען זײַנען ייִדישע און אָרטיק-אַרגענטיניש. פאַרעמט מיט אַ טיפן אַנאַליטישן חוש זײַנע פּערסאָנאַזשן און גיט פולן פּלאַסטישן אויסדרוק די אייגנאַרטיקע שטריכן, וואָס דעפינירן די פּערזענלעכקײַט פון די געשטאַלטן. איז אויסגעצייכנט געוואָרן מיט פיל פּרעמיעס און די באַדײַטנדיקסטע קונסט-מוזיים פון לאַנד האָבן אײַנגעשאַפט זײַנע ווערק.

**יעקב פרידמאַן** / בית־דגן — ישראל



# בריוו פון יענער וועלט

א.

קען זײַן, אין דײַן רויזן־גאָרטן, הצות, אין מאָכיק פאַרטייעטער טיף,
וועסטו, מיט אַ לבנה־בראָש צ׳געשפיליעט, געפינען מײַן פלאַטערדיקן בריוו.
אָ, שוועסטער, וויפל איך פרוּוו נישט פאַרקאָרענייען מײַן זכרון אין מײַן אַמאָליקער ערדהיים און אין דיר,
אַלץ ווערט פאַרגליווערט דאָ אין אינסופיקן געפריר.

ב.

מאָל דיר אויס מײַן הויז דאָ — אַ ווינט צוגעפרוירן צו אַ ווינטער־גאָרטן,
וואָס איז נאָר אַ שפיגלבילד אין אַן אויסגעטראַכטן קוואַל...
אין די ערשטע טעג דאָ, האָט געדענקט נאָך מײַן מע טשישער זכרון
אי דעם גרוך פון קנאָספּן אי דעם ריח פון בהמה־מיסט אין שטאַל.
אויך די זיסקײַטן פון פינגער־מילך אויף הייסע אײַטערס פון אַ קו,
און דאָס רויטע פלייש פון אַ קאַווענע אין די הענט פון בלעטערדיקן־בלאָ...
אָט די אַלע לעבעדיקע קליינינקייטן,
שמעקנדיק און גראָזיק־פראָסט,
קוש איך איצט אין דימיון,
אונטער דער דימענט־וואַנט פון פראָסט.

ג.

הוי, שוועכטער, צערטל פאַר מיר די גילדענע זונען־ענדז אין דער בלאָער אָזערע,
קוש אויס פאַר מיר די גרינע ראָסע־אויגן אין פליושע עם פנים פונעם גראָז,
עסן אויף דאָס פורפור האַרץ פון צעשטערנטן מילגרוים
און צערײַס דאָס קעניגלעכע פלייש פון אפריקאָז...
שיק מיר צום אינסוף אַלע ריחות פון די זאַכן אויף דײַן גומען —
אויב נישט די פירות, וויל איך כאָטש געדענקען זייער נאָמען...
אוי, שוועסטער, אָטעם אײַן, פאַר מיר, דעם נאַריש־פרייליכן געספּאַפּע
פון אַן אָקאָרשט געבוירן לאָשיקל, בײַ די הייסע אײַטערס פון אַ שקאַפּע...
קוש, פאַר מיר, די גוטע אויערן פון אונדזער אייזעלע און דאָס טײַכישע געפּליסק,
ווו עס פלעגט, יעדן קאַיאָר, באַנעצן זײַן אייזליש־שמעקנדיקן פּיסק...
שיק מיר צום אינסוף אַ זשמעניע ערד, אַ לעבעדיקן קאַרשנבוים, אַ זאַפטיקן,
איך וויל אָנקניפּן, אין זיי, מײַן חלום דעם נישט־האַפטיקן...

ד.

אַ סך מאָל גייט אויף אַ זעונג אין מײַן דימענטענער שטילעניש:
איך קער זיך אום אַהיים צו ערד צו איכיש־פליישענער־פאַרהילעניש,
ווידער ווין איך אין סודותדיקן הויז פון בלוט און פלייש... אָ, לײַב, מײַן לײַב,
לעבן דיר, ווי אַ לאָנקע הייס, אָטעמט אין זונענטײַך, נאַקעט ווילד אַ ווײַב...
אַלע צעלן מײַנע ווערן לאָגלען און עס רעגנט אַרײַן אין זיי אַ שמעקנדיק געפלייץ
פון אקאַציע־בלעטער, מיידל־צעפּ. און הייסע כלה־פּיס אין ווייץ...
אָ, שוועסטער, אַלץ רינט דאָ און צערינט אין מלכות אינסופיקן פון דימענטענעם שכל...
פאַרוואָר, אפילו כביכול האָט געמוזט אין אייביקן נע־ונד, אָפּזוכן אַ געהויז, אַן היכל:
ער האָט פון חלום געקנאָטן ליים און פון לייב — אַן אדם־און־חוה...
ערשט אין ווילדן געיובל פון פלייש און מוסקולירטערתאווה,
האָבן זייערע זין, די נפילים, זיך אנטמלאכט און תאוהדיק סאָפּענדיק גענומען קריכן,
דורך נאַכט־ווילדע־געבישן, צו הוהס נאַקעט־הייסן דיכן...
אַהאַ, נישט פאַראַן קיין גרוויליגערע לאַנגווייל ווי אונטער א מלאכס בלויער הויט!
פאַרוואָר, איך בין מקנא אפילו דעם רויטן אָקס, וואָס ציטערט פאַרן טויט:
אפילו ער דער בוהײַ האָט דעם זכות צו פילן דעם טעם פון אַ וואַרן לעבעדיקן שטאַרבן,
בעת עס פאַלט אונטער אַ לעבעדיקער האַק זײַן בהמיש־צאַפּלדיקער שאַרבן...
אהא, שוועסטער, שיק צום אינסוף מיר, אַ צאַפּלדיקן גוף, אַ רויע וווּנד מיט בלוט טריפנדיק־זאַפטיקן,
איך זאָל פאַרקניפּן, אין זייער ווײ, מײַן חלום דעם נישט־האַפטיקן...

ה.

מײַן זכרון געדענקט נאָך דעם ריח פון רעטשענער קאַשע אין ערדענע טעפּ:
אין אַ טענדע ווערענדע האָפּסט מײַן באבע צום גאָרטן איבער די אַלטע שטיינערנע טרעפּ,
און סע ציטערט מיט רחמים איר פליושן גוידערל: טשירע־טשירע־טשירע!
אירע דערבאַרעמדיקע פינגער שיטן פאַר די פייגל לכבוד שבת־שירה.
אוי, שוועסטער, אַזוי פיל רחמנות טריפט פון אירע תמימותדיק־עניוותדיקע אויגן.
אירס אַ טרערן־פערל פאַלט צופוסנס אַ פיפסערל, וואָס איז פון עפּל־בוים אַראָפּגעפלויגן.
אַ צווייט פייגעלע שיט אָפּ אַ שנייבלום פון אַ בלאַט, צעעכנט דאָס שנעבעלע
און כאַפּט, פון אונטער דער באבעס פאַנטאָפל, אַ שבתדיק בעבעלע...
— ס'זאָל דיר וויל באַקומען, טייערט מײַן באבע־טשירע־טשירע!
אוי, שוועסטער, ס'האָט אין הימל הײַנט פאַרשמעקט מיר דער באָבעס שבת־שירה.
נאָר אפילו פאַר די הייליקע אימהות שרה, רבקה, רחל לאה קען איך דאָ נישט מאָלן
דעם ריח פון מײַן באָבעס שמעקנדיקן רחמים... די אימהות רוען דאָ ווי פערל אין מושלען פון קריסטאַלן...
אַזאַ שבתדיקע רו אין די אינסופן, נאָר דער שבת איז דאָ אַנדערש ווי מײַן באָבעס שבת־שירה:
אפילו אליהו הנביאס גוטסקייט איז הי אַ פאַרפרוינע מעשה פאַרדימענט אין אַ שלאָפנדיקער לירע...
די חכמה קעניגט דאָ... אָ, שוועסטער, שיק צום אינסוף מיר דער באָבעס אַ קרעכץ אַ לעבעדיק־זאַפטיקן,
איך וויל פאַרקניפּן אין איר רחמים מײַן חלום דעם נישט־האַפטיקן...

ו.

אין די ערשטע טעג, האָט געדענקט נאָך מײַן זכרון דעם ריח צווישן לעבעדיקע בלעטער פונעם דימיש,
אַלע פּנימער פון זיידעס און באָבעס, אייגן־שמעקנדיק און היימיש,
געמיינט: איך וועל מײַן מידן קאָפּ אַרײַנטוליען צווישן דער מאַמע רחלס קני,
און שפּעטער אַנטלייען דעם גראָזיקן פלויער פון פאָטער יעקב
און לידלען פאַרן לעבעדיקן פי...
נאָר איך האָב דאָ אין ערגעץ קיין געזיכט, קיין מראה נישט אָנגעטראָפן:
אַלע געזיכטער — איין — געזיכט, אַן איינונייינציק־פּנים פון אינסופן...
אַלע לעבעדיקע, שוועבנדיקע איינסן האָבן אין איין איינס צוזאמען זיך באַהאָפטן,

גאָרנישט „דאָרט" גאָרנישט „דאָ" גאָרנישט „איך" גאָרנישט „דו" איינס אין איינס אַרײַנגעפלאָכטן.
סאַראַ פּחדימדיק אָן־פּנימדיק נישט־זײַענדיקער־זײַן... און ווי אַ דימענטענער טרערן־טראָפּן,
פון אַ שטאַרבנדיקן אויג, האָב איך זיך הכנעהדיק אַראָפּגעקײַקלט
און פּראָסטיק־ליכטיק, אָן־געזיכטיק אַרײַנגעקײַטלט
אין אינסוף... נאָר אין מײַן זכרון, ווי אין אַ טײַך אונטער אײַזיקע שאָלן,
האָב אויפגעהיט אַ בעכערל ריח פון וועלדער היימישע, פון בערג און טאָלן...
שוועלבעלע, וואָס קומט טרינקען צו דײַן ברונעם —אוי, שוועסטער, מקנא איך בין אפילו דאָס קלײנע
וואָרעם אפילו דאָס פּיצל פליערל פאַרמאָגט אויך זײַן אייגן איביש־פּנים...
אוי, שיק צום אינסוף מיר אַ פּרשה חומש מיט רש"י לעבעדיק־זאַפטיקן,
איך וויל פאַרקגיפּן, אין זייער לעבעדיקן גאָט, מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ז.

זויף שוועסטער, זויף אויס פאַר מיר דעם גאַנצן ווילדן רוזשווײַן פון זינד, זשלאָקע
אויס אַלע געטראַנקען סמיק־פאַרבאָטענע, וואָרעם זיסער נאָך פאַר זינד איז די בײַטש פון עונש!
אהא, סארא תענוג איז צו פילן, איבער נאַקעט־לעבעדיקן־פלייש
פּאָכען גאָטס שטראָפנדיק בײַטש, שפּיציק און הייס!
אַמאָל, אַמאָל, אויף דער ערדס לעבעדיקע בערג און טאָלן,
האָט גאָט געשפּילט מיט אונדז דאָס שפּיל פון זינד און עונש,
מיר האָבן געזינדיקט און ער האָט געטאָן באַצאָלן.
אהא, שוועסטער, ווי מײַן יינגל־האַרץ האָט זיך תענוגדיק געשראָקן,
אַמאָל אין פאַכטערס גאָרטן, בעת איך בין אונטער די אַלטע ווײַנשל־ביימער,
מיט מאַרושיקאַן פאַרקראָכן...
אהא, ווי געשמעקט ס'האָט איר צאָפּ דער בלאָנדער און געשמעקט האָט אויך מײַן מורא פאַר גאָט,
וואָס האָט אַרויסגעקוקט, פון אַ כמאַרע, איבערן פאַכטערס פאַרנאַכטיקן סאָד...
אוי, שוועסטער, שיק צום אינסוף מיר פון א רשע אַ צאַפּל א לעבעדיק־זאַפטיקן,
איך וויל פאַרקניפּן, אין זײַנע הייסע זינד, מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...

ה.

מײַן בריוו, מיט שטערן־טינט, אויף בלאָען ווינט,
לעשט זיך.
ווי אַ גוסס, וואָס פאַרבינדט זײַן בליק צו זײַן הויזגעזינד
און פאַרגעסט זיך
אין לעצטן זערנעלע הײם פון פלייש און ביין,
אין לעצטער רויז, צעקנאָספּנט־זאַפטיק־קלעפּעדיק,
אַזוי בײַם איך מיט די ציין
אין לעצטן וואָרט, וואָס איז נאָך הייס און לעבעדיק...
מײַנע ווערטער, צו דיר, זײַנען אין אינסוף,
די איינציקע וואָך,
אָן זיי פאַרליר איך דעם לעצטן ריח
פון ערד און פון דײַנע האָר...
אוי, שוועסטער, איך קלאַמער זיך אין לעצטן וואָרט און זויג
אויס די לעצטע פאַטשערקע זון דעם לעצטן וואָלקן־געריך...
די ווערטער זײַנען איצט מײַן אויער און מײַן אויג...
אָ, שוועסטער, שיק צום אינסוף מיר, מײַן לידערבוך,
איך וויל אין לעצטן פערזעלע, לעבעדיק־זאַפּטיקן,
פאַרקניפּן מײַן חלום דעם נישט־האַפּטיקן...



**אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער**

משה פּײַגענבלום. — „אַ תהילים־ייִד”. מאָלער פון ייִדישע טיפּן און פון טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבנסשטייגער. אויף זײַנע בילדער ליגט דער חותם פון ייִדישער גײַסטיקײַט וואָס וואָרצלט אין דורות.

דב סדן / ירושלים



# סקאָצל קומט

## (צו דער ביאָגראַפיע פון אַ באַגרים־פאָרמל)

א.

דאָס פאָלקלאָר־שפיל, וואָס פאַרכאַפט אונדזערע יום־טובים, בפרט יענע, וועלכע צייכנען זיך אויס מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט, צעשמייכלט זיך באַזונדערס אין די פסח־טעג, ווייל די פרייד פון פרייקייט איז דאָך דער פאַסיקסטער היתר פאַר דער פרייקייט פון פרייד. בעיקר צעפינקלט זיך יענע שפיל אין דעם אַרייַנפאָר פונעם יום־טוב, אין דער סדר־נאַכט און אירע מנהגים און פירעכצער, און בעיקר־שבעיקר אין דער הגדה, וועלכע האָט אויסגעצייַטיקט אַ היפש ביסל הומאָר און סאַטירע, סײַ אין איר גאַנצן פאַרנעם — אַן עדות די כלערליי פאַראָדיעס, פון וועלכע עס לאָזט זיך צוזאַמענשטעלן אַ לייַטישע ביבליאָטעק, סײַ אין אירע באַזונדערע דעטאַלן — אַ גרויסער סטויג פון וויצן און שפיצן, וואָס מען האָט פון איר אַרויסגעדרשנט און אין איר אַרייַנגעדרשנט. און אויב די ערנצטערע און עלטערע טיילן פון דער הגדה זייַנען געוואָרן אַן אָביעקט פאַר ליצנות, איז דאָך שוין קיין וווּנדער נישט, אַז די לייַכטערע און יינגערע טיילן אירע האָבן נישט אויסגעמיטן אַזאַ שטיפערישן גורל. נו, האָט זיך טאַקע די לאַכערייַקע גאָר אימפּעטיק אָנגעכאַפּט אין ביידע פזמונים וואָס פאַרענדיקן די הגדה, דער פזמון: אחד־מי־יודע און דער פזמון: חד־גדיא, וועלכע זייַנען נישט בלויז די שפּעטסטע צוגאָבן, נאָר זייַנען, על־פי־מחקר, פון דער פרעמד אויסגעליען און קונציק פאַרהיימישט געוואָרן. אמת, דער פזמון: חד־גדיא, ווי עס איז דער שטייגער פון אַ געקייטלטן פאַראַבל, איז אויסגעטייַטשט געוואָרן אין אַלע פיר דרכים פון פרדס — פ׳שט, ר׳מז, ד׳רש, ס׳וד — אַזוי אַז עס איז ממש אויסגעוואַקסן אַ באַרג פון פירושים, און אויך צוליב דעם איז ער נישט בלויז באַליבט נאָר אויך פאַרהייליקט געוואָרן, אַזוי־ווייַט, אַז עס האָבן זיך געפונען קנאים, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה פון חרם אויף דעם, וואָס האָט זיך דערוועגט אַ קריטישן אַרויסזאָג. אָבער וואָס עס איז פאַרווערט דער קריטיק, איז דערלויבט דעם הומאָר, און ווען מיר זאָלן אַלע זייַנע פונקען צוזאַמענקלויבן, וואָלט זיך פאַר אונדז צעפלאַקערט אַ פלאַם פון געלעכטער.

אָבער מיר ווען זיך איצט באַנוגענען מיט איין איינציקן פונק, און דאָס איז די קשיא, וועלכע מען האָט געשטעלט דעם משל און דעם סדר פון זייַן געקייטלקייַט: די קאַץ, וואָס האָט פאַרצוקט דאָס ציגעלע, איז אומגערעכט; קומט דער הונט און פרעסט עס אויף, איז דאָך דער הונט גערעכט; אויב ווייַטער דער הונט איז גערעכט, איז דאָך דער שטעקן, וועלכער האָט אים אָנגעבויקערט, אומגערעכט; און אויב דער שטעקן איז אומגערעכט, איז דאָך דאָס פייַער, וואָס האָט אים פאַרשרפעט, גרייַלעך גערעכט; אויב ווייַטער דאָס פייַער איז גערעכט, איז דאָך דאָס וואַסער, וואָס האָט עס אויסגעלאָשן, בפירוש אומגערעכט; און אויב דאָס וואַסער איז אומגערעכט, איז דאָך דער אָקס, וואָס האָט עס אויסגעזשליאָקעט, שוין איינמאָל גערעכט; אויב ווידער דער אָקס איז גערעכט, איז דאָך דער שוחט, וואָס האָט אים געשאָכטן, טאַקע אומגערעכט; און אויב דער שוחט איז אומגערעכט, איז דאָך דער מלאך־המות, וואָס האָט אים געממיתט גערעכט; אויב ווייַטער דער מלאך־המות איז גערעכט, איז דאָך קודשא־בריך־הוא, וועלכער האָט אים געקוילעט, שוין גאָר־און־גאָר אומגערעכט; מעג מען דען דעם אייבערשטן חושד זייַן, אַז ער און זייַן משפט זייַנען, חלילה, נישט גערעכט? קומט דאָס פאָלקס־ווערטל און טייַעפעט צו נאָך אַ רינגל צו דער קייט און דאָס אין כאַמע אָנהויב, און

טוט זיך אַ זאָג: אַז די בעל־הביתטע איז אַ שלימזלניצע איז די קאַץ אַ בריה. דהיינו, אַז דער מאַן אירער האָט אַהיימגעבראַכט דאָס ציגעלע, האָט זי עס צוגעגרייט לכבוד יום־טוב, אָבער אַזוי ווי זי האָט זיך געפּוילט צו האַלטן אַן אויג דערויף, איז די קאַץ אונטערגעשפּרונגען און האָט עס אַוועקגעכאַפּט. הייסט עס, אַז דער בעל־הביתטעס שלאַבעריקייט האָט געהאָלפן דער קאַץ, וואָס איז אַ מאדים אויף גלײַכווערטלעך, אויסצונוצן פאַר איר אייגענער טובה וועגן, יענץ פאָלקס־ווערטל, און האָט ממילא איבערגעדרייט די גאַנצע קייט פון קאָפּ ביז פיס: די בעל־הביתטע איז אומגערעכט, די קאַץ איז גערעכט, דער הונט איז אומגערעכט, דער שטעקן איז גערעכט (אויך ער האָט געקענט אויסנוצן אַ טײַער ווערטל: דער הונט איז ווערט דעם שטעקן), דאָס פײַער איז אומגערעכט, דער שוחט איז גערעכט, דער מלאך־המות איז אומגערעכט, דער אייבערשטער איז גערעכט, — ווייל אַנדערש קען דאָך נישט געמאָלט זײַן.

אָבער אַזוי ווי אַ גוט וואָרט האָט אַ טבע נאָך זיך צו שלעפּן נאָך אַ גוט וואָרט, איז פון דער איבערגעאַנדערשטער קייט אַרויס אַ שפּאָגל־נײַע קשיא: אויב דער שוחט איז געווען גערעכט און במילא איז דער מלאך־המות געווען אומגערעכט, האָ טדאָך דער מלאך־המות נישט געקענט פאַרריכטן דעם שוחטס ראָליע, ווייל זײַן געשעפט איז מיתת־החיים און נישט תחית־המתים, אָבער דער אייבערשטער האָט דאָך געקאָנט דעם שוחט צוריק לעבעדיק מאַכן, און פאַרוואָס האָט ער עס נישט געטאָן? ווערט די קשיא פאַרענטפערט דורך אַ מעשה שהיה, און וועלכע איך האָב געהערט מידידי ר׳ יצחק פעפערבוים — זײַן עלטער־עלטער־זיידע, דער סטריער רב, ר׳ ענזיל צויזמער, פלעג זיך פירן, אַז די שטעטישע שוחטים האָבן יעדן פרײַטיק געמוזט פאַר אים ברענגען זייערע חלפים, ער זאָל זיי בודק זײַן; איז דאָרט געווען איינער אַ שוחט, ר׳ מיטה און האָט גענומען און איבערגעהיפּערט אַ פרײַטיק, האָט דער רב געאַסרט זײַן שחיטה, און עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן און קיין שרײַען, די גזירה אָפּצורופן. האָט זיך דער ר׳ משה אויפגעהויבן און אַוועק צום לעמבעריקער רב, ר׳ משולם יעקב אָרנשטיין, בעל „ישועות יעקב״, האָט אים דער רב פאַרהערט און בודק געווען און געזען, אַז ער האָט צו טון מיט אַ כשרן און ערלעכן ייִדן, האָט ער אים געזאָגט: פאָרט געזונטערהייט אַהיים, איך וועל שוין שרײַבן אײַער רב, ער זאָל דעם איסור בטל מאַכן. אָבער עס זײַנען אַוועק טעג און וואָכן און גאָרנישט; הויבט זיך דער ר׳ משה ווידער אויף און פאָרפאָרט ווידער צום ישועות יעקב און דערמאָנט אים זײַן הבטחה. ענטפערט אים דער ישועות־יעקב: רב ייִד, איך האָב געשריבן אײַער רב און האָב גאָרנישט געפועלט. ווי ער האָט דערזען דעם שוחטס מינע, ווי איינער זאָגט: היתכן? האָט ער אים געזאָגט:

איצט איז מיר קלאָר געוואָרן אַ קשיה, וואָס מען פרעגט אויף חד־גדיא: הלמאי האָט כביכול דעם שוחט נישט צוריק לעבעדיק געמאַכט; און דער תירוץ איז: ווײַזט אויס, אַז מען קוילעט אָפּ אַ שוחט, קען אים אפילו כביכול נישט העלפן.(1).

אָבער וואָר עס איז באַוואוסט אין פאָלקס־וועלטלעך, בפרט די וואָס טראָגן די פאָרם אָדער דעם אָנשטעל פון אַ פּשטל, ווייסט, אַז פילמאָל זײַנען דאָרט פאַרבאַהאַלטן רעשטלעך פון אַ פאַרגעסענער טראַדיציע אָדער פון אַ פאַרגרייזטן וואַריאַנט, און עס קומט אונדז פאָר, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַזאַ פאַל אין דער קשיא אויף דער חד־גדיא־קייט און אין דעם תירוץ אויף איר. מיר האָבן נישט בלויז אַ סימן נאָר אפילו אַ ראיה דערויף — מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דער ירושלימער ייִדיש־פאָרשער חנא שמערוק געפונען אַ נוסח פון חד־גדיא, וועלכער איז, סײַ אינהאַלטלעך סײַ שפּראַכלעך, אַנדערש פון דעם פאַרשפּרייטן נוסח, און ער האָט אים אָפּגעדרוקט און פאַקסימילירט, מיט אַן אויסשעפּלעכן דערקלער און אַנאַליז(2) דער דאָזיקער, צווייישפּראַכיקער נוסח (אַראַמעיִש און ייִדיש), איז, לויט ענין און שפּראַך, דער עלטסטער, וואָס האָט זיך ביז־איצט דערהאַלטן, און מיר קענען פון אים אָפּלערנען, ווי־אַזוי עס איז געגאַנגען דער אַנטוויקל פון ליד. אַזוי, למשל, האָבן מיר פאַר זיך, אין אַראַמעיִשן טעקסט, אַן אַנדערע לעקסיק: אַנשטאָט חוטרא האָבן מיר מקלא; אַנשטאָט דהכה האָבן מיר דמחא, אַנשטאָט דשרף האָבן מיר דאוקיד, אַנשטאָט שוחט האָבן מיר שחטא, אַזוי אַז מיר זעען באַשײַנפּערלעך, ווי דער אַנטוויקל פון נוסח האָט זיך געראַנגלט און באַלד פאַרגרעסערט און באַלד פאַרקלענערט די אויטענטישקייט פון דעם אַראַמעיִשן עלעמענט(3). אָבער פאַר אונדז איז וויכטיק, אַז די קייט פונעם משל איז אַנדערש פונעם אָנגענומענעם נוסח; דען זי האָט, און דאָס אין סאַמע אָנהויב, נאָך אַ רינגל: ואתה עכבדא דאכל לגדיא דובין אבא בתרי זוזי חדי גדיא חדא(!) גדיא דא קאם דז מייזליין און עשיט דז ציקליין דש קאפיט דז אלט וטרליין אום צווייא פפעניגליין. איין ציקליין איין ציקליין. הייסט עס, אַז אַן עכבר, אַ מייזלע, דערעסנט די קייט, און נאָך אים קומען דאָס קעצעלע, דאָס הינטעלע, און אַזוי ווײַטער. ווײַזט אויס, אַז די פאָלקס־קשיה און איר תירוץ האָבן עפּעס אַרויסגעפילט דעם באַשטאַנד פון אַ פרימאַרן נוסח, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַן אַנדער רינגל, וועלכעס לאָזט

(1) אַפּיקורסים איז ווי פיי צוגענומען די פרנסה, אפיאנג א שמע״ ובדומה.

(2) The Field of Yiddish (רעדאַקטאָר אוריאל ווײַנרײַך) ניו־יאָרק, 1954, ז. 214־218.

(3) ר׳ אברהם אברונין האָט טאַקע געהאַט טענות צום שפּעטערדיקן נוסח, וואָס איז שפּראַכלעך אַ מין אַנדרוגינוס ממה־נפשך, איז שונרא לשון־נקבה, ווי עס באַווײַזט ואכלה, וואָלט באַדאַרפט צו זײַן נישט ואתא נאָר ואתת, איז אָבער שונרא לשון זכר, וואָרט באַדאַרפט צו זײַן נישט ואכלה נאָר ואכל.

זיך גאַנץ לײַכט דערקלערן: אַ קאַץ וואָס פרעסט אַ מויז — איז דאָך אַ כלל; אַ קאַץ וואָס פרעסט אַ ציגעלע — איז שוין מער אַ זעלטנקײַט; אָבער מיט דער צײַט האָט מען דעם עבֿבֿרא פאַרטריבן, אפשר אויך דער־פאַר, וואָס זײַן באַטײַט איז נישט: ראַצצע אָדער ראַטטע, דאָס הייסט: אַ ראַץ, אַ שטשור, וועלכער איז גרעסער אין געפערלע־כער, נאָר: מויז און בעיקר: מײַזעלע(4), וועלכע איז אַ מסופּקדיקע קאַנדידאַטקע אָפּצורוימען אַ ציגעלע, באָטש זי איז מסוגל עס אײַנצובײַסן און עס אַזוי־אַרום צו פּסלענען פאַר אַ קרבן. און אויב מיר זײַנען באַרעכטיקט אָנצונעמען אַ השפּעה פון דעם עלטסטן נוסח, זאָל זײַן אין דער פאָרעם פון אַ מאָט־דומפּיק געדעכעניש, מעגן מיר וועגן אַן השערה, אַז נישט ווייניקער ווי די אָפענע קשיא האָט געפירט צום תירוץ, האָט דער פאַר־הוילענער תירוץ געפירט צו דער קשיא.

ג.

אָבער נאָכדעם ווי דער פאָלקס־ווײַז האָט צוגעשטעלט אַ רינג צו דער קייט אויף צו פאַרריכטן די לאָגיק פון פאַראַבל, לאָזנדיק די בעל־הביתטע שטיין ב־איש, האָט ער געטאָן נאָך אַ שפּאַן אין ליצנות אַרײַן, און פון ביידע געמאַכט — איינס. אַזוי געפינען מיר אין לייסטער פון אַנעקדאָטן, וואָס ווערן דערציילט איבער די פרומע זייר־דעם אונדזערע, וועלכע האָבן שבת גערעדט נאָר לשון־קודש און האָבן זיך געמאַטערט צו געפינען פאַסיקע און פאַרשטענדלעכע אויסדריקן, אַן אַנעקדאָט איבער דעם פאַרלאַנג צו באַגריסן אַ ייִדענע, וואָס איז געקומען שבת אין געסט — דער האַלב־נאַיִווער, האַלב־געקליגנער־טער שפּיץ פון אַנעקדאָט איז, אַז אַנשטאָט צו זאָגן: סקאָצל קומט האָט יענער ייִד געזאָגט: ואתא שונרא. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ שטעקט אַ פאָלקס־עטימאָלאָגישע הנחה: סקאָצל לאָזט זיך אויסטײַטשן: סיקעצל. די הנחה גייט אַרויס פון אַ ברייטערער פאָלקס־עטימאָלאָגישער הנחה, אַז אַ וואָרט אָדער אַ פראַזע, וואָס זייער אָפּשטאַם איז פאַרגעסן אָדער פאַרטונקלט, ווערט געזוכט אין לשון־קודש, און אַז מען זוכט — געפינט מען(5). אינדערעמתן, איז דער דערקלער פון דער באַגריס־פאָרמל: סקאָצל קומט אַ מין קליינער ראָמאַן, און מען איז קודם־כל מחויב אָפּצושיידן צוויי עיקרדיקע ליניעס; איין ליניע זײַנען יענע פירושים, וואָס ווילן שפּילן אַ ראָל פון וויסנשאַפט און באמת זײַנען זיי נישט מער ווי פּיטשלעך; די אַנדערע ליניע איז דער פירוש וואָס האָט אַ פּאַקטישן וויסנשאַפט־לעכן אָנשפּאַר. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אויך נאָכדעם ווי די אַנדערע ליניע איז גרונטיק אויפגעקלערט געוואָרן, האָט די ערשטע ליניע נישט אַבדיקירט און זי ווײַזט נאָך עד־היום אירע חידושים. אָט אַ בינטל פירושים, וואָס זײַנען געבראַכט געוואָרן אין דער פאָרעם פון לייענער־בריוו — י. שמחה טײַטשט: גאָטס צלם קומט, איז עס אַ ברכה צו אַ מאַן און צו אַ ווײַב, ווײַל דער צלם אלהים איז דאָך חל אויף ביידע, עס הייסט דאָך: זכר ונקבה בראם (האָט ער זיי באַשאַפן); קומט דער באַקאַנטער ראָמאַניסט שלמה ראָזענבערג און טײַטשט אויס: מיט גאָטס ווילן קומט, איז עס שוין בפירוש נישט קיין ברכה צו אַ מאַן, וועלכער זאָגט בײַ שחרית: שלא עשני אשה (וואָס ער האָט מיך נישט געמאַכט אַ ווײַב), נאָר צו אַ פרוי וועלכע זאָגט דעמאָלט: שעשני כרצונו (ער האָט מיך געמאַכט לויט זײַן ווילן); ווײַטער ראובן הייבלום דערקלערט: גאָטס צל קומט, און מיר ווייסן נישט, וועל־כער פון ביידע מינים פאַרדינט מער דעם עפּיטעט פון גאָטס שאָטן, און אפשר לאָזט זיך דאָ נאָכשפּירן אַ השפּעה פונעם סלאַוויש: גאָסטי ווידאָס באָג ווידאָס (אַ גאַסט אין שטוב איז גאָט אין שטוב); אָבער יצחק ראַבינאָוויטש האַלט מיטן פירוש: איש קצין קומט, קצין איז געווען, אין אשכנז, דער טיטל פון אַ ראש־הקהל, אַ גבאי, אַ סתם פאַנעבעריע; הייסט עס, אַז מיר האָבן פאַר זיך, אַ גרוס צו אַ מאַן, און אַן אָנגעזעענער דערצו. דאָס אַלץ אין צײַטונג־רובריק (פון אייביקן קוואַל, „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, נומער 13888), און אַ טייל דערפון חזרט זיך אויך שפּעטער איבער: אַלטער ריכטמאַן אין נאָמען פון אַן אײַזן־סוחר אין זאַרעמבי־קאָשציעלנע: צל א—ל; י. מ. בערקאָוויטש פון די בראָנקס: גאָטס צל קומט (דאָרט, 18 פעברואַר 1961). אָבער נישט בלויז אַ כל־בו־רובריק פון אַ בלאַט, נאָר אויך אַ צײַטשריפט פאַר שפּראַך אָדער פאָלקלאָר ברענגט אַזעלכע סברות,

(4) דער דימינוטיוו איז חל אויף דעם גאַנצן געזעמל, סײַ אין דעם עלטסטן נוסח, סײַ אין אַנדערע נוסחאות — זע, אַ שטייגער, אין בוך פון באַדענשאף (1748), וואָס ברענגט אַ דײַטשישן נוסח לויט דעם טראַקטאַט פון דעם משומד לעבערעכט (1731) וווּ עס רעדט זיך איבער ציגקליין, פּעטערליין, הינדעליין, שטעקקעליין, פייערליין, וועסערליין, חוץ אָקס, שוחט, מלאך המות, אונזער ליבער הערגע נאָטט און דעסגלייכן אין איבערזעצן פון הגדות (בעיקר דפוס אמשטרדאַם).

(5) דער אַנעקדאָט האָט נאָך אַ פעפערל — לאָ־די וואָס דער לשון־קודש־ייִד האָט זיך געמאַטערט, ביז ער האָט געפונען דעם שטיפערישן עקוויוואַלענט, איז מען אים נאָך דערגאַנגען די יאָרן, אַז אַרמיש איז נישט לשון־קודש, און כאָטש ער האָט זיך געקענט פאַרענטפערן, אַז אין ענין דער אַרמעיִשער פאָרמל: כל חמירא וחמיעא הייסט עס: „ווען איינער ניט ווייש צו זאַגן אין לשון־הקדש זאָל ער זאַגן אין טייטש״ (ספר מנהגים, אמשטרדאַם, 1724, דף ט״ו ע״ב), דעסגלייכן אַן אַלמנה: „קאַן זיא עש ניט אין לשון הקדש זאָגן זאָו זיך עש אין טייטשן זאָגן״ (דאָרט). נאָכמער, בעת ר׳ ישראל במוהרי״ם קומט איבערזעצן אין ייִדיש דעם אַראַמעיִשן פיוט פון ר׳ ישראל נגאַרה: יה רבון עלם שרײַבט ער: „אין עברעיִש קלינגט דאָס זעהר איז פערזען״ (סיפורים וועגן האר״י הקדוש, ווילנע, תרע״ב, ז. 45). אבער פאַרן פאָלק־ווײַז איז פאַרט דאָ אַ חילוק: לויט אים קווענקלט זיך דער שבתדיקער לשון־קודשניק, ווי אַזוי ער זאָל פאַרבעטן אַ גוי, וועלכער איז שבת געקומען צו גאַסט: און ער פועלט בײַ זיך, אַז אַ פריין זאָל ער זאָגן: בצל שדי יתלונן, ווײַל שאַדאַי אויף פּויליש באַטײַט: זעץ זיך, און אַ פּויער זאָל ער זאָגן: ינר כהדותא, ווײַל סאַדיסיא אויף קליינרוסיש באַטײַט: זעץ זיך, רעדט ער, הייסט עס, צום פריין לשון־קודש ממש, און צום פּויער ארמית.

בדי זיי אָפּצופּרעגן, — לייענערס, וואָס ווייסן נישט, אַז די פּאָרמל איז שוין לאַנג דערגרונטעוועט געוואָרן, און האָט שוין ממש אַ באָרד, חזרן־איבער דאָס אָפּגעפּרעגטע, און ווי עס ווײַזט אויס מה שהיה הוא שיהיה. אין אַ צײַטשריפט פאַר שפּראַך — רפאל בייגלמאַן פון סאַנטאָס אין בראַזיל באַמערקט, אַז ווײַבער נעמען אויף געסט מיט דער פּאָרמל וואָס איר מקור איז: גאָטס זעל קומט, און דער רעדאַקטער יודל מאַרק („ייִדישע שפּראַך", באַנד י"ז, העפט 2, דעצעמבער 1957) באַלערנט אים, אַז עס איז אַ פּאָרמל צו באַגריסן פרויען (כאָטש אין טייל ערטער נעמט מען מיט איר אויף אויך מענער), און אַז עס זײַנען פאַראַן כמה וכמה אויסטײַטשן: גאָטס ווילן קומט; אשת קצין קומט; זיי גאָטס ווילקאָממען; אָדער: הייל גאָטטס קאָממט(6), און צום סוף ברענגט ער די אויטאָריטאַטיווע מיינונג פון דעם באַקאַנטן ייִדיש־פאָרשער אַלפרעד לאַנדוי, וועלכער האָט געמאַכט אַ רבנן־קדיש איבער די אַלע געבראַכטע און שפּעטערדיקע ענלעכע פּירושים. אין אַ צײַטשריפט פאַר פאָלקלאָר — מאיר שחף זאָגט, אַז מיט סקאָצל קומט באַגריסט מען אַ פרוי, וועלכע קומט פון אַ ווײַטן וועג, בשעת אַ מאַן באַגריסט מען מיט ברוך הבא, און לויט זײַן סברה איז סקאָצל קומט אַ פאַרדאָרבענע פאָרעם פון דײַטשישן: זיי גאָטטס ווילקאָמען, און די תשובה איז: וואָהל געשעהיס (ס'זאָל וווּל געשען). און דער רעדאַקטער, ד"ר יום־טוב לעווינסקי („ידע־עם", העפט ט'), ברענגט פאַר אים כלערליי אויסטײַטשן און זייערע מקורים און גיט נאָך צו אַ פּרט, וועלכער איז פאַר אונדז איצט באַזונדערס חשוב, אַז אין זײַן געבוירנשטאָט, זאַראָמב אין פּוילן, אין איר סביבה פלעגט מען, מעגלעך מעשה־ליצנות, צו זאָגן: סקעצל קומט. הייסט עס, אַז וואָס איך האָב געהערט אין מײַן געבוירנשטאָט, בראָד, וועגן יענעם לשון־קודש־ייִד, וועלכער האָט געוואָלט זאָגן: סקאָצל קומט און עס זיך אויסגעטײַטשט: ואתה שגורא, קריגט אַ שטיקל חיזוק פון אַן אַנדער מקום, און עס וואָלט זיך געלוינט נאָכצוגיין, ווי ווײַט עס גרייכט דער צעשפּרייט־שטח פונעם דרוש: סקאָצל קומט — סקעצל קומט.

ד.

אויב מיר זאָלן זיך פאַרמעסטן צו ברענגען אַלע אויסטײַטש־פּרוּוון פון אונדזער באַגריס־פּאָרמל, וואָלטן מיר צעטרענצלט אַ פּאַס טינט, אָבער לשם קיצור און דרך־קיצור וועלן מיר איבערחזרן פון דער לאַנגער פּרשה — מיט היפּש יאָרן צוריק האָט עמיצער אין דער דײַטשישער „ווינער מאָרגנצײַטונג" אַרויסגעזאָגט אַ סברה, אַז די פראַזע: סקאָצל קומט שטאַמט פון: אשת קצין קומט, איז געקומען גאָטהאַרד דויטש און האָט דעם בעל־הסברה אויסגעלאַכט און באַמערקט, אַז זײַן פּירוש דערמאָנט פּירושים פון סאָרט: נאַכלאַסס (אַ ירושה)—נחלת, שאַלעט (טשאָלנט)—(ט) שול ענד (דער סוף פון דאַווענען); שלעמיעל (שלומיאל)—שלא מאל (גישט פון גאָט) וכדומה. און נאָך די חוזק־פאַרגלײַכן ברענגט ער זײַן פּירוש: סקאָצל קומט — זײַ גאָטטס ווילקאָממען, אָדער: ווילקאָממען אין גאָטטעס נאַמען. אלס ראיה דערמאָנט ער, וואָס עס ברענגט דער משומד אַנטאָניוס מאַרגאַריטאַ אין זײַן העץ־בוך: דער גאַנץ ייִדיש גלאַוב, אַז די ייִדן זײַנען זיך נוהג צו באַגריסן אַ ייִדן מיט: זייד ווילקוס, אָבער אַ גוי באַגריסן זיי מיט: שד ווילקוס, און מאַרטין לוטער חזרט דאָס איבער אין זײַן חיבור: פאָן דען יודען אונד איהרען ליגען, און גרעץ דערמאָנט עס אין זײַן געשיכטע (דריטער אויפלאַג, באַנד 9 ז. 314). דויטש וווּנדערט זיך, אַז אונדזער באַגריס־פּאָרמל, זאָל זײַן מכוון בלויז צו פרויען, ווײַל אין זײַן געבוירנשטאָט, קאַניץ אין מעהרין, האָט ער דאָס נישט געהערט, אָבער עס איז מעגלעך, אַז לגבי פרויען, וועלכע האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין לשון־קודש, האָט מען געזאָגט: גאָטטס ווילקאָממס אַנשטאָט: ברוך הבא. זלמן רײַזען, וואָס ברענגט דעם גאַנצן משא־ומתן(7), האַלט, אַז דויטשס פּירוש גייט צו ווײַט, און ער מאַכט אויפמערקזאַם אויף ד"ר י. צפּורס סברה, וועלכע מיר האָבן שוין דערמאָנט: דאַס הייל גאָטטעס קאָממט (גאָטס ישועה קומט).

איצט קומט די אויבנדערמאָנטע אויטאָריטאַטיווע תשובה פון אַלפרעד לאַנדוי(8), וועלכער זעט אין די אַלע מיני פּירושים נישט מער ווי דוגמות פון דילעטאַנטישער עטימאָלאָגיע, און גיט נאָך צו אַ פּשטל פון זוסיע וואַהל, אין זײַן בוך „ייִדישע שפּראַכלעהרע" (אָדעס, 1892): „די בעל־הביתטע אָדער דער בעל־הבית, וואָס ווילען זייערען גאַסט אַ קאָמפּלימענט מאַכען זאָגען זייא... סקאָצעל קומט, ד. ה. (דאָס הייסט) אַז דער גאַסט ליעגט זייא שטענדיג אין זינען, ער איז בייא זייא סקיצירט". אויך דערמאָנט ער עמנואל אָלסוואַנגער, וואָס טײַטשט אונדזער אויסדרוק ריכטיק אויס, און ברענגט אַ פאָלקס־מעשהלע (ראָזשינקעס און מאַנדלען", באַזל. 1920, נומער 296) אין וועלכער סקאָצל איז אַן אייגננאָמען פון אַ פרוי, לאָזט זיך אָבער נישט דערקלערן פון דער מעשה גופא. דערדערקלער פון לאַנדוי באַווײַזט דעם אָפּשטאַם פון אונדזער פּאָרמל: ביז גאָטע (אונדע מיר) ווילקאָם, און קירצער: ביז (מיר) גאָטע ווילקאָמען, און ציטירט פון ארטוס־ראָמאַן, נוסח אייזענמענגער (ז. 286): „זייא מיר גאָט ווילקום דו אלר ליבשטר שאץ", און לויט כתב־יד האַמבורג: „זייט גוט ווילקום איר דעגין אויש ורעמדי לנט (זײַט גאָט געגרוסט איר איידעלע פון פרעמדן לאַנד). און ער ברענגט אסמכתות פון דער מיטלהויכדײַטשישער באַ־

(6) צוליב באַקוועמלעכקײַט ברענגען מיר די דײַטשישע טעקסטן, סײַ דאָ סײַ שפּעטער, טראַנסקריבירט אין ייִדישע אותיות.

(7) „ייִדישע פילאָלאָגיע", באַנד 1, [illegible]
(8) דאָרט, ז. [illegible]

גריס־פאָרמל — אין שוואַבישן דיאַלעקט: ביז גאָט ווילקע, אין באַוואַרישן: גאָטטלקום, אין קוהלענדכען, אַ פּראָווינץ אין צפון־מעהרין: סקאָלקום, און אין שלעזישן: סקאָדל־קאָמט. עד־כאן די גויִם; פון די דײַטשיש־שרײַבנדיקע ייִדן ווײַטער ברענגט ער לעאָפּאָלד קאָמפּערט: סיגאָטס ווילקומס, און עדוארד קולקאַ: דעס גאָטטס ווילקאָמס. מיר זעען קלאָר, ווי אַזוי עס האָט זיך אַרויסאַנטוויקלט די פאַרשפּרייטע פאָרעם אין מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדיש: סקאָצל קומט, און פאַרשטייען, ווי אַזוי זי האָט זיך באַפעסטיקט אַלץ אַ באַגריס־פאָרמל צו פרויען, וועלכע דער ברוך־הבא איז פאָרגעקומען פרעמד, כאָטש זי איז נישט געבליבן אָפּגעגרעניצט און איז אין אַ ברייטן אָרטלעכן און צײַטלעכן שטח, געוואָרן אַן אַלגעמיינע ברכה.

מיר זאָגן: געוואָרן, אָבער פאַרשטייט זיך אין ייִדישן זין, ווי ס׳איז מעגלעך געווען אַן אָפּטייל צווישן אַ לשון־קודש־פאָרמל פאַר מענער און צווישן אַ ייִדיש־פאָרמל פאַר ווײַבער, ווײַל אין מקור, אין דײַטשישן, איז די פאָרמל תמיד געווען אַן אַלגעמיינע. ווי די פאָרמל האָט זיך בײַ אונדז ספּעציפיזירט, לאָזט זיך אָפּלערנען פון דער השערה, וועלכע נח פרילוצקי(9) האָט צוגעגעבן צו לאַנדוים אויספירן — ער באַמערקט דאָרט, ווי פילפאַרביק עס זײַנען געווען די באַנוץ־אופנים פון דער פאָרמל: האָט מען זי באַנוצט לגבי מענער איז דער טאָן געווען אַ היימישער און שטיפערישער; איז זי געזאָגט געוואָרן מיט תרעומות האָט זי געמיינט אײנעם, וועלכן מ׳וואָלט גערן נישט געזען, און אײנעם וואָס זאָגט וואָס אָדער וועגן מען באַדאַרף נישט.

ה.

כדי אונדזער איבערקוק צו דערגאַנצן, לוינט זיך אָנצוווײַזן אויפן אַנטוויקל פון אונדזער פאָרמל אַלץ אַ סטימול צו שאַפן קלאַנגיק ענלעכע און אינהאַלטלעך דיפערענצירטע פאָרמען — אָט דערציילט אונדז ד״ר יום־טוב לעווינסקי, אין זײַן דערמאָנטער תשובה, אַז ער האָט געהערט אין ווילנע רופן אַ פאַרשײַטן ייִנגל: שקאָצל קומט, דהײַנו: דער שקץ, דער קונדס קומט. דאָס איז אַ גאָר אָפּטע דערשײַנונג, ווי אַ פראַזע, וואָס איר אָפּשטאַמיקער באַטײַט איז שוין פאַרווישט, ווערט פאַרביטן אויף אַ כמעט גלײַכקלאַנגיקער (און אין ליטווישן ייִדיש ממש גלײַכקלאַנגיקער) פראַזע, וועלכע איז אַ סך פאַרשטענדלעכער אָדער אינגאַנצן פאַרשטענדלעך. דער פאַרבײַט פונעם העברעיִשן טאָפּל־סגולדיקן שקץ אויפן ייִדישן שייגעץ האָט געפירט צו אַ מין אונטער־פאַרגרעבערונג: שקאָץ אָדער שקוץ, פונקט ווי דער פאַרבײַט פון דעם טאָפּל־סגולדיקן העברעיִשן שרץ האָט געפירט צו אַ מין איבערפאַרגרעבערונג: שראָץ(10). און אָט אַ ציטאַטע, אין וועלכער עס ווערן געבראַכט בײדע פאָרמען — א. יוזוויץ, אין זײַן ליד: „פון חדר״, שרײַבט(11):

אויפן בענקל, שייגעץ איינער,
איך וועל דיִר שוין פאַרגעבן
— אוי, אוי, רבינו, כ׳וועל מעהר ניט,
זאָל איך מיר אַזוי לעבן...
— לערנען דאַרף מען... פאַר אַ שקאָציג
ביסט נאָך יונג לעת־עתה
געזונד נאָר זאָלען זײַן די הענד מיר
דאַנקען וועט דײַן טאַטע.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז עמנואל אָלסוואַנגער ברענגט אַ מעשה מיט אַ פרוי וואָס האָט געהייסן סקאָצל, — אָט די פרוי האָט געהאַט אַ הויקער, און ווען די ווײַבער האָבן באַשלאָסן אַרויף אין הימל און זיך פאַרקלאָגן פאַר זייער ביטערער דאָליע, האָט מען געמאַכט אַ גריבל און זי האָט זיך די ערשטע אַנידערגעלייגט און אַרײַנגעקוועטשט איר הויקער, אַזוי אַז זי איז געווען אַ מין פונדאַמענט אויף וועלכן עס האָבן זיך געשטעלט די ווײַבער איינס אויפס אַנדערע, איז איר אָבער אײַנגעפאַלן זיך איבערצודרייען מיטן הויקער אַרויף, האָט זיך די גאַנצע ווײַבער־פּיראַמידע אַראָפּגעקײַקלט. און פונקט ווי מיר ווייסן נישט, וואָס פאַר אַ שייכות דער נאָמען סקאָצל האָט צו דער ראָל פון דעם ווײַבל און דעם הויקער אירן כיבאי מיר זאָלן וועלן אָנשפאַרן בײַם סלאַווישן קאָס, סקאָס, אין באַטײַט פון קרומקײַט אָדער בײַ קוטשקי אין באַטײַט פון צוזאַמענגעשרומפּנקײַט וכדומה), ווייסן מיר אויך נישט וועגן דער שייכות פון דעם נאָמען צו אַן אַנדערער פאָלקס־מעשה, וועלכע עס ברענגט י. וואַכטער פון ברוקלין, און וועלכע ער האָט קינדווײַז געהערט אין זײַן געבוירנשטאָט, ניישטאַדט אין פוילן — עס איז אַ מעשה מיט שלמה המלך, וואָס איינס פון זײַנע ווײַבער האָט זיך גערופן סקאָצל. און ווען ער האָט געזאָגט וועגן זײַנע טויזנט ווײַבער: ואשה בכל אלה לא מצאתי, טײַטש: און קיין ווײַב (דאָס הייסט: אַ לײַטיש ווײַב) האָב איך צווישן זיי אַלע נישט געפונען, האָט זי געהאַט תרעומת אויף אים, הלמאי ער האָט אַזוי געשריבן, האָט ער איר געזאָגט, אַז אויב זי וועט אים ברענגען נאָך אַזאַ פינגערל, וואָס ער טראָגט, וועט ער זיין זאָג בטל מאַכן. האָט סקאָצל גענומען וואַנדערן אויף דער וועלט און זוכן אַזאַ פינגערל, און ווי זי האָט זיך נאָר געיאַוועט האָט מען איר אַנטקעגן געטראָגן אַ: סקאָצל קומט, אָבער אירע זוכענישן זײַנען געווען אומזיסט. ביז שלמה המלך האָט זיך פאַרקליידט אין אַ בעטלער און האָט איר גע־

(9) דאָרט ז. 336.

(10) און אין מײַן געבוירנשטאָט האָב איך געהערט פון דעם דײַטש־לערער, יוסף ווילדהאַלץ: דו שראָטצבוב, אַ מין שטיפערישער צוזאַמענקלאַנג פון ייִדישן שראָץ און דײַטשישן: ראָטצבוב (סמאַרקאַטש).

(11) „געזאַנגען״, וואַרשע, תר״ע, ז. 15.

וויזן דאָס פינגערל, האָט זי עס בײַ אים געוואָלט אָפּקויפן, האָט ער מסכים געווען בתנאי, אַז זי וועט מיט אים זינדיקן, איז זי אײַנגעגאַנגען דערויף, און ווען זי האָט שלמהן געבראַכט דאָס פינגערל אין פּאַלאַץ אַרײַן, האָט ער זי געפרעגט, ווו זי האָט עס געקראָגן, האָט זי געענטפערט, אַז אַ פרוי האָט עס איר געגעבן. איז שלמה אַרויס און האָט זיך ווידער פאַרקליידט פאַר אַ בעטלער, און ווי זי האָט אים דערזען, האָט זי זיך דערשראָקן, האָט ער איר געזאָגט: איצט ווייסטו שוין נישט האָבן קיין פּאַראיבל, פאַרוואָס איך האָב געזאָגט: ואשה בכל אלה לא מצאתי.(12) די פאָלקס־מעשה פאַרדינט אַ באַזונדערן באַהאַנדל; פאַר אונדז איז איצט בלויז וויכטיק דער נאָמען פון דער פרוי, סקאָצל, וואָס איז ענלעך צו אַנדערן נאָמען פון שלמה המלכס אַ ווײַב, ווי עס דערמאָנט יעקב ליטאַי אין זײַן קאָמעדיע איבער שלמה המלך, בשעת דער העראָלד רופט אויס: „פּנו דרך לבת האלים סקוצלאַמון בת פּרעה הגדול" (מאַכט אַ וואַרע פאַר דער טאָכטער פון די געטער, סקאַצלאַמאָן די טאָכטער פון פּרעה דעם גרויסן).(13).

און זאָל מיר דערלויבט זײַן אַרויסצוזאָגן מײַן השערה, ווי אַזוי סקאָצל האָט זיך געלאָזט פאַרפעסטיקן ווי אַ נאָמען פון אַ פרוי. מיר האָבן שוין געהערט, אַז אונדזער באַגריס־פאָרמל: סקאָצל קומט קלינגט אין דײַטשלאַנד, מעהרן וכדומה: גאָטטעלקום, וואָס לאָזט זיך פאָלקס־עטימאָלאָגיש אָדער סתם מעטאַנאַליטיש אָפּטײלן, ענטפער: גאָט ווילקום אָדער: גאָטל קום(ט); שטעלט זיך אַ קשיה, וואָס האָט זיך דער באַגריסער געטראַכט בײַ אַזאַ אויפטײל. קומט מיר פאָר, אַז ער האָט קודם־כל געקאָנט טראַכטן איבערן דײַטשישן וואָרט: גאָטל אָדער געטל, וואָס זײַן באַטײַט איז אין ענגערן זינען אַ קוואַטערין, אַ קומעבע, אַן אונטערפירערין, און אין ברייטערן, אָדער אויסגעברייטערטן זינען, סתם אַ פרוי, בפרט אַן עלטערע, אַ באַביטשקע, און עס לייגט זיך אויפן שכל, אַז אַזאַ פאָלקס־עטימאָלאָגיש געמיש איז מסוגל געווען צו פאַרשטאַרקן די גוט אײַנגעפונדעוועטע סברה, אַז אונדזער באַגריס־פאָרמל איז מכוון צו פרויען, אַזוי אַז דאָס פאָלקס־עטימאָלאָגישע אויער האָט געהערט אונדזער פאָרמל: גאָטעל קומט, משמע: אַ קוואַטערין, אַן אונטערפירערין, אַ באַבע, אַ מומע, סתם אַ ייִדענע קומט. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן איבער אַ פאַנאַנדערטײל: גאָט ווילקאָם, ווײַל אויך דאָס וואָרט גאָט(ע) האָט געהאַט די באַטײַטן פון גאָטל אָדער געטל. פון דער שפע פון ראיות וועלן מיר זיך באַנוגענען מיט אַ פּאָר אין דיאַלעקט, ווי עס ברענגט זיי פּ. י. ראָטמאַן(14).

הילליג וואר — אונג ליעווער האוט אסס מאָרע
וואוללט דער מיעהלער זאָלל די הוקקזיך זינן
פריין אונג נאָאבער, פּאררע, פּעטט און גאָרע
לאַדט דער שוויעהער צו דער מאָהלצעטט איין.(15)

טײַטש: איז געווען דער חתונה־אָנזאָג, און ליבער הײַנט ווי מאָרגן האָט דער מילער געוואָלט האָבן די חתונה, קרובים און שכנים, דער גלח, דער קוואַטער (אונטערפירער) און די קוואַטערין (אונטערפירערין) האָט דער שווער צו דער מאָלצײַט פאַרבעטן. דאָ קלינגט דאָס וואָרט גאָטע דיאַלעקטיש גאָדע, אָבער אין דעם זעלבן ליד הערן מיר ווײַטער:(16).

ווייווער פונן די נעהסטע נאָבערשדעהרפער
ברענגע פלייססיג איהרע גורע ראָטה
דאָך דעט פרעערע פּאַקקט־ען אימער, שערפער
אונג זאָ זאַהר־עם דאַנן עמאָל זיין גאָטה:
„פריעד, עס איסס אַם ענן
ד'האָאסט שוין קאַלטע הענן"
אונג זאָ וואַר־עט — געהליג וואַר ער דאָאָט.

טײַטש: ווײַבער פון די נאָנסטע שכנישע דערפער ברענגען מיט פלײַס זייער גוטע עצה, אָבער דער פראָסט־פיבער פּאַקט אים אַלץ שאַרפער, און דאָ האָט אים אַמאָל געזען זײַן קוואַטערין: פרידריך, דו עקסט, דו האָסט שוין קאַלטע הענט, און אַזוי איז עס געווען — גיך איז ער געווען טויט. און דעסגלײַכן אין אַן אַנדער ליד (17).

דעט זוננדאַגס זויללט די קירכדאַאָף זינן
דאָ קוממע פּאַטט אונן גאָטה
אונן נאָבערשלייט, דיע היעבאַמם אַאַג,
און קריעהע שנאַפּפּס אונן בראָד.

טײַטש: און זונטיק האָט געזאָלט די קירך־טבילה זײַן, דאָ קומען קוואַטער און קוואַטערין, און שכנים, אויך די הייבאַם, און קריגן בראָנפן און ברויט. די משלים, וועלכע לאָזן זיך באַרײַכערן, זײַנען גענוג פאַרן עצם־באַווײַז, ווי גאָטל האָט געקאָנט ווערן אַ סינאָנים פאַר גלאַט אַן אשה.(18).

---

(12) לויט פון אייביקן קוואַל טאָג־מאָרגען־זשורנאַל, 16 יענער 1961. דער פסוק ווערט געטײַטשט: בכל אלה — (צווישן די אַלע) — בכל אלף — (צווישן די טויזנט).

(13) „מלך ואשמדאי", געדרוקט צומערשט אין „עתידות" און שפּעטער אין בור־פּאַרם, ירושלים, און אַן אָנגאָב פון דרוק־יאָר (אָבער עס איז תשי"ט), ז. 16.

(14) צעגטע אויפ־ Gedichte in Hunsrücker Mundart, לאַג, טריער, 1921, ז.

(15) דאָרט, ז. 15.

(16) דאָרט, ז. 18.

(17) דאָרט, ז. 310.

(18) און אפשר קער זיך אויך אָן אהער דאָס, אין ייִדיש און דײַטשיש, פאַרשפּרייטע ווערטל: עס גייט אים ווי גאָט אין פראַנקרײַך, וואָס האָט זיך דערינען בלערליי אויסטייטשן, אָנגעהייבן פון גאָט ... און געענדיקט מיט גאָטע, דעם גאָטישן פּאָר, אין ... אַז עס איז נישט מער ווי אינדיער גאָטע — אַ ... טערין, און אויב דאָס איז ... א רעקאָנסטרוקציע: ... פרויענקינד, אָבער עס איז נישט מער ווי אַ ... א השערה.

אָבער מיר זײַנען מחויב אונטערצושטרײַכן אַז עס זײַנען פֿאַראַן בולטע עדות פֿאַר אַ קלאָרן פֿאַנאַנדער־שייד. — אָט דערציילט אונדז אַלבערט נעהר אין זײַנע דערציילונגען, וואָס שפּיגלען אָפּ פּאַלאַטינער (פּפֿאַלצער) ייִדיש לעבן, סײַ אין שטייגער סײַ אין שפּראַך (דעריבער האָט ער אויך געשריבן אין די ייִוואָ־בלעטער), אַ מעשה מיט אַ בחור סענדער, וואָס האָט נישט קיין אָרט פֿאַר זײַן כלה פּאולאַ, ברענגט ער זי צו דער אַלטער גענדז־לערקע שרה און זאָגט: „סאָרכע איסט אוונזערע נאַכ־באַרין און איינע געטטעל(19), (שרה איז אונדזער שכנה און מײַן קוואַטערין); די אַלטע שרה ווידער זאָגט: „סענדער איסט יאַ מײַן פּאַטענקינד — איבער 100 יאַהרען בעקאָממט ער יאַ דאָך אַללעס פֿאָן מיר“(20), (סענדער איז דאָך מײַן קוואַטערקינד, נאָך 100 יאָר באַקומט ער דאָך אַלץ פֿון מיר). און אַז דאָס יונגע פּאָרל, סענדער און פּאולאַ, קומען שבת אַרײַן צו זיך אין שטוב, טרעפֿן זיי זייער שוואָגער, זיצנדיק און רויכערנדיק אַ ציגאַר, הערן מיר איבער אים: „גאָדדעלקום! — גריססטע ער אָהנע אאופֿצוזעהען“(21) (סקאַצל קומט האָט ער באַגריסט נישט אויפֿהויבנדיק די אויגן). און ווען סענדער הערט, אַז דער דאָזיקער שוואָגער זײַנער קלויבט זיך צו ברענגען זײַן משפּחה קיין אַמעריקע, זאָגט ער: „ווענגס גאָטטיס ווילל ווער — ווענן ניכט ווידער אַללעס ליגע אונד שווינדעל וואַר“(22) (עס זאָל זײַן גאָטס ווילן, עס זאָל ווידער אַמאָל נישט אַלץ זײַן סאַמע ליגן און שווינדל). זעען מיר דאָך אָפּנבאַר־ליך, אַז דער דערציילער שיידט קלאָר פֿאַנאַנדער, אין דער שמועס־שפּראַך פֿון די נפֿשות צווישן געטל (קוואַטערין), גאָדדעלקום (סקאַצל קומט), ווי אַ ברכה צו אַ פּאָר פֿאָלק, דהיינו צוגלײַך צו אַ מאַן און צו אַ ווײַב, און גאָטס ווילל (גאָטס ווילן).

און מיר טאָרן נישט פֿאַרגעסן, אַז אונדזער פֿאָרמל געפֿינט זיך שוין אין עלטסטן ייִדישן כתב־יד; דאָס איז דער ווערטיקער קעמברידזש־מאַנוסקריפּט, וועלכן לעאָ פֿוקס האָט, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אַרויסגעגעבן.(23) אין דעם דוכס־הוראַנט־ליד, שורה 680 לייענען מיר: „ביש גי וויל קום בון דען קריכן ויל שטולצא קונגין“ (סקאַצל קומט, גרעקישע זייער שטאָלצע מלכה). מיר האָבן פֿאַר זיך די גרונטיקע פֿאָרם, ווי עס האָט זי דערקלערט אַלפֿרעד לאַנדוי, וועלכער האָט דאָס כתב־יד נישט געקאָנט זען, דהיינו: ביז ג(אָט) ווילל קום, וואָס האָט זיך, ווי מיר האָבן געזען, אַנטוויקלט אין מערב־ייִדיש צו: גאָטעלקום און אין מזרח־ייִדיש צו: סקאַצל קומט, און מיר האָבן שוין געקאָנט באַמערקן, אַז אַ פּאָר פֿאָלקישע פּירושים און אַ פּאָר באַנוץ־אופֿנים פֿון ייִדיש־דײַטשישע שרײַבער (קאָמפּערט, קולקאַ) האָבן די דאָזיקע גרונט־פֿאָרעם היפּש דערשפּירט. עס איז אוודאי אינטערעסאַנט, אַז צום ערשטן מאָל ווערט אונדזער פֿאָרמל באַנוצט — אויב נישט ייִדיש ממש איז דאָך אין ייִדישע אותיות, אין וועלכע דאָס דערמאָנטע האָ־ראַנט־ליד איז אויפֿגעשריבן געוואָרן — ווי אַ באַגריס צו אַ פֿרוי, אַ מלכה, אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַ צופֿאַל. מען זאָל נאָכגיין עלטערע ייִדיש־מקורים, וואָלט מען געזען, אַז זיי האָבן פֿון אַזאַ דיפֿערענציאַציע נישט געוווּסט, — אָט אַ שטייגער אין דעם ייִדיש־נוסח פֿונעם מאָטיוו וועגן דער אַלמנה פֿון עפֿעזאָס ווערט גע־בראַכט:(24) „גאַר פֿרײַנטליך זיא אין אַנטפּינגן זי היש אין גאָט וויל קום זײַן“ (זייער פֿריינטלעך האָט זי אים אויפֿגענומען, זי האָט אים געזאָגט סקאַצל קומט). אָבער מיט דורות שפּעטער הערן מיר בײַ יוסף הערץ, וועלכער האָט געשריבן אין באַוואַריש־ייִדישן דיאַלעקט, אין אַ ליד איבער דעם אתרוג און דער לימענע: „גאָטטעלקום שוועסטער, דוא זיכסט מיך ווי גאַר ניכט אַן“(25) (סקאַצל קומט שוועסטער, דו קוקסט מיך גלײַך גאָרנישט אָן). אָבער שלמה ה. מאָזענטאַל שרײַבט איבער איינעם, וועלכער באַגעגנט זײַן חבר בײַם פֿראַנקפֿורטער טויער און באַגריסט אים: גאָדעלקום.(26) ווײַטער קאַרל עמיל פֿראַנצאָז לייגט אין מויל פֿון אַ מאַנצביל וואָס רעדט צו אַ גאַסט אַ ווײַבל: „גאָטטווילקאָממס, איך בין דער ווירט פֿאָם האַאוז“ (סקאַצל קומט, איך בין דער בעל־הבית), פּונקט ווי ער לייגט אין מויל פֿון אַ פֿרויענצימער, וואָס רעדט צו אַן אַלטיטשקער ייִדענע: גאָטטסווילקאָממס, מוהמע מיריאַם(27) (סקאַצל קומט מומע מרים). אָבער אין אַן אַנדערן ראָמאַן זײַנעם באַגריסט אַ יונגערמאַן איינמאָל אַ בחור און איינמאָל אַ ווײַבל מיטן וואָרט: גאָטטס־ווילקאָממס(28). און עס איז דאָך קיין ספֿק נישט, אַז פֿראַנצאָז האָט נישט געהערט אַזוי די פֿאָרמל אין טשאָרטקעוו און אין דער איבעריקער געגנט, וועלכע ער באַשרײַבט אין זײַנע ראָמאַנען; אדרבא, ער האָט אַוודאי געהערט בפֿירוש: סקאַצל קומט און, זײַענדיק אַ גערמאַניסט, האָט ער זיך די גרונטיקע פֿאָרעם קאָנסטרויִרט. ס׳איז אויך אַ ספֿק, אויב ער האָט נאָך געהערט דאָס וואָרט ווילקום אין דער ייִדישער שמועס־שפּראַך, כאָטש עס האָט זיך דערהאַלטן סײַ אין טעקסטן — אַזוי,

---

(19) זשענעווע. Aus Auschers Erzählungen 1947, ז. 25.
(20) דאָרט, ז. 37.
(21) דאָרט, ז. 47.
(22) דאָרט, ז. 48.
(23) „די עלטסטע הײַנט באַקאַנטע ווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור (1382)“, פֿאַרלאַג ע. י. בריל, לײַדן, 1957.

(24) ספר משלים, (קוּא־בוך), פֿון ר׳ משה וואַלאַך, פֿראַנקפֿורט, 1687, דף כ״ב ע״ב (פֿאַקסימילירט דורך דער סאָנצינאָ־געזעלשאַפֿט תרפ״ח).
(25) „אַכתר אָדער דיא בעלאָהנטע טוגענד“, פֿאַרברייטערטע אויסגאַבע, פֿירט, 1854, ז. 93.
(26) Jephtas Tochter (Jüdischer Novellenschatz)
Judith Trachtenberg. (ערשטע אויסגאַבע) 1917, 165-166
(28) ז. 258, 345, 1920 Der Pojaz.

אַ שטייגער, וועגן אליהו הנביא, וואָס קאָן נישט קומען ערב־שבת אָדער ערב־יום־טוב, איז אַז ער קומט מוצאי־שבת דערמאָנט מען אים אַלץ אַ סימן: „דש די צײַט ווידער קומט דז ער מג קומן דא רופין וויר דש ער וויל קום איז(29). (דאָס עס קומט ווידער די צײַט וואָס ער מעג קומען טאָ רופן מיר אויס, אַז ער איז ווילקום); סײַ אין דעם לעבעדיקן שמועס — מרים אולינאָווער, וועלכע איז באַשאָנקען געווען מיט אַן אויסגעאיידלטן פאָלקס־געפיל, באַשרײַבט דעם אוועקפאָר פון דער באָבען:(30) דער מאַרק האָט צעווינקט זיך מיט קלייט און מיט קראָם און ווינטשט איהר אַ שעהנעם, אַ ברייטן ווילקאָם.

אַזוי ווי די פּאָעטעסע האָט גערעדט אַ פּוילישן ייִדיש דאַרף מען אפשר לייענען קראָם—קרום, ווילקאָם—ווילקום.

ז.

דוכט זיך, אַז די געבראַכטע ראיות סטאַרטשן צו באַווײַזן, אַז אין באַנוץ פון אונדזער פאָרמל האָבן זיך צונויפגעמישט דער באַגרוס צו אַ פרוי און דער באַגרוס צו אַ מאַן, און אַ פּרטימדיקער אויספאָרש וואָלט אונדז מסתמא קלאָר געמאַכט די געשיכטע פון דעם צונויפמיש. מיר קענען דערצו ברענגען בלויז געציילטע משלים — אָט ברענגט ריקודה פּאָטאַש, אין איר באַלאַדע איבער דער תפילה פון הינדל־חיה(31):

האָט דער וואַלד מיט זײַנע סאָסנעס זיך פאַרקלערט
נאָר די קוקולקע האָט גערופן:
הינדל חנה, סקאָצל קומט!
געקומען זען אונדז אַלע?
אַזאַ גאַסט פון ירושלים
מיט אַ קריגל מים?

הייסט עס, אַז אפילו די קוקולקע ווייסט, דאָס אונדזער באַגרים־פאָרמל איז מכוון נישט צו אַ מאַנצביל נאָר צו אַ פרויענצימער. אָבער וואָס די קוקולקע ווייסט, האָבן אפּנים אַ סך אַנדערע פאַרגעסן, און אונדזער פאָרמל נעמט באַדינען כלערליי מאַנצבילן, און אָט אַ פּאָר ראיות פון שרײַבער, וואָס טונקען אין פאָלקישע פאָרמען און קענען זיך אויס אויף אַלע זייערע קנייטשן. י. י. טרונק, אַ פאָרשער און רעסטאָראַטאָר פון פאָלקלאָרישן שטייגער, שרײַבט אין אַ דערציילונג, לויט אַ סיפּור־מעשה פון א. מ. דיק, וועלכע ער האָט אויסגעסטראָיעט מיט פאָלקליכער קאָקעטעריע: „וויראַ — קוים האָט דער שרעקלעכער נפש דערזען ר' זכריהן, האָט ער אַ קאָפּ געטאָן מיט זײַנע פאָדערשטע קעמל־קאָפּיטעס און אַ געשריי געטאָן: סקאָצל קומט ר' זכריה — הנה זײַט וויסן שעבערעשינער ייִד(32). אַן אַנדערער דערציילער, אויסגעקנאָטן אין פאָלקוואַרג, א. מ. פוקס, שרײַבט וועגן אַ גנב וואָס קומט בײַנאַכט צו אַ שוסטער, און דער נעמט אים אויף: „הא הא גוטנאָוונט, אַ גאַסט צו אונדז סקאָצל קומט, פאַן סאָליאַש טאַקע זייער אָנגעלייגט, כ'לעבן"(33). דעסגלײַכן פּנחס ביזבערג, וואָס פּראָפּילירט פאָלקס־שטייגער, און באַשרײַבט אַן אַלטע מאַמע, וועלכע איז אונטערן נאַצישן רעזשים, געבליבן עלנט און פאַרלאָזט: „אין דמיון פאָרן באַנען, שיפן שווימען, ברענגען צוריק דעם מאַן, די קינדער... סקאָצל קומט, סקאָצל קומט, שבתי, ליבע קינדער, אַזוי לאַנג געוואַרט אויף אײַך"(34). און אפילו באַשעוויס, אַ לעבעדיקער אוצר פון די ייִדיש־סאָקן און אַלע ניואַנסן, לאָזט אין זײַן דערציילונג, זײַן מאַמען אויפנעמען אַן אַנדערע רביצין מיט אַן אויסרוף: סקאָצל קומט(34), אָדער אין אַ צווייטער דערציילונג הערן מיר: „אַלע האָבן זיך געאײַלט אָפּצוגעבן דעם אורח שלום עליכם אָדער אים ביטן סקאָצל קומט(36).

און אויב פאָלקספּיליקע שרײַבערס זײַנען זיך אַזוי נוהג, איז עס אַ סימן, אַז דער פאַנאַנדערשייד איז שוין אין דער שפּראַכלעכער ווירקלעכקײַט אָפּגעטעמפּט געוואָרן. אמת, פון צײַט צו צײַט הערט זיך אַ שטיקל תוכחה איבער דעם צונויפמיש, און אַזוי האָט דר. י. בערנפעלד(37) זיך געוווּנדערט איבער איציק מאַנגערן הלמאי אין די „מגילה לידער" שרײַבט ער: „סקאָצל קומט מײַן מאַן", דעם דיכטערס מאַמע וואָלט מסתמא אָפּגעפרעגט אַזאַ באַנוץ, אַ מאַן איז דאָך נישט קיין ווײַב, מען זאָל אים אַזוי באַגריסן. און ער ברענגט דאָרט דעם העברעיִשן איבערזעץ פון אונדזער פאָרמל לויט א. בערעזיאַקס (בזק) ווערטערבוך: סקאָצל קומט — ברוכה הבאה, און נאָטירט בקיצור די געשיכטע פון זײַנע דערקלערן. ווילן מיר איצט אָנווײַזן אויף אַ פּיקאַנטן פאַל— אריה שענטאַל איז אויסגעקומען, אין אַ העברעיִשן אַרטיקל, צו באַגריסן איציק מאַנגערן, פאַרענדיקט ער: „סקאָצל קומט איציק מאַנגער. אורח יקר בא אלינו"(38) (אַ טײַערער גאַסט איז צו אונדז געקומען). עס איז ווי אַ בומעראַנג, וואָס קערט זי אום צו דעם, וואָס האָט אים געשליידערט.

איז שוין גאָר קיין וווּנדער נישט, אַז אין דער שפּראַכלעכער רוטינע האָט זיך דער פונאַנדערטייל פאַרגעסן, אַזוי אַז נישט בלויז ווער עס דאַוונט שלא עשני אשה נאָר אפילו דער וואָס טאָר אַמאָל נישט נעמען קיין אשה, איז זוכה צו אונדזער גרוס, — האָט דאָך העניך אַקערמאַן אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל אַזוי טיטולירט:

(29) ספר מנהגים, אמשטרדם, 1724, דף ב' ע"ב.
(30) אין עזרא קאָרמאַנס אַנטאָלאָגיע פון ייִדישע דיכטערינס, ז. 138.
(31) צומערשט געדרוקט אין „צוקונפט", יאַנואַר, 1954.
(32) „ר' זכריה אין גיהינום", „טאָג", נומער 14857.
(33) „דער שטערן־שיין", לעצטע נײַעס, ערב פּסח, תש"ד.
(34) „שבת יומטובדיקע ייִדן", בוענאָס אײַרעס, 1949, ז. 179.
(35) „מענטשן אויף מײַן וועג", „פאָרווערטס", 28 מאַי 1960.
(36) „דער באַל", „פאָרווערטס", יובל־נומער.
(37) אַ ביגל ווערטער און אַ פּאָר ווערטער אַרום זיי, קוגבט און וויכנישאַפט. פּאַריז.
(38) פּרקים, וכו', חיפה, העפט 3, סיון תשי"ח

„סקאָצל קומט — דער כומר איז דאָ"(39). נו, אז מען באַגריסט אַזוי אַ גלח — איז שוין דוכט זיך, יעדער אַ קאַנדידאַט צו אונדזער פֿאָרמל.

אויך אין העברעיִש איז אונדזער פֿאָרמל אַרײַן, און דווקא ווי אַ באַגריס צו אַ מאַן — אַזוי שרײַבט אורי צבי גרינבערג:(40)

מי בא ללוות בהלוכו הנמוך?
זה אלטר האיש, הרשום בדף שיר —
סקוצל קומט אלטר! הבנת לבוא
בשעה הנכונה ללוית החי
שיצא מנכסיו והוא חפשי ללבו.

טײַטש: ווער איז געקומען באַגלייטן מיט זײַן סילע־וואַטן גאַנג, עס איז אַלטער דער מאַן, וואָס איז פֿאַר־צייכנט אין אַ בלאַט ליד, סקאָצל קומט אַלטער, האָסט פֿאַרשטאַנען צו קומען, אין דער רעכטער שעה, צו דער לוויה פֿון אַ לעבעדיקן, וועלכער איז פּטור פֿון זײַן האָב און איז פֿרײַ צו זײַן האַרץ.

ח.

אָבער אין פֿריערדיקע דורות איז די דיפֿערענציאַציע געווען אַ פֿעסטע: ברוך הבא פֿאַר מענער און גאָטלקום אָדער סקאָצל קומט פֿאַר ווײַבער, אַזוי אַ שטייגער, לייע־נען מיר אין אַ ייִדיש־פּאַראָדיע אויף „די גלאָקקע" (דער גלאָק) פֿון שילער — אַ פּאַראָדיע, וואָס באַרירט דעם באַקאַנטן פּולמוס־ההיכל (טעמפּל פּאָלעמיק) אין האַמבורג, און ווו עס רעדט זיך מכוח אַן אַנגעהאַקטן שידוך:(41)

אָה ווייה! וואָס גיבט עס דאָ פֿאַרן שאַבבעס
מיט זיבבן און זיעבבעציג באַרכהאַבעס
אונד הונדערט צעהן עסגאָטטעלקוממט.

טײַטש: אוי ווי, וואָס פֿאַר אַ שבת איז דאָ געווען, מיט זיבן און זיבעציק ברוך הבאס און הונדערט צען סקאָצל קומטס (דער צאָל־אונטערשייד איז אַפּנים אַ רמז אויף דער ווײַבערישער באַרעדעוודיקײַט). אָבער הײַנט־צו־טאָג ווערן ביידע ברכות באַנוצט לגבי מענער — שלום עליכם לאָזט אַ קירזשנער זאָגן צו דעם טאַטן פֿון אַ קינד: „ברוך הבא, אַ שכן, סקאָצל קומט!"(42) און ישעיה שפּיגל באַשרײַבט דעם אָנקום פֿון ייִדיש־דײַ־טשישע פּליטים קיין פּוילן: „„סקאָצל קומט, ברוך הבא געסט — גיט נאָר אַ קוק אויף דײַנע רבנים"(43); הערץ בערגנער איז אַפֿילו מדקדק אין דער פֿאָנעטיק: ביכאַבע (ברוך הבא) סקאָצל קומט, האָבן אים די חברים אויפֿ־גענומען מיט שפּאָט און מיט חוזק"(44). פּונקט ווי ביידע ברכות זוערן באַנוצט לגבי אַ פּרויענצימער, כאָטש די דוגמות זײַנען אַ סך ווייניקער, — אַזוי שמעון פֿרוג איבער אַ ייִדישע פּרײַלן, וואָס שעמט זיך נישט מיט דעם לשון פֿון איר פֿאָלק און יאָגט נישט אין קלוב פֿון אירע באַקאַנטע, כדי

צו הערן דאָרט אַ סקאָצל קומט
זשידאָווקאַ — ברוך הבא(45).

דאָס פּיקאַנטע דערבײַ איז, אַז גוייִם באַגריסן זי מיט אונדזערע צוויי ברכות. איז שוין גאָר קיין חידוש נישט, אַז אונדזער באַגריס־פֿאָרמל ווערט אָנגעווענדעט לגבי בעלי־חיים, צײַטן, באַגריפֿן וכדומה(46), זאָגט טאַקע שלום עליכם: „די תוכחה איז אַ קאָמפּלימענט, אַ סקאָצל קומט קעגן זייערע קללות(47). אַ קימאַ־לן, אַז אונדזער פֿאָרמל איז אַ שם־דבר פֿאַר כלערליי שבח און ברכה.

ט.

און איצט מאַכן מיר אַ שפּרייז צוריק צו די פּרוּוון פֿון דער פֿאָלקס־עטימאָלאָגיע אויסצוטײַטשן: סקאָצל קומט — סיקעצל קומט אין שייכות מיטן ענין ואתא שוורא, און מיר וועלן ברענגען צוויי ציטאַטן, וואָס זײַנען דערויף מרמז — איינע, ווײַזט אויס, אַ צופֿעליקע, פֿון מאַטעס דײַטש וואָס שרײַבט, אין אַ ליד איבער ייִדיש־לשון:(48)

אַ ווילד געשריי פֿון גורלדיקן סקאָצל קומט!
אַזוי־אומגעריכט פֿאַלט אַרײַן די וואַכע וואַכיקייט,
אַ קאַץ מיט הונגעריקע קעצלעך וואָס מיאַוקען,
זי פֿרעגט העזהדיק פֿאַרשײַט און פֿאַרשמײַעט,
ווי שפּעט איז דער זייגער אויף דער וועלט.

די אַנדערע, אַ בכיוונדיקע, פֿון ש"י עגנון, וואָס באַ־שרײַבט, ווי די קעבין צירל־טריינע קומט צו יששכר שד פֿרעגן וועגן דעם גורל פֿון דער פֿאַרשווונדענער קאַץ, לאַסונקע: „הניח (יששכר) את הזרדים וקיפל את כפו על עיניו ואמר בלשון של חיבה סקוצל קומט, פירוש באה החתולה כדרך שמקדמים פניה של אשה זקנה שנכנסה לבית שדרכן של זקנות להיות לקקניות כחתולים(49),

(39) „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל", 20 פֿעברואַר 1960.
(40) „מישתה גלמודים בהאי עלמא", מאזנים, תשרי תשכ"א.
(41) Das Lied vun die Kuggel אַלטונאַ.
(42) „אַ פֿאַרשטערטער פּסח".
(43) „מלכות געטאָ", 1947, ז. 55.
(44) „אַ שטאָט אין פּוילן", מעלבורן, 1951, ז. 458.

(45) „שלח מנות, אַ פּורים־ליעדעל".
(46) אַ פּאָר דוגמות — משה דוד ג י ס ע ר שרײַבט אין אַ ליד: „און ס ק אָ צ ל ק ו.מ ט הער איך אין ק ר יי פֿ ו ן אַ ה אָ ז", יצחק ב ע ר ל י נ ע ר שרײַבט: „ס ק אָ צ ל ק ו מ ט, ס ק אָ צ ל ק ו מ ט ט אָ ג ד ו פֿ אַ ר ש נ יי ט ע ר"; איציק מ אַ נ ג ע ר: „ס ק אָ צ ל קו מ ט דעם ש ב ת וואָס קומט אָן, אַ זײַ געזונט לשבת קודש וואָס פֿאַרגייט"; יעקב ג ל אַ ט ש ט יי ן שרײַבט: „ס ק אָ צ ל ק ו מ ט! שוין לאַנג נישט געהערט דעם טײַערן אויסדרוק „ב כ ל ה ג ו יִ ם"; ש ל ו ם ע ל י כ ם, רב ה מ ש ד, אָדער ס ק אָ צ ל ק ו מ ט, טײַערער ה מ ש ד".
(47) „די רויטע ייִדעלעך".
(48) זייגער... ייִדיש..., ווײַטער, העפֿט 19.
(49) אין זײַן בוך „הכנסת כלה", לעצטער נוסח, דאָס קאַפּיטל, אין דער נײַער פֿאָרם, איז צוערשט געדרוקט געווען אין „הארץ", ערב ראש־השנה תשי"ג, און איז שפּעטער אַרײַן אין זײַנע כתבים. דער פּאַסוס, וועלכן מיר ברענגען איז אין דעם ערשטן נוסח פֿון „הכנסת כלה" נישט געווען.

(האָט יששכר אוועקגעלייגט די ריטלעד און פאַרלייגט די האַנט איבער די אויגן און לאַשטשנדיק אַ זאָג געטאָן סקאָצל קומט, טײַטש דאָס קעצל איז געקומען, ווי מען נעמט אויף אַן אַלטע ייִדענע, וועלכע קומט אַרײַן אין שטוב, ווײַל דער דרך פון אַלטיטשקע איז, אַז זיי זײַנען נאַשערינס ווי די קעצלעך). דרינגען מיר אַרויס, אַז דער דערציילער שטעלט זיך באַוווּסט אין תחום פון פאָלקס־עטימאָלאָגיע און פאַרטאָפּלט זי נאָך, ווײַל לאַ־די וואָס ער טײַטשט אויס סקאָצל מילשון קעצל, מאַכט ער עס נאָך אַ שם־דבר פאַר אַן אַלטע ייִדענע, וואָס האָט אַ בשותפותדיקע מידה מיט דער קאַץ — זיי זײַנען ביידע נאַשערינס. אויב ער האָט דאָס פּשטל געהערט אין זײַן געבוירנשטאָט, בוטשאַטש, געפינען מיר דעם דרוש: סקאָצל־קעצל אין דרײַ פאַרשיידענע פונקטן אויף דער ייִדישער מאַפּע פון פוילן.(50).

(50) אונדזער פאַרמל לעבט נאָך איצט, סײַ ווי אַ מאַגיש אָפּשפּרעכן סײַ ווי אַ שטיפערישע גימטריא — ד״ר שמואל אײַזע־באַך האָט מיר פאַרוויזן אויפן אַרטיקל פון בערנהרט גען איבער מאַגישע רעצעפּטן (ידיעות פון קנאלל, אפריל 1931), ווו עס ווערט דערמאָנט דער מנהג, צו נעמען אינדערפרי אַ קינד און עס אויפצו־הויבן אַקעגן דער זון און זאָגן אַ פאַרמל, וואָס הויבט זיך אָן: זײַ מיר גאטט ווילקאממען זאננענשײַן; ד״ר יום־טוב לעווינסקי ווײַטער באַמערקט, אין זײַן אויבנדערמאָנטן אַרטיקל, אַז אין געוויסע לענדער ווערט די ירושלימער ראַדיאָ־סטאַנציע אָנגערופן קוצל־קו'ל צ'יון ל'גולה, און אַז מען וויל מרמז זײַן אויף אַן אווידיציע זאָגט מען: סקוצל קומט.



משה פײַגענבלום — „חצות"



אפרים אויערבאַך / ניו־יאָרק

# די ראַטאָנדע

(פונעם בוך „אלה תולדות אפרים")

אַז די מאַמע האָט אָנגעטאָן די נײַע ראָטאָנדע,
האָט געשײַנט אין איר יעדער קנייטש און פאַלב,
ס'איז דאָס פוטער טונקל, נאָר הערעלעך בלאָנדע,
מיט אַ רויטלעכן נאָכגלאַנץ, ווי פרייאָר אַ שוואַלב.

דעם פאַרוק האָט די מאַמע פאַרקעמפט מיט אַ שרינטל
און פאַרהילט מיט אַ זײַדן בארעטל פון בראָד,
אויף די הענט אַ מופטע, מיט שפּיצן אַ בינטל,
און געגאַן אין בית־מדרש צו רעדן צו גאָט.

אויפן שניי האָבן קראָען אויסגענייט קווייטלעך
און אַליין פאַרפלויגן אויף קאַלטע פליט,
ס'האָבן מענער אין קוטשמעס און ווײַבער אין שייטלעך
נאָכגעקוקט איר, ווי פאַוואָליע זי גייט.

— אַזאַ גאַנג איז נאָר בײַ אַן אמתער פּריצה, —
האָבן ווײַבער געשאָקלט מיט פאַרפראָשעטע קעפּ.
— אַז זי מיינט אַוואָדע, אַז צום הימל פליט זי
און סך־הכל וואַשט זי אַליין גור די טעפּ...

דאָס האָט טוביה געזאָגט, דער ביטערער שכן,
וואָס האָט רק עבירות געזוכט מיט אַ ליכט.
ס'האָט די באָרד בײַ אים זיך קוים אַרויסגעשטאָכן
און דער קאָפּ זיך געהוידעט, ווי אַ פאַלש געוויכט.

נאָר די מאַמע האָט געהערט דעם שנייִיקן סקריפּע
און געוואָלט פאַרשטיין זײַן האַרטן באַשייד.
נישט געאַרט האָט זי, וואָס סע רעדט דאָרט אַ קליפּה, —
אַז די צונג איז לויז, זײַנען לויזער די רייד.

אַז דאָס האַרץ איז פֿרום, איז נאָך פֿרימער דער הולך,
גייסט דאָך רעדן צו גאָט מיט אַ פֿולן געמיט, —
אָ, איר ייִדישע טעכטער, אַז גוט און ווויל אייַך,
וואָס דאָס האַרץ זינגט איר אויס צו גאָט, ווי אַ ליד.

און צו רעדן צו גאָט האָט די מאַמע געהאַט וואָס,
ווי אַ שטייגער דער אומעט, וואָס גיט אַ באַפֿאַל,
און דו ציסט אים און ציסט, ווי אַ שוסטער די דראַטווע,
צי דו וויקלסט אים גאָר אין אַ וואָלענעם שאַל.

פֿון דער וועלט איז געגאַנגען דאָס טעכטערל איטע
און איר איבערגעלאָזט נאָר דעם ליכטיקן קוק,
מיטן אָפּשייַן פֿון פֿריע רויזן צעבליטע,
מיטן קינדערשן שמייכל, וואָס טרויערט שוין קלוג.

אַז דער טרויער איז נאַקעט, איז דער מענטש געפֿאַלן,
איז דערפֿאַר דעק אים צו און האַלט אים געגרייסט,
ס'איז דער פֿרעמדער אויף אים אַ דאָרשטיקער בעלן,
דיר אונטערצוטראָגן אַ קווערטעלע טרייסט.

האָט די מאַמע איר טרויער אין דער נייַער ראָטאָנדע,
ווי אַן אתרוג אַ הדר מיט ליבשאַפֿט פֿאַרהילט,
און גערעדט צו איטען: וואָס האָב איך געטאָן דען?
נאָר אין זיך דאָס געוויין, ווי ווייַן אָפּגעקילט.

אַז זי גייט אין בית־מדרש איר אומעט אַ גלעט־טאָן,
וועט זי רעדן צו גאָט מיט פֿאַרשוויגענעם קול,
ווי די מוטער רחל האָט אויף קינדער געבעטן,
ווען מתפּלל געווען האָט יצחק אין טאָל.

אין דער ווייַבערשער שול האָט די מאַמע געשוויגן,
נאָר מיט אויגן געטרונקען אין סידור דאָס בלאַט,
ביז דער טרויער אין איר איז געוואָרן אַ ניגון,
אַ דערוואַרעמט געזאַנג אינעם פּראָסטיקן שבת.

ס'האָט דער חזן געהאַלטן בייַ אתה הראית
און דאָס רייניקייַט צו דעם שולחן געבראַכט,
האָט די מאַמע דערשפּירט, ווי טרערן הייסע
אויף איר פּנים פֿאַלן, ווי טוי אין דער נאַכט.

זי האָט באַלד פֿאַרמאַכט אויפֿן שלאָס דאָס סידור
און זיך אויפֿגעשטעלט מיט אַ מלכהשן שטעל, —
אַז דאָס האַרץ צו די אויגן אַ טיאָכקע גיט דיר,
גיי אַרויס מיט דעם אויף יענער זייַט שוועל.

אויפֿן וועג אַהיים האָט געשפּילט די ראָטאָנדע
מיט דער זון און מיט קאַלטע דימענטלעך שניי, —
נישט אומזיסט, וואָס יענעם גאַנג איך דערמאָן דאָ,
ווייַל איך כאַפּ זיך אַמאָל, אַז ווי זי איך גיי.

איר גוט שבת אין שטוב האָט אָפּגעקלונגען
ווי דער קלאַנג פון א צעשפּאָלטענער טאַץ,
ס'האָט דער שבת פון איר אַרויסגעזונגען,
ווי מען גיט מיט אַ נאָגל אויף זילבער אַ קראַץ.

כ'האָב דעם חלום ־אירן נישט פאַרשטאַנען,
נאָר געזען האָב איך אים אויף איר בלייכער הויט,
ווי ער הייבט־אָן ביסלעכווייַז צו וויאַנען,
ווי פאַרנאַכטיק ווערט ער שיטער פאַרגרויט.

ס'איז אַ חלום געווען, האָט די מאַמע געוויקלט
איר געדאַנק, וואָס אָנגעהויבן האָט זי אין גאַנג,
און אַרויסגעקוקט צום פאַרדומפּענעם ליקל,
ווי אַ שמאָלער טאָג האָט אייביק געצאַנקט.

די ראָטאָנדע, מיט ווינטער האָט געגעבן אַ פינקל
און זיך אויסגעלאָשן אויף אַן אייביקער נאַכט,
אַז פאַרלייגט האָט די מאַמע זי אין אַ ווינקל
און דעם חלום אירן, ווי אַ טיר צוגעמאַכט.

אונדזער לעבן ווי אַ גילדענער זוים איז
אויף אַ טונקעלן הימל אַמאָל אין שבת,
און געווען אַזוי דער מאַמעס חלומות,
וואָס זי האָט אין יינגערע יאָרן געהאַט.

אַז איך זע אַ פויגל, ווי ליכטיק ער פליט דאָ
צו דער נאַכט אויף אַ בוים אין צווייַגנגעדריי,
ווערט דער מאַמע חלום פונעם שוועסטערל איטע
ווידער שטיל פאַרוויאַנעט, ווי דענצמאָל אין שניי.

און דעם חלום בין איך אַצינד נאָך נישט פּותר, —
אין ראָטאָנדע איז ער נאָך ביז איצטער פאַרהוילט —
נאָר געווען איז ער אַ טרויעריק גרויסער
ביז ער האָט זיך בייַ איר אַ שאָטן פאַרקנוילט.



משה פייַגענבלום — „ערב שבת"




**אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער**

**לעאָן פּאַך** — אַ מאָזאַיִק. אין דער מיטל־שול „שלום עליכם". אַ פּילזײַטיקער און רײַפער קינסטלער, מײַסטער פֿון אַ פּערפעקטער טעכניק און פּערזענלעכן סטיל. האָט נאָכן פֿאַרענדיקן די היגע אַקאַדעמיע פֿאַר שיינער קונסט זיך אָפּגעגעבן מיט סצענאָגראַפֿיע. מאָרים שוואַרץ, יוסף בולאָוו און בן־עמי האָבן מיט פּאָכס סצענאָגראַפֿיע אויפֿגעפֿירט פֿיל ווערק אין ב. אײַרעס און ניו־יאָרק. זײַן קינסטלערישע אויפֿמערקזאַמקייט האָט אויך נישט אויסגעלאָזן דאָס אייגנאַרטיקע פֿון אַרגענטינער נאַטירלעכן און סאָציאַלן פּייזאַזש, און דערגרייכט אַ זעלטענע פּערפֿעקציע אין די אימפּרעסיעס פֿון מדינת ישראל.

מ. שענדעריי / בוענאָס איירעס

# סך־הכּלען פון אַ יאָרהונדערט

## צום ערשטן יאָרהונדערט קיום פון יידישן ישוב אין אַרגענטינע



דער יידישער ישוב אין אַרגענטינע איז איינער פון די דינאַמישסטע ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע, ער איז אויך דער עלטסטער און דער אָריגינעלסטער, און אַ רייע נאָענטע ישובים ווי טשילע, אורוגוויי, בראַזיל, האָבן פון אים עפּעס געקאָנט אָפּלערנען.

דער ישוב איז אַ שפּליטער פון גרויסן עמיגראַציע־שטראָם, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון אייראָפּע נאָכן דורכפאַל פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און נאַפּאָלעאָנישער אימפּעריע, ווען דער לעגיטימיזם, די ־רעאַקציע און דער אַנטיסעמיטיזם האָבן זיך געשטאַרקט אין כמעט גאַנץ אייראָפּע, מיטן אויסנאַם פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַ פּאָר קלענערע מדינות. האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַ שטראָם פון יידישע אימיגראַנטן אין דער נייער וועלט, קיין אַמעריקע: זינט 1818 פון דייטשלאַנד, און זינט 1881 אויך פון רוסלאַנד, ווו עס האָט דאַן געלעבט דער רוב מנין ובנין פון יידישן פאָלק.

אָבער עמיגראַציע האָט דאַן געמיינט בעיקר קיין צפון אַמעריקע. לאַטיין־אַמעריקאַנער שטאַטן האָבן זיך נאָך ניט געהאַט אינגאַנצן באַפרייט פון שפּאַנישן יאָך, אָדער זיי האָבן געהאַלטן אין אָרגאַניזירן זייער זעלבסטשטענדיקייט און זיינען נאָך געווען שטאַרק אונטער דעם איינפלוס פון דער קירכע, כאָטש אין 1821 איז שוין אין אַרגענטינע פּראָקלאַמירט געוואָרן רעליגיעזע פרייהייט, ווען אַפילו נאָך נישט קיין גלייכקייט. די באַגרענעצטע פרייהייט האָט ניט געקאָנט האָבן אין אויג קיין יידן, וואָס האָבן נאָך ווען אַרגענטינע קיין אַנונג ניט געהאַט. אַפילו אין די נייַנציקער יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ יידישע עמיגראַציע קיין אַרגענטינע אין אַ גרעסערן פאָרמאַט, האָט אַ יידיש פאָלקס־ליד באַצייכנט דאָס לאַנד ווי:

„מעבר לים ערגעץ<br>
קיין אַרגענטינע..."<br>
עס איז געווען ממש עק וועלט.

דאָך האָבן זיך שוין יידישע יחידים פון דייטשלאַנד באַזעצט אין אַרגענטינע אין די דרייסיקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, און אין דעם מיליטער פון אורקיסאַ וואָס האָט באַזיגט די דיקטאַטור פון ראָסאַס אין 1852, זיינען געווען צוויי יידן, ביידע געקומענע פון אויסלאַנד. און ביי דער ערשטער יידישער חתונה אין נאָוועמבער 1860 איז שוין געווען אַ מנין, אַ ייד וואָס האָט געקאָנט מסדר קידושין זיין, אָנשרייבן און לייענען אַ כתובה. און מיט צוויי יאָר שפּעטער דאַוונט מען שוין אין אַ ימים־נוראים במנין. אין 1868, ווערט דעפיניטיוו געגרינדעט די „קאָנגרעגאַציע" אין 1872, דער ערשטער וווילטעטיקער פאַריין, אין 1879 די ערשטע ח"קדישא, אָבער אין 1888, ווערט נאָך דער יידישער ישוב געשאַצט קוים אין אַ טויזנט נפשות.

אָט דער קליינער קיבוץ, וואָס האָט מיט אַלע כוחות געשטרעבט צו דערהאַלטן זיך ביי יידישקייט, האָט שוין געהאַט צו קעמפן מיט אַ מכה וואָס קיין אַנדער יידישער ישוב האָט אַפילו ניט געחלומט וועגן אַזאַ פּלאָג: די טמאים, די פרויענהענדלער, זיינען שוין דאַן געווען אין לאַנד, און זיי האָבן דווקא פּאַראַדירט מיטן יידישן נאָמען, וואָס זיי האָבן געמאַכט צו שאַנד מיט זייער עקלהאַפטן מסחר, און דאָס האָט געשטערט אַז יידן זאָלן זיך לייכט לאָזן דערקענען אַלס אַזעלכע. מען האָט געדאַרפט האָבן גייסטיקע גבורה צו גרינדן אַ שיל, פאַרלייגן די יסודות פון אַ יידישן לעבן, שטרעבן צו קבר־ישראל נאָך 120 יאָר, אין אַ סביבה פאַר וועלכער דער אַבסטראַקטער ייד איז געווען אַ קריסטוס־מערדער און אויף אייביק אַ פאַרשאָלטענער, און דער קאָנקרעטער ייד, איז מערסטנטייל געווען אַ פרויענהענדלער. איז עס גאָר קיין חידוש ניט וואָס יידן האָבן געזוכט צו פיגורירן לויטן לאַנד פון זייער אָפּשטאַם: ענגלענדער, פראַנצויזן, דייטשן, אַפילו רוסן, נעמען וואָס האָבן געקלונגען מער בכבודיק, און ווייטער פון דעם אָפּשײַלעכן נעזינדל.

איז עס קיין חידוש ניט וואָס די צאָל געמישטע חתונות איז געווען אַזוי גרויס, וואָס סיי דער ערשטער ראַביי סיי דער ערשטער פרעזידענט פון דער ערשטער שיל די

„קאָנגרעגאַציע" האָבן געהאַט קריסטלעכע פּרויען. קיין אַנשטענדיקע ייִדישע פרויען זײַנען נאָך אין לאַנד ניט געווען, סײַדן די וואָס זײַנען שוין געקומען פאַרהייראַטע און האָבן נאָך ניט געהאַט קיין מיידלעך אין עלטער פון חתונה האָבן. האָט אַ גרויסע טייל פון ערשטן ישוב, ביז סוף אַכציקער און אָנפאַנג נײַנציקער יאָרן, זיך אַסימילירט, פאַרשוואונדן אין דער אַרומיקער סביבה, בלויז אייניקע פון זייערע קינדער דערהאַלטן אַ בלאַסן אָנדענק פון זייער ייִדישן אָפּשטאַם.

און דאָך זײַנען ניט גערעכט די וואָס האַלטן אַז די ייִדן פון דער דאָזיקער ערשטער תקופה דאַרפן אינגאַנצן אויסגעשטראָכן ווערן פון אונדזער ישוב. עס איז טאַקע אמת אַז אַ סך פון זיי האָבן ניט געלאָזט פאַרן ישוב זייערע קינדער, זיי האָבן אָבער געגרינדעט און געהאָלפן גרינדן אַ רײַע אינסטיטוציעס וואָס זײַנען דער יסוד פון אונדזער ישוב, די „קאָנגרעגאַציע", די ערשטע צדקה־חברה, די ח. ק. פון וועלכע די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין ישוב, ציט יניקה, ווען זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גרויסן טעמפּל וואָס האַלט אָן דעם נאָמען „קאָנגרעגאַציע". אין דער צדקה־חברה „עזרה" וואָס האָט אויפגעבויט דעם ייִדישן שפּיטאָל, אין דער איצטיקער קהלה. די אָנשטרענגונגען פון די ערשטע יחידים זײַנען ניט געגאַנגען לאַבוד, זייער ווירקונג פילט זיך ביז הײַנט צו טאָג.

פון 1889 ביז 1904-5 אַנטוויקלט זיך אַ מאַסן־אימיגראַציע אויפן יסוד פון קאָלאָניזאַציע, וואָס האָט גורם געווען צו דער גרינדונג פון דער יק"אַ אין 1891, אַן אינסטיטוציע וואָס האָט אָנגעפירט אַ פאַרצווײַגטע טעטיקייט לטובת ייִדן ווו נאָר זיי האָבן זיך געפונען. ס'הייסט אין וועלט־מאַסשטאַב, און זי דאַרף פאַררעכנט ווערן ווי די פאָרגייערן פון דעם „דזשוינט", מיטן חילוק, וואָס דער „דזשוינט" איז געשאַפן פון אַ רבים, און די יק"אַ האָט געשאַפן אַ יחיד, באַראָן הירש, און זײַן פרוי באַראָנעסע קלאַראַ, וואָס דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי די אבות פון אַרגענטינער ייִדישן ישוב.

די קאָלאָניזאַציע איז געווען אַ געוואַגטע אונטערנעמונג, וואָס האָט אויסגעוויזן לײַכט און איז באמת געווען שווער, זייער שווער. פון די ניט־ייִדישע קאָלאָניעס וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו גרינדן אין יענע צײַטן און אויך שפּעטער, זײַנען זיך אַ סך צופאַלן, די ייִדישע קאָלאָניעס האָבן זיך דאָך דערהאַלטן ביז הײַנט, ווען אפילו אַ סך פון זיי זײַנען שטאַרק אײַנגעשרומפּן געוואָרן. ייִדישע עקשנות און אידעאַליזם האָבן זיך אויך דאָ אויסגעשפּילט.

מען דאַרף געדענקען אַז די קאָלאָניזאַציע האָט געהאַט ווייניק טעכניקער. די קאָלאָניסטן האָבן רעלאַטיוו ווייניק געוווּסט פון ערד־אַרבעט. די אַדמיניסטראַטאָרן און דירעקטאָרן האָבן מערסטנטייל געוווּסט ווייניקער פון זיי, און דאָס ביסל וואָס מען האָט יאָ געוווּסט איז געווען פון דער דערפאַרונג אין אַנדערע לענדער, אונטער אַנדערע קלימאַטן, און האָט ווייניק געקאָנט העלפן אין די אויסטערלעשע אומשטענדן פון אַרגענטינער קלימאַט, וואָס איז נאָך ניט געווען אײַנגעשטעלט, און האָט צו יעדער צײַט געגעבן ניט־אָנגענעמע סורפּריזן מיט זײַנע שלאַקסרעגנס אָדער לאַנגע טרוקענישן, מיט שטורעם־ווינטן און ציקלאָנען און מחנות היישעריקן, וואָס האָבן געקאָנט אין אייניקע שעהן, צי גאָר מינוטן צעשטערן די פּראַצע אַף וועלכער דער קאָלאָניסט האָט געהאָרעוועט חדשים.

די קאָלאָניזאַציע האָט עם אַלץ איבערגעטראָגן. בײַ די קאָלאָניעס האָבן זיך געגרינדעט שטעטלעך, וואָס האָבן זיך גאָר פֿײַן אַנטוויקלט, אין די באַזעצטע פּונקטן וואָס די ייִדישע קאָלאָניזאַציע האָט געשאַפן רעכענען זיך אין די צענדליקער.

אָבער שוין פון איר סאַמע אָנפאַנג, ניין יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער יק"אַ, אין יאָר 1900, באַרײַכערן די קאָלאָניסטן דאָס לאַנד און דעם ישוב מיט אַן איניציאַטיוו, וואָס שפּילט ביז הײַנט אַ גוואַלדיקע ראָלע אין דער עקאָנאָמיק פון לאַנד: דער קאָאָפּעראַטיוויזם.

ייִדן זײַנען די איניציאַטאָרן און די אָריענטירער פון דער קאָאָפּעראַטיוויסטישער באַוועגונג אין לאַנד. לכתחילה אויפן אַגראַר־געביט, אין די קאָלאָניעס; שפּעטער אויפן געביט פון מסחר, אין די שטעט; נאָך שפּעטער אויפן געביט פון קרעדיט, דורך די פּאָר הונדערט קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס און בענק, וואָס זײַנען אין תוך אויך נאָר קאָאָפּעראַטיוועס.

כמעט איינצײַטיק מיט דער קאָאָפּעראַטיוויסטישער באַוועגונג, אין 1900, קומט אויף די ייִדישע פּרעסע אין לאַנד אין 1898. אַ פּרעסע וואָס האָט זיך געווידמעט די פאַרשידנסטע אינטערעסן פון ישוב, סײַ אין שטאָט, סײַ אין דאָרף. אַ פּרעסע, וואָס האָט אָריענטירט דעם ישוב אין זײַנע ערשטע שריט און זעצט פאָר צו אָריענטירן אים ביז הײַנט צו טאָג, אַ פּרעסע וואָס האָט באַמוטיקט די שאַפונג פון דעם גרעסטן טייל אינסטיטוציעס, האָט געוועקט איניציאַטיוון, געזוכט צו דערהויבן דעם קולטור־ניוואָ, און איז הײַנט צו טאָג פאַררעכנט פאַר איינער פון די אָנגעזעענסטע לאַנדעס פּרעסעס אין דער ייִדישער וועלט, וואָס האָט אַ שם סײַ מיט אירע ייִדישע, סײַ מיט אירע ייִדיש־שפּאַנישע אויסגאַבעס.

די תקופה פון 1889—1904 איז די צײַט ווען עס זײַנען פאַרלייגט געוואָרן די סאַמע יסודות פון אונדזער ישוב אין זײַן הײַנטיקער פאָרמע.

די אימיגראַציע פון 1904—1914 ברענגט אין לאַנד אַ אידעאַליסטיש באַגײַסטערטע מאַסע פון אַרבעטער און קליינהענדלער, וואָס בלײַבט מערסטנטייל אין שטאָט, כאָטש פאַר דער צײַט ווערן געגרינדעט די מערהייט יק"אַ קאָלאָניעס. די דאָזיקע אימיגראַציע אַנטוויקלט אויפן עקאָנאָמישן געביט די קליין־אינדוסטריע, וואָס האָט זיך אַזוי

צובליט פאַר די קנאַפּע 60 יאָר פון איר קיום, און דעם קלײן־מסחר, די „קוענטאַ", וואָס איז זיך צעוואַקסן אין גאָר אַ גרויסן האַנדל.

די דאָזיקע אימיגראַציע וועט אַרויס אין אַ שאַרפן קאַמף קעגן די טמאים, און וועט זײ סוף כל סוף עלימינירן פון ייִדישן ישוב. ווען אַפילו שוין אין 1899, האָט די ח. ק. באַזײַטיקט דעם נשאר פון אָט די פאַרשוינען וואָס האָבן זיך נאָך אין אים דערהאַלטן. זײַנען זײ נאָך אָבער פאַרבליבן אין ישוב, און געהאַט זײער שטאַרקסטע פאַזיציע אין ייִדישן טעאַטער. די אימיגראַציע פון 1904 הויבט אָן איר קאַמף קעגן די טמאים אין טעאַטער אין 1908 און עס וועט נעמען אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט ביז 1932, ווען די טמאים וועלן לחלוטין באַזײַטיקט ווערן פון דער אנשטענדיקער ייִדישער געזעלשאַפט. וואָס האָט מיט זײ מער קײַן מגע ומשא ניט, ביז זײ זײַנען פאַרשווּנדן לאָזנדיק ווי אַ טרויעריקן אָנדענק פון דער אַמאָליקער חרפה אַ בית־עלמין.

די דאָזיקע אימיגראַציע אַנטוויקלט די ייִדישע פרעסע, פאַרלײגט אויך די יסודות פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע, וואָס האָט יעצט אַ כשר פאַרדינטן שם. זי ראַנגלט זיך אויך פאַר דער דערהויבונג און פאַרפײַנערונג פון ייִדישן טעאַטער אין לאַנד, וואָס האָט אין זײַן בלי־פּעריאָד אויפגענומען די גרעסטע ייִדישע בינע־קינסטלער און האָט זיך באַרימט געמאַכט אויך אַף דער ניט־ייִדישער גאַס מיט היפּשע דערגרײכונגען אַף זײַן געביט.

די אימיגראַציע פון 1904 טרעט אַרײַן אין אַ געראַנגל פאַר דער פאַרוועלטלעכונג פון דער ייִדישער שולע. אין די קאָלאָניעס זײַנען די שולעס געווען רעלאַטיוו וועלטלעכע, ווײַל די יק"אַ שולעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן אין 1894, זײַנען געווען אינטעגראַלע, מען האָט אין זײ געלערנט סײַ אידישע, סײַ אַלגעמײנע לימודים. אין די שטאָטישע ישובים, וואָס האָבן זיך ערשט געהאַלטן אין אַנטוויקלען, זײַנען ביז 1896 גאָר קײן שולעס ניט געווען. יענעם יאָר איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע תלמוד־תורה אין ב. אײַרעס, וואָס טראָגט טאַקע דעם נאָמען הראשונה און אויף איר בײַשפּיל האָבן זיך אָנגעהויבן גרינדן תלמוד־תורות אין דער הויפּט־שטאָט און אין פּראָווינץ שטעט. אַ גרויסע הילף צו זײער גרינדונג האָט געגעבן די „קאָנגרעגאַציע", וואָס האָט אין 1911 אָרגאַניזירט די „רעליגיעזע קורסן" און אין 1917 דעם „ועד החנוך הראשי", וואָס העלפן גרינדן, סובסידירן, און אינספּעקציאָנירן ייִדישע דערגענצונג שולעס פון רעליגיעזן כאַראַקטער. די פינאַנציעלע מיטלען זײַנען מערסטנס געקומען פון אײראָפּע: די „אַליאַנס", „יקא", יחידים און זײַנען געגאַנגען דורך דער „קאָנגרעגאַציע".

די אימיגראַציע פון 1904 איז גורם אַרום 1918 די גרינדונג פון די ערשטע וועלטלעכע שולעס, און דער געראַנגל הויבט זיך אָן. ווי אין אַלע פאַלן פון אַן אידעאָליסטישן אויפטו, איז מען אַרײַנגעפאַלן אין עקסטרעמיזמען. אײניקע שולעס זײַנען געווען ניט נאָר וועלטלעך, נאָר אויך אויסדריקלעך אַנטי־רעליגיעז, געווען שולעס וווּ מען האָט געלערנט אין די שבתים, ימים־טובים און אַפילו ימים־נוראים. אינערהאַלב פון וועלטלעכן שול־וועזן האָט זיך געפירט אַ שאַרפער געראַנגל צי דאַרפן די שולעס זײַן ייִדישע שולעס מיט אַ באַטאָנונג אַף ייִדיש, אָדער אַרבעטער שולעס מיט דער באַטאָנונג אַף סאָציאַליזם, וואָס האָט אין יענע יאָרן געמײנט קאָמוניזם. אין דעם געראַנגל באַטײליקן זיך אויך די ציוניסטן, וואָס גרינדן וועלטלעכע שולעס נאָר אַף העברעיִש, אַ לשון וואָס האָט דאַן געהאַט ווייניק אָנזען אין ישוב. דער געראַנגל האָט זיך לאַנג געצויגן, ער האָט זיך נאָך מער קאָמפּליצירט מיטן וויכוח אַרום דעם פּראָבלעם פון גרויסע שולעס אָדער קלײנע שולעס. סוף כל סוף איז עס געקומען צו אַ סינטעז, צו גרויסע ייִדיש־העברעיִשע וועלטלעכע שולעס וואָס שליסן ניט אינגאַנצן אויס רעליגיע, ווען אַפילו מען האָט געביטן דעם נאָמען אַף טראַדיציע... מיטן אויפקום פון מדינת ישראל, ווערט אויך העברעיִש אָנערקענט אין שול־וועזן, וועלכער שאַפט שוין זינט 1940 מיטל־שולעס, אין וועלכע העברעיִש פאַרנעמט אַ צענטראַלן פּלאַץ. עס איז אויך געקומען צו אַ סינטעז, ווען די צוויי ועדי החנוך האָבן זיך צוזאַמענגעשמאָלצן אין אײן אַנשטאַלט, וואָס אַקטואירט און ווערט סובסידירט פון דער קהלה פון ב. אײרעס און ועד־הקהלות אין די פּראָווינצן. די פאַראײנהײטלעכונג פון שול־וועזן איז אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון דער גרעסערער אײנהײַטלעכקײט וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט אין ישוב זינט די באַגרענעצונגען אַף אימיגראַציע וואָס איז צוזאַמענגעפאַלן מיטן אויפקום מיט די אין לאַנד געבוירענע דורות, וואָס האָבן ניט אַזוי שטאַרק געפילט די אידעיִשע מחלוקתן פון דער אַלטער היים: דער אויפקום פון מדינת ישראל האָט דערצו פיל בײַגעטראָגן.

די ערשטע העלפט פון דער עקזיסטענץ פון ישוב אין ב. אײַרעס, פון 1860 ביז 1910 איז אַדורך אין אַ געראַנגל פאַר באַקומען אַן אײגענעם בית־עלמין, וווּ ברענגען צו קבורה די ייִדישע נפטרים. לכתחילה האָט מען באַערדיקט אַף אַלגעמײנע סעמענטעריאָס, געבנדיק פרעפערענץ די פּראָטעסטאַנטישע בית־הקברות. אָבער אַף וויפיל דער ישוב איז געוואַקסן איז דאָס פּראָבלעם געוואָרן אַלץ שווערער, און עס ווערן פאַרשטאַרקט די באַמיִונגען צו באַקומען אַן אײגענעם בית־עלמין, זאָל עס זײַן אין אַ שטעטל נאָענט צו ב. אײַרעס, ווײַל די הויפּטשטאָט דערלויבט ניט קײן פּריוואַטע בית־הקברות. אויך דאָס האָט געפאָדערט אַ גרויסן געראַנגל. זינט 1910 ווען מען האָט געקויפט דעם קלײנעם בית־עלמין אין דעם שטעטל ליניערס בא ב. אײַרעס, און ביז 1937, ווען עס איז פאַרענדיקט געוואָרן דער גרויסער בית־עלמין אין

טאַבלאַדאַ, האָט זיך געפירט אַ קאַמף פאַר אַ מקום־קבורה, קעגן וועלכן עס האָט זיך געשאַפן אַן אָפּאָזיציע אין געוויסע פּאָליטישע קרייַזן, אַ מין מאָדנער בלאָק, צווישן סאָציאַליסטן און קלעריקאַלן, וואָס האָבן ביידע געזוכט צו באַקעמפן די ייִדישע „אָפּגעזונדערטקייט", וואָס איז, לויט זייער מיינונג, אַ שטער פאַר דער איינהייטלעכקייט פון אַרגענטינער פאָלק.

דאָס לייזן אַף אַ לענגערער צייַט די פראַגע פון קבר־ישראל, פאַלט צוזאַמען מיט די פּראָצעסן אין ראַטנפאַרבאַנד וואָס הויבן אָן אויסניכטערן אַ סך פון די וואָס זייַנען פאַרשיכורט געוואָרן פון דעם קאָמוניסטישן אָפּיום; אַפן ישוב אין אַלגעמיין הויבן אָן שטאַרק צו ווירקן די רדיפות אַף ייִדן אין דייַטשלאַנד, דער געראַנגל אין ארץ־ישראל קעגן די אָנפאַלן פון די אַראַבער אין די יאָרן 39-1936, און דאָס הויבט אָן ביסלעכווייַז צו אויסשמידן אַ גרעסערע אייַנהייטלעכקייט פון ישוב. די עקסטרעמע טענדענצן ווערן אַלץ שוואַכער, דער אונטערגעוואַקסענער דור פון די אין לאַנד געבוירענע, אידענטיפיצירט זיך אַלץ מער מיט ייִדישע ענינים, דער ישוב הויבט אָן צו באַקומען זייַן פּנים פון אַן אַרגענטינער ייִדישן ישוב.

אין דער זעלבער ריכטונג ווירקן די טראַגישע פּאַסירונגען אין די יאָרן 49-1939, זינט דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, ביז דעם וואָפנשטילשטאַנד נאָכן געראַנגל פאַרן אויפקום פון מדינת־ישראל. די נאַצישע רציחות, וואָס האָבן אומגעבראַכט דעם רוב פון מזרח־אייַראָפּעיִשן ייִדנטום. די רשעות פון דער דאַמאָלסטדיקער ענגלישער רעגירונג וואָס האָט זיך אַזוי איזדיעקעוועט איבער דער שארית־הפליטה, די העלדישע עפּאָפּייע פון דער „ניט דערלויבטער" עליה, דער געראַנגל פאַרן אויפקום פון דער מדינה — האָבן געווירקט אַף גרינטלעך צו בייַטן די שטימונגען אין ישוב, וואָס איז געוואָרן אַלץ מער און מער ייִדיש, מיט בלויז גאָר קליינע אויסנאַמען.

אין דער צווייטער העלפט פון ערשטן יאָרהונדערט פון זייַן קיום האָט דער ייִדישער ישוב אין אַרגענטינע געביטן זייַן סטרוקטור און אויסזען אַף די געביטן פון בירגערשאַפט, עקאָנאָמיק, סאָציאַלע פּאָזיציע א. אַ. וו.

אויב אין 1910 איז די מערהייט פון ישוב באַשטאַנען פון אויסלענדער, באַשטייט ער הייַנט צו טאָג פון אַ גאָר גרויסער מערהייט אַרגענטינער בירגער, מיט אַ העכערן פּראָצענט אין לאַנד געבוירענע און אַ קלענערן פּראָצענט נאַטוראַליזירטע. דאָס האָט גורם געווען אַז ייִדן זאָלן זיך אַקטיוו באַטייליקן אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד, און אייניקע פון זיי זאָלן דערגרייכן צו הויכע דערוויילטע אַמטן, ווי גובערנאַטאָרן פון פּראָווינצן, סענאַטאָרן, דעפּוטאַטן, א. אַ. וו. פאַראַן אויך ייִדן אין אָפיצירן־קאָרפּוס פון דער אַרמיי, ווען אַפילו זייער צאָל איז רעלאַטיוו קליין. דערפאַר איז די צאָל ייִדן ווי פּראָפעסאָרן אין מיטל־שולעס און אוניווערזיטעטן פיל, פיל גרעסער.

אין די מיטעלע יאָרן פון דער קאָלאָניזאַציע איז אַרומגעגאַנגען אַ ווערטל, אַז אַף די פעלדער פון די ייִדישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע פאַרזייט מען ווייץ און עס וואַקסן אויס דאָקטוירים... דאָס איז געווען אמת און ניט נאָר פאַר די קאָלאָניעס, נאָר אויך פאַר די ישובים אין די שטעט. די ייִדישע קאָלאָניסטן, קליין־הענדלער, בעל־מלאָכעס, סוחרים א. אַ. וו. האָבן געגעבן דעם לאַנד אַ פּראָפּאָרציאָנעל הויכן פּראָצענט פון פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס האָבן געלייסטעט אַ וויכטיקע דינסט פאַר דער רעפּובליק, בעיקר אַפן געביט פון געזונטהייט. געווען צייַטן ווען בלויז די ייִדישע קאָלאָניע האָט געהאַט אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט אויך באַדינט די ניט־ייִדישע באַפעלקערונג פון דער סביבה, אַמאָל אַף אַ שטח פון צוויי דרייַ טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער. הייַנט צו טאָג, איז שווער צו געפינען אַן אַרגענטינער ישוב, וווּ עס זאָל זיך ניט געפינען קיין ייִדישער פּראָפעסיאָנאַל אַפן מעדיצינישן געביט: דאָקטאָר, אַפּטייקער, ציין־דאָקטאָר, אַקושאָרין, קראַנקען־שוועסטער. דאָס האָט פיל בייַגעטראָגן צו דערהויבן דעם געזונט־צושטאַנד פון דער באַפעלקערונג.

אַף וויפיל די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם ייִדישן ישוב האָט זיך געבעסערט, דער באַלמעלאָכע איז געוואָרן אַן אינדוסטריאַל, דער קליינער סוחר — אַ קאַפּיטאַליסט,



לעאָן פּאַך — „אַן אינדיאַנער פון אַרגענטינער צפון"

האָבן זיך ייִדן געווענדעט אויך צו אַנדערע פּראָפעסיעס וואָס פאָדערן שוין גרעסערע קאַפּיטאַל־אינוועסטיציעס: ייִדישע אינזשעניערן האָבן דורך ייִדישע ווי ניט־ייִדישע בוי־עמפּרעסעס אויפגעבויט טויזנטער און טויזנטער בנינים אין די שטעט, אַ סך פון זיי פון 10 שטאָק און העכער. ייִדן האָבן אויך אַנטוויקלט אַ רייַע בראַנזשעס: וועבערייַ, שטריקערייַ, מעבל, פוטער, צירונג, א. אַ. וו. ייִדישע אַדוואָקאַטן זייַנען טעטיק אין די טריבונאַלן, פאַראַן אין לאַנד אייניקע ייִדישע ריכטער. דער קולטור־ניוואָ פון ישוב האָט שטאַרק געשטיגן סייַ אַפן געביט פון אַלגעמיינער, סייַ אַפן געביט פון ייִדישער קולטור. פאַראַן אָנגעזעענע ייִדישע שרייַבער און זשורנאַליסטן אין דער לאַנדעס ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק. און, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט דוכטן איז עס אָבער אַ פאַקט אַז וואָס שטאַרקער ייִדן האָבן זיך אייַנגעבירגערט אין לאַנד, אַלץ קרעפטיקער איז געוואָרן זייער שטרעבונג אָנצוהאַלטן זייער ייִדישע אידענטיטעט. עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ טיפּ פון אַן אַרגענטינער ייִדן, וואָס איז גלייַכצייַטיק אַ גוטער ייִד און אַ גוטער אַרגענטינער. עס לאָזט זיך זאָגן אַז אויב אין די ערשטע יאָרן פון ישוב איז זייַן הויפּט זאָרג געווען צו דערהאַלטן ייִדן, דורך אַ רייַע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי: שפּיטאָל, מושב־זקנים ובית־יתומים, הכנסת־אורחים, ליגע קעגן טובערקולאָזיס א. אַ. וו., איז אין לעצטן פערטל פון ערשטן יאָרהונדערט פון קיום פון ישוב, דער טראָפּ געשטעלט געוואָרן אַף דערהאַלטן ייִדישקייט, דורך שולעס, מיטלשולעס, אַפילו אַן אָנפאַנג פון אַ הויך־שולע, אינסטיטוטן, שילן, קהלה, ועד־הקהלות א. אַ. וו.

דער אַרגענטינער ייִדישער ישוב איז הייַנט צו טאָג באַקאַנט אין דער ייִדישער וועלט ווי אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין ייִדישן לעבן אין וועלט־מאַסשטאַב. ער האָט אַ וואָרט אין די אינטערעסן פון ייִדישן וועלט־פאָלק, ער אַרבעט מיט אַקטיוו פאַרן אויפבוי און קאָנסאָלידאַציע פון מדינת ישראל, ער בויט זייַן אייגענע ייִדישקייט אין אַ מאָדערנעם טיף־ייִדישן שטייגער. פאַר איין יאָר־הונדערט קיום איז עס אַ פייַנע דערגרייכונג. וואָס וועט האָפענטלעך, נאָך פאַרגרעסערט ווערן אין די צוקונפטיקע יאָרהונדערטער.

מען דאַרף, פונדעסטוועגן, ניט גלויבן אַז די דאָזיקע אַנטוויקלונג האָט ניט געהאַט קיין איבערשלאָגן און איז אָנגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק.

ווי אַ פרום־קאַטוילִיש לאַנד אין וועלכן די ליבעראַל־דעמאָקראַטישע טראַדיציע האָט זיך אָנגעהויבן ערנסט צו אַנטוויקלען, כמעט אייַנצייַטיק מיטן אויפקום פון ייִדישן ישוב האָט עס אין די ערשטע צייַטן געמוזט קומען צו רייַבונגען, בעיקר אין די קאָלאָניעס, וווּ דער ייִדישער קאָלאָניסט האָט געמוזט צווימען די פּרימיטיווע פרייַהייַט פון אָרטיקן פּיציבטער דעם גאַוטש, זייַנען געווען אָנפאַלן און איבערפאַלן, ווען אַפילו איינצעלנע קעגן וועלכע ייִדן האָבן זיך פאַרטיידיקט. געווען קרבנות, עס זייַנען אויפגעקומען גבורים, ביז סוף כל סוף האָבן די באַציִונגען ווי עס איז זיך אייַנגעשטעלט.

שווערער איז עס געווען אין שטאָט, בעיקר אין ב. אייַרעס, וווּ די פּאָליטיק האָט געהאַלטן די געמיטער אין אַ גרעסערער שפּאַנונג. ביז הייַנט קעמפן אין אַרגענטינע צוויי טענדענצן, אַ רעאַקציאָנער־היפּערפּאַטריאָטישע, וואָס האָט ווי איר סימבאָל דעם געוועזענעם דיקטאַטאָר ראָסאַס, און אַ ליבעראַל־פּאַטריאָטישע וואָס האָט אַלס בייַשפּיל דעם געוועזענעם פּרעזידענט סאַרמיענטאָ. די ערשטע, וואָס זייַנען אַ מינדערהייט אין לאַנד, זייַנען מערסטנטייל אַנטיסעמיטיש; די צווייטע, די גרויסע מערהייט אין לאַנד, זייַנען דעמאָקראַטיש־ליבעראַל. ווי קליין דער רעאַקציאָנער סעקטאָר זאָל ניט זייַן קאָן ער דאָך פון צייַט צו צייַט איבעראַשן מיט אומאַנגענעמע אַרויסטריטן. אַזוי איז עס געווען אין 1910, ווען מען האָט פּאָגראָמירט סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע צייַטונגען און פאַראייניגונגען און מיטגערעכנט אויך געבאַרענט רוסישע ביכער פון אַ ייִדישער ביבליאָטעק. אַזוי איז עס אויך געווען אין 1919, ווען אונטערן פּחד פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז אַ פּשוטער אַרבעטער קאָנפליקט פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ באָלשעוויסטישע פאַרשווערונג וואָס זאָל האָבן געהאַט אַלס אָנפירער אַ באַשיידענעם ייִדישן זשורנאַליסט פון בונדישער טענדענץ, וואָס האָט געזאָלט ווערן דער דיקטאַטאָר פון לאַנד. די ליבעראַלע טענדענץ האָט אָבער גובר געווען, דער בילבול איז אַראָפּגענומען געוואָרן. ייִדן זייַנען אָפּגעקומען מיט שרעק.

דער אויפקום פון היטלעריזם האָט געשטאַרקט די רעאַקציאָנער־היפּערפּאַטריאָטישע גרופּירונגען אין לאַנד, און דער ישוב האָט אין 1934, געשאַפן אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע צו קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם וואָס האָט אין דעלעגאַציע פון ייִדישע אינסטיטוציעס). געווען אַ היפּשע ביסל שרעק אין די שווערע צייַטן פון דער דיקטאַטור פון גענ. פּעראָן, אָבער די שרעק האָט זיך ניט באַרעכטיקט, ייִדן האָבן פון דער דיקטאַטור ניט געליטן מער ווי די אַנדערע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

דער אַרגענטינער אַנטיסעמיטיזם איז אפשר דער קלענסטער און דער שוואַכסטער אין דער וועלט, און די ליבעראַלע טראַדיציע וואָס האָט זיך גאָר שטאַרק אייַנגעבירגערט איז אַ גענוגענדע גאַראַנטיע אַז דער וווּקס און אַנטוויקלונג פון ייִדישן ישוב וועט ניט געשטערט ווערן.

דאָס איז דער סך־הכל פון איין יאָרהונדערט, מיט ברייטע פּערספּעקטיוון אויף דער צוקונפט.



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

**אברהם באַלאַן** — „דער מענטש”. א. ב. איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד און באַקומען זײַן קינסטלערישע אויסבילדונג אין אַרגענטינע. אַ מאָדערנער מאָלער פון קלאַסישער אײַנשטעלונג איז ער אנערקענט אין די קינסטלערישע קרייזן ווי אַ מײַסטער אין זײַן זשאַנר. פּראָפעסאָר פון מאלערײַ אין די שולן פון שיינער קונסט, האָט ער מיט דערפאָלג זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע אויסשטעלונגען אין לאַנד און אויך אין אויסלאַנד.

ברוך האַגער / בוענאָס איַירעס

# די פאַרשפּעטיקטע מחותּנים



אָסטילע איז פאַרשיט מיט מענטשן ווי מורעשקעס. צוויי און זיבעציק צדיקי־הדור מיט זייערע חסידים זייַנען זיך צונויפגעפאָרן באַשיינען די חתונה פונעם אָפּטער רבס אוראייניקל. מענטשן טויזנטער אויף טויזנטער שטייען זיך איבער די קעפּ, אַרויסקוקנדיק מיט אומרו, אויפן פאַר־שפּעטיקטן מחותּן — ר׳ ישראלטשע רוזשענער.

ר׳ שמעון יאַראָסלאַווער, דער זקן פון די צדיקים, אַן איַינגעשרומפּס — אַ צעבראָכן ייִדל, שטופּט זיך אויך צווישן דער מאַסע מענטשלעכע גופים. קיין פּלאַץ טרעט מען אים נישט אָפּ, ער זעט זיך נישט אַרויס. ער אָבער יאָגט זיך פון די כוחות, אַ ציטערניש צעטראָגט אים וואָס פריער צו דערזען דעם רוזשענער — דער יונגסטער צווישן זיי, דעם וווּנדערלעכן רבין, מיטן פּירעכץ פון אַ מלכות.

אַ רבי וואָס פאָרט אין גילדענע קאַרעטעס, וווינט אין אַ פּאַלאַץ מיט ווענט אויסגעקלאַפּטע פון רענדלעך און דילן פון זילבערנע מטבעות, און וואָס אין זייַן הויף שפּילן קאַפּעליעס, אַ יעדן טאָג, ווי פאַרן קיסר.

אויף זייַנע פּלייצעס מוז מען שטעלן! ער וועט נישט לאָזן אונטערגראָבן און צעוואַרפן וואָס דער בער, זייַן זיידע — דער רבי ר׳ בער, האָט געסטרויעט מיט די שטיינער, צונעגרייטע פון זייַן רבין — דער בעל־שם.

און אָט דערהערן זיך גלעקער־קלאַנגען. די מאַסע גיט זיך אַ צעשפּאַלט אויף גלייַכע ווי מיט אַ ווירע צעטיילטע צוויי העלפטן און אַ קאַרעטע אַ פאַרגילדעטע, מיט שווי־מענדיקע פּעך־שוואַרצע אָגערס, לויפט אָן און טוט זיך אין גִעשווינדן געלאָף אַ האַלט איַין און שטעלט זיך אָפּ.

דער רוזשענער בייגט זיך פון דער קאַרעטע אויף לינקס אויף רעכטס, שפּייעט מיט שאַרף אָנגעשפּיזטע אויגן צווישן די קעפּ אויף קעפּ, בלעטערט פּנימער אויף פּנימער, ביז ער שלאָגט זיך אָן אויף ר׳ שמעונען וואָס רייַסט זיך ווי אַ שווימער, מיט אָפּגעהאַקטן אָטעם, דורכן שטראָם מענטשן־אָנגעיעג. און ס׳טוט ר׳ ישראלטשע רוזשענער פלינק אַ שפּרונג אַראָפּ צו אים, כאַפּט אים אַרום, דעם אַלטיטשקן, און הייבט אים, צו דער אויסטערלישער פאַרוווּנדערונג פון גרויסן עולם, אויף זייַנע הענט און טראָגט אים אין דער קאַרעטע אַריַין.

פאָרט מען. זיי פאָרן דערווייַל נישט צו דער חתונה, נישט אין שטעטל אַריַין, נאָר גלאַט אַזוי זיך, און ס׳טראָגן זיך די פּעך־שוואַרצע אָגערס ווי אין געשוועב.

ביידע זיצן זיי שוויַיגנדיק, פון בענקשאַפטן פאַרכאַפּט וואָס זייַנען שותּפותדיק און פון מחשבות אויפגערודערט וואָס ברענען פון איין מקור:

— גאולה — התקרבות הגאולה —

ביידע פּלאָנטערן זיי אויף איינער און דער־זעלבער סטעשקע, האַלטן זיך אָבער אין די שפּאַן נייַשט גלייַך, און פאַרלירן זיך.

ר׳ שמעון, טוליענדיק זייַנע מידע פון דער ווייַטער נסיעה אויסגעמאַטערטע גלידער צו די ווייכע פּליושענע קישעלעך, האָט דאָ אַרום זיך דעם אוויר פון — שופרא דמלכותא — דערפילט און זייַנע רעיונות פליען און מישן אויף פאַר אים פאַרגאַנגענס: דער כוהן־גדול שטייט אים באַשיימ־פּערלעך פאַר די אויגן טוענדיק די עבודה און די לוויים הערט ער זאָגן שירה אויף זייערע כלים. און ס׳האָט זיך אין אים דאָס פייַער ערשט רעכט צעיאָגט:

„ווען נאָך וועז ווי איצט, וואָלט מען געקאָנט אַריבער־שפּרינגען? צוויי און זיבעציק צדיקים אויף דער האַנטפלאַך אַרויפגעשטעלט און וואָס אַרומגענומענע מיט אַ פייַער־גאַרטל — טויזנטער, טויזנטער ייִדן — גאָטס קנעכט"!

„שפּרייט ער, דער בלינדער בונעם, מדבר און דער זאַמד פאַרשיט מיט בערג":

„מוח... אין די ענגענישן פון מוח בלאָנדזשעט ער... ס׳האַרץ — עם־ישראל — איז אים טפל... ס׳זאָל אַפילו אויסגיין!"

ביַים רוזשענער איז דער הויכער שטערן מיט פינצטער־קייט אָנגעצויגן: „גאולה איז כולל אַלע אומות־העולם און דער מכשול דער אייביקער שטייט נאָך אַלץ"! דורך די שווימענדיקע וואָלקנס פון זייַן לאַנגן מיט פּערל און סאַ־פּירן גליענדיקן ליולקע־ציבעק זעט ער עמלקן, ער זעט אים ווי אין אַלע צייַטן שטייט ער אין וועג... „דאַרף ערשט דער דאָרן אַרויסגעריסן ווערן, דער ניצוץ עמלק צעטרעטן ווערן אויף טויט".

און אין ר׳ שמעונען הערט אינעווייניק נישט אויף שרײַען דער כעס: מיט מוח אליין, אָן דעם הארץ, וועט מען קיין גאולה נישט ברענגען... אָן דעם הארץ דאַרף איך קיין גאולה נישט! דאַרף מען נישט...

נעמט דער רוזשענער דערציילן אַ מעשה און פאַרטראָגט אים פון דעם געדאַנק:

*
* *

אַ מלך וואָס האָט געקיניגט איבער טויזנט מדינות וויל זיך בויען אַ פּאַלאַץ אַזאַ וואָס אַזוינס האָט נאָך קיין שום שר, קיין שום מלך נישט פאַרמאָגט; אַ פּאַלאַץ וואָס צו זײַן אויסטערלישקייט איז נאָך קיין גלײַכן נישט געווען: ער זאָל זיך אויפהייבן ביז אונטער די שטערן, מען זאָל פון אים קוקן איבער די מדינות און אים אָנזען פון דער ווײַטער וועלט; ער זאָל מיט זײַן שיינקייט פאַרפינצטערן די זון.

הייסט דער מלך מיט קיניגלעכע באַפעלן צונויפרופן גע־רימטע מײַסטערס פון זײַנע אַלע טויזנט מדינות. קומען זיך די גרעסטע מײַסטערס אין דער קרוינשטאָט צונויף, זיצן דורך די טעג און נעכט אַ לאַנגע צײַט אַוועק, באַטראַכטנדיק דעם ענין צוליב וועלכן דער מלך האָט זיי אהער צונויפגערופן און קענען זיך צו גאָרנישט דער־טראַכטן:

ס׳איז אַ דמיון, אַן אײַנגלויבעניש, נישט קיין מעשי־ידי־אדם!

דער מלך אָבער טרעט נישט צוריק, ער וויל זיך פון דעם רעיון נישט צעטיילן.

צעשיקט מען רײַטערס מיט קיניגלעכע בריוו איבער גאָר דער וועלט און בעט, אַז ווּ ערגעץ סע געפינט זיך אַן אויסגערופענער מײַסטער זאָל ער קומען צום מלך. אַ יעדנס טירחה וועט באַלוינט ווערן מיט כבוד און גרויס עשירות.

גייען יאָרן נאָך יאָרן, און מײַסטערס פון ארבע־פּינות־העולם הערן נישט אויף ציִען אין דער קרוינשטאָט ארײַן. אָבער ס׳איז קיינער פון זיי נישט ביכולת דעם קיניגלעכן ווונטש אויסצופילן.

*
* *

ויהי היום, דערוויסט זיך אַ ייִדישער מײַסטער אין די מרחקים פון דעם דאָזיקן מלך וואָס וויל זיך בויען דעם וווּנדערלעכן פּאַלאַץ און ווערט אַזוי פאַרכאַפּט פון דעם אײַנפאַל און פון אַ חשק אַזוינס אויסצופירן, אַז טאַקע באַלד לאָזט ער זיך אין ווײַטן וועג ארײַן און וואַנדערט איבער לאַנד און לענדער, ביז ער דערגרייכט צו דעם דאָ־זיקן מלך אין דער קרוינשטאָט.

קומט ער פאַר אים און זאָגט צו אים אַזוי:

אדוני מלך, אויב איך וועל געפינען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן און דיר וועט ווויל געפעלן זײַן, בין איך גרייט פאַר דיר אַזאַ פּאַלאַץ אויסצובויען, מיט אַזוינע חידושים און נפלאותן וואָס קיין מענטשלעך אויג האָט נאָך נישט געבליקט.

דער מלך, דערציטערט און מלא שמחה פון די דאָזיקע רייד, הייסט דעם ייִדישן מײַסטער זיך טאַקע שוין נעמען צום טאָן.

— אין כסף נחשב!

און דער ייִדישער מײַסטער טוט זיך מיט אימפּעט צום בויען אַ נעם.

זיבעצן יאָר מיט זיבן חדשים האָט דער פּאַלאַץ זיך געבויט. און אַז דער בנין איז פאַרטיק געוואָרן, איז דאָס טאַקע געווען אַזאַ יופי וואָס אין חלום שפּינט זיך אַזוינס נישט אויס.

ס׳איז קיין דומם נישט, נאָר עפּעס ווי אַ באַשעפעניש אַ לעבעדיקס: אַ גילדענע כמארע מיט פלאַטערנדיקע פליגל און קעפּ און מיט רובינענע און סמאַראַגדענע פינקלען, נישט איבערצוציילן, הייבט זיך איבער דער ערד און פליט צום הימל.

*
* *

צו באַנײַען דעם בנין האָט דער מלך פאַרבעטן אַלע שרים און הארן פון זײַן גרויסער מלוכה. און ס׳האָבן זיך צו דער קרוינשטאָט פון אַלע טויזנט מדינות גענומען צעוויקלען לאַנגע זיך נישט־ענדיקנדיקע קייטן, גילדענע רײַטוואָגנס און אין זילבער געפאַנצערטע חילות. און די סעודות כיד־המלך מיט שפּילן און טענץ האָבן דאָרטן נישט אויפגעהערט אַ יאָר נאָך אַנאַנד.

*
* *

אָבער ס׳איז די שמחה נישט באַקומען. די שררה קען די גדולה פונעם ייִדן נישט איבערטראָגן.

— אַ ייִד זאָל זיך אַזוינס פאַרמעסטן, זאָל אַזוינס דערגרייכן!

און איינער צווישן זיי, אַ תמחה, דער גערימטער מאָ־לער אויף שויבן און קרישטאָלן, האָט פאַר גרויס קנאה גאָר געוואָלט דעם ייִדן אין גאַנצן אָפּווישן — עוקר מן השורש זײַן. האָט ער זיך צונויפגעבונדן מיט די אנדערע שונאי־ישראל און גענומען אויסטראַכטן בילבולים אויף דעם ייִדן.

נוצט עס נישט

דער מלך וויל די רכילותן נישט אָננעמען.

די שונאים אָבער רוען נישט, עגבערן און עגבערן, און ווערן נישט מיד אַזוי לאַנג, ביז סע גראָט זיי מיט דער צײַט צו וועקן חשד בײַם מלך און מיט זייערע פאַלשקייטן צו פאַרשטאָפּן בײַ אים דאָס הארץ. און איינמאָל האָט דער תמחה אונטערגעטראָגן אַ פּאַשקעוויל און דערמיט דעם מלך ארײַנגעבראַכט אין אַ גרימצאָרן אַזאַ אויף דעם ייִדן, אַז טאַקע שוין, אויף דער הייסער מינוט, הייסט ער אים פאַרמישפּטן צום טויט. און אַ מלך, אַז ער זאָגט זײַן וואָרט ארויס נעמט ער עס דאָך שוין מער נישט צוריק!

ר׳ שמעון צעפלעכט זיך מיט די אויסגעטריקנטע פינ־

נער די גרײַז־גראָע באָרד זײַנע און זיפֿצט מיט אַ דער־שטיקטן אָטעם אין זיך אַרײַן. דער רוזשענער רײַסט זיך נישט איבער.

* * *

אין דער מלוכה איז געווען אַ חוק די פֿאַרמשפּטע צו פֿאַרשיקן אין אַ ווײַטער מדינה און דאָרט זיי מקיים פּסק צו זײַן.

און אַז ס'איז דער ייִדישער מײַסטער אין יענער מדינה געוואָרן אָנגעבראַכט, איז מיט אים געשען אַ חסד פֿונעם הימל:

מען קוקט נישט אויף זײַן משפּט, מען דערהייבט אים גאָר פֿאַר אַן עלצטן איבער אַנדערע אין די תּפֿיסות.

נעמען זיך אָבער צו אים ווידער אַ מאָל די אייגענע צרות. ס'איז פֿאַר די פֿאַרוואָגלטע, באַשטראָפֿטע דאָרט אויך אַן אומכּבֿוד, אַ ייִד זאָל זײַן איבער זיי. בײַסט מען אים הינטערווײַלעכץ און שנאַהדיקע מחשבֿות הערן נישט אויף שפּינען בייזקייטן אים אין גאַנצן איבערצוקומען. לעבט ער ווי מיט שלענג וואָס וואַלגערן זיך פֿאַר די טריט, און די יאָרן שלעפּן זיך ווי אויף הרודעס.

זיצט ער אין אַ טאָג אַמאָל, דער ייִדישער מײַסטער, בײַם ברעג פֿון טײַך, גריבלענדיק זיך אין זײַן פֿינצטערן גורל און קוקט מיט צער ווי די לויטערע קרישטאָלענע כוואַליעס קײַקלען זיך אַזוי פֿרײַ, אַזוי שפּילעוודיק איבער דער וועלט. וואַרפֿט זיך פּלוצים אַ פֿישל אַריבער אויף דער יבשה און שפּייט פֿאַר אים אויס אַ גילדן פֿינגערל. און ווי דערציטערט ווערט ער, ווען ער קוקט זיך נענטער צו דעם צו:

— אַ הפּלא־ופֿלא!

ס'איז דאָך קיין גרינגערס נישט ווי זײַן מלכּס חתימה־רינג אַליין!

דאָס איז נישט אַנדערש ווי אַ ווונק, אַ משכּון אויף זײַן נאָענטער גאולה... גיט דעם ייִדן אַ געדאַנק אַ בליץ, און ער נעמט טראַכטן ווי אַרום צו אַנטרונען צו ווערן און דערשלאָגן זיך אין דער קרוינשטאָט צוריק.

ר' ישראלטשע צמאָקעט פֿון זײַן פֿאַרגליווערטער פּייקע, פֿאַרקוקט זיך אַ רגע אויף דעם אַלטן וואָס צאַפּלט ווי אַ פֿיש אויף דער טרוקעניש, און נעמט ווײַטער פֿירן דעם סיפּור.

* * *

געפּרוּווט נעבעך מיט יסורים און נכשלים, אָן אַ שיעור, האָט דער ייִדישער מײַסטער, נאָך לאַנג וואָגלעניש, זיך מיט אויסגעלאָשענע כּוחות דערשלאָגן צוריק אין דער קרוינשטאָט.

ווי אַזוי־זשע קומט ער פֿאַרן מלכות? ער איז דאָך פֿון אים אַליין אַ פֿאַרמשפּטער. און חוץ לזה, אַפֿילו ווען דער חטא פֿאַלט אַוועק, ווער־זשע וואָלט אים דען לאָזן צו־טרעטן צום חצר־המלכות? זײַן אויסזען איז דאָך הײַנט פֿון אַן ארחי־פּרחי! האָט ער דערווײַל קיין עצה נישט און ער וואַרט אויף אַ צייכן.

מאַטערט ער זיך נאָך גאָר אַ לאַנגע צײַט, ביז עס קומט אים אין אַ טאָג דער געדאַנק צו באַהאַלטן זיך, אַ האַלבּ־נאַקעטער, צווישן די קוסטעס בײַם טײַך וואָס פֿאַרן קיניג־לעכן פּאַלאַץ און לאָקערן אויפֿן מלך. און קוים וואָס ער האָט באַוויזן צו טאָן וואָס ס'האָט דער געדאַנק אים אײַנ־גערוימט, גייט דער מלך מיט זײַנע שרים אויף אַ שפּאַציר.

זעט דאָך דער מײַסטער, אַז דאָס פֿירט זיך אים אַלץ מן־השמים, טוט ער, אַ באַהאַרצטער, אַ טרעט אַרויס פֿון זײַן באַהעלטעניש און בוקט זיך צו זייערע פֿיס.

דער מלך און די שרים גלייבן זייערע אויגן נישט. לעבט ער, צי איז דאָס גאָר זײַן גלגול? ער איז דאָך פֿון לאַנגע יאָרן אַ פֿאַרמשפּטער.

* * *

און ס'האָט דער מײַסטער אויפֿגעהויבן דרייסט זײַן קול און רעדט אַזוי צו זיי:

זײַט נישט פֿאַרוווּנדערט, איר גרויסע און פּראַכטיקע האַרן, וואָס איר זעט מיך דאָ פֿאַר אײַך! איך קום אין שליחות פֿונעם שר פֿון אַלע ימים און פֿון אַלע וואַסערן, דעם לויתן. און צו דאַנקען האָב איך דאָס דיר, גרויסער מלך, וואָס דײַן גערעכטיקייט האָט מיך פֿאַרמשפּט צום טויט פֿון וואַסער. וואָרעם, אין דער רגע וואָס מען האָט מיך אין וואַסער געשליידערט און איך בין פֿון די כוואַ־ליעס פֿאַרכאַפּט געוואָרן, איז מיר געשען אַ גרויסער נס: אַ גרויסער פֿיש שווימט צו מיר צו, פֿאַרשלינגט מיך און ברענגט מיך צו טראָגן פֿאַר זײַן מלך דעם לוויתן. קוקט ער אויף מיר שטאַרק פֿאַרחידושט און פֿרעגט:

— ווער ביסטו און ווי אַזוי נעמסטו זיך אַהער?

האָב איך אַלץ דערציילט וואָס מיט מיר האָט פֿאַרלאָפֿן.

אויב אַזוי, — זאָגט גאָר דערפֿרייט דער לוויתן, — אַז דו ביסט יאָ אַזאַ חריף, טאָ באַפֿעל איך דיר פֿאַר מיר פֿונקט דעם אייגענעם פּאַלאַץ אויסצובויען וואָס פֿאַר דײַן מלך, נישט געמינערט ס'מינדסטע!

און כ'האָב געטאָן ווי ער האָט געבאָטן.

שטייט שוין דער פּאַלאַץ אַ פֿאַרענדיקטער, און ער איז פּאָרט קיין פֿאַרענדיקטער נישט. וואָרעם, סע פֿעלט דאָרט דער סאַמע עיקר: די שויבן וואָס גיבן צו דעם גאַנצן חן און באַשיינען דעם בנין ווי אַ טײַער צירונג. אַ מײַסטער אָבער וואָס זאָל דאָס קענען מאַכן געפֿינט זיך נישט אין אַלע ימים און נישט אין אַלע וואַסערן.

דערפֿאַר, אדוני מלך, קום איך צו דיר פֿונעם שר פֿון אַלע וואַסערן מיט דער גרויסער בקשה, דו זאָלסט זײַן באַ־וויליקט אים צו שיקן דײַן מײַסטער, דעם גרעסטן פֿון גאָר דער וועלט.

און צום צייכן, אַז אַלצדינג וואָס איך דערצייל דאָ איז אמת, גיב איך איבער דיר, אדוני מלך, דײַן זיגלרינג

וועלכן דו האָבט אַמאָל אין די וואַסערן פאַרלוירן און וואָס איז געבליבן באַהיט אין די אוצרות פון לוויתן.

*
* *

ביים רוזשינער האָט דער ליולקע־ציבעק גענומען אָטע־מען אויף ס'ניי. לאַבנדיק שלינגלען זיך וואָלקנדלעך אַרום זיינע ליפּן און ער פאַרענדיקט:

— דער רושם פון דער מעשה איז געווען אַזאַ: דער מלך און די שרים האָבן תיכף־ומיד באַפוילן דעם תמחה אין טייך אַריינצושליידערן כדי ער זאָל ווי איינגיכן אָנקור־מען צום שר פון אַלע וואַסערן און טאָן זיין באַגער.

אין ר' שמעון יאַראָסלאַווערס צורה האָבן די קנייטשע־לעך ווי קליינע פייערלעך זיך צעפלאַקערט, און ווי ווען ער וואָלט אויף אַן אמתן די גאולה דערלעבט, האָט ער זיך אַ ריס אויף געטאָן און גענומען טאַנצן און אויסשרייען:

— עמלק ניעמאַ! ישראל מלך ישראל!

ווערט ער אָבער, דער אַלטער, פון דמיון נאָך אַ מאָל אַרויסגעבראַכט: דער רוזשענער האָט אים ביי בײדע לאַצן פון דער ווייסער אַטלאַסענער קאַפּאָטע אָנגעכאַפּט:

— „ר' שמעון יאַראָסלאַווער, ווען מיר וואָלטן שוין געהאַלטן אַזוי וויט, וואָלטן ר' שמחה בונעם בשיסבערס בלאָנדזשענישן קיין שום שטער ניט געווען. וואָס וויל ער דען? ער וויל אויך נאָר דאָס איינענע וואָס אַלע לעבעדיקע מיר דערנאָך, אַלע — דער גאַנצער לעבעדיקער באַשאַף, די אויסלייזונג, די גאולה שלימה".

און ס'האָט די קאַרעטע זיך אָפּגעשטעלט און איז גע־שטאַנען פאַרן גרויס, כאַלאַש, ווי מען האָט מיט דער חופּה פונעם אַפּטער רבס אוראייניקל זיך שוין קוים־קוים דערוואַרט אויף די צוויי גרויסע פאַרשפּעטיקטע מחותנים.



לעאָן פּאַך „וואַסער פאַרן נגב".

**ראָזע פּאַלאַטניק** / ריאָ דע זשאַנײראָ — בראַזיל



# מאַקומבאַ

## דערציילונג

(פונעם ציקל „טראָפּיש בלוט")

דרײַצן יאָר איז זי אַלט געווען, ווען זי האָט פֿאַרלאָזט דעם אומהיימלעכן קרעש(1), שוין ווי אַ פֿאַרטיקע דינסט־מויד. די אָנפֿירער פֿונעם „פֿינדל־הויז" האָבן ניט געוווּסט וועמעס זי איז, מען האָט זי געפֿונען, ווי אַ סך אַנדערע, אונטערגעוואָרפֿענע, בײַם טיר פֿון יתומים־הויז, אָן אַ שום צייכן וועגן איר אָפּשטאַם... איר שוואַרץ פּנימל, מיט די גרויסע סאַמעטענע אויגן האָבן אַרויסגעפֿינקלט פֿון די ברודיקע שמאַטעס און אַזוי ווי איר פֿעסט געבויט קערפּערל איז אויך געווען זייער שיין געפֿורעמט, האָט דער יונגער וועכטער, פֿאַר גרויס באַגײַסטערונג אויסגעשריגן: „אָ, לינדאַ!" (שיינקייט) איז זי שוין בײַם דאָזיקן נאָמען פֿאַרבליבן...

אָלינדאַ האָט זיך געכאַוועט אַזוי ווי אַלע היימלאָזע קינדער, זשעדנע נאָך אַ גוטן בליק, נאָך אַ פֿרײַנטלעכן גלעט און מיט געוואַלדיקן נײַגיר צו דער דרויסנדיקער וועלט, וואָס געפֿינט זיך אַף יענער זײַט פֿון אַרומגעצוימטן פּאַרקן... להכעיס איר וויסטער דאָליע, זיך אַנטוויקלט מיט אַן עלאַסטיש־קערפּערל, ווי פֿון גומי, מיט שיינע, שלאַנקע פֿיס און גלאַטינקער הויט, ווי געפּוצטער בראָנדז. איר קײַלעכדיק פּנימל, מיט די שוואַרץ־סאַמעטענע אויגן האָבן איר געגעבן דעם אויסזען פֿון אַ קינסטלעריש טעקעלע. אָלינדאַ האָט באַלד געקראָגן אַ גוטע שטעלע, ס'ווײַסע פֿאַרטעכל האָט בולט געצייכנט אירע פּריצײַטיק אַנטוויקלטע בריסטלעך. ס'רונדע טשעפּיקל איז איר געלעגן, ווי אַ זילבער־קרוינדל אָפֿן געקרויזלטן קאָפּ און — אַז קינדער האָבן אויך טאַטע־מאַמע, וועגן דעם האָט זי ערשט גענומען טראַכטן נאָכן אָנהייבן ניאַנטשען דאָס רײַכע מיידעלע, וואָס זי האָט יעדן טאָג געפֿירט שפּאַצירן אין אַ ראָז־עמאַלינעם וועגעלע... פּלוצים האָט זי דערפֿאַרן

ווי מען ציטערט איבערן קינדס אַ קרומער מינע, מען האָט מורא ס'זאָל זיך חלילה נישט צעקלאַפּן דאָס פּיסעלע, פֿאַרקלעמען ס'געפּיעשטשעטע הענטעלע און בכלל — „וואָס פֿאַר אַ צימעס זיי מאַכן עם פֿון אַ פּיצל קינדעלע?!"...

נאָך אירע דרײַצן פֿאַרשפּאַרטע, אָפּגעצוימטע, עלענדע קינדער־יאָרן, זײַנען די דאָזיקע צערטלערייען איר פֿרעמד געווען אפֿילו — דערווידער...

קיין שום בילדונג, שרײַבן, לייענען, האָט מען אין „קרעש" נישט געלערנט, וואָס איז געלט? — דאָס האָט אָלינדאַ נישט געוווּסט... וווּ ס'האַלט דער טאָג, די נאַכט? —— גיי ווייס וואָס עס ווײַזט דאָרטן אַ רונדיק טעלערל מיט שוואַרצע שטריכעלעך?... איבעריקנס, וואָס איז איר די נפֿקא מינה? זי עסט ווען ס'הונגערט איר, שלאָפֿט ווען ס'איז איר נייטיק און ס'ביסל „פּאַפּירעלעך", וואָס זי באַקומט פֿאַר איר אַרבעט פֿאַרטאַכלעוועט זי גיך אַף בלוזקעלעך, קליידלעך, פֿאַרביקע קרעלן, אוירינגלעך... שטאַרק ליב געקראָגן זיך צו סטראָיען, אָלינדאַ... אַלץ פּאַסט איר, ס'טאַנצט אַראָפּ פֿון איר שלאַנקן גוף. און ווען זי פֿאַרשלייערט זיך אין די אַלע פֿאַרביקע צאַצקעס, סטענגעס, רייפֿעלעך, בראָשקעלעך—טרעטן די „קאַשעראָס" (די וואָס צעטראָגן שפּײַז־פּראָדוקטן אין די הייזער), נישט אָפּ פֿונעם פֿענצטערל, דרייען זיך לעבן איר ווי בינען אַרום האָניק, קומען מיט אויסריידן, ליגן פֿאַר פּראָדוקטן, נאַשוואַרג און כאַפּן דערווײַל אַ הייסן גלעט פֿון אירע פֿײַערדיקע אויגן, קריגן די נחפּה פֿאַר איר גליענדיקן קוק, פֿאַרן ווילדן לאַך און קעצישער צוגעלאָזנקייט...

אָלינדאַס ערשטער קאַרנאַוואַל אויף דער פֿרײַ.

די גאַסן זײַנען אויסגעפּוצט מיט פֿאַרשידנקאָלירקע

(1) אַ יתומים־הויז.

לעמפּעלעך, וועלכע לויכטן אַראָפּ פון טויזנטער געסטראָיעטע בײַמער. אַף עלעקטרישע דראָטן, טעלעגראַפן־סלופּעס, ווענט און פּלויטן שלענגלען זיך די קאָלירקע סערפּענטין־סטענגעס, וואָס פלעכטן זיך אין אַ שלאַנגען־געדריי, בינדן צונויף פענצטער מיט טיר, אויטאָמאָביל מיט פוסגייער, מאַן מיט פרוי — אַ שפּינען־נעץ, וואָס וויקלט אַלעמען אַרײַן אין זיך... דורך אָפענע באַלקאָנען שיטן זיך כוואַליעס קאָנפעטיעס, ווי אַ קאָלירקער שניי פון הימל אַראָפּ. און אויף אַלע פּראַסעס, פּאַרקן, גערטענער, וויליעס, הילכן פרײלעכע קאַפּעליעס, פאַרטויבן די אויערן מיט זייער בראַזגערײַ, פּויקערײַ און קאַרנאַוואַל־מוזיק, וואָס צענדליקער טויזנטער זינגען־מיט, טאַנצן־מיט, אַלץ צום טאַקט פון „סאַמבאַ", מאַרשן און אויך מוזיק צו אָריגינעלע נעגער־טענץ.

די דאָזיקע פאַרשפּילעניש, זינגעניש און טאַנצעניש, האַלט אָן דרײַ טעג מיט דרײַ נעכט, אָן אָפּשטעל, אָן איבעררײַס, גלײַך עפּעס אַ געהיימער כוח, אַ צעהודזשעטער מזיק וואָלט זיך אין אַלעמען אַרײַנגעכאַפּט, העצקעט מיט זייערע פיס, הענט, קעפּ, בײַכער, גלײַך אַן עלעקטרישע קראַפט וואָלט געטריבן זייערע צעלאָזטע גופים, וואָס הערן נישט אויף זיך צו דרייען, בייגן, ברעכן אָן אויפהער, אָן אָפּהאַלט ווי טאַנצנדיקע אויטאָמאַטן...

ערב איר ערשטן קאַרנאַוואַל האָט אָלינדאַ פאַרשליאָנדערט איר גאַנץ ביסל פאַרדינסט. זיך פאַרפּוצט אין אַ הויכן טורבאַן מיט אַ סך פּאַפּירענע בלומען, מיט סטענגעס, קינסטלעכע פּרוכט און אַ גאַנצן פּאַק מיט ציטערשפּיזעלעך. דאָס אַלץ אַרויפגעזעצט אַפן סאַמע שפּיץ־קאָפּ, וואָס האָט זי געמאַכט צוויי מאָל אַזוי הויך און לאַנג. אַ קורץ, ברייט קליידל האָט איר קוים געגרייכט ביז די קני, אויפגעדעקט אירע לאַנגע פיס, וואָס האָבן אַרויסגעכישופט צווישן די געדיכטע פאַלדן... אַן אויסגעפּאַסט בלוזקעלע, דעקאָלטירט אונטן ביז צו דער טאַליע, פּאָרנט, אויפגעדעקט בלויז אַ העלפט פון אירע רונדע, שטייפע בריסטלעך... אַף איר שמאָלן האַלדז פאַרשידנפאַרביקע בענדער, הייליקע פיגורעלעך, הענטלעך, פײַגן, קמיעות... אַף אירע שמאָלע הענט, אַ שלל בראַסלעטן, דראָטענע, בלעכענע, באַגילדעטע, ביז צו אירע עלענבויגנס... און לסוף — מעשענע סיגנעטן, צו צוויי אַף יעדן פינגער... אָבער, כדי אויסצוקוקן ווי אַן עכטע „באַהיאַנקע", האָט איר נאָך געפעלט אַ לעדערן פּייקעלע מיט קלינגענדיקע גלעקעלעך, נאָר אַף דעם האָט שוין אָלינדאַס פאַרמעגן נישט געסטאַיעט... דאָך, ווען זי איז אַרויס, מיט איר האָפּסלדיקן גענגעלע און ווילד־פאַרשייט געלעכטערל, אַף דער צעזוניקט־צעזונגען און צעטענצלטער גאַס, האָט זי אַרויסגערופן נייגיר נישט בלויז בײַ אירע פאַרליבטע „קאַשעראָס", נאָר אויך בײַ די סטאַטעטשנע מענער און לײַטישע זינדלעך... אפילו צווישן די קרענצלעך פאַרשלײַערטע, מיט די טײַערסטע „באַלאַנגאַנדאַנעס", (קינסטלעכע צירונג פון גרעסערן ווערט) האָבן זיך אירע פּשוטע שמאָכטעס שטאַרק אָנגעזען, גלײַך זי וואָלט אויך געווען אַן אָפּשטאַם פון — ווער קען וויסן פון וועמען?...

דער עיקר האָט געצויגן אויפמערקזאַמקייט איר פאַרקאָכעניש אין די ווילדע טענץ, דורך וועלכע זי וויל זיך איצטער אָפּנעמען, אָלינדאַ, פאַר אַלע אירע אײַנזאַמע, צעטרענצלטע, פאַרלוירענע — יאָרן... און כאָטש זי האָט קיין מוזיק נישט פאַרשטאַנען, האָט זי אָבער געהאַט דעם סאַמבאַ־טאַקט בירושה אין אירע צעברויזטע בלוטן. אַלע אירע אברים, ווי געשולטע מוזיקאַנטן, האָבן אַקאָרדירט דעם באַוועג פון אירע פעסטע מוסקולן. ס'האָבן מיטגעטאַנצט אירע קײַלעכדיקע היפטן, דער פלאַכער בויך, איר פאַרשפּיצט־אונטערשטער געשטעל; ס'איז נישט געווען קיין טאַנצן סתם, נאָר ווי עפּעס אַ ווילדע תפילה צו שדים און רוחות, מיט וועלכע איר גאַנץ וועזן איז אין יענעם מאָמענט געווען באַהאָפטן.

איר טאַנץ־כוואַליע האָט זיך אָנגעהויבן גלײַך פון די שפּיץ־פינגער, איבערגעגאַנגען צו די אָפענע קניען, צו אירע לאַנגע הענט, וואָס האָבן זיך באַוועגט אין אַ בייגלגעדריי — אַהין און קריק, ווי דער אומרו פון אַ וואַנטזייגער... ס'טאַנצט איר ברוינע פּלייצע, ווי אַן אבר פאַר זיך, דאָס טאַקטפולע טרייסלעניש גיט זיך איבער צום רונדן בויך, אַט וואַרפן זיך אונטערן בלוזקעלע אירע שטײַפע בריסטלעך, גלײַך צוויי האַרטע באַלימלעך וואָלטן זיך אַליין צעשפּילט. עס בייגט זיך צום טאַקט איר שמאָלער האַלדז, דער שוואַרצער קאָפּ, אַפילו אירע געקרויזטע שעפסן־האָר צעפלאַקשן זיך ווילד, גלײַך אַ שנײַדיק ווינטל וואָלט אין זיי אַרײַנגעהוליעט. אָלינדאַס קרעטאָנען קליידעלע דרייט זיך, ווי אַן אָנגעבלאָזענער באַלאָן, וויכערט אין קאַראַהאַד, אַ פאַרביקע קאַרוסעליע.

איר צעחושט טאַנצעניש רײַסט אַזש מיט די געסטראָיעטע מוזיקאַנטן. דער גראָבער טראָמבאַליסט, אַ שוואַרצער יאַט אין אַ רויטן סטאַניקל, דונערט איר גלײַך אין פּנים אַרײַן. דער סאַקסאָפאָניסט, אין גרינע הויזן מיט אַ געלער שאַרף — קוויטשעט איר אין די אויערן אַרײַן. ס'קלאַרנעטל, בײַ אַ הויכן נעגער צווישן זײַנע גראָבע ליפּן, — ריטשעט... און הונדערטער פּייקעלעך, בײַ פאַרמאַסקירטע מענער, פאַרשטעלטע ווײַבער — פּייקלען, גלעקערן, קלאַפּן איר אַקעגן אַף מעשענע טאַצן, אַף הילצערנע פורעלעך און אַ כאָפּטע, האַלב נאַקעטע, גאַנץ באָרוויסע, שלעפּן זיך נאָך, פײַפן, צוויטשערן, ריטשערן... און — הינטער דער דאָזיקער צעזשומעטער פּראָצעסיע, קריכט שווער אַ שורה גלאַנציקע אויטאָמאָבילן, אינעווייניק, שוין אָפּגעפּאָרענע מענטשן, ווילן דווקא זיך אַדורכשלאָגן דורכן פאַרצוימטן וועג, אַדורכהאַקן מיט די שפּיץ־נעזיקע מאַשינען, דעם ווילד־וואַלדיקן — געוואָי — פײַפן זיי אויך, טראָמבייען זיי אויך, קוויטשען, ריטשען,

ליאַרעמען, ס'גייט זיי אין לעבן צו געווינען וואָס פּריער אַ שטיקל פּריַיען שטח... איינער וויל דעם אַנדערן איבערשרײַען, איבערטומלען, כדי אַדורכצוברעכן די צווימען. אָבער זי, אָלינדאַ, אַ פּאַרטראָגענע אין אַנדערע וועלטן, האָט זיי אַלעמען ערגיץ אַנדערש... — ס'איז הײַנט איר ערשטער קאַרנאַוואַל, איר ערשטע פרייד אין לעבן, הערט זי נישט, זעט נישט און האָט בכלל איבער זיך קיין שליטה נישט... מיט געשלאָסענע אויגן און ווי פּאַרהיפּנאָטיזירטע גלידער, דרייט זי זיך צום טאַקט פון די אָרקעסטערס און טרומייטערס. הונדערטער אַנדערע, ווי זי, דרייען־זיך־מיט פּאַרטורעטע, באַנומענע, פּאַרדמיונטע און פּאַרחלומטע, וואַקלען זיך אַלע פּאַרטראָגענע אין אַנדערע וועלטן...

* * *

איז אָט אין דער דאָזיקער ערשטער קאַרנאַוואַל־נאַכט, האָט אָלינדאַ, אין איר באַגײַסטערטער פּאַרשפּילעניש, צום ערשטן מאָל געפילט באַהעפטונג מיט — מלאָכים און שדים... אָט טראָגט מען זי צום העכסטן באַרג פון „קאָרקאָוואַדאַ", אַרום איז שטיל, דאָס מאָנאָטאָנע פליסן פונעם ברייטן וואַסער־פאַל, פּאַרגרעסערט נאָך די טיפע שטילקייט. עמעץ גלעט איר יונג לײַב, מען קושט איר אויס יעדן אבר... און דער לויטערער הימל זייעט זילבערשפּרײַ איבער איר קאָפּ. די מיליאָנען שטערנדלעך ווינקען צו איר, לויפן זיך דורך, פאַלן איינער אַפן אַנדערן און קושן זיך אויך. פאַראַן אַזוי פיל פרייד אין דעם, אַ ים מיט גליק, שטענדיק וועט זי דאָס געדענקען — אייביק...

און שפּעטער, איז אָלינדאַ צוריק געקומען צום גערודער, און — זי געדענקט נישט ווי אַזוי, נאָר מען האָט זי גאָר געשלעפּט אין וויסטע טאָלן, שטעכלקעס האָבן צעבלוטיקט איר פריש לײַב, מאָסקיטן צעביסן איר פּנים און — עמעץ האָט געריסן פון איר ס'פּיצל צעקנאָדערט קליידל, אײַנגעקלעמט אירע ציטערדיקע בריסטלעך ווי אין אײַזערנע צוואַנגען און — געפּײַניקט, געמאַטערט, ביז חלשות...

נאָך דעם האָט אָלינדאַ לאַנג נישט געקענט דערוואַכן פונעם שווערן שלומער, נישט געוווּסט צו אונטערשיידן פון חלום און וואָר, ביז די פּייקלדיקע מוזיק פונעם דריטן קאַרנאַוואַל־טאָג האָט איר אויסגעניכטערט, זי געשטעלט אַף די פיס און בײַנאַכט, אויסגעפרעסט דאָס, וואָס עס האָט זיך נאָך געלאָזט פרעסן... זיך ווידער באַהאָנגען מיטן ביסל צעדריוולטן צירונג און צוריק אַרײַן צווישן דער צעהוליעטער מחנה, שוין מער אַ באַזינטע, אָבער די טאַנץ־שיכרות איז איר אויפסניי אַרײַן אין די פיס, מיטן זעלבן כוח און מיט דער זעלבער צעהושעניש זי ווידער פּאַרטראָגן אין אַנדערע וועלטן און ווידער האָט זי זיך געפונען ערגעץ אין שאול־תחתיה...

פּאַרטאָג, האָט הימל שוין געצאָרנט מיט בייזע ווינטן, געבײַטשט די אַלע מידע פון דרײַ טעג און דרײַ נעכט טאַנצעניש. האָבן אַ סך גערדרימלט בײַ נאַסע שוועלן, אַנדערע געכראָפּעט אונטער טריפנדיקעביימער, אונטער בריקן און פּלויטן... און זי, אָלינדאַ, מיט צעריסענע בײַטשן קרעלן, אָפּגעריבענע בראַסלעטן, צעקנייטשטן טורבאַן און פאַרזשאַווערטע פינגערלעך, האָט איצטער, אונטערן נאַסן־שאַרעיעדיקן הימל — אויסגעזען ווי עפּעס אַן אויסגעוווייקטע מכשפה, וואָס האָט שווער געטאָפּטשעט אין געדיכטער בלאָטע, אין צעריסענע קליידער, געלעכערטע שיך און צעקאַליעטשעטן גוף, זיך געשלייכט ווי אַ שאָטן, אינעם גרויען טונקל־אויפגייענדיקן מיטוואָך אַרײַן...

פּונקט צו די נײַן חדשים און צו אירע פערצן יאָר, איז אָלינדאַ געוואָרן אַ מאַמעלע. אַ שיין מאַמעלע פון עפּעס אַ געמיש — שוואַרץ, ברוין, בראָנדז, מיט גאַנץ העלע הערעלעך. אָבער, אָן שום אַנונג וועגן טאַטן פון דעם קינד...

* * *

אָלינדאַס צווייטער קאַרנאַוואַל איז מיט ווינציק וואָס געווען אַנדערש, איר אַלטן „טראַזש", (אָנטועכץ) פאַרלאַטעט און פאַרשמאַטעט. דאָס ווילדע טאַנצעניש, גלײַך ס'וואָלט זיך נאָך געצויגן פון פאַראַיאָרן. בלויז איר נײַגעבוירנס איז דאָס מאָל געווען אַ בלאָנדס ממש... ערשט נאָכן דריטן קאַרנאַוואַל, איז בײַ אָלינדאַן געקומען אַ פּשוט נעגערל, אָן אַ שום צומיש, שוואַרץ ווי סמאָלע...

און אַז אָלינדאַ האָט זיך איינמאָל גוט אײַנגעקוקט אין אירע דרײַ קאַרנאַוואַל־מתנות, געזען זייער פאַרשידנקאָליריקייט, געזוכט צו דערכאַפּן אין זכרון עפּעס אַן ענלעכקייט צו די אַלע קאַוואַליערן, וואָס האָבן זי פאַרווײַלט, האָט זי לסוף באַשלאָסן, זיך ווענדן צו דער אַלטער מאַרפאַ, אפשר וועט זי דערגיין, דורך מאַכן „מאַקומבאַ", (אַזאַ מין כישוף, שטאַמט פון אַפריקאַנער שבטים) ווער עס זײַנען די טאַטעס פון אירע דרײַ „קאַרנאַוואַלעסקאָס". אַזוי טוען אַ סך פון אירע חברטעס און זיי ראַטן איר שוין פון לאַנג אויך אַזוי צו טאָן...

* * *

און אָלינדאַ האָט אויפגעזוכט די שוואַרצע הייל פון דער באַרימטער „מאַקומביסטין" און איז שטאַרק צעטומלט געוואָרן פון די יאָמערלעכע קולות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די הייל־טיפענישן... אפן ערשטן מאָמענט האָט אָלינדאַ געמיינט, אַז זי איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ הויז פון משוגעים. אָט זעט זי אַ האַלב נאַקעטע פרוי, שלאָגט זיך אין בויך, קנײַפּט אירע בריסטן, רײַסט די האָר פון קאָפּ און לאָזט אַרויס יאָמערלעכע געשרייען. אין אַ צווייטן ווינקל שאָקלט זיך פרום אַ יונג מיידל, אירע אויגן געשלאָסן, די האָר צעלאָזט, די הענט אַף דער ברוסט און וואָיעט, כאָרכלט, ווי אַ געשאָכטענע בהמה, ביז איר געיאָמערײ גייט איבער אין ספּאַזמען, וואָס באַוועלטיקן אינגאַנצן איר צעטרייסלט וועזן. מען זעט, אַז

זיי אַלע זײַנען באַהערשט פון עפּעס אַ פרעמדן כוח, וואָס מאָרדעוועט און פּײַניקט זיי אָן זייער ווילן און אָן זייער וויסן...

אין דער שטיינערנער הייל איז טונקל. אַ קליין נאַפט־לעמפּל שמינקלט ערגעץ טיף אין אַ ווינקל, וואַרפט באַוועגלעכע שאָטנס אויף די שוואַרצע ווענט. פון דרויסן קוקט אַרײַן אַ פּיצל פאַרכמאַרעטער הימל, עס דאַכט זיך, אַז דאָס דאָזיקע שטיקל הימל האָט זיך אָפּגעריסן פון אויבן, איז אַרײַן אין דער פינצטערער הייל, זיך אויסגעמישט מיט די סודות׳פולע „גײַסטער" — אַ שטיק יענע־וועלט האָט זיך אין דער וועלט אַרײַנגעריסן...

אין מיטן פון דער טיפער הייל — באַוועגלעכע פיגורן דרייען זיך ווי ווילדע שלאַנגען, זשוזשען, זשומען, שאָרכן, זיפצן, קרעכצן, ביז דאָס זשומעניש דערגרייכט צום קלימאַקס און עס ברעכן אויס גרוויליקע געוואַלדן ווי אַ לייב וואָלט אַרײַן צווישן דער מחנה און זי געדראָעט צו פאַרצוקן...

אָפּגערוקט אין אַ זײַטיק ווינקעלע זיצט זיך די אַלטע מאַרפאַ אויף אַן אײַנגעלייגטער קלאָץ, זיצט אַ שטאָלצע, מיט גראָבע פיס אין אַ ברייטער ספּאָדניצע און דירישירט, ווי אַ קאַפּעל מײַסטער, מיט דער דאָזיקער צעיושעטער קאַפּעליע...

די אַלטע מאַרפאַ האָט אַ גרויען קאָפּ מיט זילבער־האָר. אַ ברייט שוואַרץ פּנים, ווי טינט, מיט אַ פעטן גלאַנץ, וואָס מיניעט זיך אַזש ווי אַ שפּיגל. אויגן האָט זי קליינע, אָבער זייער שאַרפע, שפּיציקע, ווי בײַ גיפטיקע שלאַנגען, ווי אַ גלאַנץ פון אַ חלף. איר נאָז איז ברייט און פּלאַטשיק, מיט געדיכטע אַרויסשטאַרצנדיקע הערעלעך. אויף איר לינקער באַק שטראַלן צוויי וואָרצעלעך, געדיכט באַוואַקסענע מיט זילבער־האָר, וואָס טיילן זיך אויס, צוליב דער שוואַרצקייט פונעם פּנים, ווי גלאַנציקע בראָשקעלעך אויף טונקעלן געוואַנט. איר קורצער האַלדז איז הוילע קנייטשן. אירע לאַנגע הענט, ווי מיט אַ געמאַרשטשעטער פעל איבערגעצויגן. מאַרפאַ האָט גרויסע, מעכטיקע בריסטן, וואָס פאַרנעמען דעם גאַנצן פראָנט פון איר האַרץ־ברעטל, און טיילן זיך פונאַנדער, ווי צוויי אָנגעבלאָזענע באַלאָנען, וואָס באַוועגן זיך, וואַרפן זיך, האָפּקען אונטער, גלײַך זי וואָלט דיריזשירט אירע געהיימע גײַסטער, נישט מיט אירע לאַנגע פליגל־הענט, נאָר מיט אירע מעכטיקע בריסטן... אירע שאַרפע, שלאַנגען־אייגעלעך דרינגען אַדורך די אַלע פּאַציענטן, וועלכע קומען צו איר מיט זייערע נשמה־ווייטיקן, זוכן בײַ איר אַ רפואה צו זייערע צעבראָכענע הערצער.

איינע פון די דאָזיקע איז געווען אָלינדאַ. מאַרפאַ האָט זי קודם אַדורכגענומען מיט אירע שפּיציקע אייגעלעך און קנאה׳דיק באַטראַכט איר שיינעם געשטעל, איר זײַדענע הויט מיט די סאַמעטענע אויגן, איר גזען — אַדורך און אַדורך און באַלד איר אײַנגערוימט אַ סוד אין אויער: „אַזאַ שוואַרץ טײַבעלע, וועט שוין געפינען טאַטעס פאַר אירע ממזרימלעך... דאַרפסט נאָר אַביסעלע פּײַניקן דײַן גוף, לײַטערן דײַן נשמה, און זיי וועלן זיך שוין אָפּזוכן, וועלן זיך אָפּזוכן..."

און אָלינדאַ האָט געגלויבט, ווי אַלע אַנדערע — געגלויבט... בלויז אין אָנהויב איז זי געשטאַנען פון ווײַטנס, מורא געהאַט זיך דערנענטערן צום „גײַסטער־משפּט", וואָס די אַלטע מאַרפאַ פירט אַדורך מיט שמײַסן און פּײַניקן דעם אייגענעם גוף, זיך שלאָגן אין די בריסטן, קנײַפּן ס׳פלייש, רײַסן די האָר און ברענגען דעם זינדיקן גוף צו לײַטערונג. פאַרטרײַבן די מרה שחורה, וויאַזוי באַוועלטיקט די אַלע אויסגעגליטשעטע, פאַרפירטע, צעפּײַניקטע — און סתם אַזעלכע פון גאָר נישט וויסן און גאָר נישט קענען — פינצטערע און דערשלאָגענע מענטשן...

אין די הונדערטער האָט זי זיי, די אַלטע מאַרפאַ, קרבנות פון הפקרות, פון ווילדעניש, פון אומוויסנקייט און פון אויסגעלאַסנקייט, זייערע קינדער האָבן נישט קיין טאַטעס, קיין מאַמעס, און ווייסן זעלטן ווען און פון וואַנען מען איז אַרויסגעקומען און פון וועמען מען איז — באַמאַמעט געוואָרן...

די אַלטע „מאַקומביסטין", וואָס פּראַקטיצירט שוין אירע מופתים אַזעלכע פופציק יאָר און איז שטאַרק באַהאַוונט אין די אַלע פאַרוויקלטע נשמה־פּראָבלעמען, האָט גלײַך דערקענט אין דער טרויעריקער אָלינדאַס אומרויִקן רעדן, אין איר בײַסן די נעגל, נישט קענען אײַנשטיין אויף קיין אָרט — דעם אמת׳ן קרבן: — „שוואַרץ טײַבעלע מײַנס — האָט זי איר געגלעט איבערן פּנים: — אין קאַרנאַוואַל האָסטו זיי פאַרלוירן. די טאַטעס פון דײַנע קינדער און אין קאַרנאַוואַל וועסטו זיי צוריק געפינען... דאַרפסט זיך נאָר גוט אויסוויינען, אויסקלאָגן, אַרויסשרײַען די פּײַן, וועט עס דיך באַפרײַען פון מאַטערנישן און דאַן — וועט ווידער זײַן אַ — קאַרנאַוואַל"...

צוביסלעך האָט זיך אָלינדאַ צוגעוווינט צו די ווילדע סעאַנסן, באַקומען גלויבן אין דער דאָזיקער זאַך, אַליין נישט וויסנדיק ווען און ווי אַזוי, אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דעם אויסטערלישן כישוף־געווירבל און באַהערשט ווי פון עפּעס אַ סטיכישער קראַפט, האָט זיך איר גוף גענומען בייגן, ברעכן, שליידערן און אַרויסגעבן משונה׳דיקע קלאַנגען, וואָס זײַנען איבערגעגאַנגען אין אַ ווילדן געוואָי, אַ חיה׳שן געברום, ביז אַ מורא׳דיקער קוויטשערײַ, גלײַך הונדערטער משחיתים וואָלטן געשמיסן איר זינדיק לײַב און געקאָרטשעט אירע אברים, פון וועלכע ס׳האָט גערונען אַ געדיכטער שווייס, זי אויסגעווייקט, ווי אונטער אַ שלאַקס־רעגן, אָנגעצונדן איר גלאַטיק פּנים ווי מיט גליענדיקע ריטער און — געמאַטערט, נעמאָרדעוועט, ביז די ווילדע משוגעת־כוואַליע האָט ביסלעכווײַז גענומען אָפּטרעטן, די געשרייען — שטילער, געדעמפּטער, ווי אויסגייענדיקע עכאָ־קלאַנגען אין אַ געדיכטן וואַלד... און

דאָן איז אַף איר געקומען אַזאַ שטילע, אויסטערלישע רו, ווי באַפרײַט פֿון שווערע, אײַזערנע קייטן... אַהיימגעגאַנגען אַזאַ צניעות׳דיקע, אַזאַ ריינע און לויטערע, גלײַך זי וואָלט נאָר וואָס אויפֿסנײַ געבוירן געוואָרן... און — זיך גענומען גרייטן צום פֿערטן קאַרנאַוואַל...

* * *

דאָס מאָל האָט זיך אָלינדאַ נישט אַזוי שטאַרק אויסגעסטראָיעט, איר בידנער פֿאַרדינסט האָט קוים געקלעקט אַף אויסצוהאַלטן אירע דרײַ נפֿשות׳לעך, וואָס זי האָט נישט געוואָלט קיינעם אונטערוואַרפֿן... אָבער, סײַ ווי, האָבן זיי זיך געכאָוועט אַף גאָטס באַראָט, נאַקעט, באָרוועס, זיך גענערט מיטן אָפּפֿאַל פֿון די געמאַרקן און געוועזן — הפֿקר.

אָלינדאַ האָט זיך בלויז געקויפֿט אַ פּאָר קורצע, רויטע הייזעלעך, אַרום די בריסטלעך פֿאַרשלייפֿט אַ זײַדן שאַליקל און אויסגעזען מיט אירע נאַקעטע קניען און האַלבאָפֿענער ברוסט, ווי אַ מאַריאָנעטקעלע, וואָס טענצלט פֿרום לויטן ווילן פֿון באַהערשער און ווערט רעגירט ערגעץ מיט אַ שטריקל אַפֿן בוידעם... איר פֿולער געשטעל איז איצטער געווען מאַסיווער, קײַלעכדיקער און — רייף, ווי אַ גוטע צײַטיקע פּרוכט.

און — זי האָט זיי געפֿונען — אַלע דרײַ. יעדן טאָג האָט איר אַן אַנדערער פֿאַרזיכערט, אַז ער איז עס טאַקע איר פֿאַראַיאָריקער „נאַמאָראַדאָ“ (געליבטער). אויך אָלינדאַ איז כמעט ווי זיכער געווען אין דעם, נישט געווען קיין שום אונטערשייד אין זייער באַנעמונג. דאָס זעלבע אָנטרינקען זיך מיט „קאַשאַסאַ“ (בראָנפֿן), די זעלבע פֿאַרשלעפּונג ערגעץ אין די בערג, דאָס זעלבע קושן און האַלדזן איר נאַקעטע ברוסט, די זעלבע פֿאַרזיכערונג צו זײַן אַ טאַטע צו „זייערע“ קינדער און — די זעלבע אוממעכטיקע פֿאַרלוירנקייט, די זעלבע נאָכגעביקייט... ביז —— דאָס דריבנע, שיטערע רעגנדל, וואָס גיסט כמעט תמיד אין די סוף־קאַרנאַוואַל־פֿאַרטאָגן, זיפּט זיך אויך איצטער דורך אירע צעפּלאָשעטע האָר, ריזלט ריטשקעדיק איבער איר אַנטבלויזטן האַלדז, וואַשט און קילט איר האַלב־נאַקעט לײַב און — זי דערזעט זיך ווידער — אַליין, אַליין אונטערן נאַקעטן הימל... אַלץ דאָס זעלבע, וואָס איז איר שוין אַזוי גוט באַקאַנט. בלויז אירע רויטע הייזעלעך גיבן איצט אַרויס אַ געדיכטע פֿליסיקייט, ווי בלוט, וואָס פֿאַרשפּרייט זיך אַף אירע נאַקעטע פֿיס, וועלכע קוקן אויס גלײַך מען וואָלט זיי נאָר וואָס צעהרג׳עט...

ס׳איז ווידער מיטוואָך. דער טאָג פֿון „אַש“, פֿון תּפֿילה און תּשובֿה...

אין דרויסן ליגן נאָך הויפֿנס צעטראָטענע קאָנפּעטיעס, נאַסע סערפּענטין־סטענגעס, וואָס זײַנען ענלעך צו אָלינדאַס אויסגעוויקטע הייזעלעך. אַף די אומגעריינִיקטע גאַסן שמעקן נאָך די טויזנטער אויסגעגאָסענע פֿערפֿומען, וואָס קיצלען אין דער נאָז מיטן ריח פֿון באַגאַנגענע זינד, ס׳וואַלגערן זיך אַף די פֿאַרבלאָטיקטע טראָטואַרן צעבראָכענע שטולן, גליטשיקע ברעטער אַף געהובלטע הרגנער, מכשירים פֿון די אימפּראָוויזירטע בינעס, וואָס קוקן איצטער אויס, ווי הורגים נאָך אַ גרויסער שלאַכט.

* * *

עטלעכע חדשים שפּעטער נעמט אָלינדאַס פֿלאַך בײַכל ווידער אויפֿגיין, ווי אַ פֿריש פֿאַראָשטשינעט טייג, גלײַכען וואָלט איר דאָרטן אַ באַלעמל אונטערגעלייגט... ס׳איבלט איר ווידער אַפֿן האַרצן און ס׳פּײַניקן איר אויפֿסנײַ שוואַרצע מחשבֿות. איר אײנציקער אויסגאַנג פֿון קלעם איז ווידער — פּראַוועז „מאַקומבאַ“, גוט אויסוויינען דאָס צעבראָכענע הערצל, באַרויִקן איר פֿינצטערע דאָליע...

די אַלטע מאַקומביסטין האָט געכאַפּט אַ מבֿינישן קוק אַף אָלינדאַס פֿאַרהרונדיקטן בײַכל, מיט אירע חלפֿים־אייגעלעך אָפּגעמאָסטן אָלינדאַס טרויעריק פּנימל און מיט פֿעסטן גלויבן אין איר וויסטן כּוח אַ באַפֿעל געטאָן: „שטופּ דיך אַרײַן אין הייל, צווישן דער מחנה תּשובֿה־טוער! דו קליין נאַריש לעמעלע, קיינער האָט דיך נישט באַוואָרנט צו קענען שטיין אַף די אייגענע פֿיס, מוזסטו אָנקומען צו מײַנע געטער, זיי וועלן דיך רייניקן, אַרויסבײַטשן דאָס שלעכטס פֿונעם זינדיקן גוף, דיר געבן כּוחות צו געבוירן דעם פֿערטן תּכשיט — הײדאַ, אַרײַן צווישן די זינדיקע!...

און אַז אָלינדאַ האָט אַ פֿאַרציטערטע, מיט פֿעסטן גלויבן אין דער אַלטערס כּוח — אַרויסגעקרעכצט: — „מאַרפֿאַ, גוטע מאַרפֿאַ, וואָס וועל איך איצטער טאָן מיט פֿיר קינדער? און וואָס וועלן זיי טאָן מיט זייערע היימלאָזע הפֿקר׳דיקע לעבנס?“...

האָט מאַרפֿאַ אַ גנבֿישן ווונק געטאָן מיט אירע בלישטשענדיקע אייגעלעך און שטיל איר אײַנגערוימט אַפֿן אויער: נאַריש בהמהלע דו, זיי וועלן טאָן וואָס אַלע אַזעלכע טוען; אויסוואַקסן גוטע טרעגערלעך פֿאַר די געמאַרקן, געזונטע „קאַשעראָס“ פֿאַר די „אַרמאַזענען“ (שפּײַז געשעפֿטן) און אין די קאַרנאַוואַלן, וועלן זיי טאָן דאָס זעלבע וואָס זייערע טאַטעס האָבן געטאָן... און שפּעטער, וועט איר אַלע צוזאַמען דאָ אַהער קומען, אויסלייזן אײַערע פֿאַרזינדיקטע נשמות, רייניקן די פֿאַרפּאַטשקעטע גופֿים, פּראַווען „מאַקומבאַ“ — „מאַקומבאַ“, פֿאַרשטייסט צי ניין?“...

* * *

דעם פֿינפֿטן קאַרנאַוואַל האָט שוין אָלינדאַ באַשלאָסן, אַז אַזוי קען עס ווײַטער נישט אָנגיין... זי מוז עפּעס טאָן, זי וועט נעמען איר גורל אין די אייגענע הענט אַרײַן... זיך אויסגעסטראָיעט אין פֿאַרשידנקאָליריקע פֿאַפּירן, זיי פּשוט אַרויפֿגעקלעפּט אַף אירע אַלטע, אויס־

בליאַקירטע הייזעלעך. זיך אַרומגעהילט מיט פּאַלבאַנקעס פון געלייִשטן זילבער־פּאַפּיר.

אַף די נאַקעטע פיס, פּשוטע „טאַמאַנקעס" (שטעקשיך פון האָלץ) נאָר אין אַ שמאָלינקער קעשינקעלע פאַרשטעקט אַ קליין ראַזיר־מעסערל... זיך פריער גוט געשפּיגלט אין דעם, עס גערדרייט אַהין און אַהער, און געכיכיקעט פון איר קלוגן איַינפאַל, גערעדט צו זיך איידער שטיל: „נישט מאַרפּאַס גייַסטער, נאָר דאָס דאָזיקע קליינע מעסערל... כיק — און פּטור"...

און ס'איז געווען דער זעלבער אויסגעשטערנטער הימל, וואָס איז איר געהאָנגען איבערן קאָפּ, ווי אַ גרויסע, געהאַפטענע ·חופּה. דער זעלבער ברייטער וואַסער־פאַל האָט געזשומעט זייַן אייביקע זשומעניש. די זעלבע פייַכטע גראָזן האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן שאַרפע, פאַרשיכורנדיקע ריחות און אַ פּאָר וואַרעמע מענער־הענט — אפשר אויך די זעלבע? — האָבן צאַרט געגלעט איר בענקנדיק לייַב. זיך איַינגעגעסן אין איר גליענדיק מויל און — די זעלבע פֿאַרזיכערונג, הונדערטער פאַרזיכערונגען... ביז, די זעלבע אָפּהענטיקייט, די זעלבע נאָכגעביקייט... די זעלבע... אַלץ די זעלבע...

און אַ דריבנע רעגנדל האָט אויפסנייַ געוואַשן אָלינדאַס פאַרשלאָפן פּנים... די צעווייקטע פּאַפּירן אַף אירע נאַסע קליידער, האָבן זיך נאָכגעשלעפּט ווי צויטן, אויסגעקוקט ווי אָפּגעשונדענע הויט פון אייגענעם גוף... דאָס פאַרקילטע לייַב האָט איר אַדורכגעשוידערט יעדן אבר... און אַז אָלינדאַ האָט זיך אויפגעהויבן פון פייַכטן געלעגער, זיך גענומען גוט אויסגלייַכן די ביינער, אויסטרייסלען די פאַרגאַנגענע קאָשמאַרן, איז איר דאָס ראַזירמעסערל אַרויסגעפאַלן פונעם קעשענקעלע און ערשט איצטער זיך דערמאָנט אין אירע צוגעגרייטע פּלענער... זי האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבערן הלל שאַרף און שנייַדיק און באַלד איז דער געלעכטער איבערגעגאַנגען אין אַ הילכיק געוויין, אין אַ ווילד־שלוכצן, וואָס האָט זיך צעטראָגן אין צענדליקער ווידער־קולות. ס'האָט זיך אָלינדאַן געדאַכט, אַז דאָס הערט זי נישט בלויז איר אייגן געוויין, נאָר דאָס קלאָגן אַזוי אַרויס, פון די בערג און טאָלן, אַלע אירע קאָלעגעס און חברטעס, און וויסטע שדים מיט בייזע רוחות טראָגן די דאָזיקע געשלוכצערייַ אַף זייערע שוואַרצע פליגל, טראָגן עס צו דער טונקעלער הייל פון דער קלוגער כישוף מאַכערין — מאַרפּאַ...

* * *

דאָס מאָל האָט אָלינדאַ שוין נישט געוואַרט ביז איר בויך וועט ווידער אויפפיורן... אירע פיס האָבן בלינד געפאָלגט דעם גורל, געגאַנגען דאָרטן ווו זיי וועלן נאָך אַ סך מאָל גיין, ביז אין דער שוואַרצער הייל וועט אַמאָל נעמען טאָגן... און דערווייַל, אָן אַ וואָרט אפילו, האָט זי זיך אַרייַנגעשטופּט צווישן אַ מחנה קרעכצנדיקע סילועטן, באַלד זיך גענומען שלאָגן אין די בריסטן, בייַסן ס'פלייש ביז בלוט און אַרויסגעשריגן די גאַנצע, אָנגעזאַמלטע פּייַן אירע, אַדורכגעפּירט מיט דער פולער כוונה דעם ריטואַל פון „מאַקומבאַ"...



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

אַלעקסאַנדער ווייַנשטיין — „די שטילקייַט. איינער פון די באַדייַטנדיקסטע יונגע קינסטלערישע קרעפטן מיט אַן אייגענעם סטיל און אייגענעם דרך אין דער אינטערפּרעטאַציע פון ווערטן, אַן אבסטראַקטער מאָלער, דאָך איז זייַן בילד פול מיט ייִדישער סימבאָליק און טיפן אינהאַלט.

משה שטארקמאן / ניו־יארק

# יידיש אין צפון אמעריקע

## (אויף די וועגן און ביי־וועגן פון יידישער געשיכטע אין די פאראייניקטע שטאטן)

במשך די פארגאנגענע פופציק יאר זיינען פארגעקומען אזעלכע גרינטלעכע ענדערונגען אין יידישן לעבן, וואס ביי אנדערע אומות געשעען זיי במשך יארהונדערטערס. ס'וועט געווען זיין צו דערמאנען, אז אין אנהייב פון 20־סטן יארהונדערט איז מזרח־אייראפע געווען דער צענטער פון יידישן מאסן־לעבן. איצט, אנהייב דער צווייטער העלפט פון 20־סטן יארהונדערט, איז די נייע וועלט, — צפון־און דרום־אמעריקע, — דער צענטער פון יידישן לעבן אין די תפוצות. אין די פארגאנגענע פינף צענדליק יאר האבן מיר געליטן א גרויסע אבידה, — דעם אומקום פון זעקס מיליאן יידן, און מיר האבן אויך באקומען א גרויסע נחמה, — דעם אויפקום פון מדינת ישראל.

בעת די פארגאנגענע פופציק יאר האט יידיש געשפילט א גרויסע ראלע ביים אריבערטראגן די נאציאנאל־גייסטיקע ווערטן פון אייראפעישן יידנטום קיין אמעריקע. אן יידיש וואלט דאס ניט מעגלעך געווען, און ס'איז א גרויסער ספק צי אן יידיש קען דאס יידנטום אין דער נייער וועלט האבן א שאפערישע צוקונפט. ס'איז דעריבער פאסיק צו דערציילן ווי אזוי יידיש איז געווארן אן אמעריקאנער לשון.

:: :: ::

„בכל מקום שגלו ישראל, שכינה עמהם" — אומעטום ווו יידן זיינען פארוואגלט געווארן, איז מיט זיי מיטגעגאנגען די שכינה, די געטלעכע אינספיראציע פון גייסטיקער שאפונג. „שכינתא בגלותא", — די שכינה געפינט זיך אויך אין גלות, און זי רוט אויף די „אהלי יעקב", אויף יעקבס געצעלטן, וואס יידן האבן אויפגעשטעלט אין די לענדער פון זייערע וואנדערונגען.

אין די דאזיקע געצעלטן האבן יידן ממשיך געווען די יצירה פון אבותדיקן היימלאנד, צוגעבנדיק אלע מאל עפעס נייעס צום אלטן, לויט דער אינספיראציע פון דער שכינה, וואס האט זיי באגלייט פון לאנד צו לאנד.

מיט בערך טויזנט יאר צוריק האבן יידן אין אייראפע גענומען די לשון־קודשדיקע ווערטער און די אראמישע, וואס זיי האבן געירשנט פון פריערדיקע דורות אין ארץ ישראל און אין בבל, און אין זיי אריינגעוועבט ווערטער פון די שפראכן פון זייערע שכנים, — ראמאנישע ווערטער און גערמאנישע, שפעטער אויך סלאווישע. פונקט ווי פיל גריכישע און לאטיינישע ווערטער זיינען צוערשט געהייליקט געווארן דורך ווערן אריינגעוועבט אין די טעקסטן פון משניות און די מדרשים; פונקט ווי די אלט־פראנצויזישע ווערטער זיינען דערנאך געהייליקט געווארן ווי די בלע"זן אין פירוש רש"י, אזוי זיינען אויך גערמאנישע און סלאווישע ווערטער געהייליקט געווארן דורך זייער שכנות מיטן לשון קודש, וואס מען האט געטייטשט אין די שולן, בתי מדרשים און חדרים. „עברי טייטש" האט מען גענומען רופן דאס נייע לשון, ווייל די עברי און דער טייטש זיינען געגאנגען אינאיינעם, ווי מוטער און טאכטער. די שפראך, וואס איז געפורעמט געווארן בהבל פיהם של תינוקות של בית רבן. אינעם הויך פון די מיילער פון די חדר־קינדער, האט גיך געקראגן דעם נאמען פון יידישן פאלק: יידיש. אויף יידיש האבן יידישע מאמעס דורך זייערע טייטש־חומשים באגלייט יצחקן צו דער עקדה און יוספן קיין מצרים; אין קרבן־מנחה סידור און אין די תחינות, אין „גאט פון אברהם" שבת פארנאכט האבן זיי אויסגעוויינט אויף יידיש אלע געבעטן פאר זיך, פאר זייערע מענער און קינדער, און פאר כל ישראל, און אזוי ארום אויסגעאיידלט די יידישע שפראך פאר פאעטישער שאפונג. ביים פארוויגן זייערע עופהלעך, האבן יידישע מאמעס אין די קינדערישע אויערן אריינגעזונגען אויף יידיש דעם באגער צו לערנען:



אונטער מיין קינדס וויגעלע,
שטייט א גאלדן ציגעלע;
דאס ציגעלע איז געפארן האנדלען,
ראזשינקעס מיט מאנדלען;
מיין קינד וועט לערנען תורה,
תורה איז די בעסטע סחורה.
תורה וועט ער לערנען,
ספרים וועט ער שרייבן,
א גוטער ייד וועט ער בלייבן.

ניט אומזיסט האָט ייִדיש געקראָגן דעם ערן־טיטול מאַמע־לשון.

ווען ייִדיש־רײדנדיקע ייִדן האָבן גענומען וואָגלען צו די ברעגעס פון דער נײַער וועלט, האָבן אַ סך פון זיי איבערגעלאָזט זייערע טאַטעס און מאַמעס, אָבער זיי האָבן מיטגעבראַכט קיין אַמעריקע זייער מאַמע־לשון. ווען זיי האָבן אויך אויפן נײַעם קאָנטינענט אויפגעשטעלט געצעלטן פאַר דער „שכינתאַ בגלותא", האָט די מאַמע ייִדיש אין די דאָזיקע געצעלטן געקראָגן אַ בכבודיקע היים.

דאָס געדרוקטע ייִדישע וואָרט אין אַמעריקע האָט שוין הינטער זיך אַ געשיכטע פון איבער 90 יאָר, אָבער דאָס גערעדטע ייִדיש און דאָס געלייענטע ייִדיש, — דאָס ייִדיש פון עברי־טײַטש און פון די מוסר־ספרים, געפינט זיך שוין פיל־פיל לענגער אין דער נײַער וועלט. אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט האָבן ייִדן שוין שטאָלצירט מיט דעם פאַקט, אַז מיט דער ייִדישער שפּראַך קען מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט; אפילו אין דזשאַמעיקאַ און באַרבאַדאָס, אויפן ווײַטן און לאָקנדיקן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, האָבן דעמאָלט זיך שוין געפונען ייִדיש־רײדנדיקע ייִדן. דער ייִדישער ישוב אין אַמעריקע איז 300 יאָר אַלט. שוין מיט 246 יאָר צוריק, האָבן ייִדיש־רײדנדיקע ייִדן פון פּוילן, פּאָזען און אונגאַרן געהאַט אַן אייגענע שול אין ניו־יאָרק. זעקס יאָר פאַר דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד, — אין יאָר 1770, — האָט דער רב ר' משה בן דוד פון דער פּוילישער שטאָט אָפּט, שוין געהאַט צו זעמען צו קומען קיין אַמעריקע און דרשנען אויף ייִדיש.

די צאָל מזרח־אייראָפּעיִשע, ייִדיש־רײדנדיקע ייִדן אין אַמעריקע, מיט אייגענע קהילות אין פאַרשידענע צענטערן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט גענומען שטײַגן ערשט אָנהייב 19־טן יאָרהונדערט. די צאַרישע רעקרוטן־גזירה פון 1827, און אַנדערע שפּעטערדיקע נגישות, האָבן משפּיע געווען אויף רוסישע ייִדן זיך צו לאָזן צו דער נײַער וועלט. עקאָנאָמישע סיבות האָבן אַ שטופּ געטאָן די ייִדישע וואָגלעניש פון עסטרײַך און אונגאַרן — פאַרגרעסערנדיק די צאָל גאַליציאַנע ייִדן אין אַמעריקע. אין 1870 האָבן זיך שוין געפונען אין די פאַראייניקטע שטאַטן גענוג ייִדיש־רעדערס און ייִדיש־לייענערס, וואָס זאָלן קענען זײַן אָפּנעמערס פון געדרוקטן ייִדישן וואָרט.

„ספר וסיף ירדו כרוכין מן השמים", — זאָגן די חז"ל, „דאָס בוך און די שווערד האָבן אינאיינעם אַראָפּגענידערט פון הימל". מיר קענען פאַראַפראַזירן דעם מדרש און זאָגן: „עברית ויידיש יורדו כרוכות לאמריקה", די העברעיִשע און די ייִדישע פּרעסע און ליטעראַטור האָבן אינאיינעם, ווי אַ צווילינג, אַראָפּגענידערט צום אַמעריקאַנער ייִדנטום. מיר ווייסן אפילו די גענויע דאַטע, ווען דאָס איז געשען. געווען איז דאָס כ"ה אדר, תר"ל, דעם 1־טן מערץ, 1870, ווען אין ניו־יאָרק האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דאָס ייִדיש־העברעיִשע צײַטשריפט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, געגרינדעט און רעדאַקטירט פונעם פּעדאַגאָג י. ק. בוכנער. דער זעלביקער בוכנער האָט אין 1871 און 1873, געגרינדעט אין ניו־יאָרק די ערשטע ייִדישע פּראָפעסיאָנעלע פאַרײנען. אויך די ווײַטערדיקע ייִדישע בלעטער אין צפון־אַמעריקע בעת די 70־קער יאָרן זײַנען געווען ייִדיש־העברעיִשע, ווײַל ייִדיש־רײדנדיקע העברעער־משכילים זײַנען געווען די שרײַבערס און רעדאַקטאָרן.

ניט בלויז זײַנען אויפגעקומען אינאיינעם דאָ אין לאַנד די ייִדיש־העברעיִשע פּרעסע, אין איין און דעמזעלביקן טאָג; נאָר אין איין דאַטע זײַנען אין אַמעריקע אויך געבוירן געוואָרן די ייִדישע און העברעיִשע ליטעראַטור, די פּאָעזיע. געווען איז דאָס אין יאָר 1878, ווען ס'איז אין ניו־יאָרק דערשינען דאָס צוויי־שפּראַכיקע לידער־בוך „שיר זהב לכבוד ישראל הזקן — אָדער ישראל דער אַלטער". דער מחבר איז געווען דער שאַוועלער־אָדעסער העברעיִשער שרײַבער און מחנך יעקב צבי סאָבעל. דאָס ווערק זײַנס אַנטהאַלט פיר העברעיִשע לידער און דרײַ ייִדישע לידער; אין אַ ליד אויפן טיטל־בלאַט אַגיטירט דער דעכטער אי פאַר ייִדישער פּאָעזיע, אי פאַר דער העברעיִשער שפּראַך. ער זינגט אין אַן אומבאַהאָלפענעם סטיל:

דיזע גאָלדענע לידער,
אָ, מײַנע ליבע ברידער,
געשריבן מיט ענערגי,
צו איבערצײַגן ריכטיק,
ווי הערליך און וויכטיק
איז ייִדישע פּאָעזי;
דאָס די הייליקע שפּראַכע.
איז די איינציקע זאַכע,
וועלכע מיט אונדז וווּנדער טוט;
דאַן ווען דיזע שפּראַכע בליט,
דאַן ווייסט דער איזראַעליט,
ער האָט קוראַזש, שטאָלץ און מוט.

אַרום 30 טויזנט ייִדיש־רײדנדיקע ייִדן זײַנען אָנגעקומען קיין צפון־אַמעריקע אינעם יאָרצענדליק צווישן 1870 און 1880. מען ווייסט אויך די גענויע דאַטע ווען ס'איז אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויפגעקומען די העברעיִשע קולטור־באַוועגונג און וועגן דער ראָלע פון ייִדיש אין איר אויפקום. דעם 10־טן טאָג אין חודש אדר, תר"מ, — זונטיק דעם 22־טן פעברואַר 1880, איז אין אַ צימער אויף לודלאָוו סטריט, אויף אַ זיצונג פון ניו־יאָרקער ייִדיש־שרײַבנדיקע זשורנאַליסטן און ייִדיש־רײדנדיקע משכילים, געגרינדעט געוואָרן דער פאַריין „שוחרי שפת עבר", וואָס איז געווען ניט בלויז די ערשטע העברעיִשע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, נאָר אויך די ערשטע העברעיִשע אָרגאַניזאַציע אין גאָר דער וועלט. אין אַמעריקע, צווישן ייִדיש־רײדנדיקע ייִדן, איז געשטאַנען דאָס וויגעלע פון העברעיִזם. יענע פּיאָנערן־צײַט האָט אונדז געלערנט, וואָס עס האָבן באַשטעטיקט שפּעטערדיקע צײַטן, אַז נאָר

אין די ערטער, ווו ייִדיש איז אַ לעבעדיקער פאַקטאָר, דאָרט קען אויך לעבן העברעיִש.

דער אויפקום פון מדינת ישראל; דער וווּקס פון אַמעריקאַנער ייִדנטום צו אַ מאַטעריעל־באַפעסטיקטן און פּאָליטיש־אײַנפלוסרײַכן קיבוץ פון איבער פינף מיליאָן נפשות; און דער אויפבלי פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור אין העברעיִש און ייִדיש, — דאָס אַלץ וואָרצלט אין דער גרויסער איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען אין מזרח־אייראָפּעיִשן ייִדישן לעבן מיט אַן 80 יאָר צוריק. די איבערקערעניש איז געווען אַ רעזולטאַט פון די פּאָגראָמען, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט גענומען דורכפירן, אָנהויבנדיק מיט אחרון של פּסח פון 1881. די בלוטיקע כוואַליעס האָבן געפליצט איבער קהילות, וואָס האָבן סימבאָליזירט די פּראַכט און די גײַסטיקע השפעה פון רוסישן ייִדנטום, — דעמאָלט איז דער גרעסטער ייִדישער קיבוץ אין גאָר דער וועלט. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן די ייִדישע מאַסן־וואַנדערונג. די איבערגעגעבענע צום חיבת ציון געדאַנק, געפירטע פון ערשט נעכטיקע אַבימילירטע סטודענטן, אונטערן לאָזונג ביל״ו, — ראשי תבות פון „בית יעקב לכו ונלכה" — „הויז פון יעקב קומט און לאָמיר גיין", — זײַנען געפאָרן אין קליינע גרופּעס אויפלעבן די ערד פון אבותדיקן לאַנד; די מאַמינים אין סתם ייִדישער ערד־אַרבעט, מיט אַ צומיש פון רעוואָלוציאָנערישקײַט, — אונטערן לאָזונג „עם עולם", — „אייביק פאָלק" אָדער „וועלט־פאָלק", — זײַנען געפאָרן גרינדן קאָמונעס אין אַמעריקע; סתם ייִדן זײַנען גלאַט מאַסנווײַז געלאָפן צו די אַמעריקאַנער ברעגעס ווו זיי זײַנען געוואָרן „פּעדלערס" און גרויס־שטאָטישע פּראָלעטאַריער. די מיטגלידער פון ביל״ו האָבן געלייגט די יסודות פאַרן חלוציזם און פאַר מדינת ישראל; די מיטגלידער פון „עם עולם" האָבן געלייגט די פונדאַמענטן פון דער צפון־אַמעריקאַנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן אַ שותּפטע פון דער הסתדרות העובדים אין פאַרווירקלעכן די שענסטע טרוימען פון חיבת־ציון אידעאַל.

אַ דאַנק דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער יוגנט, וועלכע איז געקומען קיין אַמעריקע, איז אויך אויפגעקומען אַ ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס כדי צו ווירקן אויף די ייִדישע מאַסן, האָט זי געמוזט רײדן צו זיי אויף זייער לשון, — אויף ייִדיש; די סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן האָבן אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַן אייגענע ליטעראַטור, אַ פּרעסע, אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט, און דאָס ייִדישע מאַסן־לעבן דאָ אין לאַנד אַרויפגעפירט אויף נײַע רעלסן, געבנדיק דעם ייִדישן פּראָלעטאַריער אַ נײַעם גײַסטיקן אויסבליק.

בלויז עטלעכע יאָר נאָכן אָנהויב פון דער ייִדישער מאַסן־אימיגראַציע קיין אַמעריקע, אין 1886, האָבן ביל״ו און „עם עולם" זיך באַגעגנט אין דער נײַער וועלט. משה מינץ איינער פון די פירער פון ביל״ו און אַ מיטבויער פון דער קאָלאָניע גדרה, איז פאַרוואָגלט געוואָרן קיין אַמעריקע אין 1885. אַ יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער נײַער וואָכנשריפט „ניו יאָרקער ייִדישע פאָלקסצײַטונג". א. בראַסלאַווסקי איז געווען דער סאָציאַליסטישער רעדאַקטאָר, און דער ביל״ויעץ משה מינץ איז געווען דער רעדאַקטאָר, וואָס האָט פאַרטראָטן דעם ייִדיש־נאַציאָנאַלן צד. אין דער דאָזיקער צײַטונג, אונטער דער רעדאַקציע פון משה מינץ, וועמענס ביינער עס רוען איצט אין מדינת ישראל, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דאָס ערשטע ליד פון אַ יונגן ניו־יאָרקער שנײַדער־אַרבעטער: מאָריס ראָזענפעלד, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די גרעסטע דיכטערס אין ציון־פּאָעטן, וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט ווען אַרויסגעגעבן. דער ביל״ויעץ משה מינץ אַליין האָט איבערגעזעצט אויף ייִדיש קאַרל מאַרקס „לוין און אַרבעט", און דערמיט געהאָלפן לייגן די יסודות פון דער סאָציאַלער וויסנשאַפט אויף מאַמע־לשון אין אַמעריקע.

די ייִדישע ליטעראַטור־געשיכטע אין אַמעריקע קען אײַנגעטיילט ווערן אין עטלעכע צײַט־אָפּשניטן:

די פּיאָנערן־צײַט, — די לעצטע דרײַסיק יאָר פון 19־טן יאָרהונדערט; די נאָך־פּיאָנערן־צײַט, — די גרעניץ־יאָרן אָדער די שוועל צווישן 19־טן און 20־סטן יאָרהונדערט; די רענעסאַנס־צײַט, ווען נאָכן קישענעווער פּאָגראָם (1903) און נאָך דער דורכגעפאַלענער רוסישער רעוואָלוציע, זײַנען געקומען קיין אַמעריקע אָנגעהעריקע צו דער נײַער ייִדישער אינטעליגענץ, פּועלי ציון, טעריטאָריאַליסטן, בונדיסטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן און זייערס גלײַכן; די תקופה פון די „יונגע", ווען אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער ליטעראַטור האָבן זיך באַוויזן דיכטערס און בעלעטריסטן, וואָס האָבן אין זייער שאַפן זיך געשטעלט ריין־קינסטלערישע צילן; די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און די נאָך־מלחמה־צײַט, — ווען די „אינזיכיסטן" און אַנדערע ליטעראַרישע גרופּירונגען האָבן געפירט די ייִדישע וואָרט־קונסט צו געוואַלדיקע אייפּטיען; די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, ווען די ייִדישע ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע האָט פאַרצייכנט אירע גרעסטע דערגרייכונגען; די צווייטע וועלט־מלחמה און די נאָך־מלחמה תקופה, — ווען די ייִדישע וואָרט־שאַפונג אין צפון־אַמעריקע איז פאַרשטאַרקט געוואָרן קוואַנטיטאַטיוו און קוואַליטאַטיוו דורכן צוקום פון די געראַטעוועטע פּאָעטן, דערציילערס, עסייאיסטן און פאָרשערס; די תקופה זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל, — וואָס האָט אינספּירירט די ייִדישע וואָרט־מייסטערס צו נײַע מאָטיוון, מאָטיוון פון אויפבוי און האָפענונג, נאָך יאָרן, ווען אין ייִדישן שאַפן האָבן לאַנג דאָמינירט די מאָטיוון פון קאַטאַסטראָפע, חורבן און אומקום.

די דערגרייכונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור נעמען אַרום אַלע געביטן פון מענטשלעכן גײַסט, און אַלע מאָ־

טיוון און פֿאָרמען פון שאַפן: פּאָעזיע, בעלעטריסטיק און דראַמע; קריטיק און פילאָזאָפיע, סאָציאַלע וויסנשאַפט און געשיכטע; הומאָר און סאַטירע; איבערזעצונגען פון העברעיִש און פון דער וועלט־ליטעראַטור; ביבל־קריטיק, נאַטור־וויסנשאַפט און פילאָלאָגיע, רײַזע־ביכער וועגן ארץ ישראל א. א. וו. דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרן דורך דער מסירת נפש פון שרײַבערס און פאַרשערס, וואָס אַ סך פון זיי זײַנען אפילו געווען פּשוטע אַרבעטער אין די פאַבריקן.

אָן דער ייִדישער שפּראַך וואָלטן קיינמאָל ניט מעגלעך געווען די ריזיקע דעמאָנסטראַציעס פאַרן אויפבוי פון ארץ ישראל און קעגן די רדיפות אויף ייִדן אין פאַרשידענע לענדער. ייִדיש האָט אָנגעהאַלטן די נאַציאָנאַלע טעמפּעראַטור בײַם צפון אַמעריקאַנער ייִדנטום. די ייִדישע ליטעראַטור, אין אַלע אירע געביטן, האָט גורם געווען, אַז די ייִדישע פּרעסע זאָל דערגרייכן אַ העכערע מדרגה. די ייִדישע פּרעסע, מיט אַלע אירע חסרונות, האָט דעם ייִדישן מאַסן־מענטש געגעבן וויזיע, בילדונג, געזעלשאַפטלעכע פאַרשטענדעניש און אחריות, און אים געלערנט זײַן אַ ווירדיקער ייִד און אַ ווירדיקער מענטש. אַ דאַנק ייִדיש זײַנען געצונדן געוואָרן די פלאַמען פון בענקשאַפט צו ציון; נאָר אַ דאַנק ייִדיש איז ציוניזם געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג אין אַמעריקע, און אַ דאַנק ייִדיש האָט די ייִדישע דערציִונג בכלל זיך אויסגעקעמפט אַ וועג אין די שווערע אַמעריקאַנער באַדינגונגען.

אמת, די אַסימילאַטאָרישע ווינטן אין אַמעריקאַנער ייִדנטום האָבן צעטרייסלט די סוכה פון ייִדיש, אָבער אין דער דאָזיקער סוכה איז נאָך אַלץ היימיש און וואַרים, ווײַל אירע „אושפּיזין אילעין", אירע געהויבענע געסט, זײַנען אַזעלכע גרויסע שריפטשטעלערס ווי מענדעלע און שלום עליכם, פּרץ און יהואש, וועלכע האָבן געלערנט, אַז ייִדיש און העברעיִש זײַנען אַ צווילינג. אַז לשון קודש מיט עברי־טײַטש זײַנען הלכה למשה מסיני. די גרויסע ספרים, וואָס ייִדיש אין אַמעריקע האָט אַרײַנגעבראַכט אין דעם נאַציאָנאַלן אוצר פון ייִדישן פאָלק, וועלן צוזאַמען מיט דער ייִדישער שפּראַך לעבן אייביק, — אין די ספירות און ספערעס פון אונדזער קולטור־שאַפן.

די איצטיקע צײַט, — איז די טראַגישע תקופה פונעם אומקום פון זעקס מיליאָן ייִדן, און גלײַכצײַטיק די גלאָריע־תקופה פונעם אויפקום פון מדינת ישראל; צום נײַעם דור אַמעריקאַנער ייִדישע שרײַבערס, זײַנען קורץ פאַר דער מלחמה צוגעקומען ייִדיש־אייראָפּעיִשע וואָרט־מײַסטערס. פון דער מלחמה און קאַטאַסטראָפע זײַנען פאַר אונדז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן נאָך אַ גרופּע ייִדישע וואָרט־קינסטלערס.

די ייִדישע שפּראַך און די קולטור שאַפונג אין אַמעריקע האָבן דערמעגלעכט, אַז עס זאָל אָנגעהאַלטן ווערן אַ גײַסטיק־נאַציאָנאַלע פאַרבינדונג מיט ייִדן פון אַנדערע לענדער און וועלט־טיילן. דורך לידער און דערציילונגען, דורך דראַמעס און מעמוארן, האָט ייִדיש אויפגעלעבט די חרוב־געוואָרענע אַלטע היימען און געגעבן אירע קדושים אייביקע געשטאַלטונג. אַ דאַנק דער פאַרפיקסירונג אין ייִדיש, וועלן אַלע ווײַטערדיקע דורות ייִדן וויסן ווי אַזוי ס'האָבן אויסגעזען, געלעבט און געליטן די זעקס מיליאָן קרבנות פון דריטן חורבן. טראָץ אַלע קריזיסן און פּעסימיסטישע נביאותן וועגן מאַמע לשון, קלינגט הויך די סימפאָניע פון ייִדיש אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, — ייִדיש קלינגט פון ניו־יאָרק ביז בוענאָס אײַרעס, פון תל־אביב ביז ריאָ דע זשאַניירא, פון מאָנטרעאַל ביז האַוואַנאַ, פון קעיפּטאַון ביז מעלבאָרן. אַלע גײַסטיקע אייגנשאַפטן פון ייִדישן פאָלק און אַלע געביטן פון שאַפן קומען צום אויסדרוק אויף ייִדיש הײַנט־צו־טאָג.

די ייִדישע ליטעראַטור, אין וועלכער עס הערט זיך אַזוי שטאַרק דער יאָמער נאָך די אומגעקומענע זעקס מיליאָן, אין איר קוואַלט אויך די שמחה מיטן אויפקום פון מדינת ישראל. דער דאָזיקער טאָפּלטער מאָטיוו פון טרויער און פרייד וואָרצלט אין „האזינו"־געזאַנג פון משה רבינו:

הרנינו גוים עמו, כי דם עבדיו יקום; נקם ישיב לצריו, וכפר אדמתו עמו.

„באַזינגט איר אומות זײַן פאָלק, וואָרן פאַרן בלוט פון זײַנע קנעכט וועט ער זיך נוקם זײַן; נקמה וועט ער אומקערן צו די שונאים, און פאַרגיטיקן זײַן לאַנד און זײַן פאָלק".

י. פּאַפּיערניקאָוו / תל־אביב

# לידער



## ערד

אין בין־השמשות פון מײַן גאָטלאָזער ירידה,
האָב איך טיף אין טאָל פון האַרץ, דערהערט
אַ שטים פון רויען כוח — ערד! —

ציען נאָך דער שטים איצט, מײַנע טריט,
אַרויס פון ענגער שטאָט,
צום פרײַעם דאָרף און פעלד,
און זוכן רו און אָפּרו —
אין אַ לײַוונטן געצעלט;
דער האַלדז, די ליפּן, דורשטן —
צו אַ ברונעם, צו אַ קוואַל;
די אויגן קוקן אויס דעם פאַרביקן צעבלי —
ווען מאַמע־ערד איז שוואַנגער און געבערט;
דאָס לײַב, דאָס מאַטע לײַב באַגערט —
אַ וואַסער־פאַל,
און ס'האַרץ — אַ חנעוודיקיע סביבה קי,
אַ גוטן פרײַנט אַ קלוגן: אַ פיר־פיסיק פערד,
און שטילע, ליבע חברה: שאָף און רינד,
און אָרנטלעך געטרײַע היטער — הינט...

אין בין־השמשות פון מײַן גאָטלאָזער ירידה,
האָב איך טיף אין טאָל פון האַרץ, דערהערט
אַ שטים פון רויען כוח — ערד!

# דאָרפֿישער ריח אין שטאָט

ס'האָט הײַנט אין שטאָט אַ בערגל וואַרעם מיסט פֿון קי און פֿערד,
אַ בערגל מיסט צו מיסטיקן אַ גערטל בײַ אַ הויז —
אַ שלאָג־געטאָן אויף מיר מיט וואַרעם שטאַל־גערוך, מיט ערד,
אַ שלאָג־געטאָן, אַ ציִ־געטאָן: פֿון שטאָט אַרויס, אַרויס!

אַרויס צו לאָנקע און צו פֿעלד, זיך אויסשפּאַנען פֿון צוים,
צו ווײַטקײַטן, וואָס פֿאַלן מיט די הימלען זיך צונויף,
צו הויכקײַטן און טיפֿקײַטן פֿון בערג און טאָל, צו רוים,
צו וואַלד־געדיכטעניש, צו ווילדן הירשן־שפּרונג און לויף;

אַרויס פֿון צווישן מויערן, אַרויס פֿון צווישן ווענט,
אַוועק פֿון שטאָט און שטאָטישע, וואָס זײַנען קאַלט און פֿרעמד,
זיך אויסטאָן דאָס קראָכמאַליעטע, אַראָפּוואַרפֿן דעם פֿענט,
אַ פֿרײַער — גיין אַ באָרוועסער, מיט אַ צעכראַסטעטע העמד;

און טראָגן אין בוזעמס אַלע ווינטלעך פֿון דער פֿרײַ,
און האַלדזן זיך מיט יעדן בוים, וואָס קומט דיר אויפֿן וועג,
און טרינקען פֿון די ריטשקעלעך, וואָס שלענגלען זיך פֿאַרבײַ
און רופֿן דיך, צו שטילן דיר דעם דאָרשט אין ברען פֿון טעג;

צו ערגעץ אָפּרוען אויף הויכן, ווייכן גראָז געבעט,
צו, ליגן ערגעץ אויף אַ סטערטע פֿריש־געשניטן היי
און חלומען פֿון דאָס, צו וואָס דו האָסט זיך נישט דערדערט,
און — אויפֿשטיין, ווען די הענער וועלן וועקן מיט געקריי.

אַזוי האָט הײַנט אַ בערגל מיסט אין שטאָט, — מיך אָנגערעגט,
אַ בערגל מיסט צו מיסטיקן אַ גערטל בײַ אַ הויז;
אַ בערגל מיסט פֿון קי און פֿערד, פֿון וואָס עס האָט געשמעקט
מיט רייַן מיט וואַרעם — מערער, ווי אין שטאָט די שענסטע רויז...

# אַ קריי אין שטאָט

דערהער איך אין שטאָט ווען אַ קריי פֿון אַ האָן,
וואָס שיקט ערגעץ איבער אַ קוקוריקו —
כאַפּט אָן מיך אַ חשק — פֿאַרלאָזן די שטאָט,
און אַוועק אין אַ דאָרף־אַרײַן ווו.

פֿאַרלאָזן די ענגשאַפֿט, דעם רעש פֿון אַ מאַרק־פּלאַץ,
די ליגנעריש־שטאָטישע שטיינערנע רייד;
זיך אויסטאָן דאָס שטײַפֿע, געפּרעסטע, און אָנטאָן
אַ ווײַס פּשוט העמדל פֿון לײַוונט גענייט.

כ'וויל פֿראָסט־זײַן און פֿרײַ־זײַן, און באָרוועס אַרומגיין
צעווישן די נחלות, וואָס זײַנען צעשטעלט
אויף בערגלעך און טאָלן, צעשיט און צעוואָרפֿן,
ווי שאָף אין דער גרינקײַט אויף לאָנקע און פֿעלד.

אַרײַנגיין צו פּויערישע יונגען און מיידן,
צו כאַפּן אַ שמועס פון דאָס און פון יענץ,
אַ זינג־טאָן אינאיינעם אַ בריטס און אַ פּריילעכס,
אַ טאַנץ־טאָן די דאָרפיש געשטיוולטע טענץ;

אַ פײַף־טאָן אַמאָל ווי א יעגער צו טויבן,
אַ שפּיל־טאָן האַרמאָנקע ווען אומעט באַפאַלט,
ווען ס'הערט זיך דאָס מוקען פון קי נאָך דער פּאַשע,
און ס'טראָגן שוין האָלץ אַהיים, העקער פון וואַלד.

ווי גוט איז צו זיצן בײַם פּויערישן נאַכטמאָל,
ווען ס'פּאַרען פון שיסלען קאַרטאָפל מיט קרויט,
און ס'שמעקט פון די עפּער מיט שטאַל און מיט קאָרע,
מיט ערד, און געזונטקײַט פון ראַזאָווע ברויט...

דערהער איך אין שטאָט — ווען אַ קריי פון אַ האָן,
וואָס פּיקט ערגעץ איבער אַ קו־קו־רע־קו —
כאַפּט אָן מיך אַ חשק — פאַרלאָזן די שטאָט,
און אַוועק אין אַ דאָרף־אַרײַן ווו.

# ס'איז גוט...

ס'איז גוט צו זײַן אַן ערדיש קינד,
און גיין אַריבער איבער אַלץ —
קאַפּריזנע ווי דער ווינט,
און טאָרען זיך אין זון, —
ווי הינער אויפן בריענדיקן זאַמד,
און לויפן הפקרדיק, אַן אָפּגעבונדענער ארום,
דאָס פּנים אָפּגעברענט, צעפלאַמט —
ווו ס'ליגן פעלדער אויסגעצויגן און צעקאמט,
אין גרינעם העמד...

ס'איז גוט — מיט ווילדער, רויער פרייד
זיך וואַרפן ווי אַ פלינקער אינד
אין פריש באַטויטן גראָז,
און זייגן ס'חיות פון די ברוסטן, בײַ דער מאַמע־ערד
און טרינקען, טרינקען אומגעשטערט
פון אַלע קוואַלן,
און אין שמחה פון געזונטקײַט — בלינד,
פאַרבלענדט, —
אַרומכאַפּן אַן עפּל־בוים מיט ביידע הענט,
און מיטן גאַנצן כוח איב אַ טרייסל טאָן,
אַז — ווי אַ האָגל, זאָלן עפּל פאַלן,
און אין רייפקײַט, זאַפטיק זיך צעגיסן —
אָן אַ ברכה פלאַצנדיק —
פון יונגע ציין געביסן...



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

„אַ ייִנגל" — פון אידאַ ווײַסמאַן. באַקומען איר קינסטלערישע אויסבילדונג אין דער העכערער קונסט־שול פון בוענאָס אײַרעס. די קונסט־קריטיק האָט אנערקענט איר טאַלענט און אויסדרוק־קראַפט אין דער אינטערפּרעטאַציע פון אירע פּאָרטרעטן און מאָטיוון. פאַרשידענע בילדער פון דער קינסטלערין פיגורירן אין די מוזעאומס פון שיינער קונסט, מוניציפּאַלן און אין ראָזאַריאָ.

ל. חיין־שמעוני / חיפה—ישראל



# דער פאַטער

ס'איז געווען ל"ג בעומר.

די לעצטע אייר טעג אין ישראל, האָבן זיך געראַנגלט מיטן אָנהויב זומער, וואָס האָט געוואָלט פאַרברענען דעם פרילינג אין אָנגעגליטע מזרח ווינטן פון די ווײַטע אראַבישע מדבריות.

די ווינטן האָבן געבריט ווי פײַער, אָנגעפילט די לופט מיט אַ דין־דינינקן שטויב, וואָס האָט פאַרוואַנדלט די הימלען אין גרויען אַש, צו פאַרדעקן די זון.

יענע טעג האָט די זון אויסגעזען בלאַס, פאַרטונקלט, אַרויסגעקוקט ווי פון אַ פאַררויכערטן ליקוי־חמה גלאָז. ס'שמעקעדיק גרינס האָט געוועלקט, די ביימער האָבן זיך געשאָקלט און גענויגט די קעפּ אַהער און אַהין, ווי פרומע ייִדן בײַם אויסגיין שמונה עשרה.

פון די ווילדע רויזן קוסטעס, פון די טיולפּאַנען און אירוסן און פון די לעצטע פעלד בלומען, וואָס באַצירן מיט פרילינג אַ יעדער פיצל ערד אין ישראל, זײַנען געפאַלן טויטע בלעטער און פאַרוואַנדלט אַלע פריערדיקע בונטע קאָלירן אין אַ טויטער געלבלעכקייט. די חמימה איז געווען נישט אויסצוהאַלטן, אַלץ האָט שווער געאָטעמט, אויסגעקוקט אַ טראָפּן פרישע לופט, אַ פיצל ים ווינט פון מערב. עופות און פויגל האָבן געהעשעט דורשטיקע מיט אָפענע שנעבעלעך, אַפּאַטיש זיך אויסבאַהאַלטן צווישן בלעטער אויף צווײַגן, אין טונקעלע ווינקעלעך, אונטער קאַרניזן פאַזע ווענט, אָדער אין דער געדיכטעניש פון קוסטעס. אין אַזעלכע טעג, איז די באַהעלטעניש ליבער ווי דער אָפענער פרײַער דרויסן.

אין אַזאַ עצבותדיקן חמסין1) פאַרנאַכט, ל"ג בעומר, איז אַ זײַטיקע שטאָטישע שול געווען פראָפּן־פול מיט ייִדן, דורכגענעצטע פון שוויים, מידע פון דער חמימה; ייִדן נישט אַלע פון די פרומע, נישט פון די שטענדיקע דאַווגער, בתוכם ייִדן מיט גלאַטע פּנימער, מיט פּיטשינקע געשטריקטע אָדער ריפּסענע קאַפּעלעך אויף די שפּיץ קעפּ, וואָס האָבן זיך געהאַלטן מעשה ניסים, נישט אָראָפּצופאַלן. אין שול זײַנען אויך געווען יונגוואַרג מיט טיכעלעך אויף די קעפּ, און גלוחים ,צו זען, אַז זיי זײַנען ווײַט פון די שומרי מצוות.

דאָס מאָל זײַנען אַ סך געווען אײַנגעזאַמלט אין שול,

---

1) חמסין — הייסער מזרח־ווינט.

די גאַנצע גאַס, און פון גאָר ווײַט אַרום. די שול האָט אויסגעזען ווי צו כל נידרי, פאַרפלייצט מיט ליכט. איבערן אָרון הקודש, איבער די עשרת הדברות, האָט געלויכטן אַן איבערשריפט: — „מה נורא המקום הזה", בעת אין דער אמתן, איז גאָרנישט געווען „נורא"; אומגעקערט, ס'איז גאָר געווען היימיש־עצבותדיק, שטיל, גאָר נישט ווי אין אַ פול־געפּראַפּטער שול בין מנחה למעריב.

אויפן עמוד, אונטערן „מזרח", האָבן געברענט פינף שלאַנקע, הויכע נשמה ליכט, וואָס האָבן געשמאָלצן מיט טרערן צום פינפטן יאָרצײַט נאָך אַ יונגנמאַן, וואָס איז געפאַלן אויף קידוש השם, אינעם באַפרײַונגס קריג פון מדינת ישראל, אין חודש אייר תש"ח אין טאָג פון ל"ג בעומר. זײַנע עלטערן, ייִדן טיף גלויביקע, האָבן געלאָזט שרײַבן אַ ספר תורה צום אָנדענק פון געפאַלענעם זון.

הײַנט איז געווען דער סיום, און נאָכן פאַרענדיקן ס'לעצטע אות, נאָך „גלילה" האָט מען די תורה געדראַפּט איבערגעבן דער שטאָטישער שול, ווי אַ הייליק געשאַנק, און ייִדן האָבן זיך דאָ געזאַמלט צו אַ הספד און שמחת מצווה צוזאַמען צו מאַכן הקפות אין יענער געגנט, וווּ דער קדוש איז געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן ווו ער האָט פאַרבראַכט זײַנע קורצע יאָרן, פון וואַנען ער איז אַוועק זײַן לעצטן גאַנג אויף די שלאַכט־פעלדער פון גליל, ווו אַ קויל פון שונא האָט איבערגעהאַקט זײַן יונג לעבן

אין דער הויך, אין דער עזרת נשים, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ פאָרהאַנג, איז געזעסן פאַרגליווערט די מוטער, אַרומגערינגלט מיט נאָענטע און פרײַנט זי איז געזעסן אײַנגאַנצן פאַרטאָן אין מחשבות פון יענע צײַטן, ווען דער זון האָט געלעבט. כאָטש די וווּנד איז געווען אָפן, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער אומגליק האָט פּאַסירט מיט דורות, און נישט מיט פינף יאָר צוריק.

אונטן איז געזעסן דער פאָטער, אינדערמיט, אויף דער בימה צוזאַמען מיט ידידים און געהאַלטן די נײַע ספר תורה אַרומגעוויקלט אין זײַן אויסגעדאַוונטן טלית. ווען ניט די זילבערנע קרוין אויף די אויבערשטע ידן, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז ער האַלט גאָר זײַן זון, דעם פאַרלוירענעם קדיש, ער האַלט אים אײַנגעוויקלט אין זעלבן טלית ווי צו בר מצווה, אָט דאָ, אין דער זעלבער שול, אויף דער זעלבער בימה.... ער גלעט די תורה, טוליעט צו זיך, באַהאַלט זײַן פּנים אין די פאַלדן פון טלית, און קושט עס מיט זײַנע טרוקענע ליפּן

אַרום איז שטיל, אַזוי שטיל, ביז צו הערן די נשמה ליכט טריפן.

די שטילקייט האַלט אַזוי לאַנג אָן, ביז דער פאָטער הויבט אויף דעם קאָפּ, און קוקט זיך אַרום. פון זײַן פאַרליטענעם פּנים שטראַלט אַן אינערלעך ליכט, זײַנע אויגן גליען, ער שוועבט איצט אין עבר, לעבט איבער פאַרגאַנגענע יאָרן פון נחת און פרייד: — אָט פירט ער ס'קינד שפּאַצירן אַ יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט, בעת די מוטער איז פאַרנומען מיט דער שטוב, אָט הערט ער ס'קינד פּלאַפּלען די ערשטע זיסע ווערטער, נאָכער שטיקלעך פּסוקים, ביז גאַנצע זאַצן... אָט טראָגט ער אים אויף זײַנע אַקסל צום ים זיך באָדן, זיך שפּילן אין פּײַכטן זאַמד צו בויען „טורעמס", אָט איז די פרייד פון ערשטן טאָג אין גן, נאָכער די שמחה פון אַרײַנטריט אין פאָלקס שול, אַ שולע אַ היינטיקע, כאָטש זי איז פון רעליגיעזן שניט. אָט אָט וואַקסט דאָס ייִנגל ווי אַ ביימעלע, העכער, העכער, שלאַנקער. אָט זעט ער אים מיט אַ צעפּאַטלטער סאַברישער טשופּרינע פון קרויזן פלאַקס, אין וועלכער ס'באַהאַלט זיך אויס אַ פּיטשינקע קאַפּעלע. בײַם ייִנגל בײַט זיך די שטים, ער ווערט אַ בחור און רודערט אַרום מיט זײַנע חברים, און די בר מצווה פײַערונג? — ער לערנט מיט התמדה, און גייט שוין אין די אָוונטן אויף „פּעולות" אין אַ יוגנט באַוועגונג.

דער בחור האָט נישט קיין באַזונדערן ווילן צום שטאָטישן טומל, ס'ציט אים צום ייִדישן פעלד, צום מרחב־יה... די מחשבות טראָגן אים צוריק צום בר־מצווה טאָג, ווען ער איז געווען פאַרכלינעט מיט פרייד, די גאַנצע גאַס איז געקומען אויף דער סעודת מצוה... ביז הײַנט קלינגט אים אין די אויערן די מעלאָדישע שטימע פון מפטיר, דער פּערלדיקער נוסח פונעם קאַפּיטל תנ"ך, — די הפטורה — אָט איז ער שוין אַ בחור מיט די ערשטע בליטן פּײַנעם בלאָנדן זײַד איבער דער אויבערשטער ליפּ, די פּאוֹתן שפּיצן זיך אַראָפּ, ס'גאַנובעלע ווערט טונקל.

יאָרעלעך לויפן, ס'רוקן זיך אָן געשפּאַנטע טעג מיט אומרויִקע וואָכן, חדשים און יאָרן פון געראַנגלען מיט מלחמה.



א. ווײַנשטײן - „פרײַנד"

דער זון איז אין דער „הגנה", בעת ער, דער פאטער, מיידט עס נישט אויס, און גיט זיין חלק אויף באריקאדן און לויערונגען פון „משמר העם", פונעם גרויסן אומבא־קאנטן יידישן פאלקס־שוץ, וואס ווערט גאר וויניק דער־מאנט אין די באשרייבונגען און דערציילונגען פון די „ימי־העצמאות" אין לאנד ישראל.

אט פראוועט מען די חתונה אין קיבוץ, — אי איז דאס געווען א חתונה!

— — — מען פירט ס'פאר פאלק אויף א וואגן, אויס־געבעט מיט פריש־שמעקעדיקע היי, באצירט מיט גירלאנדן גרינס און צוויט, דער געשפאן פון די פערד איז דורכגע־שלייפט מיט קאלירטע סטענגעס, מען פירט ארום ס'פארל ארום און ארום דעם משק, מען מאכט הקפות פאר דער־חופה, נישט אויסצולאזן אלע שטייגן און שטאלן מיטן וואסער טורעם, וואס געפינט זיך אין דער סאמער מיט פונעם קיבוצישן שטה. דער גאנצער קיבוץ, אלע, קינד און קייט גייען מיט מיטן וואגן טענצלענדיק, צופאטשנדיק מיט די הענט, א פריילעכס, א זמר, ביז מען קומט אויפן דשא, אין פראנט פון דעם בית התרבות שטעלן די חופה.

די חופה טוט מען אן אויף צוויי ביקסן, אויף א גראב־לע און א היי־גאפל. אנשטאט א שלייער טראגט די כלה די גאנצע פראכט פון אירע איין און צוואנציק פרילינגען, און איציקל, „החתן ר' יצחק", טראגט צווישן די קרויזן פון דער טשופרינע די פיטשינקע קאפעלע, וואס די מאמע האט אויסגעשטריקט נאך צו זיין בר מצוה, פון גראנא־טענעם וואל מיט א ווייס רעמעלע ארום... נאכער די גרוי־סע שמחה־נאכט, ביז זריחה ,ביז טאג, ווען די „הויפט־מחותנים" האבן געמוזט גיין מעלקן.

— — — דריקט דער פאטער נאך פעסטער צו דעם ספר צו זיין ברוסט, און שווימט ווייטער אוועק אינעם עבר, צו דערהערן דונערן פון אויפרייסן. עס לעבט נאך אלץ אין אים, אין זיין בלוט, די גרויסע שפאנונג פון יענעם גרויליק דערהויבענעם יאר, מיט יום הששי הגדול, פינף טעג אין חודש אייר תש"ח. אט באגלייטן זיי דעם זון אין קלט. ער איז געקומען פון קיבוץ אין שטאט אויף א שבת און זיך נישט געקענט צוריקקערן, נישט געווען קיין כלי־רכב, דער טויט האט געווילדעוועט אויף די וועגן און שטעגן פון ישראל, האט ער זיך געשטעלט צו דינסט אין שטאט... איידער וואס ווען, איז ער אוועק זיך גע־זעגענען מיט ידידים, בעת ער, דער פאטער, קוקט אריין אין א ספר נישט צו קענען איבערלייענען א ווארט. די מוטער פאקט זיין פעקל: — א פאר שטיקלעך וועש, זאקן, א פאר האנטיכלעך, נאזטיכלעך מיט שטילע טרערן.

דער דרויסן שטייט אין פייער. ס'איז פארטאג, דער זון איז נאך נישטא. דער זייגער איז פיר, פינף, זעקס, ס'איז שוין באגינען, דער מזרח ברענט פון זריחה או; פון שריפות אין עמק זבולון, פון ווייטן ליגן רויטע וואלקנס אויף די בערג פון גליל.

אט פאלט ער אריין אין שטוב אפגעבן די לעצטע קושן, ארומנעמען טאטע־מאמע.

ביידע באגלייטן אים צום קלט, צום זאמל־פלאץ, ווו מען פירט זין צו דער עקידה פארן פאלק ישראל, נישט צו טראכטן פון א מלאך, וואס וועט קומען די לעצטע רגע. דער זאמל־פונקט איז פול מיט מענטשן, וואס זיינען געקומען באגלייטן זין מיט מאנען, פאטערס און ברידער, צו די פראנטן, צו די שלאכט־פעלדער פון ישראל.

דער פאטער קושט דעם ספר — — — דעם זון. דער־טלית ווערט פייכט...

אט, אט ליגט ער, דער זון, זיין איציקל, זיין זון יצחק.

איציקל ליגט אויף א באנק ערגעץ אין א בנין, אין ראש פינה, ער ליגט איינגעוויקלט אין א שינעל, פון אויבן איבער־געדעקט מיט א ווייס לייַלעך, אונטן א גרויסער רויטער פלעק. דער פאטער זעט נאר ארויס צוויי שווערע שיך, אויסגעשמירטע אין קלעפיקער ערד פון איין זייט באנק און א זאקן־מיצל פון דער צווייטער זייט. ס'איז אים פינצטער געווארן די וועלט אבער ער מוז טרייסטן די מו־טער, די מאמע, וואס זיצט פארגליווערט אויף א נידעריק בענקל, ווי זי וואלט דא איר גאנצע אויפמערקזאמקייט, איצט געשאנקען די ברענענדיקע ליכט, צוקאפנס פון די בענק, ווו ס'זיינען געלעגן נאך בחורים אין שינעלן, אי־בערגעדעקטע מיט ווייסע לייַלעכער, מיט רויטע פלעקן, אין יענעם בנין פון ראש פינה.

מיטאמאל כאפט ער זיך אויף, כאפט די ספר תורה, הויבט איר אויף הויך, הויך איבערן קאפ, האקט איבער די שטילקייט מיט א לויטערער שטים, אזוי צו זאגן:

— „יידן! וואס איז דא די עצבות, וואס יידן? מיר זיינען געקומען אויף א שמחת מצוה, לאמיר מקדים זיין די הקפות מיט, מיט א זמר."

— „היי, כליזמר! וואס שווייגט איר? לאמיר ארויס אין גאס, היינט איז ל"ג בעומר, ל"ג בעומר איז היינט, ווו איז די חופה? דערלאנגט די חופה".. האט ער, דער פאטער פארצויגן דעם ערשטן ניגון:

בר יוחאי, בר יוחאי, נמשחת — אשריך!
שמן זך, שמן ששון מחברך,
בר יוחאי, בר יוחאי,
בר יוחאי, — אשריך...

לכתכילה האט א ציטער דורכגענומען דעם עולם, דורך און דורך, אלא יונגווארג האבן אויפגעכאפט דעם ניגון און עלטערע האבן צוגעפאטשט מיט די הענט:

בר יוחאי, בר יוחאי אשריך!

פון זיך אליין האט זיך אויפגעמאכט א ווארע צווישן זינגנדיקן עולם, א ווארע, פון דער בימה ביזן ארויסגאנג אין גאס.

יידישע זעלנער האבן געבראכט א חופה, דער פאטער איז ארונטער אונטער איר מיט דער ספר־תורה, כלי־זמר האבן אויפגעשפילט פריער מינאריש, אומעטיק, נאכער

העכער, טומלדיקער, פרייליכער, אַרײַנצוציען אינעם גע־זאַנג די גאַנצע שול, דעם עולם, די לייבן מיט די עשרת הדברות, די בימה, דעם עמוד, די ליכט מיטן ארון הקודש, מיט די ווענט, אַלץ האָט געזונגען, זיך צו לאָזן צום אַרויסגאַנג אין דרויסן:

— פּאָרויִם — דער פּאָטער מיטן ספר אונטער דער חופּה, נאָך אים שורות, שורות יִידן, אַלט און יונג, פרומע און פרײַע. אין דרויסן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן די שורות פרויען מיט דער מוטער אין דער מיט.

די מוטער האָט זיך נישט געלאָזט פירן, זי מוז גיין אַליין, זיך נישט אָנצולענען אפילו אינעם אָרעם פון איר עלטערן ברודער.

ס'שליסן זי קראָמען, ס'ליידיקן זיך אויס היימען, אַלע לאָזן זיך אין גאַס, צו פאַרגעסן די מידקייט פון דער גליאיקער חמימה אין דרויסן, די כליזמר הערן נישט אויף שפּילן, די גאַנצע גאַס זינגט; — עלטערע חסידים אין שטרײַמלעך, מיט מתנגדים אין היטלען און קאַפּע־ליושן, אין יאַרמולקעס, אַלע שפּאַנען אַקסל צו אַקסל, ביז מען לאָזט זיך אין אַ ריקוד אַרום דער חופּה, אַרום דער ספר תורה, וואָס מען טראָגט אין דער גרויסער שטאָט־טישער שול, צום אָנדענק פון אַ יִידיש קינד, וואָס איז געפאַלן על קידוש השם.

אין די טאַנצנדיק־זינגענדיקע רעדער, וואָס באַוועגן זיך לאַנגזאַם פּאָרויִם גלידערן זיך ביסלעכווייַז אַרײַן יונגטלעך, ווער מיט אַ קאַפּעלע, ווער מיט אַ טיכל, און ווער גאָר בגלוי ראש, נישט צו שטערן די פרומע, אומגעקערט!

— זיי צוליב טאָן, און מקנא זײַן אין דער שטיל יענע, וואָס קענען גלייבן. וואָס האָבן אַזוי פיל אמונה, ביז צו קענען זײַן אַזוי פריילעך אין אַ יאָרצײַט נאָך אַ בחור, וואָס האָט נישט אויסגעלעבט פולע צוויי בר מצוות.

„בר יוחאי, אשרי יולדתך!

„אשרי העם לומדיך,

„בר יוחאי, בר יוחאי,

„בר יוחאי — אַשריך!"

וואָס נאָענטער צו דער שול, האָט זיך געמערט דער עולם, ס'זײַנען צוגעקומען מענטשן, וואָס האָבן געמיינט, אַז נאָר לכבוד ל"ג בעומר, צום אָנדענק פון בר־יוחאי מיט זײַן זון אליעזר, ברענגט אַ גוטער ייִד אַרײַן אַ ספר תורה אין שול, בעת אַרום און אַרום דעם כרמל, פונעם געדיכטן נעפּל אַרויס, פון די ווינקלעך גאַסן, הויפן און סקווערן, האָבן זיך געריסן פלאַמען פון צעלייגטע ל"ג בעומר שײַטערס מיט הילכיקע געזאַנגען: — „בר יוחאי, בר יוחאי אשריך."

אַזוי האָט מען דערגרייכט די שוועלן פון דער גרוי־סער שטאָטישער שול, ווו ס'געזאַנג ווערט ביסלעכווייַז אויסגעלאָשן, אַלץ מיט אַלעמען זײַנען געבליבן שטיין שאַ שטיל.

דער פּאָטער איז ווידער געבליבן מיט זיך אַליין ווי צונויפגעגאָסן מיט דער ספר תורה, דער גאַנצער אַרום איז ווי אַוועק פון אים. ער איז געשטאַנען און בלחש געוויינט, אין זיך, פאַר זיך, שטיל אָן טרערן.

מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעה'ען, ביז ער איז ווי־דער געקומען צו זיך און זיך באַקערט צום עולם: — „יִידן, וואָס שווײַגט מען ווידער, וואָס?

נאָך אַלעמען איז דאָך מיר צוגעפאַלן אַ גרויסער זכות, מקריב צו זײַן מײַן אייגן בלוט פאַרן לאַנד ישראל, וואָס איז די עצבות, וואָס"?

האָט זיך דער מענטשן ים צוריק אַ ריר געטאָן, צו שאַפן צוויי שפּאַליערן פון מיטן גאַס ביזן אַרײַנגאַנג פון שול, צו מאַכן אַ וואַרע פאַר דער חופּה, וואָס האָט זיך ווידער לאַנגזאַם געריררט פאָרויס. די מענטשן פון ביידע זײַטן, האָבן געגלעט די תורה צו קושן די שפּיץ פינגער נאָכן באַריר.

דער פּאָטער מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן האָט באַנײַט זײַן גאַנג, נאָך שטאַרקער צוגעדריקט די תורה צו זיך, ער האָט זי געטוליעט, ער האָט געטוליעט די נשמה פון זײַן זון, צו זאָגן בלחש: „קיין מלאך איז נישט געקומען אַרויסכאַפּן די מאכלת דעם שונא פון האַנט, ניין איציקל, ניין ניין מײַן זון, אַ מלאך איז נישט געקומען."

אַזוי איז דער פּאָטער אַרײַן אין שול, ווו דעם זונס לעבן געבליבענע פרײַנט חברים, האָבן פון אים איבערגענומען דעם ספר אײַנגעוויקלט אין אַ טלית. דאָס זײַנען געווען די בחורים, וואָס זײַנען דעמאָלט געלעגן אַ פּאָר מעת־לעת אונטער אַן אורעאַגאַן פײַער, מיט פאַררויכערטע הייסע ביקסן אין די הענט, מיט די לעצטע קוילן אין די גאַרטלען. דער דורשט האָט זיי מוראדיק געפּײַניקט, ביז צו האַליוציאַנירן, גוואַלט! ווו נעמט מען אַ טראָפּן וואַסער? דער דורשט פאַרצוקט ס'לעצטע ביסל חיות, אַזוי שוין עטלעכע מעת־לעת, נישט צו קענען זיך רירן פון אָרט, נישט צו קענען אַרויסשטעקן דעם קאָפּ. איציקל איז עס געווען דער, וואָס האָט, נישט באַמערקט, פון קיינעם, זיך אַרויסגעשאַרט אין דער שטיל פון גראָבן, צו קריכן פאַרזיכטיק, שטיל, שפּאַן נאָך שפּאַן, צוגעשמידט צו דער ערד. ער האָט באַוויזן זיך צוריקקערן בשלום מיט אַ „דזשעריקאַן" (אַ פלאַכע וואַסער קאַן) טײַערע וואַסער.

— „אָט — אָט, וועלן זיך חברה מחיה זײַן"... אָבער בײַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין צעשאָסענעם גראָבן, האָבן קוילן דורכגעלעכערט זײַן האַרץ, און זײַן בלוט איז אויס־גערונען צוזאַמען מיטן וואַסער פון דער צעשאָסענער קאַן. ערשט אַ שעה, צוויי שפּעטער, האָבן אים די חברים גע־פונען אַ שטייפן, אָן אויסגעלאָשענעם. זיי האָבן אים אַרײַנגעבראַכט אין גראָבן, בעת די ערד פון גליל האָט לאַנגזאַם אײַנגעזאַפּט זײַן בלוט.

„ווײַזט אויס, אַז זײַן בלוט, זײַן קרבן, איז אָנגענומען געוואָרן", האָט געטענהט דער פּאָטער, ווארום אַ טייל בחורים זײַנען נאָכדעם אויסגעלייזט געוואָרן פון דער באַ־

לאַגערונג, און איצט זוכה געווען אַנטייל נעמען אין דער „שמחת מצוה".

אָט שטייען זיי דאָ, די בחורים, אויסגעשטעלט אין אַ שורה ווי אויף אַ מפקד (אַפּעל), איבערצוגעבן די תורה פון האַנט צו האַנט, געציילטע פון זיי זײַנען פרומע, אָבער אַלע, אַלע קושן איצט די תורה, זיי קושן די נשמה פון זייער אומגעקומענעם חבר איציקל, אַלע זײַנען זיי געקומען, אַלע האָבן זיך דאָ אײַנגעזאַמלט פון אַלע טיילן לאַנד, אַלע לעבן געבליבענע פון יענעם באַסטיאָן נישט ווײַט פון ירדן — — — מען וויקלט אַרויס די תורה פונעם טלית ווי אַ ציטריק קינד, אַרײַנצושטעלן אין ארון קודש לזכרון.

— „ובנוחו יאמר", האָט דער עולם פאַרצויגן אַ תפילה געזאַנג, ביז אַ בחור האָט פאַרמאַכט דעם ארון קודש, פאַרצויגן דעם ווײַסן פרוכת, עס פאַרכטיק אַ קוש געטאָן, און הינטערווײַלעכטס אַוועק עטלעכע טריט צוריק, צום עמוד, ווו דער פּאָטער האָט אָנגעהויבן זאָגן קדיש, — הײַנט איז יאָרצײַט.

אין דרויסן, פון דער געדיכטער חמימה אַרויס, האָט אַרויסגעקוקט אַ קאַלטע עצבותדיקע לבנה, אַ בלאַסע, מיט אַ גרויסער פײַערדיקער ראָד אַרום.

ס'האָט אַרויסגעקוקט די זעלבע לבנה, וואָס האָט מיט טויזנטער יאָרן צוריק געזען, אין אַ פּאַרטאָג, ווי אברהם אבינו פירט אַרויס פון געצעלט זײַן איינציקן זון יצחק, צו דער עקידה.

ס'איז געווען די זעלבע לבנה, וואָס האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך קאַלט צוגעקוקט, ווי איציקל ליגט אָן אויסגעלאָשענער מיט אַ געלן פּנים, אָנגעלענט אָן דער ליידיקער וואַסער־בלעך.

אָט די זעלבע לבנה, האָט איצט באַגלייט פון שול אַ היים, פאַריתומטע עלטערן, וואָס האָבן נישט געהאַט אַזוי פיל גליק, ווי אברהם אבינו האָט געהאַט מיט טויזנטער יאָרן צוריק.

קיינער ווייסט נישט, צי אברהם אבינו וואָלט געהאַט אַזוי פיל כח מיט אהבת ישראל, צו טאַנצן אין גאַס, ווען דער מלאך וואָלט אים נישט אַרויסגעכאַפּט דעם חלף פון דער האַנט...

דער פּאָטער האָט געפירט די מוטער אין דער ליידיקער היים. די שייטערס אויפן כרמל, אויף די ווינקל גאַסן, אין די הויפן און ליידיקע פּלעצער, האָבן געפלאַקערט און געשפריצט מיט פונקן אינעם נעפּל, אין דער המימה, יוגנט איז נישט מיד געוואָרן צו טאַנצן און זינגען:

„אש, אש מדורה,
„פײַער, פײַער, שײַטער,
„בר יוחאי, בר יוחאי,
„בר יוחאי אַשריך!



**א. ווײַנשטיין** — „די מנורה"



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

„אַ ייִד פון מאה שערים" — פון יעקב וואָלבערג. זײַן בילד איז פול מיט אויסדרוק אַזוי אין דער אינטערפּרעטאַציע פון פּייזאַזש ווי פון פּאָרטרעט. כאַפּט אויף אויפן לײַוונט און באַלעבט מיט אַ רײַכער גאַמע פון קאָלירן דאָס סאַמע אייגנאַרטיקע און כאַראַקטעריסטישע פון מענטשן און פון זאַכן. דערפינדעריש אין אויסניצן פון מיטלען אויף צו שאַפן שטימונג און עסטעטישן עפעקט.

מלך ראַוויטש / מאָנטרעאָל—קאַנאַדע

# י. ל. פּרץ מײַן ערשטער רעצענזענט...

(פֿונעם: מעשה־בוך פֿון מײַן לעבן)



דאָס איז געווען אַרום סוף פֿון יאָר 1911 און זיבעצן און אַ האַלב יאָר איז מיר דעמאָלט געווען. לידער האָב איך שוין געשריבן עטלעכע יאָר און אויך זיי געדרוקט אין גוטע צײַטשריפֿטן. שמואל יעקב אימבער האָט אין דעם געהאָלפֿן. אָבער דרוקן אין צײַטשריפֿטן איז איינס און אַרויסגעבן אַ „בוך" איז גאָר עפּעס אַנדערש. געווען איז עס אין לעמבערג, געאַרבעט האָב איך שוין דעמאָלט צוויי יאָר אין אַ גרויסער באַנק — געווען היפּשלעך זעלבשטענדיק. איז אין איין שיינעם טאָג — בײַ מײַן געשוווירענעם פֿרײַנד, דעם פּראָזע־שרײַבער א. מ. פֿוקס, עלטער פֿון מיר מיט אַ פּאָר געציילטע יאָר, און מיר — איז געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק אַרויסצוגעבן „ביכער". מיר האָבן געפֿונען אַ „פֿאַרלעגער", דעם העברעיִשן לערער שמעון לעווין און צוזאַמענגעשטעלט צוויי זאַמלונגען „איינזאַמע — אַ באַנד נאָוועלן פֿון א. מ. פֿוקס" און „אויף דער שוועל... יוגנט־פּאָעזיעס פֿון מלך ראַוויטש". די נאָוועלן — 68 זײַטן, די לידער 64 זײַטן. טיילווײַז האָט די אויסגאַבע פֿינאַנסירט דער פֿאַרלעגער, און צום גרעסטן טייל דער פּאָעט, דער באַנקיר... אויף די שער־בלעטער האָט מען געשטעלט די דאַטע 1912 און עס איז שוין טאַקע געווען ערב נײַ־יאָר. די ביכלעך זײַנען דערשינען און עס האָבן אָנגעהויבן קומען רעצענזיעס. און לרוב שלעכטע און שאַרפֿע. איין רעצענזיע — פֿון דר. מאיר גייער — וועגן „אויף דער שוועל" האָט אַפֿילו אַרויסגערופֿן אַ פּאָלעמיק מיט שמואל יעקב אימבער. עס האָט זיך געטון אויף טיש און אויף בענק. און א. מ. פֿוקס איז בקרוב אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און איך קיין ווין. מיר האָבן צעשיקט כמעט די גאַנצע אויפֿ־

לאַגע אויף רעכטס און אויף לינקס, אַבי פּטור צו ווערן פֿון באַלאַסט און קענען שטײַגן פֿעלדזן־אַרויף און אַרויפֿער אויפֿן אָלימפּ פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור — ווּ עס קיניגט זעוס — יצחק לייבוש פּרץ — דער פֿאָטער פֿון אַלע געטער, די דיכטער און דערציילער אין ייִדיש. פֿון שרעק און מורא פֿאַר דעם משפּט פֿון דעם פֿאָטער פֿון אָלימפּ אין וואַרשע — האָב איך צו אים קיין „אויף דער שוועל..." נישט געשיקט. אָבער עמעץ האָט עס יאָ געטון פֿאַר מיר — און אפֿשר קעגן מיר... און ווען נישט יענער געהיימער פֿרײַנד, אָדער פֿײַנד (אפֿשר דער פֿאַרלעגער שמעון לעווין) וואָלט אָט די מעשה נישט געווען און אויך נישט דער גרויסער נס אין מײַן לעבן. און איך זאָג עס אָן אַ שמייכל, וואָרום איך האַלט עס טאַקע פֿאַר אַ נס. וואָס עלטער איך ווער אַלץ מער האַלט איך פֿון פּרצן, וואָס מער איך לייען אים, און איך האָב גרונטאַוונע געלייענט יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געשריבן, אַלץ מער ווערט ער בײַ מיר טאַקע דער פֿאָטער פֿון די געטער פֿון אונדזער אָלימפּ.

און דאָס איז געווען שוין אין דער מיט פֿון יאָר 1912 און איך שוין אין ווין. איך האָב שוין דעמאָלט געגרייט אַ נײַע זאַמלונג, וואָס האָט זיך געדאַרפֿט רופֿן „אין דעם מאָרגנשטערנס ליכט" און איך האָב שטאַרק־שטאַרק נישט געוואָלט מער געדענקען מײַן זאַמלונג „אויף דער שוועל". אין דער יוגנט געדויערן די גילגולים קורץ און זײַנען גרינטלעך. אין איין שיינעם טאָג האָב איך באַקומען צוגעשיקט אין אַ בריוו אָן אַ צוריק־אַדרעס אַן אויסשניט פֿון אַ וואַרשעווער ייִדישער צײַטונג — אַן אויסשניט פֿון 18 שורות. אַ קליינע רעצענזיע, נישט אונטערגעשריבן, קענטיק אַרויסגעריסן פֿון אַ סעריע אַזעלכע קורץ־רעצענזיעס. די רעצענזיע — טאַקע וועגן „אויף דער שוועל..." און גאָרנישט נעגאַטיוו. אין קאָנווערט האָט דער צושיקער צוגעשריבן אַ צעטעלע: די רעצענזיע איז פֿון י. ל. פּרץ. דער בריוו איז געקומען פֿון סטאַניסלע. און שייכותן זײַנען מיר קלאָר געוואָרן ערשט אין כמעט אַ האַלב יאָרהונדערט אַרום.

איך האָב דעם אויסשניט באַהאַלטן. דער געדאַנק, אַז דאָס איז טאַקע פּרץ וואָס האָט גערופֿעט. אָבער איך

האָב מורא געהאַט מיך אַרויסצושטעלן צום נאַר מיט אַט דער באַהויפּטונג. טאָמער נישט. עמעץ האָט מיר אפילו אַמאָל געזאָגט, אַז דאָס איז אַ רעצענזיע פון אַ סעריע, וואָס רופט זיך „פון ביכערטיש״, דערשײַנט אין וואַרשעווער „הײַנט״, ווערט רעדאַגירט און געשריבן פון י. ל. פּרץ — און דערפאַר איז אויף דעם אויסשניט קיין חתימה נישטאָ. עפּעס אין דער נשמה האָט אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איז טאַקע פּרץ, זײַן סטיל, זײַן אופן פון שרײַבן. אָבער טאָמער נישט... אי מען וועט לאַכן פון מײַן באַרימערײַ און אי איך אַליין וועל אָרעמער ווערן מיט אַזאַ וווּנדערלעכן געדאַנק: פּרץ האָט מיט זײַן אייגענער האַנט אַ גוט וואָרט וועגן מיר געשריבן... און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומזיכערקייט, וואָס האָט געדויערט כמעט אַ האַלב יאָרהונדערט. אַ האַלב יאָרהונדערט האָב איך מיך געהיימערהייט אַרומגעטראָגן מיט אַ בלויעם שטיין, אַ פּרץ־חלום, און נישט געוועזן זיכער צי איז דאָס אַן אמתער סאַפּיר, אָדער בלויז אַ בלוי שטיקל גלאָז...

אין יאָר 1913 האָב איך מיך געדאַרפט שטעלן צו דער אַסענטירונג אין עסטרײַכישן מיליטער. געדינט האָט מען דעמאָלט דרײַ יאָר, מענטשן מיט מאַטורע — איין יאָר. און איך האָב געהאַט נאָר אַן אויסבילדונג, גלײַך צו זעקס גימנאַזיע־קלאַסן. געוועזן אָבער אַ געזעץ אין עסטרײַך, אַז יונגע־לײַט, וואָס האָבן נישט קיין מאַטורע און נאָר זעקס קלאַסן גימנאַזיום קענען אויך באַקומען די פולע פּריווילעגיע פון איינ־יעריקייט אויב זיי זײַנען טעטיק אויפן קונסט־געביט: מוזיק, ליטעראַטור, מאָלערײַ, שוישפּיל. האָט מען מיר געעצהט: פּרוביר. וואָס שטעלסטו דאָ אײַן? כאָטש דו שרײַבסט דאָך ייִדיש — אפשר וועט מען אָנערקענען, וועסטו געווינען צוויי יאָר לעבן.

האָב איך צונויפגענומען מײַן ליטעראַרישע אָרעמשאַפט פון יעמאָלט, מײַן „ווערק״ — „אויף דער שוועל״ — עטלעכע בעסערע רעצענזיעס, דעם אויסשניט פון דער וואַרשעווער צײַטונג און אַ פּאָר איבערזעצונגען פון מײַנע לידער אויף דײַטש און געמאַכט די אַפּליקאַציע לויטן פּאַראַגראַף אַזוי און אַזוי פון קייזער־קעניגלעכן עסטרײַכישן מיליטער־געזעץ...

מען האָט מיר געעצהט צוצולייגן רעקאָמענדאַציעס, דאָס האָט אויך געפאָדערט דאָס געזעץ. צו וועמען גייט מען? און ווידער אַן עצה: צום באַרימטן שרײַבער סטעפאַן צווײַג און — מחמת דו ביזט דאָך אַ ייִדישער שרײַבער — אויך צום דירעקטאָר פון דער ביבליאָטעק פון דער ווינער קולטוס־געמיינדע דר. בערנאַרד וואַכשטיין.

סטעפאַן צווײַג האָט מיך אויפגענומען ווי איין פּרינץ נעמט אויף אַ צווייטן... ער האָט אַלץ באַוווּנדערט, אי מײַנע לידער, אי די איבערזעצונגען, אי דאָס דינגע ביכל „אויף דער שוועל״, ער האָט מיר געגעבן ווײַן צו טרינקען מעשה חבר־דיכטער, איך האָב אים געוואָלט ווײַזן רעצענזיעס, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז אַליין אַ רעצענזענט. אָבער אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב אויך אַ רעצענזיע פון פּרצן — האָב איך עס אים געמוזט פירלייענען אין אָריגינאַל. ער האָט געוווּסט וועגן פּרצן, געקענט אַסך פאָלקסטימלעכע געשיכטן, זיך נישט געוווּנדערט איבער דעם קליינעם צײַטונגס־אויסשניט אין מײַן האַנט, וועגן גאָרנישט געצווייפלט, אַרײַנגערופן די סעקרעטאַרין, גענומען שפּאַנען איבער דער שטוב און דיקטירט אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו — כאָטש גיב מיר די נאָבל־פּרעמיע. שוין, תיכף. פון געבן מיר דאָס רעכט אויף איינ־יעריקייט אין מיליטער־דינסט איז גאָר קיין פראַגע נישט.

און איצט בין איך געגאַנגען האָפערדיק צום דר. וואַכשטיין. אַ שעה האָב איך געוואַרט איידער ער האָט מיך אויפגענומען. אויפגענומען האָט ער מיך שטייענדיק. אַ שטאַרקער, שווערער ייִד, אַ רויטלעך, בייזלעך פּנים, דאָס בערדל ווי פון שוואַרצע דרעטלעך. אַ ייִד פון אַרום די פּופּציק. איך זאָל אים גיך זאָגן וואָס איך וויל. דערקלער איך. ערשטנס איז ער בייז אויף אַזאַ מין געזעץ בכלל. צווייטנס האָט ער פײַנט, אַז ייִדן ווילן אויסנוצן פּריווילעגיעס. דריטנס איז ייִדיש נישט קיין לשון. פערטנס איז אַ דין ביכל נישט גענוג אויף צו באַווײַזן ליטעראַרישן טאַלענט, פינפטנס האָט ער נישט קיין צײַט. אָבער פאָרט וויל ער אַ קוק טון. איך האָב פונאַנדערגעפּאַקט דאָס פּעקל, געוויזן אַלערליי פּאַפּירלעך, געוויזן דעם בריוו פון סטעפאַן צווײַג — וואַכשטיין איז אַ ביסל מילדער געוואָרן און האָט זיך צוגעזעצט, פּלוצלונג באַקומען צײַט. איצט האָב איך שוין אויך אַרויסגענומען דעם אויסשניט פון דער... פּרץ־רעצענזיע און געוויזן דעם בייזן דירעקטאָר. ער האָט עס גענומען אין האַנט אַרײַן, וועגן פּרצן האָט ער נאַטירלעך געוווּסט, ער האָט דאָס פּאַפּירל געוווּיגן אַ רגע אין האַנט און דער היסטאָרישער חוש פון אַ מחבר פון אַ סך דאָקומענטן־זאַמלונגען און ביכער מיט זאַמלונגען פון אויפשריפטן אויף אַלטע מצבות האָט אים באַלד באַפוילן אַ פרעג צו טון: ווו איז די אונטערשריפט?... מיר איז קאַלט געוואָרן ווי איינעם, וואָס מען כאַפּט בײַ אַ גניבה. איך האָב גענומען שטאַמלען, אויפקלערן, אָבער דאָס שטיקל פּאַפּיר איז שוין געלעגן אין גרויסן פּאַפּיר־קויש פון דעם דירעקטאָר פון דער ביבליאָטעק פון דער קולטוס־געמיינדע.

אַז דאָס פּאַפּירל וועט אַמאָל אויפשטיין תחית המתים און דערצו אין דער פולער גלאָריע פון פּרצישער אויטענטישקייט — אין נאָענט צו אַ האַלב יאָרהונדערט שפּעטער, האָבן מיר דעמאָלט ביידע נישט געוווּסט בשעת מיר האָבן ביידע — דער דירעקטאָר און דער יונגער פּאָעט — אויטאָמאַטיש אַ קוק געטון און געזען ווי דאָס

פּאַפּירל מישט זיך אויס מיט דעם פּאַפּירענעם מיסט פון דער ביבליאָטעק פון דער קולטוס־געמיינדע, אין דעם גרויסן געפלאָכטענעם פּאַפּיר־קויש.

נישט קענענדיק מיר אינגאַנצן אָפּזאָגן, האָבנדיק געזען דעם בריוו פון סטעפאַן צווייַגן, האָט מיר וואַכשטיין איצט געהייסן קומען אויף צו מאָרגנס און מיר געגעבן אַ קאַלטע, גאָרנישט זאָגנדיקע רעקאָמענדאַציע, וואָס איך האָב נישט צוגעלייגט צו מייַן ביטע אין מיניסטעריום. די ביטע איז מיר באַוויליקט געוואָרן אָן וואַכשטיינס רעקאָמענדאַציע און אָן פּרצעס רעצענזיע. דאָס וואָרט פון סטעפאַן צווייַג איז דעמאָלט געווען שטאַרק באַליבט אין ווין, כאָטש ער אַליין ערשט אין די פריִע דרייַסיקער דעמאָלט.

איצט לאָמיר אַ שפּרונג טון צו די וואַרשעווער כאַליאַסטרע־יאָרן. מסתמא 1925. אַלע ליטעראַרישע געטער האָבן מיר, דער עיקר מאַרקיש, פאַרוואַנדלט אין געצן און די געצן האָבן מיר געקרישלט מיט אונדזערע פּעדערן. אָבער פּרץ איז בייַ אונדז נישט געווען קיין „איינער פון די געטער”, קיין רבים. פּרץ איז בייַ אונדז געווען גאָט. שטייען מיר אַמאָל אַזוי — מאַרקיש און איך — בייַם אוהל פּרץ אויפן גענשער בית עולם און רעדן וועגן פּרצן. קומען מיר טרערן אין די אויגן און איך זאָג מאַרקישן: — וואָלסט עס געגלויבט, אַז פּרץ האָט אַמאָל מיט זייַן אייגענער האַנט וועגן מיר געשריבן? מאַרקיש שווייַגט: — ווי איז דאָס מעגלעך? — אַזוי איז עס! האָב איך פאַרזיכערט און מער האָבן מיר וועגן דעם נישט גערעדט. דער איידעלער מאַרקיש האָט מער נישט געפּרעגט, נישט געוואָלט שטעלן אין פאַרלעגנהייט אַ חבר. און איך האָב דאָך אַליין אויך געצווייפלט.

פערצן יאָר האָב איך געוווינט אין וואַרשע, טעגלעך געווען אַ שריט פון דער קהילה־ביבליאָטעק אויף טלאָמאַצקע 5. געוווּסט דאָס יאָר פון דער רעצענזיע, אָדער „רעצענזיע”. 1912. די צייַטונג אויך: דער „הייַנט”. די גרינגסטע זאַך: מען גייט אַרייַן אין ביבליאָטעק און בלעטערט דורך דעם יאָרגאַנג און איבערצייַגט זיך: יאָ, אָדער ניין? אָבער איך האָב מורא געהאַט, מורא געהאַט צו טראָגן מייַן בלויעם חלום־שטיין צו אַ פאַכמאַן פון איידלשטיינער. כל זמן איך צווייפל איז עס אַ סאַפּיר... אָבער אַז איך וועל וויסן דעם אמת, וועט עס אפשר בלויז זייַן אַ בלוי שטיק גלאָז... און אַלע פערצן יאָר בין איך נישט אַרייַנגעגאַנגען אין ביבליאָטעק און נישט דורכגעקוקט דעם יאָרגאַנג 1912 פון „הייַנט”.

איצט לאָמיר אַ פלי טון צום יאָר 1945. אין יענעם יאָר האָב איך אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פון „מייַן לעקסיקאָן”. דאָרט איז דאָ אַן אימאַגינערע הקדמה פון יצחק לייבוש פּרץ. האָב איך מיר דערלויבט דאָרט אַרייַנצושרייַבן אַ פּאָר מיסטעריעזע ווערטער מיט אַ רמז אויף יענער רעצענזיע: פּאָטער איר דערמאַנט זיך נישט? געדענקט נישט ווער איך בין? איר האָט אין יאָר 1912, אין די זיבן זאַטע יאָרן פון אייַער גרויסקייט אין וואַרשע, געשריבן אַמאָל זיבן מאָגערע וועגן מייַן ערשטלינג־ביכל. — — מענטשן האָבן געפּרעגט אויף דעם באַטייַט פון די ווערטער. נישט זיכער פלעג איך ענטפערן: די גאַנצע הקדמה איז דאָך אַן אימאַגינערע, צונויפגעשטעלט פון פּרצעס ציטאַטן — איז דאָס אויך אַ שטיקל פאַנטאַזיע. אָבער אין מייַן נשמה האָט עס אַלץ גערופעט: אפשר איז שוין צייַט אויסצופאָרשן, דערגיין דעם אמת?

און איצט קומט אין דעם זיג־זאַג אַרום דער מיניאַטור־רעצענזיע פּרצעס — צוליב סיבות — אַ שפּעטערדיקע דאַטע — פריער. דאָס יאָר איז 1954. מענטשלעכע אייטלקייט בכלל און פּאָעטישע בפרט האָט גאָרנישט געהאַט קעגן דעם, אַז צו מייַן אויסקלויב פון 13 זאַמלונגען „די לידער פון מייַנע לידער” זאָל צוגעגעבן ווערן אַן „מ. ר.־ביבליאָגראַפיע” צונויפגעשטעלט פון דעם אומדערמידלעכן יעפים ישורין און דערגענצט פון מייַן פרייַנד וו. אסטרעגער. בשעת דעם צונויפשטעלן די ביבליאָגראַפיע האָב איך אַמאָל געשריבן צו ישורינען: געווען — דאַכט זיך — אַמאָל אַ וואָרט פון פּרצן וועגן מייַן ערשטלינגס־ביכל. אַזאַ וואָרט וואָלט דאָך געווען אַ דימענט אין אָט דער ביבליאָגראַפיע. אָבער ווו געפינט מען עס? האָב איך געזיפצט און אין האַרצן שטיל געצווייפלט — — אפשר בלויז אַ פאָטאָ־מאַרגאַנאַ.

און איצט וועלן מיר — צוליב סיבות, וואָס וועלן באַלד קלאָר ווערן — געבן אַ פריערדיקע דאַטע: 1952. אין באַנד 36 פון די ייִוואָ־בלעטער, האָט דער מעשה־דערציילער געדרוקט דעם אייַנציקן מאמר, וואָס ער האָט ווען עס איז געדרוקט אין דער דאָזיקער וויסנשאַפטלעכער צייַטשריפט. עס איז געווען אַ פּרץ־מאמר: וועגן פאַרשיידענע אויסגאַבער פון י. ל. פּרצעס „געזאַמלטע” און „געקליבענע” ווערק. דער באַנד 36 ייִוואָ־בלעטער איז צום גרויסן טייל געווידמעט געווען פּרצן צום 100־טן געבוירן־טאָג. און דער באַנד איז געלעגן אויף מייַן טיש זייער לאַנג, מחמת איך לייען דאָך אַלץ פון און אַרום פּרצן וואָס קומט נאָר אין מייַנע הענט שוין זינט צענדליקער יאָרן. און נישט בלויז אויס דאַנקבאַרקייט פאַר יענער מיניאַטור־רעצענזיע, נאָר מחמת פּרץ איז, אונדזער אַלעמענס געניוס. און אָט דער באַנד איז אויך געלעגן אויף מייַן טיש בשעת איך האָב געשריבן צו ישורינען די אויבן ציטירטע ווערטער. און אין אָט דעם באַנד אויף די זייַטן 344 ביז 350 איז פאַראַנען אַן אָפּטיילונג „פּרצעס רעצענזיעס אין הייַנט” -- אינספּירירט פון דעם פּרץ־פאָרשער און — קענער דר. יעקב שאַצקי, צונויפגעשטעלט דורך דינה אַבראַמאָוויטש, ווו אַלע יענע מיניאַטור־רעצענזיעס פּרצעס פון יאָר 1912 זייַנען וואָרט אין וואָרט איבערגעדרוקט — און דערצו מיט

דער דײַטלעכער איבערשריפט „ביבליאָגראַפישע נאָטיצן און רעצענזיעס אונטער דער רעדאַקציע פון י. ל. פּרץ" און מיט דער דײַטלעכער באַמערקונג, אַז „דער אינהאַלט און דער סטיל פון די נאָטיצן לאָזט נישט איבער קיין שום ספק, אַז די אַלע באַמערקונגען געהערן צו י. ל. פּרצעס פּען". נישט נאָר האָט דער צופאַל געוואָלט, אַז אין די זעלבע בלעטער זאָל זײַן אַ מאמר פון מײַן ווייניקייט, נאָר תיכּף נאָך יענע רעצענזיעס איז פאַראַנען אַ פּרץ־ביבליאָגראַפיע טאַקע פון... יעפים ישורין. און דאָך האָט געקענט פּאַסירן, אַז ביז מײַן לעצטן טאָג זאָל איך זײַן אין ספק מכוח יענעם נס און אוצר מיינעם...

אָבער גאָט איז אַ גוטער און ער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז מײַן מעשה זאָל האָבן אַ גוטן סוף און כאָטש איינע פון די אילוזיעס אין מײַן לעבן זאָל ווערן אַ גוטע ווירקלעכקײַט.

און איצט וועלן מיר אַ שפּרונג טון צום יאָר 1958 אין דעם קליינעם שפּאַנענדיקן דעטעקטיוו־ראָמאַן וועגן יאָ, אָדער ניין פּרץ־רעצענזיע: איך געפין מיך אין ניו־יאָרק אין אַטראַן־הויז אין די צימערן, וווּ עס ווערט רעדאַגירט דער „לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור". דאָ שטייען אָן אַ שיעור קאַבינעטן מיט קאַרטאַטעק־קאַרטלעך — ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען פון עטלעכע טויזנט ייִדישע שרײַבערס. פליט אַרײַן אין צימער מיט אַ פּאַליש, ווי זײַן שטייגער, דער דיכטער ח. ל. פוקס, אַ מיטאַרבעטער פון לעקסיקאָן. דערזעט ער מיך און ער פירט מיך צו אויף כוח צו איינער פון די שופלעדלעך: — איר מוזט דורכקוקן אײַער קאַרטאַטעקע! ציען ציט עס, נאָר איך שעם מיך און איך זאָג מיך אָפּ. אַ מינוט שפּעטער און פוקס איז אַרויסגעלאָפן פון צימער און איך בין אַליין געבליבן מיט די קאַרטאַטעקעס. און אַז איך בין אַליין, און קיינער זעט נישט, גיט עס מיך פאָרט אַ צי צום קעסטל מיט די „ריש'ן" און איך זוך מיר גאַנץ פײַן אויס מײַן נאָמען און איך גיב איין איינציקן בלעטער און אַ בלוטשטראָם פון פרייד האָט אַזש אַ זעץ געטון אין מײַן פּנים און איך לייען: י. ל. פּרץ — „מלך ראַוויטש, אויף דער שוועל... לעמבערג". הײַנט, נומער 165, 17 (30) יולי 1912. — — אין מײַן זכרון איז תיכּף אויפגעשווּמען די סצענע אין ביוראָ פון דר. בערנאַרד וואַכשטיין אין ווין פון יאָר 1913. דאָס פאַרשעמטע פּאַפּירל, וואָס איז דעמאָלט פאַרשווּנדן אין באַפּיר־קויש איז אויפגעשטאַנען תחית המתים מיט אַ ווּנדערלעך קריינדל פון דער שענסטער קאָמבינאַציע פון פינף אותיות אין דער ייִדישער ליטעראַטור: י. ל. פּרץ. איך וועל מיך נישט שעמען אויסצוזאָגן, אַז טרערן זײַנען גערונען אויף מײַן פּנים. —אויב מענטשלעכע אייטלקייט און נײַגעריקייט איז ווען עס איז באַלוינט געוואָרן איז עס געוועזן אין יענעם מאָמענט אין מײַן לעבן.

איצט האָב איך שוין מער קיין מורא נישט געהאַט פאַר אַן אַנטוישונג אין שייכות מיט יענער מיניאַטור־רעצענזיע. איך האָב מיר שטיל און באַדאַכט אָפּגעזוכט יענעם נומער פון די „ייִוואָ־בלעטער" און דאָ איז נאָך אַ סוד קלאָר געוואָרן. פאַרוואָס דער אויסשניט איז געקומען פון סטאַניסלע צו מיר אין יענעם יאָר 1912. אין דער זעלבער סעריע רעצענזיעס איז געווען אַ נאָטיץ וועגן אַ בוך פון דעם דיכטער פון סטאַניסלע י. מ. ברענדער — און אַ נעגאַטיווע רעצענזיע. אַ גוטער איז ער געווען, ברענדער, האָט ער מיר דעם אויסשניט צוגעשיקט, אָבער ער האָט זיך געשעמט מיט דעם חלק, וווּ זײַן נאָמען איז געווען. און נישט ווילנדיק האָט ער דעם גאַנצן פּלאָנטער גורם געווען. דעם פּלאָנטער פון אַ האַלב יאָרהונדערט.

בשעת איך שרײַב אָט אָ די מעשה ליגט פאַר מיר אַ פאָטאָסטאַטישער איבערדרוק פון יענעם נומער פון „הײַנט" פון 1912. די גוטע דינה אַבראַמאָוויטש, אַ ביבליאָטעקאַרין פון ייִוואָ, האָט עס פאַר מיר באַזאָרגט און טאַקע פון יענעם בלאַט לייען איך וואָרט אין וואָרט אין יענער רעצענזיע, געשריבן מיט דער זעלבער האַנט, וואָס האָט געשריבן די פאָלקסטימלעכע געשיכטען און די גאָלדענע קייט: אַ נײַער כמעט אומבאַקאַנטער נאָמען. ווי דאָס רוב פון אונדזערע פּאָעטן איז אויך ראַוויטש דורכויס ליריקער. דער מאָטיוו זײַנער — די ייִדישע בענקשאַפט. ער האָט אַ האַרציקן טאָן, אַמאָל געלונגענע נײַע אויסדרוקן און ווערטערקלאַנגען. ער האָט אָבער נאָך נישט דעם אינערלעכן אייגענעם ריטמוס, וואָס איז די הויפּטזאַך בײַ אַן אָריגינעלן דיכטער. ראַוויטש איז נאָך צו יונג. שווער צו זאָגן וואָס פון אים וועט אַרויסקומען. זאָל ער דערווײַל וואַקסן.

פון יענעם „דערווײַל" זײַנען שוין 49 יאָר צוריק. וואָס עס האָט געדאַרפט וואַקסן איז שוין אויסגעוואַקסן... אָט אַזוי ווי עס איז. און גוט איז מיר, וואָס עס איז געוואַקסן מיט דער ברכה פון דעם פאָטער פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור. זײַן פאָטערלעכע כוונה איז זיכער געווען די בעסטע. ווּנדערלעך, ווי אַפילו אין די פאָרווערטער, דאָ אויבן ציטירט, האָט זיך אַנטפּלעקט זײַן פאָטערלעך געמיט.

און גוט איז מיר, וואָס דער בלויער שטיין, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געהאַלטן אין צווייפל פון מײַן געמיט — צי איז עס נישט צומאָל אַ שטיקל גלאָז — וואָרום דעם אינהאַלט פון די ווערטער האָב איך דאָך אויך געהאַט פאַרגעסן אין גאַנג פון אַ האַלב יאָרהונדערט — האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן אַן אמתער בלויער סאַפיר — דער גרויסער נס אין מײַן לעבן - יצחק לייבוש פּרץ כמעט דער ערשטער רעצענזענט מײַנער...

**אשר שטשוטשינסקי** / האַוואַנאַ—קובאַ

# טשוטשאַ...



אַ סקריפּ פון אַ קאָלבע, וואָס רוקט זיך אַראָפּ פון אָפּגענוצטן געווינט, האָט אַ ריס געטאָן דעם טונקעלן פריימאָרגן, פון הינטער דער הילצערנער ווענטל וואָס טיילט אָפּ דעם גאַראַזש ווו ערנעסטאָ האַלט זײַן אַלטן „קאַמיאָן" האָט זיך דערהערט אַ האַסטיקע כראַקע, ווי איינער וואָלט וועלן צוזאַמען מיטן לייכעץ אויסשפּײַען זײַן פאַרביטערונג:

— אַ קלאָג אין דײַנע ביינער! אַלע אינדערפרי די זעלבע חתונה...

נאָך אַמאָל אַ סקריפּ פון דער קאָלבע, אַ דריטער, אַ פערטער... באַגלייט פון אַ נישט געצאַמטער רוגזא.

— איך וועל דיר דערוואַרעמען, ווען איך זאָל אפילו דאַרפן בלײַבן ליגן לעבן דיר, אַלטער קלאַק! ווי קען איך דיר בייטן, אַז דו פרעסט אַלץ אויף אין גאַזאָלין... דײַן פאַבריקאַנט איז שוין געשטאָרבן און דו לעבסט נאָך... דײַנע בעסטע יאָרן האָסטו אָפּגעדינט אַ צווייטן!

אַ צונויפגעקלאַפּטע פירהויז פון קעסטל־ברעטלעך איז דער גאַראַזש פאַרן אַלטן קאַמיאָן. הינטן, אין דער הילצערנער האַלב אײַנגעפאַלענער כאַטע, וווינט ערנעסטאָ, דער „קאַמיאָנעראָ", מיט זײַן משפחה. דער עלטסטער זון וועלכער האָט שוין פון לאַנג חתונה געהאַט, וווינט אויך דאָרטן מיטן טאַטן, מיט זײַן ווײַב און צוויי קינדער, ערנעסטאָס אייניקלעך.

ערנעסטאָ האָט נאָך זיבן מיידלעך און אינגלעך, גערוקט צו פּאָר יאָר איינס פון צווייטן, ס'זײַנען געווען נאָך... זײַנען זיי אַוועק. ווער קען אויסהאָדעווען אַלע. מען דאַרף דאָקטוירים, מעדיצין. דער וואָס האָט שכל האַלט זיך געזונט... אַז נישט איז קיינער נישט שולדיק.

ערנעסטאָ האָט אויפגעעפנט דעם טויער וואָס שלעפּט זיך אויף אויסגעקרימטע זאַוויעסעס און סקריפּעט ווי אַ נישט געשמירטער ווינט־מיל אין אַ זאַווערוכע. דער מאָטאָר האָט זיך שוין דערוואַרעמט און בלעזלט מיטן וואַסער ווי אַ זודיקע בונקע אויפן פײַער. ער איז אַרויף אויפן טרעפּל און גלײַך פאַרוואָרפן די פוס צום קלאָטש. דער קאַמיאָנדל האָט זיך אַ ריר געטאָן און זיך אײַנגעשניטן אין דער האַלב ברוקירטער גאַס. ערנעסטאָ האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, און זיך פאַרקוקט אויפן שכנס טירל:

— וואָס איז געשען? — האָט ער אַ פאַרוווּנדערטער אַ קרים געטאָן מיטן נאָז, דער שוסטער שלאָפט נאָך? אַ שמייכל באַגלייט פון שרעק האָט אַ קאַם געטאָן זײַן געדאַנק.

— פאַרשלאָפן? ער כאַפּט זיך אַלע טאָג אויף מיטן ערשטן סקריפּ פון דער קאָלבע...

דעם שוסטערס טירל האָט זיך אָן עפן געטאָן מיט אַ ראַץ אָן זאַמדענעם פאַל.

— גוט מאָרגן ערנעסטאָ!

— גוט מאָרגן, טשוטשאָ! איך האָב דיר שוין געוואָלט קלאַפּן אין טיר, נישט געוווּסט וואָס צו קלערן...

— געהאַט אַ חלום!.. אַ גוטן...

— זאָל ער מקוים ווערן — ביז בײַנאַכט! מען דאַרף פאָרן, איך האָב דעם ערשטן נומער אין פּאָרט. פאַרשפּעטיקסטו איז פאַרפאַלן, דאַרפסטו וואַרטן ביז צום סוף...

— זאָל דיר גיין גוט! האָט אים טשוטשאָ אַרויסבאַגלייט מיט די אויגן.

דער אַלטער „קאַמיאָן" האָט זיך אַוועקגעשאַרט אין פינצטערן פרימאָרגן איבער דעם האַלב ברוקירטן געסל. די אײַנגעשרומפּענע פײַערלעך אין די פּאָנאַרן האָבן מיט אַ מאַט־ראָזעווען קאָליר באַלויכטן דעם חלל פון דעם פאַרזשאַווערטן ניקל פון די לעכער ווו זיי האָבן געשטעקט, ווי געצונדענע ליכט אַרום אַ בר־מינן, וואָס זאָגן אָן דעם סוף און וועקן דעם זכרון פון אַן אָפּגעפאָרן לעבן, פון צײַטן — ווען די ליכט האָט באַלויכטן דאָס גאַנצע געסל, געשראָקן די פערד און איבערראַשט די מענטשן.

מיט אַ פּאָר הײַזער ווײַטער האָט אימיצער — אויך אַ שכן פון דעם געסל, — אַרויסגעפירט פון זײַן שטוב אַ הילצערנעם וועגעלע אויף צוויי אײַזערנע רעדלעך, וואָס האָבן געוועקט די שפּיציקע שטיינדלעך פון ברוק... און געמאָנט בײַ אַלע שכנים זיי זאָלן מאַכן טאָג, זיי זאָלן נישט פאַרשלאָפן. אין אַ פלאַש מיט אַן אָפּגעשניטן דעקל האָט געשטעקט אַ קליין פײַערל — אַ פינפערל וואָס האָט געמאַכט פון דעם צונויפגעשלאָגענעם וועגעלע פון קעסטל־ברעטלעך עפּעס אַ מאָדערנע זאַך... וואָס פאָרט אַרויס זאַמלען דעם אָפּפאַל איבער די נײַע גאַסן פון „וויבאָראַ".

אויסגעלײדיקטע פלעשער, פּושקעס פון קאָנסערווירטן קאָמפּאָט און וואָס ס'וועט זיך מאַכן; פון אַ שטיקל פאַרטריקנט ברויט ביז אַ צײַטונגס פּאַפּיר. פון דעם אַלץ צוזאַמען וועט דער באָרוועסער כאָרכע אָפּלעבן אַ טאָג און אויב ס'וועלן אַרײַנפאַלן אַ פּאָר גלעזערנע סלאָיעס — אויך טרינקען לחיים אַ גלעזל „באַקאַרדי" פאָרן זיך צוריקקערן צו דער משפּחה. פאַר דער היים זאָרגט די ווײַב, זי דינט בײַם קאַפּיטאַן, פעלט איר גאָרנישט, זי ברענגט נאָך אַ היים פאַר די דרײַ „חיהלעך" וואָס די באָבע היט. זי האָט אָבער נישט וואָס צום היטן, ווײַל זיי לאָזן זיך אַרויס באַלד פון דערפרי איבער די גאַסן שנאָרען און אָנפילן די פּוסטע בײַכלעך.

פון די שמאָלע אויסגעדרייטע טירלעך, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן ווײַבער, שוואַרצע, מולאַטע. דאָס האָבן די דינסטן, וואָס קומען שלאָפן אַהיים מיט זייערע מאַנסבילן, זיך אַ לאָז געטאָן צו דער אַרבעט, נישט צום פאַרשפּעטיקן מאַכן די שוואַרצע קאַפּע מיטן „כוגאָ" פאַר די בעלי־בתים וואָס דאַרפן גיין צו זייערע געשעפטן.

דאָס געסל האָט נאָך פאַר פינצטער אַרויסגעשפּיגן די אַלע וואָס אַרבעטן, וואָס דינען, וואָס האָבן שווער און פאַרשטיקט אָפּגעאָטעמס אַ נאַכט און וועלן זיך אָפּמאַטערן אַ טאָג. נאָר די בעלי־מלאכות וואָס האָבן אַ שטיקל וואַרשטאַט אין דער היים זײַנען פאַרבליבן.

טשוטשאָ האָט צוריק פאַרמאַכט די טירל און אַרײַן אין שטוב, דער חלום האָט אים אַ צעטומלטן געטראָגן אויף זײַנע פליגלען.

אַ פולע לבנה האָט זיך אויפן פאַרטאָג געשאַרט איבער די קוסטעס וואָלקנס, וואָס האָבן געדיכט און בערגלדיק פאַרדעקט דעם הימל ווי אַן אָפּגשניטן היי־פעלד.

טשוטשאָ איז אַ גוטער שוסטער. מען קען זאָגן — אַ מײַסטער אין זײַן פאַך. זײַנע פאַרהאַרטעוועטע פינגער גלעטן אויס אַ פּאָר שיך, ווי די פינגער פון אַ מוזיקער שפּילן אויס אַ ליד וואָס איז אים צום האַרצן. ער האָט ליב אַ באַשטעלטע פּאָר אַרבעט, ער לייגט אַרײַן אין זיי זײַן גאַנצן שוסטערשן חוש, זײַן גאַנץ לעבן. אָפּט דערפילט ער דעם טראָט וואָס די שיך וועלן שטעלן. די פיס פאַר וועלכע ער גרייט זיי שטייען פאַר זײַנע אויגן, ער געדענקט יעדנס ביינדעלע, וווּ מען דאַרף אַרויפלייגן און וווּ אַראָפּנעמען, ער דערפילט אַמאָל אַ פאַרלאַנג צום נאָכגיין זײַנע אַ פּאָר שיך און פילן וואָס זייער טראָגער פילט, וואָס יענער קלערט וועגן זײַנע שיך, ער וואָלט זיך לאָזן טרעטן פון זײַנע אַ פּאָר שיך אַבי צו וויסן, צו פילן ווי גוט, ווי באַקוועם זיי זײַנען.

זײַנען אָבער געקומען נײַע צײַטן. און ווער עס דאַרף אַ פּאָר שיך גייט אַרײַן אין אַ שוך־קראָם, מעסט וויפל סאָרטן ער וויל און קלײַבט אויס די וואָס געפעלן אים, די וואָס זײַנען באַקוועם... טשוטשאָ האָט ניט קיין צוטרוי צו די „פאַרטיקע" שיך, ער ספקט שטאַרק צי זיי זײַנען באַקוועם... נאָך נײַערהייט ב־ענגט מען אים שוין די שיך צום אויסהאַקן אַ טשוואָק אונטער אָפּצאַס, וואָס שנײַדט און מאַכט אַ לאָך אין פּיאַטע, צום אויסציען, ווײַל ס'דריקט אויפן קלײנעם פינגערל. ציסט אויס אין איין זײַט, דריקט אין אַ צווייטער. ווען ער זאָל נישט דאַרפן האָבן די צען סענט, וואָס מען גיט פאַרן אויסציען, וואָלט ער זיך צו קיין פאַרטיקע שיך נישט צוגערירט. אָבער וואָס זאָל ער טאָן, אַ מענטש מוז זיך נאָכשלעפּן נאָך דער צײַט, און די צײַט שטייט נישט אויף אָן אָרט, זי גייט.

טשוטשאָ באַנוגנט זיך דערווײַל מיט פאַרריכטן, מיטן פּוצן שיך, דאָס איז אָבער בײַ אים נישט קיין אַרבעט, דאָס איז נאָר צום פאַרטרײַבן די צײַט און זוכן וואָס אָפּצועסן. פאַר זיך אַרט אים קײנמאָל נישט, אָבער פאַר דער ווײַב, פאַר די קינדער, זיי לאָזט ער נישט אַרויס פון זינען.

ס'איז געווען אַ ביטערער זומער — דער לעצטער. נישט מען האָט געבראַכט צום פאַרריכטן, נישט צום פּוצן, האָט אים זײַן ווײַב אַ זאָג געטאָן, אַז זי וואָלט געדאַרפט גיין אויף אַ שטעלע. טשוטשאָן האָט דאָס אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן, ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז זײַן ווײַב זאָגט אים, אַז ער קען זי נישט אויסהאַלטן. ער איז געוואָרן ברוגז און איר גוט אויסגעזידלט, זאָל זי נאָכאַמאָל שווײַגן: — כל זמן איך לעב וועסטו זײַן אַ מאַמע צו דײַנע קינדער און נישט אַ דינסט פאַר פרעמדע!

טשוטשאָ לעבט מיטן גלויבן אַז ס'וועלן צוריקקומען צײַטן ווען מענטשן וועלן אײַנזען, אַז אַ פּאָר גוטע שיך דאַרפן מאַכן „גוטע הענט". די אַלע מאַשינעס וואָס פּאַלצן און גלײַכן, קלעפּן און שאָבן, זײַנען אויסגעטראַכט אויף צום אַרבעטן ווינציקער, אויף צום מאַכן אַ סך און פאַרדינען וואָס מער, אָבער נישט אויף צו מאַכן גוט. דערפאַר, אַז מען האָט אים גערופן — ער זאָל ווערן אַ „מייסטער" אין אַ שוך פאַבריק, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט.

— איך וויל נישט! — האָט ער געענטפערט — איך וועל דאָרטן גאָרנישט קענען טאָן! אַ צו גרויסער קלאָפּאָט, אַ צו גרויסער טומל און בסך הכל קומט נישט אַרויס קיין איין פּאָר גלײַך, ס'איז טאַנדעטנע אַרבעט, נישט פאַר מיר...

אַ שמחה איז בײַ טשוטשאָן אַז ס'פאַלט אַרײַן אַ קונד, פון די וואָס קענען שוין זײַן אַרבעט, פון די וואָס געטרויען נישט זייערע פיס צו אַבי וועמען, ווײַל טשוטשאָן גייט נישט אין רווחים, ס'איז נישט קיין אונטערשייד וויפל טעג ס'וועט געדויערן און צי דאָס וועט לאָזן אויף אָפּצועסן אָדער נישט, ס'גייט אין מאַכן גוט, אין אָנהאַלטן דעם נאָמען.

:: :: ::

דער סקריפּ פון דער קאָלבע פון ערנעסטאָ'ס קאַמיאָן, צוזאַמען מיט זײַנע אויסגעשפּיגענע זידל רייד האָבן הײַנט, ווי אַלע טאָג, אויפגעוועקט טשוטשאָ'ן פאַרטאָג.

איבער זײַן שוואַרצן פּנים האָט זיך געגליטשט אַ צופֿרי־דענער שמייכל, ער האָט מיט זײַנע לאַנגע דאַרע פֿינגער אַ שאַר געטאָן די גרויע געקרײַזלטע האָר, וואָס ער קלײַבט זיך שוין פֿון לאַנג אָרומשערן, אַ דריק געטאָן דעם שטערן, דעם מוח און נאָך אַמאָל באַקלערט דעם חלום וואָס ער האָט געהאַט, ער האָט אויפֿן קול אַ לאַך געטאָן און אויסגערעדט:

— „הלוואַי זאָל דאָס זײַן אמת!“

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן און געגאַנגען צום וואַסער־קראַן וואָס איז געשטאַנען אויפֿן הייפֿל, באַלד לעבן דער קיך. דער חלום איז אים נאָכגעגאַנגען... דער שמייכל האָט אַלץ געדרונגען איבערן פּנים, „הלוואַי זאָל דאָס זײַן אמת“. הײַנט איז מאָנטיק — אפֿשר וועט טאַקע אַרײַנפֿאַלן אַ קונה מיט אַ באַשטעלונג, ווען ס'פֿאַלט אַרײַן אַזאַ שטיקל אַרבעט וואָלט מען געקענט אָפּשפּאָרן פֿיר „באָלאָס“ אויף דירה געלט פֿאַר יענעם מאָנאַט, הײַנט וועט דער אַלטער געוויס קומען מאָנען. וואָס מער ער האָט געטראַכט אַלץ זיכערער איז ער געוואָרן אַז ס'דאַרף אַזוי זײַן... ער האָט פֿעסטער געשטעלט די הינקעדיקע פֿוס, זיך צוגערוקט צו דער פֿאָדערשטער טיר פֿון סאָלאַר(1), איר אויפֿגעעפֿנט און באַגריסט זײַן שכן, ערנעסטאָ'ן. ער האָט באַלד חרטה געקראָגן — בעסער נישט דערציילן גאָרנישט וועגן חלום. ער האָט די טיר פֿאַרמאַכט און געוואַרט ביז דער שכן איז אַוועקגעפֿאָרן. ער האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון ווינקל דעם צעגריזשעטן וואַרשטאַט און זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויפֿן טאָג.

טשוטשאָ איז געוואָרן איבעראַשט ווען ער האָט גלײַך אויפֿן פֿרימאָרגן דערזען דעם אַלטן גאָמעז פֿאַר זײַן טיר. ער ווייס — אַז חלומות ווערן אַמאָל מקוים, אָבער אַזוי — אַז אַפֿילו דער מענטש זאָל זײַן דער זעלבער — דאָס האָט אים איבעראַשט.

— גוט מאָרגן — האָט ער געשטאַמלט אַ צעטומלטער

— גוט מאָרגן! איך וועל אים גאָרנישט דערציילן, זאָל זיך אַמאָל דער אַלטער גאָמעז נישט דערשרעקן, האָט ער אין זיך געטראַכט, ס'איז דאָך טאַקע אַ מאָדנע זאַך! שוין זעקס יאָר ווי דער אַלטער גאָמעז מאַכט נישט בײַ מיר קיין שיך...

— גוט מאָרגן! טשוטשאָ. אָט בין איך געקומען, זאָלסט מיר נעמען אַ מאָס און מאַכן אַ פּאָר שיך. דו געדענקסט נאָך אפֿשר מײַן מאָס? האָט דער אַלטער גוטמוטיק געלאַכט.

— גאָר קיין פֿראַגע נישט, סעניאָר גאָמעז, אָבער בעסער וועלן מיר נעמען אַ מאָס, שוין אַריבער אַ סך יאָרן, פֿיס בײַטן זיך... צו וואָס ריזיקירן, בעסער נעמען אַ מאָס.

טשוטשאָ האָט אַרויסגעשלעפּט אַ קורצן שטיקל בלײַער, אַרויסגענומען אַ שטיקל פֿון אַ סענטימעטער, די הענט האָבן זיך געטרייסלט און אין קאָפּ האָט געשלאָגן דער חלום: „מקוים געוואָרן, מקוים געוואָרן“.

— מען דאַרף דיר נאָך אַלץ איבערלאָזן האַנט־געלט?

— ניין! סעניאָר גאָמעז. נישט קיין האַנט־געלט, איר ווייסט גוט, אַז איך נעם נישט קיין האַנט־געלט, איך דאַרף נישט אײַער האַנט־געלט... איך דאַרף נאָר אויף צו קויפֿן די מאַטעריאַלן. איך קען זיי קריגן געבאָרגט... אָבער איך האָב דאָס פֿײַנט, איך האָב ליב צו קויפֿן די סחורה ווו ס'געפֿעלט מיר, נישט ווו מען באָרגט מיר... נישט קיין סך, איר וועט מיר געבן צען דאָלער, וועט שוין זײַן אויף אַלץ. און אַז איך וועל זיי האָבן פֿאַרטיק וועט איר מיר צוצאָלן צוויי דאָלער, וועלן מיר זײַן קוויט.

בײַ טשוטשאָן אין קאָפּ האָט געבליצט מיט ציפֿערן. דער חשבון האָט געשטימט — פֿינף אויף די מאַטעריאַלן און פֿינף אויף דירה געלט און אויפֿן טאָג...

— דו פֿלעגסט דאָך אַמאָל נעמען נאָר פֿינף דאָלער אויף מאַטעריאַלן!?

— יאָ, סעניאָר גאָמעז! — האָבן געציטערט די ליפּן בײַ טשוטשאָן, ווי ס'וואָלט אים ערגעץ טיף אין גוף פֿאַרגאַנגען אַ שטאַרקער ווייטיק — פֿלעג איך אָבער נעמען פֿופֿצן פֿאַר די שיך! הײַנט נעם איך צען אויף מאַטעריאַלן און נאָר צוועלף פֿאַר די שיך...

— וואָס, ס'איז געוואָרן ביליקער די סחורה וואָס דו נעמסט ביליקער פֿאַר די שיך?



**יעקב וואָלבערג**—די געגנט באָקאַ אין בוענאָס אײַרעס

(1) סאָלאַר — הויף.

— ס'איז נאָך אפשר געוואָרן טײַערער! — בײַ די ווערטער האָט זיך טשוטשאָ פאַרטראַכט, דער אַלטער גאַמעז איז דאָך טאַקע גערעכט. — אָבער אז מען וויל אַ קונה, האָט ער ווײַטער גערעדט, שוין זעקס יאָר פאַר אײַך נישט געאַרבעט, וועט זײַן גוט צוועלף דאָלער, זײַט זיכער! איך דאַרף דאָס אײַך נישט זאָגן — איר ווייסט, ס'וועט זײַן גוט געמאַכט, אַזוי ווי שטענדיק... אפשר נאָך בעסער...

— נו גוט! זאָל זײַן ווי דו זאָגסט, אָט האָסטו צען דאָלער, נאָר פאַרגעס נישט אַז איך האָב דיר געגעבן צען...

טשוטשאָ האָט אײַנגעוויקלט דעם צעעפנטן צענערל אין פּירן און אים אַרײַנגעלייגט אין דער הויזן קעשענע. ער האָט געשמייכלט צו גאָמעזן און געקלערט צי זאָל ער אים דערציילן זײַן חלום. בעסער נישט, האָט ער אַ וואָרף געטאָן מיטן האַנט, אַז ער וועט אָפּנעמען די שיך וועל איך אים דערציילן!

:: :: ::

— נאָך גוט וואָס איך האָב זעקס סענט, פּונקט זעקס סענט! — האָט טשוטשאָ אַ צופרידענער געשמייכלט אַרויפשטעלנדיק די פוס אויפן טרעפּל פון דער גוואַגווע. — אַלצאיינס וואָלט איך נישט געביטן די צען דאָלער... איך וואָלט בעסער געגאַנגען צופוס, דאָס וועל איך נאָר בײַטן בײַם באַצאָלן פאַר די סחורה.

— פאָרויס! פאָרויס! רוקט אײַך! — האָט דער קאָנדוקטער געברומט צו דעם יעפּאַקטן עולם אין דער גוואַגווע. — לאָזט אַרײַנגיין — האָט ער געבעטן.

טשוטשאָ האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן געניקלטן אײַזערנעם שטאַנג און זיך פאַרטראַכט.

אויף די ראָגן האָבן זיך געהויבן הענט, „שטעל דיך אָפּ"! האָבן זיי אַלע געוויזן, „מיר ווילן מיט דיר אַהיימפאָרן"!

דער שאָפער האָט אַ מידער, נישט געהערט, נישט געזען די הענט, און געטריבן ווײַטער דעם גרויסן גרינווײַסן „וואָגן", מיטן נומער דרײַצן אויף זײַן פּנים.

— פאָר צום טײַוול! — דו זון פון אַ זינדיקער מאַמען, האָסט נישט קיין חרפּה! — האָבן געמורמלט מיט פאַרביסענע ליפּן די וואָס האָבן געמיינט אַז זיי פאָרן שוין באַלד...

אַן עלטערע פרוי, מיט אַ געשפּינטער קאָפּ האָר פון בלאָנדע און גרוי, האָט אַ הויב געטאָן איר גלאַטן בלאַסן פּנים נאָך דער אַנטלאָפענער גוואַגווע און מיט ביטערקײַט איר נאָכגערעדט:

— נישטאָ קיין אײַנזען, אַפילו נישט מיט קיין עלטערע, וועלכע מאַמעס האָבן אײַך דערצויגן? ווילדע ברואים! ווען איך בין יונג, וואָלט איך קיין מאָן הײַנטיקע צײַטן צו זיך נישט צוגעלאָזט... צו וואָס? צום ווערן באַליידיקט? דערנידעריקט... אָ! ווי אַנדערש איז דאָס געווען מיט יאָרן צוריק, אַפילו דעם טראַמוואַי פלעגט מען דאָך פאַר מיר אָפּשטעלן, וואָס איז געוואָרן מיט די מענער? שיינע, אויסגעפּוצטע, אָבער ביטערע יונגען...

דער יונגערמאַן וואָס איז געשטאַנען כמעט אָנרירנדיק איר אָרעם, האָט איר אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל, וואָס האָט צוגעגעבן גערעכט און אײַנזען מיט אירע רייד.

— מאַדאַם! האָט ער אויף גיך אַ זאָג געטאָן — ס'גייט אַ דרײַצן! — און אויסגעשטרעקט גאָר פעסט זײַן האַנט — אָט וועל איך איר אָפּשטעלן!

— נישט נויטיק! איך אײַל זיך נישט, האָט די פרוי ליבלעך אַרײַנגעשמייכלט דעם יונגערמאַן אין פּנים און אים געדאַנקט פאַרן העלפן אַרויפגיין אויפן טרעפּל, — אַ דאַנק, אַ דאַנק! פאַראַן פײַנע מענטשן, אַ דאַנק! — האָט זי אים מיטן האַנט נאָכגעשריגן דורכן פענצטערל. אַ דאַנק, וואָס פאַר אַ פײַנער מאַן... מיט אַזעלכע איז אַ פאַרגעניגן זיך צום באַגעגענען.

דורכן טרעפּל פון דער פאָדערשטער טירל פון דער גוואַגווע האָט זיך געגעבן אַ גליטש אַראָפּ אַ „ווײַסער". ווי אַ פיש אין וואַסער האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צווישן די מענטשן וואָס זײַנען געשטאַנען אויפן ראָג. טשוטשאָן האָט אַ שניט געטאָן אין די אויגן, ווען דער ווײַסער, וואָס האָט נאָר וואָס זיך פאַרבײַגעשאַרט לעבן אים האָט אַ צי געטאָן דעם טוכענעם קאַפּעליושל אויף אַראָפּ איבערן שטערן. ס'האָט אים סאַ שטאָך געטאָן אין מוח, ער האָט אָפּגעלאָזן די האַנט פון דער שטאַנג אָן וועלכער ער האָט זיך אָנגעהאַלטן און אַ שטופּ געטאָן די פינגער אין קעשענע. ער האָט אַ שאַר געטאָן איבער אַלע זײַטן פון דער קעשענע. „נישטאָ גאָרנישט... נישטאָ..." אַ שנײַדיקע קעלט איז אַדורך איבער זײַן צעהיצטן שוואַרצן לײַב. ער האָט נאָכאַמאָל גענישטערט אין קעשענע, „נישטאָ קיין לעכלעך... מײַנע צען דאָלער!" — האָט ער אויפן קול אַ בורטשע געטאָן און פאַרשטיקט געוואָרן. „ער האָט זיי מיר אַרויסגענומען... וואָס טו איך? אַ ווײַסער האָט מיך באַגנב'ט! מען וועט דאָך מיר נישט גלויבן, ווער וועט גלויבן אַ שוואַרצן"? — האָט זײַן מוח האַסטיק זיך געקאָרטשעט און געקרעמפּט...

— וואָס איז דיר? — האָט אים געפרעגט דער שכן.

— ער האָט צוגענומען בײַ מיר פרעמדע צען דאָלער!

— האָט טשוטשאָס קול וויינענדיק גערעוועט.

— דער ווײַסיניקער? איך האָב געזען ווי ער רוקט זיך צו דיר. אוי, מײַן טעשל אויך!...

— דער ווײַסער? — האָבן זיך אַלע איבערגעקוקט און געוואָרפן אַ בליק אויף טשוטשאָן...

טשוטשאָ האָט דערפילט ווי די אויגן לעבערן דורך זײַן לײַב, שטעכן ווי מיט שפּיזן, ווי זיי וואָלטן בײַ אים מאָנען רייד... אין ברוסט קאַסטן איז געוואָרן ענג, די ליפּן האָבן זיך צונויפגעשמאָלצן און געשוויגן...

טשוטשאָ איז געשטאַנען אויפן ראָג פון דער גאַס ווי

ער האָט געדאַרפט אײַנקויפן די מאַטעריאַלן, פאַר די צען דאָלער וואָס דער „ווײַיסער" האָט בײַ אים אַרויסגע׳גנב׳ט און אין זיך געוויינט אויף זײַן ביטערן גורל...

— ווי קען איך גיין אַהיים? נישט פאַר דעם ווײַב און נישט די לעדער אויף דער פאָר שיך. דרײַ שעה זיך אָפּגעוואַלגערט אין פּאָליציי... צוריק אַהיים אָן די לעדער גיי איך נישט — האָט ער צו זיך גופא געטענהט.

ווי אַ שפּיץ פון אַ נאָדל האָט אַ שטאָך געטאָן טשוטשאָן אין מאַרך, „די גאָלדענע ציין... די איינציקע ירושה וואָס זײַן מאַמע האָט אים געלאָזן... מען קען זיי אַראָפּנעמען". ער האָט פּרובירט מיט די פינגער זיי אַ ריר טאָן — זיי האָבן זיך עטוואָס גערירט. ער האָט זיך צוגערוקט נענטער צום וואַנט און זיי האַסטיק אַ בויג געטאָן און דערפילט די ציין אין האַנט. אין מויל איז געוואָרן וואַרעם... פול, ער האָט אַ שפּײַ געטאָן און באַמערקט בלוט. ס׳האָט אים ווינציק געאַרט, ער האָט נאָך אַמאָל אַ שפּײַ געטאָן און שוין מער נישט געקוקט. ער האָט זיך האַסטיק אַ צי געטאָן צו קאָמפּאָסטעלאַ גאַס, אַדורכגעלאָפן אַ צעפלאַמטער די גאַס און אַרײַן אין אַ „קאַסאַ עמפּעניאָ"(1).

דער פליישיקער בעל הבית האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ קורצן קוק און גענומען אין האַנט דעם בריקל ציין, ער האָט דאָס אַ וועג געטאָן אין האַנט און שאַרף אַ זאָג געטאָן — ווי ער וואָלט עפּעס אַ וואָרף טאָן — „פינף"!

— גוט! איך וועל זיי... אפשר אָפּנעמען...

מידע, האַלב פאַרגליווערטע האָבן זיך געשאַרט די מענטשן איבער די גאַסן. דער האַרטער צעמענט פון די טראָטואַרן, די געמויערטע ווענט, די אויסגעלייגטע סחורות, אַפילו די גרויסע, גראָבע גלעזער פון די שויפענצטער, אַלץ איז געלעגן אַזוי מיד, אַזוי פאַרמאַטערט, ווי זיי וואָלטן זיך אונטערגעגעבן דעם פײַער פון דער צעפלאַקערטער אויגוסט זון, וואָס האָט אַזוי געשמיסן מיט אירע שאַרפע שטראַלן אויף דער שיינער שטאָט.

אויפן ראָג פון גאַס האָבן זיך געקליבן מענטשן. אַ דיקע פרוי, מיט אַן אויסגעמאַטערטן גווידער פון צופיל מאַסאַזשן האָט געהאַלטן אין האַנט אַ קאָשיקל מיט אַן אויפשריפט פון אַ באַקאַנטן געשעפט, פון קאָשיקל האָט געשלאָגן אַ ריח פון פּערפום, אַלע האָבן געצויגן דעם אָטעם... ס׳האָט געמאַכט לײַכטער די צעקראָכנקייט.

ס׳האָט זיך אונטערגערוקט אַ שוואַרצער, אין בלויע, גאָר אָפּגעניצטע הויזן, ס׳האָט אַ שלאָג געטאָן אַ ריח פון געברענטן בוימל און שאַרפן שוויים, וואָס האָט איבערגעשטיגן דעם פּערפיום, אַלע האָבן געדרייט די קעפּ. אַ „שוואַרצער" — האָבן זיי געמורמלט אין געדאַנק... דער שוואַרצער האָט שטאַרק געדריקט דאָס פּעקעלע אונטערן אָרעם און מיט אַ טיפן חשד אין זײַנע אויגן זיך אומגעקוקט און נאָך שטאַרקער געדריקט דאָס פּעקעלע, מיט די מאַטעריאַלן פאַר סעניאָר גאָמעז׳עס פאָר שיך...

(1) לאָמבאַרד.



אַלעקסאַנדער ווײַנשטיין — „מעלאַנכאָליע".



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

**כ. א. קראַסנאָפּאָלסקי** — „בלומען“ — פּרעמירט אין סאַלאָן קאָרדאָבאַ. איינער פון די אָנגעזעענסטע שעפער אין דער פּלעיאַדע נײַע אַרגענטינער מאָלער. האָט זיך באַטייליקט אין פיל אויסשטעלונגען און אויסגעצייכנט געוואָרן מיט ווערטפולע פּרעמיעס.

# סטעמפעניו דער קלעזמער

**יעקב פאַט** / ניו־יאָרק



(איבערדערציילט לויט דעם העברעישן ספר „הכלי זמרים" פון יהוכין סטוצעווסקי) (1)

„...די לעצטע וואכן בין איך שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון זייער אַ וויכטיקן, זייער אָריגינעלן העברעישן בוך: „געשיכטעס און באַשרייבונגען פון יידישע קלעזמער". איך האָב זיך גענומען איבערצוגעבן די געשיכטעס אויף יידיש. אין מיין לשון און שטייגער, צום יידישן לייענער. וויפל נשמה, וויפל טעם און חן דער יידישער קלעזמער האָט אַריינגעלייגט אין זיין שפּילן. אַזוי האָט געטאָן ניט נאָר דער קלעזמער, אַזוי האָט געטאָן יעדער אמתער יידישער אַרבעטס־מענטש, און אַזוי האָבן אויך געטאָן — איך בין אין דעם איבערצייגט — די יידישע שטריקער ביים אויסשטריקן זייערע ווערק.

יאָ, זיי זיינען געווען קינסטלער, די יידישע שטריקער. יעדער איינער האָט דאָך זיין אינסטרומענט, אויף וועלכן ער שפּילט אויס זיין ניגון. האָב איך ניט אונטערן האַנט פאַרטיק אַ מעשה וועגן שטריקער, האָב איך איבערדערציילט ניט וועגן שטריקער, נאָר וועגן קלעזמער, וועגן דעם „קלעזמער סטעמפּעניו". שיק איך עס אייך צו און פאַרברויכט עס געזונטערהייט..."

אויסצוג פון אַ בריוו.

די משפחה סטעמפעניו האָט זיך עוסק געווען אין קלעזמעריי אַ סך דורות. דער פאָטער פון די סטעמפעניוס האָט געהייסן בערל באַס. דער זיידע האָט געהייסן ר' שמואל חצוצרן. דער עלטער־זיידע האָט געהייסן ר' פייוויש. ער האָט געשפּילט אויף אַ צימבל. און דעם זיידנס זיידע, ר' אפרים, האָט געשפּילט אויף אַ פייפל.

די משפחה סטעמפעניו איז אַרויסגעקומען פון אַ דאָרף פון קיעווער גובערניע, נאָענט צו ראַדאָמיסל אָדער האָר־נאסטאָפּל, וווּ עס זיינען געווען גוטע קלעזמערשע קאַפּעליעס. שלום־עליכם האָט געשריבן זיין באַוווּסטן ראָמאַן „סטעמפעניו" און האָט אים טאַקע געווידמעט סטעמפעניו דעם קלעזמער. מענדעלע מוכר ספרים האָט נאָך מיט יאָרן פאַר שלום־עליכמען דערמאָנט סטעמפעניו און זיין שפּילן. שלום־עליכם האָט זיין העלד סטעמפעניו ניט אויסגעטראַכט. עס איז טאַקע געווען אַ באַרימטער קלעזמער אין אוקראַינע מיטן נאָמען סטעמפעניו. נאָך אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט האָבן יידישע קלעזמערס זיך שוין געלערנט נאָטן. די פידל איז שוין געווען ביים קלעזמער אַ מין מעדיום זיך דורכצושמועסן נשמהדיק מיט זיך אַליין און מיט אַנדערע.

ווען סטעמפעניו איז נאָך אַלט געווען צוועלף יאָר, האָט ער שוין געשפּילט אויף חתונות און ער האָט שוין געהאַט אַ גרויסן רעפּערטואַר פון ניגונים. צו 15 יאָר האָט סטעמפעניו פאַרלאָזן זיין טאַטנס הויז און איז אַוועק איבערן לאַנד. זיין אומרויִק מוזיקאַנטן בלוט האָט אים געבאַדערט. ער איז קיינמאָל ניט איינגעזעסן לאַנג אויף איין אָרט. ער איז דערקראָכן ביז מאַגניטאַגאַרסק. פון דאָרטן קיין סטיפּעווקע. פון סטיפּעווקע קיין קאַריץ. פון קאַריץ קיין באַלטאַ. פון באַלטאַ קיין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו. פון דאָרטן קיין בערדיטשעוו. פון בערדיטשעוו אין אַדעס. אַזוי האָט זיך געטראָגן דער באַרימטער יונגער קלעזמער סטעמפעניו. (שלום־עליכם).

דאָס, וואָס שלום־עליכם שרייבט וועגן סטעמפעניו, קאָן געזאָגט ווערן אויך וועגן פיל אַנדערע קלעזמערס. „שפּיל, שפּיל, סטעמפעניו, אויף דיין פידל, און מיר וועלן הערן"...

סטעמפעניוס שווער, וואָלף טשערניאַווסקי, האָט נאָך סטעמפעניוס טויט איבערגענומען צו שטיין בראש זיין קאַפּעליע. איז ער געגאַנגען אין סטעמפעניוס דרכים און געשפּילט אויף יידישע חתונות. און אַזוי איז שפּעטער די קאַפּעליע איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

אגב, זיינען אין בערדיטשעוו, אינמיטן 19־טן יאָרהונדערט, געווען ביז 50 קלעזמאָרים. געווען קלעזמערשע משפחות. עס איז געווען באַקאַנט די קאַפּעליע פון משה

(1) מיט דער דערלויבעניש פון „מוסד ביאַליק" אין ירושלים.

אבא. עס איז געווען אַ באַרימטער קלעזמער גרשון, אַ פידלער; אַ קלעזמער מאני, אַ טראָמבאָניסט. געווען אַ קלעזמער מלך געגנער. זײַן הויז איז געווען אַ מין בית־מדרש פאַר די קלעזמערם. ווי אין בערדיטשעוו זײַנען געווען בתי־מדרשים פאַר שנײַדערס, פאַר קצבים, פאַר שמידן, אַזוי איז געווען אויך אַ בית־מדרש פאַר קלעזמערם.

צווישן די באַליבטסטע פידלער איז געווען פאַררעכנט זיידל דער שעפעטקאָווער, דער זון פון ר׳ יאַנקל קלעזמער. ער איז געווען פון די געלערנטע קלעזמערם. ער האָט געשפילט לויט נאָטן. נאָכדעם ווי ער איז יאָרנלאַנג געשטאַנען אין שפּיץ פון דער באַרימטער זאַסלאַוויטשער קאַפּעליע, וואָס איז געווען זײַן טאַטנס קאַפּעליע, איז ער אַוועק פון רוסלאַנד. אַוועק אין ניו־יאָרק. געווען דאָרטן אַ מוזיקאַנט. צוריקגעקומען אין זײַן שטעטל שעפעטאָווקע און אויפגעבויט אַ נײַע קאַפּעליע. ער איז געווען דער ערשטער פידלער; אברהם — דער צווייטער פידלער; יאַנקל — דער דריטער פידלער; ישראל — דער קלאַרנעטיסט; לייזער מיטן לאַנגן האַלדז — דער פּייקלער; בנימין — דער בלאָזער. אין די אָוונטן פלעגט זיידל אָפּט שפּילן פאַר זיך אַליין. געשפּילט אַזוי ביזן טיפן עלטער. זיידלס שפּילן אויפן פידל האָט צענומען די הערצער פון די צוהערער.

אין וויניצע — דער אַזוי גערופענער „קליינער אַדעס״ — איז געווען באַרימט די קלעזמער־משפחה מאָרדער. צווישן קיעוו און אַדעס איז ניט געווען קיין קלעזמער־משפחה מער באַרימט ווי די משפחה מאָרדער. ער האָט געשפּילט אויף זײַן פידל ביזן סוף פון זײַנע יאָרן. דורות קלעזמערם זײַנען אַרויסגעקומען פון אָט דער משפחה. מען האָט זיי גערופן „די מאָרדערס״. מאָרדער „דער גרויסער״, מאָרדער „דער קליינער״.

דערציילט מען בײַ קלעזמערם מעשיות וועגן מאָרדער „דעם גרויסן״. ער האָט ליב געהאַט אַ סך צו עסן און טרינקען משקה. דאָס האָט אים ניט געשטערט צו זײַן אַן אמתער מײַסטער איבער זײַן פידל. ער האָט געקאָנט פון איר אַרויסציען וווּנדערלעכסטע קלאַנגען. מען דערציילט, אַז מענטשן — מבינים פלעגן זאָגן, אַז זיי האָבן אין לעבן ניט געהערט קיין שענערן פידל־שפּילער ווי מאָרדער. ער פלעגט ניט שפּילן צוזאַמען מיט זײַן קאַפּעליע. געוויינלעך פלעגט די קאַפּעליע שטיל ווערן ווען מאָרדער פלעגט שטיין אַליין און שפּילן סאָלאָ אויף זײַן פידל. אויף אַ חתונה פלעגט ער קומען שפּעט אין אָוונט. ער פלעגט זיך שטיל אַוועקזעצן אין דער סביבה פון די קלעזמערם, זיך נעמען צו זײַן פידל, און שפּילן פריער לאַנגזאַמער, שטילער, נאָכדעם שאַרפער, ראַשער און — צוריק שטיל. דער עולם פלעגט אײַנהאַלטן דעם אָטעם. אַלע הערצער געפאַנגען. די געסט האָבן פאַרגעסן ווו זיי זײַנען אויף דער וועלט. זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען דער פידל פון מאָרדער, דעם באַרימטן ייִדישן קלעזמער.

ער האָט געשאַפן אויך אייגענע קאָמפּאָזיציעס. זיי פלעגן גיין פון האַנט צו האַנט. אַנדערע קלעזמערם פלעגן עס נאָכשפּילן, אָבער שפּילן אַזוי ווי מאָרדער — פלעגט מען זאָגן — האָט קיינער ניט געקאָנט.

עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די קאָברינער קלעזמערס אין מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט. עס איז באַרימט געוואָרן אַ קלעזמער פון קאָברין, שבתיאל דער פידלער. ער האָט געבאַרכט ייִדישע מוזיק — אַזוי האָט מען דערציילט — צו איר העכסטן אויסדרוק. שטייט ער מיט זײַן פידל, זײַנע האָר קורץ געשוירן, זײַן פּנים אַ בלייכער, און שפּילט. שפּילנדיק וואַקסט ער אויס. דער עולם זעט שוין דערמאָלט אַ גאַנץ אַנדער מענטשן, אַ בעל־מבשׂר. ער און זײַן פידל, ער און זײַן ניגון ווערן איינס.

ער איז געווען אַ קנאַפּער רעדנער. מער געשוויגן ווי גערעדט. און, אויב גערעדט, האָט ער גערעדט שטיל. די ניגונים זײַנען געווען דער אינהאַלט פון זײַן לעבן. זײַן שפּילן אויפן פידל איז געבליבן אומפאַרגעסלעך פאַר די מענטשן פון זײַן צײַט. עס איז אַרויסגעקומען פון דער טיפעניש פון דעם גרויסן קלעזמער און איז דערגאַנגען צו די טיפענישן פון די נשמות פון די צוהערער, פון עולם.

ער האָט אָפט געשפּילט מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט ניט געזען דעם עולם אַרום זיך. אַ באַזונדערער מאַגישער כח איז געווען אין זײַן פידל. ער האָט ניט געקענט קיין נאָטן. ער האָט אָבער געקאָנט ברענגען זײַנע צוהערער צו טרערן, צו געוויין. ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם גאַנצן שמערץ פון דער וועלט, דעם ייִדישן ווייגעשריי. אַ ייִדישע נשמה האָט ניט געקאָנט אויסשטיין זײַן פידל, (פון יחזקאל קאָטיק „מײַנע זכרונות״: „שבתיאל דער קלעזמער״, „שבתיאל בײַם פּריץ״.)

דער פּירשט פּאַסקעוויטש האָט געהערט וועגן ר׳ שבתיאל דעם פידלער. האָט ער געשיקט נאָך אים, ער זאָל שפּילן פאַר אים אויף זײַן פידל. שבתיאל האָט געשפּילט. דער גרויסער פּריץ פּאַסקעוויטש איז דורכגענומען געוואָרן פון זײַן שפּילן. ער האָט אים פאַרגעליינט, אַז ער וועט אים באַגילדן, אים מאַכן גרויס און באַרימט, אויב ער זאָל זיך נאָר שמדן. „אויב דו וועסט מיך אַפילו מאַכן פאַר אַ הראַביע, וועל איך זיך ניט שמדן״ — האָט שבתיאל געענטפערט. דער פּירשט פּאַסקעוויטש האָט אים געהאַלטן דריי טעג בײַ זיך אין שטוב. יעדן אָוונט פלעגן זיך צונויפקומען אין זײַן זאַל גרויסע געסט. שבתיאל האָט פאַר זיי געשפּילט אויף זײַן פידל. ער פלעגט שפּילן צוויי שעה, דרײַ שעה, און מער. ער האָט ניט געוואָלט עסן בײַם טיש פון פּריץ, ווײַל עס איז טריף. האָט מען

געשיקט נאָך כּשרע שפּײַז פֿאַר אים. ווען דער פּריץ האָט געזען, אַז מען קאָן ניט פּועלן בײַם קלעזמער, ער זאָל זיך שמדן — עס האָט ניט געהאָלפֿן אַפֿילו דעם פּריצס צוזאָג, אַז, אויב ער וועט זיך שמדן, וועט ער אים ברענגען צום צאַר (קאָטיק), — האָט דעמאָלט דער פּריץ געגעבן שבתיאלן טויזנט רובל און אַוועקגעשיקט.

שבתיאל האָט זיך געלאָזט בויען אַ הויז און ניט אַוועק פֿון שטעטל. ער איז געבליבן דאָרטן אַ תּושב. ער האָט נאָר פֿון מאָל צו מאָל אומגעוואַנדערט מיט זײַן פֿידל איבער דער גראָדנער גובערניע. עס איז ניט געווען קיין חתונה אין דער סביבה, וווּ שבתיאל זאָל ניט זײַן. ער און זײַן קאַפּעליע קלעזמערס — משה מעזוריטשער, ישׂראל באַס, שימשון קלאַרנעטיסט, חנא בריטווע, ברוך טראָמבאָניסט און טוביה דער בלינדער פּייקלער.

שבתיאל איז פֿאַרמעגלעך געוואָרן. ער האָט שוין געהאַט דרײַ אייגענע הײַזער אין דער צײַט פֿון דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה. ער האָט געוווינט דעמאָלט אין קאָברין. דאָרטן איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שׂריפֿה און אַלע זײַנע דרײַ הײַזער זײַנען אַוועק מיטן פֿײַער.

פֿון דעמאָלט אָן איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין עצבֿות. ער איז אומגעגאַנגען אַ שווײַגזאַמער און צעטראָגענער. זײַן שווײַגן איז פֿאַר אים געווען ווי אַ שוץ־וואַנט. זײַן אָרט איז כּמעט שטענדיק געווען אין בית־מדרש, וואָס איז געשטאַנען אין אַ קליין געסל. שבתיאל איז געזעסן שעהנלאַנג אין בית־מדרש און געדאַוונט.

איין מאָל, שבת, האָט מען אים געגעבן אַן עליה. ער איז אַרויף אויף דער בימע, געזאָגט די ברכות און נאָכדעם לאַנג געשוויגן. עפּעס געשטאַמלט, שטייענדיק מיטן פּנים צום עולם. נאָכדעם האָט ער אָפּגעגעבן אַ שבֿועה מיט ציטערנדיקע ליפּן: „הערט, רבותי, איך וועל מער ניט אָנרירן די פֿידל, קיינמאָל מער ניט". אַליין אויסגערופֿן אַ חרם אויף זײַן פֿידל. נאָכדעם איז ער אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין, און אַוועק צו זײַן אָרט. ער האָט זיך דאָרטן אַוועקגעזעצט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אים אונטערגעשפּאַרט מיט זײַנע ווײַסע הענט און לאַנג־לאַנג אַזוי געזעסן.

אין בית־מדרש איז געוואָרן אַ שטומע שווײַגעניש. דער קהל האָט אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם. ר' שבתיאל איז געזעסן און געשוויגן. נאָכדעם איז ער אַוועק און אויף אַ לאַנגער צײַט איבערגעלאָזט זײַן פֿידל אַליין. געענדיקט שפּילן: געווען אַ קלעזמער בײַ ייִדן און מער ניט.

קאָברין האָט געשטורעמט. אַ קלייניקייט, ר' שבתיאל וועט מער ניט שפּילן! סטײַטש און סטײַטש! קהל האָט געטומלט. אין דרײַ חדשים אַרום האָבן די באַלעבאַטים גערופֿן אַן אסיפֿה און געשיקט דרײַ חשובֿע באַלעבאַטים צום רבֿ, און אים געבעטן, ער זאָל ווירקן אויף שבתיאלן, ער זאָל צוריקציִען זײַן שבֿועה, וואָס ער האָט געגעבן אין געאײַל, ניט באַרעכענטערהייט. דער רבֿ האָט געהערט די באַלעבאַטים און געשיקט רופֿן דעם באַליבטן קלעזמער, ר' שבתיאל, און אים באַוויזן, לויט דער גמרא, אַז ער האָט שטאַרק געזינדיקט מיט זײַן שבֿועה. מען קאָן דאָך ניט פֿירן אַ כּלה צו דער חופּה אָן נגינה, און ער, שבתיאל, מוז חרטה האָבן און זיך צוריק נעמען צום פֿידל. מיט אַ שווער האַרץ האָט שבתיאל דער קלעזמער געמוזט חרטה האָבן. ער איז געקומען אין בית־מדרש, זיך געשטעלט אויף דעמזעלביקן אָרט, וווּ ער האָט געשוואָרן מער ניט צו שפּילן אויף זײַן פֿידל, און צוריקגעצויגן זײַן שבֿועה אין דער קעגנוואַרט פֿון אַ גרויסן עולם.

ער האָט זיך ווידער גענומען צום פֿידל, ווידער אַרויסגעצויבערט וווּנדערלעכע טענער. זײַן בטחון האָט זיך אומגעקערט צו אים צוזאַמען מיט די טענער, די ניגונים. ער האָט צוריק באַקומען אינערלעכע רו. ר' שבתיאל האָט ווידער געשפּילט, און אַזוי געשפּילט ביזן סוף פֿון זײַן לעבן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 90 יאָר.

אַגבֿ, דער באַרימטער פּוילישער פֿידלער אַנדזשעיעווסקי איז געווען זײַנער אַ תּלמיד.



יעקב וואָלבערג — „אַ גליל־פּייזאַזש"



„אייביקע וואַנדערער” — פון **רפאל מאַנדעלצווייַג**. געקומען אַ רייפער קינסטלער אין דרום־אַמעריקע, אין די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. זײַנע אױס־שטעלונגען אין בוענאָס אײַרעס, מאָנטעווידעאָ און ריאָ דע זשאַנעיראָ האָבן אַרויסגע־רופן אַ טיפן אינטערעס און אַלגעמיינע אנערקענונג. פון זײַנע בילדער קוועלט אַרויס סטיליזירטער פּאַטאָס פון ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע.



**ישעיהו שפּיגל** / גבעתיים — ישראל

# נדבות פון הימל

## (קאַפּיטל פון אַן אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן)

דאָס לײדיקע, אָפּגעגרענעצטע אָרט נאָכן אוועקגענומענעם זײגער איז ליכטיקער פון דער איבריקער קאַליר אויף אונדזער וואַנט. דאָס איז אַ װײַסער, לענגלעכער און גרויסער ליכט־שאָטן, וואָס הענגט איצט תמיד קעגן־איבער מיר אויף דער וואַנט. ער זעט אויס ווי אַן אַרײַנגעפּרעסטער, ליכטיקער זון־מענטש, וואָס וויל ניט אַראָפּגיין צום נידעריקן, שוואַרצן דיל. בײַטאָג איז דער שאָטן־מענטש ניט אַזוי ליכטיק ווי בײַנאַכט. ער באַהאַלט זיך אויס. בעת די זון שטייט איבערן ליקל פון די מלאכים — ווערט ער פאַרווישט אין דער וואַנט־טיפּעניש. ערשט קעגן פאַרנאַכט, בעת אין שטוב ווערט אויפסנײַ אָוונטיק און ראַזיק־טריב — לעבט ער ווידער אויף — דער סודותדיקער מענטש אויף דער וואַנט. ער ווערט דעמאָלט פולער און ווײַסער. ער באַקומט צוריק זײַנע מענטשלעכע גלידער, וואָס איך זע דאָרט באַשיימפּערלעך: זײַן פאַרשפּיצטן, שמאָלן קאָפּ, דעם לענגלעכן אויסגעצויגענעם גוף, די אַראָפּגעלאָזטע דורכזיכטיקע אָרעמס און אויך די דאַרע פאַרלייגטע פיס. איך ווייס שוין, אַז די שטוב־שאָטנס לעבן־אויף תמיד אין דער פינצטער. — אַזוי אויך דער גרויסער ליידיקער פלעק נאָכן פאַרשוווּנדענעם זייגער. ער איז אַ שאָטן, וואָס בליט־אויף פון דער טונקלקייט. די מאַמע זאָגט, אַז אַלץ אויף דער וועלט האָט אַ נשמה. ניט בלויז מענטשן, חיות און עופות נאָר אויך די טויטע, שטומע זאַכן. אַפילו שטיינער. איך ווייס ניט וואָס איז אַזוינס אַ נשמה. איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזען. אָבער דעם שאָטן זע איך זייער אָפט אויפן דיל פון אונדזער שטוב. די מאַמע זאָגט אויך (בלויז דעמאָלט, בעת דער טאַטע איז ניט אין שטוב) אַז אַפילו אַן עופהלע, וואָס גייט פון דער וועלט—לאָזט אויך איבער די נשמה אויף דער ערד. זי זאָגט, אַז די נשמה איז מאַנכעם מאָל אין הימל און מאַנכעם מאָל צווישן מענטשן. זי לעבט אייביק, די נשמה, און שטאַרבט קיינמאָל ניט. מסתמא איז דער ליכט־שאָטן אויף דער וואַנט די נשמה פונעם פאַרשוווּנדענעם זייגער. ניט אַנדערש. זי וועט שוין קיינמאָל ניט פאַרשווינדן פון אונדזער וואַנט. זי וועט אַזוי שוין אייביק אַראָפּלויכטן צו מיר פון אויבן און אים דערמאָנען — אונדזער אַלטן, גוטן, פאַרשטאָרבענעם זייגער.

ס'איז שוין זייער וואַרעם פאַרן פענצטער, אַזוי וואַרעם, אַז איך קען שוין אַרויסשטעקן דעם קאָפּ אין דער ליק. אונטן איז פול געוואָרן מיט אויסטערלישע, וואַרעמע ריחות. איך זע, אַז אונטן, פון דער ליק־ערד, גייען אויף דינע גרעזעלעך, וואָס קלעטערן אויף דער מויער. די צוויי בלומענטעפּ אין אונדזער שטוב, וואָס האָבן פאַרטרוקנטע בלעטלעך, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצולאָזן פון די שטענגעלעך קליינע, נײַע בלעטלעך. די בלעטלעך זײַנען זייער דין. זיי צעגייען זיך צווישן די פינגער ווי שפּינוועב. די מאַמע הייסט מיך אַ פּאָר מאָל אין טאָג גיסן פון דער שעפּ פריש ברונעם־וואַסער אויף דער ערד פון די בלומענטעפּ. בעת איך טו דאָס — בלײַבט דאָס וואַסער אַ ווײַלע שטיין אויבן, אויפן זאַמד, און פאַרשווינדט דערנאָך פּאַוואָליע, פּאַוואָליע מיט קליינע אויפגעלאָפּענע בלעזלעך טיפער אין דער ערד פונעם בלומענטאָפּ. די פאַרכישופטע מיל — אונדזער שפּאָלרעדל — שטייט נאָך אַלץ פאַרדעקט אינעם ווינקל. דעם טאַטן זע איך ניט גאַנצע טעג. ער לויפט אַרויס פון שטוב פאַרטאָג און קומט צוריק ערשט דעמאָלט, בעת איך שלאָף שוין אַנטקעגן דעם הענגענדיקן שאָטן־מענטש אויף דער וואַנט.

הינטער אונדזער בלאָ־געקאַלכטער וואַנט וווינט אַלטעלע מיט איר משפחה — מיטן ברודער משה'ל, מיט דער שוועסטער — די טויבע זלאַטע, און אויך מיט חיים יוספן. חיים יוסף איז זייער טאַטע. ער איז אַן אַלמן.

בלויז איינאיינציק מאָל האָב איך אים ביז איצט געזען. ער איז אַ נידעריקער, אַ פולער, מיט אַ באָרד ביז צו דעם גאַרטל און מיט אַ הויך טוכן־היטעלע, וואָס איז זייער שטייף און זיצט אויף זיין קאָפּ ווי אַ טאָפּ. ער טראָגט די גאַנצע וואָך אַ שוואַרצע שבת׳דיקע מאַטע זשופּעצע, אַזוי ווי דאָס טראָגן גלחים. אַז אַ גלח טראָגט אַ שוואַרצע שבת־קאַפּאָטע — האָב איך אַנומלט געזען דורכן פענצטער, בעת ס׳איז געווען אַ גוישע לוויה אין געסל. פאַרוואָס טראָגט חיים יוסף אייביק די שבת׳דיקע קאַפּאָטע — ווייס איך ניט. ער קומט קיינמאָל ניט אַריין אין אונדזער שטוב. מען הערט אים בלויז אַראָפּגיין פון די שטיגן בעת ס׳איז נאָך שטאַרק טונקל. איך הער תמיד ווי ער קושט אין דער פינצטער גאָר הויך די מזוזה אין פּרוזדורל. דער דאָזיקער הויכער קוש אין דער מזוזה פון פינצטערן קאָרידאָרל פּלאָנטערט לאַנג פאַר מיינע פאַרמאַכטע אויגן ווי אַ שפּערל־געפלאַטער. אַ גאַנצן טאָג זעט מען ניט חיים יוספן. ער קומט אַהיים ערשט דעמאָלט, ווען ס׳נאַפּט־לעמפּל ברענט שוין אַ לאַנגע צייט אויף אונדזער וואַנט. פון הינטער דער סטעליע לויכט דעמאָלט שוין אַראָפּ דער שאָטנדיקער מענטש, אַ פולער און לעבעדיקער, און כ׳ווער אויפסניי געפאַנגען אין קינדערשער פאַרגאַפונג פון זיינע סודותדיקע גלידער.

וועגן ברודער משה׳ל האָט מיר שוין אַלטעלע געהאַט דערציילט. איך ווייס, אַז ער איז שוין יאָרן זייער קראַנק, באַלד נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעהויבן צו לייגן תפילין. אַז ער ליגט אין שטוב — און שפּייט... פאַרוואָס שפּייט ער? אַלטעלע זאָגט אויך, אַז דער געלער דאָקטער וויל ניט מער קומען ווען מען רופט אים. ער האָט שוין אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט... פאַרוואָס וויל דער געלער דאָקטער ניט קומען צו משה׳לען, וואָס שפּייט? וואָס מיינט דאָס, אַז ער האָט אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט? איך זע פאַר זיך תמיד אַ גרויסע נאַקעטע האַנט פון געלן דאָקטער, וואָס שאַרט־אַוועק משה׳לען ערגעצוווּ...

ס׳קומען שוין אָן וואַרעמע נעכט. בלאָלעכע שוואַלבן און גראָ־סאַמעטענע שפּערעלעך שפּילן זיך אין יאָגעלעך איבער אונדזער ליקל. בעתן פלי צערייסן זיי דאָס זילבערנע גראָע שפּינוועב, וואָס הענגט איבער דער ליק־פינצטערניש ווי אַ בריק. אַז איך קוק אויפן לויכטנדיקן מענטש אויף דער וואַנט — הער איך אַלץ וואָס ס׳טוט זיך אינעווייניק, אין דער שטוב פון אַלטעלען. איך ווייס שוין ווען משה׳לע וועט אָנהויבן שפּייען און הוסטן. דערנאָך ווערט גאָר, גאָר שטיל. זלאַטע קלאַפּט מיט אירע פויסטן אין טיש. זייער אָפט פאַלט צעפּיצלט גלאָזוואַרג אויפן דיל הינטער דער וואַנט. זלאַטע ברעכט תמיד דאָס גאַנצע גלאָזוואַרג און געפעס, וואָס אַלטעלע באָרגט ביי אונדז. טיילמאָל וואַרפט זי אויך אַ טעלער אין אַלטעלעס פּנים און צעקאַליעטשעט איר די הויט. איך הער אַלטעלען וויינען הינטער דער וואַנט. גראָד דעמאָלט זע איך אויך ווי דער לויכטנדיקער מענטש־שאָטן הינטער דער סטעליע, פאַרקרומט זיין שפּיציקן קאָפּ, פאַרלייגט אים זייטיק, און ס׳קייקלען זיך אַראָפּ פון זיין אויסגעקרומט פּנים קליינע פינקלענדיקע ליכט־טרערן.

ווּ איז די מאַמע אַלטעלעס? בעת זיי זיינען דאָ אַהערגעקומען וווינען — בין איך נאָך ניט געווען אויף דער וועלט. כ׳האָב געהערט אַנומלט ווי די מומע ביילע האָט געזאָגט צום טאַטן, אַז ציפּע־פריידל איז אין דער קימפּעט מיט זלאַטען משוגע געוואָרן. ציפּע־פריידל — דאָס איז געווען אַלטעלעס מאַמע. כ׳וואָלט אַזוי געוואָלט וויסן ווי אַלטעלעס מאַמע האָט אויסגעזען. צי איז זי אויך געווען אַזאַ קליינע און שטילע ווי מיין מאַמע? צי האָט זי געהאַט אויך אַזעלכע האָר ווי אַלטעלע? ווי אַזוי ווערט מען משוגע? אפשר האָט זי זיך בלויז געמאַכט פאַר משוגע? כ׳על מוזן פרעגן די מומע ביילע. טאַקע די מומע ביילע. זי האָט מיר תמיד ליב צו דערציילן וועגן אַלץ וואָס איך ווייס ניט. די מומע ביילע ווייס אַלץ, אפילו וואָס ס׳טוט זיך ביי די טויטע אויף יענער וועלט...

שוין עטלעכע טעג ווי אַלטעלע קומט ניט צו אונדז אין שטוב. די מאַמע גייט שוין אַרום. זי האַלט זיך נאָך בעתן גיין ביי די קאַנטן פון טיש, כדי נישט צו פאַלן. זי גייט אָן איינגעבויגענע און מיט קליינע, צעבראָכענע טריטלעך. די ערשטע זאַך, וואָס זי טוט, איז: זי נעמט אַראָפּ דאָס גרויסע לייַלעך פון אונדזער פאַרכישופטער מיל. נאָכן גיין אַ פּאָר טריטלעך בלייבט די מאַמע שטיין און זעצט זיך אַוועק. זי אָטעמט הויך. איך הער באַשיימפּערלעך ווי איר האַרץ קלאַפּט. אוי, ווי הויך קלאַפּט דאָס האַרץ פון דער מאַמען!... מיר דוכט זיך תמיד, אַז דאָס קלאַפּט נאָך אַזוי דער פאַרשווּנדענער זייגער פון אונדזער שטוב. זי הויבט אויף אירע אויגן צום ליידיקן ווייסן פלעק אויף דער וואַנט, ווּ דער פאַרשטאָרבענער זייגער איז געהאַנגען. טיילמאָל טראָגט די מאַמע אויף אירע הענט גאַנצע שעהן די קליינע הילצערנע זייגער־קרוין, וואָס איז פאַרבליבן אין דער שטוב נאָכן פאַרשווּנדענעם זייגער. זי פּליסטערט תמיד עפּעס צו זיך אַליין, אָדער ציילט די גרינע אויפגעשפּראָצטע בלעטלעך פונעם בלומענטאָפּ. דערנאָך שטייט זי לאַנגע רגעס מיט פאַרשלאָסענע אויגן אינעם ווינקל און מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז ניט מער די מאַמע נאָר דער שאָטנדיקער ליכט־גוף, וואָס איז אַראָפּ פון דער וואַנט.

די מאַמע הייסט מיך פּלוצעם אַריינגיין צו אַלטעלען. זי זאָגט בלויז, אַז כ׳זאָל ניט שטיין צו נאָענט צו משה׳לען...

און טאַקע היינט איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך זע אַלטעלעס שטוב.

זי איז אַ קליינע ווי אַ קעמערל, מיט אַן אַראָפּפאַלנדיק פענצטערל, וואָס גרייכט שיר ניט ביז צום דיל, אַזוי ווי דער בוידעם־חלל איבער אונדזער שטוב, ווּ מען

הענגט וועש. דער פּולאָפּ איז אַ געוועלבטער, ער פּאַלט גיך אַראָפּ און דאָרט, ווו ס'איז דאָס פענצטער־ל שטייגן אַרויס די צוויי בלאָע געפלאָכטענע בעלקעס. אין די בעלקעס זיצן שוואַרצע טשוועקעס. אין שטוב איז ניט פאַראַן ניט קיין שענקל און ניט קיין קאָמאָד, אַזוי ווי בײַ אונדז — און אויך ניט קיין בעטן. ווו שלאָפן זיי אַלע? ווו שלאָפט אַלטעלע? אַ געלער, פּלאַכער שטרויזאַק ליגט פונאַנדערגעשפּרייט בײַ דער וואַנט. אויף אים טאַקע ליגט עס משה'לע, וואָס דער געלער דאָקטער מאַכט אים אַוועק מיט דער האַנט... ער ליגט, משה'לע, אויפן שטרויזאַק צוגעדעקט מיט אַ מלבוש, וואָס איז צעשפּרייט אין צוויי אָפענע פונאַנדערגעפּראַלטע פּאָלעס. לעבן שטרויזאַק, אויפן דיל, שטייט אַ רונדיק בלעכערן שיסעלע, אָנגעפילט מיט זאַמד. משה'לע אַליין האָט אַ קליין גראָ פּנימל. בלויז די אויגן זײַנע זײַנען ליכטיקע, דורכזיכטיקע ווי שיינע, רונדיקע גלעזלעך. אויפן שוואַרצן מלבוש ליגט אויפגעמישט אַ סידור. ער איז פאַרקנייטשט, דער סידור, אויף אַ בלעטל. משה'לע האַלט זײַן געלע האַנט אויפן סידור און קוקט מיך שווײַגנדיק אָן. לאַנג רעדט ער ניט אויס קיין איינאיינציק וואָרט. איבער זײַנע ביידע באַקן פּאַלן אַראָפּ לאַנגע געדרייטע פּאות, וואָס גרייכן אים ביז צום מויל. די ליפּן זײַנען ווײַס און רויט און בײַ די ווינקלען בלאָלעך. אין סאַמע מיטן פון זײַנע בעקלעך גליען קליינע פּירעקיקע בלוט־קעסטעלעך, רויטע און ברוינלעכע, ווי צעברענטע שטיקלעך צוקער.

אָבער דאָס אויסטערלישסטע זע איך ערשט איצט, בעת משהל נעמט פּלוצעם אַוועק זײַן האַנט פונעם פאַרקנייטשטן סידור־בלאַט. עפּעס האַלט ער דאָרט אין דער האַנט־פלאַך, שטאַרק פאַרבאָרגן און צונויפגעדריקט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ געפאַלן, קליין פייגעלע. אַז איך שטרענג אָן מײַנע אויגן — זע איך עס באַשיימפּערלעך: ס'האָט אַ קליינעם, פאַרבויגענעם שנאָבל, אָבער קיין פויגל איז עס ניט, נאָר עפּעס אַ געל־גאָלדיק, צעבראָכן שטיינדל. אַ גראָ, לאַנג שטריקל שטייגט אַרויס פונעם גאָלדיקן שטיינדעלע און נעמט אַרום משה'לעס האַלדז פון ביידע זײַטן. וואָס קען דאָס זײַן? אָבער באַלד געשעט אַ נײַ וווּנדער. דאָס קליינע פאַרכישופטע שטיינדל ווערט גיך פאַרוואַנדלט אין אַ שיין אויסטערליש פײַפל.

אָט איז עס טאַקע — דאָס פײַפערל פון ליים, וואָס הענגט תמיד צוגעבונדן צום שטריקל, וואָס נעמט־אַרום משה'לעס האַלדז און אַליין ליגט עס פאַרבאָרגן אין זײַן האַנט, כדי ער זאָל עס תמיד האָבן בײַ זיך. מיטן דאָזיקן ליימיקן פײַפל רופט משה'ל די שטוביקע דעמאָלט, בעת ער וויל נעמען אַ שליק וואַסער, אָדער אַז מען דאַרף אויפהויבן דאָס בלעכערנע שיסעלע פון דיל. ניט איינמאָל האָב איך טאַקע געהערט אַ דין פײַפן דורך אונדזער וואַנט. די מאַמע זאָגט תמיד, אַז דאָס צוויטשערן אַזוי די שוואַלבן, אָדער די וורובליעס... פאַרוואָס האָט די מאַמע מיר קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז דער דין־דין־טשי־ריק — קומט פונעם קליינעם ליימיקן פײַפל צווישן משה'לס אײַנגעפאַלענע ליפּן? פאַרוואָס? איצט ווייס איך שוין פון וואַנען עס קומט — טאַקע פון דעם אָ קליינעם ליימיקן פײַפל, ווו משה'לעס מויל בלאָזט אַרײַן זײַן אָטעם. פון דאָרט קומט ער צוריק אַרויס אין אַזאַ צעבראָכענעם טשי־ריק ווי דער קוויטש פון אַ צעקאַליעטשעטן פייגל־העלדזל: טשי־ריק... טשי־ריק... דערלאַנגט מיר דאָס בלעכערנע שיסעלע פון דיל... כ'גיי אויס... כ'גיי אויס.... טשי־ריק... טשי־ריק...

אינמיטן שטיבל שטייט דאָס טישל, וואָס שאָקלט זיך שטאַרק. בײַם טישל זיצן איצט: זלאַטע און חיים יוסף. בלויז אַלטעלע שטייט אָן אײַנגעבויגענע לעבן קיבל אין רײַבט אויף אַ ריבאײַזן ווײַסע, געשיילטע קאַרטאָפל.

איך שטיי איצט בײַם טישל און מײַנע אויגן דערגרייכן שוין ביז איבערן קאַנט. איך זע אַלץ, וואָס טוט זיך אויפן טישל. זלאַטע איז אַ שטילע און שווײַגנדיקע. איך זע זי קיינמאָל ניט אַזאַ ווי איצט. איר פּנים איז רויט. אַפילו די קליינע פּאָקן־גריבעלעך אירע זײַנען אָנגעפולט מיט אַ ליכטיקער רויטקייט. זי קוקט די גאַנצע צײַט אויף די פינגער פון חיים יוסף, וואָס זײַנען פאַרנומען איצט מיט אַן אויסטערלישער זאַך.

אַלטעלעס טאַטע האָט אַ שטאַרק פאַרוואַקסן פּנים. די ברעמען, צעשויבערטע און זייער לאַנגע, פאַרדעקן אים אינגאַנצן די אויגן. די ברעמען זײַנע זײַנען גראָע און גאָלדיקע ווי איבערצײַטיק קאָרן. ער איז איצט אָנגעטאָן אין אַ ברייטן טלית־קטן און אין אַ הויך געפּאַלדעוועט קאַפּל. איטלעך מאָל שאַרט חיים יוסף אַוועק מיט דער האַנט זײַן באָרד, וואָס פאַלט אים שווער אַראָפּ אויפן טיש. זײַנע פינגער באַוואַקסענע און טונקעלע, באַהאַלטן עפּעס אויס פאַר מיר אין די דלאָניעס. איך קען ניט זען וואָס. ער קוקט אויף מיר אַביסל אַ שעמעוודיקער, אַ פאַרלוירענער, דערנאָך עפנט ער ווידער די דלאָניע און הויבט ווידער אָן צו טון דאָס זעלביקע. זלאַטע קוקט די גאַנצע צײַט אויפן טאַטנס פינגער. טיף־אַרײַנגעזעצט צווישן אירע אויפגעהויבענע עלנבויגנס זיצט איר גרויסער צעפּאַטלטער קאָפּ האָר, וואָס פלאַמט אין אַ געלער רויטקייט.

איצט זע איך שוין אַלץ.

אויפן טישל, צווישן חיים יוספס פאַרוואַקסענע פינגער, ליגן אַ סך קליינע מטבעות, רונדיקע ווי קנעפּלעך. זיי ליגן אָפּגערוקט פון זיך און פאַרנעמען אפשר אַ האַלב טישל. כ'האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי פיל מטבעות. זיי זײַנען אַלע טונקעלע, אָפּגעריבענע. מאַנכע פון זיי האָבן אַ גלאַנץ אַ מאַטן און שעמעוודיקן, אָבער ס'רוב זײַנען זיי אַלע אומעטיק־גרינלעכע. אַ דינע ליכטיקייט פון פלוישענעם שימל פינקלט אַראָפּ פון זייערע קאַנטן. פון נידעריקן פענצטער־ל שווימט איצט אַביסל ליכט צו זייער גרינעם

שימל־גלאַנץ, און דעמאָלט לויכטן זיי אויף, די מטבעות, אַזוי שיין ווי זיי וואָלטן געווען געגאָסן פון לויטער גאָלד. די פינגער פון חיים יוסף קלויבן זיי איצט צונויף איינער נאָך איינער. ער לייגט אַ מטבע אויף אַ מטבע, ס'ווערט פון זיי אַ קליין בערגעלע, אַ לײַכטנדיק גילדן בערגעלע. אָבער ביז ער לייגט זיי אַוועק — האַלט ער זיי לאַנג אין דער האַנט, פּאָרשט זיי פון אַלע זײַטן, קערט זיי איבער אויף דער צווייטער זײַט און קוקט זיך שאַרף אין זיי אײַן, פאַרמאַכנדיק אינגאַנצן דאָס לינקע אויג. שפּעטער לאָזט ער זיי גאָר פּאַוואָליע אַראָפּ אויפן בערגעלע. מאַנכעס מאָל רײַבט ער און פּוצט לאַנג די מטבע אינעם טיש־האָליז, קוקט זי דערנאָך ווידער אָן און לייגט זי שפּעטער צו צום בערגעלע. אַזעלכע מטבע־בערגעלעך שטייען שוין פאַר אים עטלעכע. ס'ליגן נאָך אַ סך קופּערנע מטבעות צעוואָרפן אין מיט פון טישל. די גאַנצע צײַט נעמט ניט זלאַטע אַראָפּ אירע אויגן פון די בערגעלעך. פון איר אײַנגעבויגענעם שטומען האַלדז גייט יעדע רגע אַרויס אַ ווילד ברומעניש. דאָס ציילט זי אַזוי שטומערהייט אין איר אינגעווייד די קליינע מטבעות צווישן דעם טאַטנס פאַרוואַקסענע פינגער.

נאָכדעם ווי אַלע מטבעות ליגן שוין צונויפגעלייגט אין די בערגעלעך נעמט חיים יוסף צעשניטענע פּאַפּירלעך און וויקלט זיי אַלע אײַן. אויף יעדן אײַנגעוויקלטן פּאַפּירל שרײַבט ער עפּעס אָן מיט אַ בלײַער. זיי שטייען אַלע, די מטבע־בערגעלעך, און וואַרטן אײַנגעוויקלט צו ווערן אינעם שאָרכנדיקן ווײַסן פּאַפּיר.

משה'לע הוסט און שפּײַט אין בלעכערן שיסעלע. חיים יוסף שטעלט זיך אויף און קוקט אַריבער צום קיכל, צו אַלטעלען. אינצווישן האָט אַלטעלע שוין אָנגעריבן אַ גאַנצן טעלער מיט קאַרטאָפליעס. חיים יוסף שטעלט זיך איצט דאַווענען מינחה. לעבן קליינעם פענצטערל ווערט פינצטער. די נאַכט פאַלט־צו האַסטיק און בייז. דאָס איינציקע שײַבל ווערט אַריבערגעוואָרפן ווי מיט אַ שוואַרצן צעדריוולטן זאַק. מיט איין האַנט פאַרהאַלט זיך חיים יוסף דאָס קאַפּל, וואָס וויל אים יעדע רגע אַראָפּפאַלן. כ'געדענק וואָס אַלטעלע זאָגט: זיי עסן נאָר דעמאָלט, ווען דער טאַטע קומט פון גאַס... זי שעמט זיך שטאַרק וואָס דער טאַטע שטייט אין גאַס... ער שטייט תמיד לעבן דער שול. ער קוקט קיינמאָל ניט אין די מענטשנס פּנימער. זײַנע אויגן זײַנען תמיד אויפגעהויבן צום הימל.

זי רײַבט די קאַרטאָפל, אַלטעלע, אויפן ריבאײַזן מיט כעס ביז זייער לעצט ברעקל. ס'אַרט איר ניט וואָס זי צערײַבט זיך די פינגער ביז בלוט. זי טוט עס טאַקע בכיוון. זאָלן זיי בלוטיקן, די פינגער. זי וועט אין די קאַרטאָפליעס אַרײַנגיסן איר גאַנץ בלוט. זי רײַבט מיט אַזאַ היץ, אַז די הויט ברענט איר און גליט פון דער וווּנד, נאָר שרײַען — שרײַט זי ניט. די שיטערע, צעריבענע קאַרטאָפל אינעם שיסעלע ווערן ראָזלעך פונעם בלוט. זי וואָלט געוואָלט, ס'זאָל אין זיי אַרײַן וואָס מער בלוט פון אירע פינגער. און ניט בלויז פון די פינגער, אויך פון די אויגן, פון די באַקן, פון די ליפּן. דאָס גאַנצע בלוט פון איר האַרץ.

— אַלטעלע... — רופט צו איר דער טאַטע חיים יוסף פונעם ווינקל אינמיטן דאַווענען — לויף אַראָפּ קינד לעבן, צו דאָבען... נאָך אַ ברויטל, און גיב איר אָפּ פאַר נעכטן...

אַלטעלע לייגט איצט אַוועק דעם ריבאײַזן, זי פאַרשאַרט די האָר הינטערן טיכל און קוקט זייער פאַרשעמט צו מיר. איך זע, אַז זי וויל איך זאָל מיטגיין.

— קום... 'עמער צוזאַמען אַראָפּגיין... ס'איז שוין פינצטער אויף די שטיגן...

ביידע גייען מיר אַרויס אין קאָרידאָרל.

אַלטעלע וויל, אַז איך זאָל דאָ אָפּוואַרטן, ביז זי וועט אַראָפּלויפן די שטיגן — און פון דאָרט — אין קעלער פון דאָבען. אַלע טירן אין פּרוזדורל זײַנען פאַרמאַכט. מיר שטייען ביידע אַ רגע אין דער פינצטער. אַ בייזער טוכלער ווינט גייט פון פאַרמאַכטן בוידעם־טירל. דאָרט, צווישן די פינצטערע בעלקעס, זינגען שוואַרצע גרילן. זי רעדט צו מיר, אַלטעלע, אין דער פינצטער, אַז איך הער קוים אירע ווערטער:

— זאָל איך נאָר אָנהויבן אַרבעטן... אויפן שפּאָלרעדל — וועט דער טאַטע מער ניט אַרויסגיין... ער וועט מער ניט שטיין לעבן דער שול. כ'על אים ניט לאָזן... כ'על אים קיינמאָל ניט לאָזן שטיין אין גאַס... 'עסט זען... כ'על אים קיינמאָל ניט לאָזן אין גאַס אַרײַן...

זי איז אַראָפּגעלאָפן אין קעלער און איך האָב דאָס ערשטע מאָל ניט מורא געהאַט צו שטיין אין דער פינצטער אויף די שטיגן. כ'ווייס ניט פאַרוואָס. די פינצטערניש איז געווען אַ וואַרעמע און אָנגעפולט אינגאַנצן מיט אַלטעלעס אויסטערלישע רייד. פון אָפענעם דאַך־פענצטערל אין פּרוזדורל האָט אַרײַנגעבלאָזט דער נאַכט־הימל. אַ גרויסער, גרינער שטערן האָט שאַרף געפינקלט ווי אַן אויג מיט צעשפּרייטע, ציטערנדיקע וויעס. די גרילן האָבן געזונגען פון פאַרבאָרגענע שפּאַלטן אינעם דאַך. כ'בין געשטאַנען אַזוי אין דער פינצטערניש און דאָס ערשטע מאָל פאַרנומען, אין אַן אַנגסטיקער פרייד, די אומגעדולדיקע, קליינע קלעפּ פון מײַן ייִנגלש הערצל.

אַלטעלע איז באַלד צוריקגעקומען. איך האָב געוואָלט אין דער פינצטער נעמען איר האַנט און אָנגעטאָפּן דאָס קליינע וואַרעמע ברויטל. זי האָט עס געהאַלטן זייער נאָענט צו מײַן פּנים. כ'ווייס ניט פאַרוואָס. כ'האָב געוואָלט אויפן ברויטל אַרויפלייגן מײַן האַנט — זײַנען מײַנע פינגער אַרײַן אין אַלטעלעס האַנט. איר האַנט איז געווען אַזוי וואַרעם ווי דאָס קליינע ברויטל. אפילו נאָך וואַרעמער. איך האָב ניט געוווּסט, אַז אַ וואַרעמע בלוט־

גליטשיקייט האָט דעמאָלט פאַרקלעפּט די הויט אויף מײַן האַנט.

ווען כ׳בין צוריק אַרײַן אין אונדזער שטוב האָט שוין דאָס נאַפט־לעמפּל העל געברענט. די מאַמע מיטן טאַטן זײַנען געזעסן בײַם טיש און עפּעס געציילט. זיי האָבן ביידע געהאַט שיינע ראָזע פּנימער. פון צווישן זייערע פינגער האָבן זיך געוואָרפן אויפן טיש קליינע זילבערנע מטבעות. דאָס זײַנען געווען די מטבעות פאַרן פאַרשטאָרבענעם, פאַרקויפטן זייגער. כ׳האָב אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן טיש־קאַנט און — זי גיך צוריקגעכאַפּט.

די מאַמע האָט פּלוצעם אַ געשריי געטאָן און זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ.

אויף מײַן האַנט האָט געלויכטן אַ קליינער בלוט־פלעק. ער איז געווען רונדיק ווי אַ רייפל. דאָס איז געקומען פון אַלטעלעס האַנט און פון אירע פאַרווונדיקטע פינגער. איך האָב זיך, אַן איבערגעשראָקענער, אײַנגעקוקט אינעם רייפל. פאַר מײַנע אויגן האָט אָנגעהויבן קרײַזן דער בלוטפלעק און באַקומען די פורעם פון אַ שיינער, קײַלעכדיקער מטבע. די מאַמע האָט מיך גאָר גיך געצויגן צום עמער, געגאָסן פולע שעפּן קאַלט וואַסער איבער מײַנע פינגער. זי האָט די גאַנצע צײַט, די מאַמע, ניט אויפגעהערט צו זיפצן. דאָס קליינע רויטע בלוט־רייפל האָט לאַנג ניט געוואָלט אַראָפּ פון מײַן דערשראָקענער האַנט און פון די פינגער.

די זעלביקע נאַכט האָב איך לאַנג, לאַנג ניט געקענט אײַנשלאָפן. אַ שווערע, רויטלעכע אַנגסט און קוועל האָט פּלוצעם אַרײַנגעטריפט הינטער דער הויט פון מײַן יונג, אויפגעקנאָספּעט גופֿ. איך האָב ניט געוווּסט פון וואַנען קומט זי — די דאָזיקע לאַסט. אַז כ׳בין שוין אײַנגעשלאָפן — האָט מיך אויך אין שלאָף געקוועלט אַן אויסטערלישער חלום: כ׳בין געשטאַנען, אינגאַנצן אַ נאַקעטער, אין דרויסן, אינעם געסל — ניט ווײַט פון דער שול, וווּ חיים יוסף שטייט. כאָטש איך בין געשטאַנען אינגאַנצן נאַקעט האָב איך זיך גאָרניט געשעמט און ס׳איז מיר לחלוטין ניט געווען קאַלט. קיין מענטשן האָט מען ניט געזען. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַלע מענטשן וואָלטן זיך נאָר וואָס אויסבאַהאַלטן אין די טויערלעך, זעענדיק מיך שטיין אַזוי אַ נאַקעטן. מײַנע ביידע הענט זײַנען געווען אויסגעשטרעקטע אין דער הויך. ס׳איז געווען פאַרנאַכטלעך און טריב. פון ערגעצוווּ, אוודאי פון הימל, איז געפאַלן אַ דריבנער, ליכטיקער גלאַנץ. באַלד איז טאַקע דער גלאַנץ געוואָרן אַזוי נאָענט און פול. ערשט איצט האָב איך דערזען פון וואַנען ס׳קומט דער אויסטערלישער גלאַנץ: פון הימל זײַנען געפאַלן, איבער מײַנע ביידע אויסגעשטרעקטע הענט, אָן אַ שיער ליכטיקע דראָבנע מטבעות. זיי זײַנען אַלע געווען קליינע, רונדיקע, גלאַטע און אַלע האָבן זיי אויסגעזען ווי די מטבעות אויף חיים יוספס טיש. זיי האָבן אַזוי שטאַרק געלויכטן אינעם חלום, בעתן פאַלן פון הימל איבער מײַנע פינגער, אַז כ׳האָב אַזש אינעם שלאָף צונויפגעוויקלט מײַנע ביידע פויסטן. איך האָב אינגאַנצן געצאַפּלט אונטערן ליכטיקן מטבע־רעגן. מײַן יונגער חלום׳דיקער גוף איז געוואָרן אַ ווײַס, שאָרכנדיק פּאַפּיר, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געוויקלט די אַלע געפאַלענע, לויכטנדיקע נדבות פון הימל.



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

„התלהבות" — פון וואָלף באַנדורעק. די טעמאַטיק און מיליע, וואָס האָט אינספּירירט די קלאַסישע ייִדישע ליטעראַטור, ברענגט באַנדורעק צום אויסדרוק אין זײַנע אימאַזשן. אַ קלאַסיקער אין דער אינטערפּרעטאַציע פון זײַנע מאָטיוון און אַ ראָמאַנטיקער אין געפיל האָט ער באַוויזן דעם נוסח פון אַ ייִדישן סטיל פּלאַסטיש צו קאָנקרעטיזירן אין גײַסטיק־ייִדישע געשטאַלטן.

יעקב צבי שארגעל (פתח־תקוה—ישראל)

# לידער

## אין אַ זייט

כ'וועל שטיין אָן אַ זײַט
און זינגען דאָס ליד פון זײַן און וויי;
וועל אַרויסזינגען אַ יאָמערלעך געשריי
פון טיפקײַט פון טאָג.
וועל שווערן און באַשווערן מײַן גורל —
דעם ביטערן, דעם בלינדן,
זאָל מיך לאָזן אליין,
אין טיפקײַט פון טאָג.

וועל שטיין אָן אַ זײַט
און זינגען דאָס ליד פון ציגעלע דאָס ווײַסע,
וואָס געזונגען עס האָט מיר דאָס וויגליד,
וואָס דערציילט עס האָט מיר די מעשה;
און דאָס מיידל, דאָס שוואַרצע אין עלנטן דאָרף
וועט קוקן אויף מיר מיט ווײַט און פאַרדאַכט,
וועט שטוינען און פרעגן:
ווער איז ער, און וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּראַך?—
ביז וואַנען עס וועט צופאַלן די נאַכט.

וועל איך שטיין אָן אַ זײַט און וועל זינגען,
ביז די לאָקן דעם מיידלס
וועלן אַליאַרמדיק צעקלינגען.

## מיט דיר

קום אַרײַן אין גרויען פאַר־פרי
און נעם מיך מיט דיר אין געגיי,
אַנטקעגן דעם זוניקן גל'י, —
צו טאָלן פון ברויט,
צו הייכן פון פירות,
צו ריחות פון געשניטענעם היי.

איך הער שוין דעם גרוס פון די בערג
די שירה פון פייגל, פון שפּרינגער,
מיט דיר — אין גאַנג צו די טעג,
איך ווער יינגער.

קום אַרײַן, איך שטײַג דיר אַנטקעגן,
איך זוך נאָר דעם צייכן, דאָס וואָרט.
וועט עפענען ווער דען אַ טיר
מיט שפּרוכן פון־לאַנג־שוין־פאַרגעסן? —
וועט עמעץ פאַרהילכן דאָס ליד
געזונגען בײַ שניט,
בײַ זריעה,
אין הייסקײַט פון פיבער־מעת־לעתן? —
און די יונגען געוואָרן זײַנען מיד,
און פיס וואַקלען, קניען.

קום אַרײַן אין גרויען פאַר־פרי
און פיר מיך געניט אויף דעם וועג.
ביז דער האָניק וועט טריפן פון מי,
ביז אַנטוויינט זײַן וועט יעדעס געשלעג;
ביז דאָס גלייבן וועט אויפשטיין צום לעבן
און די ליבע וועט ביידן דערפרייען,
און באַזאַמען —
אין זריחה און שקיעה,
געלײַטערטע גיין.

# האַרבסט אין מיין הויף

חשון אין הויף, —
גרוסן גרויע פון ווייַטן.
עס רייטלט די רויז דעם ריח און דאָס בלאַט
אין פאַרנעפּלטן הויך אינעם קאַלטן;
מייַן גאָרטן — פון זון אַזוי זאַט —
קוקט אַרייַן אין מייַן אויג דעם צעפּראַלטן.

חשון אין הויף, —
קידוש פון פראָסטיקע פרייַטיקצונאַכטסן
ניגונט אַרייַן דאָ אַצינד;
פייגל פליען־אָן פון יענער זייַט היימען
צו פאַרטונקלען מייַן הימל, מייַן אויג.
וויינט מייַן עפּלבוים אין שלאָף —
אַן איינזאַמער סטויג,
און עס העלן מאַראַנצן אין ווינט.

חשון אין לאַנד,
דער בעטלער ט'געלאָזט זיך שוין גיין
איבער דער ווייַטער מדינה.
מייַן גאָרטן איז פאַרגאַנגען אין טראָגן.
רעגנט דער דרויסן אין פאַרחלומטע פאַרטאָגן,
און עס בליט, און עס שייַנט,
און עס פאַררייַסט איר געטראָג
מייַן יונגע, מייַן שטאָלטנע אסקעדיניע.

# אסקעדיניע

דייַן לויטער געזאַנג פון געבלי,
וואָס קוועלט איצט אַרייַן אין מייַן האַרבסט,
הייבט־אויף מייַן געמיט, ווי צום פלי,
בוים, מייַן האַרץ.

דייַן לויטער געצווייַג וואָס פאַרבענקט איז
צו יענער זייַט לאַנד
גלייַך איך צו מיר. —
אויך איך בין געקומען אַ פאַרבענקטער
פון יענער זייַט לאַנד.
עפן איך פענצטער און טיר
פאַר דייַן זאַפטיקן דופט,
פאַר דייַן צוויט,
און זע: —
אויך איך בין צעבליט.

איך בלי,
ווי דער שטעקן אין מדבר,
באַרעגנט מיט דייַן שייַן.
און אין גאָרטן פאַרדאַרט די צווייַג פונעם ווייַן.

פרילינגט דער האַרבסט אין דייַן גרינשאַפט,
אין דייַן בליענדיקער שפע,
און ברענגט דיר די גרוסן פון היים,
ווו אין דייַן שאָטן געטאַנצט האָט די גיישע.
פרילינגט דייַן האַרבסט
און עפנט מייַן האַרץ פאַר דייַן בלישאַפט —
די ווייַסע קרינאָלינע,
און די גאָלדענע בינען קושן פאַרליבטע דייַן חן —
א ס ק ע ד י נ י ע .

# ויהי...

פליגל מײַנע,
אין װײַסן, אין װײַסן געפלאַטער —
ס'איז געװען אַ טאָג,
װאָס אַרײַנגעקומען איז אַ זאַטער,
אַ לינדער,
דורך די שמאָלע שװעלן פון מײַן ליק.
דער מיטנטאָג, פון זון צעגאַסענער—אַ בלינדער,
האָט רק געריסן זיך אויף צוריק;
ס'איז געװען אַ טאָג
און אין שקיעה זיך צעצונדן —
און מיך נאפלדיק געבונדן
איך זאָל מיט אײַך נישט פליען;
און אַלע ביימער פון מײַן חלום
גראָזנדיק קניען.

ס'איז געװען אַ טײַך
און מײַנע טריט מיט חיות אָנגעפּאָיעט;
ס'איז געװען אַ גאַס
װו לעבן האָט געראָיעט
און אויסגעגאַנגען אין שרײַען;
געװען אַ לאָנקע מיט גראָז, מיט בלימעלעך פון היי,

און אויך איר האָט פאַרשניטן אַ געשריי.
אײַלט מײַן שפּאַן, כ'זאָל נישט פאַרהייען
צו די אבלות־טויערן
פון דער אויסגעװיינטער ירושלים,
און אויף אַ טאַץ — אַ טרויערן־מס —
איך ברענג די לאָנקע,
איך ברענג דעם טײַך,
איך ברענג צו זיי די גאַס.

און עס אײַלט מײַן גאַנג צו פעלדזנשטיין: —
אפשר דאָרט, מיט װערבע רויש,
אין דעמער זיי פאַרװיגן?
פאַרװאָר, עס שװערט מײַן טראָט
דער גאַס געװיין,
דעם טײַכס געפּלויש.
און מײַן לאָנקעס איכה־ניגון.
פליט־זשע פליגל, פון שפּעט ביז פרי,
פליט אַהין אין ציטער, פלאַטער.
אין מיר זינגט נאָך אַלץ דער ו י ה י —
און ס'איז געװען אַ טאָג
און אויסגעגאַנגען אין װיי, אין מאַטער.

# אויפן װעג קיין צפת

צװישן בערג, אין אַ ניסנדיקן טאָג,
האָט אויפגעפּראַלט אַ הייסער באַגינען.
אויפן װעג, װאָס װיגט זיך װי אַ װאָג
און שלענגלט אין שאַרפע סערפּענטינען,
האָט דער מאָרגן צעצונדן אַלע היגלען.

האָט צעפײַערט, זיך צעברענט דער אַרום
און הר מירון אין זײַן קײַלעכדיקן היטל;
יעדער שטיין דאָ — אַ פלאַקערדיקע בלום,
דער גאַנצער יש װערט בטל ומבוטל,
און אַלע בערג — פליענדיקע פליגלען.

פרעגט דער גייער: ס'איז דאָך װאָכעדיק די שעה,
איז פון װאַנען האָבן בערג איצט פליגל?
אָט ליגן פעלדזן פאַרקװאַרטע און בלאָ, —
איז װי קומט אַ בראָנע אַהער און אַ קריגל,
אַז כביכול ט'אַלץ פאַררײגלט אויף ריגלען?

שמעלצט די זון, פּלייצט ליכט אין די אויגן,
און עס שמײַסט אַ חמימהדיקער ווינט.
אַ מחנה פייגל אין סודות זיך צעפלויגן,
מיט עצבות־קולות — אַ געהויל פון הינט.
און אַרום רייצן וואַסערן־שפּיגלען...

פרעגט דער גייער: דער מאָרגן איז נאָך פרי
און פײַער־ווינט לעקט ס'חיות און פאַרווירט;
און אַז אַלע ווילנס ברענען־אויס אינעם גלי —
ווי קומט אַהער די תאווה, וואָס פאַרפירט?
און צו וועמען טוען בערג דאָ זיך קליגלען? —

אָט אַ באַרג — אַ ברוסט אַן אויפגעדעקטע, —
רעדט מיט ווונק און מיט רמז פון זוהר,
און אָט אַ טאָל — אַ שויס אַן אַנטפּלעקטער, —
רופט און רייצט און רעדט אַרײַן דיר אין אויער.
און דער יצר זידט און קאָכט ווי אין טיגלען.

קומען אָן קבלת־פּנימניקעס פון צפת:
רבי שמעון, רבי יצחק און אלקבץ.
און דאָס טײַכל, און די פאַרטיליקטע גאַס
מיטן אָרעם־ברויט, מיט דער שיטערער גריץ,
און דאָס וויגל — די מאַמע טוט אים וויגלען;

און די גאַנצע בני היכלא דכסיפין,(1)
וואָס גייען־אַהיים אויף שבת צו די ווײַבער.
גייט ער און קען נישט באַגרייפן: —
וואָס שמעקט דאָ מיט ריחות פון לײַבער,
אַזש די תאווה פאַרעיגולט אים אין עיגולען?

דערבליקט ער דעם נומער אויף דער האַנט,
נעמט אים ציילן ווי מחמדאַנער די קרעלן;
צעזידלט זײַן אויפגעוואַכטע שאַנד: —
ווי ט'ער געקענט מיט אָט דער זעאונג פאַרשטעלן
זײַנע א יי ג ע נ ע גופים, די געברענטע אין טיגלען?!

שרײַט ער אַרײַן אין ניסנדיקן טאָג,
וואָס האָט אויפגעפּראַלט אין הייסן באַגינען,
אויפן וועג, וואָס וויגט אים ווי אַ וואָג
און שלענגלט זיך אין שאַרפע סערפּענטינען.

(1) פאַרבענקטע פּאַלאַץ־קינדער.



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

„די מוטער״ — פון מאַנועל אייטשעלבוים. אַ קינד פון די אַרגענטינער ייִדישע קאָלאָניעס. אַן אויטאָדידאַקט אין דער מאָלעריי, האָט דערגרייכט די העכסטע אנערקענונג ווי אַ קינסטלער. האָט זיך באַטייליקט אין פיל אויסשטעלונגען און באַקומען פּרעמיעס פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. אין די מוזייס פון באַקאַ, סאַנטאַ פע און פון „ייוואָ״ זײַנען אויסגעשטעלט אייניקע פון זײַנע בילדער.

באָלעסלאַוו לעווין / בוענאָס איירעס

# יידישע העלדן און קדושים פאַרן טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע



## די הויפּטגעשטאַלט פון דער פּערואַנער גרויסער פאַרשווערונג

מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז ווערט טיטולירט אין די אינקוויזיציע־דאָקומענטן גרויס־קאַפּיטאַן, דאָס הייסט, הויפּט־פירער, רב פון די פּערואַנער אנוסים פון דער ערש־טער העלפט פון 17־טן יאָרהונדערט. אויף וואָס די אינ־קוויזיציע־דאָקומענטן באַזירן זיך, איז ניט באַוווסט, מחמת די שרפה וואָס האָט, אין יאָר 1943, פאַרוואַנדלט אין אַש דעם בנין און דאָס פאַרמעגן פון דער לימער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, האָט אויך פאַרוואַנדלט אין שטויב די אַקטן פון דער „גרויסער פאַרשווערונג”, ווע־מענס הויפּט־געשטאַלט עס איז געווען מאַנועל ב. פּערעז.

פּערעז איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1593 אין סע־וויליאַ, דער שפּאַנישער שטאָט וואָס ליגט אַזוי נאָענט פון דער פּאָרטוגעזישער גרענעץ, און אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די גרעסטע אַנוסים־גרופּע. זיין פאָ־טער האָט געשטאַמט פון שפּאַניע און זיין מוטער פון פּאָרטוגאַל, אַ אָפּטע דערשיינונג אין אַנוסים־משפּחות, ספּעציעל אין דער עפּאָכע ((1641־1658)) וועןביידע אי־בערישע מלוכות זיינען געווען פאַראייניקט אונטער איין מאָנאַרך (דעם שפּאַנישן). אויך דער דאָקטאָר מאַלדאָנאַ־דאָ דע סילוואַ, אַ קרעאָל, און דער קאָנקוויסטאַדאָר לויס דע קאַרבאַכאַל, אַ פּאָרטוגעז, זיינען געווען פאַרהייראַט מיט סעווילער פרויען. ווען מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָבן זיינע עלטערן אים אַריבערגעפירט קיין פּאָרטוגאַל. ווען ער איז אונטערגע־וואַקסן איז ער אַליין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. שוין אין יאָר 1622 איז ער געווען אַ ברייט באַקאַנטע פּער־זענלעכקייט אין פּערו, און ער האָט אָנגעהאַלטן זייער נאָענטע פאַרבינדונגען מיט נאָבעלע און קירכלעכע הויפּטן.

פּערעז איז געווען אַ מענטש פון אַ ברייטער קולטור און פון גרויסע גייסטיקע אינטערעסן.

אין די גאָר מאָגערע אינקוויזיציע־פאַרנאָטירונגען וועגן זיין פּערזאָן זאָגט זיך, „אַז ער האָט געהאַט אַ סך רעליגיעזע ווערק, און אַז ער האָט מיט די טעאָלאָגן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פּאָרטוגעזער, אָפּטמאָל גע־שמועסט וועגן פאַרשיידענע טעאָלאָגישע פראַגן”. ער איז געווען אַן אמתער מעצענאַט. בהסכם מיט די זעלבע אינקוויזיציע־דאָקומענטן, האָט דער לימער אוניווערזי־טעט, איינע פון די באַרימטסטע הויכשולן אין די שפּאַ־נישע קאָלאָניעס, איינגעאָרדנט לכבוד אים ספּעציעלע ליטעראַרישע סעסיעס, אים געווידמעט אָפיציעל אין איינלאַדונגען פולע מיט חניפה און לויב און אים געזעצט אויבן־אָן.

הגם פּערעז האָט געריכטלעך באַוויזן אַז ער שטאַמט פון סעוויליע, האָט סיי די אינקוויזיציע סיי דאָס פאָלק אים באַטראַכט ווי אַ פּאָרטוגעז, ניט בלויז דערפאַר ווייל מען האָט אים פאַרדעכטיקט אַז ער איז אַ געהיימער ייד, נאָר אויך מחמת דאָס ווייל ער האָט זיך מערסטנטייל באַנוצט מיט דער פּאָרטוגעזישער שפּראַך און ווייל אַלע זיינע נאָענטע זיינען געווען פּאָרטוגעזער. דעריבער דער־שיינט ער אויך ווי אַ פּאָרטוגעז אין אַ פאָלקס־לעגענדע, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָכדעם ווי ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם אינקוויזיטאָרישן קלעם און וואָס דער אייגנאַר־טיקער פּערואַנער טראַדיציאָנאַליסט, ריקאַרדאָ פּאַלמאַ, גיט איבער מיט די ווייטערע ווערטער:(1)

דאָס פאָלק דערציילט, אַז אין אויגוסט 1635, ווען דער בנין (וואָס נאָכן אַרעסט פון מאַנועל ב. פּערעז האָט מען עס אַ נאָמען געגעבן „דאָס הויז פון פּילטוס” איז געווען אין אַרענדע ביי פּאָרטוגעזישע מינען־לייט און סוחרים, איז דאָרט איינמאָל אין אַ פּרייטיק שפּעט ביינאַכט פאַרביי־געגאַנגען איינער אַ יונגערמאַן, אַ פּוסטעפּאַסניק, וואָס האָט געהאַט מער אין קאָפּ ווי

(1) מיר גיבן דאָ איבער בלויז אַ טייל פון דער לע־גענדע אין דער יידישער איבערזעצונג פון חיים בראַקאַזש.

אין פּלעשל. דער וועכטער האָט מסתמא געהאַט פּאַרגעסן צו פאַרריגלען דעם ריגל, וואָרום די הינטער־טיר איז געשטאַנען האַלב־אָפן. דער שיכורער האָט געזען ליכט אין דער הויף, ער האָט געהערט עפּעס א גערויש, א טומל פון מענטשן, און ריכטנדיק זיך צו טרעפן דאָרט עפּעס א הוליאַנקע, האָט ער זיך דערוואַגט אַרויפצוגיין איבער די שטיינערנע שטיגן, וועלכע זײַנען דרך־אגב באַמערקט, אויך איינע פון די מערקווירדיקייטן, וואָס דער בנין פאַרמאָגט. דער אומגעבעטענער גאַסט האָט זיך געלאָזט גיין דורך די קאָרידאָרן, ביז ער איז צוגעקומען צו א פענצטער, בײַ וועלכן ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אונטערן לאָדן און אַזוי אַרום געקענט פון דאָרט באַקוועם באַטראַכטן א גרויסן רײַך באַצירטן זאַל, די ווענט טאַפּיצירט מיט שוואַרצן שטאָף.

אונטער א באַלדאַכין האָט ער געזען זיצן איינעם פון די רײַכסטע מענטשן אין שטאָט, דעם פּאָרטוגעז דאָן מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז און אַן ערך הונדערט פון זײַנע לאַנדסלײַט אויף בענק, אויסהערנדיק מיט ערפורכטיק שטילשווײַגן א דרשה, וואָס פּערעז האָט פאַר זיי געהאַלטן און וואָס דעם זין אירן האָט דער שפּיאָן נישט געקענט קלאָר כאַפּן. קעגנאיבער דעם באַלדאַכין אַרומגעשטעלט מיט וואַקסענע ליכט, האָט זיך געפונען א שיינער קרוציפיקס אין נאַטירלעכער גרויס.

ווען פּערעז האָט געענדיקט רעדן, האָבן אַלע אַרומיקע, חוץ אים אַליין, זיך אויפגעהויבן לויט א שטרענגען סדר פון אָרט, צוגעגאַנגען צום יעזוס און אים דערלאַנגט א שטאַרקן קלאַפּ. פּערעז, פּונקט ווי פּילטוס, האָט מיט זײַן פּאַסיווער האַלטונג דערלאָזט די דאָזיקע חוזק־שטראָף.

דער שפּיאָן האָט נישט געוואָלט זען מער פאַרשוועערונגען, איז ער נעלם געוואָרן ווי ער האָט געקענט און איז אַוועק מיט א מסירה צו דער אינקוויזיציע, וועלכע האָט מיט עטלעכע שעה שפּעטער פאַרוואָרפן איר נעץ אויף העכער א מאה פּאָרטוגעזישע ייִדן.

דעם ייִד מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז האָבן די לימער קאַטאָליקן געגעבן דעם צונאָמען פּילטוס און דאָס הויז איז געבליבן געטויפט מיט דעם נאָמען דאָס הויז פון פּילטוס.

אָט דאָס איז די לעגענדע וואָס דאָס פאָלק דערציילט.

אין דער ביבליאָטעק פון לימאַ געפינט זיך (לײַדער געפינט ער זיך ניט מער) דער כתב־יד פון פּראָצעס פון די פּאָרטוגעזער און פון אים ווײַזט זיך בלויז אַרויס, אַז אויף דער „גאַס פון נס" האָט זיך געפונען די ייִדישע שול, און דער רב אָדער גרויס־קאַפּיטאַן (ווי עס זאָגט דער פּראָקוראָר פון דער אינקוויזיציע) איז געווען מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז. דער פּראָקוראָר רעדט וועגן פאַרשוועערונג פון הייליקע בילדער, אָבער קיין שום פּרט שטימט נישט מיט דער פאָלקס־מעשהלע.

ווי מיר האָבן געזען, צווייפלט דאָן ריקאַרדאָ פּאַלמאַ אין דעם אמת פון דעם פאָלקס־מעשהלע, וואָס ער אַליין האָט אַזוי פײַן איבערגעגעבן. אויך אַנדערע מחברים האַלטן אַז עס איז ווײַט פון אמתער עקזאַקטקײַט. זיי ווײַזן אָן אַז אין שפּאַניע, אין דער שטאָט קאָרדאָווע, איז אויך פאַראַן א הויז וואָס מען באַצייכנט עס מיט פּילטוסעס נאָמען, און די גרויסע ענלעכקייט פון דעם הויז צום לימער האָט געקענט געבן די אָנרעגונג אַזוי עס אָנצורופן.

מיר האַלטן ניט פאַר פּאַסיק צו באַהאַנדלען דאָ גענוי די פראַגע, הגם אויך מיר צווייפלען אין דער עקזאַקטקייט פון דער לעגענדע וועגן געהיימען ייִד פּערעז. אונדז דוכט זיך אַז זי איז אַן אויסוווּקס פון דער פאַנאַטיש־פרומער אומגעבונג, וואָס איז געווען איבערגעפּולט מיט די אַבסורדאַלסטע אַנטיסעמיטישע פאָרורטיילן און וועלכע עס האָבן פּעריאָדיש אויפגעטרייסלט די אינקוויזיטאָרישע אויפדעקונגען פון געהיימע ייִדן, מכוח וועלכע ס'זײַנען אַרומגעגאַנגען די אומגלויבלעכסטע קלאַנגען.

אָבער ניט בלויז די שוין דערמאַנטע לעגענדע איז אַרומגעגאַנגען אין לימאַ וועגן פּערעזן. דער אָנבאָט וואָס ער האָט געמאַכט דעם וויצע־קעניג, גראַף דע טשינטשאָן (1629־1639), אויסצוהאַלטן דעם לימער אַרסענאַל און אים צו באַוואַכן, האָט נאָך זײַן אַרעסט דורך דער אינקוויזיציע, אויך געגעבן שטאָף פאַר משונהדיקע לעגענדעס. לויט איינער פון זיי, האָט פּערעז זיך אַרויסגעוויזן אַזוי ברייטהאַרציק, ווײַל ער האָט געוואָלט אַרײַנבאַקומען אין זײַנע הענט דעם קאָנטראָל איבער דעם גאַנצן וואָפן, כדי לײַכטער איבערצוגעבן דאָס פּערואַנער וויצע־קעניגטום צו די שונאים פון שפּאַניע, די פּראָטעסטאַנטישע האָלענדער, וועלכע האָבן דעמלט געהערשט איבער א טייל פון בראַזיל...

באמת, מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז איז געווען אַזאַ פּערזענלעכקייט וועגן וועלכער מען האָט געקענט לײַכט שפּינען לעגענדעס. אָבער חוץ זײַן ברייטער קולטור, זײַן לוקסוסאַרטיקן לעבן און זײַנע סודותדיקע אויפפירונגען האָט נאָך פאַרגרעסערט די מיסטעריע אַרום אים דער פאַקט וואָס ער האָט געלייקנט אין אַלע באַשולדיקונגען פון דער אינקוויזיציע, כאָטש ס'האָבן קעגן אים עדות געזאָגט דרײַסיק מאַראַנען. אפילו מיט די שווערלעכסטע עינויים האָבן די „הייליקע פּאַטערלעך" נישט געקענט אַרויסרײַסן בײַ אים קיין איין וואָרט וועגן זײַנע אייגענע חטאים אָדער וועגן די חטאים פון זײַנע נאָענטע. דאָס איז א באַווײַז פון אַזאַ גרויסער פיזישער און פסיכישער קראַפט, וועלכע מען טרעפט זעלטן אין די אַנאַלן פון דער אינקוויזיציע, מחמת איין זאַך איז מתפלל זײַן

געהיים און אַנדערש דאָס איבערטראָגן דעם אומענטשלעכן ווייטיק פֿון די אויסגעלענקטע גלידער און פֿון צעריסענעם פֿלייש.

אָבער מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרהיטן, אַז פֿון זײַן ברייט־פֿאַרצווײַגטער האַנדלס־קאָרעספּאָנדענץ זאָל די אינקוויזיציע ניט האָבן קיין נוצן. פֿון דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענץ טאַקע איז דער „הייליקער טריבונאַל" דערגאַנגען ווער עס זײַנען געווען זײַנע פּאַרטנערס אין די פֿאַרשיידענע געגנטן פֿון פּערו־אַנער וויצע־קעניגרײַך. אַדאַנק אים, און צוליב דעם ווײַל עס איז באַשטעטיקט געוואָרן, דער חשד אַז זיי זײַנען געהיימע ייִדן, האָט די אינקוויזיציע פֿון קאַרטאַכענאַ (קאָלאָמביע) געקענט דורכפֿירן דעם גרויסן אויטאָ דע פֿע פֿון יאָר 1638.

אינטערעסאַנט, אָבער אויך קאָמפּראָמעטירנדיק, איז די קאָרעספּאָנדענץ — ביז הײַנט אין די אַרכיוון — פֿון מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז. כאָטש ער האָט געמוזט זײַן זייער פֿאָרזיכטיק בײַם שרײַבן, און הגם ער האָט זייער אָפֿט דערמאָנט „דעם אַלמעכטיקן", דעם „גאָט פֿון הימל" און אַזוי ווײַטער, האָט ער קיין איין מאָל ניט אָנגערופֿן יעזוס קריסטן אָדער אַנדערע קאַטוילישע הייליקע, ווי דאָס איז דאַמאָלט געווען דער מינהג בײַם שרײַבן בריוו.

מאַנועל באַוטיסטאַ פּערעז, וועלכער איז אַרעסטירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע צום ערשטן מאָל, האָט — בהסכם מיט אירע געזעצן — געקענט לײַכט ראַטעווען זײַן לעבן... ווען ער וואָלט וועלן נעמען אויף זיך די ראָל פֿון אַ זינדיקער וואָס האָט חרטה אַף זײַנע זינד און איז גרייט תשובה צו טאָן לויט די אָנווײַזונגען פֿון דער אינקוויזיציע און לויט איר שטייגער. אָבער ער האָט אויסגעקליבן דעם געפֿערלעכן וועג פֿון אומבויגזאַמען שטאָלץ — אַ זאַך וואָס דער שוידערלעכער טריבונאַל האָט באַשטראָפֿט מיט דער גרעסטער אַכזריות.

דער האַס, און אויך די פֿאַראַכטונג פֿון די אינקוויזיטאָרן צו פּערעזן, וועלכער האָט אַפֿילו אויפֿן שײַטערהויפֿן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוואַרפֿן זייערע כלומרשטע ווּנטשן פֿון חסד און רחמים פֿאַר אים, האָט זיי דיקטירט די ווײַטערע באַמערקונגען וועגן די לעצטע מאָמענטן פֿון זײַן לעבן:

ער האָט געגעבן באַווײַזן פֿון זײַן פֿאַרדאָרבענעם גײַסט און פֿון זײַן אַ באַהאַלטענער ייִד מיטן אָסקולום פּאַקיס 1) וואָס ער האָט דערלאַנגט זײַן שוואָגער סעבאַסטיאַן דוארטע, וועלכער איז (אויך) איבערגעענטפֿערט געוואָרן דער ציווילער מאַכט אויפֿן עשאַפֿאָט,

און מיטן כעס אין זײַנע אויגן קעגן יענע מיטגלידער פֿון זײַן הויז און משפּחה, וועלכע האָבן זיך מודה געווען און זײַנען דאָרטן געשטאַנען אין סאַן־בעניטן. ער האָט אויסגעהערט דעם אורטייל זייער ערנסט און מאַיעסטעטיש. ער איז געשטאָרבן אַ זינדיקער, זיך ווענדנדיק צום הענקער, אַז ער זאָל טאָן זײַן אַרבעט.

## דער לויטערער קרבן פֿון דר. מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ

אין יאָר 1592, איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט טוקומאַן, אין דער הײַנטיקער אַרגענטינער טעריטאָריע, פֿראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, אָדער עלי דער ייִד, ווי ער האָט געוואָלט מען זאָל אים רופֿן. מאַלדאָנאַדאָ איז געווען אַ זון פֿון אַ „פּאָרטוגעזישן מעדיקער און פֿון אַן „אַלט־קריסטן" פֿון הויכן־שטאַם. זײַן פֿאָטער און זײַן עלטערער ברודער זײַנען, אין יאָר 1601, אַרעסטירט געוואָרן דורכן טוקומאַנער אינקוויזיציע־קאָמיסאַר און אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לימאַ, אַז מען זאָל זיי דאָרט באַשטראָפֿן פֿאַר זייערע ייִדישע זינד. די דאָזיקע טראַגעדיע האָט איבערגעלאָזן אַ נישט אָפּווישבאַרן שפּור אין דער נשמה פֿון קינד פֿראַנציסקאָ, וועלכעס דער פֿאָטער האָט נאָך נישט געהאַט מדריך געווען אין דער ייִדישער אמונה, און וואָס האָט מיטן גאַנצן פֿײַער פֿון זײַן וועזן זיך געהאַלטן בײַ די געבאָטן און צערעמאָניעס פֿון דער קאַטוילישער קירך. חוץ דעם האָבן זײַנע שול־חברים אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אים ווי אַ פֿאַרשטויסענעם און זײַנע שפּיל־חברים — ווי אַ געמיינע בריאה. דאָס האָט גורם געווען בײַ אים אַ צוריקגעצויגנקייט זינט דעם גאָר פֿריען עלטער און געשאַפֿן אין אים אַ גיריקייט צו דערגיין ענינים פֿון מיסטיש־רעליגיעזן שטייגער. אָבער אויסער דער גײַסטיקער אומרויִקייט, וואָס פֿלעגט אים פֿאַרשאַפֿן אַ מין פֿיבער־צושטאַנד ווען ער האָט זיך אָנגעשטויסן אויף עפּעס אַ רעליגיעזער רעטעניש, אָדער ווען ער האָט געהאַט דאָס געפֿיל אַז ער שטייט פֿאַר אַזאַ רעטעניש, איז קיין שום ענדערונג ניט פֿאָרגעקומען אין דער מענטאַליטעט פֿון דעם געפֿילפֿולן און אײַנזאַמען קינד.

אין דער צײַט ווען זײַן פֿאָטער איז פֿאַרבליבן אַרעסטירט אין די געהיימע תּפֿיסות פֿון דער לימער אינקוויזיציע, האָט פֿראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ פֿאַרגעזעצט מיט אַ וואָס אַמאָל שטאַרקערער גיריקייט זײַנע שול־לימודים און דאָס לייענען הייליקע פֿרומע ספֿרים. אָבער נאָך פֿיר יאָר, דעם 13טן מאַרץ 1505, איז צושטאַנד געקומען דער אויטאָ־דע־פֿע אין וועלכן דיעגאָ נוניעז דע סילוואַ — אַן אַרעסטירטער צום ערשטן מאָל דורך דער אינקוויזיציע — איז דורך איר צוגעלאָזט געוואָרן צו אַן „איבערבעטונג" מיט דער קירכע געמיינשאַפֿט און איז פֿאַרמשפּט געוואָרן צו זעקס יאָר תּפֿיסה ווי אַ תּשובה אויף זײַנע זינד. נאָכן אָפּזיצן, איז אים —

1) קוש פֿון פֿרידן. גענוי וואָס דאָס מיינט אין דעם פֿאַל ווייס איך ניט. זאָל עס אפֿשר זײַן אַ רמז אַף מיתת־נשיקה?

דורך אַ באַזונדערן פּסק — די שטראָף דעפּאָרטירט צו ווערן פון אַמעריקע פאַרביטן געוואָרן — מחמת דעם גרויסן דוחק אין מעדיקער — אַף דער פליכט צו וווינען און צו היילן אין דעם פּאָרט קאַליאַאָ, בשכנות פון דער הויפּט־שטאָט פון פּערואַנער וויצע־קעניגרײַך, לימאַ. כּדי צו באַגלייטן זײַן פאָטער, און פאָרצוזעצן זײַנע שטודיעס אין דעם „קעניגלעכן און פּויפּסטלעכן אוניווערזיטעט פון הייליקן מאַרקוס", איז פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דאַ סילוואַ געקומען קיין פּערו. ער איז דאַמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר. דאָ, אונטער דער אָנרעגונג פון מאַן וועלכער האָט צוגעזאָגט דעם „הייליקן טריבונאַל" ניט אַרײַנצופאַלן מער אין די טעותים פון דער „פאַרדאַרבענער תּורה פון משה", און דורך אייגענער נייגונג, איז ער איבערגעגאַנגען צו דער ייִדישער רעליגיע, אָננעמענדיק זי מיט דער התלהבות פון אַ ווען וואָס איז באַפרײַט געוואָרן פון אומדערטרעגלעכע בונדן, און מיט דעם מוט פון אַ הייליקן וועלכער איז יעדע רגע גרייט צו גיין אַף קידוש השם פאַר זײַן גלויבן.

בעת זײַן פאָטער האָט געלעבט, האָט מאַלדאָנאַדאָ דאַ סילוואַ אָפּגעהיט בסוד די ייִדישע מנהגים, פאָרזעצנדיק די שטודיעס אין סאַן מאַרקאָס — דעם פּרעסטיזשפולן קאָלאָניאַלן אוניווערזיטעט וועלכער האָט אים צוגעטיילט דעם אַקאַדעמישן טיטל. גלײַכצײַטיק האָט ער פּראַקטיצירט די הייל־קונסט אונטער דער געניטער לייטונג פון דעם אַלטן מעדיקער און געוועזענעם אַרעסטאַנט פון דער אינקוויזיציע. אָבער זײַן פאָטער איז געשטאָרבן אין יאָר 1616, עטלעכע יאָר נאָך זײַן באַפרײַונג דורך דער אינקוויזיציע. מאַלדאָנאַדאָ דאַ סילוואַ האָט דעריבער פאַרלאָזט זײַן פאָטערס געצוווּנגענעם וווּינאָרט, פון וועלכן עס זײַנען אים פאַרבליבן טרויעריקע דערינערונגען. ער האָט זיך באַזעצט אין סאַנטיאַגאָ דע טשילע, ווו ער האָט איינגיכן חתונה געהאַט מיט דער סעוויליאַנערן איזאַבעל אָטאַניעז. אין דער הויפּט־שטאָט פון דעם מליצהדיק אָנגערופענעם טשילענער קעניגרײַך האָט דער מוראַדיקער דוחק אין דאָקטוירים דערפירט צו דעם אַז עס זאָלן פּראַקטיצירן מעדיצין מענטשן אָן טיטלען און אָן פעיִקייטן. כּדי אַ סוף צו מאַכן צו אָט דעם מיסברויך, האָט דער שטאָט־ראַט באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען דאָקטוירים פון פּערו. אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך צו דערגרייכן, דעריבער האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג אויסגענוצט דעם פאַקט וואָס עס האָט זיך באַזעצט אין טשילע דער עקזאַמענירטער כירורג, דער ליצענציאַט פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דאַ סילוואַ, און אים באַשטימט אַלס אָפיציעלן דאָקטאָר. פאַרנעמענדיק דעם אַמט, און שוין אָן דעם צוימענדיקן אײַנפלוס פון זײַן פאָטער, האָט מאַלדאָנאַדאָ דאַ סילוואַ נישט בלויז שטאַרק אָפּגעהיט די ייִדישע דינים נאָר אויך דורכגעפירט איבער זיך אַליין דעם געבאָט פון ברית־מילה (בראשית י"ז—י).

דאָס מלן־זײַן זיך האָט אים אויסגעשטעלט אַף די שרעקלעכסטע קאָנסעקווענצן, אויב ער וואָלט אַנטדעקט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע, בעת דער „פּערזענלעכער רעוויזיע" וואָס זי פלעגט דורכפירן איבער די אַרעסטירטע פאַרדעכטיקטע אין ייִדישקייט. פונדעסטוועגן האָט דאָס אים ניט אָפּגעשראָקן, און עס איז ניט געווען צו גרויס קיין שום קרבן אַפן מזבח פון זײַן אמונה. אָבער מאַלדאָנאַדאָס נשמה האָט זיך געפילט טיף באַטריבט צוליב דער „בלינדקייט" פון זײַנע צוויי שוועסטערס. ער האָט זיך דעריבער באַמיט, מיט דעם אימפּעט וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן גאַנצער אויפפירונג, זיי צו באַקערן צו דער „געטאַדלטער תּורה פון משהן". אָט דער, זייער זעלטענער פאַל אין די אַנאַלן פון דער אינקוויזיציע, האָט גורם געווען זײַן טראַגישן סוף.

הגם עס איז אמת, אַז די אינקוויזיציע האָט אַרויפגעלייגט אַ חוב צו מסרן די פאַרברעכנס קעגן דער קאַטוילישער אמונה, אומאָפּהענגיק פון גראַד קרובהשאַפט פון די אָנגעקלאָגטע, איז אָבער אויך ניט ווייניקער אמת אַז עס האָבן כּמעט קיינמאָל ניט פּאַסירט אַזעלכע מסירות. אַפילו אַ נײַ־קריסט וואָס איז געווען אַזוי טריי צו זײַן קעניג און צו זײַן רעליגיע — וועלכע איז צוליב דעם געוואָרן זײַנע — ווי דער דראָבערער פון דעם נײַעם קעניגרײַך פון לעאָן (אַ טייל געהערט הײַנט צו מעקסיקע און אַ טייל צו נאָרד־אַמעריקע), דאָן לויִס דע קאַרבאַכאַל אי דע לאַ קועוואַ איז ניט געווען פעיִק צו באַגיין אַזאַ נידעריקן טאַט און פון אַזעלכע טראַגישע קאָנסעקווענצן ווי דער דאָזיקער וואָס עס האָבן געהאַט דעם טרויעריקן מוט אויסצופירן די שוועסטערס פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. דאָך, נישט געקוקט אַף דער ערנסטקייט פון דער מסירה, זײַנען פאַרבײַ, צווישן דער דאַטע ווען זי איז געמאַכט געוואָרן און דעם אַרעסט פון מאַלדאָנאַדאָן, אַכט חדשים — אַ צײַט וואָס איז אין יענע יאָרן געווען נייטיק כּדי דער אינקוויזיציע־קאָמיסאַר פון טשילע זאָל מודיע זײַן זײַנע עלצטע אין לימאַ וועגן דעם געשעענעם און באַקומען פון זיי די פולמאַכטן צו האַנדלען אַזוי ווי עס האָט זיך געפירט אין אַזאַ פאַל.

אין דער צײַט צווישן דער מסירה פון זײַנע שוועסטער און זײַן אַרעסט האָט מאַלדאָנאַדאָ, וועלכער האָט זיך געהאַט איבערגעצויגן קיין קאָנסעפּסיאָן, נישט צעשיידט מיט זײַנע ביכער, וואָס ער האָט מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און נישט קאַרגנדיק קיין מי זיך באַוויזן אײַנצושאַפן. ער האָט זיך ווי געריכט אָדער פאָרגעפילט אַז גאָר בקרוב וועט ער שוין ניט קענען אָפּגעבן זיך מיטן לייענען זיי. דאָס לעזן האָט אים ווידער אַרײַנגעטריבן אין אַ פיבער ווי אין יענעם יאָר, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געהאַלטן אין זײַן האַנט דעם סקרוטיניום

סקריפּטאָר־ראָרום, דאָס (פּאָלעמישע) ווערק פונעם משומד פּאַבלאָ דע סאַנטאַ מאַריאַ (1432-1350), וואָס האָט געהאַט אויף איִם אַזאַ שטאַרקע ווירקונג. דאָס דאָזיקע ווערק אין לאַטיין און טיילן פון די הייליקע שריפטן, אויך אין לאַטיין, זײַנען בײַ איִם קאָנפיסקירט געוואָרן דורך דער אינקוויזיציע. זיי האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל ווי די שפּאַנישע אויסגאַבן פון מיסטיקער לוייס דע לעאָן און פון די שרײַבער כואַן דע אָראַזקאָ און לאָפּע דע וועגאַ... זיי זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער נאַכלעסיקייט פון די באַאַמטע, וואָס האָבן אַף זיי באַדאַרפט אַכטונג געבן, היות עס זײַנען ניט געווען קיין בעלנים זיי צו קויפן.

דעם 23טן יולי 1627 איז אין אוידיענצן־זאַל פון דעם טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע אין דעם פּערואַנער ווײַצע־קעניגרײַך פאַרגעקומען דער ערשטער פאַרהער פון דעם וואונדערלעכן ייִדן וואָס איז געבוירן געוואָרן אין קאָלאָניאַלן אַרגענטינע. שוין באַלד בײַ דער דאָזיקער געלעגנהייט האָבן זיך די אינקוויזיטאָרן געגעבן חשבון, אַז זיי האָבן פאַר זיך נישט קיין געוויינלעכן פאַל, באַלד צום אָנהויב האָט ער אַרויסגעוויזן זײַן כאַראַקטער, אָפּזאָגנדיק זיך אָפּצוגעבן די געוויינלעכע שבועה בהסכם מיטן קאַטוילישן ריטואַל און דערקלערנדיק: „אויב איך דאַרף שווערן, וועל איך שווערן פאַר דעם לעבעדיקן גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד, און דאָס איז דער גאָט פון ישראל". הגם אַזאַ דרייסטקייט האָט דערשטוינט די אינקוויזיטאָרן, וועלכע זײַנען געווען געוווינט אַז די אָנגעקלאָגטע זאָלן ציטערן פאַר יעדער באַוועגונג זייערער, האָבן זיי מסכים געווען צו דער דאָזיקער אומדערהערטער פאָדערונג, כדי אַרויסצובאַקומען אַ פולע דערקלערונג וועגן די זינד פון אַ ייִדן פון אַזאַ מדרגה.

עס איז ווייטיקלעך צו מוזן קאָנסטאַטירן אַז אַזאַ וווּנדערלעכע פּערזענלעכקייט ווי פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, האָט ניט געפונען קיין מינדסטע פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע אין די הערצער פון זײַנע ריכטער, גײַסטלעכע פון גאָר אַ הויכן ראַנג, וואָס מיינט צו זאָגן געבילדעטע און ציוויליזירטע מענטשן. דער פאַנאַטיזם פון יענער תקופה (בלויז פון יענער?) האָט ניט דערלאָזט קיין אײַנזעעניש צום לאָגישסטן שטאַנדפּונקט און צום טיפסטן געפיל פון זײַנע קעגנער. עס איז אָבער אויך ניט מעגלעך צו לייקענען אַז דער פאַנאַטיזם, רעפּרעזענטירט דורך דער אינקוויזיציע, האָט אַנטשפּראָכן אַ טיפע איבערצײַגונג. די אינקוויזיציע האָט באמת געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען, אין דער רעליגיעזער ספערע, כאָטש זיי האָבן געפירט צו אַן אָפּשטויסנדיקער היפּאָקריזיע, כדי אַרויפצוצווינגען איר שטאַנדפּונקט אין אמונה־זאַכן. אין דעם אויסנאַמלעכן פאַל פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ זײַנען די דאָזיקע אָנשטרענגונגען געווען אומזיסטע, נישט געקוקט דערויף וואָס עס זײַנען פאַרגעקומען פופצן טעאָלאָגיש־מיסטישע וויכוחים צווישן דעם אָנגעקלאָגטן און די קוואַליפיצירער פון דער לימער אינקוויזיציע, דאָס הייסט גײַסטלעכע מיט אַ ספּעציעלער טעאָלאָגישער צוגרייטונג, בנוגע דעם טערמין פון משיחס קומען און וועגן דעם משיחישן כאַראַקטער, דעם אמתן אָדער כלומר־שטן, פון יעזוס קריסטוס.

צוועלף יאָר איז פראַנציסקאָ מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ אָפּגעלעגן אין די תפיסה־קעלערן פון דער אינקוויזיציע. שרעקלעך, אוממענטשלעך זײַנען געווען זײַנע פיזישע לײַדן, אָבער קיין שום זאַך האָט ניט געקענט ברעכן זײַן נשמה, וואָס איז געווען איבערגעגעבן בלויז איין זאַך: דער ייִדישער אמונה. ווען עס איז לסוף, דעם 29טן יאַנואַר 1639, פאַרגעקומען דער אויטאָ־דע־פע און מען האָט פאַר איִם גענומען לייענען זײַן פּסק־דין, איז זײַן אויסזען געווען זייער טרויעריק. אַ גאָר באַזונדערן שטריך האָבן איִם צוגעגעבן די ביכער, וואָס ער האָט געשריבן אין תפיסה אין פאַרטיידיקונג פון זײַנע רעליגיעזע איבערצײַגונגען, און וועלכע ער האָט לויט אַ באַפעל פון דער אינקוויזיציע געטראָגן צוגעבונדן צום האַלדז, כדי די פלאַמען זאָלן זיי פאַרשלונגען צוזאַמען מיט זײַן אויסגעמאַטערטן גוף. זײַן געמיט אין יענעם אויסערגעוויינלעכסטן מאָמענט פון זײַן לעבן, ווערט דורך איינעם פון די אָנוועזנדיקע עדות בײַ דער געשעעניש איבערגעגעבן אין אַ דאָקומענט מיט די ווײַטערע אויסדרוקן:

און עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלן דערויף, אַז ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט דאָס פאַרלייענען די אַקטן פון די איבערגעענטפערטע דער ציווילער מאַכט, האָט זיך אויפגעהויבן אַזאַ שטאַרקער ווינט וואָס, לויט עס זאָגן די אַלטע תושבים פון דער דאָזיקער שטאָט, איז שוין לאַנגע יאָרן אַזעלכער ניט געווען. ער האָט אַראָפּגעריסן מיט דער גאַנצער קראַפט די פלאַנדעקע וואָס האָט באַשאָטנט די עסטראַדע אַפן זעלבן פלאַץ און אָרט ווו עס האָט זיך געפונען דער פאַרמישפּעטער, וועלכער האָט קוקנדיק צום הימל געזאָגט: דאָס האָט אַזוי גוזר געווען דער גאָט פון ישראל, כדי מיך צו זען פנים לפנים פון הימל.

די ידיעה וועגן דעם מאָנסטרועזן אינקוויזיציע־פּראָצעס פון יאָר 1639, אין וועלכן מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ איז פאַרמשפּט געוואָרן, איז דערגאַנגען קיין אײראָפּע, ניט געקוקט אויף דער כלומרשט הערמעטישער פאַרשלאָסנקייט פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס פאַר דער אויסערלעכער וועלט. דער אײַנדרוק, וואָס דער פּראָצעס האָט אַרויסגערופן אין די ייִדישע קהילות, איז זיך גרינג פאָרצושטעלן. אָבער באַזונדערס באַטריבט האָבן זיך געפילט די קהילות פון שפּאַניש־פּאָרטוגעזישן אָפּשטאַם, וועלכע זײַנען אַזוי ענג געווען פאַרבונדן מיט די קרבנות פון דער אינקוויזיציע. אָבער גאָר גיך האָבן די דאָזיקע

קהילות געהאַט נאָך אַ מאָטיוו פון טיפן צער: „די גרויסע פאַרשווערונג" פון מעקסיקע, דעם מאַסנהאַפטן אינקוויזיציע־פּראָצעס פון יאָר 1649, אין וועלכן ס'איז פאַרמשפט געוואָרן טאָמאַס טרעביניאַ דע סאָברעמאָנטע. צוליב דער קורצער צײַט אין וועלכער ביידע פּראָצעסן זײַנען פאָרגעקומען, און מחמת דעם מאַנגל אין גענויע ידיעות, האָבן זיך ביידע טראַגישע געשעענישן צונויפגעמישט אין די מוחות פון דעם פּשוטן פאָלק און פון די פּאָעטן. דערפון נעמט זיך וואָס דער ייִדישער דיכטער פון אַמסטערדאַם, מיגעל דע באַריאָס — אַליין אַ מאַראַן וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון די אינקוויזיטאָרישע נעגל, באַווײנענדיק אין אַ שיר דעם טויט פון פּערואַנער מאַרטירער מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ, פאַרטוישט אים מיט דעם מעקסיקאַנער, טרעביניאַ דע סאָברעמאָנטע.

הגם באַריאָסעס פעדער איז ניט בכוח אויסצודריקן די געפילן וואָס האָבן באַהערשט די ייִדישע הערצער, וועלן מיר ציטירן די פערזן וועלכע ער האָט אָנגעשריבן, ווײַל זיי זײַנען די איינציקע פּאָעטישע אָפּשפּיגלונג פון מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַס טויט, כאָטש עס רעדט זיך אין זיי — ווי מיר האָבן שוין אָנגעמערקט — וועגן אַן אַנדער מאַרטירער פון דער ייִדישער אמונה:

פערצן יאָר אין שווערער תפיסה,
ווײַל גאָטס ריינעם אמת ער פאַרטיידיקט,
עס שלעפּט טרעבינאַ שווערע קייטן,
ווײַל די תורה הייליקע איז זײַן באַשערטע.
ווי אַ צווייטער איוב, אַ פאַלשע חווה טראָגט איבער
מיט גרויס עקשנות די צרות האַרבע,
ווײַל דאָס ליכט וואָס שנעל צום הימל פירט אים
אויף שליאַכן פינצטערע איז אים אַ ווײַזער.
נישט עס שרעקט אים דאָס פײַער ווו הין מען שליידערט
דאָס געהילץ, וואָס יצחק טראָגט מיט אייפער
צו פאָלגן די תורה הקדושה פון גרויסן פאָטער.
ווי אליהו פון די אינדיעס ער גרייכט צום הימל
אויף דעם וואָגן וואָס גיריק פירט אים
און לאָזט איבער בלויז זײַן שטויב אַף דעם באָדן.

אויך אַן אַנדער שרײַבער פון מאַראַנישן אָפּשטאַם און אַן אַנטרונענער פון דער אינקוויזיציע, דער באַרימטער דאָקטאָר יצחק (פערנאַנדאָ) קאַרדאָסאָ, רעדט אין זײַן ווערק Las excelencias de los hebreos וואָס איז דערשינען אין אַמסטערדאַם אין יאָר 1679, מיט גרויס באַוווּנדערונג וועגן דעם קדוש מאַלדאָנאַדאָ דע סילוואַ. ער באַטראַכט אים — זײַן אינפאָרמאַציע איז אַ ריכטיקע — ווי אַ הייליקן מאַרטיר פון דער ייִדישער אמונה.

# דער „הייליקער פון דער ייִדישער אמונה" אין מעקסיקע

אַפילו צווישן די געשטאַלטן מיט אַ זייער אינטענסיוון גײַסטיקן לעבן, און צווישן די טיפן מיט אַן אייגנאַרטיקער, אויסגעהאַמערטער, פּערזענלעכקייט, וועלכע מיר שטעלן פאָר אין דעם קאַפּיטל, טיילט זיך בולט אַרויס די אומפאַרגלײַכלעכע פיגור פון טאָמאַס טרעביאַנאָ דע סאָברעמאָנטע. דער דאָזיקער יורי־סטודענט, וועלכער פאַרלאָזט צו די 16 יאָר, אין 1609, דעם באַרימטן אוניווערזיטעט פון סאַלאַמאַנקאַ, ווערט אַ פּאַזש בײַ אַ גרויסן שׂררה און דערהאַרגעט זײַנס אַ דינסט־חבר ווײַל יענער רופט אים אַ ייִד, שטעלט מיט זיך פאָר אַ זייער זעלטענעם פאַל פון צוגעבונדנקייט צו דער ייִדישער אמונה, הגם פון פאָטערס צד שטאַמט ער פון „אַלט־קריסטלעכע" איידללײַט און נאָר פון דער מוטערס צד איז ער ייִד.

די אינקוויזיטאָרן רעדן וועגן טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטען מיט אויסערגעוויינלעכער שׂנאה. אין פּראָקוראָרס כתבים, ספּעציעל פון צווייטן פּראָצעס, ווערט ער אָנגערופן פאַרביסענער און פאַרעטערישער ייִד; צבֿועק, סימולאַנט, מיאוסער פאַרברעכער; אומריינער הונט, וועלכער באַלעקט זיך מיט דעם וואָס די אַפּיקורסים האָט אויסגעבראָכן פון זײַן מאָגן; גרויסער ייִדלאַק; געוואַגטער פאַרברעכער; רשעותדיקער פאַרברעכער; קאָרומפּירטער, כיטרער, גרויסער ייִד; רבי; פאַלשער גלח און רב; טער פאַרברעכער; רשעדיקער פאַרברעכער; קאָרומפּירפאַרשאָלטענער פאַרברעכער; רב, גלח און באַרימטער מענטש צווישן די נײַ־קריסטלעכע יודאַיִזירנדיקע אַפּיקורסים, אָפּטריניקער פון אונדזער הייליקער קאַטוילישער אמונה; לערער און אייפערדיקער דאָגמאַטיקער פון זײַן פאַלשער תורה; שלימזלדיקער אומגליקלעכער ייִד; אמתער פאַרברעכער; פאַלשער גלח; דאָגמאַטיקער פון זײַן תורה; אַרויסהעלפער און אויסבאַהאַלטער פון אַפּיקורסים.

טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, איינער פון די אייפערדיקסטע ייִדן אין דער געשיכטע פון קאָלאָניאַלן־אַמעריקע, האָט פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעכן מוט און איז געווען, לפּחות ביז זײַן אַנטגילטיקן אידענטיפיצירן זיך מיטן ייִדנטום. אַן אימפּעטיקער אַדעליקער מיט אַן אײַנגעבוירענער און איבערגעטריבענער גדלות. אין יאָר 1629, עטלעכע יאָר נאָך זײַן באַשטראָפונג דורך דער אינקוויזיציע, בעת זײַן חתונה מיט מאַריאַ גאָמעז, איז ער — וואָס ערשט נישט לאַנג האָט ער געמוזט טראָגן דעם שאַנד־מלבוש, דעם סאַנבעניט, און לויטן פּסק־דין איז אים פאַרווערט געווען צו פאַרנעמען וועלכן ס'איז אַמט און צו נוצן אַדעליקע הלבשה — באַשולדיקט געוואָרן דורך דעם „הייליקן טריבונאַל" אין מעקסיקע אַז ער קליידט זיך, „מיט גרויס עזות", אין זײַדנס, טראָגט געווער און רײַט אויף פערד. מען האָט באַלד באַ־

פוילן אַ חקירה ודרישה, וועלכע האָט אינגאַנצן באַשטעטיקט טרעביניאָס חטא. טרעביניאָ, וועלכער האָט זיך תיכּף געכאַפּט אויף דער סכנה וואָס לויערט אויף אים פאַרן נישט מקיים זײַן פּינקטלעך דעם פּסק־דין פונעם נקמה־דורשטיקן טריבונאַל, האָט זיך מיט כּלומרשטער הכנעה, וועלכע האָט אים אין יענער צײַט צום וויניקסטן געפּאַסט, געווענדט מיט אַ כּתב צו דער אינקוויזיציע, אין וועלכן ער איז מודיע וועגן דעם היתר וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען בײַם הויפּט־אינקוויזיטאָר, אויף צו מעגן ווידער באַנוצן די אַדעליקע הלבשה. אין דעם זעלבן כּתב האָט ער צוגעגעבן, אַז, בתור קנס פאַר נישט מקיים זײַן דעם פּאָרמעלן, אָבער אָבליגאַטאָרישן תּנאי, איז ער גרייט צו באַצאָלן הונדערט פּעזעס „אויף הוצאות פאַר דעם הייליקן טריבונאַל". ער האָט אויך אויסגעדריקט זײַן האָפענונג אַז דער טריבונאַל, „באַנוצנדיק דעם חסד וואָס ער איז געוווינט אָנצווווענדן", וועט אָננעמען די נדבה און אים מוחל זײַן „זײַן לײַכטזיניקייט" — אַזוי איז טאַקע געשען.

טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע האָט זיך, אַ בלית־ברירהדיקער, געפונען אין אַ סביבה אין וועלכער יעדער שפּאַן זײַנער איז נאָכשפּיאָנירט געוואָרן, הן צוליב נײַדעריקע און עקלדיקע ציִלן, הן צוליב אַ באמת רעליגיעזן אייפער. דער שטאָלצער אַדעליקער און דערפאָלגרײַכער סוחר האָט זיך אויך געזען גערודפט פון אויספרעסער, וועלכע האָבן אים געדראָעט אויפסנײַ צו פאַרמסרן פאַר דער אינקוויזיציע, און דאָס האָט געמיינט טויט פאַר אים. ער האָט אָבער קײַן וועזן ניט געמאַכט פון דער שרעקלעכער סכנה; פאַרקערט האָט געהאַנדלט די אינקוויזיציע: מיט יעזויִטישן מעטאָד און גערולד האָט זי אָנגעזאַמלט יעדע מסירה קעגן אים — אָן אונטערשיד פון וואַנען זי איז געקומען.

די מיינונג וואָס די אינקוויזיציע און דעם קריסטלעכן גאָטס סטראָפּטשעם האָבן געהאַט וועגן טרעביניאָן האָט זיך נאָך מער פאַרערגערט, ווען כּמעט אַלע זײַנע קרובים פון דער פרויס צד זײַנען פאַרהאַלטן געוואָרן דורך דעם „הייליקן טריבונאַל" פאַר פּראַקטיצירן ייִדישע מנהגים. אין 1635 האָט די אינקוויזיציע דערלאַנגט דעם ערשטן קלאַפּ טרעביניאָס שוויגער, דאָניאַ לעאָנאָר גאָמעז; זײַן שוואָגער, פראַנציסקאָ לאָפּעז בלאַנדאָן; און זײַן שוועגערן, אַנאַ לאָפּעז. דעם זעלבן וועג האָבן דורכגעמאַכט — לפנים אײַגנווויליק — טרעביניאָס פרוי, מאַריאַ גאָמעז, און די צווייטע שוועגערן, איזאַבעל נוניעז. טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע, וועלכער האָט ניט באַנומען אַזאַ זאַך ווי אונטערוואַרפן זיך פּאַסיוו דעם גורל, האָט דאָך זיך געזען געצוווּנגען צו עצהן זײַן אייגענער פרוי און שוועגערן זיי זאָלן זיך אַליין איבערגעבן דער אינקוויזיציע. געטאָן האָט ער דאָס מיט דער האָפענונג אויסצופועלן פאַר זיי מער „חסד" מצד דעם אומברחמנותדיקן טריבונאַל. ער האָט דערווײַל אויסגענוצט אַלע מעגלעכע מיטלען אויף אָפּצונאַרן דעם טריבונאַל און אַרויסצורײַסן די קרבנות פון זײַנע נעגל. צוליב דעם האָט ער זיך באַנוצט מיטן דינער פון די געהיימע תּפיסות, וועלכער האָט איבערגעגעבן די אַרעסטאַנטן און געבראַכט פון זיי ידיעות. טרעביניאָ האָט זיך דערלויבט אויף אַזעלכע געוואַגטע שריט, אַז דער אינקוויזיציע־פּראָקוראָר רעדט וועגן זיי מיט אומגעצוימטן צאָרן. ער זאָגט: „וואָס פאַר אַ שטאַרקע ווערטער מען זאָל ניט באַנוצן, וואָלט אַלץ נאָך ניט זײַן מעגלעך צו שילדערן די שווערע זינד וואָס דער דאָזיקער געוואַגטער פאַרברעכער איז באַגאַנגען". דהיינו, ער פלעגט אַרײַנדרינגען אין דער אינקוויזיציע־תּפיסה, כּדי פּערזענלעך צו געבן עצות זײַן שווי־גער. באמת, דער פּראָקוראָר, אַלס פאַרטרעטער פון „הייליקן טריבונאַל", האָט געהאַט איבערגענוג מאָטיוון צו כעסן זיך און צו פילן זיך באַליידיקט צוליב דער אומדערהערטער חוצפּה פון טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע. ער האָט נישט נאָר עובר געווען אויף די אינקוויזיציע־כּללים, נאָר איז אויך אַרויס אומבאַשעדיקט פון אירע נעגל.

וואָס איז נוגע דעם גורל פון טרעביניאָס פרוי און שוויגער, אַזוי ווי זיי זײַנען דעמאָלט אַרײַנגעפאַלן צום ערשטן מאָל אין די הענט פון דער אינקוויזיציע, האָבן זיי נהנה געווען פון אינקוויזיטאָרישן „חסד"; דאָס מיינט צו זאָגן: זיי האָבן זיך פּײַערלעך פאַרפליכטעט נישט צו ווערן מער קיין אָפּטריניקעס, און דעריבער האָט זיי די אינקוויזיציע בלויז פאַרמשפּט אויף איינעקע יאָר תּפיסה מיטן צוגאָב צו מוזן טראָגן עפנטלעך דעם סאַנבעניט — דעם שוידערלעכן שאַנד־בגד. אין דעם פאַל, ווי אין אַלע אַנדערע, האָט זיך טרעביניאָ געהאַלטן ביי זײַן טאַקטיק פון דעזאָוריענטירן און אָפּנאַרן דעם „הייליקן טריבונאַל". ער האָט זיך כּלומרשט אַזוי שטאַרק געברוגזט אויף זײַן פרויס ייִדישער „עקשנות" און ער האָט אַזוי גוט סימולירט זײַן ווילן צו גטן זיך מיט איר, אַז די אינקוויזיציע, צעחושט פון דעם „פאַרביסענעם ייִדן" — דאָס האָט זי אים, אגב, קיינמאָל ניט מוחל געווען — איז דערגאַנגען צום אַבסורד פון שטרענג באַפעלן אים צו באַנײַען דאָס מיטלעבן מיט זײַן פרוי, ווען זי איז באַפרײַט געוואָרן.

דער געוועזענער סאַלאַמאַנקער יורי־סטודענט, וועלכער איז געוואָרן אַ טרײַער ייִד, האָט גוט געוווּסט דעם שרעקלעכן אמת אַז אַ צווייט מאָל פאַרהאַלטן ווערן מיינט פאַר אים אַ זיכערער טויט, סײַ ווען ער זאָל זיך מודה זײַן און בעטן רחמים, סײַ ווען ער זאָל לייקענען און באַשטיין אויף זײַן קריסטלעכקײַט. און נאָר אַ נס — וועלכער פלעגט קיינמאָל נישט געשען — צו קענען דערווײַזן אָן אַבסאָלוט אויסגעהאַלטענע קאַטוילישקייט וואָלט אים געקענט ראַטעווען. טראָץ אַלעם אָבער, נישט נאָך

וואָס ער אַליין האָט געפּראַוועט יִדישע רעליגיעזע צע־
רעמאָניעס וואָס אַמאָל מיט מער קדושה, נאָר ער האָט
אויך זײַנע קינדער איבערגעבן געלערנט דערצו. נאָטיר־
לעך, כאָטש טרעביניאָ האָט זיך שטאַרק אויסבאַהאַלטן
מיט זײַן ייִדישקייט און ער האָט געפּלאַנט זיך צו באַ־
זעצן אין האָלאַנד, ווו ער וואָלט געקענט אומגעשטערט
בלײַבן בײַ זײַן אמונה — האָט ער לאַנג נישט געקענט
פאַרבלײַבן קיין אומדורכדרינגלעכער סוד. אַזוי איז טאַקע
געשען. אין אָקטאָבער פון יאָר 1644 איז ער ווידער
אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע, בעת
דעם מעקסיקאַנער „גרויסער פאַרשווערונג".

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, האָט די אינקוויזיציע
עקשנותדיק און געדולדיק געזאַמלט באַווײַזן קעגן טרע־
ביניאָן דע סאָבערמאָנטען. אָבער זי האָט זיך ניט באַ־
פרידיקט בלויז מיט זיי, נאָר פאַרגעזעצט איר נאָכשפּיר־
אַרבעט אויך אין דער פּיניקונגס־קאַמער. טאַקע אין דעם
דאָזיקן אימהדיקן קעלער האָט מאַרגאַריטאַ דע ריוועראַ
געמאַכט אַן אומדערוואַרטעטע און סענסאַציאָנעלע דער־
קלערונג, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן אייגע־
נעם זון פון באַשולדיקטן, אַז בעת זײַן ערשטן אַרעסט
האָט זיך טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָברעמאָנטע געלאָזט
מל־זײַן דורך זײַן תּפיסה־חבר, דעם פּאָרטוגעז אַנטאָניאָ
באַעז קאַסטעל בלאַנקאָ, און ער אַליין האָט שפּעטער מל־
געווען זײַן זון ראַפאל. דאָ האָט זיך געהאַנדלט אין אַזאַ
געפערלעכער באַשולדיקונג, אַז אויב זי וואָלט זיך באַ־
שטעטיקט, וואָלט פאַר טרעביאַינן נישט פאַרבליבן דער
מינדסטער אויסזיכט צו ראַטעווען זײַן לעבן. בײַ דער
זיצונג פון 15טן דעצעמבער 1644, האָט דער אינקוויזי־
ציע־טריבונאַל באַשלאָסן, אַז פיר כירורגן פונעם טרי־
בונאַל — ד"ה אַזעלכע אויף וועמענס ראַסן־אָפּשטאַם עס
פאַלט נישט קיין שום חשד — אין דער באַגלייטונג פון
אַ נאָטאַר און פונעם אויפזעער אין די געהיימע תּפיסות,
זאָלן אונטערזוכן דעם באַשולדיקטן און — אַן זײַן ווילן
— אויך זײַן זון. און כאָטש די כירורגן האָבן פון אָנ־
פאַנג געצווייפלט, האָבן זיי דאָך נאָכן „חוקר וודורש זײַן
(דעם אָנגעקלאָגטן), יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען"
דערקלערט, אַז ער איז טאַקע באמת געווען גע'מלט.

מיטן פעסטשטעלן די מילה איז בלויז פאַרענדיקט גע־
וואָרן איין טייל פון דער אינקוויזיציע־פּראָצעדור: די וואָס
האָט געהאַט צו טאָן מיט די זינד פון דעם באַשולדיקטן
אַליין. עס האָט נאָך געפעלט די צווייטע טייל: יענע וועל־
כע איז געווען נוגע די חטאים פון אַנדערע יודאַיזירער.
אָבער, היות ווי אין פאַל טרעביניאָ האָבן די אינקוויזי־
ציע־פּאַטערלעך נישט געקענט דערוואַרטן אַז ער זאָל זיי
מיטהעלפן ראַטעווען די נשמות פון אַנדערע יודאַיזירער,
האָבן זיי געמאַכט אַ סוף צו דער אויספאָרשונג, און דעם
14טן מאַרץ 1647, האָט דער פּראָקוראָר צוגעשטעלט דעם
באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים. ערשט איצטער האָט טרע־
ביניאָ זיך אָפּגעגעבן אַ לעכטדיקן חשבון אין וואָס ער־
ווערט קאָנקרעט באַשולדיקט און ווער עס זײַנען די עדות
קעגן אים, ווײַל די אינקוויזיציע האָט געהאַלטן שטרענג
בסוד סײַ די פּרטים פון דער באַשולדיקונג, סײַ די נעמען
פון יענע וואָס האָבן זי געהאָלפן פאָרמולירן.

ווען עס איז פאַרענדיקט געוואָרן דאָס צוזאַמשטעלן די
באַווײַזן, וועלכע איז באַשטאַנען אין אַ מער פּרטימדי־
קער אויפדעקונג, ווי דעם פּראָקוראָרס, פון באַשולדי־
קונגס־מאַטעריאַל, האָט זיך טרעביניאָ אַליין גענומען צו
דער פאַרטיידיקונג, מחמת פאַר דעם ציועק האָט דער־
אַדוואָקאַט פון דער אינקוויזיציע נישט געקענט דינען. ער
האָט, בכן, געבעטן אַז זײַן זון זאָל באַנײַס גענומען ווערן
אויפן פאַרהער, אָבער אָן שום דראָונגען. ער נעגירט אַז
ער זאָל זיך האָבן אַליין מל־געווען און אויך מל־געווען
זײַן זון און פאַרענדיקט זײַן ערשטן פאַרטיידיקונגס־כתב
אַזוי:

אין גאָט, אונדזער האַרס נאָמען, מײַנע הערן, אויך
בײַ אײַך אַלעמען אַז פּונקט ווי איר האָט דורכגעפירט
אַלע שריט קעגן מיר, זאָלט איר זיי אונטערנעמען
אויך לטובת מיר, און אויך האָבן אַ געהער פאַר מיר,
מחמת דער נאָמען אינקוויזיטאָר מיינט אויספאָרשן
— נישט נאָר קעגן ווענען, נאָר דעם אמת. און אין
גאָטס נאָמען קוקט אויף מײַן משפּט מיט אַ פּילנדיק
האַרץ...

אַזאַ מין עניוות אויסגוס — וואָס אַן אמת, זייער אַ
רעלאַטיווער, ווען עס האַנדלט זיך אין אַזאַ אינסטיטוציע
ווי די אינקוויזיטאָרישע — חזרט זיך מער נישט איבער
אין טרעביניאָס שפּעטערדיקע פאַרטיידיקונגס־כתבים. אין



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

ס. מעדוועדעווסקי — „אַרבעטסלאָזע — אַ גרויסע מײַס־
טערשאַפט איז פאַרקערפּערט אין די ווערק פון דעם
קינסטלער, וואָס האָט אַזאַ שווערן מאַטעריאַל ווי האָלץ
באַוויזן צו באַלעבן מיט אימאַזשן פון זײַן רײַכער
פאַרשטעלונגס־קראַפט.

זיי פּרוּווט ער באַווײַזן זײַן אומשולד, באַנוצנדיק זיך מיט לאַטייניש ציטאַטן און היסטאָרישע בײַשפּילן. אין דעם לעצטן פאַרטיידיקונגס-כּתב, פון דעם 11טן פעברואַר 1649, ברענגט טרעביניאַ אַרויס, צווישן אַנדערע ראיות, די טענה פון דער אָרעמקייט פון זײַנע מוסרים און זײַן אייגענע רײַכקייט. ער פאַרגלײַכט זיך צו דער אַרבעטס-זאַמער בין, וועלכע איז אַזוי נוציק פאַר גאָט און פאַרן קייסער און פאַר איר באַלעבאָס; פאַר גאָט, מיט איר וואַקס פאַר די קלויסטערס; פאַרן קייסער, מיט איר פּיל-צאָליקע שטייערן אויף האָניק און וואַקס; און פאַרן באַלעבאָס מיט איר העלפט האָניק און וואַקס, ווײַל די צווייטע העלפט בלייבט אויף איבערצוהאַלטן דעם ווינטער ווען קיין בלומען זײַנען נישטאָ. עס איז ניט שכלדיק — פאַרענדיקט ער — אַז צוליב דעם פוילענצער, דעם אויסברענגער, זאָל מען אַוועקהאַרגענען די אַרבעטסזאַמע בין".

טאָמאַס טרעביניאַ דע סאַבּרעמאָנטע האָט זיך אַרומגעוואַלגערט פינף יאָר אין די אינקוויזיטאָרישע קעלערן. דורך טויזנטער דריידלעך האָט ער פאַר דער גאַנצער צײַט זיך באַמיט אָפּצוהיטן כּשרות. דער איינציקער אופן דאָס צו דערגרייכן איז געווען פאַסטן. ער פלעגט טאָקע אַזוי פּיל פאַסטן, אַז נישט איינמאָל האָט ער געהאַלטן בײַ גסיסה. אָבער ער, וואָס האָט אַזוי פאַרצווייפלט געקעמפט מיט די אינקוויזיטאָרן פאַר זײַן לעבן, האָט אין דעם פאַל אַלץ אײַנגעשטעלט און אָן קווענקלעניש.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג אין וועלכן ס'איז פאַרגעקומען דער מאָנסטרועזער אויטאָ-דע-פע — דער שווידערלעכסטער אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע — פון דער מעקסיקאַנער „גרויסער פאַרשווערונג". אָבער די פײַערלעכקייט האָט זיך אָנגעהויבן שוין מיט אַ טאָג פריער, דעם 10טן אַפּריל 1649 פאַרמיטיק, מיט דער פּראָצעסיע פון דעם אַזוי גערופענעם גרינעם צלם (צוליב דעם קאָליר פון האָפענונג מיט וועלכן דער „הייליקער טריבונאַל" האָט סימבאָליזירט זײַנע מעשים תּעתּועים). דעם סיגנאַל אָנצוהייבן די צערעמאָניע האָט געגעבן דער טרויער-געקלונג פון אַלע קירכן-גלאָקן אין דער הויפּטשטאָט פון נײַ-שפּאַניע, וועלכע האָבן נישט איבערגעריסן זייער טרויער-מוזיק ביז די אימפּאָזאַנטע און אויפשווידערנדיקע פּראָצעסיע איז נישט אָנגעקומען אויף איר פּלאַץ.

די גאַנצע נאַכט פון 10טן אויפן 11טן אַפּריל זײַנען אָפּגעריכט געוואָרן מעסעס אינעם טעאַטער, וואָס איז ספּעציעל אויפגעבויט געוואָרן פאַרן אויטאָ-דע-פע. און ווען דער טאָג האָט אָנגעהויבן שײַנען, האָט אַ פאַרדאָפּלטער געקלונג פון די קירכן-גלאָקן אָנגעזאָגט דעם אָנפאַנג פון דער גרויסער פײַערונג. באַלד האָט מען אַלע פאַרמשפּטע, לעבעדיקע און טויטע — די סטאַטועס זייערע — באַקליידט אין הסכּם מיט זייערע פאַרברעכנס און זיי אָפּגעפירט צום טעאַטער פון אויטאָ-דע-פע. צווישן די מאַרשירנדע „האָט גערופן — דערציילט אַ דאָקומענט — די אויפמערקזאַמקייט פונעם עולם טרעביניאַ דע סאַבּרעמאָנטע, וועלכער, כאָטש מען האָט אים אָנגעטאָן אַ מוילשלאָס, האָט ווי ווײַט מעגלעך נישט אויפגעהערט צו לאָזן הערן זײַן קול, זשעסטיקולירנדיק אויף אַ פאַרצווייפלטן אופן. אַ סך האָבן אים נאָכגעשיקט קללות, זידלערײַען און עצות. ער איז אָבער פעסט געגאַנגען זײַן וועג".

די מאַימהדיקע אַרעסטאַנטן פּראָצעסיע אין זייער שאַנד-הלבשה, מיט די אָפּצייכענונגען וועלכע האָבן פאַרגעשטעלט זייערע עינויים אין גיהנום, איז אָנגעקומען אין טעאַטער אַרײַן 7 אַזייגער אינדערפרי. אין דער זעלבער שעה האָבן זיך באַוויזן די אָנפירער פון בלוטיקן ספּעקטאַקל: די אינקוויזיטאָרן און די ציווילע מאַכט-האָבער.

ווי מיר וועלן זען שוין, איז אויך טרעביניאַ דע סאַבּרעמאָנטע אָפּגעפירט געוואָרן צום טעאַטער. אויפן גאַנצן וועג האָבן אים באַגלייט די פײַנטלעכע אויסגעשרייען פון המון און ס'האָבן זיך פון אים ניט אָפּגעקערט די גלחים, וואָס האָבן אייפערדיק געזוכט צו דער-לייזן זײַן נשמה. די דאָזיקע האָבן ערשט איצט געקענט פרײַ געניסן פון זייער מיסיע, ווײַל זייער באַצווינגענער קעגנער האָט בלויז דורך ווילדע העוויות און שטאַמלדיקע אויסרופן זיי געקענט ענטפערן. דאָך מוזן מיר אַרויסהייבן די הומאַניטאַרע געפילן פון טרעביניאַס מנחמים: ווען זיי זײַנען צוגעקומען צו דער עסטראַדע האָבן זיי אים אָנגעבאָטן עסנוואַרג. ער האָט אָבער מיט „ייִדישער עקשנות" צוריקגעוויזן דעם אָנבאָט, דערקלערנדיק אַז ער האַלט אין מיטן פון אַ 62 שעה'דיקן תּענית.

דורכגעשטאָכן פון אַזאַ אומדערהערטער דערקלערונג, זײַנען די דרײַ מאָנאַכן מיטן פּאָטער קאָרטשעראָן קאַרעניאַ בראָש, נאָך מיט מער אימפּעט צוגעשטאַנען צו טרעביניאַן אים אָפּצורייידן פון זײַנע „טעותים". די צײַט איז דערווײַל נישט געשטאַנען און עס איז אויפגעקומען די סכּנה ער זאָל, חלילה, איבערלאָזן דעם עמק הבכא און אַרויף אין די הימלישע קעניגרײַכן איידער ער וועט זיך אָפּשמדן, און דערפאַר זיך דאַרפן בראָטן אין גיהנומדיקן פײַער און נישט געניסן פון די גן-עדנדיקע תּענוגים. אויף דער סאַמע אויטאָ-דע-פע-בימע, און אויף גאָר אַ קליינעם מרחק — אין בוכשטעבלעכן זין — פונעם שײַטערהויפן, האָבן זיך די אינקוויזיציע-פאַרטרעטער אַרײַנגעלאָזט אין אַ וויכּוח מיטן ייִד, בײַ וועמען מען האָט אַראָפּגענומען דעם מוילשלאָס, מכּוח די אויסרעכענונגען וואָס מען דאַרף מאַכן אויף פעסטצושטעלן די פּינקטלעכע דאַטע פון ביאת המשיח און וועגן די קלוימרשטע אָדער ווירקלעכע אָנדײַטונגען אויף יעזוסן אין די הייליקע שריפטן. די מאָנאַכן און זײַער קעגנער זײַנען אַזוי אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער דיסקוסיע, אַז מען האָט אַזש געבראַכט צו טראָגן אַ תּנ"ך און דאָרט גופא געזוכט אויסצוגעפינען דעם מיס-

טישן באַדײַט און די משיחיש־קריסטלעכע אויסטײַטשונג פון נײַנטן קאַפּיטל דניאל און פון צווייטן, דריטן און פערטן קאַפּיטל נחמיה. דער אומבויגזאַמער ייִד אָבער, פאַרמעסטנדיק זיך קעגן דעם געדולד פון די מאָנאַכן, האָט געוואַגט צו ווענדן זיך צום פּאָטער קאָרטשעראָן מיט די ווײַטערדיקע ווערטער: „זאָרג זיך נישט וואָס איך שטאַרב אַ ייִד; זע זיך צו מגייר זײַן און ווער אַ ייִד; אַ שאָד וואָס דו ווילסט זיך ביודעים, פאַרמשפּטן".

פאַר אָט דער לעסטערונג האָט מען אים ווידער אָנגעטאָן דעם מוילשלאָס. ער האָט אָבער, זיכער אין זײַן איבערצייגונג, „מיט די אויגן און מיטן פּנים" אויפגעפאָדערט, „אַז די איבעריקע ייִדן זאָלן זיך האַלטן פעסט אין זייער טויטער תורה". ער האָט נאָך געהאַט גענוג מוט צו טרייסטן זײַן פרוי, בעת מען האָט זי געבראַכט אויף אויסצוהערן דעם פּסק־דין און אויך איר שוידערלעך־געפּרוּווטע מוטער. דער פּאָטער קאָרטשעראָן, אויף וועמענס באַריכט צו דער אינקוויזיציע מיר זײַנען זיך סומך, האָט דערציילט זײַנע באַלעבאַטים אַז ווען טרעביניאָס אַלטע שוויגער, אויך פאַרמשפּט צו שטאַרבן אויפן שײַטערהויפן, איז פאַרבײַגעגאַנגען נעבן אים האָט ער איר געזאָגט: „געדענק די מוטער פון די מכבים".

אונדזער הײַנטיקע מענטאַליטעט איז ניט בכוח צו באַנעמען אַזאַ ווערטער־געפעכט בײַ אַזעלכע גיהנומדיקע אומשטענדן, הגם דאָס מודה זײַן זיך — לפּי דעם סטאַלינישן קאַטעכיזם — בײַ די מאָסקווער פּראָצעסן, האָט אַ געוויסע פּסיכאָלאָגישע ענלעכקייט צו דעם פאַל וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ. דאָס מיינט טאַקע, אַז די וואָס גלויבן אַז זיי פאַרמאָגן דעם אַבסאָלוטן אמת זײַנען פעיִק אויף די אָפּשטויסנדע פאַרברעכנס און אויך אויף דער גרעסטער דערהויבנקייט. ווי נאָך זיי האָבן זיך אויפגעפירט לגבי טרעביניאָן, דערציילט אונדז אַן אינקוויזיציע דאָקומענט מיט אָט די ווערטער:

> מען האָט אַרויפגעוואָרפן האַלץ אויפן שײַטערהויפן און דעם לעצטן האָט מען אַרויפגעפירט דעם אומגליקלעכן טאָמאַס טרעביניאָ דע סאָבּרעמאָנטע, וועמען מען האָט צוגעשטעלט דאָס פײַער צו דער באָרד און צום פּנים, אויף צו זען, צי די שטראָף וועט אים קלאָר מאַכן און דער ווייטיק וועט אים אַנטוישן; ער האָט אָבער מיט ווערטער און מעשים ביזן סוף באַוויזן אַז ער וויל ניט חרטה האָבן, און (אַליין) צושאַרנדיק דאָס האָלץ מיט די פּיס האָט ער זיך געלאָזט פאַרברענען אַ לעבעדיקער, נישט אַרויסווייזנדיק קיין סימן פון חרטה. און ווען ער האָט שוין נישט געקענט ריידן, האָט מען אים אין די פלאַמען געזען שאָקלען מיטן קאָפּ און מיט די הענט, ווי ער וואָלט געזאָגט ניין אויף די אַלע אַרויסרופן צו שמדן זיך. און אַזוי האָט ער נאָך בײַם לעבן אָנגעהויבן צו לײַדן פון די אייביקע פלאַמען, ווי אַ קלאָרער באַווײַז פון זײַן באַדויערנסווערטיקער זינדיקייט. עס האָט געברענט דער שרעקלעכער שײַטער און פאַרוואַנדלט אין אַש און רויך די סטאַטועס, די ביינער־קאַסטנס און די נעבעכדיקע גופים פון די אַפּיקורסים. דער פלאַם איז געווען דער נקמה־נעמער, דער אויספירער פון דער געטלעכער גערעכטיקייט און דער אויסשמידער פונעם זיג וואָס דער הייליקער אמונה־טריבונאַל האָט אין יענעם טאָג אָפּגעהאַלטן, לכבוד דער פּערזאָן פון דעם געקרייציקטן קריסטוס, און צום לוין און רום פון זײַן הייליקן פּאָטער און פון זײַן הייליקסטן געזעץ. די דאָזיקע עקזעקוציע האָט זיך פאַרענדיקט זיבן אַזייגער אויפדערנאַכט.

## דער באַוווּנדערטער מאָנאַך אַנטאָניאָ דע סאַן פּעדראָ

הגם עס האָט זייער זעלטן פּאַסירט אַז אַן אנוס זאָל אויפריכטיק אָנעמען די קאַטוילישע רעליגיע, און ער זאָל ווערן אַן איבערגעגעבענער און טרײַער אויספירער פון אירע דינים, האָט דאָך אַזאַ אויסנאַם פאַל פּאַסירט, נאָך אַן אינקוויזיציע פּראָצעס, אין לימאַ, מיטן פּאָרטוגעז אַנטאָניאָ ראָדריגעז קאָרעאַ. דער דערמאָנטער פּאָרטוגעז, וועלכער איז אַלט געווען 30 יאָר אין דעם מאָמענט ווען עס איז פאָרגעקומען אַ ראַדיקאַלער איבערברוך אין זײַן לעבען, האָט פּונקט ווי זײַנע לאַנדסלײַט און גלויבנסברידער, איינצײַטיק, זיך אָפּגעגעבן מיט אַלערליי באַשעפטיקונגען כדי זיך צו פאַרדינען זײַן ברויט. ער איז געווען אַ מאַטראָז אויפן אינדזל מאַרגאַריטאַ (ווענעסועלאַ), אַ קרעמער אין פּאָטאָסי (באָליוויע), אַ מינען־אייגנטימער אין הואַנקאַוועליקאַ (פּערו) און אַ סוחר אין אַרעקיפּאַ (אויך פּערו). טראָץ די אַלע באַשעפטיקונגען האָט ראָדריגעז קאָרעאַ נישט באַוויזן אָנצוזאַמלען אַ פאַרמעגן, און פאַר זײַן אַרעסט ווי אַ „ייִדישקייט־פאַרברעכער" איז ער געווען אַן אַמבולאַנט אין די ווײַטערע אומגעגנטן פון דער שטאָט לימאַ. אין דער רעזידענץ פון וויצע־קעניגרײַך פלעגט ער נאָר קומען ווען ער האָט געדאַרפט באַנײַען זײַן באַשיידענעם סטאָק. טאַקע בעת איינעם פון זײַנע באַזוכן אין לימאַ, דעם 22טן מאַי 1604, איז ער אַרעסטירט געוואָרן דורך די דינער פון דער אינקוויזיציע, ווײַל אין „הייליקן טריבונאַל" זײַנען געווען אַ סך דענונציעס קעגן אים. מען האָט אים באַשולדיקט אַז ער האָט געפאַסט אין געוויסע קריסטלעכע יום־טובים, אַז ער האָט געזאָגט תהילים לויטן ייִדישן נוסח, אַז ער האָט געהאַט אַ סידור אין שפּאַניש, אַז ער האָט ניט פאַרמסרט פאַר דער אינקוויזיציע דעם „ייִדישקייט־פאַרברעכן" פון אייניקע פרײַנט זײַנע, מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געפּראַוועט יום־כּיפּור. ווי מיר זעען — אַ פּערפעקטער קאַטאַלאָג פון „פאַרברעכנס" פון אַ געהיימען ייִד.

ווען די אינקוויזיטאָרן האָבן געפאָדערט בײַ אַנטאָניאָ ראָדריגעז קאָרעאַ אַ חשבון פאַר זײַנע „חטאים", האָט

ער זיי באַלד און מיט פּיל באַדויערן מודה געווען. ווען זיי האָבן אים געפרעגט וועגן דער סיבה פון אַזאַ פלינקען און אונטערטעניקן מתוודה זײַן זיך, האָט ער זיי געזאָגט, אַז בײַנאַכט האָט ער געהערט אַ שטימע וואָס האָט צו אים געזאָגט: „אַנטאָניאָ, פאַרוואָס האָסטו מיך באַליידיקט? צו דער זעלבער צײַט האָט ער געפילט, ווי עפּעס אַזוינס ווי שיפּן וואָלטן אים אַרויסגעפאַלן פון די אויגן, וועלכע האָבן איינצײַטיק באַלויכטן זײַן פאַרשטאַנד מיט אַ שטראַלנדיקער קלאָרקייט".

אַזעלכע ניסים, וועלכע זײַנען — מיט פאַרשידענע וואַריאַנטן — גענוג אָפט פאָרגעקומען אין די אינקוויזיציע תפיסות, האָבן אַזוי ווייניק באַאיינדרוקט די אינקוויזיטאָרן ווי די פײַערלעכע צוזאָגן פון די אָנגעקלאָגטע צו זײַן אויף להבא טרײַ דער קאַטוילישער רעליגיע. זיי האָבן יאָ גענומען אין אַכט דעם ווילן אויפצודעקן די אייגענע, „פאַרברעכנס" און די „פאַרברעכנס" פון אַנדערע געהיימע ייִדן אָדער גלאַט אַפּיקורסים. אַנטאָניאָ ראָדריגעז קאַרעאַ האָט אויך אין דעם פּרט זיך אויפגעפירט אַזוי ווי די אינקוויזיטאָרן האָבן זיך געוווּנטשן.

דעם 13טן מאַרץ 1605 איז פאָרגעקומען דער אויטאָ-דע-פע אויף וועלכן ראָדריגעז קאַרעאַ איז פאַרמשפט געוואָרן צו דרײַ יאָר אָבליגאַטאָרישער אָנוועזנהייט אין לימאַ, אונטער דער אויפזיכט פון דער אינקוויזיציע, צו פאַרלירן זײַן פאַרמעגן און צו מוזן טראָגן די שאַנד-הלבשה: דעם סאַנבעניט. נאָך דער צײַט האָט ער באַדאַרפט פאַרלאָזן „די אינדיעס". טראָץ דער אַזוי לײַכטער שטראָף איז זײַן לאַגע געווען אַ שווערע, מחמת ער האָט ניט געהאַט קיין מיטלען און קיין פּערספּעקטיוון פלינק זיי צו באַקומען. דעריבער האָט ער געבעטן אַ מקלט אין אַ קאָנווענט. די מערסעדאַריער האָבן אים אויפגענומען און אים באַשטימט צו קיך-אַרבעט.

ווען עס זײַנען אַדורך די דרײַ יאָר פון זײַן אורטייל איז אים דער סאַנבעניט אַראָפּגענומען געוואָרן, זווײַל די באַריכטן וועגן זײַן קריסטלעכער פרומקייט זײַנען געווען גינסטיקע פאַר אים. נאָך דעם האָט ער אָפּגערייזט קיין שפּאַניע, און ווידער נאָר צוליב אַ נס האָט ער זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט אויפן ים. אין מאַדריד איז ער אַרײַנגעטראָטן אין אַ דאָמיניקאַנער אָרדן ווי אַ באַדינער. אָבער דאָס האָט אַרויסגערופן מורמלערײַען, ווײַל ס'האָט זיך געהאַנדלט אין אָרדן וואָס איז געשטאַנען אַמנאָענטסטן צו דער אינקוויזיציע און האָט שטאַרק אָפּגעהיט די „ראַסן-ריינקייט" פון זיינע מיטגלידער. דעריבער האָט ער ווידער געזוכט, און אויך געפונען, אַ מקלט בײַ די מערסעדאַריער. צען יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין אַ קאָנווענט פון דעם אָרדן ווי אַ מאָנאַך אָן גײַסטלעכער אויסשולונג, אָדער ווי אַ מאָנאַך אַ באַדינער. זײַן לעבן איז געווען אַזוי איבערפולט מיט קריסטלעכע מצוות און זײַן פרומקייט אַזאַ גרויסע, אַז ווען ער איז געשטאָרבן, אין יאָר 1622, האָט דער וואַטיקאַן דורכגעפירט אַ גענויע אויספאָרשונג וועגן „די ניסים וואָס זײַנען געשען אַדאַנק אים". ווי אַ רעזולטאַט פון דעם איז דער מאָנאַך-באַדינער אַנטאָניאָ דע סאַן פעדראָ אײַנגעשלאָסן געוואָרן צווישן די „באַוווּנדערטע" (ווענעראַבלע) פון דער קאַטוילישער קירך.

עס וועט אפשר אויפגענומען ווערן ווי אַ דיסאָנאַנס דאָס אײַנשליסן די ביאָגראַפיע פון מאָנאַך אַנטאָניאָ דע סאַן פעדראָ אין דער אַרבעט וואָס איז געווידמעט דער העראָיִשער און דראַמאַטישער געשיכטע פון די אנוסים אין די שפּאַנישע קאָלאָניעס. אָבער דאָס וואָלט געווען אַ טעותדיקע מיינונג, ווײַל צווישן די מאַראַנען זײַנען נישט בלויז געווען קדושים און העלדן, נאָר אויך רענעגאַטן און אייניקע פרומע משמדים. מיר האַלטן פאַר אונדזער חוב דאָס צו זאָגן, ווײַל דאָס איז דער אמת און ווײַל מיר האָפן אַז אַזוי אַרום וועלן אפשר כאָטש טיילווײַז אויסגעמיטן ווערן די גרונטלאָזע פאַראַלגעמיינערונגען.



מ. מינקאָווסקי — „קראַנקע קינדער". — דער גרויסער קינסטלער פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע איז געבוירן געוואָרן אין 1881, אין וואַרשע. צוליב אַ שווערער קראַנקייט איז ער געבליבן טויב־שטום אין עלטער פון פינף יאָר. אָבער שוין צו יענער צייַט האָט ער אַרויסגעוויזן אויסער־געוויינלעכע פעאיקייַטן צו מאָלעריי. האָט געלערנט אין דער קראַקאָווער אַקאַדעמיע פון שיינער קונסט און זיך גראַדואירט מיט אַ גאָלדענער מעדאַל. פאָרט קיין אויסלאַנד צו פאַרפולקומען זייַן וויסן און אַראַנזשירט אויסשטעלונגען פון זייַנע ווערק אין בריסעל, בערלין, דיסעלדאָרף, לאָנדאָן און פאַריז, ווו ער באַקומט אַן „ערן אויסצייכענונג". אָנהויב 1930 קומט ער קיין אַרגענטינע, די אויסשטעלונג פון זייַנע בילדער אין סאַלאָן מילער איז געווען אַ קינסטלערישע געשעעניש, און אַרויסגערופן ערנסטע שטודיומס און באַגייַסטערטע אָפּשאַצונגען.

אַ טרייַער זון פון פאָלק און עדות פון דער טראַגעדיע פון זייַנע ברידער, זייַנען זייַנע בילדער אַ געשיכטע פון זייער לאַנגן היסטאָרישן לײדנס־וועג אין וועלכן ער האָט אַרייַנגעוועבט זייַן אייגענעם שטומען צער, וואָס קוקט אַזוי פייַנלעך אַרויס אין די אויגן בייַ אייניקע פון זייַנע געשטאַלטן. זייַן טעכניק איז אַ קלאַסישע, אָבער זייַן גרויסער טאַלענט האָט געשאַפן אַן אייגענעם נוסח, וואָס כאַראַקטעריזירט די אייגנאַרטיקייַט פון מינקאָווסקי־סטיל אין דער יידי־שער און אוניווערסאַלער קונסט.

זייַנע בילדער געפינען זיך אין די מוזייס פון פאַריז, לאָנדאָן, בערלין, בריסעל און אַמסטערדאַם. דער „ייִוואָ" פון בוענאָס איירעס האָט געהייליקט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג מיטן נאָמען „מינקאָווסקי־מוזיי". אַ טראַגישער גאַסן־אַקצידענט, אין דעצעמבער 1930, האָט אַ סוף געמאַכט צום לעבן פון דעם גרויסן יידישן מאָלער אין פולן בלי פון זייַנע שעפערישע קרעפטן.

י. ראַפּאָפּאָרט / מעלבורן—אויסטראַליע

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דובנאָווס פערזענלעכקייט



## אַריינפיר

ווי עס פּאַסט פאַר אַ היסטאָריקער, האָט דובנאָוו זײַן אויטאָביאָגראַפיע אויפגעבויט נישט אויף זכרונות, באַזירט אויפן זכרון, וואָס קאָן פאַרפירן, נאָר אויף טאָג־ביכער, וואָס היטן אָפּ אומגעפעלשט, אויפן הייסן מאָמענט, די פּינקטלעכקייט פון די געשעענישן און די פרישקייט פונעם רעאַגירן אויף זיי.

דובנאָוו האָט געפירט טאָג־ביכער כמעט זײַן גאַנצן באַוווּסטזיניקן לעבן. און ווען ער האָט באַשלאָסן צו שרײַבן זײַן אויטאָביאָגראַפיע, האָט ער זי באַזירט אויף זײַנע טאָג־ביכער. און די דאָזיקע שטעלן פון די טאָג־ביכער, וואָס זײַנען דער פונדאַמענט פון זײַן אויטאָביאָגראַפיע, וועלן ווארשײַנלעך בלײַבן דובנאָווס איינציקע טאָג־בוך־שטעלן וואָס וועלן דערגיין צו די קומענדיקע דורות, ווײַל אין ריגע, ווו דער גרויסער יִדישער היסטאָריקער האָט זיך באַזעצט, נאָכן אַנטלויפן פון היטלערס בערלין, האָבן אים די נאַציס אָנגעיאָגט און ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זײַן גאַנצן אַרכיוו — די טאָג־ביכער פון אַ גאַנצן לעבן אַרײַנגערעכנט.

די פאַרבליבענע טאָג־בוך־נאָטיצן, וואָס בילדן דעם רוקנביין פון זײַן אויטאָביאָגראַפיע, זײַנען פון גרויס וויכטיקייט פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון דובנאָווס פערזענלעכקייט, וואָס איז נישט געווען אַזוי ראַציאָנאַליסטיש גלאַט און איין־ליניעדיק, ווי עס קאָן זיך אויסדוכטן אויפן סמך פון זײַנע פּובליציסטישע ווערק. די טאָג־ביכער ווײַזן אונדז אַז מיר האָבן אין דובנאָוון געהאַט אַ רײַכע, פילסטרוניקע פערזענלעכקייט, אָפּט אַפילו אַ סתירותדיקע.

ווי דובנאָוו האָט דורכגעליטן די יִדישע לײַדן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה! וויפל צער און צאָרן די באַטרעפנדיקע נאָטיצן פאַרמאָגן אין זיך! און מיט וואָסער מוט ער האָט געקעמפט פאַר אַ מענטשלעך־ווירדיקן, יִדישן, פּאָליטישן קאַמף קעגן די עוולות, וואָס דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט געטאָן יִדן. מיט וואָסער שטאָלץ ער האָט דעם דאָזיקן קאַמף געפירט צווישן די יִדישע פּאָליטישע טוער, קעגן די יִדישע פּאָליטישע טוער! און מיט וואָסער פײַער! ער איז אָפּט געווען נישט קיין קאַלטער היסטאָריקער, נישט קיין פּאָליטיקער נאָר אַ שפּראָץ פון די נביאים.

עס קאָן זיך ענדערן מיט דער צײַט די מיינונג, די אָפּשאַצונג וועגן דובנאָווס געשיכטע (סוף כל סוף יעדער דור פון אַ פאָלק שרײַבט אויפסנײַ זײַן געשיכטע, ער מוז זי רעווידירן דורך זײַנע אויגן, דורך זײַן וועלט־באַנעם), אָבער די אַלגעמיינע מיינונג וועגן זײַן פּובליציסטישער טעטיקייט, וועגן זײַן גליענדיקער ליבע צו זײַן געפּײַניקטן פאָלק וועט זיך קיינמאָל נישט ענדערן כל זמן עס וועט זײַן אַ יִדיש פאָלק, וואָס וועט לייענען די אויסצוגן פון זײַנע טאָג־ביכער אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע. ווי בולט עס קומט אין זיי צום אויסדרוק זײַן יִדישער שטאָלץ, זײַן יִדישער צאָרן, זײַן יִדישער ווייטיק, זײַן גרויס יִדיש האַרץ און זײַן גרויסער מענטשלעכער מוט.

איך וויל אין מײַנע נאָטיצן בלויז באַרירן אָט די פאַסצינירנדיקע טעמעס, וואָס וועלן אַמאָל דאַרפן צעאַקערט ווערן טיפער און ברייטער דורך די צוקונפטיקע דובנאָוו־ביאָגראַפן.

### א. — צי איז געשיכטע אַ וויסנשאַפט?..

די פראַגע צי איז געשיכטע אַ וויסנשאַפט אָדער נישט, איז נישט קיין בלויז טעאָ־עטישער פלפול, — זי האָט אַ פּראַקטישן ווערט.

די געפערלעכע משוגעת פון „וויסנשאַפטלעכן" סאָציאַליזם באַזירט אין גרעסטן טייל אויפן גלויבן, אַז געשיכטע איז וויסנשאַפט, וואָס אַ דאַנק איר קאָן מען פאָרויסזען געשעענישן, דעם גאַנג פון דער געשיכטע. און אויב אַ פּראָפעסאָר „ווײַזט אויף" אַז די געשיכטע מוז גיין אין אַ געוויסער ריכטונג, איז אַ מצווה צו שטופּן זי אין אָט דער ריכטונג, מעג דאָס אַפילו פירן צום גרעסטן חורבן: ווער וויל זיך דאָס קעגנשטעלן דעם אומפאַרמײַדלעכן געשיכטלעכן גאַנג?

ש. דובנאָוו איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון דער „וויסנשאַפט" וואָס הייסט „געשיכטע" (הגם ביַי אים איז דאָס נישט געווען געבונדן מיט דער געפּערלעכער משוגעת פון „דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם"). איז טאַקע אינטערעסאַנט צו זען, וויפל מאָל דער גרויסער באַשריַיבער און אויסטיַיטשער פון דער ייִדישער געשיכטע, וואָס האַלט אַזוי שטאַרק פון דער וויסנשאַפטלעכקיַיט פון זיַין שעפערישער פּובליציסטיק, פאַלט דורך אין זיַין פאָרויסזען די צוקונפט. לאָמיר נעמען דעם ערשטן בעסטן ביַישפּיל. אָט שריַיבט דובנאָוו אין זיַין אויטאָביאָגראַפיע: „אויב מען וועט מיר געבן דאָס רעכט אויף עמיגראַציע (פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד.—י. ר.), האָב איך בדעה מנדב צו זיַין מיַין ביבליאָטעק און אַרכיוו נישט דער היגער היסטאָרישער געזעלשאַפט (אין לענינגראַד.—י. ר.), וואָס איר עקזיסטענץ איז ספקדיק, נאָר דעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע, פאַרן צוקונפטיקן ייִדישן אוניווערסיטעט. די ביכער און כתב־ידן וועלן דאַן געראַטעוועט ווערן פון אומקום" (אונטערגעשטראָכן דורך מיר.—י. ר.)

נו, האָט דובנאָוו מיט זיַין גאַנצער היסטאָרישער „וויסנשאַפט" געקאָנט פאָרויסזען דעם אומקום פון ייִדישן ליטע?

דובנאָוו האָט געזען דעם ייִדישן חורבן אין רוסלאַנד, אָבער ער האָט נישט געקאָנט פאָרויסזען דעם ייִדישן חורבן אין ליטע, אין גאַנץ אייראָפּע...

מען קאָן אַמאָל פאָרויספילן דעם גאַנג פון דער געשיכטע, אָבער נישט פאָרויסזען...

אַסטראָנאָמיע איז אַ וויסנשאַפט — זי קאָן גאָרויסזען אַ לקוי־חמה מיט אַ סך יאָרן פאָרויס; אָבער געשיכטע?!

די דאָזיקע אימהדיקע סטיכיע איז בלינד נישט נאָר אין זיך, — אויך פאַר אונדז...

מיר בלאָנדזשען אין איר אין דער פינצטער; מיר קאָנען אין איר בלויז עפּעס פאָרויספילן אַמאָל דורך דער געהיימנישפולער קראַפט פון אינטואיציע, — אָבער וויסנשאַפטלעך פאָרויסזאָגן?

דובנאָוו, דער שעפער פון גלות־אויטאָנאָמיזם רעדט אָפּט אין זיַין אויטאָביאָגראַפיע וועגן דעם גליק וואָס ער וואָלט געפילט, ווען ער קאָן די לעצטע יאָרן פון זיַין לעבן פאַרברענגען אין ארץ־ישראל, אַ לאַנד, וואָס האָט פאַרן דאָזיקן אין תוך טיף־רעליגיעזן מענטשן און גליאיקן ייִדן געהאַט אַ שטאַרקע צוציאונגס־קראַפט. ער טרוימט אָפט וועגן פאַרענדיקן זיַין גרויסע געשיכטע פון די ייִדן (דערפילן דעם נדר וואָס ער האָט געגעבן אין זיַין יוגנט) און דאַן, פאַרן סוף, אויסרוען זיך גיַיסטיק אין לאַנד פון די אבות. אָבער ווען עס איז געשען אַ דריַיפאַכער נס: 1) דובנאָוו, וואָס האָט זיַיט די 50 יאָר פון זיַין לעבן כסדר מורא געהאַט פאַר אַ פריען טויט, האָט דערלעבט אַ טיפע עלטער; 2) דובנאָוו, וואָס האָט מורא געהאַט אַז זיַין געשיכטע וועט בליַיבן נישט דערשריבן, האָט זי דערשריבן אויף אַ הערלעכן אופן; און 3) דובנאָוו, וואָס האָט מורא געהאַט אַז ער וועט נישט קאָנען אַרויסריַיסן זיך פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, איז אַרויס פון דאָרט צוזאַמען מיט זיַינע מאַנוסקריפּטן און זיַין אַרכיוו, — דובנאָוו, באַשאַנקען מיטן דאָזיקן דריַיפאַכן נס, איז געפאָרן נישט קיין ארץ־ישראל, אין לאַנד פון זיַין טרוים (נישט געקוקט וואָס ער איז נישט געווען קיין פּאַרטייציוניסט), נאָר קיין בערלין און ריגע, — דאָרט האָט ער געהאַפּט צו ראַטעווען זיַין אַרכיוו און זיַין ביבליאָטעק...

ווער וועט נאָכדעם נאָך ריידן וועגן געשיכטע ווי אַ וויסנשאַפט?..

## ב. — דובנאָוו און אונדזער נייַער דור־המדבר...

שוין פערציק יאָר (מיט אַ שמיצל!) ווי אַ נייַער דור המדבר שלעפּט זיך אַרום אין אידעאָלאָגישע זאַמד־וויסטענישן. דאָס איז אַ גרויסער טייל פון אונדזער דור...

דעם 8־טן אָקטאָבער, 1921, שריַיבט דובנאָוו אַריַין אין זיַין טאָגבוך:

„געלייענט ייִדישע צײַטונגען, וואָס גייען אַרויס אין אַמעריקע. כ'בין געווען איבעראַשט פון זייער גלויבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד: זיי גלויבן, אַז דאָ קומט פאַר אַן עכטע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, און זיי ווייסן נישט, אַז דאָס איז די געמיינסטע פון אַלע ווען־נישט־איז געוועזענע דעספּאָטיעס, ווו עס ווערן צעטראָטן אַלע רעכט פון דער פּערזענלעכקיַיט... אין אוניסאָן מיט זיי זינגט די בונדישע פּרעסע אין וואַרשע (דובנאָוו האָט, ווי עס זעט אויס, נישט געזען די לינק־פּועלי־ציוניסטישע פּרעסע אין וואַרשע.—י. ר.). אַ פאַרבלענדעניש, אַ פאַרטשאַדעניש נאָך דער וועלט־מלחמה".

דובנאָוו, וועלכער האָט אויסערגעוויינלעך שנעל דערזען די באָלשעוויסטישע סיסטעם דורך און דורך (צענדליקער טאָגבוך־נאָטיצן זאָגן עדות דערויף), איז געווען איבעראַשט פונעם גלויבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד שוין אין 1921! ווי איבעראַשט וואָלט ער שוין געווען, ווען ער קאָן שריַיבן זיַין טאָג־בוך אין 1940, אין 1950 אָדער אין 1960, ווען אַזויפיל ייִדן האָבן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו גלויבן אין סאָוויעט־רוסלאַנד שוין נאָכן היטלער־סטאַלין־מלחמה־אָפּמאַך, שוין נאָך דעם מאָסקווער דאָקטוירים־בלבול, שוין נאָכן טאָטאַלן פּאָגראָם אויף ייִדישע אינטעלעקטועלע, ייִדישקיַיט און ייִדיש לשון!..

ווי וואָלטן שוין אויסגעזען די אַנטי־סאָוועטישע שטעלן אין דובנאָווס טאָגבוך פון אונדזער צײַט, — נישט פון די אָנהויב צוואַנציקער, נאָר פון די אָנהויב זעכציקער?!...

וועגן דובנאָווס קלאָר־זעערישער אַנטי־סאָוועטישקייַט, אויפן סמך פון זיַין טאָגבוך, וואָלט זיך געלאָזט אַ סך, גאָר אַ סך שריַיבן...

דאָס באַווײַזט נישט נאָר זיַין שאַרפע עטישע שפּיר־

באַרקייט, נאָר אויך זײַן קלאָר־זעעוודיקע פּאָליטישע רײַפֿקייט... (און אפשר נעמט זיך טאַקע פּאָליטישע רײַפֿקייט און קלאָר־זעעוודיקייט פֿון עטישער שפּירבאַרקייט? ווײַל עס איז נישט ריכטיק אַז פּאָליטיק האָט גאָרנישט צו טאָן מיט מאָראַל; דאָס האָט שוין גאָר אַ סך צו טאָן דערמיט...)

## ג. — דובנאָוו דער מוטיקער קעמפֿער

דובנאָוו איז געווען נישט נאָר אַ געלערנטער, אַ היסטאָריקער, — ער איז געווען אויך אַ ראַסאַווער פּובליציסט, ד. ה. אַ געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער קעמפֿער.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דאָס גרויסע רוסישע ייִדנטום דורכגעמאַכט מאַרטירערישע לײַדן. איצט, ווען מען פֿאַרגלײַכט זיי מיט די ייִדישע לײַדן פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווערן זיי פֿאַרטונקלט, אָבער דאַן, אַ דור פֿאַר די נאַציס, איז די פּײַן פֿון רוסישן ייִדנטום געווען פּשוט נישט איבערצוטראָגן. און אין דובנאָווס טאָגבוך נאָטיצן באַקומט די דעמאָלטיקע מאַרטיראָלאָגיע פֿון רוסישן ייִדנטום אַ געוואַלדיקן אויסדרוק פֿון צער און צאָרן. נישט נאָר ער וויינט, נאָר ער ברילט ווי אַ פֿאַרוווּנדעטער לייב. אין דער פּאָליטישער קאָמיסיע, אין דער „פּאָליטישער באַראַטונג", (וואָס איז באַשטאַנען פֿון ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע טוער און ייִדישע דעפּוטאַטן) וואָס האָט פּרובירט קעמפֿן פֿאַר ייִדישע רעכט און פֿאַר די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט פֿון די רוסישע ייִדן, זײַנען דובנאָווס פֿאָרשלאָגן געווען די ווײַט־גייענדיקסטע, די ראַדיקאַלסטע, — ער פֿאָדערט זיך אַנטקעגנצושטעלן מיט וואָס מען קאָן נאָר, טאַקע מיטן קול יעקב, אָבער נישט מיט תחנונים, נאָר מיר חשיבות, מיט פֿאָדערונגען, מיט מאָנען די ייִדישע רעכט. די מענטשלעכע רעכט פֿון די ייִדן. און דובנאָוו לײַדט פֿון דעם וואָס זײַנע פֿאָרשלאָגן ווערן פֿאַרוואָרפֿן צוליב מורא טאָמער איז די פֿאָדערונג צו דרייסט, וואָס דאָס איז עלול אַרויסצורופֿן דעם צאָרן פֿונעם פּריץ. און ווען דער באַרימטער אַדוואָקאַט גרוזענבערג גיט אַן אינטערוויו, וואָס איז, לויט דובנאָוון, צו זיסלעך־פּאַטריאָטיש און במילא צו קנאַפּ ייִדיש־ווירדיק, ענטפֿערט אים דובנאָוו מיט אַן אַרטיקל און פֿאַרריכט גרוזענבערגס עוולה לגבי דעם ייִדישן פֿאָלק.

גרוזענבערג האָט געזאָגט אין אַן עפֿנטלעכער דערקלערונג: „ווען מען זאָל דאַרפֿן פֿאָרמולירן די באַציאונג פֿון די ייִדן צו דער מלחמה, וואָלט איך געווען געזאָגט: די ייִדן טראַכטן איצט נישט וועגן זייערע רעכט, נאָר בלויז וועגן זייערע פֿליכטן לגבי זייער גרויסן היימלאַנד".

דובנאָוו, וואָס גרוזענבערגס פּאַטריאָטיש־הכנעהדיקע ווערטער האָבן אָנגערירט זײַנע אַ בלוט־טריפֿנדיקע וווּנד, האָט אָנגעשריבן דערויף אַן אַרטיקל א. נ. „רעכט און פֿליכטן". ער האָט צווישן אַנדערן געשריבן, אין יענע שרעקלעכע באַדינגונגען פֿון מיליטערישער צענזור: „דעם פֿאָלק, וואָס איז צום מערסטן באַעוולהט געוואָרן אין זין פֿון בירגער־רעכט, עצהט מען נישט צו טראַכטן בעת אַ מלחמה, — פֿאַר וועלכער ער ברענגט ריזיקע קרבנות, — וועגן זײַנע רעכט, וועגן יענעם פּשוטן אַקט פֿון בירגערלעכער גערעכטיקייט, וואָס דאַרף, לויטן באַפֿעל פֿון געוויסן, קומען נאָך דער הײַנטיקער מלחמה, מיט אַ פֿאַרשפּעטיקונג, לכל הפּחות, פֿון אַ הונדערט יאָר... עס וואָלט זיך געווען געשאַפֿן אַ פֿאַרשטעלונג וועגן ייִדן, ווי וועגן העלאָטן, וואָס אַפֿילו אין שלאַכט גייען זיי מיטן קין־צייכן פֿון אייביקער קנעכטשאַפֿט".

און נאָך פֿריער פֿרעגט ער מיט בײַסיקער איראָניע: „צי האָבן טאַקע די ייִדן באמת... עוואַקויִרט פֿון זייערע קעפּ אַלע געדאַנקען וועגן רעכט, וועגן רעכטלאָזיקייט אין הווה און וועגן איר באַזײַטיקונג אין דער צוקונפֿט?"

אין 1914 איז דאָס געווען אַן אַרטיקל, וואָס האָט ממש געראַטעוועט דעם ייִדישן כבוד און האָט געגעבן אויסדרוק דעם דערשטיקטן און שטיקנדיקן ייִדישן ווייטאָג און די ייִדישע אמתע געדאַנקען און שטימונגען, וואָס גרוזענבערג האָט מיט זײַן דערקלערונג (אין פּאַטריאָטישן אייפֿער) מה־יפֿותדיק געשענדעט...

נאָך אַ גרעסערן מוט ווײַזט דובנאָוו אַרויס אין זײַנע אַרויסטרעטונגען, אין וואָרט און אין שריפֿט, קעגן די באָלשעוויקעס, אַפֿילו קעגן לענינען בכבודו ובעצמו. עס איז שוין דאַן, אין 1917-1918 נויטיק געווען אַ מסירת־נפֿשדיקע אײַנשטעלונג כדי, שרײַבנדיק וועגן מענדעלע מוכר ספֿרים (נאָך דעם לעצטנס טויט), אַ זאָג צו טאָן: „ער (אַבראַמאָוויטש) איז געבוירן געוואָרן אין די פֿינצטערע צײַטן פֿון צאַר ניקאָלײַ דעם ערשטן און ער איז געשטאָרבן אין די ערשטע טעג פֿון דער זעלבסטהערשאַפֿט פֿון ניקאָלײַ לענין". און דאָס איז געדרוקט געווען אין דריטן זאַמלבוך „ספֿרות" (ל. יאַפֿעס אויסגאַבע אין מאָסקווע). דובנאָוו דערקלערט דאָס, וואָס אים האָט אַזאַ פֿראַזע נישט פֿאַרשאַדט, אויפֿן פֿאָלגנדיקן אופֿן: „די באָלשעוויסטישע צענזור האָט פּשוט ניט באַמערקט אַ ייִדישן זאַמלבוך, און אגב האָט נאָך דאַן נישט געהערשט דער שפּעטערדיקער פֿולשטענדיקער פֿאַרבאָט פֿון פֿרײַעם וואָרט".

דאָס איז אַ דערקלערונג פֿאַרוואָס דובנאָוו האָט נישט געליטן פֿון זײַן דרייסטער טאַט, אָבער דאָס מאַכט נישט קלענער זײַן מוט, ווײַל ערשטנס האָט ער נישט געקאָנט וויסן אַז מען וועט דאָס נישט באַמערקן און צווייטנס — אַפֿילו בײַ אַ נישט פֿולשטענדיקן פֿאַרבאָט פֿון פֿרײַען וואָרט האָט דאָס פֿאַרגלײַכן ניקאָלײַ לענינען צו ניקאָלײַ דעם ערשטן געקאָנט האָבן פֿאַטאַלע פֿאָלגן.

:: :: ::

אַן אומגעוויינלעכן מוט און מסירת־נפֿשדיקע טרײַקייט צו זײַן אַרבעט האָט דובנאָוו אַרויסגעוויזן בײַם שרײַבן,

ווי אויך בײַם ארויספירן זײַנע מאַנוסקריפּטן און טאָגביכער פון ראַטנפאַרבאַנד.

דובנאָוו האָט זיך באַצויגן צו זײַן ארבעט ווי צו אַ מיסיע, וואָס דער גורל האָט אויף אים ארויפגעלייגט. מען קאָן אָנקלײַבן אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע צענדליקער ציטאַטן, ווו דאָס קומט בולט צום אויסדרוק. אַזאַ איז איין גאָר כאַראַקטעריסטישע שטעלע: „אינעם יום־טוב פון דער תורה (שבועות), האָב איך גענומען שרײַבן מײַן תורה". איז נישט קיין וו׳נדער וואָס דובנאָוו האָט געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן אינערלעכן קאַמף בײַם זוכן וועגן ווי אַרויסצופאָרן פון ראַטנפאַרבאַנדישן גהינום. דובנאָוו, וואָס האָט אויף דער אייגענער הויט געפילט דעם גורל פון באָלשעוויסטישן מאַטעריעלן גהינום, האָט מיט אָפענע אויגן אויך געזען דעם גײַסטיקן אָפּגרונט פון באָלשעוויסטישן רעזשים, און ער האָט שרעקלעך געוואָלט אַרויספאָרן פון ראַטנפאַרבאַנד; אָבער גלײַכצײַטיק האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט אַרויספאָרן פון דאָרטן ביז ער וועט נישט דערפילן דעם נדר פון זײַן לעבן (פאַרענדיקן די אַלגעמיינע געשיכטע פון יִדישן פאָלק) און ער האָט נישט געוואָלט אַרויספאָרן פון דאָרטן אָן דעם מאַנוסקריפּט פון דער געשיכטע און אָן די טאָגביכער. ער האָט געוווּסט אַז די טאָגביכער זײַנען טריף שבטריף, אַז פאַר צענדליקער שטעלן אין זיי וועט אים קומען טויטשטראָף און פאַר הונדערטער — תפיסה, אָבער די צוגעבונדנקײַט צו זײַן ארבעט איז געווען שטאַרקער פון אַלע לאָגישע אַרגומענטן. פּונקט ווי ער האָט באַוווּסטזיניק אײַנגעשטעלט דאָס לעבן נישט אויפהערנדיק צו פאַרצייכענען זײַנע באַאָבאַכטונגען און מיינונגען פון און וועגן דעם טאָג־טעגלעכן לעבן אין פּעטראָגראַד און וועגן דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן אין לאַנד, הגם בײַ יעדער רעוויזיע, וואָס וואָלט געפונען די טאָגביכער, איז ער זיכער געווען מיט אַ קויל, אַזוי האָט ער נישט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק צו לאָזן אויף הפקר און אומקום די טאָגביכער און ראַטעווען זײַן לעבן.

דובנאָווס קאַמף פאַר פאַרענדיקן די געשיכטע און פאַרן אַרויספירן די טאָגביכער און מאַנוסקריפּטן איז זייער פּאַטעטיש און רופט אַרויס די גרעסטע אַכטונג צום דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן אַרבעטער, וואָס האָט געקוקט אויף זײַן אַרבעט ווי אויף אַ הייליקער עבודה און אויף דעם קאַבינעט, אין וועלכן ער האָט געאַרבעט, ווי אויף אַ בית־מקדש־קטן (ער רופט טאַקע זײַן אַרבעטס־אָרט מיט די נעמען „טעמפּל", „קעליע", מקום מקלט" א. א. וו.)

אים איז געלונגען אָפּצונאַרן די נ.ק.וו.ד. און ער איז אַרויס פון דאָזיקן קאַמף גאַנץ און דערפאָלגרײַך, אָבער דאָס איז געווען אַ סך צופאַל און אַביסל הצלחה: די געפאַר, אין וועלכער ער האָט זיך געשטעלט, איז אָבער געווען אַ רעאַלע. ער האָט געזאָרגט פאַר זײַן לעבן אויף וויפל עס איז פאַרבונדן געווען מיט זײַן אַרבעט (פון 50 יאָר אָן האָט ער זיך שוין געזאָרגט וועגן נאָענטן טויט, וואָס וועט איבעררײַסן אינמיטן זײַן אַרבעט), און בײַם אַרויספירן די מאַנוסקריפּטן און טאָגביכער האָט ער מיט מעשים באַוויזן, אַז די אַרבעט איז אים באמת געווען וויכטיקער פאַר זײַן לעבן; ער איז גרייט געווען צו גיין פאַר איר אויף קידוש השם.

## ד. דובנאָוו — די סתירותפולע פּערזענלעכקייט

דובנאָוו איז געווען אַ קעמפער, ווי ס׳איז באַקאַנט פון זײַן פּובליציסטישער אַרבעט און ווי זײַן אויטאָביאָגראַפיע באַשטעטיקט דאָס אויף יעדן שריט און טריט; און אין זײַן געזעלשאַפטלעך־אידעיִשן קאַמף האָט ער געקאָנט זײַן האַרט און שאַרף. גלײַכצײַטיק אָבער ווײַזט אונדז זײַן אויטאָביאָגראַפיע, אַז ער איז געווען אַ מענטש פון סענטימענטן, ביז סענטימענטאַלקײַט, וואָס פּאַסט פאַר אַ גימנאַזיע־שילערן פון 5־טן קלאַס. אָט געפינט מען אין זײַן טאָגבוך, ווי ער באַזוכט אָדעס נאָך אַ לאַנגער אָפּוועזנהײַט, און פאַרלאָזנדיק דעם פּאַרק בײַם ים, — אַ פּאַרק וואָס איז בײַ אים פאַרבונדן מיט דעריִנערונגען,—רײַסט ער אָפּ אַ צווייגעלע פון אַ קיפּאַריס, פאַרצייכנט אויף דער קאָרע די דאַטע און ער קלעפּט אַרײַן דאָס צווײַגעלע אין טאָגבוך־זײַטל, ווו ער באַשרײַבט זײַן באַזוך אין אָדעסער פּאַרק.



וואָלף באַנדורעק — „ירמיהו"

מען טרעפט צאָלרייַכע שטעלן, ווי ער באַזוכט גאַסן, ווו ער האָט אַמאָל געוווינט, צי מיט פֿרוגן, צי מיט זייַן יונגער פֿרוי, צי ווו ער האָט אַמאָל געאַרבעט אין דער רעדאַקציע „וואָסכאָד", און ער שפּאַצירט פֿאַרבייַ די הייַזער און נעמט אויף זייער אויסערלעכקייַט מיט גרויס בענקשאַפֿט.

און נישט נאָר דאָס. דובנאָוו, דער אַמאָליקער ראַציאָנאַליסט, וואָס איז שוין לאַנג נישט פֿרום אויפֿן טראַדיציאָנעלן אופֿן, ריכט אָפּ יום־נוראים־תּפֿילות אין קאַבינעט (און נאָך די תּפֿילות זעצט ער זיך שרייַבן), און אַ פֿינלענדישן וואַלד פֿאַרוואַנדלט ער פֿאַר זיך אין אַ שול, ווו ער ריכט אָפּ תּפֿילות און ער קריצט אייַן וועגן דעם אַ קורצע פֿאַרצייכענונג אין דער קאָרע פֿון אַ בוים, און די קאָרע נעמט ער מיט ווי אַ רעליקוויע (ווי דובנאָוו רופֿט ער אָן אין עקסטרעמען אָנפֿאַל פֿון סענטימענטאַליזם).

עס איז כּדאַי צו ציטירן כאָטש איין שטעלע אַזאַ, הגם זי איז נישט קיין בת־יחידה.

„...אין איינעם אַ סעפּטעמבער־טאָג, וואָס איז צונויפֿגעפֿאַלן מיטן יום־טוב ראש־השנה התר"ע, האָב איך ווידער, ווי מיט צוויי יאָר צוריק, אָפּגעריכט אויף מייַן שטייגער אַ וואַלד־גאָטעסדינסט. דער צפֿון־וואַלד (אין פֿינלאַנד, —י. ר.) האָט ווידער געהערט קלאַנגען: „פֿאַרוואַרף אונדז נישט אויף דער עלטער, ווען די כּוחות אונדזערע נעמען זיך אויס — פֿאַרלאָז אונדז נישט!" כ'האָב מתפּלל געווען וועגן דעם, מיר זאָל באַשערט זייַן צו פֿאַרענדיקן דאָס הייליקע ווערק, איידער איך וועל פֿאַרלאָזן די וועלט. און אין אומבאַגרייפֿלעכן סוד האָט זיך צונויפֿגעגאָסן מיטן פֿליסטער פֿון די סאָסנעס און בערעזעס דער טרויעריקער טאָן פֿון אונדזער רעקוויעם: „דער מענטש איז ווי אַ שאָטן וואָס גייט פֿאַרבייַ, ווי אַ חלום וואָס פֿאַרפֿליט".

„אויף דער קאָרע פֿון אַ בערעזע... האָב איך פֿאַרשריבן אויף ייִדיש: „דאָ האָב איך צוויי מאָל מתפּלל געווען: אין ראש־השנה פֿון התרס"ח און התר"ע, אין האַלבן טאָג, ווען די זון האָט געוואַרעמט. 3 סעפּט. 1909".

„ביז הייַנט האָט זיך בייַ מיר אויפֿגעהיט אָט דאָס שטיקל קאָרע, וואָס איך האָב שפּעטער אויסגעשניטן בייַם צעשיידן זיך מיט פֿינלאַנד".

אָט די סענטימענטאַלקייַט נעמט אַמאָל אָן די פֿאָרם שיר נישט פֿון מיסטיציזם, אַרויסווייַזנדיק דערבייַ ווי טיף רעליגיעז, אין פֿאַנטעזיסטישן זין, עס איז אין תּוך געווען אָט דער פּרינציפּיעלער ראַציאָנאַליסט.

מען זאָגט: דער מענטש איז זייַן סטיל; אויב אַזוי קאָן מען פֿון דובנאָווס סטיל אַרויסדרינגען, אַז ער, וואָס האָט אָנגעהויבן זייַן וויסנשאַפֿטלעך־געזעלשאַפֿטלעכע קאַריערע כּמעט ווי אַן אַסימילאַטאָר און אַ קענער פֿון ייִדיש, איז אין תּוך געווען טיף־ייִדישלעך. זייַן סטיל איז דורכגעאָדערט מיט פֿאַרגלייַכן, וואָס דרינגען אַרויס פֿון טיפֿסטן ייִדישן אונטערבאַוווּסטזייַן. ווען ער דערוואַרט זיך ענדלעך, נאָך אַ לאַנגער פּייַנלעכער אומזיכערקייַט און נאָך לאַנגע מערמאָליקע אַנטוישונגען, אויף אַ דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן און ער גייט צו דער באַן, ווייַזט זיך אַרויס, אַז דער צוג גייט נישט יענעם טאָג, און ער מוז ווידער גיין אַהיים, וואַרטן אויפֿן טאָג, ווען דער צוג וועט גיין....

בייַ דובנאָוון פֿאַרבינדט זיך דאָס מיטן יציאת־מצרים, און ער פֿאַרצייכנט: „איך זיץ בייַ אַ פּוסטן טישעלע אין קאַבינעט, אַ גייַסטיק און פֿיזיש צעבראָכענער. פֿון ברעג ים־סוף בין איך ווידער אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן קיין מצרים"...

און ווען ער וואַרפֿט אַ בליק (אין די 17 קאַפּיטלען פֿון זייַן אויטאָביאָגראַפֿיע, געשריבן פֿאַרן אַרויספֿאָר פֿון רוסלאַנד) אויף זייַנע 50 יאָר לעבן, דאַכט זיך אים ווי ער וואָלט באַטראַכט זייַן לעבן פֿון ראש הפּסגה, פֿון וועלכן משה האָט געזען כּנען. „איך שטיי אויף דער שוועל פֿון צוגעזאָגטן לאַנד (פֿון פֿרייַען מערב.—י. ר.) און דאָך בין איך אומרויִק, ביז איך וועל נישט אַרייַנטרעטן אַהין מיט אַלץ וואָס מיר איז טייַער פֿון מייַן גייַסטיקן באַגאַזש".

אין דער אויטאָביאָגראַפֿיע (פֿאַרענדיקט אין ריגע) ווימלט און שווימלט מיט תּנך־פֿאַרגלייַכן, מיט טיף־ייִדישע אַסאָציאַציעס, פּונקט ווי זייַן אונטערבאַוווּסטזייַן קלאַמערט זיך אין ייִדישן ריטואַל, וואָס הגם ער האַלט נישט פֿון אים און ער ריכט אים נישט אָפּ ווי געהעריק, דאָך כאַפּט ער זיך אָן אין אים, כּדי צו געבן אַן אויסדרוק זייַנע געפֿילן און פֿאַרלייכטערן זיך די פּערזענלעכע אָדער די ייִדישע לייַדן...

:: :: ::

צווישן די דובנאָוו־סתּירות פֿאַרנעמט אַ חשובֿן אָרט זייַן אינטעלעקטועלער אַנטי־ציוניזם און זייַן געפֿילמעסיקע צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישׂראל.

דובנאָוו, דער אַנטי־ציוניסט, האָט ליב געהאַט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט ייִדישקייט און ייִדן, און במילא האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקן סענטימענט צו ארץ־ישׂראל. ער טרוימט כּסדר אין זייַן טאָגבוך, ווי אַ פֿאַרליבטער, וועגן באַטרעטן די ערד פֿון אונדזער אָפּשטאַם, ווו יעדעס שטיינדעלע דערמאָנט אין תּנ"ך. ער טרוימט צו פֿאַרענדיקן זייַן גרויס היסטאָריש ווערק און נאָך האָבן אַ מעגלעכקייט צו פֿאַרברענגען די לעצטע יאָרן אין ארץ־ישׂראל.

צווישן די דובנאָוו־סתּירות פֿאַרנעמט אויך אַן אָרט (און נישט דאָס לעצטע אָרט) די סתּירה פֿון זייַן טרוימען וועגן לעבן אין ארץ־ישׂראל, און פֿון זייַן נישט דערפֿילן זייַן טרוים, ווען ער האָט דאָס לייַכט געקאָנט טאָן נאָך זייַן נסימדיקן אַרויסגיין פֿון סאָוועטישן מצרים... זאָל זייַן אַז דאָ האָט געווירקט אומבאַוווּסטזיניק זייַן

פֿאַרלאַנג זיך צו אידענטיפֿיצירן מיט אונדזערע גרויסע? ער האָט זיך אומבאַוווּסטזיניק סימבאָליש אידענטיפֿיצירט מיט משהן, וועלכער האָט געגעבן די תורה און איז געבליבן אויפֿן שוועל פֿון כנען, דרויסן פֿון הייליקן, אויסגעבענקטן לאַנד...

נישט אומזיסט געפֿין איך בײַ אים מערקווירדיקע שטעלן, וואָס לאָזן צו אָט דעם געדאַנק, וואָס ווײַזן אויף זײַן שטאַרקן געפֿיל פֿון דערפֿילן אַ מיסיע. אָט אַזאַ מין שטעלע איז פֿאָלגנדיקע: „אָפֿטמאָל פֿלעג איך זיך שטעלן די פֿראַגע...: צי טו איך ריכטיק מיט דעם, וואָס איך שרײַב פֿאַר ייִדן אויף רוסיש? פֿאַרצייכענענדיק די וואַקסנדיקע אָפּטריניקערײַ פֿון ייִדישן לאַגער צוליב קאַריערע, האָב איך געשריבן: „מײַן מיסיע — צו זײַן דער אַפּאָסטאָל פֿון געטשנדינער, אָפּגעפֿרעמדטע פֿון ייִדנטום — ווערט אַלץ שווערער. אָפּט, אונטער דער ווירקונג פֿון אַזעלכע בילדער אָדער דערמאָנונגען פֿון דרויסן, פֿילסטו אַ נויטווענדיקייט צו וואַרפֿן אָט די מיסיע און איר כּלי־זיין, די רוסישע שפּראַך, אָנהויבן שרײַבן אין דער נאַציאָנאַלער שפּראַך פֿאַר דער געזינטערער טייל פֿאָלק! איך פּערזענלעך וואָלט אין דער איבערקערעניש געווען געפֿונען אַ טיפֿע מאָראַלישע באַפֿרידיקונג, איך וואָלט זיך געווען פֿאַרבונדן מיט מײַנע ליטעראַרישע אבות, די שעפֿער פֿון גײַסט זינט די ביבלישע צײַטן. אָבער ווער וועט פֿאַשען מײַנע פֿאַרבלאָנדזשעטע שעפּסן?" (אונטערג. דורך מיר — י. ר.)

משה איז געווען אַ פּאַסטוך פֿון שאָף, געהיט פֿאַרבלאָנדזשעטע שעפּעלעך..."

דער נאַציאָנאַלער מיטאָס קלאַפּט שטאַרק אין דובנאָווס געמיט אויף דעם גאַנצן שטח פֿון דער אויטאָביאָגראַפֿיע...

און דאָס איז איינע פֿון אירע גרויסע מעלות.



וואָלף באַנדורעק „משה פֿאַרן ברענענדיקן דאָרן".

**יצחק יאַנאַסאָוויטש** / בוענאָס אײַרעס

# שמעון דובנאָוו ז״ל



— 1 —

פּראָפ. שמעון דובנאָוו, דער גרויסער יִדישער דענקער און היסטאָריקער, האָט, ווי מיר ווייסן, זײַן גאַנץ ערלעך און פּרוכטיק לעבן אָוועקגעגעבן דער אַרבעט צו פֿאָרשן און צו שרײַבן די דברי הימים, די געשיכטע פֿון יִדישן פֿאָלק. דערפֿאַר האָט די יִדישע געשיכטע אים באַלוינט און האָט זײַן נאָמען אַרײַנגעשריבן אין דער לאַנגער מגילה פֿון אירע אויסדערווײלטע קדושים. אַזאַ באַלוינונג קען אפשר אויסזען ווי אַן איראָניע פֿון גורל, אָבער ווער עס קען דעם הייליקן פּלאַם פֿון דער יִדישער מאַר־טיראָלאָגיע און ווער עס ווייסט וואָס עס באַדײַט דאָס פֿײַער אין וועלכן עס האָט זיך אויסגעשמידט די יִדישע אומה, דער וועט פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז געווען אַ גרויסע זכיה פֿאַר דעם וואונדערלעכן מאַן וואָס האָט זײַן גאַנצן כח און זײַן גאַנצן מוח געווידמעט דעם יִדישן פֿאָלקס־זכרון און איז דערפֿאַר מיט זײַן לעבן און אויך מיט זײַן טויט אַרײַן אין דעם אייביקן זכרון פֿון זײַן פֿאָלק.

פּראָפ. שמעון דובנאָוו, דער גרויסער יִדישער גע־לערנטער וואָס האָט זײַן גײַסטיקע פֿאָרמירונג געהאַט צו פֿאַרדאַנקען די הומאַניסטישע אידעען פֿון 19טן יאָרהונ־דערט, און דערהויפּט — דעם פּאָזיטיוויסטישן און ראַציאָנאַליסטישן געדאַנק, וואָס האָט אין יענער צײַט באַהערשט די קולטור־וועלט אין אייראָפּע און רוסלאַנד, איז געקומען צום יִדישן פֿאָלקס־עבר מחמת זײַן ליב־שאַפֿט און זײַן טרײַשאַפֿט צו דער יִדישער פֿאָלקס־קעגנ־וואַרט. און כאָטש זײַנע ערשטע וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן וואָס ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנען געשריבן געוואָרן אין רוסיש, האָט ער אָבער קיינמאָל ניט דורכגעמאַכט דעם וועג אויף וועלכן עס זײַנען געגאַנגען אַ סך יִדישע אינטעלעקטואַלן פֿון זײַן צײַט. אַ סך אַ סך פֿון זײַנע בני־גיל זײַנען, ווי מיר ווייסן, אַוועק צו רוסיש, אָדער צו אַנדערע נישט־יִדישע שפּראַכן, האָפֿנדיק, אַז די דאָזיקע שפּראַכן וועלן זיי פֿירן אין דער גרויסער וועלט אַרײַן און זיי מיט דעם אַרויספֿירן פֿון דעם אָרימען יִדישן געטאָ. פּראָפ. שמעון דובנאָוו האָט שרײַבנדיק רוסיש, אָדער דײַטש קיינמאָל נישט געפּרוּווט אַריבערשפּאַנען די שוועל פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם געטאָ און, ער איז אויף זײַן אופֿן תמיד געווען און געבליבן מיטן פֿאָלק און צווישן פֿאָלק. ווען ער האָט אין די שפּעטערע יאָרן גענו־מען שרײַבן העברעאיש און אויך יִדיש האָט ער זיך נישט געדאַרפֿט אומקערן צוריק אַהיים, ווײַל ער איז גײַסטיק און פּסיכיש פֿון דער היים קיינמאָל נישט אַוועק און דער דאָזיקער זכות איז אים געווים בײַגעשטאַנען אין יענעם מאָמענט ווען דער שר האומה האָט געפּסקנט, אַז זײַן נאָמען, דער נאָמען שמעון דובנאָוו, זאָל אַרײַן אין דער ליכטיקער רשימה פֿון די גדולים ונכבדים, וואָס די קומענדיקע דורות זײַנען אייביק מחויב צו געדענקען.

שמעון דובנאָוו איז נישט געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך פֿאַרמאָסטן צו שאַפֿן אַ כוללדיק ווערק וועגן דעם לעבנס־דויער פֿון יִדישן פֿאָלק. אויך פֿאַר אים זײַנען שוין געווען יִדישע היסטאָריקער, וואָס האָבן זיך זייער ערנסט אָפּגעגעבן מיט דער פֿולער ביאָגראַפֿיע פֿון ישראל סבא און איינער פֿון זיי איז געווען דער גרויסער געלערנ־טער און וואונדערלעכער שרײַבער צבי, אָדער היינריך גרעץ. דער אונטערשיד צווישן גרעצן און דובנאָוון איז אָבער באַשטאַנען נישט בלויז אין דער אַנדערשקייט פֿון די מעטאָדן בײַם פֿאָרשן די יִדישע פֿאַרגאַנגענהייט, נאָר זי איז באַשטאַנען אין דער אַנדערשקייט פֿון זייער קוק אויף דער ראָל פֿון קעגנוואַרטיקן יִדנטום. גרעץ האָט טאַקע אידעאַליזירט דעם יִדישן נעכטן, אָבער ער האָט אויך מינימיזירט דעם יִדישן הײַנט. שמעון דובנאָוו האָט די יִדישע פֿאַרגאַנגענהייט נישט אידעאַליזירט, נאָר אַנאַליזירט און דערפֿאַר האָט ער סינטעטיזירט אין איין גאַנצער שיטה זײַן קוק אויף דער יִדישער קעגנוואַרט און יִדישער צוקונפֿט. גרעץ האָט אונדז כסדר און כסדר געזונגען דאָס וואונדערלעכע ליד וועגן דעם, „אַז אַמאָל איז געווען”. שמעון דובנאָוו האָט נישט געזונגען, ער האָט מיט אַ לויטער און איבערצײַגנדיק קול גערעדט וועגן דעם וואָס איז געווען, וועגן דעם וואָס איז און וועגן דעם וואָס דאַרף זײַן.

אַז מען לייענט הײַנט גרעצס יִדישע געשיכטע איז

שווער זיך צו באַפרײַען פון דעם אײַנדרוק, אַז מיר הערן די פּאַראַפראַזע פון די נביאישע ווערטער: זכרתי לך חסד נעוריך. עס קומט אויס ווי דער אַלטער באַפליגלטער היסטאָריקער וואָלט געזונגען מיט אַ בענקשאַפטלעך־פאַרליבט קול צו דער כנסת ישראל וועגן איר וווּנדערלעך שיינער פאַרשווּנדענער יוגנט. אָבער צווישן די דאָזיקע זינגנדיקע שורות זײַנע הערט זיך בסדר און כסדר דער ביטערער ווײ־געשריי: זע, ייִדיש פאָלק, וואָס דו ביסט אַמאָל געווען, ווי שיין און דערהויבן עס זײַנען געווען דײַנע געצעלטן, ווי גרויס און מעכטיק עס זײַנען געווען דײַנע העלדן. און זע, פאָלק מײַנס, אויף וואָס דו ביסט איצט אָפּגעקומען, און ווי אָרים און גרוי עס איז דײַן קעגנוואַרטיק לעבן. שמעון דובנאָוו איז געווען פונקט דער היפוך. ער האָט קיינמאָל נישט מבזה געווען דעם הײַנט פון זײַן פאָלק און ער האָט אין אים תמיד געפונען די דאָזיקע גרויסקייט וואָס האָט זיך געקענט פאַרגלײַכן מיט די עפּאָכעס פון פאַרגאַנגענער העראָאיק. ער איז מיט אַלע זײַנע רמ״ח אברים געווען אַרײַנגעטאָן אין דעם אַקטועלן און אַלצײַטיקן לעבן פון זײַן פאָלק און פאַר דעם דאָזיקן לעבן, פאַר דעם דאָזיקן פאָלק האָט ער געשריבן די צען־בענדיקע געשיכטע פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט. נישט קיין אַפּאָלאָגעטיק וועגן עבר האָט ער געשריבן, נאָר אַ מוסר השכל פאַר דעם הוה. האָט ער זיך געמיט צו שאַפן. ער האָט געשילדערט און רעקאָנסטרואירט דאָס געוועזענע, ווײַל ער האָט דערפון געוואָלט אַרויסקריגן די זאַפטן און די קרעפטן פאַר דעם הײַנט און פאַר דעם מאָרגן פון דעם דויערנדיקן אייביקן ייִדישן לעבן.

— 2 —

עס טרעפט אָפט אין דער ליטעראַטור, אַז שרײַבער אַנטלויפן פון זייער צײַט אין דער פאַרגאַנגענהייט אַרײַן, איניקע טוען דאָס מחמת די אַקטועלע ווירקלעכקייט ווערט זיי נמאס און דעריבער זוכן זיי טרייסט און דערהויבונג, שיינקייט און יום־טובדיקייט אין די פאַרשווּנדענע צײַטן. די דאָזיקע שטרעבונג, דער דאָזיקער אַנטלויף פון דעם איצט צו דעם אַמאָל האָט כאַראַקטעריזירט די ראָמאַנטישע דיכטער פון 18טן יאָרהונדערט. עס טרעפט אָבער אויך, אַז שרײַבער גייען אַוועק צו דער פאַרגאַנגענהייט נישט דערפאַר ווײַל זיי האָבן אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו זייער קעגנוואַרט, נאָר פונקט פאַרקערט, ווײַל זיי ווילן העלפן זייער קעגנוואַרטיקע ווירקלעכקייט דורך אַ גזירה שווה אין דער פאַרגאַנגענהייט. זיי ווענדן זיך צו דער געשיכטע, ווײַל אין שפּיגל פון אירע דערפאַרונגען ווילן זיי דערזען די כאַראַקטעריסטישע ליניעס און פלעקן אויף דעם פּנים פון זייער צײַט און זיי ווילן אויסגעפינען סײַ דאָס פּאָזיטיווע, סײַ דאָס נעגאַטיווע וואָס די אַמאָליקע געשעענישן און איבערלעבונגען האָבן באַשטעטיקט אָדער געלייקנט. אַזאַ שרײַבער איז געווען לעוו טאָלסטאָי וואָס איז אין זײַן ראָמאַן „קריג און פרידן" אויסן געווען צו אַנטפּלעקן, דורך דער געשיכטע, די אייביקע אמתן וועגן די פּראָבלעמען וואָס האָבן באַשעפטיקט זײַן פאָלק, זײַן דור און זײַן קעגנוואַרט. אויך שמעון דובנאָוו, איז אַלס היסטאָריקער נישט געווען קיין „ראָמאַנטישע" ווירקלעכקייטס־אַנטלויפער ווי דאָס איז געווען גרעץ. ער איז נישט געגאַנגען אויף די שפּורן פון די פאָלקישע זכרונות, ווײַל די איצטיקייט פון זײַן פאָלק איז אים געווען צו גרוי, צו ענג און צו קליין, אַז זי זאָל קענען וואַרעמען זײַן נשמה מיט דעם פײַער פון פאַרליבטקייט. ניין, דובנאָוו איז געגאַנגען צו דעם עבר פון זײַן פאָלק, ווײַל אים האָט אינטערעסירט די פאָלקישע קעגנוואַרט. מען קען זאָגן נאָך מער: דובנאָוון האָבן פאַרינטערעסירט די פאָלקישע זכרונות נאָר דערפאַר ווײַל ער האָט פון זיי געוואָלט אויסשמידן דעם גרויסן נאַציאָנאַלן זכרון און דערמיט האָט ער געטאָן די אַרבעט פון אַלע גרויסע ייִדישע גײַסטער, וועלכע האָבן תמיד געהאַלטן, אַז פונקט ווי עס איז אין מוקדם ומאוחר בתורה, עס איז נישטאָ קיין פריער און קיין שפּעטער אין דער תורה, אַזוי איז אויך נישטאָ קיין פריער און קיין שפּעטער אין דער ייִדישער געשיכטע, ווײַל ייִדישע געשיכטע איז ניט דאָס איינמאָליקע, דאָס געוועזענע וואָס חזרט זיך מער נישט איבער, נאָר ייִדישע געשיכטע איז דאָס אַלעמאָליקע, דאָס שטענדיקע וואָס דער קומענדיקער דור קען און מוז אַנטקעגנעמען פון דעם דור וואָס גייט אַוועק אָדער איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען.

ס'איז כדאי דערבײַ צו זאָגן עטלעכע ווערטער וועגן די געשיכטלעכע זכרונות פון אַ פאָלק און דעם געשיכטלעכן זכרון פון אַ פאָלק. די פראַנצויזן זאָגן, אַז גליקלעכע פעלקער האָבן נישט קיין זכרונות. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נאָר אַ שיין באַפליגלט וואָרט, וואָס האָט נישט קיין דעקונג אין דער מענטשלעכער דערפאַרונג. ווו זײַנען פאַראַן פעלקער וואָס האָבן ניט קיין זכרונות? ווען מען זאָל פון דעם שטאַנדפּונקט מעסטן די פעלקער וואָלט מען אפשר געמוזט זאָגן, אַז עס זײַנען אויף דער וועלט גאָרנישט פאַראַנען קיין גליקלעכע פעלקער. דער אמת איז אָבער, אַז יעדעס פאָלק האָט טאַקע אירע זכרונות, אָבער אומגליקלעך זײַנען די דאָזיקע פעלקער וואָס האָבן בלויז זכרונות. אומגליקלעך זײַנען איבערהויפּט די דאָזיקע פעלקער וואָס זייערע זכרונות באַלאַסטן דעם פאָלקישן זכרון. דאָס קען אפשר אויסזען ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער עס איז דערין פאָרט פאַראַן אַ גרויסער אמת. אין לעבן פון יעדן יחיד טרעפט אָפט, אַז ער לעבט מיט זכרונות, אָבער די דאָזיקע זכרונות באַלאַסטן און אַטראָפירן זײַן זכרון. זכרונות האָבן צו טאָן בלויז מיט דעם פאַרגאַנגענעם, בלויז מיט דעם געוועזענעם. זכרון האָט צו טאָן מיט דעם הײַנט, מיט דעם איצט, מיט דעם

לעבעדיקן אקטועלן לעבן. און פונקט ווי א מענטש קען זיך נישט רעכענען פאר א בר שכל ווען אין זיין קאפ פלאנטערן זיך בלויז אפגעריסענע דערמאנונגען פון ווייטע פארגאנגענע צייטן און דאקעגן געדענקט ער נישט וואס עס האט מיט אים געטראפן נעכטן, אדער וואס ער דארף טאן מארגן, אזוי קען אויך קיין פאלק נישט לעבן ווען עס באשעפטיקט זיך בלויז מיט דערמאנונגען פון אמאל און עס האט שוין נישט אין זיך די לויטערע געדענקשאפט פון דעם וואס עס האט מיט אים פאסירט ערשט איצט און וואס עס קען מיט אים פאסירן און טרעפן מארגן.

א פאלק דארף געדענקען די געשעענישן אין זיין לעבן, אבער ווי דעם דאזיקן פאלק וואס דאס געדענקען פארמירט נישט זיינע געדאנקען און זיינע געדאנקען ווערן נישט ווייטער געטראגן דורך זיין זכרון. די כאראקטעריסטישע סמנים פון א פאלק אין אונטערגאנג זיינען די דאזיקע זכרונות וואס האבן שוין גארנישט צו טאן מיט דעם היינטיקן פאלקס־לעבן. מיר אלע קענען די אינדיאנישע שבטים אין דרום־אמעריקע. זיי זיינען אמאל געווען מיטגלידער פון א גרויס פאלק, פון א מעכטיקער ראסע. איצט געדענקען זיי נאך פארשידענע לעגענדעס, פארשידענע מנהגים און פארשידענע ריטואלן, אבער די דאזיקע אלע לעגענדעס, מנהגים און ריטואלן האבן שוין קיין שום שייכות נישט מיט זייער אקטועל איצטיק לעבן. זיי האבן בלויז אמאליקע זכרונות, אבער זיי האבן שוין נישט קיין היינטיקן לעבעדיקן זכרון. בכלל דארף מען וויסן, אז דאס פארלירן דעם זכרון איז די ערגסטע שטראף מיט וואס די געשיכטע באשטראפט געוויסע פעלקער. מיר געפינען ביי די אמאליקע מצרים, אז זיי האבן געליטן אלערליי צרות און זיינען געקומען אויף שאנד און שפאט נאר דערפאר ווייל זיי האבן אין א געוויסן מאמענט פון זייער פאלקיש לעבן פארלוירן דעם זכרון, אדער פארלוירן פון זכרון איין רינגעלע אין דער קייטלונג פון זייערע היסטארישע געשעענישן. דער חומש דערציילט אונדז ביים אנהייב פון דער יידישער עפאפייע אין מצריים, אז ס'איז אויפגעשטאנען דארט א דור אשר לא ידע את יוסף: נאר איין דור האט פארלוירן דעם זכרון, נאר איין דור האט פארגעסן וואס דער אמאל האט אים געלערנט און דערפאר איז דאס פאלק געשטרויכלט געווארן, איז אוועק אויף שלעכטע וועגן און האט דערלעבט צו קריגן אלע מכות און צו האבן די מפלה פון סוס ורוכבו רמה בים. דאס איז נאר א קליינער אנווייז אויף דער סכנה פון פארלירן דעם זכרון אבער אין דער אמתן ווייסן מיר, אז א סך פעלקער זיינען נאך ערגער באשטראפט געווארן פון דער געשיכטע און ווען זיי האבן פארלוירן דעם זכרון האבן זיי אויך פארלוירן זייער לעבן, זייער עקזיסטענץ, זייער פאזיציע אויף דער ארענע פון דער מענטשהייט און זיינען אונטערגעגאנגען און פארשוואונדן אין די שכחה-קאמערן פון דער צייט.

שמעון דובנאוו איז געווען איינער פון די גרויסע זכרון־שמידער אין אונדזערע דורות. גרעץ האט וווּנדערלעך באשריבן, וווּנדערלעך געמאלן און וווּנדערלעך געשילדערט דאס פארגאנגענע יידישע לעבן. קיינער קען זיך מיט אים נישט פארגלייכן אין דעם געמעל פון אונדזערע היסטארישע העלדן. קיינער האט נישט שענער און פארביקער אויפגעלעבט אונדזערע אמאליקע פערזענלעכקייטן. זיין סטיל איז ממש א בריליאנטענער און זיין פאטאס פון פארליבטקייט אין יענע העלדן און פערזענלעכקייטן רייסט מיט און צינדט אן מיט אן עלעגיש־בענקשאפטלעך פייער. אבער אז איר לייענט גרעצן פרעגט איר נישט איינמאל: ווו איז דאס וואכעדיקע יידישע זיין וואס האט ארויסגעגעבן אט די אלע שיין־באשריבענע העלדן? ווו איז די גרויע טאג־טעגלעכע יידישע עקזיסטענץ צוליב וועלכער אט די אלע אנשי מעשה האבן זיך געשלאגן און וואס די דאזיקע אנשי מחשבה האבן מיט זייער גייסט פארמירט און געשטאלטיקט? דאס דאזיקע וואכעדיקע, טאג־טעגלעכע לעבן קענט איר ביי גרעצן נישט געפינען. גרעץ האט געשילדערט די גאנצע יידישע עקזיסטענץ ווי אן עקזיסטענץ פון א גייסטיקער אריסטאקראטיע. דאס פשוטע פאלק האט ער נישט געזען. דאס פראסטע לעבן האט ער נישט באנומען. ער האט אונדז געוויזן דעם שבת פון יידישקייט, אבער די וואך פון יידישקייט האט ער פארזען און נישט געוואלט אנערקענען. גרעצס יידישקייט איז געווען א מוזעאלע יידישקייט, אן ארכיוויאלע יידישקייט. די יידישקייט פון געוויינלעכן לעבן, דעם שטראם וואס שאפט די כוואליעס און טראגט זיי, האט אים ווי א היסטאריקער נישט אינטערעסירט און ס'איז אים אפשר גארנישט אנגעשטאנען מיט אים זיך צו באשעפטיקן.

שמעון דובנאוו האט גענומען די יידישע געשיכטע און האט זי פאר אונדז אוועקגעשטעלט אויף די נארמאלע פיס פון געזעצמעסיקייט און קאנסעקווענץ. אנשטאט די געשיכטע פון א פאלק — אן אויסנאם האט ער אונדז געשילדערט די געשיכטע פון א פאלק אין אויסנעמלעכע צושטאנדן. דערביי האט ער אבער אונדז אויך געוויזן ווי אזוי דער לעבנס-ווילן פון פאלק קען באזיגן די דאזיקע אויסנעמלעכע צושטאנדן און פון זיי אפילו ארויסשלאגן גענוג וויטאליטעט אויף צו אנטוויקלען א העכערע מדרגה פון לעבן. דובנאוו האט נישט געלייקנט, אז מיר זיינען א פאלק וואס איז נישט גלייך צו אנדערע פעלקער, אבער אנאליזירנדיק די דאזיקע נישט גלייכקייט האט ער פאר אונדז אנטפלעקט איר מערווערטיקייט און אונדז געלערנט באזייטיקן אין זיך די כלערליי מינדערווערטיקייטס־קאמפלעקסן וואס די דאזיקע נישט־גלייכקייט האט אלעמאל אין אונדז ארויסגערופן. ביי זיין גאנצער אפאלאגעטיק האט גרעץ געשפילט די ראל פון אן אדוואקאט פון יידנטום, ער האט פארטיידיקט אונדזער אויסנעמלעכע עקזיסטענץ און האט זי געפרווט פארענטפערן פאר דער

וועלט. דערהויפּט האָט ער געוואָלט דערווייַזן, אַז אַמאָל, אַמאָל זייַנען מיר אַנדערש געווען, זייַנען מיר געווען מיט לייַטן גלייַך און אפשר נאָך מער ווי מיט לייַטן גלייַך. שמעון דובנאָוו האָט נישט געשפּילט די ראָל פון קיין אַדוואָקאַט פון ייִדישן פאָלק. ער האָט אונדז פאַר קיינעם נישט געפּרוווט פאַרענטפערן. ער האָט גענומען די היסטאָרישע געשעענישן אין ייִדישן פאָלקס־לעבן און זיי דערקלערט, און דערקלערנדיק זיי האָט ער אַלעמען דערוויזן, אַז די אומנאָרמאַליטעטן אין אונדזער זייַן זייַנען נישט קיין פּועל יוצא פון אונדזער כאַראַקטער אַנדערשקייט, נאָר זיי זייַנען אַ רעזולטאַט פון אונדזער לעבנס־אַנדערשקייט. נישט מיר האָבן זיך אויסגעוויילט צו זייַן העכער פון אַנדערע פעלקער, נאָר אונדזער לעבן, אונדזער געשיכטלעכער גאַנג איבער דער וועלט האָט אונדז אַוועקגעשטעלט אויף אַ העכערער מדרגה, ווי אַ נאַציע וואָס לעבט נאָר און בלויז אַ דאַנק איר אינערלעכער קולטור, אַ דאַנק איר אינטענסיווער גייַסטיקייט וואָס פאָרמירן אירע כלל־אינסטיטוציעס און באַווירקן איר מאַטעריעל לעבן.

— 3 —

וואָס דובנאָוו האָט אָבער בעיקר זיך באַמיט צו דערווייַזן אין זייַן ייִדישער געשיכטע און אין זייַנע פּובליציסטישע שריפטן איז דאָס, אַז מען קען בכלל ניט ריידן וועגן נאָרמאַלע און אומנאָרמאַלע פעלקער. יעדעס פאָלק, וואָס לעבט און שאַפט, וואָס געדענקט זייַן עבר און זאָרגט וועגן זייַן צוקונפט, מעג עס עקזיסטירן אַזוי אָדער אַנדערש, איז עס נאָרמאַל און מען קען עס נישט אָפּפרעגן אָדער פאַרמשפּטן. מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס איז נישט בלויז געווען קיין טעאָרעטישע חקירה, נאָר אַ פּראָבלעם וואָס האָט געהאַט אַ גאַנץ באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע באַדייַטונג אין יענע יאָרן ווען דובנאָוו האָט געווירקט אויף דער ייִדישער גאַס. פון איין זייַט האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן נישט ייִדישע טעאָרעטיקער וועלכע האָבן געפּרוווט דערווייַזן, אַז ייִדן זייַנען נישט קיין פאָלק, ווייַל זיי באַזיצן נישט די סמנים פון אַ נאַציע, וואָס איינע פון זיי איז אַן אייגענע טעריטאָריע און די צווייטע פון זיי איז אַן איינהייטלעכע שפּראַך. פון דער צווייטער זייַט האָבן אויך ייִדישע דענקער און פירער אָנגעהויבן ארויסקומען אין דער דעמאָלטיקער צייַט מיט דעם רעיון, אַז ייִדן זייַנען אין אַן אומנאָרמאַלער לאַגע און דאָס מאַכט זיי פאַר אַן אומנאָרמאַל פאָלק. פון דער דאָזיקער הנחה איז טאַקע געבוירן געוואָרן דער ציוניזם וועלכער האָט געשטרעבט אומצוקערן ייִדן צו זייער באַנייַטער נאָרמאַליטעט. שמעון דובנאָוו האָט דעם דאָזיקן געדאַנקענגאַנג ניט אָנערקענט. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס ייִדישע פאָלק קען זיך געפינען אין אַן ערגערער אָדער בעסערער לאַגע, אָבער אַלעמאָל געפינט עס זיך אין אַ נאָרמאַלער לאַגע, ווייַל ישוין דערמיט אַליין וואָס עס עקזיסטירט און מאַניפעסטירט דעם ווילן צו ווייַטערדיקער עקזיסטענץ, באַווייַזט עס אַז דאָס איז אונדזער נאָרמאַליטעט, אונדזער אייגן געשאַפענע ייִדישע נאָרמאַליטעט. עס קען זייַן, אַז די צייַט און די געשעענישן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן אָפּגעפרעגט דובנאָווס גערעכטיקייט אויף דעם דאָזיקן פונקט, אָבער וועגן דעם האָבן מיר איצט נישט בדעה צו ריידן, ווייַל מיר פּאָלעמיזירן איצט נישט מיט דובנאָווס געדאַנקענגאַנג, נאָר מיר באַמיען זיך אים צו פאַרשטיין און צו באַלייַכטן.

מיר דאַרפן אָבער אפשר יאָ צוגעבן, אַז אַפילו איצט, ווען מיר נעמען אָן, אַז דובנאָווס שיטה און דובנאָוס געדאַנקענגאַנג האָבן זיך נישט הונדערט־פּראָצענטיק באַשטעטיקט אין לעבן און באַשטעטיקט האָבן זיך גראָד יאָ די הנחות פון זייַנע אידעאָלאָגישע קעגנער, דאַרפן מיר פונדעסטוועגן אָנערקענען, אַז אין תוך זייַנען אַ סך פון זייַנע געדאַנקען וועגן אונדזער פאָלק זייער ריכטיקע און אַקטועלע. אויך הייַנט, אין די צייַטן פון מדינת ישראל, אין די צייַטן ווען די ציוניסטישע אידעען האָבן געזיגט און האָבן באַוויזן אָנצוהייבן אַ נייַ קאַפּיטל אין אונדזער געשיכטע, גייט נאָך אַלץ אָן דער אַלטער שטרייט וועגן דער נאָרמאַליטעט אָדער אומנאָרמאַליטעט פון גלות־ייִדנטום און ס'איז קיין סוד נישט, אַז אויך אין די ציוניסטישע רייַען און אין די רייַען פון די ישראל מנהיגים איז מען נאָך נישט אייניק בנוגע דעם צי מען דאַרף די גאַנצע ייִדישע גלות־געשיכטע באַטראַכטן ווי אַן אומנאָרמאַלן, לאַנג־דויערנדיקן פּעריאָד אין ייִדישן פאָלקס־לעבן, אָדער מען דאַרף אים באַטראַכטן ווי אַ פּעריאָד פון אַ נאָרמאַל פאָלקס־לעבן אין אומנאָרמאַלע באַדינגונגען. דער חילוק צווישן די דאָזיקע צוויי שטאַנדפּונקטן איז זייער אַ גרויסער און ס'וואָלט כדאי געווען וועגן אים ברייטער און אויספירלעכער צו רעדן. מיר ווילן נאָר זאָגן גאַנץ בקיצור, אַז אַפילו נאָך הייַנט צו טאָג שטייען די דאָזיקע ייִדישע דענקער וואָס ווילן נישט אַריבערשפּרינגען די צוויי טויזנט יאָר פון ייִדישן גלות־לעבן און ווילן נישט מבטל זייַן איר גרויסע גייַסטיקע ירושה, אויף דער זייַט פון שמעון דובנאָוו, האַלטנדיק, אַז מיר זייַנען אין גלות געווען אַ פאָלק פונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער, כאָטש די באַדינגונגען אין וועלכע מיר האָבן געלעבט זייַנען נישט געווען קיין נאָרמאַלע. און ראָטש די דאָזיקע ייִדישע דענקער קומען צו אַנדערן אויספירן בנוגע דער ייִדישער צוקונפט ווי פראָפ. שמעון דובנאָוו איז אין זייַן צייַט געקומען, נעמען זיי אָבער אין תוך פאַרט אָן זייַן לערע און זייַן אַקסיאָמע, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז אין אַלע צייַטן און אונטער אַלע לעבנס־אומשטענדן געווען אַ פאָלק מיט דעם פולן רעכט אויף זייַן פאָלקישער עקזיסטענץ און זייַן פאָלקישער ווירדע.

איך וויל דערמיט באַטאָנען און אונטערשטרייכן, אַז אַפילו היינט צו טאָג ווען דאָס לעבן האָט אָפּגעפרעגט די פּאָליטישע ריכטונג וואָס פּראָפּ. שמעון דובנאָוו האָט געשאַפן און פאַרטיידיקט זיין גאַנץ געזעלשאַפטלעך לעבן, אַפילו ווען מיר נעמען היינט שוין מער נישט אָן זיין פּאָליטיש געזעלשאַפטלעכן פּראָגראַם פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, געפינען מיר דאָך ביי דובנאָוון אַ סך אייביקע אמתן וועלכע קיין שום צייט וועט נישט פאַרליי־קענען. וואָרים די דאָזיקע צווישן אונדז וואָס זיינען ניט קיין שוללי הגלות און ווילן נישט דערלאָזן צום געדאַנק, אַז מיר האָבן גאַנצע צוויי טויזנט יאָר געלעבט אין אַ מין לעטאַרגישן שלאָף, אין אַ מין נאַציאָנאַלן הינערפּלעט, מוזן אָפּעורירן מיט דער היסטאָריאָזאָפיע פון דובנאָוון. און די דאָזיקע היסטאָריאָזאָפיע באַזירט זיך אויף איין עיקרדיקע הנחה: אַז דאָס יידישע פאָלק איז אַ פאָלק, כאָטש נישט תמיד און נישט אומעטום פאַרמאָגט עס די אַלע אַטריבוטן וואָס עס איז אָנגענומען, אַז אַ פאָלק מוז זיי פאַרמאָגן. מיר מעגן טאַקע שטרעבן אומצוקערן דעם היינטיקן יידנטום איינעם אָדער מער פון די דאָזיקע אַטריבוטן, מיר מעגן זיך באַמיען בלב ונפש, אַז ישראל סבא זאָל צוריק אויסבויען און באַפעסטיקן זיין אַלט היימלאַנד און זאָל וואָס מער יידן קאָנצענטרירן אין דער נייער יונגער יידישער מדינה, אָבער באַגלייך מיט דער דאָזיקער שטרעבונג, מוזן מיר אויך אנערקענען, אַז די דאָזיקע יידן וועלכע עס איז נישט באַשערט צוליב פאַרשידענע סיבות זיך איינצוזאַמלען קיין ישראל און צו לעבן אונטער דער פאָן פון אייגענער מדינהשקייט, זיינען און בלייבן אַ טייל פון דער יידישער אומה און בילדן צוזאַמען מיט זייערע ברידער אין ישראל און אין אַנדערע לענדער איין גרויס און איינהייטלעך וועלט־פאָלק. ווען מיר זאָלן נישט אָננעמען די דאָזיקע הנחה, ווען מיר זאָלן זיך נישט שטעלן אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט וואָלטן מיר געמוזט פאַרמשפּטן און אָפּטיילן פון יידישער פאָלקישקייט דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער יידנטום און דאָס יידנטום וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט אויף פאַרשידענע ווינקלען פון אונדזער כדור הארץ. מיר וואָלטן דעמאָלט אויך נישט געהאַט קיין שום גרונט זיך איינצושטעלן און צו פאָדערן רעכט פאַר דעם גערודפטן און געפּלאָגטן רוסישן יידנטום און פאַר די יידן וואָס לעבן אין כלערליי אַנדערע לענדער אין אַן אַטמאָספער פון רדיפות און נגישות. די דאָזיקע אמתן פליסן אַרויס פון דובנאָווס קוק אויף דער יידישער געשיכטע, אויף דעם יידישן פאָלק און די דאָזיקע אמתן זיינען אייביק און אַקטועל כל זמן עס וועט זיין אַ יידיש פאָלק און די יידן אין דער וועלט וועט זיך אויסקומען צו באַשעפטיקן מיט די דאָזיקע פּראָבלעמען.

כאַראַקטעריסטיש פאַר שמעון דובנאָוון איז איבער־הויפּט דאָס וואָס ער האָט אַלע מאַניפעסטאַציעס פון יידישן פאָלק־לעבן באַטראַכט ווי אַן אויסדרוק פון יידישן עקסיסטענץ־ווילן. נאַטירלעך איז ער נישט מסכים מיט אַלץ וואָס עס איז, ווען עס איז, געשען אין יידישן לעבן. נישט אַלץ איז אים צום האַרץ און נישט אַלץ איז נאָענט און אייגן זיין אינטעלעקטועל געמיט און געזעלשאַפט־לעכן טעמפּעראַמענט. אָבער ער באַמיט זיך אין זיין היסטאָרישער שילדערונג צו זיין ווי ווייט מעגלעך אָביעקטיוו און נישט צו זיין קיין סוביעקטיווער שופט איבער די געשעענישן און די געראַנגלען וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין יידישן לעבן. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס פאַר דובנאָוון איז דאָס יידנטום תמיד געווען אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם מיט פאַרשיידענע פונקציעס און נישט קיין אַבסטראַקטע אידעע, אָדער אַ טרעגער פון באַשטימטע שליחותן. אין פלוג דאַכט זיך אויס, אַז דובנאָווס ראַציאָנאַליסטישער צוגאַנג צו דער יידישער געשיכטע דעגראַדירט די דאָזיקע געשיכטע און נעמט פון איר אַראָפּ די קרוין פון מיסטישע אויסדערוויילט־קייטן. דער אמת איז אָבער, אַז אין דעם דאָזיקן צוגאַנג איז פאַראַן אַ סך דערהויבונג און חשיבות, וואָרים דער וואָס מאַכט עמיצן אומנאַטירלעך גרויס מאַכט אים פאַק־טיש אפשר אומנאַטירלעך קליין. דובנאָוו האָט דאָס יידי־שע לעבן געשילדערט ווי אַ לעבן פון מענטשן און נישט ווי קיין לעבן פון מלאכים. ער האָט דעם יידנטום אויס־געטאָן די משיחישע טאָגע פון אַ שליח פאַר אַלע אַנדערע פעלקער און ער האָט אָנגעטאָן דעם יידישן פאָלק דאָס וואַנדער־מלבוש פון אַ שליח פאַר זיך אַליין. יידן האָבן נישט דווקא אין זין געהאַט די אידעע פון לתקן עולם במלכות שדי, אָבער יידן האָבן, לויט אים, אַלעמאָל אין זין געהאַט מתקן צו זיין זייער אייגן לעבן, צו פאַרזי־כערן זייער אייגענע עקזיסטענץ. אויב ס'איז אַזוי אַרויס־געקומען, אַז יידן האָבן אין געשיכטלעכן וואַנדער און דורך זייער געשיכטלעכע נסיונות דערגרייכט מדרגות וואָס קענען דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע פעלקער, איז דאָס נישט דערפאַר ווייל מיר האָבן דאָס פון פריער געוואָלט, אָדער ווייל עמיצער האָט אונדז געשיקט דאָס צו טאָן. דאָס איז געשען פשוט דערפאַר ווייל מיר האָבן אין אונדזערע ליידן און פרווון געקריגן חכמה און דערפאַרונג. ווען מען פרעגט אונדז אויף צו פריער ווייסט קיינער נישט צי מיר וואָלטן געוואָלט פאַר דער דאָזיקער חכמה און דערפאַרונג באַצאָלן דעם פּריַיז וואָס מיר האָבן באַצאָלט. אָבער די צייט און די געשיכטע האָבן אונדז נישט געפרעגט קיין קשיות און מיר האָבן געמוזט לעבן אַזוי ווי עס איז אונדז אויסגעקומען צו לעבן. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט רייסט אין דער ערש־טער רגע אפשר אַראָפּ אונדזער געקעכלטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ וואָס האָט זיך איינגערעדט, אַז מיר זיינען יידן מחמת פּריווילעגיקייט. אָבער אַז מען פאַרטראַכט זיך גוט זעט מען, אַז דער דאָזיקער כלומרשטער אָפּגעריסענער

נאַציאָנאַלער שטאָלץ איז דווקא דורך אָט דעם דאָזיקן צוגאַנג נאָך מער דערהויבן און באַפעסטיקט געוואָרן. דער זאָג פון די חז"ל בעל כרחך אתה חי האָט זיך דאָ באַשטעטיקט בנוגע דעם ייִדישן פאָלק אין זײַן גאַנצן פאַרנעם. די גרויסקייט פון ייִדישן פאָלק איז אָבער באַשטאַנען אין דעם וואָס מיר האָבן די געצוווּנגענקייט פון אונדזער לעבן פאַרוואַנדלט אין אַ פרײַוויליקייט פון עקזיסטענץ. און דאָס זאָגן מיר נאָך אויך הײַנט צו טאָג. ייִדן מוזן בלײַבן ייִדן ווײַל זיי קענען נישט ווערן אויס ייִדן, אָבער ווײַל זיי מוזן בלײַבן ייִדן, דאַרפן זיי שטרעבן און זיך באַמיען צו זײַן פרײַוויליקע ייִדן, ייִדן נישט פון אָפּשטאַם בלויז, נאָר ייִדן פון באַוווּסטזײַן, ייִדן פון געדאַנק און ייִדן פון גאַנצן האַרץ. אויב איר ווילט איז דאָס נאָך אַ העכערע מדרגה פון ייִדישקייט ווי די דאָזיקע ייִדישקייט וואָס דענקט, אַז זי עקזיסטירט דערפאַר ווײַל זי האָט צו דערפילן מיסיעס אָן וועלכע די וועלט קען זיך נישט באַגיין. אַלץ וואָס דובנאָוו זאָגט קען מען דעריבער רעזומירן אין איין זאַץ: ייִדן זײַנען ייִדן נישט פאַר יענעם, נאָר פאַר זיך.

— 4 —

ווי אַ ראַציאָנאַליסט און אַ פּאָזיטיוויסט האָט דובנאָוו נישט אָנערקענט קיין מיסטישע השגחה וואָס וואַכט און קירעוועט דעם ייִדישן פאָלקס־גורל. די זעלביקע לעבנס געזעצן, האָט ער געהאַלטן, וואָס לענקען די געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט, לענקען אויך די געשיכטע פון ייִדישן פאָלק. ווי אַ וויסנשאַפטלער האָט ער זיך באַמיט צו אַנטפּלעקן און דערפאָרשן די דאָזיקע געזעצן און זיי אונדז באַקאַנט צו מאַכן. הינטער גײַסטיקע באַוועגונגען און דערשײַנונגען אין ייִדישן לעבן האָט ער געזוכט די מאַטעריעלע סיבות וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן. ער איז געווען ווײַט פון דעם וווּלגאַרן און פלאַכן מאַטעריאַליזם, אָבער ער אָט פונדעסטוועגן גוט געדענקט דעם מאמר, אַז אם אין קמח אין תורה און אַז הינטער יעדער תורה מוז זיך געפונען דער קמח. בײַ ייִדן זאָגט מען, אַז אַזעלכע לאָקשן ווי מען עסט אַזעלכע זמירות זינגט מען. מען קען דעם טײַטש פון דעם דאָזיקן ווערטל פאַרביליקן און פאַרבאַנאַליזירן, אָבער דובנאָוו האָט געוווּסט די גרענעץ און ער האָט דעם באַלאַנס צווישן גײַסט און מאַטעריע און זייער איבעראַנאַנדיקע באַווירקונג אין אונדזער פאָלקס־לעבן וווּנדערלעך אײַנגעהאַלטן, סײַ מיט זײַן וויסנשאַפטלעכער באַהאַווּנטקייט, סײַ מיט זײַן לאָגישן טעמפּעראַמענט.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט האָט דובנאָוו זיך באַמיט צו דערווײַזן, אַז מיר ייִדן זײַנען נישט קיין אויסנאַם־פאָלק, נאָר אַ פאָלק אין אויסנעמלעכע אומשטענדן. מחמת דעם דאָזיקן טעם האָט ער נישט געהאַלטן, אַז אונדזער גאַנצע געשיכטע איז נאָר די געשיכטע פון מאַרטירערײַ און דורכאויסיקן קידוש השם. ער האָט געהאַלטן אַז איבער דעם ייִדישן פאָלקס־לעבן דאַרף מען נישט בלויז וויינען און קלאָגן, ווײַל ייִדן האָבן אין זייערע ערגסטע צײַטן פאָרט געלעבט אַ פול מענטשלעך לעבן, מיט כלערליי מענטשלעכע פריידן און סאַטיספאַקציעס און ער האָט צוגעגעבן, אַז ווען דאָס וואָלט אַנדערש געווען וואָלטן מיר נישט געקענט אויסהאַלטן דעם קאַמף פאַרן לעבן אויף דער אַרענע פון דער מענטשהייט. אַוודאי איז דער גרויסער היסטאָריקער אין דעם פּרט גערעכט געווען און מיר אַלע ווייסן, אַז די הנאות וואָס ייִדן האָבן געהאַט פון זייער אייגענעם לעבנס־אופן האָבן זיי קאָמפּענסירט פאַר די אַלע לײַדן וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דער פרעמדער וועלט. דאָך איז עס זייער מערקווירדיק וואָס די געשעענישן און די צײַט האָבן גענומען אָט דעם גרויסן ייִדישן געלערנטן וואָס האָט זיך באַמיט צו דערווײַזן, אַז די אַקס פון דער ייִדישער געשיכטע איז נישט געווען בלויז קידוש השם און האָבן אים, שמעון דובנאָוו, געמאַכט פאַר אַ קדוש. דווקא אים, דעם שרײַבער און פאָרשער פון דער ייִדישער געשיכטע האָט דער גורל באַשטימט צו מאַכן געשיכטע און דאָס נישט סתם געשיכטע, נאָר געשיכטע פון קדושה, פון מסירת נפש, ווײַל ווען מען האָט אים געוואָלט ראַטעווען פון ריגער געטאָ איז ער דערויף נישט אײַנגעגאַנגען און האָט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן כדי צו בלײַבן צוזאַמען מיט זײַן פאָלק וועלכן עס האָט געדראָעט טויט און אומקום.

שמעון דובנאָוו איז פון זײַן אָנהייב ביז זײַן סוף געווען צוזאַמען מיט'ן ייִדישן פאָלק און האָט קיינמאָל זיך נישט געוואָלט פון אָט דעם פאָלק, אויף קיין שום אופן, אָפּטיילן. אַלע זײַנע קענטעניש, אַלע זײַנע טאַלאַנטן, זײַן האַרץ און מוח האָט ער געווידמעט דעם דאָזיקן פאָלק וואָס ער האָט עס געלערנט פון זײַן אייגענער פאַרגאַנגענהייט ווי אַזוי צו לעבן אין דער קעגנוואַרט און ווי אַזוי צו פאַרזיכערן זײַן צוקונפט. די צײַט האָט אפשר אונדז געצוווּנגען צו רעווידירן געוויסע שטעלונגען און געדאַנקען פון דעם גרויסן ייִדישן געלערנטן, אָבער די צײַט וועט בײַ אונדז קיינמאָל נישט פועלן אַז מיר זאָלן רעווידירן אונדזער פאַרערנדיקע באַציאונג צו אים ווי צו איינעם פון די גרויסע און ליכטיקע פערזענלעכקייטן אין דער ייִדישער געשיכטע, וואָס אירע העלדן און פערזענלעכקייטן האָט ער אונדז געמאָלן און באַלויכטן אין זײַן גרויס ווערק „די נײַע געשיכטע פון ייִדישן וועלט־פאָלק."



**שלמה ביקל** / ניו־יאָרק

# דאָס שטורמדיקע לעבן פֿון אורי קאָוונער

דער ביאָגראַפֿישער זשאַנר איז זייער שוואַך פֿאַרטראָטן אין דער ייִדיש־ליטעראַטור. אַקוראַט וויפֿל געציילטע צענדליק לעבנס־באַשרײַבונגען פֿון שרײַבער און כּלל־טוער עס זײַנען דערשינען אויף ייִדיש ווייס איך נישט, אָבער ווייסן ווייס איך יאָ, אַז די ערנסטע און גוטע ביאָגראַפֿיעס צווישן זיי קאָן מען איבערציילן אויף די פֿינגער פֿון איין האַנט.

איינע פֿון די גרעסטענע ביאָגראַפֿיעס איז, בלי ספֿק, די באַשרײַבונג פֿון „דאָס שטורמדיקע לעבן פֿון אורי קאָוונערן, דעם ניהיליסט", פֿון מאַקס ווײַנרײַכ'ן.

ווײַנרײַכס ביאָגראַפֿיע פֿון אורי קאָוונערן איז שוין דערפֿאַר אַ גרעסטענע, ווײַל זי איז געשריבן אי אינטערעסאַנט און אי וויסנשאַפֿטלעך פּינקטלעך. ווײַנרײַך הויבט אָן די ביאָגראַפֿיע מעשׂה בעלעטריסט מיט דעם סאַמע סענסאַציאָנעלן פֿאַקט פֿון קאָוונערס אין סענסאַציעס רײַכן לעבן: מיט דער מודעה וועגן אַ גנבֿה פֿון הונדערט אַכט און זעכציק טויזנט רובל אין דער מאָסקווער סוחרים־באַנק. אין יענער מודעה, וואָס איז געווען געדרוקט אין די בערלינער צײַטונגען אין חודש מײַ פֿון יאָר 1875, האָט די מאָסקווער „סוחרים־באַנק" צוגעזאָגט אַ באַלוינונג פֿון דרײַ טויזנט רובל פֿאַר אויסגעפֿינען די אַנטלאָפֿענע גנבֿים אַלבערט קאָוונער און הערץ באָיאַרין.

דער פֿאַרשוין אַלבערט קאָוונער איז נישט קיין אַנדערער ווי דער העלד פֿון ווײַנרײַכס ביאָגראַפֿיע, דער שטורמדיקער העברעיִשער ליטעראַטור־קריטיקער פֿון די

זעכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, דער מחבר פון „חקר דבר”, אברהם אורי קאָוונער. דער פאַרשווין הערץ באַיאָרין איז געווען קאָוונערס אַ פעטער, וואָס האָט דעם פּלימעניק געהאָלפן בײַ דער גנבה, האָט אָפּגענומען זײַן חלק געלט, און האָט עוקר געווען קיין אויסלאַנד. קאָוונער אַליין איז נישט דערפאָרן ווײַטער ווי ביז מאָהילעוו. מען האָט אים אַרעסטירט, געמשפּט און פאַרשיקט אויף פיר יאָר קאַטאָרגע.

און די גנבה איז נישט געווען די איינציקע סענסאַציע אין קאָוונערס לעבן. אין יאָר 1883 האָט דער 51־יאָריקער אורי קאָוונער חתונה געהאַט מיט אַ רוסיש מיידל און האָט זיך צוליב איר געשמדט. און אַחוץ די צוויי גרויסע סענסאַציעס האָבן אין קאָוונערס לעבן נישט געפעלט אויך אַנדערע געשעענישן מיט אַ פּיקאַנטן עוקץ. דער יונגערמאַן אויף קעסט בײַ תנחום פּוטערניק אין ווילנע האָט פאַרזעצט צוויי בײַטשלעך פּערל, וואָס ער האָט אַרויסגעגנבעט בײַ דער שוויגער, און איז מיט דעם געלט אַנטלאָפן קיין קיעוו און געוואָרן דאָרט אַ סטודענט צווישן סטודענטן. דער יונגערמאַן, וואָס האָט זיך קוים דערשלאָגן צו מיטאַרבעט אין דער פּעטערבורגער ליבעראַלער צײַטונג „גאָלאָס”, האָט פאַרפירט אַ פּאָלעמיק מיט דאָסטאָיעווסקין. די פּאָלעמיק איז טאַקע געווען אַן איינזײַטיקע, וואָרים דער גרויסער שרײַבער האָט נישט געענטפערט אויף קאָוונערס אַטאַקעס, אָבער דערנאָך אויף קאָוונערס פּאָלעמישע בריוו פון תפיסה מכוח אַנטיסעמיטיזם האָט דאָסטאָיעווסקי יאָ געענטפערט אי פריוואַט און אי עפנטלעך אין זײַן „טאָגבוך פון אַ שרײַבער”.

און סענסאַציאָנעל איז אויך דער מעמאָראַנדום צום יוסטיץ־מיניסטער מוראַוויאָוו, אין וועלכן דער משומד קאָוונער האָט פאַרלאַנגט גלײַכע רעכט פאַר ייִדן, און נישט ווייניקער סענסאַציאָנעל איז דעם געשמדטן קאָוונערס קאָרעספּאָנדענץ מכוח ייִדן און ייִדישקייט מיט ראָזאַנאָוו, דעם מיטאַרבעטער פון דער טרויעריק־באַרימטער אַנטיסעמיטישער און שוואַרץ־מאה'דיקער צײַטונג „נאָוואָיע ווערעמיא”.

אָבער די סענסאַציע איבער אַלע סענסאַציעס, וואָס צוליב איר איז כדאי זיך צו גריבלען אין די „פּיקאַנטע געשעענישן” פון אורי קאָוונערס לעבן, איז די מאמרים־זאַמלונג „חקר דבר”, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט אין 1866 און האָט מיט איר אַרויסגערופן אַ וואָרן קריטישן שטורם אין דער העברעיִשער ליטעראַטור.

די ליטעראַטור־קריטיק פון „חקר דבר” האָט געווירקט ווי אַ באָמבע. זי האָט נעגירט כמעט די גאַנצע העברעיִשע השכלה־ליטעראַטור, האָט נעגירט איר אויסגעטראַכטע ראָמאַנטיק און איר מליצה'דיקן סטיל.

„קאָוונער — זאָגט עדות פּראָפ. יוסף קלויזנער אין זײַן „הסטוריה של הספרות העברית החדשה” — האָט געוואָלט זײַן דער העברעיִשער פּיסאַרעוו און דער אמת איז, אַז דער גײַסט פון פּיסאַרעוון קומט צום וואָרט אין „חקר דבר”.

איך האָב דאָ ציטירט פּראָפ. קלויזנערס מיינונג וועגן אורי קאָוונערס קריטישן אויפטו און וויל דערבײַ באַמערקן, אַז אין די זעקס און דרײַסיק זײַטן, וואָס קלויזנער גיט אָפּ פאַר דער געשטאַלט און דעם ווערק פון אברהם אורי קאָוונער אין דעם פערטן באַנד פון זײַן געשיכטע פון דער נײַער העברעיִשער ליטעראַטור (פאַר מיר ליגט די צווייטע אויסגאַבע, ירושלים, תשי״ד) איז פאַקטיש אויפגעזאַמלט דער גרעסטער טייל פון ביאָגראַפישע און ביבליאָגראַפישע פאַקטן, אויף וועלכע עס איז זיך אויך סומך מאַקס וויינרייך אין זײַן קאָוונער־ביאָגראַפיע. (וויינרייכס אַרבעט איז אַרויס שפּעטער און ווערט דערפאַר אין קלויזנערס ביבליאָגראַפיע נישט דערמאָנט).

אָבער דער פּלוס פון וויינרייכס בוך באַשטייט נישט אין דעם צוגאָב פון נאָך אַזוי פיל און אַזוי פיל ביאָגראַפישע און ליטעראַרישע פרטים, נאָר ראשית אין דער דראַמע פון דער קאָוונער־געשטאַלט, וואָס ער האָט מיט געלינגשאַפט אַרויסגעבראַכט, און שנית אין געוויסע ליטעראַטור־קריטישע טעזיסן און השערות, וואָס ער האָט פאָרמולירט מיט היסטאָרישער אָביעקטיוויטעט און פּסיכאָלאָגישע דרייסטקייט. (אָביעקטיווקייט און מוט זײַנען אַ סך מאָל נאָענטע קרובים).

אויך פּראָפ. קלויזנער ווינקט אָן בײַם אָנהויב פון זײַן קאָוונער־קאַפּיטל אויף אַ מין פּסיכאָ־אַנאַליטישן מאָמענט אין קאָוונער געמיט, כ'מיין, אויף דעם פּאַטש וואָס דער בר־מצווה־בחור האָט באַקומען פונעם מירער ראש ישיבה און וואָס האָט דעם ייִנגל טיף מבייש געווען און „ווער ווייס צי זײַן שנאה צו אַלע אַלטע און אָנגענומענע נאָרמען איז נישט דער רעזולטאַט פון אָט דעם פּאַטש?

וויינרייך אָבער שטעלט זיך אָפּ אויספירלעך אויף די געשטאַלטן פון קאָוונערס רײַכן פעטער מרדכי לייזער און אויף דעם בעל־הבית פון דער מאָסקווער „סוחרים־באַנק” ווו קאָוונער איז געווען אַן אָנגעשטעלטער, און אַנאַליזירט מיט געניטשאַפט און אָפּטמאָל אויך מיט דינקייט דעם פּסיכאָלאָגישן דרוק פון די צוויי רײַכע בעל־גאווה'ניקעס אויפן סענסיטיוון געמיט פון דעם באַגאַבטן בר־מצווה־בחור אין ווילנע און פון דעם דרײַסיקיאָריקן ראַפינירטן אינטעלעקטואַל אין פּעטערבורג.

דער פעטער מרדכי לייזער און דער באַנק־דירעקטאָר אברהם איזאַקאָוויטש זאַק זײַנען געווען דער דרויסנדי־קער פּסיכאָלאָגישער דרוק. אָבער עס איז אויך געווען אַן אינעווייניקסטער. מלידה ומבטן און פאַרשטאַרקט דורך דער השכלה־אַטמאָספער איז אורי קאָוונער געווען כל ימיו, פאַר און נאָכן שמד, אַ ראַציאָנאַליסט. און ראַ־ציאָנאַליזם פאַרמאָגט, פאַרשטייט זיך, כמה וכמה מעלות, אָבער פּסיכאָלאָגישע סובטילקייט — זײַנען מיר מסכים מיט וויינרייכן — וואַקסט נישט צו אָפט אין ראַציאָנאַ־ליסטישן גאָרטן.

אורי קאָוונער איז נישט געווען קיין מאַן פון נוח לבריותדיקייט און פון געזעלשאַפטלעכן טאַקט. ווי אַ בײַשפּיל פון געזעלשאַפטלעכן אומטאַקט ברענגט וויינ־רייך די מבינות, וואָס קאָוונער פלעגט זאָגן אויף רוסישע ענינים „מיט דערזעלבער שאַרפקייט, מיט וועלכער ער פלעגט אַראָפּרײַסן די העברעיִשע מליצה־ציקלערס און רעדאַקטאָרן". מיט אַנדערע ווערטער: קאָוונער איז גע־ווען, ווי מען זאָגט דאָס, אַ שווערער מענטש און האָט נישט אַרויסגערופן קיין סימפּאַטיע צו זיך.

פּראָפ. קלויזנער איז מן הסתם גערעכט, ווען ער טרעט אַרויס קעגן דער „איבערגעטריבענער אידעאַליזאַציע" פון דער קאָוונער־געשטאַלט אין לעאָניד גראָסמאַנס בוך „די ווידוי פון אַ ייִד", אָבער צו דערזעלבער צײַט סימ־פּליפיצירט פּראָפ. קלויזנער פּסיכאָלאָגיש צו שטאַרק דעם ענין קאָוונער, ווען ער שטעלט אַוועק אַזאַ מין „אײַזער־נע" אַלגעמיין־גילטיקע מאָראַלישע אַקסיאָמע, אַז „דער אַבסאָלוט ערלעכער מענטש וועט נישט גנבענען אַפילו ווען ער איז הונגעריק און וועט נישט פעלשן קיין וועקס־לען אַפילו אין גרעסטן קלעם". און טאַמער יאָ, פּסקנט פּראָפ. קלויזנער, אַז דער דאָזיקער מענטש איז „כבר פּגום פּגם־נשמה", ד. ה. ער האָט שוין פון לכתחילה אַ דעפעקט אין דער נשמה.

דר. וויינרייך אין זײַן קאָוונער־ביאָגראַפיע אידעאַלי־זירט נישט די געשטאַלט פון דעם „העברעיִשן פּיסאַ־רעוו". ער טראָגט נישט אַרויס קיין באַשולדיקונג קעגן אים און ער פּרוּווט אויך נישט צו זײַן קאָוונערס פאַר־טיידיקער. וויינרייך ווייס, אַז נישט דאָס איז די אויפגאַ־בע פון אַ ביאָגראַפיע, וואָס ווערט געשריבן כמעט פופציק יאָר נאָכן בעל־דברס טויט.

וויינרייכס קאָוונער־ביאָגראַפיע איז אַ פּרוּוו פון אַ פּסיכאָלאָגישער שטודיע, אַ פּרוּוו אַרויסצוברענגען די סתירות אין קאָוונערס כאַראַקטער, אַרויסצוברענגען די אַלע פינצטערנישן, וואָס האָבן צוגעדעקט דאָס ליכט אין דעם געמיט פון דעם באַנאַבטן העברעיִשן קריטיקער, און האָבן אים דערפירט צו אַזעלכע פּײַנלעכע סענסאַציעס אין זײַן לעבן ווי באַנק־גנבה און שמד. —

און וויינרייך פּרוּווט נישט בלויז צו זײַן גערעכט צו דער מענטשלעכער געשטאַלט פון אורי קאָוונערן, נאָר ער מיט זיך אויך וואָס קלאָרער צו מאַכן פאַר אונדז קאָוו־נערס ליטעראַטור־קריטישע שיטה און קאָוונערס געזעל־שאַפטלעכן בליק אויף אַלגעמיינע און אויף ייִדישע פּראָגן.

קאָוונערס העכסטער פּרינציפּ פון ליטעראַטור איז טאַקע געווען נוציקייט. וויינרייך ציטירט אין דעם פּרט פון קאָוונערס בריוו צום העברעיִשן קריטיקער אברהם יעקב פּאַפּירנאַ: „איך, פּונקט ווי פּיסאַרעוו, בין גרייט אָפּצוגעבן טויזנטער פּערזן פון פּושקינען, לערמאָנטאָוון און אײַער מיכ"לן (מיכה יוסף לעבענזאָן) פאַר איין פּשוטן, נאָר גוטן אַרטיקל וועגן באַמיסטיקן פעלדער".

אָבער דאָס איז נאָר אַ שאַרפער זאָג. אין דער אמתן האָט קאָוונער געהאַט אויך אַן עסטעטישן צוגאַנג צו לי־טעראַטור און האָט געהאַט זין פאַר דער שיינקייט פון פאָרם און האָט געפאָדערט קינסטלערישע וואָרהייט אין אַ ווערק. און קינסטלערישע וואָרהייט, זי איז אידענטיש מיט שיינקייט.

אַרויסגייענדיק פון אָט דעם שטאַנדפּונקט פון קינסט־לערישער וואָרהייט און פון דעם פּרינציפּ אַז די גע־שטאַלטן אין אַ בעלעטריסטיש ווערק מוזן פאַר אַלעמען זײַן לעבעדיקע, נישט צוגעטראַכטע פּאַפּירענע, האָט קאָוו־נער שאַרף אַרונטערגעריסן יהודה לייב גאָרדאָנס דער־ציילונג „עולם כמנהגו" הגם ער האָט זייער געהאַלטן פון יל"גן, דעם פּאָעט.

און די קריטעריע פון דער שאַרפער, פאַרניכטנדיקער קריטיק איז געווען, וואָס גאָרדאָן ווי „די מערהייט העב־רעיִשע אַזוי גערופענע פּראָגרעסיווע שרײַבער פאַלט אַרײַן אין זייער אַלעמענס טעות: זיי שטעלן אַרויס דעם גאַנצן אַלטן דור ייִדן ווי עפּעס אויסוואָרפן, אידיאָטן, שרעקלעכע פאַנאַטיקערס, וואָס האָבן נישט קיין שום גו־טע זײַטן — און דער יונגער דור קומט אַרויס שיין, אי־רעאַל, פלײַסיק, פרײַ אָן שום פלעקן און חסרונות".

און כמעט דאָס זעלבע האָט קאָוונער צו זאָגן אין זײַן רעצענזיע אויף שלום יעקב אבראַמאָוויטשעס „האבות והבנים": „אַלע פּאַרשוינען (אין אבראַמאָוויטשעס ראָ־מאַן) פונקציאָנירן ווי אויטאָמאַטן לויט זײַן (דעם מחברס) רצון, אָן שום לעבן און זינען".

וויינרייך דרוקט איבער אין דער אָפּטיילונג „הוספות" דעם פולן טעקסט פון קאָוונערס רעצענזיע וועגן אבראַ־מאָוויטשעס ראָמאַן, ווײַל ער וויל דערמיט באַקרעפטיקן

זיַין השערה, אַז מענדעלע האָט פון קאָוונערס נעגאַטיווער קריטיק געלערנט. דער גרויסער קער אין מענדעלעס צוגאַנג צו ייִדישע פּראָבלעמען, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער „קלאַטשע“ אין 1873, ווי ייִדן האָבן צום ערשטן מאָל דערהערט אַז „קיין טאַנץ גייט ניט פאַרן עסן“ האָט דער זיידע פון דער מאָדערנער ייִדיש־ליטעראַטור לויט וויינרייכס השערה, אפשר געהאַט צו פאַרדאַנקען זיַין נעגאַטיווער קריטיק וועגן „האבות והבנים“ מיט פיר יאָר פריער אין 1869.

וויינרייך באַוואָרנט זיך באַלד, אַז מענדעלע וואָלט מן הסתם אויך אָן פרעמדער הילף געווען דערגאַנגען צו זיַין אידעאָלאָגישן איבערבראָך, אָבער אַ פאַקט איז, אַז קאָוונער האָט די דאָזיקע אידעאָלאָגיע פאָרמולירט פריער. וויינרייכס השערה איז אַ דרייסטע, אָבער נאָכן איבערלייענען קאָוונערס רעצענזיע מוז מען קומען צום אויספיר, אַז זי איז נישט אומבאַגרינדעט.

און אַ צווייטן דרייסטן טעזיס שטעלט וויינרייך אויף אויפן סמך פון קאָוונערס מעמאָראַנדום צו מוראַוויאָוון און אויפן סמך פון זיַין קאָרעספּאָנדענץ מיט דאָסטאָיעווסקין און ראָזאַנאָוון, דהינו, אַז קאָוונער „איז געווען טיף איבערגעגעבן די ייִדישע אינטערעסן אַזוי ווי ער האָט זיי פאַרשטאַנען — דאָס איז קלאָר ווי דער לויטערער טאָג“.

אויך ביַי דער דרייסטקייט באַוואָרנט זיך באַלד וויינרייך און זאָגט: „דאָס רעדט זיך וועגן אַ משומד, און פונקט ווי דעם לייענערס אויג פאַרהאַלט זיך, אַזוי האָט זיך געהאַט פאַרהאַקט דעם שריַיבערס האַנט ביַים אויפשריַיבן דעם פריערדיקן פּאַראַגראַף. אָבער דאָס איז אויך איינע פון יענע קאָמפּליצירטקייטן פון אַ מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס מען שאַצט זיי ניט אָפּ דורך דעם, וואָס מען איגנאָרירט זיי“.

און דאָס איז דער פולער, אַמאָל זייער אומאַנגענעמער און אַמאָל אַפילו פּיַינלעכער אמת.



רפאל מאַנדעלצוויַיג — „אַ ייִדישע פרוי פון בוכאַרע“



# אין רחבותן פון וועלט

(פערזן פון א נסיעה)

פּאַניִן

אָ, וויפל שיינקייטן דו האָסט זיך אָנגעזען
אין רחבותן פון רייצנדיקער וועלט.
אין וויפל ווינקעלעך, ווו דו ביסט אַליין געווען,
וואָלסט גערן אויפגעשטעלט דיין שטיל געצעלט.

ישראל! — ס׳קליינע, שיינע לאַנד פון דעם אַמאָל,
מיט ליבשאַפט אין נשמה איינגעקריצט:
די וויסע שטעט, די גרינקייט פון יזרעאל־טאָל,
דאָס ימעלע כנרת בלויקייט בליצט.

ירושלים! — שטאָט פון ווייטער, אַלטער צייט;
די שטאָט, וואָס האָסט אין תפילות פיל דערמאָנט.
די בערג די הייליקע אַרום פון יעדער זייט —
אַליין דאָ דיין בענקשאַפט וועקט, אַליין איז דיר נאָנט.

און צפת — די שטילע, פרומע מקובלים־שטאָט,
די געסלעך באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ.
דאָ שלייכן טרוימער אום געאַרעמטע מיט גאָט,
צו הימל גרייכן זיי מיט האַרץ און קאָפּ.

ישובים ביי דעם ים התיכון אויסגעשפּרייט,
פון זון און ים־בלויקייט אַ פאַרבגעפלעכט.
דאָ קאָן אַ האַרץ זיך אָנטרינקען מיט פולער פרייד,
נשמה זיך צעחלומען אין נעכט...

:: :: ::

און ס׳רופן אויך די שיינקייטן פון פרעמדער וועלט...
דער אומרו ברענגט אין לאָקנדיקן פּאַריז.
אַ שטאָט — בת שני אַלפים. ווי צעשפּילט, צעהעלט.
עס וואַרפט נאָך סנאָפּעס ליכט דער אייפל־ריז.

דער מאָנפּאַרנאַס. דאָס קינסטלער־פֿאָלק עס ציט אַהער.
קאַפּייען רופֿן: ווײַן, געזאַנג און פֿרוי...
און מאָנמאַרטר וואַכט אין נעכט, דאָרט הינטער סאַקרע קער.
צעברויזטע געסלעך ביזן מאָרגן־גרוי...

ס׳לאָקט אומעטום. דער „לוווּר״ צו די אוצרות רופֿט.
אַ טרוימען־וועלט אין לײַוונטן, אין שטיין.
שעדעווּרען פֿאַנגען דיך ווי דינער כּישוף־דופֿט.
דאָ בלײַבסטו לאַנג פֿאַר דער „דזשאָקאָנדאָ״ שטיין...

און ראַפֿאַעל און רעמבראַנד... פֿול ווערט דײַן געמיט
מיט זייער כּישוף, וואָס עס רעדט פֿון ווענט.
טריאומף פֿון שיינקײַט. ס׳לייוונט איז דאָס שענסטע ליד.
גלוסט, ווי אַ כּהן, אויסשפּרייטן די הענט.

:: :: ::

ווי אויף עקראַן אַזוי פֿיל וווּנדערלעכע שטעט:
באַרצעלאָנאַ, גענואַ, נעאַפּאָל, רוים...
אַיעדע מיט איר צויבער, מיט איר שיינקײַט רעדט.
די אַלפּן־שטעט בײַם ים — נאָר ווי אַ טרוים...

אַיעדע שטאָט אויף פֿעלזן בײַ דעם ברעג פֿון ים —
נאָר מעשהלעך פֿון קינסטלער אויסגעטראַכט.
די קינסטלער טיף פֿאַרדביקהטע געווען מסתּם
און אויסגעוועבט אין חלום אָט די פּראַכט...

:: :: ::

זשענעווע די בערגיקע מיט שפּיגל פֿון לעמאַן —
דוכט נאָר פֿאַר גליקלעכע דער ווינקל איז.
אָט טוט אַ בלענד דאָס העלע פּרעכטיקע לאָזאַן,
ישובֿים טוליען זיך צו פֿעלזנס פֿיס.

אין דעם זיכּרון פֿריש די בילדער פֿון אַטען.
דער אַקראָפּאָליס קיניגט אין דער הויך.
רואינען פֿון אַ שיינקײַט, וואָס שוין לאַנג געווען.
אַוועק מיט דורות ווי אַ בלויער רויך...

:: :: ::

אָ, וויפֿל שיינקײַטן דו האָסט זיך אָנגעזען!
ווי פֿאַרביק־רײַך עס איז די מאַמע־ערד...
נאָר ווײַ, בן־אדם, אַלץ אַ חלום, וואָס געווען,
פֿון אַלץ נאָר דלד אמות דאָך באַשערט — — —

„רזשוליא צעסאַרי״, 18־19 יולי, 1960.

**משה גראָסמאַן** / תל אביב

# מיניאַטורן

## בייזע בליקן

— .1 —

צען בײַנאַכט, אין אַ זייטיק געסל בײַ דער תחנה מרכזית, אין דער פּאַסאַזשירן־רײַ צו אַ הינטערשטאָטישן אויטאָבוס. אוודאי האָט יעדער איינער זײַן סיבה צו אײַלן זיך. און אויב נישט — איז פאַרנעמען אַ בעסערן פּלאַץ און אויב דאָס אויך נישט, שטעקט־אָן דער אײַלעניש־פיבער אַלע אַנדערע. ס׳איז נישט אַזוי ליכטיק, ס׳ביסל ליכט וואָס נעצט אַרויס פון די טיי־הײַזער גייט געפּאָרט מיטן ריח פון געפּרעגלטן אייל צו די פאַלאַפעל־קניידלעך, אָדער געריוכערטן שאַשליק.

אין דער רײַ שטייט אויך אַ הויכער מאַנצביל פון אַ פאַרנעמען אויסזען — מיט איין ליידיקן אַרבל. ער רעדט מיט אַ פרוי אין דער רײַ פאַר אים, און רוקט זיך פאָרויס טריטווײַז צום אויטאָבוס. אים, אַלס אינוואַליד, דינט ס׳רעכט נישט צו שטיין אין תור (רײַ), קאָן אַרײַנגיין פון דער זײַט, נאָר ער וויל נישט געניסן פון דער פּריווילעגיע, ווײַל —

מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז עס געווען, אויך אין אַזאַ מידן, טונקעלן צען־בײַנאַכט־אָוונט. אָט דער מאַן האָט געוואָלט אַרײַנגיין, לויט זײַן אינוואַלידן־רעכט, אָן אַ רײַ, האָט אונדזער שיכון,־שכנה, די מיטליעריקע, בייזע אַלמנה, אַ קוק־געטון אויף זײַן ליידיקן אַרבל און באַלד אַ קוק געגעבן אויף זײַנע פיס און אַ זאָג־געטון, אַזוי האַלב צום הימל און האַלב צו אים:

— אדוני, אָבער פיס האָט איר דאָך גאַנצע, קאָנט איר דאָך שטיין צוזאַמען מיט אונדז אַלע אין תור.

און פון דעמאָלט־אָן שטייט ער שוין תמיד אין רײַ, און איך פיל ווי יענער בייזער בליק פון דער אַלמנה זעגט אים די פיס, און ער פאַרשטייט נישט פאַרוואָס זײַנען אָפּטמאָל די מענטשן אַזוי בייז — זיי האָבן דאָך נישט קיין ליידיקע אַרבל. — —

## אַלע זײַנען גוט

דער אויטאָבוס הינטער דער שטאָט רירט פון דער סטאַציע און אַ פרוי מיט אַ גרויס רענצל פאָכעט מיט דער האַנט און מיטן רענצל צום אויטאָבוס אַז ער זאָל אויף איר וואַרטן. די פּאַסאַזשירן בעטן דעם שאָפער צוּוואַרטן, ער מוז אָבער פאָרן. אַלאַרמירן די פּאַסאַזשירן, — אָט־אָט, נאָך אַ רגע, די פרוי לויפט דאָך אָן אָטעם, זאָל ער כאָטש פאָרן פּאַמעלעכער, — און זי האָט אָנגעיאָגט. אַרײַן אין אויטאָבוס. זי סאָפּעט קוים אָפּ, פרעגט זי דעם שאָפער צי ער וועט אָנקומען אין זיבן מינוט אַרום



צום וואָקזאַל, ווען ס׳גייט אָפּ איר באַן קיין נהריה, און זי מוז כאַפּן דעם צוג, ווײַל ס׳וואַרט דאָרט אויף איר אַ קינד און זי טאָר נישט פאַרשפּעטיקן.

דער שאָפער זאָגט נישט צו, ס׳איז כמעט אוממעגלעך אַז ער זאָל אין זיבן מינוט אָנקומען צום וואָקזאַל. דאָך פרוּווט ער צואיילן דעם מאָטאָר. די פּאַסאַזשירן זיצן אַלע אומגעדולדיק, הייבן זיך פון די ערטער, זאָל ער פאָרן גיכער, גיכער — אפשר וועט ער נאָך פאָרט אָניאָגן. אַלע פּאַסאַזשירן וואָלטן צוגעלאָפן צום רול כדי אונטערצוטרײַבן דעם מאָטאָר, — אפשר וועט מען נאָך פאָרט באַוויַיזן, אָניאָגן.

די פרוי קאָן נישט זיצן, שטייט זי און וואַקלט זיך און טרייסלט זיך און קוקט אַרויס דורך די פענצטער און זי פּלאַטערט — אָט־אָט, נאָך צוויי מינוט. אפשר וועט זי נאָך באַוויַיזן, נאָר נאָך אַ טראָפּעלע גיכער — אדון נהג, אײַלט נאָך אַביסעלע צו, נאָך אַ קאָפּיטשקע געשווינדער, נאָך עטוואָס שנעלער. — און אַלע עטלעכע צענדליק פּאַסאַזשירן קוקן ווי איין משפחה מיט געשפּאַנטער פאַראינטערעסירטקייט — אָט זעט מען שוין דעם וואָקזאַל, די באַן, — יאָ, זי וועט נאָך באַוויַיזן. און דער שאָפער נעמט נאָך האַסטיקער טרײַבן דעם מאָטאָר און ער צעטרײַבט די ביימער און די הײַזער פון ביידע זײַטן, נאָך איידער ער פאָרט־אָן, האָט ער זיי שוין הינטער זיך, ער וועט איבעריאָגן דעם שטורעמווינט, אָט, סטאָפּ, — שוין. און אַלע פּאַסאַזשירן ווילן איר העלפן, דער איצט געוואָרענער קרובה, אַראָפּטערלאַנגען כ׳רענצל. אָט לויפט זי שוין — און אַלע אויגן קלעפּן אין די פענצטער, — יאָ, יאָ, זי באַוויַיזט, אָט איז זי שוין נאָענט צום צוג —

— יאָ, יאָ — שרײַען כמעט אַלע אויס אין איין קול, מיט פרייד. אַלע זעען אַצינד אויס גליקלעך. אַלע האָבן אויף זיך אַצינד דעם לייטזעליקן שמייכל פון גוטס־

קייט, פון וועלן אַ טובה־טון, העלפן. יאָ, אַלע, אַלע דאָ, אָן אויסנאַם, זײַנען גוט.

פרעגט זיך נאָר: אויב אַזוי? — טאָ ווּ זײַנען די שלעכטע? טוט טאַקע קיינער פון אַט די עטלעכע און פערציק פּאַסאַזשירן קיינעם קיינמאָל נישט קיין שלעכטס? האַ?

## דאַטעס יאָגן זיך . . .

און עס איז געשען. דאָס נאָרמאַל־אומנאָרמאַלע. הדסה, זײַן ווײַב, — געשטאָרבן. און גראָד האָט זי זיך פאַרגינען, ערשט מיט עטלעכע טעג פאַרן אומגליק, צו לאָזן זיך אויפנייען צוויי נײַע קליידער מיטאַמאָל.

און אָט איז נאָך קיין גאַנץ יאָר נישט אַריבער זינט איר טויט, און שוין זײַנען פון די אַכצן קי געבליבן נאָר זיבן. פון די הינער, אין די טויזנטער, איז אַראָפּ אויף הונדערטער. הדסה איז דאָך געווען אַ זעלטענע באַלעבאָס־טע, ווי אַ מאַמע צו יעדן קעלבל, צו יעדן הינדעלע, צו יעדן ביימל און יעדן בייט. זי איז פאַרהאַרצט געווען מיט יעדן ברעטל פון שטאַל, מיט יעדן פּיצל זאַך פון שטוב, — צי אַ טעפּיך, צי אַ בילדל אויפן וואַנט, צי אַ פּאַן, צי אַ בוך, צי אַ קאָכלעפל. אַלץ איז איר געווען ליב, איר האָרעוואַניע. מיט אירע הענט דורך פינעוועצוואַנציק יאָר. און זי האָט זיך אַזוי קנאַפּ פאַרגינען, אַלץ נאָר פאַרן משק, דער משק.

זי איז קראַנק געוואָרן. אַנגינאַ פּעקטאָריס. עטלעכע מאָל אין טאָג געשלונגען ניטראָגליצערין־פּילן פון קליי־נעם פלעשעלע, אָבער געאַרבעט פאַר דרײַ געזונטע פּויע־רים, זיבעצן, אַכצן שעה אין מעת־לעת — אַז דער משק דאַרף עס.

און אָט איז שוין טאַקע באַלד אַ יאָר זינט זי איז געשטאָרבן. נישט ווינציק האָבן געוויינט די צוויי נײַע קליידלעך וואָס האָבן געהאָנגען אויף שטעקעלעך אין שאַנק. און אַז ס'איז נישטאָ קיין באַלעבאָסטע, איז די טיר פון שאַנק אָביסל קאַליע און ס'רוב אָפן, און די צוויי קליידלעך קוקן אין פעלד אַרײַן און וואַרטן.

עזרא איז אַליין. עזרא מיטן יונג־גרויען קאָפּ האָר, האַלב פּויער־האַלב אינטעליגענט. אַ פעסטע נידעריקייט, פעל־דיק פאַרברוינט, מיט אַ זײַטיק בלינצל אין די העל־בלאָע אויגן, אַזאַ מין ביטערע שיקל, סײַ קלוגעטשקע, סײַ מקלומרשט הבל־הבלימדיקע: — כ'וויים, סי'דען אַ נפקא־מנה? אַמאָל שטעלט ער זיך אַוועק טאַקע בײַ דער אָפּע־נער שאַנק־טיר און קוקט אויך אין פעלד אַרײַן, צוזאַמען מיט די קליידער, הגם ער איז דאָך אָקאָרשט נאָר וואָס געקומען פון פעלד.

אײַ, די פאַרנאַכטן, ווען די שאָטנס ווערן אַזוי לאַנג, דער מינדסטער קוסט ווערט אַ ריזן־בוים און די קאַץ לייגט זיך דעמאָלט צו זײַנע פיס — אַ מיאַוקען, נע - - -

ער איז אַליין עזרא. האַלט יאָ אַ מענטש אין שטוב, שוין צוגענומען אויך אַ צווייטן, — זיי פאַרטרעטן אָבער נישט אַפילו אַ האַלבע הדסה.

נו, און ער איז נאָך פאַר די פופציק. ריזלט דאָרט ערגעץ אַ מאָגנעטיש אין בלוט, פאַרלאַנגט עפּעס, ווייסעך־וואָס, — אָ, אַוודאי, צי ער האָט ליב געהאַט הדסהן? אָבער אַז איר בעט איז ס'קבר.

קומט ער פון דאָרף אין שכנותדיקן שיכון פון נײַע עולים, ר'האָט דאָ זײַנס אַ חבר פון אַמאָליקן שטעטל אין פּוילן, קען אויך זײַן ווײַב פון די קינדער־יאָרן־אָן. קומט ער צום חבר זיך עצהנען:

— אַזוי און אַזוי, פּשוט, מ'רעדט אים אַ פרוי, זעקסאונדרײַסיק אַלט, האָט צוויי פּיצלעך קינדער, נאָר אַ שיינע נאָך, אַ פרישינקע, זעט אויס יונגער פון אירע יאָרן, מיט נאָך אַסך חשק צו אַרבעטן, אָן ענערגישע. האַ? איז ווי מיינט ער?

עזרא האַלט גראָד אונטערן אָרעם אַ פּעקל מיט גרוי־סע פּאַפּירן, ווי אַפּישן. אינמיטן אַזוי נישט־דערזאָגטן רעדן, מיט די זײַטן־בלינצלעך, אינמיטן אָנגעבן מער סימנים פון דעם אויסזען פון דער פרוי דער זעקסאונ־דרײַסיק־יעריקער וואָס מ'רעדט אים, פאַלט אים אַרויס איינס פון דעם פּעקל פּאַפּירן אונטערן אָרעם. וואָס איז עס אַזעלכעס? אַ שוואַרצע רעם, גרויסע, פעטע, שוואַרצע שריפט —

— אַה, דאָס וואָס איז? דו געדענקסט נישט, זע איך, די דאַטע. מאָרגן איז דאָך הדסה'ס ערשטער יאָר־צײַט. האָב איך געלאָזט אָפּדרוקן פופציק טרויער־אַפּישן און וועל זיי לאָזן צעקלעפּן אין דאָרף און אין דער גאַנ־צער אומגעגנט. יאָ, שוין מאָרגן אַ גאַנץ פעליק יאָר זינט מײַן הדסה איז געשטאָרבן. אַ וווּנדער מיר, אַז דו, שמעון, זאָלסט נישט געדענקען אַזאַ דאַטע!

שמעון, דער חבר עזרא'ס, שווײַגט. די אויגן זײַנע פינטלען מיט קליינע, פלינקע פראַגעצייכנס צום דיל אַראָפּ, ווּ ס'ליגט דער אַראָפּגעפאַלענער נעקראָלאָג־אַפּיש. און ער רעדט צו איר, צו דער ערד אַראָפּ:

— יאָ־יאָ, שוין אַ יאָר, אַ יאָר, יאָ. און יענע פרוי, וואָס דו זאָגסט, איז אַ גרושה צי אַן אַלמנה?

— אַה, יענע? אַן אַלמנה. איר מאַן איז געשטאָרבן מיט פיר חדשים צוריק — — —

אַז ער איז צוריקגעקומען אין דאָרף אַרײַן, האָט זיך שוין דערנענטערט דער פאַרנאַכט. די טיר־שאַנק איז אָפן. וואָס דאַכט זיך אים אויס? צוויי לאַנגע שאָטנס פון די קליידער ציען זיך אַרויס פון דער שאַנק, קריכן איבערן דיל, ווערן אַזוי גרויס און גרעסער, די וואַנט און ס'פענצטער איז פאַר זיי צו קליין, ברעכן זיי זיך אַרײַן, קריכן ווײַטער דורכן פענצטער, אין פעלד אַרויס, און קריכן צוזאַמען ערגעץ מיט די קוסטעס וואָס ווערן ריזן־ביימער, ביז אין דער העט־ווײַטער ווײַט.

נו? — — —



שלמה זיטנער / מאָנטעווידעאָ—אורוגווײַ

# אַ פוטערנער מאַנטל און אַ צערונענער חלום

אויף איינער פון די באַלעבטע גאַסן פון שטאָט, געפינט זיך אַ טיפער האַלב־פינצטערער סאַלאָן. אין סאַמע פראָנט הענגט אַ שילד מיט גרויסע שרײַענדיקע אותיות, וואָס מעלדעט, — אַז דאָ ווערן געפרעסט און גע־ייניקט אַלע סאָרטן מלבושים, שנעל און ביליק.

די לופט אינעווייניק איז שטענדיק אָנגעפילט מיט שטויב און דאַמף, וואָס עסט זיך אײַן אין די ביינער און פאַלט שווער אויף די לונגען, פאַרשיידענע ריחות טראָגן זיך אין דער לופטן, וואָס קומען פון די אַלטע פאַרפלעקטע קליידער און מאַנטלען, וואָס הענגען אויף אַן אײַזערנעם שטאַנג. אין חלל מישן זיי זיך צונויף מיט שמעקעדיקע דינע ריחות, וואָס נעמען זיך פון צעהאנגענע פרויען־קליידער וואָס בלישטשען אַראָפּ פונדערווײַטנס, חנדלען זיך מיט זייערע באַפּוצונגען, און קוקן מיט גרינגשעצונג צו די שווערע פאַרפּעצטע מענער־קאָסטיומען, וואָס הענגען לעפּישעוואַטע אין אַ ווינקל פון סאַלאָן, און פאַרשפּרייטן אַרום זיך אַ שווערן טוכלען דומפּיקן ריח.

בײַ איינעם פון די פּרעס־מאַשינען שטייט דער אייגנ־טימער אַליין — שמעון געלבער, אַ געוועזענער אַרבעטער, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און געוואָרן אַ באַלעבאָס פאַר זיך. ער איז פון נידעריקן וווּקס, אַ בלאַסער, מיט אַ קינדיש אומבאַהאָלפן פּנים, און יעדעס מאָל ווען ער לאָזט אין גאַנג די פּרעס־מאַשין, הויבט זיך אויף אַ וואָלקן־דאַמף, וויקלט אים אײַן און פאַרשטעלט אים אין גאַנצן. זײַן געשטאַלט זעט זיך מטושטש און צעפלאָסן ווי אַ פאַרנעפּלטער געשפּענסט...

דער פײַכטער דאַמף, די שווערע טוכלע ריחות, וואָס קומען פון די צעהאָנגענע מלבושים, פאַרשפּרייטן אַ בײַסיק־עסנדיקן שטויב, און דאָס פאַלט אויף אים, שמעון געלבער, שווער און דערדריקנד. דער אַסטמאַטישער הוסט, וואָס מאַטערט אים שוין אַ צײַט, הויבט אים אָן צו שטיקן, ווי עמעצער וואָלט פאַרוואָרפן אַ פּעטליע אַרום זײַן ברוסט־קאַסטן און אים געצויגן צו דער ערד. זײַן געזיכט באַקומט דאַן אַ טונקל־וויאָלעטע פאַרב. ער קאָר־טשעט זיך, בויגט זיך אין דרײַען. דער עסנדיקער שטויב, ווי טויזנטער בײַסנדיקע פליגעלעך, שטשיפּעט זײַנע אָנט־צונדענע בראָנכן און לאָזט אים נישט צורו. ער וואַרפט אַוועק די אַרבעט, גייט צו צו דער טיר צו כאַפּן פרישע לופט. ער עפנט דאָס מויל ווי אַ פיש ווען מען נעמט אים אַרויס אויף דער יבשה, און טראַכט בשעת מעשה, אַז מ'דאַרף מיט דער אַרבעט שלאָגן כּפּרות... ער האָט נישט קיין כּוח צו דעם, די פּרנסה הרגעט אים אַוועק, נעמט צו בײַ אים דעם קליאַק פון די ביינער. ער טראַכט, — אַז מיט דעם קליינעם אָפּגעשפּאָרטן קאַפּיטאַל וואָס ער פאַר־מאָגט, וועט ער זיך נעמען צו אַ לײַטישערער פּרנסה, און נישט דאַרפן אַזוי פאַרשוואַרצט ווערן און פּטרן דאָס געזונט.

אין אַ ווינקל פון סאַלאָן זיצט שמעון געלבערס פרוי איבער אַ נײַ־מאַשין און נייט. זי איז פּונקט דער קעגנזאַץ פון אים. זי איז אַ הויכע, מיט אַ גלײַכן געשטרעקטן קער־פּער, מיט רויטע אָנגעשטאָפּטע באַקן און פולע אָנגעגאָ־סענע גלידער. זי לייגט נישט קיין אַכט אויף זײַן פּלוצימ־דיקן אָנפאַלנדיקן הוסט. זי איז שוין געוואוינט צו דעם. ער הוסט זיך אויס און אַרבעט ווײַטער... — עס כאַפּט אים אָן און עס גייט איבער... — טראַכט זי בײַ זיך. זי שטעלט נישט אָפּ דאָס נייען, און דער שנעלער טרוקענער קלאַנג פון מאַשין, שטעכט ווי מיט דינע שאַרפע שפּיזעלעך די שווערע לופט, פאַרטויבט דעם הייזעריק־כריפּנדיקן הוסט, וואָס קריצט ווי אַ טעמפּע זעג אין דעם אָנגעדאַמפּטן חלל...

פון שטענדיק אָן העלפט אים די פרוי אין דער פּרנסה. ס'איז איר ליבער איידער די שטוב־אַרבעט, זײַן אַ דינסט, — ווי זי רופט עס, — וואָס מ'איז שטענדיק פאַרנומען. מען דאַרף שטענדיק אַרומגיין מיטן בעזים און שמאַטע און אַלעמען באַדינען... און ווײַל זי העלפט אים „פאַר־דינען" פילט זי זיך האָפערדיק, דערהויבן, מענעריש, און גיט אים שטענדיק די גאָב אַפּריער, לאָזט אים נישט אויף די אויגן, זי גיט אים אָנצוהערן, — אַז אַ דאַנק איר הילף האָבן זיי אָפּגעשפּאָרט געלט און ווען נישט זי, וואָלט ער נאָך ביז הײַנטיקן טאָג געווען אַן אַרבעטער בײַ יענעם, און עס וואָלט זיי אויסגעקומען צו לעבן פון צוגעציילטן סענט, און זי וואָלט זיך געדאַרפט שנײַדן די פינגער אויף דער הוצאה...

ער ענטפערט איר נישט. ער וויל זיך נישט אָנהויבן מיט איר. ער ווייסט, אַז שטענדיק בלײַבט זי גערעכט.

נאָר טיף אינערלעך פילט ער זיך דערנידעריקט, געפאַלן און געקרענקט, וואָס זײַן פרוי, נישט נאָר זי פילט אים נישט מיט, זאָרגט זיך נישט וועגן זײַן געזונט, נאָר וואַרפט אים שטענדיק דעם גט אין פּנים... מאַכט אים גליקלעך מיט איר הילף... ווי זי זאָל זײַן די ברויט־געבערין.

זי גייט אַרום אַ פּולע, אַן אָנגעגאָסענע, גווידערט זיך, בלאָזט פון זיך ,און ס'דוכט זיך אים, אַז זי רייצט זיך מיט אים, און שטעלט אַרויס איר שפּראָצנדיקן געזונט, רייצנדיקן קערפּער אַנטקעגן זײַן נעבעכדיקן קרענקלעכן אויסזען...

אָוונט־צײַט, ווען זיי גייען אַהיים, איז ווי ער עפנט נאָר די טיר פון זײַן הויז, פאַלט ער גלײַך אַרײַן אין דעם געבעטן שטול מיט די ווייכע אָנלענס, וואָס שטייט בײַם אַרײַנגאַנג און נעמט אים אויף ווי אַ געטרײַער פרײַנט... ער בלײַבט ליגן אַ מידער, אַן אָנגעשטרענגטער, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף הינטער זיך און פילט נישט קיין גליד אין גאַנצן קערפּער.

דאָקעגן זײַן פרוי, ווען זי זעט דעם געגרייטן טיש און די דינסט, וואָס שמײַעט אַרום, פילט זיך אויפגעחייטערט און דערהויבן, קוקט מיט האָפערדיקע בליקן אַרום זיך...

שפּעטער, ווען ביידע זײַנען געזעסן בײַם געגרייטן טיש און געהאַלטן אין מיטן עסן, האָט זי מיטאַמאָל אַוועקגעלייגט דעם לעפל, אים אָנגעקוקט מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק און געזאָגט:

— ווייסט? איך דאַרף שוין האָבן אַ נײַעם מאַנטל, כ'האָב שוין נישט אין וואָס אַרויסצוגיין... איך וואָלט איצט געוואָלט קויפן אַ פּוטערנעם, אַ שוואַרצן, פון קאַראַקול... נישקשה, איך קען זיך עס פאַרגינען. איך האָרעווע גענוג... האָט זי צוגעגעבן, ווי צוגעגעבן, ווי אַ מאָטיוו, ער זאָל נישט וואַגן זיך קעגנצושטעלן.

ער איז געבליבן זיצן אָן לשון, נישט געוווּסט בשעת מעשה וואָס איר צו ענטפערן, געקוקט איר גלײַך אין די אויגן, ווי מיטן בליק זי געפרעגט, — צי זי מיינט עס ערנסט? ער האָט פּרובירט זיך קעגנשטעלן:

— אַ נײַעם מאַנטל? און דעם גרויען, געשפּריצטן, וואָס דו האָסט פון פריער? און דעם העלן, וואָס דו האָסט נישט לאַנג געקויפט, וואָס איז דיר אַזוי געפעלן?

זי האָט אַ שטילן לאַך געטאָן.

— דער העלער מאַנטל, זאָגסטו? ער איז דאָך שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע. מען טראָגט הײַנט נאָר טונקעלע פאַרבן. און דער געשפּריצטער? — די אַלטע טראַנטע ווילסטו זאָל איך אָנטאָן? זי האָט אָפּגעזיפצט און צוגעגעבן מיט פאַרביטערונג, — ס'האָט געלוינט ווערן פאַרשוואַרצט, אויסגעריסן, האָרעווען טאָג און נאַכט, נישט אָנזען קיינמאָל די ליכטיקע שײַן, און דו זאָלסט מיר הייסן וויקלען זיך אין אַלטע שמאַטעס, גיין אָנגעטאָן ווי אַ באָבע איך זאָל זיך נישט קענען ווײַזן פאַר לײַטן...

ער האָט געפּרוּווט אָפּווענדן, זיך באַמיט צו ריידן צו איר מיט אַ ווייך געלאָסן קול, אײַננעמען זי, ווי מען נעמט איין אַ ווײנענדיק קינד.

— ווילסט קויפן אַ מאַנטל? — איך בין נישט דאַקעגן, אָבער פאַרוואָס האָסטו זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ דווקא אַ פּוטערנעם, אַ קאַראַקולענעם, וואָס דאַרף אָפּקאָסטן אַן אוצר מיט געלט? ס'הייסט דאָך פּשוט אויסבײַטלען זיך ביז אַ סענט און דערנאָך בלײַבן, ווי אויפן וואַסער... אַרײַנבראָקן אַלץ אין אַ מאַנטל, איז דאָך אַן אמתע משוגעת!...

— איך וויל נישט פאַרזאָרגן אויף מאָרגן, — האָט זי טראָציק געענטפערט — וואָס מען קען, דאַרף מען אויסנוצן הײַנט און נישט אָפּלייגן אין דער לאַנגער באַנק, קיינער ווייסט נישט וואָס הינטער זײַנע פּלייצעס שטייט... וואָס דערוואַרט אים דער מאָרגנדיקער טאָג...

אירע ווערטער האָבן אים געהויבן פון אָרט, ער האָט געפּילט, אַז ער קען נישט אײַנזיצן. זײַנע אויגן האָבן זיך געשפּאַרט מיט רציחה פון די אויגן־לעכער. ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער פויסט אין טיש און זיך צעשריען מיט אַ הייזעריקער שטימע:

— און מײַן געזונט איז בײַ דיר גאָרנישט, האַ? דאָס ליגט דיר נישט אַפילו אין דער לינקער פּאה. דאָס וואָס די אַרבעט מאַכט מיך קראַנק, פאַרקירצט די יאָרן — דאָס אינטערעסירט דיך נישט! דאָס גייט דיר נישט אָן! — נאָר אַ קאַראַקולענער מאַנטל האָט זיך דיר פאַרגלוסט! דעם טײַערסטן, דעם לוקסוסדיקסטן, אויף צו באַווײַזן זיך פאַר אַנדערע. די קנאה פרעסט דיך אויף. מן הסתם האָסטו דאָס געזען בײַ אַ באַקאַנטער. איז דיר אַרײַן אין קאָפּ נאָכצוטאָנצן, נאָכצומאַלפּעווען...

די פרוי האָט זיך פאַרלוירן, געבליבן זיצן פּריטשמעליעט, געגלאָצט מיט די אויגן אויף אַלע זײַטן, ווי זי וואָלט זוכן ערגעץ הילף. זי האָט זיך געשראָקן פאַר זײַנע פאַרלאָפענע אויגן, פאַר זײַן הייזעריקער שטימע און פאַר זײַנע דראָענדיקע זשעסטן. אָבער זי איז גיך געקומען צו זיך, און אַרויסגעשיפּעט די ווערטער, ווי זי וואָלט זיך גערייצט מיט אים:

— דו טראַכסט נאָר וועגן זיך, פון דײַן געזונט, און זיך צו פאַרגרינגערן. זוכסט אַלץ צו פאַרזאָרגן אויף שפּעטער, אויף מאָרגן... — און מײַן פאַרגעניגן איז לעבן ווי אַ מענטש, נישט קלײַבן קניפּלעך, זיך נישט פאַרגינען דעם ביסן פון מויל. פון זינט אָן איך קען דיך טראַכסטו נאָר וועגן דײַן געזונט און וועגן מאָרגן... ציטערסט איבער זיך ווי אַ קליין קינד... שרעקסט זיך פאַר יעדער קלייניקייט. אָבער ציטער נישט אַזוי, דו שטאַרבסט נאָך נישט!...

דער הוסט האָט אים מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט, אים געביגן צו דער ערד, זײַנע צוגויפגעביילטע פויסטן, וואָס האָבן זיך געשטרעקט צו דער פרוי, האָבן נאָכגעלאָזט, און די פאַרשטייפטע פינגער זײַנען נאָכגעהאַנגען ווי לויזע שטריק. זײַנע בלאַסע ליפּן האָבן געציטערט.

ער איז אַוועקגעפאַלן אויפן ווייכן געבעטן שטול און געבליבן ליגן מאַכטלאָז פאַרוואָרפן מיטן קאָפּ אויף הינטן. ער האָט געקוקט מיט הילפלאָזע בליקן אויף איין פונקט, ווי ער וואָלט גאָר נישט געזען אַרום זיך, נאָר זײַן קורצער אָפּגעהאַקטער הייזעריקער אָטעם האָט ווי צערודערט די שווערע אָנגעשטרענגטע שטילקײַט, וואָס איז אַנטשטאַנען אינעם צימער.

אויף זײַן קינדיש־אומבאַהאָלפן פּנים האָט זיך באַוויזן אַ מאַטער געלבלעך־וויאָלעטער קאָליר, וואָס האָט דערמאָנט אין אַן אָפּשיין בײַ די ראַנדן פון האָריזאָנט אין שקיעה־צײַט, וואָס לעשט זיך און פאַרגייט, מיטן אָנקום פון דער נאַכט...

* * *

די פרוי האָט אויסגעפירט אירס. וויפל ער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט, האָט עס גאָר נישט געהאָלפן.

ווען מען האָט געבראַכט דעם פוטערנעם מאַנטל האָט אים די פרוי צערטלעך אויפגעפאַקט, אַרויפגעוואָרפן מיט אַ שטילער פרייד אויף אירע אַקסלען, זיך געשטעלט אַנטקעגן שפיגל און אַ שמייכלדיקע זיך געדרייט אויף אַלע זײַטן, פון גרויס צופרידנקייט האָט זי דעם מאַנטל צוגעדריקט צום האַרצן....

שמעון געלבער איז געזעסן אין צווייטן צימער און געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן אויף דעם שוואַרצן פוטערנעם מאַנטל, וואָס האָט אַראָפּגעגלאַנצט פון אירע אַקסלען און אַ ציטער איז אים אַדורך איבערן גאַנצן קערפּער. ער האָט אויפגעשוידערט, געפילט ווי די האָר פון קאָפּ וואָלטן אים געשטאָכן ווי מיט שפּילקעס. ער האָט אַ פיר געטאָן די האַנט איבערן שטערן, איבער די אויגן, ווי ער וואָלט וועלן אַוועקיאָגן די מאַימהדיקע געשטאַלט:

— עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס וואָס זײַן פרוי האָט קעגן זײַן ווילן אַרײַנגעבראַכט אין שטוב, איז נישט קיין בגד, קיין מאַנטל אויף צו קליידן זיך און צו געניבן פון דעם און האָבן פאַרגעניגן, נאָר עפּעס ווי אַ שײַאַר־צער־מאָנסטער, וואָס גלאַנצט מיט זײַן האָריקער שוואַרצער־פעל, וואַרפט אויף אים אָן אַן אימה, אַ פּחד... דער־מישונהדיקער מאָנכטער ליגט איצט אַ פאַרטײַעטער אויף אירע אויפגעהויבענע אַקסלען, בערגלט זיך אויף איר פולן בוזעם און אָט וועט ער אַ שפרונג טאָן, אים אַ כאַפּ טאָן פאַרן האַלדז און אים שטיקן אַזוי לאַנג ביז ער וועט בלײַבן אָן אָטעם, און דערנאָך וועט ער אויסזויגן פון אים דעם לעצטן טראָפּן בלוט...

אָט דער „מאָנסטער" האָט געשאַפן אַ בייז לעבן צווישן אים און זײַן פרוי, האָט צוגענומען די אָפּגעשפּאָרטע מי פון אַזוי פיל יאָרן אַרבעט און האָט דאָס פאַרבאַהאַלטן, פאַרנורעט צווישן די שוואַרצע געקרײַזלטע פאַרפרעסטע האָר, פאַרטריבן זײַן שטענדיקער חלום... צערונען זײַן יאָרן־לאַנגער טרוים, זײַן ווונטש — פּטור צו ווערן פון דער שווערער דערקוטשענדיקער אַרבעט, וואָס האָט אונטערגעבראָכן זײַן שוואַכן געזונט...

ער האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפלטן זשעסט מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זיך פון אַלץ מיאש געווען... געטראַכט מיט פאַרביטערונג, אַז זײַן גאַנץ לעבן איז שוין נישט ווערט קיין שישקע־פולווער... ער פילט לעצטנס ווי די כוחות פאַרלאָזן אים, גייען אים אויס... און זײַן קורצער, שווערער, אָפּגעהאַקטער אָטעם, זײַן כריפּענדיקער הוסט, וואַרפט אויף אים אַליין אָן אַן אומעט... קלינגט אָפּ אין זײַן געמיט, ווי דאָס כאָרכלען פון אַ גוסס... ער טראַכט, — אַז די טעג זײַנע זײַנען געציילטע, ווי ער וואָלט געפאָכעט מיט דער נשמה... און אַ שווערע אַטאַקע קען צו יעדער מינוט אים אַוועקלייגן, און ער וועט דאַן אויסגיין ווי אַ צאַנקענדיק ליכט, וואָס לעשט זיך און פאַרגייט מיט דעם לעצטן ציטערדיקן פלעמל...



## אַרגענטינער יידישע קינסטלער

יוסף ראַטנער־מירסקי — „מאַסקעס" — אַן איטאָדידאַקט אין דער מאָלערײַ, אָבער מיט זייער אַ פײַנעם געשמאַק און ראַפינירטער קולטור, האָט ער דערגרייכט אַ הויכע מדרגה אין דער צייכענונג, איבערהויפּט פון קאַריקאַטור און גראָטעסק.



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

**נאָעמי גערסטיין** — „פּראָיעקט פון אַ מאָנומענט פאַרן אומבאַקאַנטן פּאָליטישן געפאַנגענעם" — אײַזן און בראָנדז. (פּרעמיע אין דער ערשטער סעלעקציע אויפן קאָנגרעס פון אינסטיטוט פון הײַנטצײַטיקער קונסט אין לאָנדאָן).

א מתנה פון אַרגענטינער־ישראַלישן אינסטיטוט פאַרן מוזיי פון מאָדערנער קונסט אין ישראל.

נאָעמי גערסטיין, באַוווּסטע קינסטלערין, קולטיווירט דעם אַבסטראַקטן סטיל. די רעגירונג פון פראַנקרײַך האָט אין 1950 פאַטראָניזירט אירע אַ שטודיום־רײַזע און אין פאַריז באַקומען אַ ספּעציעלע אויסצייכענונג. זיך באַטייליקט אין פילצאָליקע אויסשטעלונגען אין לאַנד און אויסלאַנד, און באַקומען ווערטפולע פּרעמיעס. אירע ווערק זײַנען פאַרטראָטן אין די מוזייס פון קאָרדאָבאַ, פּאַראַנאַ, בוענאָס אײַרעס און אין מוזיי פון מאָדערנער קונסט פון ניו־יאָרק.

**בערל גרינבערג** / בוענאָס אײַרעס

# דער זעלנער

דאָס קעלער־שטיבל האָט אײביק זיך אויסבאַהאַלטן אין דער טיפֿקײַט פֿון דער ערד, נאָר די פֿענצטערלעך האָבן זיך אויפֿגעהויבן עטוואָס אין דער הויך, געבליקט צום הויף מיט אַ מאַטן, קויטיקן אָפּשײַן, ווי עפּעס אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש, וואָס איז שוין פֿון לאַנג בלינד געוואָרן, זעט גאָרנישט, נאָר האַלט פֿונדעסטוועגן די אויגן שטענדיק אָפֿן, ווײַל נעבעך עפּעס דערזען...

מילא, מער ווי אַ טראָפּעלע רחמנות האָבן די פֿענצטערלעך נישט געקענט דערוועקן. און מיט דער צײַט איז דער רחמנות אינגאַנצן פֿאַרשוווּנדן. אדרבא, די פֿענצטערלעך האָבן נישט ווילנדיק אָנגעהויבן צו דערוועקן צו זיך אַ פֿײַנטשאַפֿט, אַ האַס וואָס לעבעדיקע ברואים קענען פֿילן צו אַ שומר, וואָס שטערט צו טאָן גאָר אַ נויטיקע זאַך, — אַ ביסל צוליב מורא, אַ ביסל צוליב בושה...

נאָר מיט דער צײַט, די פֿענצטער־שײַבלעך זײַנען וואָס אַמאָל קויטיקער געוואָרן, האָבן זיך לעבעדיקע באַשעפֿענישן אויפֿגעהערט צו שעמען, דער פּחד איז פֿאַרשוווּנדן און דערוואַקסענע אָדער קינדער האָבן אין זיך געטראַכט:



— עט... ס׳איז דאָך בלינד, ס׳זעט דאָך קיינער ניט... און מען האָט געטאָן, וואָס מען האָט געוואָלט און באַדאַרפֿט.

אַזוי האָבן אַלע געמיינט און לײדער זיך שטאַרק אָפּגענאַרט. ווײַל פֿון קעלער האָט מען אַלץ געזען און שמשון, וואָס איז אין קעלער געבוירן געוואָרן האָט אפֿילו געמיינט, אַז אַזוי מוז זײַן, פּונקט ווי אַלץ וואָס איז געווען אַרום אים: די מאַמע, דער טאַטע, די ווענט און עפּעס אַ גרינער, פֿײַכטער פֿלעק אויפֿן סופֿיט, וואָס איבער אַלעמענס קעפּ.

און שמשונען האָט טאַקע מער אינטערעסירט דער גרינער פֿלעק ווי אַלץ וואָס ער האָט געקענט זען דורך די פֿענצטערלעך; ווײַל אין די ערשטע צײַטן ווען ער האָט אָנגעהויבן גרויס צו ווערן, האָט דער פֿלעק צוגעצויגן זײַן גאַנצע אויפֿמערקזאַמקײַט. אויפֿן פֿלעק האָט ער ליב געהאַט שעהן לאַנג, אומגעשטערט צו קוקן און קיינמאָל איז ער נישט מיד געוואָרן, און אַלץ דערפֿאַר, וואָס אין פֿלעק האָט ער שטענדיק דערזען באמת אינטערעסאַנטע זאַכן: קעץ, הינט, קליינע קינדער. אָבער דער וווּנדער איז גאָר געווען, וואָס אַלעמאָל האָט זיך דער פֿלעק געאַנדערשט און ער האָט אַלעמאָל געזען נײַע זאַכן.

שמשון האָט דעם פֿלעק זייער ליב געקראָגן, אָפּטמאָל געמיינט, אַז דאָס איז ספּעציעל פֿאַר אים געמאַכט געוואָרן, נאָר ווען ער האָט זיך איינמאָל דערוווּסט, אַז די גרינקײַט נעמט זיך גאָר פֿון עפּעס נישט געזעענע רערן, וואָס ציען זיך אונטער דער וואַנט און בײַנאַכט, ווען אַלע שלאָפֿן, הערט מען שטענדיק אַ כאָרכלדיק גערויש, האָט ער שוין פֿאַרשטאַנען, אַז פֿאַר אים האָט מען גאָרנישט געמאַכט, און דער פֿלעק האָט מיטאַמאָל פֿאַרלוירן זײַן גאַנצן וווּנדערלעכן חן.

שמשון האָט זיך אָנגעהויבן לאַנגווײַליקן, דער פֿלעק האָט אים שוין נישט אינטערעסירט, פֿלעגט ער שוין גערן קוקן אין דער הויך. אָבער מיט דער צײַט זײַנען

די פענצטערלעך אויף אַן אמת בלינד געוואָרן, מען האָט שוין דורך זיי גאָרנישט געזען, מען האָט נאָר געקענט פילן אָדער עפּעס הערן, אַמאָל שלעכטע ריחות, וואָס צוליב זיי האָט מען די פענצטער קיינמאָל נישט געעפנט אָדער משונהדיקע קולות, וואָס האָבן זעלטן אויפגעהערט און אייביק זיך אַרײַנגעריסן אין קעלער מיט אַ הילך.

אַ סך מאָל האָט זיך שמשון איבערגעשראָקן, אויפגעציטערט, אָט ווי מען וואָלט זיי אים ספּעציעל געשיקט. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהערט שרעקן און אָנגעהויבן נאָכקרימען; נישט אַלע מאָל האָט ער דאָס געקענט טאָן ווי אַמבעסטן. דערנאָך האָט ער זיך געבעסערט, ער האָט מאָמענטאַל געקענט אַלץ נאָכזאָגן, האָט עס געמעגט זײַן דאָס שווערסטע וואָרט; אַמאָל עפּעס אַ גראָב וואָרט און מיאוסע קללות.

אין אָנפאַנג האָט זיך קיינער נישט געכאַפּט, און שמשון האָט געפּלאַפּלט אַלץ, וואָס ער האָט געהערט. דערנאָך, אַז די מאַמע האָט עס באַמערקט, האָט עס איר פאַרשאַפט זייער פיל צער. די מאַמע האָט אים געוואָלט אָפּגעוווינען פון אַזעלכע זאַכן. נאָר עס איז שוין אָנגעקומען אַ ביסל שווער. זי פלעגט אים צוערשט קושן, דערנאָך דערקלערן אַז מען טאָר נישט. און אַז שמשון האָט נישט געפאָלגט, האָט זי שוין געשלאָגן, נישט געשפּאָרט קיין פּעטש אָדער קניפּ, און דאָס האָט געהאָלפן; אַנטקעגן אַזעלכע זאַכן איז שמשון געוועזן אומבאַהאָלפן...

שמשון האָט נעבעך געמוזט אַנטשוויגן ווערן און ווײַטער קוקן אויפן גרינעם פלעק. גאַנצע טעג האָט ער שוין געמוזט שטומען, ציטערן בײַ איטלעכן מאָל וואָס אין קעלער האָט זיך אַראָפּגעקאַטשעט אַ קללה, מורא געהאַט אַז די מאַמע וועט האָבן אַ טעות, מיינען אַז דאָס האָט ער געזאָגט, און אָפּטמאָל האָט אַזוי פּאַסירט, און ער פלעגט זיך, אַן אומשולדיקער, אויסריכטן אַ שוואַרצן סוף. דערצו האָט ער זיך שוין נישט געקענט קיין עצה געבן. אפילו אויסבאַהאַלטן, האָט ער זיך נישט געקענט. און אויך דאָס איז נישט געוועזן זײַן שולד. שולדיק איז גאָר געוועזן זײַן קרענק; די ענגלישע קרענק, אַן אָנשיקעניש וואָס צוליב דעם האָט ער נישט געקענט באַנוצן די דאַרע פיסלעך און מער ווי זיך שאַרן אויפן הינטער־חלק האָט ער ניט געקענט.

דערפאַר האָט אים די מאַמע כמעט שטענדיק „געהאַט בײַ זיך אין די הענט", און כאָטש שמשונען האָבן די מוטערס גאָב ווי געטאָן, האָט ער דאָך זעלטן געוויינט. נאָך אַזאַ גערעכטער אָדער אומגערעכטער שטראָף, האָט זיך שמשון אַוועקגעשאַרט אין אַ ווינקל אַ שווײַגנדיקער. מיט פײַכטע אויגן געקוקט צו דער מאַמען, און מיט די פינגער זיך געצופּט דאָס העמדל, וואָס אויפן גראָבן בײַכל

אין אַזעלכע מינוטן האָט זיך די מאַמע ניט געפילט ווי אַמבעסטן. זי האָט פאַרשעמט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, חרטה געהאַט. און אַז דער געוויסן האָט איר שוין גאָר שטאַרק געפּײַניקט, גיט זי אַזאַ שנעלן שפּרונג צו צום קינד, הויבט אים אין דער הויך, קושט אים און שעלט זיך אַליין.

— די הענט זאָלן מיר געשוואָלן ווערן...

שמשון רײַסט זיך פון די הענט, לאָזט זיך נישט קושן, דריגעט מיט די דאַרע פיסלעך; נאָר אַז די מאַמע קושט אים אָן אויפהער, ווערט ער ווייכער, ער קושט איר צוריק און זי פרעגט:

— ווײַז ווו טוט דיר ווײ?

שמשון ווײַזט אָן אויפן קאָפּ.

— נאַ, און די מאַמע גיט אַ קוש.

— דאָ אויך. — ווײַזט ער אויף דער האַנט.

— נאַ, גיט זי נאָך אַ קוש.

שמשון פאַרפעלט נישט אין אַזאַ מינוט אָנצוווײַזן אַלע ערטער, ווו עס טוט אים ווײ, און די מאַמע קושט זיי אָן אויסנאַם. צום סוף ווײַזט שמשון אויפן אָרט וואָס דינט אים אָנשטאָט די פּיס. און אויך דאָרט האָט די מאַמע געקושט.

אַזוי האָבן זיך גערוקט פאַרפינצטערטע קעלער־טעג, שמשון האָט זיי אַלץ נאָכגעקוקט, געשאַרט זיך אויפן הינטן, נאָכגעשלעפּט מיט זיך אַ פּאָר קרומע פיסלעך, דער בויך איז וואָס אַמאָל אַלץ גרעסער געוואָרן, אויפגעבלאָזענער, פּונקט ווי ער וואָלט אין זיך באַהאַלטן אַלע קללות, וואָס זײַנען פאַר דער גאַנצער צײַט אַרײַנגעפאַלן אין קעלער. אין דער הויך, פון יענער זײַט פענצטער, האָט זיך עפּעס געאַנדערשט, לײַטישער געוואָרן. איבער שמשונס קאָפּ, פון יענער זײַט סופיט, האָבן זיך די אַלטע שכנים אַרויסגעקליבן, און מיט אַ צײַט שפּעטער, האָט זיך די פּוסטע שטוב פאַרוואַנדלט אין אַ חסידים־שטיבל. טעג און נעכט האָבן דאָרטן מענטשן געטומלט, געזונגען, געשריגן, מסתמא, געוואָלט, אַז זייערע קולות זאָלן זיך אופיהויבן גאָר הויך. נאָר אָנשטאָט צו גרייכן אין ווײַטע הויכע הויכן, זײַנען די תפילות ווי אַמאָל די קללות, אַרײַנגעפאַלן צו שמשונען אין קעלער, זיך אויסגעמישט מיט פאַרשיידענע ריחות און נישט געוואָרן.

פאַר שמשונען איז דאָס געווען אַן איבעראַשונג. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אַלץ, געוואָלט אויפכאַפּן כאָטש עפּעסע פון די צעגאָרגלטע געוואַלדן און נישט געקענט דערכאַפּן. ער איז געוואָרן נערוועז און צוליב דעם האָט ער די נײַע קולות באמת פײַנט געקריגן.

און פּונקט ווי שמשון האָט זיי פײַנט געהאַט, אַזוי האָט זיי די מאַמע ליב געהאַט. און אין מינוטן ווען די קולות און ברומערייען האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איז די מאַמע געוואָרן פאַראַנדערשט. פאַרלייגט די הענט צו זיך, דערנאָך הויבט זי אָן צו פּלאַפּלען און באַלד פאַרשטעלט זי זיך דאָס פּנים מיט די הענט, און פון אונטער די הענט פאַלן איינצעלנע ווערטער אין דער לופט, אומפאַרשטענדלעכע, הייזעריקע, וואָס ווערן וואָס

אַמאָל לויטערער און פאַרשטענדלעכער. שמשון ווייסט שוין, אַז דאָס בעט די מאַמע ביַים גרינעם פלעק פאַרשידענע זאַכן: געלט, געזונט, כח און צום סוף דערמאָנט זי זיך אין שמשונען. זי דערמאָנט זיך אין זיַינע קרומע פיס אַז ער איז שוין אַלט פינף יאָר און קען נאָך ניט שטעלן „כאָטש איין טריט"...

אַז שמשון האָט דערהערט, אַז מען רעדט עפּעס וועגן אים, האָט ער זיך פאַר מורא אַרונטערגעשאַרט אונטערן בעט. ער האָט שוין גאָרנישט געזען, נאָר געהערט ווי די מאַמע כליפּעט; האָט ער אָנגעהויבן ציטערן, געמיינט, אַז באַלד וועט פּאַסירן אַ שרעקלעכע זאַך.

אָבער די שרעק איז געווען אומזיסט. די מאַמע האָט זיך באַרויִקט. און ביינאַכט ווען דער טאַטע קומט אַהיים, דערקענט ער גליַיך אַז די מאַמע האָט געוויינט, ווערט ער בייז, וויל שלאָגן דעם זון, וויַיל ער מיינט, אַז דאָס איז ער „דערגאַנגען דער מאַמען די יאָרן", נאָר שמשון האָט נישט קיין מורא, דער טאַטע האָט אים זעלטן געקושט און נאָך זעלטענער געשלאָגן.

צום סוף מוז די מאַמע דערציילן פאַרוואָס זי האָט געוויינט, און אַז דער טאַטע דערוויסט זיך די סבות, ווערט ער בלייך, קראַצט זיך נערוועז אונטערן היטל און זאָגט, אַז מען וועט דאַרפן מיטן קינד גיין צום דאָקטער.

אַ סך מאָל האָבן זיך איבערגעחזרט אַזעלכע טעג. דער טאַטע האָט זיך געקראַצט, די מאַמע האָט געוואַשן דאָס פּנים און שמשון האָט זיך גערוקט אויפן הינטן. צום דאָקטער איז מען מיט אים נישט געגאַנגען. נאָר בלויז אין די טעג, וואָס דער טאַטע האָט נישט געאַרבעט, האָט מען זיך דערמאָנט, אַז מען וואָלט באַדאַרפט גיין, געווינטלעך זיַינען אַזעלכע טעג יום טובים אָדער שבתים. דער טאַטע האָט אָבער אין אַזעלכע טעג גאָרניט געקענט טון, געווען צעבראָכן פון אַ וואָך שווערער אַרבעט, פון טראָגן קוישן מיט פרוכטן, קאָלערן פעסער מיט הערינג און שלעפּן קילקעס מיט פיש.

יאָ, אַ גאַנצע וואָך האָט ער אַלץ געקענט און שבת האָט ער גאָרנישט געקענט. פאַרפאַלן. די מאַמע האָט אים געמוזט גלויבן. פונדעסטוועגן האָט זי נישט איַינגעשפּאָרט קיין שטראָף־רייד; געגוואַלדעוועט, אַז ער איז „אַ שמאַטע און נישט אַ טאַטע". און ווען זי וואָלט געהאַט גענוג כוח וואָלט זי אים אַליין געטראָגן, נאָר זי קען נישט, זי איז אין אַזעלכע אומשטענדן אַז אָט... אָט...

דער טאַטע האָט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן, דערפאַר האָט ער גאָר געגענעצט, זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און נישט געוואָלט הערן וואָס מען טענהט צו אים. איז שוין גאָר די מאַמע געוואָרן נערוועז, גיט זי אַ כאַפּ איר „אומגליקלעך קינד" און גיט עס אַ וואָרף צום טאַטן אין בעט, אַז ער זאָל זיך צאַצקען מיט זיַין פאַרמעגן. אין אַזעלכע מינוטן פלעגט זיך שוין שמשון דערשרעקן און זיך פאַרקייכן מיט אַ בלוי־געוואָרענעם פּנים.

דעמאָלט האָבן שוין די קריגעריַיען אויפגעהערט. די מאַמע איז געוואָרן בלייך און דער טאַטע רויט. זיי גיבן זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף אויפן זון, יעדער פון זיי וויל שוין שמשונען צודריקן צו זיך, רייַבן אים די הענט און אַז שמשון קומט צו זיך, גיט שוין דער טאַטע אַ שרעקלעכן קוק אויפן וויַיב, רייַסט אַרויס דעם זון פון אירע אָרעמס, גיט אים אַ הוידע אין דער לופט, ציט אים אויס מיט איין האַנט ביז צום סופיט און קוועלט:

— וועסט זען שימעלע אַז דו וועסט נאָך ווערן אַ מענטש! וועסט ווערן אַ יאַט און וועסט טאַפּן אַ וואַנט... וועסט נאָך אַפילע זיַין אַ סאָלדאַט אַן אמת'ער סאָלדאַט...

די מאַמע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ ווישט די נאָז און באַשטייט:

— מילא, זאָל שוין זיַין אַ סאָלדאַט... זאָל זיַין, מילא...

דער טאַטע קען שוין נישט פאַרטראָגן וואָס די מאַמע איז טרויעריק. כאַפּט ער איר אָן ביַים פאַרטוך, ציט עס ווי עס וואָלטן געווען פערדישע לייצעם און געוואַלדעוועט:

— הער! דו! איך פרעג נישט ביַי דיר, וואָס עס זאָל ווערן פון זון... דיך פרעג איך נישט!

די מאַמע איז אָבער פאַרעקשנט. אוודאי מוז מען פרעגן ביַי איר, עס איז איר בלוט און פלייש, אַ וויטיק איז איר, — איר קינד — אַ סאָלדאַט? מילא... מילא...

אַזוי פאַרשווינדט אַ שבת נאָך אַ שבת. אַלעמאָל פּאַסירט דאָס זעלבע. מען האָפט, מען גלויבט, און שמשון רוקט זיך אָן אויפהער פון איין ווינקל אין צווייטן. דערוויַיל, אין עפּעס אַ שרעקלעכער נאַכט, איז דער קעלער איבערפולט געוואָרן פון דער מאַמעס גוואַלדן, האָט מען אין אים שוין מיט איין מאָל אינגאַנצן פאַרגעסן. ס'האָט זיך נישט געפונען ווער עס זאָל אים אויפהויבן פון דער ערד און אַריַינלעגן אין וועלכעס בעט עס זאָל נישט זיַין. שפּעטער, ווען די מאַמע האָט אויפגעהערט שריַיען, האָט מען זיך אין אים אויך נישט דערמאָנט. מען האָט בלויז געדענקט, אַז עס זיַינען געבוירן געוואָרן „נאָך צוויי קבצנים מיטאַמאָל".

שמשון איז באַריַיכערט געוואָרן מיט נאָך צוויי ברידערלעך. און כאָטש ער האָט באַלד פון ערשטן אויגנבליק דערפילט צו זיי אַ גרויסע ליבע, דאָך האָט אים קיינער נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט זיַין ליבע אַרויסצוּוויַיזן. זעלטן האָט ער זיי אָנגעקוקט און נאָך זעלטענער, קוים זיך דערבעטן, אַז מען זאָל אים אויפהויבן אין דער הויך, איבערן בעט, אָדער אים לאָזן אַ גלעט טאָן איינס פון די ניַי געבוירענע. די מאַמע פלעגט זיך מקלומרשט פאַרענטפערן, אַז זי האָט נישט קיין ביסעלע כח, און אַפילע דער טאַטע האָט דאָס נישט גערן געטאָן.

שמישון האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז ער איז שוין אויס יחסן, געפילט, אַז מען האָט אים שוין נישט ליב, און דאָס ערגסטע: קיינער האָט שוין נישט געגלויבט, אַז ער וועט אַמאָל קענען באַנוצן די פיס און ווערן דאָס מיט

וואָס די מאַמע איז אַפּילע נישט גוואַלדיק צופרידן און דער טאַטע וויל עס דאָך!

שמשון האָט אָנגעהויבן צו לײַדן, זיך עפּעס אַליין פײַנט געקריגן, און ווען קיינער האָט נישט געזען, האָט ער אויפגעהויבן די פיס צו די ליפּן, און געביסן אָן אויפהער. דערנאָך, אַז עס האָט אים שוין שטאַרק ווײ געטאָן, פלעגט ער זײ אויסציען אין דער גאַנצער לענג, קוקן אויף די סמנים, וואָס די ציין האָבן איבערגעלאָזט, געדולדיק וואַרטן ביז זײ פאַרשווינדן און דערנאָך ווײַטער אַ ביס טאָן.

קיינער האָט דאָס נישט באַמערקט, און פּונקט אַזוי האָט קיינער נישט געקענט זען ווי אַזוי ער חלומט בײַנאַכט. ער פלעגט זען זײַנע ברידערלעך אַזעלכע גרויסע און פרייליכע, געהערט ווי זײ טופּען מיט די קליינע פיסלעך, לויפן פון איין וואַנט צו דער צווייטער, יאָגן זיך איינס נאָכן אַנדערן, שפּרינגען פלינק פון טיש אין בעט, לאַכן אָן אויפהער און צום סוף דראַפּען זײ זיך אַרויף צו די פענצטערלעך, האַקן אויס די שײַבלעך, אַנטלויפן, און דערנאָך קומען זײ צוריק, ווינקען צו אים ער זאָל אויך אַזוי טאָן, נאָר אַז ער קען נישט, צעקרייען זײ זיך ווי די הענער, ווײַזן אים די רויטע צינגלעך און פאַרשווינדן...

נאָך אַזעלכע חלומות, איז שמשון פאַרצווייפלט. ער באַהאַלט זיך אונטערן טאַטנס בעט און קוקט מיט קנאה צום צווייטן בעט, דאָרט ווו די מאַמע זויגט אָן און שפּילט זיך מיט זײַנע ברידערלעך, פלאַפּלט צו זײ, סמאָטשקעט מיט די ליפּן און קוועלט.

שמשון מוז פאַרמאַכן די אויגן. דערווײַל האָט זיך די מאַמע אָנגעפרייד מיטן צווילינג. זי זוכט עפּעס אַנדערש צו טאָן און אַז זי געפינט נישט, מוז זי זיך שוין דערמאָנען אין שמשונען, נאָר אַז זי דערנענטערט זיך צו אים, פאַרדרייט ער מיטן קאָפּ און שאַרט זיך אַרונטער נאָך טיפער אונטערן בעט.

די מאַמע איז געוואָרן דערשטוינט. זי איז נאָך גאָרנישט געוווינט צו אַזעלכע זאַכן. דערנאָך האָט זי דאָס שוין זייער פּשוט פאַרטראָגן. זי האָט געקענט אַ שמייכלענדיקע צושפּרייטן די הענט, אָט אַז ער זאָל מיינען אַז זי בעט זיך בײַ אים, און פרעגן מיט שפּאָט:

— האָסט מיך פײַנט, יאָ?

שמשון שאָקלט זיך פון אונטערן בעט:

— יאָ!

די מאַמע האָט אין אַזעלכע מינוטן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. עס האָט זיך איר אָפּטמאָל געוואָלט אים שלאָגן, נאָר זי האָט אַזוי נישט געטאָן. זי האָט זיך צוריק גענומען שפּילן מיטן צווילינג, ווײַטער געסמאָטשקעט מיט די ליפּן און פאַר זײ דערציילט נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה:

אײַער ברודער האָט מיך פײַנט, פײַנט... אײַער ברודערל האָט מיך פײַנט...

ס'איז געווען דער ריינער אמת. שמשון האָט וואָס אָמאָל ליבער געקראָגן דעם פאָטער. מיט אומגעדולד געוואַרט עס זאָל ווערן נאַכט. און אַז דער טאַטע איז אַהיימגעקומען האָט ער זיך צוגעשאַרט צו אים, געגלעט אים די גרויסע פאַרבלאָטיקטע שטיוול און אָפּטמאָל זײ געקושט.

דער טאַטע האָט דאָס נישט געוווּסט אָדער ניט געפילט. דעם זון האָט ער קיינמאָל נישט באַמערקט. און צוליב דעם, האָט ער אים נישט איינמאָל אַרויפגעטראָטן אויף די הענט. שמשון פלעגט אַרויסלאָזן אַ צעווייטיקטן קוויטש. אַלץ איז פאַרצאַפּלט געוואָרן, און ווען די שרעק איז פאַרבײַ, האָט זיך גאָר דער טאַטע צעשריגן:

— גוט אַזוי! לערן זיך אויס גיין... גיין!

און אַ נס פלעגט נאָך זײַן, וואָס די מאַמע האָט אים באַשיצט, ווײַל ווען נישט, וואָלט שמשון נאָך געקענט זייער לײַכט כאַפּן עטלעכע קלעפּ פאַר אַ צוגאָב.

אָבער שמשון איז פאַר אַזאַ זאַך נישט געוואָרן אין כעס. אדרבא, ער האָט דעם פאָטער וואָס אָמאָל ליבער



**נאָעמי גערשטיין — „דער געשריי" — מירמלשטיין**

געקראָגן, אומדערמידלעך זיך געהאַלטן נאָענט בײַ זײַנע שטיוול און זיך געריסן אויף די קניען... דער טאַטע האָט זיך נישט געקענט פון אים אָפּטשעפּען. דערפאַר האָט ער שוין געמוזט װײַכער װערן. שמשונס עקשנות איז אים געפעלן, ער האָט אים שוין אַ גלעט געטאָן און געזאָגט מיט פאַרצויגענע ליפּן:

— וואָס האָסטו מיך אַזוי ליב געקראָגן?

שמשון פלעגט אַ פאַרשולדיקטער שווײַגן, אָבער באַלד האָט ער זיך ווײַטער אָנגעהויבן צו רײַסן אויף די קניען. דער טאַטע פלעגט זיך מאַכן נישט־וויסנדיק, עס האָט אים אינערלעך שטאַרק הנאה געטאָן זײַן זונס אַלץ מער וואַקסנדיקע חוצפּה. נאָר איינמאָל זאָגט דער טאַטע צו שמשונען, אָט ווי ער וואָלט גערעדט צו עמיצן וואָס פאַרשטייט אַלץ, און קען אַלץ:

— אַז דו וועסט קענען גיין, וועל איך דיר טאָן אַלץ, וואָס דו וועסט נאָר וועלן.

צעלאַכט זיך שמשון אַ צערויטלטער און אַ פאַרשעמטער.

ווערט דער טאַטע נאָך מער רויט. ער צעעפנט אַ פּאָר גרויסע אויגן, די נאָזלעכער צעציטערן זיך און ער ברומט און באַפעלט:

— שטעל זיך אויף! שטעל זיך אויף, זאָג איך דיר!

שמשון באַהאַלט שנעל די פיס אונטער זיך, זוכט מיט די בליקן די מאַמע, נאָר די מאַמע איז נישטאָ, געגאַנגען קויפן נאַפט; ווערט ער שוין פאַרציטערט, און אַלץ הויבט אָן מיטצוציטערן: די ווענט, דער סופיט און דער גרינער פלעק; אַלץ דערנענטערט זיך פלאַטערנדיק צו אים. קוקט ער זיך שטאַרק אײַן, דערזעט ער, אַז בלויז דער טאַטע האָט זיך צו אים דערנענטערט. אָט רירט ער אָן אין טאַטנס שטיוול; איין שטיוול שאַרט זיך פּאַמעלעך אַרונטער אָן אויפהער און באַפעלט:

זײַן קאָפּ און װיגט זיך אין דער הויך און עמיצער שרײַט שטיוול הויבט זיך אויף אין דער לופט, פּונקט איבער טער צווישן זײַנע פאַרלייגטע פיס, און דער צווייטער

— שטעל זיך אויף! גיכער, שטיי! שטיי און האָב נישט קא' מורא!

שמשון זעט שוין פאַר זיך אַבסאָלוט גאָרנישט. ער ווייסט אַפילו ניט, אַז עפּעס נישט ווילנדיק פאָלגט ער אויס וואָס מען באַפעלט אים. זײַנע הענט כאַפּן לײַכט אָן אַ לעדערנע זאַך, די פינגער גיבן זיך מיטאַמאָל אַ פאַרקלעם, ציען דאָס מיט אַלע קרעפטן, ווילן דאָס דערשלעפּן צו שמשונען, נאָר שמשון ציט זיך גאָר צוריק צום שטיוול. אָט דערפילט ער ווי ער הויבט זיך וואָס אַמאָל אַלץ העכער, אַלץ ווײַטער פונעם פּאָל, אָט גרייכט ער שוין גאָר הויך, איצט קלאַמערט ער זיך שוין מיט אַלע כוחות, אַלע זײַנע גלידער ציטערן אַז זיי זאָלן זיך פּלוצלינג נישט צעפאַלן. דערפאַר בײַסט ער זיך שוין אײַן מיט די ציין אין אַ זאַך, וואָס איז ווייך און וואַרעם. די מוירע פון זײַנע גלידער פאַרשווינדט; איצט וועט ער שוין נישט אומפאַלן; אָבער עמיצער איבער אים קריצט נאָך אַלץ מיט די ציין און וואָרנט:

— אָט אַזוי! אַזוי זאָלסטו שטיין! אַזוי... האַלט זיך! און דער טאַטע בײַסט די ליפּן, שטייט אויף איין פוס ווי אַ קונצנמאַכער אינדערמיט צווישן בעט און בעט. דעם לינקן פוס האַלט ער אין דער הויך נישט ווײַט פון זונס קעפּל, וואָרנט מיט אים אַלע שאָטנס אויף די ווענט. וואָרנט דעם זון, אַז ער זאָל זיך נישט אָפּלאָזן; דערווײַל האָבן נאָך אַלע מורא פאַרן טאַטנס באַפעל; אָבער דער לאָמפּ נעמט צאַנקען, דעם טאַטנס פוס, וואָס צאַנקט שוין אין דער לופט, מאַכט נאָך דעם לאָמפּ און די מאַמע איז נישטאָ, און קיין נאַפט איז נישטאָ.

דערווײַל איז נאָך אַלץ ווי פריער. דער טאַטע שטייט נאָך און שמשון שטייט אויך; ער האַלט זיך צום ערשטן מאָל אויף זײַן לעבן אויף די קרומע פיס. מיט די הענט האַלט ער פעסט אַרומגענומען דעם טאַטנס קני און זײַנע ציין זײַנען נאָך אַלץ אײַנגעביסן אין טאַטנס הויזן וואָס איבער די קני. אָבער דער טאַטע פילט אַבסאָלוט גאָרנישט, זײַן קול ווערט פון רגע צו רגע אַלץ מילדער און צאַרטער און ער בעט אָן אויפהער:

— אָט נאָך אַ ביסעלע.... נאָך אַ ביסעלע... די מאַמע...

דער טאַטע וואַרגט זיך מיטן לעצטן וואָרט. ער האָט דערהערט טריט, האַלט ער אײַן דעם אָטעם, וואַרט ביז די טיר מאַכט זיך אויף.

די מאַמע באַווײַזט זיך, נאָר באַלד שפּרינגט זי צוריק ווי זי וואָלט דערזען אַ שרעקלעכע זאַך. זי קוקט צעטומלט און דער טאַטע גיט אַ פריידיקן ברום:

— זעסטו: קוק, נו?

די מאַמע שפּאַרט זיך אָן אין דער וואַנט. אַלץ שווינדלט פאַר אירע אויגן, זי וויל עפּעס זאָגן און קען ניט. אָבער מיטאַמאָל גיט זיך שמשון אַ לאָז אָפּ און בלײַבט זיצן אויפן פּאָל. דער טאַטע גיט זיך אַ פלינקן בויג אײַן, גיט אים אַ כאַפּ צו זיך אויף די הענט, דריקט אים צו זיך, קושט אים, פּלעסקעט אים אין הינטן, טאַנצט און שרײַט:

— זעלנער... זעלנער... זעלנער...

לאַנג האָט געדויערט ביז די מאַמע איז געקומען צו זיך. אַז זי האָט זיך אַרומגעקוקט האָט זי זיך נאָך אַלץ געפונען אָן אָנגעלענטע אין דער וואַנט. אין דער האַנט האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן דאָס פלעשל מיט נאַפט, אָבער אין קעלער איז שוין געווען פינצטער. דער לאָמפּ איז אויסגעגאַנגען. דער צווילינג האָט זיך איבערגעוועקט און געגוואַלדעוועט. זי האָט געוואָלט אין דער פינצטערניש צוגיין צום בעט און ניט געקאָנט. איטליכעס מאָל האָט זי זיך אָנגעשטויסן אין אַ ריז, וואָס האָט אַרומגעטאַנצט אינעם חושך, געטופּעט מיט די פיס, געוואָלט אײַנברעכן דעם פּאָל און אָן אויפהער געטאַנצט, געסאַפּעט און געגוואַלדעוועט:

— זעלנער... זעלנער...



## אַרגענטינער יידישע קינסטלער

**פראַנקאָ די סעגני** — „נאַכט-פלי" — צעמענט און סעראַמיק. שטאַמט פון אַן אַנגעזעענער יידישער פאַמיליע אין איטאַליע. זייט 1939 אין בוענאָס איירעס. אַ מאָלער, סקולפּטאָר און קונסט-קריטיקער. האָט דורכגעפירט שטודיומס איבער דער פּסיכאָלאָגיע פון קונסט און אויף דער טעמע פאַרעפנטלעכט עסייען און דיקטירט קורסן אין קאָנפערענצן. זיך באַטייליקט אין פיל אויסשטעלונגען אין לאַנד און אויסלאַנד.

**הערץ בערגנער** מעלבורן — אויסטראַליע



# די נקמה פון קליינעם לואי

זינט עטלעכע טעג האָט דער קליינער לואי געפילט, אַז עפּעס טוט זיך ביי זיי אין הויז. נישט אומזיסט קומט דאָ אַלעמאָל צו גיין דער אָנקל בנימין און די אַנטי סערא און זיי האַלטן זיך אין איין סודען מיטן טאַטן. שוין לאַנגע חדשים ווי דער אָנקל מיט דער אנטי האָבן נישט איבערגעטרעטן די שוועל פון זייער שטוב און דאָ פּלוצים קומען זיי כסדר צוגיין.

ווען דער אָנקל מיט דער אַנטין סודען זיך מיטן טאַטן און ביים טאַטן הייבן אָן צו פּלאַמען די קליינע קינדערי־שע אויערן און די שטייפלעכע בלויע ליאַלקע-אויגן פינט־לען ביי אים צו שטאַרק, דרייט זיך דעמאָלט לואי צופיל אַרום דעם טיש און ער חלשט צו וויסן וועגן וואָס מ׳רעדט. ער שטעלט אונטער אַן אויער, זעצט זיך צום טיש מאַכן די לעקציעס, אָבער ווי נאָר מ׳דערזעט אים, הייבט מען אים אָן צו טרייבן.

— וואָס האָסטו זיך דווקא איצט גענומען מאַכן די לעסנס? דאַרפסט נישט הערן וועגן וואָס מ׳רעדט! גיי. לייג זיך שלאָפן, לייבעלע... — זאָגט צו אים דער טאַטע און ער פוילט זיך נישט און פירט אים אַריין צו זיך אין שטוב.

ווען לואי בלייבט אַליין ביי זיך אין שטוב, טוט ער זיך שנעל אויס, לעשט אויס די עלעקטרי — אָבער אָנשטאָט צו גיין אין בעט אַריין, שטעלט ער זיך אַנידער ביי דער טיר און ער וויל אויפכאַפּן וואָס אין די אַנדערע שטובן קומט פאָר. אַז ער הערט גאָרנישט, מאַכט ער אויף זייער שטיל די טיר און אויף די שפּיץ־נעגל גנבעט ער זיך אונטער צו דער שטוב, וווּ מען סודעט זיך. ס׳באַ־פאַלט אים אַן אומרואיקייט און ער פילט שוין אויף זיכער, אַז דאָס סודען זיך האָט אַ שייכות צו אים. מחמת דעם נעמט אים אַרום אַ שטאַרקער כעס אויפן טאַטן, וואָס האָט אים געטריבן אין בעט אַריין. לואי האָט נישט איבעריק ליב דעם טאַטן און ער האָט פיינט ווען ער רופט אים „לייבעלע" אָנשטאָט „לואי", ווי עס רופן אים די קינדער אין גאַס. דעם טאַטן האָט לואי פיינט, ווייל ער איז שטענדיק אַזוי ווייך און נאָכגיביק. וווּ־זשע האָט ער זיך גענומען דאָס רעכט צו טרייבן אים אין בעט אַריין, ווען ער וויל אַזוי שטאַרק וויסן וועגן וואָס מען רעדט, כאָטש דער אָנקל בנימין קומט אַזוי ווייניק צו זיי, האָט ער אים בעסער ליב ווי דעם טאַטן. ער האָט אים ליב דערפאַר, ווייל ער האַלט אין איין שטעכן די אַנטין, וואָס ער, לואי, קען נישט אָנקוקן. ווי נאָר די אַנטי סערא דערזעט אים, מוסרט זי אים, דערציילט אים ווי גוט אירע קינדער זיינען און רעדט אין אים אַריין מיט אַזאַ געטריי־צודרינגלעך קול, ווי זי וואָלט געווען זיין מאַמע. לואי דערפילט באַלד, אַז די געטרייִשאַפט איז אַ געמאַכטע און אירע רייד גרילצן אים אין די אויערן. דער אָנקל בנימין האָט גרויס הנאה חוזק צו מאַכן פון דער אַנטין דווקא דענצמאָל, ווען ס׳איז דאָ אַ פולע שטוב מיט מענטשן.

— וואָס רופסטו מיך עפּעס בענדזשאַמין, שרהלע? — בלאָזט ער אָן לצעוואַטע זיינע פולע, נאַשעריש־רויטע ליפּן — און צו וואָס ברעכסטו דיר די ציין און רעדסט צו מיר ע־ענג־ע־ליש? — ציט ער אויס דאָס וואָרט — ביי דיין מאַמען אויף דער וואָלינסקי האָט מען אויך גערעדט ענגעליש?...

אַז די אַנטי דערהערט דאָס, וואָלט זי זיך אויסגעגראָבן אַ קבר און זיך באַגראָבן פאַר חרפּה. איר מאָגער־אויס־געצוויקט פּנימל ווערט באַדעקט מיט גרויסע ווייסע פלעקן, גלייך עס וואָלט איר ווער מיט די פינגער גע־קוועטשט דאָס פלייש, זי האָט קיינמאָל אויף דער וואָלינסקי נישט געוווינט און עס שטייט איר נישט אָן צו האָבן מיט דער דאָזיקער גאַס אין וואַרשע, ווו עס האָבן גע־וווינט אָרעמעלייט און ווילע יונגען, די מינדסטע מגע ומשא.

לואי ווייסט נישט פאַרוואָס די אַנטי סעראַ ווערט אַזוי צעטומלט, ווען זי הערט דערמאָנען די וואָלינסקי און ווייַל זי האָט אַזוי פייַנט די גאַס, ווערט זי אים ליב און טייַער.

דער קליינער לואי שטייט הינטער דער טיר אינם לאַנגען פינצטער־גליטשיקן קאָרידאָר און ער הערט זיך איין וואָס די גרויסע רעדן אין דער שטוב. פון קעלט קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן. כאָטש דאָס האַרץ ציטערט אים פון מורא, לענט ער פונדעסטוועגן אויף אַ טראָפּעלע די טיר און אַ דינער ליכט־פּאַס פאַלט קרום איבער דער ברייט פונם קאָרידאָר. פונם ליכט הייבט בייַ אים אָן צו שווינדלען אין די אויגן. ער זעט ווי דעם אָנקל בנימינס שלאַבערדיק־גרויסער גוף וויגט זיך איבער דער שולדיק־אייַנגעהויקערטער פּלייצע פון זייַן נידעריק־געוואַקסענעם טאַטן. דער אָנקל היצט זיך און מאַכט מיט די גרויסע הענט. זייער שאָטן לויפט איבער די ווענט און סופיט. אָבער דער עיקר היצט זיך די אַנטי. כאָטש זי רעדט נישט קיין סך, ווערט איר דין־אויסגעצויגענער האַלדז אָנגעדראָלן מיט גרויסע דיקע אָדערן, זי וואַרפט די ווערטער דורך שמאָל־פאַרפּרעסטע ליפּן, זי האָט אַ סך וואָס צו זאָגן — אָבער נישט אַלץ וואָס זי וויל, קען זי אַרויסברענגען פונם מויל. ס'ברענט אין איר אַ פייַער און זי זוכט צו נעמען נקמה אין עמיצן.

— מען דאַרף אים היטן! מען טאָר אים נישט אַרויסלאָזן פון שטוב אַזוי לאַנג די מוטער איז דאָ אין שטאָט!

— בייזערט זיך די אַנטי — וואָס דאַרף דאָס קינד וויסן פון אַזעלכע זאַכן... און כיל מוז וואָס גיכער אָפּגטן דאָס טייַערע ווייַב! וואָס הייסט ער איז אין איר פאַרליבט? ליבע־שמיבע... הייַנטיקע צייַטן איז נישטאָ קיין ליבע... דעטס אָל!

ס'איז שוין מער פאַר לואין נישט קיין סוד, אַז דאָס גאַנצע אַפּערניש האָט אַ שייכות צו זייַן מאַמען, וואָס איז אַוועק פון זיי, ווען ער איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד. ס'זעט אויס, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין טעות און דאָס האַרץ האָט אים ריכטיק אונטערגעזאָגט. לואי ווייסט אַפילו נישט ווי די מאַמע זעט אויס. אין געדעכעניש זייַנען אים בלויז געבליבן דער מאַמעס ליכטיק־וואַרעמע הענט, וואָס האָבן געשייַנט אין דער האַלבער פינצטערניש, ווען זיי האָבן אים אייַנגעדעקט צום שלאָפן. ער זעט נאָך הייַנט די ליכטיק־ווייַסע פלעקן פון אירע הענט און ער פילט זייער סאַמעטן וואַרעמען באַריר אויף זייַן לייַב. מער איז אים גאָרנישט געבליבן פון דער מאַמען און ער ווייסט נישט ווי זי זעט אויס. בשעת ער פלעגט בלייַבן אַליין אין שטוב, האָט ער נישט איינמאָל דורכגענישטערט אַלע שופלאָדן, געזוכט אין אַלע באַהעלטענישן — אָבער ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָנגעשטויסן אויף איר בילד. ער האָט זיך געפּרוווט אַליין אויסמאָלן די מאַמען. דאָ האָט ער זי געזען אַ קליינע, דאָ אַ גרויסע. ער איז פון דעם נישט צופרידן געווען. ווען ער האָט זיך אונטערגעהערט צו די שמועסן פון די גרויסע, האָט ער אויפגעכאַפּט, אַז די מוטער האָט קליינע שמאָלע אויגן און מחמת דעם רופט מען זי „די יאַפּאַנקע”.

לואי פאַרשטייט שוין פאַרוואָס מען האָט קיינמאָל נישט געוואָלט דערמאָנען זייַן מאַמען, ווען ער איז געווען אין שטוב. איצט וויל מען נישט ער זאָל געוווירווערן, אַז זי איז דאָ אין שטאָט. לואי האָט דערהערט, אַז זינט די מאַמע איז אַוועק פונם טאַטן, האָט זי געהאַט אַנדערע מענער. זי האָט געוואָלט ווערן רייַך און געזוכט מענער וואָס האָבן געהאַט אַ סך געלט. אין דער צייַט פון דער מלחמה, ווען אין אויסטראַליע זייַנען געווען אַמעריקאַנער זעלנער, האָט זיך אַן אַמעריקאַנער אָפיציר אין איר פאַרליבט און זי איז אַוועק מיט אים קיין אַמעריקע. זי איז אָבער צוריקגעקומען און געלעבט אַ צייַט לאַנג אין סידנעי מיט אַ יונגענמאַן, וואָס האָט דאָרט אַ גרויס געשעפט. יענע וואָך זייַנען זיי געקומען קיין מעלבורן און וווינען אין אַ רייַך הויז אין קאַוטפילד...

— כ'האָב געוווסט, אַז ער הערט זיך אונטער, דער יונג!... דער געמיינער לאָבוז! כ'האָב דאָס פאַרשטאַנען!

— זייַנען אויף לואין מיטאַמאָל געפאַלן אַ שלל מיט רייד מיט אַזאַ רעש, גלייַך עס וואָלט ערגעץ געפּלאַצט אַ וואַסער־רער און דאָס וואַסער וואָלט אַ פליוך געטון אויף אים מיט כוח. אין דער זעלבער צייַט האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר און דאָס ליכט האָט אַ פלייץ געטון אויף אים, אַז ער האָט געמוזט אינגאַנצן צומרוזשען די אויגן. אין דער אויפגעפּראַלטער טיר איז געשטאַנען די אַנטי סעראַ. לואי האָט זי נישט געזען, אָבער ער האָט געפילט, אַז זי שטייט איבער אים. לואי איז געשטאַנען אין דער אויס:עוואַקסענער פּידזשאַמע, געציטער־ט פון קעלט. דער אַנטי סעראַס שפּיציקע, הינערשע פּנימל האָט אים געמוסרט, גערעדט אין אים אַרייַן. ס'איז אים אויסגעקומען ווי אַ הון וואָלט מיטן שפּיציקן שנאָבל געפּיקט אים אין קאָפּ: פּיק.... פּיק...

— כ'האָב געקענט שווערן, אַז ער הערט זיך אונטער! אַז דאָס האָט נישט קיין שום דערציִונג! וואַקסט הפקר, ווי אַ חיה... — האָט די אַנטי סעראַ אָנגעכאַפּט לואין פאַר אַ האַנט, ווי מען כאַפּט אָן בייַ אַ פליגל אַן עוף, וואָס פאַרגנבעט זיך אין אַ שכנישן הויף.

— ווי לאַנג שטייסטו דאָ? זאָג! האָסט אַלץ געהערט?!...

—ס'איז אַ ליגן! כ'שטיי נישט דאָ! כ'בין דאָ נישט געשטאַנען! — האָט לואי זיך אייַנגעעקשנט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ פון דער אַנטי סעראַ.

— זע נאָר ווי דאָס האָט פאַרשטאָכענע אויגן... ווי דאָס זאָגט ליגנט גלייַך אין פּנים אַרייַן! דאַכט זיך, מען האָט אים געכאַפּט בייַ דער האַנט און ער וויל זיך נישט מודה זייַן. דו שטייסט דאָך דאָ די גאַנצע צייַט און

הערסט זיך אונטער. זײַ זיך מודה! דו מוזט זאָגן דעם אמת!

— ניין! כ'שטיי נישט דאָ! כ'בין דאָ נישט געשטאַנען! — האָבן לואין אָנגעהויבן די טרערן צו ווערגן אין האַלדז און ער האָט זיך נאָך מער אײַנגעקעקשנט — כ'בין מיר געגאַנגען נעמען אַ טרונק וואַסער...

— וווּ ביזטו דיר געגאַנגען נעמען אַ טרונק וואַסער? דאָ אין דער שטוב? די קיך איז דאָך ערגעץ אַנדערש... גו, גיי, דו ליגנער, דו! טעריבל!

די אַנטי סעראַ האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך מיט אַזאַ מינע, ווי זי וואָלט זאָגן: „דער יונג איז שוין אַ פאַרפאַלענער, ס'וועט אים גאָרנישט העלפן! ער איז אָפּגעשפּרונגען פון איר און מיט גרויס אימפּעט זיך געלאָזט לויפן גלײַך צו זיך אין שטוב אַרײַן. די טרערן האָבן אים געשטיקט אין האַלדז, אָבער ער האָט נישט געוויינט, מיט איין שפּרונג איז ער געווען אויפן בעט, זיך אײַנגעגראָבלט אין דער דעקע און זי אַריבערגעצויגן איבערן קאָפּ. ער האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט אין אַ בייגל, געפילט ווי די קניען באַרירן זײַן גאָמבע. דער באַריר פון אייגענעם לײַב האָט אים געגלעט, געוואַרעמט. ער האָט זיך אינגאַנצן געוואָרפן און די דעקע האָט שטאַרק געציטערט. ס'האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט אים ווער אַרײַנגעשטופּט אין אַ זאַק און ער וויל זיך פון דאָרט אַרויסבאַקומען. די באַליידיקונג האָט אים געגעסן, כאָטש ער האָט אַזוי ווייניק געוווּסט וועגן זײַן מאַמען, האָט ער זי איצט פּײַנט באַקומען: אַז־דאָס קליינע טאַטעלע איז צו אים צוגעקומען, געוואָלט אים אײַננעמען, באַרויִקן, האָט ער אים אָפּגעשטופּט פון זיך:

— גיי אַוועק! — האָט ער אַ געשריי געטון, אַז דאָס טאַטעלע האָט זיך אינגאַנצן אײַנגעקאָרטשעט פון שרעק — ליוו מי אַלאָן!

ביז אין דער האַלבער נאַכט אַרײַן, איז לואי געווען אויף, זיך געוואָרפן פון איין זײַט אויף דער אַנדערער. ער האָט געפילט ווי אַ שווערע משא ליגט אים אויפן האַרץ, אַז ער איז פון מידקייט אײַנגעשלאָפן, האָט ער געזען זײַן מאַמע מיט די שמאָלע מאַנדל־אויגן, אַלע האָבן זי גערופן „די יאַפּאַנקע”. דאָס קליינע טאַטעלע האָט אַרומגעטאַנצט אַרום דער מאַמען, אַרײַנגעקוקט איר אין די אויגן אַרײַן — אָבער זי האָט געקוקט צו אים פון אויבן־אַראָפּ און אים געטריבן פון זיך... כאָטש עס איז געווען אין חלום, האָט לואי געדענקט, אַז ער ווייסט נישט ווי די מאַמע זעט אויס, וואָס־זשע זעט ער זי אַזוי קלאָר? פון וואַנען ווייסט ער, אַז דאָס איז זײַן מאַמע? ער זעט, אַז ער האָט פּונקט אַזעלכע קליינע שוואַרצע אויגן ווי די מאַמע. קליין איז ער פּונקט ווי זײַן טאַטע. ווער ווייסט צי ער וועט אויפוואַקסן העכער פון אים... לואי האָט אין חלום געזען די אַלע מענטשן, וואָס פּלעגן קומען צו זיי אין שטוב, דאָס זײַנען דעם טאַטנס קליענטן, וואָס קומען צו אים מעסטן זייערע מלבושים. די מענטשן זײַנען געענדערט, שטאַרק אויסגעפּרעסן... דאָס קליינע טאַטעלע דרייט זיך אַרום צווישן זיי מיטן צענטימעטער אויפן האַלדז און מיט פיל שפּילקעס אַרײַנגעשטעקט אינעם וועסטל. דער טאַטע שמייכלט צו אַלעמען מיט זײַן שולדיק שמייכעלע, וואָס זוכט בײַ יעדן פאַרגעבונג... וואָס דאַרף ער עפּעס זוכן בײַ וועמען פאַרגעבונג? ס'אַרא זינד איז ער באַגאַנגען? ער אַרבעט שווער אַ גאַנצן טאָג און איז נאָך צו גאָרנישט צוגעקומען. אַז לואי האָט געזען דאָס שולדיקע שמייכעלע בײַם טאַטן אויפן פּנים, וואָס איז אים אַזוי גוט באַקאַנט, האָט ער געוואָלט צולויפן צו אים און עס פון אים אַראָפּרײַסן. מיטאַמאָל האָט לואי באַמערקט ווי דער טאַטע ליגט אויף דער ערד און אַלע טרעטן אויף אים. ער וויל צולויפן צום טאַטן, אים אויפהויבן, ראַטעווען — אָבער מען לאָזט אים צו אים נישט צו...

לואי האָט געשריגן פון שלאָף. די טרערן, וואָס ער האָט אײַנגעהאַלטן, ווען ער איז געווען אויף, זײַנען אים גערונען איבער די באַקן. דער טאַטע איז אַראָפּ פונם געלעגער, אַרײַנגעלאָפן צו אים אין שטוב און אים געוועקט פון שלאָף.

— וואָס איז דיר, לייבעלע? — האָט דער פאָטער אַרײַנגערעדט אין אים — זאָג מיר וואָס עס דריקט דיך... זאָג, וועט דיר לײַכטער ווערן...

דאָס יינגל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אויפגעמאַכט אַביסל די אויגן, אָנגעקוקט דעם טאַטן, נאָר ער האָט אים נישט דערקענט. באַלד האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און איז צוריק אײַנגעשלאָפן.

אויפצומאָרגנס איז לואי נישט געגאַנגען אין דער שול. אַז דער טאַטע האָט אים געוועקט, געהייסן זיך אָנטון, גיין אין דער שול, האָט ער אים אַפילו נישט געענטפערט. ער איז געלעגן אויסגעדרייט צו דער וואַנט, ווי ער וואָלט נישט וועלן קוקן דעם פאָטער אין פּנים אַרײַן. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז לואי האָט היץ און ער קען נישט גיין אין דער שול. פון שטיין נעכטן בײַנאַכט אין דער בלויזער פּידזשאַמע און זיך אונטערהערן הינטער דער טיר, האָט ער זיך פאַרקילט. ער האָט באַקומען אַן אָנצינדונג אין האַלדז און אָנגעהויבן צו הוסטן.

כיל האָט גערופן דעם דאָקטאָר, געגאַנגען באַשטעלן די מעדיצינען, אײַנגעקויפט אין גאַס און געקאָכט פאַרן זון די מאכלים, וואָס דער דאָקטאָר האָט אים דערלויבט צום עסן. אויך האָט ער אײַנגעהייצט אין „פּײַער־פּלייס”, נאָר ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פון לאַנגען נישט הייצן, איז דער קוימען פאַרשטאָפּט און די שטוב איז פול געוואָרן מיט רויך. כיל האָט געוווּסט, אַז באַלד דאַרף קומען זײַנס אַ קליענט מעסטן דעם אַנצוג, אָבער ער איז געווען פאַרנומען מיטן זון און גאָרנישט געהאַט פאַרטיק. אין שטוב איז געווען אָנגעוואָרפן מער ווי אַלע מאָל. ס'איז אַ גרויס חידוש געווען ווי עס האָבן זיך

מיט אמאָל דאָ אָנגעזאַמלט אַזוי פיל נישט־דערטרונקענע גלעזלעך מילך און טעפּלעך טיי, אַזוי פיל נישט־אויסגעוואַשענע טעלער און פאַרפּאַפּטע לעפל און גאָפּל, אויפן טיש האָבן זיך געוואַלגערט אָנגעהויבענע פלעשלעך מעדיצינען און זאַלבן, שטיקלעך וואַטע, שטייף־ליַיוונט און פאַרסטריגעוועטע „פּזשאָדקעס" און אַרבל, אַז דער זון האָט נישט געוואָלט איַננעמען די ביטערע מעדיצינען, האָט דער פאָטער זיי קודם־כּל פאַרזוכט, כּדי צו וויַיזן, אַז זיי זיַינען גאָרנישט שלעכט, אויפן היימישן שטייגער האָט ער זיך צוגעהאַלטן די נאָז, פאַרמאַכט די אויגן און געהאַלטן אין איין פאַרזוכן דעם ריצנאייל און שלינגען די פּילן...

ביַיטאָג האָט לואי נישט צוגעטון קיין אויג און ער איז ערשט ביַינאַכט אַנטשלאָפן געוואָרן. כיל איז געזעסן ביַי זיַין געלעגער און אָנגעהויבן צו טון זיַין אַרבעט, וואָס ער האָט נישט געקענט טון ביַיטאָג. דאָס באַוווסטזיַין, אַז דאָס וויַיב איז דאָ אין מעלבורן, האָט ביַי אים צוגערויבט די רו, צעפירט זיַינע רעיונות. ער האָט באַנומען, אַז ער וועט נישט קענען מער ממשיך זיַין דאָס לעבן, וואָס ער האָט די לעצטע יאָרן געפירט. די בענקשאַפט צו סאַבען, וואָס איז איצט אַזוי נאָענט צו ־אים, האָט זיך אַריַינגעגנבעט אין אים און אים אָנגעהויבן צוריק צו פּרעסן. ס'האָט אים אָנגענומען אַ חשק צו לויפן צו סאַבען און איר זאָגן, אַז זייער קינד איז קראַנק און זי מעג עס קומען זען! דאָס, וואָס ער גיט זיך אַזוי אָפּ מיטן זון און נישט ס'וויַיב, האָט אים איצט אין די אייגענע אויגן שטאַרק אויפגעהויבן און ער איז ביַי זיך אַליין אויסגעוואַקסן. נאָך וואָס איז זי געקומען מיטן יונגענמאַן פון סידנעי? די וווּנד איז נאָך נישט פאַרהיילט. צו וואָס דאַרף מען די אַלטע וווּנד אויפדעקן? און טאָמער האָט זיך סאַבע דערמאָנט אינם קינד און זי וויל עס ביַי אים צונעמען?... ער וועט איר דעם זון נישט אַוועקגעבן! זי האָט אים נישט געטאָרט איבערלאָזן אויף הפקר! און אפשר וויל זי איצט מיטן יונגענמאַן חתונה האָבן, האָבן קינדער, וויַיל ער פאָדערט דאָס פון איר. ער וועט איר קיין גט נישט געבן!...

אין וואַרשע איז סאַבע נאָכגעלאָפן נאָך אים. זי האָט געהאַט אַ סך יִינגלעך, נאָר זי האָט געקלעפּט צו אים. ער איז געווען אַ גוטער פאַרדינער, זי איז געקומען פון פּראָווינץ און געווען אַ „קאַנדיטשאַרקע" אין אַ באַלעבאַטיש הויז אויף שוויענטע־יורסקע. אַלע טאָג פלעגט זי גיין מיט די קינדער — אַ יִינגל און אַ מיידל — אין קראַשינסקים גאָרטן שפּאַצירן. די קינדער זיַינען געווען זייער אויסגעקעכלט און אויסגעוויקלט אין שענסטן און בעסטן און האָבן זיך געקוילערט ווי צוויי באַלעמס. זי איז געזעסן אויף אַ באַנק און געליינעט, אָבער די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט לעבן איר, האָבן איר אַלעמאָל געשטערט, געמסרט איינס אויפס אַנדערע און זי באַשיט מיט פאַרשיידענע קשיות. כיל איז געקומען צו איר אין קראַשינסקים גאָרטן, ווען ער איז געווען אַרבעטסלאָז, אָדער ס'איז פאַרגעקומען אַ שטריַיק. ער האָט זיך שטיל צוגעזעצט צו איר און געבעטן זי זאָל אים וויַיזן, וואָס זי ליינט. זי האָט געלייענט ראָמען ראָלאַנס „זשאַן קריסטאָף", די ביכער פון סינקלערן און אַריַינגעפאַלן אין התפּעלות פון אַלץ, וואָס זי האָט געלעזן.

— כילעק... — האָט זי אים גערופן פאַרצויגן — דו קענסט דיר נישט פאָרשטעלן ווי שיין די ביכער זיַינען... ווי דערהויבן... כ'זיץ דאָ, אָבער כ'שוועב אין אַנדערע וועלטן!...

ער האָט נישט איבעריק ליב געהאַט צו לעזן ראָמאַנען. ער האָט אַזוי ווייניק ציַיט און אַז ער לייענט עפּעס, וויל ער פון דעם וואָס מער פאַר זיך געניסן. ער האָט געלעזן דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט פון מאַרקסן, זיך אַרומגעטראָגן מיט די ביכער פון לענין, בוכאַרין, קאַוטסקי, וואָס ער האָט געבאָרגט אין ביבליאָטעק. ער האָט אויך אַריַינגעטראַכט אין מעדעמען און נישט געוווסט, ווו ער געהערט, טיילמאָל איז ער געגאַנגען אויף די לינקע „בערזעס" און טיילמאָל אין בונדישן נאָדל־פאַראיין.

„זשאַן קריסטאָף" פון ראָלאַן האָט ער יאָ געלייענט און דאָס בוך איז אים זייער געפעלן. אַז ער האָט גערעדט וועגן דעם בוך, האָט ער געהאַט אַ פול מויל מיט זאַפט. ס'איז אים אָבער שווער געווען צו רעדן פּויליש און סאַבע האָט אים געמוזט אַרויסהעלפן.

— כילעק... — האָט זי צו אים געזאָגט — כ'האָב ליב צו הערן ווי דו רעדסט וועגן זשאַן קריסטאָף. דו פאַרשטייסט דאָס בוך אַזוי גוט...

זי האָט געקוקט אויף אים, בעת ער האָט גערעדט, נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון אים, אָדער אינמיטן דערינען האָט זי אים איבערגעהאַקט, אַ פּאַטש געטון אין ביידע הענט פון גרויס אַנטציקונג!

— כילעק, זע נאָר וואָס פאַר־אַ לאַנגע וויעס דו האָסט!... אַזוי ווי אַ מיידל... זע נאָר וואָס פאַר־אַ שיינע וויעס, פּונקט ווי ביַי אַ ליאַלקע.... כ'וואָלט מיר געווינטשן צו האָבן אַזעלכע שיינע וויעס...

ער איז געבליבן צעטומלט, נישט געוווסט וואָס סאַבע איז אויסן און שולדיק געשמייכלט. בשעת סאַבע האָט פון איר אָפּגעריבן־אַלטן האַנט־ביַיטל אַרויסגענומען אַ שפּיגעלע און אים געצוווּנגען אַריַינצוקוקן, איז ער רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן און מיט אַן עלנבויגן אָפּגעשטופּט איר האַנט. ס'האָט אים געחידושט וואָס אין מיטן פון אַזעלכע אינטערעסאַנטע שמועסן, האָט זי דעם קאָפּ צו אַזעלכע נאַרישקייטן...

אין שיינעם טאָג האָט אים סאַבע געגעבן אָנצוהערן, ער זאָל מער נישט קומען צו איר אין קראַשינסקים גאָרטן, וויַיל אירע באַלעבאַטים ווילן דאָס נישט. די קינדער האָבן אויף איר געמסרט, אַז אָנשטאָט אַכטונג צו טון אויף זיי,

לייענט זי ביכער און איז פארנומען מיט א בחור.

ער פלעגט זי דערנאך טרעפן אויף די „בערזעס" אויף דזשיקע־גאס, אויף די ביינאכטיקע שפאצירן אויף לעשנע. פונקט ווי א בלאטערל ארום א לאמפ פלעגט זי ארומפליען אינם קארגן גאסן־ליכט. זי האט יעדן אקעגנגעטראגן א גוט ווארט און צו יעדן געשמייכלט סיי מיט די אביסל שיפלעכע, שמאלע, שווארצע אויגן, וואס האבן זי געמאכט ענלעך צו א יאפאנקע און סיי מיט די קיילעכדיקע, שיינע רויטע ליפן. מען האט אבער נישט געגלויבט וואס זי זאגט און זי גערופן „די טשאקערין".

כאטש כיל האט נישט געוואלט חתונה האבן ביי קיין רב, האט זי אים דערצו געצוווּנגען. זי האט כסדר געוויינט און געזאגט, אז אנדערש וועט ער זי נישט קענען מיטנעמען ווו ער פארט. ביי א ווינקל מורה־הוראה אויף שמאלע-מילע האבן זיי געשטעלט א שטילע חופה. ס'זיינען געקומען צו טשאפען זיינע עלטערן, וואס האבן קוים געקענט ארויפקריכן אויף די דריי שטאק שטיגן, פון דער פראווינץ איז געקומען איר טאטע, דער אלמן, א דארער, הויכער ייִד, מיט א רויטער נאז און מיט א גרין־אפגעשאסענעם מעלאניק אויפן קאפ. ער האט כסדר אריינגעקוקט אין א גרויסן סידור, געהעשעט און געשנייצט די נאז מיט א טראמייטער. אז מען האט אים געפרעגט וואס ער האלט אין איין וויינען, האט ער געענטפערט, אז ער וויינט צוליב דעם וואס זיין ווייב, עליה־השלום, האט נישט דערלעבט צו דער חופה פון איר טאכטער, וואס ער האט נישט קיין נדן צו געבן דער כלה און וואס דאס פארל שלעפט זיך אוועק אויף עק וועלט. אין די פארהושכטע אפגעריסענע שטובן פון דעם ווינקל מורה־הוראה האט געשמעקט מיט אפגעזיגענע קארטאפל און מוט ריישעכץ. א קינד האט זיך ערגעץ געריסן מיט קולי־קולות. אז מען האט פון א ווינקל ארויסגענומען די חופה־שטאנגען, האבן זיי זיך א וויג געטון, זיך ברייט צענומען און שיער נישט געפאלן אלעמען אויפן קאפ. דער ווינקל מורה־הוראה האט נישט אויפגעהויבן די אויגן פונם ספר, קוים געענטפערט א ווארט און ס'האט אויסגעקוקט ווי ער וואלט צו אלץ נישט געהאט קיין שום שייכות. בשעת ער האט מסדר־קידושין געווען, האט זיך זיין פארטאביקט־ווייסע באָרד לייכט באוועגט און די פארשלונגען-שטילע ווערטער האבן זיך אומעטיק אפגעשלאגן אין די אפגעשיילט־פארהושכטע ווענט. דאס העשען פון דער כלהס פאטער האט זיך אויסגעמישט מיטן געוויין פונם קינד...

די אויגן האבן זיך איצט ביי כילן פון מידקייט געקלעפט און ער האט קוים געקענט האלטן די נאדל אין דער האנט. לואי איז רואיק געשלאפן, כיל האט זיך אלע מאל צעשטאכן די פינגער מיט דער נאדל. דאס מלבוש, וואס ער האט געהאלטן אויף די קני, האט זיך אראפגעגליטשט אויף דער ערד. ווען ער איז זיך געגאנגען ליגן שלאפן, האט זיך אים נאך געבאמבלט אין קאפ ווי סאבע האט זיך אין מעלבורן אנגעהויבן צו פוצן, אלעמאל איז זי געקומען צו גיין אין אן אנדער קלייד, ער האט זיך אנגעשטויסן ווער ס'האט איר געקויפט די שיינע קליידער — אבער ער האט אלין אראפגעשלונגען און געשוויגן, געמיינט, אז סאבע וועט זיך בארואיקן...

לואי איז דעם אנדערן טאג אויפגעקומען ערשט צו מיטאג צו. די היץ איז אים אראפגעפאלן. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט. כיל האט זיך שוין לאנג צוריק געהאט געשטעלט צו דער ארבעט, געשטאנען ביים פרעס־אייזן און מיטן מויל געשפריצט וואסער אויף א שטיקל ארבעט. ער האט באמערקט, אז דער זון לאזט נישט אראפ קיין אויג פון אים. ביי כילן האט דאס הארץ געקוואלן פארפרייד און ער האט א טראכט געטון, אז אצינד איז די בעסטע צייט ער זאל פרעגן לייבעלען, צי ער וועט אויפן קינדער־קאנצערט פון די ייִדישע שולן דעקלאמירן דאס ליד, וואס ער האט זיך שוין א לאנגע צייט איינגעחזרט. כאטש לייבעלע האט דאס ליד געקענט פון אויסנווייניק, האט ער זיך כסדר געהאלטן דערביי, אז ער וועט אויפן קאנצערט נישט אויפטרעטן, אז כיל האט איינגעשטעלט און אריינגעווארפן די פאר ווערטער, האט ער דערנאך



ישראל האפמאן — „דער שווארצער מעדינא"

נישט אָפּגעלאָזט און נאָכאַנאַנד איבערגעחזרט:

— װעסט צוליב טון דעם טאַטן, ליבעלע?... װעסט צוליב טון?...

— גוט. — האָט לואי געענטפֿערט, װי אױף אָפּצוקומען — כ'װעל צוליב טון!...

— כ'װײס, אַז דו ביזט אַ גוט קינד. ביזט שטענדיק געװען אַ גוט קינד...

— יאָ, אָל־רײט... כ'בין שטענדיק געװען אַ גוט קינד... פֿאַרװאָס האָסטו דאָס נישט געװוסט? גוט, װאָס דו װײסט איצט!

לואי האָט איצט אַלץ צוגעזאָגט דעם טאַטן, אָבער אַז ער איז געזונט געװאָרן און איז צוריק אַרױס זיך שפּילן מיט די חברים אין גאַס, האָט ער אױף אַלץ חרטה געהאַט. און אַז ס'האָט זיך אָנגערוקט די צײַט פֿונם קאָנצערט, האָט ער בשום־אופֿן נישט געװאָלט צוליב טון דעם טאַטן.

— כ'האָב גאָרנישט צוגעזאָגט! — האָט ער להכעיסדיק זיך געהאַלטן בײַ ס'זײַניקע — כ'װײס פֿון גאָרנישט! ליװ מי אַלאָן...

לואי איז אַלעמאָל געװען אַ גוטער שילער און װען ער איז געקומען אַהײם פֿון דער שול, האָט ער דאָס ערשטע געמאַכט די לעקציעס. איצט האָט ער אָבער די לעקציעס נישט געמאַכט און באַלד אַרױס צו די חברים אין גאַס. צום טאַטן איז ער נאָך געװען ערגער װי פֿאַר דער קרענק. אַז ער האָט אַמאָל געהערט װי דער טאַטע זינגט זיך אונטער אַ לידל בײַ דער אַרבעט, האָט ער זיך צוגעהאַלטן די אױערן.

— זינג נישט! — האָט ער אַ געשרײ געטון — כ'קען נישט הערן װי דו זינגסט...

בעת לואי האָט זיך געשפּילט מיט די חברים, האָט עס אים אַלעמאָל באַרירט, װאָס ער איז דער קלענסטער צװישן זײ. ער האָט נישט פֿאַרטראָגן, װען מ'האָט אים גערופֿן „דער קלײנער לואי", ער איז שױן געװען זיכער, אַז ער װעט נישט אױסװאַקסן העכער פֿונם טאַטן און ער האָט געהאַט שטילערהײט צו אים טענות, װאָס ער איז געראָטן אין אים. בעתן שפּילן זיך, האָט לואי שטענדיק געװאָלט זײַן דער ערשטער. אַז מען האָט זיך פֿאַרמאָסטן אין יאָגעלעך, אָדער מען האָט געמאַכט אַ געװעט אױף די ראָװערן, האָט ער דװקא געװאָלט אָנקומען פֿריער פֿאַר אַלע. דאָס זעלבע איז געװען, װען מ'האָט געשפּילט „קריקעט", צי פֿוטבאָל. ער האָט זיך פֿאַר גאָרנישט אָפּגעשטעלט, הינטנאַרום געקאָפּעט מיט די פֿיס, געשטופּט מיט די עלנבױגנס און אַז ס'איז אים עפּעס נישט געלונגען, האָט ער דערפֿון שטאַרק געליטן. אָפּטמאָל איז ער פֿאַרשװוּנדן אױף לאַנגע שעהן און דער פֿאָטער האָט נישט געװוּסט װוּ ער איז, ער האָט דעמאָלט אַלײן געאיבט אין גאַס, געלאָפֿן, געשפּרונגען, כּדי אױפֿצומאָרגנס זאָל ער זיך קענען באַװײַזן פֿאַר די אַנדערע.

זינט לואי האָט זיך דערװוּסט, אַז די מאַמע איז דאָ אין מעלבורן, האָט ער זײער מורא געהאַט, אַז די „באָיס" אין גאַס זאָלן דערפֿון נישט געװױער װערן. ער האָט זיך זײער געשעמט, װאָס די מאַמע קומט אים נישט זען. ער האָט זיך נישט געקענט גלײבן, אַז אַ מוטער זאָל נישט װעלן אָנקוקן איר אײגן קינד. בשעת זײַנס אַ חבר האָט אים אַמאָל געהאַט געפֿרעגט, װוּ זײַן מאַמע איז, האָט ער זיך שיִער נישט געװאָלט װאַרפֿן אױף אים שלאָגן. איצט איז ער שױן געװען זיכער, אַז די חברים װײסן װעגן אַלץ און ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלע טײַטלען אױף אים מיט די פֿינגער.

כאָטש לואי האָט כמעט אינגאַנצן נישט געדענקט די מאַמען, האָט ער אָנגעהױבן נאָך איר צו בענקען. ער האָט געװוּסט, אַז זי איז אַזױ נאָענט פֿון אים און אַ באַנגער זי צו זען האָט אים אַרומגעכאַפּט און געדריקט ביז װײטיק. װען ער פֿלעגט קומען צו זײַן חבר דזשעקי אין שטוב אַרײַן, האָט ער ליב געהאַט צו זײַן נאָענט פֿון זײַן מאַמען. טאָמער האָט זי אים געפֿרעגט, צי ער איז הונגעריק, האָט ער שטענדיק געענטפֿערט, אַז יאָ, כאָטש ער איז גאָרנישט הונגעריק געװען. ער האָט ליב געהאַט, װען זי האָט זיך אַראָפּגעבױגן איבער אים מיט איר װאַרעמען גוף און זיך אַרום אים געפּאָרעט מיט די װײַסע, פֿולע הענט, בעת זי האָט אים דערלאַנגט אַ „סענדװיטש", אַ טעפּל טײ. אײנמאָל, װען ער איז געקומען צו זײַן חבר דזשעקין, האָט ער קײנעם נישט געטראָפֿן אין הױז. ער האָט אַרומגעװאַנדערט איבער אַלע שטובן און צום סוף אַרײַנגעקוקט אינם שלאָף־צימער פֿון דזשעקיס עלטערן, טאָמער איז דזשעקי דאָרט דאָ. אָבער אָנשטאָט דזשעקין, האָט ער דאָרט געטראָפֿן זײַן מאַמען, װאָס איז געשטאַנען האַלב־אױסגעטון. דאָס בלענדערדיק־װײַסע לײַב פֿון אירע הױכע, פֿולע פֿיס און פֿון אירע אַנטבלױזטע אַקסלען, האָט אים אַ בליאַסק געטון אין די אױגן און פֿאַרשטעלט בײַ אים די ראיה. דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטון צו די שלײפֿן, אַז ער האָט נישט געקענט עפֿענען דאָס מױל און פֿרעגן װוּ דזשעקי איז.

דזשעקיס מוטער האָט אָבער גאָרנישט באַמערקט און אים געפֿרעגט, װי קײן זאַך װאָלט נישט געשען:

— װאָס איז דע מעטער? װאָס שטײסטו און דו גאַפֿיעסט זיך?! דזשעקי איז נישטאָ!

דער קלײנער לואי האָט קױם געקענט געפֿינען דעם װעג צו דער טיר — אָבער זינט דעמאָלט איז ער אַלעמאָל געקומען, װען קײנער איז נישט געװען אין שטוב און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער טיר פֿון שלאָף־צימער און אַרײַנגעקוקט אינעװײניק.

לואי האָט זײער געװאָלט זען די מאַמען. דער באַנגער זי צו זען, איז יעדן טאָג שטאַרקער געװאָרן בײַ אים און ער האָט זיך פֿון דעם נישט געקאָנט מער באַפֿרײַען. װען ער פֿלעגט זיך אונטערהערן צו די שמועסן פֿונם אָנקל

בנימין און אַנטי סערא מיטן טאַטן, האָט ער פאַרגעדענקט דעם „סאַבעריב", ווו די מאַמע וווינט.

שוין נישט איינמאָל איז דער קליינער לואי פאַרשווונדן פון דער היים אויף לאַנגע שעהן, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אומגעקערט פון דער שול. ער האָט אַ וואָרף געטון די ביכער און אַרויס אין דרויסן — אָבער אָנשטאָט זיך צו שפּילן מיט די חברים, איז ער ערגעץ נעלם געוואָרן און ער האָט זיך אומגעקערט ערשט שפּעט אין אָונט. ער איז געקומען צוריק אַן אויסגעשעפּט־מידער און אַ בייזער און אויף דעם טאַטנס אַלע קשיות האָט ער געענטפערט בלויז די פּאָר ווערטער:

— כ'בין אינערגעץ נישט געווען!

כאָטש האַק און בראָק, האָט דער פאָטער עפּעס אַנדערש נישט געקאָנט פון אים אַרויסבאַקומען.

לואי האָט געוואָגלט איבער דער שטאָט ביז שפּעט ביינאַכט און געזוכט די גאַס, ווו די מאַמע וווינט. ער האָט זיך דערשלאָגן צו די ווייַטסטע פאָרשטעט. ער האָט צופּוס אויסגעמאָסטן גאַנצע גאַסן; מיטן אָפּגעשפּאָרטן געלט איז ער געפאָרן אויף באַסן, אויף טראַמווייַען, טיילמאָל האָט ער אָפּגעשטעלט מענטשן אין גאַס און זיי אויסגעפרעגט. ס'האָט אים פאַרדראָסן, וואָס מען באַציט זיך צו אים ווי צו אַ קליין יינגל און מען הייסט זיך אים גיין ליגן שלאָפן. כדי זיך צו מאַכן עלטער און וויכטיקער, האָט ער גערויכערט פּאַפּיראָסן. כאָטש די יינגלעך, וואָס זייַנען געוואַקסן הויך, האָבן זיך געמאַכט שטענדיק יונגער ווי זיי זייַנען געווען, כדי צו קויפן אויפן טראַמווייַ אַ האַלבן בילעט, האָט ער דווקא אויסגעקויפט אַ גאַנצן בילעט, מען זאָל מיינען, אַז ער איז עלטער. אָבער דער קאָנדוקטאָר האָט אים נישט געוואָלט פאַרקויפן אַ גאַנצן בילעט און דאָס האָט אים ווייי געטון. ער האָט זיך אַליין פייַנט באַקומען. בשעת ער איז אויפגעשטיגן אויפן טראַמווייַ, האָט ער זיך געפילט אַזוי קליין און פאַרלוירן צווישן די פרעמדע מענטשן און ער האָט זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל, ווי אַ קליין פאַרבלאָנדזשעט מייַזל. ער איז אַזוי לאַנג געפאָרן מיטן טראַמווייַ, ביז אַלע מענטשן זייַנען אַרויסגעשטיגן און ער איז אַליין געבליבן מיטן קאָנדוקטאָר. דער טראַמווייַ, אַ פּוסטער, האָט זיך שלעפּעריק געשלעפּט איבער די פינצטערע שפּעטנאַכטיקע גאַסן אַז דער קאָנדוקטאָר איז צו אים צוגעקומען און אים געפרעגט ווו ער פאָרט, האָט ער נישט געוווּסט וואָס אים צו ענטפערן און איז אַרויס פונם טראַמווייַ. ער איז געבליבן שטיין אַליין אין אַ פינצטערער גאַס צווישן נאַכטיק-אויסגעלאָשענע הייַזער און פּוסטע גערטנער. ער האָט אַליין נישט געוווּסט ווו ער געפינט זיך...

ווען לואי האָט סוף־כל־סוף געפונען דאָס הויז, ווו די מוטער וווינט, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט פונדערווייַטנס וואַרטן אויף דער מאַמען. ס'איז געווען אַ ווינטיקער פאַרנאַכט און אַ קאַלטע פאַרשטייַפּט־רויטע זון איז, ווי אַ רויטע שייב, געווען אייַנגעראַמט אינם זוים פונם בלייכן הימל. קיין דורכגייער האָט מען נישט געזען. אַז לואי האָט דערזען אַ יונגע פרוי אַרויסקומען פונם גאָרטןטויערל, האָט ער באַלד געוווּסט, אַז דאָס איז די מאַמע. ער האָט דערקענט די שמאָלע שוואַרצע אויגן, ווי ביי אַ יאַפּאַנערין. אָבער די מאַמע איז געווען הויך און זי האָט מיט אַן אַביסל נאַכלעסיקן גאַנג געטרעטן אויף דינע הויכע קלעצלעך. זי האָט אַזוי פאַרזיכטיק געקליבן מיט די קליינע טריטלעך, ווי זי וואָלט געזוכט אַן אָרט, ווו זיך בעסער צו שטעלן. זי האָט געטראָגן אַ רייַכן, האָריקלויזן מאַנטל מיט אַ הויך־אויפגעשטעלטן פוטער־קאָלנער, ווו ס'האָט זיך געגעסט איר קליין, בלאַס פּנימל. איין האַנט האָט זי געהאַט שטעקן אינם אָרעם פונם יונגענמאַן, וואָס איז געגאַנגען ביי איר זייַט, ווי זי וואָלט זיך אין אים אָנגעלענט.

לואי האָט געציטערט אויפן גאַנצן לייַב. ער האָט געוואָלט נאָכגיין די מאַמען מיטן יונגנמאַן — אָבער ער האָט נישט געקאָנט שטעלן קיין טריט.

מיט אונטערגעבראָכענע פיס איז לואי נאָכגעגאַנגען דאָס פּאָרל. ער האָט בשום־אופן נישט געקענט באַגרייפן, וואָס די מאַמע דערקענט אים נישט, כאָטש ער איז אַזוי נאָענט פון איר. ס'פעלט מער נישט נאָר ער זאָל אויסשטרעקן די האַנט און ער זאָל זי אָנרירן. פאַרוואָס פילט נישט די מאַמע, אַז ער גייט הינטער איר? פאַרוואָס זעט זי אים נישט?... לואי איז אַזוי נאָענט געווען פון דער מאַמען. אַז ער האָט געקאָנט הערן וואָס זי רעדט. תחילת איז אים איר קול געווען פרעמד — נאָר שפּעטער איז ער געווען זיכער, אַז ער האָט שוין דאָס קול ערגעץ געהערט. דער ווינט האָט צעבלאָזן אירע האָר און זי האָט מיט אַ קליינער באַהענטשקעטער האַנט זיי צוגעהאַלטן. איר פּלייצע האָט זיך בייַם גיין געוויגט און מיט פרעמדער גלייַכגילטיקייט געקוקט צו אים. עס האָט אים אָנגענומען אַ חשק צוצופאַלן צו דער פּלייצע און אַ טאָרע טון די מאַמען, זי זאָל וויסן, אַז ער איז לעבן איר. פון ווייטיק האָט ער געוואָלט שרייַען.

לואי איז פאַרלאָפן דעם פּאָרל דעם וועג. ווען ער איז געווען אַ שטיקל וועגס פאַר דער מאַמען, האָט ער זיך פּאַוואָליע צוריקגעקערט און ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט אים דערקענען — אָבער זי איז דורכגעגאַנגען פאַרביי אים און אים אינגאַנצן נישט באַמערקט. זי האָט אַפילו אַ קוק געטון אויף אים, נאָר מיט אַזאַ גלייַכגילטיקן בליק, ווי מען קוקט אויף אַ פרעמד יינגל. ס'האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט זיך געחידושט וואָס דאָס יינגל פּלאָנטערט זיך עפּעס אַרום איר...

לואי איז צוריק נאָכגעגאַנגען די מאַמען, ביז זי איז אַרייַן אין אַ קאַפע־הויז. דורכן גרויסן קאַפע־הויז־פענצטער האָט ער געזען ווי זי זיצט ביי אַ טישל, זופּט פאַר־

וואַליע קאווע, רעדט מיטן יונגנמאַן און רויכערט נערוועז איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן. אַז די מאַמע האָט געענדיקט זופּן די קאווע, איז זי נאָך אַביסל געזעסן און שפּעטער איז זי, צוזאַמען מיטן יונגנמאַן, אַרויס פונם קאַפע־הויז, ווי זי וואָלט זיך ערגעץ געאײַלט. זיי זײַנען געגאַנגען צוריק צו זייער הויז און פאַרשוווּנדן פון לואיס בליק.

קיינער זאָל ניט זען, האָט זיך לואי אַרײַנגעכאַפּט אינם גאָרטן פונם הויז, זיך באַהאַלטן צווישן די קזשאַקעס. אינם פינצטער־אויסגעלאָשענעם הויז האָט די עלעקטרי אויפגעלויכטן אין עטלעכע פענצטער מיטאַמאָל. דערנאָך האָט זיך די עלעקטרי אויסגעלאָשן און ס'איז ליכטיק געוואָרן אין אַנדערע פענצטער. לואי איז געלעגן צווישן די קזשאַקעס און ס'האָט אים געשוידערט פון קעלט. איבער אים האָט געהויערט אַ נידעריק־אָנגעפּוישטער הימל, באַדעקט מיט ווינטיק־צעריסענע וואָלקנס. די ראָלעטן איבער די ליכטיקע פענצטער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און הינטער זיי איז געשטאַנען די מאַמע. לואי האָט צווישן די שפּאַרעס פון די ראָלעטן דערזען איר נאַקעטן האַלדז, די נאַקעטע אָרעמס. ס'האָט אים דערמאָנט אין דזשעקיס מוטער, וואָס ער האָט געזען אינם שלאָף־צימער.

לואי איז אַרויסגעלאָפן פונם גאָרטן, אָבער איידער ער איז אַרויס אינדרויסן, האָט ער פון דער טואיק־פײַכטער ערד אויפגעהויבן אַ שטיין און אים אַ וואָרף געטון אין די אָנגעצונדענע פענצטער. ס'האָט זיך דערהערט אַ בראַזג פון גלאָז — און לואי איז אַרויס אויף דער גאַס.

אויף צו מאָרגנס איז דער קליינער לואי ווידער אַהער געקומען, געוואַרט ביז ס'איז געוואָרן נאַכט און ער האָט געוואָרפן שטיינער אין די אָנגעצונדענע פענצטער. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע נעכט נאָכאַנאַנד, ביז עס האָבן אים אָנגעכאַפּט אַ פּאָר שטאַרקע פּאָליציייִשע אָרעמס און אים אַוועקגעפירט אין דער נאָענטער פּאָליצײ־סטאַציע. דאָרטן האָט מען אים געפּאָרשט, זיך געבייזערט אויף אים, נאָר ער האָט נישט געוואָלט בשום־אופן אויסזאָגן פאַרוואָס ער האָט די שטיינער געוואָרפן. ער האָט געזען פאַר זיך פויסטן, וואָס האָבן אים געוואָרנט, ברייט־אויפגעריסענע מײַלער, וואָס האָבן אויף אים געשריגן — אָבער זײַן מויל איז געווען פאַרהאַקט. נישט מיט גוטן, נישט מיט בייזן, האָט מען פון אים געקענט עפּעס אַרויסבאַקומען. ס'האָט זייער לאַנג געדויערט, ביז מען האָט אַרויסגעפּרעסט בײַ אים ווי ער הייסט און ווו ער וווינט.

ווען לואיס קליינער טאַטע איז געקומען, האָט ער זיך פאַרלוירן צווישן די הויכע און ברייטע פּאָליצײ־לײַט. ער איז געווען זייער דערשראָקן און האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט בשום־אופן נישט געקענט באַנעמען, וואָס דאָ איז געשען. ס'האָט אים אַ כעס אָנגענומען אויפן זון, וואָס טוט אים אָן אַזוי פיל צרות, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך געבעטן בײַ אים:

— לייבעלע, פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון? דעם טאַטן קענסטו זאָגן... קיינער וועט דיר גאָרנישט טון... זאָג, פאַרוואָס דו האָסט געוואָרפן די שטיינער!

לואי האָט נישט געענטפערט. ווי אַלעמאָל ס'איז געווען זײַן טבע, האָט ער געקוקט דעם טאַטער גלײַך אין פּנים אַרײַן און ער האָט עקשנותדיק געשוויגן. דער פאָטער האָט זיך ווײַטער בײַ אים געבעטן:

— זאָג, לייבעלע, פאַרוואָס האָסטו דאָס געטון? זאָג, פאַרוואָס?...

לואי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן דעם פאָטערס בעטנדיקע קול און ווײַטער, פול מיט אײַנגעשפּאַרטקייט, געשוויגן. כאָטש די טרערן האָבן אים געוואָרגן אין האַלדז, האָט ער זיך מיט אַלע כוחות אײַנגעהאַלטן און נישט געוויינט. ערשט ווען דאָס קליינע טאַטעלע האָט אים מיט אַמאָל אַראָפּגעלאָזט צוויי פײַערדיקע פּעטש אויף ביידע באַקן, אַז ס'האָט אַזש אָפּגעקלונגען, האָט ער זיך זייער פאַרחידושט, ווײַל דער פאָטער האָט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן אויף אים קיין האַנט און ער האָט זיך צעוויינט. ער האָט געפילט ווי די שווערע משא, וואָס האָט אים כסדר געדריקט, האָט זיך אַביסל פון אים אַראָפּגע־קוילערט...



## אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

**בנימין נעמיראָווסקי** — „דער גיטאַריסט" — געלערנט מאַלערײַ אין אדעס און אין דער שול פון שיינער קונסט אין פּאַריז. געקומען אין לאַנד ווי אַ פּראָפעסאָר פון דער קונסט־שול אין טוקומאַן. האָט מיט גרויס מײַסטערשאַפט געמאָלט דעם אַרגענטינער פּייזאַזש און אָרטיקע טיפּן.

**צבי אייזנמאַן** משק יגור — ישראל



# מעשהלעך

## אַ ווינטער-מעשהלע

אינדרויסן איז נאַכט און ס'איז קאַלט און עס גייט אַ רעגן. נאַסע, קלעפּיקע שטיקער חושך אויף שויבן און אין שטוב איז קיינער ניטאָ, קיינער קומט ניט, און ס'איז אומעטיק. קלער איך: וואָס טוט מען אַזוינס אַז ס'זאָל פריילעכער ווערן? כ'קלער און קלער און כ'קאָן גאָרניט צוטראַכטן. ליגט אויפן טיש אַ שטיק ברויט, נעמען מײַנע הענט זיך מיט דעם שפּילן און אַזוי שפּילנדיק קנעט איך מיר אויס פונעם שטיקל ברויט אַ מענטשעלע, און אַז דאָס מענטשעלע איז שוין פאַרטיק געווען רופט עס זיך פּלוצים אָן צו מיר אַזוי צו זאָגן:

די אַלטע כישופמאַכערן וואָס וווינט אין דער ווינט־מיל איז לאַנגווײַליק געוואָרן. האָט זי גענומען גענעצן און שלוקערצן און זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען. האָט זי באַפוילן אַז אין מיטן פון דער זומערדיקער נאַכט זאָל אַ שניי אין דער שטאָט אַרויספאַלן. איז אַ שטילער שניי פון די הימלען אַראָפּ און זיך געלייגט אויף באַרג, אויף הײַז, און אויף בוים. דאָס איז איר נאָך ווינציק געווען האָט זי דעם טרויעריקן ברודער פון זײַן טרויעריקן צימער אין דרויסן אַרויסגעמאַניעט. איז דער טרויעריקער ברודער אין גאַס אַרויסגעקומען און די גאַס איז געווען פּוסט. אַלע הײַזער זײַנען געווען פאַררינגלט און אַלע פענצטער זײַנען געווען אויסגעלאָשן. איז ער געגאַנגען גאַס־אײַן, גאַס־אויס, דער טרויעריקער ברודער, און אַ ליכטיקע פאַרבלענדעניש איז אויפגעגאַנגען פונעם שניי וואָס האָט זיך שטיל געשיט פון די הימלען. אַ ווײַסע שטאָט איז פאַר אים געלעגן אויסגעשפּרייט, אַן ערשט געבוירענע, אָן קרומע געסלעך, אָן געשפּאָלטענע טרעפּלעך. ווײַס. אַ ווײַסקײַט וואָס ווערט אַזש בלוי.

איז עס די כישופמאַכערן, וואָס וווינט אין דער ווינט־מיל, געפעלן געוואָרן.

— אָט פאַרקאָכט אַ קאַשע, אָט פאַרדרייט אַ פּלאָנטער!

די אויגן האָבן זיך איר פאַר תענוג פאָספאָריק צע־לויכטן. זי האָט אַ קוק געטאָן צום הימל און געפאָרשט צי ס'איז נאָך ווײַט דער שײַן פון טאָג, ווײַל ס'איז איר אַ שאָד געווען אַזאַ פאַרווײַלונג אַדורכצולאָזן. ניט אַלע מאָל געלינגט אַזוי אַ שפּיצל.

— נאָך איידער ס'וועט דער האָן דרײַ מאָל טאָן אַ קריי קאָן מען וועלטן איבערקערן, איז היידאַ, ניט געפוילט זיך! דאָס שפּיל מוז ווײַטער אָנגיין!

האָט די מכשפה זיך צוגעגעבן קוראַזש און מיט אַ צעטענצלטן יונג־געוואָרענעם גאַנג האָט זי גענענט צום טרויעריקן ברודער און אַ ניט געזעענע האָבן אירע ליפּן אויפן אויער אים געשעפּטשעט:

— שפּאַן אײַן די פערד, די פערד אין שליטן פאַרשפּאַן און קום! די לאַמטערנע פאַרפול ביז די ברעגן מיט נאַפט. די גלעקלעך פאַרגעס ניט אויף פערד אָנצוטאָן און מיט שטרוי זע אַז דער שליטן זאָל זײַן אויסגעבעט און קום, לאָז אַרויס זיך אין וועג! איז געפאָרן דער טרויעריקער דורך דער נאַכט, דורך אַ וואַלד. דער ווייכער שניי־וועג האָט דעם גערויש פונעם שליטן, דעם געקלאַפּ פון פער־דישע פיס און די פאַרע פון זײַן מויל אײַנגעזאַפּט, אַזוי אַז ער האָט ניט געוווּסט צי ער פאָרט, צי ער שטייט

אויף אַן אָרט, אָבער גיכער איז ער געפֿאָרן, ווײַל די לאַמטערנע האָט געוואָרפֿן אירע שוואַכע ליכט־פֿלעקן הין און צוריק, הין און צוריק און די גלעקלעך אויף די פֿערדישע העלדזער, האָבן פֿאַרקלונגען דעם וועג. אין קאַרגן בלישטש פֿון דער לאַמטערנע, האָט דער וואַלד אויסגעזען צו טיף. אין די אָפּגעהאַקטע קלאַנגען פֿון די גלעקלעך, האָט דער וועג אויסגעזען צו ווײַט.

אומגעריכט האָבן זיך די פֿערד פֿאַרהאַלטן און זיך דיבאָם געשטעלט אויף די אונטערשטע פֿיס. אַ שניי־בערגל האָט זיך זיי געשטעלט אין וועג און דאָס שניי־בערגל האָט די ווײַסע הענט צענומען און זיך אַזוי אָנגערופֿן, צו דעם טרויעריקן ברודער:

— ווײַסער הערשער פֿון דער ווײַסער שטאָט, כ'קום דיר אונטערטעניק דינען! זע ווי ס'בענקען מײַנע ליפּן. זע ווי ס'לוסטן מײַנע פֿינגער צום באַריר פֿון דײַנע הענט. קוק ניט וואָס מײַן גוף איז דורכזיכטיק און קיל. זאָל דיך ניט אַרן וואָס מײַנע פֿינגער פֿרירן!

דאָ האָט דאָס קליינע מענטשעלע וואָס איך האָב פֿון ברויט אויסגעקנעטן איבערגעריסן זײַנע רייד און מער מיט קיין וואָרט זיך ניט אָנגערופֿן און איך האָב אים געבעטן:

— דערצייל, דערצייל וואָס איז מיטן טרויעריקן ברודער געוואָרן? האָט ער גענומען דאָס שניי־מיידל מיט זיך, איז זי מיט אים געגאַנגען און זיי זײַנען צוריקגעפֿאָרן אין דער ווײַסער שטאָט אַרײַן? אָדער די מכשפה האָט ניט דערלאָזט דערצו און דער ברודער איז געבליבן אַ נאָך מער טרויעריקער ווי ער איז געווען? דערצייל, דערצייל! דאָס ברויט־מענטשעלע איז זיך צעפֿאַלן אויף קרישקעס און מיר די מעשה ניט פֿאַרענדיקט און אין דרויסן איז געווען נאַכט און קאַלט און אַ רעגן איז געגאַנגען.

## אין אַ רעגן

פֿ'רעגנט, ס'רעגנט און דער רעגן־ווישער לויפֿט איבער נאַכטיקער שויב פֿונעם אויטאָ פֿון רעכטס צו לינקס, פֿון לינקס צו רעכטס און שאַרט פֿאַנאַנדער די וואַסער־טראָפּן.

אויף דער טונקעלער פֿלאַך פֿון שויב טיילט זיך אויס אַ בוים נאָך אַ בוים.

אַזוי פֿילביימער! ניט איבערצוציילן, ניט אויסצומעסטן — אַ וואַלד.

מיטאַמאָל — דער וואַלד ברענט.

ווער האָט אונטערגעצונדן, ווער וועט לעשן?

אַ קליין טראָפּעלע רײַסט זיך אָפּ פֿונעם רעגן־שטראָם און ווערט פֿאַרפֿאַלן בײַם ברעג פֿון שויב — אויפֿן ראַנד פֿון וואַלד. דאָס איז דאָך איציק, מײַן חבר פֿון הויף, וואָס האָט אויסגעפּליקט די האָר פֿון מײַן פֿערדלס עק און גריווע. האָט אים דער דײַטש אָנגעיאָגט?

איבערן בלאָטיקן וועג, וואָס פֿירט צום וואַלד — צוואַלעוועט אַ פֿערדל. עק און גריווע אויסגעצופּט.

ס'איז דאָך מײַן הילצערן פֿערדל, מיט וועלכן כ'האָב זיך קליינערהייט אַרומגעשפּילט. איך דערקען עס.

— פֿערדעלע, ראַטעווע איציקן!

דער ווישער — לינקס, רעכטס — פֿאַרווישט.

אויף דער קילער פֿלאַך פֿון שויב שיילט זיך אויס אַ הויז נאָך אַ הויז.

אַזויפֿיל הײַזער! ניט איבערצוציילן, ניט אויסצומעסטן — אַ שטאָט.

מיטאַמאָל — די הײַזער ברענען.

ווער האָט אונטערגעצונדן, ווער וועט לעשן?

אַ שווערדל לויפֿט אַרום צעדולדט אין ברענענדיקן געטאָ פֿון הויף צו הויף, פֿון שוועל צו שוועל און קלאַפּט אין די פֿאַרשרפּעטע טויערן.

דאָס איז דאָך מײַן הילצערן שווערדל וואָס דער טאַטע האָט פֿאַר מיר געהאַט אויסגעשניצט אויף פּורים. איך דערקען עס.

— שווערדעלע, ראַטעווע זיי!

אַ וויש אַהין, אַ וויש צוריק — פֿאַרווישט.

אויף דער גלאַטיקער פֿלאַך פֿון שויב וואַרפֿן זיך, ברײַזגען און שפּריצן אויפֿגערודערטע וואַסערן פֿון אַ שוואַרצן טײַך און צו די אַראָפּהאַנגען פֿון די ברעגעס קומען אָנצולויפֿן מענטשן.

אַזויפֿיל מענטשן! ניט איבערצוציילן, ניט אויסצומעסטן — אַ פֿאָלק.

אַנטרונען פֿון ברענענדיקע הײַזער, אַרויס פֿונעם פֿאַרסמאַליעטן וואַלד קוקן זיי צו די אויפֿגעברויזטע וואַסערן.

אינעם צעשוימטן ווירוואַר דערזע איך אַ שיפֿל, אַ קליין שיפֿעלע וואָס ווערט פֿון שטורעם געהויבן און געוואָרפֿן, געהויבן און געוואָרפֿן.

די מענטשן בײַם ברעג באַמערקן עס ניט. נאָר איך זע עס און דערקען. דאָס איז דאָך מײַן שיפֿעלע. דער טאַטע האָט עס מיר געהאַט פֿון פּאַפּיר געמאַכט.

— שיפֿעלע, ראַטעווע זיי!

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער אויטאָ לויפֿט. די ליכטער שנײַדן פּאַסן פֿײַכטן חושך און איבער דער שויב צעשאַרט דער ווישער אין ריטמישן געאײַל די טראָפּנס.

יעקב פּילאָווסקי / סאַנטיאַגאָ דע טשילע

# אויף טשילענער ערד



## האַרבסט

האָט איר אַמאָל געזען אַ מאַן, אין די פופציקער, גיין, אין טיפן האַרבסט, אָנגעטאָן אין אַ שטרויענער הוט מיט אַן אָנגעשטעלטן קאָלנער פון רעקל?

יאָ, אַזאַ באַגעגעניש וואַרפט אָן אויף אײַך אומעט און אַן עלנט.

אַ רחמנות נעמט אײַך אַרום אויף דעם באַגעגנטן, אויף זיך אַליין און אויף דער וועלט דער גאָרער.

אָט אַזוי גייט לעצטנס אַרום, לובין, סײַ זומער, סײַ ווינטער, אין זײַן שטרויענער הוט — אַ פאַרשוואַצטע פון יאָרן — און אין זײַן אַנצוג, וואָס איז אַמאָל געווען מאַט־שוואַרץ און הײַנט האָט ער באַקומען — פון אויסגעריבנ־קייט און פון שווייס־פּעטס — אַ גלאַנציקן אויסזען, — ווי ער וואָלט געווען געמאַכט פון אַטלאַס.

זײַן פּנים זעט אויס, ווי אַ גרויסער, פאַרפראָרענער עפּל, וואָס איז אָפּגעגאַנגען פון דער פאַרפראָרנקייט, האָט נאָכ־געלאָזט און נאָכגעגעבן. און אינגאַנצן זעט ער אויס, ווי אַ שטיק צעווירן טייג.

עס דוכט זיך אײַך אויס, אַז איר דאַרפט נאָר צוגיין צו אים און אַ קוועטש טאָן מיט אַ פינגער אַף זײַן פּנים, אָדער אַן אַנדער אָרט פון זײַן גוף און עס וועט בלײַבן שטיין אַ סימן — אַ גריבעלע.

זײַן גאַנג איז אויך אַזאַ, ווי ער זעט אויס — אַ נאָכ־געלאָזענער, אַ נאָכגיביקער.

די שיטערע האָר, וואָס זען זיך אַרויס פון אונטער זײַן שטרויענער הוט — פון הינטן און בײַ די זײַטן — זעען אויס ווי צויטן פון אַן אַלטן בגד. זייער קאָליר איז אַ שטרויען־גראָער. און די אויגן, די געשוואָלענע, זײַנען אָפּגעזוימט אויף רויט.

דאָס זעט הײַנט אַזוי אויס, לובין. מיט פינף און צוואַנ־ציק יאָר צוריק — ווען איך האָב אים דערקאָנט — האָט ער אַנדערש אויסגעזען. דאַן האָט ער אויסגעקוקט גלײַך און שטאַלטנע. זײַן קאָפּ איז געזעסן אויף זײַן הויכן האַלדז, באַקרוינט מיט גאָלדן־בלאָנדע לאָקן און פון די אויגן האָט אַרויסגעגלאַנצט דער שײַן, וואָס זיי האָבן אָנגע־זאַפּט פון די אַלע זונען, וואָס האָבן אים באַלויכטן אין זײַן גיין אויף דער ערד.

אין זײַנע יונגע יאָרן האָט ער געלעבט און געקעמפט.

געקומען איז ער אַהער פון ענגלאַנד. דאָרטן האָט ער צעפּראַצעוועט זײַן יוגנט. זײַנע חלומות — די חלומות פון אַ יונג בחורל פון אַן אוקראַיניש שטעטל, וועגן דער גרויסער וועלט, — האָט ער אין ענגלאַנד אויסגעביטן אויף שווערע טעג פון אַרבעט, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן.

ער האָט דאָרטן געשטופּט אַ וועגעלע, פאַרקויפט צײַ־טונגען און געאַרבעט אין אַ שנײַדער־פאַבריק.

אין דער פרײַער צײַט, אָבער, האָט ער געלערנט און זיך געפונען אין די אַרבעטער־קרײַזן.

אַז לובין איז אָנגעקומען קיין טשילע, האָבן אים זײַנע לאַנדסלײַט זייער וואַרים אויפגענומען. זיי האָבן נאָך גע־דענקט, וואָס פאַר אַ יחסן ער איז פון דער היים און וואָס פאַר אַ וויל־לערנער. זיי האָבן אים באַזאָרגט מיט אַ פּאָר לעקציעס פון זייערע קינדער — מער פאַר זײַנטוועגן ווי פאַר זייערע קינדער־וועגן — און מיט אַ שטיקל שטעלע.

לובין האָט אָנגעהויבן צו פירן אַ פויל־זיסלעך לעבן. ער האָט זיך ניט געלאָזט בעטן אַף קיין וועטשערעס און אַנדערע מאָלצײַטן. מען האָט אים נאָר געדאַרפט לאַדן. ער איז געווען אַ מחותן אַף אַלע שמחות. זײַנע אויערן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַלערליי לשון־הרעלעך פון לאַנדסלײַט אויף לאַנדסלײַט.

די אָנגעקליבענע ידיעות וועגן דער פאַרגאַנגענהייט פון זײַנע לאַנדסלײַט האָט ער ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן. ער איז געוואָרן אַ לעבעדיקע כראָניקע — אַ

לעבעדיקע בייזע כראָניקע, וואָס האָט געוווּסט פון יעדערן נאָר שלעכטס צו דערציילן.

לובין האָט זיך מיט דער צייַט געפונען אַליין. עפּעס צו פיל ווייס ער פון זיי, זייַנע לאַנדסלייַט, — און „יחסנים" זייַנען זיי, היינט, גרעסערע פון אים.

די יאָרן האָבן דערווייַל גענומען אָפּקילן דעם הייליקן פייַער פון גלויבן, וואָס האָט גענומען צאַנקען אונטער די ספקות, וועלכע דאָס לעבן האָט אויף אים אָנגעווייעט.

ער האָט זיך נאָך געפּרוּווט נעמען אין די הענט אַריין. ער האָט זיך געשטעלט אַרבעטן. ער האָט אויסגענוצט די מלאכות, וואָס ער האָט אַמאָל, אין דער יוגנט, דערלערנט. אָבער זייַן שלאַבערדיקער צעגאָסענער גוף, האָט שוין מער ניט אויסגעהאַלטן דעם אַרבעטס־רעזשים. זייַן קערפּער איז געוואָרן צו שווער, צו אָפּגעלאָזן.

גייט ער איצט אַרום, לובין, אין זייַן גלאַנציקן, שוואַרצן אָנצוג — אַ זכר פון אַמאָליקע גוטע צייַטן — מיטן אָנגעשטעלטן קאָלנער, מיט דער האַרטער, שטרויענער הוט אָפּן געבויגענעם קאָפּ, איבער די גאַסן און פּלאַסעס.

די לעצטע, טרוקענע האַרבסט־בלעטער, וואָס פאַלן אַרונטער פון די נאַקעטע ביימער, קלאַפּן זיך טרויעריק אָפּ, אָן די ראַנדן פון זייַן הוט.

ער האָט שוין צום טויזנטסטן מאָל איבערגעחזרט זייַן לעבן, הין און צוריק, פון זייַן שטעטל ביז טשילע און פון טשילע ביז זייַן שטעטל.

פּלוצלינג שטעלט ער זיך אָפּ אין זייַן חלומען, מאַכט צו זייַנע רויטע, געשוואָלענע, ניט קיין דערשלאָפענע אויגן, און אין זייַן מידן, אַלטן קאָפּ, זוכט ער אַ נאָמען פון אַ באַקאַנטן, אַן אַדרעס פון אַזאַ לאַנדסמאַן, וואָס איז נאָך ניט געוואָרן רייַך, וואָס האָט נאָך ניט געביטן זייַן היים, זייַנע מעבל. אפשר וועט ער אים אַרייַנלאָזן צו זיך. אפשר וועט ער הערן פון אים, אָדער פון זייַן ווייַב, זייַן היימישן נאָמען, וואָס ער האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט און באַלד פאַרגעסן. און אפשר וועט ער נאָך קריגן דערצו עפּעס אָפּצועסן און אַ ווייכע בעט, עטלעכע שעה זיך דורכצושלאָפן. אפשר?!

און זייַנע שאַרכנדיקע טריט קלאַפּן אָפּ שטאַרקער, איבער די שטיינערנע גאַסן פון סאַנטיאַגאָ. ער ווערט געשטויסן פון דעם ווינט — פון הינטן — און פון דער האָפענונג, וואָס האָט אויפגעבליצט אין זייַנע אויסגעלאָשענע אויגן.

און ער שפּרייזט און ער שפּרייזט.

## אַנטלאָפן פון אַמעריקע

משה שיפּמאַנאָוויטש, האָט די ערשטע העלפט פון זייַנע יאָרן, איבערגעלאָזן, בייַם שוועל פון יענער זייַט אַנדן.

דאָס זייַנען געווען יאָרן, שטורמישע און קעמפּערישע. יאָרן פון לייַדן, — און אויך פון לוסט און פון פרייד.

אַריבער דעם אַנדערן זייַט פון די בערג, האָט ער אַריבערגעבראַכט זייַן גוף, אַ ביסל אַן אויסגעמאַטערטן, און די נשמה, שוין אויך אַ מידלעכע.

זייַן פּאַך, וואָס האָט אים באַגלייט, ביז אַהער, אין לאַנד אַרייַן, האָט אים דאָ אויפגעהערט צו גילטן. און דאָס לעבן האָט אים גענומען אַוועקפירן אויף נייַע וועגן.

שיפּמאַנאָוויטש איז געוואָרן אַ רייַזנדער. און ווער ווייסט, צי האָט ער, צוליב זייַן נייַער פּראָפעסיע, געדאַרפט אַרויפציען אויף זיך אַ נייַע הויט, וואָס איז אים מיט דער צייַט אייגן געוואָרן, אָדער ער האָט אַ נייַע הויט אויף זיך בכיוון אַרויפגעצויגן. דער סך־הכל אָבער איז אַ קלאָרער — משה שיפּמאַנאָוויטש האָט אונטערגעצויגן אַ שטריך, אונטער זייַן פריערדיקן לעבן און האָט אָנגעהויבן אַ נייַעם.

אָבער ניט קוקנדיק, וואָס משה האָט געלעבט, ווי אַ גאַנצער ספּאָרטסמאַן, — האָט זיך שוין אָנגעטאָן און גוט פאַרבראַכט, — האָט אַן עלנטקייט זיך דאָך באַזעצט אין זייַן האַרצן, — אין זייַן האַרצן, וואָס איז אויסגעהוילט געוואָרן פון די גוטע געפילן צו חברים, פון דער ליבע צו דער באַוועגונג, וועמען ער האָט יאָרן לאַנג געדינט, און פון דעם גלויבן אין אַ שענערן לעבן...

* * *

— סעניאָריטאַ! קויף אָפּ בייַ מיר דעם דאָזיקן שיינעם זייַד. ער פּאַסט דיר זייער שיין צו דייַן פּנים — האָט שיפּמאַנאָוויטש אָנגעוויזן, מאַריאַ גאַלוועזן, אויף אַ שטיק זייַד, וואָס האָט געהאַט אַ ווייַסע פּאַן און איז מיט העלבלויע ווייַנטרויבן געווען געשפּרינקלט.

— צו דייַן פּנים פּאַסט עס בעסער. איבערהויפּט צו דייַנע בלויע אויגאַנעס — האָט פון מאַריאַס מויל אַ געלעכטער זיך זילבערדיק געלאָזט הערן און ווייַס אָנזען.

דורך די דאָזיקע עטלעכע ווערטער, האָט זיך שיפּמאַנאָוויטש מיט מאַריאַ גאַלוועזן פאַרפּלאָנטערט און נאָך אַ פּאָר מאָל זיך טרעפן, האָט דער קוילן־גלאַנץ פון מאַריאַס אויגן זיך געטובלט אין דעם הימל־שיין פון משהס אויגן.

ברוינע, שלאַנגען־אָרעמס, האָבן זיך אין ווייַסע געקלאָמערט. די שניי־ווייַסע ציינער פון מאַריאַן, האָבן זיך אייַנגעביסן, אין די דיקלעכע, ווייכע ליפּן פון משהן, וואָס כאָטש זיי זייַנען געווען באַדעקט מיט בלאָנדע וואָנצעס, האָבן זיי דאָך אויסגעזען קינדיש־קאַפּריזנע און האָבן זיך געבעטן: „קושט אונדז, קושט אונדז, וועט איר ערשט פילן דעם טעם פון אונדזער זאַפט"...

אינדיאַ־שפּאַניש בלוט, האָט זיך, שכור, מיט ייִדיש געמישט און פון דעם דאָזיקן געמיש איז דאָס אַ שלמהלע אַרויסגעקומען.

אַז שלמהלע איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, האָט משה באַמערקט, אַז דאָס קינד איז פּונקט אין זײַן טאַטן, דעם מלמד, געראָטן.

דער זעלבער הויכער שטערן, די זעלבע איידלגעשניצטער נאָז, דער זעלבער שמייכל, אַפילו, דער זעלבער שניט פון די אויגן, נאָר מיט אַן אַנדער שפּראַך אין זיי. — ווען די אויגן פון זײַן טאַטן האָבן צו דער גאַנצער וועלט גערעדט בעטנדיק: „זעט, לאָזט מיך געמאַך, איך טשעפּע דאָך אויך קיינעם ניט" — האָבן זײַן זונס אויגן געגלאַנצט האָפערדיק, אַרויסרופנדיק און אַגרעסיוו.

* * *

ווען שיפּמאַנאָוויטש איז זיך צוזאַמענגעגאַנגען מיט מאַריאַ גאַלוועז, האָט ער גאָרנישט געמאַכט קיין ווערן פון דער ייִד און גוי־פּראַגע. פאַר אים, — יאָרן לאַנג אַ דערצויגענעם אין דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג, — איז דאָס אינגאַנצן קיין פּראָבלעם ניט געווען. דאָס גלײַכן מאַריאַ. זי האָט געוווּסט, אַז זי גייט חתונה האָבן פאַר אַן אויסלענדער, — פאַר אַ „רוסאָ". (ייִדן פּלעגט מען אַמאָל רופן „רוסאָס"). זי האָט געוווּסט, אַז די „רוסאָס" באַהאַנדלען גוט זייערע פרויען, גיבן זיי אַ פײַן לעבן און זײַנען אָנשטענדיקע, גוטע פאַמיליע־מענטשן. זי האָט זיך פאַרליבט אין אַ „גרינגיטאָ קאָן אָכאָס אַסולעס" (אין אַ גרינינקן מיט בלויע אויגן). אָבער אַז, דער „גרינגאָ" זאָל גאָר זײַן אַ ייִד, — דאָס איז איר ניט אײַנגעפאַלן, אַפילו. זי האָט בכלל, דאַן, קיין באַגריף ניט געהאַט וועגן דעם, וואָס עס איז אַזוינס אַ ייִד.

אָבער מיט דער צײַט איז איר אַלץ קלאָר געוואָרן. עפּעס איז אַף דער וועלט פאָרגעקומען. איין טייל פון דער ערד האָט אַזוי אַ ציטער געטאָן, אַז פון דעם עכאָ, האָט די גאַנצע וועלט זיך גענומען טרייסלען.

אין דער צײַט, ווען אין אייראָפּע, זײַנען מיליאָנען מענטשן געפירט געוואָרן צו דער שחיטה און דאָס ייִדישע פאָלק איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן, אונטער דער באַגלייטונג פון קוילערישע געשרייען: הרגעט, שלאָגט, שחט! — האָבן, ווי אַ ווידער־קול, די דאָזיקע געשרייען אָפּגעהילכט, אין די מײַלער פון די קוילערס פון דער גאַנצער וועלט.

דער רויך פון די קרעמאַטאָריעס, דער גיפט פון די גאַז־קאַמערן, האָבן זיך צעשפּרייט, איבער דער גאָרער וועלט, האָבן איר פאַרסמט און פאַרחושכט, — און די דאָזיקע פינצטערניש האָט אויף די ייִדן געשפּיגן, זיי באַליידיקט.

די ווילדע, מערדערישע געשרייען, האָבן מיט מערער אימפּעט דערגרייכט צו די דרום־שטעט פון טשילע, אין וועלכע עס וווינען אַ סך דײַטשן, — דאָרטן, וווּ שיפּמאַנאָוויטש מיט מאַריאַ גאַלוועז האָבן געלעבט.

מאַריאַ האָט אויפגעהערט צו קוקן אַף שיפּמאַנאָוויטשן, ווי אויף איר מאַן, ווי אויף דעם טאַטן פון איר קינד. זי האָט אין אים איצט נאָר געזען דעם כודיאָ, דעם מיזעראַבלען, דעם קאַרגן, — די פאַרצוקנדיקע חיה.

שיפּמאַנאָוויטש איז, דוכט זיך, דער זעלבער, ווי שטענדיק, פירט זיך אויף, ווי תמיד, נאָר זי, מאַריאַ, זעט אים דאָך, ווי אַן אַנדערן.

זעט זי אים אויסציילן געלט, וואָס ער דאַרף אָפּצאָלן די סוחרים, ווערמען ער איז שולדיק, — אהאַ! — דער קאַרגער ייִד! ער באַהאַלט דאָס געלט. ער גיט עס מיר ניט (מאַריאַ, האָט, ווי אַן אָפּשטאַמלינג פון אינדיער, ניט געהאַט דעם באַגריף פון אייגנטום). — ציילט ער שוין, אַ צווייטן מאָל, דאָס געלט, אין אַ באַזונדערן צימער, כדי אויסצומיידן מחלוקת, איז ווידער: — „דער ייִד האָט מורא, באַהאַלט זיך, ווען ער ציילט דאָס געלט". און אָט אַזוי, ייִד אהער און ייִד אהין.

און ער — שיפּמאַנאָוויטש?

שיפּמאַנאָוויטש איז אינגאַנצן באַהערשט געוואָרן פון אַנדערע געפילן.

יעדן טאָג שמײַסט ער זיך אַליין, אין פּנים אַרײַן, דעם פאַרברעכן, וואָס ער איז באַגאַנגען, — הלמאַי ער האָט פּונקט אויסגעקליבן, זיך צו דערווײַטערן פון זײַן פאָלק, דאַן, ווען עס ווערט געשלאָגן און געפּײַניקט, גערודפט און אויסגעהרגעט. דערצו דאַרף ער נאָך וווינען מיט אַ ייִדן־שונא, אונטער איין דאַך.

— וואַרט, וואַרט, — רעדט ער אין זיך אַליין אַרײַן, — וועסט נאָך זען! פון דײַן שטאַם וועט נאָך אַרויסוואַקסן אַ רוט, וואָס וועט שמײַסן דײַנע אייגענע ברידער...

ער באַטראַכט, תמיד, זײַן שלמהלען, מיט דער גרעסטער ליבע און צאַרטקייט. שלמהלע איז דאָך דער אייציקער, לעבעדיקער אוצר, וואָס ער פאַרמאָגט. אָבער, גלײַכצײַטיק מיט דער ליבע און פרייד, לעבט ער אויך איבער די גרעסטע שרעק.

עס דוכט זיך אים, אַז ער, שלמהלע, זײַן זון, וועט נאָך אויסוואַקסן אַ ייִדן־פּײַנט און וועט נאָך אַמאָל שלאָגן ייִדן, אויך.

איבערהויפּט זעט ער דאָס בולט, אין די פינצטערע חלומות, וואָס ער מאַכט, לעצטנס, דורך.

זײַן גוטער, צאַרטער פאָטער, רײַסט אים אָפּט אין שלאָף, שטעלט אָן אַף אים זײַנע מילדע רחמנות־אויגן און טענהט צו אים: „זע, משהלע, זע ווער עס שלאָגט. זע דײַן אייגן פלייש און בלוט, דײַן אייגן קינד. גוט אַזוי? אַזוי האָסטו מיר דאָס אָפּגעטאָן? אַזוי שיין האָסטו באַצאָלט דײַן טאַטן, דײַן זיידן און אונדזערע אבות־אבותינו, וואָס האָבן זיך מקריב געווען, צו זײַן ייִדן?"

משה שיפּמאַנאָוויטש זעט, אין שלאָף, ווי פון איין זײַט שטייט אַ דײַטש, מיט אַ גומענער בײַטש אין האַנט, און פון דער אַנדער זײַט שטייט זײַן שלמהלע און זיי קאַטעווען

ביידע, איבער דער אַלטער, אײַנגעבויגענער פּלייצע פון זײַן טאַטן. ער כאַפּט זיך דאַן אויף, אַן אויסגעבאָדענער אין שווייס קוקט אויפן בעטל פון זון, דרייט פאַרצווייפלט, מיטן קאָפּ, הין און הער, און לעבט נאָכדעם איבער אַ סך, אַ סך שווערע טעג, — טעג פון פּײַן און יסורים.

* * *

אויף דעם טור, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען דורכצו־מאַכן, איבער אייניקע זיד־אַמעריקאַנער לענדער, האָב איך אויך באַזוכט די שטאָט וו.

נאָך דער פאָרלעזונג, וואָס איך האָב דאָרטן געהאַלטן, אין דעם ייִדישן צענטער, בין איך אַרומגערינגלט געוואָרן, ווי דער שטייגער איז, פון אַ פּאָר צענדליק ייִדן. דער האָט אויסגעדריקט אָנערקענונג, יענער האָט עפּעס געפרעגט, איינער האָט זיך נאָכגעפרעגט אָף לאַנדסלײַט און גאָר אַן אַנדערער האָט זיך באַנוגנט מיט אַ שטילן שלום־עליכם — סתם אָנגעקוקט דעם גאַסט אין פּנים אַרײַן און אַוועק נאָכדעם מיט אַ פאַרלעגענעם שמייכעלע.

עטלעכע נאָענטערע מענטשן, האָבן ניט אָפּגעלאָזט דעם גאַסט און אים פאַרבעטן אויף אַ גלאָז טיי אין קאַזינאָ פון ייִדישן צענטער.

דער קאַזינאָ איז געווען העל־באַלויכטן, האָט עלעגאַנט אויסגעזען און דער קאָנפאָרט האָט פון אַלע זײַטן אײַנגעלאַדן: „קום אַרײַן, ביטע, קום אַרײַן".

בײַ קליינע טישלעך זײַנען געזעסן צו צוויי דרײַ מענטשן, וואָס האָבן, בײַ אַ גלעזל טיי, געמיטלעך פאַרבראַכט.

ביסלעכווײַז איז די גרופּע, אַרום גאַסט, אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרן.

די קליינע טישלעך האָבן זיך גענומען צונויפרוקן און פון אַלע טישלעך איז געוואָרן איין לאַנגער טיש, אַרום וועלכן עס איז געוואָרן פרײלעך און מונטער.

נאָר איין טישל איז געבליבן שטיין אַ פאַראייינזאַמטער, אין אַ זײַט.

בײַם טישל איז געזעסן אַ מענטש, איינער אַליין, — קענטיק אַ צוגערײַזטער פון פּראָווינץ, וואָס קען קיינעם ניט און קיינער קען אים ניט.

דער מאַן, בײַם טישל, האָט האַסטיק און גיריק געצויגן אין זיך דעם רויך פון זײַנע ציגאַרעטלעך און אים נאָכדעם אַרויסגעלאָזן אין געקרײזלטע וואָלקנדלעך, פאַרטרינקענדיק דערבײַ,פּאַוואָלינקע, מיט קליינינקע זופּעלעך, פון אַ שוואַרצער קאַווע, וואָס האָט געציטערט אין זײַן האַנט.

פון ווײַטן האָב איך אויך געקענט באַמערקן, ווי זײַנע אויגן ריידן זיך אַדורך מיט זיך אַליין, בלאָנדזען, פון צײַט צו צײַט, איבער מײַן פּנים און נעמען סוף־כל־סוף אָן אַן אויסדרוק פון הסכמה.

איך האָב אויך געפילט, ווי דער מענטש פון דעם אַנטקעגנדיקן טישל, וואַרט אויף אַ פּאַסיקן מאָמענט, בדי מיט מיר צו פאַרפירן אַ שמועס.

און טאַקע — נאָכדעם, ווי די אַרומיקע האָבן זיך אײַנציקווײַז גענומען אָפּגעזעגענען, — בעת די גרופּע איז שיטערער און שיטערער געוואָרן, האָט זיך דער מאַן פון אַנטקעגן צו מיר אַנטשלאָסן דערנענטערט, האָט מיר אויסגעשטרעקט, גאָר פרײַנטלעך, זײַן האַנט און מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטאָן: — וואָס מאַכסטו, מנשה? דערקענסט מיך גאָרניט?

די נײַגעריקייט צו וועלן וויסן, ווי אַזוי קומט דאָ אַ מענטש, וואָס רופט מיך, אַזוי פאַמיליער בײַם נאָמען — און נאָך אויף „דו" דערצו — און דעם מאַנס שמייכעלע, וואָס איז מיר אויסגעקומען עפּעס ווי אייגן, האָבן געפרוווט וועקן מײַן זכרון, האָבן דאָס אָבער ניט געפועלט.

נאָר ווען ער האָט טיף און וואַרעם אויסגעשריען:

— מנשה, מנשה? וואָס איז מיט דיר?! דערקענסט ניט דײַן אַלטן פרײַנט, משהן, משהל שיפּמאַנאָוויטש?! — האָב איך מײַן אַלטן חבר אַרײַנגענומען אין מײַנע אָרעמס, אים געדריקט צו זיך און פאַרמאַכנדיק אויף אַ ווײַל מײַנע אויגן, האָב איך אויף בליץ־שנעל, אין מײַן דמיון משהס קאָפּ באַדעקט מיט בלאָנדע לאָקן, אים אויסגעגלעט די קישעלעך פון אונטער די אויגן, אויסגעגלײַכט די קנייטשעלעך אַרום זײַנע אויגן־שניטן און מויל־ווינקלען און פאַר מיר איז טאַקע געשטאַנען דער זעלבער שיפּמאַנאָוויטש פון אַמאָל, מיט וועמען איך האָב יאָרן לאַנג צוזאַמען געלעבט און געקעמפט.

איך בין געבליבן מיט מײַן פרײַנט אַליין און האָב זיך איבערגעזעצט צו זײַן טישל.

משה האָט מיר דערציילט די געשיכטע פון זײַנע לעצטע פופצן יאָר לעבן, זינט מיר האָבן זיך צעשיידט. — אַ טייל פון דער דאָזיקער געשיכטע, האָב איך אײַך דאָס, פריער, איבערגעגעבן.

ווען מײַנע אויערן האָבן, מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט, פאַרנומען די רייד פון מײַן פרײַנט, האָבן מײַנע אויגן, ווײַט, ווײַט, אַרומגעבלאָנדזשעט אין דער פאַרגאַנגענהייט:

אָט האָב איך געזען, משהלען, אַ מונטערן, אַ גלויביקן, דעם אָרגאַניזאַטאָר פון אומלעגאַלע „סכאָדקעס" (צוזאַמענקומען), אָט זע איך אים שפּעטער, ווי ער רופט צום שלאַכט, — גיכער מיט דעם ווונק פון דעם ווײַסן באַנדאַזש, וואָס האָט זיך אַרויסגעגנבעט, פון אונטער זײַן רויט־אַרמייאישער, אָפּיצערישער, ברייטער פּאַלערינע, ווי מיט זײַנע רייד — און מײַן פרײַנט איז מיר געוואָרן נאָענט, ווי אַמאָל.

און פּונקט דאַן, ווען איך האָב מײַן פרײַנט געזען אונטער דער רויט־אַרמייאישער פּאַלערינע, האָט ער מיר פאַרענדיקט צו דערציילן, וואָס ער טוט אַלץ, כדי זײַן

זון זאָל ניט אויסוואַקסן קיין ייִדן־פײַנט: ער דערציילט אים וועגן ייִדן, וועגן זייער לעבן, וועגן זייער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט אים אַפילו געפירט, יום־כפּור, אין שול אַרײַן. זאָל ער זען ייִדן. זאָל ער זיי זען אין זייער פורכט. אפשר וועט דער אײַנדרוק פון דער צוזאַמען דורכגעלעבטער מורא, אַמאָל אָפּהאַלטן זײַן האַנט, פון צו הויבן זיך, אַנטקעגן אַ ייִדן.

מײַן חבר האָט דערבײַ נעבעכדיק געשמייכלט און פאַרלעגן געקוקט אויף מיר.

זײַנע אויגן האָבן געבעטן בײַ מיר פאַרגעבונג און געמאָנט פאַרשטענדעניש. און פון זײַנע קנייטשעלעך, אַרום זײַנע שמייכלענדיקע מויל־ווינקלען, האָט שעמעוודיקייט אַרויסגעקוקט.

*
* *

עס זײַנען פאַרבײַ עטלעכע יאָר, זינט איך האָב באַגעגנט מײַן חבר שיפּמאַנאָוויטש. איך פלעג, אָפּט מאָל, מיטלײַדינדיק, זיך דערמאָנען, אָן מײַן אַלטן פרײַנט און פלעג אַרײַנפאַלן אין טרויער.

איינמאָל — עפּענענדיק אין אַן אינדערפרי די מאָרגן־צײַטונגען, — האָב איך אין אַלע געפונען די זעלבע ידיעה: „פון דער שטאָט וו. איז דער הער מ. ש. אַנטלאָפן מיט זײַנס אַ ייִנגל פון 12 יאָר, אויף אַן עראָפּלאַן, קיין ישראל. ווי מען גיט איבער, האָט דער מאַן, מיט אַ טאָג פריער, געהאַט אַ העפטיקע קריגערײַ מיט זײַן פרוי. דאָס זאָל זײַן די סיבה פון זײַן אַנטלויפן".

איך האָב די דאָזיקע ידיעה געלייענט איינמאָל און נאָכאַמאָל. פון צווישן די שוואַרצע אותיות פון דער צײַטונג האָט זיך אויסגעשיילט פאַר מײַנע אויגן דאָס געשטאַלט פון מײַן חבר. ער האָט אויסגעזען, ווי אַן אויסגעהיילטער, נאָך אַ לאַנגער, שווערער קראַנקייט, וואָס האָט אים יאָרן לאַנג געמאַטערט.

איך האָב אים געזען אַן אויסגעגלײַכטן, מיט אָפענע אויגן, אַרײַנגעזונגען אין דער ליכט פון הימל, ווי ער וואָלט צום ערשטן מאָל, נאָך אַ סך יאָרן, די ליכט פון דער זון דערזען, ווי די וועלט וואָלט פאַר אים אַ נײַע געשטאַנען.



**נאָעמי גערסטיין — „פון די טיפענישן".**



מ. מינקאָווסקי — „דער געצוווּנגענער שידוך"

מינקאָווסקי האָט געמאָלט נישט נאָר טראַגיק און פּאַטאָס, ער האָט אויך אַרויסגעבראַכט אין שטילע און צאַרטע שטריכן פאַרבאָרגענע דראַמאַטישע קאָנפליקטן, און טיפע מענטשלעכע שטימונגען און געפילן, וואָס מאַניפעסטירן זיך אין דעם בילד אין אַ קוים מערקבאַרן ציטער פון די פינגער און אין אַ טרויער־שאָטן אין די אויגן...

## א. גאלאמב / מעקסיקע



# דער היינט אין שפיגל

א מענטש זעט אן ארט און ער קען ניט פארגלייכן דאס געזעענע מיט עפעס אנדערש, זעט ער נאר דאס וואס עס איז דא פאר זיינע אויגן, ניט מער. און א צווייטער מענטש זעט דאס זעלביקע ארט, און ער קען מאכן א פארגלייך מיט אנדערע ערטער, ער פארשטייט ווי דאס ארט איז באשאפן געווארן, וואסערע געאלאגישע כוחות עס האבן דאס ארט געפורעמט און געשטאלטיקט. ער קען אויך פארשטיין די צוקונפט פון דעם ארט. אזוי אויך קען מען זען א מאמענט אין שפיגל פון דויער; יעדער סטאטישער מאמענט איז דאך א טייל פון א דינאמישן דויער, פון א לענגערן פראצעס. דאס גאנצע לערנען געשיכטע האט א דערציערישן זינען נאר ווי צוגרייטונג צו קענען באנעמען יעדער „איצט" ווי א טייל פון דויער־פראצעסן.

אין דער וויטער געבראכטער קליינער ארבעט האט זיך דער מחבר באמיט אזוי צו קוקן אף אונדזער היינט. ער איז א פראדוקט פון באשטימטע פראצעסן אין אונדזער פאלקס לעבן און אויך ער — דער היינט — פלעכט זיך אריין אין אונדזער וויטערדיקער געשיכטע ווי א רינג אין א לאנגער קייט. די קורצקייט פון דער ארבעט מאכט זי נאר צו א קליינעם פראגמענט פון אונדזער היסטאריאסאפיע.

*
* *

מיר גיבן זיך ניט אף קיין חשבון פון דעם ווי מיר האלטן מיט אונדזער יידישקייט. פארנומען מיט כסדרדיקע קריגערייען, מחלוקותן, צאנקערייען און בארימערייען, זעען מיר ניט דעם אמתן מצב. נאך וויניקער טראכטן מיר זיך אריין אין דעם וואס עס ווארט אונדזן מארגן־איבערמארגן. ארום און ארום — אלץ פאליטיקערייען, דעררײדן מיר זיך קיינמאל ניט ביז צום טיפערן אמת — דא לוינט עס ניט, דא טאר מען עס ניט טאן און אזוי פאררײדן מיר זיך אליין ביז צום פארגעסן זיך. איז עס פשוט א חוב אמאל קומען און עפענען די אויגן, אפדעקן דעם פארבארגענעם נאקעטן אמת און ווייזן — אט איז ווו מיר האלטן היינט.

כ'ווייס ניט צי מיר וועט עס זיך איינגעבן, אבער איך וויל פרובירן.

מיר לעבן היינט אין אן אנדער וועלט, לחלוטין אנדערש. אלע אביעקטיווע פאקטארן פון אונדזער לעבן זיינען פארקערטע. מיר לעבן איצט א לעבן וואס שטערט אונדז צו זיין יידן. אין שטעטל האבן מיר געהאט אן אויטאנאמיע: אן אייגענע סביבה, אייגן לשון, אייגענע יום־טובים, אייגן שבת. אלץ אנדערש. עס וואלט ניט געווען מעגלעך, אז דער גרעסטער אפיקורוס זאל פארגעסן ווען עס איז פסח: עס איז דאך ארום און ארום, די גאנצע לופט האט געשמעקט מיט שבת און מיט פסח און מיט יידישקייט, וואס איז אלע מאל געווען אנדערש ווי דאס לעבן אין שכנעסדיקן, אבער דאך וויטן דארף. גענדיקט איז אבער די תקופה פון דעם אויטאנאמען יידישן שטעטל. מיר זיינען אן אורבאניש פאלק. אונדזער לשון, וואס איז מיט אים?

וואסער פרעמדע שפראך מיר וואלטן גערעדט אין שטעטל וואלט זי געווארן א יידיש. האבן אמאל יידן

נאָך אין אָדעס געגעסן רייזן ריבּייש. געזען אַפילו עטלעכע שרײַבער — וואָס האָבן פֿון יידישן לעבן געשריבן אין רוסיש (סעמיאָן יושקעוויטש למשל). איז דאָס געווען ניט דאָס געווײנלעכע רוסישע ריבּייש, נאָר עס איז שוין געווען אַן אַנדער ריבּייש, אַ יידיש רוסיש וואָס אמתע רוסן וואָלטן גאָנץ ווייניק פֿאַרשטאַנען. איך ווייס ניט ווי ווײַט עס איז דאָס ענגליש פֿון יידן אין ניו יאָרק פֿון דעם ענגלישן ענגליש, אָבער עס איז איבערגעקומען שוין צו הערן שפּאָט־אויסדריקן מכוח דעם „ברוקלינער ענגליש". אויב עפּעס איז פֿאַראַן אַזאַ, וועט עס דאָך ניט קענען ווערן קיין יידיש ענגליש. קיין מאָל ניט: מיר לעבן הײַנט ניט קיין איינן, איטאָנאָמען לעבן. עקאָנאָמיש זײַנען מיר אַזוי פֿאַרבונדן מיט דעם לעבן פֿון פֿרעמדן פֿאָלק, וואָס צווישן אים לעבן מיר, אַז מיר האָבן קיין איינן לעבן שוין ניט. אין אַמאָליקן שטעטל האָט יעדער באַזונדערער ייד, יעדער יחיד געלעבט כסדר צווישן יידן. איצט לעבט יעדער באַזונדער ייד אין די פֿאָרן פֿון אַ פֿרעמדער געזעלשאַפֿט. די סביבה אַרום יעדער יידן באַזונדער איז אַ פֿרעמדע. שבת איז פֿאָרט ניט דער רוטאָג בײַ יידן! סײַדן אַ ייד איז זיך מתיחד מיט זײַן יידישקייט, שיידט זיך אָפּ און איז מקריב אַ סך, זייער פֿיל כּדי צו היטן דעם אַלטן שבת. דער הײַנטיקער שבת איז פֿול מיט פֿאַרבאָטן, מען טאָר ניט און מען טאָר ניט! שווערקייטן גאָר אַ סך, אָבער אמתער אָפּרו, פֿרײַהײַט איז דאָך דער זונטיק. באַקוועם — ניט קיין מען טאָר ניט, מען מעג אַלץ. אין שטעטל האָט אַ ייד געדאַרפֿט זײַן אַ „פּורץ גדר", ווען ער האָט געוואָלט ניט היטן שבת. הײַנט דאַרף דער אורבאַנישער ייד זײַן פֿאַרקערט אַ מין פּורץ גדר כּדי יאָ צו היטן שבת. דער „גדר" אַרום איז הײַנט פֿאַרקערט ווי אַמאָל. מען דאַרף זײַן אַן עקשן צו זײַן אַ ייד, מען וואָלט געדאַרפֿט זײַן אַ משוגענער עקשן צו ריידן אין שטעטל מיט אַ קינד רוסיש, אָבער די יידן וואָס האָבן געלעבט אין שטעט, איבערהויפּט טאַקע צווישן רוסן האָבן אויך דעמאָלט בפירוש גערעדט מיט די קינדער רוסיש. און עס איז ניטאָ קיין כך יידישע ברוקלינס, וווּ עס זאָל זיך שאַפֿן אַ נײַ ענגליש אָדער שפּאַניש יידיש, פֿאַרקערט מיין איך — אַ יידיש ענגליש אָדער שפּאַניש. אמת — דאָס ענגליש און דאָס שפּאַניש וואָס יידן ריידן מיט זייערע קינדער איז אָרעם, טרוקן אָן אידיאָמאַטישקייט, אָן זאַפֿט (וועגן שפּאַניש האָב איך עדות פֿון דרײַ ניט־יידישע פּאַבליַט אויף דער טעמע, אַלע דרײַ האָבן געאַרבעט יאָרנלאַנג מיט יידישע קינדער). מיר שרײַען „ניאַלה, יידן רעדט יידיש מיט אײַערע קינדער", אָבער עס העלפֿט ניט און איך האָב מורא עס וועט ניט העלפֿן: יידן אין אַמאָליקן פּעטערבורג האָבן גערעדט רוסיש, און אַזוי אומעטום. קיין נײַ יידיש וועט פֿון דעם ניט ווערן. יידן פֿאַרלירן זייער איינן לשון אומעטום ווי טראַגיש דאָס זאָל ניט זײַן, ווי מען עס זאָגן אָפּ — אין אַלע לענדער. אַפילו אין דער איינענער מדינה.

צי איז מעגלעך יידן זאָלן בלײַבן אַ פֿאָלק אָן אַ איינענער שפּראַך?

אָן יידיש? — איך ווייס ניט וואָס עס איז בײַ די בעלגיער, בײַ די שווייצאַריער, — איך ווייס אָבער: די אַלע יידן אין אַלע לענדער פֿון מערב אייראָפּע ווי מען האָט פֿאַרוואָרפֿן יידיש, איז צוזאַמען מיט יידיש לשון אויך פֿאַרלוירן געגאַנגען יידישקייט. עס זײַנען יאָ פֿאַראַן פֿראַגמענטן, רעשטן פֿון יידישן גלויבן, אָבער קיין שעפֿערישע יידישקייט איז ניטאָ. פֿון אַלע יידן וואָס האָבן אין רוסלאַנד געלעבט צווישן רוסן און גערעדט קינדערווײַז רוסיש איז אַרויסגעקומען, אַף וויפֿל מיר איז באַקאַנט — נאָר איין יידישער דיכטער. איין העברעיִשע דיכטערין איז געוואָרן אַזאַ שוין אין ארץ ישראל (רחל). אָבער עס איז דאָך אויך געווען אַ קריסטלעכע פֿרוי וואָס איז געוואָרן אַ העברעיִשע דיכטערין (און נאָך זײַענדיק אין רוסלאַנד!). אָבער פֿון אַזוינע אויסנאַמען טאָר מען ניט ברענגען קיין ראיות. אָט איז אַ בילד פֿון אונדזער צוקונפֿט אין דער פֿרײַער וועלט. דאָס בילד איז נאָך ניט פֿול. אין שטעטל זײַנען מיר געווען איין סאָציאַלער קלאַס. אָרעם און רײַך זײַנען געווען נאָר מדרגות פֿון איין און דעם זעלביקן קלאַס. מיר זײַנען אָבער מער ניט קיין קלאַס. מיר זײַנען יחידים אײַנפֿילטרירטע אין אַלע קלאַסן פֿון אַרום. ווי באַזונדערע מאָלעקולן צעלאָזטע אין אַ פֿרעמדער סביבה; דאַמף אין דער לופֿט, זאַלץ אין וואַסער. יעדער יחיד באַזונדער מוז זיך צופּאַסן צום שטייגער און נאָרמען פֿון אַרום. איז דער קריסטלעכער זונטיק, דער גוישער יום טוב. ווילט מען זיך, פֿאַרוואָס יום כּיפּור פֿאַלט ניט אויס תמיד אין אַ זונטיק. אָבער עס איז אַך און ווי צום געלעבטער.

די געבראַכטע פֿאַקטאָרן זײַנען לגמרי ניט אַלע וואָס ווירקן צעשטערעריש אַף אונדזער יידישקייט פֿון אַמאָל און וואָס לאָזן ניט אויסבילדן קיין נײַע יידישקייט. עס קומט צו די שיל. ניטאָ הײַנט קיין לערנען לשם לערנען. מען לערנט לשם קאַריערע. יידן רײַסן זיך צו פֿרײַע פּראָפֿעסיעס. קליינע קינדער זײַנען שוין געווײנט צו טראַכטן, אַז זיי וועלן זײַן — אַ דאָקטאָר, אַן אינזשעניער וכדומה. צו די קאַריערעס דאַרף מען ניט קיין יידיש וויסן, קיין יידיש לערנען. די גאַנצע יידישקייט איז בלויז אַ צוגאָב צו דעם „נויטיקן", וואָס מען מוז האָבן צו דער קאַריערע. איז די באַציאונג פֿון די קינדער, פֿון די עלטערן צו אַלע יידישע לימודים ווי צו אַ צוגאָב־לימוד, צו אַ צוגאָב־משא אַף די פּלייצעס.

דאָס זײַנען די אָביעקטיווע פֿאַקטאָרן פֿון אונדזער כבדדיקער אויסיידישונג אין די פֿרײַע לענדער, ווו מיר האָבן געהאַט אַף אויטאָנאָמיע, מיר האָבן גערעדט וועגן קולטור־אויטאָנאָמיע און מיר האָבן פֿאַרלוירן אונדזער-

פריערדיקע אויטאָנאָמיע. עס קומען נאָך צו אָבער נאָך פאַקטאָרן ריין פּסיכישע. און זיי ווירקן נאָך שטאַרקער ווי די אָביעקטיווע, סאָציאַלע, עקנאָמישע. איך שטעל זיך גרינג פאָר אַז אַ צווייט פאָלק, ניט ייִדן וואָלטן אפשר (כמעט זיכער!) יאָ געשאַפן אויטאָנאָמיע טעריטאָריעלע איינסן, צועשט קליינע, קהילות, און שפּעטער אַפילו גרעסערע ראַיאָנען. לאָמיר זאָגן — פראַנצויזן אין קאַנאַדע; דוכאָבאָרן, אוקראַינער אין דער זעלביקער קאַנאַדע, מענאָניטן — אין די שטאַטן. אָבער בנוגע צו ייִדן איז עס אוממעגלעך צו האָפן אויף דעם, דאָ ווירקן אינעווייניקסטע פּסיכישע סיבות. אין דער ערשטער ריי איז עס אונדזער עגאָפאָביע. דאָס איז די קראַנקייט צו וועלן אַנטלויפן פון ייִדישקייט, צו שעמען זיך מיט איר, צו קוקן אַף אַלע אַנדערע פון אונטן אַרויף. מיר וועלן דאָ זיך ניט אָפּשטעלן אויף דער פראַגע, פון וואַנען די עגאָפאָביע קומט צו אונדז, ווי אַלט זי איז בײַ אונדז, איז די עגאָפאָביע בײַ אונדז אײַנגעבוירן פון „שישת ימי בראשית”, אָדער זי איז אַ תולדה פון גלות, אָבער ווירקן ווירקט זי וואָס אַמאָל שטאַרקער, איר שאָדן ווערט כסדר גרעסער און גרעסער. עס וואַקסט אָן אַ שטאַרקע און אַלץ שטאַרקערע נעגאַציע צו אַלץ וואָס עס איז ייִדיש, וואָס עס שמעקט מיט ייִדישקײַט. די עגאָפאָביע גיט זיך איבער פון עלטערן צו קינדער, עס איז מן הסתם ניט קיין ביאָלאָגישע ירושה, אָבער אַ סאָציאַלע ירושה (אַ ירושה וואָס קינדער באַקומען פון דער סביבה אַרום זיי, ניט דווקא דורך ווערטער). זי האָט אַ טענדענץ זיך צו שטאַרקן, וואָס אַמאָל ווערט זי הוצפּהדיקער און שאַרפער. אירע קרבנות זײַנען צוויי עיקר־יסודות פון ייִדישקייט־שטייגער און לשון. עס גיבן אײַך דערקלערונגען ייִדן וואָס אַליין זײַנען זיי אינעווייניק אין ייִדישן לעבן און אַפילו אַקטיווע ייִדן, (איבערהויפּט ווען זיי קריגן כבוד און כיבודים) זייערע קינדער דערציִען זיי אָבער אָן פּראַקטישער ייִדישקייט, אָן ייִדיש לשון, אָן ייִדיש שטייגער, אָן ייִדיש וויסן. איך האָב געזען אַזוינע שול־טוערס, וואָס טוען אַלץ, אָבער ניט פאַר זייערע אייגענע קינדער. וועגן זיך און די קינדער האָט מען אַ ווערטל „מען קען זײַן אַ גוטער ייִד אָן לערנען אויך. עס איז גענוג צו האָבן אַ ייִדיש האַרץ”.. וואַקסן אויס די קינדער מיט ניט־ייִדישע געוווינהײַטן, ניט ייִדישע לשונות, פרעמדע זיטן און מאכלים. אַלץ פרעמד (אַלץ אַחוץ קולטור, וואָס זי קען מען ניט אויסלערנען, נאָר מען מוז זי ירשענען אין משך פון דורות). און דאָס „ייִדישע האַרץ” בלײַבט אַ פיקציע, ריכטיקער, אַ נעגאַטיווע, אַ טראַגישע אומצופרידנקייט בלײַבט: מען איז ניט קיין ייִדן, ניט מען ווייס פון ייִדישקייט, ניט מען וויל וויסן, און מען פילט, אַז מען איז דאָך ניט קיין אַנדער זאַך אויך ניט!” פון די אייגענע אָפּגעשטאַנען און צו פרעמדע ניט צוגעשטאַנען”! האָבן די רוסן אַ ווערטל... טראַגישע מענטשן זײַנען אָט די ייִדן — דער צווייטער דור, אָן ייִדישן שטייגער און שפּראַך און קולטור, נאָר מיט אַ „ייִדיש האַרץ”, כלומרשט: זיי האָבן ניט קיין פאָלק, זיי געהערן צו קיינעם ניט. די אָפּגעריסנקייט פון אַלע קולטורן און פון אַלע פעלקער ווערט אַ טראַגיש געפיל: מען וויל זײַן דאָס וואָס מען איז ניט, און מען וויל ניט זײַן דאָס וואָס איז. וועקט עס אויף אַ האַס אין אַ פּראָטעסט קעגן די אייגענע עלטערן און קעגן אַלץ, מיט וואָס די עלטערן לעבן. שאַפט זיך אַן אַקטיווע נעגאַציע פון גאָר דער ייִדישקייט, אַ האַס און אַ ביטול. אַזוי האָט אַ נענער פײַנט זײַן אייגענע הויט; אַזוי האָט פײַנט זײַן מאַמען אַ מענטש וואָס ווייס ניט ווער ס'איז זײַן טאַטע... כל זמן אַזוינע ייִדישע אַנטיסעמיטן זײַנען קנאַפּצאָליק, שטיקן זיי זייער האַס און כעס קעגן ייִדישקייט אין זיך. ווערן זיי אָבער מערער, הייבן זיי אָן אַקטיוו צו זײַן. אָט פון וואַנען עס נעמען זיך אַלע אַנטי־ייִדישע, אַנטי־טראַדיציאָנעלע באַוועגונגען. גענוג צו לייענען די השכלה־ליטעראַטור, כדי צו זען ווי די שנאה קאָכט אין די שעפער פון אָט דער ליטעראַטור. דאָרטן איז געווען אַ הייסע אַקטיווע שנאה און האַס, ווײַל זיי האָבן נעבעך ניט געקענט און ניט געהאַט ווו צו לויפן פון ייִדישקײַט, סײַדן זיך שמדן. אין די פרײַערע צײַטן און אין פרײַע לענדער פאַרשפּאַרט מען דעם כעס און האַס: מען דערווײַטערט זיך פון ייִדישקייט און מען רעדט זיך אײַן, אַז מען איז שוין „אינטעגרירט” אין הויפּטפאָלק... מען רעדט זיך אײַן כל זמן „חתנס צד” לאָזט זיך אײַנריידן: ביז דעם דרייפוס־פּראָצעס, ביז די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, ביז דעם אויפקום פון „וויסנשאַפטלעכן” אַנטיסעמיטיזם אין דײַטשלאַנד; ביז... ווער ווייס וועמעס גורל עס איז איצט?...

יעדער אינדיווידו האָט זײַן נשמה, זי דריקט זיך אויס אין זײַן ריידן קודם כל. דער מענטש — דאָס איז זײַן סטיל, דער סטיל איז „דער מענטש” (בופאָן). איטלעכער קאָלעקטיוו האָט זײַן נשמה און זײַן אויסדרוק איז די שפּראַך, קודם כל די שפּראַך.

אַ מענטש אָן אַן אייגענעם סטיל אין ריידן און שרײַבן איז — אָן אַן „איך”. אַ פאָלק אָן אַן אייגענער שפּראַך איז אָן אַן אייגענעם קאָלעקטיוון „איך”, און דערמיט אַליין איז דאָס פאָלק שוין ניט קיין פאָלק

אַ שפּראַך פון אַ פאָלק איז עלטער פון יעדן לעבעדיקן דור אין פאָלק, פון יעדער אינדיווידו אין פאָלק. שפּראַך איז דער נאַטירלעכסטער און דער שטאַרקסטער פאַרבינדער פון דורות; שפּראַך איז די היסטאָרישקייט פון אַ פאָלק. אָפּגעריסן זיך פון פאָלקס שפּראַך איז אָפּגעריסן פון זײַן געשיכטע, פון זײַן המשך. ייִדיש לשון איז מער באַהעפט מיט ייִדיש פאָלק איידער ייִדישע רעליגיע. אַ ייִד אָפּגעריסן פון ייִדישער רעליגיע בלײַבט דאָך מער ייִד איידער אַ ייִד וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון ייִדיש לשון. אַ ייִד מיט .עירשנטער ייִדישער רעליגיע און ייִדיש לשון

איז ווייניקער פאַרבונדן מיט זײַן פאָלק איידער אַ ייִד מיט געירשנטער ייִדישער שפּראַך אָן רעליגיע.

ייִדיש לשון איז די היסטאָרישע שפּראַך פון הײַנטיקן ייִדישן פאָלק; העברעיִש איז די אייביקע שפּראַך פון ייִדישן לערנען און ספר, פון דאַוונען, פון דער קולטור שבכתב פון אַלע אונדזערע דורות. מיר האָבן שוין כמעט דרײַ טויזנט יאָר געהאַט אַ באַזונדער שפּראַך שבעל פּה און אַ שפּראַך שבכתב. דער נאָרמאַלער נאַטירלעכער וועג איז פון טאָג־טעגלעכקייט צום יום־טוב, פון בעל פּה צו שבכתב, פון ייִדיש און דורך ייִדיש צו העברעיִש. אָן ייִדיש בלײַבט העברעיִש ווי אַ בוידעם אָן אַ לייטער צו אים. העברעיִש אָן דעם ספר פאַרלירט זײַן גאַנצן היסטאָרישן ווערט.

פון דעם אַלעם איז געדרונגען, אַז דאָס פאַרלירן ייִדיש לשון פירט ניט צו העברעיִש, פירט ערגעץ אין פאַרקערטע ריכטונגען, און עס איז פאַרבונדן מיט אַ סכנה פאַרן קיום פון ייִדישקייט, פון ייִדישן פאָלק איןביידע שפּראַכן, וואָס זײַנען ביידע שתים שה אחד.

מען זאָגט און מען פרעגט: וואָס זאָרגט איר זיך אַזוי וועגן ייִדיש? איז דאָך ייִדיש אַליין אויך געקומען פון דער פרעמד. איז עס אָבער פאַלש. ווײַל ייִדיש איז געוואָרן ייִדיש דורך ייִדישקײַט, דורך ייִדישן שטייגער און דורך ייִדישע אתיות. וואָלטן ייִדן געשריבן זייער ענגליש מיט ייִדישע אותיות, וואָלטן זיי געלערנט גמרא אָף ענגליש, — וואָלט אפשר אויך פון ענגליש געוואָרן אַ ענגלישער ייִדיש. אָבער, ווען צוזאַמען מיט דער פרעמדער שפּראַך קומט אויך דער פרעמדער שטייגער, דער פרעמדער אלף בית, די גאַנצע פרעמדע קולטור, — דעמאָלט איז שוין ניטאָ קיין האָפענונג אויף אַ נײַער שפּראַך, אויף אַ נײַ ייִדיש לשון.

דער צווייטער סימן פון אויסייִדישונג איז דאָס אָנווענדן די אייגענע אויטאָריטעטן. עס איז שוין פון לאַנג באַקאַנט די פּראָבלעם וועגן מאַסע און פירער, זייער ראָל און פאַרהעלטעניש צווישן אַנאַנד. קודם כל מוז מען זיך באַוואָרענען אַז מיר וועלן דאָ אין גאַנצן אויסמיידן די פּראָבלעם פון פירער און פאַרפירער, דעם דעמאַגאָג און דיקטאַטאָר. דאָס איז אָהער ניט שײַך. מיר ריידן דאָ וועגן אַ נאַטירלעכן פירער, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך דעם גאַנג פון דער מאַסע. דאָס לעבן פון אַ קאָלעקטיוו איז אַקטיוו. אויף וויפל די האַנדלונגען זײַנען קאָלעקטיוו, זײַנען תמיד פאַראַן ענערגישע מער קינעטישע מענטשן, געטרײַערע וואָס האָבן תמיד די איניציאַטיוו אין יעדער קאָלעקטיווער אַקציע. און אָט זיי טיילן זיך אויס ווי פירערס. דער פירער איז דער פאָקוס וואָס קאָנצענטרירט דעם ווילן און דעם געדאַנק פון כלל. דער קאָלעקטיוו רעדט מיט דעם מויל פון זײַן פירער; דער פירער טוט מיט דעם רצון פון פאָלק. ווען עס איז פאַראַן אַ קאָלעקטיווער ווילן, אַ פאַרלאַנג פון אַ כלל, קומט שוין במילא אַרויס דער פירער און דער אויספירער פון דעם כללס ווילן און פאַרלאַנגען.

עס איז ניט איינמאָל אויפגעוועקט געוואָרן די פראַגע, צי איז דער דור ווי זײַן מנהיג, אָדער דער מנהיג איז ווי דער דור. נאָך אין גמרא איז פאַראַן אָט די פּלוגתא. דאָ וואָלט אונדז די שקלא וטריא פאַרפירט צו ווײַט פון אונדזער טעמע. וועלן מיר נאָר אָנווײַזן אויף דעם וואָס אין משך פון אונדזער גאַנצער געשיכטע האָבן מיר געהאַט פירער פון משה רבינו אָן. פאַראַן פירערס וואָס עס קומט זיי אויס צו קעמפן קעגן זייער אייגן פאָלק. אַזוי זײַנען געווען אונדזערע נביאים, און דווקא די אמתע. דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס דאָס פאָלק זעט בלויז זײַן הײַנט און זײַן אַרום, בעת דער נביא זעט די אייביקייט, ער האָט אַ ווײַטערן און אַ ברייטערן בליק ווי אין צײַט אַזוי אויך אין רוים, און ניט אַלע מאָל, ווײַט ניט אַלע מאָל באַנעמט דאָס פאָלק זײַן אויפגאַבע אין אַזאַ פאַרנעם ווי דער נביא, דער פירער. פון דאַנען נעמען זיך די קאָנפליקטן צווישן דעם אמתן נביא און זײַן פאָלק. דער מאָמענט שטעלט זיך אין קאָנפליקט מיט דער אייביקייט, דער דור — מיט דער היסטאָרישער ראָל פון פאָלק. ווי אַ קינד שטעלט זיך קעגן זײַנע אייגענע אינטערעסן, ווי עס פאַרשטייען דאָס זײַנע פירער־עלטערן און לערערס.

*
* *

קומען די ערשטע „פּיאָנערן״ פון דעם אַנטי־ייִדישן לאַגער און טענהן.

ערשטנס, פאַרשטייט איר אונדז ניט — איר אַלטע. איר זײַט אַלט און מיר זײַנען יונג, ווי קענט איר אונדז



פראַנקאָ די סעגני — „מעטראָפּאָליס״ — צעמענט און סעראַמיקא.

פאַרשטיין? צווייטנס, — ווער זאָגט עס אַז מיר ווילן ניט זײַן קיין ייִדן? חס ושלום! מיר זײַנען געטרײַע ייִדן. אײַ, אייער ייִדישקייט, — קען מען דאָך זײַן גוטע ייִדן אויך אויף שפּאַניש, אויף ענגליש, אויף טערקיש און טאָטעריש? פאַרוואָס ניט. אדרבא, זעצט אונדז איבער די ייִדישע ליטעראַטור אויף „אונדזער(?) שפּראַך".

זײַנען די ביידע טענות פאַלש פון אלף ביז תיו. וועל איך דאָ גיין כסדר:

ווער וועמען פאַרשטייט ניט? איך נעם זיך די דרייסטקייט צו זאָגן, אַז אָט די יוגנט (פאַלשער נאָמען, עס דאַרף זײַן די הי־געבוירענע) פאַרשטייט זיך אַליין ווייניקער ווי מיר — די אַלטע. מיר האָבן מער דערפאַרונג, מיר זײַנען באַקאַנט מיט אַלע פריערדיקע נוסחאות פון דער טענה, מיט אַלע פאָרמולעס פון דעם דראַנג זיך אויסצוויִדישן און צו באַהאַלטן דעם נאַציאָנאַלע שמד פון דעם אייגענעם געוויסן. פון 1806 אָן, ווען ייִדן אין פראַנקרײַך האָבן געענטפערט נאַפּאָלעאָנען, אַז זיי זײַנען פראַנצויזן, און זיי האָבן גאָרניט מיט די ייִדן פון אַנדערע לענדער אַ חוץ די רעליגיע, פון דעמאָלט אָן חזרן דאָך ייִדן איבער די זעלביקע רייד אַף אַלע שפּראַכן און אין אַלע לענדער: מען שטרעבט צו ווערן יחידים פון וואָסערע פעלקער נאָר איר ווילט הערן און געדענקען, אַבי נאָר ניט פון ייִדישן פאָלק. באַדיי כנענים, אַראַבער, טערקן, ליטווינער, נאָר אַוועק פון ייִדן. וואָס איז דאָ פאַראַן ניט צו פאַרשטיין? זיי — די אײַנגעבוירענע, די „היגע", זיי פאַרשטייען ניט דעם ענדגילטיקן סוף פון זייער דראַנג, זייער אייגענער געוויסן דערלאָזט ניט דערפירן די פאָרמול ביזן סוף. אָבער פאַר אונדז איז דער סוף קלאָר: כל זמן עס איז נאָך דאָ אַ שטיקל ירושה פון ייִדישקייט, בורעט עס, קריגט מען זיך, איז מען אויפגערעגט, דיסקוטירט מען. ווען אָבער עס קומט דער געגאַרטער און פאַרבאָרגענער מאָמענט פון פולער אויסיִדישונג, דעמאָלט קומט אויך די באַרויִקנג, עס הערן אויף אַלע דיסקוסיעס, פּאָלעמיקע, טענות — דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן .צי מיט שמד צי אָן שמד — אַלץ איינס...

די פרײַע לענדער זײַנען שוין גוט מיט דעם אַליין, וואָס מען פאַרשפּאָרט זיך צו שמדן. אין יעדער יחיד איז פאַראַן דער דראַנג זיך אַרויסצורײַסן פון דעם ייִדישן כלל, אַרײַנצודרינגען פּריוואַט, איטלעכער באַזונדער אין דעם ניט־ייִדישן רוב פון דער באַפעלקערונג. דאָ איז געענדיקט דער דראַנג, באַפרידיקט די שטרעבונג. באַפרידיקט כל זמן, ביז מען לאָזט זיך פאַרגעסן דעם אייגענעם אָפּשטאַם... אַלא ניט, מוז מען נעבעך גיין צוריק צום ייִדישן ציבור און מען באַמיט זיך צו שאַפן אַזאַ מין ייִדישן כלל, וואָס זאָל זײַן אַ ייִדישע קאָפּיע פון דעם ניט־ייִדישן מוסטער.

און דער יחוס, וואָס מען גרויסט זיך מיט אים איז ווער איז שוין מער דערווײַטערט פון טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט — ווער עס איז מער אויסגעייִדישט, דער איז דער גרעסערער יחסן. דאָס איז די פּסיכיק פון דעם ראָזיקן לאַגער. קלאָר און דײַטלעך. זיי ווען עס ניט אָנערקענען, חס ושלום! אָבער אַזוי איז עס. זיי וועלן שרײַען אַז איך מאַך דאָ אַף זיי אַ בילבול, והא ראיה — זעט וואָס פאַר אַ געטרײַע ציוניסטן זיי זײַנען אַלע! זעט ווי זיי האַלטן טײַער דעם „היברו" (העברעיִש)! זיי זײַנען בעסערע ייִדן פון מיר מיט אײַך. וואָס? קוגל, ייִדיש לשון, ייִדישע נעמען און ווייס איך וואָס — דאָס איז בײַ אײַך ייִדישקייט? איז אָט דער היברו, דער דאָלאַר־ציוניזם דאָס אַלץ איז דאָס וואָס די פּסיכאָלאָגיע רופט אָן „קאָמפּענסאַציע"" — פּשוט גערעדט — אַ תירוץ פאַרן אייגענעם געוויסן. דאָס אַלץ און ניט מער. דער היברו איז ווײַט פון צו זײַן אונדזער העברעיִשע ליטעראַטור, דער ציוניזם — פרעגט בײַ בן גוריונען וואָס דאָס איז.

דאָס איז דער אָפּגרונט וווּהין אונדזער ייִדישקייט קייקלט זיך באַרג אַראָפּ אַלץ טיפער און טיפער, אַלץ גיכער און גיכער. יעדער פאַל גייט פאַרגיכערט. אַ געזעץ נאָך אין פיזיק.

פאַראַן, אמת, אָפּהאַלטער, פאַקטאָרן וואָס לאָזן ניט דער אויסיִדישונג גיין ביזן סוף. דאָס זײַנען תמיד סאָציאַל־פּאָליטישע: עס איז בעצם אוממעגלעך פאַר גרעסערע, גערדיכטערע מאַסן זיך אויסצוויִדישן, נאָך ריכטיקער — עס איז זיי שווער זיך צו אינטעגרירן, זיך אַסימילירן אין דעם הויפּט־פאָלק;

דער הויפּט־פאָלק איז על פּי רוב גאָר ניט גערן אַרײַנצונעמען אין זיך גרעסערע סכומים פון אַ צווייט פאָלק. דאָס איז, אגב, געווען דער הויפּט־מאָטיוו, פאַרוואָס ייִדן אין די פרײַע לענדער — אין מערב־אייראָפּע און אין אַמעריקע האָבן ניט געוואָלט קיין גרעסערע ייִדישע אימיגראַציע אין „זייערע" לענדער: וואָס מערער ייִדן, אַלץ שווערער וועט פאַר זיי זײַן זיך צו אַסימילירן.

אָט די נעגאַציע פון די ניט־ייִדן אַרײַנצונעמען ייִדן אין זייער געזעלשאַפט פאַרשאַפט ייִדן האַרצווייטיק, פאַרדרוסן און נער־ווענזקייט. ייִדן מאַכן גוואַלדן, פאַרוואָס מען לאָזט זיי ניט אַרײַן אין געוויסע זומער־פּלעצער, אין האָטעלן, אין אָרגאַניזאַציעס. און — איך זאָג עס בפה מלא — מען האָט בפירוש יאָ רעכט, מיך ניט אַרײַנצולאָזן; מען זאָגט מיר — רעכט האָסטו ווי אַלע, אָבער חברן זיך, פאַרברענגען וויל איך מיט מײַניקע...

ייִדן אָבער גייט דאָך טאַקע אין דער סאָציאַלער התקרבות מיט ניט ייִדן, כדי זיך אויסצוויִדישן, זעען זיי אין יעדער אַקט פון ניט־ייִדישער פאָרזיכטיקײַט אַנטיסעמיטיזם. שאַפן זיי אַלערליי אונטערנעמונגען און גאַנצע אָרגאַניזאַציעס זיך אײַנצוקויפן אין ליבע, חברשאַפט, ברודערשאַפט. און עס העלפט ניט, אפשר נאָך פאַרקערט: וואָס מער די כלה רײַסט זיך צום חתן, אַלץ קעלטער איז דער לעצטער. די אויסיִדישונג פּראָגרעסירט, אַלץ מער און

מער עלעמענטן פֿרעמדע באַקומען רעכט בײַ אונדז אין לעבן, אַלץ ווייניקער יִדישקייט בלײַבט ביז עס דערגייט צו פּולער אַטראָפּיע, צו אַ פּאַראַליז פֿון יעפּערישער יִדישקייט. מען ציילט בײַ אונדז די יִדישע באַפעלקערונג אין לענדער. אָבער מען פֿאַרגעסט צו מאַכן דעם חשבון וויפֿל פּראָצענט פֿון די נאָמינעלע צאָלן יִדן קען מען צורעכענען צו אַקטיווע יִדן. די אָנגעהעריקייט צו אַ קאָנגרעגאַציע זאָגט נאָך גאָרניט. זײַנען דאָך פֿאַראַן שבת־היטער, תנ״ך־היטער וואָס דאַוונען אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער קלויסטער און זײַנען ניט קיין יִדן. אויך אָט די אַמעריקאַנער, לאָמיר זאָגן, פֿון יִדישן אָפּשטאַם, וואָס קומען עטלעכע מאָל אַ יאָר אין אַ טעמפּל און נאָר דאָס איז זייער גאַנצע יִדישקייט, זיי האָבן אָבער ניט קיין שייכות צו פּולער אַטראָפּיע, צו אַ פּאַראַליז פֿון שעפּערישער קולטור, זיי אינטערעסירן זיך ניט מיט קיינע יִדישע אַלגעמיינע פּראָבלעמען, אַפילו ניט מיט מדינת ישראל, — אַזוינע יִדן זײַנען מער ניט קיין יִדן. זיי זײַנען אויסגעיִדישטע, פֿראַנצויזן, טערקן, אַרגענטינער, מעקסיקאַנער פֿון יִדישן אָפּשטאַם. אין צפֿון אַמעריקע איז שוין זייער פּראָצענט צווישן נאָמינעלע יִדן זייער גרויס. אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער האַלט זייער צאָל אין איין וואַקסן.

דער ערשטער טריט אויף דעם וועג איז די שפּראַך־אַסימילאַציע, דאָס אָפּזאָגן זיך פֿון יִדיש לשון. דער לעצטער טריט — אָפּזאָג פֿון יִדישקייט בכלל מיט אָדער אָן דעם יום כּיפּור־באַזוך אין אַ שול, צי אין אַ טעמפּל.

דערווײַל האַלטן מיר נאָך אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער כּמעט בײַ דעם ערשטן טריט. דאָ הערט מען אָפּט טענות: איר ווילט יִדישע ליטעראַטור, יִדישע קולטור, גיט עס אונדז אויף „אונדזער“ שפּראַך, זאָל מען איבערזעצן די ווערק פֿון דער יִדישער ליטעראַטור און געזאַנג. און יִדן טוען דאָס: פֿריער שמדט מען אָפּ שפּראַכלעך די קינדער. נאָך דעם גייט מען איבערזעצן פֿאַר זיי יִדישע ליטעראַטור. און קלוגע יִדן כאַפּן זיך גאָרניט אַז מען...

לאָזט אַרויס פֿייגעלעך פֿון שטײַג און נאָך דעם גייט מען זיי שיטן זאַלץ אויפֿן עק, זיי אָנצוכאַפּן צוריק...

מען קען איבערזעצן גרעצן, דובנאָוון, מען קען איבערזעצן ווערק וועגן יִדן. אָבער יִדישע ווערק דירעקט קען מען ניט איבערזעצן. „מאָטל היכאָ דעל קאַנטאָר פּייסי“ איז שוין לגמרי ניט דאָס וואָס מאָטל פּייסי דעם חזנס און „לאַ קאַדענאַ דע אָראָ“ איז שוין מער ניט און קען ניט זײַן מער די גאָלדענע קייט. קולטור איז נאַציאָנאַל ווען זי איז אין שפּראַך פֿון פֿאָלק, אין שפּראַך ווי דאָס פֿאָלק האָט די קולטור געשאַפֿן. איבעריקס, ווערט די איבערגעזעצטע יִדישע ליטעראַטור גאָרניט געלייענט פֿון די, פֿאַר וועמען מען זעצט זי איבער. דער גורל פֿון אָט דער יִדישער ליטעראַטור אין רוסיש, אין דײַטש, אין פֿראַנצויזיש און אויך אין ענגליש איז אַן עדות פֿון דער נישטיקער ראָל וואָס די אַלע איבערזעצונגען שפּילן אין יִדישן לעבן.

מען דאַרף געדענקען: אויס מיט יִדיש לשון איז שוין אויך אויס מיט יִדישקײַט, צעבראָכן די פּאַס און אײַנהיטן דעם ווײַן — דאָס איז אוממעגלעך. די גאַנצע יִדישע געשיכטע ביז אונדז באַשטעטיקט אָט דעם כּלל.

און וואָס איז דער אויספֿיר פֿון דעם ביז איצט געזאָגטן?

1. — די אָביעקטיווע באַדינגונגען פֿון אונדזער אַרומיקן איצטיקן לעבן זײַנען קעגן אונדזער געבראַכטער יִדישקייט.

2. — כּדי צו זײַן אַ יִד אין הײַנטיקע צײַטן, אין די נײַע באַדינגונגען דאַרף מען האָבן אַ ווילן און מען דאַרף דעם ווילן אָנשטרענגען, באַוווּסטזיניק אָנשטרענגען.

3. — דער ווילן דאַרף אָפּהיטן יִדישקייט אין די הײמען, אין דער געזעלשאַפֿט. דער כּלל דאַרף זײַן: מאַכן אַ לעבן מאַך איך מיט אַלעמען גלײַך, — אויסלעבן זיך אָבער דאָס טו איך מיט יִדן. יִדישקייט בײַ הײַנטיקן טאָג איז ניט דווקא דער שולחן ערוך, נאָר אַלץ וואָס עס טיילט אויס יִדישקייט פֿון צווישן אַנדערע:

א. — יִדיש לשון קומט דאָ אויפֿן ערשטן אָרט; יִדישע קיך, עסנס, יום טובים, יִדישע קונסט וכדומה נאָך און נאָך, יִדישע ליטעראַטור ווי אַ טייל פֿון שטייגער לעבן אין דער היים.

ב. — פֿאַרקערט קען הײַנטיקע יִדישקייט קומען אין געוויסע קאָנפֿליקטן מיט דעם שולחן ערוך. עס איז דאָך איצט אוממעגלעך אין די גרויסע שטעט אָפּצוהיטן דאָס ניט פֿאָרן אום שבת. די אוממעגלעכע פֿאַרבאָטן קענען נאָר פֿאַרהאַסן יִדישקײַט בײַ די קינדער.

ג. — פֿאַרקערט זײַנען פֿאַראַן מצוות וואָס אין שולחן ערוך זײַנען זיי ניט דערמאָנט, טאַקע ווי יִדיש לשון, למשל. יִדישע עסנס וכדומה.

יִדישקייט הייבט זיך אָן אין די היימען.

ד. — פֿאַרבאַנדן פֿון יִדישע היימען פֿאַר קאָלעקטיוו־יִדישקייט־פּראָגראַם.

ה. — יִדישע צדקה שפּילט אַ גרויסע ראָל אין דערוועקן יִדישקייט — זיי זײַנען די צווייטע מדרגה פֿון דערציִונג פֿון יִדישע קינדער.

משה קויפמאַן / בוענאָס איירעס

# די וויזיע פון פאַרנאַכטיקע שאָטנס

## א.
## ליד פון דעם פולן טאָג

די וועלט איז פול מיט אומבאַשטימטקייטן און ווידערשפּרוכן,
און יעדער מענטש טראָגט די אחריות פאַר אַ גאַנצער וועלט —
נאָר אַלע פינסטערנישן ווערן אויסגעהעלט
פאַר דעם, וואָס הערט ניט אויף צו ראַנגלען זיך און זוכן.

ווײַל מענטש איז ערד, און וואָרט — פאַרזיי און שניט,
און אײַנגעטיילט איז אַלץ אויף קרומע און אויף גלײַכע וועגן; —
פאַרהאַסט זײַנען פון אייביק די וואָס פרעגן,
און פרומע לײַט פאַרטראָגן ניט די אומרויִקע פון געמיט.

מײַן לעבן שטייט שוין אין דעם פולן טאָג,
אָט נעמט זיך שוין די זון צו מערב נויגן —
אָבער איך קוק נאָך אויף אַלץ מיט גלויביקע אויגן
און בין נאָך ניט פאַרטיק מיט מײַן מאָס און וואָג.

איך טראָג פון קינדווײַז אָן אויף זיך אַ שווערע לאַסט,
און לעב ווי אויפן שטורעמווינט די ווילדע גראָזן —
דעם טרויער האָב איך קיינמאָל ניט אַרײַנגעלאָזן
און פרייד איז מײַן זעלטענער, אויסגעבענקטער גאַסט.

און ווי שווער עס איז מיר אָנגעקומען די לאַסט צו טראָגן,
איז מײַן קאָפּ געבליבן געשטרעקט אין דער הויך —
אַרום מיר האָבן מענטשן זיך געשאַרט אויפן בויך,
און זייערע אַמתן נאָכגעשלעפּט אויפן הייליקן וואָגן.

זייערע אמתן האָבן זיי געהייליקט נאָך פון פאָרויס,
און דעם נייןזאָגער האָט מען פון אייביק אָן ניט געדן —
אָבער דער מענטש, וואָס האַלט אין איין ווערן,
איז נאָר אין זײַנע זוכענישן דערהויבן און גרויס.

אָט דער ניין־זאָגער לעבט אין מיר, אַן אומבאַשטימטער
זינט מײַן יוגנט, פול מיט נסיונות־פולע טעג;
— ער באַפעלט מיר צו גיין מיטן אייגענעם וועג
און אַלע הייליקע גלײַכקײַטן צעקרימט ער.

ער איז אָן־פּשרותדיק, ווי מײַנע יוגנט־יאָרן,
כאָטש אַלט און אויסגעשטאַנען, ווי די וועלט איז זײַן געמיט —
ער וואַכט אויף מײַנע מידע, וואַקלדיקע טריט;
מײַן האַר און מײַן געביטער איז ער שוין געוואָרן.

געראַנגלט האָב איך זיך און אים פאַרטריבן,
מיט פרומע גלייבקייטן, וואָס וואָרצלען נאָך אין מײַן געביין —
נאָר דערפילט האָב איך די קאַלטקייט פון מזבח־שטיין;
מיט זיך אַליין בין איך אַ פאַרשעמטער פון דעם זיג געבליבן.

ווי יעקב מיטן מלאך איז געווען דער שטרייט,
און אומקום האָט געהויערט איבער ביידן —
מיר האָבן הויזן ניט געקאָנט און ניט זיך שיידן;
עס האָבן מיך אויסגעלאַכט אַלע פרומע לײַט.

ער איז מײַן טרײַער שאָטן, וואָס גייט מיר נאָך,
ווען קיינער זעט מיר ניט פאַרשעמט, פאַרטריבן און פאַרשטויסן;
— ער ציטערט גלײַך מיט מיר אין קאַלטן דרויסן
און איז מײַן טרייסטער אין מײַן דורכפאַל און בראָך.

אָט די צווייאיקײַט האָט אין מיר וווּנדיק געברענט,
און יאָרן לאַנג האָב איך געשטאַמלט מיט האַלבע רייד —
ביז דער אַנדערער האָט אויסגעזופּט מײַן לעצטע פרייד.
און איך האָב זיך אַליין אין מײַן געשפּאָלטנקייט דערקענט.

איצט בין איך שוין אַליין דער אַנדערער, דער אומבאַשטימטער,
און לעב בשלום מיט מײַן געשפּאָלטענעם געמיט —
און מײַן אָטעם איז ווי אין די יוגנט־יאָרן הייס צעבריט,
און אַלע הייליקע גלײַבקייטן צעקרימט ער.

ב.

## דאָס ליד פון מיין גורל

אָ גורל מײַנער, עס איז מיר שווער דײַן יאָך,
ווי אַזוי וועל איך אים ביזן סוף דערטראָגן —
אין מײַן דור פון דעם גרויסן בראָך,
ווי קאָן די בייזע שאָטנס פאַריאָגן.

דו האָסט אויסגעזופּט מײַן לעצטע פרייד
און פאַרברענט מײַנע שענסטע חלומות —
איצט בעט איך, ווי אַ תּפילה, שטילערהייט;
פיר מיר ניט מער בײַם ראַנד פון תהומות.

די שטורעמס האָבן זיך אין מיר אײַנגעשטילט,
נאָר קיין רו איז מיר ניט באַשערט געוואָרן;
— אויב דאָס רשעות געוועלטיקט און גילט,
לאָז מיר לעבן ווי אַ זײַטיקן די געבליבענע יאָרן.

איך האָב שוין מער ניט קיין וועג צו גאָט,
אָבער אָפן איז פאַר מיר דער וועג צו פּרישות —
לאָז מיר בעסער זײַן פאַרהעצט און אויסגעשפּאָט
און שלעפּ מיר ניט אויף די כוואַליעס פון רשעות.

דו האָסט מיך באַוואָפנט מיט נעגל און ציין,
און מיר באַשטימט צו זײַן אַ מאָנער און קריגער —
אָבער איך בין געבליבן אין מײַן קריג איינער אַליין
און דריי זיך אַרום ווי אַ דאַכלאָזער, אַ ניט הינגער.

איך ריכט אָפּ גלות שוין יאָרן לאַנג,
נאָך מײַנע שיינע וועלטן, וואָס זײַנען חרוב געוואָרן —
און ווען איך וועל אַוועק אין אייביקן גאַנג,
וועט נאָך גליען מײַן הייליקער צאָרן.

ווי דעם נביאס בלוט אויפן מקדש־שטיין,
וואָס האָט זיבן יאָר געברויזט און געזאָדן —
ווײַל געפּײַניקט פון יוגנט אָן איז מײַן געביין
און אומדערזעצבאַר און גרעניצלאָז מײַן שאָדן.

די זון בליאַסקעט איבער מיר ווי אַ שווערד
און די ברייטע וועלט האַלט מיר אויפן וואָגשאָל־צינגל —
און עס וואַקסט, ווי אַ צאַרט ביימל פון דער מוטער ערד
מײַן זוניקער, מײַן קליינער יינגל.

איך ראַנגל זיך פאַר יעדער יידישן אות,
און וויל עס אין אים מיטן גאַנצן כוח פאַרפלאַנצן —
אָבער הינטער מיר שטייט דער ביטערער כוס,
פון פאַרלענדונג, פון אָפּווישן מײַן זכר אין גאַנצן.

אָ מײַן זון, שאָטן פון מײַן פאַרברענטן טאַטן,
איך האָב דיר אויפגעצויגן אין מײַן טיפסטן פּײַן —
די וועלט וועט אונדז נאָך ניט איינמאָל פאַראַטן;
מיט דיר זאָל איך כאָטש זיכער זײַן.

אָ זון און טאָכטער — מײַנע פאַרברענטע טאַטע־מאַמע,
געקרוינט האָב איך אײַך מיט זייערע הייליקע נעמען —
איך וועל שוין פאַרגיין מיט מײַנע יידישע גראַמען
און הלוואי זאָלט איר מײַן אָנדענק ניט פאַרשעמען.

ג.

## די אַפּאָקאַליפּטישע רייטער

די נאַכט נעמט מיר אַרום אין מיטן וועג,
איך ליג אין שאָטן בײַ מײַן פאַרלאָשענעם שײַטער —
די וועלט, וואָס האָט שוין אויסגעטרונקען מײַן לעצטע שרעק,
יאָגט מיר נאָך מיט אירע אפּאָקאַליפּטישע רײַטער.

דער באָדן אַרום מיר איז אַן אויסגעברענטער,
און איך פאַרגראָב מײַן פּנים אין דער מוטער־ערד —
און די פּחדימדיקע רײַטער קומען צו אַלץ נענטער
און איבער מײַן קאָפּ דער לבנה־פּאַס, ווי אַ קרומע שווערד.

שטעל איך זיך אויף און וויל אָנהויבן לויפן,
נאָר באַלד אַנטשליס איך זיך און מיט פעסטן טראָט —
וויל איך טייער מײַן לעבן צום שונא פאַרקויפן
און ניט גיין קיין געבונדענער צום עשאַפאָט.

די רײַטער דערנענטערן זיך מיט העלישע פלאַמען,
נאָר מײַן האַרץ איז רויִק און אײַנגעשטילט —
ווײַל איך דערזע פון ווײַטן מײַן טאַטן און מאַמען
אין די זעלבע פײַערן אַרומגעהילט.

די פלאַמען בלאָזן זיך און מיט זיי צוזאַמען,
זע איך שוין ווי דער טאָג הייבט אָן צו קומען —
אָבער אויף יענער זײַט בלײַבט מײַן פאַרברענטע מאַמע
און מײַנע ליפן גלייוורן און די ווערטער שטומען.

ד.

## ליד פון דער שפּעטער שעה

אין דער פרעמדער שטאָט אויף דעם הויכן גאָרן,
ראַנגל איך זיך מיט די שאָטנס אויף פאַרנאַכטיקע ווענט —
עס האָט שוין אויסגעברענט לאַנג דער פרעמדער צאָרן:
הויב אויף דעם רידל אין דײַנע קרעפטיקע הענט.

אין דער שפּעטער שעה לאָמיר זײַן צוזאַמען,
גאָר דאָס טײַערסטע איז ביזן גרונט פאַרברענט —
באַלד וועלן זיך ווײַזן די שקיעה־פלאַמען,
— הויב אויף דעם רידל כל זמן גבורה ריזלט אין די הענט.

איך קויף אויס מײַן לעבן מיט וואָרט, מײַן בעסטע מטבע,
ווײַל מײַן איינציקער רכוש איז דאָס וואָרט —
און ווײַל עס איז אונדז אַלעמען נוגע,
דער זעלביקער גורל — די בלינדע קאָרט.

שטעל איך זיך אַוועק און לאָז אַראָפּ דעם רידל,
צעגראָב די זאַמדן אין שאַר אַוועק דעם שטויב —
ביז דאָס וואָרט ציטערט אויף, ווי אַ פאַרשטומטער פידל,
ביז עס וואָרקעט אין מיר ווי אַ שטילע טויב.

וויל איך זיך דערגראָבן צום אונטערבאָדן,
און אויפרײַסן די ברכה פון דער ערד —
אין דעם דור פון אונטערגאַנג, פון פּײַן און שאָדן
פאַל איך כורעים פאַר די פאַרשניטענע פון שונאס שווערד.

הויב איך זיי אָן צו ציילן און קאָן די צאָל ניט דערגיין,
און די אָוונט־שאָטנס טאַנצן שוין אויף מײַנע ווענט —
ביז מײַן קאָפּ זינקט אַראָפּ אין פאַרשטיקטן געוויין
און דער רידל וואַקלט זיך אין מײַנע גבורהדיקע הענט.

י. באַשעווים / ניו־יאָרק

# דער האָטעל



— 1 —

ישראל דאַנציגער האָט פאַרגליכן זײַן אַריבערציען זיך קיין מיאַמי ביטש צו דעם איבערפּעקלען זיך אויף יענער וועלט. צו זעקס און פופציק יאָר האָט ער געמוזט אַלץ איבערלאָזן: די פאַבריק אין ניו יאָרק, די הײַזער, דעם אָפיס, די קינדער, די קרובים, די פרײַנט. הילדע, דאָס ווײַב, האָט געהאַט געקויפט אַ הויז מיט אַ גאָרטן נעבן אינדיען ריווער. ס'איז דאָ געווען אַלץ: באַקוועמע צימערן אין פּאַרטער, אַ פּאַטיאָ, אַ שווים־באַסיין, פּאַלמען־קוסטעס, אַן אַלטאַנע און צולייג־שטולן אַזוינע וואָס אַז מען ליגט אויף זיי שטרעקט מען נישט אָן דאָס האַרץ. דער טײַך האָט אַביסל אונטערגעשטונקען, אָבער פון ים זײַנען אָנגעלאָפן קילע ווינטלעך. דער ים איז געלעגן אַהענגנאיבער גרין, גלאָזיק, ענלעך צו אַ דעקאָראַציע אין אַן אָפּערע און עס זײַנען געשוווּמען איבער אים ווײַסע שיפן. מעוועס האָבן געקוויטשעט און געפרוווּט כאַפּן פיש. אויפן זאַמד פון דער פּליאַזשע האָבן זיך אויסגעשטרעקט האַלב נאַקעטע נקבות. ישראל דאַנציגער האָט זיך נישט באַדאַרפט באַנוצן מיט דער לאָרנעטע. ער האָט זיי געזען מיט די בלויזע אויגן הינטער די זון־גלעזער, אַפילו געהערט זייער פּלאַפּלערײַ און געלעכטער. ער האָט זיך נישט געברויכט שרעקן פאַר פאַרלאָזנקייט. זיי האָבן דאָ אַלע געזאָלט קומען צו אים צו גאַסט: די זין, די טעכטער, די מחותנים. הילדע האָט שוין באַצײַטנס געזאָרגט אַז זי וועט נישט האָבן גענוג שלאָף־צימערן און גענוג בעטגעוואַנד און אויך אַז ישראל זאָל זיך נישט צופיל אויפרעגן פון די שטאָטישע וויזיטן. דער דאָקטאָר האָט געהאַט אָנגעזאָגט פולשטענדיקע רו.

אָבער דערווײַל איז סעפּטעמבער און מיאַמי ביטש ווערט אַלץ ליידיקער. האָטעלן פאַרמאַכן זיך און הענגען אַרויס מעלדונגען אַז זיי וועלן זיך עפענען אין דעצעמבער אָדער יאַנואַר. אין קאַפעטעריעס וווּ ס'איז ערשט נעכטן געווען טומלדיק, שטעלט מען אַוועק די שטולן אויף די טישן, מ'לעשט אויס די לאָמפּן און ס'איז אויס ביזנעס. די זון ברענט, אָבער די צײַטונגען שרײַבן כסדר וועגן הוראַקאַנען וואָס גרייטן זיך אָנצופליען אַהער פון ווײַטע אינדזלען. מ'וואָרנט דעם עולם מ'זאָל זיך צוגרייטן ליכט, וואַסער און מ'זאָל אויפהענגען טאָפּל־פענצטער, ווי וויל ס'איז נאָך ווײַט נישט זיכער צי דער הוראַקאַן וועט דאָ אָפּטרעטן, אָדער זיך גאָר אויסדרייען צום אַטלאַנטיק. די צײַטונגען זײַנען גרויס און לאַנגווײַליק. די אייגענע נײַעס וואָס אין ניו יאָרק רודערן זיי אויף דאָס געמיט, זײַנען דאָ פול מיט שלעפּעריקן הבל חבלים. די ראַדיאָ־פּראָגראַמען זײַנען פוסט, די טעלעוויזיע איז אידיאָטיש. אַפילו די ביכער פון די באַרימטע שרײַבער קומען דאָ פאָר פלאַך. עסן ווילט זיך יאָ, אָבער הילדע טיילט צו ישראלן דעם ביסן. אַלץ איז טריף און פול מיט כאָלעסטעראָל: פּוטער, אייער, מילך, קאַווע מיט שמאַנט, אַ שטיקל פעט פלייש. זי קאָרמעט אים, ישראל'ען, מיט ווײַסן קעז, סאַלאַטן, מאַנגאָ פרוכט, פּאָמעראַנצן־זאַפט, און אַפילו דאָס מעסט זי און וועגן אויפן קווינט און אויפן לויט, ער זאָל, חלילה, נישט אַרײַנקריגן אַ פּאָר קאַלאָריעס מער.

ישראל דאַנציגער ליגט אויף דעם צולייג־בעטל האַלב נאַקעט, בלויז אין אַ פּאָר שווים־הייזלעך און אין סאַנדאַלן. דער פײַגנבוים איבערן צולייג־בעטל וואַרפט אַ שאָטן, פונדעסטוועגן מוז ישראל טראָגן אויפן שאַרבן אַ שטרויען היטעלע. אָן מלבושים איז ישראל דאַנציגער נישט ישראל דאַנציגער, נאָר אַ פיצעלע מענטשעלע, הויט און ביין, מיט אַ סנויל אָפּגעבלאַקירטע האָר אויפן האַרץ־ברעטל, אַרויסשטאַרצנדיקע ריפּן, שפּיציקע קני, אָרעמס ווי שטעקעלעך. וויפל ער זאָל זיך נישט שמירן מיט אַלערליי זאַלבן קעגן אָפּברענונג, איז די הויט זײַנע האַלב־אָפּגעבריט, פול מיט רויטע פלעקן. פון צופיל זון־שײַן זײַנען די אויגן אַנטצינדן. ער גייט אַרײַן אין שווים־באַסיין, פּליוסקעט זיך אַ פּאָר מינוט און גייט צוריק אַרויס. שווימען קאָן ער נישט. ער טיקט זיך ווי אין אַ מקווה. ער האָט אָנגעהויבן לייענען אַ בוך שוין וואָכן, אָבער עפּעס קאָן ער עס נישט פאַרענדיקן. ער לייענט איבער די ייִדישע צײַטונג יעדן טאָג צוזאַמען מיט די אַנאָנסן. ער האָט מיט זיך אַ בלאָק פּאַפּיר און אַ שרײַב־פענדל. ער האַלט אין איין רעכענען וויפל ער פאַרמאָגט, וויפל פּראָפיט ס'ברענגען די הײַזער, וויפל פּראָצענט און דיווידענדן ס'טראָגן איין די אַקציעס, די ווערט־פּאַפּירן.

דער חשבון ווײַזט יעדעס מאָל דאָס אייגענע: אַז ווען ער, ישראל דאַנציגער, זאָל לעבן הונדערט יאָר, וועט קלעקן אויף אַלץ. ס'וועט אפילו בלײַבן ירושה. אָבער ישראל דאַנציגער קאָן זיך דאָס עפּעס נישט צוגלויבן. ווען און ווי אַזוי האָט ער אָנגעזאַמלט אַזאַ פאַרמעגן? נו, און וואָס וועט ער טאָן די אַלע יאָרן וואָס ס'איז אים באַשערט צו לעבן: זיצן אויף דער שטול און גלאָצן צום הימל?

ישראל דאַנציגער וויל רויכערן, אָבער דער דאָקטאָר דערלויבט בלויז צוויי ציגאַרן אין מעת־לעת. אפילו דאָס קאָן זײַן שעדלעך. צו פאַרשלאָגן דעם אַפּעטיט צו רויך און צו עסן, קײַט ישראל אַ גומע אַזאַ וואָס האָט נישט קיין זיסקייט. ער בויגט זיך אַראָפּ, רײַסט אויס אַ גרעזעלע, באַטראַכט עס. ער קוקט זיך אײַן אין אַ פּראָמעראַנצן־ביימל אַקעגנאיבער. ווען עמעץ וואָלט אים אַמאָל געזאָגט אין פּאַרטשעוו אַז ער וועט האָבן אין אַמעריקע אַ ווילע און ס'וועלן בײַ אים וואַקסן פּאָמעראַנצן, גרעיפּ־פרוכט, קאָקוס־ניס און אַז דאָס הויז זײַנס וועט שטיין קעגנאיבער דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, אין אַ לאַנד פון אייביקן זומער! איצט האָט ער דאָס אַלץ, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס? אַ ווײַל ווערט ישראל דאַנציגער אָנגעשפּיצט. ס'דוכט זיך אים אַז דער טעלעפאָן קלינגט אינעווייניק. אפשר רופט מען אים פון ניו־יאָרק? ער טוט זיך אַ הויב אויף ווי צו לויפן, אָבער ניין, ס'איז אַזאַ פעלד־גריל וואָס קלימפּערט ווי אַ גלעקל און נאַרט אים אָפּ ווער ווייסט וויפל מאָל אין טאָג. קיינער טעלעפאָנירט נישט. ווער זאָל טעלעפאָנירן? ווען אַ מענטש ליקווידירט די ביזנעס, איז ער ווי אַ מת.

ישראל דאַנציגער נעמט זיך פון ס'נײַ אַרומקוקן. דער הימל איז בלוי, אָן אַ וואָלקנדל. אַן איינציק פייגעלע פליט הויך, הויך. ווו אַ שטייגער, פליט עס? די פרויען וואָס זײַנען פריער געלעגן אין זאַמד, זײַנען איצט אַרײַן אין ים. ווי ווײַל דער ים איז גלאַט, הויבן זיך די ווײַבער, הוידן זיך, שפּרינגען בלומרשט אַריבער כוואַליעס, מאַכן דעם אָנשטעל פון שווימערינס. אַלע זײַנען זיי פעט, מיאוס, ברייטפּלייציק. ס'הויכט פון זיי מיט אַן עגאָאיזם וואָס מאַכט קראַנק די מאַנסבילשע נשמה. נו, און פאַר אַזוינע פּאַראַזיטן אַרבעטן מענער, קריגן האַרץ־פעלערס, שטאַרבן פאַר דער צײַט. ער, ישראל, האָט זיך אויך אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות. דאָקטוירים האָבן אים געוואָרנט. ישראל טוט אַ שפּײַ. הילדע איז אים בלומרשט געטרײַ, אָבער זאָל ער צומאַכן אַן אויג, וועט זי אין אַ יאָר שפּעטער חתונה האָבן, זיך אויסזוכן אַ גרויסן פאַרשוין...

נו, אָבער וואָס זאָל ער טאָן? בויען אַ שול ווו קיינער קומט נישט דאַוונען? לאָזן שרײַבן אַ ספר תורה וואָס קיינער לייענט נישט אין איר? אָוועקגעבן דאָס געלט פאַר ארץ ישראל אַז די חלוצים זאָלן קאָנען פירן פרײַע ליבע? מ'קאָן אפילו הײַנטיקע צײַטן נישט טאָן קיין צדקה. פאַר וואָס פאַר־אַ צוועק מ'זאָל נישט געבן, ווערט דאָס געלט אויפגעגעסן פון סעקרעטאַרינס, פאַנד־זאַמלער, פּאָליטיקער. ביז ס'קומט צום נויטבאַדערפטיקן, בלײַבט גאָרנישט. אין דעם אייגענעם בלאָק פּאַפּיר ווו ישראל דאַנציגער מאַכט זײַנע חשבונות, ליגן עטלעכע בריוו וואָס ער האָט הײַנט דערהאַלטן: פון אַ ישיבה אין ברוקלין, פון אַ ייִדישן פּאָעט וואָס גרייט זיך אַרויסצוגעבן זײַנע ווערק, פון אַ מושב זקנים וואָס וויל צובויען אַ נײַעם פליגל צום אַלטן געבײַ. אַלע זינגען זיי איין לידל: שיקט אַ טשעק. אָבער וואָס וועט שוין זײַן אַז ס'וועלן צוקומען נאָך עטלעכע ישיבה־בחורים אין וויליאַמסבורג? און ווער דאַרף די פּאָעזיע פון יענעם פּאָעט? און צו וואָס צובויען דעם נײַעם פליגל? אַז דער פּרעזידענט זאָל זיך קאָנען מאַכן אַ באַנקעט. ער'ט מסתמא אָפּלעקן אַ ביינדל אויך. דער זעלבער פּרעזידענט איז אפשר אַ בויער אָדער דער איידעם זײַנער איז אַן אַרכיטעקט. כ'קאָן זיי, כ'קאָן זיי ווי אַ בייזן שילינגער! — מורמלט ישראל דאַנציגער. — מיך קאָנען זיי נישט אָפּבלאָפן!...

ישראל דאַנציגער קאָן דאָ מער נישט בלײַבן זיצן. ער איז באַהערשט פון אַ פּוסטקייט וואָס איז ערגער פון אַ האַרץ־פעלער. אַ כח וואָס האַלט אויף ביים לעבן נעמט אויסרינען און ישראל דאַנציגער ווייסט מיט אַן אינעווייניקסטן וויסן אַז ער איז אַ טריט פון טויט, פון משוגעת. ער מוז עפּעס טאָן אין דער גיך! ער לויפט אַרײַן אין שטוב, עפנט די קליידער־שראַנק, טוט אָן אַ פּאָר הויזן, אַ העמד, אַ פּאָר שיך, נעמט דעם שטעקן אין דער האַנט און לאָזט זיך אַרויסגיין. ער האָט דאָ שטיין אין גאַראַזש אַן אויטאָ, אָבער ער וויל איצט נישט טרײַבן דעם אויטאָ און יאָגן זיך אָן אַ צוועק איבער די וועגן. הילדע איז אַוועק אײַנקויפן, די וווינונג איז הפקר אָן אים, אָבער קיינער גנב'עט דאָ נישט. צווייטנס, זאָל מען יאָ גנב'ענען. אחוץ דעם שטייט אין גאָרטן דזשאָו דער נעגער און שפּריצט וואַסער פון אַ קישקע אויפן גראָז וואָס מ'האָט געבראַכט אהער פלאַכטעסווײַז און וואָס ליגט איבער דעם זאַמד ווי אַ טעפּיך. אפילו דאָס גראָז האָט דאָ נישט קיין וואָרצלען, לויפט אַדורך ישראל דאַנציגערן אַ מחשבה. ער איז מקנא דעם נעגער. אַמווייניקסטן טוט ער עפּעס. ער האָט ערגעץ הינטער מיאַמי אַ פאַמיליע. דאָס וואָס ישראל דאַנציגער לעבט איצט אַדורך, איז נישט גלאַט לאַנגווײַל. ס'איז אַ סאָרט פּאַניק. ער מוז עפּעס טאָן אָדער אונטערגיין. אפשר צופאָרן צום בראָוקער און קויפן אַקציעס? — פאַלט אים אײַן. אָבער ער איז שוין הײַנט אין דער פרי דאָרט געווען. ער איז שוין דאָרט אָפּגעזעסן אַ שעה. אויב ער זאָל גיין אַהין צוויי מאָל אין טאָג, וועט עס אים אינגאַנצן זיך אײַנעסן. אחוץ דעם איז שוין צוואַנציק מינוט צו דרײַ. ביז ער וועט קומען אַהין, וועלן זיי פאַרמאַכן.

אַקעגנאיבער איז אַן אויטאָבוס־סטאַציע. אָט קומט

שוין דער אויטאָבוס. ישראל דאַנציגער לויפט אַריבער די גאַס. די איַילעניש אַליין איז אַ שטיקל רפואה. ער שטייַגט איַין און וואַרפט אַריַין די צען סענט. ער וועט צופאָרן צו פּאָפּראָווס קאַפעטעריע. דאָרט וועט ער קויפן די נאָך מיטיק־צייַטונג וואָס איז אַ געגנויע קאָפּיע פון דער מאָרגן־צייַטונג, אויסטרינקען אַ טעפל קאַווע, צובייַסן אַ קיכל, פאַרויכערן אַ ציגאַר. ווער ווייסט? אפשר וועט ער טרעפן אַ באַקאַנטן?

דער אויטאָבוס איז האַלב ליידיק. די פּאַסאַזשירן זיצן אַלע אויף דער שאָטנדיקער זייַט און פאָכן זיך, ווער מיט אַ פעכער, ווער מיט אַ צייַטונג און ווער מיט דעם דעקל פון אַ טאַש. בלויז איין מאַנסביל זיצט דאָרט ווו די זון ברענט, — אַ מענטש וואָס ס'אַרט אים מער נישט די היץ. ער זעט בכלל אויס אָפּגעלאָזן, נישט ראַזירט, צעשויבערט, שמוציק. ער איז אוודאי שיכור, טראַכט ישראל דאַנציגער, און צום ערשטן מאָל באַנעמט ער דעם זין פון שיכרות. ער וואָלט אַליין איצט געטרונקען ווען ער קאָן. אַלץ איז בעסער ווי די דאָזיקע הוילקייט. עמעץ שטייַגט־אויס און ישראל דאַנציגער פאַרנעמט זייַן זיץ. אַ הייסער ווינט בלאָזט אַריַין דורך דעם אָפענעם פענצטער. ס'שמעקט מיט ים, האַלב צעשמאָלצענעם אַספאַלט און גאַזאָלין. ישראל דאַנציגער זיצט רויִק, פונדעסטוועגן טוט מיט אַמאָל דער שווייס אַ זעץ אַרויס איבער זייַן לייַב און דאָס פרישע העמד זייַנס ווערט אין איין רגע אויסגעווייקט. ער ווערט האָפערדיקער. ער האָט דערגרייכט אַ מדרגה אַז אפילו אַ נסיעה אויף אַן אויטאָבוס איז שוין פאַר אים אַ שטיקל אוואַנטורע. אויף לינקאָלן ראָוד זייַנען פאַראַן געשעפטן, שוי־פענצטער, רעסטאָראַנען, בענק. מ'שרייַט אויס צייַטונגען. ס'איז דאָ אַביסל שטאָטיש, עס דערמאָנט אַ קאַפעלע ניו יאָרק. אונטער די מאַרקיזן־דעכלעך לייענט־איבער ישראל דאַנציגער אַז ס'קומט דאָ פאַר אַן אויספאַרקויף. גאַנצע געשעפטן ווערן דאָ ליקווידירט. ער פאַרגלייַכט די דאָזיקע גאַס צו אַן אָאַזיס אין דער מדבר. ס'נעמט אים אָן עפּעס ווי אַ זאָרג פאַר דעם גורל פון די אייגנטימער. ווי לאַנג וועלן זיי דאָ אויסהאַלטן אַז מ'זעט נישט קיין קונה פאַר די אויגן? ער האָט אַ באַדערפעניש דאָ עפּעס צו קויפן און אַזוי אַרום אַרויסצוהעלפן די ביזנעס. ס'איז מער מצווה, זאָגט ער זיך, ווי געבן די שנאָרערס...

דער אויטאָבוס שטעלט זיך אָפּ און ישראל דאַנציגער גייט אַריַין אין דער קאַפעטעריע. דאָס דורכגיין די דרעטיר, די קינסטלעך־געקילטע לופט, די עלעקטרע וואָס לייַכט אין מיטן טאָג, דער האַרמידער פון די געסט, דאָס געבראָזג פון געפעס, דער לאַנגער בופעט פול מיט שפּייַזן און געטראַנקען, דער קאַסירער וואָס פּויקט אויף דער רעגיסטער, דער גערוך פון ציגאַרן און ציגאַרעטן, — אַלץ איז אַ דערקוויקעניש פאַר ישראל דאַנציגערס געמיט. ער טוט אַ שאָקל־אָפּ פון זיך אַלע מאַנקאָליעס, די גאַנצע היפּאָכאָנדריע, די רעיונות וועגן טויט. מיט דער רעכטער האַנט כאַפּט ער אָן אַ טאַץ און די לינקע האַנט שטעקט ער אַריַין אין דער הינטערשטער הויזן־קעשענע ווו ס'ליגן באַנקנאָטן און קליין־געלט. ער געדענקט אַלע וואָרעניש פון די דאָקטוירים, אָבער אַ פּוסק אחרון זאָגט אַז מ'מעג. ער נעמט אַ סאַנדוויטש מיט געהאַקטן הערינג, אַ שטיק קעז־קוכן, אַ גלאָז קאַווע מיט אייַז. ער פאַרויכערט אַ לאַנגען ציגאַר. ער איז ווידער ישראל דאַנציגער, אַ לעבעדיקער מענטש, אַ ביזנעס־מאַן...

— 2 —

אַקעגנאיבער ישראל דאַנציגער, בייַ אַ צווייטן טיש, איז געזעסן אַ קליין מענטשעלע, נישט העכער פון ישראל דאַנציגער, אָבער דיק, ברייט, מיט אַ גרויסן קאָפּ און אַ פעטן האַלדז. ער האָט געטראָגן אַ טייַערן פּאַנאַמאַ־הוט (ישראל דאַנציגער האָט גלייַך אָפּגעשאַצט אַז ער קאָסט פופציק דאָלאַר), אַ ראָזע העמד מיט קורצע אַרבל און אויף איינעם פון זייַנע פינגער, דיקע ווי ווורשטלעך, האָט געלויכטן אַ בריליאַנט. ער האָט גערויכערט אַ ציגאַר און געבלעטערט אין אַ ייִדישער צייַטונג. דערבייַ האָט ער געבראָכן שטיקלעך פון אַן אייער קיכל. ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און דער קאָפּ זייַנער איז געווען רונד און גלאַט. ס'איז געווען עפּעס קינדישס אין זייַן קייַלעכדיקייט, פעטקייט און אין דעם מויל מיט די פאַרשאַרצטע ליפּן. ער האָט נישט גערויכערט דעם ציגאַר, נאָר אים עפּעס ווי געזויגט. ישראל דאַנציגער האָט זיך געגריבלט ווער דאָס איז פאַר איינער. קיין היגער נישט. אוודאי אַ ניו יאָרקער. אָבער וואָס טוט ער דאָ אין סעפּטעמבער? סייַדן ער לייַדט פון היי־פיבער. נו, און ווי באַלד ער לייענט אַ ייִדישע צייַטונג, איז ער דאָך אַן אייגענער. ישראל דאַנציגער האָט געקראָגן חשק זיך מיט אים צו באַקענען. אַ ווייַל האָט ער זיך געקווענקלט. עס איז נישט זייַן שטייגער צוצושטיין צו אַ פרעמדן. אָבער דאָ אין מיאַמי אַז מ'איז צוריקגעהאַלטן, קאָן מען אויסגיין פון נודנעקייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, גענומען דעם טעלער מיט דעם קעז־קוכן, די קאַווע און איז אַריבערגעגאַנגען צו יענעמס טיש.

— וואָס איז עפּעס הייַנט דאָ אין צייַטונג?

יענער האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַר.

— וואָס קאָן זייַן? גאָרניש מיט גאָרניש.

— אַמאָל זייַנען געווען שרייַבער. די הייַנטיקע פּאַטשקען — האָט ישראל דאַנציגער געזאָגט אַבי עפּעס צו זאָגן.

— ס'אַן עברה די פינף סענט.

— נו, אָבער אין מיאַמי איז נישטאָ וואָס צו טאָן. ס'העלפט אַוועק'הרג'ענען די צייַט.

— וואָס טוט איר אין מיאַמי אין אַזאַ חמימה?

— און וואָס טוט איר דאָ?

— איך האָב אַ הערצעלע... כ'זיץ שוין דאָ זעקס מאָנאַטן... די דאָקטוירים האָבן מיך פאַרשיקט אַהער... זיך צוריקגעצויגן פון ביזנעס...

— האַ? זײַנען מיר דאָך ברידער! — האָט ישראל דאַנציגער אַ רוף געטאָן. — איך האָב אויך אַ האַרץ, דאָס הייסט: אַ שלעכט האַרץ וואָס טוט אָן צרות. כ'האָב אַלץ ליקווידירט אין ניו יאָרק און מײַן געטריי ווײַב האָט מיר דאָ אײַנגעהאַנדלט אַ הויז מיט פייגנביימער ווי פאַרצײַטנס אין ארץ ישראל. כ'זיץ און ווער משוגע.

— ווו איז דאָס הויז?

ישראל דאַנציגער האָט אים געזאָגט.

— כ'גיי דאָרט פאַרביי יעדן טאָג. כ'דערמאָן זיך טאַקע אַז כ'האָב אײַך דאָרט געזען.. וואָס האָט איר געטאָן פריער, האַ?

ישראל דאַנציגער האָט אים דערציילט.

— איך בין שוין אין ריעל עסטעיט פינף און דרײַסיק יאָר — האָט יענער זיך אָנגערופן.

ביידע האָבן זיך צונויפגערעדט. דאָס מענטשל מיט דעם פאַנאַמאַ־הוט האָט געהייסן מאָריס סאַפירסטאָון. ער האָט דאָ געהאַט אַ וווינונג אויף עוקליד עוועניו. ישראל דאַנציגער האָט געבראַכט נאָך צוויי שעלעכלעך קאַווע און נאָך צוויי אייער־קיכלעך. ער האָט מכבד געווען יענעם מיט זײַן ציגאַר און יענער האָט אים געגעבן צו פאַרזוכן זײַן סאָרט ציגאַר. אין פופצן מינוט זײַנען זיי געוואָרן היימיש ווי זיי וואָלטן זיך שוין געקאָנט יאָרן. זיי האָבן זיך געדרייט אין ניו יאָרק אין די אייגענע קרײַזן, געקאָנט די זעלבע מענטשן, ביידע געשטאַמט פון פוילן. מאָריס סאַפירסטאָון האָט אַרויסגענומען אַ טאַש פון אַליגאַטאָר־לעדער און געוויזן ישראל דאַנציגער פאָטאָגראַפיעס פון זײַן ווײַב, צוויי טעכטער, צוויי איידעמס, — אַ דאָקטאָר און אַן אַדוואָקאַט, — און עטלעכע אייניקלעך. ישראל דאַנציגער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף יענעמס ייִדענע און אַ טראַכט געטאָן אַז קעגן איר איז הילדע אַ שיינהייט. איין אייניקל, אַ מיידעלע, האָט אויסגעקוקט ווי אַ קאָפּיע פון מאָריס סאַפירסטאָון. אין דער קורצער ווײַל וואָס ישראל דאַנציגער האָט באַטראַכט די פאָטאָגראַפיעס האָט ער געטראַכט: ווי קאָן מען עפּעס לעבן מיט אַזאַ מיאוסער ייִדענע? כאָטש, צוריקגעשמועסט, מיט אַזאַ איז מען נישט אַזוי אַליין ווי מיט הילדען. יענע מוז האָבן אַרום זיך אַ גאַנצע כאָפּטע יאַכנעס... ישראל דאַנציגער איז נישט געווען פרום, אָבער זינט ער האָט געקראָגן דעם האַרץ־שלאַג און ער האָט געלעבט אין מיאַמי ביטש, האָט ער אָנגעהויבן טראַכטן אין רעליגיעזע טערמינען. ער האָט איצט געזען אין דער קאַנטשאַפט מיט מאָריס סאַפירסטאָון אַן אצבע אלוקים.

ישראל דאַנציגער האָט אַ פרעג געטאָן:

איר שפּילט אפשר אַ שאַך?

אַ שאַך? ניין. אָבער פינאָקל שפּיל איך יאָ.

— ס'איז דען דאָ מיט וועמען?

— איך געפין שוין.

— איר זענט אַ בריה. איך געפין נישט קיינעם. זיץ אַ גאַנצן טאָג און ס'שמעקט נישט אַרײַן קיין הונט.

— וואָס האָט איר זיך עפּעס באַזעצט אָפּ־טאַון?

אַזוי שמועסנדיק האָט מאָריס סאַפירסטאָון גענומען דערציילן אַז ס'טרעפט זיך צו קויפן אַ האָטעל. ס'איז כמעט אַ נײַער האָטעל. הויך אָפּ־טאַון. די אייגנטימער זײַנען באַנקראָט. די בענק זײַנען גרייט צו לאָזן כאַפּן אַ מציאה. מ'דאַרף האָבן אינגאַנצן אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר מזומן. ווי וויל ישראל דאַנציגער האָט נישט געהאַלטן בײַ קיין שום ביזנעס, האָט ער זיך אײַנגעהערט. די בלויזע רייד וועגן געלט, קרעדיט, בענק, היפּאָטעקן, האָבן אויפגעהייטערט. ס'איז געווען ווי אַ צייכן אַז די וועלט איז נאָך נישט אונטערגעגאַנגען. ישראל דאַנציגער האָט גאָרנישט געוווסט פון האָטעלן, אָבער ער האָט אויפגעקליבן ברעקלעך אינפאָרמאַציע פון מאָריס סאַפירסטאָונס רייד. יענע שותפים זײַנען געהאַט אונטערגעגאַנגען ווײַל זיי האָבן געזוכט אַ צו־גרויסאַרטיקע קליענטעלע, געשטעלט צו־הויכע פרײַזן. די רײַכע האָבן אויפגעהערט קומען אַהער. מ'דאַרף צוציען דעם מיטל־קלאַס. איין גוטער ווינטער־סעזאָן קאָן אַמאָל דעקן אַלע קאָסטן... ס'איז צוגעקומען אַ נײַער עלעמענט: דער לאַטיין־אַמעריקאַנער וואָס קומט אַהער אין זומער זיך ״אָפּקילן״... ישראל דאַנציגער האָט אַרויסגעגראַבלט פון דער קעשענע אין העמד אַ שטיקל בלײַשטיפט. אַזוי ווי מאָריס סאַפירסטאָון האָט גערעדט, האָט ישראל דאַנציגער משונה שנעל געשריבן ציפערן אויפן ראַנד פון אַ צײַטונג. ער האָט דערבײַ געשטעלט פראַגן: וויפל צימערן האָט דער האָטעל? וויפל קאָן אַ צימער אַרײַנברענגען? וואָס זײַנען די שטײַערן? וויפל איז דער היפּאָטעק? וואָס דאַרף קאָסטן דער פּערסאָנאַל? ס'איז אַלץ געווען פאַר ישראל דאַנציגער נישט מער ווי אַ צײַט־פאַרטרײַב, אַ דערמאָנונג אַז ער איז אַמאָל געווען אַ סוחר און געטאָן ביזנעס. ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן מיט דעם שפּיץ בלײַשטיפט אין דער לינקער פאה.

— וואָס טוט מען אויב ס'איז אַ שלעכטער סעזאָן?

— מ'מוז זען ער זאָל זײַן גוט.

— ווי אַזוי?

— מ'דאַרף ריכטיק אַנאָנסירן. אפילו אין די ייִדישע צײַטונגען.

— האָבן זיי אַ זאַל פאַר קאָנפערענצן?..

אַ שעה איז אַריבער און ישראל דאַנציגער האָט נישט געוווסט ווו זי איז אַהינגעקומען. ער האָט געביסן דעם ציגאַר־צווישן די ליפּן, מיט אים געדרייט, דערשפּירט אין זיך נײַע כוחות. דאָס האַרץ וואָס האָט די לעצטע חדשים עפּעס ווי געפּאַכעט און זיך געצענגערט יאָ קלאַפּן אָדער נישט קלאַפּן, האָט איצט געאַרבעט ווי בײַ אַ

געזונטן. מאָרים סאַפּירסטאָון האָט פּלוצים אַרויסגענומען אַ פּיצעלע שאַכטעלע, אַראָפּגעשלונגען אַ פּיל.

— איר האָט געהאַט אַן אַטאַקע, האַ?

— צוויי.

— פֿאַר וועמען דאַרף איך אַ האָטעל? פֿאַר מײַן ווײַבס צווייטן מאַן?

מאָרים סאַפּירסטאָון האָט נישט געענטפֿערט.

— ווי אַזוי קאָן איך כאַפּן אַ בליק אויף דעם האָטעל?

— האָט ישראל דאַנציגער געפֿרעגט נאָך אַ ווײַל.

— קומט מיט מיר.

— איר האָט דאָ אַן אויטאָמאָביל?

— דער רויטער קאַדילאַק אַקעגנאיבער.

— אָוואַ, אַ היפּשער קאַדילאַק!

בײדע זײַנען אַרויס פֿון דער קאַפּעטעריע. ישראל דאַנציגער האָט געזען אַז יענער טראָגט אַ שטעקן. האָט אַוודאי וואַסער אין די פֿיס, האָט ישראל דאַנציגער געטראַכט. — אַ חולה מסוכן און יאָגט זיך נאָך האָטעלן. מאָרים סאַפּירסטאָון האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַם רעדל און געפּרוּווט אַרויספֿאָרן. ער האָט געטאָן דעם אויטאָמאָביל פֿון הינטן אַ קלאַפּ, אָבער ער האָט זיך אַפֿילו נישט אומגעקוקט. ער האָט באַלד גענומען טרײַבן דעם אויטאָמאָביל משונה־גיך. איין האַנט האָט ער מיט געניטשאַפּט געהאַלטן בײַם רעדל. מיט דער אַנדערער האָט ער אָנגעצונדן אַ צינד־מאַשינדל. ער האָט גערעדט מיט דעם שטומפּיקן רעדעכץ פֿון איינעם מיט אַ ציגאַר אין מויל.

— אַ קוק טאָן קאָסט נישט קײַן געלט.

— ניין.

— אַז מײַן ווײַב וועט דערהערן, וועט זיך טאָן חושך. באַלד פֿאַר׳מסר׳ט זי מיך פֿאַרן דאָקטאָר און בײדע צוזאַמען עסן מיך אויף אַ לעבעדיקן.

— מ׳האָט אײַך געהייסן רוען, האַ?

— און אַז מ׳האָט געהייסן? רוען מוז מען דאָ, אין קאָפּ, אָבער מײַן געדאַנק רוט נישט. כ׳וועק זיך איבער בײַנאַכט און טראַכט וועגן נעכטיקע טעג. אַז מ׳איז וואַך ווערט מען הונגעריק. מײַן ווײַב איז אַוועק צו אַ שלאָסער צי מ׳קאָן נישט אָנהענגען אַ שלאָס אויפֿן אייז־קאַסטן... די אַלע דיעטעס מאַכן מער קראַנק ווי געזונט. וואָס האָט מען געטאָן אַמאָל? אין מײַנע צײַטן זײַנען נישט געווען קיין דיעטעס. מײַן זיידע עליו השלום פֿלעגט עסן פֿאַר אַ פֿאָרשפּײַז אַ גאַנצן טעלער ציבעלעס מיט שמאַלץ. דערנאָך איז ערשט געקומען די פֿעטע יויך מיט די אויגן. שפּעטער האָט מען דערלאַנגט פֿעט פֿלייש און צום סוף האָט מען ערשט פֿאַרביסן מיט שמאַלץ־קוכן אָדער ווייסעך וואָס. ווו איז דעמאָלט געווען דער כאָלעסטעראָל? מײַן זיידע האָט אַרײַנגעלעבט ביז זיבן און אַכציק יאָר. געשטאָרבן איז ער ווײַל ער איז געפֿאַלן ווינטער אויפֿן גליטש. איך זאָג אײַך אַז מ׳וועט נאָך אַמאָל געפֿינען אַז כאָלעסטעראָל איז גוט פֿאַרן געזונט. מ׳וועט אײַננעמען פּילן פֿון כאָלעסטעראָל ווי מ׳נעמט הײַנט אײַן וויטאַמינען.

— פֿון אײַער מויל אין גאָטס אויערן!..

— אַ מענטש איז ווי אַ חנוכה־דריידל. מ׳דרייט אים אָן און ער דרייט זיך אַ צײַט, דערנאָך פֿאַלט עס אום.

— אויף אַ גלאַטן טיש דרייט זיך אַ חנוכה־דריידל לענגער.

— ס׳זײַנען נישטאָ קיין גלאַטע טישן...

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— אָט דאָס איז דער האָטעל.

ישראל דאַנציגער האָט געטאָן איין קוק און ער האָט אַלץ געזען. אויב ס׳איז אמת אַז מ׳דאַרף בלויז אַ פֿערטל מיליאָן דאָלאַר, איז דאָס אַ ווילדע מציאה. אַלײן איז דאָ נײַ. דאָס בויען אַזאַ געביידע האָט געמוזט אָפּקאָסטן אַן אוצר. צוואָר, ס׳איז אַביסל צו ווײַט אָפּ־טאַון, אָבער דער גאַנצער צענטער טראָגט זיך אַריבער אַהער. פֿריער זײַנען די גויים אַנטלאָפֿן פֿון די ייִדן. איצט אַנטלויפֿן די ייִדן פֿון די ייִדן... אָט איז אַ יאַטקע מיט בשר כשר... ישראל דאַנציגער האָט אַ רײַב געטאָן דעם שטערן. הייסט עס, ער וואָלט געדאַרפֿט אַרײַנלייגן אויף זײַן חלק הונדערט און פֿופֿציק טויזנט דאָלאַר. ער וואָלט געקאָנט באָרגן אין דער באַנק און געבן די אַקציעס פֿאַר אַ פֿאַרזיכערונג. ער וואָלט אַפֿילו געקאָנט צונויפֿקראַצן די מזומנים אָן אַ הלוואה. נו, אָבער מעג ער זיך אַרײַנלאָזן אין אַזוינע קאָפּ־דרייעונישן? דאָס איז זעלבסטמאָרד. ריינער זעלבסטמאָרד. נו, און וואָס וועט זאָגן הילדע? וואָס וועט זאָגן דאָקטאָר קאָהן? זיי וועלן אים אַלע באַפֿאַלן ווי דעם לעצטן: דאָס ווײַב, די זין, די טעכטער, די איידעמס... דאָס אַליין קאָן דערפֿירן צו אַ צווייטער אַטאַקע... ישראל דאַנציגער האָט צוגעשלאָסן די וויעס, געבליבן אַ ווײַל אײַנגעהילט אין דער אייגענער פֿינצטערניש. ער האָט זיך געפּרוּווט מעשה טרעפֿער אַרײַנקוקן אין דער צוקונפֿט און זען וואָס פֿאַר אַ גורל ס׳איז פֿאַר אים צוגעגרייט. ישראל דאַנציגערס מוח איז געוואָרן אַ ווײַל ליידיק, טונקל און מיט דער באַנומענקייט פֿון פֿאַרן שלאָף. ער האָט אַפֿילו אָנגעהויבן שנאָרכן. אַלע זײַנע ענינים, דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט אין דער מינוט געהאַנגען אויף דער וואָגשאָל. ער האָט ווי געוואַרט אויף אַ באַפֿעל פֿון אינעווייניק, אַ קול פֿון דער אייגענער טיפֿעניש. אײדער אַזאַ לעבן איז בעסער דער טויט! — האָט ער אַ מורמל געטאָן. ער האָט געהערט ווי מאָרים סאַפּירסטאָון פֿרעגט:

— וואָס איז מיט אײַך, מיסטער דאַנציגער, איר זענט אײַנגעשלאָפֿן?

— האַ? ניין.

— קומט, לאָמיר טאָן אַ קוק וואָס ס׳טוט זיך דאָרט...

און בײדע מענטשעלעך האָבן זיך געלאָזט אַרויפֿגיין מיט די טרעפּ צו דעם פֿערצן־שטאָקיקן האָטעל...



**יצחק פאנער** / בת־ים—ישראל

# רעשטלעך

## 1. אַ שאָד...

דער אויטאָבוס איז פול מיט פּאַסאַזשירן. נישט נאָר צו זיצן, נאָר אפילו צו שטיין איז פאַר די נײַ־אײַנשטײַגנדיקע נישטאָ קיין פּלאַץ. מ׳שטייט צונויפגעפּרעסט ווי די הערינג. די לעדערנע הענטלעך זײַנען אַלע באַזעצט מיט הענט. האַלט מען זיך אָן אין די אײַזן־שטאַנגען, אין די קאַנטן פון די בענק און וווּ נאָר ס׳לאָזט זיך. בײַ יעדער תחנה שטײַגן אויס צוויי־דרײַ, און אײַנשטײַגן שטײַגן אײַן — אָן אַ שיעור.

פּלוצלעם גיט זיך דער אויטאָבוס אַן אומגעריכטן פאַרקירעווע אין אַ זײַט, אַפּנים כדי אויסצומײַדן אַ סכנה פון אַ צוזאַמענשטויס. דאָס פּלוצלעמדיקע ברעמזען איז גורם אַ צוריקשטויס פון אויטאָ. די פּאַסאַזשירן גיבן זיך אַ וואַקל. אַ סך פאַלן.

אַ מיידל ווערט אין מיטן פאַלן פון עמעצן אויפגעכאַפּט. זי דערפילט זיך אַרומגענומען פון צוויי קרעפטיקע מענער־אָרעמס.

זי דרייט אויס דעם קאָפּ און זעט זיך — אין די אָרעמס פון אַ יונגן בחור. בלויז איין האַלבע רגע. דאַן געווינט זי ווידער איר גלײַכגעוויכט און מיט אַ פאַרלעגנעם שמייכל און פאַררויטלטן פּנים דאַנקט זי דעם בחור פאַר דער „רעטונג”. ביידע לאַכן. עס אַנטשטייט אַ שמועס וועגן דער ענגשאַפט אין די אויטאָבוסן. און נאָך איידער דער שמועס אַנטוויקלט זיך, בלײַבט דער אויטאָבוס שטיין און דאָס מיידל מאַכט אַ באַוועגונג צו דער אויסגאַנג־טיר.

— איר שטײַגט שוין אויס? — פרעגט דער בחור.

— יאָ — ענטפערט דאָס מיידל.

— אַ שאָד — דערגייט צום מיידל אויערן דאָס שעפּטשענדיק קול פון בחור.

זיי האָבן זיך מער נישט באַגעגנט. ס׳זײַנען אַוועק יאָרן. זי איז שוין אַ מאַמע פון קינדער. פאַרטאָן איןווירטשאַפט. אין דערציִען קינדער. האָט נחת, דאגות, פרייד, צרות. נאָר יעדעס מאָל ווען זי פאָרט אין אַ פולגעפּאַקטן אויטאָבוס, דאַכט זיך איר אַז זי הערט ווידער יענעם שטילן פאַרשיכורנדיקן קלאַנג: „אַ שאָד”.

און אַ זיסער שווידער גייט אַדורך איר לײַב.

## 2. בבקשה...

אין אַ געפּאַקטן אויטאָבוס שטייט אַ מאַן מיט אַ גראָען קאָפּ. בעת דער אויטאָ באַוועגט זיך, באַמערקט מען נישט אַז זײַנע הענט ציטערן און אַז ער שאָקלט כסדר מיטן קאָפּ. כסדר אויף „ניין”. נאָר אין זיך, אין זײַנע בלוטן, פילט זיך דער מאַן נישט אַלט, ער פילט אַז ס׳איז בײַ אים נאָך נישט אינגאַנצן „ניין”. אַז דאָס ציטערן זײַנס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די יאָרן. דער ווײַסער קאָפּ? דאָס איז בלויז אַ פריצײַטיק אויסגעפאַלענער שניי. ער פילט, אַז אונטער דעם ווײַסן דעק זײַנען נאָך פאַראַן גענוג גרינע שפּראָצונגען...

אַנטקעגן אים זיצט אַ יונגע שיינע פרוי. אין די דרײַסיקער.

דער מאַן פאַרגעסט זײַן אויסערלעכע מאַסקע און נעמט „פּיקסירן” די שיינע יונגע פרוי. זוכט זיך צו באַגעגענען מיט אירע בליקן. און אַז דאָס געלינגט אים, דרייט די פרוי אַוועק דעם קאָפּ. דער מאַן נעמט אָבער פון איר נישט אַראָפּ זײַנע בליקן. די פרוי דרייט זיך ווידער אויס מיטן פּנים צום מאַן. זייערע בליקן באַגעגענען זיך צום צווייטן מאָל. די פרוי הויבט אָן ווערן אומרויִק. פּלוצלינג

הויבט זי זיך ספּאָנטאַן אויף און אָנווײַזנדיק דעם מאַן אויף איר פּלאַץ, זאָגט זי:

— בבקשה...

## 3. מיר פאָרן די זעלבע ליניע

בײַ יעדער תּחנה בלײַבט דער אויטאָבוס שטיין. מענטשן שטײַגן אײַן און שטײַגן אויס. און מען פאָרט ווײַטער, ביז צו דער קומענדיקער סטאַציע. דער אויטאָבוס איז פול מיט פאָרנדיקע. טייל פאָרן זיצנדיק, טייל שטייענדיק, נאָר אַלע, סײַ די וואָס האָבן פאַרכאַפּט פּלעצער, סײַ די וואָס שטייען אויף די פיס, פאָרן דעם זעלבן וועג, די זעלבע ליניע. איינער צו אַ נאָנטערער, אַ צווייטער — צו אַ ווײַטערדיקער סטאַציע.

דער אויטאָבוס יאָגט זיך, צוריקלאָזנדיק הינטער זיך הײַזער, גאַסן, מענטשן, פּאַרקן און גערטנער. אַ שאָד וואָס ער יאָגט זיך אַזוי. אַ שאָד. אַזויפיל שיינע זאַכן וואָס טויכן אויף, פאַרשווינדן נאָך איידער דאָס אויג האָט צײַט געהאַט זיי רעכט צו באַטראַכטן, זיך אָנצוזעטיקן מיט אַ שיינעם גאָרטן, אַ שיינעם בנין, אַ שטיל־באַגרינטן פּלאַץ.

אָ, ווען ער וואָלט זיך נאָר נישט אַזוי געיאָגט מיט אונדז. פאַראַן אַזויפיל שיינעס און וווּנדערלעכס אונטערוועגס. ווען ער וואָלט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אַביסל. אָבער ער רעכנט זיך נישט מיט אונדזער נײַגעריקייט, אונדזער דורשט.

און די מענטשן אַליין, אונדזערע מיטפאָרער—פאַרוואָס בײַטן זיי זיך כּסדר? פאַרוואָס בלײַבן זיי נישט מיט אונדז אַביסל לענגער, אַז מיר זאָלן זיך מיט זיי באַקענען, ווערן נאָנט מיט זיי. פאַרוואָס בלײַבן זיי אונדז פרעמד?

אָט למשל: אַנטקעגן מיר זיצט אַ יונגע פרוי. אירע זײַדענע קאַשטאַניען־האָר צעשיטן זיך איבער איר ווײַסן לויכטנדיקן שטערן. אַ שמייכל, האַלב שפּאָטיש־שטיפעריש, האַלב ווײַבלעך זינעריש, שײַנט אויף אויף אירע פולע וואַרעמע ליפּן — דערפילנדיק אויף זיך באַוווּנדערנדיקע מענער־בליקן. איין רגע בלויז אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין אַן אַנדער ריכטונג, — און אויפן אָרט פון דער יונגער פרוי זיצט שוין אַ צווייטע: אַ זקנה מיט אַ דורכגעאַקערטן פּנים און אויסגעלאָשענע אויגן. ווען איז יענע מיטן כּישוף־שמייכל פאַרשוווּנדן? וווּהין איז זי אַוועק? און פאַרוואָס איז זי אַוועק?

דער אויטאָבוס יאָגט. מענטשן שטײַגן אײַן און שטײַגן אויס. און אויך מײַן סטאַציע איז נישט מער ווײַט...

## 4. אַלטע ביימער

אין דער גרויסער שטאָט זעט מען נישט אַז יונגע גאָרטן־ביימער זאָלן וואַקסן סתּם אַזוי אין דער וועלט אַרײַן, אָן אַ פּלאַן, אָן אַ מאָס און פאָרם. דאָס קאָן נאָך הײַנט געמאָלט זײַן ערגעץ אין אַ ווײַטן אָפּגעשטאַנען שטעטל. אין דער גרויסער שטאָט זײַנען פאַראַן ביימער־קאָסמעטיקער. פון אַזעלכע „פאַרשענערונג־סאַלאָנען" קומט אַ ביימל אַרויס אַן אַרומגעשוירנס, מיט אַן אָנדאָלירט קעפּל, לויט דער לעצטער גאָרטן־מאָדע.

די ביימער־קאָסמעטיקער זאָרגן פאַר דער „שלאַנקער־ליניע" פון זייערע „קליענטן". ווי נאָר אַ ביימל צעצווײַגט זיך אַביסל אין דער ברייט און (מער ווי מ׳דאַרף) אין דער הויך, קומען זיי צוגיין מיט זייערע גרויסע מעסערס און שערן און שנײַדן אַוועק דאָס, וואָס איז איבעריק. פעטלײַביקייט איז אַלטפרענקיש. מיאוס. גרויס־שטאָטישע גאָרטן־ביימער דאַרפן וואַקסן לויט זייערע דערציערס פאָרשריפטן.

און אַנטקעגנאיבער אַזאַ מאָדערנעם גאָרטן, אויפן ברייטן טראָטואַר פון שאָסיי, שטייען — איינער נאָכן אַנדערן — דרײַ ביימער. זייער טונקל־גראָע קאָרע איז געקנייטשט און געקאַרבט פון אַלטקייט. זייערע ברייטע רוקנס זײַנען דרײַ־און פיר־פאַכיק געשפּאָלטן, געקרומט און געבויגן. די דרײַ ביימער שטייען אין מיטן דעם ברייטן טראָטואַר פון דער רוישנדיקער טומלענדיקער גרויס־שטאָט גאַס. מען האָט פאַר זיי איבערגעלאָזט אַזוי פיל ערד, וויפל זייערע ברייטע רונדע שטאַמען פאַרנעמען, ד. ה. קוים דאָס לעבן צו דערהאַלטן. זעען אויס די אין מיטן פון ברייטן ברוק צוריקגעלאָזענע ערד־קרייזן — ווי שטײַגן, און די אַלטע ביימער — ווי געפאַנגענע ריזן, וואָס זײַנען אַהער געבראַכט געוואָרן פון ווײַטע לענדער און זײַנען דאָ פאַרשפּאַרט געוואָרן.

אין דער אמתן אָבער זײַנען די אַלטע ביימער נישט געקומען צו דער שטאָט, נאָר די שטאָט צו זיי. אַמאָל מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז דאָ געווען זייער היים, געווען אַ ווילדע ווײַטע פלאַך, אַ פרײַע און אַן אייגענע — פאַר ווילד־פלאַנץ און ווילד־גראָז, פאַר ווילד־בוים און ווילד־בלום, פאַר שלאַנג און יאַשטשערקע, פאַר פויגל און שאַקאַל.

האָט שטאָט דרעקלערט קריג דעם ווילדן סטעפּ, אים איבערפאַלן פון אַלע זײַטן, פאַרטריבן זײַנע באַוווינער, פאַרניכטעט זײַנע געוויקסן, נאָר זיי, די דרײַ ביימער, האָט מען געשענקט דאָס לעבן. געלאָזט זיי ווי אַ זכר, ווי אַ מאָנומענט פון שטאָטס נצחון. זיי גענומען לעבעדיק אין געפאַנגענשאַפט...

קוקן די יונגע אויסגעפּוצטע גאָרטן־ביימער מיט די שלאַנקע פיגורן און אָנדאָלירטע קעפּלעך, אויף די דרײַ אַלטע ביימער ווי אויף אויסטערלישע באַשעפענישן. גאַפן און חוזקן פון זייער ווילדקייט, אומגעלומפּערטקייט.

און די דרײַ געפאַנגענע ריזן, וואָס האָבן אין משך פון זייער לאַנגן לעבן אויסגעהאַלטן דונערן און בליצן, זיך אַנטקעגנגעשטעלט שטורעמס און הוראַקאַנען, — בייגן איצט טיפער צו דער ערד זייערע קרוינען־קעפּ, ווי אַ צייכן פון קאַפּיטולאַציע...



יעקב עפּלבוים / מאָנטעווידעאָ — אורוגווײַ

# דאָס געפיל פון טראַגיק אין יידישן וועלט־באַנעם

## די ייִדישע וועלט-אויפפאַסונג אין ביבלישן פעריאָד *)

ס'איז אַן אַלגעמיין אָנגענומענע מיינונג אַז די וועלט־אויפפאַסונג פון די אַמאָליקע ייִדן, איבערהויפּט אין תנכישן פעריאָד פון זייער עקסיסטענץ, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר צוגעבונדנקייט צו די ערדישע גיטער, באַגלייט מיט דער געהעריקער אָפּשאַצונג פון לעבן און, צום סוף, מיט במילא אַ שוואַכן אינטערעס צו דעם וואָס ס'געפינט זיך אויף יענער זײַט פון די ערדישע טעג און נעכט.

דער לעבנס־אידעאַל, אַזוי ווי ער ווערט געשילדערט אין תנ"ך, איז קודם כל אַ גליקלעך לעבן אויף דער וועלט, אויף דער ערד, וואָס איז געגעבן געוואָרן דעם מענטשן און ווי אַן אויסבליק אין צוקונפט פון דעם אידעאַל ווערט פאָרגעשטעלט אַ המשך פון דעם ערדישן לעבן אין די צוקופנטיקע דורות.

די הויפּט־אַטריבוטן פון דעם ערדישן גליקלעכן לעבן איז קודם כל אַ גליקלעכע פאַמיליען־צושטאַנד באַגלייט פון אַ געצוימטן געניס; פון די לעבנס־גיטער און דערצו אַ זיכערקייט אויף צו קענען ממשיך זײַן דעם גליק אין דער צוקונפט.

זײַן העכסטן אויסדרוק האָט דער אידעאַל געפונען אין די ווערטער וועלכע ווערן ציטירט אין „מלכים א." און וועלכע ווערן בײַ אונדז פאררעכנט ווי קלאַסישע:

„און יהודה און ישראל זײַנען געזעסן אין זיכערקייט איטלעכער אונטער זײַן ווײַנשטאָק און אונטער זײַן פײַגנבוים". (ה'־ה.) דער צושטאַנד פון זיכערקייט און גליק זײַנען באַטראַכט געוואָרן אין קאַטעגאָריעס פון ערדישן דאָזײַן, אָן אַ באַזונדער שטאַרקן אינטערעס צו יענער וועלט.

נאָך אַ לאַנגער צייט פאר דעם ווי ס'זײַנען בײַ אונדז דערשינען אַזעלכע קלאַסישע ווערק ווי דאָס געפיל פון לעבנס אַנגסט האָט געפונען זײַן העכסטן אויסדרוק — אַזעלכע ווי דער ספר איוב — האָבן זיך פון צײַט צו צײַט דורכגעריסן אַליאַרם־אויסרופן איבער דעם גורל פון דעם מענטשן אין דער וועלט.

ס'איז דערבײַ גענוג צו דערמאָנען אַז שוין איינער פון די ערשטע ביבלישע מיטאָסן האָט אָנגעזאָגט דעם מענטשן אַז „מיטן שוויס פון זײַן פּנים" וועט ער עסן ברויט ביז ער וועט זיך אומקערן צו דער ערד פון וועלכער ער איז גענומען געוואָרן, וואָרום „שטויב איז דער מענטש און צו שטויב וועט ער זיך אומקערן". (בראשית ג־יט).

שוין דעמאָלט ווען ס'איז אַזוי פײַערלעך פּראָקלאַמירט געוואָרן דער ריטמישער גאַנג פון לעבן און נאַטור, ווען ס'איז אָנגעזאָגט געוואָרן אַז ס'וועלן אָנקומען אין זייער געהעריקער רײַ זייאונג און שניט, קעלט און היץ, זומער און ווינטער, טאָג און נאַכט (בראשית ח־כב) — שוין דעמאָלט האָבן זיך אין דעם ריטמישן גאַנג פון וועלט און לעבן אַרײַנגעריסן נישט ווייניק טענות צום גורל; שוין דעמאָלט זײַנען געשטעלט געוואָרן נישט ווייניק שאלות איבערן זין פון לעבן, איבער דער באַדײַטונג פון יסורים און טויט. שוין בײַם סאַמע אָנהויב פון דער ייִדישער געשיכטע, ווען דער מיטאָס איז צענויפגעמישט מיט דער כראָניק, האָט שוין רבקה, אַ באַאומרואיקטע פון די ווייטיקן, וואָס האָבן זיך געלאָזט פילן אין איר אינגעווייד און בײַם פאָראויסזען נאָך גרעסערע יסורים אין עתיד, אַ באַזאָרגטע איבערן גורל פון די קינדער האָט זי אויסגערופן: אויב אַזוי נאָך וואָס דען לעב איך (בראשית תולדות כ'ב) און אפילו שפּעטער, שוין אין די היסטאָרישע צײַטן, ווען דאָס ייִדישע פאָלק איז שוין געזעסן אויף דעם

*) פראַגמענט פון אַ גרעסערער עסיי.

אייגענעם באַדן, האָבן נישט געפעלט קיין ספּאָראַדישע אויסרופן איבער דער טראַגיק פון דער מענטשלעכער עקסיסטענץ אין דער וועלט, אויסרופן וואָס וואָלטן זיך זייער גוט געפּאַסט פאַר אַ שאָפּענהויער אָדער לעאָנאַרדי. אויך דעמאָלט, אַזוי ווי הײַנט צו טאָג, זײַנען עס געווען ספּאָנטאַנע אויסגעשרייען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די טיפענישן פון מענטשלעכן האַרצן און געצילט צו אונטערשטרײַכן די אומזיכערקייט פון דער עקסיסטענץ, די צופעליקייט פון אַלץ וואָס געשעט אין לעבן. דאָס איינציקע זיכערע וואָס ס'דערוואַרט דעם מענטשן איז דער טויט. שוין דעמאָלט האָבן פיל פאַרשטאַנען, אַז אין אָנבליק פון דעם איינציקן אומפאַרמיידלעכן, האָבן בכלל קיין שום ווערדע נישט אַלע אונדזערע אויפטואונגען, — ווי דאָס האָט פּרעציז און לאַפּידאַריש אויסגעדריקט דער כראָניקער פון דער ביבלישער תקופה דורך די ריד פון אַ געוויסער פרוי, אַן אלמנה, וועלכע איז געקומען צום קעניג דוד מיט אַ בקשה, „וואָרום שטאַרבן מוזן מיר שטאַרבן און אונדזער לעבן איז געגליכן צו וואַסער וואָס ווערט אויסגעגאָסן אויף דער ערד און קען נישט אויפגעזאַמלט ווערן". (שמואל ב — יד).

אמת, אין פאַל פון אַזעלכע אויסרופן ווי דער נאָר וואָס ציטירטער, האַנדלט זיך נישט וועגן אַלגעמיינעם לעבנס־באַנעם. זיכער פון אַלץ זײַנען עס געווען ספּאָראַדישע טענות פון יחיד, וואָס פילט זיך באַדראָעט אין זײַן עקסיסטענץ און דערשלאָגן פון די לעבנס־סתירות. אין די שפּעטערדיקע צײַטן וועלן אַזעלכע געפילן געפינען זייער סיסטעמאַטישן אויסדרוק אין אַ גאַנצער רײַ ווערק דורכגעזאַפּטע מיט אַ טראַגישן געפיל פון לעבנס־אַנגסט.

נישט איינמאָל וועט דער מענטש, דער יחיד, וועלן דערגיין וואָס ס'וואַרט אויף אים נאָכדעם ווי ער וועט דורכמאַכן דעם קורצן שפּאַן, וואָס אים איז באַשערט דורכגיין פון וויג ביזן גרוב. אַ צעווייטיקטער וועט ער דאַן אויסרופן: „לאָז מיך וויסן גאָט, מײַן סוף און די מאָס פון מײַנע טעג, וואָס זי איז; לאָמיך וויסן ווי פאַרגיי איך. איך בין, זע, ווי אַ שפּאַן האָסטו געמאַכט מײַנע טעג, און מײַן געדויער איז ווי גאָרנישט קעגן דעם. פאַרוואָר, אַ בלויזער הויך וואָס באַשטייט איז איטלעכער מענטש". (תהילים לט — ה. ו.)

מיט אַנדערע ווערטער, און אין אַ מער פּעסימיסטישן טאָן וועט די זעלבע געפילן אויסדריקן דער מחבר פון אַן אַפּאָקריפישן ווערק, וואָס איז דערשינען אין ערשטן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער צײַטרעכענונג: „עס וואָלט בעסער געווען מיר זאָלן אינגאַנצן נישט געבוירן ווערן און זאָלן נישט דאַרפן דורכגיין אונדזער לעבן אין זינד און נישט וויסן פאַרוואָס און פאַר ווען". (דאָס פערטע בוך עזרא).

חוץ די אײַנצעלנע אויסדרוקן פון לעבנס־אַנגסט ווי די נאָר וואָס ציטירטע, האָבן מיר גאַנצע סיסטעמאַטישע חבורים וווּ דאָס געפיל פון לעבנס־אַנגסט האָבן געפונען זייער קלאַסישן אויסדרוק. דאָס זײַנען „איוב", „קהלת" און דאָס באַרימטע ספר פון ר. פנינו בדרשי, „בחינת עולם".

עפּעס איבערגעוויינלעכעס איז פאַראַן אין ספר איוב אויב ער קען נאָך ביז הײַנט צו טאָג אַזוי צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון פאָרשער. אומצאָליקע קאָמענטאַרן זײַנען געמאַכט געוואָרן און ווערן נאָך געמאַכט איבער דעם פאַרהעלטנישמעסיק נישט קיין גרויסן ספר וואָס איז אַזוי אָנגעזאַפּט מיט אינהאַלט. נאָך מיט אַ קורצער צײַט צוריק האָט אַ. שפּענגלער זיך אויסגעדריקט אַז „איוב" איז איינע פון די גוואַלדיקסטע שאַפונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור.

ס'קען זײַן אַז דער ספר ציט די אויפמערקזאַמקייט פון אַלעמען דערפאַר, ווײַל די פראַגע פון לײַדן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען זײַנען דאָרט אַוועקגעשטעלט געוואָרן שאַרפער ווי ווו עס איז אַנדערש. ווײַל וואָס נאָך קען אַרויסגעזאָגט ווערן אין אַ מענטשלעכער שפּראַך איבער די לײַדן פון מענטשן און, במילא, איבער די געפילן פון לעבנס־אַנגסט ווי דאָס וואָס ס'איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דורך איובן.

ערשטנס, די קאַרדינאַלע פראַגע צי די לײַדן קענען שטײַגן אָן אַ גרענעץ, צי נישט? ווער איז גערעכט: צי טאָלסטאָי וואָס האָט זיך בײַ אַ געלעגנהייט אויסגעדריקט אַז די ווייטיקן אַנולירן זיך אַליין בײַם דערגרייכן די העכסטע מדרגה פון אינטענסיוויטעט, אָדער ס'איז גערעכט שעקספּיר, וועלכער מאַכט אויסרופן זײַן קעניג ליר, אַז ס'איז נישטאָ קיין גרענעץ צו די לײַדן פון מענטשן? אָן ספק אַז קיין אייביקער פיזישן ווייטיק קען נישט עקסיסטירן ווײַל מיטן אומגעהויערן שטײַגן פון זײַן אינטענסיוויטעט מוז דאָך דער מענטש פאַרלירן דאָס באַוווּסטזײַן און מוז, במילא אויפהערן צו לײַדן, אין באַצוג אָבער צו מאָראַלישע לײַדן איז דער אויסרוף פון קעניג ליר אויפן פּלאַץ, ווײַל זיי קענען שטײַגן ביז אַן אויסערגעוויינלעך הויכע מדרגה און קענען דויערן אָן אַ שיעור מער ווי די פיזישע לײַדן. חרטה, שולד־געפיל, בזיון קענען דויערן לאַנג און שאַרף, חוץ דעם איז דער זכרון בײַ אונדז אַזוי אײַנגעאָרדנט אַז ער פאַרגעסט זייער שנעל די פיזישע ווייטיקן וואָס מיר לעבן איבער. אַ שטאַרקער ציין ווייטיק קען האַלטן דעם מענטשן אין שפּאַנונג, קען פאַרטעמפּן אַלע זײַנע חושים און מאַכן אים גענצלעך אומפּייאיק צו קאָנצענטרירן זיך אויף וואָסער עס איז קעגנשטאַנד. אָבער פון דעם מאָמענט אָן וואָס דער ווייטיק פאַרשווינדט, הערט ער אויף צו עקסיסטירן אין זכרון און דער לײַדנדער באַקומט אויף דאָס נײַ זײַן גלײַכגעוויכט. דאַקעגן אַ מאָראַלישער ווייטיק שאַפט באַזונדערע אַסאָציאַציעס און איז זייער און זייער דויערהאַפטיק.

ס'איז פאַראַן נאָך אַ פאַקטאָר וואָס ביַי איובן לאָזט ער זיך פילן מער ווי וואָסער עס איז אַנדער סיבה און דאָס איז דער מאָמענט פון זינלאָזיקייט. איובס ליַידן שטיַיגן ביז דער אומגעהויערקייט וויַיל פון אונדזער מענטשלעכן שטאַנדפּונקט האָבן זיי קיין זין נישט. זיי קענען נישט דערקלערט ווערן דורך אונדזער עמפּירישער ווירקלעכקיַיט און דעריבער טאַקע האָט דער מחבר פון ספר איוב אַריבערגעטראָגן דעם פּראָלאָג פון איובס טראַגעדיע אין אַן אַנדער, טראַנסצעדענטאַלער וועלט. און ער האָט עס זייער ריכטיק אויפגעפּאַסט: פון אונדזער מענטשלעכן שטנדפּונקט בליַיבט יעדע גרויסע טראַגעדיע אומפאַרענטפערט און איז אין תוך גענומען אומפאַרשטענדלעך. די גריכן האָבן עס אויף זייער שטייגער זייער ריכטיק אָפּגעשאַצט און האָבן אַריַינגעבראַכט דעם דעאוס עקס מאַקינאַ*) כדי צו באַפריַיען זיך פון די אומגעהויערע סתירות וואָס די טראַגעדיע ברענגט אַריין.

איובס טראַגעדיע הייבט זיך אָן נישט דעמאָלט ווען ער פאַרלירט זיַין פאַרמעגן און זיַינע קינדער און אפילו נישט דעמאָלט ווען ער אַליין ווערט קרעציק און פאַריאָגט פון זיַינע נאָענטע. זיַין טראַגעדיע הייבט זיך אָן ווען ער דערפילט די זינלאָזיקייט פון זיַינע ליַידן, ווען ער געפינט נישט דאָס געהעריקע וואָרט אויף קענען מיט דעם לינדערן זיַין געפיל פון זינלאָזיקייט. זיַינע ווייטיקן וואָלטן אפשר יאָ געלינדערט געוואָרן ווען דאָס געהעריקע וואָרט וואָלט אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער געהעריקער ציַיט, אָבער דער גורל וויל אים אַפילו די טובה אויך נישט טאָן!

די דריַי פריַינט וועלכע קומען אים „טרייסטן", ריידן מער צו זיך ווי צו אים און חוץ דעם ריידן זיי אין אַ באַנאַלן טאָן, באַנוצנדיק אַלגעמיינע סטערעאָטיפּע אויסדרוקן. איוב פילט עס זייער ריכטיק און ווייס אינסטינקטיוו אַזוי ווי ס'קען וויסן אויך אין אונדזערע ציַיטן יעדער איינער וואָס פילט זיך געטראָפן מיט די „פיַילן פון גאָט", ווען מען קומט אים טרייסטן; ער ווייסט גאַנץ גוט אַז די טרייסט־ווערטער פון די פריַינד ווערן אָמערסטן אַרויסגעזאָגט כדי צו באַרואיקן דעם אייגענעם געמיט. דאָס האָבן די גרויסע קינסטלער שוין לאַנג פאַרשטאַנען, איבערהויפּט ביַים שילדערן דאָס שטאַרבן פון אַ מענטשן און זיַינע באַציאונגען צו די נאָענטע זיַינע. דאָס האָט, צ. ב. טאָלסטאָי געניאַל פאָרגעשטעלט אין זיַין „מלחמה און שלום" אין אַ בילד ווו ער שילדערט דעם געמיט צושטאַנד פון פירשט אַנדריי ווען ער האַלט ביַים שטאַרבן.

איוב ענטפערט מיט די זעלבע ווערטער מיט וועלכע יעדער איינער פון אונדז וואָלט זיך אויסגעדריקט ביַי אַזעלכע געלעגנהייטן ווי איובס אין פאַל ווען אויפריכטיקייט וואָלט געהערשט אין די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש. איוב שריַיט אויס: ביז וואַנען וועט איר באַטריבן מיַין זעל און מיך צעדריקן מיט ווערטער, (איום יט־ב), אַפילו שפּעטער ווען איוב באַקומט דעם ענטפער פון גאָט אַליין, פילט ער זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקט. דער ענטפער זאָגט גאָרנישט וועגן דעם פאַרוואָס דער מענטש ליַידט, עס ווערט גערעדט אַ סך וועגן דער גרויסקייט פון אויסערלעכן קאָסמאָס וועגן דער פילגעשטאַלטיקיַיט פון גאָטס אויפטואונגען אָבער, די קאַרדינאַלע פראַגע בליַיבט אַפילו נישט אָנגערירט. איוב מוז מסכים זיַין וויַיל ער פילט זיך דערדריקט אין זיַין געמיט, אָבער די פראַגע פאַרוואָס ליַידט דער אומשולדיקער, בליַיבט הענגען אין דער לופטן.

פון איובס אַפּאַטישן, רעזיגנירטן ענטפער וואָס ער זאָגט אַרויס אין פּרק מ', פילט מען די אָנגעצויגנקייט, די נישט נאַטירלעכקייט פון זיַין ענטפער. און בכלל איז דער גאַנצער פינאַל פון ספר אַ צוגעטראַכטער, אַ געשאַפענער אין סטיל פון דער גריכישער טראַגעדיע מיט איר דעאוס עקס מאַקינאַ. ווי אַ קלאַסישער אויסדרוק פון די געפילן איז דעריבער געבליבן אויף אַלע דורות, איובס יאָמער אין די ערשטע קאַפּיטלען, ווען זיַין מוט און געפיל זיַינען נאָך נישט אָפּגעטעמפּט געוואָרן, ווען די „גוטע פריַינט" האָבן איך נאָך נישט באַאַרבעט אין אַ געוווגענדער מאָס.

„אַז איך לייג זיך — שריַיט אויס איוב — זאָג איך: ווען וועל איך אויפשטיין? און די נאַכט ציט זיך און איך ווער זאַט מיט וואַרפעניש ביז פרימאָרגן. מיר איז נמאס; איך וועל אייביק ניט לעבן, לאָז אָפּ פון מיר, וואָרום אַ הויך זיַינען מיַינע טעג, אַז איך זינדיק, וואָס טו איך דיר, היטער פון דעם מענטשן? פאַרוואָס האָסטו מיך געמאַכט פאַר דיַין צילברעט, אַז איך בין געוואָרן זיך אַליין צו לאַסט", (איוב — קאַפּ. ז' ד. טז, יז.)

אין אייניקע ערטער דערגרייכט זיַין יאָמער געשריי צו איבערמענטשלעכעס; וואָרום פאַר אַ בוים איז דאָ אַ האָפענונג, אַז ער ווערט אָפּגעשניטן באַניַיט ער זיך ווידער, און זיַין שפּראָץ הערט נישט אויף; אַז אַלט אין דער ערד ווערט זיַין וואָרצל, און אין שטויב שטאַרבט אָפּ זיַין שטאַם — פון ריח פון וואַסער בליט ער אויף און לאָזט ריטלעך אַרויס ווי אַ פלאַנצונג. אָבער אַ מאַן שטאַרבט און פאַלט אַוועק, און פאַרגאַנגען דער מענטש, און ווו איז ער? (איוב יד — ז. חט').

*) אַ גאָט (וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן) מיט דער הילף פון אַ מאַשין. אַן אויסדרוק וואָס באַציַיכנט די אינטערווענץ פון גיַיסטער אין אַ דראַמאַטישער פאָרשטעלונג ווי זיי לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער סצענע מיט דער הילף פון אַ מאַשין. עס מיינט אַן אומדערוואַרטעט גוטער סוף אין אַ טראַגישער סיטואַציע.



יעקב באַטאָשאַנסקי

# דער דריטער דור יידישע שרייבער אין אַרגענטינע

מיר מוזן ליידער אָנהויבן דעם איבערבליק וועגן דריטן דור יידישע שרייבער אין אַרגענטינע מיט דריי נפטרים דאָס זיינען: שמחה גראַניעוויטש, מ. ז. גאָלדשטיין און יעקב פלאַפאַן. זיי זיינען אַלע געווען דערציילער און גאַנץ צוזאָגנדיקע און זיי זיינען יונג אַוועק פון דער וועלט, צוויי פון זיי האָבן נישט געגרייכט ביז פערציק יאָר.

שמחה גראַניעוויטש איז אַהער געקומען פון פוילן אין יאָר 1928, אין עלטער פון 22 יאָר. שרייבן האָט ער אָנגעהויבן נאָך אין דער אַלטער היים, דרוקן זיך האָט ער אָנגעהויבן אין אַרגענטינע, אַ „חברים קאָמיטעט" האָט אים געהאָלפן אַרויסגעבן אַ באַנד דערציילונגען א"נ „רויטלעכע פאַרנאַכטן". אין דער אַלטער היים איז ער געווען אַ העברעאישער לערער און אין אַרגענטינע איז ער געוואָרן אַ יידישער לערער. געשריבן האָט ער יידיש אין גייסט פון ברענערן און פייערבערגן, אָבער די סביבה פון זיינע אויסגעוואָרצלטע אינטעליגענטן איז נישט געווען אין דער אַלטער היים, נאָר אין אַרגענטינע. עס איז נישט שווער צו דערקענען, אַז גראַניעוויטש אַליין איז געווען דער שטענדיקער העלד זיינער, וואָס האָט אַלצאיינס, ווי בערשאַדסקיס אַ באַוואוסטער העלד געלעבט אָן אַ פערזעלעכן און אָן אַ נאַציאָנאַלן אָדער סאָציאַלן ציל. זיין העלד געפינט גאָרנישט אין לעבן. די איינציקע טרייסט זיינע איז אַמאָל אַ קינד פון זיינעם אַ נייגעריקן תלמיד, אַ קינד, וואָס קוקט אויף אים פריינטלעך אין אַ רויטלעכן פאַרנאַכט. ש. גראַניעוויטש איז געווען אומרואיק, ער האָט זיך נישט געפונען דאָ הי, איז אַוועק קיין בראַזיל, וואו ער איז שוין געהאַט געווען איידער ער איז אַהער געקומען, דערנאָך איז ער אַוועק קיין ארץ ישראל און אין יאָר 1936 האָט ער פאַרלאָזט דאָס לעבן און מען מיינט, אַז ער האָט זיך אַליין געבראַכט דעם טויט.

מ. ז. גאָלדשטיין איז קיין אַרגענטינע געקומען אין יאָר 1923 אין עלטער פון 23 יאָר. ער האָט געשטאַמט פון דעם פוילישן שטעטל מעזריטש. אידעאָלאָגיש איז ער געווען געשטימט לינק, געשריבן האָט ער אינטעליגענטישע סקיצן, הגם וועגן אַרבעטער לעבן. עס איז געווען אין זיינע סקיצן אַ געוויסער פובליציסטישער טאָן און אַ דורכגעטראַכטקייט. עס האָט געפעלט דער זעקסטער חוש אַזוי צו זאָגן אין זיינע דערציילונגען. די אינטערעסאַנטסטע דערציילונג זיינע פון אַרגענטינישן לעבן הייסט „אָפּגעבראָכענע צווייגן". עס ווערט געשילדערט ווי אַן אימיגראַנט מיטן נאָמען לעאָן פאַרליבט זיך אין אַן ערשט אָנגעקומענער חברטע מיטן נאָמען בערטאַ. זי וואָלט געוואָלט, אַז ער זאָל זיך נאָכפרעגן ביי איר אויף די פריינט און חברים און אויף דעם גאַנצן לעבן אין דער אַלטער היים, ער אָבער האָט זי דערפילט ווי אַ פרוי, ער האָט אין איר דערזען אַ שיינעם זאַפטיקן עפל, וואָס הענגט נאָך אויפן בוים. זי וויל דערציילן און ער איז, ווי אַלע „גרינע" אין יענער צייט אַן אויסגעהונגערטער און דאָרשטיקער נאָך ליבע, באַשולדיקט זי אים אין נישט אויסגעהאַלטנקייט. די דאָזיקע דערציילונג איז אין דער רעאַליזירונג שוואַך, אָבער אין דער טעמע איז זי אפשר די כאַראַקטעריסטיקטע פאַר יענער עפּאָכע.

מ. ז. גאָלדשטיין האָט זיך אין אַרגענטינע נישט איינגעלעבט און ער איז אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד, זיך באַזעצט אין ביראָבידזשאַן און אין אַ צייט אַרום איז דערשינען זיינס אַ בוך „ביראָבידזשאַנער דערציילונגען", וואָס איז מסתמא דאָס בעסטע בוך, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אויף יידיש וועגן די ערשטע יאָרן אין דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט. מען האָט געזען, אַז אַ שרייבער, מער מיט אינטעליגענץ, ווי מיט טאַלאַנט, האָט געמאַכט אַן אָנשטרענגונג צו שאַפן אַ ווערק און עס איז אים אין אַ גרויסער מאָס געראָטן. אין יאָר 1939 איז מ. ז. גאָלדשטיין אַוועק אין מיליטער און אין 1942 איז ער שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. ער איז געווען דער איינציקער צווישן די דריי, וואָס האָט דערלעבט ביז 42 יאָר.

דער באַדייטנדיקסטער טאַלאַנט פון די דאָזיקע דריי איז בלי שום ספק געווען יעקב פלאַפאַן. ער איז אַהער

געקומען אין יאָר 1924 אין עלטער פון 27 יאָר. ער איז געווען געבוירן אין פּוילן, אָבער געלעבט האָט ער אין קאָוונע, און דאָרטן האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך איידער ער איז אַהער געקומען. זײַן תּיקון האָט ער אָנגעהויבן באַקומען אין אַרגענטינע, ווּ ער האָט געלעבט ביזן יאָר 1936. ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־קראַנקהײַט. ער איז אין אַרגענטינע געווען אַן אַרבעטער. ער האָט אין משך פון די צוועלף יאָר, וואָס ער האָט דאָ געלעבט, געאַרבעט אַלס פאַבריק־מאַכער. ער האָט געשריבן לידער און דערציי־לונגען. זײַן ריכטיקן תּיקון האָט אָנגעהויבן קריגן אין די דערציילונגען. אין די לידער האָט ער על פּי רוב אויסגע־דריקט פערזענלעכע פרייד. ער האָט געהערט צום עקסטרעם לינקן פליגל און ער איז געווען גרייט אָנצונעמען „סאָצ. באַשטעלונגען" און ווען זײַן ריכטונג האָט אויסגעדריקט אומצופרידנקייט מיט זײַנע לידער, וואָס האָבן טאַקע גע־האַט פרייד, ווי די אידעאָלאָגיע האָט פאַרלאַנגט, אָבער נישט קיין סאָציאַלע, נאָר אַ פערזענלעכע פרייד, האָט ער אויפגעהערט צו שרײַבן לידער.

אין זײַנע דערציילונגען איז פלאַפּאַן געווען שטאַרק באַאײַנפלוסט פון י. אָפּאַטאָשו און אין אַ געוויסער מאָס אויך פון מ. א. פוקס. ער האָט אָבער דאָך געהאַט אַן אייגן קול און אַן אייגענעם טאָן. ווי אָפּאַטאָשו האָט ער אַ נייג געטאָן צו דער אונטערוועלט און ווי פוקס זײַנען בײַ אים די בילדער געווען בלוטיק געדיכט. דער לייענער קריכט אַרײַן אין די דערציילונגען ווי אין אַ לאַבירינט פון וועלכן עס איז שווער אַרויסצוקריכן, אָבער ער דער־הערט דאָס געזאַנג פון דעם מענטשלעכן בלוט. ווען אַכמעד, דער גאַסן־קערער (אין דער דערציילונג פון זעל־ביקן נאָמען) שטעלט זיך פאַרטאָג אַ מידער און דער בעזים קלערט זיך מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ: „איך האָב דעם כּבוד צו רייניקן די גאַסן, אַ נו פּרובירט וועלט לייקענען", זעט ער פאַר די אויגן זײַן מיידל סאַריטאַ און דערפאַר דער־פילט ער דווקא „דעם פאַסקודנעם ריח פון דער גאַס" און ער גרייט זיך צו ווי אַזוי איר צו דערקלערן זיך אין ליבע און ער זעט ווי זי עפנט ברייט די טיר. „אין יענעם שמאָלן, רויטן קאַסטן, גאַנץ אונטן אין פאַרט". ער זאָגט גוטן אָוונט און זי גיט אים מאַטע צו טרינקען און זי „פאַרלייגט די הענט אויפן בוזעם און וואַרט מיט שטילער געטרײַשאַפט ביז ער וועט ענדיקן". דאָס גאַנצע בילדל ווערט צעשטערט דורך דעם, וואָס אַכמעד שפּאַרט זיך צו שטאַרק אָן אויף דעם בעזים און קערט זיך איבער.

אין דער סקיצע „שטאָטישע ברוק" שילדערט פלאַ־פּאַן אַ בחור, וואָס כאַפּט זיך אויף אין באַגינען אין אַ שטיבל פון אַ זונה און עס געשעט מיט אים אַ מאָדנע זאַך: ער שטעלט זיך אויף די קני פאַר דעם בעט פון דער מויד און רעדט אומפאַרשטענדלעכע רייד אַרײַן אין אָט דעם בעט און זאָגט, אַז ער האָט ליב „אָט דאָס קינדישע ליפּל מיט די ווײַסע ציינדלעך" און — „ער איז דאָס אַזוי פאַרנומען געווען אין זײַן שטילן ניגון פון זײַן מאָד־נעם בלוט, אַז ער האָט גאָרנישט געזען ווי זי האָט די אויגן געעפנט געוואָלט אַ שמייכל טאָן, האָט זי אָבער געזען אַ בלייך פּנים מיט צוויי גרויסע, בלויע פאַרכטע אויגן, וואָס האָבן שוין גאָרנישט אויף איר געקוקט, איז איר דער שמייכל אָפּגעשטאָרבן דאָרטן אויפן פּנים". און ווען זי האָט דערזען דעם מאָדנעם בחור שטיין ווײַטער פאַר איר בעט אויף די קני, האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און „זיך ביז אין די אויגן פאַררעקט". זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, זי האָט אָבער דערשפּירט מיט יענעם אי־בערגעבליבענעם מיידל־בלוט אַ טיפע חרפּה פאַר דעם קניענדיקן בחור".

יעקב פלאַפּאַן האָט דערשפּירט און דערהערט דאָס גע־זאַנג פון דעם מענטשלעכן בלוט אין סאַמע תּהום און ער איז דעם דאָזיקן געזאַנג נאָכגעגאַנגען. און ווען ער האָט זיך מיט אָט דעם געזאַנג שוין אָנגעזעטיקט און האָט געזוכט דעם מענטשנס געזאַנג בײַ דער אַרבעט און בײַם טראַכטן, איז ער אין די בערג פון קאָרדאָבע פלוצים אַוועק פון לעבן. געזאָגט האָט מען, אַז געשען איז דאָס, ווײַל ער איז געפאָרן אין די בערג היילן זײַנע לונגען און קראַנק איז ער געווען אויפן האַרצן...

מיר גייען איבער צו די לעבעדיקע. דער ערשטער פון דריטן דור איז מסתּמא געווען ח. וואָלף. ער הייסט פון געבוירן ישראל פרידמאַן. ער איז געקומען אַהער אין יאָר 1924 אין עלטער פון 20 יאָר. ער שטאַמט פון לאָמזשע. ער האָט געלערנט אין דער ישיבה פון חפץ חיים און דערנאָך איז ער געוואָרן אַ פרײַדענקער. ער האָט געהערט אין לאָמזשע צו אַ גרופּע יונגע שרײַבער, וואָס האָט זיך גערופן „טייפון". ער האָט דאָ אָנגעהויבן דרוקן לידער און ער האָט גיך אַרויסגעגעבן אַ ביכל מיטן נאָמען „בעטלער". די בעטלער זײַנען בײַ אים סימבאָליש. פאַראַן גראַנגל צווישן קאָפּ און בלוט אין אָט די לידער. דער קאָפּ אנערקענט די קאָמוניסטישע רעוואָלוציע און דאָס בלוט רעוואָלטירט, אַזוי ווי אין קראַנשטאַט. קיין שטאַרקן רושם האָבן וואָלפס אינטעליגענטיש אויסגעטראַכטע לידער נישט געמאַכט. מער אײַנדרוק האָבן שוין געמאַכט אייניקע פון זײַנע לידער, וואָס האָבן געשילדערט דאָס איינזאַמע לעבן פון די ייִדישע אימיגראַנטן אין אַרגענטינע.

עטלעכע יאָר דורכאַנאַנד האָט וואָלף זיך נישט באַוויזן מיט קיין איין וואָרט אין דער עפנטלעכקייט. גערעדט האָט מען אַז ער גרייט אַ גרויס ווערק. ער האָט אין משך פון קנאַפּע צען יאָר שטודירט פילאָזאָפיע און סאָציאָלאָגיע און אין יאָר 1936 איז אין ווילנער פאַרלאַג „בזשאזע" דערשינען זײַן ווערק „דער עטישער סאָציאַליזם", מיט אַ פאָרוואָרט פון י. נ. שטיינבערג און אַ נאָכוואָרט פון ש. ניגער. דאָס ווערק האָט עושה רושם געווען אין אינטע־ליגענטע און אַנאַרכיסטישע קרײַזן, קיין מאַסן באַוועגונג, ווי דער מחבר האָט דערוואַרט האָט דאָס נישט אַרויסגע־

רופֿן. מיט אַ יאָר שפּעטער איז דערשינען וואָלפּס אַ צווייט ווערק א״נ „די איבערגאַנג געזעלשאַפֿט", וואָס איז אייגנטלעך אַ המשך פֿון ערשטן ווערק. אין יאָר 1939 איז דערשינען אין ניו־יאָרק וואָלפּס מאָנאָגראַפֿיע „חפֿץ חיים", אין יאָר 1944 איז אין בוענאָס אײַרעסער פֿאַרלאַג פֿון דוויד לערמאַן וו—ס ווערק „מענטש און גאָט". אין 1946 איז דערשינען אין זעלביקן פֿאַרלאַג אַ נײַע באַאַרבעטונג פֿון דעם ערשטן ווערק וואָלפּס א״נ „ביאָלאָגישע אויפֿפֿאַסונג פֿון מענטש און געזעלשאַפֿט", וואָס באַרירט, ווי דער מחבר זאָגט אין זײַן הקדמה, „די פֿונדאַמענטאַלסטע פּראָבלעמען פֿון מענטשן אין זײַן לעבן". די אַלע ווערק זײַנען געשריבן מיט טעמפּעראַמענט און מיט וויסן און זײַנען אין בעסטן פֿאַל פֿײַנע צוגאַבן צו דער אַנאַרכיסטישער ליטעראַטור. זייט 1946 האָט זיך וואָלף מער נישט געלאָזט הערן מיט קיין איין ווערק.

סוף 1926, אָנהויב 1927 האָבן זיך באַוויזן דרײַ שרײַבער, וואָס זײַנען אַ לאַנגע צײַט געווען דער יסוד פֿון דריטן דור. דאָס זײַנען געווען שלמה סוסקאָוויטש, יוסף ראַבינאָוויטש און בערל גרינבערג. דער ערשטער האָט געשריבן הומאָרעסקן וועגן יִדישן לעבן אין אַ פֿאַרשטעטל פֿון בוענאָס אײַרעס און פֿיניע כּץ האָט אים באַלד געקרוינט אַלס „דעם אַרגענטינער שלום אַליכם". יוסף ראַבינאָוויטש האָט געשריבן לידער און דערציילונגען, ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך לידער. אָבער געבליבן איז ער בעיקר אַלס דערציילער. בערל גרינבערג האָט כּמעט קיינמאָל נישט געשריבן, חוץ איין אויסנאַם פֿאַל, קיין לידער. ער האָט געשריבן בלויז דערציילונגען.

מיט שלמה סוסקאָוויטש איז געשען אַ מאָדנע זאַך: נאָך עטלעכע יאָר שרײַבן הומאָרעסקן, האָט ער פּלוצעם אויפֿגעהערט זיך צו באַווײַזן אין די היגע אויסגאַבן און געזאָגט האָט מען, אַז ער שטודירט פֿילאָזאָפֿיע. ער איז קיין אַרגענטינע געקומען אין יאָר 1924, אין עלטער פֿון אַכצן יאָר. אַ דערצויגענער אָן עלטערן, האָט ער נישט באַקומען נישט קיין יִדישע און נישט קיין אַלגעמיינע דערציאונג. ער האָט נישט געקענט קיין שום אַנדער שפּראַך אויסער יִדיש. ער האָט דאָ הי אויסגעלייענט די גאַנצע יִדישע ליטעראַטור און אַלץ פֿון דער וועלט ליטעראַטור, וואָס איז איבערזעצט אויף יִדיש. מיט דער צײַט האָט ער אויסגעלערנט שפּאַניש און ער האָט אויף שפּאַניש גענומען שטודירן די וועלט פֿילאָזאָפֿיע, נישט קענענדיק קיין איינע פֿון די שפּראַכן אויף וועלכע די פֿילאָזאָפֿיע איז געשאַפֿן געוואָרן, ווי: אַלט גריכיש, לאַטיין, אַראַביש, דײַטש און ענגליש. ער האָט אָבער געהאַט הילף פֿון פֿרײַנט און פֿון זײַן לעבן באַגלייטערן און ער האָט באַוויזן דעם וואונדער צו דערלערנען די וועלט פֿילאָזאָפֿיע און ער האָט זיך גענומען באַווײַזן מיט פֿײַנע פֿילאָזאָפֿישע עסייען, ווי „עטישע עקיוואַלענטן", „איראָניע", „הומאָר" אא״וו. ער האָט אויך געשריבן וועגן דער פֿילאָזאָפֿיע אין דער יִדישער פּאָעזיע. זינט דעם יאָר 1948 גיט ער אַרויס און רעדאַקטירט אַ זשורנאַל פֿאַרן פֿילאָזאָפֿישן עסיי א״נ „דווקא", וואָס צייכנט זיך באַזונדער אויס מיט ספּעציעלע נומערן וועגן יִדישע דענקער אין די פֿאַרשידענע צײַטן. דער דאָזיקער זשורנאַל האָט געקראָגן אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין די קרייזן פֿון דער העכערער יִדישער אינטעליגענץ אין דער גאַנצער וועלט און זײַן רעדאַקטאָר האָט אויך געקראָגן אַ וועלט נאָמען. לאָמיר דאָ דערמאָנען, אַז שלמה סוסקאָוויטש איז געווען דער הויפּט רעדאַקטאָר פֿון דער „אַנטאָלאָגיע פֿון דער יִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1944 צום 25־טן יאָריקן יובילײַ פֿון „די פּרעסע". ער האָט דורכגעלייענט אַלץ, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אויף יִדיש אין אַרגענטינע, האָבנדיק אין אַ געוויסער מאָס אַ צוגרייטונג דערצו אין די אַרבעטן פֿון דעם מחבר פֿון אָט די שורות, וואָס זײַנען געווען געדרוקט אין פֿאַרשידענע יִדישע אויסגאַבן אין פּוילן און אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

יוסף ראַבינאָוויטש איז קיין אַרגענטינע געקומען אין עלטער פֿון 21 יאָר אין יאָר 1921. ער איז אַהער געקומען פֿון ביאַליסטאָק און ער האָט לכתחילה געשריבן אָפּהאַנדלונגען וועגן ביכער און ער איז באַלד אַריבער צו דערציילונגען און לידער. די לידער זײַנען דערשינען אין אַ בוך א״נ „קאָנוועגטיזשאָס". (טענעמענט־הײַזער) די דאָזיקע לידער זײַנען אין אַ היפּשער מאָס דערציילעריש און זיי מאַכן דעם אײַנדרוק פֿון סקיצן. עכטער איז ראַבינאָוויטש אין זײַנע דערציילונגען, וואָס פֿאַראייניקן ביאַליסטאָק מיט אַרגענטינע. ער שילדערט אין זײַנע דערציילונגען

די מוראַדיקע הילפֿלאָזיקייט און אָרימקייט פֿון זײַנע העלדן. ראַבינאָוויטש טראַכט זיך צו סיטואַציעס, וואָס זײַנען אַמאָל בלויז מעלאָדראַמאַטיש און אַמאָל מאַכן זיי דעם אײַנדרוק פֿון טריקס. און ער האָטביידע נישט נויטיק. ער זעט מענטשן און ער קען זיי ווײַזן און ער פֿילט סיטואַציעס און זיי וואַקסן בײַ אים אַרויס נאַטירלעך, אָבער ער קינצלט אומעטום צו אַביסל. בכדי בולט צו מאַכן די אָרימקייט פֿון זײַנעם אַ העלד, וואָס איז אַרבעטלאָז, מאַכט ער אים גיין צו אַ באַלעבאָס און בעטן, אַז ער זאָל אים דינגען פֿאַר אַ פֿערד. ער קען פּונקט אַזוי גוט שלעפּן ווי אַ פֿערד. און נישט נאָר ער, נאָר אויך דאָס ווײַב זײַנס בעט זיך בײַם באַלעבאָס, אַז ער זאָל אים נעמען פֿאַר אַ פֿערד. דערצו פֿילאָזאָפֿירט נאָך דער שרײַבער אַליין בײַם ווײַזן אָט דעם מאָדנעם מענטשן, וועלכן ער רופֿט „שײַע פֿערד" און ער זאָגט, אַז די נאַכט גייט אייביק אום איבער דער וועלט „און קומט אָן צום חכם, אַזוי אויך צום נאַר אין דער זעלביקער פּראָפּאָרץ". ליטעראַריש מאַכן, ווי געזאָגט, ראַבינאָוויטשעס אויסגעטראַכטקייטן דעם אײַנדרוק פֿון קונצן און פֿון פּעליעטאָניסטישע עפֿעקטן. פֿאַראַן בײַם שרײַבער אַ געוויסער געדאַנק בײַם געברויכן אָט דעם מאַניר, ער וויל דערפֿירן די פּײַן פֿון מענטשלעכע לײַדן ביז צום מאַקסימום, אָבער ער קען דאָס

באַוויַיזן מיט אָרגאַנישע מיטלען און עס איז נישט נויטיק צו נוצן אַ פאַנטאַסטיק אין וועלכער מען גלויבט נישט. אַמאָל איז ביַי ראַבינאָוויטשן פאַראַן אַזאַ עפעקט, וואָס איבערציַיגט. אָט רייצט און מוטשעט אַ פּאָפּוגיַי, ביַי אים אין אַ דערציילונג, זיַין באַלעבאָס מיט שריַיען און מיט „אויסזאָגן" סודות פאַר די שכנים און דער באַלעבאָס נעמט מוטשען דעם פּאָפּוגיַי מיט דורשט, אָן אַנדער העלד ראַבינאָוויטשעס קומט אַרבעטן אין אַ שאַפּע ביַי וואַשן אויטאָס, דאַרף ער האָבן אַלס שותּף צו דער אַרבעט אַ נעגער, וואָס הוסט, שפּיַיט און פּיַיפט. דאָס זיַינען אפשר אויך עפעקטן, אָבער נאַטירלעכע.

זיַיט אַריבער פופצן יאָר האָט זיך יוסף ראַבינאָוויטש מער נישט באַוויזן אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט קיין בוך און נישט אין קיין שום ייִדישער אויסגאַבע. ער האָט פאַרעפנטלעכט דריַי בענד דערציילונגען אויף שפּאַניש, אין איבערזעצונגען פון אַרגענטינער ייִדישע און נישט ייִדישע שריַיבער. די ביכער האָבן געפונען אַ געוויסן אָפּקלאַנג אין דער שפּאַנישער פּרעסע, אָבער מסתּמא נישט אַזאַ, ווי דער מחבר האָט דערוואַרט. לעצטנס הערט מען נישט אינגאַנצן פון אים. אפשר וועט ער זיך נאָך פּלוצעם באַוויַיזן מיט אַ ניַי ווערק. אַ רעאַלער טאַלאַנט איז ראַבינאָוויטש בלי שום ספק.

דער דריטער פון אָט די דריַי, בערל גרינבערג, איז פאַרבליבן ווי דער באַדיַיטנדיקסטער פּראָזע שריַיבער אין ייִדיש. ער איז אַהער געקומען אין זעלביקן יאָר, וואָס סוסקאָוויטש און ראַבינאָוויטש און אין זעלביקן, אַכצנ־יאָריקן עלטער, וואָס סוסקאָוויטש. ער איז אַהער געקומען פון וואַרשע וואו ער האָט געהאַט געלערנט אין אַ חדר און אין אַ גמינע שול. ער האָט אין דער עלטער היים שוין געהאַט געאַרבעט ביַי הוטן. אין אַרגענטינע האָט ער די ערשטע ציַיט געוואוינט אין קאָרדאָבע, וואו ער האָט גע־אַרבעט ביַי סטאָלעריַי, בעקעריי און אַנדערע מלאכות. ער האָט אָפּגעדרוקט זיַין ערשטע דערציילונג אין יאָר 1926 אין „די פּרעסע" און מען גרייט זיך איצט צו פּיַיערן דעם 35־טן יובילייִ פון זיַין ליטעראַרישער שאַפונג. ער האָט באַלד פאַרעפנטלעכט איין דערציילונג נאָך דער אַנדערער און אַלע זיַינען זיי געווען פון אַרגענטינער ייִדישן לעבן. זיי האָבן גערופן די אויפמערקזאַמקייט מיט זייער פרישקייט, שטילן ליריזם, פון ציַיט צו ציַיט ביַיסנדיקער איראָניע. טיף אינערלעכן טרויער און אויסערלעכער וווילוינגערישקיַיט. ווען זיַינע צוויי ערשטע ביכער „מאָרגן־ווינט" און „די אייביקע וואָך" האָט דער מחבר פון אָט די שורות פאַרעפנטלעכט באַגיַיסטערטע אָפּהאַנדלונגען און באַלד נאָך דעם האָט דאָס זעלביקע געטאָן דר. א. מוקדוני. אברהם רייזען האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויסע התפּעלות פאַר גרינבערגן. ווען מלך ראַוויטש איז געווען אין אַר־גענטינע, האָט ער גרינבערגן געהאָלפן אַרויסגעבן דאָס צווייטע בוך זיַינס און אָנגעשריבן צו דעם אַ זייער וואַרי־מע הקדמה און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער השפּעה פון דוויד בערגעלסאָן אויף אונדזער שריַיבער און ער האָט אים גערופן „גרינבערגעלסאָן". אויך שלמה ביקל האָט אָנגעוויזן אַז גרינבערג געהער צו דער בערגעלסאָן־שול. אין דעם ענגלישן זאַמלבוך פון קורצע ייִדישע דערציילונגען, איז אַרגענטינע פאַרטראָטן, אויף דער רעקאָמענדאַציע פון שריַיבער פון אָט די שורות, מיט בערל גרינבערגס אַ דערציילונג.

אין דער דערציילונג „דער מאָרגן ווינט", וואָס איז אויך דער נאָמען פון גרינבערג ערשטן בוך, איז פאַראַן אפשר די פולע כאַראַקטעריסטיק פון אונדזער שריַיבער. זיַין שריַיבן האָט עפּעס פון דעם מאָרגן ווינט — קיל און דאָך וואַרים. צאַרט און דאָך שטורמיש. ער זאָגט, אַז ווען עס בלאָזט דער מאָרגן ווינט, גלוסט זיך אים אַרויפקלעטערן אויפן העכסטן באַרג שפּיץ. זיַינע העלדן זיַינען אויך אַזעלכע, וואָס וואָלטן געוואָלט אַרויפפליען. און זיי פאַלן אַ סך מאָל אַראָפּ אין מיטן פלי. זיַינע העלדן זיַינען די זעלביקע אימיגראַנטן, וואָס ער אַליין. אַמאָל איז זיַין העלד אַ לערער, אַן אַנדערש מאָל אַן אינקאַסענט פון אַ זשורנאַל, אַמאָל אַ שלעפּער, אַ וואַגאַבונד. אַמאָל איז דער זעלביקער אימיגראַנט שוין אַ באַלעבאָס פון אַ פאַבריק און ער איז אַ זייער פּראַקטישער מענטש. בערל גרינבערג, דער ליריקער, דער אומפּראַקטישער, לאַדט אויס זיַין גאַנצע איראָניע אויף די דאָזיקע פּראַקטישע באַלעבאַטים, וואָס ווען זיי געשעפט אַ פרייד, צעריַיסן זיי זיך דעם ספּאָדעק און זיי שענקען זייערע אַרבעטער נאָז־טיכלעך און ווען זיי געשעפט עפּעס אַ שטיקל אומגליק, דערגייען זיי די אַרבעטער די יאָרן. בערל גרינבערג האָט דערציילונגען, ווי „הילל וואָס לעבט און הילל וואָס איז געשטאָרבן" און „דער וואונדערלעכער שפּאַציר", וואָס זיַינען טעמעס פאַר ראָמאַנען. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ ראָמאַן א"נ „דאָס גאָלדענע שיפעלע". בערל גרינבערג האָט די לעצטע יאָרן זיך נישט באַוויזן מיט קיין ניַיעם ווערק און מיר ווילן האָפן, אַז דאָס פּיַיערן דעם 35־יאָריקן יובילייִ פון זיַין ליטעראַרישער טעטיקייט וועט אים אויפוועקן און סטימולירן צו ניַיע שאַפונגען.

די עקסטרעם לינקע ריכטונג האָט פאַרכאַפּט אַ גרויסן טייל פון די שריַיבער פון דריטן דור. אייניקע פון זיי זיַינען פאַרבליבן אין יעווסעקישן לאַגער אויף אַ קורצע ציַיט און זיַינען אוועק, אַנדערע זיַינען דאָרטן פאַרבליבן אויף שטענדיק. דער באַדיַיטנדיקסטער פון די דיכטער, וואָס האָבן אָנגעהויבן שריַיבן אין יאָר 1926 און זיַינען פאַרבליבן אין לינקן לאַגער, איז יאָסל גאָלדבערג, וואָס איז אַהער געקומען אין עלטער פון 20 יאָר פון ווייס־רוסלאַנד אין יאָר 1925. די סאַמע ערשטע לידער זיַינע זיַינען געווען שמאָל־שורהדיקע, קורץ־אָטעמדיקע און אויך נישט שאַרף בילדערישע, זיַינען זיי געווען שאַרף געדאַנקענדיקע. זיַינע טעמעס זיַינען געווען אַרבעטער־

אימיגראַנטן, וואָס קענען זיך נישט אײַנוואָרצלען. ער האָט געשילדערט דאָס מוז־הענגען אויף די טרעפּלעך פון טראַמוויי בײַם גיין צו און פון דער אַרבעט, די שוואַכקייט פון דער אַרבעט גופא, דאָס אַנידערפאַלן נאָך מיטיק ווי הרוגים און פאַרנאַכט ווי מידע פערד און דאָס בענקען בײַנאַכט נאָך דעם אייגענעם וואָרט. זײַן העלד האָט מורא, אַז —

ביז מײַן האַרץ טיאַרויסזינגען
זײַן געזאַנג,
וועט דער פײַער פון מײַנע אויגן
זײַן שוין אויסגעלאָשן.
דאָס פּנים געל,
די האָר גראָ —
נישטאָ.

נאָך עטלעכע יאָר שרײַבן עכטע לידער פון אַרבעט און נויט, זינגענדיק כסדר אויף איין סטרונע און אין איין טאָן, האָט יאָסל גאָלדבערג אָנגעהויבן שרײַבן „פּראָלעט־קולטיש” און נאָכמאַכן אַפילו מאַיאַקאָווסקין. און דאָ האָט אים אויסגעפעלט אי וויסן, אי האָריזאָנט, אי טעכניק און ער איז געוואָרן אַ געוויינלעכער אימיטאַטאָר. ער איז נישט געווען דער איינציקער; וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון אַ ריכטונג, וועלכע מען האָט אים נישט גענוג באַנומען און איז טאַקע נישט געווען גענוג קלאָר. אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו די דאָזיקע ריכטונג האָט געהאַט דעם כוח פון דער מאַכט, האָבן זיך אַרויסגערופן קריגערײַען, וואָס האָבן דערפירט צו זעלבסטמאָרדן און טויט אורטיילן. בײַ אונדז איז קיין בלוט נישט פאַרגאָסן געוואָרן, אָבער מען האָט געבלאָנדזשעט סתם און מען איז אין ערגעץ נישט אָנגעקומען. צו די דאָזיקע שרײַבער, וואָס האָבן געבלאָנדזשעט און נישט אָנגעקומען, דאַרף צוגערעכנט ווערן איזי שאַפער, וואָס האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין איין צײַט מיט יאָסל גאָלדבערג און ער האָט געשריבן אי לידער אי דערציילונגען.

אַן אויסערגעוויינלעכע דערשיינונג אין אונדזער ליטעראַטור איז געווען נאַהאָן מיזשעריצקי. ער איז געווען אַ מעדיקער און אַ שרײַבער. קיין אַרגענטינע איז ער געקומען אין יאָר 1911 אין עלטער פון עלף יאָר. אין דער אַלטער היים, אין וואָלין, האָט ער שוין געהאַט געלערנט אין דער ווילנער ישיבה. אין אַרגענטינע איז ער געווען אַ שוואַרץ אַרבעטער אין אַ דרוקעריי, אַ משורר בײַ אַ חזן און ער האָט געלערנט מוזיק. אין עלטער פון זעכצן יאָר האָט ער אין איין יאָר דורכגעמאַכט דעם זעקס יאָריקן קורס פון דער עלעמענטאַר שול, אין משך פון דרײַ יאָר האָט ער דורכגעמאַכט די מיטלשול און ער איז אין עלטער פון 21 יאָר אַרײַן אין מעדיציניש̇ן פאַקולטעט און אים געענדיקט אין משך פון זיבן יאָר און זיך די גאַנצע צײַט דערנערט פון שוואַרצער אַרבעט. אין יאָר 1935, אין עלטער פון 35 יאָר, האָט מיזשעריצקי אָנגעהויבן שרײַבן דערציילונגען און דווקא אין יִדיש. ער האָט כמעט נאָר געשריבן וועגן שפּיטאָל לעבן. זײַן ערשטער באַנד דערציילונגען הייסט טאַקע „צווישן די ווענט פון שפּיטאָל”.

מיזשעריצקי האָט מער דערציילט ווי ער האָט געשילדערט .עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ער האָט צופיל צו דערציילן און אַז ער וועט קיין מאָל נישט באַווײַזן צו דערציילן אַלץ, וואָס ער ווייסט און ער אײַלט זיך. אָבער אין דעם אײַליקן דערציילן וואַקסט בײַ אים אַרויס אַ שטימונג און די האַנדלונג ווירקט בײַ אים ווי מעלאָדראַמע, וואָס איז אָבער באַגלייט פון העכסטער מוזיק. דער אינהאַלט פון זײַנע מעשהס זײַנען ממש דאָסטאָיעווסקישע. מ׳קען פון יעדער קורצער דערציילונג זײַנע אויסבויען אַ גרויסן ראָמאַן, וואָס ציט זיך דורך צענדליקער יאָרן איבער אַ סך לענדער. די מעשהס ווערן בײַ אים דערציילט פון זײַנע קראַנקע העלדן און זיי ווערן איבערגעריסן פון יאָמערלעכע ספּאַזמעס און זיי ווערן באַגלייט פון דעם ווינטס וואָיען. די האַרמאָניקע וואָס שפּילט אַמאָל צו, זיפּצט אויך מער ווי זי שפּילט. מיזשעריצקי מאַכט פינצטער אין זײַנע דערציילונגען, אָבער ווען דו לייענסט זיי איבער, לײַטערט זיך עפּעס אויס אַרום דיר און עס ווערט ליכטיקער. ער שילדערט אויך דעם אַנטיסעמיטיזם אין שפּיטאָל און די כלומרשט געזונטע אַנטיסעמיטישע דאָקטוירים און סטודענטן זײַנען מער קראַנק, ווי די קראַנקע יִדישע און נישט יִדישע פּאַציענטן. מיזשעריצקי איז געווען אַ שרײַבער אַ דערציילער.

זלמן וואַסערצוג איז קיין אַרגענטינע געקומען אין יאָר 1930 אין עלטער פון 26 יאָר. ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין פּוילן און ער האָט דאָרטן פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען וועגן פּעדאַגאָגישע ענינים. אין אַרגענטינע האָט ער בײַם אָנהויב געשריבן דערציילונגען פאַר קינדער און אין 1932 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך „פאַר די קינדערס וועגן”. די זאַכן זײַנען געשריבן מערער פּעדאַגאָגיש פאַכמעניש ווי שרײַבעריש. זײַט 1937 איז וואַסערצוג אַ מיטאַרבעטער פון „די יִדישע צײַטונג” און פאַרעפנטלעכט דאָרט זייער אָפט אַזעלכע עסייען, וואָס זײַנען אַ מיט צווישן דערציילונגען און פעליעטאָנען. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַנד פון אָט די עסייען א״נ „מיט די אייגענע אויגן” (1945). ער נעמט געוויינלעך אַ טעמע, אָדער אַ טיפּ און ער מאַכט אַרום אים אַ „טור דע פאַרס” פון געדאַנקען, שטימונגען און פּאַראַדאָקסן. אין געלונגענע פאַלן קומט אַרויס אַ עכט זאַכעלע, וואָס ווירקט כמעט ווי פּאָעזיע, אין די מערסטע פאַלן אָבער קומט אַרויס אַ לערערישע לעקציע. אָט ווי וואַסערצוג פאַרענדיקט אַ זאַך, וואָס הייסט „אַ מענטש שטאַרבט”:

„דאָס שטאַרבן האָט זיך שוין זײַן פעסטגעשטעלטן נוסח. און דאָך ווירקט דאָס אויף די בײַשטייענדיקע גלײַך דאָס וואָלט געווען דער ערשטער טויט פאַל אויף דער וועלט. דאָס איז דערפאַר, ווײַל מיר זײַנען איבער־צײַגט אין דער עכטקייט פון דער סצענע, מיר זײַנען איבערצייגט, אַז דער מענטש שפּילט איצטער נישט און מאַכט נישט קיין אָנשטעל. עכטע אמתע געשעענישן ווירקן יעדעס מאָל, ווי באַנאַל זיי זאָלן שוין נישט זײַן".

אפשר איז דאָס געשריבן, קוקנדיק מיט די אייגענע אויגן אָבער עס איז דערבײַ נישט פאַראַנען אפילו קיין ציטער מיט דער אייגענער ברעם. וועגן קלענערע זאַכן ווי וועגן טויט קומט בײַ וואַסערצוגן ארויס אַזוי, אַז זײַן רויִקייט פּאַסט זיך. אָט שרײַבט ער וועגן צימערן צו פאַר־דינגען:

„צימערן זײַנען טאַקע פאַראַן גענוג צו דינגען, אָבער יעדער האָט זיך שוין זײַן חסרון. דאָ איז פינצטער, דאָרט איז צו טײַער דירה־געלט, דאָרט ווידער איז גאָר קיין קיך נישט פאַראַן, ערגעץ אַנדערש קאַפּעט פון די ווענט".

זלמן וואַסערצוג האָט אויך אַ בוך וועגן דעם מאַרטירער יאַנוש קאָרטשאַק, וועמענס תלמיד ער איז געווען. אין דער דאָזיקער אַרבעט קומט אַרויס לערך בולט דאָס גע־שטאַלט פון דעם אייגנאַרטיקן פּויליש יִדישן פּעדאַגאָג, וואָס האָט אין אַ היפּשער מאָס געהאַט אַן אייגענעם גאַנג אין דער דערציִונג.

א געוויסן צוזאָג האָט געבראַכט מיט זיך יצחק בלומ־שטיין, וואָס איז געקומען קיין אַרגענטינע פון לאָמזשע אין יאָר 1927 אין עלטער פון 31 יאָר. ער האָט געלערנט אין ווילנע און דאָרט אָנגעהויבן שרײַבן העברעיִש. דאָ האָ טער אָנגעהויבן צו שרײַבן יִדיש און עס איז בײַ אים פאַרבליבן די השפּעה פון דער העברעיִשער פּאָעזיע. ער האָט זיך דאָ באַזעצט נישט אין בוענאָס איירעס, ווי אַלע שרײַבער וואָס זײַנען אהער געקומען, נאָר אין דער ווײַטער פּראָווינץ שטאָט בײַ די אַנדן, אין מענדאָסאַ. אין אַ צײַט אַרום איז ער אַריבער די אַנדן בערג און ער האָט זיך באַזעצט אין טשילע. אַזוי אַרום, אַז ער איז דער ערשטער יִדישער דיכטער, וואָס האָט באַזונגען די קאָרדילייערן. ער האָט אַ נייגונג צו פּייזאַזש, אָבער אין זײַן פעלד איז שטענדיק פאַראַן אַ מענטש:

„אַ גרויסן נישט באַאַקערט פעלד.
אַ פּלויט,
און נעבן פּלויט — אַ מענטש,
אַ לעבעדיק שטיק נויט.

בלומשטיין האָט געזונגען דאָס געזאַנג פונעם יונגן יִדישן ישוב אין טשילע, ער האָט באַזונגען די יונגע רו, וואָס גייט אויף אין דעם נײַעם לאַנד פון דער ערד און ער האָט געוואָרנט און געזאָגט, אַז עס וועט זײַן ווינד און ווײ, ווען דער קערפּער וועט וואַקסן הויך און ברייט און דער גײַסט וועט גיין פאַרשעמט מיט שטילע טריט אויף צוריק.

בלומשטיין האָט איבערגעלעבט וואולקאַן־אויפרײַסן אין די אַנדן בערג און ער האָט די איבערלעבונגען זײַנע אײַ־בערגעגעבן אין אַ ליד א"נ „פּאַניק", אין וועלכער עס קומט אַרויס די קראַפט דורך דער שרעק פון מענטשן, וואָס פרעגט:

„וואו זאָל איך לויפן
פון שפּײַענדיקן קראַטער?
עס זידט שוין דאָס וואַסער אין קוואַל,
וואו דו וועסט לויפן,
קומט אַלץ דיר אַנטקעגן
שפּײַענדע רשעות און גאַל...

ווי גרויס עס זײַנען די גרענעצן פון דער יִדישער פּאָע־זיע, פון דעם קליינעם בערגל אין קליינעם שטעטל, ביז די הויכע קאָרדילייערן, וואָס שפּײַען מיט פײַער.

יצחק בלומשטיין שרײַבט אין קלאַסישן טאָן, דאָך האָט מען אים באַמערקט אין דעם ניו יאָרקער זשורנאַל „אין זיך" און אין איין נומער פון אָט דעם זשורנאַל האָט מען דערקלערט בלומשטיינס אַ ליד פאַר דעם בעסטן יִדישן שיר אין יענעם חודש.

ל. ווערבלון איז געקומען קיין אַרגענטינע פון ווילנע אין יאָר 1930, אין עלטער פון 22 יאָר. ער האָט דאָ באַלד אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן קורצע און טרויעריקע לידלעך אין פאַרשידענע אויסגאַבן. זײַט 1936 וואוינט ער אין מאָנטעווידעאָ, אורוגווײַ, אָבער ער איז פאַרבליבן אַרגענ־טינער יִדישער פּאָעט. ער האָט אין מאָנטעווידעאָ אַרויס־געגעבן עטלעכע בענדלעך פון זײַנע קליינע לידלעך. ווער־בלון איז אַן אויסנאַם אין אונדזער פּאָעזיע מיט זײַן פּעסימיסטיש, וואַגאַבונדישן און קרענקלעכן טאָן. אין די פאַרייניקטע שטאַטן האָבן אַ סך געשריבן אין אָט דעם גײַסט. די לעצטע יאָרן האָט זיך אויסגעלייטערט אין דעם פאַרוואָלקנטן מוח פון ווערבלונען. זײַן זון האָט אים גע־געבן גלויבן אין לעבן און דער דאָזיקער, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַ לאַנגע צײַט פאַר דעם „לעצטן מענטשן", האָט שוין געשריבן אַ שורה, וואָס זאָגט:

„ברידער די וועלט זאָלט איר היטן".

א. י. זאַקוסקי איז אהער געקומען אין 1925 אין על־טער פון 16 יאָר פון בריסק, ער שרײַבט לידער און ער

האָט אויך עסייען, ער האָט אַ בוך וועגן פּרצן. אין דער היים האָט ער געלערנט פריער אין אַ רוסישער, דערנאָך אין אַ פּױלישער גימנאַזיע און ער האָט זיך געקליבן צו לערנען אין ווילנער ייִדישן לערער סעמינאַר. זײַנע אַרבעטן אויפן געביט פון ליטעראַטור קריטיק זײַנען אַ סך מאָל שילדערישע קאָמפּאָזיציעס און אין בעסטן פאַל לערערישע לעקציעס. די לידער זײַנען אויך געשריבן קאַלט און פאַרטראַכט. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ער פּאַרגיט זיך אַליין אַ טעמע און ער שרײַבט אַן אַ שיר וועגן איר. איך וועל ציטירן די בעסטע שורות זײַנע:

ווער קען דען וויסן, וואָס וועט מאָרגן זײַן?
מען ווייסט נאָר איינס — דער סוף איז טויט.
נאָר אויב ביז דעמאָלט דאַרף מען ברויט,
ווער קאָן דען וויסן, וואָס וועט מאָרגן זײַן?
דערווײַל האָב ליב דאָס ליד, דאָס ווײַב, דעם ווײַן,
נישט טראַכטן פון שלעכטס און גראָער נויט —
ווײַל ווער קען וויסן, וואָס וועט מאָרגן זײַן,
חוץ וואָס מען ווייסט אַז דער סוף איז טויט?.

א. קאָוואַל איז קיין אַרגענטינע געקומען פון פּױלן אין יאָר 1930, אין עלטער פון 22 יאָר. ער האָט אין דער אַלטער היים שוין געהאַט געדרוקט אייניקע לידער, איבערהויפּט אין דער „נײַער פאָלקס צײַטונג" דאָ־הי האָט ער געדרוקט לידער אין די עקסטרעם לינקע זשורנאַלן. ער האָט געפּרוּווט שרײַבן עפּישע פּאָעמעס אין זייער ברייטע שורות, אָבער קיין לאַנגן אָטעם האָט ער נישט אַרויסגעוויזן, געווירקט האָט ער דווקא מיט אַ לירישן טאָן, וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון בערג רייד ווי אַ נאָל פון אַ זאַק. ווען ער האָט צופיל אַרויסגעבראַכט פרייד, האָט דאָס נישט איבערצײַגט און מען האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז ער שרײַבט אַזוי ווי די „ריכטונג" הייסט, אין דער סאַמע גרילצנדיקייט פון געזאַנג וועגן אַן אויסגעטראַכטער פרייד האָט קאָוול אַמאָל אַ קרעכץ געטאָן:

„מײַן טאָג איז נישט קיין זון און נישט קיין זונג
און נישט קיין לאַך,
מײַן טאָג איז שמוציקער טאַזשער מיט שפּיציקע
שפּאָטערישע אויגן פון באַלעבאָס
מײַן נאַכט איז נישט קיין היים און נישט קיין
פרוי און נישט קיין פרײַ
מײַן נאַכט — אַן אײַזן בעט און שטומע פּוֹלע האַריץ.

די לעצטע יאָרן זעט מען נישט קאָוואַלס לידער אין די לינקע זשורנאַלן. ער איז ווײַזט אויס, נישט אוועקגעגאַנגען, נאָר באַזײַטיקט געוואָרן פון דאָרטן.

שניאור וואַסערמאַן איז געקומען פון פּױלן קיין אַרגענטינע אין יאָר 1924 אין עלטער פון 25 יאָר. ער איז דאָ פריער געווען אַן אַרבעטער, דערנאָך אַ לערער אין די באַראָכאָוו־שולן און אַ פּאַרטיי טוער בײַ די לינקע פּועלי־ציון. ער האָט דאָ־הי אָנגעהויבן שרײַבן קינדער־לידער אין די רײַפערע יאָרן און צוליב מאַנגל אין קינדער ליטעראַטור זײַנען זײַנע לידער געדרוקט געוואָרן אין אַ סך קינדער זשורנאַלן. ער האָט אַרויסגעגעבן דרײַ ביכער לידער: „קינד און קייט", „שוועלבעלעך" און „דאַבעלע". זײַנע לידלעך זײַנען געשריבן גלאַט, מיט אַ פּינקטלעכן ריטם, מיט געוויינלעכע גראַמען און זייער ווייניק פאַנטאַזיע. אַז דו לייענסט זײַנע לידער, האָסטו דעם אײַנדרוק, אַז כאָטש זיי זײַנען חלילה נישט קאָפּירט, האָסטו זיי שוין ערגעץ געלייענט. אָט ווי עס קלינגט וואַסערמאַנס אַ פערז:

„קיטשע, קיטשע קעצעלע,
ווילסט מילך אַ טעצעלע,
סמעטענע אַ שיסעלע?
וואַרט נאָך צו אַ ביסעלע.

צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, ווען אין די היגע קאָמוניסטישע רײַען האָט מען אָנגעהויבן פאַרלאַנגען בײַ ייִדן „אינטעגראַציע", וואָס דאָס מיינט אײַנגאַנצן זיך אינטעגרירן צו אַרגענטינישקייט אויף שפּאַניש, האָט שניאור וואַסערמאַן פאַרלאָזט די לינקע רײַען און ער האָט זיך אומגעקערט צו די פּועלי ציון.

שמואל צעסלער איז זיכער דער באַדײַטנדיקסטער קינדער דיכטער בײַ אונדז. פּונקט ווי ליטמאַן איז אַריבער די אַרגענטינער גרענעץ מיט זײַנע מעשה'לעך, איז צעסלער אַריבער די דאָזיקע גרענעץ מיט זײַנע לידער. ער איז געקומען קיין אַרגענטינע פון ביאַליסטאָק אין 1935 אין עלטער פון 31 יאָר. ער איז אין דער היים געווען אַ לערער און ער האָט שוין געהאַט געדרוקט לידער אין פאַרשידענע אויסגאַבן אין פּױלן. אין אַרגענטינע איז ער אַן אָנגעזעענער לערער, אַ מחבר פון כרעסטאָמאַטיעס און ער האָט אַרויסגעגעבן פיר ביכער קינדער לידער. נישט אַלע לידער זײַנען געשריבן ווי פון אַ דיכטער, אַ סך זײַנען געשריבן ווי פון אַ לערער און זיי האָבן ספּעציפיש פּעדאַגאָגישע כוונהס. אייניקע זײַנען אויסן אַרײַנצוברענגען טעאַטראַלישקייט אין דעם לערנען אין שול. אין דעם ליד „דער קיך יום טוב" שילדערט צעסלער ווי די קעכן גייט אוועק אין מאַרק און אין קיך ווערט יום טוב:

טרימפּלט בעזעמס, קערט דאָרט וועלטן,
ער פירט אָן מיט דער מוזיק,
ס'איז די לאָקשן ברעט זײַן פידל
און דער וואַלגער האָלץ זײַן סמיק.

פויקט דער קאָכלעפל אין פענדל

און האַלט אין טאַקט אָן די קלעפּ,

טאַנצט דאָס דעקל אויף דעם טשײַניק

און די שטערצלעך אויף די טעפּ.

שמואל צעסלער האָט אַ ליד „די קראַנקע טשערעפּאַכע" געהער זי זיכער צו די שענסטע קינדער לידער נישט נאָר אין ייִדיש. דאָס איז אַ ליד פאַר אַלע כרעסטאָמאַטיעס און אַלע אַנטאָלאָגיעס. איך געפין פאַר נויטיק דאָס צו ציטירן אינגאַנצן:

איבער גלאַטע ווענן פלאַכע

קריכט די גרויסע טשערעפּאַכע,

אַך, אַך

טשאַפּ, קראַך,

אָט אַזוי די גאַנצע וואָך.

איז איר פוס אין סאַמע מיטן

פון אַ שאַרפן שטיין צעשניטן,

אַך אַך,

טשאַפּ, קראַך,

אָט אַזוי די גאַנצע וואָך.

קריכט זי צו די שלאַנגען היילן,

ווייל איר קראַנקן פוס פאַרהיילן,

אַך, אַך,

טשאַפּ, קראַך,

אָט אַזוי די גאַנצע וואָך.

און ס'איז מעגלעך, אַז אינגיכן

וועט זי שוין אַהער דערקריכן,

אַך אַך,

טשאַפּ קראַך,

אָט אַזוי די גאַנצע וואָך.

שמואל פיערט איז כמעט אַן אַרגענטינער פּראָדוקט. ער איז אַהער געקומען אין יאָר 1923 פון פּראָסקוראָוו, אַ ייִנגל פון קוים 12 יאָר. ער האָט דאָ געלערנט אין אַ באָראָכאָוו שול און ער איז געוואָרן אַ קינדער שרײַבער. ער האָט אַרויסגעגעבן דרײַ ביכלעך „שטערנדלעך", „מענטשלעך אויף פּאַפּיר" און „אין לאַנד פון די חיות". ער איז אַ שרײַבער מיט טעמפּעראַמענט און נישט אָן פאַנטאַזיע, אָבער אַ זייער טרויעריקער און עס ווײַזט אויס, אַז ער האָט מער ווי אַלין געלערנט בײַ יונה ראָזענפעלד און זײַן שווערער טאָן פּאַסט זיך נישט פאַר דעם קינדערשן געמיט. זײַט עטלעכע יאָר געפינט זיך פיערט אין מדינת ישראל און אפשר וועט זיך דאָרטן בײַטן זײַן געמיט. ער האָט געוויסע מעגלעכקייטן צו ווערן אַ קינדער שרײַבער, אָבער ער מוז זיך באַפרײַען פון דער פּעסימיסטישער און טרויעריקער טונקלקייט.

אין די לינקע קרײַזן איז צאַלעל בלין פאַרעכנט אַלס דער גדול, סײַ אַלס דיכטער און סײַ אַלס עסעיִסט. פּיניע קאַץ האָט אים אָנגעטאָן די קרוין פון אַן אַרכיטעקט, אַ וויזיאָנער, וואָס איז „פאַרבן־בליציק, שנײַדיק, קאָמבאַטיוו" אאַ"וו. דער אמת איז, אַז צאַלעל בלין, וואָס איז אַהער געקומען פון ווילנער קאַנט אין יאָר 1937 אין עלטער פון 28 יאָר, אַ געענדיקטער פון אַ ייִדישער גימנאַזיע, איז אַן אינטעלעקטואַל, וואָס קען נישט שלעכט די מלאכה פון נאָכמאַכן מאיאַקאָווסקין און דערצו אונטער מעלאָדראַמאַטעווען. ווען דער דיכטער האָט געוואָלט וויינען אויף זײַן מאַמען, וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט, האָט ער גענוצט אַזעלכע קאַזשעלקע ווערטער „ווי אַ וויכער פון צעשמיסענע בליצן". ער האָט אָבער סוף כל סוף זיך דערדערט צו פּשוטע און ווירקנדיקע ווערטער:


בערנאַרדאָ סמענער -- „אַן ארבעטער"
קסילאָגראַפיע

איך ווייס נישט, ווו עס וואלגערט זיך
דײַן זאמדיקער, פארשנייטער קבר,
און וועלכע זומפן סע ווייקט זיך דײַן
געשענדעטער געביין.

בליץ הויבט אָן אַן עסיי מיט אַזעלכע רירנדיקע ווער־טער ווי: „עס שלעפּט אויף מײַן פּען אַ טראָפּן בלוט פון מײַן פּארצוקטער מאמען"; און ער גיט צו דעם באַלד צו אַזאַ שפּראַכן קונץ, ווי: „מיט דער קראַפט פון אַ צוויינגטן ים ברויזט דער דאָזיקער טראָפּן צווישן די שטאָלענע ברעגעס פון דער פעדער און פארבלוטיקט אַלע מײַנע געדאַנקען און טיקט אָן אין פּעך מײַנע געפילן".

די באַדײַטנדיקסטע צוויי דיכטער פון דער דריטער תקופה זײַנען בלי שום ספק משה קויפמאַן און קעהאָס קליגער.

משה קויפמאַן איז אַהער געקומען פון זײַן היים שטאָט גראָדנע אין יאָר 1928 אין עלטער פון 20 יאָר. אין דער היים האָט ער געלערנט אין אַ ייִדיש העברעיִשער שול, זיך באַטייליקט אין דער חלוצישער באַוועגונג. אין בוענאָס אײַרעס האָט ער געאַרבעט אַלס מעבל פּוצער, אַ שטיק צײַט איז ער געווען אַ לערער, דערנאָך אַן אינעווייניקסטער מיטאַרבעטער אין דער טעגלעכער „מאָרגן־צײַטונג". ער איז אַ שטיק צײַט געווען נאָענט צו די לינקע קרײַזן און ער איז געווען פון די ערשטע דיכטער, וואָס זײַנען פון זיי אַוועק, כאָטש אויב צו עמעצן דאַ־הי פּאַסט זיך דער טיטל פּראָלעטאַרישער דיכטער, איז עס זיכער דווקא צו משה קויפמאַן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַנד לידער און פּאָעמען א"נ „אַרקע פון טאַל" און אַ באַנד לידער „פון אַלע מײַנע היימען". משה קויפמאַן איז היפּש באַאײַנפלוסט פון איין זײַט פון די סאָוועטישע ייִדישע דיכטער, איבערהויפּט פון דעם אומגעבראַכטן איזי כאַריק און פון דער אַנדערער זײַט איז ער באַאײַנפלוסט פון ה. לייוויק און משה לייב האַלפּערין. מען טרעפט בײַ אים אַ סך פרעמדע רעמיניסצענסן, אָבער דער טאָן און דער כוח זײַנען אייגענע. עכטער ווי אין אַלע אַנדערע מאָטיוון איז קויפמאַן דעמאָלט, ווען ער זינגט וועגן טאָג־טעגלעכן לעבן און ער ברענגט אַרויס דאָס געזאַנג, וואָס גייט אויף דערפון, אויך דעמאָלט, ווען דאָס לעבן איז שווער און פול מיט נויט. אומגעהויער איבערצײַגנדיק קלינגען אָט די שורות קויפמאַנס:

פאַראַנען דאָ שוין טעג און הויבן אָן ווערן היימיש
און ווארעמקייט צעגייט אין אייזיק
קאַלטער פרעמד —
דער עלנטער הענגט נאָך אַליין, קומט אָנעט און
דערגייט נישט
און לייגט זיך נאָכאַמאָל ווי שטויב אויף
אַרבעט העמד.
נאָר בליקן ווערן ברייט און ווײַטע ערד ווערט אייגן,
די ע־ד, וואָס ערשט נישט לאַנג כ׳וועל רופן
לאַנד פון וואָגל,
איך וואָלט אין אַזאַ שעה מיט גאָר מײַן הויך
זיך לייגן
אויף נאַקעט פײַכטער ערד אין טויען פון פאַרטאָג.

די לעצטע צײַט האָט קויפמאַן געשריבן ייִדיש נאַציאָנאַלע לידער, וואָס דערמאָנען טיילווײַז אין ראָזנפעלדן און טיילווײַז אין ליעסינען:

פעלקער פון האַרץ פון שטיין
קומען אום ווי פּרוכטלאָזע עקרות,
אָבער קיינמאָל וועט ישראל נישט פאַרגיין,
יעקב וועט אַריבערטראָגן אַלע צרות.

די לעצטע יאָרן אַרבעט משה קויפמאַן ווי אַ רעפּאָרטער און אַ זשורנאַליסט אין „די פּרעסע", ווו ער פאַרעפּנטלעכט פון צײַט צו צײַט אַ ליד. קיין בוך האָט ער שוין זײַט 1944 נישט אַרויסגעגעבן.

קעהאָס קליגער איז דער דאָזיקער דיכטער אונדזערער, וואָס איז ווײַט אַריבער די גרענעצן פון אונדזער ישוב. ער איז קיין אַרגענטינע געקומען פון וואָלין אין עלטער פון 32 יאָר אין 1936. ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן אין עלטער פון פופצן יאָר אויף דײַטש, אין עלטער פון 20 יאָר איז ער איבערגעגאַנגען צו ייִדיש. איידער ער איז געקומען קיין אַרגענטינע האָט ער שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט לידער אין ייִדישע אויסגאַבעס פון פּוילן. קעהאָס קליגער איז בעצם אַ נאַטור דיכטער, ווי די מערסטע ייִדישע פּאָעטן פון וואָלין. מיר שײַנט אַז וואָלינער און בעסאַראַבער ייִדן זײַנען געווען מער באַהעפט מיט דער נאַטור, ווי אַלע אַנדערע ייִדן. קעהאָס קליגער האָט אַ סך מאָל געפּרוּווט מאַכן חן׳דלען און רעווראַנסן צום מאַנגערישן באַלאַדע שטייגער. ער לאָזט זיך זייער אָפט באַאײַנפלוסן. שוין אייניקע נעמען פון זײַנע לידער זאָגן עדות וועגן זײַן מאַנגער השפּעה. אָט זײַנען זיי:

„די באַלאַדע פון באָהעם און דעם קראַנקן הויז מיידל", „די באַלאַדע פון קידוש לבנה"; „די באַלאַדע פון דעם בעטלער און דער לבנה", „די באַלאַדע פון דעם באָרוועסן מאַן". און ער דאַרף די דאָזיקע אימיטאַציע נישט האָבן, ער איז אינגאַנצן ער, ווען ער זינגט:

„אַ זומערלאַנד פֿון ווײַנט־רייבן, פֿון פּײַנן

און מאַראַנצן, טאַנגאָ־אַמאַנטיק,

דו האָסט מיט אויגן כּישופֿן מיך געלאָקט אײַנגאַנצן,

איבער לענדער שטעט, איבער ימיקן (? י. ב.)

אַטלאַנטיק.

קעהאָס קליגער האָט געלעבט אַ לאַנגע צײַט אין טשילע, אין בראַזיל, ער איז געווען אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן און ער איז אומעטום אויפֿגענומען געוואָרן ווי אַן עכטער דיכטער. ער האָט די לעצטע יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אַ בוך „ישראל פּייזאַזשן", וואָס האָט באַקומען די פּרעמיע פֿון דער אַרגענטינער קהילה. ער האָט אויך באַקומען די „צבי קעסלער" פּרעמיע פֿאַר זײַן בוך. ער האָט עושה רושם געווען מיט זײַנע צוויי אויטאָביאָגראַפֿישע ביכער לידער, וואָס זײַנען באמת אייגנאַרטיק.

גרשון סאַפּאָזשניקאָוו איז דער ליטעראַטור קריטיקער פֿון דער דריטער תּקופֿה ייִדישע שרײַבער אין אַרגענטינע. ער איז קיין אַרגענטינע געקומען אין יאָר 1928 אין על־טער פֿון 20 יאָר פֿון ווילנער קאַנט. ער האָט אין ווילנע געלערנט אין ייִדישן לערער סעמינאַר. אין אַרגענטינע האָט ער די ערשטע צײַט געשריבן אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס און האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך, וואָס איז מערער פֿאַר עלטערן, ווי פֿאַר לערער. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן ליטעראַטור־קריטיק. ער איז אַ לאַנגע צײַט געווען לינק געשטימט. ער האָט געשריבן אין די היגע „פּראָגרע־סיווע" זשורנאַלן מאַרקסיסטישע ליטעראַטור קריטיק און ער האָט געמאַכט אַ סך הכל פּרווו וועגן דער אַרגענטינער ייִדישער ליטעראַטור, וועלכע ער האָט באַנומען איינזײַטיק. שוין אַריבער צוואַנציק יאָר זײַנען אַוועק זײַט סאַפּאָזשני־קאָוו האָט פֿאַרלאָזט די רײַען פֿון די פּראָגרעסיווע. ער האָט אין משך פֿון דער גאַנצער צײַט רעדאַקטירט די יאָר־ביכער פֿון דעם פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע האָלץ און אײַזן אינדוסטריאַלן. די דאָזיקע יאָרביכער זײַנען גע־וואָרן גאַנץ אייגנאַרטיקע ליטעראַרישע זאַמלביכער און זיי האָבן געקראָגן אַ שם אין דער וועלט. די לעצטע יאָרן שרײַבט גרשון סאַפּאָזשניקאָוו ליטעראַטור קריטיק נישט ווי אַ מאַרקסיסט, נאָר ווי אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער, אַ פֿרוידיאַניסט. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך א"נ „פֿון די טיפֿענישן" מיט סאָלידע אַרבעטן וועגן עטלעכע ייִדישע שרײַבער. דאָס דאָזיקע בוך, וואָס איז אַ נײַעס אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער וועלט און דער מחבר האָט באַקומען די „צבי קעסלער"־פּרעמיע פֿאַר דעם יאָר 1959. גרשון סאַפּאָזשניקאָוו האָט זיכער אַן אָרט פֿון אַן עכטן ליטעראַטור קריטיקער און מסתּמא וועט ער זיך אַמאָל באַפֿרײַען פֿון דעם פֿרוידיאַ־ניסטישן צוגאַנג, ווי ער האָט זיך באַפֿרײַט פֿון דעם היפּער מאַרקסיסטישן צוגאַנג. ליטעראַטור קען דאָך נישט זײַן בלויז מאַרקסיזם, אָדער פֿרוידיאַניזם, זי דאַרף דאָך זײַן אויך ליטערטור. לכל הפּחות — א ו י ך.

## פֿ ר ו י ע ן

די ייִדישע ליטעראַטור אין אַרגענטינע האָט עטלעכע שרײַבערינס. זיי געהערן אַלע צו דעם דריטן דור. שרה בירנבוים וואָלט אפשר געהערט צום צווייטן דור, אָבער זי איז קיין אַרגענטינע געקומען אין יאָר 1937, אין על־טער פֿון 27 יאָר. אין אָט דער צײַט איז דער צווייטער דור שוין היפּש געווען אַוועקגערוקט און זי געהער דערפֿאַר צום דריטן דור. זי האָט אָנגעהויבן דרוקן אירע לידער נאָך אין פּוילן. זי שרײַבט צאַרט ווײַבלעך און מוטער־לעך. איר ליריק איז פֿון שטילסטן מין:

ס'וואַרט די נאַכט ווי איך,

ס'וואַרט די נאַכט ווי דו,

און קיין שטערן איז נישטאָ,

און קיין שטערן איז נישטאָ.

שרה בירנבוים האָט עכטע און שטילע קלאָג לידער אויפֿן חורבן. אירע שורות קומען פֿון טיפֿסטן האַרצן און זיי פּרווון אָנצינדן מיט גלויבן, אַז עס איז:

„געשען דער וווּנדער

יעדער שטויבעלע אַש

זיך אין ערלעכע זונען צעגליט

און פֿאַרשרפֿהט דעם שונא

מיט זײַן גיפֿטיקער רוט.

גאָלדע (גוטמאַן) קרימער איז געקומען קיין אַרגענטינע פֿון בעסאַראַביע אין יאָר 1923 אין עלטער פֿון 17 יאָר. זי האָט דאָ אָנגעהויבן שרײַבן דערציילונגען און ראָמאַ־נען. זי איז זייער פּראָדוקטיוו. זי האָט אַרויסגעגעבן אין בוך פֿאָרם „בעסאַראַביע אין 1918", „מײַן שטעטל יעדע־ניץ", „מוטער רחל" אא"וו און אא"וו. די ביכער שפּיגלען אָפּ דאָס ייִדישע לעבן אין בעסאַראַביע אונטער די רוסן און די רומענער. גאָלדע קרימער שילדערט אויך דאָס ייִדישע לעבן אין אַרגענטינע. די דערציילונגען און ראָ־מאַנען פֿון פֿרוי קרימער האָבן אַ סך אויטענטישן שטאָף, נישט שטענדיק קינסטלעריש פֿאַרדייעט און זיי האָבן אַ וואַרט פֿון דאָקומענטן און זיי זײַנען חוץ דעם לײַכטער לייענשטאָף.

נחמה (מלמד) לערער איז אַהער געקומען אין יאָר 1928 אין עלטער פֿון 16 יאָר. זי האָט דאָ אָנגעהויבן

פאַרעפנטלעכן לידער אין די פאַרשידענע אויסגאַבן און זי האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער. דאָס ערשטע בוך אירס הייסט „מוטער חנה פון גראַבאָוויעץ". דאָס איז אַ פּאָעמע אין וועלכער אַ טאָכטער באַוויינט אַ מאַמע, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין וואָלין בשעת דעם דריטן חורבן. דאָס איז אַ פּאָעמע אין וועלכער עס „ריזלען טרערן פון דער דיכטערין און מישן זיך אויס מיטן בלוט פון די קדושים". אין די ווײַטערדיקע ביכער אירע איז פאַראַנען מיידלשע בענקשאַפט און איראָניע אויף דעם אַרגענטינער לעבנסשטייגער.

מאַשאַ שטוקער פּאַזיק איז אַהער געקומען אין עלטער פון 10 יאָר אין 1925. זי שטאַמט פון גראָדנער גובערניע. זי האָט דאָ אָנגעהויבן שרײַבן לידער. זי האָט געשריבן אַ סך קינדער לידער, אָבער אויך לידער מיט ווײַבערישן ציטער און מוטערלעכער הילפלאָזיקייט. זי איז עכט איבערהויפּט דאָרט, ווו זי באַהאַלט זיך נישט מיט איר הילפלאָזיקייט און זי טוט תפילה צום גאָליבטן, אָדער צום קינד. זי בעט בײַ איר קינד:

זײַ מוחל מיר
די זינד
פאַר ברענגען דיך
אין אַזאַ וועלט.
און זי דריקט אויס די האָפענונג:
און נאָכדעם!
שפּעטער... שפּעט
ווען מיר וועלן שוין פאַרגיין,
וועסטו בלײַבן דאָ,
און ביז דאַן
עס מוז עס וועט!
אויסקלינגען אַ נײַע שעה.

בײַם פּראָגרעסיוון צד זײַנען פאַראַנען עטלעכע פּרויען שרײַבערין. די עלטסטע פון זיי, מימי פּינזאָן (אַ פּסעוודאָנים), שרײַבט איבערהויפּט ליטעראַטור קריטיק. אירע עלטערן האָבן איר אַהער געבראַכט פון אוקראַינע אין יאָר 1914 אין עלטער פון 4 יאָר. איר ייִדיש פאַרמאָגט דעם שפּאַנישן אײַנפלוס, הגם ער איז אויסערלעך ריין און אָפּגעהיט. אירע עסייען וועגן אַרגענטינער פּערזענלעכקייטן זײַנען עכטער און אָרגאַנישער ווי אירע עסייען וועגן ייִדישע שרײַבער. זי שרײַבט רויִק, אָבער אָן געמיט. וואַרשײַנלעך האָט דאָס אָפּהיטן די פּאָליטישע ליניע אין איר אויסגעאַרבעט אַ מעכאַנישקייט.

די דיכטערנס רחל מינצעס און מאַרי גאָלד האָבן ביידע אָנגעהויבן שרײַבן פּויליש און אין אַרגענטינע זײַנען זיי איבערגעגאַנגען צו ייִדיש. רחל מינצעס איז געקומען אין יאָר 1928 אין עלטער פון נײַנצן יאָר. מאַרי גאָלד איז אַהער געקומען אין 1938 אין עלטער פון 24 יאָר. ביידע שרײַבן אינדיווידועלע ליריק און זיי פּאַסן זיך נישט אַרײַן אין זייער ריכטונג. און ווען זיי שרײַבן „פּראָלעטקולטיש", איז דאָס סתם געשריבן.

די איינציקע שרײַבערן, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַרגענטינע, איז ירדנה פּײַן. זי איז געבוירן געוואָרן אין בוענאָס איירעס אין יאָר 1917. זי שרײַבט איבערהויפּט קינדער מעשהס. זי האָט אויך איבערגעזעצט פון שפּאַניש. איר ייִדיש איז אַ נאַטירלעכער. אירס אַ בילד איז על פּי רוב אויסגעמוטשעט, אָבער נישט אָן קאָליר. אָט איז אַ מוסטער:

„צווישן וואָלקנדלעך, נישט גוט פאַרהעקלטע, שלײַכט זיך דורך אַ באַפעדעמטער שטראַל זון, וואָס פאַלט אויף אַן עקואַליפּט בוים און בלײַבט זיך וויגן צווישן צווײַג און צווײַג".

די שרײַבערן שרה ב. יעלען האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע דערציילונגען וועגן דעם לעבן אין דער אַלטער היים, וואָס האָט עכטע בענקשאַפט צום פאַרלוירענעם לעבן און אויך בילד. זי האָט געהאַט אַלע סימנים פון אַן עכטע שרײַבערן. לײַדער איז זי גיך פאַרשוואונדן.

---

עס זײַנען צוגעקומען אַ סך נײַע שרײַבער, צום מערסטן זשורנאַליסטן, וואָס האָבן מער אַ ווירקונג אויפן לעבן ווי אויף דער ליטעראַטור. איך וועל דערמאָנען עטלעכע: אליהו טראָצקי, דר. משה מערקין, מאַרק טורקאָוו, יוסף האָרן און דר. יעקב העלמאַן ע"ה. אליהו טראָצקי איז געווען אַ רוסישער שרײַבער און אין אַרגענטינע האָט ער אויסגעבעסערט זײַן ייִדיש און ער איז געוואָרן אַ ייִדישער פּובליציסט און אַ מעמואַרן שרײַבער. ער לעבט שוין הײַנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און ער איז אַן אָפטער מיטאַרבעטער אין די דאָרטיקע ייִדישע אויסגאַבן. דר. משה מערקין האָט געשריבן אויך אין אַנדערע שפּראַכן, אָבער ער האָט פון שטענדיק אָן געשריבן אויך אין ייִדיש. ער איז אַגב אַ ברודער פון דעם ליטעראַטור היסטאָריקער מאַקס עריק, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד. דר. משה מערקין האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן לאַטײַן אַמעריקע. מאַרק טורקאָוו איז געווען אַ באַקאַנטער ייִדישער זשורנאַליסט אין פּוילן. אין אַרגענטינע איז ער געווען אַן אָפטער מיטאַרבעטער אין דער „ייִדישער צײַטונג" און ער האָט דאָ אַרויסגעגעבן אויך ביכער. ער איז דער גרינדער פון דעם פאַרלאַג בײַם צענטראַל פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, וואָס גיט אַרויס די סעריע „דאָס פּוילישע ייִדנטום", וואָס

האָט שוין באַלד בײַ 160 ביכער. טורקאָוו איז דאָ דער פֿאָרשטייער פֿון ייִדישן וועלט קאָנגרעס און די לעצטע צײַט שרײַבט ער וויינשטיק. יוסף האָרן איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער „ייִדישער צײַטונג". ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך פֿון זײַן געבוירן שטאָט מעזריטש און אַ בוך וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור. ער שרײַבט זייער אַ סך און מיט אַ סך ליבע וועגן דער ייִדישער ליטעראַטור. דר. יעקב העלמאַן האָט דאָ אָפּגעלעבט אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר. ער איז דאָ געווען דער פֿאָרשטייער פֿון ייִדישן וועלט קאָנגרעס. ער שטאַמט פֿון ריגע, ווו ער איז געווען אַן אָנגעזעענער ייִדישער מנהיג אויך אין וועלט מסשטאַב און ער האָט אין דער זעלביקער צײַט זיך אָפּגעגעבן אויך מיט דעם פֿילאָזאָפֿישן און ליטעראַרישן עסיי, סײַ אין העברעיִש, סײַ אין ייִדיש. אין אַרגענטינע איז ער ליטעראַריש געווען אַ לאַנגע צײַט נישט טעטיק. אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן האָט ער דאָ אָנגעשריבן אַ בוך א"נ. „ירושלים", וואָס איז אויפֿגענומען געוואָרן זייער וואַרים פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור־קריטיק און איז טאַקע אַ גאַנץ וויכטיק ווערק וועגן דער אייביקער שטאָט פֿון דעם אייביקן פֿאָלק. דר. יעקב העלמאַן איז נפֿטר געוואָרן אין יאָר 1950 און זײַנע רעשטן זײַנען אַוועקגעפֿירט געוואָרן קיין ישראל.

אין יאָר 1952 איז קיין אַרגענטינע געקומען אַ גאַנצע גרופּע ייִדישע שרײַבער, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אַהער אַ דאַנק דער אינטערווענץ פֿון דעם אַרגענטינער אָפּטייל פֿון אַלוועלטלעכן ייִדישן קולטור קאָנגרעס. דער דעמאָלטדיקער פּרעזידענט און דיקטאַטאָר פּעראָן האָט צוגעזאָגט אַרײַנצולאָזן אין לאַנד אַרײַן אַ גרופּע ייִדישע אינטעלעקטואַלן און עס איז אַ לאַנגע צײַט געווען געבליבן בײַם צוזאָגן. מען האָט קיינעם פֿון די שרײַבער אין ערגעץ קיין וויזעס נישט געוואָלט געבן. די מערסטע פֿון זיי האָבן געוואוינט דעמאָלט אין פּאַריז, אייניקע האָבן געוואוינט אויך אין אַנדערע לענדער. אין יאָר 1951 האָט דער שרײַבער פֿאַראיין „ה. ד. נאָמבערג" און זײַן פּאָרזיצער, דער שרײַבער פֿון אָט די שורות אינטערוועניִרט ענערגיש בײַם דערמאָנטן פּרעזידענט און די גאַנצע גרופּע האָט באַקומען וויזעס און אַלע זײַנען טאַקע אינגיכן געקומען אין לאַנד אַרײַן.

איידער די דערמאָנטע גרופּע איז צו אונדז געקומען, איז אין יאָר 1950 אַהער געקומען דער שרײַבער שמחה סנה, וואָס האָט שוין געהאַט אַרויסגעגעבן אַ בוך דערציילונגען. ער איז דאָ גיך געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין „די פּרעסע", ווו ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאָלעמישע פֿעליעטאָנען און זכרונות וועגן זײַנע אַלע וואַנדערונגען בעת דעם צווייטן וועלט קריג. דאָס איז אַ בוך, וואָס נעמט אַרום איבערלעבונגען אין משך פֿון קנאַפּע 10 יאָר און איז אַ ביסל צו פֿרטמדיק געשריבן, אָבער האָט אַ ווערט נישט נאָר פֿון דאָקומענטן, נאָר אויך פֿון ליטעראַטור אין אַ געוויסן זין. די דאָזיקע מעמואַרן זײַנען דערנאָך דערשינען אין אַ בוך. שמחה סנה האָט אויך פֿאַרעפֿנטלעכט דאָ־הי אַ פּיעסע א"נ „דאָס געשריי אין דער נאַכט", וואָס שטעלט פֿאָר דאָס אומברענגען די ייִדישע שרײַבער אין ראַטנפֿאַרבאַנד. ער האָט זיך אויך פּאָפּולער געמאַכט לעצטנס מיט זײַן איבערזעצן פֿון העברעיִש דאָס גרויסע „ספֿר הפּלמ"ח".

לײַדער האָבן מיר שוין צו פֿאַרצייכענען פֿיר אבֿידות פֿון אָט דער גרופּע: י. אשענדאָרף, י. פּאָפּאָווסקי, ש. קאַטשערגינסקי און ב. טערקל זײַנען שוין נישט פֿאַראַן צווישן די לעבעדיקע.

ישׂראל אשענדאָרף איז געווען אַ וויכטיקער ייִדישער שרײַבער אויך איידער ער איז געקומען אַהער. ער איז געווען דער מחבר פֿון עטלעכע בענד לידער, אַ סך דערציילונגען און אויך פֿון טעאַטער־פּיעסן, גאַנצע און איינאַקטערס. ער האָט זיך אָנגעהויבן אײַנלעבן אין אַרגענטינע. ער האָט דאָ פֿאַרענדיקט און אַרויסגעגעבן אייניקע ווערק, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין זײַן גאַנצן „ווײ און וואַנדער" (אַזוי הייסט זײַנס אַ בוך לידער). ער האָט ערשט אין אַרגענטינע אָנגעהויבן צו קומען צו זיך און ער איז געווען אויפֿן וועג צו דער אייגנאַרטיקער ביבלישער פּיעסע. און ער איז פּלוצעם אַוועקגענומען געוואָרן פֿון לעבן. דאָס דאָזיקע איז געשען, ווען ער איז געווען אונטערוועגס אַלס אינספּעקטאָר פֿון די ייִדישע שולן פֿון דעם ועד החינוך הראשי. ער איז פּאַקטיש אומגעקומען אויף זײַן פּאָסטן פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג. לערערײַ איז געווען פּונקט אַזוי זײַן באַרוף ווי דאָס שרײַבן.

יוסף פּאָפּאָווסקי איז געווען אַ זשורנאַליסט און נישט דורכויס קיין פּראָפֿעסיאָנעלער. ער האָט אַ סך יאָרן געלעבט אין פּאַריז, ווו ער האָט געאַרבעט מערער לעבן דער זשורנאַליסטיק, ווי אין דער זשורנאַליסטיק גופֿא. ער איז געווען אַ קאָרעקטאָר און אַ טעלעגראַמען־איבערזעצער. געשטאַמט האָט ער פֿון פּוילן. קיין אַרגענטינע איז ער געקומען אינאיינעם מיט דער גאַנצער גרופּע און ער האָט דאָ געפּרוּווט זײַן כּוח אַלס אויסגעשפּראָכענער זשורנאַליסט און אים איז, ווי שטענדיק אין לעבן, נישט גוט געגאַנגען. און ער איז געווען פֿון פֿריִער אַ פֿיזיש געבראָכענער און ער איז דאָ געווען די גאַנצע צײַט קראַנק און איז דאָך ווי פּלוצעם אַוועקגענומען געוואָרן פֿון דעם לעבן.

געפֿאַלן אַלס קרבן איז דאָ דער דיכטער־פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי, וואָס איז געווען דער איניציאַטאָר פֿון דער גרופּע — „יונג ווילנע". ער האָט געשריבן לידער, צום מערסטן צום זינגען. זײַן „יוגנט הימן", ווערט עד היום אומעטום געזונגען. ער האָט אויך געשריבן דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן. אין דער גאַנצער צײַט פֿון

צווייטן וועלט קריג האָט קאַטשערגינסקי דורכגעפירט אַ ריזיקע אַרבעט פון ראַטעווען ייִדישע קולטור ווערטן. ער האָט אַ סך פון אָט דער אַרבעט דורכגעפירט אינאיינעם מיט זײַן ווילנער חבר, צו לענגע יאָר אים, דעם גרויסן דיכטער אבֿרהם סוצקעווער. קיין אַרגענטינע איז ער גע־קומען דער ערשטער פון דער גאַנצער גרופּע און ער האָט דאָ געפירט אַ זייער פּראָדוקטיווע טעטיקייט. ער האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ בוך א״נ „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַנער״. ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין אַרגענטינער ישוב אַרײַן גלויבן אין אייביקן ייִדישן לעבן אַרײַן און פרייד. ער, וועלכער איז געקומען אַהער פון געטאָ און פון די לאַ־גערן, האָט געבראַכט אַ פרייד און געזאַנג. ער איז געווען דער גרויסער צוזאָג פאַר דער אָרגאַניזירונג פון ייִדישן קולטור בײַ אונדז בכלל און פון דער ייִדישער ליטעראַטור בפרט. און ער איז אַוועקגענומען געוואָרן פון לעבן אַזוי אומברחמנותדיק. פּסח יאָר 1954 איז ער געפאָרן אָפּ־ריכטן אַ דריטן סדר אין סאַן כואַן און ער איז שוין צוריק נישט געקומען. דער עראָפּלאַן מיט וועלכן ער האָט געדאַרפט קומען צוריק איז אַראָפּגעפאַלן אין די בערג. שמערקע פעלט דעם ייִדישן ישוב עד היום און עס טרעפט זעלטן אַ קולטורעלער און ליטעראַרישער ייִדישער צוזאַ־מענקום בײַ אונדז, אַז מען זאָל אים נישט דערמאָנען.

אין דער גרופּע, וואָס איז געקומען צו אונדז זײַנען פאַראַן אייניקע שרײַבער, וואָס זײַנען שוין געווען פאַר־מירטע איידער זיי זײַנען געקומען צו אונדז. דער עלט־סטער פון זיי איז אבֿרהם זאַק, וואָס האָט אָנגעהויבן שרײַבן און זיך דרוקן נאָך אין דער פאַר־תקופה. דער צווייטער, שוין פאַרמירטער שרײַבער איז יוסף אָקרוטני, וואָס האָט שוין געהאַט געדרוקט עטלעכע ביכער דערציי־לונגען איידער ער איז צו אונדז געקומען. אבֿרהם זאַק שטאַמט פון לעבן גראָדנע און י. אָקרוטני — פון לאָדזש. אויך יצחק יאַנאַסאָוויטש און משה קנאַפּהייס זײַנען שוין געווען באַקאַנטע איידער זיי זײַנען געקומען צו אונדז. יאַנאַסאָוויטש שטאַמט פון לעבן לאָדזש — האָט זיך אימ־פּאָנירט מיט אַן אייגנאַרטיקע פּאָעמע „מײַן טאַטנס שטוב״ און אויך מיט אַ גאַנצער רײַ פֿײַנע עסייען און פּובליציס־טישע אַרטיקלען. משה קנאַפּהייס — שטאַמט פון וואַרשע — האָט זיך געהאַט באַקאַנט געמאַכט מיט זײַנער אַ סעריע לידער א״נ „לבֿנה קריכער״.

עס זײַנען אַהער געקומען די שרײַבער ב. טערקעל און מלך טשעמני. ביידע זײַנען בעיקר זשורנאַליסטן. טשעמני האָט אויך געהאַט פאַרעפנטלעכט אַ בוך דערציילונגען נאָך אין פּוילן פון פאַר 1939. טשעמני איז אַ שטיק צײַט געווען מיטאַרבעטער אין „די פּרעסע״ און ער האָט צו שאַרף און צו פּערזענלעך פּאָלעמיזירט און ער איז פון זײַן אַרבעט באַזײַטיקט געוואָרן און איז פון דאַנען אַוועק. ב. טערקעל האָט דאָ אַרויסגעגעבן אַ באַנד זכרונות וועגן זײַן וואַנדערונג בעת דעם צווייטן וועלט קריג אין ראַטנ־פאַרבאַנד און ער האָט מיטגעאַרבעט אין „די נײַע צײַט״ און אין משה קנאַפּהייסעס „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער״.

מרדכי בערענשטיין איז געקומען פון די סאַמע ערשטע פון אָט דער גרופּע. איידער ער איז אַהער געקומען האָט ער געוווינט אין דײַטשלאַנד, וווּ ער האָט מיט דער הילף פון דזשאָינט שטודירט דאָס פאַר־מלחמהדיקע ייִדישע לעבן אין דײַטשלאַנד. ער האָט דאָ־הי באַלד אָנגעהויבן פאַר־עפנטלעכן די רעזולטאַטן פון זײַנע פאָרשונגען און ער האָט זיך אימפּאָנירט מיט זײַן אַרבעטזאַמקייט און מיט זײַן דורכויסיקער באַרופנקייט אַלס ייִדישער קולטור היס־טאָריקער. צוליב זײַנע אַרבעטן פאָרט בערענשטיין זייער אָפט אין די פאַרייניקטע שטאַטן און ער האָט אויך גע־מאַכט רײַזעס איבער אייניקע לענדער פון דרום אַמעריקע. זײַן טרילאָגיע „נוסח אשכנז״ איז זייער אַ וויכטיקער צושטײַער צו דער געשיכטע פון די אשכנזים.

ברוך האַגער שטאַמט פון דער בוקאָווינע, ער איז דער־צויגן געוואָרן אין עסטרײַך, ער האָט אַ לאַנגע צײַט גע־לעבט אין רומעניע און אַהער איז ער געקומען פון פּאַריז. ער שרײַבט איבערהויפּט חסידישע מעשׂיות. ער האָט אַרויסגעגעבן דאָ בײַ אונדז אַ בוך א״נ „מלכות החסידות״. ער האָט איבערהויפּט אויפגעטאָן זייער אַ סך אויפן געביט פון חסידים לשון. מען קען זאָגן, אַז ער האָט דאָס דאָ־זיקע לשון כמעט אויסגעשעפּט. ער האָט הונדערטער ווער־טער, וואָס זײַנען געווען באַהאַלטן אין חסידישע קרײַזן, ווי אין צירונג שעכטלען אַרויסגענומען פון דאָרטן און זיי אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער ליטעראַטור. ער שטאַמט אַליין פון אַ גרויסער רבישער דינאַסטיע און ער האָט דאָס חסידיש דערקענט נישט פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק.

אינאיינעם מיט אָט דער גרופּע איז צו אונדז אויך גע־קומען דער פּילזײַטיקער שמחה שוואַרץ, וואָס איז טיילווײַז אַ דיכטער און אַ דערציילער. ער האָט אויך געשריבן פּיעסן. אַהער איז ער געקומען מיט דער כוונה אײַנצו־שטעלן אַ ליאַלקע־טעאַטער און ער האָט געהאַט באַשטימטע דערפאָלגן בײַ יחידי סגולה. לײַדער האָבן די מאַסן נישט באַנומען די אייגנאַרטיקייט פון אָט דער קונסט. און שמחה שוואַרץ גיט זיך דאָ אָפּ ספּעציעל מיט זומער־דערציִונג פון ייִדישע קינדער. ער האָט אַ זומער־קאָלאָניע נישט ווײַט פון מאַר דע אַכאָ, בײַם ים.

די שרײַבער י. אָקרוטני, א. זאַק און י. יאַנאַסאָוויטש האָבן זיך אַרײַנגעלעבט אין היגן ישוב אַרײַן. אבֿרהם זאַק שרײַבט שוין דערציילונגען פון אַרגענטינער לעבן און ער איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „די ייִדישע צײַטונג״. י. אָקרוטני שרײַבט אויך דערציילונגען וועגן דעם היגן לעבן און ער האָט שוין אַפילו פאַרעפנטלעכט אַ ראָמאַן וועגן אַרגענטינע אין דער נ. אַמעריקאַנער טעגלעכער ייִדישער צײַטונג „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״. י.

אָקרוטני איז אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „די יִדישע צײַטונג‟, וווּ ער טוט טעכנישע אַרבעט און ער פאַרעפנטלעכט אָפט ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען און דערציילונגען.

יצחק יאַנאַסאָוויטש איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין „די פּרעסע‟. ער איז דער איינציקער פון די נײַ געקומענע שרײַבער, וואָס איז דאָ געוואָרן אַן אויסגעשפּראָכענער וואָרטזאָגער אין געדרוקטן וואָרט און במילא אויך אין לעבן. זײַנע אַרטיקלען, וואָס דערשיינען רעגלמעסיק אין „די פּרעסע‟ און אין „די נײַע צײַט‟ ווערן שטאַרק געלייענט און אויך קאָמענטירט. ער האָט דאָ פאַרעפנטלעכט אַ בוך „יִדישע שרײַבער אין רוסלאַנד‟, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אין דער גאַנצער וועלט און די אָנפאַלן פון פּערזענלעכן כאַראַקטער פון אַ פּאָר נישט פאַרגינערישע קאָלעגן האָט גאָרנישט געשטערט צו דעם גרויסן דערפאָלג פון אָט דעם אייגנאַרטיקן בוך. משה קנאַפּהייס איז אַ שטיק צײַט געווען אַ נישט רעגלמעסיקער מיטאַרבעטער אין „די פּרעסע‟ און ער האָט דאָ־הי פאַרעפנטלעכט צוויי בענד לידער, אין וועלכע עס זײַנען שוין פאַראַנען רעפלעקסן פון דעם היגן יִדישן לעבן. קנאַפּהייס גיט אַרויס און רעדאַקטירט זײַט נײַן יאָר דעם חודש־זשורנאַל „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער‟, אין וועלכן עס ווערן געדרוקט איינציגע מיט זאַכן פון אויסגעשפּראָכענע שרײַבער אויך זאַכן, וואָס האָבן קיין שום שייכות נישט צו ליטעראַטור און זײַנען געשריבן נישט נאָר פון אומבאַקאַנטע, נאָר אויך פון אומבאַרופענע. משה קנאַפּהייסעס ראָמאַן „אַ ייִנגל פון פּוילן‟ האָט געהאַט אַ גוטן אָפּרוף אין דער יִדישער פּרעסע פון אומעטום.

עס ווערט שוין באַלד צען יאָר זײַט די דערמאָנטע גרופּע שרײַבער איז געקומען קיין אַרגענטינע און מיר האָבן דערוואַרטעט, אַז זי זאָל אָנהויבן אַ נײַע תקופה אין דער אַרגענטינער ליטעראַריש יִדישער שאַפונג. לײַדער איז דאָס דאָזיקע ביז איצטער נישט געשען. מסתמא האָט אין דעם אויך אַ חלק די פּערזענלעכע צעריסנקײַט צווישן די דאָזיקע שרײַבער.

מיר פאַרענדיקן די דאָזיקע קורצע און צו גיכע אַרבעט וועגן דער יִדישער ליטעראַטור אין אַרגענטינע אין דער סאַמע מיט. אַזוי האָפן מיר. עס ווילט זיך אונדז גלויבן, אַז עס האַלט נאָך נישט בײַ אַ סך הכל פון אַ קאַפּיטל, וואָס איז פאַרענדיקט געוואָרן, נאָר מיר האַלטן אין דער מיט...



מאַנועל אייטשעלבוים „די גאָלדענע התונה‟



טוביה קאַמענשטיין   בוענאָס־איירעס

# די קהילה אין צענטער פון אונדזער לעבן

דאָס אידנטום אין די גלות־לענדער, אָדער תפוצות, ראַנגלט זיך אין אונדזער צײַט כדי צו געפינען די געהעריקע אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, וואָס זאָל דערמעגלעכן אָנצוהאַלטן דעם ייִדישן גײַסט אַזוי אין קולטורעלן זין ווי אויך אין נאַציאָנאַל־רעליגיעזן. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס מיר לעבן הײַנט אין דער תקופה פון מדינת ישראל, פון אונדזער באַנײַטער שטאַטלעכקייט, און אַפילו ווי אַן איבערצײַגטער און גלויביקער אין דעם ענד־ציל פון ציוניזם: קיבוץ גלויות, איז פאַר אונדז קלאָר, אַז אַ סך דורות וועלן נאָך לעבן אויסער דער מדינה. עס איז טאַקע שווער זאָגן נביאות אין דער אַטאָמישער עפּאָכע אָבער קלאָר איז, אַז פאַר די העכערע אינטערעסן, פאַרן קיום האומה, דאַרפן מיר געפינען די בעסטע ראַמען בכדי מיר זאָלן אין זיי אָרגאַניזירן די צעשפּרייטע ישובים אויף דער וועלט.

מיר האָבן פאַרמאָגט אַ קלאַסישע פאָרם במשך אונדזער לאַנגען גלות־פּעריאָד, וואָס האָט געשטאַרקט אונדזער לעבן ווי ייִדן, און דאָס איז געווען די קהילה וועלכע איז אנערקענט פון אַלע ייִדישע היסטאָריקער אַלס ערשטראַנגיקער פאַקטאָר, וואָס האָט אונדז אויפגעהאַלטן נאַציאָנאַל בשמך לאַנגע דורות, און אין די פאַרשידנסטע היסטאָרישע פּעריאָדן. די קהילה האָט צעמענטירט אונדזער גאַנצקייט און אָפּגעהיט אונדזער פאָלק.

די פראַגע וואָס שטייט הײַנט אויפן סדר היום איז צי איז מעגלעך אין הײַנטיקער צײַט, ווען דאָס רוב בנין ומנין פון ייִדנטום לעבט אין פרײַע דעמאָקראַטישע לענדער און פאַרמאָגט אַלע בירגערלעכע רעכט פון פּאָליטישן און פּריוואַטן שטאַנדפּונקט, — צי איז מעגלעך בײַ אַזאַ סיטואַציע אָנהאַלטן קהילות לויט דעם מזרח־אייראָפּעיִשן נוסח? די פּלוגתא גייט נאָך אָן, אָבער אַלעמאָל פאַרשטאַרקט זיך די איבערצײַגונג, אַז נאָר דורך לאָקאַלע גוט־אָרגאַניזירטע קהילות וועט יאָ מעגלעך זײַן דורכצופירן די אָנגעצייכנטע קהילה־אויפגאַבן. דער יסוד פון די אַלטע קהילות איז געווען שיבת ציון און אמונה, יסודות שטענדיק אַקטועלע אין לעבן פון ייִדן אין גלות, און הײַנט ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די עפּאָכע פון פּאָליטישן ציוניזם און לעבן אין דער תקופה פון בית שלישי, איז צוגעקומען צום קהילה־לעבן אַ נײַער צוציענדיקער און וויטאַלער פאַקטאָר, דער גײַסטיקער בונד מיט דער מדינה דורך פאַרשידענע וועגן און קאַנאַלן.

לאָמיר אין דער קורצער אַרבעט איבערשפּרינגען די לאַנגע תקופה פון אָנפאַנג פון גלות, נאָכן צווייטן חורבן ביז אונדזער מאָדערנער צײַט, און וואַרפן אַ בליק ווי אַזוי האָט אויסגעזען אַ ייִדישע קהילה מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק אין וואַרשע, בוקאַרעסט, בערלין צי ווילנע. אין יענע קהילות האָבן מיטגעלעבט אַלע אידעאָלאָגישע ריכטונגען, ציוניסטישע פּאַרטייען, בונד, אָרטאָדאָקסישע ייִדן און אַפילו יעווסעקן, אַלעמען האָט באַהערשט דער געפיל פון ייִדישער אייניקייט, מיט געציילטע אויסנאַמען.

דעם זעלבן פּראָצעס האָט דורכגעמאַכט אונדזער אַרגענטינער ייִדישע געזעלשאַפט ביז עס האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אונדזער קהילה־וועזן סײַ אין דער הויפּטשטאָט ווי אויך אין דער פּראָווינץ; אין אַ פּערמאַנענטן פּראָצעס פון אויסבעסערן זײַנען די קהילות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם אידעאַלן סיסטעם פון אַן אָרגאַניזירט ייִדיש לעבן.

אַפילו דער גרויסער אייגנאַרטיקער ייִדישער ישוב אין נאָרד־אַמעריקע זוכט די וועגן און די מעגלעכקײַטן זיך אָרגאַניזירן אין קהילות, און אונדזער אַרגענטינער קהילה קאָן ווערן אַ בײַשפּיל און מוסטער אין דער אָנשטרענגונג פון אַנדערע ישובים אויף דער וועלט אין זייער וועג צו אָרגאַניזאַציע.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אונדזער קהילה איז נישט

געוואָרן אין איין טאָג דאָס וואָס זי איז הײַנט. זי האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגן און שווערן פּראָצעס ביז זי איז געוואָרן דער יסוד פון אונדזער אָרגאַניזירט ייִדיש לעבן, דורך דעם וואָס זי נעמט אַרום אַלע שטחים און נויטן פונעם ישוב, די פּופּציק טויזנט פאַמיליעס, וואָס זי קאָנצענטרירט אין איר מיט באַוווּסט איר הײַנטיקן פאַרנעם. עס איז נישט פאַראַנען קיין שום קאָנסטרוקטיווער געביט אין אונדזער לעבן אין וועלכער די קהילה זאָל זיך נישט באַטייליקן, צווישן זיי איז די הויפּט אַקטיוויטעט: דער חינוך־וועזן און די קולטור־אַרבעט, אַ חוץ איר גרויסע לייסטונגען פאַר סאָציאַלער הילף, רעליגיעזע הצטרכותן, יוגנט אַקטיוויטעט, שטיצע פאַר פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס א. אַ. וו.

אונדזער ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע פאַרמאָגט נאָך שווערע פּראָבלעמען צו לייזן. אָבער עס איז כדאי אַ טראַכט טאָן אויף אַ ווײַלע ווי וואָלטן מיר אויסגעזען ווען מיר וואָלטן נישט פאַרמאָגט אַזאַ מין ווירקזאַמען אינסטרומענט ווי אונדזער קהילה.

אויב מיר שטאָלצירן מיט אונדזער אײַגנאַרטיקער קהילה דאַרפן מיר אונטערשטרייכן צוויי פון אירע אינטערעסאַנטסטע אַספּעקטן: איר דעמאָקראַטישן יסוד און איר גײַסטיקן בונד מיט מדינת ישראל.

אין אונדזער לאַנגען גלות־לעבן האָבן מיר נישט שטענדיק געהאַט די אָביעקטיווע מעגלעכקייט זיך אויסלעבן אַלס געמיינדעס לויט דעמאָקראַטישע פּרינציפּן. אַפילו הײַנט האָבן די מערסטע ישובים אין דער וועלט נישט געפונען דעם אופן ווי זיך אָרגאַניזירן אויף דעמאָקראַטישע פאָלקס־יסודות, און דורך פאַרזאַמלונגען און צוזאַמענפאָרן באַשטימען זייערע מנהיגים און לייטונגען, און ווו יעדער יחיד האָט די מעגלעכקייט זיך באַטייליקן מיט זײַן שטים אין דעם אויסוואַל פון זײַן פירערשאַפט. אונדזער קהילה, אַ דאַנק איר יורידישער סטרוקטור, גיט די מעגלעכקײַט איר ברייטער מיטגליעדערשאַפט זיך אָרגאַניזירן אין פאַרטייען, גרופּן און סעקטאָרן און זיך באַטייליקן אין פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן. דער פאַקט ברענגט אַרײַן לעבן און אינטערעס אין די ברייטע שיכטן פון ישוב, און טאַקע די אידייאישע פילפאַרביקייט איז אַ מזל ברכה פאַר אונדזער דעמאָקראַטיע.

אונדזער בונד מיט ישראל איז אויך נישט קיין צופעליקער. די ציוניסטישע פאַרטייען זײַנען געווען די, וועלכע האָבן געגעבן דער קהילה איר הײַנטיקע סטרוקטור און אינהאַלט פאַרווירקלעכנדיק דעם הערצל־טרוים פון כיבוש הקהילות. מיר בויען אונדזערע קהילות אינספּירירט אין די פאָרמען פון די קלאַסישע קהילות פון מזרח־אייראָפּע פון וואַנען דער רוב פון אונדזער ישוב איז אָפּשטאַמיק, אָבער מיט אַ קלאָרן באַוווּסטזײַן פאַר אונדזער צוקונפט וועלכע איז ענג פאַרבונדן מיט ישראל.

אויב אונדזער ישוב האָט געפונען זײַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראָם דורך די קהילות, סײַ אין בוענאָס איירעס ווי אויך אין די צעשפּרייטע ישובים פון דער גרויסער אַרגענטינער רעפּובליק, דאַרפן מיר זיך נישט באַנוגענען מיט דער דערגרייכונג. אונדזער ציל דאַרף זײַן אַרײַננעמען אין די קהילות די נײַע דורות, שאַפן בײַ זיי דעם באַוווּסטזײַן פון אָנגעהעריקייט צום פאָלק ישראל, פאַרשטאַרקן און פאַרברייטערן דעם חינוך־וועזן אויף געמיינזאַמע נאַציאָנאַל־טראַדיציאָנעלע יסודות, מאַכן די מאַקסימאַלע אָנשטרענגונגען כדי צו ראַטעווען אונדזער יוגנט פון פרעמדע אידעאָלאָגיעס און אַסימילאַציע. מיר האָבן אַ סך דערגרייכט, אָבער עס וואַרט אויף אונדז אַ לאַנגער וועג ביז מיר וועלן לייזן די שווערע פּראָבלעמען פון אונדזער קהילה־לעבן, מיט פאַרשטאַרקטע קהילות וועט אונדז זײַן אַ סך גרינגער צו געפינען די געהעריקע מיטלען בכדי צו לייזן שטופּנווײַז די דערמאָנטע פּראָבלעמען.



פראַנקאָ די סעגני — „יצירה"



**חיים פינקעלשטיין** / בוענאָס אײַרעס

# קולטור־פּראָבלעמען פון ישוב

ווען איך טראַכט וועגן אונדזערע לערער און שול־עסקנים, זע איך שטענדיק פאַר זיך מענטשן וואָס גראָבן קוואַלן אין אַ האַרטן, פאַרשטיינערטן באָדן. אַזעלכע קוואַלן־זוכער מוזן תמיד גראָבן זייער טיף, ביז זיי דערשלאָגן זיך צו אַן אמתן קוואַל, וואָס שטראָמט מיט פריש, צאַפּלדיק וואַסער. עס טרעפט אָבער זייער אָפט, אַז אַנשטאָט אַ שטראָמיקן קוואַל, דערגראָבט מען זיך אָפט צו אַ קליין ריטשקעלע וואַסער, וואָס קלעקט בלויז די ליפּן צו באַנעצן. מוז מען ווידער אָנהייבן פון דאָס ניי. ווידער גראָבן און גראָבן, און דער עיקר: נישט פאַרלירן דאָס געדולד און דעם גלויבן, אַז סוף כל סוף וועט מען זיך דערגראָבן צו די עכטע קוואַלן.

אַזאַ איז אונדזער לאַגע אויפן האַרטן באָדן פון דער ייִדישער דערציונג.

מיר ווייסן אין פאָרויס, אַז צו די פּיל־שטראָמיקע קוואַלן איז שווער צוצוקומען; מיר ווייסן, אַז די אַרײַנגעלייגטע מי און אַרבעט וועט ווײַט נישט ברענגען דעם שכר וואָס זי פאַרדינט אין פּראָפּאָרץ צו דער ענערגיע, ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט מיט וועלכער זי ווערט געטון. און דאָך טאָרן מיר אַפילו קיין איין מאָמענט נישט צווייפלען אין דער וויכטיקייט פון אונדזער אַרבעט, אויב מיר ווילן ניט דערשטיקט ווערן פון דער נײַסטיקער טרוקעניש וואָס באַדראָעט אונדזער קיום אין דער הײַנטיקער צײַט.

מיר טאָרן נישט פאַרמאַכן די אויגן פאַר די גוואַלדיקע שוועריקייטן, סײַ אָביעקטיווע און סײַ סוביעקטיווע, אין־נערהאַלב וועלכע אונדז קומט אויס די חנוך־אַרבעט צו טון. דער באַוווּסטזײַן פון די שוועריקייטן און מניעות איז דער מאָטיוו פון דעם אומרו וואָס באַגלייט אונדזער אַרבעט. אומרו, אָבער נישט פּעסימיזם.

מיט פּעסימיזם, ווי מיט אָפּטימיזם סתם דערגרייכט מען גאָרנישט. אָבער אומרו, וואָס קומט פון דעם באַוווּסטזײַן וועגן דער ערנסטקייט פון דעם מצב; אומרו ווי אַ רעזולטאַט פון דער טיפער זאָרג צו דערהאַלטן, אויף ווי ווײַט עס איז מעגלעך, דאָס ייִדישע לעבן, אַ דאַנק די אייגענע גײַסטיקע ווערטן פון פאָלק; אַן אומרו, וואָס וואַקסט אַרויס פון דעם באַגער נישט צו בלײַבן בײַם אַלטן און נישט צו שטעלן זיך צופרידן מיטן שוין דערגרייכטן; אַזאַ אומרו איז שעפעריש אויף אַלע געביטן, און ווי אַ רעגן וואָס קומט אין דער געהעריקער צײַט קען ער זײַן מזל ברכהדיק אויך אויפן פעלד פון דער ייִדישער דערציונג.

בײַ אַלע שוועריקייטן איז דאָך נישטאָ קיין שום סיבה צו פאַרצווייפלען. דאַקעגן זײַנען פאַראַן גענוג מאָטיוון צו זײַן שטאָלץ מיט דער חנוך־אַרבעט. מחמת אויב עס איז פאַראַן עפּעס וואָס האָט דאָך געבראַכט ממשותדיקע רעזולטאַטן און האָט פון אינעווייניק כאָטש טיילווייז, כאָטש אַביסל אָפּגעפרישט אונדזער לעבן, איז עס אין דער ערשטער רײַע — די ייִדישע שול.

דער אמת איז, אַז די לאַגע פון דער ייִדישער דערציונג איז הײַנט פיל בעסער ווי געווען, אָבער — לײַדער — נאָך ווײַט נישט אַזוי ווי זי דאַרף זײַן.

מיט פערציק, מיט דרײַסיק און אַפילו מיט צוואַנציק יאָר צוריק, האָבן מיר נישט פאַרמאָגט אַזעלכע שולן ווי הײַנט און אויך די רעזולטאַטן זײַנען געווען ווײַט, ווײַט פון די הײַנטיקע.

דעמאָלט האָבן מיר בכלל געהאַט נישט מער ווי אָנפאַנג־שולן און וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן קען מען דערוואַרטן ווען מען לערנט מאַקסימום ביז צו דער בר־מצווה? ווי לאַנג איז דען, אַז מיר האָבן ייִדישע מיטלשולן אין אַרגענטינע?

ערשט אין די לעצטע יאָרן האָט אונדזער שול־וועזן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון די קינדער־שיכלעך...

די עלטסטע מיטלשול, דער סעמינאַר בײַ דער קהילה.

איז אַלט צוואַנציק יאָר. דער מכון ארום 15 יאָר. די שלום עליכם מיטלשול איז אַלט בלויז צען יאָר. די ביאַליק־מיטלשול איז נאָך יינגער און אנדערע קלענערע מיטלשולן שטעלן איצט זייערע ערשטע טריט. אויך די מדרשה איז אַלט נישט מער ווי עטלעכע יאָר. און דאָך פאַרמאָגן מיר שוין היינט איבערן לאַנד אַרום 17 ביז 18 הונדערט יוגנטלעכע וואָס לערנען אין מיטלשולן און סעמינאַרן און מיר פאַרמאָגן שוין היינט אַריבער זעקס הונדערט יונגע לערער, וואָס זיינען אַ פּראָדוקט אויסשליסלעך פון אונדזער חנוך־אַרבעט.

מיר וואָלטן צו דעם געקענט צורעכענען היבשע הונ־דערטער אַביטוריענטן פון די מיטלשולן און סעמינאַרן וואָס זיינען עולה געווען קיין ישראל, אָדער זיינען טעטיק אין היגן יידישן לעבן.

מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק האָבן מיר דאָס אַלץ נישט פאַרמאָגט.

מיר האָבן נאָך דעמאָלט בכלל נישט געהאַט קיין אייגן אויפגעהאָדעוועט אינטעליגענץ. אַלץ וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט איז געווען אַ פּראָדוקט פון דער אימיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע. די אַלטע יידישע אינטעליגענץ, די געקומענע מיט אַ גרויסן באַגאַזש פון יידישקייט איז אוודאי אומפאַרגלייכלעך וואָרצלדיקער און קערנדיקער לגבי אָט דעם דינינקן שיכט יידישע אינטעליגענץ פון דער נייער גענעראַציע. אָבער אונדזער דור איז נישט קיין פּראָדוקט פון דער היגער סביבה.

און געשען איז אַזוי, אַז אין דער אָנוועזנהייט פון אימיגראַנטישן דור קולטור־מענטשן, וואָס האָבן אַליין זיך אויסגעלעבט אַקטיוו־יידיש, האָט מען גאָרנישט באַ־מערקט ווי דער נייער דור שטייט אין דרויסן פון דעם אַלעמען. מען האָט די קינדער נישט געזען. וואָס שייך זייער יידישער בילדונג און דערציִונג, האָט מען דערויף נישט געשענקט די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. מען האָט געגלויבט, מסתמא, אַז די אייגענע פולבלוטיקע יידישקייט וועט שוין קלעקן פאַר די קינדער אויך... ביז מיר האָבן אַ דור — דעם ערשטן היגן דור — כמעט אינגאַנצן פאַרלוירן.

היינט, אַז דער אַלטער וואַלד ווערט צוליב נאַטירלעכע סיבות שיטערער פון טאָג צו טאָג, פילן מיר שאַרפער און ווייטיקלעכער דעם מאַנגל אין אַזעלכע דעמבעס און סאָס־נעס, וואָס זאָלן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די אַלטע.

אוודאי איז דער נייער יונגער דור יידישע אינטעליגענץ צו קנאַפּ און צו שוואַך איבערצונעמען אַליין אויף די אייגענע פּלייצעס די אחריות פאַרן פולבלוטיקן יידיש־שעפ־פערישן לעבן. ער איז נאָך צו קליין אין צאָל און דער עיקר — ער האָט נאָך נישט דערצו די געהעריקע וואָרצל־דיקייט אין דער וועלט פון יידישן גייסט און אויך נישט די סביבה וואָס איז דערצו נייטיק.

דאָך פאַרבלייבן מיר נישט אין גאַנצן אָן יורשים. ס'איז אַ גוט און דערהויבן געפיל ווען מען ווייס, אַז די פאַרזייטע מי און פראַצע טראָגט פּירות. ליידער נישט אַזוי פיל וויפל מיר ווילן, וויפל מיר דאַרפן און באַגערן. אָבער מיר האָבן אין די לעצטע יאָרן פּאָרט דערגרייכט אַז דער פּלאַץ זאָל נישט בלייבן אינגאַנצן ליידיק.

דאָס איז נישט בלויז אַ טרייסט פאַר די וואָס גיבן אָפּ זייער לעבן פאַרן יידישן חנוך, נאָר אויך אַ דערמוטי־קונג און אַ פאַרפליכטונג פאַר דער ווייטערדיקער שווע־רער און אחריותפולער אַרבעט.

* * *

דער מאַנגל אין יידישער אינטעליגענץ געהערט צו די שווערסטע פּלאָגן פון דער בלוטיקער היטלער־תקופה. מיר פילן דעם מאַנגל אויף טריט און שריט, אויף אַלע שטחים פון אונדזער יידישן לעבן. אָבער מער ווי אומע־טום פילן מיר אים אין דער יידישער שול.

אויב ס'איז שווער אין די גרויסע צענטערן, איז אומ־פאַרגלייכלעך שווערער אין די קליינע ישובים. דאָרטן פעלן לערער, אָדער עס זיינען אינגאַנצן קיין לערער נישטאָ. עס פעלן בכלל אינטעליגענטע כוחות, וואָס זאָלן אויסאיבן אַ באַשטימטע יידיש־גייסטיקע השפעה אויפן לעבן בכלל און גאָר באַזונדערס — אויף דער יוגנט.

די יוגנט קען זיין פיל בעסער ווי זי איז, ווען זי האָט די געהעריקע דערציער; ווען זי האָט פון וועמען צו לערנען און פון וועמען צו נעמען זיך אַ ביישפּיל.

ליידער פעלן די גייסטיקע כוחות.

וויפל ישובים בעטן כסדר לערער און מדריכים פאַר דער יוגנט?

ליידער האָבן מיר נישט די באַרופענע מענטשן זיי צו געבן.

וואָס־זשע פאַר אַ טענות קען מען האָבן צו דער יוגנט וואָס איז פרעמד און אָפּגעריסן פון יעדער מין יידיש־קייט, ווייבאַלד מיר טוען נישט גענוג זיי צו דערנענטערן און געווינען פאַרן יידישן לעבן?

עס איז זייער טרויעריק, אַז דווקא מיר, דער עם הספר, דאָס פאָלק וואָס האָט געמאַכט פאַר זיין פאָן די תורה, דאָס וויסן; גראָד מיר, וואָס האָבן במשך דער גאַנצער געשיכטע מער ווי אַלע אַנדערע פעלקער, געלייגט דעם טראָפּ אויף דער גייסטיקייט, אויף דער קולטור און בילדונג; גראָד מיר זיינען געבליבן אַזוי אָרעם אין גייסטיקע כוחות.

מוז מען דעריבער איצט פאַרלייגן זיך מיט אַלע מיט־לען און כוחות צו פאַרפולן וויפל ס'איז נאָר מעגלעך, דעם גרויסן בלויז.

פאַר אָט דער אַרבעט טאָר קיין זאַך נישט זיין צו שווער, מחמת פון דער אינטעליגענץ, פון די גייסטיקע, שעפערישע און פירנדיקע כוחות, איז אין אַ גרוי־סער מאָס אָפּהענגיק דער כאַראַקטער פון אונדזערע ישובים און אונדזער צוקונפט בכלל.

*

די לערערס וואָס מיר האָבן אויסגעבילדעט אין אונד־

זערע סעמינאַרן, ווי בכלל די ייִדישע אינטעליגענץ פון דער נייַער גענעראַציע, איז נאָך ווייַט נישט פון דער מדרגה וואָס איז תמיד געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די גייַסטיקע פירער פון אונדזער פאָלק.

אין בעסטן פאַל האָבן מיר היינט לערער, אָבער נישט קיין לערנערס.

מיר האָבן, ווי שוין האָט געזאָגט, דרדקי־מלמדים, אָבער נישט קיין לומדים.

מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן אויף אייניקע סיבות וואָס האָבן גורם געווען דעם דאָזיקן צושטאַנד. דאָך צווייפלען מיר נישט, אַז מיר קענען דערגרייכן צו האָבן אַ העכערע אינטעליגענץ, אַ לערנערישע, אַ לומדישע, הגם מיר ווייסן, אַז אין אונדזער סביבה און אין אונדזערע באַדינגונגען וועט עס נישט אָנקומען זייער לייַכט.

אָבער דער יסוד פאַר דעם איז די שול, אין אַלע אירע עטאַפּן, ביז דער מיטלשול, סעמינאַר און מדרשה.

וועלן זייַן גוטע שולן, וועלן אויך זייַן גוטע לערער. און דאָס זעלבע — אויך פאַרקערט.

מיר ווייסן, אַז לערנערס, לומדים, זייַנען בטבע אויטאָדידאַקטן. צו דער מדרגה קענען דערגרייכן נאָר די וואָס קענען אַליין לערנען; אַליין פאָרשן און פאַרטיפן זיך אין די קוואַלן פון גייַסטיקן שאַפן. אָבער אויך דאָס איז אָפּהענגיק פון דער שול.

אַ גוטע שול איז נישט בלויז אַזאַ וואָס לערנט אויס אירע תלמידים אַביסל מער קענטעניש פון אַ צווייטער שול, נאָר אַזאַ שול, וואָס דערוועקט בייַם תלמיד דעם אינטערעס און באַגער צו לערנען ווייַטער, אויך נאָך דער שול.

קיין שום שול אין דער וועלט קען נישט מאַכן „זאַט" דעם תלמיד. איר אויפגאַבע איז גראָד להיפך: זי דאַרף אַנטוויקלען אַ דורשט ביי די תלמידים. וואָס מער דורשט צו וויסן, זי רופט אַרויס, אַלץ בעסער איז די שול.

וויפל די שול וועט אויסלערנען אירע תלמידים, וועט דעריבער זייַן נישט גענוג און זי וועט נישט האָבן דערגרייכט איר אויפגאַבע, אויב זי וועט נישט אַנטוויקלען בייַם תלמיד דעם באַגער און די פעיִקייט צו לערנען אַליין.

פאַראַן מענטשן וואָס פאַרמאָגן אַליין די דאָזיקע אייגנשאַפט, מחמת זיי זייַנען געבענטשט מיט אַן אינערלעכן גייַסטיקן אומרו און מיט אַ נטיה צו זעלבסט־לערנעריי. דאָס זייַנען געוויינלעך אויסנאַמען. אין מערסטנסטייל אָבער איז אָט די גרויסע מעלה אָפּהענגיק פון דער שול, ווו דער תלמיד ווערט אויסגעפורעמט.

און וויל מען מעסטן די קוואַליטעט פון דער שול, דאַרף דאָס אויבן געזאָגטע זייַן דער באַראָמעטער.

אוודאי איז וויכטיק וואָס דער תלמיד לערנט, וויפל ער לערנט און וואָס ער דערגרייכט. אָבער נאָך וויכטיקער איז די אָנרעגונג נישט צו בלייַבן בייַם שוין דערגרייכטן.

דערויף מוז מען שטעלן דעם טראָפּ אין אַלע עטאַפּן פון דער שול־אַרבעט און אוודאי אין איודאי — אין די אַנשטאַלטן ווו די תלמידים באַקומען זייער מיטעלע און העכערע בילדונג. און אויב מיר ווילן עס טון; אויב מיר ווילן באמת וואַכן איבער דער קוואַליטעט פון אונדזערע לערנאַנשטאַלטן, איז גאָרנישט אויסגעשלאָסן, אַז מיר זאָלן אויך אַרויסגעבן אונדזערע לערנערס און לומדים און מיר זאָלן מיט דער צייַט אויך האָבן אַזאַ ייִדישע אינטעליגענץ, וואָס זאָל באמת זייַן ראוי צו פאַרנעמען איר פאַראַנטוואָרטלעכע און בכבודיקע פּאָזיציע אינעם ייִדישן גייַסטיקן לעבן.

*

* *

ביז איצט האָבן אַלע געוווּסט, אַז כדי צו זייַן אַ תלמיד אין אַ העברעיִש־ייִדישער מיטלשול, מוז דער פאַרזנטעדער־סירטער באַזיצן אַ באַשטימטן סכום קענטענישן פון ייִדישער געשיכטע, תנ"ך און ליטעראַטור, אין ביידע אונדזערע שפּראַכן: עברית און ייִדיש.

אין דער מיטלשול ווערן די קענטענישן אויסגעברייטערט און פאַרטיפט אויך מיט נייַע ידיעות פון אגדה און משנה, ספרות, ליטעראַטור, פאָלק־קענטעניש, ידיעת הארץ, סאָציאָלאָגיע און אַנדערע וויסנשאַפטן. און נאַטירלעך ווערט געלייגט אַ סך געוויכט צו פאַרפולקאָמען די קענטענישן פון העברעיִש און ייִדיש.

מיט דעם אַלעמען זייַנען מיר פון דעסטוועגן נאָך ווייַט נישט צופרידן, און מיר זאָרגן דעריבער ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן דעם באַגאַזש פון וויסן פון אונדזערע תלמידים.

*

* *

...עס האָט נישט קיין זין צו באַנייַען דעם וויטיקלעכן שפּראַכן־קאַמף וועגן ייִדיש און העברעיִש. אָבער קלאָר מאַכן די באַציונג צו ביידע שפּראַכן איז כדאי און נויטיק, כדי אויסצומיידן מיספאַרשטענדענישן, פאַלשע אינטערפּרעטאַציעס און געוויסע האַנדלונגען, וואָס ברענגען נישט קיין געזונט אונדזער קולטור־לעבן.

הייַנט צו טאָג פאַלט קיינעם נישט איין, אַז ס'איז מעגלעך אַ ייִדישע דערציונג און בילדונג אָן העברעיִש. ס'איז נישט מעגלעך צוליב כמה וכמה טעמים: צוליב דער אַלטער קולטור און צוליב דער נייַער, וואָס מען קען נישט פאַרשטיין און באַנעמען, אויב מען קען נישט דערגרייכן צו אירע אָריגינעלע שאַפונגען; צוליב ישראל, וואָס לעבט אויף אין דער העברעיִשער שפּראַך אַלע ווערטן פון אַ פולבלוטיק נאַציאָנאַל־שעפעריש לעבן און; צוליב נאָך טעמים וואָס זייַנען פאַר אַלעמען קלאָר.

ליידער איז נישט מצד אַלעמען פאַראַן אַזאַ באַציונג אויך צו ייִדיש.

אַלע ווייסן, אַז אין אונדזערע ישובים, אין דרום אַמעריקע, האָט ייִדיש געשפּילט אַ קאָלאָסאַלע ראָל אין דער נאַציאָנאַל־גייַסטיקער געשטאַלטונג פון דעם ייִדישן לעבן. אָן ייִדיש וואָלטן די ישובים זיכער נישט פאַרמאָגט אַ סך פון די פּאָזיטיווע ווערטן וואָס זיי פאַרמאָגן.

נאָך ביז הײַנט איז די יִדישע שפּראַך איינע פון די ווירקזאַמסטע פאַקטאָרן וואָס האַלט אויף און שטאַרקט דאָס אייגענע נאַציאָנאַלע לעבן. יִדיש פאַרהאַלט — אין אַ גאָר גרויסער מאָס — די כוואַליעס פון דער אַסימילאַציע און פאַרבינדט גײַסטיק אונדזער לעבן מיטן אויפבוי, געראַנגל און קאַמף פון דער מדינה.

אונדזער יִדיש איז דער סאַמע נאַציאָנאַלסטער און ציוניסטישסטער יִדיש וואָס איז פאַראַן, ווײַל ער איז אָנגעלאָדן מיט די שענסטע ווערטן און גאולה־טרוימען פון אונדזער פאָלק.

מיטן עלימינירן יִדיש, וועט מען אויף אַ האָר נישט שטאַרקן העברעיִש. מען וועט אָבער דורך דעם אָפּשוואַכן דאָס יִדישע לעבן און מען וועט עפענען טיר און פענצטער פאַר די ווינטן פון דער אַסימילאַציע.

אַז מיר פאַרלירן אַ יִדיש־רעדנדיקן יִד; אַ יִדיש־לייענער, פאַרנעמט נישט זײַן פּלאַץ העברעיִש, נאָר שפּאַניש.

מיט יִדיש וועט זיך שטאַרקן העברעיִש. אָן יִדיש וועט זיך שטאַרקן די אַסימילאַציע.

מיר רעדן דאָ נישט וועגן ישראל. דאָרט בויט זיך דאָס לאַנד און דאָס פאָלק אויף דער העברעיִשער שפּראַך. געוויס ווילן מיר, אַז די יִדישע שפּראַך און די קולטור וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יִדיש זאָל פאַרנעמען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער מדינה. אָבער קיינער פון אונדז טראַכט נישט, אַז יִדיש זאָל דאָרט פאַרנעמען דאָס אָרט פון העברעיִש.

אָבער אין דער יִדישער וועלט פאַרמאָגן מיר צוויי שפּראַכן. יעדע איינע האָט איר יחוס; יעדע איינע — איר אומאָפּשאַצבאַרן ווערט און איר גרויסע ראָל אינעם לעבן פון פאָלק. וואָס שייך אונדזער לעבן דאָ, זײַנען ביידע שפּראַכן — ווי צוויי פיס פון אַ מענטשן. אויף ביידע שטייען מיר פעסטער, זיכערער. און וועלכן נישט איז פוס מען זאָל אַמפּוטירן, וועלן מיר מוזן בלײַבן שטאַרק, שטאַרק הינקענדיק...

די זאָרג פאַר יִדיש איז נישט בלויז — ווי מאַנכע מיינען — אַ פראַגע פון סענטימענט צו דער שפּראַך, הגם אויך דאָס דאַרף מען נישט אינגאַנצן אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. די זאָרג קומט פון דער טיפער אחריות פאַרן פאָלק. פאַראַפראַזירנדיק דעם באַרימטן זאָג וועגן שבת, קען מען גאַנץ דרייסט פעסטשטעלן, אַז נישט ווינציקער ווי מיר היטן יִדיש, היט אָפּ יִדיש אונדזער לעבן. דאָס איז, דוכט זיך, קלאָר און פאַרשטענדלעך פאַר יעדן בר דעת, וואָס איז נאָר נישט געשטראָפט מיט בלינדקייט און טעמפּער שנאה צו יִדיש.

דערפון איז קלאָר, אַז אונדזערע שולן און אונדזער גאַנצער דערציונגס־סיסטעם, אויב זי וויל זײַן געטרײַ אונדזער יִדיש לעבן, דאַרף זײַן געבויט אויף ביידע שפּראַכן.

זאָל מען נישט זאָגן, אַז ס'איז צו שווער צו לערנען צוויי נײַע שפּראַכן, און דעריבער דאַרף מען איין שפּראַך אַראָפּוואַרפן פון וואָגן.. אַזאַ „באַקוועמלעכקייט־טעאָריע" קען פירן צו אַ סך אַבסורדן. און ווען מיר זאָלן אפילו אָננעמען אַז אונדזערע קינדער, וואָס לערנען צוויי שפּראַכן, וועלן זיך אויסלערנען עפּעס ווינציקער יִדיש און ווינציקער העברעיִש, וועט עס נאָך אַלץ זײַן מער ווי דעמאָלט ווען זיי וועלן איינע פון די שפּראַכן אינגאַנצן נישט קענען.

דער אמת איז, אַז אָן העברעיִש קען מען נישט גוט קיין יִדיש און דאָס זעלבע איז אויך פאַרקערט. דאָס דאָזיקע איז שוין נישט איינמאָל געזאָגט געוואָרן, און אויך פון אונדזער אייגענער דערפאַרונג ווייסן מיר, אַז אין די שולן וווּ מען לערנט ביידע שפּראַכן, קענען די תלמידים נישט ווינציקער העברעיִש ווי אין די שולן אין וועלכע יִדיש ווערט בכלל נישט געלערנט. די בעסטע דערגרייכונגען אין די לימודים בײַ אונדז אין אַרגענטינע האָבן מיר דווקא אין די שולן וווּ מען לערנט סײַ יִדיש און סײַ העברעיִש. עס ווענדעט זיך וואָס און ווי אַזוי מען לערנט; מיט וואָס פאַר אַ באַציונג, ליבשאַפט און פּיעטעט די שפּראַכן ווערן אײַנגעפלאַנצט בײַ די תלמידים. אָן דער געהעריקער באַציונג, קען בכלל קיין זאַך נישט געלערנט ווערן.

און מאָדנע, דווקא די וואָס טענהן, אַז לערנען צוויי נײַע שפּראַכן, חוץ דער לאַנד־שפּראַך, איז נישט געזונט פאַר די קינדער — האָבן זיך צוגעכאַפּט צו אַ דריטער שפּראַך — צו ענגליש.

אין די מלוכהשע אָנפאַנג־שולן ווערט ענגליש ניט געלערנט און קיינער פאַרלאַנגט נישט אַרײַנצופירן די שפּראַך אין דעם קוריקולום פון די לימודים. פאַראַן אָבער יִדן וואָס לײַדן נאָך אַלץ, זעט אויס, אויף דער ענגלישער קרענק... און פאַרשטייט זיך, אַז אויב ענגליש, איז אַ כפּרה מיט יִדיש, ווײַל לערנען אין דער אָנפאַנג־שול דרײַ שפּראַכן, חוץ דער לאַנד־שפּראַך, איז דאָך אוודאי אוממעגלעך...

מען דאַרף נאָר אָנהייבן די ליקווידאַציע. דערנאָך גייט עס שוין פון זיך אַליין.

און שלעכט איז, וואָס קיינער זאָגט עס נישט אָפן. קיינער וואַגט נישט צו רעדן קעגן יִדיש־לשון. פאַרקערט גאָר: די דאָזיקע מענטשן האָבן תמיד אויף זייערע פרומע ליפּן אַ גוט וואָרט וועגן יִדיש: אַ זיפץ, אַ קרעכץ. אָבער אין דער שטיל, אַז קיינער זאָל נישט זען, ווערט יִדיש צו ביסלעך אַרויסגעשטויסן פון אַ גאַנצער רײַע לערנאַנשטאַלטן.

אָט דער־פאַר איז נייטיק צו רופן די אויפמערקזאַמקייט פון די לערער, פון די שול־עסקנים און פון דער געזעלשאַפט בכלל.

און נאָך מער איז עס נייטיק דווקא איצט, ווען מיר ווילן פאַרשטאַרקן און פאַרטיפן די צוזאַמענאַרבעט מיט ישראל.

עס איז אַן אומזין צו מיינען, אַז מען טוט אַ טובה ישראל ווען מען פאַרמינערט די ראָל פון ייִדיש אינעם ייִדישן לעבן.

אונדזער ישוב, וואָס איז נאָך ביז איצט — פון שפּראַך־שטאַנדפּונקט—דער ייִדישיסטישער ישוב אין דער וועלט, איז אויך דער סאַמע ישראלדיקסטער און דער אַמערסטנס ציוניסטישסטער פון אַלע ישובים.

אָן ייִדיש; אָן דער אינטימער פאַרבונדנקייט מיטן נאַציאָנאַלן ייִדישן לעבן, וואָס ייִדיש האָט דאָ געשאַפן, האָלטן מיר דאָס אַלץ נישט דערגרייכט. און באַוויזן האָבן מיר גענוג, אַז די ישובים וואָס דערווײַטערן זיך פון ייִדיש, דערווײַטערן זיך אויך פון ציוניזם און פון דער אינטימער השפּעה פון דער ייִדישער מדינה.

דער לעצטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט עס פאַרשטאַנען און דעריבער האָט ער אָנגענומען די רעזאָלוציע, אַז אין די ישובים, ווו די ייִדישע שפּראַך פאַרנעמט אַ וויכטיקן פּלאַץ אין ייִדישן לעבן, זאָלן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, נישט פאַרמינערנדיק די זאָרג און אַרבעט פאַר העברעיִש, שטיצן די קולטור און חנוך־אַרבעט אויך אין ייִדיש.

דעם זין פון דער דאָזיקער רעזאָלוציע וואָלטן געמעגט פאַרשטיין נישט בלויז די ליבהאָבער און פרײַנד פון ייִדיש, נאָר אויך די ליבהאָבער און פרײַנד פון דער העברעיִשער שפּראַך.

הײַנט איז מער נישטאָ קיין פּלאַץ אין ייִדישן לעבן פאַר אַ ייִדישיזם וואָס זאָל קעמפן קעגן העברעיִש. פּונקט אַזוי טאָר נישט זײַן קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ מין העברעיִזם וואָס קעמפט קעגן ייִדיש.

אונדזער קולטור־לעבן האָט זיך געבויט און בויט זיך איןביידע שפּראַכן. אין דער האַרמאָנישקייט פון ביידע שפּראַכן האָבן אונדזערע וויכטיקסטע קינסטלער, אָנהויבנדיק פון מענדעלען און פּרץ און ביאַליק און שלום עליכם, דערגרייכט צו זייער העכסטער קינסטלערישער און נאַציאָנאַלער קולטור־מדרגה. אין דער האַרמאָנישקייט פון ייִדיש מיט העברעיִש איז געקומען צום אויסדרוק די העכסטע שעפערישקייט פון אונדזער פאָלק און אַדאַנק דער זעלבער האַרמאָנישקייט האָבן מיר דערגרייכט די וויכטיקסטע רעזולטאַטן אויך אין אונדזער היגער קולטור און חנוך־אַרבעט.

דאָס אַלץ איז אַ גענוגנדיקע דערפאַרונג, וואָס זאָגט אונטער דעם שכל הישר פון יעדן ערנסטן ייִד, נישט אַרײַנצוברענגען קיין אומזיסטע מחלוקת איבער די שפּראַכן, מחמת נאָר אין זייער שותפותדיקייט און אין זייער קעגנזײַטיקער שטאַרקונג וועט זיך שטאַרקן די ייִדישע קולטור און במילא אויך — דאָס ייִדישע פאָלק.

*

* *

לעצטנס איז אַרײַן אין דער מאָדע אַ נײַער מין ייִדישקייט — אַ שפּאַנישע. די מאָדע קומט — ווי געוויינלעך — פון די הויכע פענצטער, און דעריבער איז דאָ אַ גרויסע געפאַר, אַז נישט ווייניק סנאָבן זאָלן עס אויפכאַפּן ווי אַן אבן טוב און זאָלן עס פאַרוואַנדלען אין אַ מין נײַער „שיטה" צו ראַטעווען די ייִדישקייט...

פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון אונדז איז נישט קעגן שפּאַניש. און קיינער קען אויך נישט זײַן קעגן דעם, אַז מען זאָל באַנוצן די לאַנד־שפּראַך, כדי צוצוקומען צו דער יוגנט וואָס קען נישט קיין ייִדיש און נישט קיין העברעיִש.

פירן פּראָפּאַגאַנדע אויף שפּאַניש; זען אין דעם אַ מיטל אויפצוקלערן דער יוגנט און באַקענען איר מיט געוויסע ווערטן פון אונדזער פאָלק — אדרבא!

אָבער דאָס קען זײַן נאָר אַ מיטל און נישט קיין ציל.

דער ציל איז צו ברענגען דער יוגנט צו דער אייגענער קולטור, וואָס קומט צום אויסדרוק מיט איר אייגענער און אייגנאַרטיקער נשמה נאָר אין די אייגענע שפּראַכן.

דאָס פּראָבלעם פון דער צווייאיקער קולטור אין וועלכער מיר לעבן (די לאַנד־קולטור און די קולטור פון ייִדישן פאָלק) געהער זיכער צו די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען פון הײַנטיקן גלות. די פראַגע באַשטייט טאַקע דערין ווי אויפצוהאַלטן דעם גלײַכגעוויכט צווישן ביידע קולטורן. און ס'איז קלאָר, אַז דער גלײַכגעוויכט וועט נישט אויפגעהאַלטן ווערן אויב מיר וועלן גיין אויפן וועג פון ליקווידאַציע, נאָר פאַרקערט. וואָס מער מיר וועלן אויפהאַלטן אונדזערע אייגענע ווערטן און אונדזער גײַסטיקע אייגנאַרטיקייט, אַלץ מער וועלן מיר דערהאַלטן דעם גלײַכגעוויכט און די גלײַכקייט בכלל.

דער כוח פון ייִדיש, ווי דער כוח פון העברעיִש, איז, קודם כל, באַשטאַנען דערין וואָס זיי זײַנען שטענדיק געווען בלויז אונדזערע שפּראַכן.

אַלע אַנדערע שפּראַכן, אויף וועלכע ייִדן רעדן און שאַפן, זײַנען געגליכן צו אַ פרעמדן וואָגן אויף וועלכן ייִדן פאָרן אונטער... ער בלײַבט אָבער, דער וואָגן, שטענדיק אַ פרעמדער.

וויפל ייִדן זאָלן נישט אַרײַנגעבן אייגנס אין ענגליש און אין פראַנצויזיש, אין שפּאַניש צי אין פּאָרטוגעזיש, וועלן די דאָזיגע שפּראַכן און קולטורן דאָך בלײַבן זייערע און נישט אונדזערע.

אָבער אויפן וואָגן וואָס הייסט העברעיִש אָדער ייִדיש, פאָרן נישט קיין פרעמדע. דעריבער זײַנען די שפּראַכן פאַרבליבן דער אייגנאַרטיקסטער און אינטימסטער אויסדרוק פון דער פאָלקס נאַציאָנאַלער גײַסטיקייט, וואָס קיין שום שפּראַך קען נישט פאַרבײַטן.

אַזוי לאַנג ווי מיר האַלטן אויף די אייגענע שפּראַכן, איז דאָ אַ געמיינזאַמע אוממיטלבאַרע גײַסטיקע פאַרבינדונג פון אַלע ייִדן איבער דער וועלט.

אויף ייִדיש רעדן זיך צוזאַמען ייִדן פון בוענאָס איירעס מיט ייִדן פון ניו יאָרק און מיט ייִדן פון וואַרשע. אויף העברעיִש ווערט געשאַפן די גײַסטיקע בריק צווישן ייִדן פון דע רגאָרער וועלט מיט ישראל. דורך דער גע־

מיינזאַמער שפּראַך פאַרברידערן זיך ייִדן פון ווייַטע לענדער און ווערן זיך נאָענט.

קען דאָס זעלבע זייַן מעגלעך אויך דורך פאַרשיידענע שפּראַכן?

וועלן מיר נישט שאַפן באַזונדערע שפּראַך־שבטים, אויב ייִדן וועלן פאַר זייער ייִדישקייט באַנוצן בלויז די שפּראַכן פון די ווינלענדער און נישט די געמיינזאַמע שפּראַכן פון גאַנצן ייִדישן פאָלק?

אין דער צעשפּרייטקייט פון פאָלק איבער דער וועלט האָט די געמיינזאַמע אייגענע שפּראַך געשפּילט אַן אומאָפּשאַצבאַרע וויכטיקע ראָל. זי האָט פאַראייניקט ייִדן פון פאַרשייעדענע לענדער און האָט אין אַ גרויסער מאָס קאָנסאָלידירט דאָס פאָלק, אַדאַנק דער געמיינזאַמער קולטור.

אַז לייוויק האָט געשאַפן אין ניו יאָרק, האָט ער געשאַפן פאַר אַלע ייִדן איבער דער וועלט. דאָס זעלבע — אויך אַלע אַנדערע שרייַבער און שעפערישע מענטשן, ווער און וווּ זיי זאָלן נישט זייַן.

טאַקע אַדאַנק דעם איז אונדזער קולטור געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע קולטור, מחמת זי האָט שטענדיק געזען פאַר זיך דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק און נישט בלויז שטיקלעך און ברעקלעך זייַנע.

די שפּראַך־אַנדערשקייט צווישן אשכנזישע און ספרדישע ייִדן האָט נישט ווינציק מיטגעווירקט צום תהום וואָס האָט זיך געשאַפן צווישןביידע טיילן פון אונדזער פאָלק. געווען אויך אַנדערע סיבות וואָס האָבן דערצו גורם געווען. אָבער די שפּראַך איז אפשר די וויכטיקסטע סיבה.

דאַרפן מיר איצט שאַפן נייַע תהומען צווישן די ישובים, וואָס וועלן זיך צעשיידן לויט דער צאָל פון די שפּראַכן וואָס וועלן גערעדט אין די פאַרשיידענע לענדער ווו ייִדן וווינען?

פאַראַן אויך אַנדערע מניעות, וואָס רעדן קעגן אָט דעם „לייַכטן וועג" פון אַ ייִדישקייט אויף דער לאַנדשפּראַך. מחמת קודם כל וועט די ייִדישקייט גופא ווערן פיל מאָגערער און די גאַנצע שעפערישקייט אירע וועט אייַנגעשרומפּן ווערן נאָר צו איין צווייַג — צו יודאַיזם.

אָבער ייִדישע שעפערישקייט איז נישט בלויז יודאיסטיק, און זי קען קומען צום אויסדרוק פול און גאַנץ נאָר דעמאָלט ווען זי וועט אויפהאַלטן איר אייגענע נשמה און אויך איר אייגן פּנים; איר אייגענע פאַרב און דעם אייגענעם קלאַנג, וואָס מוז פאַרלוירן גיין, אויב מען שפּילט נאָר אויף פרעמדע אינסטרומענטן...

ווילנדיק, צי נישט ווילנדיק, פירט דער דאָזיקער „לייַכטער וועג" גיכער צו דער אינטעגראַציע אין דער לאַנד־קולטור, ווי צו די קוואַלן פון דער אייגענער ייִדישער שעפערישקייט.

מיר זאָגן עס איצט, כדי עס זאָל זייַן קלאָר, אַז אויב מיר ווילן אויפהאַלטן אַ פולבלוטיק ייִדיש קולטור־לעבן, מוז די ייִדישע שול געפירט ווערן ניט אַנדערש ווי נאָר אויף די אייגענע שפּראַכן — ייִדיש און העברעיִש. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס באַציט זיך צו די ייִדישע לימודים, צו דער ייִדישער בילדונג און דער־ציונג, ווי צו אַלע ייִדישקייט־ווערטן בכלל, וואָס דאַרפן אייַנגעפלאַנצט ווערן אין די מוחות און נשמות פון אונדזער־ע קינדער.

וואָס שייך דעם וועג צו „ייִדישקייַט", איז בדאי אפשר צו געדענקען ביאַליקס זאָג:

זאָל זייַן אויף ייִדיש, זאָל זייַן אויף העברעיִש, אָבער נישט אויף גויִיש.



קעהאָס קליגער / בוענאָס איַרעס

# אַפריקאַנער מאָטיוון

## מאַמאַדו און פאַטו

מאַמאַדו וויל פאַטון פאַר אַ ווײַב,
זאָגט האַידאַראַ, איר טאַטע — ניין!
סטײַטש, ער איז דאָך בלינד ווי אַ קראָט,
איז וויל ער נישט באַשטיין.

אַ בלינדער חתן, — ברומט האַידאַראַ, —
נאָך דאָס האָט מײַן טאָכטער געפעלט!
ווי אַ למך וועט ער טאַפּן די ווענט
און מיינען ס'איז נאַכט אויף דער וועלט.

נאָר מיט שוואַרצע טרערן גיסט פאַטו:
„דערהרגע נישט צו פרי דײַן קינד!
כ'האָב אים ליב, דעם יינגל מאַמאַדו,
כאָטש איזן איז ער מיר בלינד.

כ'שווער דיר, באַווו, מירן האָבן זין,
אפשר זעקס, אפשר גאַנצע צען —
מיט אויגן ווי אין דאַקאַר די זון,
מיט אויגן — וואָס וועלן זען.

באַקוק מײַנע ברוסטן, האַידאַראַ,
זע, זיי זײַנען קנייטשיק און אַלט;
כ'האָב דאָך דרײַצן זומערס געלעבט
און טאַקע דעם פערצנטן באַלד — — —"

און אויך מאַמאַדו, דאָס יינגל וויינט:
„אַ בלינדער וויינט אויך — יאָ־יאָ!
האַידאַראַ, נישט מײַן שולד, אַז גאָט
איז אין מײַנע אויגן נישטאָ.

כ'בין ווי אַ באַמבוס טרוקן פון צער,
נו, טו מיר דײַן חסד אַצינד, —
נאַ דיר מײַן האַרץ און בראָט עס אָפּ,
אַבי שענק מיר פאַטון, דײַן קינד — — —"

אָבער האַידאַראַ שרײַט נײַן און נײַן
און זײַן טאָכטער כאַפּט ער צו.
אַליין מיט זײַן שוואַרצן יאָמער בלײַבט
דער אָרעמער מאַמאַדו.

אויפֿן באַאָבאַב וויקלט זיך די נאַכט
און דער טוקאַן שרײַט טו־קאַ־טו.
דער פֿויגל וויינט און ס'וויינען מיט אים
חתן־כּלה מאַמאַדו און פֿאַטו.

# מאַמאַדו בעט צו גאָט

„נ'גאַקאָראַ, כ'בין פֿון סענעגאַמביאַ,
כ'האָב געהאַט אַ מאַמען, וואָר!
אַ טיגער האָט זי מיר אויפֿגעפֿרעסן,
ווען כ'בין אַלט געווען אַ יאָר.

און אַ טאַטן האָב איך אויך געהאַט,
דו ווייסט עס אַזוי ווי איך.
געדענקסט, דו האָסט אים מיט פֿיבער
אַרויפֿגענומען צו זיך.

איצט שטיי איך פֿאַר דיר, נ'גאַקאָראַ,
כ'שטיי אַ באַטריבטער און וויין:
כ'וויל האַידאַראַס טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב,
נאָר ער טוט זאָגן אַז נײַן.

כאָטש זען זע איך נישט, נאָר גלייב מיר,
נישטאָ נאָך אַזאַ שיינע ווי זי —
נישט אין סענעגאַמביאַ, מעדינע
און אפֿילו אויך נישט הי.

וואָר, כ'האָב נישט קיין שום לאַבאָלאַ
צו געבן האַידאַראַן פֿאַר איר;
זאָג מיר, איז דען ווייניק דאָס האַרץ,
וואָס נאָך וויל ער פֿון מיר?" — — —

אין מעטשעטל איז שטיל. נ'גאַקאָראַ,
זײַן גאָט פֿון עבאַנהאָלץ איז שטום.
בײַ זײַנע אַלטע פֿיס ליגט מאַמאַדו
און גלעט זיי און קושט זיי פֿרום.

מאַמאַדו איז בלינד. זײַן גאָט — שטום.
און שלעכט איז האַידאַראַ, שלעכט — — —
בליפּעט מאַמאַדו אין שוואַרצן וויינט
דורך די טיפֿע דזשונגל־נעכט.

טײַטשווערטער: באַוווּ — פֿאָטער, עלצטער; באַאָבאַב — אַ בוים אין אַפֿריקע; טוקאַן — אַ מין פֿויגל; נ'גאַקאָראַ — גאָט; לאַבאָלאַ — אויסשטײַער, נדן.

**א. ריוועס** / קרית שלום—ישראל

# באַשערט



שוסטערמאַן, דער טאַפּיצירער, ווען ער פּלעגט ענדיקן צו מײַסטרעווען מיט זײַנע געהילפן דעם גאַרניטור קאַנאַפּעס און טיפע פאָטעלן, דראַפּירטע מיט לוקסוס־אַרטיקע שטאָפן, האָט ער מיט צופרידנקייט אַ פיר געטאָן זײַן בינטל פינגער איבערן ברוין־לאַקירט בערדל — און וואַרפנדיק אַ בליק אין שפּיגעלע בײַ זיך אין פאַבריקל, האָט ער זיך דערזען אַזוי ענלעך צום באַבערדלטן ספּיקער אין ראַדיאָ. יענער באַצויבערט די צוהערער מיט פּערלדי אין ראַדיאָ. יענער באַצויבערט די צוהערער מיט פּערלדיקע רייד, זײַנען מחיה נפשות, ממש ווי ער וואָלט זיי געוויגן ווי גאָלד־שטיקלעך.

שוסטערמאַן, דער טאַפּיצירער, זעט זיך אויך פאַר אַ גרויסן קינסטלער אין זײַן פאַך. — אדרבא — טראַכט ער זיך — זאָל יענער פּרווון באַשאַפן אַזעלכע מלכותדיקע סאַלאָן־מעבל? אַ פּײַג וועט ער קענען! איז ער טאַקע פאַרליבט אין זײַנס אַ שטיקל אַרבעט, נאָר ער אַליין וויים דעם סוד, וואָס ער כישופט אַרײַן אין די ספּרענדזשינעס און אויסבאַהאַלטענעם אינגעווייד. ווער עס זעצט זיך אוועק אויף זײַנס אַ געבעטעכץ — גיט עס אים אַ הויב אונטער ממש ביז צו דער סטעליע — האָ־וואַ סאַ מאַדים פון אַ מײַסטער!

אַז ער איז שוין מוכן ומזומן אַוועקצופירן די פּאַרטיקע סחורה פאַר זײַן קונדשאַפט, וואַרפט ער אַרונטער פון זיך די בלויע אַרבעטס־בגדים און באַווײַזט זיך אויסגעשלײַערט עלעגאַנט אינעם געסל נישט ווײַט פון זײַן פאַבריקל, דאָרט זיצט זײַן באַלעגאָלע אויבן־אָן אויף דער פּלאַטפאָרמע — גרייט צו דער נסיעה.

— אדוני הפּראָפעסאָר! — גיט דער באַלעגאָלע זיך אַ טרייסל אויפן געזעס — איך וואַרט דאָך שוין אויף אײַך פון שחרית אָן, לאָמיר שוין זען אַ לעבעדיקע מטבע פאַר די אויגן...

דער טאַפּיצירער זעט זיך דווקא ביז גאָר דערהויבן פון דעם באַלעגאָלעס רייד, ער וואַקסט בײַ זיך אויס מיט אַ צען קעפּ העכער — וואָרען עס פּאַסט אים אפשר נישט מיט זײַן הדרת פּנים צו זײַן אַ גײַסט־מענטש?

איינמאָל ווען דער טאַפּיצירער האָט זיך באַוויזן אין געסל באַשטעלן דעם באַלעגאָלע אַוועקצופירן אַ גאַרניטור מעבל, האָט ער זיך געכאַפּט אַז אויבן אויף דער פּלאַטפאָרמע זיצט עפּעס נישט זײַן שטענדיקער באַלעגאָלע — נאָר גאָר אַן אַנדער פּאַרשוין, אָט דער נײַ־געבאַקענער באַלעגאָלע האָט אים אַזוי דורכדרינגלעך און טשעקאַווע דורכגענומען מיט די אויגן, אַ פאָטאָגראַפיר געטאָן דעם טאַפּיצירער מיטן נגידישן בערדל.

— איר זוכט אַוודאי גימפּלען, אַ יאָ — האָט ער צו אים אַראָפּגערעדט פון אויבן.

— ווו איז ער טאַקע? — איך דאַרף איצט אַוועקפירן מעבל אויפן צפון.

— גימפּל איז אַוועק אין בראַזיל — האָט ער אים אָנגעזאָגט די בשורה, זיך געגנט מיט דער מדינה און אַראָפּ פון מאַרק... איך האָב בײַ אים אָפּגעקויפט די חזקה מיטן פערד און וואָגן — און איצט זענט איר מיט מזל מײַנס אַ קונד.

— הערסט אַ געשיכטע? — האָט דער טאַפּיצירער זיך אַ גלעט געטאָן איבערן בערדל — זיך גאָרנישט וויסנדיק געמאַכט און נעלם געוואָרן אין אַ פּראָסטן מיטוואָך...

דער נײַער באַלעגאָלע האָט זיך גאָרנישט געקענט זעטיקן און נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון זײַן ברויטגעבער מיטן לײַטישן בערדל. ער האָט זיך נישט געקענט שענקען — אויב שוין יאָ אַ ייִד מיט אַ באָרד, טאָ פאַרוואָס זשע עפּעס בגלוי ראָש? וואָס־זשע רייצט ער זיך מיטן רבונו של עולם? — אָבער ער אַליין דער באַלעגאָלע ווייסט דווקא קלאָר, אַז אין דער הײַנטיקער צעדרייטער וועלט פרעגט מען נישט קיין קשיות, והראיה — אָט איז ער אַליין נעבעך געשטראָפט געוואָרן אין לעבן: געווען אין פּוילן אַ שיינער ייִד, פון אַ חסידישער היים, אַ ייִד מיט אַ באָרד און ייִדישער קליידונג, אָבער ווי, ווי, וואָסערע פּורעניות און נגישות ער איז אַלץ אויסגעשטאַנען אין די ווילדע היטלער־יאָרן? פאַרלוירן אין

פֿיַער דאָס וויַב מיט די קינדער, פֿאַרלוירן דעם צלם אלקים... אַז ער דערמאָנט זיך אין דעם אַלעמען קומען אים אָן טרערן אין די אויגן. ווײ, ווײ, פֿאַר דער מינדסטער זאַך וואָס ער דערמאָנט זיך פֿון זײַן עבֿר הויבט דאָס האַרץ אָן צו וויינען און די אויגן ווייקן זיך באַלד אין טרערן...

— אָט האָסטו דיר אויפֿן ניכטערן פרימאָרגן טרערן...

— האָט דער טאַפּיצירער שוין חרטה געקריגן אויפֿן נײַעם באַלעגאָלע — ווען באַוויינט ער דאָ גימפּלען, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט קיין בראַזיל, ווײַל עס געפֿעלט אים נישט ארץ־ישׂראל? פֿאַר זײַן מעבל דאַרף ער נישט אַ יִדענע אַ באַלעגאָלע...

— אדוני, נעמט נישט פֿאַר אומגוט — האָט דער באַלעגאָלע ווי דערפֿילט דעם טאַפּיצירערס פֿאַרלעגנהייט — עס דאַרף אײַך נישט אַרן מײַנע טרערן, עס איז שוין בײַ מיר אַזאַ שוואַכקייט געוואָרן, עס וויינט זיך פֿון זיך אַליין — ווו דער ייִד איז שוין אַלץ נישט געווען? — האָט ער זיך אַרײַנגעטייטלט אין דער ברוסט — עס איז מיר באַשערט געווען צו בלײַבן לעבן... און עס איז מיר באַשערט געוואָרן צו ווערן אַ באַלעגאָלע... אין פּוילן בין איך עס קיינמאָל נישט געווען, אַפֿילו אין חלום אויך נישט... מעגט איר מיר גלויבן.

שוסטערמאַן, דער טאַפּיצירער האָט זיך בלית ברירה געמוזט צוגעוווינען צום נײַעם באַלעגאָלע, אַ ברירה האָט ער געהאַט? בײַ יעדער נסיעה ווען ער איז געזעסן מיטן באַלעגאָלע אויבן־אָן אויף דער פּלאַטפֿאָרמע, האָט ער געמוזט אויסהערן פֿון אים זײַנע פּאַסירונגען, וואָס איינס איז געווען שוידערלעכער פֿאַרן אַנדערן, און אַלעמאָל האָט ער צוגעגעבן, אַז דאָס אַלץ וואָס ער דערציילט אים איז געגליכן נישט מער ווי אַ טראָפּן אין ים — אין אַזוי פֿיל גיהנומס איז ער שוין געווען.

זעט אויס אַז שוסטערמאַן איז געווען מער מבֿין אויף זײַנע ספּרענזשינעס און אינגעווייד, ווי אויף זײַן באַלעגאָלע, אָט זעט ער פֿאַר זיך אַ פֿאַרשוין מיט שאַרפֿע דורכדרינגלעכע אויגן, דורכגעלעבט אַזוי פֿיל מערדערײַען אין די לאַגערן. יענער — טראַכט ער — האָט שוין געדאַרפֿט ווערן פֿאַרהאַרטעוועט ווי אַ שטיין, און דאָ פּלוצים באַקומען דעם באַלעגאָלעס אויגן גאָר אַן אַנדער מראה, די אויגן־דעקלעך ווערן אָנגעגאָסן מיט בלאָער רויטקייט — אָט באַלד פּלייצן שוין טרערן...

— הערט מיר אויף צו פּישטשען מיט די אויגן — גיט דער טאַפּיצירער אַ קער דאָס בערדל צום באַלעגאָלעס פּנים — מײַנע קונדן האָבן ליב טרוקענע פּאַטעלן, איר הערט?

דער באַלעגאָלע טרײַבט דעם פֿערד איבער דער טומלדיקער גאַס אין געיעג פֿון מאַשינען און אויטאָבוסן. ער טראַכט מיט ביטול וועגן זײַן ברויט־געבער — וואָס ווייסט אַזאַ איינער וואָס מיר „קאַצעטלער" האָבן איבערגעלעבט? זיך געזעסן אַלע יאָרן דאָ אין דעם גן־עדן און פֿאַרמאָגט אַ געמיט צו פּוצן זיך דאָס בערדל.

— אוי־וויי — האָט ער טיף אַ זיפֿץ געטאָן. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט יענע גוטע יאָרן אין פּוילן פֿאַר דעם ווילדן מבול. נו־יאָ — טראַכט ער — אַז ס'איז באַשערט קומט עס אין שטוב אַרײַן. איינעם איז באַשערט פּאָבעט ער מיטן שיועדה, און דער אַנדערער, להבֿדיל, פּאָבעט זיך מיט אַ פֿערד... נו־יאָ, בין איך געוואָרן אַ באַלעגאָלע אין ארץ־ישׂראל...

„בין איך געוואָרן אַ באַלעגאָלע אין ארץ־ישׂראל" — מיט דעם־אָ פּזמון פֿלעגט ער אָפּט אַרײַנקומען אין פֿאַבריקל אַ שמעק טאָן אויב דער טאַפּיצירער האָט שוין פֿאַרטיק פֿאַר אים אַוועקצופֿירן סחורה, ער האָט זיך דורכגעשטופּט צום פֿאַבריקאַנט מיטן פֿראָפּעבאָרייש בערדל דורך שטויסן קופּער־בלענדנדיקע ספּרענזשינעס, פּעק מיט וואַטע און שטויסן ים־גראָז. ער איז שוין געוואָרן מיטן פֿאַבריקאַנט מער היימישער און תמיד געהאַט אַ נויטווענדיקייט זיך אַראָפּצורעדן פֿון זײַן אָנגעווייטיקט האַרץ, און פֿון אינעווייניק שפּאַרט אַ קוואַל טרערן צו די אויגן — און עס ווערט אים אַ טראָפּעלע לײַכטער אויפֿן געמיט.

— איר הערט אדון שוסטערמאַן — האָט ער איינמאָל צו אים אַ זאָג געטאָן — מײַן פֿאָטער, זכרונו לברכה, האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין באַזונדערן דרך־ארץ פֿאַר אַ באַלעגאָלע, ער האָט ממש געווייכט פֿון אַזאַ איינעם וואָס האָט צו טאָן מיט אַ פֿערד און וואָגן... און דווקא מחמת דעם וואָס ער האָט נישט געליטן אַזאַ סאָרט מענטש, איז ער בעוונותינו הרבים געשטראָפֿט געוואָרן מיט דעם פֿלעק אין דער מישפּחה...

דער טאַפּיצירער האָט מיטאַמאָל אויפֿגעהערט צו קלאַפּן מיטן פֿלינקן האַמערל די טשוועקלעך אין געוואַנד. מיט פֿאַרקלעמטע טשוועקלעך צווישן די ליפּן האָט ער אָנגעשטעלט אויפֿן באַלעגאָלע אַ פּאָר נשתוממדיקע אויגן.

— טאָ הערט אַ געשיכטע — האָט דער באַלעגאָלע ווײַטער פֿאָרגעזעצט.

— מײַן עלטערער ברודער, ער איז שוין הײַנט אויך אין ליכטיקן גן־עדן. אים איז גראָד יאָ אָנגעשטאַנען דער יחוס פֿון צאַלקע באַלעגאָלע אין אונדזער שטעטל. ער האָט זיך געהאַט פֿאַרלאָפֿיעט אין זײַן טאָכטער ביז איבער די אויערן, און נישט אויף קאַטאָוועס, ער וועט מיט איר חתונה האָבן — האָט ער זיך אײַנגעעקשנט.

דער פֿאָטער איז געווען אויסער זיך, סטייטש אַזאַ זאַך! ער איז געפֿאָרן צום רבין זיך אַראָפּרעדן פֿון האַרצן, הערן פֿון אים אַ קלוגע עצה: סטייטש אַזאַ אָנשיקעניש, ער וועט זיך מתחתן זײַן מיט אַ באַלעגאָלע? דער פֿאָטער האָט געהאַנדלט מיט זעמל־מעל, מיט שמאַלץ, הערינג, און ענגליש געווירץ — ניין, ער וועט פֿאַר קיין פֿאַל נישט אײַנגיין אויף דעם שידוך!

האָט דער ברודער געזען אַז ער וועט נישט ברעכן דעם טאַטנס עקשנות און חסידישן יחוס — האָט ער זיך גאָר אַריבערגעקליבן צו צאַלקע באַלעגאָלע און אין איינעם געטריבן פערד און וואָגן אין נאָענטן כּרך אַרײַן.

— וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען, אדון שוסטערמאַן, ווען בײַ מײַן ברודער איז געווען ששון ושמחה, איז בײַם טאַטן געווען אמתער „תשעה־באב" — ער וויל נישט הערן און געדענקען פון אַ זון אַ באַלעגאָלע...

שוין געווען נאָך דער חתונה, און ווי עס פירט זיך בײַ ייִדן — אין אַ יאָר אַרום איז געקומען אַ קינד אויף דער וועלט. אָבער דער אין הימל פירט דאָך די מזלות פון די יצורים אויף דער וועלט, קערעוועט ער די רעדלעך ווי ער וויל, האָט ער צאַלקען דעם מחותן געמאַכט פאַר אויס באַלעגאָלע — און אים פּלוצים אַרויפגערופן צו זיך אין די הימלען. און אָן דעם שווער, פאַרשטייט איר מיך, איז מײַן ברודער געבליבן אויס קאַפּעלויש־מאַכער— פאָרט נישט קײַן געבוירענער באַלעגאָלע געווען, נאָר אַ חסידס אַ זון.

פאַר גרויס קרענקונג און חרפּה האָט מײַן ברודער געמאַכט פּליטה קיין אַמעריקע.

— און וואָס זאָל איך אײַך דאָ לאַנג ברײַען, אדון שוסטערמאַן, אין אַמעריקע איז מײַן ברודער געוואָרן אויס באַלעגאָלע, (דאָרט גייט נישט אָן דער פאַך) נאָר אַ ביזנעס־מאַן, עס האָט אים אָפּגעגליקט, און ער האָט אַריבערגענומען צו זיך דאָס ווײַב מיטן קינד. אָבער אַז ס'איז באַשערט בין איך דאָ אין ארץ־ישׂראל געוואָרן איצט אַ באַלעגאָלע. — און מײַן טאַטע, זכרונו לברכה, האָט דאָך אַזוי נישט געקענט פאַרטראָגן אין דער משפּחה אַ באַלעגאָלע. — יאָ, יאָ, אַז ס'איז באַשערט פאָרע איך זיך איצט מיט אַ פערד...



**ישראל האָפּמאַן** — „סאַלאָמאָן רעזניק"

ש. איזבאַן

# לינקאָלנס ביינער



— .1 —

די אײַנגעשרומפּענע לוסי פּינקערטאָן האָט שוין גע־האַט אויסגעזופּט דאָס זיבעטע גלעזל סקאָטש, ווען זי האָט זיך אויפגעשטעלט פון שאַקל־שטול און זיך צוגע־זעצט צום פענצטער. דורך דער שויב האָט אַרײַנגעפּלאָסן דאָס ליכט פון אַ בלויען סעפּטעמבער־פאַרנאַכט. די זקנה איז געווען אָנגעטאָן אין אַן אַלטמאָדיש, אָפּגענוצט קלייד, באַשפּריצט פון שאַרפע קאָלירן, וואָס מען זעט בײַ פּאַזאַנען. אין דער בײַטש דיקע קרעלן איבער איר האַלדז האָבן זיך געלאָשן די לעצטע זון־שטראַלן און אין איר קראָקאָדיל־בראָש אויפן האַרץ זײַנען אויסגעגאַנגען אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן.

אַזוי איז זי געזעסן אומבאַוועגלעך. אירע אויגן־דעקלעך האָבן זיך געקלעפּט אַ מינוט צום אײַנדרימלען. די געלבע הויט איז געוואָרן שיטערער. די דרײַ וואָרצעלעך אויף דער רעכטער באַק זײַנען אײַנגעלאָפן אין די טיפע קאַרבן. די שלאַפע גערדאַנקען האָבן זיך געלאָשן, ווי די לעצטע שטראַלן פון אַ צאַנקנדיק לעבן.

בלויז איין רגע איז איר מח געווען פאַרזונקען. באַלד האָבן דער זקנה'ס אויערן וואַכע אויערן — אויפגעכאַפּט די פּרעכע רייד פון דער פּאָפּוגײַ, וואָס האָט זיך געטראָגן ווי אַ וואָרנונג פון אַ ווינקל־שטײַג.

— דו ווערסט אַלט לוסי, דו ווערסט אַלט...

לוסי, וואָס איז נאָכן זיבעטן גלעזל סקאָטש עלטער געוואָרן אויף גאַנצע צוואַנציק יאָר, האָט בײַ דער פּאָ־פּוגאַיס וואָרנונג אַראָפּגעשאָקלט פון זיך די שלאָפקייט. אירע אויגן האָבן זיך ברייט געעפנט. די גאָז־לעכער האָבן געשנאַפּט. די געהער הײַטעלעך, ווי האַטשעקעס, זײַנען גרייט געווען אויפצוכאַפּן די הייזעריקע קלאַנגען. ווער האָט אַרײַנגעלייגט די מיאוסע ווערטער אין דעם מויל פונעם קאָלירטן פויגל? ווער האָט אײַנגע'חזר'ט דעם ליגן? — האָט איין פראַגע פאַרדעכטיקער פון דער צווייטער זיך געקייקלט אין אירע געהירן. דאָס איז דאָך ריטאַ, די אייפערזיכטיקע שכנה, וואָס האָט לוסי'ן איבערגעעל־טערט מיט גאַנצע זיבן יאָר, אָבער איז געבליבן הינטער־שטעליק אין לעבנס־חכמה ווי אַ נישט־דערבאַקן קינד.

אין איר פיבערדיקן מח, וואָס האָט געאַרבעט פלינק ווי אַ ווינט־מיל, האָט לוסי אַרויפגעלייגט אויף איין וואָג־שאָל אירע דרײַ און אַכציק יאָר און אויף דער צווייטער — ריטאַ'ס נײַנציק יאָר. איר, לוסי'ס וואָג־שאָל האָט אַריבערגעוווגן. נישט אין די יאָרן, נאָר אין די אַוואַנ־טורעס. אינעם האַסטיקן לעבן ליגט דאָס געוויכט. און לוסי'ס יאָר זײַנען פול מיט אַוואַנטורעס, ווי די אָזיערע אין דרויסן איז פול מיט פיש. לוסי האָט געהאַט שטורמי־שע יאָרן נישט בלויז אין ניו יאָרק, נאָר אויך אין שיקאַגאָ, אין ספּרינגפילד. אירע ווילדע פירונגען האָבן געקראָגן אַ נאָמען איבער גאַנץ אילינאָי.

— דײַנע ווילדע פירונגען האָבן געהאַט אַ נאָמען איבער גאַנץ אילינאָי? — האָט אַ טענה ווי אַ זלידנע פליג געקלאַפּט איבער אירע אויערן.

— יאָ, מײַנע פירונגען! — האָט די זקנה געוואָלט פאַרטרייבן פון איר געהער די זלידנע פליג.

— האָסט פאַרגעסן לוסי, אַז דו האָסט באַלאַנגט צו דער שיקאַגער אונטערוועלט. ביזט געווען די געליבטע פון דעם געלט־פעלשער טערענס מיולען — האָט די טענה ווײַטער אַרײַנגעכיקעט אין אירע אויערן.

— כ'בין געווען זײַן ווײַב! — האָט לוסי פּראָטעסטירט, וועלנדיק אויפכאַפּן פון וועלכן ווינקל דאָס קול קומט.

— מיולען האָט נישט געהאַט קיין געזעצלעך ווײַב — האָט דאָס קול זיך געדרייצט — ער איז געווען אַ פּרויען־יעגער. וויפיל חדשים אין יאָר, אַזוי פיל מעטרעסעס. דער יאָגד אויף פרויען איז בײַ אים געווען פּונקט ווי דאָס פעלשן געלט. אַ ווילדע פרייד, אַ געהירן־פאַרגעניגן. און דו, לוסי ביזט בלויז זײַנער אַ פאַנג — — — —

דאָס קול איז אַנטשוויגן געוואָרן. די אַלטע לוסי האָט זיך אויסגעבויגן, בעסער זיך אײַנגעהאָרכט. דאָס רייצן זיך האָט ווי געטאָן. די באַלייידיקונג האָט געבריט. איז עס אמת, אַז גײַסטער צעלייגן זיך ווי שפּינוועבס אין די ווינקלען פון איר צימער?

פון דער סטעליע זײַנען אַראָפּגעקראָכן שאָטנס און אײַנגעשלונגען די לעצטע ליכט־פלעקן, וואָס זײַנען געהאנגען אויף די פענצטער־ראָמען. פון די אויסגייענדיקע זון־שטריפן איז קיין שפור נישט געבליבן. די פּאָר צעוווּגטע ביימער אין דרויסן זײַנען געשטאַנען אָן רויש. די פייגל־נעסטן — אָן קלאַנג. איבער דער וואַסער־דעק פון דער פיש־אָזיערע איז געלעגן אַ גלעזערנע, גרינלעכע מאַטקייט.

לוסי האָט צוגעטראָגן דאָס סקאָטש־פלעשל צו די אויגן. ס'איז געווען ליידיק. מיטאַמאָל האָט אַ פינגער־קלאַפּערײַ איבער דער וואַנט זי אויפגעוועקט פון דער לײַכטער שכרות. זי האָט זיך אַרומגעקוקט. אין דער אָפענער טיר האָט מיט לײַכטע טריט זיך אַרײַנגעשלייכט די באַיאָרטע שכנה ריטאַ.

— חלומ'סט, לוסי?

— דאַכט זיך, כ'רייד מיט די שאָטנס...

— נישט קיין שאָטנס לוסי, לעבעדיקע קולות ריידן צו דיר — האָט ריטאַ'ס לאַכעדיק מויל זיך אויסגעקרימט ווי אַ שנאָבל — דאָס זײַנען די קולות פון לעבן. די פאַרגאַנגענהייט איז אַ פאַרשאָלטענע פעסט. זי פירט אונדז אַרויף אויף שמועסן — — —

— און דו ריטאַ? אויך דו שמועסט מיט פרעמדע קולות? — האָט לוסי געפרעגט.

— נישט אין דער פינצטער, לוסי. כ'שמועס בלויז דעמאָלט ווען כ'גיב אַ געשמאַקן זופּ. כ'זע, דאָס פלעשל איז בײַ דיר לעצטנס אַן אָפטער גאַסט — האָט ריטאַ רייידנדיק זיך דערנענטערט צום טישל, וו ס'איז געשטאַנען דאָס אויסגעליידיקטע פלעשל — געדענקסט די צײַט ווען דאָס געזעץ איז געווען קעגן אונדז? ווען מען האָט פאַרווערט דאָס ביסל הנאה פונעם ביטערן טראָפּן? געדענקסט יענע בוטלעג־טעג פון גע'גנב'עטער משקה און גע'גנב'עטער ליבע?

— איז עס געווען אַ זינד? — האָט לוסי אין פאַרלעגנהייט געשמייכלט.

— קיין טאָט אויף דער וועלט איז נישט קיין זינד לוסי, אויסער הרג'ענען און פעלשן געלט — האָט ריטאַ טײַוולאָניש געשמייכלט.

— און אַ געלט־פעלשער איז אַ פאַרברעכער?

— פּונקט ווי אַ רויבער אָדער מערדער.

— דו מיינסט אַז טערענס מיולען איז אויך געווען אַ פאַרברעכער? — האָט לוסי ברייט צעעפנט אירע פאַרלאָשענע אויגן.

אויף ריטאַס צעקנייטשט פנים האָט זיך געפּעלדלט אַ קרומער שמייכל. זי האָט קיינמאָל דעם נאָמען נישט געהערט. איר מויל, שפּיציק ווי אַ שנאָבל, האָט עפּעס געשעפּטשעט. זי האָט איר שכנ'טע באַדויערט און געטראַכט אַז זי רעדט פון וועג, אַז די עלטער איז נישט קיין וויץ, די עלטער איז פול מיט אַגאָניע. בײַ איינעם ווערט דער שכל אָפּגעטעמפּט, בײַ אַן אַנדערן אַרבעט דער מח וואַנזיניק. דער מעת־לעת איז אַ לאַנגווײַליקער ריטואַל. די פרימאָרגנס רינען אויס אינעם שלאָף און די נאָכמיטאָגס ציען זיך אָן אַ סוף. בלויז דער זוין־בעכער און די טראָפּנס סקאָטש האַלטן אויף דאָס ביסל חיות.

ריטאַ איז זיכער געווען אַז לוסי האָט הײַנט צופיל געזופט. אַ געשמאַקער שלאָף וועט אויסוועפּן דאָס שכרות. און פּונקט ווי זי איז לײַכט אַרײַנגעקומען, אַזוי האָט זי צוריק לײַכט זיך אַרויסגעשלייכט פון צימער.

לוסי איז צוריק געזעסן אין איר שאָקל־שטול, זי האָט פאַרמאַכט די אויגן. אַ זאַוויערוכע, ווי בערג מיט וואָלקנס, האָט זיך געהויבן פאַר די געשלאָסענע וויעס.

די זאַוויערוכע האָט אַראָפּגעשאַרט דרײַ און פופציק יאָר פון דער זקנה'ס עלטער. די זאַוויערוכע האָט איבערגערוקט שטעט, אויפן אָרט פון ניו יאָרק איז געשטאַנען שיקאַגאָ. לוסי, אין די צוואַנציקער איז געווען אויף די ליפּן פון אַלע רכילות־טרײַבער אין שטאָט. דער גאָט פון שיינקייט אַליין האָט אָנגערירט מיט זײַנע צויבער־פינגער איר יונגען קערפּער. דאָס לעבן איז געווען אַ שטענדיקער טאַנץ. יעדער ליבע־עפּיזאָד — אַן אַוואַנטורע. דער מאָרגן האָט נישט אָנגעזאָגט קיין עלטער. דער מאָרגן איז געווען אַ לוסטיקע מעלאָדיע, אַ ווינטלדיק בלעטל אינעם טאָג־בוך פון פרייד. קיין נאָכלויפער האָבן נישט געפעלט. יעדער טעלעפאָן־רוף איז פאַר איר געווען אַ רוישיקע מוזיק. יעדע באַגעגעניש — אַ געטראַנק וואָס פאַר'שכור'ט.

לוסיס'ס טירן זײַנען געוואָרן אָפּגעשלאָגן נישט בלויז פון די שיקאַגער לעב־יונגען, רײַכע פרויען־יעגער, נאָר אויך פון ניו־יאָרקער מאַטראָסן און ים־וועלף. פאַר די ים־וועלף האָט לוסי זיך געשראָקן. זי האָט געוווּסט אַז זיי רויבן — פּונקט ווי אַמאָל די פּיראַטן — אוצרות און פרויען. און זי האָט אויסגעמיטן די ווײַן־קעלערס וווּ די ים־רויבערס זײַנען געקומען נאָך זייער פאַנג. לוסי האָט נישט געקענט בײַשטיין דעם דורשט נאָך ליקער, נאָך סקאָטש. ליקער האָט געצונדן דאָס בלוט און סקאָטש

האָט געטריבן די אַגאָניע פון אַלט ווערן. און זי האָט געזופּט פולע ווײַן־בעכערס בײַ די באַר־טישן. איינמאָל האָט דער באַר־אייגנטימער טערענס מיולען, אַ מאַנסביל מיט מוסקולן אין די הענט און מיט ביילן אויפן פּנים זי אַרויפגעזעצט אויף זײַנע קניען און געזאָגט:

— אַזאַ איינע ווי דו דאַרף איך האָבן אין מײַן באַזיץ.

— צו וואָס? — האָט לוסי אַן איבערגעשראָקענע אָנגעקוקט דעם שטאַרקן מאַנסביל.

— צו מאַכן אוצרות!

— וואָס פאַראַ אוצרות?

— כ׳בין אַ געלט־פעלשער, לוסי. און דו דאַרפסט עס וויסן. וואָלט איך געמעגט, וואָלט איך דײַן שיינעם קאָפּ, ווי אַ קרוין, אָפּגעדרוקט אויף די בלויע באַנקנאָטן. אַזוי אָבער וועט דײַן קאָפּ היטן אונדזער באַנדע. דײַנע אויגן וועלן פאַרפירן אַלע גהיים־אַגענטן וואָס יאָגן זיך נאָך אונדזערע שפּורן — — —

לוסי וואָס האָט מורא געהאַט פאַר ים־וועלף, פאַר פּיראַטן וועלכע רויבן פרויען און אוצרות — האָט זיך נישט געשראָקן פאַר דעם געלט־פעלשער וואָס באַרויבט די רעגירונג. זי האָט אים ליב געקראָגן. זײַן פלינקע קאָנפעסיע האָט פאַרטריבן איר ווידערשטאַנד. זײַן אויסטערליש לעבן — הינטערן באַר אַ ביר־צאַפּער און הינטער דער וואַנט אַ געלט־פעלשער — האָט צוגעזאָגט אַ רײַך לעבן אָן געפאַרן.

זײַן מיאוסקייט איז אויסגערינען אונטער דער שטײַפער הויט פון זײַן האַרטן, בראָנדזענעם קערפּער. פון די ביילן אויפן פּנים זײַנען געוואָרן חן־פּינטעלעך. די מוסקולן אין די אָרעמס זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווולקאַנען, וואָס קענען צו יעדער רגע אויסברעכן און פאַרטיליקן אַלע פּאָליסלײַט פון שיקאַגאָ.

לוסי איז געבליבן צוגעבונדן צו מיולען׳ען ווי אַן אונטערטעניקער הונט.

די געהיים־אַגענטן האָבן געהאַט געבראָטענע צרות פון לוסי׳ן. אין באַר האָט זי געאַרבעט ווי אַ קעלנערין. אָבער אויף אַן אמת האָט זי געפירט אַ דרייסטע קאָנטער־שפּיאָנאַזש. זי איז געווען אַ פאַנצער פאַר טערענס מיולענס באַנדע קעגן זייערע נאָכיאָגער. איר וויגענדיקע פיגור, ווי בײַ אַ דראָטן־גייערין, האָט אַראָפּגעפירט די אויספאָרשער פון די ריכטיקע שפּורן און איר קליין זאַפטיק ווײַנשלמויל האָט פאַרדעקט די ציין פון יעדן דורכגעטריבענעם גזלן־היטער. די שיקאַגער פּאָליציי האָט קיינמאָל נישט געקענט אויפווײַזן מיולענ׳ס שולד.

.2 —

סוף מערץ ווען די ערד, אויסגעוואַשן פון שניי און פון רעגן, האָט זיך געוועקט מיט אויפגאַנג־ריחות האָט אין לוסי׳ן זיך געוועקט די פרייד פון פרילינג. זי האָט געפײַערט איר געבורטס־טאָג. מיולענס באַר איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסקעראַד־הויז. אײַנגעלאַדן זײַנען געווען נישט בלויז די שטענדיקע געסט, די טרינקערס און די קיבעצערס, נאָר אויך געקליבענע גזלן־היטער. דאָס האָט לוסי זיי פאַרבעטן צו ווײַזן אַז מיולען היט זיך נישט, אַז זײַן שענק שטייט אָפן, אַז לוסי׳ס יום־טוב איז אַלעמענס פרייד.

די מוזיקאַנטן — אַ פידלער, אַ טרובאַטש, אַ גיטאַרעציפּער און אַ פּייקלער — האָבן אויסגעשפּילט אַ רוישיקע סימפאָניע. איידער די טרויעריקע טענער פון דער פידל האָבן נאָכגעלאָזט, האָבן אויפגעשאַלט די פריילעכע קולות פונעם טרובאַטש. דערנאָך האָט געוויינט די גיטאַרע. דער פּייקלער האָט אויסגעקלאַפּט קלאַנגען ווי מלחמה־סיגנאַלן. און אונטער די פילדערנדיקע מעלאָדיעס האָט לוסי זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן באַר־טיש און גענומען אויסטאַנצן דעם טאַנץ פון דער יונג־פרוי.

אין איין אויגנבליק איז דער באַר־טיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בינע. פאַר לוסי׳ס וויגנדיקע קניען זײַנען געווען אויסגעשטעלט גלאָזן מיט געטראַנקען אָנשטאָט פוס־ליכט. איבער איר קאָפּ האָבן זיך געצונדן קאָלירטע סופּיט־לעמפּלעך ווי פלאַמענדיקע דימענטן אין אַ קרוין. לוסי האָט געטאַנצט ווי אַ כהנת אין אַן אינדישן טעמפּל. איר דינען קערפּער איז געווען געוויקלט אין בלויע שלייערן. הינטער די שלייערן אַ זײַדענער גאַרטל מיט נאָכבאָמבלענדיקע גאָלדענע פראַנזן. די פאַנטאַלאָנען ביז אַריבער די היפּטן, זײַנען געווען געשטיקט פון זילבערנע פעדים. די פלאַכע סאַנדאַלן, אויסגעבעט מיט פאַווע־פעדערן, וואָס מיניען מיט אַלע רעגנבויגן־קאָלירן.

לויט די שטילע, אומעטיקע טענער פון דער פידל האָט לוסי געוויקלט אירע אָרעמס ווי שלאַנגען. און לויט די האַסטיקע קנאַלן פון דעם פּייקלער האָט איר קערפּער זיך געוואַקלט אין קאָנוווּלסיעס. אירע דינע אַקסלען האָבן זיך געקאָרטשעט אין אַנגסטן. די היפּטן, דער בויך האָבן זיך געטרייסלט. אויף די שפּיץ־פינגער האָט זי איצט געשפּאַנט איבער דעם עק פונעם באַר־טיש, ווי איבערן ברעג פון אַן אָפּגרונט.

די סאַפּיר־אוירינגען האָבן זיך געבאָמבלט אין בלויע פּײַערן. די שימערירנדיקע האַנט־בראַסלעט האָט געפלאַמט מיט שרפות. אירע היפּטן האָבן ריטמיש זיך געוויגט און געצונדן אַלע מאַנסבילשע אויגן. און לוסי, לײַכטער פון אַ שמעטערלינג, האָט זיך געדרייט ווי אַ ווינט־מיל. זי איז געטראָגן געוואָרן אַ פלאַנץ אין שטורם.

מיולען, באַזויפן ווי לוט, איז געווען פאַרכאַפּט פון לוסי׳ס טאַנץ. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען ווי זײַן באַר איז פול מיט געהיים־אַגענטן. אַלע שלינגען מיט די אויגן לוסי׳ן. די שכרות האָט נישט אויסגעלאָשן זײַן שנאה צו די פּאָליציי־לײַט. ער האָט זיך אַ ריס געטאָן

פון זײַן שטול, מיט־אויפגעהויבענע הענט געוואָלט אָפּשטעלן דעם טאַנץ און זיך צעשריגן.

— טו דאָס נישט, לוסי. אַ באַנדע שפּיר־הינט יאָגן אונדז אַרום. זיי פאַרדינען נישט אַזאַ פאָרשטעלונג.

לוסי האָט טאַנצנדיק געוואָרפן אירע בליקן איבערן באַר. זי האָט זאַכט און פּאַמעלעך ווײַטער זיך גערוקט אויף די שפּיץ־פינגער. איין צי — און זי איז געווען פאַרויס. איין שריט און זי איז שיר נישט אַראָפּגעשפּרונגען פון באַר־טיש. אירע אויגן האָבן געזוכט מיולען'ס קאָפּ. אירע ליפּן האָבן קונציק דערלאַנגט זײַנע אויערן און אַרײַנגעשעפּטשעט:

— רייד גוטס וועגן דײַנע פּײַנט, מיולען. געדענק, דו האָסט זיי געבראַכט...

די ווערטער האָבן מיולען'ען אָפּגעמאָסטן ווי מיט אַ האַק. פײַערלעך פון פאַרדאַכט האָבן זיך געצונדן אין זײַן לויזן מוח. איז לוסי מיט אים? אָדער שפּיאָנירט זי פאַר די שפּיר־הינט? זײַנען דאָס סיגנאַלן צו די אַגענטן, וואָס לויערן ווי אַ מִשאַטע יעגערס אויף זײַנע מענטשן, כּדי זיי אויסצופאַנגען איינעם בײַ איינעם?

דער פאַרדאַכט איז איבערגעגאַנגען אין אייפער־זוכט. פלעמלעך פון שגעון האָבן געברענט אין זײַן קאָפּ. די זיכערקייט אַז די דעטעקטיוון האַלטן אים אין אַ פּאַסטקע, האָט אים גערופן צו אַן אָפּענעם געפעכט. דאָס שטיין פּנים אל פּנים מיט זײַנע שונאים וואָס יאָגן זיך נאָך אים אַזוי לאַנג, האָט אים באַפרײַט פון דער שרעק, פון דעם שטענדיקן שפּיל אין באַהעלטעניש. ער האָט זיך גערוקט צו לוסי'ן שווער־לעפּיש ווי אַ גאָרילאַ און געשיפּעט:

— האָסט מיך אויסגעגעבן, לוסי! דײַן צונג איז געוואָרן לויז ווי מײַן קראַנקער צאָן. און איך האָב געמיינט אַז דו שיצסט מיך ווי אַ פּאַנצער. איצט קענסטו זיך בלויז אויסקויפן לוסי, ווען דו וועסט פאַר די יאָג־הינט אַראָפּוואַרפן פון זיך דײַנע שלייערס.

די איבערגעשראָקענע לוסי האָט נישט דערקענט מיולענס כריפּנדיק קול. זי האָט אויפגעהערט טאַנצן. דער טרובאַטש האָט אָפּגעשטעלט דאָס בלאָזן. די פידל האָט אויפגעהערט קרעצכן און מיולען, ווילד און צעררייצט, האָט ווײַטער געשיפּעט.

— וואַרף אַראָפּ דײַנע שלייערן, לוסי. דײַן באָס הייסט אַזוי, טערענס מיולען הייסט. וועסט זיך שטעלן פאַר די הינטישע זין נאַקעט, ווי אַן אָפּגעשיילטע באַנאַנע. וועסט זיי פאַרשפּילן אַזוי לאַנג, ביז מײַנע מענטשן וועלן באַוואַרנען איינער נאָכ'ן אַנדערן צו אַנטלויפן. ס'איז געווען ביטער אַז דו האָסט מיך, זייער קאָפּ אויסגעגעבן. און ס'איז אַ שאָד לוסי, וואָס אין אילינאָי לינטשט מען נישט קיין פאַררעטער.

מיולענ'ס שיפּענדיקע רייד זײַנען געווען געגוג הויך, אַז אַ דעטעקטיוו קעגנאיבער דעם באַר־טיש זאָל זיי אויפכאַפּן. קוקנדיק אויף זײַן פאַרדעכטיקער מינע האָט איינער צווישן די געלט־פעלשער, אַ צעטומלטער זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ. אים האָבן נאָכגעטאָן די איבעריקע פון דער באַנדע. שטולן האָבן זיך גענומען פונאַנדער־רוקן. זיבן צעטראָגענע מענער האָבן געזוכט די הינטער־טיר.

די פלינקע געהיים־אַגענטן זײַנען געווען, אויף די פּיס. זיי האָבן פאַרשטעלט אַלע זײַטיקע אַרויסגענג, פאַררינגלט די פראָנט־טיר און ווי געניטע פישער געהאַט אַ פולע נעץ מיט קאַרפּן פון דער שיקאַגער אונטערוועלט.

צומאָרגנס איז די שטאָט־טורמע געשטורעמט געוואָרן פון אינטערעסאַנטן דורך די אַרעסטאַנטן. זייער קאַצן־יאָמער איז געשטיגן ביז צום הימל. די פּאָליציי האָט פלייסיק געזוכט שטאַרקע באַווײַזן. מען האָט די געפאַנגענע נישט געטאָרט האַלטן פאַרשפּאַרט אָן אַן אָנקלאַגע און מען האָט מורא געהאַט זיי אַרויסצולאָזן. לוסי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שלייערס. זי האָט אָנגעטאָן אַ קאָלירט פּאַזאַן־קלייד און לויט אַ געריכט־קאָדעקס וואָס פאַרווערט צו פאַראורטיילן מענטשן בלויז אויף אַ פאַרדאַכט, האָט זי באַפרײַט דעם רײַכן פאַנג פון די יעגערס הענט. געבליבן אין טורמע איז בלויז איינער, בען באָיד, דער עקספּערט פון פאַלשן געלט, אַ צעטומלטער פאַרשוין, אין וועמעס קעשענע מען האָט געפונען די פּלאַטן צו דרוקן די דאָלאַר־אַבינאַציעס.

טערענס מיולען האָט זיך אַליין געשאָלטן מיט ביטערע קללות, וואָס ער איז געווען אַזוי גענאַרט און פאַרדעכטיקט לוסי'ס געטרײַשאַפט. ער האָט זי איצט געהאַלטן נישט בלויז פאַר אַ געליבטע, אַ פאַרווײַלערין אין באַר, נאָר אויך פאַר אַ ראַטגעבערין, לוסי האָט אים מוחל געווען זײַן שלעכטע באַהאַנדלונג און אים געטרייסט.

— איצט זע איך אַז דו ווערסט אַלט, מיולען, און איך וועל דיך מוזן צערטלען. עס איז אמת דער שפּרוך, אַז אין דער יוגנט דאַרף די פרוי זײַן פאַרן מאַן אַ געליבטע, אין די מיטעלע יאָרן — אַ חברטע און אויף דער עלטער — אַ קראַנקן־שוועסטער, וואָס צערטלט.

— 3. —

אונטער לוסי'ס בליקן איז מיולען געוואָרן געהאָרכזאַמער, געצוימטער ווי אַ גוט טרענירטער לייב. אָבער זײַן הונגער נאָך אַוואַנטורעס האָט זיך נישט געשטילט. לוסי האָט אים נישט געוואָרנט אַז זײַנע פּלענער וועלן אים פאַרשיטן, אירע שטרענגע אויגן וואָס האָבן געזאָלט אים אָפּהאַלטן פון פאַרברעכנס, האָבן נאָכגעגעבן, ווי מען גיט נאָך אַ צעלאָזן קינד. איר ציינגל וואָס האָט געזאָלט אים איינטראָפּן, האָט אים איבערגעבעטן, ווי מען בעט איבער אַ באַליידיקטן ברודער. מיולען האָט קיין איין טאָג נישט פאַרגעסן אָן די געהיים־אַגענטן. סוף־זומער האָט ער איינמאָל שטייענדיק הינטער זײַן באַר־טיש זיך אָנגערופן:

— מײַנע מענטשן זײַנען אָן אַ שטאָך אַרבעט, לוסי

אונדזער עקספּערט, דער פּלאַטן־מאַכער איז פאַרשפּאַרט און עס איז נישט די טבע פון שיקאַגער ריזיקאַנטן צו זיצן ליידיק, כ'האָב אַ פּלאַן, לוסי, אַ פּלאַן ווי נקמה צו נעמען אָן דער פּאָליציי.

— נקמה צו נעמען? — האָט לוסי געפרעגט.

— זיי האָבן דאָס פאַרדינט, די יאָג־הינט! — האָט מיולען זיך געהיצט — און די נקמה וועט זײַן אַ צווייפאַכיקע. כ'וועל זיי צווינגען צו באַפרײַען אונדזער עקספּערט און מיר וועלן דערבײַ נאָך מאַכן אַ שווערע אַפּותיקאַ.

— ביזט אַ פאַנטאַזיאָר! — האָט לוסי געלאַכט

— כ'בין אַ ריזיקאַנט. כ'שטעל אײַן מײַן קאָפּ. אָבער איך פאַרליר אים קיינמאָל נישט. ווילסט הערן? כ'גיי אויספירן אַ רויב. כ'וועל צוגנבענען די ווערטפולסטע זאַך וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט. און כאָטש דער קעגנשטאַנד איז גוואַלדיק קאָסטבאַר, וועט פון דער גנבה קיין מענטש אין אַלע אַכט און פערציק שטאַטן נישט לײַדן. און אויסלייז־געלט וועל איך מאָנען אַ פאַרמעגן.

לוסי, צוגעוווינט צו מיולענס קאַפּריזן, האָט איצט נישט באַנומען זײַן אײַנפאַל, נישט פאַרשטאַנען זײַן משוגענעם פּלאַן און געזאָגט:

— ביזט אַ פאַנטאַזיאָר!

טערענס מיולען האָט נישט פאַרטראָגן לוסיס גרינגשעצונג, זײַן בראָנדזענער שטערן האָט זיך געוואָלקנט, אין די אויגן האָבן זיך געצונדן בליצן, די בײַלן אויפן פּנים זײַנען אָנגעלאָפן ווי פּענכערס. און די רייד זײַנען געוואָרן היציקער:

— מען זאָגט, אַז פאַרברעכן האָט אַ סך אינסטרומענטן, אָבער דער ליגן איז דאָס פּאַסיקסטע הענטל דערצו. כ'וועל זיך באַנוצן מיט אַ גרויסן ליגן. מײַנע מענטשן וועלן פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז אין ספּרינגפילד האָט מען אַנטדעקט גאָלד. קיין גאָלד־זוכער וועלן נישט פעלן. גאַנץ ספּרינגפילד וועט זיך גראָבן אינעם בויך פון דער ערד, אָבער דאָס וועט זײַן אַ פאַרפירעניש, זיי וועלן גראָבן אין דער ערד פון ספּרינגפילד און מיר וועלן גראָבן אין טונעל פון אוקוואַוד. אין ספּרינגפילד וועט מען זוכן אַן אוצר פון גאָלד און אין אוקוואַוד — אַן אוצר פון ביינער.

— וואָס רעדסטו מיולען? וואָס פאַר אַן אוצר פון ביינער?

— אַז דו ביזט פאַראינטערעסירט, איז גוט! — האָט מיולען ריידנדיק זיך געפּאַטשט אין זײַנע שטאַרקע הענט — הער לוסי, כ'טראָג זיך אַרום מיט אַ גרויסן פּלאַן, כ'וויל אַרויסגנבענען לינקאָלנ'ס קערפּער.

— פון קבר?

— פון דעם מאָנומענט אין אוקוואַוד.

— ס'איז אַ ווילדע פאַנטאַזיע.

— ס'איז מער ווי דאָס. ס'איז אַ משוגעת. אָבער אַז כ'וועל מײַנם אויספירן, וועט די וועלט זײַן געפּלעפט. דעמאָלט וועל איך קענען דיקטירן מײַנע באַדינגונגען דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן.

— דו וועסט דיקטירן באַדינגונגען אין וואַשינגטאָן?

— איך. און די באַדינגונגען וועלן זײַן שטרענגע. ערשטנס זאָל מען באַפרײַען בען באָיד'ן, דעם עקספּערט וואָס האָט די פּלאַטן צו מאַכן פאַלש געלט. צווייטנס, זאָל מען אונדז באַצאָלן פאַר דעם שאָדן דורך דער צײַט וואָס ער איז געווען פאַרשפּאַרט. דריטנס, ווילן מיר ווי אָנשטענדיקע גוטע פּאַטריאָטן דאָס אויסלייז־געלט פאַר לינקאָלנ'ס קערפּער. און ווייסטו וויפיל דאָס אויסלייז־געלט דאַרף באַטרעפן? פינף מיליאָן דאָלער!

ווען מיולען האָט אויסגעציילט זײַנע באַדינגונגען וואָס ער וועט דיקטירן אין וואַשינגטאָן, האָט די געפּלעפטע לוסי געגלאָצט אויף אים. זײַן צערודערטקייט האָט זי געשראָקן. מיולען פאַנטאַזירט נישט, ער איז קראַנק, זייער קראַנק. אַ זיכערע אַז ער רעדט פון היץ, האָט זי פאַר אים צוגעגרייט קאַלטע קאָמפּרעסן. זי האָט געוואָלט אַרײַנגיין אין צווייטן צימער און איבערבעטן זײַן געלעגער. מיולען האָט זי צוריקגעהאַלטן:

— כ'בין ניכטער לוסי, אָבער כ'מוז ריידן. כ'קען נישט בלײַבן שטום ווי אַ פיש, ווען דער אײַנפאַל באַגײַסטערט מיך. ווען כ'זאָל בלויז קריגן איין פּאַסיקן מענטש יוי דורכצופירן דעם פּלאַן, שפּאַן איך איין די באַנדע. צו די וואַנדערער, וואָס פאַלן אַרײַן אין באַר האָב איך נישט קיין צוטרוי. אויף די אַרומשלעפּערסט קען מען זיך נישט פאַרלאָזן...

לוסי האָט געגאַפט צו דער טיר. אין אַרײַנגאַנג האָט זיך באַוויזן אַ שווערער, האָריקער יונג. ער איז געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. די צעשויבערטע האָר — קויטיק. דאָס פּנים — באַדעקט מיט שניטן. דערזעענדיק אים האָט מיולען אויפגעהערט ריידן. אויף זײַן ווינק האָט זיך צוגעשאַרט דער הויכער טאָם, מיולענס אַ לײַבוועכטער, כדי אַרומצושנאַפּן דעם פרעמדן.

טאָם האָט געשנאַפּט און געוואָפּט ווי אַ שפּור־הונט.

— פון וועלכער נעסט קומט מען?

— נישט פון קיין טויבן־נעסט — האָט דער פרעמדער אַ בורטשע געטאָן, באַשטעלט אַ טרונק און אײַנגעלאַדן טאָמ'ן — ווילסט מיטטרינקען?

— אַ דאַנק. מיר שיקאַגער גויטיקן זיך נישט אין קיין מעצענאַטן.

— דו בלאָזסט זיך? גוט, אָבער אַביסל נײַעס וועט דיר נישט שאַטן צו הערן.

— ביזט אַ קוריער? אַ פליענדיקער פלוידערזאַק?

— כ'בין בלויז אַ דורכוואַנדערער, אָבער אַ פריילעכע פּאַסירונג דערגייט שטענדיק צו מײַנע אויערן.

— וואָס פאַראַ פּאַסירונג?

— האָסט דאָך געהערט פון מאַרשאַל ביל היקאָק דעם

גאַרגל־שנײַדער פון סאוט דאַקאָטאַ? ער איז הײַנט דערשאָסן געוואָרן. און ווייסטו ווער עס האָט אים אוועקגעלייגט? דזשייק מעקאָל. ער האָט נקמה גענומען פאַר זײַן ברודערס טויט.

דער הויכער טאָם האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פּערדיש געלעכטער און גערופן אַלע באַר־זיצערס:

— העי חברה, קומט אַלע אַהער! איר ווילט הערן אַ שיינע באָבע מעשה וואָס דער פּלוידערזאַק דערציילט? מאַרשאַל היקאָק איז הײַנט דערשאָסן געוואָרן פון מעקאָל'ס ברודער.

בשעת דאָס גאַנצע הייפל מיט זויפערס האָט שוין געהאַט אַרומגערינגלט דאָס טישל, האָט מיולען זיך דורכגעשטופּט אַ וועג צום פרעמדן און זיך געבײזערט.

— זאָג וואַנדרער, ליגנערס האָבן מיר אייגענע איבערגענוג, זיי קענען איבערגעבן פון אַ בער וואָס שווימט און אַן עלעפאַנט וואָס פליט. אָבער מיר נויטיקן זיך נישט אין קיין אָנגעלאָפענע רכילות־טרײַבער וואָס דערציילן אַזעלכע נישט געשטויגענע מעשיות.

זײַן בייזער בליק האָט דעם פרעמדן געטריבן פונעם זיץ־אָרט. דער פרעמדער האָט געקוקט אויף דעם הייפל אַרום זיך, און אַלעמענס בליקן האָט געברענט שנאה און פאַרדאַכט.

— איר גלויבט נישט? איז נישט! — האָט ער פלינק זיך אויפגעהויבן און איז אַ שולדיקער אַרויסגעלאָפן פון באַר.

דעמזעלבן אָוונט האָבן אַלע שיקאַגער צײַטונגען צעפּויקט מיט פעטע קעפּ די נײַעס, אַז מאַרשאַל היקאָק איז דערשאָסן געוואָרן.

מיולען איז אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטער, ווי ער וואָלט עפּעס אָנגעוואָרן. ער האָט צוגערופן לוסי'ן.

— דער פרעמדער האָט גערעדט אמת. ער איז געווען פאַרדעכטיק, אָבער ער האָט געבראַכט אַ גוטע בשורה. ער איז איצט אַזוי ווילקאָמען ווי סאַנטאַ קלאַוז אין קריסטמעס. כ'וועל אים דאַרפן.

ס'זײַנען קוים פאַרבײַ פינף טעג און דער פרעמדער האָט זיך ווידעראַמאָל באַוויזן אויף דער שוועל פון באַר. דער איבעראַשטער מיולען איז אים אַקעגנגעגאַנגען מיט צוויי גלעזלעך עכטן סקאַטש און מיט דרײַ פאַלשע שמייכלען. ער האָט אים געוואָלט איבערבעטן פאַר דער ערשטער בייזער אויפנאַמע.

— כ'זע, מיר באַלאַנגען צו דערזעלבער קאַסטע גאָלדזוכער — האָט ער געזאָגט — פונוואַנען קומט מען?

— פון דער ווײַטער וועסט. מײַן נאָמען איז קאַרסאָן.

— ווער דאַרף דײַן נאָמען? דאָס איז נישט קיין פּאָליציי־רעקאָרד, בײַ מיר וועסטו הייסן: דער אומבאַקאַנטער, וואָס פאַרקויפסטו?

— פיר־פיסיקע בהמות.

— און וואָס האָט דיך געבראַכט קיין שיקאַגאָ?

— געקומען אויף וואַקאַציע.

— אויסרוען אָדער אויסבאַהאַלטן זיך?

— ווי דו ווילסט.

— געפעלסט מיר פרעמדער — האָט מיולען געשמייכלט — דאַרפסט אפשר אַ פּאָר דאָלער? קענסט עס בײַ מיר קריגן אָן אַ משכון.

— כ'בין נישט געבראָכן.

— גוט, אומבאַקאַנטער. קום מיך זען אַ פּאָר טעג שפּעטער. פאַראַן אַ געשעפט.

— .4 —

אויפן זיבעטן טאָג פאַרנאַכט־צו האָט דער אומבאַקאַנטער זיך אַרײַנגערוקט אין באַר. ער איז געווען פריש געגאָלט. זײַן רויטער געקעסטלטער זשאַקעט האָט אויף אים גוט געפּאַסט. אַרום דעם איבערגעלייגטן קאָלנער איז געווען פאַרפלאָכטן אַ ברייטער שניפּס, ווי בײַ אַן אַרטיסט. אויף די צעבויגענע פּיס האָט ער געטראָגן רײַטער־שטיוול. בײַם דערזען מיולנ'ען האָבן זײַנע ציין געלאַכט. דאָס לינקע אויג האָט פריילעך אַ ווונק געגעבן, ווי ביידע וואָלטן געהאַט אַן אָפּגערעדטע באַגעגעניש.

טערענס מיולען האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך ליוסי'ן און אַרײַנגעפירט זײַן גאַסט אין אַ הינטער־צימערל, נאָכ'ן אויסליידיקן די ערשטע פּאָר גלעזלעך, האָט ער אַ דריק געטאָן אויף אַ האַנט־קנאָפּ און אַ געהיים־טירל האָט זיך געעפנט. ער האָט פון אַ פאַרקראַטעוועט שענקל אַרויסגענומען אַן אײַנגעוויקלטן גרינעם בויגן מיט געבראָכענע ליניעס און צירקלען ווי אַ מאַפּע, ער האָט אויסגעשפּרייט דעם בויגן אויפן טיש, האָט אַרײַנגעשטאָכן אין די צירקלען צוויי פינגער ווי פענדלעך און געזאָגט.

— דאָס איז דער פּלאַן. די אונטערנעמונג וועט אַרײַנברענגען מיליאָנען. כ'שאַץ אָפּ גוטע אַרבעט. און אַז ס'קומט זיך צו פאַרטיילן מיט שותּפים, בין איך ברייטהאַרציק.

— וואָס ווילסטו? — האָט קאַרסאָן געפרעגט.

— כ'וויל אויסגראָבן לינקאָלנ'ס ביינער.

קאַרסאָן האָט ראַפּטום זיך אויפגעשטעלט. ער האָט מיט פאַרדאַכט אַ בליק געטאָן אויף מיולענען און זיך געלאָזט צו דער טיר:

— איך וועל בעסער גיין. משוגעת איז אַ זאַך מיט וועלכער כ'וויל נישט האָבן צו טאָן.

— דו וועסט נישט גיין, אומבאַקאַנטער — האָט מיולען געזאָגט, פאַרשפּאַרנדיק דעם אַרויסגאַנג — אַז דו וועסט מיך אויסהערן מיט קאָפּ, וועסטו דאָ בלײַבן וואַרטן ביז איך וועל דיך אַרײַנפירן אין דעם אוקוואוד־מוזעאום. נאָך אַ גלעזל, אומבאַקאַנטער?

ער האָט מיט כח צוריק אַוועקגעזעצט קאַרסאָנען און

אַרײַנגעגאָסן אין זײַן האַלדז כּקאַטש, ווי מען גיסט בוימאייל אויפֿן פֿײַער. וואָס מער דער אומבאַקאַנטער האָט געטרונקען, אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך געריסן פֿון מיולענס הענט, פּראָטעסטירט און געגוואַלדעוועט אַז ער וועט מיולענען אײַנשפּאַרן אין אַ משוגעים־הויז. דעם פֿרעמדנס גוואַלדן האָבן מיולענען אימפּאָנירט. ער האָט פֿײַנט געהאַט מענטשן וואָס זײַנען גרינג אויפֿן טראָט און פֿלינק אויף דער צונג. שטרײַטיקייט און קעגנערשאַפֿט העלפֿן גרינטלעכער אויסלייגן פּלענער. און דער אומבאַקאַנטער וועט אויפֿגעבן זײַן קעגנערשאַפֿט. מען דאַרף אים בלויז געבן צו זופּן.

בײַם אַכטן גלעזל איז קאַרסאָן געווען אײַנגעשטילט. זײַן ווידערשטאַנד — געבראָכן, ער האָט בלויז שטיל געפֿרעגט.

— צו וואָס דאַרפֿסטו לינקאָלנס ביינער?

— כ'וויל אַזויפֿיל אויסלייז־געלט, אומבאַקאַנטער — האָט מיולען באַגײַסטערט אויסגערופֿן — אַז מײַנע מענטשן זאָלן קענען הערשן איבער גאַנץ אילינאָי.

— כ'האָב געהערט אַז דער אוקוואוד־מאָנומענט איז אַ פֿאַרהעמערטע פֿעסטונג. אַרום די ווענט דרייען זיך באַוואָפֿנטע וועכטער. אויף די טירן הענגען שלעסער.

— פֿאַר טערענס מיולענען וועלן די וועכטער זיך אונטערגעבן און די שלעסער וועלן נאָכלאָזן.

— איך בין אַ מענטש פֿון טאַטן, מיולען. דײַנע פּלענער זײַנען שיין. אָבער מען דאַרף האָבן גבורים אַזוינע פּלענער דורכצופֿירן.

מיולען האָט אַרומגענומען קאַרסאָנען ווי אַ ברודער און אײַנגעבויגן זײַן קאָפּ איבערן צעוויקלטן גרינעם פּלאַן. זײַנע פֿינגער ווי שאַך־פֿיגורן האָבן מאַרשירט איבער דעם בויגן.

— עפּן די אויגן, אומבאַקאַנטער. די ליניעס זײַנען די וועגן און די צירקלען זײַנען די סטאַנציעס, וואָס פֿירן נאָך אוקוואוד. עס איז אינגאַנצן צוויי מײַל פֿון ספּרינגפֿילד. לינקאָלנס קבר איז דער אוקוואוד־מאָנומענט. דער קערפּער איז געשיצט ווי אַן עגיפּטישע מומיע אין אַן אָרון פֿון בלײַ. דער בלײַערנער אָרון איז אַרײַנגעלייגט אין אַ דעמבענעם קאַסטן. דער דעמבענער קאַסטן ליגט ווידער אין אַ טרונע פֿון מירמלשטיין. עפֿענען דעם אָרון וועט מען נישט קענען מיט קיין צויבער־שפּרוכן. עס וועלן נויטיק זײַן אינסטרומענטן. אָבער מיר וועלן אָפּשיילן דעם טויטן קערפּער פֿון די הילצערנע, בלײַערנע און מירמלשטיינערנע הויטן, ווי מען שיילט אָפּ אַ ציבעלע — — —

- רייד ווײַטער מיולען — האָט קאַרסאָן זיך געבעטן.

— דער מאָנומענט פֿון לינקאָלן ווערט באַוואַכט פֿון אַ גרײַז, אַ וועטעראַן פֿון בירגער־קריג. זעקס פֿאַרנאַכט גייט דער אַלטער שלאָפֿן. אין רעגנס און אין שנייען איז דער וועכטער פֿאַרשטעקט אין אַ זײַטיק צימערל, דאָס צימערל פֿירט דורך אַ טונעל צום אָרון. מען וועט דעם אַלטן אַפֿילו נישט דאַרפֿן דערהאַרגענען. פֿאַרבינדן זײַן אָנציייניק מויל וועט זײַן גענוג. אונטער די קלעפּ פֿון מײַנע בעסטע הענט וועלן ווענט פֿאַלן, טירן וועלן זיך ברעכן, אַ וואָגן וועט זײַן אָנגעגרייט אַוועקצופֿירן דעם קערפּער אין אַזאַ אָרט, וואָס בלויז גאָט און מיר וועלן אַפֿילו דורכפֿאַלן, בלײַבן מיר מיט גאַנצע ביינער, ווײַל אַפֿילו דורכפֿאַלן, בלײַבן מיר מיט גאַנצע ביינער, ווײַל כ'איז נישטאָ אין אילינאָי קיין געזעץ קעגן גנבֿ'ענען אַ טויטן קערפּער. וואָס זאָגסטו, אומבאַקאַנטער?

— עס קלינגט ווי אַ מעשה פֿון באַגדאַד.

— ס'וועט זײַן די מעשה פֿון אוקוואוד! ס'וועט זײַן די ווירקלעכקייט פֿון 1876. ווילסט אײַנשטעלן?

קאַרסאָן האָט אַזוי לאַנג זיך געקווײַנקלט, ביז אין זײַנע אויגן האָבן זיך געצונדן בלויע פֿײַערלעך. זײַנע האַרטע ברעמען האָבן זיך געשטייפֿט ווי דראָטן. זײַנע ציין האָבן געלאַכט און ער האָט אַרײַנגעפּאַטשט מיולענען אַ האַנט.

— איך בין מיט דיר. ווען שטעלן מיר זיך צו דער אַרבעט?

— ד'עם זיבעטן נאָוועמבער בײַנאַכט.

— אין דער נאַכט פֿון וואַלן?

— שטימט. ספּרינגפֿילד וועט זײַן געפּאַקט מיט רעדנערס, מיט מאַרק־טומלערס. די אײַנוווינער וועלן אָנפֿילן די גאַסן ווי אין אַ קאַרנאַוואַל. דער געפֿילדער וועט אַזוי פֿאַרטויבן די הימלען, אַז קיינער וועט אונדז נישט באַמערקן, ביזט אַנטשלאָסן?

— איך בין מיט דיר!

— 5. —

דעם זיבעטן נאָוועמבער בײַנאַכט האָט ספּרינגפֿילד געלויכטן מיט די פֿײַערן פֿון דער ברענענדיקער רוים, טויזנטער ליכט האָבן געצונדן די מויערן ווי אויפֿגעריסענע ראַקעטן. די געלעכטערס האָבן זיך געקייקלט מיט דער קנאַלערײַ פֿון ביקסן־שרויט. איבער די גאַסן האָט זיך געטראָגן דער גערויש פֿון אַ מעקסיקאַנער יאַריד־טאָג.

טערענס מיולען, באַגלייט פֿון קאַרסאָנען האָט אין איילעניש דורכגעשפּאַנט די טומלדיקע גאַסן, אויפֿן שטילן וועג וואָס פֿירט קיין אוקוואוד, האָבן אייניציקווײַז זיך אָנגעשלאָסן געקליבענע הענט פֿון דער באַנדע. ווען זיי האָבן דערגרייכט דאָס הינטערשטאָטישע וועלדל, האָבן זיי שוין געציילט זיבן פּאַרשוין. נאָך זיי, אײַנגעהילט אין שלייערס, איז נאָכגעגאַנגען לוסי, ווי אַ גוטער מלאך.

אַרום דעם אוקוואוד־מאָנומענט איז געווען שטיל ווי אין אַ קבֿרים־הויף, דער וועכטער, אָנגעשטעקט מיט דער פֿרייד פֿון דער שאַלנדיקער ספּרינגפֿילד, איז געלעגן שיכּור אויף דער שוועל פֿון זײַן וואַך־שטיבל. די באַנדע האָט

אים געבונדן, אַרײַנגעגאָסן אין זײַן האַלדז אַ גאַנצע קוואָרט סקאָטש און אים פאַרשלעפּט אין וועלדל. די שלעסער האָבן נאָכגעלאָזט אָן איין קרעכץ. דער ערשטער איז אין וואַך־שטיבל אַרײַן טערענס מיולען מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט. ער האָט באַפוילן.

— צוויי וועלן בלײַבן היטן דעם אַרײַנגאַנג, די איבעריקע גייען הינטער מיר. דער אומבאַקאַנטער איז מײַן רעכטע האַנט. זײַנע באַפעלן זײַנען געבאָטן. און לוסי וועט אונדז באַוואַכן ווי אַ גוט אויג.

דאָס דורכגיין דעם שמאָלן טונעל האָט געדויערט סעקונדן. מיט אײַנגעהאַלטענע אָטעמס זײַנען זיי צוגעקומען צום אָרט פון לינקאָלנס אָרון. מיולען האָט זײַנע באַפעלן אײַנגערוימט אין די אויערן פון דער באַנדע. די נעשליפענע אינסטרומענטן האָבן געאַרבעט ווי חלפים און דער אויבערשטער בלײַערנער קאַסטן איז אויפגעבראָכן געוואָרן, קאַרסאָן האָט שטראַלנדיק אויסגערופן:

— נישט אַנדערש נאָר מלאכים העלפן אונדז אַרויס.

מיולען, צופרידן וואָס אַלץ גייט ווי געשמירט איז געווען באַזאָרגט אַז די באַנדע זאָל אַרײַנפאַלן אין התפעלות. ער האָט געשעפּטשעט צו קאַרסאָנען.

— דײַן פרייד איז פריצײַטיק, אומבאַקאַנטער. באַהאַלט די באַגײַסטערונג פאַר דער טענקסגיווינג־סעודה. איצט טעמפּאָ, ברידערלעך, מער טעמפּאָ!

לײַכטע האַמערס האָבן געקלאַפּט. דינע צוואַנגען האָבן געביסן דאָס האָלץ און זאווויסעס האָבן נאָכגעלאָזט. מיטאַמאָל האָט פון אַ פינצטערן ווינקל זיך פאַרטראָגן אַ שטיל קלאַפּערײַ, ווי עמעצער וואָלט נים געקנאַקט.

— כ'הער אַ גערויש — האָט איינער פון דער באַנדע אָוועקגעלייגט דעם האַמער — מען איז אויף אונדזערע שפּורן.

— אויסדרוכטעניש — האָט מיולען זיך אָנגערופן — דער אַרײַנגאַנג איז באַוואַכט און די גײַסטער זײַנען זיך צעלאָפן בײַם שײַן פון אונדזער לאַמטערנע.

אומרויִקע האָבן די איבערפאַלער זיך איבערגעקוקט און צעפּירט זייערע הענט, סײַ מיולען, סײַ קאַרסאָן האָבן אײַנגעהאַלטן די אָטעמס. דער פאַרדאַכט פאַר מסירה און די שרעק פאַר אַ פּאַסטקע האָבן געלויערט איבער דער טונקעלער קבר־שטוב. מער ווי אַ רגע איז געווען שטיל. דערנאָך איז פון יענער זײַט וואַנט געקומען אַ קראַצערײַ, דאָס קראַצערײַ איז איבערגעגאַנגען אין אַ געפּילדער, וואָס איז געוואָרן שטאַרקער, האַסטיקער ווי מען וואָלט צענומען טירן, ווי מען וואָלט געבראָכן מויערן. מיט אַ מאַך פון דער האַנט האָט מיולען אָפּגעשטעלט די אַרבעט.

— איבערוואַרטן!

ווי נאָר די באַנדע האָט אַוועקגעלייגט די האַמערס מיט די צוואַנגען האָט אין דער לופט זיך דורכגעריסן אַ סוויסטיש, אַ קנאַל פון אַ רעוואָלווער־שאָס האָט געטראָפן אין דער לאַמטערנע. דאָס צעפּיצלטע גלאָז איז צעשאָטן געוואָרן איבערן דעק פון אָרון. אַרום איז געוואָרן פינצטער, שטאַרס פינצטער ווי אין אַ הייל.

— לאָמיר אַנטלויפן איידער ס'איז צו שפּעט — האָט קאַרסאָן אַלאַרמירט — עמעץ האָט אונדז פאַרראַטן. לאָמיר זיך ראַטעווען!

אַלע האָבן זיך געלאָזט לויפן צום אַרויסגאַנג. די טירן זײַנען געווען פאַרשפּאַרט. מיטאַמאָל האָט אַ הינטערשטע וואַנט זיך אויפגעבראָכן. אין דער עפענונג זײַנען געשטאַנען פּאָליסלײַט מיט געלאָדענע פּיסטאָלן. קאַרסאָן האָט פון שרעק אויסגעשאָסן אין דער לופט און זיך דורכגעריסן. הינטער אים זײַנען נאָכגעלאָפן מיולען און לוסי. די איבעריקע פון דער באַנדע זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון די געזעץ־היטער, ווי פיש אין אַ נעץ.

לוסי מיט ביידע מענער האָבן זיך דערשלעפּט צום וועלדל. זי האָט אַרומגעוואַשן זייערע צעקראַצטע לײַבער. זי האָט אויסגעבעטן פאַר זיי אַ געלעגער פון אָנגעבראָכענע צווײַגן, קאַרסאָן האָט געקאָכט פון צאָרן.

— דו האָסט געהאַט אַ פאַררעטער צווישן דײַנע מענטשן, מיולען. ווער איז ער?

מיולען האָט פאַרלוירן דעם ענטפער. פונעם דורכפאַל זײַנען די בײַלן אויף זײַן פּנים אויפגעלאָפן. דאָס מויל איז שטום געוואָרן. דער בלוט־דרוק האָט זיך געהויבן. ער האָט זיך אָוועקגעלייגט מיט הויכן פיבער. נאָך די ערשטע ספּאַזמען פון אויפרעגונג האָט ער צוגערופן לוסי'ן און פאַר איר אויסגעפלאַנט זײַן נקמה.

— מיר מוזן דאָ בלײַבן ביז די שפּור־הינט וועלן מיד ווערן אונדז צו זוכן, אַז כ'וועל פאַקן דעם פאַררעטער, וועל איך אים נישט דערשיסן, כ'וועל אים צווינגען אַראָפּצושלינגען גיפט־פּילן אום זײַן קערפּער זאָל נישט באַשעדיקט ווערן נאָכן טויט. און נאָך דרײַ חדשים וועט זײַן סקעלעט שטיין אין מײַן טיר ווי אַ סטראַשידלע פאַר אַלע שפּיאָנען און אילינאָי. אין זײַן שאַרבן וועל איך שאַרפן מײַן גאָל־מעסער און מיט די האָר פון זײַן קאָפּ וועל איך אָפּבאַרשטן די פלעשער אין מײַן באַר. וואָס, כ'שוויץ לוסי? כ'גיי אים נאָך אַ טרונק.

מיולען האָט שווער געקרעכצט. לוסי האָט געקילט זײַן שטערן מיט אירע פינגער. זי האָט געקוקט אין דער געדיכטער וואַלד־פינצטערניש. איבער די ביימער־קעפּ זײַנען געהאָנגען דער אָפּהילך פון דער שאַלנדיקער שטאָט ספּרינגפילד. אירע אויערן האָבן געקענט אויפכאַפּן די פריילעכע געלעכטערס וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער די גאַסן. מיט שעה'ן צוריק האָט ספּרינגפילד געלויכטן מיט די פײַערן פון דער ברענענדיקער רוים. פלאַמענדיקע ליכט, ווי אויפגעריסענע ראַקעטן האָבן געצונדן די מויערן. לוסטיקע קולות האָבן זיך געקײַקלט מיט דער קנאַלערײַ פון ביקסן־שאָס. איצט רינט אַלץ אויס, ווי עס רינט אויס די נאַכט. זי, לוסי האָבט איבער דעם קראַנקן מיור־

לען, און ער? אַ חלום האָט אויסגעוועפּט, נישטאָ לינקאָלנס ביינער! אויס מיט די צוגעזאָגטע אוצרות!

אַז מיולען איז איינגעשלאָפן האָט ער גענומען פּעסט שנאָרכן. דער אומבאַקאַנטער איז געווען וואַך. זיינע נאָזלעכער האָבן געשנאַפּט, שאַרנדיק זיך אויפן בויך, האָט ער זיך צוגערוקט צו לוסי'ן און איר איינגערוימט.

— מיולען פאַנטאַזירט. אויב ס'איז געווען צווישן אונדז אַ פאַררעטער, זיינען מיר פאַרלוירן. ער וועט אונדז אומברענגען. נישט מיר — אים, דאָ צו בלייבן איז אַ געפאַר, לאָמיר זיך ציהען טיפער אין וואַלד אַריין.

— מיולען פיבערט — האָט לוסי גערעדט טרויעריק.

— כ'וועל אים טראָגן אויף די הענט — האָט קאַרסאָן געזאָגט און זיך אויפגעהויבן פון דעם צווייגן געלעגער.

ערשט איצט האָט לוסי אָפּגעמאָסטן זיין צעוואַקסנקייט, די אויסגעזעגטע געשטאַלט האָט אַרויסגערופן שרעק, אי צוגעזאָגט שוין, זיינע אויגן, אָנגעלאָדן מיט טונקעלע פייערלעך, האָבן געבריט. אויף זיינע דיקע ליפּן האָבן געבלעזלט זינלעכע אַפּעטיטן, ער איז באַשטאַנען צו העלפן מיולענען.

אין קאַרסאָנען האָבן זיך געוועקט כוחות פון אַ לייב. ער האָט אַריבערגעוואָרפן דעם שלאָפנדיקן מיולען איבער זיין לינקן אַקסל, מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געצויגן נאָך זיך די דערשלאָגענע לוסי, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מידע, דאָרשטיקע האָבן ביידע אַריבער אַ שעה געוואַנדערט איבער דער האַרטער נאָדלערד, ביז זיי זיינען אַרויסגעקומען אויף יענער זייט וואַלד.

מיט די צעביילטע הענט האָט קאַרסאָן געגראָבן אַן אויסהויל אין דער ערד, ער האָט אַריינגעשטעקט אַן אָפּגעבראָכענעם צווייג ווי אַ פאָן און זיך דאָרט באַפעסטיקט ווי אין אַ שוץ־גראָבן.

לוסי האָט נישט געקענט איינשלאָפן ביז פאַרטאָג.

ביים אויפגאַנג פון די ערשטע ליכט־שטריפן האָט מיולען זיך איבערגעוועקט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט בייגעקומען אַ קריזיס נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. ער האָט זיך געצויגן, זיך געשטרעקט, אויסגעקנאַקט די ביינער ווי אַן אויסגערוטער בער. קאַרסאָן האָט מיט אים זיך צעקושט. און איידער די דערפרייטע לוסי האָט זיך איבערגעבויגן צו צערטלען אים, האָבן פון צווישן די הינטערשטע בוימער זיך גענומען טראָגן פאַרשטיקטע קולות. ליכט פון שיין־וואַרפערס האָבן געצונדן די בלעטער־צווייגן, האָבן גענישטערט צווישן די שטאַמען און פאַרשלונגען די פאַסן פינצטערניש. ס'האָט גערויערט בלויז מינוטן און די שיין־וואַרפערס האָבן דערטאַפּט דאָס באַהעלטעניש.

מיולען האָט פּרובירט אויסשיסן אויף די אָנלויפנדיקע פאָליסלייט און פעדעראַלע אַגענטן. קאַרסאָן און לוסי האָבן געהויבן די הענט און זיך אונטערגעגעבן. באַלד האָבן אויף די געלענקן פון די דריי געפאַנגענע געהאַנגען קייטעלעך.

מיולען איז געשטאַנען ווי אַ באַזיגטער לייב. ער האָט זיך מער נישט געוועריט. מיט די אויגן האָט ער אַריבערגערעדט צו לוסי'ן און צו קאַרסאָנען:

„האָב איך געדאַרפט בייקומען דעם פיבער, איבערשלאָפן די קראַנקהייט, נאָר כדי געפאַנגען צו ווערן פון די „יאָג־הינט".

ער האָט זיך צעברומט.

— כ'וועל געבן טויזנט דאָלער אויף צדקה, אויב מען וועט מיר אַרויסגעבן דעם נאָמען פון דעם, וואָס האָט אונדז פאַראַטן.

— ס'איז אַן אָפּמאַך, מיולען — האָט איינער פון די אַגענטן זיך צעלאַכט — און מיר וועלן אים אַרויסגעבן.

טערענס מיולען איז געווען אַ מענטש פון וואָרט. אפילו ביים טויער פון טורמע האָט ער נישט געבראָכן זיין צוזאָג. דער פעדעראַלער אַגענט האָט אויסגעשריבן אַ טשעק אויף טויזנט דאָלער און דערלאַנגט דעם אַרעסטאַנט אַ פען. און ווען מיולען האָט מיט די קייטעלעך אויף די הענט אַרויפגעלייגט זיין אונטערשריפט, איז אַרויסגעטראָטן קאַרסאָן. אויף זיינע ליפּן האָט זיך געבלעזלט אַ שמייכל. ער האָט באַפּרייט זיינע הענט פון די „בראַסלעטן" און זיך פאַרנויגט.

— איך בין לואיס ס. סוויגעל, אַן אַגענט פון דער פעדעראַלער פּאָליציי, מיין אַמט איז אויסצורויכערן די פאַרברעכער פון אילינאָי.

מיולען האָט זיך אַ וואַקל געגעבן אויף היגטערווייַלעכץ, ווי ער וואָלט געהאַלטן ביים פאַלן. פון איבעראַשונג האָט דאָס פּנים גענומען צוקן מיט קאָנוווּלסיעס. די ביילן האָבן זיך אָנגעבלאָזן, אַרום די שלייפן איז אָנגעלאָפן אַ נעץ מיט אָדערלעך, ער האָט געעפנט דאָס מויל עפּעס צו זאָגן, קאַרסאָנס צונג איז געווען פלינקער.

— קענסט גוט די געזעצן פון אילינאָי, מיולען, כ'מוז צוגעבן, מען קען טאַקע נישט באַשטראָפן אַ מענטש פאַר וועלן גנב'ענען אַ טויטן קערפּער, האָסט אָבער פאַרגעסן, אַז מען מעג יאָ באַשטראָפן פאַר אַ פאַרשווערונג צו גנב'ענען אַ טרונע, און איצט אין טורמע אַריין, טערענס מיולען, האָסט פאַרדינט אַ וואַקאַציע!

מיולען האָט זיך געלאָזט פירן פון די פעדעראַלע אַגענטן, נישט קיין באַזיגטער לייב איז נעגאַנגען, נאָר אַ געבונדענער טיגער, אַ טיגער וואָס האָט נאָך נישט פאַרלוירן די ציין, וואָס קען נאָך טשאַטעיוען, קען זיך נאָך וואַרפן אויף זיינע קרבנות און זיי אומברענגען.

זיינע בליקן, ווי פיילן, האָבן געטראָפן די באַגלייטער, זיין צונג, איינגעטונקען אין פלוך, האָט גענומען שעלטן יענע וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. ער האָט געשאָלטן קאַרסאָנען וואָס האָט אים פאַראַטן, געשאָלטן די פעדעראַלע אַגענטן וואָס האָבן אים געפירט צו דער טורמע.

ער האָט געשאָלטן לוסי'ן וואָס האָט אים נישט אויפגעוועקט אין צײַט, נאָר געלאָזט זיך איבערערדן פֿון דעם שפּיאָן, ווי חוה פֿונעם שלאַנג.

— .6 —

מיולענס קללה האָט נישט אומגעברענגט קארסאָנען, נישט אומגעברענגט די פֿעדעראַלע אַגענטן, די קללה איז אָבער נאָכגעגאַנגען לוסי'ן אַ גאַנץ לעבן, געטריבן זי צו מעלאַנכאָליע, צו גלעזלעך סקאטש און צום שאָקל־שטול.

דער שאָקל־שטול שטייט שוין אַריבער פֿערציק יאָר קעגנאיבער דעם פֿענצטער וואָס קוקט אַרויס צו דער גרינלעך־מאטער אָזיערע. און די אָזיערע איז פֿול מיט פֿיש, ווי לוסי'ס לעבן מיט אַוואַנטורעס.

לוסי האָט אַ געבויגענע זיך צוריק אַרײַנגעזעצט אינעם שאָקל־שטול און מיט שפּרוכן געטריבן די גײַסטער, וואָס האָבן זיך צעלייגט ווי שפּינוועבס אין די ווינקלען פֿון איר צימער. זי האָט געוואָרנט דעם פּאָפּוגאַי אין דער סטעליע־שטײַג. זי האָט זיך געקריגט מיט די שאָטענס אויף די ווענט.

דער בלויער סעפּטעמבער־פֿאַרנאַכט איז אויסגערונען אין די קאַרבן פֿון איר גערונצלט פּנים, און איר בײַטש געלבע קרעלן האָבן זיך געלאָשן די לעצטע זון־שטראַלן און אינעם קראָקאָדיל־בראָש אויפֿן האַרץ זײַנען אויסגעגאַנגען אַלע קאָלירן פֿון רעגנבויגן.



א. ווײַנשטיין — „לבנה־שײַן"

עליע ווערבלון / מאָנטעווידעאָ—אורוגוויי

# אַלבום

1

אַ שטערן אין דעם הימל האָט זיך אויסגעלאָשן.
געווען, געווען, און שוין נישטאָ!
דאָך פליט נאָך דורכן רוים זײַן ליכטיק־גרינער אָפּשײַן
און צו דער ערד דערגייט זײַן "דאָ", וואָס איז נישטאָ.

אַ מענטש האָט אויסגעלעבט אין שטורעם זײַנע יאָרן.
געלעבט, געלעבט, און איצט איז רו;
דאָך איז ער אין דעם לאַנד פון קבר נאָך ניט פֿאַרפֿאָרן —
ער אָטעמט נאָך, ער אָטעמט נאָך אין שטילקײַט, רו.



2

עזרא, ברודער מײַנער, עזרא!
פֿון טויטן־אַש ביסט אויפֿגעקומען ווידער,
און אויסגעשטרעקט מיט פֿרייד
די טרוקענע די גלידער
און אָפּגעשווענקט אין זון
די שאָטנס פֿון דעם קבר.
די אשן בליען אויף,
פֿון אשן ווערט אַ בלום
און טאַנצן טאַנצט אין הויכקײַט
יעדער אבר.

עזרא, ברודער מײַנער, עזרא,
געלויבט ביסטו, געלויבט איז יעדער איינער!

3

די גרויסע וועלט האָב איך פֿאַרלאָרן,
פֿאַרלאָרן
ווי אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי.
די אַלע זונען און דער קאָסמאָס
זיך האָבן אויסגעוועפּט פֿון זיך אַליין —
אַדיע אײַך אַלע גרויסיקײַטן!
געבליבן איז — נאָר איך — אַ ברעקל אדם.

אַ ברעקל אדם צווישן ברעקלעך מענטשן.
„געזאָגט האָט דער", „געזאָגט האָט יענער" —
ווי ווײַבער אויף די שוועלן,
עס ברענען נאָר די צינגער אין די קעלן.

4

כ'פֿאַרשווער דיך, ברודערל מײַנער, עזרא!
גיי נישט אַריבער דעם גדר פֿון דײַן הארץ.
אין דײַן אייגענער שטילקײַט — לעב, ווען פֿאַרגעסן
פֿון מענטשן ביסטו... אָ, עזרא, מײַן פֿרייד און מײַן צער!

5

כ'האָב געהאַט אַ וועלט,
האָב איך זי פֿאַרלאָרן.
איצטער הענג איך אין דער לופֿטן
מיט מײַן בינטל אָפּגעלעבטע יאָרן.
ווו איז זי מײַן וועלט?
ווו איז זי פֿאַרפֿליגן?
אין וועלכע פּוסטקײַטן פֿון רוים
האָט זי אַליין זיך אײַנגעזויגן?

6

ווידער וועל איך אָנפרעגן דאָס האַרץ
און ווידער הערן שוואַרצע תשובות:
— טויט ביסטו, מײַן פרעגער און מײַן האַר,
נאָר קומען קומסטו ניט צו קבורה.

7

ס'פלאַטערט מײַן נשמה
איבער ווילדע תהומען,
ווי אַ שוואַרצער פויגל,
ווי אַ שאָטן,
אימהדיק — באַרלאָרן.

8

ווי איז עס דערצו געקומען,
אַז אויסגעטריקנט האָט זיך ס'האַרץ פון שירה?

9

צו וואָס זיך האַלטן בײַ דעם לעבן
אײַנגעביסן מיט די ציין,
אַז קיין זין אין אים איך זע ניט
און גאָרנישט קען מיר ברענגען פרייד?

10

וווּהין זאָל איך גיין,
אַז דער וועג איז צו ענג?
ס'איז דער זעלבער הימל־פליין
און די ערד איז די זעלבע ווי געווען.
גאָרנישט־נײַ איז פאַראַן פאַר מײַן בליק.
דו קענסט נאָר גיין, גיין — צוריק.

11

כ'בין אַזוי ווי אַ שטיין אויפן וועג:
דער טאָג גייט איבער מיר אַריבער,
די נאַכט פאַרשטעלט מיך און פאַרדעקט
און אין באַגינען גרוי איך אויפעט ווידער.

נאָר עפּעס בין איך אַנדערש, יאָ, פון שטיין:
איך האָב אין זיך אַ שטיין־באַוווּסטזײַן,
אַ שוואַכן אָפּשײַן פון אַ מיין,
אַ מיליגראַם פון לעבן... ווי מיר דוכט זיך.

12

אויפן אַלטן מאַרק
נעבן שוואַרצן ברונעם
טאַנצן מיר אַ טאַנץ.
שאָטנס שפּרינגען, שפּרינגען,
שאָטנס פאַלן, פאַלן,
שאָטנס אין אַ קרייז.

13

דאָס ליד פון שוואַרצן קאָסמאָס,
פון שוואַרצן רונד־אַרום...
אַ ליד, אַ שוואַרצער ניגון,
וואָס קרייזלט זיך אין רוים.



שלמה סיימאָן ניו־יאָרק

# אמונה, סקעפּטיציזם און טאָלעראַנץ

ווען אַ מענטש איז באמת רעליגיעז, ניט בלויז אַ בלינדער נאָכפאָלגער פון אַן אינסטיטוציאָנעלער אמונה, איז ער טאָלעראַנט: ער קאָן פאַרלייַדן, סובל זייַן די האַנדלונגען און מיינונגען פון קעגנער און איז געדולדיק צו זיי. אַ מענטש איז טאָלעראַנט ווען ער גלויבט אַז אַלע מענטשן זייַנען גאָטס קינדער און אַלע באַשעפענישן זייַנע מעשי ידיו. אָבער דער ווירקזאַמסטער מיטל צו טאָלעראַנץ איז אַ טיף עטישע רעליגיעזע דערציאונג, וואָס פלאַנצט איַין אין מענטשן אַן עקל צו מאַכט, צו שפיכת דמים, אַ שנאה צו גוואַלד מעשים און אַן איבערגעגעבנקייט צו אַ הייליק פרידלעך לעבן. מיר ייִדן האָבן עס באַוויזן אין משך פון דורות אין אונדזער פאָלקס לעבן. דעם טראָפּ האָבן מיר געשטעלט אויף גייַסטיקער גבורה. בייַ די אומות העולם איז געווען דער העלד דער מאַן פון דער שווערד, אים האָט מען געשטעלט מאָנומענטן. ייִדן האָבן אַזעלכע העלדן גערופן רשעים. ייִדישע דערציאונג איז ניט געווען קיין אקומולאַציע פון פאַקטן נאָר אַ תורה, וואָס האָט געוויזן אַ לעבנס־וועג.

די וועלט האָט אָבער געהאַט אַ שלעכטע דערפאַרונג מיטן קריסטנטום און איסלאַם, וועלכע האָבן פאַרשפּרייט זייער תורה מיט דער שווערד. דערפאַר איז פאַראַן אַ צאָל היסטאָריקער וואָס האַלט, אַז דווקא אמונה ברענגט אומטאָלעראַנץ. עדוואַרד גיבסאָן, דער מחבר פון „די ירידה און פאַלן פון רוים", דזשאָרדזש וו. דאַרסי, דער מחבר פון „מענטשנס אייגענע דראַמע — ציוויליזאַציע" און די פּאָפּולערע מחברים: אייטש דזשיי וועלס, אין במעט אַלע זייַנע ביכער און הענדריק וואַן איבערהויפּט אין זייַן בוך „טאָלעראַנט" און נאָך אַ סך מאָדערנע דענקער, האַלטן, אַז דאָס אָננעמען פון קריסטנטום איז געווען אַ רעגרעסיע, אַ צוריקטריט פאַר דער ציוויליזירטער וועלט.

די אַלטע גריכן זייַנען ניט געווען קיין דאָגמאַטיקער, דערפאַר זייַנען זיי געווען טאָלעראַנט. זייער אינטערעס אויסצוגעפינען די סודות פון דער נאַטור האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ גרויסער ציוויליזאַציע. דער פּראָגרעס האָט זיך אָפּגעשטעלט צוליב און מיט דער פאַרשפּרייטונג פון קריסטנטום. ערשט אין דער צייַט פון רענעסאַנס, ווען אייראָפּע האָט זיך צוריק אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט דער אַלטער גריכישער קולטור און ליטעראַטור, און האָט זיך באַפרייַט פון דער קריסטלעכער דאָגמע, האָט זי, אייראָפּע, צוריק אָנגעהויבן שפּינען דעם קולטור־פאָדעם, וואָס האָט זיך איבערגעריסן, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען די מאָדערנע וויסנשאַפטן.

אַסך פון די מאָדערנע דענקער האַלטן, אַז דער אמתער יסוד פון טאָלעראַנץ איז סקעפּטיציזם: די טיף אינערלעכע איבערצייַגונג אַז מענטשן זייַנען פאַרשידן אין זייער דענקען, און אַז קיינער קאָן ניט זאָגן מיט זיכערקייַט אַז בלויז ער האָט דעם אמת. חוץ דעם, ווייסט דער סקעפּטיקער אַז הייַנטיקע טיף פאַרוואָרצלטע גלויבנס זייַנען אָבערגלויבנס.

די סקעפּטיקער האַלטן, אַז אַ דאָגמאַטישער גלויבן פירט צו אומטאָלעראַנץ, ווייַל יעדער „דאָגמאַטיקער" האַלט, אַז כדי אָפּצוהיטן דעם כבוד פון שעפער איז ער מחייב מקיים צו זייַן דעם פּסוק „ובערת הרע מקרביך" — זאָלסט אויסראַמען דאָס בייז פון צווישן זיך — און דו זאָלסט מציל זייַן די נשמות פון אומגלויביקע, פון דעם פייַער פון גיהנום. „זעלטן ווען אַ פרומער לאָזט איבער די אַלע דרייַ זאַכן צו גאָט: צו קאָנען שאַפן אַ יש מאַין, צו זייַן אַ יודע עתידות און צו דאָמינירן דעם מענטשלעכן געוויסן" (הענדריק וואַן לון אין בוך „טאָלערענס").

ביי די גריכן איז דער מענטש מיט אַלע זייַנע אייגנ־

שאַפטן, גוטע און שלעכטע, וויכטיקע און אומוויכטיקע, נעווען די העכסטע מאָס צו מעסטן אַלץ. דערפאַר האָבן זיי אוועקגעגעבן אַזוי פיל צייט צו שטודירן און אויס־פאָרשן אָט די מאָדנע באַשעפעניש — דעם מענטשן — צוליב דעם זײַנען זיי געבליבן אין גוטע באַציאונגען מיט זייערע מיטמענטשן. דערפאַר האָבן זיי געהאַט אויף דער מענטשהייט אַזאַ אײַנפלוס.

„אָבער דאָס קליינע שיפל — זאָגט הענדריק וואַן לון אין זײַן בוך „טאָלעראַנץ", וואָס האָט געבראַכט דעם הייליקן פּאָול און באַרנאַבאַסן פון אַזיע קיין אייראָפּע האָט טאַקע געטראָגן אַ בשורה פון האָפענונג און רחמנות, אָבער אַ דריטער פּאַסאַזשיר האָט זיך אַרײַנגעשמוגלט צווישן זיי, ער האָט געטראָגן אַ מאַסקע פון הייליקייט און טוגנט, אָבער דאָס פּנים הינטער דער מאַסקע האָט געהאַט אויף זיך דעם חותם פון שנאה, גרויזאַמקייט און רשעות. דער נאָמען פון דעם דריטן פּאַסאַזשיר איז געווען „אומטאָלעראַנץ".

קריסטנטום איז געווען אומטאָלעראַנט, לויט די דענקער, ווײַל עס האָט גערירשנט די תורה פון דעם אַמאָליקן ייִדן — אַלטן טעסטאַמענט. אָט ווי הענדריק וואַן לון כאַראַק־טעריזירט קאַלווינען:

— „קאַלווין, ווי אַלע גרויסע רעפאָרמערס איז געווען באמת מער אַן אַמאָליקער ייִד ווי אַ מאָדערנער קריסט. מיט די ליפּן האָט ער אָפּגעגעבן כבוד יעזוסן, אָבער זײַן האַרץ איז אויסגעגאַנגען צום גאָט פון משהן. — ער האָט צײַטווײַליק פאַרמאַכט דעם נײַעם טעסטאַמענט און מיט פרייד זיך געוואָלגערט אין בלוט און דונער און אין דער פילאָסאָפיע פון „אַן אויג פאַר אַן אויג" פון דעם אַלטן טעסטאַמענט".

מען דאַרף עס ניט אָננעמען פאַר אַנטיסעמיטיזם ווײַל די אַלע דענקער האַלטן נאָך ווייניקער פון קריסטנטום, סײַ פון קאַטאָליציזם סײַ פון פּראָטעסטאַנטיזם. אָט וואָס דערזעלביקער מחבר זאָגט וועגן דער קריסטלעכער קירך:

„די וועלט איז רעגירט געוואָרן פון אומוויסנדיקע מאַנאַכן, וואָס זײַנען געווען זיכער, אַז אַלץ וואָס איז ווערט־צו־וויסן אויף דער וועלט, איז פאַרשריבן אין איין בוך, און דאָס זעלבסטשטענדיקע זוכן און פאָרשן וועט פירן אין גיהנום אַרײַן".

אָט די היסטאָריקער פאַרדאַמען אויך די טיראַנישקייט און דאָגמאַטיזם פון שטאַט, פון די נײַע דאָגמאַטישע תורות פון סאָציאַליזם און קאָמוניזם.

„קיינער חוץ גאָט האָט ניט קיין רעכט צו דאָמינירן דעם מענטשנס געוויסן".

אויף דער מקור פון לוירנעד הענדס *) גלויבן אין דעמאָקראַטיע און זײַן טיפע אמונה פון טאָלעראַנץ נעמט זיך פון זײַן גריכיש־ וועלט באַנעם, ניט פון זײַן אמונה אין קריסטנטום. ער „גלויבט" אין סקעפּטיציזם. דער שליסל צו זײַן פילאָסאָפיע איז די ווענדונג פון אָליווער קראָמוועל צו זײַנע קעגנער פאַר דער שלאַכט פון דאַבאַר: „איך שיק צו אײַך אַ געבעט פון מײַנע אינגעווייידן, באַטראַכט זיך, אפשר מאַכט איר אַ טעות". די מימרא, זאָגט לוירנעד הענד וואָלט ער אויסגעקריצט אויף דער טיר פון יעדער קירך, יעדן געריכט און אויף די ישיבות פון לאַנד.

דאָס גאַנצע בוך זײַנער, „דער גײַסט פון פרײַהײַט" איז איין גרויסע פאַרטיידיקונג פון דעם רעכט פון מענטשן צו זײַן אייגנאַרטיק, צו זײַן אַנדערש ווי אַלע אַנדערע, צו האָבן אַן אייגענע אינדיווידועלע און נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט. יעדער מענטש האָט דאָס רעכט צו האָבן זײַן גלויבן, זײַן אייגענעם וועג אין לעבן.

„אַזוי שנעל ווי מיר הייבן אָן צו פאַרלאָזן זיך אויף באַפולמעכטיקטע קערפּערשאַפטן און אויטאָריזירטע דאָג־מעס זײַנען נאָר די טעג פון אונדזער פרײַהײַט געציילטע, אַפילו אין טעכנאָלאָגיע, מיט וואָס די טאָטאַליטאַרע שטאַטן גרויסן זיך, וועלן זיי דורכפאַלן, ווײַל זיי שטייען אויף די אַקסלען פון דורות פון פרײַען זוכן און פאָרשן".

לוירנעד הענד פאָדערט ניט טאָלעראַנץ אין נאָמען פון גערעכטיקייט, יושר אָדער רחמים, אָדער אפילו ניט אין נאָמען פון גאָט. ער האָט מורא זיך צו פאַרלאָזן אויף די אַלע אָנגענומענע פאָרמולעס, ווײַל יעדע גרופּע האָט אירע אייגענעם באַגריף פון גערעכטיקייט, יושר און רחמים און צוליב דעם ווערן זיי אומטאָלעראַנט. און בכלל, וועד קאָן זיך פונאַנדערפלאָנטערן אין יעדן אייגענעם פאָרשטע־לונג פון עטיק? ער שטעלט אַוועק דעם יסוד פאַר טאָלע־ראַנץ אויף אומפאַרמיידלעכקייט: „ס'איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג פאַר דער מענטשהײַט, אויב זי וויל זיך דערהויבן צו עפּעס העכערס פון דער שטומער חיה, נאָר אַז די מענטשן זאָלן זיך אויסלערנען צו טאָלערירן איינע די אַנדערע, און זאָלן נישט אויפשטעלן קיין האַר, קיין מושל איבער זיך, וואָס זאָל אַלץ אַראָנזשירן און אײַנפירן פאַר זיי.

„די נאָבעלסטע פון דעם מענטשנס שאַפונג איז דאָס זוכן פון אמת — — — שטעלן זיך מיטן פּנים צו דער רעטעניש פון לעבן אָן אַ קעסטעלע מיט טאַנדעטנע, פון פריער צוגעגרייטע אמתן — — — ס'איז ניט פאַראַן קיין יליד אשה צו זײַן זיכער, אַז ער וועט זײַן דערפאָלג־רייך. אָבער פאַראַן נאָך עפּעס וויכטיקער פון דערפאָלג — צו זײַן ראוי. אויב מיר וועלן זײַן אײַנגעשפּאַרט און ניט דערשראָקן קאָנען מיר נאָך זען די שטערן איבער די עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס הענגען ווי קניפּלעך אייער".

ער דעפינירט דעם גײַסט פון פרײַהײַט אויף אַזאַ אופן:

„וואָס איז דער גײַסט פון פרײַהײַט? איך קאָן עס ניט דעפינירן, איך קאָן נאָר אײַך זאָגן, וואָס איז מײַן אייגע־נער גלויבן: דער גײַסט פון פרײַהײַט איז דער גײַסט, וואָס איז ניט צו זיכער אַז בלויז ער איז גערעכט: דער גײַסט

*) פעדעראַל ריכטער, טיפער דענקער און יוריסט.

חיינונג פון אַנדערע מענטשן" „דער גײַסט פון פרײַהײַט איז דער גײַסט וואָס וועגט יענעמס אינטערעסן אָן פּאַראורטייל" — — — וועגן פרײַהײַט דערמאָנט ער יעזוסן, וואָס געפינט זיך בלויז צוויי מאָל אין בוך. ס'איז אַ ציטאַטע פון אייטש דזשיי וועלס: „דער גײַסט פון פרײַהײַט איז זײַן גײַסט, וואָס האָט, כמעט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק געלערנט מיט דער מענטשהייט אַ תורה, וואָס זי האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט, אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסן".

זײַן קעגנערשאַפט צו דיסקרימינאַציע קעגן ייִדן אין די קאָלעדזשעס קומט אויך ניט צוליב רעליגיעזע אָדער עטישע טעמים. אין זײַן בריוו קעגן באַגרענעצן די צאָל פון ייִדישע סטודענטן אין דער הויכשול פון האַרוואַרד, דערמאָנט ער ניט יושר אָדער גערעכטיקייט, ער ווײַזט נאָר אויף, אַז ס'איז אַ נאַרישע מעטאָדע און עס וועט ניט מאַכן האָרוואַרד פאַר אַ בעסערן און מער וויסנשאַפטלעכן אוניווערזיטעט, וואָס דאָס איז דער צוועק פון דער באַגרענעצונג.

פון פרײַהײַט איז דער גײַסט, וואָס זוכט צו פאַרשטיין די

דער בריוו צום האָרוואַרד־אוניווערזיטעט, איז געשריבן מיט טאַקט, אָן לײַדנשאַפט און איבערגעטריבענער גוטסקייט. ס'איז ס'לשון פון אַן אַדוואָקאַט, וואָס באַווײַזט אויף אַ פּראָצעס, אַז די אָנקלאַגע איז פאַלש און גרונטלאָז. דאָך אויסער דער יורידישער קלוגשאַפט איז אין גרונט דאָ אין בריוו לוירנעד הענדס פילאָסאָפיע פון טאָלעראַנץ, ווי ער האָט זי שפּעטער אַנטוויקלט: מענטשן מוזן זיך אויסלערנען צו לעבן בשלום, אָן פּאָראורטייל. אויב ניט איז ניטאָ קיין האָפענונג פאַר דער מענטשהייט. פאַרקערט, וואָס אונאַננעמער צוויי ראַסן זײַנען איינע פאַר דער אַנדערער אַלץ מער טאָר מען זיי ניט סעגרעגירן, אָפּזונדערן. אויב נאָכן באַקאַנען זיך בלײַבן די ראַסן אַלץ פרעמד איינער צו דער אַנדערער, וואָס ער גלויבט איז נאָך ניט באַוויזן געוואָרן, זײַנען מיר יעמאָלט באמת אין נאָר אַ שלעכטער לאַגע, אָבער אַלץ אין אַ בעסערער לאַגע ווי סעגרעגאַציע אויף ראַסישע יסודות. דאָס ברענגט ביטערקייט, צערײַצטקייט און געזעלשאַפטלעכע משונעת.



מ. מינקאָווסקי „הבדלה".



גרשון סאַפּאָזשניקאָוו

# יצחק באַשעוויס - דער דיכטער פון אַ ליידנדיקער וועלט

## די יִדישע גלות-רעאַליטעט

„שנת ת"ח אין דער צײַט ווען דער רשע כמעלניצקי און זײַנע מחנות האָבן באַלאַגערט די שטאָט זאַמאָשטש און זי נישט געקאָנט אײַננעמען צוליב דער שטאַרקער פעסטונג, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט, האָבן די היידאַמאַקעס געמאַכט גרויסע שחיטות אין טאָמאַשאָוו, די אַרומיקע שטעטלעך און אויך אין גאָריי, דער העק וואָס ליגט צווישן בערג. מען האָט געשאָכטן, געשונדן די הויט לעבעדיקערהייט, געדרצחנט קליינע קינדער, געצוווּנגען ווײַבער צו זנות און דערנאָך אויפגעטרענט זייערע בײַכער און פאַרנייט אין זיי קעץ"... אַזוי הייבט אָן יצחק באַשעוויס זײַן מעשה פון פאַרצײַטנס „דער שטן אין גאָריי".

גלײַך פון אָנהייב אַ שווידער־פּאַנאָראַמע, אַן אַטמאָספער פון גרויל וואָס גליווערט דאָס בלוט, פון אויסגאַנגסלאָזן יִדישן פּײַן אין אַ וועלט פון אכזריות און פאַרברעכן, וואָס האַלט געשפּאַנט די דערציילונג פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער.

יאָרן זײַנען אַוועק און רעשטלעך פון לעבנגעבליבענע האָבן צוריק אָנגעהויבן ציען אין ישוב. צוריקגעקומען זײַנען ווייניקע, אָפּגעריסענע, פאַרוואָרלאָזטע. „זײַנען אייניקע אַראָפּ פון גלײַכן וועג, אַנדערע זײַנען אַרײַנגעפאַלן אין אַ מרה שחורה. אָבער דער שטייגער פון דער וועלט איז, דאָס מיט דער צײַט קערט זיך אַלץ ווידער אום צום געוועזענעם"...

און דער צוריקקער צום געוועזענעם איז אַזוי שווער־ און פײַנלעך ווי פאַר אַ לעבעדיק־באַגראָבענעם, וואָס ווערט אַ רגע פאַרן אויסהויכן די נשמה אַרויסגענומען פון קבר, צוריקכאַפּן דעם אָטעם. מאַכט ער קאָנוווּלסיווע באַוועגונגען אויף אויפצונעמען די לופט, איז ברוין און בלוי פון אָנשטערנגונג, און ווען ער קומט שוין צו זיך בלײַבט ער אויף לאַנג, און אַמאָל אויף שטענדיק, מיט דער קבר־שרעק אין די בלוטן. מען קערט זיך אום צום געוועזענעם, אָבער דאָס געוועזענע האָט שוין אַן אַנדער פּנים.

אויפן באָדן פון אַ בית־הקברות און מיט אַ וווּנד אין האַרצן, אין לאַנד פון אַ שונא און מיט אַ שטענדיקער געפאַר פאַר נײַע שחיטות, האָבן יִדן געזוכט צוריק אָנקניפּן דעם פאָדעם פון לעבן. ס'איז אַ יִדישע סטיכיע, אַ היסטאָרישע ווירקלעכקייט, אַ שטענדיקע באַגלייט־דערשײַנונג פון דער יִדישער גלות־רעאַליטעט. שלום אַש האָט קינסטלעריש געפורעמט די טראַגיק פון דער עפּאָכע און האָט אין די אומגליקן פון ת"ח ות"ט געזען די הייליקע גבורה פון קידוש השם; דאָס הייליקע שנײַדערל האָט אין זײַן פּוסטן קרעמל פאַרקויפט אמונה און בטחון, און אין טולטשין איז געווען נאָר גאָט. יצחק באַשעוויס האָט געשילדערט דעם פּאַגראָם פּחד, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון יִדישע אויגן; ער האָט פאַרנומען דעם צער פון צעבראָכענע לעבנס, דעם שווידער פון מרה־שחורה, דעם שגעון פון פאַרצווייפלונג. אין זײַן גאָריי האָט געוועלטיקט דער שטן.

די קונסט דאַרף פורעמען דאָס לעבן אין אַלע פלאַכן און טיפן, דאַרף דורכשטראַלן די גראָבע הויט פון דער ווירקלעכקייט מיט אַ שײַן פון אינטואיציע און ווײַזן דעם אמת, דעם קינסטלערישן אמת, פון אַן אַלזײַטיקער מענטשלעכער עקסיסטענץ.

צוריקגעקומען צו זײַן קהילה איז אויך דער אַלטער רב, דער גאון ר' בינוש אשכנזי, און דער אַמאָליקער גביר און פּרנס פון ישוב, ר' אליעזר באַבאַד, וועלכער האָט פון זײַן צאָלרײַכער משפּחה מיטגעבראַכט נאָר אײן טאָכטער, רעכעלע, אַ בתולה פון זיבעצן יאָר, וואָס האָט אַרויסגעוויזן „אויסטערלישע גענג. ווען עס האָט געדונערט האָט זי געשריגן גוואַלד... פון פרימאָרגן ביזן אָוונט איז זי געזעסן אָפּגעזונדערט און געלייענט לשון־קודשדיקע ספרימלעך". זײַנען צוגעקומען נאָך פאַרוואַגלטע באַלעבאַטים און אין דער קהילה קדושה פון גאָריי האָט אָנגעהויבן שלאָגן אַן אָדער פון אַ יִדיש לעבן... אין דער אַטמאָספער פון אומרו און אַנגסט איז די בשורה וועגן שבתי צבי געפאַלן ווי אַ פלאַם אויף בערג שטרוי. פאַרחלשטע העדצער זײַנען דורשטיק צוגעפאַלן צום

הלוים־אויף־דער־וואָר און זיך פאַרשיכורט מיטן סם־המות וואָס ער האָט אויסגעטריפט.

אַ שרפה האָט אַרומגעכאַפּט גאָריי, אָבער די ערשטע וואָס האָבן זיך אָנגעכאַפּט און אויפגעפלאַקערט זײַנען געווען די מערסטע עקזאַלטירטע, די באַזעסענע פון געבוירן, די צערודערטע פון די אומגליקן. באַשעוויס פאַרמאָגט שילדערונגס־קראַפט אויף פאַרצושטעלן דעם אימפּולסיוון אויסברוך פון אַזאַ גאולה־היסטעריע. ווי אַ גרויסער מײַסטער ווײַזט ער אַ לעבעדיק בילד, וואָס וואַרפט אָן אַן אומהיימלעכן ציטער אויף מענטשן און שאַפט געשטאַלטן אין קאָנוולסיוון טראַנס אונטערן אומדערוואַרטעטן אײַנדרוק אז די „ישועה באה לעולם“.

די ידיעות דאָס משיחס צײַטן זײַנען נאָענט האָבן טיף אויפגערודערט גאָריי. אַ משולח אַ ספרדי האָט אין בית־מדרש געדרשנט, אַז מלכים זײַנען געוואָרן אונטערטעניק אונטער די הענט פון שבתי צבי אונדזער משיח, און אַז אין גיכן וועט אַנטפּלעקט ווערן זײַן קעניגרײַך און ער וועט אַראָפּנעמען די קרוין פון סולטאַן... פּלוצים האָט עמיץ אַ געשריי געטון: — יידן, גע־וואַ־אַ־ל־ד! יי־דן! — גלײַך מען וואָלט אים געשטיקט אין דער ענגשאַפט.

„דער עולם האָט אַ ציטער געטון, עס איז געווען דער לאָמער מרדכי יוסף, אַ מקובל, מיט אַ געדיכטער באָרד, מיט לאַנגע ברעמען ווי באַרשטן, אַ פאַסטער, אַ וויינער און אַ כעסן. בײַם דאַווענען פלעגט ער קלאַפּן דעם קאָפּ אין דער וואַנט; בײַם תחנון איז ער געפאַלן צו דער ערד ווי די פאַרצײַטיקע און געקלאָגט אויפן קול. ער האָט געמאַכט הספדים אויף טויטע און פלעגט ערב יום־כיפור שלאָגן מלקות אין פּאָליש... ער איז געווען אַ ברייטער, אַן אומגעלומפּערטער, מיט צעפלאָסענע רויטע פאות און מיט גרינע אויגן. איצט האָט די קאַליקע מיט איינמאָל גענומען קלעטערן אויפן טיש און ארויסלאָזן שווערע זיפצן. עטלעכע לײַט האָבן אים אַ הויב געטון און אים אַרויפגעשטעלט. ר׳ מרדכי־יוסף האָט אַ זעץ געטון מיט זײַן קוליע. די צעפליקטע זשופּיצע האָט זיך צעקנעפּלט, די קאָלטענעס זײַנען זיך צעפלויגן, ווי אין ווינט, און ער האָט פון התלהבות גענומען שלוכצן מיט אַ כאָרכלדיק קול:

— „יידן וואָס שווײַגט עץ, יידן! גאולה באה לעולם!... ישועה באה לעולם!...

„ער האָט מיט דער לינקער האַנט אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַרײַן, און מיט איינמאָל גענומען טאַנצן. דאָס שווערע דעמבענע בריק־האָלץ אונטערן אָרעם האָט געקלאַפּט איבערן ברעט ווי אין אַ פּויק, די פאַרקריפּלטע פיס, אין גרויסע שטיוול, האָבן זיך פאַרפלאָכטן, און ער האָט קײַכנדיק גערופן אָן אויפהער אָן איין־און־איינציק וואָרט, וואָס קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען... די הענט האָט ער אויסגעשטרעקט אין ביידע זײַטן, אויסגעקרימט די פינ־

גער אַזוי, גלײַך ווי ער וואָלט געפּרוווט אין עפּעס זיך אָנקלאַמערן... מיט איינמאָל האָט זיך דערהערט אַ טויבער זעץ, ר׳ מרדכי יוסף איז אַ פאַל געטון מיט דער גאַנצער משא און איז אַנטשוויגן געוואָרן. דאָס גאַנצע בית־מדרש האָט זיך אַ וויג־געטון צוזאַמען מיטן עולם און מיט די פאַרשוויצטע ווענט. עמעץ האָט געטאָן אַ הויל:

— „געוואַלד! ער הלשט!...

## משיחס צייטן

דאָס איז אַ מוסטער פון באַשעוויסעס פּראָזע, וועלכע איז אַזוי בצמצומדיק, פּרעציז און מעלאָדיש. אין אַזאַ אויסטערלישער סצענע באַנוגנט זיך נישט דער מחבר מיטן טעאַטראַלן עפעקט און מרדכי יוסף דער לאָמער איז בײַ אים נישט קיין אַבסטראַקטע געשטאַלט נאָר אַ פיגור קינסטלעריש אויפגעבויט. בײַם דאַווענען פלעגט ער זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט און ערב יום כיפור פלעגט ער שלאָגן מלקות אין פּאָליש — אַ פאַרשוין, אַ פּרימיטיווער, ערלעכער און פרום־אויפריכטיקער, מיט אַ נטיה צו היסטעריש־עפּילעפּטישע אָנפאַלן, ווי רעבעלע, וואָס שפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אין ראָמאַן און ווי נאָך אַ גאַנצע רײַע פּערסאָנאַזשן אין באַשעוויסעס גאַלעריע טיפּן. האָט ער מיט דער לינקער האַנט זיך אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַרײַן — און איז אַוועק אַ טאַנץ אויף דער קוליע... דערזעען מיר מרדכי יוסף דעם כעסן נישט נאָר פון דרויסן, נאָר אויך פון אינעווייניק און מיר פאַרשטייען וואָס ער האָט שפּעטער דערציילט, אַז „ווען ער איז פריער געלעגן אין הינערפּלעט איז צו אים געקומען שבתי צבי“ און אים מגלה געווען סודות און ווי אויף צו דערגאַנצן ס׳בילד פון דער קאַליקעס ביאָגראַפיע איז „אין אַ ווינקל אויף אַ הויפן שמאַטעס געזעסן מרדכי־יוספס איינציקע טאָכטער, אַ פאַרזעעניש מיט אַ וואַסער־קאָפּ און קעלבערנע אויגן“...

דער גלויבן אין „ביאת המשיח“ איז אויפגעקומען נאָך אין יענער ווײַטער צײַט ווען יידן זײַנען געזעסן אין זייער אייגן היימלאַנד, איש תחת גפנו ותחת תאנתו. די ערשטע נביאים האָבן אַרויסגעבראַכט דעם משיח געדאַנק אינספּירירט אין הומאַניטאַרן געפיל פון לא ישא גוי אל גוי חרב, איין פאָלק וועט מער נישט אויפהויבן די שווערד קעגן אַ צווייט פאָלק (ישעיה ב׳) און עס וועט אײַנגעשטעלט ווערן אַ מלכות שדי, אַ נײַע אָרדענונג פון גערעכטיקייט און געטלעכער הערשאַפט נישט נאָר צווישן יידן נאָר צווישן אַלע פעלקער.

אין גלות איז די משיח־אידייע געוואָרן דער לעבנס־יכוד אויף וועלכן עס האָט זיך געשטיצט די האָפענונג אויף נאַציאָנאַלער דערלייזונג. אַ פאָלק וואָס טראָגט אויף די פּלייצעס אַזאַ שווערן היסטאָרישן גורל, וואָס איז אין פאַרלויף פון זײַן לאַנגער גלות־געשיכטע אויסגעשטאַנען אַזעלכע טראַגישע נסיונות, איז געוואָרן דער לײַדנשאַפט־לעכער טרעגער און פריידיקער פון דער משיח־וויזיע, וואָס

פאַרקערפּערט די העכסטע מענטשלעכע האָפענונג אויף אַלגעמיינער גאולה און פעלקער־פאַרברידערונג.

די ייִדישע אידייע פון גאולה איז ענג פאַרבונדן מיטן געדאַנק פון אַ דור שכולו זכאי — אַ דור וואָס איז ריין פון זינד — און כביכול וועט אים דערפאַר באַשענקען מיט זיַין חסד און אַראָפּשיקן זיַין דערלייזער. אָבער די וועלט ווערט נישט געליַיטערט אין אומענדלעכן לויף פון דער ציַיט און דער מענטש ווערט נישט בעסער מיטן טויש פון דורות. האָט זיך אָפּגעטון דער גלויבן, אַז ס׳איז גאָר מעגלעך אַ דור פון כולו זכאי, אַ דור פון גוטסקייט, פון מענטשן־ליבשאַפט און נשמה־ריינקייט.

געווען אַ ציַיט ווען דער גיַיסט פון גאָט האָט גערוט אויף דער ערד און מענטשן האָבן מיט דער ליבשאַפט פון זייער האַרצן זיך דערהויבן העכער אַלע הימלען. זאָלסט ליבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין — האָבן אונדזערע אור־פאָטערס מיט פּרימיטיווע צייכנס אויסגעקריצט אויף שטיין; זאָלסט דיַין ברודער נישט פאַרשקלאַפן, וויַיל דער מענטש איז באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט; בלוט איז הייליק און אפילו חיות ווערן באַשטראָפט פאַרן פאַר־גיסן מענטשלעך בלוט, און דער העכסטער געטלעכער אויפבליִיִן פון דער נביאישער וויזיע אין דעם בילד פון קאָסמישער האַרמאָניע אין באחרית הימים...

## כולו זכאי און כולו חייב

זיַיט יענע גרויסע טעג ווען מענטשן האָבן מיט גאָט גערעדט, זוען נביאים האָבן געפּריידיקט אויף די מערק און מיט זייער בליק דורכגעבויערט דעם סוד פון דער צוקונפט, האָט די מענטשהייט נישט אויפגעהערט צו זינקען אין אָפּגרונט פון זינד און פאַרברעכן, פאַרשוועכט זיַינען געוואָרן אַלע הייליקייטן און הפקר דאָס לעבן פון מענטשן. אַראָפּ אַלע צוימען און ווערטן האָט דער מענטש פאַרלאָרן זיַין צלם־אלקים און האָט נאָר זיַין מוח גע־שאַרפט אויף צו פאַרוואַנדלען זיַינע שווערדן, נישט אין אַקער־איַיזנס ווי עס האָבן געחלומט די נביאים, נאָר אין בעסערע כלי־משחית, און עס האָט נישט אויפגע־הערט די פאַרגיסונג פון בלוט און די הערשאַפט פון אומרעכט. די האָפענונג אויף אַ דור שכולו זכאי איז גע־וואָרן אַן אומדערגרייכבאַרע אילוזיע און דער ניכטערער געדאַנק האָט געצוווּנגען צו מאַכן דעם אויספיר, אַז משיח קאָן אויך קומען אין אַ דור שכולו חייב, וואָס איז אין גאַנצן שולדיק. עס הייסט, גאָט וועט נישט פאַרטראָגן אַזוי פיל בייז אויף דער וועלט און ווען די רשעות וועט זיך איבערגיסן איבער די ברעגן, וועט ער פאַרטריַיבן דעם שטן און שיקן די ישועה.

האָט ר׳ יוחנן געזאָגט: — אין בן דוד בא אלא בדור שכולו זכאי או כולו חייב („סנהדרין" — צ"ח). משיח וועט קומען אין אַ דור וואָס איז אין גאַנצן ריין אָדער אין אַ דור וואָס איז פול מיט זינד. און ער איז זיך סומך אויף די נביאים*): למעני למעני אעשה כי איך יחל וכבודי לאחר לא אתן (ישעיה מח—יא). פון מיינעט־וועגן וועל איך טאָן, וואָרום ווי זאָל מיַין נאָמען פאַר־שוועכט ווערן און מיַין כבוד וועל איך קיין אַנדערן נישט געבן. עס הייסט, נישט אין זכות פון די זינדיקע מענטשן נאָר אויסן חסד פון רבש"ע וועט קומען די גאולה. דאָס פאָלק קאָן זיך נישט העלפן, און נישטאָ מער קיין אברהם וואָס זאָל זיך איַינשטעלן פאַרן כלל, וועט ער זיַין יצירה נישט לאָזן אונטערגיין.

אין־ ציַיטן פון גרויסע נאַציאָנאַלע אומגליקן, נאָך גזירות, גירושים און שחיטות אויף ייִדן, פלעגט זיך פאַרשטאַרקן די אידייע פון כולו חייב. ביַי ייִדן זיַינען שטענדיק געווען פאַרשיידענע מיסטישע שטרעמונגען און זוכענישן אין שייכות מיט דער וויזיע פון גאולה. אין דער קבלה איז עס אַן עיקרדיקע אויפגאַבע. שוין אין דער ציַיט פון דער גמרא זיַינען געווען „מחשבי קצין" (סנהדרין צ"ז), וועלכע האָבן געפּרוּווט אויסרעכענען ווען משיח וועט קומען. נאָך מער זיַינען געווען אַזעלכע, די מערסטע פון זיי בעלי־קבלה, וואָס האָבן געזוכט אונ־טערצואיַילן דעם „קץ" — דעם סוף פון גלות — מיט מערן מעשה סדום, מיט אָנפילן דעם בעכער פון זינד פון דור שכולו חייב. די פאַרצווייפלונג האָט געפירט צו פאַרצווייפלטע רעטונגס־מיטלען; אויב נישט פון גאָט, זאָל דורכן שטן קומען די גאולה. ס׳איז די אידעאָלאָגיע פון אַנגסט, פון יאוש, פון צוזאַמענברוך פון די איַינגע־שטעלטע טראַדיציאָנעלע ווערטן, און ווי אַ געוויקס וועל־כע דער שטורעם ריַיסט אָפּ פונעם וואָרצל, אַזוי ווערט דער מענטש געטראָגן דורכן געווירבל פון זיַינע איראַציאָ־נעלע אימפּולסן.

כולו זכאי פאַרפליכטעט צו גיַיסטיקער דיסציפּלין, צו מאָראַלישער דערהויבונג, צו טריַיקייט געוויסע פּרינציפּן; כולו חייב איז אַ מלכות פון הפקר, פון צעלאָזנקייט, פון אַנטוישונג, פון מאָראַלישער ירידה — אַ קולט פון שטן.

נאָך אַ דורכפאַל אין דער שטרעבונג צו דער העכסטער מדרגה פון כולו זכאי געטריבן דורך זיַין גאולה־ליַידנ־שאַפט, דורך זיַין בענקשאַפט נאָך דערלייזונג און ליַיטע־רונג, זינקט דער מענטש אין תהום פון מרה שחורה און לאָזט זיך אויפן וועג פון ליַיכטסטן ווידערשטאַנד, פאַלט אַריַין אין אַ גאולה־היסטעריע וואָס ריַיסט אויף אַלע מאָ־

*) ישעיה הי ס־כא: ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ — און דיַין פאָלק וועלן זיַין אַלע גערעכטע אויף אייביק וועלן זיי אַרבן דאָס לאַנד;

ישעיה נט—טז: וירא כי איש וישתומם כי אין מפגיע ותושע לו זרעו — און ער האָט געזען, אַז קיין מענטש איז נישטאָ, און זיך פאַרוווּנדערט, וואָס קיינער שטעלט זיך נישט איַין; האָט אים זיַין אָרעם געהאָלפן;

ישעיה ס—כא: אני יהוה בעתה אחישנה — איך וועל דאָס איַילן אין ציַיט.

ראַלישע צוימען און פליכטן, אין דער פאַרצווייפלטער שטרעבונג אַראָפּצוברענגען דעם גואל מיט מעשה שטן.

„דער שטן אין גאָריי" איז אַ געשיכטע פון גאולה־היסטאָריע, פון מאַסן־פּסיכאָז, וואָס האָט טיף אויפגערודערט און דערשיטערט די ייִדישע וועלט אין די צײַטן פון דעם פאַלשן משיח. די געשיכטע האָט אונדז דערציילט אויסערלעכע פאַקטן, און אָנגעוויזן אויף די סיבות און פאָלגן פון דער שבתי צבי באַוועגונג אין ייִדישן לעבן. די ליטעראַטור אַנטפּלעקט דעם דראַמאַטישן אויפברויז פון אינעווייניק, שטעלט לעבעדיק פאָר זײַנע פּערסאָנאַזשן, ווײַזט די בלינדע שפּיל פון געפילן, מאָלט דעם פאַרצווייפלטן קאַמף פון אַ שווער־געפּלאָגט פאָלק אין אַ סביבה פון אַרומיקער שנאה און פאַרפאָלגונג. די קונסט לעבט־אויף און לאָזט אויפשפּילן פאַר אונדזערע אויגן אַ טראַגיש־אויסטערלישן עפּיזאָד אין גורל פון דער ייִדישער געשיכטע — אַ סימן מובהק פון אַ גײַסטיק און קולטורעל הויך־אַנטוויקלט פאָלק, וואָס וויל אַלע פאַזן פון זײַן היסטאָרישן לעבן לערנען און געניסן אין בילד פון קינסטלערישן שאַפן.

## גאולה היסטעריע

יצחק באַשעוויס איז אַ גרויסער מײַסטער פון אומגעווינלעכן, אַנאָרמאַלן און פאַנטאַסטישן. רעאַליזם און פאַנטאַסטיק איז בײַ אים אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן און גייט שטענדיק געפּאָרט. אויף זײַן רעאַליטעט ליגט אַ שאָטן פון סקעפּטיציזם און אַן אילוזיע פון פאַטאַלן. און דאָס פאַנטאַסטישע בײַ באַשעוויסן איז איבעראַשנדיק רעאַל, ווײַל עס איז געווען רעאַל פאַרן מחבר און איז דעריבער אויך איבערצײַגנדיק פאַרן לייענער. פאַרמאָגט ער האַרץ און געפיל פאַר כולו זכאי און מאָלט מיט ליבשאַפט די ליכטיקע געשטאַלט פון ר׳ בינוש אשכנזי, דער אַלטער רב פון גאָריי, וואָס איז זיך מקריב פאַר זײַן קהילה און פאַלט אין קאַמף מיט דער צעבושעוועטער וואַקכאַנאַליע, און ער פאַרמאָגט אויך קינסטלערישן כוח צו געשטאַלטן די פּריסטער פון שטן, די שמשים פון גיהנום, די פאַרשוינען וואָס פּריידיקן פאַר אַ דור שכולו חייב.

האָט ר׳ גדליה שוחט, דער וואָס האָט אויסגעקליבן דעם וועג פון גיין צו קדושה דורך טומאה, געהאַלטן אַ דרשה אין שול פול מיט שטראָף־רייד און טרייסט: „ער האָט דערמאָנט, דאָס די טעג פון גלות זײַנען געציילטע, געוואָרנט, אַז די לעצטע נשמות וואַרטן אונטערן כסא־הכבוד מען זאָל זיי ברענגען אויף דער וועלט; געהאַט תרעומות פאַרוואָס מען טוט ווייניק אין עניני־זיווג און מען לאָזט אַרומגיין בחורים און בתולות, דען דערמיט האַלט מען אויף די גאולה. ער האָט אויפגעוויזן על־פּי־קבלה, דאָס אַלע דינים פון דער תורה און שולחן ערוך זײַנען רמזים אויף פּריה־ורביה און אַז נאָכן קץ וועט נישט בלויז אַראָפּגענומען ווערן דער חרם דרבינו גרשום, נאָר אויך אַלע אַנדערע האַרבע לאָוין וועלן בטל ווערן... מען וועט מעגן קומען אויף עריות, אויף פרעמדע ווײַבער. פאַרקערט, דאָס וועט נאָך פאַררעכנט ווערן פאַר אַ מצווה, וואָרום ווי־פל מאָל אַ זכר און אַ נקבה באַהעפטן זיך, זײַנען זיי מצרף אַ שם און זײַנען גורם צו אַ יחוד צווישן קודשא־בריך־הוא און דער שכינה".

און די מקובלים האָבן געטײַטשט יחוד — פאַראייניקונג...

דאָס איז די תורה פון דור שכולו חייב, וואָס האָט אין ר׳ גדליהן איר העכסן וואָרטזאָגער, וועלכער האָט די געבאָטן פאַרווירקלעכט אין אומווירדיקע מעשים. אַ צווייטער מנהיג פון דער כת־מקובלים איז איטשע־מאַטעס, דער פּרוש, וואָס פאַסט פון שבת צו שבת, פּראַוועט סיגופים, וואַלגערט זיך אין בריעכץ, טובלט זיך יעדע נאַכט צוויי און זיבעציק מאָל אין קאַלטן וואַסער, לויטן מספּר פון שם ע״ב, נאָכדעם גייט ער אָפּריכטן חצות, וויינט אויפן חורבן בית־המקדש און בעט אַז קודשא־בריך־הוא זאָל זיך באַהעפטן מיט דער שכינה, וועלכע ער האָט פאַרטריבן פון זיך אין גלות, און זאָל שיקן די ישועה.

אין אַ בריוו פון אַ רב צו ר׳ בינוש אשכנזי געשריבן אין אַ געלײַטערטן סטיל פון אַ פאָלקס־מעשה, ווערט געוואָרנט קעגן דעם איטשע־מאַטעס: „...דער דאָזיקער פאַלשער נביא, ווערט געזאָגט אין דעם בריוו, איז אײַנגעטונקט אין מרה־שחורה, וואָס איר וואָרצל איז אין ניאוף, ווי עס ווערט געבראַכט אין די הייליקע ספרים. אין יעדער שטאָט רעדט ער אויפן האַרץ פון אַן אשה, זי אַרײַנצוברענגען אין בונד פון חתונה, אָבער זײַן מיין איז זי צו פאַרומרייניקן און אויף איר אַרויסציען אַ שלעכטן נאָמען. דען נאָך דער חתונה דערווײַטערן זיך פון אים די ווײַבער מחמת זײַנע מיאוסע אויפפירעכצער, ווײַל פון צו פיל עוסק זײַן אין כישוף, איז ער אַליין אויך פאַרוועבט געוואָרן אין איר נעץ און ער האָט מער נישט די גבורה פון אַ מאַן... פונדעסטוועגן וויל ער זיי נישט גטן און לאָזט זיי זיין עגונות, און טרערן זײַנען אויף זייערע קינבאַקן און זייער ביטערגעוויין טוט שפּאַלטן די הימלען, און קיין הילף איז נישטאָ פאַר זיי..."

אויך אין גאָריי האָט איטשע מאַטעס אויסגעקליבן זײַן קרבן. ער שיקט שדכנים צו רעבעלען און האָט חתונה אויך מיט איר. יעדער עבירה איז בײַ אים נאָך אַ שטאַפּל צו דער גאולה און יעדער זיווג איז מקרב דעם קץ, ווײַל ער איז גורם צו אַ יחוד פון כביכול מיט דער שכינה, וועלכע איז פאַרטריבן אין גלות.

נישט אומזיסט האָט ר׳ בינוש אשכנזי אין דער שטיל געטראָגן אַ האַרץ אויף דער קבלה פון אר״י, וואָס איז לויט זײַן דעה, געווען פול מיט ווידערשפּרוכן און מיט ניבול־

פּה. ער ווייס, אַז די וועגן פון טומאה פירן נישט צו קדושה און אויף ר' בינושן האָט דער שטן נישט קיין שליטה; אָבער דער רב האָט אויך נישט קיין שליטה אויף זײַן אייגענער קהילה. דאָס לעבן גייט ווי פאַרבײַ אים און אויסער אים. ס'איז אַ טיף עטישע און דעריבער אויך טראַגישע געשטאַלט, שטאָלץ אין איר אײַנזאַמקייט און פעסט אין איר גלויבן אין אַ וועלט וואָס האָט גע־זונקען אין טומאה, אַנגסט און שגעון.

די קהילה קדושה גאָריי איז אַ מין סימבאָלישער גורל־פּונקט אויף דער וועלט־מאַפּע פון דער ייִדישער געשיכ־טע. דער וואָס מאַכט אַ רײַזע איבער דער ייִדישער גע־שיכטע קאָן די סטאַנציע נישט פאַרמײַדן. ס'איז „אַ מעשה פון פאַרצײַטנס", אַ בייזער חלום אויף אַלע וויסטע וועל־דער; אָבער אין דער מעשה איז פאַרקערפּערט אַ שטיק היסטאָרישע ווירקלעכקייט, אין דעם חלום איז אַ ייִדישע סימבאָליק פאַרבאָרגן. די שארית הפליטה פון כמעלניצ־קים שחיטות לעבן אין אַן אַטמאָספער פון אומרו און אומזיכערקייט. און ווײַל דער פּחד איז אַזוי גרויס, דערפאַר קלאַמערט מען זיך אַזוי פאַרצווייפלט אין דער אילוזיע. מען האָט מורא צו קוקן אין פּנים דער דראָענ־דיקער גלות־ווירקלעכקייט; אַ פינצטער פּנים, וואָס האָט נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין דער שבתי צבי אוטאָפּיע, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך — אין אַ שווימענדיקן שטרוי. אויב נישט כולו זכאי איז זאָל זײַן כולו חייב — נאָר אַ סוף זאָל עס נעמען! — און מען האָט אין פאַרצווייפלונג זיך געלאָזט בלינד פירן דורך דער כנופיה פאַרפירער.

## גלות - קאָמפּלעקס

ס'איז אַ שטימונג פון אַנגסט, פון אויסגאַנגסלאָזער מרה־שחורה, וואָס וואָרצלט אין גלות־קאָמפּלעקס, און דעם פּײַנלעכן טרויער־געפיל, וואָס דער גלות האָט פאַר־זייט אין דער נשמה פון ייִדן און באַגלייט אים ווי אַ שאָטן אויף זײַן לאַנגן וועג צווישן פעלקער. האָט דער ייִד אויף די פליגלען פון צעהיצטן טרוים זיך געלאָזט אַנט־לויפן פון דער דראָענדיקער ווירקלעכקייט און פון דער אַנגסטלעכער שטימונג. שבתי צבי איז געווען דער פונק, וואָס איז געפאַלן אין אַן אָנגעהיצטער אַטמאָספער און אַ פײַער האָט ארומגעכאַפּט אַ גרויסן טייל פון דער דעמאָלטיקער ייִדישער וועלט, די טרוקענע ביימער זײַנען די ערשטע פאַרצערט געוואָרן אין פלאַמען, אָבער עס זײַנען געפאַלן אין דעם פלאַקער אויך געזונטע אײַנגע־וואָרצלטע שטאַמען...

יצחק באַשעוויס געהער צו דעם נוסח, וועלכן עס האָט אַרײַנגעבראַכט אין דער ייִדישער ליטעראַטור לאַמעד שאַפּיראָ. ביידע ציען זייער יניקה פון די זעלבע פּסיכישע טענדענצן. שאַפּיראָס העלדן, ווי זייער שעפער, קאָנען זיך נישט אויסטון פון דעם פּאָגראָם־פּחד, וואָס פאַרפאָלגט זיי מיט זײַן געשפּענסטיקן שוידער. באַשעוויסעס פאַר־שוינען זײַנען באַהערשט דורך אַן אומקלאָרן אַנגסט־געפיל, אַזוי די העלדן פון די פאַרצײַטיקע גאָריי און קרעשעוו, ווי פון די הײַנטיקע וואַרשע און ניו־יאָרק. דער שטן פאַרלאָזט נישט באַשעוויסעס מענטשן און נישט נאָר ווײַל ער פילט זיך אַזוי היימיש אויף דער זינדיקער ערד, נאָר דער עיקר דערפאַר ווײַל אין דער גלות־אַט־מאָספער איז אים לײַכט צו פאַרקרימען דאָס לעבן פון ייִדן.

י. ל. פּרץ, שלום אַש און די אַלע ראָמאַנטיקער וואָס גייען אין זייערע וועגן, האָבן דעם טרויער־געפיל פון גלות־ גובר געווען מיט דער טרייסט פון קדושה און התלהבות פאַר דער אויסטערלישער שיינקייט פון די ייִדישע גײַסטיקע ווערטן. שלום עליכם האָט מבטל גע־מאַכט די גלות־ווירקלעכקייט מיטן כוח פון בטחון. ס'איז נישט נאָר אַ שיטה אין דער ליטעראַטור — דער ראַעא־ליזם — ס'איז אַ פּסיכישע רעאַליטעט אין דער נשמה פון ייִדישן מענטשן. שאַפּיראָ און באַשעוויס — אויך רעאַליסטן — האָבן געוויזן די צווייטע זײַט פון דער מטבע: מיר לעבן אין אַ וועלט פול מיט אומרו און אומזיכערקייט פאַרן גורל פון מענטשן אַ באַזונדערס פון ייִדן, וועלכער ווערט באַהערשט דורך אַ שטימונג פון אַנגסט און צווייפל, וואָס מוז קומען צום אויסדרוק אין דער קינסטלערישער שאַפונג. און ס'איז נישט נאָר אַ נוסח אין דער ליטעראַטור, נאָר ס'איז אויך אַ פּסיכישע ווירקלעכקייט וואָס לעבט אין הארצן פון יעדן מענטשן.

צו דער שיטה קאָן אויך צוגערעכנט ווערן בערגעל־סאָן. אויך זײַנע העלדן דרייען זיך אַרום ווי פרעמדע אויף גאָטס וועלט — באַזונדערס פון ערשטן און קרעפּ־טיקסטן פּעריאָד אין זײַן שאַפן — זיי זײַנען אײַנגע־הילט אין אַ נעפּל פון מרה שחורה און געפינען נישט קיין אָרט צווישן מענטשן.

די שטימונג איז כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר ייִדישע קינסטלער, וועלכע שאַפן אין פרעמדע שפּראַכן. די העלדן פון פראַנץ קאַפקאַ זײַנען דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון אַנגסטלעכער דערוואַרטונג; פון אַן אומקלאָ־רער דערוואַרטונג פון עפּעס וואָס זאָל אויפלייזן די שפּאַנונג, וואָס זאָל פאַרטרײַבן דעם אומרו און אויס־לײַטערן די געמיטער. זיי באַוועגן זיך אין אַ דערדריקנ־דיקער אַטמאָספער, ווי אַן אומזעבאַרע געפאַר זאָל אי־בער זיי הענגען אין דער לופטן. אַ געפיל וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן גלות־ייִדן.

אַ נשמה וואָס ווערט צעפרעסן פון פאַרצווייפלונג און אַנגסט, איז אַ לײַכטער קרבן פאַרן כישוף פון שטן. דער געפאַלענער און האָפנונגסלאָזער איז נישט איבערקלײַבע־ריש אין מיטלען און לאָזט זיך לײַכט פאַרפירן אויף פאַרדרייטע וועגן. האָט ר' שלמה אין פּרצעס „די גאָלדע־נע קייט" געזען די געפאַר, וואָס באַדראָעט די יסודות פון ייִדישן לעבן און געוואָרנט: „אין מרה שחורה זינקט אַרײַן די וועלט; אויס־געלייזט מוז ווערן די וועלט!"... און געטריבן דורך אַ הויכן עטישן באַגער באַשליסט ער

נישט צו מאַכן קיין הבדלה, די פרייד פון יום־טוב זאָל זיך נישט אָפּטון פון די מענטשן. עס הייסט, אַ ווירדיקע מענטשלעכע עקסיסטענץ קאָן געדייען נאָר אין אַן אַט־מאָספער פון פרייד, פון גלויבן און בטחון.

אין גאָריי האָט אָבער אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע, פּאַרצייַטנס פּלעגן מגפות אַרומכאַפּן און חרוב מאַכן גאַנצע לענדער און קאָנטינענטן. אַ שבתי צבי עפּידעמיע האָט באַהערשט פּאַרצווייפלטע, דערשלאָגענע און אָנגע־שראָקענע מענטשן. ס׳איז אַן אַטמאָספער פון שגעון, וועלכע באַשעווים מאָלט מיט גרויליקע פאַרבן.

אַט ווערט געפּראַוועט דאָס קנאַס־מאָל צווישן רעבעלען און איטשע מאַטעסן און עס ווערט פאַרגעשטעלט אַזאַ אויסטערליש בילד: „ר׳ איטשע מאַטעס פאַרשאַרט די שפּיצן פון זייַנע פּאָלעס און נעמט שאַרן מיט די פיס.

כינקעלע די פרומע הויבט אויף דעם שלעפּ פון איר צעטעפּעט אַטלעסן חופּה־קלייד און האָפּסעט אונטער אַהין־און־צוריק, אַהין און צוריק... ייִדן רוקן זיך געדיכט צוזאַמען, גלאָצן מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, פייַכטע פון יראת־שמים. אַ הויכער יונגערמאַן אַ מקובל, הויט־און־ביין, מיט אַ שפּיציקן גאָרגל, שאָקלט זיך האַסטיק ווי בייַם דאַווענען, ברעכט די פינגער, אַז ס׳קנאַקט. ר׳ מרדכי יוסף שטייט אָנגע־שפּאַרט אויף זייַן קוליע, אָנגסטן גיסן זיך פון אים און ער וואַרפט זיך אינגאַנצן ווי אין קדחת. שעהן לאַנג טאַנצן אַזוי ביידע און ווערן נישט מיד. מ׳זעט באַשייַנפּערלעך, אַז זיי שפּאַרן אָן אין די הויכע עולמות... פּלוצים טוט רעבעלע אַ שלעפּ איר גע־ליימטן פוס, ווי צו מאַכן אַ טריט, זעצט זיך אַראָפּ און צעלאַכט זיך אַזוי אויסגעלאַסן און שפּיציק, אַז אַלע שפּרינגען אויף די ערטער. איידער נאָך מען לויפט צו פאַלט זי אַוועק הינטערווייַלעכטס און נעמט אַרויסלאָזן אָפּגעהאַקטע קוויטשן, ווי שלוקערצן. די אָפענע אויגן ווערן פאַרגלייזט און פול מיט ווייַסל. הענט און פיס קרימען זיך אויס און אַ שוים נעמט איר לויפן פון אויסגעדרייטן מויל, ווי בייַ אַ נכפּהניצע...

„ר׳ איטשע מאַטעס מערקט גאָרנישט, טאַנצט ווייַטער מיט דער פּאַטשיילע אין האַנט, פּלאָנטערט מיט די פיס ווי אין שיכרות. דאָס פּנים איז צעגליט פון התלהבות, דאָס זייַדענע מלבוש איז פּיטש־נאַס; שנירלעך שווייס רינען פון דער באָרד, דער גאַרטל אַראָפּגעפאַלן, איין פּאָלע שלעפּט זיך אויפן פּאָר־גאָסענעם דיל, דער קאָפּ פאַרריסן אַרויף, גלייַך ער וואָלט די גאַנצע צייַט געזען עפּעס איבערן נידעריקן פאַררויכערטן באַלקן, ר׳ מרדכי יוסף קאָן זיך מער ניט איינהאַלטן, הויבט אָן שווער צו קרעכצן, גיט אַ זעץ מיט זייַן קוליע און נעמט מיט איינמאָל גיך האַצקען, שלוכצן און יאָמערן:

— „ייִדן, לאָמיר טאַנצן!... לאָמיר נישט פאַר־שפּעטיקן!

— „די גאַנצע פּמליא־של־מעלה וואַרט אויף אונדז!... לאָמיר טאַנצן!...״

מיר גיבן לענגערע ציטאַטן אויף אַרייַנצופירן אין דער ביישוף וועלט פון דער „מעשה״ — אַזוי ווי עס שילדערט זי דער מחבר — און כדי דער לייענער זאָל מיטן אָרי־גינעלן מאַטעריאַל אויף דער האַנט, קאָנען דורכטראַכטן און נאָכפאָרשן אונדזערע באַהויפּטונגען און אויספירן.

## קולט פון שטן אויס ליבע צו גאָט

די אייגנאַרטיקע סצענע פון קנס־מאָל איז כאַראַקטע־ריסטיש פאַר די „מעשי שטן״ אין גאָריי און אויך פאַרן סטיל פון מחבר, ווו יעדע פאַר ווערטער גיבן אַ בילד און יעדע שורה — אַ האַנדלונג. באַשעוויס באַרעדט נישט און רעדט נישט פאַר זייַנע העלדן, ווי עס איז די טבע פון די פּסעוודאָ־קינסטלער, ער אינטערפּרעטירט נישט זייערע מעשים, ער פּאָעטיזירט נישט אפילו, כאָטש זייַן שפּראַך איז דורכאויס מעלאָדיש און אָפּט אויך פּאָע־טיש. ער לאָזט זייַנע פאַרשוינען האַנדלען און פילן, לעבן זייער אייגן לעבן. אין דער איבערגעבראַכטער מאַסן־סצע־נע האָבן מיר אַ פּלאַסטישע שילדערונג פון אַ טראַנס, פון אַן אומנאָרמאַלן צושטאַנד, וואָס איז ענלעך צו אַ חלום־אויף־דער־וואָר, וואָס רעדוצירט די געפילן און דעם באַוווסטזייַן פאַר דער אַרומיקער ווירקלעכקייט... ס׳איז אַ צושטאַנד פון עקסטאַז, און אין דעם פאַל פון רעלי־גיעזן עקסטאַז, און ווו די עבירה ווערט געטאָן נישט אויף צו געניסן פון איר — ווי אין דער פילאָזאָפיע פון דעם אימפּאָטענטן אַסקעט איטשע מאַטעס — נאָר די עבירה ווערט געטון לשמה, פאַר אַ העכערן ציל, נישט פאַר זיך נאָר לנוי, אויף מקרב צו זייַן דעם קץ. גאָריי האָט געדינט דעם שטן אויס ליבע צו גאָט. ס׳איז פּאַראַ־דאָקסאַל און טראַגיש — טראַגיק פון דער ייִדישער גלות־ווירקלעכקייט.

אַזאַ קנס־מאָל האָט זיך געקאָנט פאַרוואַנדלען אין אַן אָרגיע פון אויסגעלאַסנקייט — אָבער נישט בייַ ייִדן! האָבן די רשעים, וואָס „זינדיקן״ צוליב מצווה, אַ פּנים פון חוזק און דער מחבר באַהאַנדלט זיי מיט שפּאָט. ער שטעלט זיי פאַר ווי גראָטעסק־פיגורן, ווי העלדן פון אַ טראַגיקאָמעדיע.

אָבער נישט בייַ אַלע איז די טומאה צוגלייַך אַ טרעפּל צו דער גאולה. זייַנען פאַראַן עולם־הזהניקעס, רויב־פייגל און שרצים, וואָס זינקען זייער גערן אין זנות און פאַר־ברעכן, און פלאָדיען זיך ווי ווערים אויף אַ מיסטיקן באָדן. אָבער ס׳איז נישט דער כלל, דאָס זייַנען געציי־לטע, די אינפראַ־מענטשן. אַזאַ איז גדליה דער שוחט, דער אמתער שטן פון גאָריי, וואָס טוט־אָפּ אַלע מעשים־תעתועים אויף צו באַפרידיקן זייַנע שענדלעכע אַפּעטיטן און תאוות.

און אפילו גדליה, וואָס זויגט ווי אַ פּיאַווקע אַלע

תענוגים פון לעבן, אויך ער איז א הייסער מאמין אין ביאות המשיח. ער נעמט אן דעם כולו חייב מיט שבתי צבי ווי א משיח. אויף זיין שטייגער, איז ער די טרייבקראפט און אויך דער קרבן פון דעם מאסן־דעליריום, לויט זיין חשבון וועט חצי־אלול געהערט ווערן שופר־של־משיח, ער האט אויף דעם געפונען אן אייזערנע ראיה אין א קבלה ספר, און ער דרשנט אין בית מדרש, אז דריי טעג פאר ראש השנה וועט אנקומען א וואלקן, יידן וועלן אויף אים אויפשטייגן און אוועקפליען קיין ארץ ישראל...

וואס נענטער עס קומט צו אלול אלץ שטארקער איז די אמונה ביי יידן. די קרעמער האנדלען נישט, די בעל־מלאכהס ארבעטן נישט. מען עסט פון גרייטן, מען הייצט די הייזער מיט די שינדלען פון די דעכער און ברעטער פון דיל, ווייל ווינטער וועט מען דאך שוין זיין אין ירושלים... דריי מאל א טאג גייט ארויס ר' גאדל חסיד און קוקט ארויס צו מזרח, אויב מען זעט נישט קיין צייכן:

— רבונו־של־עולם, גיכער! שעפטשען זיינע ליפן, מיר האבן שוין קיין כוח נישט צו ווארטן!...

און וואס קאנוולסיווער עס קלאמערן זיך די מענטשן אין דער משיח אילוזיע, וואס שטארקער זייער גלויבן אין דער באלדיקער און אומפארמיידלעכער פארווירקלעכונג פון דער גאולה, אלץ גרעסער ווערט די שליטה פון שטן, וואס באהערשט דעם גורל פון מענטשן און פייערט שוין פאראויס זיין פולן נצחון.

באשעוויס אנטוויקלט די האנדלונג אויף צוויי פלאכן, אויף איינער קייטלען זיך לאגיש די רעאלע געשעענישן, וואס שפילן אויס דאס לעבן פון מענטשן אין צויבער פון א מערקווירדיקער סיפור־המעשה און אויף דער צווייטער פלאך באהאלטן אין הינטערגרונט, פירט זיין בינצטער שפיל דער שטן, וואס רעדט ארויס ווי א דיבוק דורך די צעמישטע און באזעסענע, היסטעריקער און אסקעטן, בעלי־תאוות און עפילעפטיקער, וואס שטעקן אן די אלע אנדערע און רייסן־מיט אין אן אויסברוך פון א מאסן־היסטעריע.

אין ערשטן טייל איז די פאנטאסטיק ארגאניש ארייננגעוואקסן אין דער רעאליטעט, דאס „אומגעוויינלעכע" האט זיין בארעכטיקונג, און עס ווערט א שטיק יידישע ווירקלעכקייט: מענטשן וואס האבן נישט קיין באדן אונטער די פיס, פאר וועלכע די ערד איז א גיהנום אין וועלכן עס הערשן ה יי ד א מ א ק ע ס, האבן זיך פארווארצלט אין אן אילוזיע און בויען אויף א וואלקן, וואס וועט זיי אויפנעמען און פירן קיין ירושלים. צום סוף פון בוך ווערט אבער דאס רעאלע אלץ מער אויסגעוועפט, די מענטשן פאלן אריין ווי אין א הינערפלעט און דער שטן באהערשט די גאנצע פאנאראמע. ער געוועלטיקט אומבאגרענעצט און אומבאשטראפט, און צינדט אן ביים מחבר א ליידנשאפטלעכע תאווה צו דערציילן, און מאריך־זיין צו דערציילן, די מעשים תעתועים פון די שדים, רוחות, דיבוקים, שרעטעלעך, נישט־גוטע און די אלע אנדערע שוידער־פארשוינען פון דער אפגעשדויפטער און צעהיצטער מענטשלעכער פאנטאזיע.

דערציילט ער אונדז אז: „נאכט ביי נאכט באזוכט דער שטן רעכעלען און טוט זי פייניקן. ער איז שווארץ און הויך, מיט פייערדיקע אויגן און מיט א לאנגן וויידל. זיין לייב איז קאלט, זיינע ליפן — ראציק, און ער האט א גערוך פון פעך. פריער באשלאפט ער זי פיל מאל, ביז זי בלייבט ליגן גאר אנמעכטיק. דערנאך שטייט ער אויף און טוט איר אן אלערליי יסורים און שפאס. ער רייסט אויס אירע האר איינציקווייז און וויקלט זיי ארום איר האלדז; ער קנייפט זי אין די היפטן און מאכט צייכנס אויף איר ברוסט מיט זיינע שפיציקע ציין. ווען זי גענעצט, שפייט ער איר אריין אין מויל, און ער גיסט אן וואסער אויף איר ליילעך און חוזקט, דאס זי האט משתין געווען. ער באפעלט, דאס זי זאל אים ווייזן שעמעוודיקע ערטער און טרינקען שמוץ..."

באשעוויס באארבעט דעם יידישן פאלקלאר און באזונדערס די דעמאנאלאגיע, וועלכע איז אגב ניט אזוי גרויס ווי ביי פיל אנדערע פעלקער. אין דער יידישער פאלקס־פארשטעלונג דערשיינט דער שטן דאס רוב ווי א סימבאל פון בייז, אבער נישט ווי א רעאלע געשטאלט, וועלכע מישט זיך אריין אין לעבן פון מענטשן. אבערגלויבן איז ביי יידן קיינמאל נישט געווען טיף איינגעווארצלט און דער פאלקלאר איז כמעט ווי אן אויסנאמען פריי פון ניבול־פה, צניעותדיק און אפגעהיט שעמעוודיק. דער יידיש עטישער געפיל לאזט אויך לייכט נישט פארדייען די אומרעכט, וואס ווערט אפגעטון רעכעלען מיטן שענדן, פייניקן זי און אנטון „אלערליי יסורים"...

## עדגאר עלאן פאע

אין דער וועלט־ליטעראטור האבן מיר א קלאסישן מוסטער פון אזא טעראר־זשאנר און מען קאן דעם ביישפיל נישט אויסלאזן. באשעוויס האט טייל העלדן זיינע גענומען פון דער כת ליצנים (אויך טויטע: „צוויי מתים גייען טאנצן"); עדגאר עלאן פאע, דער געניאלער צפון־אמעריקאנער שרייבער, האט אפערירט בלויז מיט מתים. אבער מיר וועלן פארלויפן דעם וועג און גלייך פון אנהויב זאגן, אז אויב זיי זיינען אין איניקע אויסערלעכע סימנים ענלעך, איז אין תוך זיינען זיי דורכאויס פארשיידן: זיי האבן זייער גייסטיקע יניקה געשעפט פון גאנץ באזונדערע קוואלן, אן אנדער ירושה באקומען, געלעבט אין צוויי באזונדערע וועלטן...

עדגאר פאע האט זייער יונג פארלארן זיין מוטער און האלב־פארוואָרלאזט פלעגן אים אין די נעכט באשלאגן קאלטע אנגסטן, ער פלעגט זען שוידער־בילדער, און דעם קאפ באהאלטן אונטער דער קאלדרע פלעגט ער מורא

האָבן צו אָטעמען. אין זײַנע זכרונות שרײַבט ער: „איך האָב אָפט געפילט אַ קאַלטע האַנט ווי אײַז אויף מײַן פּנים אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען איך בין געווען אַליין אין צימער"... אין אָט די נעכט זײַנען עס געבוירן געוואָרן די קאָשמאַר־פאַנטאַזיעס, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן דאָס גאַנצע לעבן.

אַזעלכע ווילדע חלומות און נאַכט־אַנגסטן זײַנען אַ גאַנץ אָפטע דערשײַנונג בײַ פיל קינדער און יוגנטלעכע, און וועלכע די אויפגעשפּראָצטע רײַפקייט קעמפט מיטן קינדישן פּחד און שולד־געפיל. בײַ פּאָען זײַנען נאָך צוגעקומען באַזונדערע איבערלעבונגען, וואָס האָבן געגעבן זײַן אָנגעשראָקן געמיט אַן אומנאָרמאַלע ווענדונג. די פרוי וואָס האָט אים אַדאָפּטירט, זײַן צווייטע מוטער, איז אויך יונג געשטאָרבן. עס שטאַרבן אים קורץ נאָכדעם זײַן כלה און זײַן געליבטע און ער האָט זײַן לײַדנשאַפט איבערגעטראָגן פון לעבעדיקע — אויף טויטע... עס האָט אים געלאָקט דער שאַרבן נישט די האָר, דער סקעלעט נישט די צאַרטע הויט, די ציין נישט דער קוש... ער איז געווען פאַרליבט אין קבר, אין פאַרגעניגן צו פאַרשאַפן ווייטיק, אין חשק צו טויטן. די פאַרלאַנגען זײַנען אין אַ גרויסער מאָס געווען אומבאַוווּסטזיניקע, ער האָט פון זיי נישט געהאַט קיין קלאָרע אַנונג און האָט זיי נישט פאַרווירקלעכט אין לעבן. ער האָט אָבער די פאַרלאַנגען געבראַכט צום אויסדרוק דורך זײַן פאָרשטעלונגס־קראַפט, אין זײַנע ווערק. זײַנע תּאוות זײַנען געווען פאַרבאָרגן נישט אין בלוט, נאָר אין דמיון, האָט ער זײַנע אימפּולסן פאַרווירקלעכט אומדירעקט, דורך דער פאַנטאַזיע אין דער שאַפונג.

אין איינער פון זײַנע דערציילונגען פאַרליבט זיך דער העלד אין אַ קראַנקער פרוי, באַזונדערס האָבן אים פאַרכישופט אירע שיינע ציין. מיט אומגעדולד וואַרט ער אויפן סוף, און ווען זי שטאַרבט גראָבט ער אויף דעם קבר און רײַסט די ציין, די טויטע אָבער דערוואַכט פון טראַנס און ער אַנטלויפט משוגע פון שרעק...

אויף אויסצוהאַלטן די נסיונות וואָס האָבן אים פאַרפאָלגט און די שווערע דורכפאַלן אין לעבן, האָט ער געזוכט דערמוטיקונג אין בראָנפן און נאַרקאָטישע געטראַנקען. קיין שום טעם האָט ער נישט געפילט אין טרינקען, פלעגט אַרײַנגיסן אַ גלאָז משקה מיט איין זופּ, און אַזוי זופּן ביז שיכּרות, ביז פאַרגעסונג.

דער אָפּיום האָט אויסגעברענט זײַנע קרעפטן, ער איז אומפעאיק געווען אויף נאָרמאַלער ליבע, און האָט דאָך שטענדיק געפירט „ליבעס" און האָט פרויען ממש פאַרפאָלגט. ווי אַ נאַרקאָטיקער האָט ער זײַנע פאַרלאַנגען פאַרווירקלעכט אין דמיון, אין דער פאַנטאַזיע, און אָט דין „שפּיל" אין ליבע האָט אים געגעבן אַן אילוזאָרישע באַפרידיקונג. ער האָט זיך אויסגעלעבט אין דער אילוזיע — דאָס איז געווען זײַן רעאַליטעט.

## נאַכט־אַנגסטן און שרעקן

מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַז אַ סך קינדער און יוגנטלעכע לײַדן פון שווערע נאַכט־אַנגסטן און שרעקן, וואָס לאָזן אויך אָפט איבער אַ חותם אויפן גאַנצן לעבן. טאַטע־מאַמע באַמערקן צומאָל נישט — און אפילו גוטע עלטערן — ווי שווער זייערע קינדער לײַדן. דער אויסדרוק „די זאָרגלאָזע קינדהייט" קלינגט דאָס רוב ווי אַ בייזער שפּאַס פון שטן — אויף צו זאָגן עס מיט דער שפּראַך פון דער טעמע וועלכע מיר באַהאַנדלען.

אין דער שילדערונג פון זײַן הויפּט־העלד אין ראָמאַן, „די פאַמיליע מושקאַט", זאָגט באַשעוויס: „...עוזר־העשל איז דורכגעגאַנגען אַ סך קינדער קראַנקהייטן... פרי האָט ער אָנגעהויבן לײַדן פון פּחדים. ער האָט זיך געשראָקן, פאַר אַ שפּיגל, פאַר אַ קוימענקערער, פאַר אַ האָן. עס האָבן זיך אים געחלומט ציגײַנער, וואָס כאַפּן קינדער אין זאַק; מתים וואָס גייען אַרום אויפן בית־עולם; שדים וואָס טאַנצן הינטערן באָד..." און עוזר־העשל איז דער מחבר בכבודו ועצמו. באַשעוויס האָט זיך באַזעצט אין זײַן האַרצן און קוקט דורך זײַנע, עוזר־העשלס, אויגן אויף גאָטס וועלט.

אין אַ צווייטן פּלאַץ זאָגט באַשעוויס דירעקט וועגן זיך: „איך געדענק זאַכן פון אַן עלטער וואָס זעלטן אַ קינד געדענקט. איך שעם זיך צו זאָגן ווי ווײַט מײַן געדעכעניש גרייכט..." און אין אַ יונגן זכרון ווערן טיף אָפּגעשטעמפּלט די איבערלעבונגען, וואָס האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן אָדער שרעקלעכן אײַנדרוק, זיי בלײַבן דאָרט שטעקן, באַווירקן דעם כאַראַקטער פון מענטשן, וואַרפן אָן אַ פינצטערן שאָטן אויפן געמיט, באַפעלקערן די פאַנטאַזיע מיט אומהיימלעכע געשטאַלטן, הערן נישט אויף קומען און שרעקן אין חלום...

איז יצחק באַשעוויס געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור דער דיכטער פון אַ מרה־שחורהדיקער וועלט. אַ דיכטער פון קאָשמאַר, פון גרויל און אַנגסט, פון חבלי־משיח, פון פּײַנלעכן גלות־געפיל, פון שטן אין גאָריי. אויך די „העלדן" פון די אַלע אַנדערע דערציילונגען אין בוך זײַנען אינספּירירט אין די שרעקן, וועלכע עס האָבן אָנגעוואָרפן אויפן קינד די ציגײַנער מיטן זאַק, די מתים אויפן בית עולם, די שדים הינטערן באָד. און ס'איז אַ קינד מיט אַ פענאָמענאַלן זכרון... די דערציילונג „צוויי מתים גייען טאַנצן" איז אַ שוידער טאַנץ פון געשפּענסטער; „דאָס טאָג־בוך פון אַ נישט־געבוירענעם" שילדערט דאָס לעבן פון אַ שרעטעלע, אַ „חכם להרע", וואָס פאַרדרייט די מעשים פון מענטשן; „דער ייִד פון בבל" איז אַ בייזער חלום מיט קליפּות, שוואַרצע לײַט מיט געגרדזעגע פּים, נאַקעטע נקבות מיט צעפּ ביז אַראָפּ, מחנות לאַפּיטוטן...

נישט נאָר עוזר־העשל, אויך רעכעלע איז אַ קרבן פון פּחדים פון וועלכע זי האָט געליטן אין די קינדער־יאָרן. די שרעק איז איר אַרײַן אין די ביינער און זי איז גע־

בלייבן האַלב־געלײמט אויפֿן גאַנצן לעבן. באַשעוויס שיל־דערט גרויל־בילדער, וואָס שפּרייטן אויס זייער גע־שפּענסטיקן שאָטן אויף דער נאַטור, אויף דער סביבה און אויף די מענטשן. נישטאָ קיין ליכטיקער פֿלעק און קיין אָפּרו פֿאַר די געפּייניקטע געמיטער, און דערביי איז דער מאַטעריאַל מיט וועלכן עס ווערט געשאַפֿן דער טעראָר־עפֿעקט אין אַ גרויסער מאָס גענומען פֿון דער רעאַלער ווירקלעכקייט: נישט קיין פֿאַנטאַסטיק פֿון יענער וועלט, ווי ביי עדגאַר עלאַן פּאָע, נאָר דווקא עלעמענטן פֿון דער וועלט, וועלכע דער פּחד אין האַרצן, דער אָנגע־שראָקענער געמיט, קליידט־אָן אין פֿאַנטאַסטישע פֿאַרבן. די בילדער זיינען דעריבער איבערציינגנדיקער, קינסטלע־ריש רייכער און רייפֿער:

„די מויער ווו רעכעלע האָט געוווינט איז געווען זייער אַן אַלטע און געשטאַנען אין עק שטאָט, נישט ווייט פֿון בית עולם.. די ערד אַרום שטוב איז געווען בערגלדיק און טאָליק, פֿול מיט לעכער, און עס האָבן דאָרט זיך אַרומגעוואַלגערט אַלערליי שמאַ־טעס, פֿלעדערווישן און פֿאַרפֿוילטע זעק... אין ענגן אָנגעמושבטן שלאָף־חדר האָבן שטענדיק געקראַצט מייז און עס האָט זיך געהערט פֿון דאָרטן אַ שאָר־כעניש און אַ רודערן, גלייך ווי אַ האַנט וואָלט זיך געפּאָרעט אין דער געדיכטעניש... ווען עס האָט גערויכערט פֿון קוימען איז געקומען דער קוימענקע־רער, זיינע אויגן זיינען געווען פֿול מיט ווייסל, ווי איבערגעדרייט, דאָס פּנים — שוואַרץ און אויסגע־קרימט ווי ביי אַ טייוול... ווען דער קוימענקערער איז אָנגעקומען האָט רעכעלע זיך באַהאַלטן אונטערן בעט און איינגעגראָבן זיך אין די קליידער... מוראַדיק איז געווען ביינאַכט, ווען רעכעלע פֿלעגט זיך מוזן לייגן מיט איר באָבען אין איר באַנק־בעט. עס האָט זיך געשפּירט פֿון דער זקנה מיט אָפּגע־ברענטע פֿעדערן און מיט מייז... אונטער דעם איבערבעט, אין חשבות, האָט זי דערציילט מעשיות פֿון ביזע חיות און פֿיפֿערנאָטערס; פֿון גזלנים, וואָס וווינען אין גריבער צוזאַמען מיט מכשפֿות; פֿון מענטשנפֿרעסערס, וואָס בראָטן קינדער אויף שפּיזן..."

## די שטראָף

די נישט־אויסגעלאָדענע אַנגסטלעכע קינדער־פֿאַנטאַ־זיעס האָט באַשעוויס קינסטלעריש טראַנספּעדירט — פּראָ־יעקצירט — אויף זיינע העלדן און מיט זיי אָנגעלאָדן די טעמאַטיק פֿון זיין ליטעראַרישן שאַפֿן.

אַן איבערגעשראָקענער, מיט אויפֿגעריסענע שוואַרצאַפּ־לען וואָס גלאָצן אין דער פֿינצטער, האָט ער דערפֿילט דעם שטן; וואָס ליגט פֿאַרטייעט אין דער טיף פֿון דער מענטשלעכער נשמה; ער האָט דערזען דעם שדים־שרע־טעלע, וואָס פֿאַרקרימט די דרכים פֿון מענטשן; ער האָט באַנומען די טיפֿע טראַגיק פֿון גלות, וואָס פֿאַרקריפּלט דאָס ייִדישע וועזן...

ביי עדגאַר עלאַן פּאָע איז יחידישער שווידער, ער איז שטענדיק אַליין, פֿאַראיינזאַמט אין זיין שאַפֿן, דעריבער איז זיין ווערק דורכגעדרונגען מיט אַזאַ אויסגאַנגסלאָזן פּעסימיזם און זיין שעפֿער זינקט אין דעגענעראַציע. ביי באַשעוויסן איז קאָלעקטיווע טראַגיק, און דאָרט ווו דער יחיד אידענטיפֿיצירט זיך מיטן גורל פֿון כלל, ווו ער פֿאַרבינדט זיך מיט די באַגערן פֿון קאָלעקטיוו, געפֿינט ער די וועגן, וואָס עפֿענען פֿאַר אים ברייטע פּערספּעקטיוון פֿון לעבן. „דער שטן אין גאָריי" פֿאַרענדיקט נישט באַ־שעוויס מיט קיין פֿולן זיג פֿון שטן. עס איז אמת, דער וואָלקן פֿון הימל אויפֿצונעמען ייִדן קיין ירושלים איז נישט געקומען. דער מיראַזש איז פֿאַרשוווּנדן, די פֿאַר־בלענדעניש געפּלאַצט ווי אַ זייפֿנבלאָז, אָבער די האָפֿע־נונג איז געבליבן. דורכגעפֿאַלן איז נאָר דער וועג, וואָס האָט געפֿירט צו דער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער אידייע, אָבער נישט די אידייע גופֿא. דער מוסר־השכל פֿון ווערק איז — און לויט דער ייִדיש עטישער איינשטעלונג לאָזט זיך פֿון באַשעוויסעס ווערק מאַכן אַזאַ אויספֿיר — אַז דער וועג פֿון כולו חייב איז נישט דער ריכטיקער; ס'איז אַ וועג וואָס פֿירט נישט פֿאָרויס, נאָר צוריק — אין תהום פֿון מאָראַלישער ירידה. דער טראַגישער סוף פֿון דער מעשה, דער דורכפֿאַל פֿון דער אילוזיע, זעט אויס צו זיין ווי אַ באַרעכטיקטע שטראָף. דער פֿאַלשער משיח איז דורכגעפֿאַלן, דער אמתער לעבט אָבער אין דער ייִדי־שער פֿאָלקס־פֿאַרשטעלונג.

## אַן אַלטע מעשה מיט אַ נייעם נוסח

און כאָטש באַשעוויס האָט אַזוי האַרב פֿאַרמשפּט די מעשים תעתועים פֿון שטן אין גאָריי, האָט ער אים דאָך נישט אָפּגעלאָזן און אויך מיטגענומען אויף זיין ליטע־ראַרישער עקסקורסיע אין וואַרשע. די „מעשה פֿון פֿאַרצייטנס", ווי עס זאָגט דאָס אונטערקעפּל פֿון ווערק וועלכעס מיר האָבן אויבן קאָמענטירט, שפּילט זיך אָפּ אויך אין אונדזערע צייטן און די מעשה ווערט ווייטער דערציילט, אָבער שוין גאָר מיט אַן אַנדער נוסח. אַן אַנדער נוסח, אַנדערע מענטשן, אַן אַנדער סביבה, אַן אַנדער וועלט; אָבער — מיטן זעלבן שטן...

און די מעשה הייבט זיך אָן מער־ווייניקער אַזוי: עס האָט געלעבט בק"ק וואַרשע אַ ייִד אַ נגיד, ר' משולם מושקאַט, אַ הייסער חסיד, אַ חשוב ביי גאָט און ביי לייט. געווען איז ער אַ באַלעבאָס פֿון אַ סך הייזער און אונ־טערנעמער פֿון גרויסע געשעפֿטן. און גאָט האָט אים געבענטשט מיט אַלדאָס גוטס און האָט געמערט זיין הויזגעזינד. זין און טעכטער, שניר און איידעמס, איי־ניקלעך און אור־אייניקלעך. אַ מידה טובה האָט געהאַט דער גביר: ווי אַ גוטער פֿאָטער פֿלעגט ער זאָרגן פֿאַר די זיווגים פֿון זיינע משפּחה־לייט. טון די שענסטע שידוכים,

געבן נדן מיט דער ברייטער האַנט און פּראַווען שמחות, וואָס האָבן געשמט איבער גאַנץ מדינת פּוילן.

אַלע זין און איידעמס זײַנען כלומרשט געווען אָנגעשטעלטע ווי פּאַרוואַלטער פון די הײַזער, און באַקומען פאַר דער טירחא אויסגעצאָלט וואָכן־געלט אויף אויסצוהאַלטן בכבוד זייערע משפּחות און פירן אַ שטאַט ווי עס פּאַסט פאַר אַ חסידיש־נגידישן שטייגער.

האָט מען דאָך געדאַרפט לעבן אין נחת און אין כבוד, און גאָט דאַנקען פאַר זײַן חסד און רחמים? — איז אָבער נישט געווען אַזוי. מעשה שטן האָט זיך באַקומען אַלץ קאַפּויער און קיינער איז דאָרט נישט געווען גליקלעך, אָנהייבנדיק פון ר׳ משולם בכבודו ובעצמו. אָן אויפהער האָט ר׳ משולם זיך געיאָגט אין יאָך פון לעבן, קיינמאָל קיין צײַט נישט געהאַט צו מאַכן אַ חשבון־הנפש און עפּעס מתקן זײַן בײַם לעבן, און אַז מען הייבט אָן אונטערציען דעם סך־הכל אויפן טויטן בעט קאָן מען שוין צוריק נישט כאַפּן...

זאַט אין יאָרן, אָבער קראַנק און אָן לשון, ליגט דער אַלטער נגיד ווי אַ שטומער עדות פון זײַן ביטערן סוף, פאַרמשפּט אַלץ צו זען, צו הערן און — שווײַגן, ווי אַ שטראָף פאַר אַ נאַריש געלעבט לעבן.

„עס האָט אים אַלץ באַנג געטון: דאָס וואָס ער האָט חתונה געהאַט צוויי מאָל מיט טעכטער פון געמיינע הײַזער און אויסגעהאָדעוועט פּראָסטע קינדער; פאַרוואָס ער איז נישט געווען איבערקלײַבעריש מיט די איידעמס; הלמאי ער האָט נישט געשריבן קיין צוואה ווי ס׳באַדאַרף צו זײַן... כ׳האָב געלעבט אָן חשבון און שטאַרב אָן וידוי, האָט ר׳ משולם געטראַכט, ווי שטייט דאָרט אין קהלת? — אַלץ איז אייטל, נאַריש, מ׳זאַמלט פאַר פרעמדע די מי...״

## קרומע שידוכים

און אָט דער פּעסימיסטישער קהלת־טאָן גייט ווי אַ פּערמאַנענטער צושפּיל אין דער לעבנס־סימפאָניע פון דער פאַמיליע מושקאַט און אין די אַלע פּערסאָנאַזשן פון דעם ווערק. דער גורל פון פאָטער האָט זיך ווי איבערגעגעבן אויף די קינדער. יעדער דור מאַכט דורך אַ לעבנס־קרײַז, וואָס איז אין תוך ענלעך אויף זײַנע פאָרגייער. ר׳ משולמס זון, ניוניע, „אַ קליין מענטשל מיט אַ שפּיציק בײַכל״, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין דער פאַמיליע פאַר אַן עסער און אַ פאַפּער, האָט געהאַט אַ פרוי, אַ רבנישע טאָכטער, וואָס האָט געמוזט נעמען פּילן צום אַפּעטיט, און אויך צום שלאָפן. זי פלעגט זיך אַרומטראָגן מיט פאַרבאָרגענע שלאַפקייטן און פלעגט מיט פאַרביטערונג טענהן: — ער ווייס דען ווי גוט ס׳איז אים? פרעגט אים בחרם!...

ניוניעס טענות זײַנען געווען גאַנץ אַנדערע: מײַן טאַטע, מיט די שדכנים, האָט ער געטראַכט, האָבן מיך אָפּגעקוילעט — „סע גיש׳ קאַ׳ ווײַב, נאָר אַ פּגע, אַ מסח טעות!״... און זײַן פאַרביטערונג איז געווענדעט נישט נאָר קעגן פאָטער און די שדכנים; אויך זיך שאַנעוועט ער נישט. — איך בין נישט געקומען צו קיין תכלית, וואַרפט ער זיך פאָר. דאָס גאַנצע לעבן געוואָלט זיך אַרויסרײַסן, פאָרן, עפּעס טאָן, לערנען, האַנדלען — און גאָרנישט געטאָן, געבליבן שטעקן אין דער בלאָטע...

דאָס איז איין פּאָרל אויף אַ מוסטער. דער גורל פון די אַלע אַנדערע איז נישט בעסער. די טאָכטער, לאה, האָט זיך פאַרליבט אין קאָפּל משרת, ר׳ משולמס אַדמיניסטראַטאָר און פאַרטרויאונגס־מאַן, האָט מען זי אויף גיך חתונה געמאַכט מיט אַ יונגן אַלמן, אָבער אַ למדן און בעל־יחוס. איז ער געווען אַ פרעמדער מענטש אין שטוב, אָדער ער פלעגט זיצן אין שטיבל און לערנען, אָדער ער פלעגט אַוועקפאָרן צום רבין אויף לאַנגע מאָנאַטן. קיינער אין דער פאַמיליע איז נישט גליקלעך...

אויך דער שלימזל פון דער צווייטער טאָכטער איז אַזאַ. פונקט ווי איר זיווג איז געווען הויך און שטאַרק, אַזוי איז זי געווען קליין, קראַנק, מרה־שחורהדיק, מיט אַ רויטער נאָז און אויסגעוויינטע אויגן. אַבראַם, איר מאַן, אַ פריילעכער און האַרציקער, אָבער גלײַכצײַטיק אויך דער זינדיקסטער און טראַגישסטער אין דער משפּחה, זאָגט בײַ אַ געלעגנהייט צו עוזר־העשלען: — „אַלץ וואָס מיר ייִדן טוען איז קרום. מ׳פאָרט צונויף אַ פליג מיט אַ העלפאַנט... נעמט מיר מיט מײַן חמאָן. מיר פּאַסן ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. שקר מיט שלימזל... קומען אַרויס קריפּלען, פּאַקראַקעס, ווילדע מוחות. אוי, דער גלות, דער גלות! ע׳רט אונדז אָפּגעקוילעט!״

דאָס איז דער אייגנטלעכער גײַסט פון קהלת, וואָס האָט נאָך פאַרן לאַנגן ייִדישן גלות געזאָגט, אַז דאָס לעבן איז מעות לא אכל לתקן (א׳־טו) „אַ קרומקײַט וואָס מען קאָן נישט אויסגלײַכן״. דער גלות האָט נאָך געדיכטער געמאַכט די פאַרבן און ער האָט זיכער אַ גרויסן חלק אין די אַלע „קרומקייטן״ און איבלען, וואָס זײַנען אויסגעפאַלן אויפן ייִדישן גורל. מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַז עלטערן ווייסן אָפּט נישט ווי שווער זייערע קינדער לײַדן. דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן, אַז מיר ווייסן אָפט נישט ווי שווער מענטשן לײַדן אין זייער אינטימען לעבן, ווײַל עס האָט ערגעץ ווו זיך אַרײַנגעמישט דער שטן און האָט ווי אויף צו להכעיס עפּעס קאַליע געמאַכט.

## נישט דער שפּיגל איז קרום — דאָס לעבן איז נישט גלײַך...

יצחק באַשעוויס באַציט זיך איראָניש צום גרעסטן טייל פון זײַנע העלדן. ווי אַן עכטער מײַסטער געשטאַלטיקט ער אָפט אויס מיטן כוח פון דער איראָניע גראָטעסקע פיגורן, דער אויסערלעכער אויסזען פון וועלכע סומט ווי אַ לאַקאָנישער אויסדרוק פון זייער גאַנצן אינערלעכן וועזן, פאָרם און אינהאַלט האַרמאָנירן און קריסטאַליזירן זיך אויס אויך אין זייערע מעשים. דער מחבר באַציט זיך מיט סוים

אייַנגעהאַלטענעם ביטול, צו אַ גרויסן טייל פון זייַנע פּערסאָנאַזשן און דערציילט מיט אַ סקעפּטישן שמייכל, וואָס גייט אָפּט איבער אין חוזק, וועגן זייערע השגות און באַגערן. און אַזוי, אָנהייבנדיק פון „שטן אין גאָריי", געשריבן מיט קאַרגע דרייַסיק יאָר צוריק, איבער די בני מושקאָט מיט די „שפּיציקע בייַכער ווי בייַ מעוברתע ייִדענעס", ביז דעם נייַעסטן געשליפענעם מיניאַטור „דער האָטעל" *) פון מיטן 1961, וווּ „אַ פּיצעלע מענטשעלע מיט אַ קנויל אָפּבלאָקירטע האָר אויפן האַרץ־ברעטל" באַקענט זיך מיט אַ צווייטן, וואָס איז נישט העכער פון אים, נאָר דיק, ברייט, „מיט פינגער ווי דיקע וווּרשטלעך".

די צוויי, זייַנען גרויסע ניו־יאָרקער ביזנעסלייַט, וואָס האָבן נעמוזט אויפגעבן די געשעפטן און זיך באַזעצן בייַם ים אין מיאַמי ביעטש, ווייַל זיי האָבן קראַנקע הערצער און פּאָכן מיט דער נשמה, אָט, אָט... זיי טאָרן נישט, און דאַרפן נישט, זיך פאַרדרייען מיט נייַע געשעפטן, זיי ווייסן עס זייער גוט, און דאָך פאַרנעמען זיי זיך אויף אַ נייַער און גרויסער אונטערנעמונג — קויפן אַ האָטעל, ווייַל זיי האָבן נישט מיט וואָס אויסצופילן זייער פּוסטע פּאַסנעם לעבן און ליידיקע טעג. און דער מחבר פאַרענדיקט מיט אַ לייַכטן איראָנישן שמייכל: „ביידע מענטשעלעך האָבן זיך געלאָזט אַרויפגיין מיט די טרעפּ צו דעם פּערצן־שטאָקיקן האָטעל..."

עס זעט אויס, רחמנא לצלן, ווי אַ לץ זאָל מזווג זיווגים זייַן און פאַרדרייען די השגות פון מענטשן, ער זאָל טאָן סאַפּויער ווי עס דיקטירט דער גראָדער שכל און זייַנע וויטאַלע אינטערעסן. און מען טאָר נישט מאַכן דעם לייַכטן אויספיר, אַז באַשעוויס ווייַזט דאָס לעבן אין אַ קרומען שפּיגל; חלילה, נישט דער שפּיגל איז קרום, נאָר דאָס לעבן איז נישט גלייַך, נישט גלאַט און נישט לייַכט...

און אָט די שווערקייַטן פון לעבן און די שוואַכקייַטן פון מענטשן זעט זייער גוט באַשעוויס. אַזאַ לעבנס־בילד האָט ער זיך אין אַ גרויסער מאָס פאַרמירט אין שטוב פון די עלטערן. דער פאָטער, אַ מורה הוראה, און רעליגיעז־עטישער מענטש, איז פאַרבליבן די ווייַטע און אידעאַלע געשטאַלט, וועלכע ער האָט פאַרקערפּערט אין ר' בינוש אשכנזי, ר' דן קאַצענעלבויגן, דער ביאַלאָדרעווער רבי, צו דער גייַסטיקער וועלט פון וועלכע ער טרוימט זיך צוריקקערן. אַ טרוים וועלכער פאַרפליכטעט נישט צו מעשים. די מוטער אַ מלומדת, וועלכע איז אויך געווען באַקאַנט מיט דער וועלט־ליטעראַטור, האָט געהאַט אַ מער ראַציאָנאַלן קוק אויפן לעבן, אַ רעאַל־פּראַגמאַטישע באַציאונג צו זאַכן, און אויך אַ גרעסערע השפעה אויפן צאַרט־פילבאַרן זון, וואָס האָט געליטן פאַרשיידענע פּחדים אין די פריע קינדער־יאָרן, און בייַ וועלכן די פּרימיטיווע קינדישע מורא האָט מיט דער צייַט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שכלדיק־ראַציאָנאַלן סקעפּטיציזם, אין אַ שווער געמיט און אומגלויבן צו מענטשן...

אין דער אויבנדערמאָנטער קליינער דערציילונג, וועלכע מיר האָבן קאָמענטירט, האָבן די „ביידע מענטשעלעך" אין לעבן קיין אַנדערע אינטערעסן נישט געהאַט ווי נאָר ביזנעס. דאָס איז די לופט מיט וועלכער זיי האָבן געאָטעמט. וואָלטן זיי אויסער ביזנעס אויך געהאַט אינטערעסן סאָציאַלע, געזעלשאַפטלעכע, קינסטלערישע, אָדער וועלכע נישט איז אַנדערע, וואָלטן זיי שוין געפונען מיט וואָס אויסצופילן דעם רעשט פון זייער קראַנק לעבן. אָבער ווי זאָגט ישראל דאַנציגער, איינער פון די צוויי „מענטשעלעך"? — „הייַנטיקע צייַטן קאָן מען קיין צדקה נישט געבן. פאַר וואָס פאַר־אַ צוועק איר זאָלט נישט געבן, ווערט דאָס געלט אויפגעגעסן פון די סעקרעטאַרינס, פאַנדזאַמלער, פּאָליטיקער..." פאַר קינסטלערישע אינטערעסן פעלט דעם „מענטשעלע" קולטור און צו געזעלשאַפטלעכע פאַרצוימט אים דעם וועג זייַן סקעפּטיציזם און אומצוטרוי צו מענטשן...

## מאָדיגליאַני טיפּן

אין דער אומענדלעך רייַכער גאַלעריע פּערסאָנאַזשן פון באַשעוויסן, טרעפן מיר אויך אַ געוויסע צאָל אויטאָפּאָרטרעטן. נישט צו אַלע איז ער סקעפּטיש אָדער איראָניש. כאַראַקטעריסטיש, אַז די רעליגיעז־עטישע געשטאַלטן, וואָס דערמאָנען דעם פאָטער און צו וועלכע דער מחבר האָט אַ געפיל פון פאַרערונג, האָבן אין גרעסטן טייל נישט קיין פיזישן „פּנים"; ער ווייַזט זיי נישט אין זייער אויסערלעכן אויסזען נאָר אין זייער גייַסטיקן וועזן. און באַשעוויס האָט ליב פּלאַסטיש פאָרצושטעלן זייַנע העלדן. אין אייניקע פון זייַנע ליטעראַרישע אימאַזשן פאַרקערפּערט זיך, אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, דער מחבר גופא; דערשייַנען זיי בייַ אים ווי עכטע מאָדיגליאַני טיפּן. דער גרויסער טובערקולאָז־קרענקלעכער ייִדיש־איטאַליענישער מאָלער, מאָדיגליאַני, — האָט פאַראייביקט אין זייַנע פיגורן מיט די לאַנגע העלדזער, אויסגעצויגענע פּנימער און הויכע שטערנס, די כאַראַקטעריסטישע טיפּן פון פאַרטרוימטע מעלאַנכאָליקער, אַרייַנגעטראַכטע אין זיך, און ווי דערוויַיטערטע פון וועלט און פון מענטשן.

אַזוי שטעלט פאָר באַשעוויס עוזר־העשלען: „אַ הויכער, אַ שמאָלער, מיט אַ לענגלעך ווייַס פּנים, מיט אַ הויכן שטערן, וואָס האָט שוין באַצייַטנס געהאַט צוויי טיפע בעל־מחשבה ווינקלען, מיט שאַרפע בלויע אויגן, אַ הויקערדיקע נאָז, דינע ליפּן און אַ שפּיציקע קין". און הדסה, ניוניעס טאָכטער, „אַ פּאָעטישע נשמה" דורך וועלכער דער מחבר ברענגט צום אויסדרוק זייַנע ליִרישע סענטימענטן, איז „הויך, שמאָל, מיט גאָלדענע האָר... דער האַלדז — לאַנג, דער שטערן — הויך, בלוילעך אין די שלייפן"...

עס איז פאַראַן אַן איינגאַרטיקער שטריך, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס כאַראַקטעריסטיש פאַרן ליטעראַרישן פּערסאָנאַזש פון י. באַשעוויס. זייַנע העלדן האָבן זיך

*) פאַרעפנטלעכט אין דעם „זאַמלבוך", זייַט 277.

נישט רעאַליזירט, געבליבן שטעקן אין מיטן וועג, נישט דערפאָרן. זיי האָבן נישט געהאַט קיין כוח און קיין מוט צו ווערן דאָס, וואָס זיי האָבן באַגערט און געקאָנט זײַן. דרייען זיי זיך ווי אין אַ פּוסטקייט, אַרום זיך, אײַנגעהילט אין אַ נעפּל, אומצופרידן.

עפּעס אַ שטריך פון קינדישקייט איז געבליבן שטעקן אין אַ גרויסן טייל פון זײַנע העלדן. איינער פון ר' משולמס בנים איז געשלאָפן אויף אַ קישעלע, וואָס ער האָט נאָך געהאַט פון די קינדער־יאָרן און מיט וועלכער ער האָט קיינמאָל זיך נישט געשיידט, נישט אין וואַרשע און נישט אונטערוועגס. עוזר העשל, אַ ישיבה בחור וואָס האָט זיך אָנגעלייענט מיט חיצונים, האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין די טראַדיציאָנעלע יידישע ווערטן און צום סוף אָנגענומען דעם געניאַלן צווייפלער, ספינאָזאַן, פאַר אַ נײַעם מורה דרך. אָבער אויך ער פּראָיעקצירט זיך נישט פאָרויס, נאָר דרייט זיך אַרום־זיך און קומט צוריק צום אויסגאַנגס־פּונקט, טראַכטנדיק אַ פאַרצווייפלטער און פאַרבלאָנדזשעטער אין אַ בית־מדרש: „דאָס איז מײַן אמתע היים"... און אַרויסגייענדיק פון דער אמתער היים וועט ער דעם אומקרײַז אָנהייבן פון אָנהייב...

מענטשן, וואָס האָבן מורא זיך צו שטעלן פּנים־אל־פּנים מיט דער ווירקלעכקייט און מיט זייערע אייגענע קאָנפליקטן. זיי נעמען אויף דאָס לעבן פּאַסיוו, עס פעלט זיי כאַראַקטער, מענלעכקייט און זעלבסטשטענדיקייט. זיי רעגירן נישט זייער לעבן, נאָר שלעפּן דעם וואָגן מיטן כוח פון אינערציע, געטריבן דורך די ריטער פון בלינדן גורל אָדער גאָר דורך די לאַפּיטוטן פון שטן. אַן אומהיימלעכע אַטמאָספער הערשט אין בוך און אַ פאַטאַלער צייכן הענגט איבערן קאָפּ פון די העלדן.

## די מורא פאַרן לעבן

האָט פאַר הדסהן דער גוטער זיידעשי, ר' משולם, באַשטימט, ווי זײַן שטייגער איז, אַ רײַכן נדן און אַ גוטן חתן, עפּעס אַ פּישעלע פון אַ גאָר יחוסדיקער חסידישער משפּחה, ווי עס פּאַסט פאַר די מושקאַטס. אויף זיך צו ראַטעווען פון דעם גליק, וואָס די פאַמיליע האָט פאַר איר צוגעגרייט, אַנטלויפט דאָס מיידל מיט איר אויסדערוויילטן, מיטן אָרעמען ישיבה בחור עוזר העשל, קיין אויסלאַנד. אָבער בײַם גנבענען די גרענעץ כאַפּט מען זי און מ'ברענגט זי מיטן עטאַפּ צוריק צו די עלטערן. עוזר העשל באַווײַזט זיך יאָ דורכצורײַסן קיין אויסלאַנד; אָבער, מעשה שטן, האָט ער פאַרגעסן דעם אַדרעס, און דאָס מיידל באַקומט פון אים לאַנג קיין בריוו נישט. אַ פאַרצווייפלטע באַשטימט זי חתונה צו האָבן מיט דעם פּישעלע, ווײַל דערזעענדיק, זאָגט זי, „אַז דער וועג צו גליק איז פאַרצוימט אויף אייביק, האָב איך אויסגעקליבן דאָס פאַרקערטע. איך האָב פון קינדווײַז אָן געוווּסט, אַז אין דער לעצטער מינוט וועל איך מיך אויסגליטשן"...

און עפּעס ענלעכעס האָט פּאַסירט מיט עוזר־העשלען. דערהערט אַז זײַן מיידל איז מיט מזל געוואָרן אַ כלה פאַר אַן אַנדערן, איז ער נישט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד חלילה, אַ ישיבה בחור, מעג זײַן אַ געוועזענער, וועט זיך נישט מאבד עצמו לדעת זײַן; האָט ער געטון עפּעס ערגערס: ער האָט זיך געלאָזט חתונה מאַכן מיט אַ פרוי, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. „פון קינדווײַז אָן איז מיר אַלץ אַרויסגעקומען קאַפּויער, האָט ער זיך באַקלאָגט, די ידיעה אַז הדסה גייט חתונה האָבן האָט עס באַשטעטיקט. האָב איך געוואָלט אומברענגען די האָפענונג"...

דער אמת איז, אַז בײַ די מענטשן האָט „פון קינדווײַז אָן" זיך נישט אָפּגעטון די מורא פאַרן לעבן. באַהערשט דורך אַ געפיל פון אַנגסט ברעכן זיי צוזאַמען אונטערן ערשטן קלאַפּ פון לעבן, פאַרלירן דעם גײַסטיקן גלײַכגעוויכט, און רעזיגנירן פון קאַמף און פון ווידערשטאַנד. אַז עס לאָזט זיך נישט גיין מיטן גלײַכן וועג, טוען זיי תיכף „דאָס פאַרקערטע" און פאַרנעמען זיך מיטן קרומען. איז נישט כולו זכאי, איז זאָל זײַן כולו חייב. ס'איז אַן אַקט פון פאַרצווייפלונג, פון היסטערישן אויסברוך, וואָס איז אויסן צו באַשטראָפן זיך אַליין; ווײַל אין תוך לײַדן זיי פון אַ שטאַרקן שולד־געפיל: „מײַנע עלטערן זײַנען נישט שולדיק אין דעם וואָס עס האָט פּאַסירט, זאָגט הדסה, ס'איז אַלץ מײַן שולד" און עוזר־העשל וויל אפילו „אומטעם־אָפּכאַפּ פון דער אַנגסט־שטימונג.

די העלדן פון „די פאַמיליע מושקאַט" וואַרפן זיך אין די אָרעמס פון שטן כדי צו פאַרגעסן זייער בענקשאַפט צו גאָט. זיי זינדיקן נישט ווײַל זיי זײַנען פון דער נאַטור אויס שלעכטע, נאָר ווײַל זיי זוכן אין דער באַרוישונג פון זינד צו פאַרטויבן דעם נאָגנדיקן באַגער — צו אַ ריינערן לעבן. זעען אויס די זינדיקע נישט ווי שולדיקע, נאָר ווי אומגליקלעכע און לײַדנדיקע, וואָס זוכן אין עקסצענטרישע אַוואַנטורעס אַ קאָמפּענסאַציע פאַרן דורכפאַל און אַן אָטעם־אָפּכאַפּ פון דער טנגסט־שטימונג.

אַבראַם, וועלכער האָט מודה געווען, אַז ער מיט זײַן פרוי פּאַסן זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט, פאַרשטעלט זיך פאַר אַ דאָן־זשואַן, פאַר אַ ליובאָווניק, וואָס ווײַזט „מענערישע קונצן" מיט זײַנע געליבטע; אָבער אָן אויפריכטיקער ליבע, אָן געפיל, אָן פרייד און אָן — גליק.

## פּײַער אין דמיון — ניט אין די בלוטן...

אפילו מיט דער געליבטער האָט אַבראַם געשפּילט אַן אומגליקלעכע ליבע. נישט איינמאָל האָבן זיי זיך שוין פונאַנדערגעשיידט „אָבער דאָס פּאָרל האָט יעדעס מאָל זיך פונסנײַ געפונען... נישט זיי האָבן געקאָנט בלײַבן צוזאַמען, נישט זיך שיידן". ווען אידאַ פלעגט אים פאַרלאָזן, האָט ער זיך קיין אָרט נישט געפונען, אַלע קראַנקייטן פלעגן זיך אים אָפּרופן, און ער פלעגט סלאַפּן דעפּעשעס זי זאָל קומען אים ראַטעווען פון אונטערגאַנג. און ווען ער איז אַוועק פון חמאָן, האָט ער אָנגעהויבן בענקען נאָך די קינדער און האָט זיך אומגעקערט צום ווײַב.

עפּעס איז אין יסוד פון זײַן לעבנס־בנין לכתחילה אײַנגעשטעלט געוואָרן קרום און ער קאָן עס שוין אַ גאַנץ לעבן נישט גלײַך מאַכן. טראָגט זיך אַ מענטש אַרום מיט אַן אומקלאָרער בענקשאַפט אין האַרצן, מיט אַ מרה שחורה, וועלכע ער זוכט אומזיסט צו פאַרטרײַבן מיט זינדיקע אַוואַנטורעס.

אויך עוזר העשל פאַרשיכורט זיך מיט זינד און בלײַבט דורשטיק בײַם קוואַל פון לעבן. אין קעגנזאַץ צו אַבראַמען, שלאָגט אָבער אין אים אַ קינסטלעריש־שעפערישער אָדער און ער שרײַבט אַ ווערק „די לאַבאָראַטאָריע פון גליק". ער איז אויסן צו שאַפן אַ מין סינטעטיש־קינסטלעכן גליק, ־ווײַל פון אַ נאַטירלעך־אָרגאַנישן קאָן ער נישט געניסן. ריכטיקער — ער וויל פאַרווירקלעכן זײַנע אינטימסטע ווונטשן אין זײַן ווערק, ווײַל אין רעאַלן לעבן האָט ער זיי נישט געקאָנט פאַרווירקלעכן. ער שטרעבט צו דערגרייכן מיט דער פאַנטאַזיע דאָס, וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו דערגרייכן מיט זײַנע טאַטן. אין לעבן האָט ער נישט קיין גליק, ווײַל ער כאָטש שרײַבן וועגן גליק. אָבער ער באַווײַזט נישט דאָס ווערק צו פאַרענדיקן...

מענטשן זינקען אין זנות! — לאָזט זיך אויבנאויפיק צו מאַכן דעם אויספיר, אַז די דאָזיקע דאָן זשואַנען לאָזן זיך וווילגיין און געניסן פון לעבן. ס'איז אַ טעות בנוגע באַשעוויסעס העלדן. דאָס אַנטלויפן זיי אַזוי פון זייערע פּראָבלעמען, פון דער מרה שחורה, פון דעם דורכפאַל אין לעבן. זיי זוכן אין די הוליאַנקעס אַ פיקטיווע שטאַרקייט, אַ גלויבן אין זיך, אויף צו קאָנען אויסהאַלטן די סביבה, וועלכע איז זיי נישט צום האַרצן, די גרויע ווירקלעכקייט וועלכע זיי קאָנען נישט פאַרטראָגן.

מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַז עדגאַר עלאַן פּאָע — ווי עס זאָגן עדות זײַנע ביאָגראַפן — האָט זיך גאָרנישט „פּאָסמאַקעוועט" מיטן ביטערן טראָפּן, נאָר פּלעגט אָן טעם אַראָפּשלינגען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, און אַזוי טרינקען ביז שכרות, ביז זעלבסט־פאַרגעסונג. פּונקט אַזוי זנותעווען באַשעוויסעס פאַרשוינען. זיי האָבן נישט קיין טעם אין ליבע, פּונקט ווי זיי פילן נישט קיין טעם אין לעבן. זיי זינדיקן „מיט אַ שווער געמיט". דאָס זײַנען דאָן זשואַנען מיט אַ קנאַפּער עראָטישער פּאָטענץ, אָן אַפעקטיווער אָנלאָדונג, אָן טעמפּעראַמענט. דאָס האַרץ באַגלייט נישט דעם גוף. אפילו דער מוראדיקער ווײַבערניק, אַבראַם, מיט דער פּעך־שוואַרצער באָרד און ברייטע פּלייצעס, האָט מער פײַער אין דמיון ווי אין די בלוטן. דאָס האַרץ איז שוין בײַ אים טויט־קראַנק, דער קערפּער מיד און אָפּגעלאָזן, אָבער די פאַנטאַזיע הערט נישט אויף צו ברענען און בראָטן...

## באַשעוויסעס סטיל

אין „מײַן טאַטנס ביתדין שטוב", אַן אויטאָביאָגראַפיש ווערק, דערציילט יצחק באַשעוויס ווי ער איז יינגלווײַז אַרײַנגעקומען אין אַן אַטעליע פון אַ פּוילישן מאָלער ווו זײַן ברודער האָט געאַרבעט, און איז דאָרט געוואָרן אַן אָפטער אַרײַנגייער. עס איז זיך לײַכט פאַרזושטעלן דעם אײַנדרוק וואָס די בילדער, די נאַקעטע פיגורן, די מאָדעלן און די גאַנצע קינסטלער־סביבה האָט געמאַכט אויף דעם פרומען בר־מצווה יינגל. דער מחבר זאָגט עס: „וואָס פאַרא פּלוצימדיקער איבערגאַנג פון מײַן טאַטנס בית־דין שטוב ביז דער דאָזיקער אַטעליע! מיר דוכט, אַז דער דאָזיקער איבערשפּרונג איז אין איינקלאַנג מיט מײַן כאַראַקטער, מיט מײַן גורל, מיט מײַן שאַפן. אין מײַנע דערציילונגען איז אויך איין טראָט פון בית־דין שטוב ביז נאַקעטקײַט און פון נאַקעטקײַט ביז בית־דין שטוב. איך בין געבליבן פאַראינטערעסירט מיט לײַב און לעבן אין דיביידע פאַזן פון מענטשלעכקייט".

אין די קורצע עטלעכע שורות האָט דער מחבר כאַראַקטעריזירט זיך און זײַן שאַפן. ס'איז אויך איינע פון די גרויסע מעלות פון זײַן סטיל, וואָס צייכנט זיך אויס נישט נאָר מיט דער אַבסאָלוטער פּרעציזקייט פון וואָרט, וואָס דריקט־אויס אַזוי אָנשוילעך און פּלאַסטיש דעם געדאַנק און געפיל; נאָר די אייגנאַרטיקייט פון זײַן נוסח באַשטייט אין דער פעאיקייט, — וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן עכטן קינסטלער, — צו אַנטפּלעקן דאָס גורלדיקע אין איין פּרט, צו קאָנצענטרירן די טיפע באַדײַטונג פון לעבן אין איין פּונקט, וואָס קאָן אים דערהויבן צו אַ קינסטלערישן סימבאָל. אין דעם אויבנדערמאָנטן ציטאַט האָבן מיר נישט קיין קינסטלערישע סימבאָלן, אָבער מיר האָבן יאָ די סימבאָלישע קענצייכנס: נאַקעטקייט און בית־דין שטוב, וואָס אינדיווידואַליזירן אין דער פּערזענלעכקייט פון מחבר און זײַן קינסטלעריש ווערק, די צוויי אַקטראַקציע־פּונקטן פון זײַן אינטערעס, וואָס שליסן זיך נישט אויס, נאָר דערגאַנצן זיך קעגנזײַטיק, ווי צוויי פאַזן — די פיזישע און גײַסטיקע — פון איינער און דער זעלבער „מענטשלעכקייט".

## צוויי וועלטן

פון בית־דין שטוב, ווו עס הערשט דער גײַסט פון קדושה און צניעות, ביז דער אַטעליע פון פרײַע קינסטלער, ווו עס הערשט דער קולט פון שיינקייט און קערפּערלעכער נאַקעטקייט, איז ווירקלעך אַן „איבערשפּרונג", ווי עס זאָגט דער מחבר, און נישט קיין נאָרמאַלער איבערגאַנג. בײַ אַזאַ איבערשפּרונג איז מען אין געפאַר צו ברעכן האַלדז־און־נאַקן. דאָס זײַנען צוויי קעגנזעצלעכע וועלטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַזוי לײַכט זיך אַרײַנגיסן איינע אין דער אַנדערער און כעמיש זיך אויסמישן, אָן אַ שווערן אינערלעכן קאָנפליקט אין דער גאָטספאָרכטיקער נשמה פון דעם יונגן בן־הרב.

דער צאַרטער, פּילבאַרער און שעמעוודיקער בחור מיט די פּאהלעך און קאַפּאָטקעלע, האָט געמוזט איבערלעבן אַן אמתן ויתרוצצו, ווי יעדער אַנדערער יוגנטלעכער, וואָס וואָלט פון אַ שטרענגער פרום־יידישער היים פּלוצים אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ פרײַער סביבה. די בילדער וועלכע

ער האָט געזען אין דער אַטעליע פון ברודער, די מיידלעך וואָס זײַנען אַהין אַרויפגעקומען — „אַ געמיש פון אויסגעלאַסנקייט און רעליגיעזיטעט", האָבן באַצווונגען די יונגע פאַנטאַזיע און אויפגערייצט די בלוטן. אָבער די בית־דין שטוב איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין דער נשמה פון קינד, און די ריינע געשטאַלט פון דער מוטער און דער יראת־הכבוד פאַרן פאָטער, האָבן דערוועקט דאָס געוויסן, און געשאַפן אַ געפיל פון חרטה און שולד.

צוויי קעגנזעצלעכע טענדענצן האָבן אין אַ שווערן קאַמף זיך פאַרמאָסטן צו באַהערשן אַ יונג קינדיש וועזן: פון איין זײַט, די אײַנגעבוירענע אינסטינקטיווע אימפולסן, וועלכע האָבן אַ דאַנק דעם „פלוצימדיקן איבערגאַנג" באַקומען אַ צופלוס פון נײַע קרעפטן און פון דער אַנדערער זײַט, די ייִדישע ירושה און די דערציאונג אין גײַסט פון טראַדיציאָנעלער ייִדישער ריינקייט און צניעות, וואָס איז אַרײַן אין בלוט און געוואָרן אַ צווייטע נאַטור. צוויי מעכטיקע קרעפטן אין אַ לאַנגן און שטומען אונטערערדישן קאַמף און — געזיגט האָבן ביידע, זאָגט י. באַשעוויס, וואָס איז „מיט לײַב און לעבן געבליבן פאַראינטערעסירט" אין דער נאַקעטקייט און אין דער בית־דין שטוב פון טאַטן.

באַשעוויסעס אינטערעס פאַר „נאַקעטקייט" האָט אַרײַנגעבראַכט אַ גאָר נײַעם און אויסנאַמלעכן נוסח אין דער בושת־פּנימדיקער אַטמאָספער פון דער ייִדישער ליטעראַטור; אָבער אמת איז, אַז די בית־דין שטוב פון טאַטן האָט ער קינסטלעריש קיינמאָל נישט פאַרלאָזן. ביידע אינסטאַנצן — די אַטעליע און די בית־דין שטוב — האָבן געווירקט אין דער אויסבילדונג פון כאַראַקטער, באַשטימט דעם פערזענלעכן גורל, דעם סטיל און אינהאַלט פון זײַן קינסטלערישן שאַפן.

די ערשטע — האָט געגעבן פליגל דער פאַנטאַזיע, וואָס האָט מיט איר „נאַקעטקייט" אָנגעצונדן אַ פײַער, וועלכעס האָט געדראָעט מיטרײַסן און פאַרצערן די גאַנצע פערזענלעכקייט. די צווייטע — האָט נישט געקאָנט אָפּשטעלן דעם פלאַם, אָבער האָט יאָ באַוויזן אָפּצעקילן די בלוטן און איבערטראָגן די עראָטישע פאַרלאַנגען פון קערפּער אויף די טרוימען, אויפן דמיון.

## ווען די פאַנטאַזיע פראַוועט שבת פאַר זיך

געוויינלעך איז די פאַנטאַזיע די שטענדיקע באַגלייטערין פון פיזישן פאַרלאַנג. אָבער נישט שטענדיק גייען זיי געפּאָרט. אין געוויסע פאַלן — איבערהויפּט ווען די פאַרווירקלעכונג פון פאַרלאַנג שטימט נישט מיט די עטישע און מאָראַלע איבערצײַגונגען פון מענטשן — ווערט דער עראָטישער באַגער טראַנספּערירט אויף די שכנישע „נייטראַלע" זאָנעס, אויף די חושים — בײַ באַשעוויסעס העלדן אויפן חוש־הריח און דער ראיה, וועלכע זײַנען בײַ זיי זייער פילבאַר, אַקטיוו און „שעפעריש" — און דעם גרעסטן טייל פון דער עראָטישער ענערגיע באַקומט דער מוח, וועלכער אַנטוויקלט בײַ אַזאַ געלעגנהייט אַ פילפאַכע אַקטיוויטעט און ווערט אַ זעלבסטשטענדיקע אינסטאַנץ, אָפּגעטיילט פון גוף, וואָס קאָן געבן — אָן דער מיטאַרבעט פון פיזישן אָרגאַניזם אָדער מיט אַ גאָר שוואַכן אָנטייל פון אים — אַן אילוזאָרישע באַפרידיקונג.

ס'איז ווי אַ מאַשין בײַ וועלכער עס ווערט אין גאַנג איבערגעריסן דער טראַנסמיסיע־פּאַס: דער מאָטאָר אַרבעט, אָבער די רעדער פון פּראָדוציר־אַפּאַראַט שטייען אומבאַוועגלעך... בײַ אַ מאַשין איז אָבער נישט מעגלעך קיין „אילוזאָרישע" פּראָדוקציע; דאַקעגן די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קאָן יאָ פּראָדוצירן אילוזאָרישע באַפרידיקונג.

מיט אַ צעהיצטער און עראָטיזירטער פאָרשטעלונגסקראַפט יאָגן זיך באַשעוויסעס העלדן נאָך ליבע־שפּיל, אָבער זיי קאָנען דאָס שפּיל אין ליבע נישט פאַרווענדן. זייער ווייניק קאָנען זיי געבן און נאָך ווייניקער נעמען פון לעבן. זיי טראָגן זיך אַלע אַרום מיט אומגעצוימטע פאַרלאַנגען, גלוסטונגען, בענקענישן, דערוואַרטונגען, פּלענער, אָבער עס קומט נישט מן הכוח אל הפועל, זיי זײַנען אומפעאיק עפּעס צו פאַרווירקלעכן. קאָנסטיטוציאָנעל זײַנען זיי בעלי־דמיון און דעריבער קאָנען זיי נישט זײַן קיין בעלי־מעשה, קיין מענטשן פון טאַט. זייער דינאַמיזם איז קאָנצענטרירט אין דער פאַנטאַזיע, וואָס פראַוועט שבת פאַר זיך, וואָס באַוועגט נישט די וויטאַלסטע רעסאָרטן פון פיזישן אָרגאַניזם.

דערפאַר איז בײַ אייניקע פאַרשוינען אַזאַ ווילדער חשק צו ניבול־פּה און צו דערציילן ניאוף־מעשיות, ווײַל דאָס אַליין פאַרשאַפט זיי אַ מין אילוזאָרישע פאַרווירקלעכונג פון טאַט, וואָס גיט אַ פּינטל סאַטיספאַקציע. אין „דער חורבן פון קרעשעוו", אויך אַ מעשה פון פאַרצײַטנס, דערציילט דער שטן, וואָס האָט ליב „אויסצופירן קרומע שידוכים" ווי אַ מאַן, וואָס האָט „מחמת צו פיל גלוסטעניש פאַרלוירן די גבורת־אנשים" איז צוגעשטאַנען צו זײַן פרוי מיט אויסגעלאַסענע געשפּרעכן, וואָס האָבן „אין אים דערוועקט תאווה, און ער האָט אויך ביסלעכווײַז דערפירט די פרוי דערצו, זי זאָל אויך האָבן פאַרגעניגן פון די גרינגע רייד". ער צווינגט זי נאָכדעם צו זנות און פאַרלאַנגט זי זאָל אים דערציילן אַלע פּרטים...

## די ייִדישע ירושה

אָבער דער זינדיקער ווערט אַ בעל־תשובה און רײַסט פון זיך לעבעדיקע שטיקער, קרעשעוו ווערט חרוב ומוחרב. זינד האָט נישט קיין קיום און קיין תקומה, און באַשעוויס דערציילט וועגן דער שטראָף מיט נישט ווייניקער עמאָציע און קינסטלערישער איבערצײַגונג ווי וועגן די מעשי שטן.

אויך די לײַט פון דער „פאַמיליע מושקאַט" באַקומען זייער גערעכטע שטראָף, יעדער איינער ווי ער האָט זיך פאַרגרייט און ווי ער האָט זיך פאַרדינט. דער אינטערעס פאַר „נאַקעטקייט", וועלכן עס האָט דערוועקט די אַטעליע פון די מאָלער, האָט נישט דעגענערירט אין קיין אידעאַליזאַציע פון די „בלומען פון שלעכטס", ווי בײַ

שאַרל באַדלער. צו דעם האָט נישט דערלאָזן די ייִדישע ירושה — די בית־דין שטוב פון טאַטן, און דאָס ווערק איז געוואָרן אַ רעאַליסטישער ראָמאַן, וואָס ווײַזט מיט אַ סונעסטיווער קראַפט דאָס ליכט און שאָטן פון לעבן.

יצחק באַשעוויס איז געבליבן טרײַ זײַן קינסטלערישן באַרוף, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן נאָך אין די יוגנט־יאָרן. ער גייט אויסגעהאַלטן מיט אַ נאָך ניט־אויסגעטראָטענעם וועג צווישן די צוויי וועלטן. אַ גאַנג נישט קיין לײַכטער, ווײַל פאַרלירט מען די גאָלדענע מיט פאַלט מען אַרײַן אין אַן עקסטרעם, אָדער מען בלײַבט הענגען אין דער לופטן. אָבער דאָס איז געוואָרן אַ מזל און ברכה פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור: ער שעפּט אַנטשלאָסן פון ביידע „פּאַזן פון מענטשלעכקייט” און האָט אין זײַן ווערק קינסטלעריש געשטאַלטיקט נאָך ניט־באַרירטע און אומבאַקאַנטע ייִדישע ווערטן.

באַשעוויס האָט אַנטפּלעקט אַ סך אייגנאַרטיקע שיינקייט און זטיפקייט אין דער ייִדישער פאָלקס־נשמה. ער איז נישט קיין ראָמאַנטיקער ווי פּרץ אָדער אַש; ער איז, ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, צו פיל ניכטער און ראַציאָנאַליסטיש, מיט אַ סקעפּטישן בליק אויפן לעבן און מיט אַן איראָנישן שמייכל פון מענטשן. אָבער ווי אַן עכטער קינסטלער, וואָס איז טיף אמתדיק און טרײַ דער ווירקלעכקייט, רײַסט דורך זײַן איראָניע אַ שײַן פון עכט־ייִדישן עטישן חן און עס בליט אויף מיט פולער קראַפט די נשמה־שיינקייט פון ייִדישן מענטשן.

עקיבא, דער ביאַלאַדרעוונער רבינס אַן איידעם, איז אַ שטרויענער אַלמן, די פרוי איז אַוועק פון אים און פירט מיט אַ געליבטן אין וואַרשע איינע פון די אומגליקלעכע ליבעס אין נוסח באַשעוויס. דער מחבר באַציט זיך צו אים מיט ביטול, אָבער זײַן מאָראַלישע הויך קאָן ער נישט פאַרמינערן. ווי נישט ווילנדיק, מיט אָפּגעהאַקטע שטריכן, מאָלט ער אויס אַ פאַרשוין ווי לעכערלעך ער זעט אויס אויסערלעך — „אַ מענטשל אַן אײַנגעהויקערטער, מיט אַ בערדל פון שטרוי־קאָליר, וואָס איז געשטאַנען עפּעס אין דער קרום” — אַזוי טיף טראַגיש און טיף עטיש איז ער אינערלעך. קעגן דעם ווילן פון דער משפחה, וועלכע קאָן איר נישט מוחל זײַן איר האַנדלונג, איז ער זיך ממש מקריב אויף צו פאַרהיטן די געליבטע פרוי פון אַן עבירה. ער לאָזט זיך אַן מיטלען אויף אַ רײַזע קיין וואַרשע אָפּצוגטן דאָס ווײַב, זי זאָל קיין אשת־איש נישט זײַן, ווײַל ס'איז אַ גרויסע עבירה פאַר וועלכער עס קומט מיתת בית־דין. וועגן אַליין חתונת האָבן נאָך אַמאָל טראַכט ער גאָרנישט.

דאָס איז אַ מאָראַל, וועלכע איז מעגלעך נאָר בײַ ייִדן.

## די עטישע טראַדיציע

אין קעגנזאַץ צו שלום אַשס העלדן, אין וועלכע זייער ייִדישער געוויסן איז אַן אַקטיווער כוח, וואָס באַשטימט זייער גורל אין לעבן, איז בײַ באַשעוויסן דער אינערלעכער מאָראַלישער כוח פּאַסיוו, ער שווימט נאָר אַרויס אין מאָמענט פון נסיון און באַשײַנט מיט אַ קדושה־ליכט פון ייִדישן חן זייערע „קרומקייטן” פון לעבן. זעלטן ווען די עטישע קראַפט נעמט איבער די אויבערהאַנט און ריכטעט די מעשים פון באַשעוויסעס פאָלקס־מענטשן, וועלכע פאַרנעמען דעם אויבנאָן אין זײַן אומענדלעכער גאַלעריע טיפּן. אָבער די עטישע טראַדיציע איז אַן אָרגאַנישער טייל פון זייער נאַטור, אַ גענעטישער קאָמפּאָנענט פון זייער ייִדישן לעבנס־פּראָצעס, וואָס קומט צום אויסדרוק אין ריכטיקן מאָמענט ווען דאָס פאָדערן די דראַמאַטישע באַדינגונגען פון לעבן.

קאָפּל משרת האָט באַגנבעט זײַן באַלעבאָס און דער געוויסן לאָזט אים נישט רוען. ס'איז נישט געווען קיין פאַרויס־צוגעגרייטע גנבה, ער האָט געזען אָפן די אײַזערנע קאַסע און האָט דעם נסיון נישט געקאָנט אויסהאַלטן. די גנבה שטייט אים ווי אַ ביין אין האַלדז און ווי נאָר ער האָט די געלעגנהייט צו טיילן זײַן סוד מיט לאהן, מיט דער טאָכטער פון ר' משולם מושקאַט, טוט ער עס און פילט אַ דערלײַכטערונג.

לאה האָט אַ ביטערן לעבן בײַ איר מאַן דעם בטלן, קומט זי צו קאָפּלען, פון וועלכן דער פאָטער האָט אויף אַזאַ אומגערעכטן אופן זי געשיידט קעגן איר ווילן, מיטן פעסטן באַשלוס צו מאַכן אַ סוף. אָבער אויפן וועג צו איר גליק, טראַכט זי וועגן די פאַר וועלכע איר טאַט וועט זײַן אַן אומגליק, און זי אַנטשליסט זיך נישט. אַ באַלעבאַטישע טאָכטער מיט אַ טעמפּעראַמענט, וואָס איז גרייט צו ברעכן צוימען, ווי איר רײַפער קערפּער וואָס טיילט זיך אויס פון די קליידער. אָבער אויפגעהאָדעוועט אין אַ פרומער ייִדישער שטוב האָט זי באַשטימטע מאָראַלישע פּרינציפּן, וועלכע לאָזן זיך נישט אַזוי לײַכט ברעכן.

קאָפּל האַקען האָט נישט קיין סימן תורה, רוי אָבער מיט אַ סך גראָדן שכל און מיט אַ שטעמפּל פון ייִדישער סביבה אויף זיך. אַ קינד פון וואַרשעווער אָרעמקייט האָט ער אַפילו דעם טעם פון תלמוד־תורה נישט פאַרזוכט און ווען ער וויל אָננעמען די פּאָזע פון אַ וווילקענער ווערט ער קאָמיש. ער איז ספּאָנטאַן, אוממיטלבאַר, נאַטירלעך און טיף מענטשלעך.

דער דיאַלאָג צווישן דעם פּאָרל איז אַ שעדעוור פון פּראָזע־קונסט. ער איז אָנגעלאָדן מיט דראַמאַטישן שטאָף און ברענגט צום אויסדרוק דורך וואָרט, זשעסט און טאַט דעם נשמה־צושטאַנד פון די העלדן, דעם אייגנאַרטיקן אידיאָם און דעם גײַסט פון דער עפּאָכע אין וועלכער עס קומט פאָר די האַנדלונג. דער מחבר האָט צוגעלייגט אַן אויער צו די הערצער און זיי געלאָזט רייִדן. די קונסט מאַכט רעליעפער די רעאַליטעט, לאָזט זי דורכגיין די פּריזמע פון שעפער, שײַנען אַרויס די פאַרבאָרגענע באַוועג־קרעפטן און עס ווערן קלאָרער אַלע פאַרבן.

## אַ דיאַלאָג

— „גוט־מאָרגן, קאָפּעלע, אַ גוטן כאַלמויז! — האָט לאה אויסגערופן און ווילעריש געשמייכלט, אַרײַנקומענדיק.

— גוט יאָר, לאה, גם אתם — האָט קאָפּל געניצט אַ לשון קודש וואָרט, וואָס האָט זיך נישט אַרײַנגעפּאַסט.

— וואָס האָסטו זיך אויפגעשטעלט? האָט זי באַמערקט, יאָך בין ניט קאַ׳ רבי, און קאַ׳ רביצן אויך ניש׳.

— בײַ מיר ביסטו בעסער פון טויזנט רביצנס.

לאה׳ס פּנים איז אין איין רגע געוואָרן ערנסט.

— הער מיך אויס קאָפּל! — האָט זי אַ זאָג געטון הויך, כמעט מיט גבייזער: דו ביסט נאָך אַלץ דער אייגענער? כ׳מיין צו מיר — —

— איך צו דיר? דו ווייסט, לאה.

— האָסט מיך נאָך אַלץ אַ ביסל ליב?

קאָפּל האָט געטון אַ ציטער.

— אַ סך.

— אויב אַזוי זיי וויסן, אַז יאָך בין געקומען מאַכן אַן עק, אהער אָדער אהין!

קאָפּל איז געוואָרן בלייך.

— דאָס איז אַ גוטע בשורה, האָט ער געזאָגט מיט אַ פאַרשטיקט קול. דער פּאַפּיראָס איז אים געבליבן הענגען אויף דער אונטערשטער ליפּ.״

קאָפּל איז געקומען צו זיך, צוגעשפּאַנט צו לאה׳ן מעשה קאַוואַליער, פלינק געהאָלפן איר אויסטאָן דעם זשאַקעט; ער האָט אפילו נישט פאַרגעסן צו עפענען דעם שירעם און אים אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל. די בלײַ־פעדער פון הינטערן אויער איז אַראָפּגעפאַלן און ער האָט זי געלאָזט ליגן.

— „ האָסט אַ טריף־מזל, קאָפּל. פירסט אַלץ אויס... בעטסט מיך אפילו נישט זיצן?..

— זעץ דיך, לאה, דו ביסט די באַלעבאָסטע.

— אַ בראָך צו מײַן באַלעבאַטישקייט. הער מיך אויס, קאָפּל, מיר זײַנען שוין ביידע ניש׳ קאַ׳ מלופּים קינדער... איידער מיר טוען אָפּ אַ נאַרישקייט, מוזן מיר זיך גוט איבעררעכענען... אויב דו האָסט חרטה, האָב יאָך צו דיר אָסור גאָרניש׳. ס׳איז נישט אַזוי לײַכט צעברעכן אַ היים.

— יאָך האָב ניש׳ קאַ׳ חרטה. דאָס איז דער גליקלעכסטער טאָג פון מײַן לעבן.

— וואָס־זשע ביסטו אַזוי בלייך? זעסט אויס ווי יום־כפּור צו נעילה.

— יאָך בין ניש׳ בלייך...

—— יאָך וויל איין זאַך. זאָלסט דײַן ווײַב ניש׳ טון קיין עוולה. זי דאַרף האָבן איר אויסהאַלטעניש, פאַר זיך און די קינדער. זי טאָר ניש׳ וויסן פון קאַ׳ נויט!

— ס׳עט איר קיין זאַך ניש׳ פעלן...״

און פּלוצים האָט אים אַן אויסטערלישער פאַרלאַנג אָנגענומען: זיך מתודה זײַן פאַר איר. קאָפּל האָט באַנומען, אַז ער גייט אָפּטון עפּעס אין אײַלעניש, ער׳ט שפּעטער באַדויערן, אָבער ער האָט צום ערשטן מאָל ווי פאַרלאָרן די מאַכט איבער דער אייגענער צונג.

און ער דערציילט איר וועגן דער גנבה, אַז ער האָט בײַ זיך אַ גרויסע סומע געלט און שלאָגט איר פאָר אַוועקפאָרן מיט אים.

— „נו, וואָס ענטפערסטו?

— וואָס האָב יאָך צו ענטפערן? יאָך שטעק אין שמוץ ביזן האַלדז!... און ברעכט אויס אין אַ געוויין״...

## דער אמתער פּרצוף פון לעבן

יעדעס וואָרט, באַוועג און זשעסט אין דעם דיאַלאָג האָט עפּעס אַ באַדײַטונג, דריקט אויס אַן עמאָציע, אַ באַגער. די דראַמאַטישע סיטואַציע ווערט געשילדערט מיט מעשים, די העלדן זײַנען אינדיווידואַליזירט, יעדער איינער רעדט זײַן שפּראַך, עפּנט זײַן האַרץ, און עס שפּילט זיך אָפּ אַ דראַמע פון מענטשלעכער עקסיסטענץ. אין דיאַלאָג ווערן געשטאַלטיקט די פּערסאָנאַזשן און מען דערפילט דעם ציטער פון זייערע איבערלעבונגען. לאה איז באַלעבאַטישער שטייגער, עס רעדט פון איר יידישע טראַדיציע; דאַקעגן קאָפּל, איז ווי אין ערגעץ נישט פאַרוואָרצלט, מען פילט נישט הינטער אים קיין שמירה פון דורות, און דאָך האָט די סביבה געשטעלט אויף אים איר מאָראַלישן שטעמפּל און ער קאָן נישט לעבן מיטן געדאַנק פון דער גנבה. עס פאַרפאָלגט אים זײַן געוויסן. ווען ער האָט דערציילט זײַן סוד לאהן, איז אים „מיטאַמאָל געוואָרן משונה־לײַכט, ער האָט געפילט ווי אַ לאַסט, וואָס האָט אים אַזוי לאַנג געדריקט האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט, געוואָרן צו נישט״... זאָל עס זײַן דער אומקלאָרער געפיל, אַז דורך דער פאַרבינדונג מיט לאהן, גייט דאָס געלט צוריק איבער צום אמתן באַלעבאָס, צו דער יורשטע פון ר׳ משולמס פאַרמעגן? איז מער נישטאָ קיין גנבה און נישט קיין גנב...

באַשעוויס, דער דיכטער פון אַ לײַדנדיקער וועלט, ווײַזט אַ לעבן וואָס איז מגושמדיק, וואָס איז וואָכעדיק, וואָס איז אין די גלות־באַדינגונגען אַזוי שווער און זינלאָז. אמת, זײַנע העלדן האָבן אַ ניצוץ פון יידישן געוויסן, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי וואַלגערט זיך אין דער טומאה און אויב זיי זינקען נישט איבערן קאָפּ אין איר, איז נאָר אַ דאַנק זייער יידישער ירושה. פאַרדרייען אייניקע פײַנשמעקער מיט די נעזער, זיי קאָנען עס נישט צוקוקן. מענטשן ווילן נישט זען דעם אמת פּנים פון לעבן — ס׳איז נישט איבעריק קיין שיינע צורה! אָבער מען דאַרף זי אָנקוקן און די קונסט דאַרף דאָס לעבן געשטאַלטיקן. אַ וועלט לעבט אָן אַ זין, אָן אַ גאָט, אָן אַ ציל, וואַרפט זיך איינער צום גלעזל, דער צווייטער צו הפקרות, דער דריטער צו אַזאַרטן. אָט די טראַגיק פון דער מענטשלעכער עקסיסטענץ, דער געראַנגל פאַר אַ תכלית, פאַר אַ העכערן זין אין לעבן, איז אַן עכט יידישער אומרו. אָט דער אומרו איז פאַרקערפּערט אין באַשעוויסעס שאַפן.

## די כשרע און טריפה וועלט

אין זיַין אויטאָביאָגראַפיש ווערק זאָגט באַשעוויס: „ביַי אונדז אין שטוב איז די וועלט געווען טריף"... די וועלטאַנשויאונג האָט ער פאַרקערפּערט אין דער פאַמיליע מושקאַט. ער האָט געשילדערט די וועלט אַ טריפה, אַ זינדיקע, אַ ליַידנדיקע. די כשרע און דערהויבענע וועלט, איז פאַרטראָטן דורך די געציילטע גיַיסטיקע פערזענלעכקייטן, וועלכע ער אידענטיפיצירט מיטן פאָטער, דעם פרומען מורה הוראה. זיי זיַינען ווי פאַראייַנזאַמטע ליַיכטטורעמס, וואָס וויַיזן אַ וועג, וואָס פאַרטריַיבן דעם אַרומיקן חושך און עפענען אַ פּערספּעקטיוו פאַרן לעתיד לבוא. זיי זיַינען די עדות פון אַ גרויסער ייִדישער פאַרגאַנגענהיַיט און די האָפענונג אויף דער צוקונפט. אומדערשיטערט טראָגן זיי זייער גלויבן און האָבן כוח אויפצוהאַלטן דעם בטחון אונטער אַלע אומשטענדן פון לעבן. אָבער דאָס זיַינען סטאַטישע געשטאַלטן, דינאַמיש זיַינען די אַלע אַנדערע, וואָס זייער באַוועג־כוח איז דער שטן. די ערשטע זיַינען אידעאַליזירט און באַווירקן נישט דאָס לעבן און די צווייטע — „די וועלט" — זיַינען געשילדערט אומברחמנותדיק רעאַליסטיש, מיט אַ נטיה צו גראָטעסק און אפילו עוזר־העשל ראַטעוועט זיך נישט פון דעם פאַרניכטנדיקן ביטול.

דאָס האָט דער מחבר די באַציאונג צו זיך אויסגעשפּרייט אויף זיַין דור, די וועלטלעכע ייִדן, די וואָס האָבן פאַרלאָרן דעם אַלטן גלויבן און קיין נייַעם נישט געפונען, טראָגן זיי זיך אַרום מיט צווייפל און בלאָנדזשען אויף אַלע וועגן. אָבער ער האָט די צוויי שיכטן נישט געשילדערט בלויז אין שוואַרץ און וויַיס. ווי אַן עכטער מיַיסטער האָט ער געגעבן אַן אַלזיַיטיק און פילפאַרביק בילד פון אַ גאַנצער עפּאָכע, די מענטשן מיט זייער סביבה, מיט זייער שפּראַך, מיט זייער וואָר און חלום. ער האָט געצייכנט די דינסטע ניואַנסן, געלאָזט הערן די שוואַכסטע טענער, און אַרויסגעבראַכט דאָס סאַמע פאַרטאַיעטע און פאַרשעמטע אין דער נשמה פון מענטשן. ער האָט געלייגט אַ סך שאָטן אויפן בילד פון דער „טריפהנער וועלט", אָבער טריַי דעם אמת פון לעבן האָט ער אפילו דעם צדיק און בעל־מאמין, ר' דן קאַצענעלבויגן, געלאָזט אויף אַ רגע אַריַינפאַלן אין שוואַכקיַיט און פאַרברענען זיַינע כתבים, ווען מען האָט די ייִדן פאַרטריבן פון דער פראָנטליניע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. און פון דער אַנדערער זיַיט, האָט ער אפילו ביַי קאָפּל משרת אויסגעפונען טיף־פאַרוואָרצלטע מידות־טובות.

## דער אויסוועג...

מיר האָבן שוין אויבן דערמאָנט אַ סצענע ווען עוזר העשל גייט אַריַין אין בית־המדרש „עס שמעקט מיט חלב, שטויב, תענית און נצח ישראל" און עס פאַלט אים איַין אַ געדאַנק: „דאָס איז מיַין אמתע היים, אַהער וועל איך אַנטלויפן, אַז ס'עט זיַין כלו כל הקיצין"... אַ צווייטער העלד, פון ב אַ ש ע ו י ס ע ס לעצטן ראָמאַן דריקט אויך אויס דעם טיפן אומרו פון דעם היַינטיקן ייִדישן מענטשן, וועלכער שטייט פאַרלאָרן אויפן שייד־וועג פון ציַיטן און וועלטן, און קאָן נישט געפינען זיַין דרך אין לעבן. קומט ער אויך צו דער זעלבער אַנטשיידונג וואָס עוזר העשל, זיַין גיַיסטיקער קרוב: ייִדן דאַרפן זיך אומקערן צום גלויבן און לעבנס־שטייגער פון זייערע עלטערן, זיך פאַרלאָזן באָרד און פאות און טראָגן מיט שטאָלץ, ווי דאָס האָט געטאָן דער עלטערער דור, דעם חותם וואָס זאָל זיי אויסטיילן ווי זעלנער פון גאָטס רעגימענט...

איינע פון די לעצטע סצענעס אין בוך איז אין דעם זין סימבאָליש. דער געבראָכענער עוזר־העשל נעמט דאָס תנכ"ל צו די ליפן און טוט עס אַ קוש: „וואָס זיַינען זיי שולדיק די נביאים? זיי האָבן געמיינט גוט. זיי האָבן געוואָלט צדק ומשפט". עס הייסט, אַז אויף צו היילן די ליַידנדיקע וועלט און כשרן איר „טריפהנע" בלוטן נעמט באַשעוויס אַ תרופה אין בית־דין שטוב פון טאַטן. דער פאַרבלאָנדזשעטער זון קערט זיך אום צו דער היים פון זיַינע קינדער־יאָרן. ער שעפּט פון דאָרטן, און נישט בלויז דעם לויטערן נביאישן גיַיסט פון אוניווערסאַלער גערעכטיקיַיט און פון ליבשאַפט צו מענטשן, — דעם ייִדיש־עטישן וועלט־באַנעם, — נאָר ער באַשטייט און נעמט אויך אָן, ווי אַן אימפּעראַטיוו פון דער ציַיט, די נויטווענדיקיַיט פון די אַלטע לעבנס־פאָרמען און טראַדיציאָנעלע רעקוויזיטן.

אָבער ווו איז עס געזאָגט געוואָרן, אַז דער מחבר דאַרף געבן אַ באַשייד אויף אַלע רעטענישן, אונטערטראָגן אַ פאַרטיקן מוסר־השכל און ברענגען זיַינע העלדן צו אַ זיכערן ברעג? זאָלן די לייענער זיך אויך מטריח זיַין און מאַכן זייערע אויספירן. יצחק באַשעוויס האָט מיט אַ זעלטענעם מוט און גרויסן טאַלענט אויפגעדעקט אַ סך וווּנדן פון אונדזער ליַידנדיקער וועלט און געגעבן נישט נאָר אַ בילד פון אַ וויכטיקער עפּאָכע אין ייִדישן לעבן, נאָר ער האָט אויך געמאַכט אַ קינסטלערישע ראַדיאָגראַפיע פון אויפגערודערטן געמיט, געפיל און געדאַנק, וואָס האָט באַהערשט דעם פאַרגאַנגענעם דור, און וואָס איז דורכויס אַקטועל און כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר אונדזערע ציַיטן.



מאַנועל אײַטשעלבוים — „אַ פּאָרטרעט"

סאַלאָמאָן קאַהאַן / מעקסיקע

# „אויף די וועגן פון קיום" פון אברהם גאַלאָמב

(ביבליאָגראַפישער נאָטיץ) *)

— .1 —

אין זײַן נײַסטן בוך: „אויף די וועגן פון קיום" האָט אַ. גאָלאָמב צונויפגעקליבן פופצן עסייען, וואָס כאָטש, אויסערלעך, קען זיך דאַכטן, אַז דער צוזאַמענהאַנג צווישן זיי איז אַ לויזער, האָבן זיי אָבער אין אמתן עפּעס, וואָס בינדט זיי אַלע גאָר שטאַרק און גיט דעם בוך זײַן גאַנצקייט, זײַן אָרגאַנישע איינהייט. דאָס איז גאָלאָמבס ווילן אַרײַנצודרינגען אין דעם טיפערן וועזן פון אונדזער געשיכטלעכן וועג, און טיפער צו באַגרײַפן די פּראָצעסן, וואָס קען צײַכענען די עוואָלוציע פון דער ייִדישער קולטור זינט די עלטסטע צײַטן ביז הײַנטיקן טאָג. „איך זוך תמיד דעם פאַרגלײַך פון דעם הײַנט צו אונדזער אַמאָל, כדי צו האָבן אַ פּסק־דין פון דער געשיכטע".

היסטאָריאָזאָפיע רופט מען דאָס טיפערע זוכן די „פאַרוואָסן" און די „ווי אַזוי"ען אין דער געשיכטע פון אַ פאָלק. אברהם גאָלאָמב איז, וואָס מען זאָל נישט דענקען וועגן דער ריכטיקייט פון זײַן געדאַנקען־גאַנג, אַ ביז גאָר אָריגינעלער היסטאָריאָזאָף. דער לעצטער עסיי פונעם בוך: „אויף די וועגן צו נצח ישראל", איז איינער פון די בעסטע ייִדישע קולטור־געשיכטלעכע עסייען, וואָס זײַנען ווען ס'איז געשריבן געוואָרן.

די אָפּטיילונג „וועגן תקופות בכלל" קען זיך פאַרגלײַכן צו די שענסטע קאַפּיטלען אויף אָט דער טעמע אין די ביכער פון די באַרימטסטע נישט ייִדישע געשיכטע־פילאָזאָפן. פּונקט אַזוי גלענצנדיק איז אָנגעשריבן די אָפּטיילונג „קאָנפליקטן צווישן תקופות און זייערע קולטורן". צו לייענען זיי איז אַן אינטעלעקטועלער געניום און אַן עסטעטישער פאַרגעניגן. טיפער געדאַנק גייט אין זיי צוזאַמען מיט שפּראַכלעכע מײַסטערשאַפט.

דער דאָזיקער קאַפּיטל דאַרף זײַן אָבליגאַטאָרישע לעקטור סײַ פאַר די תלמידים, און סײַ פאַר די לערער פון אונדזער העכערן שול־וועזן, און עס דאַרפן זיך מיט אים באַקענען ייִדישע קולטור־מענטשן און די פאָלקס־אינטעליגענץ בכלל.

אָט איז בלויז איינער פון די צאָלרײַכע בײַשפּילן, וואָס ס'ווילט זיך ברענגען פון דעם אופן ווי גאָלאָמב שרײַבט אין דעם קלימאַקס־קאַפּיטל פון זײַן פאַסצינירנדיקן בוך: „עפּעס קאָסמישעס ליגט אין דעם כסדרדיקן בײַט פון תקופות. דאָ איז די זיך ענדערנדיקע המשכדיקייט פון גאָטס באַשאַף, זײַן כסדרדיקע און אייביקע מעשי בראשית. זיי זײַנען זיך כסדר מחדש און כסדר פאַרענדערן זיי זיך, און קיינער קען זיי נישט איבערמאַכן: נישטאָ קיין אַנטרינונג פון דער נאַטורס גזר־דין. גייען אונטער די ארזי הלבנון — די מעכטיקע צעדערן באַגלײַך מיט די קליינע צאַרטע עדעלווייסן פון די אַלפּן. קוים וואָס עס האַלטן זיך נאָך צו ביסלעך די שטאַרקע זוברען. אַלץ פאַרגייט און אַלץ האָט יורשים. אין דעם פאַרגאַנג איז שטענדיק דאָ דער שפּראָץ פון אויפגאַנג. אין דעם אומקום ליגט דער אויפקום. אַלטע וועלטן גייען אַוועק, נײַע קומען אָן. דור הולך ודור בא".

„קינדהייט, יוגנט, דערוואַקסנקייט און אַלטקייט זײַנען פּעריאָדן אין לעבן פון אַ מענטש. איין פּעריאָד ענדערט דעם פריערדיקן, אָבער ער לייקנט אים נישט אָפּ. און „גליקלעך איז דער אַלטער אין זײַן אַלטקייט, וואָס איז אין זײַן יוגנט יונג געווען, און וואָס איז אין זײַן קינדהייט געווען אַ קינד". און אַזוי גייט די געשיכטע פון דער מענטשהייט, און אַזוי גייט אויך אונדזער ייִדישע געשיכטע".

— .2 —

עס זײַנען דאָרט דאָ קאַפּיטלען, וואָס זייער אמת איז אַזוי טיף, און איז אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל איבערצײַגונג, אַז זיי קריצן זיך אײַן אין זכרון ווי אַ צושטייער צו אונדזער וויסן און דענקען. צו זיי געהערט גאָר באַזונדערס דער קאַפּיטל „מאַסע און המון". ער איז, לויט דער אָריגינעלקייט פון דעם מחברס אויפפאַסונג, און לויט דער געלונגענקייט פון איר פאָרמולירונג, אַ בײַטראָג פון באַדײַט צו דער לערע פון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגיע,

---

*) „אויף די וועגן פון קיום" פון אַ. גאָלאָמב, אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט אין בוענאָס אײַרעס. 325 זײַטן.

און איז ווערט צו ווערן איבערזעצט אין אַנדערע שפּראַכן. זעלטן ווען איז אַ פֿאָרשער אויפֿן געביט פֿון סאָציאָלאָגיע איז אַזוי טיף אַרײַנגעדרונגען אין דעם מהות פֿון אָט די צוויי באַזונדערע — און קעגנגעזעצטע — וועלטן, ווי דאָס האָט באַוויזן אברהם גאָלאָמב אין דעם דאָזיקן וווּנדערלעכן עסיי:

„צוויי נאָענטע באַגריפֿן וואָס שפּילן אַ גרויסע ראָל אין סאָציאַלן לעבן פֿון פֿעלקער און פֿון דער מענטשהייט בכלל. אָבער זיי זײַנען צוויי באַזונדערע פֿענאָמענען, צוויי אין גרונט אויס פֿאַרשידענע און אָפֿט אַפֿילו קעגנגעזעצטע. איטלעכער יחיד קען איינצײַטיק זײַן אַ טייל פֿון דער מאַסע און אַ טייל פֿון דעם המון. אין ביידע פֿאַלן וועט דער אינדיווידו האַנדלען אַנדערש — מאַסיוו אָדער המוניש. נאָך מער — אַ מאַסע קען גאָר גיך זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ המון. פֿאַרקערט אָבער איז שוין אַ סך שווערער, אַז אַ המון זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ מאַסע, דאָס איז זעלטענער. המון איז אַ סך אַ נידעריקערע פֿאָרעם פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, און ווען אַ מאַסע „המוניזירט" זיך, איז עס אַ ירידה. אין אונדזער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן גייט אָן אַ כסדרדיקע „המוניזאַציע", און מען דאַרף עס קלאָר זען, אפֿשר וועט זיך עטוואָס לאָזן פֿאַרהאַלטן, אָפּשטעלן דעם פּראָצעס, וואָס קען און וועט זיכער ברענגען פֿיל שאָדן".

— 3. —

אָט איז נאָך אַ פּרעכטיקע עסיי: „עס פֿעלן אונדז בטלנים". נישט אָפֿט קומט אויס צו לייענען אַזאַ טיפֿזיניקע אָפּהאַנדלונג וועגן דער וויכטיקייט פֿון דער אינטעליגענץ אינ'ם לעבן פֿון אַ פֿאָלק.

דער מחבר מאַכט, און מיט רעכט, אַן אונטערשייד צווישן דער וולגאַרער און דער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע וועגן דעם באַגריף „בטלן". דער וולגאַרער באַגריף קען אויסגעדריקט ווערן, צום בײַשפּיל, אין אַזאַ פֿראַזע: „ער איז שוין צוואַנציק יאָר אין אַמעריקע און האָט נאָך נישט געמאַכט קיין געלט". דאקעגן, לויט דער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע, איז אַ בטלן דער „וואָס ער איז מבטל אַלע גליקן פֿון חיי שעה און איז זיך עוסק מיט חיי עולם..."

אָט איז ווי אַזוי גאָלאָמב כאַראַקטעריזירט די „בטלנים", אין אײַנקלאַנג מיט דער פֿאָלקסטימלעכער טראַדיציע:

„יעדעס געזונט, נאָרמאַל פֿאָלק האָט און מוז (אונטערגעשטראָכן דורך מיר. — ס. ק.) האָבן זײַנע בטלנים. מיט זיי ווערן פֿול אַלע אוניווערסיטעטן. דאָס זײַנען דאָך די, וואָס פֿאַרנעמען זיך, וואָס גיבן אַוועק זייער לעבן צו שטודירן די געשיכטע פֿון דער וועלט, די אַרכעאָלאָגיעס; די, וואָס גייען אויסגראָבן אַלטע קולטורן און דעשיפֿרירן אַלטע, פֿאַרצײַטיקע אויפֿשריפֿטן. דאָס זײַנען די פֿילאָזאָפֿן, די טעאָרעטיקער פֿון אַלע נאַטור-וויסנשאַפֿטן; וואָס גיבן אויס אַזוי פֿיל „פּראַקטישע געלטער", כדי צו שטודירן, לאָמיר זאָגן, די עמבריאָלאָגיע פֿון עפּעס אַ גרעזל, פֿון אַ ווערימל צי ווייס איך וואָס.

„פֿעלקער האַלטן אויס זייערע בטלנים, מען באַזאָרגט זיי מיט שטעלעס, גרויסע פֿאָנדן ווערן געשאַפֿן דורך רעגירונגען און פּריוואַט-פּערזאָנען. מען גיט אַרויס די אַרבעטן פֿון די געלערנטע „בטלנים". מען ווייסט, אַז נאָר געציילטע יחידים וועלן לייענען אָט די ווערק. אָבער עס זײַנען קענטיק פֿאַראַן זאַכן וואָס זײַנען וויכטיקער (אונטערשטראָכן דורך מיר. — ס. ק.) ווי דער מאַרקווערט זייערער. צענדליקער און צענדליקער יוגנטלעכע גרייטן זיך צו קענען איבערנעמען די אַרבעט פֿון אָט די בטלנים, און עס לעבט און אַנטוויקלט זיך די קולטור פֿון אַ פֿאָלק און אַלע קולטורן פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דער וועלט.

„דאָס איז דער קרײַזלויף פֿון קולטור אין לעבן פֿון אַ פֿאָלק, וואָס ס'איז פֿאַר זײַן קאָלעקטיוון אָרגאַניזם נישט ווייניקער וויכטיק ווי דער קרײַזלויף פֿון בלוט אין אָרגאַניזם פֿון אַ יחיד".

ווי ס'איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, איז דאָס בלויז אַ ביבליאָגראַפֿישע נאָטיץ. „אויף די וועגן פֿון קיום" געהערט צו די ווערק, וואָס פֿאַרדינען אַ סך מער: נישט בלויז אַ רעצענזיע, נאָר טאַקע אַ לענגערע שטודיום און אָפּהאַנדלונג.

איך האָב נאָר געבראַכט עטלעכע כאַראַקטעריסטישע בײַשפּילן, וואָס איך בין זיכער, אַז זיי וועלן דעם לייענער שאַפֿן אַפּעטיט צו לייענען „אויף די וועגן פֿון קיום". וואָס שייך מײַן ווייניקייט, איז בײַ מײַן גאַנצער חלוקי-דעות — און זיי זײַנען שטאַרקע — מיט גאָלאָמבן, אין פֿראַגן פֿון צוגאַנג צו ייִדישער קעגנוואַרט און צו צוקונפֿט-פּערספּעקטיוון, — בין איך, ווי אַ לייענער, אים דאַנקבאַר פֿאַרן דאָזיקן ווערק, וואָס פֿאַרדינט צו פֿאַרנעמען אַ פּלאַץ אויבן-אָן אין דער געשיכטע פֿון ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן געדאַנק.

# „פון מיין גאַנצער מי" פון יעקב גלאַטשטיין

חשובער פרײַנד:

„פון מײַן גאַנצער מי" — אַ לאַנגע צײַט פאַרנעמט עס מיך שוין. אייער דיכטונג איז מיר געווען באַקאַנט בלויז פון איינצעלנע צעוואָרפענע לידער. מען מוז אָבער האָבן פאַר די אויגן דעם לאַנגן דיכטערישן לעבנס־וועג מען זאָל ערשט דערפילן און דערקענען דעם גאַנצן פאַרנעם פונעם דיכטער.

דעם אמת געזאָגט, בין איך אין אָנהויב בײַם לייענען געגאַנגען שווער אין וועג אַרײַן. ס׳האָט אַ ביסל געדויערט ביז כ׳בין היימיש געוואָרן מיט אײַער אינעווייניקסטער לאַנדשאַפט און ביז כ׳בין אַרײַנגעדרונגען אין אײַער שפּראַכלעכער וויזיע.

...און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן צו אַנטפּלעקן אײַער טיף־טראַדיציאָנעלער דרך און אַזוי — פּערזענלעכער סטיל.

איר זענט עס דער פּאָעטישער רעזאָנער, דער „זאָגער" און דער דיכטערישער דערציילער פון אַ ביבלישן ליריזם.

געטריבן פון שטאַרקע אימפּולסן, וואָס זייער גורם איז געווען דאָס חרוב־געוואָרענע פאָלק און דאָס אָפּגעווישט לעבן, האָבן ס׳רוב פון אונדזערע פּאָעטן אויסגעפילט זייער דיכטונג מיט פּאַטעטישער יִדישקייט־בענקשאַפט, מיט עקסטאַטישער קלאָג און סענטימענטאַלער רעטאָריק.

אַנדערש קלינגט עס אין „פון מײַן גאַנצער מי":

אײַער דיכטונג איז אַ ברייט און ווײַט זיך־טראָגנדיק וואַסער, אָנגעלאָדן מיט אַלע יִדישע אוצרות, דאָ, באַהאַלטן זיך די טײַערע יִדישע שמועסן, דאָ, פאַרנעמען זיך האַרבע טענות און תפילה׳דיקע קלאָג. דאָ, ווערן לעבעדיק אַלע יִדישע צרות, דער גאַנצער בראָך — דורך דער מעשה, אויסגעקריצט דורך אַ זעלטענעם דיכטער — אַ מאַלער; דאָ, פאַרנעמט דעם אויבן־אָן גאָט־ברוך־הוא, אַליין!

...ס׳ווײַזט אויס: זײַן ליבער נאָמען האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר זײַן ציטערדיקן זון ס׳זאָל אים נישט ציען צום באַרג, ס׳זאָל אים נישט רופן דער טאָל, האָט ער זיך מיט אים אַזוי באַהאַפטן און אין גאַנצן איבערגעגעבן אין זײַן רשות — און — דער זון, אַ פאַרשפּינענער אין חלומות און גאָלע אומרו בלאָנקעט זיך אַרום מיט דעם אַלטן פאָטער איבער דער פאַרברענטער און חרובער יִדישער וועלט און, — מלא ביטערקייט און מלא צער און לויטערער ליבשאַפט, — זאָגט ער אין זײַן „אָפּגעקומענעם גאָט" און מאָלט פאַר אים דעם אכזריותדיקן סך־הכל פון זײַן גאַנץ דאַברע־מזל.

אײַער „וויגל ברודער" איז מיט אונדז געווען אויפן וואַנדער, איך דערמאָן זיך אַזוי גוט; ער האָט זיך געשלעפּט דער לעצטער, נאָך אַ לאַנגן קאַראַוואַן, פאַרשמאַכט און פאַרשאַטערט. נישט איינמאָל האָבן מיר אים איבערגעלאָזט אונטער־וועגס אַ צענזקטן און אַ צעממיתטן. האָט מען זיך אָבער אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט איז ער, ווי פון אונטער דער ערד, ווידער אויסגעוואַקסן און פלינק און מיט פיבערדיקע אויגן געזוכט אַ מנין־יִדן.

ער האָט אַזוי געגאַרט דערמאָלט נאָך אַן אייגן וואָרט.

***

„דער בראַצלאָווער צו זײַן סופר", — די יִדישע זאַגע — פאַרמאָגט די גאַנצע גלאַטשטייניִשע גאַמע: די יוגנט־לעבע וועהעמענץ, דאָס וואַרעמע קינדישע געמיט פול מיט מאָלערישע פאַנטאַזיעס, די מענלעכע זינלעכקייט אין געראַנגל נאָך אַ תיקון, דאָס שטאָלצע עניוות און דאָס ראַנגלעניש, דאָס אייביקע ראַנגלעניש נאָך שלימות און לויטערקייט.

ס׳שימערירט דאָ מיט אַלע פאַרבן פון דער פאָלקס־מעשה, מיט אַלע חנ׳ען פונעם פאָלקס־אידיאָם, ס׳איז דראַמאַטיש, ס׳גייען דאָ אַדורך עכט־יִדישע פּאַסיאָנען און דער גאַנצער, טיף־אינעווייניקסטער, מענטשלעכער גערודער.....

דאָס „רעאַליסטישע" יִדישע פאָלק איז געווען אָרעם און עלנט. ס׳האָט נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן און, אויסער מיט זיך אַליין, מיט וועמען צו לעבן, האָט עס אָנגעפילט זײַן האַרץ, זײַן קאָפּ, זײַנע בידנע שטיבלעך און צעהויקערטע געסלעך, מיט אַ ראָמאַנטישן חלום פון אַ נאָענטן „היימישן גאָט".

איר זענט עס באַהערשט פון אַן אומגעהויערער נאָסטאַלגיע אָט צו דער העכסטער דיכטערישער קרעאַציע פונעם פאָלק — צו זײַן גאָט־געשטאַלט — און דאָס האָט אַזאַ אָפּקלאַנג אין אײַער פּאָעזיע און דאָס ברענגט אײַך צו אַזוי פיל וואַריאַציעס אויף איינער און דער זעלבער טעמע.

ניִשט דאָס קליינע בידנע לעבן איז די אבידה נאָר די גרויסע אילוזיע, מיט וואָס דאָס קליינע לעבן האָט זיך איינגעהילט און איז געוואָרן איינס מיטן חלום.

דערפאַר זיינען אייערע יידן אזוי „שטראַלנדיקע" דער־פאַר וואַקסט אויס דער פּשטותדיקער טאַטע, דער פּשוטער ייִד, צו אַ מאָנומענטאַלער געשטאַלט — און ס'פאַרנעמט זיך גאָטס געוויין אליין ביים אומקום פון „מיין ברודער בנימין" און מיט אים פון אלע בנימינס!...

***

די לעצטע לידער אייערע זיינען פול מיט אומרו און אינעווניקסטן געדודער, ס'גלוסט זיך אייך אָפּרוען ביי די „לידער פון שטילקייט", זיך ארומוואָרענען מיט אַ „שטיקל פאַרקן" און דאָרט אַ ווײַלע פאַרבלייבן.

לויערט אָבער דער געדודער און דער גאַנצער רעש פונעם דרויסן, פונעם נעכטיקן דרויסן, פונעם היינטיקן דרויסן. דער סך־הכל ליגט פאַר די אויגן: „די וועלט איז פאַרברענט, דאָס לשון פאַרשטומט". „וועט דיין עלטער פאַרוויגן אַ־נאַכט אָן אַ ניגון?"

„שאָפּען־נאָקטורן", „געטאָ־ליד", „אַ געזאַנג פון אונדזער יאָך":

איר זענט אַ ליריקער פון אומגעוויינלעכער צאַרטקייט, דינסטער סענסיטיווקייט פול מיט שפּילעוודיקייט. (אַ מין מוזיקאַלישע שפּילעוודיקייט).

דער ליריזם אייערער איז אָבער מייסט אַ באַהאַלטענער, פאַרשטעקט הינטער רעאַליסטישע גאַלעריען און נאַטור־ראַליסטישע נאַקעטקייטן. פראַנצויזן רופן עס: ליריזם פון דער רעאַליטעט.

פיר לידער: אייגן ביז אויפן לעצטן אות. פיר באַזונ־דערע אופנים פון ליבשאַפט, פיר וועלטן און אין איינעם איינע — די אינטימע עמאָציאָנעלע וועלט פונעם דיכ־טער.....

ל. ה. ד.



יעקב וואַלבערג — „אַ פּאַראַגווייער פּייזאַזש"

# אינהאַלט פון דער אָפּטיילונג:





אַרגענטינער ייִדישע קינסטלער

בערנאַרדאָ סמענער — „אַ ייִד דאַוונט" קסילאָגראַפיע.
געבוירן אין רוסלאַנד און זיך גראַדואירט אין דער אַקאַדעמיע
פון שיינער קונסט אין בוענאָס אײַרעס. זיך באַטייליקט אין
פאַרשיידענע אויסשטעלונגען און אויסגעצייכנט געוואָרן
מיט ווערטפולע פרעמיעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

סטעפאַן צווייג

# רחל משפט זיך מיט גאָט

אויטאָריזירטע איבערזעצונג פון **חיים בראַקאַזש**

ווידעראַמאָל האָט דאָס האַרטנעקיקע און ווידערשפּעניקע פאָלק פון ירושלים פאַרגעסן דעם געשוואוירענעם ברית מיט גאָט; ווידעראַמאָל האָבן זיי געבראַכט קרבנות צו די שטיינערנע געטער פון צור און עמון. און נישט גענוג די זינד, וואָס זיי האָבן געריכערט קטורת צו די פרעמדע געטער אויף במות און שטיינערנע מזבחות, האָבן זיי נאָך אין גאָטס אייגן הויז, וואָס זײַן קנעכט שלמה האָט פאַר אים געבויט, אַרײַנגעשטעלט דאָס בילד פון בעל און פאַרפלייצט די שטיין־פּלאַטן מיט געשאָכטענע פי, ביז דאָס הייליקע בית האָט געשטונקען פון רויך און בלוט.

און אַז גאָט האָט געזען, ווי זיי שפּאָטן פון אים און פאַרשוועכן די הייליקײַט פון זײַן היכל, האָט זיך מעכטיק צעפלאַקערט זײַן גרימצאָרן. ער האָט אויסגעשטרעקט זײַן רעכטע האַנט און זײַן געשריי האָט צעשפּאַלטן אַלע הימלען: אויסגעלאָזט שוין האָט זיך זײַן חסד, ער וועט פאַרטיליקן די זינדיקע שטאָט און אירע אײַנוווינער צעשפּרייטן ווי שטרוי איבער דעם רוקן פון דער ערד. ווי אַ דונער איז אויפגעשפּרונגען דער דאָזיקער אָנזאָג און אָפּגעהילכט פון איין עק ביז צום אַנדערן פון זײַן אומענדלעכקײַט.

דערשראָקן האָט אויפגעציטערט די ערד און די הויכקײַטן פון הימל, דערהערנדיק גאָטס צאָרנדיקע שטים. די טײַכן זײַנען צערונען געוואָרן און די ימים האָבן זיך געבויגן, די בערג האָבן זיך געוואַקלט ווי שכור, און די פעלזן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קניען. די פייגל זײַנען טויטע אַראָפּגעפאַלן פון דער לופטן, און אפילו די מלאכים האָבן פאַרבאָרגן זייערע קעפּ אונטער די ריזעדיקע פליגל, וואָרום אויך זיי, די געפילגלאָזע, האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן דעם בליץ פון זײַן צאָרנדיקן בליק און דאָס געשריי פון זײַן כעס האָט שאַרף אַרײַנגעדרונגען אין זייער אויער.

בלויז די מענטשן טיף אונטן אין דער פאַרמשפּטער שטאָט, טויב צו הימלישע זאַכן, האָבן גאָרנישט געוווּסט פון גאָטס גזר־דין אויף זיי. זיי האָבן בלויז באַמערקט, ווי מיטאַמאָל האָבן אויפגעציטערט די פונדאַמענטן פון דער ערד און די ליכטיקע שײַן איז פאַרלאָשן געוואָרן אין מיטן העלן טאָג. עס איז אויפגעשטאַנען אַ שטורעמווינט, וואָס האָט צעבראָכן די צעדער־ביימער ווי שטרוי־זאַנגען און די קוסטעס ווי קליינע חיהלעך געבויגן צו דער ערד. אויפן רוקן פון שטורעמווינט זײַנען אָנגעקומען צו רײַטן וואָלקנס, וואָס האָבן צוגעדעקט דעם הימל מיט פינצטערניש; איבער זייערע קעפּ האָט זיך דערהויבן פאַרלענדעניש און אונטער די פיס האָט דער באָדן זיך געוואַקלט ווי די וואַסערן פון תהום. זײַנען זיי אין שרעק אַרויסגעלאָפן פון די הײַזער, אַז די דאַךבאַלקנס זאָלן זיך נישט אַראָפּלאָזן אויף זייערע קעפּ; און ווען זיי האָבן אַ הויב געטאָן דעם בליק אינדערהויך, איז זיי ווידער אַ שרעק באַפאַלן, וואָרום שוין האָבן די וואָלקנס זיך אַראָפּגעלאָזט איבער זיי דראָענדיקער ווי פעלזן און אַ ריח פון שוועבל האָט זיך געטראָגן אין דער צעברויזטער לופט. בחנם האָבן זיי אַצינד ווי משוגעים צעריסן אויף זיך די קליידער און מיט אַש באַדעקט די קעפּ; בחנם זײַנען זיי מיטן פּנים געפאַלן צו דער ערד און גערופן צו גאָט, ער זאָל זיי מוחל זײַן די זינד — דער וואָלקן איז ווײַטער געוואַקסן שוואַרץ און אויסגעלאָשן דאָס ליכט איבער דער ערד.



און אַזוי הילכיק האָט אָפּגעקלונגען גאָטס גרימצאָרן, אַז נישט בלויז די לעבעדיקע האָבן זײַן אָנזאָג געהערט; אויך די טויטע האָבן אויפגעוואַכט אין זייערע קברים, און די נשמות פון די געשטאָרבענע האָבן זיך ציטערנדיק אויפגעכאַפּט פון זייער ביינערנעם שלאָף. וואָרום אַזוי איז פעסטגעשטעלט און באַשטימט: עס טאָרן די טויטע נישט קוקן אין גאָטס פּנים — בלויז די מלאכים קענען אויסהאַלטן אַזאַ שלל פון שטראַלנדיק ליכט, — אָבער זיי מעגן גאָטס קול פאַרנעמען און דאָס שאַלן פון די שופרות צום יום הדין. זײַנען זיי אויפגעשטאַנען, די טויטע, פון זייערע קברים און זיך אויפגעהויבן צום הימל. פלאַטערנדיק ווי פייגל אַנטקעגן אַ גרויסן ווינט, האָבן די נשמות פון די אבות זיך פאַרזאַמלט דאָרט אין אַ קרײַז, כדי צוזאַמען תפילה צו טאָן צום אַלמעכטיקן און אָפּווענדן די נקמה פון זייערע קינדער און פון די מויערן פון דער הייליקער שטאָט. אברהם, יצחק און יעקב, די הייליקע אבות, איינער זיך אָנהאַלטנדיק בײַם אַנדערן, זײַנען אַרויסגעטראָטן פאַר גאָט מיט אַ הייס געבעט. אָבער דער דונער האָט פאַרטויבט זייער געשריי, און זייער געשטאַמל איז ווידער פאַרהילכט געוואָרן

דורך גאָטס וואָרט: געווג לאַנג שוין האָט ער אריבערגעטראָגן זייער אומדאַנקבאַרקייט, אַצינד אָבער וועט ער דאָס בית המקדש חרוב מאַכן, כדי עס זאָלן אים אין צאָרן דערקענען די דאָזיקע, וואָס האָבן אָפּגעשטויסן זיין ליבשאַפט. און ווען די אבות זיינען אַנידערגעפאַלן אָנמעכטיקע מיט זייער וואָרט, זיינען ארויסגעטראָטן די נביאים משה, שמואל, אליהו און אלישע, וואָס האָבן אַמאָל גאָטס רייד אין מויל געטראָגן; זיי זיינען ארויסגעטראָטן, די מענער מיט דער פייערדיקער צונג, און אריינגעטאָן זייער האַרץ אין די ליפּן. אָבער גאָט האָט נישט פאַרנומען זייערע רייד, און דער ווינט האָט זיי די ווערטער צוריקגעשליידערט אין די זקנישע בערד אריין. און שוין האָבן זיך געשאַרפט די בליצן, כדי זייער פאַרצערנדיק פייער אַ שליידער צו טאָן אויף די טורעמס און אויף דעם בית המקדש.

איז פאַרשוווּנדן געוואָרן דער מוט ביי די הייליקע לייט; ווי צעטראָטן גראָז האָבן זייערע נשמות געציטערט פאַר גאָט און נישט דערוועגט זיך מער קיין וואָרט ארויסצולאָזן קעגן זיין צאָרן. דערשראָקן איז אַנטשוויגן געוואָרן יעדע ערדישע שטים. דעמאָלט איז רחל, די מאַמע פון ישראל, ארויס פון דעם וואַלד פון אירע פיין. אויך זי האָט אין איר קבר אין רמה פאַרנומען גאָטס צאָרנדיק וואָרט, און די טרערן זיינען איר געראָנען, בעת זי האָט געטראַכט וועגן אירע קינדס־קינדער. האָט זי צוזאַמענגענומען אירע כוחות און זיך געוואָרפן אויף די קניען פאַר כביכול, אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט און דערהויבנדיק דאָס קול מיט געבעט:

„דאָס האַרץ ציטערט מיר פאַר פּחד צו דיר צו רעדן, אַלמעכטיקער, אָבער ווער דען, אויב נישט דו האָסט באַשאַפן דאָס דאָזיקע האַרץ אין מיין לייב, אַז עס זאָל ציטערן פאַר דיר און ווער, אויב נישט דו, האָסט מיר די לעפצן געשענקט, זיי זאָלן אויסגיסן זייער מורא און תפילה פאַר דיר? אין פּחד פאַר דיר שריי איך און רוף נאָך דיין ליבשאַפט, צוליב דער נויט פון מיינע קינדער הויב איך אויף מיין נידעריקע שטים אין דיין אומענדלעכקייט אריין. דו האָסט מיר נישט געגעבן קיין חכמה און קיין כיטרעקייט און איך ווייס נישט, ווי אַזוי דיין צאָרן איינצושטילן, פון מיר אַליין בלויז קאָן איך רעדן, ווי אַזוי איך האָב אַמאָל מיין אייגענעם צאָרן באַצוווּנגען. איך ווייס, אַז דו קענסט מיינע רייד, נאָך איידער איך לאָז זיי ארויס פון מיין מויל, אין דיר איז דאָך לאַנג שוין יעדעס וואָרט געפורעמט, נאָך איידער עס קלינגט אָפּ פון די מענטשלעכע לעפצן, אין דיר איז דאָך פון לאַנג שוין פאַרבאָרגן יעדע טאַט, וואָס קומט ארויס פון אונדזער ערדישער האַנט. דאָך בעט איך דיך, הער מיך אויס געדולדיק, צוליב די זינדיקע וועגן".

נאָך די רייד האָט רחל אַראָפּגעבויגן איר פּנים. אָבער גאָט האָט געזען די געבויגענע און געזען אירע טרערן. און ער האָט איינגעהאַלטן אויף אַ רגע זיין גרימצאָרן, כדי זיך צוצוהערן צו דער צעוויינטיקטער.

אָבער בעת גאָט האָרכט זיך איין אין זיינע הימלען, טרעט אריין אין גאַנצן חלל אַ פּוסטקייט און עס שטאַרבט אָפּ די צייט. קיין שום ווינט האָט זיך נישט דערוועגט צו וויען, דער דונער האָט זיך באַהאַלטן, די רמשים זיינען נישט געקראָכן, די עופות זיינען נישט געפלויגן, און קיין שום הויך איז קיינעם נישט ארויס פון מויל. די שעהן זיינען שטיין געבליבן און פאַרגליווערט זיינען געוואָרן די כרובים. וואָרום בעת גאָט האָרכט, ווערט איינגעהאַלטן דער אָטעם ביי יעדן לעבעדיקן באַשעפעניש און עס ווערט אָפּגעשטעלט דער רעש אין הימל; אפילו די זון האָט אויפגעהערט צו וואַנדערן, און די לבנה איז געבליבן רואיק. און אַלע טייכן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין שטומער דערוואַרטונג.

וויַיט אונטן אָבער אויף דער ערד האָבן די מענטשן זיך געקורטשעט פאַר פּחד און נישט געוווּסט, אַז רחל שטעלט זיך איין פאַר זיי און אַז גאָט האָרכט זיך איין צו איר. וואָרום אומוויסנדיק זיינען תמיד די מענטשן צום געטלעכן און זיי זיינען קיינמאָל נישט משער, וואָס אין די הימלען געשעט. איינס בלויז האָבן זיי באַמערקט, אַז דער שטורעמווינט איבער זיי איז פּלוצלינג איינגעשטילט געוואָרן. אָבער ווען זיי האָבן מיט האָפענונג אויפגעהויבן זייערע בליקן צום הימל, איז דער וואָלקן נאָך געשטאַנען שוואַרץ, ווי דער צודעק פון אַ טויטן־אָרון, און דריקנדיק שווער האָט געדראָעט די פינצטערניש. זיינען זיי ווידער געוואָרן דערשראָקן, און אַזוי קאַלט האָט זיי ארומגעהילט די פינצטערניש ווי תכריכים אַ טויטן גוף.

רחל אָבער, פילנדיק גאָטס איינהאָרכן זיך צו איר, האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים פון אירע טרערן און געזאָגט מיט דעם מוט פון פּחד:

„אַ פּאַסטעכין בין איך געווען, לבנס טאָכטער — דו ווייסט עס — אין לאַנד חרון, וואָס געפינט זיך אין מזרח, און האָב געהיטן מיין פאָטערס שאָף ווי ער האָט געהייסן. ווען מיר האָבן אין אַ פרימאָרגן געפירט אָנטרינקען די שאָף, און די מיידן האָבן נישט געקאָנט אַראָפּקאָלערן דעם שטיין פון ברונעם, איז אָנגעקומען אַ יונגער בחור אונדז צו העלפן. אַ פרעמדער איז ער געווען, מיט אַ שיין געשטאַלט, און מיר זיינען געבליבן דערשטוינט דורך דער שטאַרקייט פון זיין לייב. יעקב איז עס געווען, וועלכן דו האָסט אונדז געשיקט, מיין פאָטערס שוועסטערן־זון, און ווי נאָר ער האָט זיין נאָמען אָנגערופן, האָב איך אים אַוועקגעפירט אין מיין פאָטערס הויז. בלויז איין שעה איז אריבער, זינט מיר האָבן איינער דעם אַנדערן דערזען, און שוין האָבן אויפגעפלאַקערט אונדזערע בליקן און אונדזערע הערצער זיינען פול געוואָרן מיט בענקשאַפט צו אַנאַנדער. און וואָך בין

איך יענע נאַכט געלעגן, פול מיט באַגער צו אים — דאָך, מײַן האַר, איך שעם מיך נישט מיט דעם אויפברויז פון מײַן בלוט, וואָרום ווער, אויב נישט דו, האַר, האָסט אונדז באַשאַפן אַזוי, אַז פלוצלינג זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אונדזער האַרץ אין אַ פלאַקערנדיקן סנה פון ליבע? פון דיר, פון דיר אַליין, האַר, איז עס באַשטימט, אַז די יונגפרוי זאָל דעם מאַן זיך איבערגעבן, אַז דער בליק זאָל דעם בליק זוכן און לײַב זאָל נאָך לײַב לעכצן. דעריבער האָבן מיר זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם פײַער פון אונדזער ליבע, נאָר מיר האָבן דאָס וואָרט זיך געגעבן באַלד אין יענעם ערשטן טאָג, ווען יעקב האָט מיך, רחלן, דערזען.

מײַן פאָטער לבן אָבער — האַר, דו ווייסט עס דאָך — איז אַ האַרטער מענטש געווען. האַרט, ווי די שטיינערנע ערד, וואָס ער האָט מיט דעם אַקער־אײַזן דורכגעריסן, האַרט ווי די הערנער פון זײַנע אָקסן, וואָס ער האָט געבויגן אין יאָך. און ווען יעקב האָט מיך באַגערט פאַר אַ ווײַב, האָט ער פריער געוואָלט אים אויספּרוּוון, צי ער איז אַ מאַן לויט זײַן ווילן, האַרט אין דער אַרבעט און מיט אַן אײַזערנעם געדולד. און ער האָט פאַרלאַנגט פון יעקבן — דו ווייסט עס, האַר, — ער זאָל אים צוערשט זיבן יאָר דינען פאַר מײַנעטוועגן. דערציטערט איז געוואָרן מײַן נשמה, בעת איך האָב דאָס דערהערט, און פאַרשוווּנדן איז געוואָרן דאָס בלוט פון יעקבס באַקן, אַזוי אומענדלעך לאַנג האָט זיך אונדז אומגעדולדיקע אויסגעוויזן דער דאָזיקער זמן. וואָרום זיבן יאָר פאַר דיר, אָ האַר, איך ווייס עס, איז בלויז ווי אַ טראָפּן, וואָס טריפט אַראָפּ, איין צאַפּל בלויז פון דײַן אייביק אויג, וואָרום ווי רויך פאַרגייט דאָך די צײַט דורך די הימלען פון דײַן אייביקייט. אָבער זיבן יאָר, האַר, באַוויליק עס צו באַזינען, זײַנען פאַר אונדז מענטשן אַ צענט חלק פון לעבן, וואָרום קוים ווי מיר עפענען די אויגן פון דער פינצטערניש צו דײַן הייליק ליכט, פאַרשליסט זיי אונדז שוין אויפסניי די נאַכט פון טויט. ווי אַ שטראָם אין פרילינג לויפט גיך אונדזער לעבן, און קיין שום כוואַליע קערט זיך נישט נאָכאַמאָל צוריק. זיבן יאָר האָבן זיך דעריבער אונדז אומגעדולדיקע אויסגעוויזן ווי אַן אייביקייט נישט צום אויסמעסטן; זיבן יאָר ווײַטקייט, בעת איין לײַב געפינט זיך אַזוי נאָענט פון אַנדערן און די ליפּן שמאַכטן נאָך דעם געליבטנס קוש. אָבער פונדעסטוועגן, האַר, האָט יעקב זיך געבויגן פאַרן דאָזיקן פּסק; פונדעסטוועגן האָב איך מיך געבויגן פאַר מײַן פאָטערס באַפעל. און מיר האָבן אין די הענט אַרײַן גענומען אונדזערע הערצער, זיי געצוימט און אויסגעלערנט געהאָרכזאַמקייט און געדולד.

אָבער ווי שווער איז, האַר, דאָס דאָזיקע וואַרטן פאַר דײַנע באַשעפענישן; וואָרום היים האָסטו דאָס האַרץ אונדז באַשאַפן אין לײַב און טיף אינעווייניק אַ מורא פאַרפלאַנצט פאַר דער קורצקייט פון אונדזער ערדישער צײַט. מיר ווייסן, האַר, נישט ווײַט איז דער האַרבסט פון אונדזער פרילינג, און דער זומער פון אונדזער לעבן, ער געדויערט נישט לאַנג; דעריבער ברויזט אַזאַ אומגעדולד אין אונדזער ערדיש בלוט, דעריבער שטרעקט זיך אויס אַזוי גיריק אונדזער האַנט, דאָס געליבטע אָנצונעמען און אַפילו מיט פאַרגענגלעך גליק אין אײַלעניש זיך צו פרייען. ווי אַזוי זאָלן מיר זיך אויסלערנען צו וואַרטן, אַז די צײַט מאַכט אונדז אַלט, ווי אַזוי זײַן געדולדיק, אַז מיר גייען אויס איבער נאַכט, ווי זאָלן מיר נישט פלאַקערן, אַז עס פאַרצערט אונדז די צײַט מיט איר שטורמישן פלאַם, און ווי זיך נישט אײַלן, אַז עס יאָגט אונדז דער טויט מיט גיכע טריט! פונדעסטוועגן, האַר, פונדעסטוועגן האָבן מיר זיך געצוימט און איבערגעוועלטיקט אונדזער באַגער. יעדער טאָג איז פאַרגרעסערט געוואָרן אויף טויזנט דורך אונדזער בענקשאַפט, אַזוי האָבן מיר ליב געהאַט איינער דעם אַנדערן. און דאָך, ווען די זיבן יאָר פון וואַרטן זײַנען פאַרבײַ, האָבן זיי זיך אונדז דערנאָך אויסגעוויזן, ווי איין איינציקער טאָג. אַזוי, האָב איך, האַר, אויף יעקבן געוואַרט, און אַזוי האָט מיך יעקב ליב געהאַט.

און ווען עס זײַנען פאַרבײַ די זיבן יאָר, בין איך מיט פרייד געקומען צו לבנען, מײַן פאָטער, און פאַרלאַנגט מײַן חתונה־געצעלט. אָבער לבן, מײַן פאָטער, האָט אויף מײַן פרייד נישט געקוקט; אַ וואָלקן איז געווען זײַן ברעם און אַ פאַרגליווערטער זיגל זײַן מויל. דערנאָך האָט ער מיר באַפוילן לאהן צו רופן, מײַן שוועסטער.

לאה, מײַן שוועסטער — דו ווייסט עס, האַר, — איז די ערשט־געבוירענע געווען און צוויי יאָר פאַר מיר איז זי אַרויס פון מײַן מוטערס שויס. נישט שיין האָסטו דאָס פּנים איר געפורעמט, — האָבן זיך די מענער נישט אומגעקוקט אויף איר, און ווײַל עס האָט זי קיינער נישט באַגערט, איז זי תמיד געווען באַטריבט. אָבער גראָד צוליב אירע לײַדן און איר צאַרטקייט איז זי געווען מיר ליב.

דאָך ווען מײַן פאָטער האָט מיר באַפוילן, זי צו ברענגען פאַר אים און פון געצעלט מיך געהייסן אַרויסגיין, האָב איך אין דער רגע פאַרשטאַנען, אַז עפּעס אַ פאַלשקייט וויל ער פאַרטראַכטן. האָב איך מיך באַהאַלטן נישט ווײַט, כדי זייערע רייד צו האָרכן. און מײַן פאָטער האָט געזאָגט אַזוי:

„הער, לאה, מײַן שוועסטערן־זון יעקב איז געקומען צו אונדז און דינט שוין זיבן יאָר, כדי רחלן צו נעמען. אָבער איך וועל צוליב דיר דאָס דאָזיקע נישט פאַרלײַדן, וואָרום ווי שיקט זיך עס, אַז די יינגערע זאָל פאַר דער עלטערער דאָס הויז פאַרלאָזן און אַ נישט באַמאַנטע זאָל בלײַבן די ערשט־געבוירענע, די דינסט־מיידן צו שפּאָט. קעגן גאָטס ווילן, זינדיק און נאַריש וואָלט אַזאַ מנהג

געווען. וואָרום באַלד אין בראשית פון דער וועלט, אין באַגינען פון דער ערד האָט דער האַר אונדז באַשטימט, מיר זאָלן זײַן וועלט מיט מענטשן אָנפילן און אַז אָן אַ שיעור זאָלן אַמאָל זײַן די, וואָס וועלן לויבן זײַן נאָמען. ער וויל נישט, אַז זײַן באָדן זאָל בלײַבן וויסט און דאָס, וואָס ער האָט לעבעדיק באַשאַפן, זאָל אָן זרע און אָן פּירות פאַרגיין. בעת עס נעכטיקט נישט איבער אין מײַן שטאַל קיין שעפּס און קיין יונגע קו, אַז זיי זאָלן זיך נישט מערן — ווי זאָל איך דאָס לײַדן, אַז מײַן אייגן קינד זאָל בלײַבן אַן עקרה, באַדעקט מיט חרפּה און שאַנד. דעריבער גרייט דיך צו, לאה, נעם דעם כלה־שלייער און פאַרהיל מיט אים געדיכט דײַן פּנים, אַז איך זאָל דיך צו יעקבן פירן אויף רחלס אָרט". אַזוי האָט גערעדט מײַן פאָטער צו לאהן, און לאה האָט געציטערט פאַר שרעק און געשוויגן.

און אַז מײַן האַרץ האָט פאַרנומען די דאָזיקע אָפּנאַרערישע רייד, האָט עס אויפגעפלאַקערט אין צאָרן צו לבנען, מײַן פאָטער, און לאהן, מײַן שוועסטער, — פאַרגיב מיר דאָס, האַר! אָבער באַטראַכט, האַר, באַטראַכט נאָר, זיבן יאָר האָט יעקב געדינט נאָר צוליב מיר, זיבן יאָר זײַנען מיר אויסגעגאַנגען פאַר ליבשאַפט איינער צום אַנדערן, און צום סוף זאָל גאָר מײַן שוועסטער אַרומנעמען דעם, וואָס איז נעענטער געווען צו מײַן נשמה ווי מײַן אייגן לײַב? האָט אויפגעברויזט עקשנותדיק מײַן געפיל, און איך האָב מיך געבונטעוועט קעגן מײַן פאָטער — האַר, איך האָב מיך געבונטעוועט קעגן מײַן פאָטער, אַזוי ווי עס בונטעווען זיך מײַנע קינדער קעגן דיר, זייער אייביקן פאָטער; וואָרום אויך דאָס, האַר, האָסטו באַשאַפן אין אונדז, אַז האַרט זאָל ווערן אין צאָרן אונדזער נאַקן, ווײַבאַלד עס געשעט אַן אומגערעכטיקייט מיט אונדז. בין איך אַוועק שטילערהייט צו יעקבן און אים געוואָרנט בסוד, ער זאָל זיך היטן, אַז מײַן פאָטער זאָל אים מאָרגן אַן אַנדערע נישט געבן אָנשטאָט מיר. און כּדי ער זאָל קלאָר זײַן קעגן יעדער פאַלשקייט, האָב איך אים אַ סימן געגעבן אויף צו דערקענען. דער דאָזיקער סימן פון דערקענען איז געווען, אַז דרײַ מאָל וועט די כּלה אין שטערן אים קושן, איידער זי וועט אַרײַנטרעטן אין זײַן געצעלט. און יעקב האָט מיך פאַרשטאַנען און זיך אַרײַנגענומען אין זינען דעם סימן.

אין אָוונט האָט לבן באַפוילן דעם חתונה־שלייער פאַר לאהן צוצוגרייטן. צוויי מאָל האָט ער אַרומגעהילט איר פּנים, כּדי יעקב זאָל נישט פריצײַטיק די פאַרטוישטע דערקענען, איידער ער וועט האָבן דערקענט איר לײַב. מיך אָבער האָט ער אַוועקגעשיקט אין שפּײַכלער, עס זאָל נישט עמעצער פון די דינער מיך דערזען און רעכטצײַטיק דעם אָפּגענאַרטן וואָרענען. ווי אַ סאָווע בין איך אין דער פינצטער דאָרט געזעסן, און אַזוי ווי די שעהן זײַנען געוואַקסן צום אָוונט צו, אַזוי איז אויך געוואַקסן דער צאָרן אין מײַן האַרץ, אַז איך האָב געמיינט, ארויסשפרינגען וועט עס צעוויטיקט פון מײַן ציטערנדיקער ברוסט, וואָרום — האַר, דו ווייסט עס דאָך — נישט פאַרגינען האָב איך מײַן שוועסטער איר חתונה מיט יעקבן. און איך האָב אײַנגעביסן די ציין אין די פויסטן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פריילעכע שפּילן פון די צימבלען, און ווייטיק און קנאה האָבן ווי צוויי לייבן צעריסן מײַן נשמה.

אַזוי בין איך געלעגן פאַרשפּאַרט און פאַרגעסן און אַרײַנגעפרעסן אין מיר מײַן אייגענעם צאָרן. שוין האָט אונטערן דאַך זיך פאַרקליבן די פינצטערניש, גלײַך צו דער פינצטערניש אינעווייניק אין מיר, דאַן האָט זיך פּלוצלינג געעפנט שטיל די טיר. לאה, מײַן שוועסטער, איז עס געווען, וואָס איז בסוד אַרײַנגעקומען צו מיר פאַר איר חתונה־וועג. איך האָב זי דערקענט לויט די טריט, אָבער כאָטש איך האָב זי דערקענט, האָב איך מיט שנאה זיך אַוועקגעדרייט פון איר, ווי איך זאָל זי נישט דערקענען, ווײַל מײַן האַרץ איז געבליבן פאַרגליווערט צו איר. זי אָבער האָט ווייך גענענט צו מיר, צאַרט באַרירט מײַנע האָר מיט אירע הענט, און בעת איך האָב אויפגעהויבן מײַן בליק, האָב איך דערזען, אַז אַ וואָלקן פון פּחד האָט פאַרהילט דעם שוואַרצאַפּל פון אירע אויגן. זע, האַר — איך בין מודה פאַר דיר, — אין דער דאָזיקער רגע האָט זיך דערפרייט דאָס בייזע אין מיר. מיר האָט הנאה געטאָן איר אומרו, מיר האָט הנאה געטאָן איר שרעק, און ווי נקמה האָט מיך דערקוויקט דאָס געפיל, אַז אויך איר איז דער חתונה־טאָג געוואָרן פאַרביטערט. זי אָבער, די אומגליקלעכע, האָט גאָרנישט געוווּסט פון מײַן בייזער פרייד, מיר האָבן דאָך ווי שוועסטער די מילך פון איין מאַמען געזויגן און ליב געהאַט איינע די אַנדערע פון קינדווײַז אָן. איז זי צוגעקומען צו מיר היימיש און מיך אַרומגענומען. אירע ליפּן אָבער האָבן געציטערט בלייכע נאָך פאַר שרעק, בעת זי האָט אָנגעהויבן צו קלאָגן:

„וואָס זועט פון דעם ווערן, רחל, מײַן שוועסטער? מיר טוט אַזוי וויי, וואָס דער פאָטער האָט געטאָן. ער האָט דיר צוגענומען דעם געליבטן און מיר אים געגעבן — נישט ניחא איז מיר אָבער אים צו נאַרן, וואָרום ווי קאָן איך מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ גיין צו אים, וואָס באַגערט דיך, און מיט אים מיך פאַראייניקן? עס ווילן מיך מײַנע פיס נישט טראָגן און עס וואָרנט מיך מײַן האַרץ; איך האָב מורא, רחל, איך האָב מורא, וואָרום ווי קאָן דאָס זײַן, אַז נישט דערקענען וועט ער מיך בײַם ערשטן בליק? און צי וועט נישט קיין חרפּה, אַ זיבנפאַכיקע חרפּה, פאַלן אויף מײַן קאָפּ, אויב ער וועט מיך אומבאַרירט פאַרטרײַבן פון זײַן הויז און געצעלט? ביז אין דריטן דור וועלן די קינדער שפּאָטן און חוזק

מאכן פון מיר: אט דאס איז לאה, די מיאוסע, וואס איז גיריק געלאפן צו א מאן, ער זאל זי דערקענען און ער האט זי פארטריבן פו זיך ווי א קרעציקע חיה. וואס זאל איך טאן, רחל, העלף מיר, טייערע שוועסטער, זאל איך דאס וואגן אדער זאל איך מיך אקעגנשטעלן דעם פאטער, וואס זיין האנט ליגט שווער איבער אונדז? וואס זאל איך טאן, רחל, אז יעקב זאל מיך פריציייטיק נישט דערקענען און איך זאל נישט אומשולדיק באדעקט ווערן מיט שאנד? העלף מיר, שוועסטער רחל, העלף מיר, איך בעט דיך אין נאמען פון דערבארעמדיקן גאט!"

האר, נאך האט געברויזט דער צארן היים אין מיין לייב, און כאטש איך האב ליב געהאט מיין שוועסטער, האט נאך אלץ געיובלט דאס בייזע אין מיר, און איר שרעק האט מיך דערקוויקט ווי א זיס מאכל. ווען זי האט אבער דערמאנט דיין הייליקן נאמען, האר, דיין הייליקסטן נאמען, דעם נאמען פון דערבארעמדיקן — האר, דערמאלט איז ווי א פייערדיקער שטראל דורכגעלאפן מיין לייב, אויפגעטרייסלט איז געווארן מיין הארץ און די קראפט פון דיין גוטסקייט, די רוישנדיקע מאכט פון דיין דערבארעמדיקייט, האר, איז זיס אריינגעדרונגען אין מיין פארפינצטערטער נשמה. ווארום דאס איז דאך איינס פון דיינע אייביקע וואונדער, האר, אז עס פארשווינדט די וואנט פון אונדזער אייגן לייב, ווען מיר דערפילן די ליידן פון א צווייטן און מיר דרינגען מיטפילנדיק אריין אין זיין צעווייטיקטער ברוסט. איך האב מיט אמאל דערפילט מיין שוועסטערס אומרו, פונקט ווי זי וואלט מיין אייגענע געווען, און איך האב שוין נישט געטראכט מער פון מיר, נאר בלויז וועגן איר שרייענדיקער נויט. אוז מיטליידנדיק מיין שוועסטערס לייד, האבן איך מיך דערבארעמט איבער איר, איך, דיין נארישע דינסט — האר, הער אצינד גוט מיינע רייד! — איך האב דעמאלט מיך דערבארעמט איבער איר, ווייל זי איז מיט טרערן געשטאנען פאר מיר, אזוי ווי איך שטיי אצינד פאר דיר מיט טרערן. איך האב מיך דערבארעמט איבער איר, ווייל זי האט גערופן צו מיין בארעמהארציקייט, אזוי ווי איך רוף צו דיין בארעמהארציקייט אצינד מיט א ברענענדיק מויל. און קעגן מיר אליין האב איך זי געלערנט ווי אזוי יעקבן צו נארן און אויסגעזאגט איר דעם אפגערעדטן סימן. איך האב איר געהייסן דריי מאל קושן זיין שטערן, איידער זי וועט אריין אין זיין געצעלט — אזוי, האר, האב איך, רחל, מיין אייפערזוכט אוועקגעשטויסן, אזוי, האב איך יעקבן פאראטן און מיין אייגענע ליבע, צוליב דער ליבשאפט צו דיר.

און ווען איך האב אזוי געהאט געטאן און לאה האט דערקענט מיין גוטע כוונה, האט זי זיך נישט געקאנט איינהאלטן, זי איז געפאלן צו מיינע פיס און געקושט מיינע הענט און דעם זוים פון מיינע קליידער, ווארום אויך דאס האסטו אין די מענטשן באשאפן, אז ווי נאר זיי דערפילן א צייכן פון דיין הייליקער גוטסקייט, נעמט זיי ארום הכנעה און דאנקבארקייט. און מיר האבן זיך ארומגענומען איינע די אנדערע, זיך געקושט און נאס געמאכט די באקן מיטן זאלץ פון אונדזערע טרערן.

בארואיקט איז לאה געווארן און האט שוין גיין געוואלט אין דעם חתונה־געצעלט. אבער ווען זי האט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, האט ווידעראמאל זארג פארפינצטערט אירע אויגן, און ווידעראמאל האבן געציטערט אירע בלאסע ליפן.

..."איך דאנק דיר, שוועסטער, געטרייע", האט זי געזאגט צו מיר. איך דאנק דיר און וועל טאן ווי דו האסט געהייסן. אבער ווי וועט עס זיין, אויב אויך פון דאזיקן צייכן וועט ער נישט לאזן זיך נארן? נאכאמאל גיב מיר אן עצה, שוועסטער, נאך אמאל לערן מיך. זאג מיר, וואס צו טאן, אויב ער וועט אנרופן מיך מיט דיין נאמען? קאן איך דען אין שטילשווייגן פארבלייבן, אויב ער וועט רעדן צו מיר, דער חתן צו דער כלה, קאן איך דען רעדן מיט מיין אייגענער שטים, און ער זאל פריציייטיק דעם פאלש נישט דערקענען? וואס זאל איך טאן, שוועסטער, ווען ער וועט רעדן צו מיר, ווי אזוי זאל איך מיט דיין שטים אים ענטפערן, אויב ער וועט מיך פרעגן? העלף מיר, רחל, העלף מיר, דו קלוגע, העלף מיר, דו הארציקע, אין נאמען פון דערבארעמדיקן גאט!"

און ווידעראמאל, האר, בעת זי האט גערופן צו מיר מיט דיין הייליקסטן נאמען, ווידעראמאל איז אדורך איבער מיר דער פייערדיקער שטראל און צעשמאלצן יעדע הארטקייט אין מיין נשמה, אז אויסגעלייטערט איז זי געווארן און אפן פאר איר יאמערדיקער נויט. און איך האב אויפסניי גענומען מיין אייגן שרייענדיק הארץ, ווידעראמאל האב איך דאס צעווייטיקטע צעטראטן אונטער די פיס. און ווען איך האב עס צוריק אויפגעהויבן, איז עס געווען מילד אין דערבארעמדיקייט און צו יעדן קרבן גרייט. האב איך איר אזוי געענטפערט:

„שטארק דיך, לאה, מיין שוועסטער, און זארג דיך נישט. ווארום אין נאמען פון דערבארעמדיקן גאט וועל איך נעמען אויף מיר, אז נישט דערקענען זאל דיך יעקב, איידער ער וועט האבן דיין לייב דערקענט. אט אזוי וועל איך טאן: בעת דער פאטער וועט דיך א פארשלייערטע איבערגעבן צו אים, וועל איך מיך אריינשלייכן אין יעקבס חדר און דארט אין דער פינצטער זיך אנידערזעצן איינגעקארטשעט נעבן אייער חתונה־געלעגער. און אויב ער וועט צו דיר רעדן, וועל איך מיט מיין קול אים ענטפערן פאר דיר. אזוי ארום וועט זיין חשד פארשווינדן, און ער וועט ארומנעמען דיך און בענטשן דיין לייב מיט זיין זאמען. דאס וועל איך טאן, לאה, אין נאמען פון דער ליבשאפט, וואס מיר פילן פון קינדווייז אן צואנאנדער און אין נאמען פון דערבארעמדיקן גאט, צו וועלכן דו האסט גערופן, כדי אז אויך ער זאל אמאל

באַרעמהאַרציק זײַן צו מײַנע קינדער, ווען זיי וועלן צו אים רופן מיט זײַן הייליקסטן נאָמען״.

האַר, אַרומגענומען דעמאָלט האָט מיך לאה, געקושט מיר די ליפּן, אַן אַנדערע, אַ באַנײַטע איז די אײַנגעבויגענע אויפגעשטאַנען פון איר קניען. אָן מורא איז זי אַוועקגעגאַנגען, כדי אין שאָטן פון שלייער זיך יעקבן איבערצוגעבן. איך ווידער האָב אויסגעפירט מײַן ביטערע טאַט: איך האָב אין יעקבס געצעלט מיך אַרײַנגעשלייכט אינדערשטיל און מיך פאַרבאָרגן אין דער פינצטער נאָענט פון זײַן געלעגער. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס פרייליכע שפּילן פון צימבלען, וואָס האָט באַגלייט דאָס חתונה־פּאָר, און שוין זײַנען זיי ביידע געשטאַנען אין שאָטן פון אַרײַנגאַנג. אָבער איידער יעקב האָט אויפגעהויבן דאָס געוואַנט, כדי דער פאַרשלייערטער צו געבן די ברכה פון אַרײַנגאַנג, האָט ער פאַרזוימט אַ ווײַלע, אין דערוואַרטונג אויף מײַן צייכן, דעם אָפּגעשמועסטן. דעמאָלט האָט לאה אים געקושט, ווי איך האָב זי געלערנט, דרײַ מאָל אין שטערן. און יעקב, באַרואיקט דורכן צייכן, האָט ליבלעך אָנגענומען לאהן, מיינענדיק אַז דאָס בין איך, און זי צוגעטראָגן צום געלעגער, אָטעם־נאָענט פון מײַנע ציטערנדיקע ליפּן. אָבער איידער ער האָט זי אַרומגענומען, האָט ער נאָכאַמאָל געפרעגט: „ביסטו אויף אַן אמת רחל, וועלכע איך פיל?״ דעמאָלט, האַר — שווער איז עס מיר אָנגעקומען, דו ווייסט עס, אַלצוויסנדיקער — דעמאָלט האָב איך אַרויסגעריסן מײַן שטים פון מיר, ווי מען רײַסט אַרויס אַ נאָגל פון לײַב און פון דער נאָענט געפּליסטערט: „איך בין עס, יעקב, מאַן מײַנער״. און באַרואיקט האָט זיך יעקב און איז אַרײַנגעדרונגען אין איר מיט דער קראַפט פון זײַן ליבע. איך אָבער — האַר, דו ווייסט עס, וואָרום ווי אַ שניטמעסער דאָס גראָז, אַזוי שנײַדט דורך דײַן בליק די פינצטערניש, — איך, האַר, בין אַ צונויפגעקנוילטע געלעגן איין שפּאַן בלויז ווײַט פון זיי, און געדאַכט האָט זיך מיר, ווי איך וואָלט לעבעדיקערהייט אין פײַער געלעגן, בעת יעקב האָט ליבשאַפטלעך אַרומגענומען לאהן און געמיינט, אַז דאָס בין איך, וואָס האָט געלעכצט נאָך אים מיט דעם גאַנצן ברען פון איר בלוט. האַר, דערמאָן דיך, דו אומעטום פאַרהאַנדענער, דערמאָן דיך יענע נאַכט, ווען איך בין זיבן שעה מיט צעווייטיקטע קניען און מיט אַ צעווייטיקט האַרץ אַן אײַנגעקאָרטשעטע געלעגן נעבן זיי און געמוזט אויסהערן רייד, וואָס זײַנען פאַר מיר געווען באַשטימט און דאָך פאַרווערט, איך זאָל זיי פילן! זיבן שעה, זיבן אייביקייטן בין איך אײַנגעבויגן געלעגן, דעם אָטעם פאַרהאַלטן, און זיך געראַנגלט מיט מײַן אייגן געשריי, ווי עס האָט אַמאָל יעקב מיט דײַן מלאך זיך געראַנגלט, און זיבעציק מאָל לענגער האָבן זיי זיך מיר אויסגעוויזן די דאָזיקע שעהן, ווי די זיבן יאָר פון וואַרטן. און נישט אויסגעהאַלטן וואָלט איך זי, די דאָזיקע נאַכט פון מײַן סבלנות, ווען איך זאָל נישט כסדר געווען רופן דײַן הייליקן נאָמען און מיך שטאַרקן מיטן געדאַנק וועגן דײַן אומענדלעכער געדולד.

דאָס, האַר, איז געווען מײַן טאַט, די איינציקע, מיט וועלכער איך גרויס מיך אויף דער וועלט, ווײַל אין דער דאָזיקער טאַט בין איך צו דיר אַליין ענלעך געווען אין געדולד און דערבאַרעמדיקייט — וואָרום איבער יעדער מענטשלעכער מאָס האָט געווייטיקט מײַן נשמה און איך ווייס נישט, אויב דו האָסט אַמאָל, האַר, נאָך אַ פרוי אויף דער וועלט אַזוי האַרט געפּרוּווט, ווי מיך אין יענער שרעקלעכער נאַכט. און פונדעסטוועגן, האַר, האָב איך זי איבערגעטראָגן, די דאָזיקע נאַכט איבער אַלע נעכט, און ווען די הענער האָבן אָנגעהויבן קרייען, בין איך אויפגעשטאַנען מיט אַ פאַרמאַטערט לײַב, בעת יענע האָבן גערוט פון זייער גרויסער מידקייט.

איך בין גיך געלאָפן אין מײַן פאָטערס הויז, וואָרום באַלד האָט דאַך געמוזט קלאָר ווערן, וואָס פאַר אַ פאַלשקייט מיר האָבן געטאָן, און שוין האָבן געציטערט די ציין מיר אין־מויל פאַר יעקבס צאָרן. און ווי, עס איז געשען אַזוי, ווי איך האָב געפילט פאָרויס. קוים ווי איך בין אַרײַן אין הויז פון מײַן פאָטער, האָט זיך דערטראָגן די שטים פון דעם אָפּגענאַרטן, ווי דאָס געברום פון אַ צאָרנדיקן אָקס, און שוין איז ער אָנגעקומען שטורמיש, מיט דער האַק אין האַנט אויף לבנען, מײַן פאָטער, געצילט. מײַן פאָטער לבן, דעם אַלטן, זײַנען די הענט פון שרעק געוואָרן געליימט, בעת ער האָט דערהערט דאָס ווילדע געשריי. ציטערנדיק איז ער געפאַלן אויף דער ערד און אָנגערופן דײַן הייליקן נאָמען. און ווידער אַמאָל, האַר, בעת איך האָב דערהערט דײַן הייליקסטן נאָמען, האָט מיך אַרומגענומען יענער הייליקער מוט, און איך האָב מיך אַ וואָרף געטאָן דעם דערצאָרנטן אַנטקעגן, אַז זײַן כעס זאָל פאַלן אויף מיר, און נישט אויף מײַן פאָטער.

אָבער פאַרלאָפן מיט בלוט זײַנען געווען יעקבס אויגן פאַר צאָרן, און ווי נאָר ער האָט מיך דערזען, מיך, וואָס האָט געהאָלפן אים אָפּנאַרן, איז ער מיט די פויסטן מיך באַפאַלן און געשלאָגן אין פּנים, אַז איך בין צו דער ערד געפאַלן. אָבער, האַר, אָן טענות האָב איך דאָס איבערגעטראָגן, איך האָב דאָך געוווּסט, אַז אַ גרויסע ליבשאַפט איז געווען אין זײַן צאָרן. און ווען ער זאָל דעמאָלט געווען מיך אַפילו טויטן — ער האָט ווילד שוין געהאַט אויפגעהויבן די האַנט — האַר, איך וואָלט נישט מיט טענות געקומען פאַר דײַן כסא הכבוד, וואָרום דורך גרויסע יסורים האָב איך אים גענאַרט און דורך גרויסער ליבשאַפט האָט געברענט זײַן צאָרן.

אָבער ווי נאָר דער דערצאָרנטער האָט מיך דערזען אַנידערגעשלײַדערט בײַ זײַנע פיס, צעבלוטיקט און צעטומלט — דעמאָלט, האַר, האָט אויך אים אַרומגענומען

אַ רחמנות, מאַכטלאָז איז פֿון זײַן האַנט אַרויסגעפֿאַלן די אויפֿגעהויבענע האַק, ער האָט אַראָפּגעבויגן זיך און מיט קושן מיר אָפּגעווישט דאָס בלוט פֿון די ליפּן. און נישט בלויז אויף מיר האָט ער זיך דערבאַרעמט, נאָר אויך מײַן פֿאָטער, לבן, האָט ער פֿאַרגעבן צוליב מיר און נישט פֿאַרשטויסן לאָהן פֿון זײַן געצעלט. נאָך זיבן טעג האָט מײַן פֿאָטער מיך געגעבן צו אים פֿאַר אַ צווייט ווײַב, און ער האָט קינדער דערוועקט פֿון מײַן שויס, — קינדער, וואָס איך האָב דערנערט מיט דע רמילך פֿון מײַן לײַב און מיטן וואָרט פֿון דײַן צוזאָג, קינדער, וועלכע איך האָב געלערנט, זיי זאָלן דרייסט צו דיר רופֿן אין זייער העכסטער נויט מיט דעם סוד פֿון דײַן אמתן נאָמען. און מיט דעם דאָזיקן נאָמען דײַנעם פֿון רחום וחנון רוף איך דיך הײַנט, האַר, פֿון מײַן טיפֿסטער נויט: טו, אַזוי ווי יענער האָט געטאָן, לאָז פֿאַלן די האַק פֿון דײַן גרימצאָרן און פֿאַרטרײַב דעם וואָלקן פֿון דײַן כעס! רחלס דערבאַרעמען זיך צוליב — דערבאַרעם דיך נאָכאַמאָל, האַר, פֿאַרגעלטיק מיט געדולד פֿאַר מײַן געדולד, און באַהיט די הייליקע שטאָט! באַהיט, האַר, מײַנע קינדער און קינדס־קינדער, באַהיט, פֿאַרהיט ירושלים!"

רחל האָט אַזוי געהאַט אויפֿגעהויבן איר קול, ווי זי וואָלט באַדאַרפֿט דורכשפּאַלטן הונדערטער הימלען; האָבן זיך איר נאָכן הייסן געבעט פֿון איר נשמה אויסגעלאָזט די כוחות. זי איז אַנידערגעפֿאַלן אויף די קניען, דעם קאָפּ געבויגן צו דער ערד, און ווי אַ שוואַרץ־רינענדיק וואַסער האָבן געשטראָמט אירע האָר־שטרייפֿן איבער איר ציטערנדיק לײַב. — אַזוי האָט רחל געקניט און געציטערט און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער פֿון גאָט.

גאָט אָבער האָט געשוויגן. און נישטאָ קיין מער פֿורכטבאַרע זאַך אויף דער ערד און אין די הימלען און אין די שוועבנדיקע וועלטן צווישן זיי ווי גאָטס שטילשווײַגן. ווען גאָט שווײַגט, הערט אויף די צײַט און עס ווערט פֿאַרלאָשן דאָס ליכט, עס איז קיין חילוק נישט דעמאָלט צווישן טאָג און נאַכט און אין אַלע וועלטן הערשט ווידער די ליידיקייט פֿון בראשית. אַלץ, וואָס באַוועגלעך, הערט אויף זיך צו באַוועגן, שטיין בלײַבט דאָס פֿליסנדיקע אינמיטן דעם פֿליסן, דאָס בליענדיקע קאָן נישט ווײַטער בליען, דער ים נישט שטראָמען אָן זײַן אינערלעך וואָרט. אָבער קיין שום ערדיש אויער קאָן נישט פֿאַרטראָגן דאָס קלינגען פֿון דער דאָזיקער שטילקייט, קיין שום ערדיש האַרץ קאָן נישט אויסהאַלטן דעם דרוק פֿון דער דאָזיקער פּוסטקײַט, אין וועלכער עס געפֿינט זיך בלויז גאָט, און אויך ער אַליין הערט אויף צו זײַן, כּל זמן ער שווײַגט, דאָס חיות פֿון דעם גאַנצן לעבן.

אויך רחל, אויך זי, די געדולדיקסטע, האָט נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן דאָס דאָזיקע אומענדלעכע שווײַגן פֿון גאָט אויף איר שרײַענדיקער נויט. זי האָט נאָכאַמאָל אויפֿגעהויבן אירע אויגן צום אומזעבאַרן, זי האָט נאָכאַמאָל אויסגעשטרעקט אירע מוטערלעכע הענט, און דער פֿײַערשטיין פֿון צאָרן האָט רויט ווי אַ פֿונק איר אָנגעצונדן דאָס וואָרט אין מויל:

„האָסטו מיך נישט געהערט, אומעטום פֿאַרהאַנדענער, האָסטו מיך נישט פֿאַרשטאַנען, אַלצפֿאַרשטייענדיקער — אָדער באַדאַרף איך נאָך מײַן וואָרט דיר פֿאַרטײַטשן, איך, דײַן אומווויסנדיקע דינסט? טאָ הער, שווער־העריקער — אויך איך בין פֿאַרצערט געוואָרן פֿון אייפֿערזוכט, ווײַל יעקב האָט זיך אָוועקגעגעבן צו מײַן שוועסטער, אַזוי ווי דו ביסט אַצינד אייפֿערזיכטיק, ווײַל מײַנע קינדער האָבן קטורת געבראַכט צו אַנדערע געטער אָנשטאָט צו דיר. אָבער דאָך, איך שוואַכע פֿרוי, איך האָב באַצוווּנגען מײַן כעס, איך האָב מיך דערבאַרעמט צוליב דיר, וועלכן איך האָב געהאַלטן פֿאַר אַ באַרעמהאַרציקן. איך האָב רחמנות געהאַט אויף לאה, און יעקב האָט רחמנות געהאַט אויף מיר, באַטראַכט דאָס, גאָט: מיר אַלע, וואָס זײַנען בלויז מענטשן, אָרים און נישט דויערהאַפֿטיק, מיר האָבן באַצוווּנגען דאָס בייז פֿון קנאה — דו אָבער, אַלמעכטיקער, וואָס האָסט אַלץ באַשאַפֿן און אַלץ אויסגעשעפּט, דו, דער אָנהויב און דער אין־סוף פֿון אַלע וועזנס, דו, וואָס פֿאַרמאָגסט אַ ים פֿון אַלצדינג, וואָס מיר האָבן טראָפּנס בלויז — דו ווילסט דיך נישט דערבאַרעמען? איך ווייס, אַז דאָס פֿאָלק פֿון מײַנע קינדער איז אַ האַרטנעקיק פֿאָלק און תמיד וואַרפֿן זיי דײַן הייליקן יאָך פֿון זיך אַראָפּ, אָבער דו ביסט דאָך אַ גאָט און האַר איבער דער גאַנצער שפֿע, צי קאָן נישט דײַן סבלנות איבערשטײַגן זייער גאווה און דײַן דערבאַרעמונג זייערע חטאים? עס טאָר דאָך נישט זײַן, גאָט, עס טאָר דאָך נישט זײַן, אַז אין די אויגן פֿון דײַנע מלאכים זאָל אַ מענטש דיך פֿאַרשעמען און יענע זאָלן זאָגן: געווען איז אַמאָל אַ פֿרוי אויף דער ערד, אַ שוואַכע, שטערבלעכע פֿרוי מיטן נאָמען רחל, וואָס האָט באַצוווּנגען איר גרימצאָרן, ער אָבער, גאָט, וואָס איז האַר פֿון אַלע און פֿון דער גאַנצער וועלט, ער האָט געדינט צו זײַן צאָרן ווי אַ קנעכט. ניין, גאָט, דאָס טאָר נישט זײַן, וואָרום אויב דײַן דערבאַרעמונג איז נישט אָן אַ סוף, ביסטו אַליין אויך נישט אָן אַ סוף — אויב אַזוי — ביסטו — נישט — גאָט. אויב אַזוי ביסטו נישט דער גאָט, וועלכן איך האָב פֿון מײַנע טרערן מיר באַשאַפֿן און וועמעס שטים עס האָט צו מיר גערופֿן אין מײַן שוועסטערס וויי־געשריי — אויב אַזוי ביסטו אַ פֿרעמדער גאָט, אַ גאָט פֿון צאָרן, אַ גאָט פֿון נקמה, און איך, רחל, איך, וואָס האָב נאָר דעם ליבנדיקן ליב געהאַט און נאָר דעם באַרעמהאַרציקן געדינט, איך, רחל — זאָג מיך אָפּ פֿון דיר פֿאַר די אויגן פֿון דײַנע מלאכים! זאָלן די דאָזיקע דאָ, דײַנע דערוויילטע און נביאים זיך בוקן פֿאַר דיר — איך אָבער, רחל, די מאַמע, איך בוק מיך נישט — אויסגעגלײַכט טרעט איך צו צו דיר, איך שטעל מיך צווישן דיר און דײַן

וואָרט. וואָרום איך וויל מיך משפּטן מיט דיר, איידער דו משפּטסט מײַנע קינדער, און אַזוי קלאָג איך דיך אָן: דײַן וואָרט, גאָט, איז אַ סתירה צו דײַן וועזן, און דײַן צאָרנדיק מויל פֿאַרלייקנט דײַן אייגן האַרץ. טאָ משפּט, גאָט, צווישן דיר און דײַן וואָרט! אויב דו ביסט טאַקע אַזאַ צאָרנדיקער, ווי דו ווײַזסט זיך, וואַרף זשע אויך מיך אין פֿינצטערניש צו מײַנע קינדער, וואָרים איך וויל נישט זען דײַן פּנים ווי פֿון אַ צאָרנדיקן גאָט און עס איז מיר דערווידער דער כּעס פֿון דײַן אייפֿערזוכט. אויב אָבער דו ביסט דער באַרעמהאַרציקער, וועלכן איך האָב פֿון תּמיד ליב געהאַט און מיט וועמעס לערע איך האָב געלעבט — טאָ לאָז מיך ענדלעך דיך־דערקענען, באַלויכט מײַן פּנים מיט דעם גלאַנץ פֿון דײַן גוטסקייט, און באַשיץ מײַנע קינדער, באַהיט־די הייליקע שטאָט".

נאָכדעם ווי רחל האָט אַזוי מיט דער שווערד פֿון איר וואָרט קעגן הימל זיך פֿאַרמאָסטן, איז זי ווידער געבליבן אָן כּוחות. זי איז אַנידערגעפֿאַלן אויף די קניען, צוריקבייגנדיק דעם קאָפּ אין דערוואַרטונג אויף דעם אויבערשטנס וואָרט, און אירע אויגן זײַנען געווען פֿאַרמאַכט ווי בײַ אַ טויטער.

מיט פּחד האָבן זיך צוריקגעצויגן די אבות און די נביאים פֿון רחלס נאָענטקייט, וואָרום אַ בליץ, האָבן זיי מורא געהאַט, מוז אַראָפּפֿאַלן אויף דער זינדיקער, וואָס האָט זיך מיט גאָט געמשפּט. מיט צעשראָקענע אויגן האָבן זיי געקוקט צום הימל, אָבער קיין שום צייכן איז צו זיי נישט געקומען.

די מלאָכים אָבער, וואָס האָבן פֿאַר גאָטס כּמורנע בליק באַהאַלטן זייערע קעפּ אונטער די פֿליגלען און מיט מורא געקוקט אויף דער דרייסטער, וואָס האָט די אַלמעכטיקייט פֿון זייער האַר פֿאַרלייקנט, האָבן געזען ווי מיטאַמאָל איז אַ ליכט אויפֿגעגאַנגען אין רחלס פּנים, און איר שטערן האָט אויפֿגעלויכטן. ווי פֿון אַן אינערלעך ליכט האָט איר די הויט אָנגעהויבן צו שטראַלן, און די טרערן אויף אירע באַקן, די מוטערלעכע, האָבן געפֿינקלט ווי טוי אין מאָרגנרויט. דערקענט האָבן דערפֿון די מלאָכים, אַז גאָט האָט מיט זײַן וואַרעמער ליבשאַפֿט אַרײַנגעקוקט אין רחלס פּנים. און זיי האָבן דערקענט, אַז פֿאַר גאָט איז ליבער געווען די פֿאַרלייקענערין פֿון זײַן וואָרט צוליב איר גרויסער אמונה און אומגעדולד, איידער די דינער, די פֿרומע פֿון זײַן וואָרט, מיט זייער הכנעה. דעמאָלט איז פֿאַרשוווּנדן דער פּחד בײַ די מלאָכים, זיי האָבן באַרויִקט אויפֿגעהויבן די אויגן, און אָט איז מיט אַמאָל ווידער געוואָרן לויטער און הערלעך אַרום גאָטס קעגנוואָרט, און דער בלויער גלאַנץ פֿון זײַן שמייכל האָט באַשטראַלט די אומענדלעכע ספֿערן. דעמאָלט האָבן זיך אויפֿגעהויבן די כּרובים מיט רוישנדיקע פֿליגלען און הינטער זיי איז נאָכגעשפּרונגען דער ווינט מיט אַ זילבערנעם פֿוס, אַזוי אַז אַ פֿליסיק געקלאַנג ווי פֿון כאָראַלן האָט זיך צעגאָסן איבער דעם הימלישן ווײַסן געצעלט. און דאָס ליכט אויף גאָטס פּנים איז אויסגעוואַקסן צו אַן אומענדלעכן גלאַנץ, ביז די פֿירמאַמענט, האָבן מער נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן אַזאַ שפֿע און אָנגעהויבן צו־שטראָמען מיט ליכט. און עס האָבן זיך צעקלונגען אין אַ הייליקער האַרמאָניע די שטימען פֿון די מלאָכים און די שטימען פֿון די טויטע און פֿון אַלע יענע, וועלכע גאָט האָט אויף דער ערד נאָך נישט געשיקט, ביז אַלץ האָט זיך צונויפֿגעגאָסן אין איין געבענטשטן אָטעם און אין איין גרויס געזאַנג.

די מענטשן אָבער ווײַט אונטן, פֿון אייביק אָן פֿרעמד צום הימלישן משפּט, האָבן נאָך אַלץ נישט געאַנט, וואָס אויבן איבער זייערע קעפּ איז געשען. אָנגעטאָן אין תּכריכים, האָבן זיי טעמפּ געבויגן דעם שטערן צו דער פֿאַרחושכטער ערד. פּלוצלינג אָבער האָט זיך איינעם נאָכן אַנדערן אויסגעדאַכט צו פֿאַרנעמען אַ צאַרט געברום ווי פֿון אַ פֿרילינג־ווינט. זיי האָבן אומזיכער אויפֿגעהויבן דעם בליק און געוואָרן דערשטוינט. וואָרום פֿון די וואָלקנס האָט זיך מיטאַמאָל דערהויבן אַ הערלעכער רעגנבויגן און אין די זיבן פֿאַרבן פֿון זײַן ליכט האָט ער געטראָגן זייערע טרערן דער מאַמע רחל אַנטקעגן.

האָראַסיאָ קיראָגאַ

# אַ „פּעאָן"

פון שפּאַניש: י. צודיקער

האָראַסיאָ קיראָגאַ, כאָטש אַ געבוירענער אין אורוגוואַי, ווערט באַטראַכט ווי איינער פון די גרעסטע דערציילער פון אַרגענטינע און גאַנץ מעגלעך פון גאַנץ אַמעריקע.

זײַן גאַנץ לעבן איז פול געווען מיט טראַגעדיעס און די דאָזיקע טראַגעדיעס, ברענגט ער אויף אַ קינסטלערישן אופן צום אויסדרוק אין זײַנע קורצע, נאָר מײַסטערהאַפטע דערציילונגען.

ער איז געבוירן דעם 31־סטן דעצעמבער פון 1878. אין צוויי חדשים שפּעטער, ווערט זײַן פאָטער דערהרגעט אין אַן אַקצידענט. שפּעטער איז בײַ טראַגישע אומשטענדן אומגעקומען זײַן חבר פערנאַנדאָ און נאָך שפּעטער זײַן ערשטע און צווייטע פרוי. אויך ער גופא באַגייט זעלבסטמאָרד דעם 19־טן פעברואר פון יאָר 1937.

און אָט די אַלע טויטן קומען צום אויסדרוק אין זײַנע ווערק. ער האָט יאָרן לאַנג געוווינט אין אַרגענטינער צפון — אין מיסיאָנעס, און קיינער ווי ער, האָט נישט אַזוי קינסטלעריש געשילדערט די דאָזיקע געגנט. ער דערציילט וועגן די דאָרטיקע מענטשן, נאַטור, חיות, שלאַנגען א. א. וו.

אויך אין דער דערציילונג אַ „פּעאָן" קומען צום אויסדרוק די אַלע עלעמענטן, וועלכע זײַנען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר קיראָגאַס טעמאַטיק און אויך פאַר זײַן אייגנאַרטיקן סטיל.

---



אין אַ נאָכמיטיק, אין מיסיאָנעס, ווען איך האָב נאָר וואָס פאַרענדיקט עסן, האָט געקלונגען דאָס הענגגלעקל פון טויערל. איך בין אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן און האָב געזען ווי עס שטייט אַ יונגער מענטש מיט דעם הוט אין איין האַנט און מיט אַ וואַליזע אין דער צווייטער האַנט.

עס איז זיכער געווען בײַ די פערציק גראַד היץ, וואָס אויף דעם געקרייזלטן קאָפּ האָר פון מײַן מענטשן, האָט דאָס זיכער געווירקט ווי זעכציק גראַד. פונדעסטוועגן, האָט ער נישט אויסגעזען צו זײַן באַאומרואיקט אויף דאָס מינדעסטע. איך האָב אים געהייסן אַרײַנגיין און דער מענטש איז געגאַנגען אַ שמייכלענדיקער און באַטראַכט מיט נײַגעריקײַט דעם ווערק פון מײַנע מאַנדאַרין־ביימער פון פינף מעטער אין דיאַמעטער, וואָס — זאָל דרך־אגב געזאָגט ווערן — זײַנען געווען דער שטאָלץ פון יענעם קאַנט און אויך — מײַן שטאָלץ.

איך האָב אים געפרעגט וואָס ער פאַרלאַנגט, און ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער זוכט אַרבעט. איך האָב אים דעריבער באַטראַכט מיט מער אויפמערקזאַמקײַט.

פאַר אַ פּעאָן, איז ער געווען אומזיניק אָנגעטאָן: די וואַליזע, אַ לעדערנע און מיט לוקסיעזע פּאַסן. זײַן אָנצוג פון ברוינעם קאָליר אָן איין פלעק און לסוף זײַנע שטיוול; דאָס זײַנען נישט געווען קיין שטיוול צו דער אַרבעט, נאָר אַן אַרטיקל פון ערשטער קוואַליטעט. און איבער אַלץ האָט אימפּאָנירט דער עלעגאַנטער, שמייכלענדיקער און זעלבסטזיכערער אויסזען פון מײַן מענטש.

— ער, אַ פּעאָן?...

— צו יעטוועדער אַרבעט — האָט ער מיר געענטפערט פריילעך — איך קאָן שלעפּן האַק און רידעל... איך האָב שוין געאַרבעט פריער אין פאָז דאָ איגואוסו; האָב אויך פאַרזייט קאַרטאָפל.

דער בחור איז געווען אַ בראַזיליאַנער און גערעדט אַ מין גרענעץ־שפּראַך, אַ געמיש פון פּאָרטוגעז, שפּאַניש און גואַראַני, מיט אַ שטאַרקן בײַגעשמאַק.

— קאַרטאָפל? און די זון? — האָב איך באַמערקט — ווי אַזוי האָט איר אײַך אַן עצה געגעבן?

— אָ — האָט ער געענטפערט הויבנדיק די אַקסלען — זון מאַכט נישט גאָרנישט... דאַרף אַכטונג געבן, גוט צעגראָבן מיט רידעל... און גיט צעקלאַפּן יוילד־גראָז. ווילד־גראָז ערגסטער שונא פון קאַרטאָפל.

*) „פּעאָן": אַ שוואַרץ־אַרבעטער, אַ פאַראָבעק.

איך האָב אים געוויזן, ווי אַזוי, איך האָב מיר אויסגעלערנט צו קולטיווירן קאַרטאָפל אין אַ לאַנד ווו די זון, וואָס אויסער וואָס זי טויט אָפּ די גרינצײַג, פאַרברענענדיק זיי, בײַם פּשוטן אָנרירן, גלײַך ווי אַ פּרעס־אײַזן, דערהרגעט אויך אין דרײַ סעקונדעס די געלע מוראַשקעס און אין צוואַנציק סעקונדעס די קאַראַל־שלאַנג.

דער מענטש האָט געקוקט אויף מיר און געקוקט אויף אַלצדינג: זעט אויס, אַז איך בין אים געפעלן געוואָרן און עס איז אים געפעלן די געגנט.

— גוט... — האָב איך אים געזאָגט — מיר וועלן פּרוּוון איייניקע טעג... איך האָב איצט נישט קיין סך אַרבעט.

— עס מאַכט נישט אויס — האָט ער מיר געענטפערט

— עס געפעלט מיר די שטוב. זייער שיינער פּלאַץ דאָ.

און זיך אויסדרייענדיק צום פּאַראַנאַ, וואָס פליסט דאָרטן אַ פאַרשלאָפענער אין טײַך־בעקן, האָט ער צוגעגעבן אַ צופרידענער:

— אָ, פּאַראַנאַ פון טײַוול!... אויב באַלעבאָס וויל כאַפּן פּיש, איך דיר באַגלייטן אײַך... איך שטאַרק צופרידן בין אין פּאָז מיט די פּיש־העכט.

פון דער זײַט, יאָ; אויף צו פאַרווײַלן זיך, האָט דער מענטש אויסגעזען צוגעפּאַסט ווי נאָר ווייניק. דער פּאַל איז אָבער געווען, וואָס ער האָט מיר אויך פאַרווײַלט און איך האָב אַרויפגעלייגט אויף מײַן געוויסן די פּאָר פּעזעס, וואָס ער וועט מיר קאָסטן.

ער האָט אַלזאָ איבערגעלאָזט זײַן וואַליזע אויפן טיש פון דער וועראַנדע און האָט מיר געזאָגט:

— הײַנטיקן טאָג נישט אַרבעטן... גיין באַקענען די שטאָט. מאָרגן הויב אָן.

פון צען פּעאָנעס, וואָס קומען זוכן אַרבעט אין מיסיאָנעס, הויבט בלויז איינער אָן צו אַרבעטן באַלד. און דאָס איז אַזעלכער, וואָס איז פולשטענדיק צופרידן פון די אײַנגעשטעלטע באַדינגונגען. די וואָס לייגן אָפּ זייער אַרבעט אויפן מאָרגנדיקן טאָג, וויפל זיי זאָלן נישט צוזאָגן, קומען קיינמאָל נישט צוריק.

אָבער מײַן מענטש איז געווען פון אַן אייגנאַרטיקער קאַטעגאָריע, אַז מען זאָל אים אײַנשליסן אין דעם נאָרמאַלן צעטל פון די „מענסוס"*) און דערפאַר האָב איך געהאַט אַ האָפענונג. און ווירקלעך אויפן צווייטן טאָג, באַגינען, איז ער געקומען, זיך רײַבנדיק די הענט בײַם טויער.

— איצט יאָ, אַרבעטן... וואָס פאַראַן צו טאָן?

איך האָב אים איבערגעגעבן, אַז ער זאָל פאָרזעצן גראָבן אַ ברונעם אין שטייניקע זאַמדן; וואָס איך האָב אָנגעהויבן און וואָס האָט דערגרייכט קוים צו דרײַ מעטער אין דער טיף. דער מענטש איז אַראָפּגעגאַנגען, זייער צופרידן פון דער אַרבעט און אַ לאַנגע צײַט האָב איך געהערט דעם טויבן קלאַפּ פון דעם גראָב־אײַזן און דאָס פײַפן פון דעם גרובן־אַרבעטער.

מיטיק־צײַט האָט גערעגנט און דאָס וואַסער האָט פאַרשלעפּט אַ ביסל ערד אין גרונט. אַ צײַט שפּעטער האָב איך נאָכאַמאָל געהערט דאָס פײַפן פון מײַן מענטשן, אָבער דער גראָב־אײַזן איז נישט געגאַנגען גוט. איך בין צוגעגאַנגען זען, וואָס עס קומט פאָר און האָב געזען ווי אָלעווירעאַ — אַזוי האָט ער געהייסן — שטודירט געוויסנהאַפט, דעם אומוועג פון יעדן קלאַפּ מיטן גראָב־אײַזן, כדי די שפּריצן פון בלאָטע זאָלן נישט פאַרפלעקן זײַנע הויזן...

— וואָס איז דאָס, אָליווערא? — האָב איך אים געפרעגט — אַזוי וועלן מיר נישט אויפטאָן קיין גרויסע זאַך...

— איז גוט! — האָט ער געמורמלט — סך גוט!...

איך האָב מיר אָפּגערוקט, כדי נישט איבערצורײַסן מיט דעם אומזיניקן „פּעאָן", וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעלכן. ווען איך בין שוין אָפּגעגאַנגען בײַ די צען טריט, האָב איך געהערט זײַן שטים, וואָס איז געקומען פון אונטן:

— כאַ, כאַ!... דאָס בין גוט, אָ באַלעבאָס!... איך מיר דערווײַל שמוצן מײַנע קליידער, אויב מאַכן פאַרדאַמטן ברונעם?

דער ענין האָט אים פאַרשאַפט אַ סך הנאה. אַ פּאָר שעה שפּעטער, איז אָליווערא אַרײַנגעקומען, נישט געבנדיק אַפילו קיין הוסט בײַ דער טיר, אויף צו מעלדן זײַן אָנוועזנהייט — אַ זאַך וואָס איז אַ שטענדיקע געוווינהייט בײַ אַ „מענסו". ער האָט אויסגעזען פריילעכער ווי שטענדיק.

— דאָרטן פאַראַן ברונעם — האָט ער אָנגעוויזן, כדי איך זאָל נישט צווייפלען אין זײַן עקזיסטענץ — פאַרדאַמטער!... איך נישט אַרבעט מער דאָרטן. ברונעם וואָס איר געמאַכט... דו נישט ווייסט, מאַכן אײַער ברונעם, איר!... אַ סך שמאָל. וואָס מיר טאָן איצט באַלעבאָס?... ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אויפן טיש און געקוקט אויף מיר.

אָבער בײַ מיר האָט אָנגעהאַלטן די שוואַכקייט צו דעם מענטשן. איך האָב אים געשיקט אין שטעטל ער זאָל קויפן אַ שנײַד־מעסער.

— „קאַללינס" — האָב איך אים געזאָגט — איך וויל נישט קיין „טאַראָ". *)

דער בחור האָט זיך אויסגעשטרעקט אָן אויפגעלעבטער פון פרייד.

---

*) „מענסו": לוין־אַרבעטער, פאַראָבעקס וואָס אַרבעטן אויפן חודש.

*) „קאָללינס" און „טאָראָ": קלאַסן פון שנײַד־מעסערס.

— דאָס יאָ בין גוט! שײן. קאָלין! איך איצט האָבן זועל פאַר מיר אויסגעצייכנטן מעסער.

און ער איז אַרויס אַ גליקלעכער, גלײַך ווי דער שנייד־מעסער וואָלט באמת געווען פאַר אים.

עס איז געווען האַלב דרײַ נאָכמיטיק, די צוגעפּאַסטע שעה אויף צו באַקומען אַ זונענשלאַג, ווען עס איז אוממעגלעך אָנצורירן אַ שטיקל האָלץ, וואָס איז געלעגן צען מינוט אויף דער זון. וואַלד, פעלד, זײַלנשטיין און דער רויטער זאַמד, אַלצדינג האָט אויסגעמישט די פאַרבן און פאַרשוואונקט געוואָרן פון דעם זעלביקן געלן טאָן. די לאַנדשאַפט איז געלעגן אַ טויטע, אין אַ רואיקייט, אָנגעשטאָפּט מיט אַן איינטאָניקן זשום אויף דעם זעלביקן אויערן־לעפל, וואָס האָט אויסגעוויזן צו באַגלייטן דעם בליק, וווּהין ער זאָל זיך נישט ווענדן.

אויף דעם ברענענדיקן וועג, מיט דעם הוט אין דער האַנט, קוקנדיק פון איין זײַט אויפן צווייטן, אויף די שפּיצן פון די ביימער, מיט אויסגעצויגענע ליפּן, גלײַך ווי ער וואָלט געפײַפט, כאָטש ער האָט דאָס נישט געטאָן, איז מײַן מענטש געגאַנגען זוכן דעם שנײַד־מעסער. פון דער שטוב ביזן שטעטל איז אַ האַלבע „לעגואַ" *). אײדער עס איז דורכגעגאַנגען אַ שעה, האָב איך געזען פון דער ווײַטנס ווי אָליווערא קערט זיך אום לאַנגזאַם, פאַרווײַלנדיק זיך מיט מאַכן צייכנס אויפן וועג מיט דעם מעסער. עפּעס אין זײַן גאַנג האָט פונדעסטוועגן אָנגעוויזן אויף אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג און נישט גראָד פון נאָכמאַכן די צייכנס פון אַ יאַשטשעריצע אויפן זאַמד. איך בין אַרויסגעגאַנגען צום טויער פון וועג און איך האָב געזען וואָס עס טוט אָליווערא: ער האָט געפירט פאַר זיך, אָנצייכנענדיק פאַר איר דעם וועג מיט דעם מעסער, אַ שלאַנג, פון דעם קלאַס שלאַנגען וואָס פאַנגען הינער...

יענעם פרימאָרגן האָט ער מיר געזען אַרבעטן מיט שלאַנגען אַ „גוטער גאָט געדאַנק" לויט אים.

האָבנדיק געפונען די שלאַנג בײַ די טויזנט מעטער פון שטוב, האָט אים אויסגעזען זייער נוצלעך איר צו ברענגען אַ לעבעדיקע „פאַרן שטודיום פון באַלעבאָס" און עס איז פאַר אים געווען נאַטירלעך, איר צו לאָזן גיין פאַר אים, אַזוי ווי מען פירט אַ שעפּס.

— וואָרעם נידערטרעכטיקער! — האָט ער אויסגערופן אַ צופרידענער, זיך ווישנדיק דעם שוויים — נישט געוואָלט ער גיין גלײַך...

אָבער דאָס איבעראַשנדיקסטע פון מײַן פּעאָן איז געווען דאָס, וואָס נאָכדעם האָט ער געאַרבעט — און געאַרבעט אויף אַזאַ אופן, ווי איך האָב דאָס קיינמאָל קיינעם נישט געזען טאָן.

שוין מיט אַ צײַט צוריק ,האָב איך געהאַט די האָפנונג צוריק צו פאַרפלאַנצן די פינף פּאַלם־ביימער וואָס האָבן געפעלט, אין דעם קרײַז פון די פּאַלמען, וואָס זײַנען געווען אַרום דער שטוב. אין דאָזיקן טייל פון הויף איז די ערד פול מיט מינעראַל־שיכטן געמישט מיט געברענטן זאַמד. די דאָזיקע ערד וואַרפט צוריק דעם גראָב־אײַזן מיט אַ קורצן און שאַרפן גרילץ. די פּעאָנעס וואָס האָבן ביז איצט געמאַכט די אויסגראָבונגען, האָבן געגראָבן אויף אַ טיף פון בלויז פופציק צענטימעטער און עס איז געווען נויטיק צו גראָבן מינדעסטנס אַ מעטער כדי איבערצוקומען דעם שאַרפן הינטערבאָדן.

איך האָב איבערגעגעבן די אַרבעט אָליווערען. אַזוי ווי דאָרטן איז נישט געווען קיין בלאָטע, וואָס האָט געקאָנט פאַרשפּריצן זײַנע הויזן, האָב איך דערוואַרט, אַז ער וועט מסכים זײַן און געפינען די אַרבעט לויט זײַן געשמאַק.

און אַזוי איז דאָס ווירקלעך געווען. ער האָט באַטראַכט אַ לאַנגע צײַט די גריבלעך, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, צוליב די נישט רונדיקע פאָרם זייערע. ער האָט זיך אויסגעטאָן דאָס רעקל און עס אויפגעהאַנגען אויף די צווײַגן פון פּאַלם־בוים וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן. ער האָט געקוקט אַ ווײַל אויפן טײַך פּאַראַנאַ און נאָכדעם ווי ער האָט אים באַגריסט, מיט: „אָ, גרויסאַרטיקער פּאַראַנאַ! — האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיט צעשפּרייטע פיס איבערן גראָבן.

ער האָט אָנגעהויבן די אַרבעט אַכט אַזייגער אין דער פרי. עלף אַזייגער האָבן מיט דער זעלביקער פּעסטקײַט געקלונגען די שטאַנגען פון מײַן מענטש. זאָל דאָס זײַן אַלס פּועל־יוצא צוליב דער שלעכטער פּרימיטיווער אַרבעט, אָדער אַ צייכן פון טריאומף פון מײַן אַרבעטער. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז איך האָב קיינמאָל נישט געזען אַרײַנלייגן אַזוי פיל נשמה אין יעדן קלאַפּ מיט דער שטאַנג. דאָס גאַנצע וועלדל אַרום האָט אָפּגעקלונגען פון די טויבע קלאַנגען, ווײַל דער גראָב־שטאַנג האָט געאַרבעט אויף אַ מעטער די טיף.

צײַטנווײַז האָב איך מיר צוגערוקט צו זען ווי ער אַרבעט. אָבער דער מענטש האָט גאָרנישט גערעדט, ער האָט געקוקט פון צײַט צו צײַט צום פּאַראַנאַ און האָט נאָך מער צעשפּרייט די פיס.

איך האָב געמיינט, אַז בעת דער „סיעסטאַ" *), וועט ער נישט וועלן אַרבעטן, אונטער דער גיהנומדיקער היץ פון דער זון. עס איז אָבער ראַזוינס נישט געשען. אַרום צוויי אַזייגער איז ער צוגעקומען צום גרוב, האָט אויפגעהאַנגען זײַן הוט, האָט אַרויסגענומען די וואָרצלען פון דעם פּאַלם־בוים און האָט פון דאָס נײַ אָנגעהויבן.

איך האָב מיר געפילט שלעכט אין דער דאָזיקער „סיעסטאַ". אין דער דאָזיקער שעה, איז אויסער דעם זשום פון אַ בין און דעם מאָנאָטאָנעם רויש פון דער

*) „לעגואַ": בײַ די פינף מיט אַ האַלבן קילאָמעטער.

*) סיעסטאַ: נאָכמיטיק־אָפּרו.

אַרומיקער לאַנדשאַפט, קאָן מען געוויינלעך גאָרנישט הערן. אָבער איצט האָט אין דעם אַרומיקן וועלדל אָפּגעקלונגען אויף אַ טויבן אופן אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ. גראָד צוליב דעם שלעכטן צושטאַנד אין וועלכן איך האָב מיר געפונען, האָב איך צוגעלייגט אַ קראַנקן אויער צום דאָזיקן אָפּקלאַנג. יעדער קלאַפּ מיט דעם גראָב־שטאַנג, האָט מיר אויסגעוויזן אַלץ שטאַרקער. מיר האָט זיך געדוכט צו הערן אַפילו דעם „האַה"! פון דעם אַרבעטער בײַם אײַנבויגן זיך. די קלעפּ האָבן געהאַט אַן אָנגעצייכנטן ריטם; אָבער פון איינעם ביז צום צווייטן איז אַריבער אַ גאַנצער יאָרהונדערט. און יעדער נײַער קלאַפּ, איז געווען אַ שטאַרקערער ווי דער פריערדיקער.

— אָט קומט ער שוין — האָב איך געזאָגט צו מיר אַליין — איצט, איצט... דער דאָזיקער קלאַפּ וועט אָפּקלונגען שטאַרקער ווי די ביז איצטיקע...

און אין דער ווירקלעכקייט, האָט דער קלאַפּ אָפּגעקלונגען שרעקלעך, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען דער לעצטער פון אַ פעסטן אַרבעטער, איידער ער וואַרפט אַוועק דאָס געצײַג צום טײַוול.

אָבער די פֿײַנלעכקייט האָט זיך באַלד צוריק אָנגעהויבן:

— דער וועט זײַן נאָך אַ מער שטאַרקערער... ער וועט שוין קלינגען... און ער האָט טאַקע ווירקלעך געקלונגען.

גאַנץ מעגלעך, אַז איך האָב געהאַט אַ ביסל פיבער. אַרום פיר אַזייגער האָב איך שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און בין צוגעגאַנגען צום גרוב.

— פאַרוואָס לאָזטו נישט אָפּ אויף אַ מינוט, אַליוועראַ? — האָב איך אים געזאָגט — דו וועסט משוגע ווערן מיט דעם...

דער מענטש האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיר באַטראַכט מיט אַ לאַנגן און איראָנישן בליק.

- באַשטאַנען... דו נישט ווילסט, איך דיר זאָל מאַכן דײַנע גריבער?...

און ער האָט ווײַטער אויף מיר געקוקט, מיט דער גראָבשטאַנג אין די הענט, ווי מיט אַ ביקס בעתן אָפּרו.

איך בין פון דאָרטן אַוועקגעגאַנגען און ווי שטענדיק ווען איך האָב מיר געפילט אַנטוישט, האָב איך גענומען דעם שנײַד־מעסער און בין אַוועק אין וואַלד.

אין אַ שעה אַרום האָב איך מיר צוריקגעקערט, שוין אַ געזונטער. איך בין צוריקגעקומען פון וואַלד הינטן־אַרום פון הויז. אַליווערא האָט בשעת־מעשה פאַרענדיקט צו רייניקן דעם גרוב מיט אַ בלעכענער שעפּ און אין אַ ווײַלע שפּעטער איז ער מיר געקומען זוכן אין עסצימער.

איך האָב נישט געוווסט, וואָס אַזוינס מײַן מענטש וועט מיר זאָגן, נאָך דער אַרבעט פון דעם שרעקלעכן טאָג. ער האָט זיך אָבער אַוועקגעשטעלט קעגן מיר און צו מיר גערעדט בלויז אָנווײַזנדיק די פאַלמען מיט שטאָלץ און אַ קליין ביסעלע פאַראַכטונג.

— דאָ האָסטו פאַר דײַנע „באַקאַזשאַס"*) אַזוי... מען מאַכט אַן אַרבעט!...

און ער האָט פאַרענדיקט, זעצנדיק זיך קעגנאיבער מיר און אויסציענדיק די פיס אויף אַ שטול און האָט גלײַכצײַטיק זיך געווישט דעם שווייס:

- שטיינער פון טײַוול!... איך געבליבן אַ צעקנייטשטער...

*
* *

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון מײַנע באַציאונגען, מיט דעם סאַמע וווּנדערלעכסטן „פּעאָן", וואָס איך האָב ווען עס איז געהאַט אין מיסיאָנעס. ער איז געווען מיט מיר דרײַ חדשים, אין ענינים פון צאָלונגען איז ער געווען זייער פאָרמעל; ער פלעגט שטענדיק אָפּרעכענען זײַנע חובות צום סוף וואָך. די זונטיקן איז ער געגאַנגען אין שטעטל אַרײַן, אָנגעטאָן אויף אַן אופן, וואָס איך אַליין האָב אים מקנא געווען — צו וועלכן ער האָט נישט געדאַרפט האָבן צופיל... ער איז דאָרטן אַרומגעגאַנגען אײַבער אַלע שענקען, ער האָט אָבער קיינמאָל גאָרנישט געטרונקען. ער איז געזעסן אין אַ שענקל בײַ די ציווישעה, האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס עס רעדן די אַנדערע „פּעאָנעס", ער איז געגאַנגען פון איין גרופּע צו דער צווייטער. לויט ווי עס האָט זיך געענדערט די באַוועגלעכקייט און האָט זיך צוגעהערט צו אַלצדינג מיט אַ שטומען שמייכל. ער האָט אָבער קיינמאָל נישט גערעדט. שפּעטער איז ער געגאַנגען אין אַן אַנדער שענקל, נאָכדעם נאָך אין אַן אַנדער און אַזוי ביז אויף דער נאַכט. מאָנטיק איז ער שטענדיק געקומען אַהיים אין דער ערשטער שעה, רײַבנדיק זיך די הענט, באַלד ווי ער פלעגט מיר זען.

מיר האָבן אויך געמאַכט אייניקע אַרבעטן צוזאַמען, מיר האָבן צום בײַשפּיל אויסגערייניקט די גרויסע באַנאַנע־פּלאַנטאַציע, וואָס עס האָט בײַ אונדז פאַרנומען גאַנצע זעקס טעג, כאָטש אַליין פלעג איך דאָס מאַכן אין בלויז דרײַ טעג. דאָס איז געווען די סאַמע שווערסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז געטאָן אין מײַן לעבן און מעגלעך אויך פאַר אים — צוליב דער היץ פון יענעם זומער. דער אָנגעהיצטער אַמביענט פון באַנאַנע־געוויקסן, וואָס איז אויסערגעוויינלעך שמוציק: אין אַ פאַרטיפונג פון זאַמד וואָס ברענט די פיס דורך די שטיוול, איז די שטאַרקסטע פּראָבע פון דער רעזיסטענץ, וואָס אַ מענטש קאָן האָבן קעגן דער היץ. אין דער הויך, נעבן דעם הויז, קורטשען זיך צוזאַמען די בלעטער ווי משוגענע פון דעם צפון־ווינט — אַ גליאיקער ווינט פון אַן אויוון, אויב מען וויל, אָבער וואָס פרישט אָפּ צוליב דער אויסעטעמונג

---

*) באקאושא — א מין פאלמען־בוים.

פֿון דעם שווייס, אָבער אונטן אין דעם גרונט, ווו מיר זײַנען געווען צווישן שטרוי־זאַנגען פֿון צוויי מעטער די הויך, אין אַן אַטמאָספֿער אָנגעזאַפּט און באַגלאַנצט מיט ניטראַטן, צעטײלט אין צוויי, כּדי צו קאָנען שנײַדן מיט דעם מעסער, נאָענט צום באָדן, דאַרף מען האָבן אַ סך גוטן ווילן, כּדי צו קאָנען פֿאַרטראָגן די היץ.

אָליווערא האָט זיך אויפֿגעשטעלט פֿון צײַט צו צײַט, האַלטנדיק די הענט בײַ די לענדן. די העמד און די הויזן פֿולשטענדיק נאַס. ער האָט אָפּגעווישט דאָס הענטל פֿון דעם שנײַד־מעסער, אַ צופֿריעדנער מיט זיך זעלבסט און פֿון דעם אָנבליק פֿון טײַך, וואָס געפֿינט זיך דאָרטן אין הינטערגרונט פֿון טאָל:

— אָ, באָד וואָס איך וועל מיר געבן!... אַה, טײַך פּאַראַנאַ!

*

* *

בײַם ענדיקן די דאָזיקע רייניקונג, האָב איך געהאַט מיט מײַן מענטשן דעם איינציקן פֿאַרדריסלעכן פֿאַל וואָס איז צווישן אונדז פֿאָרגעקומען.

אין שטוב האָבן מיר געהאַט, זײַט פֿיר חדשים, זייער אַ גוטע דינסט. ווער עס האָט געלעבט אין מיסיאָנעס, אין ישובֿים, אָדער ווו עס זאָל נישט זײַן, אין דעם וואַלד, אָדער אין פֿעלד, וועט פֿאַרשטיין אונדזער צופֿרידנקייט מיט אַזאַ מיידל.

זי האָט געהייסן סירילאַ און איז געווען די דרײַצנטע טאָכטער פֿון אַ פּאַראַגווײַער „פּעאָן", וואָס איז געווען זייער קאַטויליש, זינט זײַן יוגנט און וואָס האָט צו די זעכצן יאָר, זיך אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן. ער פֿלעגט אומפֿעלבאַר באַגלייטן אַלע פּראָצעסיעס, זינגענדיק די תּפֿילות אויפֿן וועג.

דאָס מיידל האָט גענאָסן פֿון אונדזער גאַנצן צוטרוי. נאָך מער, מיר האָבן קיינמאָל נישט געמערקט בײַ איר קיין שום שוואַכקייט צו אָליווערען, וואָס איז אין די זונטיקן געווען אַן אויסגעפּוצטער בחור. זי איז געשלאָפֿן אין שפּײַכלער, פֿון וועלכן זי האָט פֿאַרנומען אַ העלפֿט; אין דער צווייטער העלפֿט האָב איך געהאַט מײַן וואַרשטאַט.

אין אַ געוויסן טאָג, האָב איך געזען אָליווערען אָנגעשפּאַרט אין דעם גראָב־אײַזן און נאָכפֿאָלגנדיק מיט די אויגן דאָס מיידל, וואָס איז דורכגעגאַנגען צום ברונעם הוכן וואַסער. איך בין גראָד נאָר־וואָס פֿאַרבײַגעגאַנגען.

— דאָ האָסטו — האָט ער מיר געזאָגט, אויסציענדיק די ליפּ — אַ גוטע דינסט פֿאַר דיר... גוטע מיידל! און נישט קיין מיאוסע. זייער פֿלינקע...

דאָס אָפּזאָגנדיק, האָט ער ווײַטער פֿאָרגעזעצט גראָבן, אַ צופֿרידענער.

אין אַ געוויסער נאַכט, האָבן מיר געדאַרפֿט אויפֿוועקן סירילאַן עלף אַזייגער. זי איז גלײַך אַרויסגעקומען פֿון איר צימער אַן אָנגעטועגע — ווי עס שלאָפֿן געוויינלעך אַלע דאָרטיקע דינסטן — אָבער זייער אַן אָנגעפּודערטע.

צו וועלכן טײַוול האָט דאָס מיידל געדאַרפֿט פּודער צום שלאָפֿן? מיר האָבן נישט געקאָנט טרעפֿן די סיבה דערפֿון, אויסער פֿון אַ מעגלעכער בײַנאַכטיקער קאָקעטעריע.

אָבער עס איז געשען אין אַ געוויסער נאַכט, זייער שפּעט, האָב איך מיר אויפֿגעהויבן כּדי צו פֿאַרטרײַבן איינעם פֿון די אַזוי פֿיל הונגעריקע הינט, וואָס פֿלעגן אין יענע צײַטן, צעבײַסן מיט זייערע ציין די דראָט־פֿאַרצוימונגען, כּדי צו קאָנען אַרײַנגיין. בײַם דורכגיין דורכן וואַרשטאַט, האָב איך געהערט אינעווייניק אַ רויש און אין דער זעלביקער צײַט איז אַ שאָטן אַרויסגעלאָפֿן שנעל פֿון אינעווייניק, אין דער ריכטונג פֿון טויער.

איך האָב געהאַט אין וואַרשטאַט אַ סך געצײַג — דער אייביקער נסיון פֿון די „פּעאָנעס" — וואָס עס איז געווען ערגער, איז דאָס וואָס איך האָב אין יענער נאַכט געהאַט אין האַנט אַ רעוואָלווער, ווײַל איך בין מיר מודה, אַז זעענדיק יעדן פֿרימאָרגן דרײַ אָדער פֿיר לעכער אין די דראָט־פֿאַרצוימונגען, בין איך כּמעט אַרויס פֿון די האָלאַבליעס.

איך בין געלאָפֿן צום טויערל, אָבער דער מענטש איז שוין אַוועק מיט דער גאַנצער שנעלקײַט צום וועג, מיטשלעפּנדיק מיט זיך די שטיינדלעך פֿון וועג. קוקנדיק אין דער ריכטונג פֿון שאָטן, האָב איך אויסגעשאָסן די פֿינף קוילן: די ערשטע קויל אפֿשר נישט מיט קיין זייער גוטער כּוונה, אָבער די איבעריקע האָב איך אויסגעשאָסן אין דער לופֿטן. איך געדענק זייער קלאָר דאָס אַלץ און אויך דאָס צוגעאײַלטע און פֿאַרצווייפֿלטע אַנטלויפֿן בײַ יעדן שאָס.

מער איז גאָרנישט געווען. אָבער עפּעס האָט גערופֿן מײַן אויפֿמערקזאַמקייט: און דאָס איז וואָס דער בײַנאַכטיקער גנבֿ, איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין שיך, אורטײלנדיק לויט די שטיינדלעך, וואָס ער האָט מיטגעשלעפּט און „פּעאָנען" וואָס גייען אָנגעטאָן שיך, אָדער שטיוול, אויסער אין די זונטיק־טעג, זײַנען געציילטע.

דעם קומענדיקן פֿרימאָרגן, האָט אונדזער דינסט געהאַט אַ פֿולשטענדיקן אויסזען פֿון אַ שולדיקער. איך בין געשטאַנען אין הויף ווען אָליווערא איז אָנגעקומען. ער האָט געעפֿנט דאָס טויערל און געגאַנגען, פֿײַפֿנדיק צום פּאַראַנאַ און צו די מאַנדאַרין־ביימער, גלײַך ווי ער וואָלט גאָרנישט באַמערקט.

איך האָב אים געגעבן דעם פֿאַרגעניגן, אַז איך זאָל זײַן דער וואָס האָט אָנגעהויבן.

— הערט זיך איין אָליווערא — האָב איך אים געזאָגט — אויב איר האָט אַן אינטערעס אין איינער פֿון מײַנע געצײַג, קאָנט איר מיר דאָס בעטן בײַטאָג און נישט קומען דאָס זוכן אין מיטן דער נאַכט...

דער קלאַפּ איז געקומען אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ. מײַן מענטש האָט געקוקט אויף מיר מיט ברייט צעעפֿנטע

אויגן און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט איין האַנט אין דעם ווײַנשטאָק־בוים.

— אַה, ניין! — האָט ער אויסגערופן שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, אָן אויפגערעגטער — איר גוט ווייסט, אַז איך נישט גנבע בײַ דיר! — אַה, ניין! קיינער נישט קאָן זאָגן דיר דאָס!

— אָבער די זאַך איז — האָב איך ווײַטער גערעדט — אַז איר זענט נעכטן בײַנאַכט געווען אין וואַרשטאַט.

— און יאָ!... און אויב איר מיר זעסט אין אַ געוויסן פּלאַץ... דו וואָס ביזט גרויסער מענטש... דו, איר ווייסט גוט, אַז איך נישט געפּאַלן אויף גנבענען בײַ דיר...

און ער האָט געטרייסלט דעם ווײַנשטאָק, מורמלענדיק:

— באַרבאַריטעטן!

— גוט, מיר לאָזן דאָס צורו — האָב איך פאַרענדיקט — אָבער איך וויל נישט קיין באַזוכן, פון קיין שום קלאַס בײַנאַכט. אין אײַער שטוב וועט איר טאָן דאָס וואָס איר ווילט; דאָ, נישט.

אָליוועראַ האָט נאָך אַ שטיקל צײַט געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָכדעם האָט ער אַ צי געטאָן די אַקסלען און איז אַוועק נעמען די טאַטשקע, ווײַל אין יענע טעג, האָבן מיר זיך פאַרנומען מיטן איבערפּירן ערד.

עס זײַנען נישט אַריבערגעגאַנגען קיין פינף מינוט, ווי ער האָט מיר גערופן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די שטאַנגען פון דער געלאַדענער טאַטשקע און ווען איך בין צוגעקומען האָט ער געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער פויסט אין דער ערד, האַלב־ערנסט:

— און ווי וועט זײַן אַז איך דיר, אײַך דערווײַז, אַז בין געקומען צו דער קאַץ לאָמיר זאָגן?!...

— איך האָב גאָרנישט צו דערווײַזן — האָב איך אים געזאָגט — דאָס וואָס איך ווייס איז, אַז ווען איר וואָלט נעכטן בײַנאַכט נישט אַזוי שנעל געלאָפן, וואָלט איר איצט נישט אַזוי פיל געפּלוידערט און געשלאָפן דאָ אויף דער טאַטשקע.

איך בין אַוועקגעגאַנגען .אָבער אָליוועראַ האָט שוין צוריק באַקומען זײַן גוטע שטימונג.

— אַ, דאָס יאָ! — האָט ער אויסגערופן מיט אַ געלעכטער און זיך אויפגעהויבן צו דער אַרבעט — טײַוול מיטן באַלעבאָס!... פּים! פּאַם! פּום!... באַרבאַריטעטן פון רעוואָלוער...

און אָפּפאָרנדיק מיט דער געלאַדענער טאַטשקע האָט ער אויסגערופן:

— אויסגעצייכנט, דו איר!...

און צו פאַרענדיקן מיט דער דאָזיקער געשיכטע, האָט מיר אָליוועראַ נאָך פאַרהאַלטן דעם זעלביקן נאָכמיטיק בײַם אַוועקגיין:

און דו, איר, פאַרשטיין... האָט ער מיר גע־

וווּנען — פאַר אײַך, דיר זאָג, ביזט גוטער באַלעבאָס פון אָליוועראַ... די סירילאַ... לאָז איר צורו!... איז זייער אַ שיינע.

דער בחור איז נישט געווען קיין עגאָיסט, ווי מען זעט.

אָבער די סירילאַ האָט זיך שוין מער נישט גוט געפילט אין שטוב. ווײַל אַ חוץ דעם, איז אין יענער געגנט נישט פאַראַן קיין פאַל פון אַ דינסט פון וועלכער מען זאָל קענען זײַן פולשטענדיק זיכער. צוליב איין זאַך, אָדער אַ צווייטע אָדער אָן שום מאָטיוו, קאָן זי אין אַ שיינעם טאָג אַוועק־גיין. עס איז בײַ זיי אַ בליציקער און אומווידערשטאַנדבאַ־רער פאַרלאַנג. ווי האָט געזאָגט וועגן דעם אָן אַלטע פרוי: „עס קומט זיי אָן דער חשק צו מאַכן פּ... און זיי קאָנען נישט וואַרטן.“

אונדזער מיידל איז אויך אַוועקגעגאַנגען. אָבער נישט אויפן צווייטן טאָג, ווי זי האָט דאָס באַשלאָסן און ווי עס איז געווען איר פאַרלאַנג, ווײַל נאָך אין דער זעלביקער נאַכט האָט איר געביסן אַ שלאַנג.

די דאָזיקע שלאַנג, איז געווען אַ טאָכטער פון אַ חיהלע, וועמענס געפלעקטע פעל, איך האָב געזען צווישן די צווײַגן פון דעם באַנאַנען־פּלאַץ, נעבן שטוב, ווען איך בין אַהין געקומען מיט פיר יאָר צוריק. די „זשאַראַראַ“*) איז זיכער דאָרטן פאַרבלײַבנגעגאַנגען, ווײַל איך האָב איר קיינמאָל נישט געפונען, אָבער איך האָב געטראָפן זייער אָפט עקזעמפּלאַרן פון אירע קינדער, וואָס זי האָט געלאָזט אין דער אומגעגנט, בײַ די זיבן שלענגלעך, וואָס איך האָב דערהרגעט נעבן שטוב און אַלע אין זייער נישט קיין נאָרמאַלע באַדינגונגען.

דרײַ זומערן כּסדר, האָ טגעדויערט דאָס הרגענען זיי. אין דעם ערשטן יאָר האָבן די שלאַנגען געהאַט בײַ די 35 צענטימעטער און אין דעם דריטן יאָר, האָבן זיי שוין דערגרייכט צו 70 צענטימעטער. די מוטער — אורטיילנ־דיק לויט דער פעל, האָט געדאַרפט זײַן אַן אויסגעצייכנ־טער עקזעמפּלאַר.

די דינסט, וואָס איז זייער אָפט געגאַנגען קיין סאַן איגנאַסיאָ, האָט אין אַ געוויסן טאָג געזען דער שלאַנג ווי זי האָט דורכגעקרײַצט די סטעזשקע. אַ זייער גראָבע — האָט זי געזאָגט — און מיט אַ קליינטשיק קעפּעלע.

צוויי טעג נאָכדעם, איז מײַן „פּאַקסטעררייער“־הינטל פאַרפּאָלגנדיק אַ וואַלד־קוראָפּאַטקע, אין דער זעלביקער געגנט, געביסן געוואָרן אין דער מאָרדע פון אַ שלאַנג און געפּגרט אין 17 מינוט.

די נאַכט פון דעם פאַל מיט סירילאַן, בין איך געווען אין סאַן־איגנאַסיאָ — וואוהין איך פלעג גיין פון צײַט צו צײַט. אָליוועראַ איז אַהין געקומען שנעל צו לויפן מיר אָנצוזאָגן, אַז אַ שלאַנג האָט געביסן סירילאַן. מיר זײַנען

*) זשאַראַראַ: אַ קלאַס געפלעקטע שלאַנגען

געפלויגן אין שטוב אויף אַ פערד און איך האָב געטראָפן דאָס מיידל זיצנדיק אויף אַ טרעפּל אין עס־צימער, זיפצנדיק, מיט דעם פאַרוואונדעטן פוס צווישן די הענט.

אין שטוב האָט מען איר פאַרבונדן דעם קנעכל און זיך באַמיט צו מאַכן איר אַן אינזשעקציע פון פערמאַנגאַנאַט. עס איז אָבער גאָרנישט אַזוי לײַכט אַרײַנצודרינגען מיט אַ נאָדל אין אַ פיאַטע וואָס איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן ווי אַ שטיין צוליב דער פאַרגיפטונג. איך האָב באַטראַכט דעם ביס און איך האָב דערוואַרט צו זען צוזאַמען די צוויי קלאַסישע פינטלעך פון די בײַס־ציין. אָבער די צוויי לעכער פון וועלכע עס זײַנען נאָך גערונען צוויי ריטשקעס מיט בלוט, זײַנען געווען בײַ די פיר צענטימעטער איינער פון צווייטן; צוויי פינגער אָפגערוקט. די שלאַנג האָט געמוזט זײַן אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע.

סירילאַ האָט אַריבערגענומען די הענט פון דעם פוס צום קאָפ און געזאָגט, אַז זי פילט זיך זייער שלעכט. איך האָב געטאָן אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט: איך האָב אויסגעברייטערט די ווונד, אויסגעדריקט, האָב זי אויסגעוואַשן מיט פערמאַנגאַנאַט און מיט גרויסע דאָזן פון אַלקאָהאָל.

עס איז נאָך אין יענער צײַט נישט געווען קיין סערום. אָבער איך האָב שוין צוויי מאָל געהיילט ביסן פון שלאַנגען מיטן טרינקען וואָס מער אַלקאָהאָל און איך האָב שטאַרק געגלויבט אין דער ווירקזאַמקייט דערפון.

מיר האָבן אַוועקגעלייגט דאָס מיידל און אָליווערע האָט זיך פאַרנומען מיט דעם אַלקאָהאָל. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז דער פוס שוין געווען אַ דעפאָרמירטער זאַק און סירילאַ — איך וויל נישט גלויבן, אַז זי איז געווען אומצופרידן מיט דער היילונג — האָט שוין מער נישט אויסגעהאַלטן פון ווייטיק און פון שיכרות. זי האָט געשריגן אָן אויפהער:

— האָט מיר געביסן!... שוואַרצע שלאַנג, פאַרשאָלטענע שלאַנג! אײַ!... איך האַלט נישט אויס!... עס האָט מיר געביסן אַ שלאַנג!... איך האַלט מער נישט אויס דעם דאָזיקן ביס!

אָליווערע, שטייענדיק, מיט די הענט אין די קעשענעס, האָט געקוקט אויף דער קראַנקער און אַלצדינג באַשטעטיקט מיטן קאָפ. פון צײַט צו צײַט, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו מיר און געמורמלט :

— אָ, באַרבאַריטעט!...

אויפן אַנדערן טאָג, פינף אַזייגער אינדערפרי, איז סירילאַ שוין געווען אויסער יעדער געפאַר, כאָטש דאָס געשווילעכטס האָט אָנגעהאַלטן. פון באַגינען אָן, האָט אָליווערע אַרומגעזוכט דעם באַלעבאָס, כדי צו מעלדן אַלעמען אונדזער אָפּגעהאַלטענעם טריאומף:

— אָ באַלעבאָס!... פאַראַן וואָס צו זען!... איר זענט אַ מענטש!... געגעבן בראָנפן און פיהנאַנאַטאַ!... אויסגעלערנט זיך בײַ אײַך...

מיר האָט אָבער באַשעפטיקט די שלאַנג, ווײַל מײַנע קינדער זײַנען זייער אָפט פאַרבײַגעגאַנגען די סטעזשקע.

נאָכן אָפּעסן מיטיק, בין איך געגאַנגען איר זוכן. איר נעסט — מיר וועלן דאָס אַזוי אָנרופן — איז געווען צווישן שטיינער און אויבן עס איז געווען לײַכט איר צו געפינען, איז געווען נאָך לײַכטער צו באַקומען פון איר אַ ביס און בײַס־ציין פון צוויי צענטימעטער, האָבן נישט געקאָנט געפעלן ווערן, אַפילו אַזעלכע וואָס טראָגן ספּעציעלע שטיוול.

עס איז געווען אַ שרעקלעכע היץ און אַ צפון־ווינט, ווען איך בין אָנגעקומען צו יענעם פּלאַץ. איך האָב אָפּגערוקט מיטן מעסער די צווייגן וואָס האָבן פאַרדעקט די נעסט און איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן די בעסטיע, אָבער איך האָב גאָרנישט געזען. איך בין אָבער געווען זיכער, אַז פון איין מאָמענט צום צווייטן, וועל איך די שלאַנג געפינען. יעדער טריט האָט מיר דערנענטערט צום דאָזיקן מאָמענט און איך האָב נישט געהאַט קיין ספק אַז דאָרטן געפינט זיך די חיה, כאָטש בײַ דער היץ וועט קיין שום „זשאַראַראַ" נישט וואַגן אַרויסצוגיין פון איר פּלאַץ.

נאָר פּלוצלינג, בײַם אָפּרוקן די צווײַגן און אויפן שפּיץ פון מײַנע שטיוול, האָב איך איר געזען, ווי די שלאַנג איז פאַרבײַ, מיר אָנרירנדיק.

און גוט: עס איז דוכט זיך נישט פאַראַן קײַן זאַך וואָס דויערט לענגער, אין לעבן, ווי אַ שלאַנג פון אַ מעטער מיט אַכציק צענטימעטער, גייט פאַרבײַ און רירט אײַך אָן די שטיוול. איך האָב איר גוט נישט געזען, האָב געזען אויף אַזוי פיל, אויף וויפל עס דערלויבט דער קלאָרער פּלאַץ וואָס איז אויסגעהאַקט געוואָרן מיט אַ שנײַד־מעסער.

אָבער צו מײַן גרויסער פרייד, איז דאָס געווען אַ זשאַראַקוסאַ — דער גרעסטער און פעסטסטער עקזעמפּלאָר, וואָס איך האָב ווען עס איז געווען און אָן שום צווייפל דער סאַמע שענסטער צווישן די זשאַראַראַס, וואָס זײַנען פון זייער זײַט די סאַמע שענסטע צווישן די שלאַנגען, מיט דעם אויסנאַם פון דער קרעלן־שלאַנג. אויף איר שטאַרק שוואַרצן קערפּער, וואָס איז אַ שוואַרצקייט פון סאַמעט, קרײַצן זיך דורך ברייטע שטרײַפן פון גאָלדקאָליר. שוואַרץ און גאָלד. אויסער דעם איז דאָס די סאַמע ניפטיקסטע פון אַלע „זשאַראַראַס".

מײַן שלאַנג איז געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען, ווען זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך געזען בלויז דעם עק אירן. איך האָב געכאַפּט אַ בליק אויף דער מעגלעכער ריכטונג פון איר קאָפ און איך האָב איר געזען נעבן מײַן זײַט. אויפגעהויבן און קוקנדיק אויף מיר פעסט. זי האָט געמאַכט אַן אויסדריי און געבליבן אומבאַוועגלעך, פאַרשנדיק מײַן טעטיקײַט.

איך האָב געזען אַז די שלאַנג האָט נישט קיין חשק

צו קעמפען, ווי זיי האָבן דאָס קיינמאָל נישט קיין חשק צו טאָן מיט קיין מענטשן. איך האָב דאָס אָבער יאָ געהאַט און זייער אַ סך. איך האָב דעריבער געגעבן אַ וואָרף דעם מעסער צו טרעפן מיט אים אין רוקן־ביין, כדי איך זאָל קאָנען אויפהאַלטן דעם זעלטענעם עקזעמפּלאַר.

דער מעסער האָט אַרײַנגעטראָפן און גאָרנישט אויף קיין לײַכטן אופן. אָבער גלײַך ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, האָט די שלאַנג געגעבן אַ שפּרונג און זיך אָפּגערוקט אויף אַ האַלבן מעטער און איז נאָכאַמאָל געבליבן אומבאַוועגלעך. כאָטש דאָס מאָל מיט אַ מער אויפגעהויבענעם קאָפּ. קוקנדיק אויף מיר, אויף וויפל עס איז זיך כיעגלעך פעסטצושטעלן.

אויף אַ פרײַען פעלד, וואָלט דער דאָזיקער דועל מיר אונטערגעהאָלפן אויף אַ מינוט. אָבער פאַררוקט אין יענעם גראָז, האָט דאָס מיר נישט געשמעקט. איך האָב דעריבער אויף איר אַ וואָרף געגעבן אַ צווייטן מאָל אַ מעסער, דאָס מאָל מיט דער שאַרף, אויף אַרײַנצודרינגען אין די קאַרבן פון האַלדז. מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ האָט די זשאַראַראַקוסו, זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם קאָפּ ווי אַ גרייצער און האָט אָנגעהויבן אַראָפּצופאַלן, אויסגייענדיק לאַנגזאַם, אַ טויטע.

איך האָב איר געברענגט אין שטוב. זי האָט געהאַט אַ מעטער מיט פינף און אַכציק צענטימעטער, גוט אָפּגעמאָסטן. אָליווערא האָט איר גלײַך דערקענט, כאָטש דער קלאַס שלאַנג געפינט זיך נישט גאָר אָפט אין דרום פון מיסיאָנעס.

— אַה, אַה!... אַ זשאַראַראַקוסו!... איך שוין געטראַכט דערפון... אין פאָז־דאַ־איגאַסו איך דערהרגעט אַ סך!... שיינע, צום טײַוול!...

וואָס אָנבאַלאַנגט די קראַנקע, איז זי אין פיר טעג אַרום שוין אַרומגעגאַנגען. דאָס וואָס זי איז געבליבן געוואָרן אין אַ פלאַץ, וואָס האָט אַ סך געפעסן און דורך אַ שלאַנג, וואָס האָט מיט צוויי טעג פריער אויסגעליידיקט טיילווײַז איר גיפט אין דעם „פאָקסטעריער"־הינטל, האָט אַ סך צוגעהאָלפן צו איר שנעלער היילונג. כאָטש איך האָב געהאַט אַן איבערראַשונג ווען איך האָב נאָך אַרויסגענומען גיפט פון דער שלאַנג. עס איז אַרויסגעגאַנגען 21 טראָפּנס פון יעדן באַק־צאָן — כמעט צוויי גראַם גיפט.

אָליווערא האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אומצופרידנקייט צוליב דער מיידל. ער האָט איר געזען אַוועקגיין איבער דער לאָנקע, מיט איר פעקעלע אַנטאָן, נאָך אַ הינקענדיקע.

· אַ גוט מיידל, זי איז — האָט ער מיר געזאָגט אַ געוויסן טאָג איך חתונה האָבן מיט איר.

אַ גוטער געדאַנק — האָב איך אים געזאָגט.

און פאַרשטאַנען? — דו, איה, וועט מער נישט דאַרפן אַרומגיין מיט רעוואָלווער, פים! פאָם!

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אָליווערא פלעגט טאָן טובות זײַנע חברים, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט, האָט מײַן „פעאָן" נישט גענאָסן פון קיין צופיל סימפּאַטיעס צווישן זיי. אין אַ טאָג האָב איך אים געשיקט זובן אַ פעסל אין שטעטל, צו וועלכן מען האָט מינדעסטנס געדאַרפט האָבן אַ פערד, אָדער אַ וועגעלע. אָליווערא האָט געצויגן מיט די אַקסלען און איז אַוועקגעגאַנגען צו־פוס. די קלייט וווהין איך האָב אים געשיקט, איז געווען בײַ אַ מײַל פון שטוב און ער האָט געדאַרפט דורכגיין דורך חורבות. אין שטעטל גופא האָט מען געזען אָליוועראַן, ווי ער איז געגאַנגען צוריק מיט דעם פעסל, אין וועלכן ער האָט אַרײַנגעקלאַפּט צוויי טשוועקעס און פאַרטשעפּעט מיט אַ דראָט, כדי צו קאָנען דאָס פעסל שלעפן.

דער דאָזיקער אופן פון שלעפן און דאָס גיין צופוס, ווען מען האָט אַ פערד, דיסקרעדיטירן אַ „מענסו".

* * *

סוף חודש פעברואַר, האָב איך איבערגעגעבן אָליוועראַן, אַז ער זאָל אויסרייניקן דעם וואַלד וווּ עס איז געווען אַ סך ווילד־גראָז. אין אַ פאָר טעג נאָכן אָנהויבן, איז צו מיר געקומען אַ מוליער, אַ געקומענער פון דײַטשלאַנד, פון פראַנקפורט, מיט אַ קרענקלעכן אויסזען און האָט גערעדט אַזוי לאַנגזאַם, ווי ער האָט געדרייט מיט די אויגן. ער האָט מיר געבעטן קוועקזילבער, כדי צו אויפדעקן אַ באַגראָבענעם אוצר.

די אָפּעראַציע איז געווען זייער אַן אײַנפאַכע: אויף דעם געגעבענעם פלאַץ, האָט מען אויסגעגראָבן אַ ביסל ערד און מען האָט אַהין אַרײַנגעלייגט דעם קוועקזילבער אײַנגעוויקלט אין אַ טיכל. שפּעטער האָט מען דאָס פאַרדעקט און אויף דער ערד האָט מען אַוועקגעלייגט אַ שטיקל גאָלד, וואָס איז אין דעם פאַל געווען די קייט פון דעם מוליער.

אויב דאָרטן האָט זיך באמת געפונען אַן אוצר האָט די קראַפט פון דעם אוצר געדאַרפט צוציען דאָס גאָלד, וואָס איז אין דעם פאַל פאַרשלונגען געוואָרן פון דעם קוועקזילבער. אָן קוועקזילבער האָט מען גאָרנישט געקאָנט פּרוּוון.

איך האָב אים געגעבן דאָס קוועקזילבער און דער מוליער איז אַוועקגעגאַנגען, כאָטש עס האָט אים געקאָסט אַ סך אָנשטרענגונגען אָפּצורײַסן זײַן בליק פון מײַנעם.

אין מיסיאָנעס און אין דעם גאַנצן צפון־טייל פון לאַנד, וואָס איז פריער געווען פאַרנומען פון די יעזואיטן, איז דאָ אַ טיפער גלויבן, אַז די גײַסטלעכע, איידער זיי זײַנען אַנטלאָפן האָבן זיי באַגראָבן גאָלדענע מטבעות און אַנדערע ווערט־זאַכן. עס איז זעלטן דאָרטן צו טרעפן אַן אײַנוווינער וואָס זאָל נישט פּרוּוון אויפגראָבן אַן אוצר אַ „באַגראָבענעם" ווי מען רופט דאָס אָן דאָרטן.

אָפּטמאָל זײַנען פֿאַראַן געניע אָנווײַזונגען: אַ בערגל שטיינער, אַן אַלטער אײַנגעבויגענער סלופּ, אַ פּאַרלאָזט זאַמד־בערגל אין דעם וואַלד א. אַ. וו.

אָליווערא וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פֿון רייניקן די גראָז אויף צו זוכן אַ פּײַל פֿאַר דעם שנײַד־מעסער, האָט זיך צוגעקוקט צום גאַנצן ענין מיט אַ שמייכעלע און גאָרנישט געזאָגט. בלויז ווען ער איז צוריק געגאַנגען אין וועלדל האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ און מיר געזאָגט:

אָ, משוגענער דײַטש... דאָ פֿאַראַן דער אוצרת... דאָ בײַם דופּק!... און ער האָט זיך צוגעדריקט דעם האַנט־געלענק.

צוליב דעם האָט מיר זייער שטאַרק געוווּנדערט, ווען בײַנאַכט איז אָליווערא פּלוצלינג אַרײַנגעקומען אין וואַרשטאַט און מיר אײַנגעלאַדן איך זאָל מיט אים גיין אין וואַלד.

— היינט, נאַכט — האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ שטילן קול — איך וועל אַרויסנעמען מײַן „באַגראָבע־נעם“... געפֿינען איך האָב אַ פּאָר פֿון זיי.

איך בין געווען פֿאַרנומען מיט מײַן אַרבעט. עס האָט מיר אָבער שטאַרק אינטערעסירט צו זען, ווי אָליווערא האָט זיך געענדערט און אָנגעהויבן צו גלויבן אין „באַ־גראָבענע“. איך האָב נישט דערקענט אָליווראַן. ער האָט געקוקט אויף מיר אַ שמייכלענדיקער. מיט ברייט צעעפֿנ־טע אויגן, אַרויסייַיזנדיק זײַן פֿרײַנטשאַפֿט וואָס ער האָט געפֿילט צו מיר:

— פּסס!... פֿאַר אײַך געבן... אַ ווײַסער שטיין איז דאָס, נישט קיין גראָז... מיר זיך צעטיילן.

וואָס זאָל איך טאָן מיט דעם טיפּ? דער אוצר האָט מיר נישט אינטערעסירט. מיר האָבן מער אינטערעסירט די שערבלעך וואָס מען קאָן דאָרטן אָפּט געפֿינען. איך האָב אים געוווּנטשן אַ סך גליק און האָב אים בלויז גע־בעטן, אַז אויב ער וועט געפֿינען אַ שיין ערדן קריגל, זאָל ער מיר דאָס ברענגען אַ נישט קיין צעבראָכנס. ער האָט מיר געבעטן מײַן „קאָלינס“, וואָס איך האָב אים געגעבן און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

נישט געקוקט אויף דעם, איז פֿאַר מיר געווען אַ לאָקנדיקע זאַך צו מאַכן אַ שפּאַציר; ווײַל אַ לבנה אין מיסיאָנעס, וואָס דרינגט אַרײַן אין די פֿינצטערנישן פֿון וואַלד, איז דער שענסטער ספּעקטאַקל וואָס מען קאָן דאָרטן זען, איך בין אויך געווען מיד פֿון מײַן אַרבעט און איך האָב דעריבער באַשלאָסן, אים צו באַגלייטן אַ ווײַלע.

דער „באַגראָבענער“ פֿון אָליווראַן האָט זיך געפֿונען בײַ טויזנט פֿינף־הונדערט מעטער פֿון שטוב, אין דעם דרום־ווינקל פֿון וואַלד. מיר זײַנען געגאַנגען איינער נעבן צווייטן, איך פֿײַפֿנדיק און ער אַ שטילער, כאָטש מיט אויסגעצויגענע ליפּן, ווי עס איז געווען זײַן שטייגער.

צוקומענדיג צום אַרבעטס־פּלאַץ, האָט אָליווערא זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט.

דאָס וועלדל, צוליב דער פֿינצטערניש, האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ מדבר. די נאָר וואָס אומגעוואָרפֿענע ביימער און די אָפּגעשניטענע גראָזן, האָבן געגלאַנצט פֿון טוי.

— פֿאַרשטאַנען מיר? — האָט מיר געזאָגט אָליווערא — איך גיין וועל אַליין.

דאָס איינציקע פֿאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקן, איז געווען פֿאַר אַ מעגלעכן רויש און ער האָט דעריבער געוואָלט בלײַבן אַליין. ער האָט מיר געזאָגט „ביז מאָרגן, באַלעבאָס“ און איז אַרײַנגעדרונגען צווישן די גראָזן, שפּרינגענדיק לאַנגזאַם איבער די געפֿאַלענע ביימער.

איך בין צוריקגעגאַנגען אַהיים. נאָך אַ שווערן הייסן זומער־טאָג, ווען מיט קאַרגע זעקס שעה צוריק האָט מען געליטן פֿון דער ברענענדיקער, בלענדנדיקער זון און ווען די קישן אונטערן קאָפּ האָט געברענט, איז צען אַזייגער בײַנאַכט די גרעסטע זאַך נישטיק, אין פֿאַרגלײַך מיט דער פֿרישקייט פֿון אַ נאַכט פֿון מיסיאָנעס.

און די דאָזיקע נאַכט, איז באַזונדערס געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. די גאַנצע ערד, אויף ווי ווײַט עס האָט דערגרייכט דער בליק, איז געווען אַרומגענומען מיט אַ קאַלטער ווײַסקייט. דער הויכער און מיסטעריעזער וואַלד האָט געהאַט אַ פֿאַנטאַסטישע טיפֿקייט. אין דער טיפֿ־קייט פֿון דער דאָזיקער סביבה האָט זי דפֿון צײַט צו צײַט דורכגעריסן ווי אַ גלאָקן־קלאַנג, דער קאָנוולסיווער גע־שריי פֿון דעם „אורוטאַו“ *).

איך האָב נאָך שפּאַצירט אַ שטיקל צײַט און זיך נישט דעצידירט צו גיין אין שטוב. אָליווערא האָט אין דער זעלביקער צײַט זיך געדאַרפֿט צעברעכן די נעגל אַרום די שטיינער. „זאָל ער זײַן גליקלעך“ האָב איך צו מיר געזאָגט.

נו גוט: דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל ווען איך האָב געזען אָליווראַן. ער איז נישט געקומען, נישט דעם קומענדיקן טאָג, נישט דעם אַנדערן און מער קיינמאָל נישט. איך האָב מער נישט געוווּסט קיין איין וואָרט וועגן אים. איך האָב געפֿרעגט אין דעם שטעטל. קיינער האָט אים נישט געזען און קיינער האָט נישט געוווּסט, וואָס אַזוינס עס איז געשען מיט מײַן „פּעאָן“. איך האָב געשריבן קיין פּאָז־דאַ־איגאַסו און מיט דעם זעלביקן רע־זולטאַט.

און דערבײַ איז פֿאַראַן נאָך אַ זאַך: אָליווערא, ווי איך האָב דאָס שוין געזאָגט, איז געווען אַ פֿאָרמעלער, ווי קיינער נישט, אין געלט־ענינים. איך בין אים שולדיק געווען די טעג פֿון דער וואָך. ווען עס וואָלט בײַ אים פּלוצלינג אויפֿגעקומען דער געדאַנק צו בײַטן דעם פּלאַץ,

---

*) אורוטאַו": אַ מין סאָווע פֿון די צפֿון־געגנטן.

וואָלט ער דאָס קיינמאָל נישט געטאָן, נישט האָבנדיק זיך פריער אָפּגערעכנט מיט מיר.

וואָס איז אָבער געשען מיט אים? וואָס פאַר אַן אוצר האָט ער געקאָנט געפינען? ווי אַזוי האָט ער נישט געלאָזט קיין שום שפּור אין דעם אַלטן פאַרט, אין איטאַ-קורובי, אָדער אויף דעם פאַראַם, וווּ ער האָט געדאַרפט זיך אײַנשיפן?

איך ווייס דאָס נישט ביז איצט און איך גלויב אַז איך וועל דאָס קיינמאָל נישט וויסן. אָבער מיט דרײַ יאָר צוריק האָב איך געהאַט זייער אַן אומאַנגענעמע איבער-ראַשונג, אין דעם זעלביקן גראָז-פּלאַץ, וווּ אַליוועראַ איז יענעם מאָל אַוועקגעגאַנגען.

די איבערראַשונג איז געווען פאָלגנדע: אַזוי ווי איך האָב פאַרלאָזן אויף אַ גאַנץ יאָר די פּלאַנטאַציע, צוליב זאַכן וואָס האָבן גאָרנישט קיין שייכות מיט דעם ענין, האָבן די ווילדע גראָזן דערשטיקט די פאַרשיידענע וואַלד-געוויקסן. דעם „פּעאָן" וואָס איך האָב אַהין געשיקט, איז צוריקגעקומען און מיר געזאָגט, אַז פאַר דעם באַ-שטימטן פּרײַז איז ער נישט גרייט צו טאָן גאָרנישט, ווייניקער אַפילו ווי עס טוען די יעניקע, בײַ וועמען דער באַלעבאָס ווייסט נישט ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַ שנײַד-מעסער.

איך האָב געהעכערט דעם פּרײַז, אַ זאַך וואָס איז געווען זייער באַרעכטיקט און מײַנע מענטשן — זיי זײַנען געווען צוויי — האָבן אָנגעהויבן. איינער האָט אויסגעהאַקט און דער צווייטער האָט אויסגעקאָרטשעט אין פאַרלויף פון דרײַ טעג האָט דער דרום-ווינט מיר געברענגט — אַ פאַרדאָפּלטן פון דעם עכאָ פון וואַלד — די אומאויפ-הערלעכע און קרעכצנדיקע קלעפּ פון דער האַק. זיי האָבן זיך נישט אָפּגערוט אַפילו אין מיטן טאָג. זיי האָבן זיך בלויז געביטן, אין קעגנפאַל האָט דער אָרעם און די נירן פון דעם וואָס האָט געקלאַפּט מיט דער האַק, געדאַרפט זײַן פון אויסערגעוויינלעכער קראַפט.

אָבער ווען עס האָ זיך פאַרענדיקט דער דריטער טאָג, איז דער „פּעאָן" פון דעם שנײַד-מעסער, מיט וועמען איך האָב פאַרהאַנדלט, געקומען און מיר געזאָגט, אַז ער וויל נישט אַרבעטן מער מיט זײַן חבר.

— פאַרוואָס? — האָב איך אים געפרעגט אַ פאַרוווּנ-דערטער,

איך האָב נישט געקאָנט באַקומען קיין קאָנקרעטן ענט-פער. בײַם סוף האָט ער מיר געזאָגט, אַז זײַן חבר אַרבעט נישט אַליין...

איך האָב מיר דעמאָלט דערמאָנט די לעגענדע וועגן דעם, און איך האָב פאַרשטאַנען: יענער האָט געאַרבעט אין שותּפות מיטן טײַוול, צוליב דעם, איז ער קיינמאָל נישט מיד געוואָרן.

איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט און געגאַנגען באַטראַכטן די אַרבעט. גלײַך ווי איך האָב דערזען דעם טײַוולשן שותּף, האָב איך אים גלײַך דערקענט. אַ סך מאָל איז ער דורכגעריטן אויף אַ פערד נעבן מײַן שטוב און איך האָב אים שטענדיק באַוווּנדערט, וואָס ער אַ געוויינלעכער „פּעאָן" גייט אַזוי לוקסוסדיק אָנגעטאָן און פאַרמאָגט אַזאַ שיינעם פערד. אויסער דעם איז ער געווען אַ שיינער בחור, מיט אַ גלאַטיקער גוט אָנגעשמירטער גזשיווע, אויפן שטייגער פון די ווילע יונגען פון דרום. ער האָט שטענדיק געריטן פּאַמעלעך און קיינמאָל נישט גע-שענקט מיר קיין בליק.

יענעם מאָל האָב איך אים געזען פון דער נאָענט. אַזוי ווי ער האָט געאַרבעט אָן אַ העמד, האָב איך פאַרשטאַנען אַז מיט דעם דאָזיקן אַטלעטישן קערפּער, גוט אײַנגע-איבט, קאָן ער אויפטאָן וווּנדערלעכע זאַכן. אַלצדינג איז טאַקע אויסגערייניקט געוואָרן אין יענעם טייל וואַלד, בײַם דאָזיקן פאַרשוויצטן בחור מיט אַ קינדערשן שמייכל.

אַזוי האָט עס אויסגעזען דער מענטש וואָס האָט געאַר-בעט בשותּפות מיטן טײַוול...

ער האָט זיך אָנגעטאָן די העמד און מיר זײַנען גע-גאַנגען באַטראַכטן די אַרבעט. אַזוי ווי ער אַליין האָט געדאַרפט פאַרענדיקן דאָס אויסרייניקן די ווילד-גראָזן, זײַנען מיר אַרומגעגאַנגען איבער דעם גאַנצן וועלדל. די זון האָט געהאַלטן בײַם זעצן זיך און עס איז געווען גאַנץ קאַלט. די קעלט אין מיסיאָנעס פאַלט שטענדיק צוזאַמען מיטן טערמאָמעטער און מיט דער נאַכט. בײַם דרום-מזרחדיקן ברעג פון וואַלד האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע, ווײַל איך האָב נישט געוווּסט צי עס איז נאָך כּדאַי צו רייניקן דעם דאָזיקן האַלבן העקטאַר, וווּ אַלע פּלאַנצן זײַנען שוין געווען אָפּגעטויט.

איך האָב געכאַפּט אַ בליק אויף דעם פאַרנעם פון די ביימער-שטאַמען און אויף זייערע צווײַגן. נאָר אין דער הייך אויף די צווײַג-שפּיצן פון אַ ווײַערד-בוים, האָב איך געזען עפּעס אַ מאָדנע זאַך: צוויי שוואַרצע און לאַנגע זאַכן, עפּעס אַזוינס ווי אַ נעסט פון אַ „באַיראַ"-פייגל. זיי האָבן זיך אויסגעטיילט זייער דײַטלעך אויף דעם הימל.

— און דאָס?... האָב איך אָנגעוויזן דעם בחור.

דער מענטש האָט געקוקט אַ לאַנגע צײַט און איז דורכ-געלאָפן מיט זײַן בליק דעם גאַנצן פאַרנעם פון בוים.

— שטיוול — האָט ער מיר געזאָגט.

איך האָב דערפילט אַ ציטער און האָב מיר אויגנבליק-לעך דערמאָנט אין אַליוועראַן. שטיוול?... יאָ. זיי זײַנען דאָרטן געהאַנגען פאַרקערט מיט די פיס אויף אַראָפּ און דאָרטן ווו עס זײַנען געווען די כאַליעוועס פון די שטיוול, האָט געפעלט דער מענטש; מער גאָרנישט.

איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ קאָליר זיי האָבן געהאַט בײַ פולן ליכט; אָבער אין יענער שעה, קוקנדיק אויף זיי פון דער טיפענישן פון וואַלד, אויסטיילנדיק זיך אין דעם בלאַסן הימל, זײַנען זיי געווען שוואַר־ץ.

מיר האָבן אַ צײַט לאַנג געקוקט אויף דעם בוים פון אויבן אַראָפּ און פון אונטן אַרויף.

— מען קאָן אַרויפקריכן? — האָב איך געפרעגט מײַן מענטש.

עס איז דורכגעגאַנגען אַ ווײַלע.

— אומעגלעך... האָט געענטפערט דער „פּעאָן".

עס איז אָבער געווען אַ מאָמענט ווען עס איז פונדעסט־וועגן יאָ געווען מעגלעך און דאָס איז געווען דאַן ווען דער מענטש איז אַרויפגעקראָכן. ווײַל עס איז דאָך אימעגלעך אָנצונעמען, אַז די שטיוול זײַנען דאָרטן סתם געווען. דאָס איינציק לאָגישע אויף צו דערקלערן דאָס, איז אַז אַ מענטש וואָס האָט געטראָגן שטיוול איז אַהין אַרויפגעקראָכן צו באַטראַכטן, אָדער זוכן עפּעס און האָט וואַרשיינלעך זיך צופיל אָנגעבויגן און איז אַראָפּגעפאַלן צוקלאַפּנדיק זיך דעם נאַקן אין דעם שטאַם פון בוים. דער מענטש האָט געמוזט באַלד דערהרגעט ווערן, אָדער אפילו אויב ער איז געקומען צו זיך, האָט ער נישט גע־האַט קיין גענוג כוח אויף אַרויפצוקריכן צום צווײַגן־שפּיץ און אַראָפּנעמען די שטיוול. און שפּעטער — מעג־לעך אין מער צײַט ווי איינער מיינט — האָט ער פאַרענ־דיקט און געבליבן רואיק און טויט און די שטיוול זײַנען פאַרבליבן ליידיקע.

און דאָרטן אין דער הויך זײַנען זיי פאַרבליבן צוזאַ־מען פאַרפרוירענע, פונקט ווי איך אין דעם ווינטערדיקן זון־פאַרגאַנג.

מיר האָבן נישט געפונען דעם מינדעסטן שפּור פון דעם מענטשן, נעבן דעם בוים. דאָס איז שוין אַ באַזונ־דער זאַך.

*
*

איך גלויב פונדעסטוועגן נישט, אַז דאָס זאָל זײַן אַ טייל פון מײַן אַמאָליקן „פּעאָן". ער האָט נישט ליב געהאַט צו קריכן און נאָך וויינינקער בײַנאַכט. ווער איז אַלזאָ יאָ געקראָכן?

איך ווייס דאָס נישט. אָבער אָפטמאָל, דאָ אין בוע־נאָס־איירעס, ווען עס בלאָזט אין אַ טאָג דער צפון־ווינט, פיל איך דאַן ווי מוראשקעס קריכן מיר צווישן די פינגער און איך זוך דעם שנײַדער־מעסער. איך טראַכט דעמאָלט דעמאָלט אויך, אַז אין אַ געוויסן טאָג, ווען איך אומדער־וואַרטעט טרעפן אַליוועראָן, וואָס וועט זיך אָנשטויסן מיט מיר און וועט מיר אַרויפלייגן, שמייכלענדיק, די האַנט אויפן אַקסל און מיר זאָגן:

— אַ גוטער באַלעבאָס!... מיר האָבן אַרבעט שיינע, מיט דיר, דאָרט בײַ מיסיאָנעס!...



לעאָן פּאַך

„קינדער פון לאַ ריאָכאַ"

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע

# פריינדשאַפט

פון ענגליש: ח. גלמודי

צום 100 יאָריקן געבוירן־טאָג פון גרויסן הינדואישן דיכטער און דענקער. ער האָט געשריבן אין זיין שפּראַך און אויך אין ענגליש. געווינער פון דער נאָבל־פּרעמיע, זיינע ווערק זיינען איבערזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן. געשטאָרבן אין 1941.

דער מאַהאַראַדזשאַ טשיטאַרדאַנדזשאַן איז געווען אַ גרויסער ליבהאַבער פון קונסט. ער האָט געפירט אַ רעגלמעסיק לעבן, געגעסן און געטרונקען אין באַשטימטע שעהען און זיך געלייגט שלאָפן אין דער פעסטגעשטעלטער צייט. דאָס האָט זיך אָבער געענדערט, ווען ער איז באַקאַנט געוואָרן מיט בינין און געשלאָסן מיט אים פריינטשאַפט. ווען בינין האָט גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון דער אָפּערע־קאָמפּאָזיציע, פלעגט דער מאַהאַראַדזשאַ אָפט פאַרגעסן צו עסן מיטאָג. זיין דינער דעוואַן פלעגט דעמאָלט זאָגן, אַז זיין באַלעבאָס האָט איין חסרון: זיין צו גרויסע ליבשאַפט צו בינין.

ראַני, דעם מאַהאַראַדזשאַס פרוי, האָט געהאַט פאַרדרוס פון איר מאַנס פירונג און זי האָט געזאָגט, אַז בינין מאַכט בלויז ליצנות פון איר מאַן, און עס וואָלט צייט געווען, ער זאָל פאַרלאָזן דאָס הויז, וואָרים נאָר דעמאָלט וועט ווידער איינגעפירט ווערן רו און אָרדענונג. דער מאַהאַראַדזשאַ איז נישט אין כעס געווען צוליב זיין פרוים אייפערזוכט. ער האָט געשמייכלט צו זיך און געטראַכט: פאַר איר עקסיסטירט אויף דער וועלט בלויז איין מאַן — און דאָס בין איך. איך בין דער מאַן, וועלכן זי האָט ליב, און די אַנדערע מענער לאָזן זי, נישט געקוקט אויף אַלע מעלות, קאַלט...

איינמאָל, ווען דעם מאַהאַראַדזשאַס פרוי האָט געפרעגט דעם דינער: „פאַרוואָס מאַכסטו דיך אַרויס פון דיין אַרבעט? מיט וואָס ביסטו פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג?" האָט דער דינער אַ נידערגעשלאָגענער געענטפערט: „אויפן מאַהאַראַדזשאַס באַפעל מוז איך אַ גאַנצן טאָג באַדינען דעם הער בינין".

„אָט דעם טויגעניכטס באַדינען!" האָט ראַני אויסגערופן דערצאָרנט.

דער דאָזיקער ווונק איז געווען גענוג. דעם אַנדערן טאָג האָט דער דינער פאַרגעסן אויפצוראַמען בינינס צימער און אים ברענגען דאָס עסן. בינין איז געווען געצוווּנגען אַליין אין אָרדענונג צו ברענגען דאָס צימער און ברענגען פאַר זיך דאָס עסן. ער האָט זיך נישט באַקלאָגט פאַר דעם מאַהאַראַדזשאַ, ער האָט נישט געוואָלט פאַרפירן קיין מחלוקת מיט דער דינערשאַפט, האָט ער בלויז געהויבן די אַקסלען.

בינין איז געוואָרן דעם מאַהאַראַדזשאַס פאַוואָריט. און וואָס מער ער האָט באַקומען חן אין מאַהאַראַדזשאַס אויגן, אַלץ מער האָט אים ראַני פיינט געהאַט.


ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע

דער מאַהאַראַדזשאַ האָט בינינס אָפּערע „סובאַדראַכאַראַן" געלאָזט אויפפירן אין זיין פאַלאַץ. מען האָט אויפגעשטעלט אַ קליינע בינע. דער מאַהאַראַדזשאַ האָט געשפּילט אַ קליינע ראָלע אין דער אָפּערע און בינין האָט געזונגען די גרויסע פרויען־פּאַרטיע. ער האָט געזונגען אַזוי שיין און ריין, אַז די צוהערער האָבן שטורמיש אַפּלאָדירט.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז דער מאַהאַראַדזשאַ צוגעגאַנגען צו זיין פרוי און זי געפרעגט ווי דאָס שטיק איז איר געפעלן. ראַני האָט געענטפערט: „בינין איז געווען אויסגעצייכנט, ער האָט הערלעך געזונגען. ער האָט אויסגעזען אויף דער בינע ווי אַן אָפּשטאַמער פון אַ גאָר אַלטער משפּחה. און דערצו די הערלעכע שטים זיינע"!

„האָב איך דען שלעכט געשפּילט, און איז מיין שטים נישט קרעפטיק", האָט דער מאַהאַראַדזשאַ אין שפּאַס געפרעגט.

„אַך דו, דאָס איז דאָך עפּעס אַנדערש", האָט די פרוי געזאָגט און ווידער אָנגעהויבן צו לויבן בינינס קונסט.

דער מאַהאַראַדזשאַ איז געוואָרן צעטומלט. דעם אַנדערן טאָג איז בינין באַדינט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט. ראַני האָט געזאָגט צום מאַהאַראַדזשאַ: „עס פּאַסט דאָך נישט, אַז בינין זאָל עסן ביי איין טיש מיט דער דינערשאַפט, ער איז דאָך אַ געבילדעט־מענטש".

„המ... המ..." האָט דער מאַהאַראַדזשאַ אַנגעכמורעט אַ ברום געטון און איז באַלד איבערגעגאַנגען צו אַן אַנ־

יוליוש קאַדען באַנדראָווסקי

# דער ייִד

פון פּויליש: **חיים בראַקאַזש**

יוליוש קאַדען־באַנדראָווסקי איז צווישן ביידע וועלט־מלחמות געווען פּוילנס באַרימטסטער דערציילער. איינער פון קאַדען־באַנדראָווסקיס זין איז דערשאָסן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ אין וואַרשע און דער פֿאָטער איז צוליב דעם באַלד באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די פֿאָלגנדיקע דערציילונג איז גענומען פון קאַדען־באַנדראָווסקיס זכרונות־בוך „מײַן מוטערס שטאָט".

ייִדן זײַנען מיט אונדז געגאַנגען שוין אין פֿאָלקס־שול, און זיי זײַנען געווען גאַנץ פֿײַן אָנגעטון, צום בײַשפּיל אונדזער דײַכעס. דײַכעס פֿלעגט מיטברענגען וווּנדערבאַרע צוקערקעס מיט זיסע, אפשר ייִדישע, אָבער אויסגעצייכנטע קאָנפֿיטורן. בעת וואַקאַציעס פֿלעגט ער פֿאָרן — ער האָט תמיד געזאָגט, אַז ער פֿאָרט אַליין — צום ים.

אָבער כאָטש זיי זײַנען געווען ייִדן, איז עס דאָך געווען עפּעס אַזוי, ווי זיי וואָלטן עס נישט געווען.

מיט אמתע ייִדן האָב איך זיך באַקענט ערשט אין גימנאַזיע. פון דער אַלגעמיינער צאָל 43 ייִדישע שילער איז אויסגעפֿאַלן אויף אונדזער קלאַס, די צווייטע, 12. תמיד, ווען איך האָב מיך דערמאָנט, אַז זיי זײַנען ייִדן, האָב איך עס נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן. מײַן עלטערער ברודער האָט מיך געפֿרעגט: פֿאַרוואָס? איך האָב אים געגעבן די קורצע תשובה: „ווײַל אַזוי!"

---

דער טעמע. און ווען די פֿרוי האָט נאָך אַרויסגעבראַכט איר מיינונג, אַז מען וואָלט געמעגט נאָכאַמאָל געבן די פֿאָרשטעלונג — האָט דער מאַהאַראַדזשאַ זיך נישט אָנגערופֿן מיט קיין איין וואָרט.

נאָך מיטאָג האָט דער דינער באַקומען אַ פֿאָרוווּרף, אַז די קליידער זײַנען כלומרשט שלעכט אויסגעפּוצט. דער דינער האָט געזאָגט: „וואָס זאָל איך טון? אויפֿן באַפֿעל פון דער באַלעבאָסטע מוז איך טאָג און נאַכט באַדינען ביניען."

דעמאָלט האָט דער מאַהאַראַדזשאַ אויסגערופֿן מיט כעס: „איז בינין אַ פּירשט? קאָן ער זיך נישט אַליין די קליידער פּוצן?"

דער דינער האָט זיך גענומען אין זינען אַרײַן די דאָזיקע באַמערקונג און פון דעמאָלט אָן זײַנען בינינס קליידער נישט געפּוצט געוואָרן.

דעם מאַהאַראַדזשאַס פֿרוי איז געווען שטאַרק באַגײַסטערט פון בינינס שטים און ווען דער מאַהאַראַדזשאַ פֿלעגט מיט איר אין די שפּעטע נאַכט־שעהען זיצן און פּלוידערן וועגן מוזיק, איז זי געזעסן אין דעם זעלבן צימער הינטער אַ וואַנט־שירעם און זיך אײַנגעהאָרכט אין קלאַנג פון זײַן שטים.

דאָס איז דעם מאַהאַראַדזשאַ נישט געפֿעלן און גאָר גיך האָבן די שמועסן אויפֿגעהערט. אין אַ נאָכמיטאָג, ווען דער מאַהאַראַדזשאַ איז אַרײַנגעקומען אין זײַן פּאַלאַץ, האָט ער געזען זײַן פֿרוי לייענען אַ בוך.

„וואָס לייענסטו דאָ?" האָט ער געפֿרעגט. זי האָט געענטפֿערט זשעניִרט: „איך קוק דאָ דורך בינינס לידער. מיר האָבן אין דער לעצטער צײַט אַזוי ווייניק מוזיק געהערט."

אויפֿן אַנדערן טאָג איז בינין אָפּגעזאָגט געוואָרן און ער האָט געמוזט פֿאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ. בינין האָט נישט געקענט באַגרײַפֿן די סיבות פון דעם דאָזיקן פּלוצלינגן אומחן. ער האָט דעם מאַהאַראַדזשאַ אויפֿריכטיק ליב געהאַט, און דער פֿרײַנט איז אים געווען טײַערער ווי דאָס געהאַלט, וואָס ער האָט באַקומען.

„גורל", האָט ער זיפֿצנדיק געטראַכט, גענומען זײַן אַלטן אינסטרומענט, אַרײַנגעלייגט אין קאַסטן, געשענקט דעם דינער אַ פּאָר גראָשן און אַוועק אין דער וועלט אַרײַן, אַהין ווו עס האָבן אויף אים נישט געוואַרט קיין שום פֿרײַנד.

„אָבער פאַרוואָס?"

„ווײַל מיר געפעלט אַזוי".

גראָד דעמאָלט זײַנען מײַנע ענינים אין מאַטעמאַטיק און לאַטיין געשטאַנען זייער שמאָל. די מאַמע איז מיט מיר געפאָרן — מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אַ קאַרעטע — צום דירעקטאָר פון אונדזער גימנאַזיע, וועלכער האָט אַלצדינג געוווּסט און אַלע געקענט, ווײַל ער פלעגט אַלע־מאָל אַרומגיין איבער דעם גאַנצן גימנאַזיע־בנין אין פילצענע פּאַנטאָפל.

דער דירעקטאָר האָט מיך פרײַנטלעך אַ נעם געטון אונטער דער גאָמבע. ער האָט בכלל גערעדט זייער ליב־לעך און רעקאָמענדירט דער מאַמען עטלעכע קאָרעפּעטי־טאָרן פון מײַן ברודערס קלאַס. צווישן זיי איז אויך געווען אַ געוויסער זאָנטאַג.

„מיט אַיין „נ", זייער באַגאַבט, אָבער אַ „ייִד".

די מאַמע האָט פאַרצויגן דאָס מויל אין אַ רחמנות־גרימאַסע און געוואָלט קודם כּל וויסן, וועער פון די אַלע ייִנגלעך איז דער אָרעמסטער. וועער פון זיי, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, „איז אין דער ערגסטער מאַטעריעלער לאַגע".

„אויב עס גייט אײַך אין דעם, גנעדיקע פרוי", האָט דער דירעקטאָר געזאָגט „איז בלי ספק זאָנטאַג דער אָרעמסטער".

זאָנטאַג איז געווען אַ זון פון אַ שנײַדער, אַן אָרעמער וועסטל־מאַכער, אַן אַלטער ייִד און דערצו כּמעט בלינד.

„זיי האָבן דאָרט אין זייער דירה, לויט אַלע וואַרשיינ־לעכקייטן, אפילו נישט גענוג פּלאַץ וווּ זיך אַהינצוטון, און דער דאָזיקער זון טאַקע האַלט־אויס ווי עס איז אויך די עלטערן דורך זײַנע לעקציעס".

„אויב אַזוי, הער דירעקטאָר", האָט די מאַמע געזאָגט, „טאָ זאָל אין גאָטס נאָמען, זײַן דער דאָזיקער זאָנטאַג".

איך געדענק נאָך גענוי, ווי זי איז אין יענעם טאָג געווען אָנגעטון. זי האָט געטראָגן אַ קלייד פון בעזש־קאָ־ליר מיט זײַדענע ליליאַ־איינזאַצן און אַ וואָלקע אַריבער־געוואָרפן איבערן שטערן. אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ קליינעם בוקעט פון אַלפּן־פיאָלקעס.

איך האָב נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. ערשט ווען מיר זײַנען אַרײַן אין דער קאַרעטע, האָב איך אַרויסגע־צישט דורך די ציין דאָס איינציקע וואָרט: „חזיר ייִד!"

„וואָס זאָגסטו?" די מאַמע האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער מיר. „וואָס האָסטו געזאָגט?"

„גאָרנישט", האָב איך אַ בורטשע געטון.

צומאָרגנס נאָכמיטיק איז זאָנטאַג געקומען צו אונדז אויף דער לעקציע. הגם זײַן פֿאָטער איז געווען אַ שנײַ־דער, נישט קיין סטאָליער, האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז פון מײַן הויז־לערער טראָגט זיך אַ ריח פון סטאָליע־רישן לאַם, פון ייִדישן, דאָס הייסט, פון שטאַרקערן און ממש אומדערטרעגלעכן סטאָליערישן לאַם.

זאָנטאַג האָט איבער די רויט־אַרומגעזיימטע בלויע אויגן געהאַט צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען. איך האָב באַמערקט, אַז ווי נאָר ער האָט גענומען רעדן, האָט זיך אים־אין מויל עפּעס ווי צונויפגעלאַמט און איז דאָרטן געבליבן קלעפּן.

עס איז שווער געווען אים צו פאַרטראָגן.

ער איז געווען אָנגעטון אין זייער אָפּגענוצטע מלבו־שים. אַלצדינג איז געווען אַלט, אויסגעריבן און געלאַטעט. איך האָב געשטוינט, וואָס נאָך די אַלע פאַרברעכנס און שווינדלערייען, וועלכע זײַן פֿאָלק איז באַגאַנגען, האָט ער אַלץ נישט געקענט זיך לײַטיש קליידן.

„דו טראָגסט אוודאי אַ וועסטל אונטער דער אוני־פאָרם", האָב איך געזאָגט. איך האָב אַזוי אַרום געוואָלט אָנדײַטן די נידעריקע מדרגה פון זײַן פֿאָטער, דעם וועסטל־מאַכער.

„געוויס טראָג איך אַ וועסטל", האָט זאָנטאַג געענט־פערט. עס איז אַ סך וואַרעמער מיט אַ וועסטל". ער האָט צעקנעפּלט די בלויע אוניפאָרם און מיר געוויזן אַן אַלט וואַטירט וועסטל. „און דו?"

„איך טראָג נישט קיין וועסטל", האָב איך געענטפערט פול מיט פאַראַכטונג און האָב מיר גלײַכצײַטיק געגעבן דאָס וואָרט, דעם דאָזיקן ייִד אויף צולהכעיס, גאָרנישט צו פאַרשטיין פון זײַן לעקציע.

איך האָב מײַן וואָרט געהאַלטן אין דער דאָזיקער ערש־טער שעה און אין אַ סך אַנדערע שעה'ען אין משך פון עטלעכע וואָכן.

מאַטעמאַטיק האָט ער מיט מיר געוואָלט לערנען. ער האָט מיר אויסגעטײַטשט אויף אַלע מעגלעכע אופנים: דורך עפּל, פלוימען, נים. די אָדערן בײַ די שלייפן זײַנען אים אויפגעלאָפן און די רויטע אויגן־הייטלעך האָבן בײַ אים געציטערט.

„פאַרשטייסטו שוין אַצינד?" האָט ער געפרעגט און אויסגעשטרעקט צו מיר זײַנע באַוועגלעכע געפרוירענע הענט.

„איך פאַרשטיי נישט", האָב איך רואיק געענטפערט.

מיט דער צײַט האָט זיך זאָנטאַג אויף מיר דערקענט און זיך געכאַפּט, אַז איך סימוליר. ער האָט דאָס דער־

קענט פון מײַן בליק. איך פלעג מיר דעריבער אויסקלויבן עטלעכע פונקטן און אויף זיי געגלאָצט, כדי זיך נישט צו באַגעגענען מיט זײַן בליק. די דאָזיקע פונקטן זײַנען געווען: אַ בילד פון קאָזאַק, אַ בינטל באַרג־בלימלעך איבער דער סאָפע, דאָס מעטאַלענע רעדל פון קלאַוויר־פוס און אַ שוואַרץ פינטל, וואָס איך האָב פון געבוירן אויף דער לינקער האַנט.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זאָנטאַג צוגעדעקט דאָס דאָזיקע פינטל מיט זײַן האַנט.

„ריר מיך נישט אָן!“ האָב איך אויסגעשריגן מיט צאָרן.

ער האָט אויף מיר געוואָרפן אַ דערשטוינטן בליק און מיר האָבן אַ לענגערע ווײַלע זיך אָנגעקוקט מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן, ביז איך האָב אים אומפאַרשעמט אַ זאָג געטון אין פּנים אַרײַן:

„מײַנע חברים זאָגן, אַז איך האָב אַ חזרישן ייִד פאַר אַ הויז־לערער“.

„דײַנע חברים זײַנען אידיאָטן“.

„זיי קענען זיך זײַן אידיאָטן, אָבער — איך פאַרשטיי גאָרנישט“.

טיילמאָל פלעגט אַרײַנקומען מײַן עלטערער ברודער, זאָנטאַגס קאָלעגע, און זיי האָבן ביידע מיט מיר געלערנט. מײַן ברודער האָט מיך געבעטן, איך זאָל מיך באַמיען צו פאַרשטיין, ווײַל זאָנטאַג האָט חוץ מיר נאָך עטלעכע אַנדערע לעקציעס, טאָ ווען וועט ער אַהיימקומען און לערנען פאַר זיך אַליין?

טאָקע אין דעם איז עס מיר געגאַנגען, אַז ער זאָל נישט האָבן קיין צײַט פאַר זיך אַליין צו לערנען. אַז ער זאָל ווערן טעמפּ און אַליין נישט קענען.

ווען מיר זײַנען דערגאַנגען צו די קאָנגרוענטע דרײַ־עקן, האָבן זיך זאָנטאַגס מאַטערנישן פאַרטאָפּלט און אפשר גאָר פאַרדרײַפאַכט. איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען — פון אָנהויב ביז צום סוף. עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט: מיר האָבן געמוזט לערנען בײַם ליכט פון אַ לאָמפּ און איך האָב נאָך אַלץ כלומרשט גאָרנישט געקאָנט באַנעמען.

זאָנטאַג האָט זיך אָוועקגעזעצט אַזוי, אַז ער האָט געקאָנט קוקן מיר אין די אויגן און גלײַכצײַטיק אין העפט. דירעקט אין די אויגן און דערנאָך ווידער אין העפט. און אַזוי איז דאָס געגאַנגען פון דערקלערונג צו דערקלערונג, פון ווינקל צו ווינקל, פון שטח צו שטח, — ביז איך האָב פּלוצלינג אָנגעהויבן צו לאַכן און ער האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַ די הענט און אויסגערופן:

„אַצינד זע איך, אַז דו פאַרשטייסט!... דו פאַרשטייסט!“

איך האָב ענדלעך פאַרשטאַנען, אָבער עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַזאַ געוואַלדיקער כעס, אַז איך האָב אָן שום איבערלייגונג אים אַ פּאַטש געטון.

ער האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַ די הענט. מיר זײַנען אַנידערגעפאַלן אויף דער סאָפע. מיט דעם גאַנצן כּוח פון זײַנע דאַרע קאַלטע פינגער האָט ער מיר געדריקט די האַנט־געלענקען און אָנגעהויבן צו וויינען. זײַן פּנים האָט זיך דערבײַ פאַרקרימט אין אַ ווייטיק־גרימאַסע אויך איך האָב געוויינט — אים קעגנאיבער, נאָז צו נאָז.

באַגאַסענע מיט טרערן, אויסברומענדיק אומפאַרשטענד־לעכע ווערטער, זײַנען מיר אַזוי געלעגן, ביז עס איז פּלוצלינג אַרײַנגעקומען מײַן פאָטער מיט סימנים פון שניי אויף זײַן פוטער.

איך געדענק נאָך זייער גוט זײַנע ערנסטע ווערטער:

„וואָס איז שוין ווידער?“

גלײַך דערנאָך האָט זיך געעפנט די טיר פון עס־צימער און מײַן מוטער איז אַרײַן. זאָנטאַג און איך זײַנען שוין געשטאַנען אויף די פיס. דער פאָטער האָט געמאַכט אַ מינע, גלײַך ווי זאָנטאַג וואָלט בכלל נישט געווען אין צימער און זיך גלײַך געווענדט צו מיר:

„פאַרוואָס וויינסטו?“

„ווײַל איך האָב אים אַ פּאַטש געגעבן“.

„אַ!“ האָט דער פאָטער געזאָגט. דאָס איז גרויסאַרטיק!“

ער האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און פאַרגעזעצט: „און פאַרוואָס?“

איך האָב נישט געענטפערט.

„אַלזאָ, ווי אַזוי איז דאָס געשען?“ האָט ער זיך גע־ווענדט צו זאָנטאַגן.

איך האָב מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אויסגע־שריגן:

„איך האָב אים אַ פּאַטש געגעבן, ווײַל איך האָב פאַר־שטאַנען“.

דער פאָטער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דער סאָפע, אײדל צוגעצויגן זאָנטאַגן צו זיך און אַרויסגערעדט עטלעכע ווערטער, ווערטער, וואָס שטעכן מיך נאָך הײַנט אין דער ברוסט ווי מעסערס. ער האָט געזאָגט, אַז זאָנ־טאַגס פאָטער האָט ליב זײַן זון פּונקט אַזוי ווי מײַן פאָ־טער מיך, און זאָנטאַגס מוטער, אוודאי אַן אַלטע ייִדישקע, האָט ליב איר זון פּונקט ווי מײַן מוטער מיך; און ווען דער אַלטער זאָנטאַג, דער ווערסטל־מאַכער, זאָל קראַנק ווערן, וואָלט זיך זײַן זון דערפון אַזוי מצער געווען ווי איך פון מײַן פאָטערס אַ קראַנקהייט.

„עלטערן און קינדער — נישטאָ קיין אַנדערע זאַך אויף דער וועלט, נאָר דאָס!"

דרײַ מאָל האָט ער איבערגעחזרט: „נאָר דאָס, נאָר דאָס, נאָר דאָס!"

דערנאָך האָט מײַן פֿאָטער, וועלכער פֿלעגט זעלטן־ווען זײַנע זין אַ קוש טון, אַרויפֿגעלייגט זײַן האַנט אַרום זאָנטאַגס האַלדז, אים אַ קוש געטון אין שטערן און זיך געווענדט צו מיר: „פֿאַר אַזעלכע זאַכן איז מען אַפֿילו נישט ווערט באַשטראָפֿט צו ווערן. דיך קאָן מען נאָר באַדויערן, וויַיטער גאָרנישט!"

אַ באַגאָסענער מיט טרערן בין איך אַרויסגעלאָפֿן פֿון צימער אין קיך אַרײַן, דערנאָך — כאָטש עס איז געווען ווינטער — אַרויף אויפֿן בוידעם, דאָרטן האָט מיך מײַן מוטער געפֿונען און מיך צוריק אַראָפּגעפֿירט.

אין דעם זעלבן טאָג זײַנען מיר געגאַנגען אין אַ בלומען־געשעפֿט און דערנאָך געפֿאָרן צו די אַלטע זאָנטאַגס.

„דו אַליין וועסט זיי איבערגעבן", האָט די מאַמע צו מיר געזאָגט אין טויער פֿון דעם אַלטן פֿאַרחושכטן הויז.

איך האָב ווי אַ וויכער מיך אַ לאָז געטון אויף די טרעפּ אַרויף. עס האָט זיך געפֿילט אַ ריח פֿון ציבעלעס און קנאָבל. ענדלעך האָב איך מיך דערפֿרעגט צו דער ריכטיקער טיר. אַן אַלטער גרויער ייִד האָט מיר געעפֿנט.

„דאָס איז פֿון מײַן מוטער פֿאַר פֿרוי זאָנטאַג!", האָב איך אַ זאָג געטון אויף דער שוועל, אַנידערגעלייגט אונדזערע ווײַסע רויזן נעבן דעם פּרעס־אײַזן אויף דעם לאַנגן שנײַדער־טיש און צוריק אַרויסגעלאָפֿן.

---

Este Libro se terminó de imprimir el día 1º de setiembre de 1961, en los Talleres Gráficos "Optimus" S. R. L., calle Valentín Gómez 2755 - Buenos Aires, para la ASOCIACION FABRICANTES DE TEJIDOS DE PUNTO, Av. Corrientes 4136 - Buenos Aires